DAVID AND SYLVIA STEINER YIZKOR BOOK COLLECTION

STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 14040

# *Szydłowiec Memorial Book*

Shidlovtser yizker-bukh



THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY – NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
YIZKOR BOOK PROJECT

NEW YORK, NEW YORK AND AMHERST, MASSACHUSETTS

THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE





MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Shidlovtser yizker-bukh / redaktor, Berl Kohen ; getseykhnt, Yitshak Milshtain. |
| IMPRINT | 880-02 Nyu-York : Shidlovtser landsmanshaft in Nyu York, 1974. |
| DESCRIPT | vii, 912, 22 p. : ill. ; 25 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Szydłowiec (Radom)<br>Szydłowiec (Radom, Poland) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Szydłowiec (Radom) |
| ADD'L NAME | Kagan, Berl. |
| ADD'L TITLE | Yizkor book Szydłowiec |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING

PRINTED IN THE U.S.A.




אַרויסגעגעבן דורך דער
שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק
ניו־יאָרק, תשל״ד — 1974

## SHIDLOVTSER YIZKOR BUKH

### ניו־יאָרקער בוך־קאָמיטעט:

יצחק מאָראָ, פּאַרזיצער

פישל קאָרנבריט, וויצע־פּאַרזיצער

יאַנקל זילבערמאַן, סעקרעטאַר

יצחק מילשטיין, סעקרעטאַר

אבא ראָזנבוים, קאַסירער

אברהם ווייסבראָט — לייבוש גלאַס

דזשעק לייבאָוויטש — פיליפּ גוטמאַן

### מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט אויסער ניו־יאָרק:

אברהם פינקלער, טאָראָנטאָ

משה יחיאל שוואַרצפוטער ע״ה, ישראל

יעקב ראָטבאַרד, ישראל

יאַנקל פּאָמעראַנץ, לאָס אַנדזשעלעס

ברוך מאַיאָווקע, ריאָ דע זשאַנעראָ

פיניע מאָרגענשטערן ע״ה, ריאָ דע זשאַנעראָ

יעקב כץ, פּאַריז

מאָטל אייזענבערג ע״ה, פּאַריז

יוסף זילבערשטיין, אויסטראַליע

בן־ציון ראָזנבערג, אַרגענטינע

*Printed in the United States of America*

BALSHON PRINTING AND OFFSET CO.

480 SUTTER AVENUE BROOKLYN, N Y. 11207

# אינהאַלט

## אַריינפיר



## א. פון בראשית ביז 1918



## ב. צווישןביידע וועלט־מלחמות

## ג. מוסדות און פּאַרטייען



## ד. געשטאַלטן און טיפּן

## ה. חורבן

## ו. שידלאָווצער אין דער וועלט



## ז. יזכור

# קורצע געשיכטע פון יזכור־בוך

דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ שידלאָווצער יזכור־בוך איז געבאָרן געוואָרן שוין אָנהייב 1956 בעת אַ צונויפקום פון לאַנדסלייט אין פּאַריז; בעת אַ הזכרה אין ניו־יאָרק נאָך אונדזערע קדושים איז ער ווידער אַרויסגעבראַכט געוואָרן. דער געדאַנק איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, ווייל ער האָט תחילת געפונען וויינינק אָנהענגערס צווישן שידלאָווצער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק.

די אידיי צו פאַראייביקן אונדזער היימשטאָט אין אַן אָנדענקבוך האָט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען, ווען דער „אירגון יוצאי שידלובצה״ אין ישראל האָט אין מיטן 1960 זיך גענומען ממשותדיק אַרויסצוגעבן אַ שידלאָווצער יזכור־בוך. די ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט האָט מיט פרייד אויפגענומען דעם אויפטו פון אונדזערע בני־עיר אין דער יידישער מדינה און האָט באַשלאָסן זיי מיטצוהעלפן מיט געלט און מיט קלייבן מאַטעריאַלן. מיט געלט האָבן געהאָלפן אויך אַנדערע שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפטן.

צום באַדויערן, האָט די איניציאַטיוו פון „אירגון יוצאי שידלובצה״ ניט געהאַט קיין ממשותדיקן המשך. עס זיינען אַוועק יאָרן און מען האָט פון אים גאָרניט געהערט וועגן יזכור־בוך. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ צווייטע ממשותדיקע איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן אַ שידלאָווצער יזכור־בוך — דאָס מאָל פון אַ גרופּע לאַנדסלייט אין אַרגענטינע און בראַזיל, אין מיטן 1966.

די ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט, ניט הערנדיק גאָרניט פון די ישראלדיקע בני־עיר, האָט באַגריסט די נייע איניציאַטיוו, האָט זיך פאַרבונדן מיטן נייעם געשאַפענעם בוך־קאָמיטעט אין דרום־אַמעריקע און באַשלאָסן אים צו העלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן.

אין דער צווישנצייט איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן דעם דרום־אַמעריקאַנער און ישראלדיקן בוך־קאָמיטעט. פון ביידע זייטן זיינען צו אונדז דערגאַנגען באַשולדיקונגען און קעגן־באַשולדיקונגען.

די ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט איז געבליבן נייטראַל אין אָט דער מחלוקת. פון דער וויטנס האָבן מיר ניט געקענט וויסן גענוי ווער פון זיי ס'איז גערעכט. אָבער ווען מיר האָבן דערהאַלטן אַ בריוו — דעם 28סטן יוני 1967 — פון „אירגון יוצאי שידלובצה", אַז ער איז ניט בכוח דורכצופירן דעם פּלאַן פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך און אַז ער איז מסכים עס איבערצוגעבן אין די הענט פון דער ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט, האָבן מיר באַטראַכט פאַר אונדזער הייליקן חוב לגבי אונדזער חרובער היימשטאָט צו נעמען אויף זיך די אחריות און אַרבעט פון אַרויסגעבן אַ שידלאָווצער יזכור־בוך.

אין ניו־יאָרקער בוך־קאָמיטעט זיינען דעמאָלט אַריין: יצחק מאָראַ, פאָרזיצער; פישל קאָרנבלויט, וויצע־פאָרזיצער; יאַנקל זילבערמאַן און יצחק מילשטיין, סעקרעטאַרן; אבא ראָזענבוים און אברהם וויסבראָט, קאַסירערס; דזשעק לייבאָוויטש און לייבוש גלאַס. די הויפּט־איניציאַטיוו איז געקומען פון יאַנקל זילבערמאַנען, וואָס האָט ניט אויפגעהערט סטימולירן די ווייטערדיקע אַרבעט און אַליין זיך איינגעשפּאַנט אין איר; אין דעם איז ער שטאַרק אַרויסגעהאָלפן געוואָרן פון דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון יצחק מילשטיין. אויך יצחק מאָראַ האָט אַ סך געהאָלפן אין דעם.

מיר האָבן באַשלאָסן צו נעמען אויף זיך דעם גרויסן עול פון אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך צוליב די ווייטערדיקע צוויי הויפּטמאָטיוון:

(1) ס'איז געווען קלאָר, אַז אויב די ישראלדיקע לאַנדסלייט זאָגן זיך אָפּ און די ניו־יאָרקער לאַנדסלייט נעמען זיך ניט אונטער, וועט קיין שידלאָווצער יזכור־בוך ניט אַרויסגעגעבן ווערן.

(2) די גרעסטע מאַיאָריטעט פון אונדזערע לאַנדסלייט איבער דער וועלט — ספּעציעל אין זייערע צוויי גרעסטע הויפּט־צענטערן ישראל און פאַראייניקטע שטאַטן — ווילן האָבן אַ שידלאָווצער יזכור־בוך, וואָס זאָל אָביעקטיוו און כלל־ישראלדיק אָפּשפּיגלען אַלץ און אַלעמען אין אונדזער אַמאָליקער היימשטאָט, מיט אַלע אירע שיכטן, קלאַסן און פּאַרטייען. פאַר דער מאַיאָריטעט שידלאָווצער איז געווען אַ גרויסער ספק, צי דער געשאַפענער בוך־קאָמיטעט אין אַרגענטינע וועט קענען אָדער וועלן דורכפירן בשלימות אַזאַ אויפגאַבע.

דער נייער ניו־יאָרקער בוך־קאָמיטעט האָט אָבער געוואָלט צו־ציען דעם אַרגענטינער־בראַזיליאַנער בוך־קאָמיטעט צו בשותפותדיקער אַרבעט פאַרן יזכור־בוך און מאַכן אַ סוף צו דער פריער־געשאַפענער שפּאַנונג. דער גרעסטער טייל פון די בראַזיליאַנער לאַנדסלייט האָבן גיך מסכים געווען מיט אונדז, אָבער די אַרגענטינער גרופּע איז געבליבן איינגעשפּאַרט — כאָטש מיר האָבן זיי פאַרגעלייגט גלייכע רעכט אין לייענען און קאָנטראָלירן אַלע מאַטעריאַלן. אָבער מיר האָבן ניט אָפּ־געשטעלט די אַרבעט פון אויפשטעלן אַ ספר־מצבה פאַר דער יידישער קהילה אין שידלאָווצע.

און די אַרבעט איז געווען שווער, זייער שווער, ניט בלויז צוליב געלט, נאָר נאָך מער צוליב מאַטעריאַלן. עס איז אָנגעקומען בקריעת ים־סוף צו קריגן אַרטיקלען, זכרונות, באַשרייבונגען און שילדערונגען פון לאַנדסלייט. פון יאַנואַר 1969, ווען די ממשותדיקע אַרבעט פון אונדזער קאָמיטעט האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן מיר געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו באַקומען וואָס מער מאַטעריאַלן פאַרן יזכור־בוך, כּדי דאָס גאַנצע יידישע לעבן, מיט אַלע זיינע שאַטירונגען פון אונדזער היימשטאָט, זאָל אָפּגעשפּיגלט ווערן אין אים. מיר האָבן גאָר אַ סך דערגרייכט. עס זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן איבער 200 אַרבעטן פון קרוב 150 לאַנדסלייט, אָבער צוליב גלייכגילט אָדער ניט מיטאַרבעט פון טייל לאַנדסלייט זיינען דאָך פאַרבליבן בלויזן, וואָס מיר אַליין האָבן ניט געקענט אויספילן. די שולד פאַלט אויף די, וואָס האָבן ניט געענטפערט אויף אונדזער רוף.

די פאַרצווייגטע טעטיקייט פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען האָט ניט געפונען איר תּיקון, ווייל די יעניקע, וואָס האָבן געקענט און געדאַרפט שרייבן וועגן דעם, האָבן עס ניט געטאָן.

די לינקע באַוועגונג איז ווייניק אָפּגעשפּיגלט צוליב דער איינ־געשפּאַרטקייט פון די יעניקע, וואָס האָבן ניט געוואָלט מיטאַרבעטן.

נאָר דער „בונד" איז מערער פאַרטראָטן צוליב דעם, וואָס זיינע מענטשן האָבן דערפילט דעם חוב לגבי זייער פּאַרטיי.

דער פּלאַנירטער העברעאישער טייל איז אַרויסגעפאַלן, ווייל די יעניקע, וואָס האָבן געקענט שרייבן און צוגעזאָגט אין העלפן איבער־זעצן פון יידיש אויף עברית, זיינען געבליבן ביים זאָגן.

אויף די איבעריקע שטחים פון יידישן לעבן אין שידלאָווצע איז דאָ אַ רייכער און פילפאַרביקער מאַטעריאַל, וואָס איז טאַקע ליטע־ראַריש געשליפן געוואָרן פון רעדאַקטאָר, אָבער שטאַמען שטאַמט ער בעיקר פון די טיפענישן פון דער שטעטלשער פאָלקמאַסע — פון בעל־מלאָכה און אַרבעטער, פון כאַלופניק און דאָרפגייער, פון קרעמער און סוחר, פון פרומען און פרייען, פון רעכטן און לינקן.

מיר זיינען צופרידן, וואָס ס'האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו דער־פילן אונדזער אויפגאַבע פון פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזער אַמאָליקער טייערער היימשטאָט און אַריינברענגען די מעשים פון אירע קדושים וטהורים אין דעם צרור־החיים פון דער יידיש־פאָלקישער געדענקשאַפט.

פאַר דעם קומט אַ גרויסער יישר־כוח דער קליינער גרופּע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, וואָס האָט מיט גרויסער איבערגעגעבנקייט, עקשנות און ליבע דורכגעפירט די דאָזיקע קאָלאָסאַלע אויפגאַבע.

אַ באַזונדערן דאַנק קומט בערל כהן, באַקאַנט מיט זיין שרייבער־רישן און רעדאַקטאָרישן סטאַזש, פאַר געבן דעם אָנגעהויפטן רויען מאַטעריאַל אַ פאָרעם, וואָס זאָל שפּראַכלעך, סטיליסטיש און אינ־האַלטלעך זיין ראוי פאַרן ספר פון זכר לחורבן שידלאָווצע.

יזכור־בוך־קאָמיטעט
ביי דער שידלאָווצער סאָסייעטי
אין ניו־יאָרק

**עקיבא בערלינסקי ע"ה**

# איכה ישבה בדד...



מיין האַרץ קלאַפּט און די האַנט ציטערטביים נעמען די פּעדער צו שרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין היימ־שטאָט, וואָס איך האָב גאָר יונג פאַרלאָזט.

ס'קומט פאַר מיינע אויגן תשעה־באב אין אונדזער שטוב. מיין טאַטע ר' ישראל משה אהרנס, דער גרויסער ערלעכער ייד און גאָר גרויסער ירא־שמים, הערט ניט אויף צו גיסן טרערן. איך, נאָך זייער קליין, פאַרשטיי נישט די סיבה פון זיין וויינען. פרעג איך ביי אים:

— טאַטע, וואָס ווייסטו, מיר זענען דאָך אַלע, ברוך השם, געזונט?

צעוויינט ער זיך שוין העכער און זאָגט צו מיר:

— טייער קינד, דאָס באַוויין איך דעם חורבן בית־המקדש. די אגדה דערציילט אונדז — ווענדט ער זיך צו די עלטערע קינדער — אַז ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, איז דאָס פּרוכת נאַס געוואָרן פון די אייגענע טרערן. קינדער, וויפל מען וויינט אויפן חורבן, איז אַלץ ווייניק. מען דאַרף קענען באַוויינען דעם חורבן אַזוי גרויס, ווי דער „חוזה" פון לובלין, וואָס איז נישט געגאַנגען צו „קינות", ביז ער האָט נישט אויסגעוויינט אַ האַלב גלאָז טרערן.

זאָגנדיק דאָס, האָט ער אָנגענומען מיין האַנט און אַוועק מיט מיר אין אַסטראָווצער שטיבל. דאָרטן האָבן מיר דעם אמתן מעמד געטראָפן: אַלע ליכט, אַחוץ איינס, פאַרלאָשן, די בענק איבערגעקערט, דער ארון קודש נאַקעט, יידן אין זאָקן זיצן ווי אַבלים, זאָגן נאָך דעם חזן טרויעריק און זיפצנדיק די קינות און ביי אַ טייל פון זיי רינען טרערן.

„איכה ישבה בדד" — אַזוי, און נישט אַנדערש, הייבט אָן דער גרעסטער מקונן פון אַלע צייטן אויסוויינען די גרעסטע טרויער־פּאָעמע, וואָס האָט נישט אירס גלייכן אין דער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט דורכגעווייטיקט דעם גע־וואַלדיקן ווייטיק: בענקשאַפט נאָך דעם אָרט, וואו די וויג איז געשטאַנען. ער גייט נאָך ווייטער און זאָגט, אַז אויך די שטאָט טרויערט און בענקט נאָך אירע פאַרטריבענע קינדער.

דאָס איז דער זין פון די „יזכור־ביכער": די קדושים פון די שטעטלעך מאָנען ביי אונדז דעם געהעריקן הספד אויף אונדזער גרעסטן חורבן.

* * *

שוין לאַנג פיל איך אַ באַדערפעניש עפּעס צו דערציילן פון די גדולי התורה און שיינע יידן, וואָס ציען זייער יחוס ביזן „ייד הקדוש". אָט אין דער אַכסניה פון אַצילות האָב איך געהאַט דאָס גליק צו זיין ביי דער רעכטער זייט פון מיין פאָטער אַ יוצא־ונכנס אין די קינדער־יאָרן. כ'האָב ווייניק וואָס פאַרשטאַנען פון זייערע רזין־דרזינדיקע שמועסן. כ'בין אָבער נישט מיד געוואָרן צו הערן וועגן די התנהגותן אין יעדער חסידישן „הויף" באַזונדער.

שטייט פאַר מיינע אויגן ר' ירחמיאל ראַפּאַפּאָרט, אַ הויכער ייד מיט אַ גרייז גרויער באָרד, אַ פּנים — לויטער גייסט. מיט גרויס התלהבות רעדט ער פון ביאת־המשיח, ווי דאָס רעאַלסטע, וואָס קען נאָר מעגלעך זיין. מען הערט זיך איין „בדחילו ורחימו" אין זיינע רייד.

ווער זיינען די הערערס? אַ ייד ווי זכריהו מלמד, אַ שיינער תלמיד־חכם, אַ בטלן אויסגעטאָן פון דער וועלט; מאָטעלע באַטשאַלעס, אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר פון אַ חסיד אַ למדן און דערצו אַ גאָר וואַזשנער פּאָליטיקער, אַ ווערטל־זאָגער און אַ זעלטן קלוגער מענטש; נחמיה, דעם רבי ר' נאָסעלעס אַן איידעם, אַן אַציל שבאצילים, אַ מענטש אַ פּראַכט; ר' ישראל משה אהרנס, אַ שטאַרק ערלעכער ייד, וואָס ריכט אָפּ „חצות" מיט אַ האַרץ־נאַגנדיקן ניגון.

די אַלע יידן, לומדים און מאמינים, און נאָך מיליאָנען יידן, תמימים און אומשולדיקע, זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן.

פרעג איך דעם רבונו־של־עולם: ווי זיצט זיך אים איצט אויפן כסא הכבוד, ווען דאָס אַלץ האָט פּאַסירט מיטן הסתר פנים זיינעם? איך פרעג: ווער וועמען האָט פאַרראַטן? — אָט די שיינע יידן — ווי, למשל, ר' אַלטער פרידמאַן הי"ד, וואָס איז געלאָפן אונטער אַ האָגל קוילן אין מיקווה זיך טובלען צו קומען ריין פאַרן כסא הכבוד? אָדער דער רב, ר' חיים ראַבינאָוויץ, וואָס האָט זיך געוואָנדן צו די פאַרזאַמלטע שידלאָווצער יידן אין שלאָס פאַר דער אויסזידלונג: „יידן, מיר לאָזן נישט איבער נאָך אונדז קיין „קדיש", זענען מיר מחויב צו זאָגן נאָך זיך אַליין „קדיש", און אַלע פאַרזאַמלטע האָבן אויסגעבראָכן אין אַ „קדיש"־געוויין, וואָס ס'איז אויף דער וועלט נאָך ניט געהערט געוואָרן?

טאָ ווער וועמען האָט פאַרראַטן?

יידן האָבן מקדש השם געווען און געקלאָמערט זיך, אַפילו אין אָנבליק פון טויט, אין דעם זיוו־השכינה, גלייבנדיק באמונה שלמה אין דעם, וואָס זיי האָבן פרום געשעפטשעט פאַר יעדן עסן „גם כי אלך בגיא צלמוות, לא אירא רע כי אתה עמדי". שטיי אויף, גרויסער באַרדיטשעווער, און נעם אויף אויף דיין שטייגער דעם דין־תורה מיטן כביכול — ער וועט נישט געווינען! לאָמיר מאַכן אַ פּיראַמידע פון די 6 מיליאָן קדושים, וואָס זאָל גרייכן דעם העכסטן הימל און אָ טרייסל געבן דעם כסא־הכבוד — ווייל „קול דמי אחינו צועקים מן האדמה". לאָמיר מאָנען ביי אים יושר און פרעגן, ווי משה רבנו: „למה הרעותה לעם הזה"?

יעקב גלאַטשטיין פרעגט: „ווי דאַוונט מען צו אַזאַ גאָט, וואָס האָט געלאָזט אומברענגען אַ דריטל פון זיין פאָלק?" אַני הקטן פאַרשטיי נישט דעם זין פון „צדיק ה׳ בכל דרכיו".

* * *

פאַראַן אַ טיף איינגעוואָרצלט געפיל ביי יעדן מענטש — צו בענקען נאָך דער היים, וואו די אייגענע וויג איז געשטאַנען. און ווען אונדזערע וויג־היימען זיינען חרוב געוואָרן, וויברירן די סטרונעס פון אונדזער האַרצן צו אונדזער אייגענעם „על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו".

איז גאָרנישט קיין וואונדער איף דעם גערעטעניש פון דער „יזכור־ליטעראַטור", וואָס האָט אַ פלייץ געטאָן אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר נאָך אונדזער גרויזאַמסטן אומקום. ווייל וואָס איז די גאַנצע וועלט קעגן דער היים פון אונדזער יוגנט, חלומות און געזאַנגען?

ס׳ווערן פאַרשאָטנט פאַר אונדזער אָרעמען „סטאַוו" אַלע שענסטע פּראָ־מענאַדעס אין אַלע וועלטטיילן. די טייערסטע קלובן אין דער גרויסער וועלט פאַרשטעלן אונדז נישט דעם פּראַכט פון אונדזער בית־מדרש און די חסידים־שטיבלעך. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די אַלע „אַפּרופּלעצער" אַנטקעגן סאָדעקער וואַלד, וואו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן וועבן אַן „ער"־„זי"־ראָמאַן פון די אברכי משי, וואָס ס׳האָט מיט זיי געווימלט אין די חסידים שטיבלעך?

* * *

מען האָט געפרעגט ביי האָכהוטן, דעם יונגן דייטשישן מחבר פון דער דראַמע „דער שטעלפאַרטרעטער", וואו ער שטעלט אויף די קני דעם פּויפּסט פּיאוס דעם 12טן, די סיבה פון זיין געוואַגטן שריט. האָט יענער געענטפערט: „נישט איין סיבה, נאָר 6 מיליאָן סיבות האָבן מיך באַוואויגן צו דערציילן פאַר

דער וועלט, ווער נאָך ס׳האָט געהאָלפן, מיט זיין שוויגן, אָנצופילן אַ מיליאָן פעסער מיט בלוט״.

טאָ שטיי איך איינגעבויגן ביי איינעם פון די פעסער, וואו ס׳קאָכט נאָך היינט דאָס בלוט פון מיין טייערער שוועסטער, דער צאַרטער חנהלע מיט איר צאַרטן, איידעלן מאַן ביירעך וויסבראָט און שטאַרק־געראָטענעם 7־יאָריקן מאָניעקל — ווי אויך דאָס בלוט פון אַלע מיינע קרובים, וואָס ציילן זיך אין די צענדליקער.

„אבן מקיר תזעק״ — די וועגט ווינען אויף אונדזער חורבן!

יצחק גאָלדקאָרן

# מיין היימשטעטל שידלאָווצע



דער נאָמען פון מיין פאַרשוואונדענעם היימשטעטל עפנט פאַר מיר, ווי אַ וואונדערשפרוך, אַ וועלט פון זכרונות, עמאָציעס און בילדער.

דער נאָמען לעבט ווידער אויף פאַר מיר די ספּעציפישע אַראָמאַטן פון יעדן סעזאָן פון די צייטן פון יאָר: דעם פאַרשיכורנדיקן פוילישן פרילינג מיט זיינע לינדע ווינטלעך, בעז און נייע־געבוירענער נאַטור; דעם גאָלדענעם, פרוכט־באַלאָדענעם זומער; די לאַנגע גסיסה פון דעם אויסגייענדיקן האַרבסט און דעם ווינטער מיט די „קנאַקעדיקע פרעסט״, וואָס שלעפּט זיך שווער אויפן ווייסן שנייטעפּעך.

אַרומגעזוימט מיט פעלדער, לאָנקעס, גערטנער און וועלדער איז געווען מיין שטעטל שידלאָווצע, און איר יידישע קהילה — אַ קווערשניט פון דעם פולבלוטיקן און דינאַמישן יידן־שבט אין פוילן. דאָס איז געווען אַ יידיש שטעטל פון פרומקייט און טראַדיציע: אַ לעבן, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער שול, בית־המדרש און חסידים־שטיבלעך. די צייטן פון יאָר און די טאָג־טעגלעכע רוטין זענען געווען נישט בלויז אין ריטם פון דער נאַטור, נאָר אויך אין איינקלאַנג מיט דעם ציקלישן לויף פון ימים־טובים, ימים־נוראים, שבת, שחרית, מנחה־ומעריב; קול־תורה, מצוות, מעשים טובים... דאָס

איז געווען אַ ריטם, וואָס איז געפלאָסן כסדר, אומפאַרענדערלעך און לויטער, ווי דער אייז־קאַלטער און קרישטאָל־קלאָרער וואַסערקוואַל לעבן דעם פריץ קעבדזשינסקיס הויז.

דאָס שטעטל האָט אויך געהאַט „סחורה״ — קליין־אינדוסטריע און האַנדל, יידן בעלי־פרנסה, איינגנטימערס און פאַרמיטלערס פון גאַרבערייען, שטיינגרובנס, אייזן־גיסערייען, שיכפאַבריקלעך, שניטגעוועלבער און אַנדערע חיונה־קוואַלן.

זייט־ביי־זייט מיט די „מזרח־וואַנט״־יידן — בעלי־תורה, בעלי־יחוס און בעלי־סחורה — איז געווען דאָס פשוטע פאָלק: יידן פאַריאָגטע און פאַר־דאַגהטע אין שטענדיקן געלויף צום אייביק־אומדערגרייכלעכן פרנסה־ציל; יידן האָראָפּאַשניקעס, שניידערס און שוסטערס, פורמאַנעס און וואַסער־טרעגערס; יידן קבצנים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט ווינט און פאַרדינט „שהי־פּי״; אָרעמעלייט, וואָס האָבן ווי טויבן און שפּערלס זיך מפרנס געווען פון די קערנער און „קרישקעס״ פון די מיטוואָך־ירידן.

פאַראַלעל מיט דעם מתיקותדיקן, האַלב־דרימלענדיקן ניגון פון תורה, תפילה, תהלים, פרקי־אבות און דעם ריטם פון תרי״ג מצוות און אומציייליקע ריטואַל־מנהגים, זענען אין שידלאָווצע אויך געהערט געוואָרן נייע „מעלאָדיעס״: די „התקוה״, די „שבועה״ און דער „אינטערנאַציאָנאַל״. די מאָדערנע יוגנט אין שידלאָווצע האָט געהערט צו פאַרשיידענע וועלטלעכע „שטיבלעך״ — ציוניסטן, „בונד״, „פועלי־ציון״ און קאָמוניסטן. געווען אַ צייט, אין סוף פון די 20קער און אָנהייב 30קער יאָרן, ווען די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז געווען דאָמינירנדיק אין דעם שטעטל נישט בלויז בכמות, נאָר אויך באיכות, ווייל זי האָט געציילט אין אירע רייען סיי קינדער פון יחוסדיקע היימען און סיי בכלל די אינטעליגענטע יוגנט מיט „יחוס עצמו״.

איך זע פאַר מיר דורך דעם נעפּל פון צייטן די פאַרשוואונדענע שטעטל־דיקע יוגנט; די „מאַיואוועקעס״ איבער פעלדער און וועלדער אין די בשמימדיקע פרימאָרגנס, די „מאַסואוועקעס״, וואַלמיטינגען, קולטור־אונטערנעמונגען, ביבליאָ־טעקן פון ציוניסטישן קולטור־פאַראיין „תרבות״, פון „בונד״ און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען; רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע ליטעראַרישע און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעמעס אין זאַל פון קינאָ „אילוזיאָן״.

אַזוי האָט געשטראָמט דאָס קוואַליקע יידישע לעבן אין שידלאָווצע אין דעם איינדערוואָכן אין אָדער אַרום די גאַרבערייען, „סקאַלעס״, אייזן־גיסערייען, פאַבריקלעך פון „געגריוועטע״ שיך, „פראַכט״־עקספּעדיציעס, ירידן און שטרויענע פרנסות פון איין זייט, און פון דעם שבת־יום־טובדיקן ריטם פון תורה, חסידות,

יידיש־וועלטלעכער קולטור, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידעאָלאָגיעס — פון דער צווייטער זייט, ביז —

„פון מערב־זייט איז אויפגעגאַנגען אַ וואָלקן...״

דאָס איז געווען דער גיפט־ און פעסט־וואָלקן פון נאַציזם, וואָס האָט, אָנהייבנדיק פון פינצטערן האַרבסט 1939, זיך אויסגעלאָדן אין אַ מוראדיקן מבול פון זאָאָלאָגישער רציחה, פון פייער און בלוט און האָט אָפּגעווישט די יידישע קהילות אין אייראָפּע פון דער איבערפלאַך פון דער ערד, צווישן זיי מיין היים־שטעטל שידלאָווצע.

פאַרשוואונדן ביסטו, עדה קדושה שידלאָווצע, און ביסט געוואָרן אַ שטאָט של מטה: דאָס געביין פון דיינע טייערע און אומשולדיקע אנשים, נשים וטף איז אין דער ערד אין פאַרשיידענע ווינקלען פון פוילן־לאַנד, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן קבר פון אומבאַקאַנטן יידישן מאַרטירער.

זאָל דיין קדושהדיקער אומקום פאַראייביקט ווערן אויף אַלע דורות און צייטן אין די הייליקע יזכור־בלעטער פון לייזן און מאַרטיראָלאָגיע; און זאָלן די נעמען פון די אומגעקומענע און דער אָנדענק פון די אָנגעמענדיקע פאַרוואַנדלט ווערן אין אומשטאַרביקע אותיות פורחות באויר — אין אַ נשמהדיקער שידלאָווצע של מעלה!

ליפשיץ .

# שטריכן צו דער געשיכטע פון די יידן אין שידלאָווצע

ס׳גייט שוין לאַנג אַן אַ פלוגתא צווישן יידישע און ניט יידישע היסטאָריקערס וועגן דער צייט, ווען יידן האָבן זיך באַזעצט אין פוילן. דער פוילישער היסטאָריקער מאַטשעיאָווסקי האַלט, אַז „יידן זיינען שוין געווען אין פוילן אויב ניט נאָך אין אַכטן יאָרהונדערט איז אַוודאי אין ניינטן״ . אַנדערע ווידער, ווי ד״ר דוב בער ווײַנריב, האַלטן גאָר, אַז ס׳איז אַ ספק, צי יידן האָבן זיך געפונען אין פוילן פאַרן צוועלפטן יאָרהונדערט[2]. אַז מ׳זאָל אפילו זיין געניגט אָנצונעמען די קאָנסערוואַטיווסטע מיינונג וועגן דער יידישער באַזעצונג, האָבן זיי דאָרט געלעבט אַרום אַכט הונדערט יאָר.

פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט אָן איז פוילן געוואָרן אַ גרויסער יידישער ישוב אין אייראָפּע און דער גרעסטער תורה־צענטער, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צוצושטעלן כלי־קודש פאַרשיידענע אייראָפּעאישע — און ניט נאָר אייראָפּעאישע — יידישע קהילות און יונגעלייט פון דער ווייט זיינען געקומען לערנען אין אירע ישיבות. דער פרעסטיזש פון ועד ארבע ארצות האָט בלויז אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט פונעם פויליש־יידישן ישוב.

די יידן אין פוילן האָבן דורך די לאַנגע יאָרהונדערטער געליטן פון פאַרפאָלגונגען פון דער קירך, פון גרויסע צוגעגרייטע אַטאַקעס און באַשולדיקונגען, ווי די, אַז זיי האָבן כלומרשט געגנבעט די האָסטיע; אַ סך יידן האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן אויף קידוש השם איבער די בלוט־בלבולים, און גאָר גרויס זיינען געווען די קרבנות אין אַזעלכע קאָלאָסאַלע קאַטאַסטראָפעס ווי גזירות ת״ח ות״ט. יידן האָבן אויך געליטן צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג פון די אינוואַזיעס, ווי פון די טאַטאַרן אין 1241 און פון דעם שוועדישן אָנפאַל פון 1655־1656.

פוילישע קעניגן האָבן בדרך כלל באַטראַכט די יידן ווי אַ נייטיקן עלעמענט אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד און דעריבער האָבן זיי זיי געגעבן

1) ציטירט פון *Jewish Encyclopedia,* vol. X, p. 561.

2) Bernard D. Weinryb, "The Beginnings of East-European Jewry in Legend and Historiography," in *Studies and Essays in Honor of Abraham A. Neuman,* Philadelphia, 1962, p. 445.

מעגלעכקייטן פאַר אַ פרייערן האַנדל. דעם יידנס לעבן אין פוילן איז ניט געווען אַזוי באַגרענעצט און ער איז ניט אַזוי שיקאַנירט געוואָרן ווי אין דעם רוב מערב־אייראָפּעאישע לענדער. די באַצייכענונג פון פוילן ווי אַ „גן עדן פאַר יידן", וואָס טייל פוילישע היסטאָריקערס באַנוצן, איז, פאַרשטייט זיך, אַ גראָטעסקע גוזמא.

אַז ס'קומט אָבער צו שרייבן די געשיכטע פון אַ יידישער קהילה אין פוילן, איז פונדעסטוועגן דער וואונדער גרויס, וואָס ס'האָבן זיך אפילו פאַרן חורבן געהאַט אויפגעהיט אַזוי ווייניק יידיש־היסטאָרישע דאָקומענטן אפילו פון אַלטע קהילות, ווי, למשל, טאָקע פון דער אַלטער און איינגעזעסענער קהילה שידלאָווצע. דווקא פון מערב־אייראָפּעאישע קהילות, ווי די פון די דייטשע לענדער, זיינען דאָ אומפאַרגלייכלעך מער דאָקומענטן, פּנקסים און פּריוואַטע מאַטעריאַלן. די קהילות פון די דייטשע פּראָווינצן זיינען געווען קלענער, באַגרענעצטער און אָפט אויסגעשטעלט צו גירושים, וואָס די יידן אין פוילן האָבן כמעט ווי ניט געליטן דערפון. ווי דערקלערט זיך דאָס? שריפות אַליין זיינען ניט דער ענטפער, ווייל שריפות זיינען אָפט געווען אַ טעגלעכע דערשיינונג ניט נאָר אין פוילישע שטעט און שטעטלעך.

דערצו האָבן די מערב־אייראָפּעאישע יידן געפונען צווישן די געבילדע־טערע שכנים מער אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיטן יידישן לעבן, מיט יידישע מנהגים און איבערגעלאָזט נאָך זיך ווערק. אין פוילן איז דאָס געווען זעלטענער, און די לעצטע יאָרן האָבן פוילישע געלערנטע אָפט באַוויזן די קונץ צו שרייבן וועגן שטעט, וואו יידן זיינען געווען אַ גאַר אַנגעזעענער טייל פון דער באַפעלקערונג און זיי, די יידן, אפילו ניט דערמאָנען. אַזוי קאָן אין אונדזערע טעג שרייבן אַ פוילישע ענציקלאָפּעדיע וועגן שידלאָווצע, וואָס האָט ביזן חורבן געהאַט אַ באַפעלקערונג פון איבער אַכציק פּראָצענט יידן און ניט דערמאָנען אפילו, אַז אין דער שטאָט האָבן עטלעכע הונדערט יאָר געלעבט יידן [3].

שוין מיטן אָנהייב פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט האָבן דייטש־יידישע געלערנטע, דאָס רוב ראַבינערס, אָנגעהויבן אָפּהיטן די יידיש־היסטאָרישע דאָקומענטן און אַ טייל האָבן אָנגעשריבן געשיכטעס פון זייערע קהילות. די פוילישע רבנים האָבן זיך ניט געקימערט וועגן די יידישע היסטאָרישע דאָקו־

---

3) *Wielka Encyklopedia Powszechna, Warszawa,* 1968, Tom 11 str. 552. *Slownik Geograficzny,* Tom 12, str. 100-101. אויך אַנדערע קוואַלן וועגן שידלאָווצע ווי דערמאָנען גאָרניט וועגן יידן.

מענטן; זיי זיינען ניט געווען פאַראינטערעסירט דערין און אויך ניט געווען צוגעגרייט צו פאַרנעמען זיך דערמיט. דער חורבן האָט נאָך אָפּט אָפּגעווישט די לעצטע דאָקומענטאַרע שפּורן פון אַ סך גרעסערע און אַוודאי פון קלענערע קהילות, וואָס שידלאָווצע איז צווישן זיי ניט קיין יוצא מן הכלל.

שידלאָווצע ליגט אַרום 30 קילאָמעטער צו דרום־מערב פון ראַדעם. דאָס דאָרף שידלאָוויעץ האָט שוין עקסיסטירט אין דרייצנטן יאָרהונדערט. אָנהייב פופצנטן יאָרהונדערט איז דאָס דאָרף צוזאַמען מיט גרויסע שטחים לאַנד אַרום איבערגעגעבן געוואָרן די צוויי ברידער יאַקוב און סלאַווקאָ פון דער משפחה אָדראָוואָנזש, וואָס דער צווייטער פון זיי — סלאַווקאָ אָדער סטאַניסלאַוו — האָט צוזאַמען מיט דער אַפּוטרופּסות פון דער געגנט אויך אָנגענומען דעם נאָמען שידלאָוויעצקי נאָך דעם נאָמען פון דאָרף שידלאָוויעץ. אין 1427 האָט דאָס פריערדיקע דאָרף געקראָגן דאָס רעכט פון אַ שטאָט. אין 1432 האָט סלאַווקאָ שידלאָוויעצקי פאַרענדיקט דאָס בויען די קירך פון דעם הייליקן זיגמונד, און אין דער זעלבער קירך איז ער באַגראָבן געוואָרן אין 1493, ווען ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 88 יאָר. אין 1470 האָט קאַזשימיערזש יאַגעלאָנטשיק דערלויבט שידלאָוויעצקין אויסצוברייטערן דאָס שטעטל, וואָס דאָס האָט מיט דער צייט געהאָלפן דעם האַנדל דאָרט. סטאַניסלאַוו שידלאָוויעצקי איז געווען דער מאַרשאַלעק אין הויף פון קאַזשימיערזש יאַגע־לאָנטשיק און ממילא אַ מקורב למלכות.

נאָך סטאַניסלאַווס טויט האָט די אַפּוטרופּסות איבער דעם שטעטל און דער גאַנצער געגנט איבערגענומען זיין זון קרישטאָף שידלאָוויעצקי (1467־1532), וואָס איז געווען קראָקעווער קאַשטעלאַן און קעניגלעכער קאַנצלער. ער איז דערצויגן געוואָרן אין הויף פון קאַזשימיערזש יאַגעלאָנטשיק. קרישטאָף שידלאָוויעצקי האָט באַוויזן צו מאַכן פון דעם שטעטל אַ האַנדלס־באַזע פאַר דער געגנט אַרום, ווען ער האָט געפּועלט ביי זיגמונט דעם ערשטן אין 1505 איינצופירן צוויי יאַרידן יערלעך. קרישטאָף שידלאָוויעצקי האָט ניט איבער־געלאָזן קיין מענלעכע יורשים. זיינע דריי זין זיינען נאָך געשטאָרבן ביי זיין לעבן. באַלד נאָך זיין טויט האָט זיין פרוי געבוירן אַ טאָכטער. די טאָכטער עלזשביעטע האָט צו פערצן יאָר (1548?) חתונה געהאַט מיט מיקאָלאַי ראַ־דזשיוויל, וואָס האָט צוזאַמען מיט דער יונגער עלזשביעטאַ, זיין צווייטע פרוי, אויך איבערגענומען די אַפּוטרופּסות פון שידלאָוויעץ.

---

Jerzy Kieszkowski, *Kanclerz Krzysztof Szydlowiecki*, Poznan, 1912, Tom B, (4 און דער שטאַמבוים ז' 770. str. 4-6, 57, 281, 309.

מיקאַלאַי שידלאָוויעצקי, וואָס איז נאָך זיין ברודער קרישטאָפס טויט געוואָרן דער אפוטרופוס פון דעם שטעטל ביז ראַדזשיוויל האָט איבערגענומען די הערשאַפט, האָט אין 1550 אָפּגעשאַפט די ספּעציעלע אָפּצאָלן בעת די יאַרידן און אויך אַנדערע באַגרענעצונגען און צוגעצויגן די שטאָטישע בירגערס צום האַנדל. דאָס האָט געהאָלפן אויסברייטערן די פּעריפעריע פון די יאַרידן און במילא העלפן דעם שטעטל עקאָנאָמיש.




אין 1589 האָט זיגמונד III דערלויבט דעם שטעטל פינף יאַרידן יערלעך, וואָס דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם האַנדל. אין דער צווייטער העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט האָט שוין שידלאָווצע געהאַט אַ באַדייטנדיקע צאָל שוסטערס, גאַרבערייען, דיסטילעריעס און שטיינברוכן, וואָס האָבן אויסגע־אַרבעט מילשטיינער, שלייפשטיינער און אַנדערע ענלעכע שטיין־אַרטיקלען. די יאַרידן האָבן אויך פאַרמערט די צאָל קוניעס אין שטעטל. מיקאַלאַי שידלאָ־וויעצקי, קרישטאָפס ברודער, האָט אין 1510־1526 אויסגעבויט דעם „שלאָס", וואָס האָט דעם שטעטל צוגעגעבן אַנזען. דער שלאָס איז שפּעטער פאַרשענערט געוואָרן פון די ראַדזשיווילס[5].

די יידישע באַזעצונג אין שידלאָווצע פאַלט מסתמא צוזאַמען מיט אַן

5) *Szydlowiec. Miasta Polskie w Tysiacleciu.* Tom pierwszy Wroclaw — Warszawa — Kraków, 1965, str. 548.

ערך דער צייט פון אַרום מיטן זעכצנטן יאָרהונדערט, כאָטש מיר האָבן ניט קיין גענויע ידיעות וועגן דעם. די פאַרגרעסערטע צאָל יאַרידן און אויך די אפּוטרופּסות פון אַ ראַדזשיוויל זיינען אַ שטאַרקער אָנדייט דערויף. די ראַדזשיווילס זיינען טראַדיציאָנעל געווען אָנהענגערס פון האַנדל־אַנטוויקלונג און דעריבער אויך געניגט צו לאָזן ייִדן זיך באַזעצן אין זייערע לענדערייען און שטעט, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז ייִדן ברענגען גרויס נוצן וואו זיי באַזעצן זיך און העלפן שטאַרקן עקאָנאָמיש די שטעט, וואו מ׳דערלויבט זיי צו וואוינען.

ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז ייִדן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו באַזעצן אין שידלאָווצע פריער, נאָך פאַר דער צייט פון די ראַדזשיווילס, אפשר גאָר נאָך דעם ווי דאָס שטעטל האָט געקראָגן רעכט איינצופירן יאַרידן. קיין באַווייזן דערויף האָבן מיר ניט.

די ערשטע ידיעה, וואָס מיר האָבן וועגן שידלאָווצע ווי פון אַן אָרגאַניזירטער יידישער קהילה, איז פון אַ סך שפּעטער, פון לעצטן צענדליק פונעם זיבעצנטן יאָרהונדערט, און דאָס אין שייכות מיט אַ רב — אַ רב מיט אַ גרויסן נאָמען אין דער יידישער וועלט, ר׳ מאיר בן יצחק, אָדער ווי ער איז בעסער באַקאַנט ווי דער מהר״ם אַש. (אש איז די פאַרקירצונג פון דער שטאָט אייזענשטאַדט, וואו ר׳ מאיר איז געווען רב 27 יאָר פון 1717 ביז 1744, ביז זיין פּטירה). ער איז דער מחבר פון אַ צאָל ספרים. דער באַרימטסטער פון זיי איז דאָס צוויי־בענדיקע „פּנים מאירות״, שאלות־ותשובות און חידושי־תורה. ער איז געווען אַ פּוילישער ייד, אַן איידעם פון אַ רייכן סאָכאַטשאָווער ייִדן, ביי וועמען ער איז געזעסן אויף קעסט צען יאָר, וואָס ער דערמאָנט ווי די גליקלעכע יאָרן פון זיין לעבן. זיין שווער האָט אָבער איבער אַ בלוט־בלבול פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן און זיין יונגער איידעם האָט געמוזט אָננעמען אַ כסא־רבנות.

דער יונגער גאון איז געוואָרן רב פון שידלאָווצע מסתמא אין די יאָרן 1693־1700. אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט געפינט ער זיך שוין אין וואָרמס, וואוהין ס׳האָט אים אַריבערגעבראַכט ר׳ שמשון ווערטהיימער, מיט וועמען דער יונגער רב האָט זיך פריער געהאַט באַקענט. שפּעטער איז דער מהר״ם אַש געווען רב אין פּראָסניץ, מערן, און אין אייזענשטאַדט, אונגאַרן, וואו ער איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון די פריע זיבעציקער.

ר׳ מאיר איז אַוועק פון שידלאָווצע ניט ווייל ער האָט דעמאָלט געזוכט אַ גרעסערע קהילה, נאָר ווייל די קליינע קהילה אין שידלאָווצע האָט זיך נאָך ניט געקאָנט דערלויבן אויסצוהאַלטן אַ ישיבה, ווי דער יונגער רב האָט דאָס

געוואָלט. אַז דעם רבס פאַרבינדונג מיט דער קהילה איז געווען אַ נאָענטע און אַ וואַרעמע, באַווייזט דער פאַקט, אַז נאָך דעם ווי ער איז שוין געהאַט געווען רב אין אַנגעזעענע קהילות און זיין שם איז אויסגעוואַקסן אין דער לומדישער וועלט, איז ער אַרום אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער ווידער צוריק־געקומען קיין פּוילן און צום צווייטן מאָל געוואָרן רב אין שידלאָווצע. דאָס מאָל האָט שוין אַוודאי די קהילה קדושה שידלאָווצע זיך געקאָנט דערלויבן נאָכצוקומען איר רבס בקשה און עפענען אַ ישיבה אונטער זיין השגחה [6].

פיר פון מהר"ם אַשס זעקס זין זיינען געווען באַקאַנטע רבנים אין דייטשע און אין פּוילישע קהילות. זיין זון אליעזר, וואָס איז נישט געווען קיין רב, איז געבליבן אַ שידלאָווצער תושב. צווישן זיינע אייניקלעך און אור־אייניקלעך זיינען אויך געווען אַנגעזעענע רבנים און געלערנטע [7]. פון זיין טאָכטער חוה האָט אָפּגעשטאַמט (דער זעקסטער דור) דער באַוואוסטער יידישער פילאָלאָג און פאָלקלאָריסט ד"ר אַלפרעד לאַנדוי [8].

אַן ערך אין דער זעלביקער צייט האָבן מיר אויך אַן אָנדייט, אַז שידלאָווצע איז שוין געווען אַ קהילה, מיט וועלכער דער ועד ארבע ארצות האָט זיך גערעכנט. אין 1719 (?) ווערט אין אַ תקנה פון ועד אין יאַראָסלאַוו געזאָגט, אַז דאָס דאַרף פשיסכע געהערט צו דער קהילה שידלאָווצע. דאָס מיינט, אַז שידלאָווצע איז שוין דעמאָלט געווען אַ מין צענטער פאַר די אַרומיקע קלענערע ישובים [9].

פון סוף דריטן פערטל פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן מיר פון אַ ניט יידישער קוועלע אַ ביסל ידיעות וועגן דעם אַלגעמיינעם מצב פון די שידלאָווצער יידן. יאָהאַן פיליפּ דעקאַראָסי, אַ נאַטור־פאָרשער, אַ געאָלאָג און מינעראָלאָג איז געקומען קיין פּוילן אויף דער פאַרבעטונג פון קעניג סטאַניס־לאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי אויסצופאָרשן די פּוילישע זאַלצגרובן און דעם בערגבוי בכלל. אין די יאָרן 1778־1780 איז דעקאַראָסי אַרומגעפאָרן איבער פּוילן אין די אינטערעסן פון זיין אויפטראָג. אין יענער צייט האָט ער געשריבן באַריכותדיקע בריוו צו זיין פריינד דעם באַקאַנטן פּוילישן מלוכה־מאַן און

6) Dr. Bernhard Wachstein, *Die Grabschriften des Alten Judenfriedhofes in Eisenstadt*, Wien, 1922. B.I. s. 47-93. און דער טעקסט פון דער מצבה אין דעם העברעאישן אָפּטייל ז' 44.

7) דאָרט, זז' 78־79.

8) לאַנדוי־בוך. שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ב' 1. פילאָלאָגישע סעריע, 1, ווילנע 1926. זען גענעאַלאָגישע טאַבעלע, אַנטקעגן ז' 6.

9) פנקס ועד ארבע ארצות, לקוטי תקנות כתבים ורשומות, סדורים ומבוארים בידי ישראל היילפרין. ירושלים, תש"ה, ע' 289.

ווירטשאַפט־פּאָליטיקער גראַף אויגוסט מאָשינסקי, און אין די בריוו זאָגט ער דאָס ווייטערדיקע וועגן שידלאָווצע:

„דער יידישער קוואַרטאַל איז אין גאַנצן געבויט פון האָלץ, פאַרנעמט אָבער אַ סך אַ גרעסערן אָרט, ווי דער קריסטלעכער; די הייזער, וואָס זיינען דאָ אַ סך ענגער צונויפגעפּרעסט, געפינען זיך דאָס רוב אין אַ גוטן צושטאַנד. אָבער די גאַסן זיינען אָן אַ שום אָרדענונג און נישט געקוקט אויפן פעסטן שטיינערנעם באָדן זיינען זיי דאָ שמוציק און פאַרשטונקען. דאָ קאָן מען גלייכצייטיק זען, ווי ווייט משה [רבינו] איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיינע ברידער די מצווה פון זויבערקייט און ווי ווייניק דער דאָזיקער מיטל האָט געהאָלפן. ביי דעם שטח, וואָס דער יידישער קוואַרטאַל פאַרנעמט, און ביי דער יידישער געוואוינהייט צו לעבן צונויפגעשטיקט איינער לעבן דעם אַנדערן — דאַרף דאָ די צאָל יידן זיין ווייניקסטנס צען מאָל מער ווי די צאָל קריסטן. זיי פאַרנעמען זיך דאָ אַלע, אין הסכם מיט זייערע פּרינציפּן, נישט מיט אידעלע און ריינע פרנסות, און דער מסחר פון דער גאַנצער סביבה ליגט פולשטענדיק אין זייערע הענט. זיי האַנדלען נישט נאָר מיט די אַרטיקלען, וואָס קומען צו אונדז פון אויסלאַנד, נאָר אויך מיט אַזוינע אַרטיקלען, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין אונדזער געגנט, ווי שטאַב־איזן, גוסאיזן, מעבל־און־בוי־האָלץ, מילשטיינער און שלייפשטיינער, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין דאָרף פּאָגזשאַלע, וואָס געהערט צום היגן פּריץ, אַחוץ דעם מיט וואַפּנע, תבואה, בראָנפן פעל אאַז״וו״ [10].

פאַר וואָס דעקאַראָסי האַלט דעם האַנדל מיט מילשטיינער, שלייפשטיינער, איזן, מעבל, תבואה, וואַפּנע, פעל און אפילו בראָנפן פאַר נישט קיין „אידעלע און ריינע פרנסות״ — בלייבט זיין סוד.

אַרום אַן ערך יענער צייט, ווען דעקאַראָסי האָט באַזוכט שידלאָווצע — פינקטלעכער: 1765 — זיינען, לויט אַ פּוילישער ציילונג, געווען 902 יידן אין שטעטל און אין דער אומגעגנט [11]. מיר ווייסן, אַז די פּוילישע ציילונגען זיינען געווען אומפּינקטלעכע. די ציילונגען פלעגן געווינלעך געמאַכט ווערן צוליב פיסקאַלע צוועקן, ווי קאָפּשטייער וכדומה. יידן פלעגן שוין פון פריער געוואָר

10) ציטירט פון ד״ר נ. מ. געלבער, אויסלענדישע רייזנדע וועגן פּוילישע יידן אינעם 18טן יאָרהונדערט. היסטאָרישע שריפטן, ערשטער באַנד, וואַרשע 1929, ז׳ 238־239.

11) רוסיש־יידישע ענציקלאָפּעדיע, ב׳ XVI, ז׳ 27.

ווערן, ווען אַזאַ מלוכה־אַגענט דאַרף קומען און אַ סך, ספּעציעל די אָרעמעלייט, וואָס האָבן די שטייערן ניט געקאָנט צאָלן, פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן, ווען דער אַגענט איז געקומען. דאָס מיינט, אַז די אָנגעגעבענע צאָל פון דער ציילונג פון יאָר 1765 איז אַ סך קלענער, ווי די גרייס פון דער דעמאָלטיקער יידישער באַפעלקערונג אין שידלאָווצע.

די שטאָט האָט שטאַרק געליטן בעת דער שוועדישער אינוואַזיע. אין 1666 זיינען אין שידלאָווצע אין גאַנצן געווען 478 איינוואוינערס. אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָט שידלאָווצע אָנגעהויבן קומען צו זיך. אין אָן ערך דער צייט, וואָס דעקאַראָסי האָט באַזוכט די שטאָט, זיינען שוין דאָרטן געווען 203 הייזער. אַזוי ווי מיר ווייסן, אַז אין 1828 האָבן אין 263 הייזער געלעבט 3160 תושבים[12], וואָס דאָס מיינט 12 איינוואוינערס אויף אַ הויז, קומט דעריבער אויס, אַז די אַלגעמיינע צאָל באַוואוינערס איז דעמאָלט אין 203 הייזער געווען אַן ערך 2400. אַזוי ווי אין 1828 איז שוין די צאָל יידן געווען 2049 פון דער אַלגעמיינער צאָל 3160, מעג מען אויך אָננעמען, אַז די פּראָ־פּאָרציע איז מיט אַ זעכציק יאָר פריער ניט געווען קיין סך אַנדערש און אַז די צאָל יידן איז געווען מיט אַ גוטע פופציק פּראָצענט העכער, ווי די פּוילישע ציילונג פון 1765 האָט אָנגעגעבן.

אין ניינצנטן יאָרהונדערט איז די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן שטאַרק אויסגעוואַקסן. אין 1816 זיינען אין פוילן געווען 212,944 יידן אויף אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 2,732,234. יידן האָבן דעמאָלט אויסגעמאַכט 7.8 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אין 1909 איז אין פוילן שוין געווען 1,747,655 יידן אויף אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 11,935,318[13]. יידן האָבן דעמאָלט שוין אויסגעמאַכט 14.6 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אין די יאָרן 1831־1855 איז דער יידישער נאַטיר־לעכער צווואוקס אין פוילן פּראָפּאָרציאָנעל געווען העכער ווי דער ניט־יידישער[14].

אויך אין שידלאָווצע מערקט זיך דער שנעלער וואוקס. מיר קאָנען דאָס זען פון עטלעכע ציפערן:

---

12) דאָרט Miasta Polskie.

13) Bohdan Wasiutynski. Ludnosc Zydowska w Królestwie Polskiem (Odbitka z Ekonomisty) 1911, str. 4,5.

14) דאָרט, ז' 5.

| יאָרן | אַלגעמיינע באַפעלקערונג | יידן | פּראָצענט יידן פון דער באַפעלקערונג |
|---|---|---|---|
| 1827 | 3,160 | 2,049 | 64.8 |
| 1840 | 3,602 | 2,321 | 64.4 |
| 1856 | 3,798 | 2,780 | 73.2 |
| 1893 | 6,423 | 4,599 | 71.6 |
| 1909 | 7,958 | 5,971 | 75.0 |
| 1910 | 8,597 | 6,433 | 74.8 [15] |

שטעט, וואָס דריי־פערטל פון זייער באַפעלקערונג זיינען געווען יידן, זיינען אין 1909 אין גאַנץ פוילן געווען נאָר צען, און צווישן די צען איז געווען שידלאָווצע [16].

אין 1788 האָט דער דוכוס ראַדזשיוויל, דער אַפּוטרופּוס פון דער שטאָט, צוגעטיילט יידן אַ שטח לאַנד, אַז זיי זאָלן קאָנען בויען אַ שול, אָפּצאָמען אַ בית עלמין און בויען הייזער — אויסברייטערן די יידישע געגנט. אָנהייב ניינצנטן יאָרהונדערט איז שידלאָווצע אַריבער פון די ראַדזשיווילס צו די סאַפּיעהאָס. די סאַפּיעהאָס האָבן אָבער ניט לאַנג אָנגעהאַלטן זייער אַפּוטרופּסות און די שטאָט איז באַפרייט געוואָרן פון פּריצישער איבערהערשאַפט און אַרונטערגעפאַלן אונטער דער דירעקטער צאַרישער מאַכט. צווישן די יאָרן 1825־1862 איז די יידן ניט דערלויבט געווען צו וואוינען מחוץ דער יידישער געגנט. אין 1862 האָט דער פּוילישער אַדמיניסטראַטאָר פון לאַנד, דער גראַף אַלעקסאַנדער וויעלאָפּאָלסקי, אָפּגעשאַפט אַלע רעכטלעכע באַגרענעצונגען פאַר די יידן אין פּוילן און ממילא אויך פאַר די יידן פון שידלאָווצע.

אין 1828 זיינען שוין פון די 263 הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען אין שידלאָווצע, געווען פינף און פערציק געמויערטע [17]. אין דעם יאָר זיינען אויך איינגעפירט געוואָרן וועכנטלעכע מאַרקטעג און צוועלף יאַרידן יערלעך, וואָס דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם האַנדל אין דער שטאָט.

די געמויערטע הייזער האָבן נאָך פופציק יאָר שפּעטער געהערט צו די רייכע ניט־יידישע בירגערס און צו די געציילטע יידישע גבירים. אין יולי 1876 איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אין דער שטאָט און ווי דער ראַדעמער קאָרעספּאָדענט ישראל פרענקעל טיילט מיט אין הצפירה, האָט די שריפה פאַר־

15) דאָרט, ז' 56.
16) דאָרט, ז' 63.
17) דאָרט Miasta Polskie. ז 56.

צוקט אַלע יידישע הייזער „און בלויז די שול און דער בית המדרש זיינען געבליבן שטיין ווי דורך אַ נס". דער „נס" איז געווען דאָס, וואָס סיי די שול און סיי דער בית המדרש זיינען געווען געמויערטע בנינים. ישראל פרענקעל, וואָס איז געווען אַ ראָדעמער משכיל, פּעדאַגאָג און כלל־טוער האָט דורך דער הצפירה אַפּעלירט צו די רחמנים בני רחמנים צו העלפן די אַרום זעקס טויזנט נשרפים, וואָס זיינען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. די נדבות האָט פרענקעל געהייסן איבערשיקן צום דעמאָלטיקן ראָדעמער רב, דעם באַקאַנטן חובב ציון ר' שמואל מאָהילעווער[18]. ווי לאַנג ס'האָט גענומען די שידלאָווצער יידן זיך צוריקצושטעלן אויף די פיס, ווייסן מיר נישט. ס'איז אָבער זיכער ניט געווען קיין גרינגער ענין. די שריפה האָט אָבער אויפגעטאָן דאָס, וואָס מ'האָט שוין שפּעטער בדרך כלל געבויט געמויערטע הייזער. סוף אַכציקער יאָרן, אַ יאָר צענדליק נאָך דער שריפה, זיינען אין דער שטאָט געווען 330 הייזער און פון זיי זיינען שוין 171 געווען געמויערטע[19].

אין דער רעוואָלוציע פון 1905 האָבן זיך שוין אין דער אונטערערדישער אַרבעט באַטייליקט אויך יידן. יעדער עלטערער שידלאָווצער תושב האָט געקאָנט ווערן, וואָס איז אין יענער שטורמישער צייט געווען אַ מיטגליד פון בונד אָדער פון דער פּפּ"ס. דער באַקאַנטער חנא מאָדזשאָוויעצקי פלעגט זיך נאָך אויף די עלטערע יאָרן באַרימען מיט זיינע „מעשים". ער איז ווייט ניט געווען פון די געציילטע.

די לעצטנס־געעפנטע אָכראַנע־אַרכיוון אין פוילן ווייסן צו דערציילן, אַז „אין שידלאָווצע, קינסקער אויעזד, זיינען באַפאַלן געוואָרן די פּאָסטאַמטן און דער שטאָטראַט און די סטראַזשניקעס זיינען אַנטוואָפנט געוואָרן" פון די רעוואָלוציאָנערן. דאָס איז געווען אַזאַ געוואַגטער אַקט, אַז דער ראָדעמער גובערנאַטאָר ע. פ. שטשיראַוואָסקי לאָזט וועגן דעם וויסן דעם 3טן יאַנואַר 1905 דעם וואַרשעווער גענעראַל גובערנאַטאָר ג. א. סקאַלאָן.

אין דער נאַכט פון 15טן דעצעמבער 1905 איז אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערן באַפאַלן די ביוראָ פון דעם פאַרוואַלטער פון די וועלדער אַרום שידלאָווצע, צעריסן די פּאָרטרעטן פון קייסער און צוגענומען דאָס געווער, וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען. „צו מאָרגנס — זאָגט זיך אין דעם באַריכט — איז „מסתמא די זעלביקע באַנדע באַפאַלן די וואַלדוואַך און ביי איר צוגענומען דאָס געווער,

---

18) הצפירה, ווארשוי, נומ' 30 י"ט אב תרל"ו. דער ראָדעמער קאָרעספּאָנדענט ישראל פרענקעל שרייבט: כי מכל המון הבתים הרבים אשר בעיר אשר היה לשרפה מאכלת אש לא נשארו כי אם בית הכנסת ובית המדרש.

19) דאָרט, זז' 101-100 *Slownik Geograficzny*.

די אָפּצייכנס און אַלע אָפיציעלע דאָקומענטן״ [20]. די אַטאַקעס אויף צאַרישע באַאַמטע און צאַרישע אַמטן האָבן ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערן אָן יידן אין און אַרום אַ שטאָט, וואָס דריי־פערטל פון איר באַפעלקערונג איז געווען אַ יידישע.

אין אַ ווערק, וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק וועגן די פוילישע שטעט, ווערט בפירוש געזאָגט, אַז אין די יאָרן 1905־1906 האָט אין שידלאָווצע „זיך ספּעציעל שטאַרק אַנטוויקלט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן דער יידישער אָרעמקייט״ [21].

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט באַפרייט שידלאָווצע פון צאַרישער אַפּוטרופּסות. די מילדע עסטרייכישע מיליטערישע מאַכט האָט זיך ווי כמעט ניט אָנגעזען. די שטאָט האָט, ווי גאַנץ פּוילן, געליטן פון הונגער, אָבער גייסטיק איז שידלאָווצע אויפגעבונדן געוואָרן. ס׳האָבן זיך אָפּן געשאַפן פאַרשיידענע פּאַרטייאישע און פּראָפעסיאָנעלע גרופּירונגען. די יוגנט איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע שטרעמונגען.

אין דער באַנייטער פּוילישער מלוכה האָבן יידן גלייך דערפילט, אַז ניט געקוקט דערויף, וואָס פּוילן האָט אין דעם מינאָריטעטן־טראַקטאַט פון 1919 צוגעזאָגט, אַז „אַלע פּוילישע בירגערס וועלן באַטראַכט ווערן גלייך פאַרן געזעץ און וועלן זיין באַרעכטיקט צו די זעלביקע ציווילע און פּאָליטישע רעכט, אָן שום אונטערשייד פון ראַסע, שפּראַך און רעליגיע״, און כמעט מיט די זעלביקע רייד איבערגעחזרט דעם צוזאָג אין דער קאָנסטיטוציע פון 1921 [22] — אַז אָט דער פייערלעך־דעקלאַרירטער צוזאָג האָט אין גאַנצן ניט קיין האַפט. ניט נאָר זיינען זיי ניט באַטראַכט געוואָרן ווי גלייכע בירגערס און ניט צוגעלאָזן געוואָרן צו קיין מלוכהשע שטעלעס, נאָר די מלוכה האָט אָפן געשטיצט די, וואָס האָבן אָנגעפירט אַן עקאָנאָמישן קאַמף קעגן יידישן סוחר און קעגן יידישן בעל־מלאכה. די שיקאַנירונגען און די כסדרדיקע עקסצעסן זיינען געוואָרן אַן אָפענע מלחמה פּטור צו ווערן פון יידן פון דעם לאַנד, וואו זיי האָבן געלעבט נאָענט צו טויזנט יאָר.

---

20) Stanislaw Kalabinski (ed.), *Carat i Klasy Posiadajace w Walce z Rewolucja, 1905-1907 w Królestwie Polskim.* Warszawa, 1956, str. 402, 425.

21) דאָרט Miasta Polskie.

22) פּאַראַגראַף נומער 2 פון מינאָריטעטן אָפּמאַך. כמעט דאָס זעלביקע ווערט איבערגעחזרט אין דעם פּאַראַגראַף 95 פון דער קאָנסטיטוציע פון 1921.

פוילן איז געווען אַ נאַציאָנאַליטעטן־שטאַט. די מינאָריטעטן, די אוק־ראַאינער, יידן, דייטשן, ווייסרוסן און רוסן האָבן באַטראָפן איבער דרייסיק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. די פוילישע מלוכה איז געפירט געוואָרן פון אירע מאַכטהאָבערס, ווי דאָס וואָלט געווען אַ האָמאָגען לאַנד פון לויטער פּאָליאַקן. אַלע מינאָריטעטן זיינען אונטערדריקט און פאַרפאָלגט געוואָרן[23]. קעגן יידן, וואָס האָבן באַטראָפן איבער צען פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, איז געפירט געוואָרן אַן עקאָנאָמישע אויסראָט־פּאָליטיק[24].

דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, אויך געמוזט זיך אויסווירקן אויף יידן אין שידלאָווצע, אָבער ניט מיט דער קראַפט ווי אין די גרויסע שטעט. אין שידלאָווצע איז איבער דריי־פערטל פון דער באַפעלקערונג געווען אַ יידישע. דאָ האָט ניט געקאָנט זיין די רייד פון קיין באַיקאָט מיט כוליגאַנישע פּיקעטן און מיט כסדרדיקע געשלעגן. דער ניט־יידישער עלעמענט איז דאָ געווען צו קליין פאַר די גרויסצוגיקע אַנטיסעמיטישע אַקטיוויטעטן. דער יידישער שיד־לאָווצער אינדוסטריעלער האָט אָבער געדאַרפט אָפּזעצן זיין סחורה אויפן גרויסן מאַרק און דאָרט האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף דעם שטאַרקן ווידער־שטאַנד, וואָס איז אין פוילן געווען געריכט קעגן אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט יידן.

די ערשטע פאָלקסציילונג אין באַנייטן פוילן פון יאָר 1921 האָט געוויזן, אַז שידלאָווצע האָט פאַרמאָגט אַן אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון 7200 און אַ יידישע באַפעלקערונג פון 5,501 (77.1 פּראָצענט)[25]. די שטאָט איז אין די 1920ער און 1930ער יאָרן שטאַרק פּראָלעטאַריזירט געוואָרן. ס'איז צוגע־קומען אַ נייע אינדוסטריע, וואָס איז אין גאַנצן געלעגן אין יידישע הענט. דאָס זיינען געווען די געגריוועטע שוסטערייען. די שטעפּערס, די שוסטערס, די אַגענטן און די מייסטערס זיינען אַלע געווען יידן. די שיך, וואָס זיינען

---

23) דאָס ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט אין דעם גוט־דאָקומענטירטן בוך פון Stephan Horak, *Poland and Her National Minorities 1919-1939*, New York, 1961.
ד"ר האָראַק זאָגט אַז
Poland, the State, was not the creation of all national groups. It was created by Poles and developed under their sole direction. Therefore, only the Polish people can be held responsible for the political system as it was finally realized (p. 81).

24) וועגן דער פוילישער עקאָנאָמישער אויסראָט־פּאָליטיק קעגן יידן זען: רפאל מאהלער, יהודי פולין בין שתי מלחמות עולם, תל אביב, תשכ"ט.

25) Bohdan Wasiutynski, *Ludnosc Zydowska w Polsce w Wiekach XIX i XX*, Warszawa, 1930, str. 32.

אויסגעאַרבעט געוואָרן אין שידלאָווצע, זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין די ווייטסטע פונקטן פון פוילן. די נייע אינדוסטריע האָט באַשעפטיקט הונדערטער שידלאָווצער יידן. אַחוץ דעם האָט שידלאָווצע פאַרמאָגט אַנדערע און עלטערע אינדוסטריעס ווי די פעלצן גאַרבערייען, וואָס אַ צאָל פון זיי זיינען געווען אַזוי אויסגעשטאַט און מעכאַניזירט, אַז זיי האָבן זיך געקאָנט פאַרגלייכן מיט די מאָדערנסטע גאַרבערייען אין פוילן. טייל גאַרבערייען האָבן ניט נאָר אַראָפּ־געבראַכט די נייסטע מאַשינען פון דייטשלאַנד, נאָר אפילו דייטשע מייסטערס און ספּעציאַליסטן. די אייגנטימערס פון אַלע גאַרבערייען זיינען געווען יידן [26].

די שטיינהאַקערייען — אַלע צען — האָבן אויך געהערט צו יידן [27]. שטיינהאַקעריי איז ניט געווען ניי אין שידלאָווצע. ווי מיר האָבן געזען פון דער באַשרייבונג פון דעקאַראַסי, האָבן שידלאָווצער יידן שוין אין אַכצנטן יאָרהונדערט געהאַנדלט מיט מילשטיינער און שלייפשטיינער, וואָס זיינען געקומען פון די שידלאָווצער סקאַלעס. פון די שטיינער האָבן יידן אויך אַנטוויקלט אַן אייגנאַרטיקע אינדוסטריע — מצבה קריצעריי. די שידלאָווצער מצבות זיינען אָבער גאָר געווען פון אַן אייגנאַרטיקן מין.

אין יאָר 1958 האָבן די צוויי קריסטלעכע קונסטפאָרשערס: יאַצעק אַנטאָני זשעלינסקי און לוצינאַ קראַקאָווסקאַ געפונען אויף דעם שידלאָווצער בית־עלמין אַ גרעסערע צאָל מצבות, וואָס זיינען נאָך געבליבן נאָך דער נאַצישער פאַרוויסטונג און זיי זיינען נשתומם געוואָרן פון די אייגנאַרטיקע קינסטלערישע אויסקריצונגען אויף די דאָזיקע מצבות. אויף מצבות בכלל געפינען זיך די טראַדיציאָנעלע שבחים וועגן די נפטרים און די אָנגענומענע יידישע צייכנס, ווי אַ פאָר הענט פאַר אַ כהן, אַן אָנגעבויגן קריגל פאַר אַ לוי און נאָך עטלעכע ענלעכע צייכנס.

אויף די שידלאָווצער מצבות האָבן די צוויי דערמאָנטע קונסטפאָרשערס געפונען גאַנצע אידילישע סצענעס, ווי אַ ברונעם לעבן אַ הויז און שאָף; אַ שאַנק מיט ספרים, אַ קרוין איבערן שאַנק און אַרום אַ פעלד מיט בהמות; אַ בוים אויף וועלכן ס׳האָט זיך געפונען אַ מאַמע פויגל מיט אַ פייגעלע און אַרומגערינגלט מיט פייגל; אַ הירש, וואָס לויפט צווישןביימער; אַ ליכטיק

---

26) אברהם פינקלער. שידלאָווצע. פון לעצטן חורבן, נומער 10, מינכן, דעצעמבער 1948, ז׳ 105.

27) Miasta Polskie, 548-549 pp.

הויז אויף אַן אָפן פעלד און נאָך אַזעלכע ענלעכע אויסקריצונגען, וואָס סיי זיי זיינען זעלטן און סיי זיי זיינען פון אַ הויכער קינסטלערישער מדרגה[28].

ס׳זיינען אויך געווען פאַרן חורבן אין שידלאָווצע מעטאַל־אונטערנע־מונגען און אַ פאַבריק פון אַגריקולטור מכשירים, וואָס האָבן געהערט צו יידן. דערצו דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז ס׳זיינען געווען אין שטאָט אַ גרויסע צאָל שניידערס, היטל־מאַכערס, פרויען־שניידערינס און נייטאָרינס.

דער אַקטיווער עקאָנאָמישער מצב פון דער יידישער שידלאָווצע וואָלט געווען אוממעגלעך אָן דער ברידערלעכער הילף, וואָס דאָס שטעטל, ווי כמעט אַלע פויליש־יידישע שטעטלעך און אויך די גרויסע יידישע קהילות, האָבן געקראָגן פון דעם אַמעריקאַנער „דזשאָינט״[29]. דער „דזשאָינט״ האָט אויפגעשטעלט די גמילות־חסדים קאַסעס, געשטיצט יידישע אינסטיטוציעס און געהאָלפן שפּייזן די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג, וואָס איז אָפט געווען גאָר אַ גרויסער חלק פונעם יידישן כלל. אַ גאָר גרויסע הילף איז אויך געווען די משפחה־הילף, שטיצע פון אַמעריקאַנער קינדער און קרובים.

ווי גרויס איז געווען די באַפעלקערונג פון שידלאָווצע פאַר דער נאַצישער אינוואַזיע? אברהם פינקלער, אַ שידלאָווצער אײדעם, האַלט, אַז דעמאָלט זיינען געווען „אַן ערך צען טויזנט אײנוואוינערס, פון דעם איבער 8,580 יידן״[30]. א. רוטקאָווסקי, וואָס האָט אויסגעפאָרשט דעם אומקום פון די שידלאָווצער יידן, גיט אָן, אַז „אין 1939 האָבן געוואוינט אין שידלאָווצע 7200 יידן. קרוב 90 פראָצענט פון אַלע אײנוואוינערס״[31], און דער אַנאָנימער

---

28) תערוכת מצבות בית־הקברות היהודי בשידלובצה. העתקים גראפיים מעשי ידי יאצק אנטוני ז׳לינסקי ולוצינה קרקובסקה. כסלו־שבט תשכ״ד. מוזיאון לאתנוגרפיה ופולק־לור. אין דעם ביכעלע, וואָס האַלט 32 זייטן, ווערט געבראַכט אַ רשימה מיט אָפּשריפטן פון 50 מצבות און אַ פוילישע הקדמה פון די צוויי קונסטפאָרשערס.

29) אין 1931 זיינען אין פוילן געווען 600 גמילות־חסדים קאַסעס, וואָס דער „דזשאָינט״ האָט געהאַט איינגעשטעלט. די קאַסעס האָבן דעמאָלט געהאַט הונדערט טויזנט קליענטן. אָרעמע הענדלערס און בעלי־מלאכות האָבן דאָרט געקראָגן קלענערע הלוואות אָן פּראָצענט. אין דעם צענדליק יאָרן 1920־1930, וואָס די „דזשאָינט״־הילף איז געווען כמעט אויסשליסלעך פאַר מזרח־אייראָפּעאישע יידן, האָט די הילפס־אָרגאַניזאַציע אויסגעגעבן די קאָלאָסאַלע סומע פון אַרום 80 מיליאָן דאָלאַר. לויט שאַצונגען איז די הילף פון קרובים זיכער אויך ניט געווען קלענער. Oscar Handlin. *A Continuing Task,* New York, 1961, p. 56, 48-49.

30) אברהם פינקלער, דאָרט.

31) A. Rutkowski, "Martyrologia, Walka i Zaglada Ludnosci Zydowskiej w Dystrykcie Radomskim Podczas Okupacji Hitlerowskiej," *BZIH* 1955, N: 15-16, str. 159.

שרייבער פון דעם אַריינפיר וועגן דער אויסשטעלונג פון די „מצבות בית הקברות היהודי בשידלובצה" האַלט, אַז נאָך אין 1938 האָט שידלאָווצע געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 10,300 און צווישן זיי 78% יידן[32].

אין די יאָרן 1940־1941 זיינען קיין שידלאָווצע אָנגעלאָפן יידן פון נעענטערע און אויך ווייטערע מקומות ביז די צאָל איז דערגאַנגען צו אַן ערך צוועלף טויזנט. געשען איז דאָס דערפאַר, ווייל אין געטאָ שידלאָווצע איז אין די דאָזיקע יאָרן געווען בערך רואיקער ווי אין אַנדערע אַרומיקע געטאָס. די נאַציישע רוצחים אין שידלאָווצע האָבן זיך אין די ערשטע צוויי יאָר געלאָזט אונטערקויפן און אין דער זעלביקער צייט געשאַפן אַן אילוזיע פון זיכערקייט און דורך דעם גורם געווען, אַז אַ גרעסערע צאָל יידן זאָלן אַריינפאַלן אין זייער פאַסטקע[33].

אין די עטלעכע חורבן־יאָרן זיינען קיין שידלאָווצע פון אַרום זיך צונויפ־געלאָפן און צוזאַמענגעטריבן געוואָרן איבער פופצן טויזנט יידן[34]. שידלאָווצע איז דעמאָלט געווען דער לעצטער עטאַפּ זייערער צום אומקום. מיט זייער אומקום איז אָפּגעווישט געוואָרן די אַלטע יידישע קהילה, וואָס האָט עקסיסטירט זיכער ניט ווייניקער ווי פיר הונדערט יאָר.

---

32) זען הערה 28, דאָרט ז׳ 5. אין Miasta Polskie דאָרט ז׳ 549 ווערט אָנגעגעבן אַז „אין 1939 איז די צאָל איינוואוינערס געשטיגן צו דער צאָל פון 10,261". פון וואַנען דער שרייבער נעמט די גענויע צאָל ווערט ניט אָנגעגעבן.

33) פינקלער, דאָרט ז׳ 105־106 ; אויך A. Rutkowski, דאָרט ז׳ 118־119.

34) A. Rutkowski, דאָרט, ז׳ 159.

**בערל כהן**

# שידלאָווצער רביים און רבנים

(שטריכן און עפּיזאָדן)

דאָס ווייטערדיקע איז ניט קיין כראָנאָלאָגישע געשיכטע פון די רבנים און רביים אין און פון שידלאָווצע. דאָס זיינען בעיקר שטריכן צו זייער כאַראַקטעריסטיק און עפּיזאָדישע געשעענישן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט שידלאָווצער רבנישע און רבייאישע פּערזענלעכקייטן.

## הרב הגאון ר׳ מאיר בן יצחק אייזענשטאַט

איינער פון די גרויסע גאונים אין זיין צייט איז מיט אַ 250 יאָר צוריק געווען רב אין שידלאָווצע. דאָס איז הגאון ר׳ מאיר בן יצחק אייזענשטאַט, באַקאַנט מערער אויפן נאָמען פון זיין הויפּט־ספר „פּנים מאירות״.

ר׳ מאיר איז געבאָרן געוואָרן אין 1744, געווען אַן אייניקל פון שוועס־טער פון ש״ך (דער „שפתי כהן״) און איידעם פון „פּרנס ומנהיג המדינה דגליל פוזנא״ ר׳ משה סאָכאַטשעווער.

ר׳ מאיר איז תחילת געווען עטלעכע יאָר דיין אין סאָכאַטשעוו. נאָך דעם איז ער געוואָרן מרא דאתרא אין שידלאָווצע, וואו ער איז אָבער פאַר־בליבן בלויז אַ קורצע צייט. אין דער הקדמה פון „פּנים מאירות״ ווערט געזאָגט, אַז זיין איידעם ר׳ משה סאָכאַטשעווער האָט באַנקראָטירט „ונתקבלתי בק״ק שידלאָווצי ומרוב טרדות הקהלה בחרתי לשבת באהל תורה דק״ק ווירמייזא״.

נאָך וואָרעמס איז ר׳ מאיר געוואָרן אב״ד פּרוסטיץ, אין טשעכיע, און ער איז דאָרטן געזעסן 10 יאָר על כסא הרבנות.

דאָ איז געשען אַ מאָדנע זאַך: צוליב ניט אויפגעקלערטע סיבות איז דער „פּנים מאירות״ אַוועק פון פּרוסטיץ קיין שידלאָווצע, וואו ער איז ווידער געוואָרן רב, ווי ער זאָגט עס אַליין אין הקדמה פון זיין ספר: „ומשם נתקבלתי שנית בק״ק שידלאָווצי״.

בכלל איז הגאון ר׳ מאיר אייזענשטאַט געווען שטאַרק פאַרבונדן מיט שידלאָווצע. איינע פון די סיבות פון דער דאָזיקער פאַרבונדנקייט איז זיכער דער פאַקט, וואָס זיינער אַ זון איז שפּעטער געווען אב״ד שידלאָווצע. פאַראַן זיינע אַ חתימה אין שידלאָווצע, דאַטירט פון סוכות תפ״ח (1727), צו וועלכער

ס׳איז צוגעגעבן זיינע אַ הערה: „בעברי לדרכי בית מנוחתי... לק״ק איזענ־שטאַדט״.

ר׳ מאירס צווייטע רבנות אין שידלאָווצע האָט זיך געצויגן, משמעות, וואָסערע 5 יאָר, ווייל אין פּרוסטיץ איז ער געוואָרן רב אין 1702 און ער איז דאָרטן פאַרבליבן, ווי געזאָגט, 10 יאָר, ד״ה ביז 1712, און אין 1717־18 איז ער שוין געוואָרן אב״ד אין איזענשטאַט.

ביים אָננעמען די וויכטיקע רבנות אין איזענשטאַט האָבן מקבל געווען אויף זיך די „שבע קהילות״ אין בורגענלאַנד צו צאָלן זייער חלק פאַר שכירות הרב. דער פּראָטעקטאָר זיינער איז געווען דער שר ר׳ שמשון ווערטהיימער. נאָך יענעמס טויט האָט די קהילה אין מאַטערסדאָרף געפּרואווט רעוואָלטירן קעגן רב און ניט צאָלן איר אָפּגערעדטן חלק פאַר זיין שכירות, אָבער נאָך דער אינטערווענץ פון ווערטהיימערס ממלא־מקום, זיין איידעם יששכר בער עשקלעש, איז די מרידה איינגעשטילט געוואָרן.

אויף איזענשטאַטער כסא הרבנות איז ר׳ מאיר געזעסן קרוב צו דרייסיק יאָר ביז זיין פּטירה אין 1744.

הגאון ר׳ מאיר איז געווען בשעתו פון די אָנערקענטסטע פּוסקים. ר׳ עקיבא אייגער האָט זיך דורכגעשריבן מיט אים שאלות־ותשובות.

אויסער זיין באַרימטסטן ספר „פּנים מאירות״, וואָס זיין ערשטער חלק איז אַרויס אין אמשטרדם, 1715, און די חלקים ב׳־ג׳ אין זולצבאַך, 1733־1738, זיינען נאָך געדרוקט געוואָרן די ווייטערדיקע ספרים זיינע נאָך זיין טויט:

א) „אור הגנוז״, פיורדא, 1766 (חידושים על כתובות ובאורים על הטור והב״י ביו״ד).

ב) „כתנות אור״ על התורה והמגילות, פיורדא, 1766.

ג) חידושי הלכות ממסכת בבא קמא, זולצבאַך, 1929.

כמעט אַלע זיינע זין זיינען געווען רבנים אין פאַרשיידענע קהילות:
ר׳ מיכאל — אין קלעצק און מיר; ר׳ יצחק — אין ניעשוויז און ביאַלע;
ר׳ בנימין — אין לאַקענבאַך, ר׳ משה — אין מיר; ר׳ יהודה — אין ביאַלע;
ר׳ שבתי — אין ביאַלע און שערשאָוו; ר׳ אליעזר — אין שידלאָווצע.

ר׳ מאירס זון, ר׳ יצחק, ביאַלער רב, איז געווען אַן איידעם פון באַרימטן גאון „חכם צבי״ (צבי הירש אשכנזי).

דער באַקאַנטער רב פון אוטיאַן, ליטע, אברהם הירש צבי ב״ר יעקב איזענשטאַט, איז פון ר׳ מאירס משפחה. זיין ספר „פּתחי תשובה״ איז זייער



ספר

# פנים מאירות

## חלק ראשון

בשאלות ותשובות פנים מסבירות׳ מלקט אורות׳ כלפידים בוערות׳ לב התלמידים מעירות׳ להבין ולהורות׳ אמרות טהורות׳ על הלוחות חרות׳ חברם וחקרם ויסדם הרב המופלג כבוד מוהר״ר מאיר נר״ו בהר״ר יצחק ז״ל אשר שבת אהלו במדינת פולין בק״ק שידלאווצי ולפנים הרבין תורה בק״ק פרסטין במדינת מעהרין:

אחוה קידה להני כהני נדק מחזיקי בדק הבית אשר כניתי קרית הספר אשר קריתי מהני כהנים ורוזנים מקריאים למתנה וכיתי תאלהן נבוה מהני כהני שלוחי דידן ושלוחי דרחמנא ה״ה האחי׳ הקצינים אשר שמם נודע בשערים ה״ה הקצין המפורסם כה״ר מרדכי גומפל כ״ץ מהנובר ואחיו התורני הקצין האלוף כה״ר יצחק כ״ץ ואחריו יבא אחיו יכותו עמם בדפוס הוא גם בכתב אמת בכל אמת תופסי׳ להאי גברא להחזיק עמוד התורה ה״ה הקצין והנגיד המפורסם כבוד כה״ר בערמן האלבר שטאט שהולו זהב מכיס׳ בסיוע הגונה והחזיקו ידי בכל כחם בהדפסת הספר הזה בכן מחזיקנא להו ריגא טיבותא בפום מלי׳ מלא ברכתא ויזכו לנחמתא

ויש דרישה אחר למעלה ברכתי תעלה על ראשו הראש הקצין הרה״ג הדר לדור ה׳ האלוף כה״ר וואלף אפנהיים בה״גביר והשר כמהר״ר שמואל אפנהיים מווינא אשר בגינו נתוס קדש בכתבי הוינא׳ ובית אלה ספרים חזרה׳ והדריכו שם לעולי שרם הבאתיו לבית הדפוס ע״כ אתרני ליתן לו תהלה׳ יחנהו ה׳ ויזכהו בבנ האגו׳ ובבנים עד עונה:

# באמשטרדם

---

בדפוס ובבית

כה״ר שלמה בן כה״ר יוסף כ״ץ ז״ל פרופס

מוכר ספרים

בשנת נעתה לאתפנה לפ״ק

ספר

# אור הגנוז

ה״ת

קצת הרושי׳ הלכות על מס׳ כתובת
וחידושים וביאורים על הטור והב״י
בי״ד בהלכות יין נסך :

שמון בח״ס כתבי קודש שהניח אחריו ברכה הרב הגאון הגדול
החסיד המפורסים בדורו כבוד מהו״רר מאיר זלה״ה שהי׳
אב״ד ור״מ דק״ק אייזנשטאט והמדינה אשר כבר
האיר עיני ישראל בספרים הקדושים כפי שיתבאר בהקדמה
והובא לבית הדפוס לזכות את הרבים ע״י בנו החורני הרבני
המופלג כבוד מהו״רר יהודה נר״ו מביאלי
חתן הגאון החריף החסיד מ״ו הירץ זלה״ה
מחלקוני אשר דבריו נאמרים בספר
אור יקרות :

נדפס

בפיורדא

בבית ובדפוס המשובח של כהה״ר איצק יצ״ו :
בן כהר״ר ליב ב״ב ז״ל :
בשנת יהי יהורא לקדשו לפ״ק :

שטאַרק געניצט געוואָרן אין די מזרח־איראָפּעאישע ישיבות. דער ערשטער חלק איז אַרויס אין ווילנע, 1836. זיינע שאלות־ותשובות געפינען זיך אין „עמודי אור" פון יחיאל העלער, אין „מנחה חדשה" פון גרשון חן, אין „ציוני" פון אהרן זעליג ציוני.

ר׳ אברהם צבי הירש איז געבאָרן אין 1814 און נפטר געוואָרן אין 1868.

אַן אייניקל פון הגאון ר׳ מאיר איז געווען הרב הגאון ר׳ אלעזר קליר, איינער פון די גדולים אין זיין דור. ער איז געבאָרן געוואָרן 1741 אין רעכניץ צו זיין מאַמען חווה, דער טאָכטער פון „פנים מאירות". ער איז געווען רב אין זאַבלודאָווע, רעכניץ, ווישניצע, באָסקאָוויץ און קאָלין (בעמען). ר׳ אלעזר איז נפטר געוואָרן אין 1802, איבערלאָזנדיק טייערע חיבורים.

נאָך אַן אייניקל פון הגאון ר׳ מאיר איז יעקב בן אליעזר, וואָס האָט געלעבט אין מיטן פון 18טן יאָרהונדערט. ער שטאַמט פון שידלאָווצע. זיין ספר „תולדת יעקב" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין לאָנדאָן, 1770. דאָרטן זיינען אויך דאָ חידושים פון זיין פאָטער.

דער באַרימטער גאון ר׳ ירונתן אייבשיץ איז געווען אַ תלמיד פון „פנים מאירות". מיט דעם איז פאַרבונדן אַ מעשה, וואָס קען זיין מערער לעגענדע, וועגן אַנהייב פון דער גרויסער מחלוקת צווישן ר׳ יהונתן אייבשיץ און ר׳ יעקב עמדין.

די מעשה גייט אַזוי:

אין זיין יוגנט איז ר׳ יהונתן דורכגעפאָרן די שטאָט, וואו ס׳איז געווען רב דער „חכם צבי", דער פאָטער פון ר׳ יעקב עמדין, ביי וועמען ער איז פאַרבליבן איף שבת. ביים „חכם צבי" איז געווען אַ מנהג צו זאָגן תורה נאָך שלוש סעודות. דאָס מאָל האָט זיך זיין דרשה אויסגעצייכנט מיט נאָך מערער חריפות ווי אַלע מאָל. אין ר׳ יהונתן איז אַריין אַ מין מעשה ילדות און נאָך הבדלה איז ער אויף גיך אַוועק צו זיין אכסניא, איבערגעשריבן די גאַנצע דרשה און עס באַהאַלטן אין איינעם פון זיינע ספרים. ווען דער „חכם צבי" האָט שפּעטער געפרעגט ר׳ יהונתנען, ווי עס געפעלט אים זיינע היינטיקע דברי־תורה, האָט יענער געענטפערט, אַז זיי זיינען הפלא ופלא, נאָר אים דאַכט זיך, אַז זיין רבי דער „פנים מאירות" האָט דאָס שוין געזאָגט. דער „חכם צבי" איז געוואָרן נשתומם. נאָך גרעסער איז געוואָרן זיין פאַרוואונדער, ווען ר׳ יהונתן האָט אים געבראַכט די אָנגעשריבענע דרשה וואָרט אין וואָרט. דער „חכם צבי" האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ שפּיצל פון ר׳ יהונתן, ער האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל און געזאָגט: „איך שווער, אַז די

**חידושי־תורה זיינען מיינע, אָבער איך בין אַלט און קען ניט פירן קיין מלחמה. איך האָף, אַז מיין זון וועט זיך נוקם זיין פאַר מיר" — ווי ס'איז טאַקע שפּעטער געשען, כידוע.**

**דער „פּנים מאירות" איז אויך באַקאַנט אונטערן נאָמען מהר"ם א"ש אָדער מאיר אשכנזי.**

„שם הגדולים", ח"א, ע' 119 ; „שם הגדולים השלישי", משה מארקאָוויץ, ווילנא, תר"ע, ע' 62 ; „דעת קדושים", ע' 190 ; „אוצר ישראל", י. ד. אייזענשטיין, לונדון, תרצ"ה, ע' 268 ; „מצבת קודש", יקותיאל יהודה גרינוואלד, ניו־יורק, תשי"ב, ע' 109 ; „יד מלאכי", מיכאל ירמיהו אייזענשטאדט, פּיעטרקוב, תרס"ט ; „אנשי שם", שלמה באבר, קראקא, תרנ"ח, ע' 192 ; „פּנקס קלצק", תל־אביב, תש"ך, ע' 21 ; „כתר כהונה", ח. ד. פריעדבערג, דראָהאָביטש, תרנ"ח, ע' 24 ; „נפלאות הצדיקים", אברהם יוסף קלימאַן, פּיעטרקוב, תרע"א, ע' 24 ; „חכמי ישראל", דוד הלחמי, תל־אביב, תשי"ח, ע' קכ"ה. Encyclopedia Judaica, Berlin, 1930. Jewish Encyclopedia, London, 1903.

## הרב הגאון ר' אלעזר אייזענשטאַט

**דער עלטסטער שידלאָווצער רב — נאָכן „פּנים מאירות" — וואָס איז אונדז באַקאַנט, איז זיין זון הרב הגאון ר' אלעזר אייזענשטאַט. ער האָט פאַרנומען שידלאָווצער כסא הרבנות אַן ערך אין מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט.**

**מער קיין ידיעות וועגן אים האָבן מיר ניט.**

„חכמי ישראל", דוד הלחמי, תל־אביב, תשי"ח, ע' קכ"ה.

## רבי לייבוש שידלאָווצער

**שידלאָווצע איז געווען אַ חסידיש שטעטל. געווען דאָ אַ סך „שטיבלעך", אָנהענגערס פון פאַרשיידענע חסידישע רבים אין פּוילן. שידלאָווצער חסידות גופא — סיי אין שטעטל, סיי אין דער געגנט אַרום — איז פאַרבונדן מיט דער ראַבינאָוויץ־דינאַסטיע, וואָס איר שורש איז דער „יהודי הקדוש" פון פּשיסכע. אָבער קודם דאַרף מען זיך אָפּשטעלן אויף איין חסידישן רבין, טאַקע אין שידלאָווצע גופא, אָבער וואָס האָט זיך ניט אָנגעקערט מיט דער דער־מאָנטער חסידישער דינאַסטיע.**

**גערופן האָט מען אים רבי לייב אָדער רבי לייבוש שידלאָווצער. אין שטעטל איז ער געווען אדמו"ר פון 1814. צי איז ער געווען אדמו"ר פריער און וואו, ווייסן מיר ניט. בכלל זיינען ניט באַקאַנט קיין סך פּרטים וועגן אים. מען ווייסט נאָר, אַז ער איז געווען אַ תלמיד פון לובלינער „חוזה" און „יהודי הקדוש" און אַ גרויסער למדן.**

אַז רבי לייבוש איז ניט געווען סתם אַ חסידישער רבי און אַז זיין נאָמען איז געווען באַוואוסט ווייט איבער די גרענעצן פון שידלאָווצע, קען מען זען פון דער ווייטערדיקער מעשה, וואָס איז אַן אמתער פאַקט.

דער גרויסער מנחם מענדל קאָצקער איז געווען אַ תלמיד פון „יוד הקדוש". נאָך יענעמס פטירה איז ר' מנחם מענדל געגאַנגען זוכן פאַר זיך אַ נייעם רבין, צווישן אַנדערע איז ער געקומען צו רבי לייבושן אין שידלאָווצע. דער קאָצקער האָט עס שפּעטער אַליין דערציילט זיין תלמיד רבי חנוך הניך הכהן לעווין, דעם אדמו"ר פון אלכסנדר, מיט די ווייטערדיקע ווערטער:

„איך בין געזעסן אויף אַ שאַלקע אין שידלאָווצע און געלערנט. יעדער טאָג פלעגט קומען צו מיר איינער מיט בייגל און וואַסער און פלעגט מיר געבן עס צו עסן, און דאָס איז געווען מיין גאַנצער מאכל".

ווייטער דערציילט דער קאָצקער, אַז נאָכן אָפּזיין אין שידלאָווצע צוועלף וואָכן — לויט אַן אַנדער מקור: אַ האַלב יאָר — האָט ער געזען, אַז רבי לייבוש איז ניט דער רבי, וואָס ער זוכט. „האָב איך זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעפאָרן קיין פשיסכע". אין איין מקור ווערט אָנגעגעבן, אַז דער שידלאָווצער ייד, וואָס פלעגט אים ברענגען עסן, האָט געהייסן משה אַנקערמאַן — לויט אַ צווייטן מקור: משה אַראַנאָוויץ.

וועגן רבי לייבושן גופא ווערט געזאָגט, אַז ער איז געווען „צדיק הטרוד בעבודתו שאינו מתענין בנעשה סביבו". אין איין ספר רופט אים אַ מחבר „הרב הגדול בוצינא קדישא" און זאָגט, אַז רבי לייבוש איז געווען אב"ד שידלאָווצע.

מיט רבי לייבושעס נאָמען איז פאַרבונדן אַזאַ חסידישע מעשה וועגן אַ פורמאַן פון שידלאָווצע:

„הרב החסיד המפורסם ר' לייבוש שידלאָווצער" איז איין מאָל געקומען צום באַרימטן רבי אלימלך ליזענסקער בעטן קוויטלעך פאַר אים און אַנדערע פון זיין שטאָט. רבי אלימלך האָט צוגערופן ר' לייבושן און אים געזאָגט, אַז ער זאָל תיכף שיקן צו אים דעם פורמאַן, מיט וועמען ער איז געקומען אַהער. ר' לייבוש איז געוואָרן פאַרחידושט, נאָר געפאָלגט און אַוועק אין אכסניא רופן דעם פורמאַן. יענער האָט ניט געוואָלט גיין, האָט זיך געזידלט און געשאָלטן, אָבער סוף־סוף איז דער שידלאָווצער פורמאַן אַוועק צו רבי אלימלכן. ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר, האָט רבי אלימלך אָנגעהויבן שרייען אויף אים: „רשע, טו תשובה!" תחילת האָט דער פורמאַן געלייקנט שטיין און ביין,

נאָר אַז רבי אלימלך האָט וויטער געשריען: „רשע, מה חטאת עם אשת הפאַצשטער״, האָט דער פורמאַן זיך מודה געווען אין זיין עבירה. ער האָט דערנאָך שטאַרק תשובה געטאָן, איז ניט געפאָרן צוריק קיין שידלאָווצע, געבליבן ביים רבי אלימלך און איז געוואָרן אַ „חסיד גדול ומופלג״.

„השרף״, יהודה ליב לוין, ירושלים, תשי״ט, ע׳ 41; „הרבי מקוצק״, יצחק אלפסי, תל־אביב, תשי״ב, ע׳ י״ט; „תפארת היהודי״, יועץ קים קדיש ראקאָץ, ווארשא, תרע״ב, ע׳ 48; „נפלאות היהודי״, יועץ קים קדיש ראקאָץ, ע׳ 17; „אהל אלימלך״, אברהם חיים מיכלזאהן, ע׳ 33; „ספר האדמו״רים״, יצחק אלפסי, תל־אביב, תשכ״א, ע׳ 81; „דור ודור ודורשיו״, יוסף לעווינשטיין, תל־אביב, תש״ט, ע׳ 82.

## הרב הגאון ר׳ יוסף

איין שידלאָווצער רב איז אונדז באַקאַנט נאָר מיט זיין ערשטן נאָמען. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מאַכט זייער שווער אויפצוקלערן ווער ער איז און ווען ער איז געווען רב אין שידלאָווצע. אין איין מקור ווערט איבערגעגעבן, אַז ער איז געווען אַ „גאון אדיר״ און אַ חסיד פון פשיסכע און קאָצק.

פון דעם ביסל פאַראַנענע פרטים וועגן אים קען מען משער זיין, אַז ר׳ יוסף איז געווען אב״ד שידלאָווצע אין דער ערשטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט, אָבער גענוי ווען לאָזט זיך ניט אויפקלערן.

„השרף״, יהודא ליב לוין, ירושלים, תש״ט, ע׳ 156, 162.

## הרב הגאון ר׳ ישעיה מושקאַט

די זעלביקע פאַרנעפּלטע רבנות־דאַטע פון הגאון ר׳ יוסף קען מען אָנווענדן אויך לגבי הרב הגאון ר׳ ישעיה ב״ר יעקב מושקאַט, וואָס איז געווען פון די גרויסע רבנים בדורו. ער איז געווען פון די בעסטע תלמידים פון קאָזעניצער מגיד און געווען פאַררעכנט פאַר אַן „איש קדוש ופועל ישועות״. זיין גאַנץ לעבן האָט ער מתפלל געווען פאַר כלל ישראל און האָט קיין ייִדן קיין מאָל ניט דוחה געווען פון זיך.

זיין ערשטע — אָדער איינע פון זיינע ערשטע — רבנות איז געווען אין שידלאָווצע. משמעות, אַז ער איז ניט צו לאַנג געווען שידלאָווצער מרא דאתרא.

ר׳ ישעיה איז נפטר געוואָרן אין 1868.

דער זון פון הרב הגאון ר׳ ישעיה, ר׳ אברהם מאיר מושקאַט, איז געווען רב אין עטלעכע קהילות. זיין לעצטע רבנות איז געווען אין פראָגע —

28 יאָר. ער איז דער מחבר פון די ספרים: הרי בשמים, עצי בשמים, ראשי בשמים.

„חכמי ישראל", דוד הלחמי, ע' ש"ד; „השרף", יהודא ליב לוין, ירושלים, תשי"ט, ע' 156.

## רבי נתן דוד שידלאָווצער דער ערשטער

די קייט פון שידלאָווצער רביאישער דינאַסטיע הייבט זיך אָן מיט רבי נתן דוד שידלאָווצער, וואָס זיין פאַמיליע נאָמען איז געווען ראַבינאָוויץ. ער איז געבאָרן געוואָרן 1814 אין פשיסכע. פון 1838 איז ער געווען אדמו"ר אין שידלאָווצע, וואו ער איז נפטר געוואָרן ז' חשון תרכ"ו (1865).

ר' נתן דוד שידלאָווצער האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער פויליש־חסידישער וועלט, כאָטש ער האָט ניט מחדש געווען אין חסידות. טויזנטער חסידים פלעגן קומען צו אים, צווישן זיי אפילו פון די צדיקי הדור. ס'איז כמעט שווער צו טרעפן אַ ספר פון דער חסידישער מעשיות־ליטעראַטור, וואו זיין נאָמען זאָל ניט ווערן דערמאָנט.

אין ספר „בית ישראל" פון מתתיהו יחזקאל גוטמאַן ווערט דערמאָנט ר' נתן דודס נאָמען אין די „ימי הזכרון של גדולי החסידות".

נאָך דער פטירה פון ר' יששכר בער ראַדאָשיצער, דעם „סבא קדישא", זיינען אַ סך חסידים פון ראַדאָשיצער געפאָרן צום שידלאָווצער אויף אַ שבת.

אויף ווי ווייט רבי נתן דוד איז געווען אָנגענומען, באַווייזט דער פאַקט, אַז דער ערשטער גערער רבי, דער גרויסער „חידושי הרי"ם", האָט געזוכט זיין התקרבות. וועגן דעם דערציילט מנשה אונגער, וואָס האָט זיך אויס־געהאַדעוועט אין חסידישע הויפן און האָט געקענט גוט דאָס חסידישע לעבן. ס'איז כדאי דאָ איבערצוגעבן זיינע ווערטער:

דער גערער רבי האָט געקענט אויסווירקן ביים רבין ר' נתן דוד שידלאָווצער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מקטרג אויף קאָצקער רבין, ער זאָל מיט אים לעבן בשלום. כאָטש דער רבי ר' נתן דוד שידלאָווצער האָט אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט זען דעם גערער רבין, האָבן זיי זיך אָבער פון צייט־צו־צייט דורכגעשריבן מיט ידידי־בריוולעך. ביז איין מאָל איז געקומען אַ שליח פון ר' נתן דודן קיין גער און האָט געזאָגט, אַז דער רבי ר' נתן דוד וויל קומען קיין וואַרשע זיך זען מיטן גערער רבין.

דער גערער רבי האָט זיך זייער געפרייט דערמיט און האָט מסכים געווען צו קומען קיין וואַרשע, און מען האָט באַשטימט אַ טאָג.

די חסידים אין וואַרשע זענען געוואויר געוואָרן, אַז דער גערער רבי

ספר

# תפארת חיים

חידושי תורה מכבוד הגאוה"ק בוצ"ק מופת הדור אספקלריא המאירה, א"א קדוש דומה למלאך ה' צבאות חו"פ בנש"ק אדמו"ר כקש"ת הרב ר' **חיים מאיר יחיאל**, זצוקללה"ה זי"ע, אשר אור תורתו הקדושה הופיע בעיר **מאגלניצא** יע"א והי' אבד"ק קאזניץ ומאגלניצא ושם מנ"כ שנת תר"ט ט"ז אייר בן נ"נ בן כבוד הה"ג הצדיק המפורסם הרב ר' **אביעזרא זעליג** זצלה"ה אבד"ק גרעניץ שהי' חתן רבינו הגדול א"א המגיד הקדוש **מקאזניץ** זצוקללה"ה זי"ע.

ונלוה לזה קונטרס **מי דעת** ח"ת מאירים כשמש בצהרים מאת הגה"ק א"א וכו' אדמו"ר הרב ר' **ירחמיאל** זצללה"ה האבד"ק **פרשיסחא**, ומצורף לזה ח"ת מבנו' א"א קדוש וכו' אדמו"ר הרב ר' **נתן דוד** זצללה"ה **משידלאווצי**, זי"ע.

ונלוה עוד קונטרס יקר ונחמד **חזון ישעי'** מכבוד הגאון הגדול שר התורה א"א קדוש וכו' אדמו"ר ר' **ישעי'** זצללה"ה האבד"ק **פרזעדבארז**.

ונלוה עוד קונ' **דרך ישר** מכבוד הגה"ק א"א וכו' אדמו"ר הרב ר' **ישכר בער** זצללה"ה האבד"ק **ראדשיץ** זי"ע.

ונלוה עוד קונ' **תפארת משה**, מכבוד הגה"ק א"א וכו' אדמו"ר הרב ר' **משה** זצללה"ה **מלעלוב**.

כ"ז נעתק ונאסף ע"י הרב המאוה"ג חו"ב וכו' מוה'
**נתן נטע** הכהן שליט"א האבד"ק **קאלביעל**.

שנת **תרפ"ה** לפ"ק

בהוצאות בית מסחר הספרים של ר'
**אברהם יוסף קליימאן** ווארשא נאלעווקי 41.

מסודר בדפוסו של ר' **חנוך** נ"י **פאלמאן** בפיעטרקוב



ספר

# אָרוֹן עֵדוּת

על חמשה חומשי תורה.

מהני מלין יקירין. עמיקין השמידין. שיצאו מפום קדוש ממלל רברבן. גבר די רוח אלהין קדישין בי׳ וכל רז לא אנס לי׳. קדוש עליון נורא. אספקלריא מאירה. מנורה טהורה. אשר גלוי לדרעי׳ ונפל נהורא. תקן ועשה אזנים להורה. לגלות פלאים ב[illegible] נפלאים. רזין וטמטונים. כאחד מן הראשונים. ה״ה כ״ק ארומ״ר איר שבעת הימים. סבא קדישא. עטרת תפארת ישראל. שלשולתא דיחוסא. כבוד שמו נאה לו. הרב ר׳ שרגא יאיר זצללה״ה. מביאליברזיק: בן לאותו צדיק קדוש וטהור הרב ר׳ נתן דוד זצללה״ה משידלאווצי.. בהקדוש איש אלקים הרבי ר׳ ירחמיאל זצללה״ה מפרשיסחא. בהגאון איש אלקים נורא היהודי הקדוש מפרשיסחא. חתן הרב הקדוש והטהור ר׳ יקותיאל שמע[illegible]א זצללה״ה מסאסוב. בהרב הקדוש המפורסם. איש אלקים [illegible] הרבי ר׳ משה ליב זצללה״ה מסאסוב וי״ע ועכי׳ אמן:

יצא לאור ע״י כ״ק מרן שליט״א בן המחבר זצללה״ה

---

הוצא לאור מחדש ע״י:

ר׳ אברהם אלימלך גראוכר נ״י ב״ר נתן דוד ז״ל

ר׳ משה מרדכי וינשטוק נ״י ב״ר אליעזר ז״ל

ר׳ שרגא יאיר זוברמן נ״י ב״ר נתן דוד ז״ל

תל־אביב, תשכ״ד

וועט זיך באַגעגענען מיט דעם שידלאָווצער רבין, האָבן זיי זיך זייער געשטופּט אין דער אכסניה, וואו דער גערער רבי איז איינגעשטאַנען. טויזנטער גערער חסידים, וואָס וואַרשע האָט שוין דעמאָלט פאַרמאָגט, האָבן זיך געאײַלט פון אַלע גאַסן וואָס פריער אַריינצוכאַפּן זיך אין הויז אַריין, כדי צו זיין אין דער שטוב, בעת דער גערער רבי וועט זיך באַגעגענען מיטן שידלאָווצער רבין.

אָבער ווי נאָר דער רבי ר׳ נתן דוד איז אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָט ער געשיקט זאָגן דעם גערער רבין, אַז ער קאָן זיך מיט אים באַגעגענען נאָר בתנאי, אַז עס וועלן דאָרט, אויף דער אכסניה, נישט זיין די טויזנטער חסידים.

ווי עס ווייזט אויס, האָט ר׳ נתן דוד מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט האָבן קיין פּחיתת הכבוד פון די גערער חסידים.

דער גערער רבי האָט גלייך באַפוילן דורך אַ שליח מיוחד, אַז ער האָט אָנגעזאָגט די חסידים, אַז קיינער פון זיי זאָל נישט אַריינקומען אין שטוב, בעת זיי וועלן זיך באַגעגענען, אַחוץ אַ פּאָר געקליבענע און געהויבענע חסידים.

באַלד נאָך דעם איז דער רבי ר׳ נתן דוד געקומען אויף דער אכסניה און איז אַריין אין דעם חדר, וואו דער גערער רבי איז געווען.

דער גערער רבי איז אים אַנטקעגן געגאַנגען און האָט אים געגעבן שלום מיט ביידע הענט און האָט צו אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ.

עס זענען שוין פון פריער געווען אָנגעגרייט צוויי שטולן אויבן־אָן. דער גערער רבי האָט מכבד געווען דעם שידלאָווצער, ער זאָל זיך אַוועקזעצן דער ערשטער. אָבער ר׳ נתן דוד האָט נישט געוואָלט זיך פריער אַנידערזעצן.

— איר זענט דאָך דער „כתר תורה״! — האָט דער שידלאָווצער זיך געווענדט צום גערער רבין.

— און איר זענט דאָך דער „כתר שם טוב״! — האָט דער גערער רבי צוריק געענטפערט.

סוף כל סוף האָט זיך דער שידלאָווצער רבי פריער אַנידערגעזעצט. דער גערער רבי האָט געהייסן אַריינברענגען כיבוד און זיי האָבן געשמועסט שעהן־לאַנג אַ גאַר געהויבענעם חסידישן שמועס.

ווען מען האָט געעפנט די טירן און די חסידים האָבן שוין געמעגט אַריינגיין, האָט דער גערער רבי באַמערקט, אַז עס שטופּן זיך שידלאָווצער חסידים און מאַכן אָן אַ גרויס געדרענגעניש. האָט עס אים פאַרדראָסן, און ער האָט געפרעגט דעם שידלאָווצער רבין, אָנווייזנדיק אויף אַ חסיד:

— פאַר וואָס שטופּט זיך אַזוי דער ייד?

— ער איז אפשר נישט קיין גרויסער יודע־ספר — האָט דער שידלאָוו־

צער רבי איינגערוימט דעם גערער רבין אין אויער — אָבער ער איז דערפאַר אַ גרויסער מאמין.

רופט זיך אָן דער גערער רבי:

— עס שטייט: „יגעתי ומצאתי — תאמין, לא יגעתי ומצאתי — אל תאמין". איז דער פשט: אַז עמעצער מיט זיך אין דער תורה, קען ער קומען צו אמונה. אָבער „לא יגעתי בתורה ומצאתי", ווען איך האָב נישט געלערנט און איך זאָג, אַז איך האָב געפונען די אמונה — דעמאָלט זאָלסטו נישט גלייבן!...

דער שידלאָווצער האָט זיך געפילט אַ ביסל באַליידיקט, וואָס מען האָט פאַרשעמט זיינע חסידים. פון די אַנדער־ע צימער־ן האָבן זיך געהערט חסידישע ניגונים, וואָס די גערער חסידים האָבן געזונגען. און אַזוי ווי עס איז גראָד געווען די וואָך נאָך פורים, האָבן זיך די גערער חסידים גאָר שטאַרק משמח געווען. גיט דער שידלאָווצער רבי אַ זאָג צום גערער רבין, אַזוי בדרך הלצה:

— המן האָט זיי, די רבנים, אַ גרויסע טובה געטאָן!...

דערויף האָט דער גערער רבי געענטפערט:

— צווישן די אַלטע פשיסכער חסידים איז אויך געווען איינער אַ חסיד, וואָס מען האָט אים גערופן „דער קראָקעווער חסיד". דער דאָזיקער קראָקעווער חסיד האָט זיך נוהג געווען, אַז ער פלעגט אַ סך טרינקען צוויי וואָכן פאַר פורים און צוויי וואָכן נאָך פורים. איין מאָל האָט אים דער רבי ר' בונם געפרעגט, פאַר וואָס ער טרינקט אַ גאַנצן חודש, בעת די מצוה פון „חייב אדם לבסומי" איז נאָר חל אויף איין טאָג פורים. האָט אים דער קראָקעווער אַזוי געענטפערט:

„אין דער אמתן איז דאָך קשה אויף המן הרשע: אַז ער האָט געוואָלט אויסהרגענען אַלע יידן, ווי אַזוי האָט ער באַשטימט דערויף נאָר איין טאָג? עס איז דאָך מעגלעך, אַז אַ סך יידן וואָלטן זיך דעם דאָזיקן טאָג אויס־באַהאַלטן אין די היילן, אין די וועלדער, און מען וואָלט זיי נישט געקענט כאַפּן? אויף דער הריגה וואָלט ער דאָך געדאַרפט באַשטימען אַ צייט פון לכל הפחות אַ חודש?..."

דעם רבי ר' בונם האָט נאָך שטאַרק מפליא געווען די דאָזיקע קשיא און ער האָט זיך אָנגערופן:

„נו, לאָמיר הערן אַ תירוץ".

האָט דער קראָקעווער חסיד אַזוי געפּשטלט:

„טאַקע אויך דערמיט האָט המן הרשע געוואָלט אַרויסווייזן זיין רשעות. וואָרום ער האָט ביי זיך געקלערט: טאָמער וועט אים נישט געלינגען דורכ־

צופירן זיין פּלאַן, וועלן דאָך די יידן דערנאָך די טעג פאַרוואַנדלען אין אַ יום־טוב — טאָ זאָלן זיי, לכל הפּחות, האָבן נישט מער ווי איין טאָג יום־טוב, און נישט קיין גאַנצן חודש... איך ווייס דאָך אָבער יאָ די אמתע כוונה פון המן הרשע, אַז ער האָט בלויז געוואָלט אונדזער שמחה פאַרמינערן, אין דער אמתן אָבער וואָלט געדאַרפט זיין אַ גאַנצן חודש יום־טוב — דערפאַר הייב איך אָן צו טרינקען שוין צוויי וואָכן פאַר פּורים און פאַרענדיק צוויי וואָכן נאָך פּורים..."

דער גערער רבי האָט מיט דעם געוואָלט געבן צו פאַרשטיין דעם שידלאָווצער רבין, אַז נישקשה, זיינע חסידים מעגן זיך אַ ביסל משמח זיין...

פאַרן אַוועקגיין האָט מען געהערט, ווי דער רבי ר׳ נתן דוד האָט געקרעכצט און געזאָגט צו זיינעם אַ מקורב:

— מיר לעבן אין אַ פאַריתומטן דור. מען האָט שוין אַלץ אויסגע־גלייכט... עס איז שוין בעסער געווען, ווען מען האָט געפירט מחלוקת. דעמאָלט האָט מען נאָך עפּעס געוואָלט... איצט לעבט מען שוין מיט אַלע בשלום... („טאָג מאָרגען־זשורנאַל״, סעפּט׳ 26, 1971)

ר׳ נתן דוד האָט געהאַט מיחושן און ער פלעגט פאָרן אין ווייטע בעדער זיך היילן. איין מאָל איז ער דאָרטן פאַרענגט געוואָרן אין געלט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. גראָד איז אַהין געקומען דער גביר ר׳ שמחה פון קראָשניק, וואָס פלעגט אָפט פאָרן קיין שידלאָווצע צו ר׳ נתן־דודן. ר׳ שמחה האָט געגעבן דעם משמש פון שידלאָווצער רבין 200 רובל — אַ ריזיקע סומע אין יענער צייט. נאָכן דאַוונען — ס׳איז געווען אַ פרייטיק־צו־נאַכטס — איז ר׳ שמחה צוגעגאַנגען צו ר׳ נתן־דודן מקבל שלום זיין, אָבער דער רבי איז געווען עפּעס קאַלט און גלייך זיך אָפּגעקערט פון אים, אַזוי אַ גאַנצן שבת. ערשט מוצאי שבת האָט דער שידלאָווצער אויפגענומען ר׳ שמחהן מיט גרויס פרייד און אים געזאָגט: באמת האָט ער זיך זייער געפרייט מיט די 200 רובל, נאָר ער האָט געוואָלט די גאַנצע שמחה אָפּלייגן אויף שבת.

אין די פאַרשיידענע חסידישע ספרים זיינען פאַראַן תורה־ווערטלעך פון ר׳ נתן־דודן. אַ פּאָר פון זיי זאָלן דאָ געבראַכט ווערן.

מען האָט רבי נתן־דודן איין מאָל געפרעגט: פאַר וואָס שטייט „ולמלשינים אל תהי תקוה״, מיר האַלטן דאָך, אַז „יתמו חטאים״ ולא חוטאים? האָט דער שידלאָווצער אַזוי געענטפערט: אויף אַלע בעלי־עבירה קען מען מתפלל זיין, אַז זיי זאָלן חוזר בתשובה זיין, אָבער ניט אויף מלשינים, ווייל ביז דער תשובה קענען זיי ווידער מלשין זיין אויף יידן.

ר׳ נתן דוד האָט זיך אַ מאָל געטראָפן מיט ר׳ יחזקאלען, דעם קוזמירער רבי. האָט דער לעצטער מכבד געווען דעם שידלאָווצער מיט זאָגן דברי־תורה. אויף דעם האָט ר׳ נתן דוד געענטפערט: אין פסוק שטייט: „וישמע משה וייטב בעיניו״ — פון דעם איז געדרונגען, אַז ס׳איז בעסער צו הערן ווי צו לאָזן הערן.

ר׳ נתן־דודס פאָטער, ר׳ ירחמיאל, איז אויך געווען אַן אדמו״ר. ר׳ ירחמיאלס פאָטער, רבי יעקב יצחק ראַבינאָוויץ, וואָס איז בעיקר באַקאַנט אונטערן נאָמען „היהודי הקדוש״, איז געווען „מגדולי הצדיקים״. ער איז געבאָרן געוואָרן אין 1784 און נפטר געוואָרן אין 1839. נאָך זיין פטירה איז זיין זון ר׳ ירחמיאל געוואָרן אדמו״ר אין פשיסכע. אָבער דער גרעסטער טייל פון זיין פאָטערס חסידים זיינען אַריבער צום באַוואוסטן ר׳ שמחה בונעם, וואָס האָט זיך אויך באַזעצט אין פשיסכע.

אויך וועגן ר׳ נתן־דודס פאָטער איז דאָ ניט ווייניק אין דער חסידישער מעשה־ליטעראַטור און עס ווערן דאָרטן געבראַכט זיינע ווערטלעך און דברי־תורה. ר׳ ירחמיאל האָט געהאַט זיך איינגס אַ פיינע בריטשקע מיט דריי פערד. אויף זיין ווייבס פראַגע, הלמאַי ער דאַרף דאָס, האָט ר׳ ירחמיאל געענטפערט: בעסער זאָלן סוסים שטיין אין שטאָל אידער אין שטוב...

ווי געזאָגט, הייבט זיך אָן מיט רבי נתן דוד די קייט פון שידלאָווצער רביים אָדער קרוביש־פאַרבונדענע מיט זיי. פון אים האָבן זיך צעצווייגט די חסידישע דינאַסטיעס פון קינצק, ביאַלאָבזשעג, ביאַלע, פאַרצעווע, מעזריטש און שעדליץ. כמעט אַלע פון זיי האָבן געטראָגן ווייטער דעם פאַמיליע־נאָמען ראַבינאָוויץ.

ר׳ נתן דוד האָט געהאַט עטלעכע זין, וואָס אַלע זיינען געווען חסידישע רביים:

רבי צמח ראַבינאָוויץ פון שידלאָווצע, געבאָרן אין 1836, נפטר געוואָרן 1896. געווען ר׳ חיים צאַנזערס אַ תלמיד. געהאַט אַ שם מיט זיינע מופתים;

רבי פנחס ראַבינאָוויץ, אדמו״ר־אב״ד פון קינצק. נפטר געוואָרן 1901;

רבי יצחק יעקב ראַבינאָוויץ פון ביאַלע, פון די באַקאַנטע אדמו״רים בשעתו, מיט טויזנטער חסידים. נפטר געוואָרן 1905. זיין אידעם רבי יוסף צבי קאַליש איז איצט רב אין בני ברק; רבי שרגא יאיר פון ביאַלאָבזשעג, וואָס וועגן אים וועט זיך ריידן ווייטער.

„מזכרת שם הגדולים״, משה חיים קליינמאַן, ווארשא, תרס״ד, ע׳ 27, 109; „תפארת חיים״, נתן נטע הכהן, פיעטרקוב, תרפ״ה, ע׳ 31; „נפלאות הצדיקים״, אברהם יוסף קליכאַן, פיעטרקוב, תרע״א, ע׳ 31; „שיחות חיים״, פיעטרקוב, ע׳ 49; „ספרן של צדיקים״,

## הרב הגאון ר׳ יוסף גערלבלום

רבי נתן דוד דער ערשטער איז נפטר געוואָרן אין 1866. און כאָטש זיין זון רבי צמח האָט, משמעות, פאַרנומען דעם טאַטנס אָרט אין שידלאָווצע, ווייסן מיר אָבער אויף זיכער, אַז צוועלף יאָר נאָך רבי נתן דודס פּטירה איז אַן אַנדערער געוואָרן דער אָפיציעלער רב פון דער קהילה.

דער אַנדערער איז געווען: הרב הגאון ר׳ יוסף ב״ר אביגדור געלבלום און געשען איז דאָס אין 1878. ר׳ יוסף איז געבאָרן געוואָרן אין 1840. ער איז געווען אב״ד שידלאָווצע אַ סך יאָרן, ווייל אין 1912 איז ער נאָך געזעסן אויפן כסא הרבנות פון שטעטל.

ס׳קען זיין, אַז אין דער צייט, ווען ר׳ יוסף איז געווען רב אין שידלאָווצע, איז רבי צמח ב״ר נתן דוד געווען דאָרטן אדמו״ר.

*„אהלי שם״, שמואל נח גאטליב. פינסק, 1912, ע׳ 204.*

## רבי שרגא יאיר ראַבינאָוויץ

רבי שרגא יאיר, דער זון פון רבי נתן דוד שידלאָווצער דעם ערשטן, איז געבאָרן געוואָרן אין 1839 אין שידלאָווצע. ער איז געווען פון די פּאָפּולערע און חשובע פּויליש־חסידישע רביים אין לעצטן פערטל פון פאַר־גאַנגענעם און אַנהייב היינטיקן יאָרהונדערט. ער איז בעיקר באַקאַנט אונטערן נאָמען רבי שרגא יאיר פון ביאַלאָבזשעג, וואו ער איז געווען אדמו״ר. נאָך דער גרויסער שריפה אין ביאַלאָבזשעג איז ער אַריבער קיין ראָדעם, וואו ער האָט געפירט זיין אדמו״רות פון 1907 ביז זיין פּטירה אין 1912.

רבי שרגא יאיר האָט די ערשטע 26 יאָר פון זיין לעבן געוואוינט אין זיין געבוירן־שטאָט שידלאָווצע. נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער — ז׳ חשון תרכ״ו — איז געקומען צו אַ פּירוד צווישן די ברידער און רבי שרגא יאיר

---

אלעזר דוב ב״ר אהרן, ירושלים, תשי״ט, ע׳ צ״ה־צ״ז (ערשטע אויסגאַבע: לובלין, תרפ״ט); „זכותא דאברהם״, אריה מרדכי ראַבינאָוויץ, ירושלים, תש״ט, ע׳ ל״ב; „הסבא הקדוש״ מראדושיץ, יצחק אלפסי, תל־אביב, 1957, ע׳ 64; „דברי תורה״, משה נוסבוים, ווארשא, תרי״א; „נפלאות הסבא קדישא״, ראובן חיים טשרניחה, פיעטרקוב, תרצ״ו־צ״ז, ע׳ 12־15, 19, 47, 121; „מאיר עיני הגולה״, אברהם ישכר בנימין אלטער, תל־אביב, תשי״ד, ע׳ 23; „נפלאות היהודי״, יועץ קים קדיש ראקאץ, ווארשא, תרע״ב; „חכמי ישראל״, דוד הלחמי, תל־אביב, תשי״ח, ע׳ רנ״ו, ש׳, שנ״ז; „דור דעה״, יקותיאל ארי׳ קאמעלהאר, בילגוריי, תרצ״ג, ע׳ רס״ח, של״ז; „הלולא דצדקיא״, ראובן מרגליות, תל־אביב, תשי״ט, ע׳ 7; „בית ישראל״, מתתיהו יחזקאל גוטמאן, תל־אביב, תשי״ד; „ספר האדמו״רים״, יצחק אלפסי, תל־אביב, תשכ״א, ע׳ 63־65.

האָט זיך אַריבערגעקליבן אין אַ קליין שטעטל לעבן ראַווע, פון דאָרטן האָט ער נאָך אַ קורצער צייט זיך באַזעצט אין ביאַלאָבזשעג.

די השפעה פון ביאַלאָבזשעגער צדיק האָט זיך פאַרשפּרייט ווייט איבער די גרענעצן פון שטעטל. טויזנטער חסידים פלעגן קומען צו אים, און ניט ווייניק איז די צאָל צדיקים פון באַקאַנטע חסידישע דינאַסטיעס, וואָס האָבן

ספר

ישרי לב

על

עניני שבת

אשר יצא מפי איש חי ורב פעלים חכם הרזים צי״ע ע״ה
פ״ה קדוש ישראל ותפארתו, אספקלריא המאירה
ששילתא דבי נשיאה, מאורי הגולה כבוד קדושת
א״ת מורינו ורבינו ר׳ יצחק יעקב מביאלע
בן לאותו צדיק הרה״ק ר׳ נתן דוד אדמו״ר משידלאווצי
חתן הרה״ק ר׳ יהושע אדמו״ר מאסטראווי.
זצללה״ה זי״ע

לובלין

שנת תרס״ז לפ״ק

בדפוס המשובח של הר׳ אברהם פעדער נ״י

פון ווייטע מקומות זיך געלאָזן צו אים, ווי רבי ירחמיאל משה פון קאָזעניץ, רבי ישראל טויב פון מאָדזיץ, רבי יחזקאל ראַבינאָוויץ פון ראַדאָמסק וכדומה.

רבי שרגא יאיר האָט שטאַרק ליב געהאַט נגינה און האָט זי אַריינגעפלאָכטן אין זיין עבודת השם.

אין די חסידישע קרייזן איז דער ביאַלאָבזשעגער באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויסן בעל־מופת און עס זיינען פאַראַן אַ סך מעשיות וועגן זיינע מופתים.

רבי שרגא יאיר איז נפטר געוואָרן אין ראָדעם י״ג סיון תרע״ב (1912) און ער איז געקומען צו קבר ישראל אין שידלאָווצע, אין „אהל" פון זיין פאָטער ר׳ נתן דוד, ווייל אַזוי איז געווען זיין צוואה. דעם גאַנצן וועג פון ראָדעם ביז שידלאָווצע האָבן אים באַגלייט טויזנטער חסידים, טראָגנדיק דעם ארון די גאַנצע צייט.

רבי שרגא יאיר איז דער מחבר פון ספר „ארן עדות", אָבער זיין אידעם רבי חיים אלעזר, דער אדמו״ר פון מונקאַטש, זאָגט, אַז דאָס איז נאָר אַ „טראָפּן אין ים" פון זיין תורה און חכמה.

אין „עשר אורזת" ווערן איבערגעגעבן פּרטים וועגן רבי שרגא יאירס יחוס, וואָס איז געקייטלט מיט אַ סך צדיקימשע משפחות ולמעלה בקודש ביזן מהרש״ל און דעם ב״ח.

„דרך צדיקים", אברהם יעלין, פּיעטרקוב, תרע״ב, ע׳ 41, 49 ; „בית צדיק", פּיעטרקוב, 1910, ע׳ 47 ; „שיח שרפי קודש", יועץ קים קדיש, לודז, תרפ״ח, ע׳ 72 ; „חכמי ישראל", דוד הלחמי, תל־אביב, תשי״ח, ע׳ שס״ח ; „ספר האדמו״רים", יצחק אלפסי, תל־אביב, תשכ״א, ע׳ 64 ; „עשר אורות", ישראל בערגער, ווארשא, תרע״ג, ע׳ 156.

## די לעצטע שידלאָווצער רבנים און רביים

רבי שרגא יאיר האָט געהאַט אַן איינאיינציקן זון — ר׳ נתן דוד. ביים לעבן פון זיין פאָטער איז ר׳ נתן דוד געווען מיט אים און ער האָט אויסגעפירט פאַר אים פאַרשיידענע שליחותן. נאָך דער פטירה פון זיין פאָטער, אין 1912, איז ר׳ נתן דוד געוואָרן אב״ד אין שידלאָווצע און אויך אדמו״ר פאַר די פריערדיקע חסידים פון זיין טאַטן. כדי ניט צונויפמישן אים מיט זיין זיידן, וועלן מיר אים רופן רבי נתן דוד דער צווייטער.

אין די מיטעלע יאָרן איז רבי נתן דוד בלינד געוואָרן און ער פלעגט זאָגן אַ בלאַט גמרא אויף אויסווייניק.

רבי נתן דוד איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם. ווי זיין פאָטער, איז ער אויך געווען אַ געוואַלדיקער ליבהאָבער פון נגינה. ער האָט אַליין מחבר



הרב ר׳ נתן דוד דער צווייטער



לעצטער שידלאָווצער רב

געוועזן ניגונים און פלעגט זיך סטאַרען אַריינצוברענגען וואָס מער נייע ניגונים אין שול.

רבי נתן דוד שידלאָווצער דער צווייטער האָט ניט מאריך ימים געווען און כ״ח שבט תרע״ט איז ער נפטר געוואָרן אין שידלאָווצע.

* * *

שידלאָווצער כסא הרבנות און אדמו״רות נאָך דער פטירה פון רבי נתן דוד דער צווייטער האָט איבערגענומען זיין זון ר׳ חיים ישראל שלום יקותיאל ראַבינאָוויץ, אין עלטער פון בלויז 20 יאָר (געבאָרן אין 1899).

רבי חיים ישראל איז געווען דער אידעם בזיווג ראשון פון ר׳ משה בצלאל אַלטער, זון פון גערער „שפת אמת״. ער האָט אַרויסגעגעבן דעם צווייטן חלק „ארון עדות״ פון זיין זיידן רבי שרגא יאיר, וואו ס׳איז אויך דאָ זיינס אַ הקדמה.

רבי חיים ישראל האָט זיך אַ סך פאַרנומען מיט קהלשע ענינים פון שטאָט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען צו אים געשיקט געוואָרן די יידיש־אַמעריקאַנער געלטער פאַר די נויטבאַדערפטיקע יידן אין שידלאָווצע.


Odbitka z własnoręcznego podpisu RABINA CHAIMA R A B I N O W I C Z A na aktach małżeństwa w księgach Stanu Cywilnego. Wyznania Mojżeszowego.

Rabin:

פוילשע חתימה פון לעצטן רב

רבי חיים ישראל איז געווען דער לעצטער רב און אדמו״ר אין שידלאָווצע. י״ב תשרי תש״ג איז ער און זיין משפחה דערהרגעט געוואָרן דורך די נאַציס ימ״ש.

* * *

אין דער רבנות־צייט פון רבי חיים ישראל אין שידלאָווצע האָט דאָרטן עלף יאָר געפירט אדמו״רות רבי צמח ב״ר מאיר.

פריער איז רבי צמח געווען אדמו״ר אין פּיסטשענע, אָבער אין 1931 איז ער געוואָרן אדמו״ר אין שידלאָווצע, וואו ער איז אומגעקומען דורך די נאַציס ימ״ש (ניט פאַרמישן מיט רבי צמח ב״ר נתן דוד דער ערשטער).

רבי צמח ב״ר מאיר אַליין אָדער זיין פאָטער האָט, משמעות, געשטאַמט פון שידלאָווצע.

* * *

אַ זון פון דערמאָנטן רבי צמח ב״ר מאיר איז געווען אַ חסידישער רבי אין שידלאָווצע אַ סך יאָרן פריער, אפשר נאָך אין דער צייט פון רבי נתן

דוד דער צווייטער, — דאָס איז רבי נתן דוד שידלאָווצער דער דריטער. אין 1892, אין עלטער פון 21 יאָר, איז ער געקרוינט געוואָרן פאַר אַן אדמו״ר. ער האָט געהאַט אַ סך חסידים. ביי זיינע „טישן" אין די מוצאי־שבתים פלעגן תמיד שפילן כלי־זמרים. ער איז נפטר געוואָרן אין שידלאָווצע אין 1931.

מיר ווייסן ניט, צי אָט דער ר׳ נתן דוד און זיין פאָטער ר׳ צמח שטאַמען אויך פון דער שידלאָווצער ראַבינאָוויץ־דינאַסטיע.

דער שטאַמפאָטער פון דער שידלאָווצער חסידישער דינאַסטיע, רבי נתן דוד, האָט געהאַט אַ סך אייניקלעך און אוראייניקלעך, וואָס האָבן זיך גערופן אויף זיין נאָמען. אין די ראַמען פון אונדזער דאָזיקער אַרבעט פאַרנעמען מיר זיך בעיקר מיט די, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו שידלאָווצע — און אַזעלכע זיינען געווען דריי, און כדי מען זאָל זיך ניט טומלען און פאַר־בייטן איינעם מיט אַ צווייטן, ווי דאָס האָט מיט אונדז גופא געטראָפן, ווילן מיר דאָ ווידער זיי קלאָר אויסרעכענען:

רבי נתן דוד ברבי ירחמיאל — דער ערשטער.

רבי נתן דוד ברבי שרגא יאיר — דער צווייטער.

רבי נתן דוד ברבי צמח — דער דריטער.

„ספר האדמו״רים", יצחק אלפסי, תל־אביב, תשכ״א, ע׳ 64, 65, 66 ; „נפלאות צדיקים", אברהם יוסף קלימאן, פיעטרקוב, תרע״א, ע׳ 93 ; „זכרון בספר", ניו יארק, תרפ״א, ע׳ 305 ; „ארן עדת", שרגא יאיר רבינוביץ, תל־אביב, תשכ״ד, הקדמה ; „חכמי ישראל", דוד הלחמי, תל־אביב, תשי״ח, ע׳ שס״ח.

## סתם גוטע יידן

### ר׳ לייזער דאַנציגער

פאַראַן אַן אָפּשריפט פון אַ מצבה פון „הקדוש וטהור הרב הגדול ר׳ אליעזר דאַנציגער משידלובצא". גערופן האָט מען אים ר׳ לייזערל דאַנציגער, אַ גרויסער חסיד פון „יהודי הקדוש". דער לעצטער האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז פון די ל״ו צדיקים.

עס ווערט דערציילט וועגן ר׳ אליעזרן, אַז פאַרן שטאַרבן האָט ער אויפגעהויבן זיינע הענט צום הימל און געזאָגט: „ברוך השם, אַז איך בין אויף דער וועלט ניט געווען ניט קיין רב, ניט קיין רבי".

דער אמתער נאָמען פון ר׳ אליעזרן איז געווען פינקלער.

„נפלאות הסבא קדישא", ראובן חיים טשרניחה, פיעטרקוב, תרצ״ו, ח״ב, ע׳ 93, 94.

## ר׳ בערל דומ״ץ

אין דער ערשטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט איז געווען אַ דיין און מורה־צדק אין שידלאָווצע מיטן נאָמען ר׳ בערל, פון די ערשטע תלמידים פון קאָצקער. ער איז געווען אַ גאון וחריף און אַ גרויסער בעל־הוראה, אַ חסיד און געוואַלדיקער עניו און האָט ניט געוואָלט אָננעמען קיין כסא רבנות.

ר׳ בערל האָט געלעבט אין גרויס דחקות. אָפט פלעגט ער זיין שכירות אין גאַנצן אָפּגעבן אויף צדקה.

האָט זיך איין מאָל געטראָפן, אַז אַ יונגערמאַן אַ בן־תורה פון דער פרעמד האָט זיך באַזעצט אין שידלאָווצע. ר׳ בערל האָט עטלעכע מאָל גערעדט מיט אים אין דברי תורה און ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז יענער איז מערער בקי פון אים אין הלכה. איז ר׳ בערל אַוועק צום מרא דאתרא ר׳ יוסף (דאָס מוז זיין דער ר׳ יוסף, וואָס מיר האָבן פריער גערעדט וועגן אים — ב. כ.) און אים פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל אויף זיין אָרט באַשטימען דעם פרעמדן יונגנמאַן. אָבער דער רב האָט אים געזאָגט, אַז ער, ר׳ בערל, איז אַ גרעסערער בקי — האָט ער זיך באַרואיקט און וויטער געבליבן דומ״ץ אין שידלאָווצע.

„השרף״, יהודה ליב לוין, ירושלים, תשי״ט, ע׳ 156.

## ר׳ ישראל וואָלף

ר׳ ישראל וואָלף שידלאָווצער איז געווען פון די בעסטע יונגע לערנערס אין פשיסכע און פון די ערשטע חסידי טאָמאַשאָוו און קאָצק. דעם גרעסטן טייל יאָרן זיינע האָט ער פאַרבראַכט אין פשיסכע, קאָצק, גער און אלכסנדר. געווען אַ גרויסער עניו. פלעגט אַ סך פאַסטן.

איין מאָל איז ער אַריינגעקומען צום אדמו״ר פון אלכסנדר און אים געזאָגט, אַז איצט האָט ער שוין ניט אַזעלכע כוחות ווי אין זיין יוגנט צו הונגערן אַזוי פיל. אַזוי ווי זיין געלט האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט ער באַשלאָסן צו גיין קיין שידלאָווצע צונויפקלייבן אַ ביסל געלט און זיך דאַן אומקערן קיין אלכסנדר. און דערנאָך האָט ער נאָך פאַרגרעסערט די צאָל פון זיינע תעניתים.

„השרף״, יהודה ליב לוין, ירושלים, תשי״ט, ע׳ 199.

* * *

ר׳ זכריה שיין, מלמד און למדן, ווערט דערמאָנט אין אַ פּאָר ווערטער אין „נפלאות הסבא קדישא״ פון ראובן חיים טשרניחה, פיעטרקוב, תרצ״ו־צ״ז, ע׳ 63, 91.



אַ ציור פון ראַדאָשיצער רבין, געמאָלן פון שידלאָווצער משה יחיאל שיין

אין „הסבא הקדוש מראדושיץ" פון יצחק אלפסי (ת"א, 1957), ווערט דערמאָנט אַ צווייטער שידלאָווצער שיך, משה יחיאל. עס ווערט דאָרטן געבראַכט זיינס אַ ציור פון רבי יששכר בערן און עס ווערט צוגעגעבן, אַז דאָס איז געווען אָנגענומען פאַרן קלסתר־פּנים פון „סבא קדישא" איבער גאַנץ פּוילן.

* * *

אַ מעשה מיט אַ שידלאָווצער שוחט קערט זיך אויך אָן אַהער.

די מעשה גיט איבער דער מחבר יועץ קים קדיש, וואָס האָט אַליין געלעבט אין שידלאָווצע אַ ריי יאָרן, אין זיין חיבור „שיח שרפי קודש" חלק ג', ע' 34.

אין וואָרקע איז געווען אַ שוחט מומחה, ר' ישעיה מרדכי. ער האָט זיך אָבער דאָרטן ניט פאַרנומען מיט שחיטה, ווייל בעת מען האָט אים אָראָפּ־געבראַכט קיין וואָרקע, איז דער וואָרקער אדמו"ר ניט געווען אין שטעטל, און ער האָט זיך נוהג געווען ניט צו עסן פון דער שחיטה פון אַ שו"ב, וואָס ער קען אים ניט. אַראָפּגעבראַכט קיין וואָרקע האָבן אים די גערער חסידים, נאָר דער „שפת אמת" האָט אָנגעזאָגט זיינע חסידים, אַז זיי זאָלן ניט פירן קיין מלחמה מיטן וואָרקער.

ווען שידלאָווצע האָט זיך געניייטיקט אין אַ שוחט, האָבן זיי אַראָפּ־געבראַכט ר' ישעיה מרדכין, דאָס מאָל מיט דער הסכמה פון „שפת אמת". די וואָרקער חסידים אין שידלאָווצע זיינען תחילת געווען קעגן דעם נייעם שוחט, אָבער דער וואָרקער האָט זיי דאָס מאָל מתיר געווען. בראש פון די שידלאָוו־צער חסידים, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר ר' ישעיה מרדכי, איז געשטאַנען ר' איסר יחזקאל בידערמאַן.

ר' ישעיה מרדכי האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גרויסער שוחט מומחה און אַ גרויסער ירא־שמים. מען האָט אים דערנאָך געוואָלט צונעמען פאַר שוחט אין אַזאַ שטאָט ווי ראַדעם און אפילו לובלין, אָבער ער האָט ניט פאַרלאָזן שידלאָווצע, וואו ער איז נפטר געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן.

* * *

אויפן אַלטן שידלאָווצער בית־עולם האָט זיך געפונען דער קבר פון הרב החסיד ר' מאיר, אַ זון פון ראַדאָשיצער „סבא קדישא".

געווען אַ צווייטער ר' מאיר, הרב הגאון הצדיק משידלובצא, וואָס

פלעגט אָפט קומען אין זיין געבוירן־שטאָט צו רבי נתן־דוד דער ערשטער. בעת זיין באַזוך אין 1863 איז ער קראַנק געוואָרן און געקומען צו קבר ישראל אין שידלאָווצע.

„נפלאות צדיקים", אברהם יוסף קליימאַן, ח"א, ע' 119, ח"ב, ע' 91.

## שידלאָווצער פּרענומעראַנטן

צו אונדזער אַרבעט וועגן שידלאָווצער רביים און סתם גוטע יידן איז כדאי צוצוגעבן אַ רשימה פון שידלאָווצער יידן, וואָס האָבן געהאָלפן אַרויסגעבן רבנישע ספרים דורך געבן פּאָרויסגעלט די מחברים, וועלכע פלעגן באַזוכן די שטעטלעך לשם זה. דאָס זיינען די שידלאָווצער פּרענומעראַנטן. די רשימה, מסתמא ניט קיין אויסגעשעפּטע, נעמט אַרום אַ תקופה פון קוים 100 יאָר ביזן חורבן און איבער 100 שידלאָווצער חותמים. דער ציפער ביים סוף פון יעדער ספר באַטייט די צאָל פּרענומעראַנטן.

אגודת אזוב, ב', זאב נחום מביאלא. בילגורייא, תרס"ט — 3.

אריה דבי עילאי, אריה ליבוש ליפשיץ. פּרעמישלא, תר"ם — 7.

גן בשמים, שלמה יאַנאָווסקי. פּיעטרקוב, תרס"א — 19.

דברי בינה, יצחק יעקב ראַבינאָוויץ. לובלין, תרס"ט — 16.

מנחת ש"י, שלמה ירמיה גרינבערג. פיעטרקוב, תרע"ב — 1.

סנהדרי קטנה, אברהם יהושע העשיל. פּיעטרקוב, תרס"ג — 18

פרי צדיק, א', ד', ה', צדוק הכהן. לובלין, תרס"א־תרצ"ד — 27.

פרקי אבות. ווארשא, תרצ"ד — 1.

קהלת משה, משה אליקים בריעה. לובלין, תרס"ד — 13.

רץ כצבי, צבי הירש פרידלינג. וואַרשא, תרפ"ח — 1.

שני לוחות הברית, ד', ישעיה הורוויץ. ווארשא, תרי"ב — 1.

תפארת צבי, צבי הירש באשקא. יוזעפאָף, תרכ"ז — 2.

מאָטל אייזענבערג ע"ה

# שידלאָווצע אין רואיקע צייטן

(איבערבליק וועגן לעבן־שטייגער פון שטעטל)



שידלאָווצע איז געווען אַ טיפּיש יידיש שטעטל, ווי הונדערטער אַנדערע אין פּוילן. יידן האָבן זיך דאָ געפילט איינגעוואָרצלט פון כמה דורות. די שטאָט, אין איר גרויסער מערהייט, איז געווען באַוואוינט דורך יידן, נאָר ביי די ראַנדן האָבן זיך געפונען אַן ערך צוואַנציק פּראָצענט פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהאַט פּרנסה פון דער יידישער באַפעלקערונג.

שידלאָווצע איז געלעגן לענג אויס פון הויפּטשאָסיי, וואָס האָט געפירט פון וואַרשע קיין קראָקע און האָט זיך אויסגעפורעמט אין דריי גרויסע מאַרק־פּלעצער, וואָס זענען געוואָרן באַצייכנט דורך דער באַפעלקערונג: „אויבן־מאַרק", אונטן־מאַרק" און „אויבן־שאָסיי".

דער „אויבן־מאַרק" איז געווען דער חשובער טייל פון שטאָט. דאָרט האָט זיך געפונען דער מאַגיסטראַט, אַן אַלטער היסטאָרישער בנין, מיט אַ הויכן טורעם, פון וועלכן מען האָט געקענט אָבסערווירן ווייטע שטחים אַרום דער שטאָט; די שטאָטישע קירך, מיט אַ שיינעם סקווער, די שטאָטישע פּאָלקשול, אין דער זייט — קוואַלן מיט גוטע וואַסערן.

דער „אונטן־מאַרק" איז געווען באַוואוינט הויפּטזאַכלעך דורך דער יידישער אָרעמקייט, האַנטווערקערס און קליינע סוחרימלעך. אין סאַמע מיטן מאַרק — אַ גרויסע קיילעכדיקע געביידע פון אַן אַלטן היסטאָרישן סטיל, געפאַרבט אויף געל, די זעלביקע פאַרב וואָס דער מאַגיסטראַט און איז גערופן געוואָרן „די באָדנס". דאָס איז געווען אַ געביידע פאַר האַנדלצוועקן און איז באַשטאַנען פון לויטער געוועלבער. די באָדענס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם הויפּטצענטער פון האַנדל אין דער שטאָט.

קעגן איבער די באָדנס האָבן זיך געפונען הילצערנע ביידלעך, וואוהין די בעקערס האָבן געבראַכט צו פאַרקויפן קאָרענע ברויטן, אין דער פרי — פרישע געקאָכטע בייגל און פאַרשיידענע זעמל.

אין דער זייט פון דיביידלעך — אַ לאַנגע ריי פון קליינע שטעלעכלעך, וואו ס'זיינען געזעסן עלטערע פרויען און פאַרקויפט גרינצייג און פּרוכטן, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט אין די נאָענט־ליגנדיקע סעדער און גערטנער.

דאָ האָבן זיך אויך גרופירט די יידישע טרעגערס, שטענדיק פאַר־מעליקטע, אין קורצע שפּאַנצערס, אַרומגעצויגן מיט אַ שטריק.

דער „אונטן־מאַרק" איז געווען דער הויפּטנערוו און הויפּטצענטער פון שטאָט. פּרייטיק איז דאָ געווען דער פישמאַרק, וואָס האָט באַזאָרגט די יידן מיט פיש אויף שבת. דאָ זיינען געשטאַנען יידישע גאַסטהייזער, וואו פרעמדע, צוגערייזטע האָבן געפונען אַ פּלאַץ אָפּצורוען און איבערצושלאָפן. דאָ האָבן זיך געטראָפן באַקאַנטע, געבילדעט גרופּקעלעך, געשלאָסן מסחרים, גערעדט וועגן געשעפטן, וועגן פּאָליטיק. עס איז דאָ שטענדיק געווען רוישיק און פול מיט באַוועגונג.

אין דער זייט פון „אונטן־מאַרק" האָט אַ געסל געפירט צום גרויסן און קליינעם בית־המדרש, צו דער שול (אַ הערלעכע שיינע געביידע) און הינטער דער שול צום אַלטן און נייעם בית־עולם, וואו עס האָבן גערוט עטלעכע דורות.

פון „אונטן־מאַרק" האָט אַ לאַנגע גאַס, וואָס האָט זיך גערופן די ראָדעמער גאַס, געפירט צום „אויבן־שאָסיי". דאָס איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ, נישט ברוקירט, אין מיטן אַ ברונעם מיט אַ פּלומפּ און אַרומגערינגלט מיט הייזער און געוועלבער. אין די וואָכנטלעכע ירידן האָט זיך אויף דעם דאָזיקן מאַרק קאָנצענטרירט דער האַנדל מיט בהמות, פערד און חזירים.

דער „אויבן־שאָסיי" איז צום מיינסטן געווען באַוואוינט דורך יידישע בעלי־עגלות, קאָוואַלעס, סטאָליאַרעס, קליינהענדלערס, אויך אַ טייל פּאָליאַקן. דאָ האָט געהאָט זיין הויף דער שטאָטישער רבי ר' נתן־דוד, און אין סאַמע שפּיץ, ביים וועג פון שאָסיי, האָט זיך געפונען די קנעפּל־פאַבריק פון לייזער רעדליך, וואָס האָט באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל יידישע מיידלעך אין זיין פאַבריק. די גרעסטע טייל האָבן גענומען אַהיים צו נייען קנעפּלעך אויף פּאַפּירן.

דער „אויבן־שאָסיי" איז געווען דער „פּאָרט", פון וואַנען עס זיינען יעדן פרימאָרגן אַרויסגעגאַנגען אָנגעלאָדענע וועגענער, אָמניבוסן, בריטשקעס מיט פּאַסאַזשירן — קיין ראָדעם און וואַרשע.

אין דער זייט פון שטאָט, האַרט ביים ראַנד פון שאָסיי, וואָס האָט געפירט קיין פּשיסכע, אַנטקעגן דעם שלאָס, האָט געוואוינט אין אַ נידעריק

הילצערן הייזל ר׳ מענדל מיט זיין פאַמיליע, צוויי זין און אַ פרוי. ער פלעגט ריידן מיט אַ שאַרפן ריש, האָט מען אים גערופן „מענדאַק״. מענדל האָט זיך פאַרנומען מיט מילכעריי, געהאַט אייגענע קי און פאַרקויפט די מילך אין נאָענטן הויף פון פוילישן פריץ מיקעטשו. חוץ דעם האָט ער געהאַלטן אין פאַכט דריי סאַזשעלקעס, וואָס זיינען געלעגן הינטער זיין הייזל, און דאָרט געהאָדעוועט זיינע קאַרעסן (אַ סאָרט פישל, וואָס די יידן האָבן עס גערן געגעסן).

געפירט האָט ער זיין אָרט לעבן אויפן דאָרפישן שטייגער; די שטוב אָן פאָדלאָגעס, אָנגעשטעלט מיט גרויסע קאַנען מילך, פריש געמאַכטן ווייסן קעז און צוואַרעך, טעפּ מיט סמעטענע, אייזערנע פעסלעך אָנגעשטעלטע אויף זויערמילך, פריש־געשלאָגענע פוטער און טעפּ מיט פרישער מאַשלאַנקע, דאָס איבערבלייבעכץ פון געמאַכטן פוטער.

יעדן פרימאָרגן פלעגט ער זיך באַווייזן אין „אונטן־מאַרק״, אין דער זייט פון די באָדנס, מיט זיין האַנטוועגעלע פול מיט מילכיקס. יונגעלייט, בעל־הביתטעס, קינדער און מיידלעך פון פאַרמעגלעכע הייזער אויף זייער נאָכמיטאָגדיקן שפּאַציר טרעטן אָפּ ביי מענדאַקן „זיך אונטערלענען דאָס האַרץ״ מיט אַ ביסל גוט מילכיקס.

די יידן האָבן געלעבט אין שידלאָווצע זייט לאַנגע דורות. מצבות אויפן אַלטן בית־עולם האָבן עדות געזאָגט וועגן יידיש לעבן מיט 400 יאָר צוריק. דאָס לעבן איז געפלאָסן רואיק, אָן וועלכע ס׳איז אויפטרייסלונגען און קיינער האָט נישט געחלומט, אַז עס קען זיך אַ מאָל ענדערן.

פּאָליאַקן אין שטאָט, ווי פון דער אומגעגנט, האָבן זיך אינטערעסירט צו וויסן, ווען עס פאַלט אויס אַ יידישער יום־טוב. ווען דער יום־טוב איז אויסגעקומען אין אַ מיטוואָך, אין דעם וועכנטלעכן יריד־טאָג, איז דער יריד נישט פאָרגעקומען, קיין פויער האָט זיך נישט באַוויזן מיט זיינע פּראָדוקטן.

דאָס רעליגיעזע לעבן האָט דאָמינירט און אויפגעצוואונגען זיינע אייזערנע געזעצן און מנהגים, האָט רעגולירט דאָס פערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע לעבן פון יעדן ייד. אָך און ווי איז געווען דעם יעניקן, וואָס האָט אָפּגענייגט פון איינגעשטעלטן סדר.

די שול, דער בית המדרש, דאָס שטיבל זיינען געווען די צווייטע היים פון יעדן ייד. אין דער פרי זיינען אייניקע געקומען שנעל אָפּדאַוונען און לויפן צו זייער באַשעפטיקונג, אַנדערע, וואָס זיינען געקומען גאַנץ פרי, פלעגן זיך

אָוועקזעצן ביי אָפענע גמרות און לערנען ביז שפּעט אין טאָג מיט גרויס התלהבות.

אין די שבתים און יום־טובים זיינען די בתי־תפילה געווען פול געפּאַקט. די יידן, פריי פון זייערע באַשעפטיקונגען, גרויס און קליין, אָנגעטאָן אין זייערע יום־טובדיקע בגדים, האָבן זיך געאיילט פון זייערע היימען צום דאַווענען.

דער שבת און יום־טוב האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען. די הייליקע רואיקייט האָט זיך געפילט אין די גאַסן, ווי אין יעדער שטוב.

מיטן אָנקום פון שבת אָדער יום־טוב איז אַלץ געבליבן שטיל — אַלע געוועלבער פאַרמאַכט, אַלע וואַרשטאַטן שטיל, די מערק אויסגעליידיקט און אַ הייליקע יום־טובדיקייט האָט גערוט אין אַלע היימען. יעדע פאַמיליע פּראַוועט דעם שבת־יום־טוב אין אַ שטרענג רעליגיעזער אַטמאָספער. דער צערעמאָניאַל אַ פרומער, אָפּגעהיטענער, איינגעפירט פון כמה דורות.

דער לעבנס־ניוואָ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שידלאָווצע איז געווען זייער אַ נידעריקער. דער גרעסטער טייל האָט געפירט אַן אָרעם לעבן, שווער געהאָרעוועט פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, כדי צו דערהאַלטן דאָס הויזגעזינד. אַ וויכטיק אָרט אין די יידישע פרנסות האָבן פאַרנומען די וועכנטלעכע ירידן, וואָס זיינען פאַרגעקומען יעדן מיטוואָך. פון גאַנץ פרי האָבן פון אַלע וועגן געצויגן אַהין פורן אָנגעלאָדענע מיט תבואות, קאַרטאָפל, וועגענער מיט שטרוי, היי, לעבעדיקע עופות, געגנדז, הינער, קאַטשקעס, פאַר־שיידענעם גרינצייג. פּויערים און פּויערטעס זיינען געקומען צו פוס, פירנדיק בהמות אָדער פערד אויפן מאַרק צו פאַרקויפן. אַנדערע האָבן געטראָגן קוישלעך, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען פּוטער, אַ פלעשל סמעטענע, אַ פריש ווייס קעזל, אַ פּאָר אייער, שוואַרצע און רויטע יאַגדעס, מאַלינעס און שוואָמען. אַלע דריי מאַרקפּלעצער זיינען גיך געוואָרן פאַרשטעלט מיט פורן פּראָדוקטן, וואָס די פּויערים און פּויערטעס פון די אַרומיקע דערפער האָבן געבראַכט צו פאַרקויפן.

יידישע קאָוואַלעס, מיט די קעסטלעך אָנגעהאַנגען אויפן אַקסל, האָבן זיך געדרייט צווישן די פערד און די פּויערים האָבן זיי גערופן צוצושלאָגן נייע פּאָדקאָוועס פאַר זייערע פערד. פּויערים און פּויערטעס האָבן באַלאַגערט די שפּייזגעוועלבער און איינגעהאַנדלט נאַפט, זאַלץ, צוקער, הערינג; אין די שניטגעוועלבער איינגעקויפט פאַרשיידענע סחורות; ביי די טאַנדעט־שניידערס און ביי די היטל־מאַכערס איז געווען פול מיט פּויערים, וואָס האָבן געמאָסטן,

צי עס פּאַסט זיי די גרייס אָדער קאָליר, זיך לאַנג געדונגען וועגן די פּרייזן, געשריען, געליאַרעמט, געפּאַטשט מיט די הענט, ביז מען איז ענדלעך געקומען צו אַ הסכם.

די יידישע באַפעלקערונג אין שידלאָווצע האָט געציילט אַן ערך זעקס טויזנט נפשות, איז באַשטאַנען פון אַכציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג און האָט זיך אײַנגעטיילט אין פאַרשיידענע קלאַסן. דער גרעסטער טייל זיינען געווען האַנטווערקערס און קליינע סוחרים; אַ דינער שיכט אינדוסטריעלערס, קליינע פאַבריקאַנטן און אונטערנעמערס; אויך אַ קליינע צאָל יידישע פּראָלע־



דער „שלאָס" פון 16־טן יאָרהונדערט



די באָדנס

טאַריערס, וואָס זיינען געווען הויפּטזאַכלעך באַשעפטיקט אין די יידישע שיך־ און לעדער־פאַבריקן.

אין שטאָט זיינען געווען צוועלף מעכאַניזירטע לעדער־פאַבריקן, אַ גרעסערע צאָל קליינע שיכפאַבריקן, עטלעכע שטיין־האַקערייען, אַ גרויסע מעכאַנישע מיל, צוויי יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק, צוויי קנעפּל־פאַבריקן, אַ ברויערײ, אַן אײַזן־גיסערײ, אַ טאַרטאַק. לגבי דער צאָל באַפעלקערונג, איז דאָס עקאָנאָמישע לעבן געווען דינאַמיש. יידן האָבן געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען, אַנטוויקלט אַ גרויסע ענערגיע אויף פאַרשיידענע געביטן.

די לעדער־אינדוסטריע ביי אונדז אין שטאָט איז געווען דער הויפּט־נערוו פון דער שטעטלשער עקאָנאָמיק, וואָס האָט געגעבן פּרנסה אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַן ערך צוויי הונדערט יידן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ווי אַרבעטערס; סוחרים פון רויע פעלן, וואָס זיינען אַרומגעפאָרן איבער פיל געגנטן פון פוילן, געבראַכט וואַגאָנען מיט רויע פעל; סוחרים פון שטיינקוילן, פון ברענהאָלץ, כעמיקאַלן, קאַלך; עקספּעדיטאָרן ביי דער באַנסטאַנציע, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביים אַוועקשיקן און ביים אויסלאָדן די וואַגאָנען; בעלי־עגלות ביים איבערפירן די סחורות; טרעגערס ביים אויסלאָדן די פורן; סוחרים פון פאַרטיקע לעדער; מעקלערס, וואָס האָבן אָפּגעוואָרט פרעמדע סוחרים, וואָס זיינען געקומען אין די לעדער־פאַבריקן איינקויפן; מעקלערס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסלייען געלט אויף פּראָצענט.

שידלאָווצע איז באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט. דאָ האָט געלעבט דער באַרימטער רבי ר׳ נתן דוד, וואָס האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ דינאַסטיע פון גרויסע רביים. אויף יעדן יום־טוב זיינען אָנגעפאָרן חסידים צו אים און צו זיינע שפּעטערדיקע ממלא־מקומס.

אונדזער שטאָט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שיינע יידן, לומדים, פרומע אָפּגעהיטענע בעלי־בתים, מיט שיינע מידות, בעלי־צדקה, שאַרפע חסידים, ציכטיק געקליידטע, איינגערעמט אין פיין־געקעמטע בערד. זיי אַלע האָבן גענאָסן פון גרויס רעספּעקט מצד דער יידישער באַפעלקערונג.

די כלי־קודש — געקליבענע יידן, לומדים. דער רב און די דיינים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסער לומדות, האָבן רעגולירט אַלע רעליגיעזע און געשעפטלעכע סכסוכים צווישן די יידן. האָט מען צווישן זיך נישט געקענט דורכקומען, איז מען געקומען צו אַ דין־תורה און דער פּסק פון בית־דין איז געווען אַבליגאַטאָריש.

אונדזערע שוחטים האָבן זיך אָנגעהערט צו די שיינע יידן פון שטאָט, גרויסע לומדים, איידעלע יידן, שיינע בעלי־תפילה, אין די ימים־נוראים זיך אויסגעצייכנט מיט שיינעם דאַווענען פאַרן עמוד.

די שמשים זיינען געווען באַזונדערע טיפּן. דאָס זיינען געווען יידן, וואָס האָבן געקענט גוט לערנען, אָפּגעהיטענע און פרומע, אָבער זיך נישט געקענט דערשלאָגן צו פאַרנעמען אַ מער בכבודיקן פּלאַץ אין יידיש געזעל־שאַפטלעכן לעבן.



טיפּן פון אַמאָליקע שידלאָווצער אויף די באָדנס

בונעם שמש, מיט זיין לאַנגער, ווייסער באָרד, גרויסע שווערע שטיוול פלעגט גיין ביי נאַכט איבער די יידישע געסלעך, מיט זיין אָנגעצונדענעם לאַמטערן און געוועקט מיט זיין לייבנשטים: „שטייט אויף צו עבודת הבורא!״ זיין האַלטן זיך אויפן באַלעמער אין שול ביים דאַווענען און אָנפירן דעם צערעמאָניאַל ביים לייענען די תורה, זיין דערשיינען אויף חתונות, זיין קוק, זיין באַנעמען זיך ביים דורכפירן מיטן רעליגיעזן טייל פון חופה וקידושין, האָבן אַרויסגערופן אַ טיפן רעספעקט פאַר אָט דער פּאַטריאַרכאַלישער געשטאַלט.

ר׳ שמואל שמש, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן בית־המדרש און איז געווען זיין אַדמיניסטראַטאָר, איז געווען אַ טיפער למדן, אַ גוטער בעל־

קורא, אַ שיינער ייד מיט פיינע מידות, האָט גענאָסן פון אַלגעמיינער כבוד־באַציאונג צו אים.

ווער געדענקט נישט הירש מאָטע שמש, אַ ייד אַ בן תורה, אַן אָרעמאַן, אַ מטופל מיט אַ סך קינדער, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין הומאָר און געשאָטן מיט גלייכווערטלעך. אין שטאָט האָט מען נאָכגעזאָגט זיינס אַ ווערטל. ווען ער איז געקומען אויף אַ חתונה און מען האָט אים געפרעגט: ר׳ הירש מאָטע, איר ווילט אַ בולקע? האָט ער געענפערט: יאָ אַ בולקע, נישט אַ בולקע — גיט אַהער אַ בולקע.

געווען אַזאַ ייד ווי ר׳ אַנשל היטלמאַכער, אַן אָפּגעהיטענער ייד אַ בן תורה. פאַרדינט זיין אָרעמע פרנסה ביים מאַכן היטלען, האָט זיך געווידמעט דער מצוה פון אָפּהיטן די יידישע באַפעלקערונג, אַז זי זאָל נישט מחלל זיין דעם שבת און יום־טוב. יעדן פרייטיק פאַר נאַכט, אַ שעה פאַר ליכט צינדן, האָט ער זיך באַוויזן אַן אויסגעוואַשענער, מיט זיין קליין שוואַרץ בערדל, סאַמעטענעם היטל און שבתדיקע מלבושים, געגאַנגען פון געוועלב צו געוועלב און דערמאָנט צו פאַרמאַכן די געוועלבער און וואַרשטאַטן.

צו די טשיקאַווע טיפּן דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן ר׳ אַלטער פרידמאַן, וואָס האָט געצויגן זיין פרנסה פון אַן אייזן־געוועלב, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין שווער. אַ חריף, אַ שאַרפער קאָפּ, אַ גרויסער למדן, אַ שטרענג פרומער ייד, מיט אַן אידעלן כאַראַקטער, אַ לײדנשאַפטלעכער פּאָליטיקער, געווען גוט באַהאַוונט אין אַלע פּאָליטישע שטרעמונגען און געשעענישן צו יענער צייט. ביי יעדער געלעגנהייט געפירט דיסקוסיעס. געלויבט רוסלאַנד און געווען קעגן ענגלאַנד און אַמעריקע, לײדנשאַפטלעך פאַרטיידיקט די עקסטרעמסטע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. עס האָט נישט געהאָלפן די טענה, אַז זיין באַרעכטיקן אַזעלכע פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, וואו די יידישע רעליגיע ווערט אונטערדריקט, איז אין סתירה צו זיין גאַנצן רעליגיעזן וועלטבאַנעם — ער איז געבליבן ביי זיינס.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אויך אַזאַ טיפּ ווי יודע לייב בויאַק, אַ ייד אַן אָרעמאַן אין זיבן פאַלעס, געלעבט פון אַ קליין וועגעלע איבערצופירן לייכטע משאות מיט אַן אויסגעמאַגערט קליין פערדל. פלעגט ער צונויפנעמען אין די גאַרבערייען די פאַרפאַקטע אויסגעאַרבעטע לעדער און עס איבערפירן צו דער נאָענטסטער באַנסטאַנציע. ער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ שפּיציק פּנים. געוואוינט האָט ער אין איין שטוב, נישט ווייט פון דער שטאָטישער באָד, מיט זיין גרויסער פאַמיליע. זיין ווייב — אַ ברייט צעגאָסענע

פון שבט קרופּצאַקעס — האָט געשיט מיט קינדער. ווען ער איז נישט געווען פאַרנומען ביי זיין באַשעפטיקונג, האָט מען אים געקענט טרעפן אויסגעצויגן אויף דער ערד, ערגעץ אין אַ ווינקל, כאַפּן אַ דרימל, אָדער ווי ער שפּרינגט אַריבער די מויער פון שלאָסגאָרטן, ברענגט פון דאָרטן אַ גרינע אוגערקע, אַ מער, שיילט עס אָפּ און עסט מיט אַ שטאַרקן אַפּעטיט. נישט געקענט זיך רעכט אונטערשרייבן, קוים געקענט אַן אות אין סידור, האָט ער זיך אויס־געצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכן שאַרפזין און הומאָר. ווען ער איז געקומען אין פאַבריק נעמען די געפּעק סחורה צו דער באַן און געטראָפן דאָרטן פאַרשיידענע מענטשן, האָט ער געזוכט צו פאַרפירן שמועסן און געמאַכט האָט ער דאָס אויף זייער אַ וויציקן אופן. זיין באַליבטע טעמע איז געווען אָפּצוחוזקן פון זיין פאַמיליע־לעבן, פון זיין ברייטער יידענע, פון זיין אינטים לעבן און פון זיין אָרעמקייט.

דער גרעסטער טייל איינוואוינערס האָבן געהאַט זייערע צונעמען, ווי לייבוש דראָנט, נתן אויערל, לייזער גאָרגל, משה וואַרגאַל, משה קאָפּ, מלך גלאָק, מאָטל פּאָמעראַנץ, יאָסעלע האָפּיי, אברהם דזשאַזגע, לאָזער פלומפּער, יצחק קישקע, הענטעלע, טשאַרט. געווען אויך גאַנצע דינאַסטיעס: שאַפּשאַקעס, בויאָקעס, קרופּצאָקעס, יעדער אָנגעהעריקער צו אַזאַ משפּחה האָט געירשנט זיין צונאָמען.

געווען אַזעלכע, וואָס מען האָט גערופן לויט זייער פאַך, ווי ברוך בעקער, יחזקאל פאַרבער, מענדל גאָלדשמיד, פישל גאַרבער, פישל סטעלמאַך, יעקב קאָוואַל א״א.

אַזוי האָט זיך געשפּינט דאָס יידישע צוזאַמענלעבן פון די יידן אין דעם קליינעם שטעטל. דאָס לעבן האָט געשטראָמט רואיק, לאַנגזאַם, אָן אויפטרייסלונגען. דורות זיינען געקומען און דורות זיינען אַוועק. מלחמות, גרויסע היסטאָרישע געשעענישן האָבן נישט געענדערט דעם אַלטן אופן פון לעבן. יעדער האָט זיך איינגעאָרדנט זיין באַשיידן לעבן ביי זיין וואַרשטאַט אָדער מסחר, זיך אויסגעלעבט אין קרייז פון זיין משפּחה און פריינד.

יעדער אין שטעטל איז געווען באַקאַנט, יעדער האָט אונטערגעטראָגן זיין „גוט מאָרגן". ווען עס איז איינעם שלעכט געגאַנגען, אָדער ווען איינער איז געוואָרן קראַנק, איז די נייעס געוואָרן גיך באַוואוסט. הונדערטער יידן, מענער ווי פרויען, זיינען געווען באַזאָרגט, זיך אינטערעסירט, ווען נייטיק אונטערגעהאָלפן. דאָס פּריוואַטע לעבן פון יעדערן איז געווען באַקאַנט און

ביי אַ געלעגנהייט האָט מען געטריבן אַ היפּש ביסל רכילות. ס'איז געווען אַ פאַמיליאַרע אַטמאָספער.

אויף וויפל מיין זכרון וועט מיר דינען, וועל איך זיך באַמיען צו פאַרצייכענען געוויסע געשעענישן, וואָס האָבן באַאיינפלוסט די אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן ביי אונדז אין שטעטל.

דאָס יאָר 1905 איז געווען אַ צייט פון גרויסן אויפברויז אין דער רוסישער אימפעריע קעגן דעם צאַרישן רעאַקציאָנערן רעזשים און האָט אויך געלאָזט זיינע שפורן ביי אונדז אין שטעטל. אָפט זיינען געקומען פון ראָדעם אַגיטאַטאָרן און אויפגעטרעטן אין בית־המדרש אָדער אונטערן פרייען הימל מיט רעוואָלוציאָנערע רעדעס.

געווען אַ קליינע גרופּע, רעקרוטירט פון אָרעמע אַרבעטערס און האַנט־ווערקערס, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג. די יידן האָבן אויף זיי געקוקט מיט אַ בייז אויג און פיל מאָל געקומען מיט זיי אין עפנטלעכן קאָנפליקט און זיי באַצייכנט מיטן נאָמען „די שטרייקערס".

נאָכן אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטן אין רוסלאַנד, האָט מען אויך נישט פאַרגעסן אין די „שטרייקערס" ביי אונדז און זיי פאַרמשפּט צו פאַרשיידענע שטראָפן. נאָכן אָפּזיצן אין טורמעס, וואו זיי האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען ביכער און זיך צו באַגעגענען מיט פאַרשיידענע אינטעלעקטואַלן, האָבן זיי, אַהיים קומענדיק, אָרגאַניזירט די ערשטע גרופּע, וואָס האָט זיך געבונטעוועט קעגן די אַלטע פאָרמען אין יידישן לעבן ביי אונדז אין שטעטל, זיך איינגעשאַפט צייטונגען, זשורנאַלן, ביכער, זיך פאַראינטערע־סירט מיט ליטעראַטור און וויסנשאַפט.

אַזוי האָט זיך געשאַפן אַ קרייזל, וואָס איז זיך פון צייט צו צייט צוזאַמענגעקומען, דיסקוטירט פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע פראַגן, ליטעראַטור און קונסט. דאָס קרייזל איז געווען דער אָביעקט פון שנאה מצד דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג און געווען באַצייכנט ווי געפערלעכע „אַפּיקורסים".

דאָס איז געווען אין יאָר 1910־1911, ווען דער שרייבער פון די שורות, נאָך אַ יונגער בחור, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם קרייזל; אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַן אייגן קליין שטיבל אין הויף פון אונדזער פאַבריק, מיט אַ באַזונדערן איינגאַנג, אין אַ ווינקל, נישט געשטערט פון קיינעם, האָב איך אויך געהאַט אַ גרעסערע זאַמלונג פון די נייעסטע ביכער.

די מיטגלידער פון אונדזער קרייז האָבן געהאַט אינטערעס מיך אָפט צו באַזוכן און זיך אויסבאָרגן אַ ניי בוך. ס'רוב פלעגט מען זיך צוזאַמענטרעפן

אַ שבת נאָך מיטאָג, ווען יעדער איז געווען פריי, און שמועסן וועגן די איבערגעלייענטע ביכער, וועגן אונדזערע יידישע קלאַסיקערס און זייערע שאַ־פונגען. אַזוי האָט זיך פאַרבונדן אַ פריינדשאַפט. דער קרייז איז זיך מיט דער צייט פונאַנדערגעוואַקסן. יונגע מענטשן, מיידלעך און יינגלעך, פון בעל־הבתישע הייזער, האָבן בגנבה, פון קיינעם נישט באַמערקט, זיך אַריינגעשלייכט אויסצובאָרגן אַ ביכל.

אויף איינעם פון אונדזערע צוזאַמענטרעפן איז ברייט באַרירט געוואָרן די פראַגע אָנצוהייבן אַ ברייטע אויפקלער־אַקציע צווישן דער יידישער יוגנט — זי צו באַקענען מיט די מאָדערנע שטרעמונגען אין דער גרויסער וועלט, מיט די שאַפונגען פון אונדזערע און פרעמדע קלאַסיקערס, וועקן דעם דראַנג נאָך בילדונג און באַקענען מיט דער ציוויליזאַציע און קולטור, וואָס ווערן געשאַפן אין דער וועלט.

דער קולטור־ניוואָ פון דער יוגנט איז געווען זייער אַ פרימיטיווער. זייער ביסל וויסן און בילדונג האָבן זיי געקראָגן אין די חדרים און אַ קליינע צאָל אין דער שטאָטישער פאָלקשול.

איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ געהיימע ביבליאָטעק. יעדער האָט זיך פאַרפליכט אַריינצושענקען זיינע ביכער און מען זאָל זיי צוזאַמענברענגען אויף איין אָרט. דער פאַסיקסטער פלאַץ איז געווען ביי מיר. האָט מען די ביכער קאַטאַלאָגירט, סאָרטירט, נומערירט און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן, צום ערשטן מאָל ביי אונדז אין שטאָט, אַ ביבליאָטעק.

פונעם קליינעם אָפּצאָל, דורך אַריינטראָגן אַ קליינע קאָוציע פאַר אויס־באָרגן אַ בוך, זיינען געשאַפן געוואָרן די ערשטע קליינע פינאַנציעלע מיטלען איינצוקויפן נייע ביכער. אונדזער קליינע אינסטיטוציע האָט געמוזט געהאַלטן ווערן שטאַרק בסוד, עס זאָל נישט געשטערט ווערן דורך אַ מסירה.

נאָך אַ געוויסער צייט איז צו אונדז אָנגעקומען אַ בוך, אַרויסגעגעבן אין ווילנע, אונטערן נאָמען „דער יידישער ביבליאָטעקאַר״. דאָרט ווערט פּראָפּאַגאַנדירט צו גרינדן אין אַלע שטעט ביבליאָטעקן און ס׳ווערט דאָרט גלייכצייטיק אָנגעגעבן די פאָרעם פון אַ בקשה אין דער רוסישער שפּראַך צום גובערנאַטאָר פון געגעבענעם ראַיאָן, אונטערגעשריבן פון צוויי בעלי־בתים, באַזיצערס פון הייזער, וואָס אויף זייער נאָמען דאַרף אַרויסגענומען ווערן די דערלויבעניש.

די צוויי מענטשן האָבן זיך אָפּגעזוכט. דאָס זיינען געווען יחיאל דימאַנט, וואָס האָט פיינט געהאַט די חסידים, און אהרון פישער, דער שטאָטפעלדשער,

וואָס איז געווען דער איינציקער ייד אין שטאָט, וואָס איז געווען קורץ געקליידט, מיט אַ צוגעשאָרן בערדל און זיך געהאַלטן פאַר אַ מאָדערנעם פּראָגרעסיוון מענטש.

צו אונדזער איבערראַשונג, איז נאָך אַ געוויסער צייט אַזאַ דערלויבעניש אָנגעקומען. אין יענע צייטן, אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, איז דאָס געווען אַ גרויסער נצחון.

ס׳זיינען אויפגעקומען אַנדערע שוועריקייטן: קריגן אַ געהעריקן לאָקאַל, גרייטן אַ געהעריקע בוכפירונג, אויסמעבלירונג אד״גל. אונדזער קרייז, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליינער צאָל יוגנטלעכע, האָט געהאַט ענטוזיאַסטישן ווילן און אַ פאַנאַטישן גלויבן בייצוקומען אַלע שוועריקייטן, האָט אָבער נישט געהאַט קיין פינאַנציעלע מיטלען. אַלע אָנשטרענגונגען זיינען געמאַכט געוואָרן און עס איז געלונגען צו באַקומען ביי אַ פּאָליאַק צוויי גרויסע שטיבער אויפן קעלצער וועג, אַנטקעגן דער קירך. חברים סטאָליערס האָבן געמאַכט אַ שאַנק אויף די ביכער, טישן און בענק.

די ידיעה, אַז עס האָט זיך געעפנט אין שטאָט אַזאַ עפנטלעך אָרט, וואו עס קומען זיך צונויף יינגלעך און מיידלעך, וואו מען פאַרשפּרייט אַפּיקורסות, האָט זיך גיך פאַרשפּרייט און אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורעם. מען האָט געמאַכט אסיפות און דער בית־דין האָט באַשלאָסן, אַז פרייטיק־צו־נאַכטס נאָכן דאַוונען וועט מען אין שול אָדער בית־מדרש וועגן דער געשעעניש רעדן און וואָרענען די יידן וועגן דער גרויסער סכנה, וואָס עס דראָט דער יידישקייט, און אָפּצוהיטן די זין און טעכטער נישט צוקומען אין יענעם טרייפענעם אָרט און קעגן די אָנפירערס וועט מען אויסרופן אַ חרם.

דער רושם איז געווען זייער שטאַרק. אין יעדער פאַמיליע פון אונדזערע חברים האָט זיך אויפגעהויבן אַ געוואַלד קעגן אַזאַ חרפה, וואָס דראָט זיי מצד דער גאַנצער שטאָט. מען האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן דער „שרעק־לעכער געשעעניש״. דאָס שטעטל איז געווען אָנגעלאָדן מיט געוואַלדיקער שנאה קעגן די אָרגאַניזאַטאָרן, וואָס זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי פאַררעטערס און האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אומצוברענגען די יידישקייט.

אַ גרויסער טייל פון אונדזער קרייז האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר דעם שטורעם און זיך צוריקגעצויגן. געבליבן זיינען געציילטע מענטשן פעסט און אומדערשראָקן אויף זייער פּאָזיציע.

אַ דעלעגאַציע פון דריי חברים — דער שרייבער פון די שורות, בייניש טענענבוים און ירחמיאל גרינבערג — האָבן זיך געמאָלדן ביי ר׳

אלעזר מורה־הוראה און אים געגעבן צו וויסן, אַז מיר וועלן די העצע נישט פאַרשווייגן, אַז מיר וועלן זיך באַקלאָגן פאַרן אויסרופן אַ חרם, אַז אונדזער פירן די ביבליאָטעק איז מיט אַ דערלויבניש פון גובערנאַטאָר און קיינער האָט נישט קיין רעכט אונדז דערין צו שטערן. דער מורה־הוראה האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר אונדזערע דראָאונגען און זיך געפּרואווט פאַרענטפערן.

לאַנגע וואָכן איז די אַרבעט געווען אַ שוואַכע. די יוגנט איז געווען איבערגעשראָקן און זיך געהיט צו קומען מיט אונדז אין באַרירונג. ביז עס איז אויסגעבראָכן דער קריג, אין מיטן זומער פון יאָר 1914.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָבן זיך אין אונדזער שטאָט באַוויזן גרויסע מאַסן רוסישע זעלנערס. אין אונדזער ביבליאָטעק, ווי אין אַנדערע עפנטלעכע לאָקאַלן, איז געוואָרן איינגעקוואַרטירט רוסיש מיליטער. אונדזער טעטיקייט איז אַזוי אַרום געוואָרן איבערגעריסן אויף אַ לאַנגער צייט.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן אומרואיקע צייטן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. די דורכמאַרשירנדיקע רוסישע אַרמייען האָבן טעראָריזירט די ציווילע באַפעלקערונג, זיך פיינדלעך באַצויגן צו די יידן. די פּרנסות פון די יידן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. די גאַנצע עקאָנאָמיע איז געוואָרן פּאַראַליזירט. איז מען געלאָפן אין די דערפער איינהאַנדלען לעבנס־מיטל און געפירט אַן אויסטויש פון פאַרשיידענע סחורות. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דער כאַראַקטעריסטישער האַנדל פון מלחמה־צייט.

נאָך פאַרשידענע מלחמה־אָפּעראַציעס איז אונדזער שטאָט געוואָרן באַזעצט פון עסטרייכישן מיליטער. די יידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, געווען צופרידן פּטור צו ווערן פון די רוסישע סאַטראַפּן, וואָס אונטער זייער ממשלה זיינען יידן נישט געווען זיכער מיטן לעבן. עס האָבן זיך איינגעשטעלט פריינדלעכע באַציאונגען מיט דער עסטרייכישער אָקופּאַציע־מאַכט. עס האָט זיך געעפנט פאַר די יידן אַ נייע עפּאָכע פון פּאָליטישער און קולטורעלער פרייהייט. די יוגנט האָט ווידער אָנגעהויבן זיך צוזאַמענקומען. דער דראַנג צו קולטור־טעטיקייט איז געשטיגן, דער קרייז פון לייענערס איז געוואַקסן. אויף דער נאָענטסטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו קאָנסטי־טואירן ווי אַן אומפּאַרטייאישע געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „קולטורא", וואָס איר אויפגאַבע איז צו פאַרשפרייטן בילדונג און קולטור. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון: מאָטל אייזענבערג, ראובן און ישראל צוקער, בעריש און יוסף טענענבוים.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערדיקע קולטור־טעטיקייט. די צאָל מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָט זיך פאַרגרעסערט. ס'האָבן זיך רעקרו־

טירט יוגנטלעכע פון רייכערע, אָרעמע, פרומע הייזער. דער דראַנג נאָך וויסן און בילדונג איז געווען גרויס.

די ביבליאָטעק איז געווען שטאַרק טעטיק. הונדערטער לייענערס און לייענערינס האָבן אָפּט אַרויסגענומען ביכער. דער לייענזאַל, וואָס איז געווען באַזאָרגט מיט יידישע צייטונגען, זשורנאַלן און פאַרשיידענע ביכער, איז יעדן אָוונט געווען פול געפּאַקט. עס זיינען אָפּט פאַרגעקומען רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע טעמעס — פּאָליטישע, ליטעראַרישע, געזעלשאַפטלעכע — פון פרעמדע און אייגענע פרעלעגענטן. אויף די פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס האָט יעדער פריי געקענט אויסדריקן זיין מיינונג. עס זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן ליטעראַרישע אָוונטן מיט רעציטאַציעס.

ס׳איז געלונגען צו געפינען אַ גרעסערן לאָקאַל: אויפן ערשטן עטאַזש אין הויז פון ר׳ לייבוש פלאַצקעווער. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע אויסגאַבעס. דאָס אָפטע צוקויפן נייע ביכער אין די פאַרשיידענע פאַרלאַגן אין וואַרשע און אין ווילנע; דאָס דעקן די הוצאות פון פאַרשיידענע פרעלעגענטן, וואָס האָבן אונדז באַזוכט, האָבן פאַרגרעסערט אונדזערע הוצאות; און מיר זיינען געבליבן שטיין פאַר גרויסע שוועריקייטן, נישט האָבנדיק צו דעקן די לויפיקע אויסגאַבעס, כאָטש אַלע אַרבעטן אין אונדזער געזעלשאַפט זיינען געוואָרן אויסגעפירט פרייוויליק.

נאָענט פאַר פורים איז אויף אַ זיצונג פון קאָמיטעט געוואָרן באַשלאָסן: „אַרויסשיקן אום פורים אַ פּאָרל צו זאַמלען אַ ביסל געלט פאַר אונדזער געזעלשאַפט". דאָס האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אין דער גרעסטער געהיימעניש, עס זאָל קיינער זיך נישט דערוויסן וועגן דער דאָזיקער „געלט־אַקציע" אין בעל־הבתישע און חסידישע הייזער אויף אַזאַ „פיינדלעכן" צוועק. דער גורל איז אויסגעפאַלן, אַז דער שרייבער פון די שורות און ראובן צוקער זאָלן די אַקציע דורכפירן.

הערשל איינבינדער, אַ מיטגליד פון אונדזער געזעלשאַפט, איז געוואָרן אינפאָרמירט וועגן אונדזער אונטערנעמונג און ער האָט צוגעגרייט ביי מיר אין שטוב די געהעריקע מאַסקעס, הויכע, רויטע פּאַפּירענע היט, רויטע פּאַפּירענע לאַמפּאַסן, וואָס האָבן באַדאַרפט דורכקרייצן אונדזערע מלבושים, אַזוי ווי ביי די הוזאַרן.

פורים אין אונדזער שטאָט האָט געהערט צום פריילעכסטן טאָג אין יאָר, האָט אַרומגענומען אַלע שיכטן, פון דעם אָרעמסטן ביז דעם רייכסטן.

די גאַנצע שטאָט האָט זיך געגרייט צום יום־טוב, געבאַקן גרויסע סעודה־קוכנס, המן־טאַשן מיט מאָן, פאַרשיידענע זיסע געבעקסן, צוגעגרייט מאַרינירטע

הערינג, געקאָכט זכר־אַרבעס, איינגעקויפט פאַרשידענע זיסוואַרג, פאָמעראַנצן, משקאות, ציגאַרן, פאַפּיראָסן, צו באַשיינען דעם טיש לכבוד פורים און פונאַנדערשיקן שלח־מנותן. באַלד נאָך מיטאָג האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די ערשטע סימנים פון פורים־קאַרנאַוואַל; קליינע יינגלעך און מיידלעך, אָנגעטאָן אין מאַסקעס, האָבן זיך באַוויזן אין גאַס, געלאָפן אין יעדן הויז, דאָרט אויס־געזונגען די אויסגעלערנטע לידער און באַקומען זייער באַלוינונג.

די אמתע פייערונג האָט זיך אָנגעהויבן אין אָוונט, נאָך מנחה, און האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין יעדער שטוב זיינען געווען אויסגעלייגט זיסע געבעקס, צעשניטענער לעקעך, שאָקאָלאַד, ציגאַרן, פלעשלעך מיט משקאות און די צוזאַמענגעשטעלטע שלח־מנותן פאַר משפחה, פאַר פריינד, פאַר חשובע מענטשן, פאַר כלי־קודש. אין די אָוונט־שעהן, ווען עס איז געוואָרן טונקל, האָט מען אָנגעטראָפן אויף יינגלעך, יום־טובדיק אָנגעטאָן, מיט גרויסע טעלערס שלח מנות, באַדעקטע מיט ווייסע טישטעכלעך.

די גאָר גרויסע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָכן אָפּעסן די יום־טוב־סעודה. די גאַסן זיינען געוואָרן פאַרפולט מיט פאַרשטעלטע, אָנגעטאָן אין פאַרשיידענער קליידונג און מאַסקעס. איינצלנע פאַרלעך, גאַנצע גרופּעס, וואָס האָבן אויסגעפירט פאַרשטעלונגען, ווי „מכירת־יוסף שפּיל״, אָדער „קראָ־קאָווסקיע וועסעלע״. ווער עס האָט געטראָגן אַן אויסגעשטאָפּטע זרש, המנס ווייב, ווער ס׳איז געקומען מיט זיין פידל און אָפּגעשפּילט אַ פריילעכס און ווער עס האָט אָפּגעזונגען זיינע לידער.

געווען אויך יעדן פורים עטלעכע פאָרלעך פאַרמאַסקירטע, אָנשטענדיק־געקליידטע, וואָס האָבן אינטריגירט מיט זייער סודותדיקייט. די זיינען געווען שטום, פאַרלייגנדיק ביי זייער אַריינקומען אַ פּאַפּיר, וואו עס איז געווען אויפגעשריבן „אַ נייטיקע נדבה״. אַזעלכע זיינען געוואָרן גוט אויפגענומען און גוט באַהאַנדלט.

מיר האָבן באַשלאָסן אויסצוניצן דעם דאָזיקן אופן פון איינשאַפן אַ ביסל געלט צו פאַרבעסערן אונדזערע פינאַנצן.

ווען עס איז געוואָרן גוט טונקל, האָבן מיר אָנגעטאָן די פורימדיקע בגדים און פאַמעלעך, פון קיינעם נישט באַמערקט, זיך אַרויסגעשלייכט. אין גאַס אַ גרויסע באַוועגונג פון פאַרשידענע פאַרשטעלטע, פון ייִדן, וואָס האָבן זיך פאַרלעכוויז געאיילט איבער די שטיבער צו זאַמלען נדבות. מיר האָבן באַזוכט די רייכסטע שטיבער. אין יעדן הויז האָבן מיר אָנגעטראָפן די פּראַכט פון דעם שיינעם יום־טוב, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פייערלעכקייט און פריילעכקייט, באַגלייט מיט ברייטהאַרציקער פרייגיביקייט.

מיר זיינען געוואָרן גוט אויפגענומען און באַקומען שיינע נדבות. עמאַציאָנירט פון דער אַוואַנטורע, האָבן מיר שפּעט אין אָוונט פריי אָפּגעעטעמט און געווען צופרידן מיט די רעזולטאַטן.

כדי צו מאַכן געלט פאַר דער ביבליאָטעק, האָבן מיר איין מאָל דורכגעפירט אַ פאָרשטעלונג, וואָס האָט געהאַט גרויס הצלחה. דאָס האָט אונדז צוגעגעבן מוט צו שטעלן נאָך פּיעסעס פאַר דער ביבליאָטעק.

נאָך אונדזערע טעאַטראַלע דערפאָלגן איז ביי אונדז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו גרינדן אַן אַמאַטאָרן־טרופּע, צוקלייבן קרעפטן פון צווישן אונדזער יוגנט און אויפפירן גוטע ליטעראַרישע פּיעסעס. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע פאַר דעם צוועק. נאָך לאַנגע זוכענישן איז געוואָרן באַשטימט אויפצופירן די „משפחה" פון ה. ד. נאָמבערג. ראובן צוקער, אונדזער חבר און קאָמיטעט־מיטגליד, האָט געהאַט אַ גרויסע פאַרשטענדעניש פאַר דער „בינע" און איז געוואָרן באַשטימט פאַרן „רעזשיסאָר" און אָנפירער. דאָס צוקלייבן דעם געהעריקן פּערסאָנאַל איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. ניט יעדער מיידל אָדער ייִנגל, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט פאַר דער געהעריקער ראָלע, האָט געהאַט געענוג קוראַזש, אויס מורא פאַר טאַטע־מאַמע, אויפצוטרעטן עפנטלעך אויף דער בינע. אָבער מיט דער צייט איז די דאָזיקע שוועריקייט באַזייטיקט געוואָרן און אונדזער אַמאַטאָרן־גרופּע האָט אָנגעהויבן גוט פונקציאָנירן.

אַלץ איז געוואָרן זאָרגעוודיק אָרגאַניזירט און פאָרויסגעזען מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. אַ גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון חבר גערטנער, האָט געהאַט די אויפגאַבע צוצוגרייטן דעם געהעריקן רעקוויזיט אויף דער בינע: די מעבלירונג האָט געמוזט זיין צוגעפּאַסט פאַר אַ ייִדיש בעל־הבתישער שטוב, האָט מען געמוזט אויסזוכן אין פריינדלעכע שטיבער דאָס צוגעפּאַסטע מעבל פאַר דער פאָרשטעלונג, דינגען וועגעלעך און אונטער די שטעכיקע בליקן פון די ייִדן אָנלאָדן דאָס געהעריקע מעבל, באַוואַכן, אַז עס זאָל נישט געמאַכט ווערן קיין שאָדן, צופירן עס אויפן באַשטימטן פּלאַץ, אַרויפטראָגן און אַוועקשטעלן אויפן געהעריקן אָרט. מען האָט אויך געמוזט געפינען פאַרקויפערס פון בילעטן, קאָנטראָלערן ביי די טירן און אין זאַל, אַ פאַראַנטוואָרטלעכן מענטש, וואָס זאָל אויפפּאַסן הינטער דער בינע בעת דער פאָרשטעלונג, אַז יעדער זאָל אויפטרעטן אין דער געהעריקער צייט, ווער עס זאָל צו דער צייט אויפהייבן און אַרונטערלאָזן דעם פאָרהאַנג.

אין אָוונט פאַר דער פאָרשטעלונג איז געווען אַ הייליקע און געשפּאַנטע

שטימונג. יעדער אַמאַטאָר איז געווען פאַרנומען הינטער די קוליסן, ביי זיין קליידונג און גרים. ראובן צוקער איז אַרומגעלאָפן צווישן די אַמאַטאָרן, יעדן באַטראַכט און געמאַכט זיינע באַמערקונגען. צוקומענדיק צו יוסף טענענבוים, וואָס האָט געזאָלט שפּילן די ראָלע פון פאָטער פון דער משפחה, ר׳ גדליה, מאַכט ער אַ באַמערקונג, אַז ער זעט נישט אויס ווי אַ רייכער בעל־הבתישער ייד, נאָר ווי אַ טרעגער. יוסף טענענבוים, שטאַרק אויפגערעגט, רייסט אַרונטער די באָרד און שרייט, אַז ער טרעט נישט אויף און שפּילט נישט מער די ראָלע. עס האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט זיך באַרואיקט, אויף ס׳ניי גרימירט און די פאָרשטעלונג האָט זיך איבער דעם צופאַל אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג.

דער ערשטער אַקט האָט זייער אויסגענומען. דער עולם האָט נישט אויפגעהערט צו אַפּלאָדירן און די אַמאַטאָרן זיינען געווען גליקלעך. יוסף טענענבוים, שטאַרק עקזאַלטירט, האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען: „איך בין אַ צווייטער קעסלער״ און חברה אַמאַטאָרן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ פריילעכן טאַנץ אויף דער בינע, הינטער די קוליסן, אין דער צייט פון אַנטראַקט.

עטלעכע פאָרשטעלונגען זיינען אַדורך מיט גרויס הצלחה. דער מאָראַ־לישער און מאַטעריעלער דערפאָלג איז געווען גרויס און האָט געוועקט מוט און ענערגיע פאַר ווייטערדיקער אַרבעט. ס׳האָט זיך איינגעשטעלט אַן אינטענ־סיווע טעטיקייט ביים צוגרייטן און איינרעזשיסירן נייע פּיעסן, ווי „גאָט פון נקמה״ פון שלום אַש, „צעזייט און צעשפּרייט״, „מזל־טוב״ פון שלום עליכם, די איינאַקטערס פון טשעכאָוו „דער שידוך״, „דער בער״ א״אַ.

די אַמאַטאָרן־טרופּע האָט זיך פאַרגרעסערט און ביי יעדער פאָרשטעלונג האָבן זיך אַנטפּלעקט נייע קרעפטן. דאָס שפּילן איז געווען אויף אַ הויכן ניוואָ. יעדע פאָרשטעלונג איז געווען אַ געשעעניש און אַ גרויסער יום־טוב. צו אונדזערע רעפּעטיציעס האָבן מיר איינגעלאָדן דעם באַקאַנטן רעזשיסאָר פון וואַרשע מאַרק אָרנשטיין, וועלכער האָט געהאַט אַ גוטע מיינונג וועגן אונדזערע אַרבעטן.

מיר האָבן איצט געהאַט די פינאַנציעלע מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן די צאָל ביכער אַזוי, אַז זייער צאָל האָט דערגרייכט ביז צוויי טויזנט. מיר האָבן אויך געביטן אונדזער לאָקאַל, זיך איבערגעצויגן אין הויז פון יחיאל דימאַנט. דער לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף, איז געווען פּאַסיק פאַר אונדזער טעטיקייט. עס האָבן זיך שטענדיק געפונען יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך געהיטן פאַר אַ „בייז אויג״, מען זאָל נישט באַמערקן זייער שייכות מיט די אַפּיקורסים.

די באַוועגונג איז זיך צעוואַקסן. די יוגנט און פּראָגרעסיווע עלטערן האָבן זיך גרופּירט אַרום אונדזער קולטור־אינסטיטוציע. אין די אָוונטן און אין די שבתים האָבן זיי באַזוכט אונדזער לאָקאַל, ווער צו בייטן אַ בוך, ווער צו בלייבן זיצן אין לייענזאַל דורכצוקוקן די נייעסטע צייטונגען און זשורנאַלן, דורכרעדן זיך מיט באַקאַנטע וועגן די נייעסטע דערשינענע ביכער, באַזוכן די פאַרזאַמלונגען אויף פאַרשיידענע פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס.

צו יענער צייט איז געקומען די שיינע איניציאַטיוו פון אַ גרופּע יונגע פרייליינס, חברטעס פון אונדזער אָרגאַניזאַציע — פּערל צוקער, רחל ראָזענ־בערג, שרהלע אייזענבערג, חיה זילבערשטראָם — צו עפענען קורסן פאַר אָרעמע יידישע מיידלעך צו לערנען זיי שרייבן און לייענען. די דאָזיקע וויכטיקע טעטיקייט האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט. דאָס איז געווען אַ שווערע אַרבעט — געזאַמלט די מיידלעך, געגעבן די לעקציעס, אויסגעלערנט זיי שרייבן און לייענען.

צו די פּראָגרעסיווע מענטשן פון עלטערן דור ביי אונדז אין שטאָט האָט זיך פאַררעכנט פינקערט, אַ מענטש מיט אייראָפּעאישער בילדונג, דער אייגנטימער פון אַן אייזן־גיסעריי. פינקערט האָט געהאַט אַ נייגונג צו מוזיק. זיינען מיר צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן אַ כאָר אונטערן נאָמען „הזמיר״. אַ גרעסערע גרופּע פון יונגע מענער און פרויען האָבן עטלעכע מאָל אין דער וואָך, אין הויז פון פינקערטן, איינגעשטודירט זינגען יידישע פאָלקסלידער. אויף אָנצופירן מיטן כאָר און אים ברענגען אויף אַ העכער מדרגה, האָבן מיר אָנגאַזשירט דוראַמאַשקינען, אַ באַקאַנטן מוזיקער, דיריגענט און חזן, וואָס האָט צו יענער צייט געוואוינט אין ראַדעם.

דוראַמאַשקין, אַליין אַ ווילנער, אַ נידעריקער, אַ דאַרער, מיט אַ שוואַרץ שפּיציק בערדל, מיט שווערע שפּאַקולן, האָט מיט גרויס ערנסט און איבער־געגעבנקייט זיך פאַרנומען מיט זיין אַרבעט: לאַנגע וואָכן געקנעלט, געלערנט. ווען דער כאָר האָט שוין געהאַט איינגעשטודירט אַ גרעסערע צאָל פאָלקסלידער, האָבן מיר צוגעגרייט אַן עפנטלעכן קאָנצערט.

די נייעס וועגן אַזאַ פאַראַנשטאַלטונג האָט צוגעצויגן אַ גרויס פּובליקום, וואָס איז געווען נייגעריק בייצוּוואוינען דאָס ערשטע מאָל אַ קאָנצערט פון יידישן פאָלקסליד.

דער זאַל איז געווען פול באַזעצט. אויף דער בינע איז אויסגעשטעלט דער היפּשער כאָר, אין מיטן דער דיריגענט מיטן שוואַרצן פראַק. ער גיט אַ צייכן און דער זאַל אין אַלטן שלאָס ווערט פאַרהילכט פון האַרציקע יידישע פאָלקסלידער, געזונגען מיט טאַקט און האַרמאָניע.

אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן דריקט אויס די צופרידנקייט פון פּובליקום. דוראַמאַשקין און פינקערט שטראַלן פון פרייד.

נאָכן אַנטראַקט הייבט זיך ווידער אויף דער פאָרהאַנג און עס ווערט געוויזן אַן איינאַקטער פון שלום עליכם „מזל־טוב״. דער עולם לאַכט האַרציק. בכלל טראָגט דער אָוונט אַ האַרציק־יידישן פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער און וועקט ליבשאַפט צו אַלץ, וואָס איז יידיש.

עס לויפן טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן. די גרויסע וועלט ברויזט מיט גרויסע געשעענישן. עס ווערן רייף פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן דעצידירן וועגן גרויסע ענדערונגען אין דער וועלט. מעכטיקע אימפּעריעס דראָט אונטער־גאַנג. קליינע פעלקער זאָלן באַקומען זייער אומאָפּהענגיקייט. אַלטע איינגעפונ־דעוועטע רעזשימען פאַלן. רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. די באַלפור־דעקלאַראַציע וועגן שאַפן אַ היים פאַרן יידישן פאָלק אין א״י וועקט ביי די יידן גרויסע האָפענונגען און פאַראינטערעסירונג מיט פּאָליטישע געשעענישן. דער פאַר־גליווערטער טראַדיציאָנעלער שטייגער לעבן ווערט אויפגעברויזט. די יידן ווערן מיטגעריסן און פאַראינטערעסירט מיט די נייע שטרעמונגען און זאַמלען זיך אַרום די נייע פּאַרטייען, וואָס קומען אויף אין אונדזער שטאָט. פון וואַרשע קומען אָפּט פּאָליטישע שליחים, האַלטן אָפּ פאַרזאַמלונגען, אָרגאַניזירן פּאַרטייען און ריכטונגען.

אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער „קולטוראַ״ ווערט אָנגענומען אַ פאָרשלאַג זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַן אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע. אַזוי אַרום פאַרלירט די „קולטוראַ״ איר ביז איצטיקן אומפּאַרטייאישן כאַראַקטער און ווערט אַ פּאָליטישע אינסטיטוציע. אַ צאָל וויכטיקע מיט־אַרבעטערס פאַרלאָזן אונדזערע רייען צוליב זייער קעגנערשאַפט צום ציוניזם.

דער גאַנצער יוגנטלעכער ברען אונדזערער איז געוואָרן געווידמעט דער ציוניסטישער טעטיקייט. און אַרבעט איז געווען אַ סך: אויפהאַלטן די נאָרמאַלע טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק, פאַרלייענישן און חברישע שמועסן יעדן שבת, העלפן אָרגאַניזירן און דערציען אַ יוגנט פאַר חלוצים, דורכפירן זאַמלונגען פאַר די ציוניסטישע פאָנדן „קרן־קימת״ און „קרן היסוד״, אָנטייל־נעמען אין דער פּאָליטישער אַרבעט.

די פּאָליטישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע אין פּוילן האָט פאַרלאַנגט פון אונדז גרויסע אָנשטרענגונגען: אָנטיילנעמען אין די קהילות, וואָס האָבן זיך דעמאָלט צום ערשטן מאָל אָרגאַניזירט אויף דעמאָקראַטישע יסודות; אַריינדרינגען אין די שטאָטראַטן; פירן די וואַל־קאַמפּאַניעס צו די פּוילישע סיימען.

צו יענער צייט איז אויך אַנטשטאַנען אַ „מזרחי״, אונטער דער אָנפירונג פון ירחמיאל חיים בליזשינסקי, און האָט אַרום זיך גרופּירט אַ גרויסע צאָל עלטערע מענטשן — בעלי־בתים, בעלי־מלאכות, קליינע סוחרים און סתם עמך־יידן, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיטן ציוניסטישן רעיון און זיינען געווען פיינדלעך געשטימט קעגן די חסידישע בעלי־יחסנים, וואָס האָבן ביז איצט דאָמינירט אין יידישן לעבן.

עס איז אויך געווען טעטיק אַ גרופּע יוגנטלעכע, אָנהענגערס פון זשאַבאָטינסקיס פּאָליטישע אידעען, אונטערן נאָמען „ביתר״.

עס האָט זיך אויך פאָרמירט אַ שטאַרקע באַוועגונג פון „בונד״, וואָס האָט אַרום זיך געזאַמלט אַרבעטערס און האַנטווערקערס, געשאַפן אַן אייגענע ביבליאָטעק, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָנגעפירט שטרייקן, אָרגאַניזירט לעקציעס און אַנטוויקלט אַ טעטיקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן אָנזען אין שטאָט.

די אָרטאָדאָקסישע פרומע קרייזן האָבן זיך אָרגאַניזירט אין „אגודת־ישראל״. זיי זיינען געווען אין אונדזער שטאָט אַ שטאַרקער כוח. צו דער פּאַרטיי האָבן געהערט די השפּעהדיקסטע יידן, חסידישע יידן, לומדים, וואָס האָבן שטענדיק באַאיינפלוסט אַלע רעליגיעזע ענינים און גענאָסן פון גרויס רעספּעקט ביי די יידישע מאַסן.

דאָס איבערנעמען דעם מאַנדאַט פון ארץ־ישראל דורך ענגלאַנד, דאָס פאַרעפנטלעכן די באַלפור־דעקלאַראַציע וועגן שאַפן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַר יידן אין ארץ־ישראל, דאָס באַשטימען אַ ייד פאַרן הויך־קאָמיסאַר — האָט אויפגערודערט די יידישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט און אויך ביי אונדז אין שטאָט אַרויסגערופן גרויס התלהבות. די צייטונגען זיינען געווען פול מיט ידיעות און באַגייסטערטע אַרטיקלען, וואָס האָבן געוועקט האָפענונגען אויף גרויסע היסטאָרישע מעגלעכקייטן פאַרן יידישן פאָלק. מאַקס נאָרדוי פאַר־עפנטלעכט אַ פּאַטעטישן רוף צום יידישן פאָלק צו שאַפן די געהעריקע פינאַנציעלע מיטלען אויסצוהאַלטן אַן אַרמיי פון פינף הונדערט טויזנט יידן, וואָס זאָלן גלייך עמיגרירן קיין ארץ־ישראל און זיך דאָרט באַזעצן.

ל״ג בעומר איז געוואָרן באַשטימט ווי דער טאָג, ווען אַלע יידן דאַרפן איינאָרדנען עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס און פאַרזאַמלונגען צו פייערן די גרויסע היסטאָרישע געשעעניש: דער אָנהייב פון דער פאַרווירקלעכונג פון לאַנגיאָריקע האָפענונגען פון יידישן פאָלק צוריקצוקומען אין זיין אייגן לאַנד.

אימפּאָזאַנט איז געווען דאָס בילד, ווי די גרויסע שול איז געווען איבערפולט אין אַ געוויינטלעך־וואָכעדיקן אַרבעטסטאָג מיט יידן פון פאַר־שיידענע קלאַסן, פרומע און נישט־פרומע, פרויען און מיידלעך, יונגע און אַלטע.

איבער די גאַסן האָט זיך געצויגן אַ פּראָצעסיע פון די תלמידים פון חדר „המזרחי" און אָנגעקומען אין שול אַריין; יעדער יינגל האָט געטראָגן אַ ווייס־בלוי פענדל, אַדורכגעגאַנגען דורכן עולם און זיך אויסגעשטעלט מיט די פענדלעך אויפן באַלעמער. דער חזן מיטן כאָר האָבן געזונגען די געהעריקע תפילות. ירחמיאל־מאיר בליזשינסקי און בונעם אָפּאָטאָווסקי האָבן אין זייערע רעדעס אָנגעוויזן אויפן באַטייט פון דער היינטיקער פייערונג. עלטערע פרומע יידן האָבן זיך צעוויינט פון גרויס גערירטקייט.

עס איז אויפגעקומען די פּוילישע מלוכה. יידן, ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגערס, האָבן זיך געגרייט אויסצואווילן זייערע פאָרשטייערס אין פּוילישן סיים. די אָנפירונג פון יעדער פּאַרטיי האָט פאַרעפנטלעכט איר פּראָגראַם צו פאַרטיידיקן די רעכט פון די יידן אין פּוילן.

די וואַלן צום סיים זיינען געווען זייער פאַרביסן. יעדע וואַלאַקציע האָט אויפגעוועקט ביזן טיפסטן די יידישע באַפעלקערונג. עס האָבן זיך צעשפּילט די ליידנשאַפטן און אַמביציעס דורכצוזעצן דעם געוואונטשענעם נצחון. אַ ברייטע אויפקלער־אַקציע איז געוואָרן דורך אונדז דורכגעפירט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. מיר האָבן איינגעאָרדנט עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, וואו עס זיינען אַרויסגעטראָטן אייגענע און פרעמדע רעדנערס און געפירט שאַרפע פּאָלעמיקעס מיט אונדזערע קעגנערס.

דער וואַלקאַמף אויף דער יידישער גאַס איז געפירט געוואָרן צווישן די ציוניסטן און אגודה מיט גרויס עקשנות. מיר האָבן מאָביליזירט אַ גרויסע מחנה פון פלינקע ענערגישע חברה־לייט, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט באַזוכן יעדע שטוב און אַגיטירן פאַרן ציוניסטישן וואַלצעטל.

די פיל טעטיקייטן, פּאָליטישע און קולטורעלע, האָבן צו ביסלעך געענדערט דעם אויסזען פון דער שטאָט און איר צוגעגעבן אַ נייעם קאָלאָריט.

ביי שלמה אייזענבערג אין הויז האָט זיך געעפנט אַ קינאָ, וואו עס זיינען געוויזן געוואָרן בעסערע פילמען און פון צייט צו צייט טעאַטער־פאָרשטעלונגען און עס זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן לעקציעס. אַזוי זיינען ביי אונדז אויפגעטרעטן זרובבל, מעדעם, שיפּער, א. מ. ווייסענבערג, יואל מאַסטבוים, אברהם רעוואוצקי. יצחק קאַמינסקי מיט זיין טרופּע, זיגמונט און יאָנאַס טורקאָוו האָבן געשפּילט יידיש טעאַטער. דעם גרעסטן אָנזען האָט אַרויסגערופן ביי אונדז אין שטאָט דער באַזוך פון יצחק גרינבוים, דעם דעמאָלטיקן קעמפער פאַר יידישע רעכט אין פּוילן. אַרום זיין נאָמען זיינען געפירט געוואָרן אַ סך פאַרביסענע וואַלשלאַכטן. ער איז געווען זייער פּאָפּולער ביי דער יידישער באַפעלקערונג.

ביי פינקערטן אין דער אייזן־פאַבריק האָט מען צוגעגרייט אַ גרויסן זאַל, וואָס זאָל אַריינגעמען דעם גרויסן עולם. דער שרייבער פון די שורות און חבר אברהם שיע צעלינסקי זיינען אַריינגעפּאָרן קיין ראַדעם, וואו גרינבוים האָט זיך באַטייליקט אין אַ קאָנפערענץ. אין אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען אין שידלאָווצע מיטן חשובן גאַסט, אין באַגלייטונג פון ראַדעמער חברים.

גרינבוים האָט געהאַט אַ קעניגלעכן אויפנעם. די גאַסן זיינען געווען פול מיט מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעוואַרט דעם אויטאָבוס, מיט וועלכן גרינבוים און זיין סוויטע זיינען אָנגעקומען, און זיי געמאַכט רוישנדיקע אָוואַציעס.

ביי די וואַלן צום שטאָטראַט זיינען אויף פערצן יידישע ראַטמענער אויסגעוויילט געוואָרן דריי ציוניסטן: דער שרייבער פון די שורות, ירחמיאל גרינבערג און פינקערט. אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון פיר און צוואַנציק האָבן די יידן געהאַט אַ מערהייט. דער פּאָוויאַט אין קאָנסק האָט אַזוי מאַנעוו־רירט, אַז צו דער שטאָט זאָלן ווערן פאַררעכנט איניקע נאָענט־ליגנדיקע דערפער און אַזוי אַרום אָפּשוואַכן און פאַרקלענערן די גרויסע מערהייט יידישע שטימען.

ביי דער נאָענטסטער פאַרזאַמלונג פון די ניי־אויסגעוויילטע ראַטמענער אויסצוקלייבן אַ פאַרוואַלטונג פון בירגער־מייסטער, וויצעבירגער־מייסטער און צוויי לאַווניקעס, האָבן די יידן געשטימט פאַר אַ ליסטע, וואָס שטעלט אַרויס פינקערטן פאַרן וויצע בירגער־מייסטער און אין לאַווניק אַ ייד, אַזוי אַז אויף פיר מיטגלידער פון מאַגיסטראַט זאָלן זיין צוויי יידן. די פּוילישע ראַטמענער זיינען געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט איבער דעם רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג און געגומען פירן ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס מיט די יידישע ראַטמענער, אַז זיי קאָנען נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אין אַ פּוילישער שטאָט זאָל אויס־געוויילט ווערן אַ ייד ווי וויצעבירגער־מייסטער. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין אָט דער שטעלונג זיינען געווען אייניק אַלע פּוילישע ראַטמענער פון נאַראָדאָווצעס, סאָציאַליסטן און צוויי קאָמוניסטן.

די וואַלן זיינען נישט געוואָרן באַשטעטיקט דורך דעם פּאָוויאַט. די ראַטמענער זיינען זיך ווידער צונויפגעקומען דורכצופירן נייע וואַלן פון אַ שטאָטראַט. די דעבאַטעס — שטורמישע. די יידישע ראַטמענער גיבן צו פאַרשטיין, אַז די יידן, ווי די גרויסע מערהייט פון שטאָט, טראָגן דעם גרעסטן טייל לאַסטן, דעריבער האָבן זיי די רעכט צו האָבן אַ יידישן וויצעבירגער־מייסטער. עס קומט צו אַן אָפּשטימונג און ווידער דער זעלביקער רעזולטאַט. די פּוילישע ראַטמענער ווילן נישט נאָכגעבן און דער פּאָוויאַט אַנולירט דעם רעזולטאַט פון די וואַלן.

ווידער נייע פאַרזאַמלונגען און היציקע דיסקוסיעס. די ידישע ראַט־מענער האַלטן זיך פעסט ביי זייער פאָדערונג און שטימען געאייניקט אויף אַ ליסטע, וואו פינקערט ווערט אויסגעוויילט ווי וויצעבירגער־מייסטער. אין צווישן איז אָראָפּגעקומען פון פאָוויאַט צו אונדז אַ הויכער באַאַמטער, צונויפ־גערופן די יידישע ראַטמענער און געפּרואווט ווירקן אויף זיי זיך אָפּצוזאָגן פון זייער שטעלונג. די יידן זיינען אָבער געבליבן פעסט ביי זייער מיינונג.

ווידער זיינען פאָרגעקומען שטורמישע זיצונגען, לאַנגע דיסקוסיעס מיט די פוילישע ראַטמענער און ווידער וואַלן, וואָס האָבן געגעבן דעם זעלביקן רעזולטאַט. אַלע פוילישע ראַטמענער האָבן זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע און דער שטאָטראַט איז געוואָרן אויפגעלייזט.

די אַנטיסעמיטישע שטימונג אין פוילן פאַרשטאַרקט זיך, נעמט אַרום וואָס ברייטערע קרייזן פון פוילישן פאָלק. די פּאָליטישע פּאַרטייען קאָנקורירן צווישן זיך מיט פּראָפּאַגאַנדירן יידן־האַס.

ס'האָט זיך געשאַפן אַ מאַסן־פּסיכאָז פון יידן־שנאה. די מלוכה האָט אָנגעהויבן פירן אַ פּאָליטיק, וואָס האָט רואינירט דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן.

די אָרעמקייט אויף דער יידישער גאַס וואַקסט. די קאָנקורענץ איז גרויס. סוחרים פאַרקויפן זייערע סחורות מיט היזק. באַנקראָטן זיינען אַן אָפטע דערשיינונג. יידישע אַרבעטערס און האַנטווערקערס אַרבעטן פאַר הונגער־לוינען. צו הילף דעם יידישן סוחר, האַנטווערקער און קליינעם פאַבריקאַנט איז געקומען די איניציאַטיוו צו גרינדן אַ „קאָאָפּעראַטיווע באַנק" אונטערן נאָמען „באַנק לודאָווי" (פאָלקסבאַנק), וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו טיילן הלוואות און געבן פאַרשיידענע קרעדיטן. די געגרינדעטע „באַנק" האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַ ניצלעכער אינסטיטוציע, האָט זיך דערוואָרבן אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער און אויך גרויס פּאָפּולאַריטעט.

נאָך אַ קורצער טעטיקייט פון דער „באַנק לודאָווי" זיינען אין דער אָנפירונג פאָרגעקומען שטרייטן. עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, אַז די באַנק זאָל פירן איר טעטיקייט צו העלפן נאָר די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער, נישט מאַכן קיין ספּעקולאַציעס, וואָס באַדראָען איר עקסיסטענץ. די שטרייטי־קייטן האָבן געהאַט אַן אָפּקלאַנג אויף דער נאָענטסטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. נאָך לאַנגע דיסקוסיעס זיינען ווידער אויסגעוויילט געוואָרן די מענטשן אין דער אָנפירונג, וואָס האָבן פאַרטיידיקט פּערזענלעכע אינטערעסן.

אַ גרופּע מיטגלידער זיינען אַרויסגעטראָטן און געגרינדעט אַ נייע קאָאָפּעראַטיווע באַנק אונטערן נאָמען „באַנק קופּיעצקי" (האַנדלסבאַנק).

אַזוי האָבן פונקציאָנירט ביי אונדז אין שטאָט צוויי יידישע בענק אוןביידע האָבן געהאַט אַרבעט. דער הונגער נאָך קרעדיטן איז געווען גרויס. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט געלעבט פון האַנדל און פאַבריקאַציע.

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד זיינען די עקאָנאָמישע צרות פאַרשטופּט געוואָרן אויפן צווייטן אָרט. דעם אייבנאָן האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען די זאָרגן פאַרן פשוטן קיום. אין מיטן 1939 האָט די דאָזיקע זאָרג דערגרייכט דעם הויכפּונקט, ווייל די לופט האָט אַלץ מערער געגומען שמעקן מיט פּולווער. און גאָר גיך — סוף אויגוסט 1939 — האָט דער פּולווער אויפגעריסן: היטלער איז באַפאַלן פוילן.

די בהלה פון די יידן איז געוואָרן שרעקלעך. אָבער קיינער פון אונדז האָט זיך דעמאָלט ניט פאָרגעשטעלט וואָס פאַר אַן אכזריותדיקן גורל דער נאַציישער מערדער האָט צוגעגרייט פאַר די יידן.

**ה. וואָלאָפּסקי**

# קינדער־יאָרן אין שידלאָווצע

איך האָבן אָנגעהויבן שרייבן די דאָזיקע זכרונות, בעת איך האָב זיך געפונען אין מיאַמי, פלאָרידע. דאָ, אין לאַנד פון שטענדיקן זומער, דערפילט מען מיט גאָר באַזונדערן ווייטיק דעם אייגענעם האַרבסט און עס גיט מיר דעריבער אַ גאָר באַזונדערע באַפרידיקונג צוריקצוגיין מיט מיין זכרון צום פרילינג פון מיין לעבן — דאָרט, אין דעם קליינעם שטעטל שידלאָווצע, וואָס איז איצט חרוב, ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין פוילן. איך וויל אָבער מיט אַלע מעגלעכקייטן פאַרגעסן זיך און אַוועקגיין מיט מיינע געדאַנקען צוריק אין אַמאָליקן רואיקן און פרידלעכן שטעטל מיט זיין פרום־פּאַטריאַרכאַלישן לעבן־שטייגער.

ווען איך בין קוים אַלט געוואָרן דריי מיט אַ האַלב יאָר, האָט מיין מאַמע מיך געבראַכט אין ערשטן חדר, איינגעהילט אין מיין פאָטערס טלית, און דער רבי, לייביש מעגע האָט מען אים גערופן, האָט מיר געוויזן אַן אַלף

מיט אַ בית. דערביי זיינען אויפן סידור אַרויפגעפּאַלן עטלעכע ראָזשינקעס מיט מאַנדלען און געהייסן האָט עס, אַז דער מלאך האָט מיר דאָס אַרונטער־געוואָרפן ווי אַ מתנה פאַרן קומען אין חדר.

מיין מאַמע איז דאַן אַוועק פון חדר מיט טרערן פון שמחה אין אירע אויגן, אַז זי האָט דערלעבט דאָס יינגסטע קינד צו ברענגען אין חדר צו לערנען תורה. און גלייך ווי מיין מאַמע האָט פאַרלאָזט דעם חדר, האָט מען מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ברעט, וואָס איז געלעגן אויפן דיל, דאָרט וואו אַלע חדר־יינגלעך אין מיינע יאָרן האָבן פאַרבראַכט גאַנצע טעג, ביז דער באַהעלפער האָט אונדז אין אָוונט געבראַכט אַהיים.

עס האָט מיר לאַנג נישט גענומען צו באַקענען זיך מיטן חדר־רעזשים. גלייך ווי מיין מאַמע איז אַוועק, האָב איך געזען ווי דער רבי האָט אַריבער־געלייגט אַ יינגל און אים געשמיסן מיט אַ קאַנטשיק, ווייל ער האָט ניט געדענקט, וואָס מען האָט מיט אים געלערנט. אָט די סצענע געדענק איך נאָך גאַנץ קלאָר, און ווען דער רבי האָט מיך שפּעטער צוגענומען צום אַלף־בית, האָט ער מיר באַלד דערקלערט: „אָט זעסטו, יינגעלע, ווי מען שמייסט קינדער, וואָס געדענקען ניט וואָס מען לערנט מיט זיי? טאָ געדענק זשע, אַז דו וועסט אויך כאַפּן שמיץ". איך האָב זיך גלייך צעוויינט און טאַקע מורא געקראָגן פאַר מיין ערשטן רבין.

דעם צווייטן טאָג האָב איך שוין קיין חשק ניט געהאַט צו גיין אין חדר. אָבער דער באַהעלפער האָט מיך שוין גענומען מיט געוואַלד, און קומענדיק אין חדר מיט אַ געוויין, האָב איך גלייך פאַרזוכט דעם ערשטן קאַנטשיק. „דאָס איז פאַר אַ יינגעלע, וואָס וויל ניט גיין אין חדר", האָט דער רבי געזאָגט.

איך האָב לאַנג אין דעם דרדקי־חדר ניט געלערנט. אַ פּנים, איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם שטרענגן רבין מיט זיין קאַנטשיק און האָב די תורה פון עברי זאָגן שנעל אויפגעכאַפּט. אויפן צווייטן זמן בין איך שוין אַריבער צו אַ חומש־מלמד, נאָך איידער איך האָב דערגרייכט דעם „בן חמש שנים למקרא".

אָבער דער נייער רבי מיינער, וועמען מען האָט גערופן משה שוחט, כאָטש קיין שוחט איז ער קיין מאָל ניט געווען, איז ניט געווען בעסער פון דעם פריערדיקן. מען האָט דערציילט, אַז אַ מאָל האָט ער געכאַפּט אַ מעסער צו קוילען זיין ווייב, און דערפאַר האָט מען אים געגעבן דעם צונאָמען „שוחט". נאָך אַ סיבה פאַר דעם נאָמען איז געווען דאָס, וואָס ער האָט זיינע תלמידים

געממיתט און די תלמידים האָבן שוין פּאָפּולער געמאַכט זיין ביינאָמען „שוחט״, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען ביז צום קבר.

אַט דער משהלע שוחט איז געווען אַ פּשוטער סאַדיסט. זיין בעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו שמייסן קינדער, דווקא מיט די הענט אויפן הוילן „זייט מיר מוחל״. עס האָט ניט געמוזט דווקא זיין פאַר וואָס. דאָס שמייסן איז זיך געווען אַ ציל פאַר זיך אַליין.

אויך אין דעם חדר האָב איך לאַנג ניט פאַרבראַכט. נאָר בין איבער־געגאַנגען צו אַ צווייטן חומש־מלמד, וועלכער האָט דווקא מיר צוגעטיילט כבוד און מיך אַרויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע תלמידים. ער האָט מיר אַפּילו איבערגעגעבן די אַרבעט פון איינחזרן מיט זיי די חומש־רש״י.

איין שעה אין טאָג האָט מען געלערנט ביי אַ ידישן לערער, וועלכער האָט שפּעטער אַליין געעפנט אַ „חדר מתוקן״ (מאָדערנעם חדר), וואו מען האָט געלערנט תנ״ך אָן קאָנטשיקעס. אָבער דער לערער האָט לאַנג ניט געקענט עקסיסטירן. די מלמדים האָבן אויף אים אויסגעטראַכט, אַז ער שטעלט אויף משומדים, ניט קיין ידישע קינדער, און איך בין געווען דער ערשטער תלמיד, וואָס האָב אים געמוזט פאַרלאָזן, אָבער מיט טרערן אין די אויגן פאַר רחמנות אויפן לערער און אויף מיר אַליין. מיין פאָטער האָט פאַרנומען דעם אָמט פון „קאַזיאָני ראַבינער״. איך זאָג „פאַרנומען דעם אָמט״, ווייל ביי אונדז איז קיין פאַקטישער „קאַזיאָני ראַבינער״ ניט געווען, אָבער מיין פאָטער האָט געטאָן די אַרבעט פון אַזעלכן און אים האָט ניט געפּאַסט צו לאָזן זיין קינד אין אַ חדר, וואָס מען זאָגט אויפן רבין, אַז ער שטעלט אויף משומדים. איך בין איבערגעגאַנגען צו מיין פינפטן רבין, אַ גמרא מלמד, וואָס מען האָט אים גערופן ר׳ חיים גאָנער.

דער ר׳ חיים איז געווען אַ זעלטענער טיפּ. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און דערצו אויך געקענט שרייבן לשון קודש, דעריבער האָט ער געשריבן פאַר די ווייבער די קוויטלעך צום רבין און צו דער זעלבער צייט אויך געשריבן אַלע ענגלישע און רוסישע אַדרעסן אויף בריוו.

אַ ווייב האָט ער געהאַט, האָט זי געהייסן שעווע און מען האָט זי גערופן „שעווע ר׳ חיים גאָנערס״. זי איז שוין געווען די אמתע „אשת חיל״. זי האָט איר מאַן אַזוי געפּייניקט, אַז עס איז אונדז, קינדער, פּשוט געווען אַ רחמנות אויפן רבין, ווען מיר האָבן באמת ליב געהאַט. גערופן האָט מען אים „גאָנער״, ווייל ביי זיין ווייב, וועלכע האָט צוגעהאַנדלט מיט עופות אויפן מאַרק, איז אַ מאָל אַנטלאָפן אַ גאָנער, האָט זי אַריינגעקלאַפּט צום

רבין דורכן פענצטער: „חיים, חיים, אַ קלאָג אויף דיר, לויף כאַפּ דעם גאָנער!" זינט דאַן האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „גאָנער".

אַ געוויסן עפּיזאָד מיט אָט דעם רבין וויל איך דאָ דערציילן:

ווי אַ חדר־ייִנגל האָב איך זייער חשק געהאַט צו בלאָזן שופר, אַזוי אַז מיין קאָפּיקע, וואָס איך האָב געקראָגן טעגלעך, פלעג איך חודש אלול אַוועק געבן דעם שמש, אַז ער זאָל מיך דערלויבן אין פּאָליש צו פּראַקטיצירן מיטן שופר. איך האָב שוין מיטן שופר געקענט באַוויזן אַזעלכע קונצן, אַז איך האָב געבלאָזן מיט צוויי שופרות מיט אַ מאָל און אַדורכגעבלאָזן אַלע תקיעות אָן אָפּשטעל.

איין מאָל, באַווייזנדיק חכמות מיט די צוויי שופרות, האָט זיך אַרום מיר אַרומגעשטעלט אַ חברה. איך קוק זיך אום: מיין רבי שטייט אויך און באַוואונדערט מיין קונסט... איך האָב גיך אַוועקגעגעבן דעם שמש די שופרות און בין געבליבן אַ פאַרשעמטער פאַר מיין רבין, אָבער מיין רבי האָט מיר געגעבן אַ גלעט איבערן קאָפּ און געזאָגט: „הירשל, דו וועסט אויסוואַקסן אַ זעלטענער בעל־תוקע, דערפאַר קום שבת נאָכן שלאָף אין חדר, וועל איך מיט דיר לערנען די הלכות שופר.

איך בין דאַן אַהיימגעגאַנגען פון בית המדרש און דערציילט מיין גרויסע שמחה מיין מאַמען. עפּעס אַ קלייניקייט, דער רבי זאָגט, אַז איך וועל זיין אַ זעלטענער בעל־תוקע און ער הייסט מיך שבת ביי טאָג קומען אין חדר, כדי מיט מיר צו לערנען הלכות שופר. און דעם ערשטן שבת־נאָכמיטאָג בין איך מיט גרויס שמחה אַוועק אין חדר.

צום חדר האָט מען געדאַרפט גיין אַ באַרג אַרויף. קומענדיק צום באַרג, דערזע איך אַ גאַנצן זעקסער (דריי קאָפּיקעס) ליגן אויף דער ערד, וואָס האָט ביי מיר געמיינט פשוט אַ פאַרמעגן. די ערשטע מינוט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַ מלאך האָט מיר דאָס צוגעוואָרפן פאַר מיין אַוועקגעבן דעם שמש די קאָפּיקע יעדן טאָג, אָבער באַלד האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס איז שבת, און חודש אלול, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט, און דאָ גיי איך אין חדר לערנען די הלכות שופר. דער רבי זאָגט, אַז איך וועל זיין אַ זעלטענער בעל־תוקע, איז ווי קען איך דאָס מחלל שבת זיין צוליב דריי קאָפּיקעס? שטיי איך מיטן פוס אויף דער מטבע און טראַכט, אַז דאָס האָט מסתמא דער שטן מיך געוואָלט כאַפּן אין זיין נעץ און ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר געלט. איך באַשליס שוין דעם שטן בייצוקומען און אַרויפלויפן אין חדר, אָבער באַלד טראַכט איך צוריק: אפשר וואָלט רעכט געווען, אַז איך זאָל טאַקע דעם זעקסער אויפהייבן, נאָר מנדר צו זיין צו געבן איין קאָפּיקע צדקה, וועט

דאָס מכפּר זיין פאַר דעם חילול שבת? אָבער דאָס געפעלט מיר אויך ניט, ווייל טאָן אַ מצוה מיט אַן עבירה איז ניט פּאַסיק פאַר אַ צוקונפטיקן בעל־תוקע! בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן: איך וועל מיט מיין פוס צושאַרן דעם זעקסער ביז פאַרן רבינס פענצטער, דאָרט וועל איך אַרויפליייגן אַ שטיין און נאָך מעריב וועל איך צוריקקומען און נעמען דעם אוצר. איך האָב מיך גוט אָנגעמאַטערט, שאַרנדיק מיט די פיס באַרג אַרויף, ביז איך האָב דער־גרייכט מיין ציל און פאַרדעקט דעם אוצר מיט אַ שטיין און אַ פאַרשוויצטער אַריינגעקומען אין חדר.

ווען דער רבי האָט מיך געפרעגט, וואָס איך בין אַזוי שטאַרק דערשוויצט, האָב איך אים דערציילט דעם גאַנצן אמת. ער האָט בלויז באַמערקט: מסתמא ווען דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו קליגער ווערן.

איך האָב אָפּגעלערנט עטלעכע זייטן שלחן־ערוך וועגן תקיעת־שופר, דאַן אַוועק אין בית המדרש און מיט אומגעדולד געוואַרט ביז איבער מעריב און שנעל אַוועקגעלאָפן נאָך מיין „אוצר", אָבער „הילד איננו", דער אוצר איז ניטאָ. דאַן בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז באמת איז דאָס טאַקע נאָר געווען אַ שפּיצל פון שטן, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר געלט, כדי מיך אַריינצוקריגן אין זיין נעץ. אַ פאַרזאָרגטער בין איך געגאַנגען אַהיים.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און שוין געזען די וועלט מיט אַנדערע אויגן, האָב איך אָפּט מאָל זיך דערמאָנט וועגן דעם זעקסער און געקלערט, וואו ער האָט געקענט אַהינקומען. ערשט פאַר מיין אָפּפאָרן קיין קאַנאַדע, ווען איך בין געקומען אין מיין שטעטל זיך געזעגענען מיט מיין פאַמיליע און אַריינגעקומען צו מיין באַליבטן רבין, וועלכער איז דאַן שוין געווען איבער שמונים, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך געדענק די מעשה מיטן זעקסער. „יאָ", האָב איך געזאָגט, „אָבער איך וואונדער זיך נאָך אַלץ, וואו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן". דער רבי האָט זיך צעלאַכט און מיר געזאָגט: „פאַרשטייסטו, איך בין דיין רבי און איך האָב דיר ניט געקענט זאָגן, אַז דו האָסט געמעגט אויפהייבן דעם זעקסער, דעריבער האָב איך דיר געזאָגט, אַז דו וועסט קליגער ווערן, ווען דו וועסט אין אָוונט דעם זעקסער ניט געפינען, און גלייך ווי דו ביסט אַוועק פון חדר, האָב איך אים פון זיין באַהאַלטעניש אַרויסגענומען". עס איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן, אַז דער רבי איז גאָר געווען די סיבה און איך האָב פאַר אַ צייט גאָר חושד געווען דעם שטן...

## דאָס אַמאָליקע שטייגער לעבן

דער דעמאָלסדיקער רב ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ גרויסער למדן, אָבער אין וועלטזאַכן איז ער געווען אַ בטלן. האָט ער זיך בלויז געדאַרפט טיטולירן מיט דעם וואָרט „תלמיד”, אָבער אויסלאָזן די צווייטע העלפט, ווייל פון אַ חכם איז ער געווען גאָר ווייט.

ווי אַ קינד פלעג איך אַריינגיין צום רב אין הויז, ווי אַ חבר פון זיינעם




2 בילדער פון שידלאָווצער מאַרק אין ערשטן וועלטקריג



אַ יינגל און האָב איין מאָל דאָרטן בייגעוואוינט אַ דין־תורה. איך געדענק, ווי איין ייד האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט ביים צווייטן בעל־דין געקויפט אַ פעסל מיט עפּל, אָבער ער האָט געפונען בלויז אַ האַלב פעסל עפּל, בעת די צווייטע העלפט, די אונטערשטע, איז געווען אָנגעפילט מיט פּאַפּיר און צווייגעלך פון ביימער.

דער פאַרקויפער טענהט, אַז ער האָט דעם קויפער געזאָגט, אַז ער פאַרקויפט אים נאָר צוויי דריטל פונעם פאַס עפּל, ווייל אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין קלענער פעסל, האָט ער אין דעם גרויסן פעסל אַריינגעלייגט אַ ביסל פּאַפּיר מיט צווייגלעך, כדי די עפּל זאָלן ניט קאַליע ווערן.

דער רב האָט אַ צייט געקנייטשט דעם שטערן. דאַן האָט ער געזאָגט, אַז ער קען עס ניט פאַרשטיין, סיידן מען זאָל אים אַרויסברענגען די עפּל מיט די פּאַפּירן און צווייגן און אים ווייזן, וואָס דאָס מיינט.

איך, דאָס קינד, האָט געזאָגט צו מיין חבר: „דיין טאַטע איז אַ בטלן. די עפּל זענען דאָך שוין פאַרקויפט און בײדע טענהען, אַז עס האָט געפעלט אַ דריטל עפּל, טאָ צו וואָס שלעפּן דאָס פעסל מיט דעם פּאַפּיר און די צווייגן אַהער אויבן?" מיין חבר האָט מיר געענטפערט: „ווען דו וועסט קענען אַזוי פיל לערנען ווי מיין פאָטער, וועסטו אפשר קענען פאַרשטיין וואָס ער מיינט דערמיט".

דער פסק איז געווען, אַז דער פאַרקויפער זאָל צוברענגען נאָך עפּל און דער קויפער זאָל אים צוריקגעבן דאָס פּאַפּיר און באַצאָלן פאַר די צוגעבראַכטע עפּל. איך בין אָבער דאַן זיכער געווען, אַז דער פסק איז ניט קיין ריכטיקער, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער סוחר האָט דעם יידן אָפּגענאַרט, ווייל ווען ער וואָלט געזאָגט דעם קונה, אַז עס איז נאָר פאַראַן צוויי דריטל עפּל, וואָלט דער קונה זיכער נאָכגעזוכט און אויסגעמאָסטן.

אַזעלכע און ענלעכע דין תורות האָבן זיך געלאָזט הערן כסדר, דאָך האָט אין שטעטל געהערשט אַ געוואַלדיקער דרך ארץ פאַרן רב, וועלכער איז באמת געווען אַ גרויסער למדן און דערצו איז ער געקומען פון דער גרויסער וואַרשע, און פאַר דעם האָט מען אויך געהאַט דרך ארץ.

ווען איך האָב אָנגעהויבן לערנען אין בית המדרש, האָב איך אָנגעשטעלט מיינע אויערן צו אַלץ, וואָס עס קומט פאָר ביי אונדז אין שטעטל, און מיין ערשטע דערפאַרונג האָט זיך ביי מיר שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון.

דאָס שטעטל האָט, אויסער למדנים, אויך געהאַט אַ היפּשע חברה גנבים, און איינער פון זיי, דער „פירער", יענקל קראַיעווסקי האָט מען אים גערופן, האָט געפירט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל ביי דער נאָז.

יענקל האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז גנבֿה איז די בעסטע פּראָפעסיע. אויף דער וועלט: „מען שטעקט" — זאָגט ער — „אַריין צוויי פינגער צו יענעם אין קעשענע — און וויפל עס לאָזט זיך קריגט מען אַרויס. מען דאַרף ניט שווער אַרבעטן און מען האָט, ברוך השם, פּרנסה. נאָר די איינע צרה מיט אונדזער פּראָפעסיע איז, וואָס יעדער באַסיאַק, יעדער שנאָרער ווערט אַ גנבֿ. די מלאכה שטייט ניט איין אין גוטע הענט".

און אַז יענקל איז געקומען צו איינעם פון די גבירים און האָט געזאָגט: „איך וויל אַ פינף־און־צוואַנציקער", האָט קיינער ניט געטראַכט זאָגן „ניין", נאָר עס האָט זיך געווענדט, ווי אַזוי יענער האָט אויסגעפאָלגט: האָט ער דעם „פּדיון" געגעבן מיטן גוטן ווילן און דערצו נאָך מכבד געווען מיט אַ שנאַפּס, איז עס געווען אַ פאַרזיכערונג, אַז אָט דער נדבן וועט שוין פאַר אַ צייט ניט ליידן פון אַ גנבֿה; טאָמער אָבער האָט זיך יענער געקרימט ביים געבן, איז ער שוין געווען אויסגעשטעלט צו אַלערליי צרות. אָט האָט זיך געמאַכט, אַז ביי דעם גביר האָט מען צוגעגנבֿעט זיין פעלץ אָדער דער ווייבס צירונג, אָדער איינער פון זיינע זין האָט געקראָגן אָנגעבראָכן די ביינער. דאָס נאָכקומען יענקלס פאַרלאַנג מיט גוטן איז דעריבער געווען אַ סגולה קעגן גנבֿה און כוליגאַניזם.

איין שבת האָבן חסידים מעכב געווען דאָס דאַווענען אין גרויסן בית מדרש און דאָס גאַנצע שטעטל האָט אָפּגעהאַלטן אַן אסיפה, וואָס צו טאָן מיט דער באַנדע גנבים. אין דער אַסיפה האָבן אָנטייל גענומען אַלע חסידים און סתם בעלי־בתים און עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צום גובערנאַטאָר, ער זאָל די שטאָט באַפרייען פון דער באַנדע. אָבער תיכף נאָך דער אַסיפה, ווען די בית המדרש בעלי־בתים האָבן זיך גענומען דאַווענען און די חסידים זענען צוריק אַוועק צו זייערע קלויזן, האָבן יונגעלייט זיך אַרויס־געלאָזט איבער די גאַסן און צעמזיקט יעדערן פון דער באַנדע, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן. דער עולם איז דערפון געוואָרן אַזוי באַגייסטערט, אַז אַלע האָבן אויסגעשריען: „לאָמיר אַוועק צו יענקל קראַיעווסקי און דאָרט אָנמאַכן אַ חורבן! לאָמיר אים מאַכן פאַר אַ קאַליקע".

כמעט אַלע האָבן אַזוי געשריען און איך בין נאָכגעלאָפן צו זען וואָס דאָרט וועט זיין.

קומענדיק פאַרן הויז פון דעם „פירער" האָט דאָס ווייב זיינס, אַן אמתע „ברײַנדעלע קאָזאַק", געטאָן איין קלייניקייט: זי האָט פאַרשלאָסן און און פאַרריגלט די טיר, זיך אויסגעטאָן הויל־נאַקעט און זיך אַוועקגעשטעלט

ביים פענצטער. אַזוי ווי די חסידים האָבן עס דערזען, זענען זיי אַלע אַנטלאָפן און יענקל איז געראַטעוועט געוואָרן...

ווען דער גובערנאַטאָר האָט דערהאַלטן די בקשה פון די שטאָט בעלי־בתים, איז טאַקע אַרונטערגעקומען פּאָליציי און עטלעכע חברה זענען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אַן וועלכן משפּט, אָבער יענקל האָט זיך אויסבאַהאַלטן. עס איז אַ סברא, אַז די שטאָטישע פּאָליציי האָט אים אויסבאַהאַלטן, ווייל אָט די פּאָליציי האָט אויך גרויס דרך־ארץ געהאַט פאַר דעם „פירער" פון די גנבים, אַזוי ווייט, אַז יענקל איז אַ מאָל פאַרמשפּט געוואָרן צו צוויי חדשים תפיסה פאַר באַרויבן אַ פויער און אים אָנהרגענען, איז ער פרייטיק געקומען פון תפיסה, געגעכטיקט ביי זיך אין הויז און שבת נאָך שלוש סעודות איז ער אַוועק צוריק אין תפיסה, וואו ער איז באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ גוטער גאַסט. זיין סוף איז אָבער געקומען, ווען אַ צווייטער גנב פון אַ דערבייאיקער שטאָט האָט אים דאָרט געשטאָכן מיט אַ מעסער פאַר קומען אין אַ צווייטער טערי־טאָריע. יענקל איז געשטאָרבן און דער מערדער האָט בלויז געקראָגן פינף יאָר תפיסה.

אַ צווייטן מאָל האָט זיך געטראָפן אַ מיאוסע מעשה מיט אַ קצב, וועלכער האָט פאַרנאַרט אַן אַלטע אַלמנה הינטער דער שטאָט און ביי איר צוגענומען אַ ביסל געלט און זי אויך מאַנס געווען. ווידער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אסיפה, און מען האָט דעם תכשיט געבראַכט אין בית המדרש, אים געשלאָגן האַלב טויט און דאַן אים איבערגעגעבן דער פּאָליציי.

פאַר דעם האָט זיך געמאַכט אַ געשיכטע מיט אַ צווייטן קצב, בערל קאַצקער האָט מען אים גערופן, וועלכער האָט זיך פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען דער עולם גייט אין שול מקבל שבת זיין, אַוועקגעלייגט אויף דער שוועל פון בית המדרש און געשריען: „געוואַלד, יידן, טרעט אויף מיר, ווייל איך האָב מאַכיל טריפות געווען! געוואַלד, יידן, איך בין אַ זינדיקע נשמה, איך האָב פאַרקויפט טריפה פלייש פאַר כשר!" מען האָט אים קוים אויפגעהויבן פון שוועל און אים כמעט געטראָגן אַהיים. דעם זעלביקן שבת איז געווען אַן אסיפה. דער רב האָט געפּסקנט, אַז אַלע זיינע קונים דאַרפן פרעגן ביים רב שאלות וועגן די כלים. און בערל קאַצקער איז געוואָרן אַן אמתער בעל תשובה: געפאַסט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, כסדר געזאָגט תהלים און פאַר פרנסה איז ער געוואָרן אַ דרדקי־מלמד און אַזוי אָפּגעלעבט זיינע יאָרן אין דחקות. נאָך זיין טויט האָט דאָס גאַנצע שטעטל מקיים געווען די מצוה פון הלוית המת און דעם טויטן אָפּגעגעבן גרויס כבוד.

איך געדענק אַן אינצידענט, וואָס האָט געטראָפן מיט בערל קאָצקערס ווייב. אַזוי ווי זי איז געבליבן אַן אָרעמע אַלמנה מיט עטלעכע קינדער, האָט קהל איר געגעבן עטלעכע גילדן, אַז זי זאָל ציען פּרנסה פון שטיין אין מאַרק מיט אַ טישל געבעקס.

ווינטער אין די פרעסט האָבן די ווייבער אַן עצה, ווי בייצוקומען דעם שטאַרקן פראָסט. זיי מאַכן זיך אַ „פייער טעפּל" און וואָרעמען זיך די פיס. דאָס טעפּל שטעלן זיי אָפּט אונטערן קלייד. האָט ביילע, בערל דעם בעל־תשובהס ווייב, געליטן אַן אומגליק: דער טאָפּ מיט פייער האָט אָנגעצונדן איר העמד. זי האָט געמאַכט אַ געוואַלד, אָבער איר שכנטע, וועלכע האָט ביילען באַטראַכט פאַר אַ קאָנקורענטקע, האָט זיך ניט צוגעאיילט זי צו ראַטעווען. אַנדערע ווייבער האָבן געטאָן די אַרבעט און מען האָט אויף איר פאַרלאָשן דאָס פייער. זי איז דאַן אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן קראַנק. די ווייבער האָבן צווישן זיך געמאַכט אַ חרם מער ניט צו קויפן קיין געבעקס ביי איר שלעכטער שכנטע דערפאַר, וואָס זי איז ניט געווען די ערשטע צו ראַטעווען ביילען פון דעם פייער. דער חרם האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט, ביז ביי דער שכנטע איז איר מאַן געהרגעט געוואָרן דורך אַ שיכורן פויער, און דער חרם איז אַרונטערגענומען געוואָרן, ווייל מיט אַן אַלמנה טאָר מען זיך ניט טשעפּען.

אַנטקעגן וואָס דערצייל איך אייך אָט דעם קליינעם אינצידענט? כדי אייך צו שילדערן די פּרנסות אין אונדזער שטעטל און דאָס זאָרגן איינער פאַרן צווייטן, און דאָס רחמנות, וואָס אַלע פילן צו דעם אָרעמאַן, פאַר דער אַלמנה און דעם יתום. פון קיין צדקה־פעדעראַציע מיט אַ בית יתומים אָדער מושב זקנים האָבן מיר לחלוטין ניט געוואוסט, אָבער דער שטאַרקער יושר־געפיל האָט שוין אַכטונג געגעבן, אַז אַלץ זאָל צוגיין מיט חסד און מיט גערעכטיקייט.

עס זיינען אין אונדזער שטעטל געווען רייכע לייט, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט וואַלד, געהאַט אייזן־געשעפטן, שניטקראָמען. אַ סך פון די רייכע לייט האָבן ניט געלעבט בלויז פאַר זיך.

אַזוי, למשל, איז ביי אונדז געווען איינער פון די גבירים, וואָס האָט אָפּגעגעבן זיין גאַנצע צייט ווי אַ שטאָטישער מוהל. ביי אַן אָרעמאַן פלעגט ער נאָך איבערלאָזן עטלעכע גילדן. אַ צווייטער רייכער ייד האָט אָפּגעגעבן זיין צייט פאַרן שטאָטישן בית המדרש, געזען אַז די, וואָס לערנען דאָרט, זאָל ניט פעלן אויף קיין מאָלצייט. אויף אַ יום־טוב האָט ער אויסגעקלײדט אָרעמע בחורים מיט אַ קאַפּאָטקע, מיט אַ פּאָר שטיוועלעך.

אַ דריטער איז געווען דער שטענדיקער בעל קורא אין דער „קאַלטער שול", וואו קיין באַהייצונג איז ניט געווען און אין ווינטער איז מען געפרוירן געוואָרן, אָבער אונדזער גבירישער בעל־קורא האָט געקלאַפּט מיט די ציין פאַר קעלט און ניט פאַרלאָזן די שול, כאָטש דער גרעסטער טייל פון עולם האָט ווינטער געדאַוונט אין וואַרעמען בית המדרש.

אַ פערטער גביר, וואָס כאָטש ער איז געווען אַן עם־הארץ, האָט ער דאָך געקראָגן די שטעלע פון גבאי אין בית המדרש. ווען אָט דער ייד איז שפּעטער גראָד פאַראָרעמט געוואָרן, האָט קהל פונדעסטוועגן געפונען פאַר נייטיק אים אָנצוהאַלטן פאַר גבאי. ער האָט דערפאַר געקראָגן שטילערהייט צען גילדן אַ וואָך, כדי צו קענען זיך מפרנס זיין. האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז שמחת תורה צו הקפות, ווען ער, דער גבאי האָט איינגעטיילט די כיבודים און מען האָט זיך שוין געגרייט צו הקפות, האָט דער גבאי אויסגעשריען: „חזן! דאַלי יאַזדאַ!", וואָס האָט געמיינט, אַז מען מעג שוין אָנהייבן גיין אַרום און אַרום, אָבער ער האָט באַנוצט די שפּראַך, וואָס אַ בעל־עגלה נוצט צו זיינע פערד, ווען ער וויל זיי זאָלן גיין. דאָס האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן רושם צווישן עולם. פאַר אָט דעם חטא איז ער אַרונטערגעזעצט געוואָרן פון דעם אַמט פון גבאי. אָבער די צען גילדן אַ וואָך האָט ער ווייטער געקראָגן. דער גבאי איז אָבער פון עגמת־נפש קראַנק געוואָרן. איז גלייך גערופן געוואָרן אַן אַסיפה און אַלע האָבן באַשלאָסן אים צוריקצוגעבן דאָס גבאות. אָבער דער גבאי איז געשטאָרבן. ווען קהל האָט דעם נפטר געפירט פאַרן בית המדרש, האָבן אים אַלע מחילה געבעטן און מען האָט אים אַפילו געמאַכט אַ הספד.

### חסידים און „גוטע יידן"

שידלאָווצע האָט געהאַט דעם זכות צו האָבן פאַר איר רבין ר' נתן דודל ז"ל, וועלכער איז געווען אַן אייניקל פון יוד הקדוש, און ממילא איז אין שטעטל געווען אַ שפע, ווען חסידים זענען געקומען צו פאָרן אויף אַלע ימים טובים. אָבער נאָך דעם ווי ר' נתן דודל איז נפטר געוואָרן, האָבן די קינדער זיך צעטיילט. יעדער זון איז געוואָרן רבי אין אַן אַנדער שטאָט און פאַר אונדזער שטעטל איז געבליבן זיין זון ר' צמח. און אָט מיט דעם רבין, ר' צמח, האָט געטראָפן אַן אומגליק. זיינער אַ זון, זכריה חיים, איז פלוצעם נעלם געוואָרן און מען האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען. קלאַנגען זיינען געווען, אַז ער איז נפטר געוואָרן; אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער האָט זיך געשמדט.

אָט דאָס אומגליק איז אַזוי שווער געפאַלן אויף זיין פאָטער ר׳ צמח, אַז ער איז משוגע געוואָרן, און די שטאָט האָט געהאָט פון אים אויסצושטיין זייער פיל, ווייל נאָך אַלעמען איז ער דאָך געווען אַ זון פון דעם גרויסן רבין ר׳ נתן־דודל און אַן אור־איניקל פון יוד הקדוש, מיט ברידער רביים אין עטלעכע שטעט איבער פוילן. האָט מען געמוזט דולדן אַלע שפּיצלעך, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אין שטאָט און אים ניט געוואָלט אַוועקשיקן נאָך וואַרשע אין אַ משוגעים־הויז.

עטלעכע איינצלהייטן וועגן אָט דעם רבין האָבן זיך ביי מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, איז מיין פאָטער ע״ה געווען דער וואָס האָט פאַרטראָטן די שטעלע פון אַ קאַזיאָנער ראַבינער. ביי אונדז אין הויז האָבן זיך געפונען די ביכער פון אַלע געבוירענע און אויך פון אַלע טויטע. אַזוי זענען אויך חתונות ביי אונדז פאַרשריבן געוואָרן. איין מאָל אין יאָר האָט דער מאַגיסטראַט דאָס איבערגעטראָגן אין די שטאָטישע ביכער. מיין פאָטער פלעגט אויך יעדער יאָר פאָרן אינעם פאָוויאַט מיט די, וואָס האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו, און האָט אויך געהאָט אַ „גלאָס״ (שטים), ווען די שטימען פון די דאָקטוירים און נאַטשאַלניקעס זענען געווען גלייך אויף גלייך, „גאָדיען״ אָדער „ניע גאָדיען״ און עס האָט זיך געפאָדערט אַ שטים, וואָס זאָל מכריע זיין.

מאַכט זיך אַ מאָל אַזאַ געשיכטע: אַ פאָטער פון אַ דערבייאיקן ישוב האָט געבראַכט אַ טויט קינד אין אונדזער שטאָט מקבר צו זיין און דער שמש קומט צו מיין פאָטער נאָך אַ קוויטל מקבר צו זיין דאָס קינד ביים קבר פון זיין פאַרשטאָרבענעם זיידן. און אַזוי ווערט דאָס פאַרשריבן אין די ביכער. מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען מיין פאָטער איז געווען אין פאָוויאַט מיט די, וואָס האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו, איז געקומען פון דער גובערניע אַרונטער אַ גאַנצע קאָמיסיע פון דאָקטוירים, אַ נאַטשאַלניק און פאָליציי. מען האָט געמסרט, אַז דער פאָטער פון דעם דערמאָנטן קינד האָט דאָס קינד אַליין געהרגעט. האָט מען אויסגעגראָבן דאָס קינד, כדי עס צו פאַלמעסן. קומט מען צו אונדז אין הויז אויסגעפינען פון די ביכער, אויף וועלכן פּלאַץ דאָס קינד איז באַגראָבן געוואָרן.

איך בין דאַן געווען אַ ייִנגל פון אַרום 11 יאָר, געלערנט אין בית המדרש, אָבער איך האָב כמעט געפירט די קהלשע ביכער. די מאַמע ע״ה איז געקומען צו מיר אין בית המדרש און געזאָגט, אַז איך זאָל שנעל אַהיימגיין

אויפּווייזן אין די ביכער, וואו דאָס קינד איז באַגראָבן געוואָרן. איך בין גלייך אַהיימגעלאָפן און געטראָפן אַ גאַנצע חברה פּאָליציי מיט אַ נאַטשאַלניק. איך האָב געעפנט דעם ספר המתים און גלייך אָנגעוויזן, אַז דאָס קינד איז באַגראָבן ביים קבר פון זיין זיידן, וואָס האָט געהאַט אַ מצבה, און אַז דאָרט און דאָרט געפינט זיך דער קבר.

גלייך האָט נאַטשאַלסטוואָ מיט די דאָקטוירים זיך געלאָזט גיין אויפן בית־הקברות. די מאַמע פון קינד איז נאָכגעגאַנגען און שטאַרק געוויינט און כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז מיטגעגאַנגען, אויך אונדזער רבי ר׳ צמח. דער לעצטער האָט זיך געווענדט צו דער מאַמען אויף אַן אופן פון אַן אמת געררירטן און אויסגעשריען: „וואָס וויינסטו, יידענע? אָט קוק אַרויף, וועסטו זען, ווי דיין קינד פליט אין הימל? ער איז אַנטלאָפן פון קבר און אַ קרענק וועלן זיי אים געפינען! וואָס זאָג איך אַ קרענק? אַ טויט וועלן זיי דאָרט געפינען, אָבער ניט דיין קינד״.

מען האָט אויסגעגראָבן דעם קבר און מען האָט טאַקע דאָרט גאָרניט געפונען און דערביי שטייט דער קברות־מאַן און זאָגט: ער איז זיכער, אַז ער האָט דאָס קינד דאָ באַגראָבן, פונקט ווי דאָס קוויטל ווייזט. ער האָט נאָך דאָס קוויטל און ער ווייזט עס דעם נאַטשאַלניק.

צווישן די דאָקטוירים, וואָס זיינען געקומען פון דער גובערניע, איז אויך געווען איין דאָקטער אַ משומד. האָט דער לעצטער געהייסן אויפגראָבן די שכנישע קברים. אפשר האָט דער קברות־מאַן געמאַכט אַ טעות. הכלל, מען האָט שוין אויפגעגראָבן היפּשע עטלעכע קברים און דאָס קינד ניט געפונען. אָבער דער משומד שרייט ווייטער: גראָבט! און דער רבי ר׳ צמח גייט צו אים צו און שרייט אויס: „משומד, האָב איך פריער ניט געזאָגט, אַז אַ טויט וועסטו דאָ געפינען, ניט קיין קינד?״ און קוים האָט דער רבי געענדיקט שרייען, האָט אַ שטיין זיך אָפּגעריסן פון מויער און געפאַלן גלייך אויפן דאָקטערס קאָפּ. זיין שאַרבן איז צעשפּאָלטן געוואָרן און ער איז געשטאָרבן דעם זעלבן טאָג. דער נאַטשאַלניק האָט דאַן געהייסן אויפהערן גראָבן און אַלע זיינען אַוועק פון בית עולם. דערנאָך האָט „נאַטשאַלסטוואָ״ אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי אונדז אין הויז, געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל און צוגענומען אין דער גובערניע די ביכער, וואו עס זיינען געווען פאַרשריבן די לעבעדיקע און די טויטע.

וואָס מען האָט דערנאָך אויסגעפונען וועגן דעם דאָקטערס טויט, איז זייער אינטערעסאַנט און איצט דאַרף עס מער קיין סוד ניט זיין.

איך האָב פריער דערציילט וועגן דעם גרעסטן גנב ביי אונדז אין שטאָט. דער פירער פון די גנבים איז געווען אַ כהן, און — מעג ער אַפילו אין זיין „פּראָפעסיע״ זיין אַ גנב, אָבער אַ כהן וועט ניט גיין אויפן בית־עולם. איז ער דעריבער געשטאַנען מיט אַנדערע כהנים אויף דער צווייטער זייט פּאַרקן, ווען דאָס אויפגראָבן די קברים איז אָנגעגאַנגען. ווען דער משומד־דאָקטער האָט געהייסן ווייטער גראָבן, האָט יענער חברה־מאַן געגעבן אַ קלאַפּ מיטן פוס אין שטיינערנעם פּאַרקן און דער שטיין איז געפאַלן דעם משומד אין קאָפּ. אַ סך מענטשן האָבן דערפון געוואוסט, אָבער קיינער האָט ניט געוואַגט דאָס איבער־צודערציילן. מען האָט עס אַלץ צוגעשריבן צום נס, וואָס דער רבי האָט באַוויזן, און אויך די „נאַטשאַלסטוואָ״ האָט געגלייבט אין דעם נס.

אין פאַרלויף פון אַ חודש זיינען אונדז צוריקגעקומען פון גובערניע די ביכער מיט אַ בריוו, אַז מיר זאָלן זיין מער פאָרזיכטיק ביים פאַרשרייבן, וואו די טויטע ווערן באַגראָבן, אַז ניט וועט צוגענומען ווערן דאָס רעכט פון פאָטער צו זיין קאַזיאָנער ראַבינער. דער פאָטער פון קינד איז באַפרייט געוואָרן פון זיין אַרעסט. עס איז גלייכצייטיק אָנגעקומען אַן אוקאַז צום בירגער־מייסטער, אַז ער זאָל דעם „ראַבין״ אַוועקשיקן קיין וואַרשע אין אַ משוגעים־הויז.

און אַזוי אַרום איז דער רבי אַוועקגעפירט געוואָרן קיין וואַרשע אינעם משוגעים־הויז און דאָרט איז ער טאַקע נפטר געוואָרן. די וואַרשעווער ייִדן, איבער הויפּט די חסידים פון זיין משפחה, האָבן דאָן געמאַכט אַ לוויה מיט גרויסע הספדים, ווי עס ווערט געוויינטלעך דורכגעפירט נאָך אַ גרויסן רבין.

ביי אונדז אין שטעטל האָבן זיך געפונען חסידים מכל המינים. אַפילו ראַדזינער חסידים, וואָס האָבן געטראָגן ציצית מיט אַ בלויען פאָדעם, וואָס איז זיי צוגעשיקט געוואָרן פון ראַדזין, וואָס האָט געזאָלט הייסן, אַז די בלויע פאַרב קומט פון דעם פיש, וואָס הייסט חלזון. עס האָבן זיך ביי אונדז געפונען קלויזן פון יעדן רבין און עס האָבן ניט אויסגעפעלט קיין מחלוקתן, איבער הויפּט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אויפנעמען אַ שוחט אָדער אַ רב. יעדער קלויז האָט אַרויסגעשטעלט אַ „קאַנדידאַט״ צו פאַרנעמען די שטעלע, אָדער אַזאַ, וועמען זייער רבי האָט רעקאָמענדירט. די מחלוקתן פלעגן אַזוי ווייט גיין, אַז דער גובערנאַטאָר האָט זיך געדאַרפט אַריינמישן און דורכפירן אמתע וואַלן, און דער בירגער־מייסטער און די פּאָליציי קומען אַכטונג געבן, ווי אַזוי מען שטימט. נאָכן איבערציילן די שטימען פלעגט דער בירגער־מייסטער פּראָקלאַמירן, אַז דער און דער איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ שוחט און דער אַנדערער ווי רב. אָבער אין פאַל פון אַ שוחט האָט עס זעלטן פּאַסירט,

ווייל דער שוחט האָט שטענדיק געהאַט אַ יורש, וואָס האָט איבערגענומען זיין פּלאַץ. דער נייער שוחט פלעגט בלויז איינצאָלן דער קהילה אַ געוויסע סומע געלט, וואָס איז שוין אָפּגעמאַכט געוואָרן פריער מיטן אַלטן שוחט. נאָך אַזעלכע וואַלן פלעגט געוויינטלעך אויפהערן דאָס מחלוקת, כאָטש קיין מאָל האָבן די וואַלן ניט צופרידנגעשטעלט די פאַרשיידענע חסידים, ווייל די שניידערס, שוסטערס און דער אַנדערער טייל פון „עמך" האָבן זיך געווילט לויט זייער אייגענעם געשמאַק און עס זיינען געווען זייערע שטימען, וואָס האָבן עס אויסגעקליבן יענעם רב, פון וועלכן איך האָב דערציילט אין אָנהייב פון מיינע זכרונות. ביי די וואַלן זיינען די חסידים געווען אַנטוישט, אָבער די בעלי־מלאָכות האָבן געמאַכט אַ גרויסע הוליאַנקע און געפייערט זייער „זיג" איבער די חסידים און „קאַרפּנקעפּ", וואָס פּאַסט זיי ניט צו דאַוונען אין אַ שול אָדער בית־המדרש, מיט זיי, די בעלי־מלאָכות, נאָר מאַכן זיך באַזונדערע קלויזן. די לעצטע פלעגן דאַן אויך זיך מאַכן באַזונדערע מנינים, כדי צו ווייזן די חסידים און די נגידים, אַז מען באַשטייט ניט אין זיי. ס'איז געווען אַן אמתער „קלאַסנקאַמף".

צווישן די בעלי־בתים, דאָס הייסט ניט קיין חסידים און ניט קיין אַרבעטערס, האָט זיך אויך געפונען אַ ייד, וועלכער איז ווערט דערמאָנט צו ווערן. דאָס איז דער פאָטער פון דעם באַקאַנטן „חנא דער באַוואוסטער". ווער האָט ניט געהערט פון חנאן?! ער איז מיינער אַ לאַנדסמאַן. שידלאָווצע האָט אַרויסגעגעבן אָט דעם „גרויסן מענטש" חנא, וואָס דער גרעסטער דעפּאַרטמענט געשעפט אין טאָראָנטאָ האָט ניט געקענט געפינען אין זיין „סטאָק" קיין פּאָר שיך גרויס גענוג פאַר זיינע פיס.

חנאס פאָטער האָט זיך גערופן ר' משה לוי מאָדזשעוועצקי און האָט געהאַט אַ קליין וועבער־פאַבריקל, וואו מען האָט אויסגעאַרבעט סחורות פון דער וואָל, וואָס די פּויערים האָבן געבראַכט צו אים פאַר מאַכן זייערע קליידער און געקעסטלטע פאַרטעכער.

ר' משה לוי האָט געדאַוונט אינעם גרויסן בית־המדרש און געהאַט אַ מזרח־פּלאַץ. ער האָט געטראָגן אַ זיידענע קאַפּאָטע שבת און יום־טוב און כמעט דאָמינירט דעם בית־המדרש, אָט טאַקע פונקט ווי זיין זון חנא „דאָמינירט" די ציוניסטישע קאָנגרעסן. ביי מיין באַזוך אין שידלאָווצע אין 1921 איז ר' משה לוי געווען מיין „ראַטגעבער" און רעכטע האַנט. ער האָט געזאָגט וועמען מען דאַרף געבן אַ גרעסערע סומע און וועמען ניט, און די וואָס האָבן פּראָטעסטירט האָט ער מיט זיי איינגעטענהט און איפּגעוויזן, פאַר וואָס זיי קומט ווייניקער ווי דעם און דעם.

ציַיטונגען האָט מען ביַי אונדז זייער ווייניק געזען. דאָך האָט מען ביַי משה לוי אַ מאָל געקענט טרעפן די „הצפירה" און געוואוּיר ווערן, וואָס עס טוט זיך עפּעס אויף דער יידישער וועלט. ווען איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו „הצפירה", האָט מיך אַזש אָנגענומען אַ חשק צו זיין איינער פון אירע מיטאַרבעטערס, כאָטש אין בית־המדרש איז די „הצפירה" נאָך געווען אַ האַלב טריפהנער אַרטיקל פאַר די בית־המדרש בחורים. איך האָב דאָן זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז איך וועל אַ מאָל זיין אַן אייגנטימער פון אַ יידישער ציַיטונג, אָבער מיין חשק דערצו האָט געטליעט אין מיר נאָך פון קינדוויַיז אָן. און אפשר האָט דאָס געבראַכט דערצו, אַז זייענדיק בלויז 7 יאָר אין מאָנטרעאַל, האָט איך שוין אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ טעגלעכע יידישע ציַיטונג? (ה. וואָלאָפּסקי איז געווען דער גרינדער און אַרויסגעבער פון דער פּאָפּולער־סטער יידישער ציַיטונג אין קאַנאַדע „קענעדער אָדלער" — רעד׳).

## די שבתים און ימים־טובים

אויסער בעלי־מלאָכות און סוחרים, איז ביַי אונדז אין שטעטל אויך געווען אַ היפּש ביסל יידן, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג מיט די הענט פון הינטן אָדער אַריינגעשטעקט אין די אַרבל און בלויז געוואַרט פאַר דעם מיטוואָך, דעם טאָג פון יאַריד, ווען זיי האָבן געהאַפּט צו קענען כאַפּן אַ פאַרדינסטל, קויפן אַ זעקל תבואה פון אַ פויער, אָדער עטלעכע עופות, אַ זעקל קאַרטאָפל. פון די עטלעכע גראָשן ריווח האָט מען זיך געשפּייזט די גאַנצע וואָך. עס זיינען אָבער געווען אַנדערע יידן, וואָס האָבן ניט געוואַרט ביז מיטוואָך, ווען דער פויער וועט קומען אין שטאָט אַריין, נאָר זיי זיינען די גאַנצע וואָך אַרומגעלאָפן אין די דערפער צווישן די פויערים, געקויפט אַ קעלבל אָדער אַ פעלכל, אָפט מאָל עס אויסבייַטן פאַר אַ שטיקל סחורה, אויף אַ קלייד אָדער אויף אַ פאַר הויזן, און אַזוי האָבן זיי אויסגעשמייעט די גאַנצע וואָך אין די דערפער און אָפּגעקומען מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט ביז פריַיטיק, ווען זיי זיינען אַהיימגעקומען באַגעגענען דעם שבת. ס'איז געווען טאַקע ווי דאָס באַרימטע ווערטל ביַי היינען: „אַ גאַנצע וואָך אַ הונט, שבת — אַ פּרינץ". די וואָך איז באמת געווען אַ הינטישע, ווייל מען איז געלאָפן אין די גרעסטע קעלטן און שנייען כאַפּן אַ ביינדל, אָבער אַז עס איז געקומען דער שבת און יום־טוב, איז דער ייד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גייסטיקן בן־מלך.

צווישן די אַרומגייערס האָבן זיך אויך געפונען בעלי־מלאָכות, וואָס

זיינען פאַרשוואַרצט געוואָרן די גאַנצע וואָך אין די דערפער, צו אויפנייען ערגעץ ביי אַ פויער אַ „סערמינגע" — אַזאַ איבער־מלבוש — אָדער אַ שוסטער, וואָס האָט פאַרריכט אַ פּאָר פויערישע שטיוול אָדער אַ פויערטעס שיך, און פרייטיק אַהיימגעקומען אָנגעלאָדן מיט אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ הינדל אָדער אַנדערע שפייזן און איז אויך געווען אַ פרינץ ביז זונטיק פרי.

אָט די אַלע דאָרף־סוחרים האָט מען גערופן „לויפערס", וואָס האָט פשוט געמיינט, אַז זיי לויפן אַרום אין די דערפער די גאַנצע וואָך. דערפאַר, אַז עס איז געקומען דער הייליקער שבת, איז געווען אַ מחיה. ווער קען דען היינט דאָ וויסן אַזאַ טעם פון שבת, ווי מען האָט דאָרט געוואוסט און טאַקע געשפּירט אין אַלע גלידער?

פרייטיק, ווי מען האָט נאָר דערהערט דעם „פייפער" פון שוויצבאָד, האָט מען געקענט זען די זעלבע „לויפערס", ווי זיי לויפן אַלע זיך אויס־פּאַרען לכבוד שבת. איניקע האָבן מיטגעטראָגן זייערע אייגענע „שעפּעלעך" מיט בעזעמלעך, אַנדערע האָבן עס געקראָגן פּאַר אַ קאָפּיקע אין שוויצבאָד. מען האָט זיך געפּאַרעט אויף די הויכע בענק און זיך ממש מחיה געווען. האָט איר ווען געהערט, ווי ייִדן קרעכצן פון פאַרגעניגן? יאָ, פאַראַן אַזאַ פאַרגע־ניגן, וואָס מען קרעכצט אַ ביסל צו, ווען איינער דעם אַנדערן שמייסט מיט דעם בעזעמל. נאָכן שמייסן איז מען אַרויסגעקומען אַ געלייטערטער מקבל זיין דעם הייליקן שבת.

אַהיים קומענדיק פון מרחץ, פאַרזוכט מען אַ ביסל מערן־צימעס, אַנדערע — אַ שטיקל פיש, אויב זיי האָבן עס געהאַט, און מיט פאות און בערד נאָך ניט אויסגעטריקנט, לאָזט מען זיך אין שול אָדער אין בית־המדרש מקבל שבת זיין.

שבת גאַנץ פרי לויפן אַ טייל זיך טובל זיין אין מקוה. דאָס דאַווענען איז פול מיט חדוה — אַ גייסטיקער פאַרגעניגן. נאָכן דאַווענען נעמט מען זיך צו דער שבתדיקער סעודה, וואָס באַשטייט פון פיש, צעריבענע רעטעך געמישט מיט ציבעלעס און שמאַלץ, אָדער „פּעטשאַ" פון אַ „פּיסנאָגע"... דאַן קומט דער פיינער טשאָלנט מיטן קוגל און טאַקע קאָמפּאָט אויך. אין מיטן און נאָך דעם אַלעמען זינגט מען זמירות און מען פּאַטשט צו מיט די הענט, און דערביי וואַרפט מען אַריין אַ לויבגעזאַנג אויף פּראָסט ייִדיש: „כ'דאַנק דיר, טאַטע זיסער!".

נאָך דער שבת־סעודה קומט דער תענוג פון שבתדיקן שלאָף. אוי, אַ תענוג! וואויל איז די, וואָס האָבן עס פאַרזוכט!...

נאָכן שלאָפן גייט מען אַוועק אין בית־המדרש אַריין הערן נייעס, אַריינקוקן אין אַ ספר אָדער פּשוט זאָגן תהלים. שוסטערס און שניידערס האָבן געהאַט זייערע חברות, וואו אַ רבי האָט מיט זיי געלערנט די סדרה פון דער וואָך, אום זומער אויך פּרקי אבות. די חסידים גייען אַוועק אין זייערע קלויזן פּראַווען שלוש סעודות און דערציילן נסים פון דעם רבין. מען האָט געזונגען און זיך דערציילט מעשיות, ביז דער שבת האָט זיך אָפּגערוקט. אין הימל האָט מען שוין אויסגעשריען: „שובו רשעים שאולה!" — רשעים, גייט צוריק אין גיהנום! דאָן איז שוין אויך דאָס לעבן ביי די שבתדיקע יידן איבערגע־גאַנגען פון אַ גייסטיקן גן־עדן צו אַ וואָכעדיקן גיהנום. אויס פּרינצן און ווייטער שקלאַפן.

דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין אַלע ימים־טובים. ווען מען האָט ראש חודש אלול געגעבן די ערשטע וואָרענונג דורכן שופר: „יידן, עס איז אלול, מען דאַרף תשובה טאָן!" — האָבן גאַנצע מחנות מענער און פרויען זיך געצויגן צום בית־עולם בעטן אַ גוט יאָר דורך דער שליחות פון די פּאַר־שטאָרבענע עלטערן אָדער ביי די קברים פון רבנים. און וואָס אַ טאָג נענטער צו ראש השנה, איז די אימה פאַרן יום־הדין געוואָרן אַלץ גרעסער. מען האָט מורא געהאַט פאַר נייע גזירות; פאַר דעם שווערן ווינטער, פאַר דעם מאַן, וואָס הוסט אונטער; פאַר די קינדער, וואָס האָבן ניט קיין וואַלענע קליידער אויף ווינטער, פאַר די ווענט פון הויז, וואָס מען קען שוין דורכזען די זון דורך די שפּאַלטן. אָט די מורא האָט אויך אָנגערירט אַפילו די נגידים, צו וועלכע מען איז געקומען נעמען נדבות. פריינד זיינען געקומען בעטן גמילות־חסדים.

אָבער דער יום־טוב האָט געמאַכט פאַרגעסן די צרות פון פּרט און די צרות פון כלל. ווען אונדזער חזן אין בית־המדרש האָט אָנגעהויבן דעם „הנני", האָט זיך געלאָזט הערן אַ געוויין סיי פון די קינדער און סיי פון דער ווייבערשער שול. היינט ווען עס איז געקומען צו „ונתנה תוקף", האָט פּשוט גערעגנט מיט טרערן.

כמעט יעדער ייד האָט ביי אונדז געהאַט אורחים אָדער געסט, וואָס זיינען געקומען פון די דערפער אין שטאָט אַריין פאַר ראש השנה און יום כיפור. דעריבער האָט אין שטעטל דאַן ניט געפעלט קיין פּרנסה. דער דאָרפס־מאַן האָט מיטגעבראַכט פון אַלעם גוטן: הינער אויף כפּרות, שמאַלץ, אייער, גרינצייג. עס האָט דאַן ניט געפעלט אין שטעטל קיין זאַך, אַזוי אַז די „לויפערס" האָבן זיך פאַרנומען צו בלייבן אין שטאָט איבער די עשרת ימי תשובה און איבער דעם יום־טוב סוכות. די אמתע צרות האָבן זיך אָנגעהויבן

נאָך דעם לוסטיקן שמחת תורה, ווען מען האָט ווידער געדאַרפט זוכן פרנסה. אָבער מען האָט געלעבט, חתונה געמאַכט קינדער, הנאה געהאַט פון גאָטס תורה און פון אַלץ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן איינגעשטעלטן גייסטיקן לעבן און ביים סוף פון די באַשערטע יאָרן איבערגעלאָזט דעם זעלביקן שטייגער לעבן צו די קינדער.

אָבער די צייט איז אַפילו דאָרט אויך ניט געשטאַנען אויף אַן אָרט. ביי יונגוואַרג האָט אָנגעהויבן צו טליען אַ נייער געדאַנק. זיי האָבן עפּעס דערשפּירט אַזאַ שלאָגוואָרט, וואָס רופט זיך „פרייהייט״ און די פּעאיקע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין די גרויסע שטעט ווי וואַרשע און לאָדזש; אַנדערע האָבן גאָר געטראַכט פון ענגלאַנד און אַמעריקע. אָט די קינדער האָבן שוין אָנגעהויבן פון צייט צו צייט שיקן עטלעכע רובל די עלטערן און קומען אויף אַ יום־טוב אָנגעטאָן „לייטיש״, און אָנגעהויבן רעדן מיט אַזעלכע ווערטער ווי סאָציאַליזם, פרייהייט. דאָס האָט געמאַכט אַ ביסל אַן איבערקערעניש אין יידישע הייזער.

מיין פאָטער ע״ה איז געווען קראַנק שוין פון יאָרן און איך, ווי אַ יונגער יינגל, האָב געדאַרפט טאָן זיין אַרבעט: איינשרייבן אין די ביכער די טויטע און די ניי־געבוירענע, לויפן אין מאַגיסטראַט יעדן טאָג, אַזוי אַז דאָס לערנען איז שוין געווען אַ זייטיקע זאַך. דאַן איז דער פאָטער געשטאָרבן און איך בין געבליבן מיט דער מאַמען. מיינע ברידער זיינען געווען אין די גרויסע שטעט, אַחוץ מיין עלטערער ברודער, וועלכער איז געווען אין דער היים און האָט זיך גערעכנט צווישן די גבירים. האָב איך גלייך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מיין שטעטל און אַוועקפאָרן קיין וואַרשע פאַר אַ תכלית.

צום סוף פון מיינע זכרונות וועגן קאַפּיטל שידלאָווצע, מוז איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן מיין פאָטער ע״ה.

אין די יונגע יאָרן איז מיין פאָטער געווען אַ חסיד און פלעגט פאָרן צום ראַפּשיצער רבין ר׳ בער. עס הייסט, עס זאָגט זיך נאָר אַזוי פאָרן, ווייל אין דער אמתן, לויט דער פאָטער ע״ה האָט דערציילט, איז מען דאַן ניט געפאָרן צום רבין, נאָר מען איז געגאַנגען צו פוס. און אַז מען איז שוין צו מזל אָנגעקומען, איז איידער מען האָט אָנגערירט די קליאַמקע פון רבינס חדר, האָט מען חוזר בתשובה געווען. מען האָט פשוט געציטערט פאַרן רבין, וועלכער האָט מסתמא געוואוסט אַלע נסתרות פון יעדערן פון זיינע חסידים.

מיין פאָטער איז געווען אַ ראַדאָשיצער חסיד, ווייל מיין מאַמע ע״ה האָט זיך גערעכנט צו דער משפחה פון ראַדאָשיצער גזע. ווי מען האָט מיר

דערציילט, האָט מיין פאָטער חתונה געהאַט אָן נדן, ווייל מיין מאַמע איז געווען אַ יחסנישע טאָכטער און דער יחוס איז גערעכנט געוואָרן פאַר נדן. נאָך דער חתונה האָט ער אָנגעהויבן לערנען מיט עטלעכע דערוואַקסענע בחורים, נאָר אַזוי ווי ער האָט אויך געקענט גוט העברעאיש און דערצו אַ ביסל רוסיש, איז דאָס ניט געווען פון די מעלות צום לערנען מיט חסידישע בחורים, לויט די באַגריפן פון די דעמאָלטדיקע חסידים. ער איז אויך געווען אַ גוטער בעל תפילה און ימים נוראים פלעגט מען אים אַרויסרופן צו זיין דער שליח־ציבור פאַר די יידן פון עטלעכע דערפער, וואָס פלעגן זיך צוזאַמענקומען צו אַ מנין. די דאָרפס־יידן האָבן אים צוגערעדט, אַז ער זאָל זיך באַזעצן אין איינעם פון די דערפער און לערנען מיט זייערע קינדער. צום רבין האָט ער געקענט פאָרן אָדער גיין אין מיטן יאָר, אָבער ניט אויף קיין יום־טובים, ווייל דעמאָלט האָט ער געמוזט זיין דער בעל תפילה פון דאָרפישן מנין.

אָט אין אַזאַ דאָרף בין איך עס געבוירן געוואָרן, ווען מיינע עלטערן זענען שוין געווען אַריבער די פופציקער. ווען איך בין אַלט געוואָרן צוויי יאָר, איז מיין פאָטער אויפגענומען געוואָרן אין שטאָט פאַר דעם קאַזיאָנעם רב. עס הייסט, ווי שוין פריער געזאָגט, דעם נאָמען פון קאַזיאָנעם רב האָט ער ניט געקראָגן, אָבער מען האָט אים דערפאַר גערופן „דער מאַגיסטראַט שמש", כאָטש ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס איז נוגע אויפגאַבן פון אַ קאַזיאָנעם רב. אַ טייל פון זיינע שכירות איז אַפילו באַצאָלט געוואָרן פון דער גובערניע — אַרום 100 גילדן אַ חודש, וואָס מאַכט אויס אַרום זיבן אַ האַלב דאָלאַר לויט דער דעמאָלטדיקער וואַליוטע — און דאָס איבעריקע, מסתמא אַן ענלעכע סומע, פלעגט אים אַריינפאַלן פון פאַרשרייבן געבורטן, אַרויסגעבן אַקטן צו אַ חתונה און נאָך הכנסות. דעם אַמט האָט ער געקראָגן, ערשטנס דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ תלמיד־חכם, צווייטנס, ווייל ער האָט געקענט אַ ביסל פויליש און אַ ביסל רוסיש; און דריטנס, ווייל דער דאָזאָר איז געווען זיין יוגנטפריינד. זיי האָבן ביידע געלערנט אין אַ ישיבה און ביידע געהונגערט צוזאַמען.

די לעצטע יאָרן האָט מיין פאָטער ע"ה אויפגעהערט פאָרן צום רבין. יעדער מאָל, וואָס מען האָט אים געפרעגט וועגן דער סיבה דערפון, האָט ער געזוכט זיך אַרויסצודרייען. איין מאָל, זיצנדיק שבת מיטן פאָטער און לערנענדיק מדרש (אַזוי איז געווען דער סדר: אַ גאַנצע וואָך האָב איך געלערנט אָדער געדאַרפט לערנען אין בית־המדרש, נאָר שבת נאָכן שלאָף האָט דער פאָטער מיט מיר געלערנט מדרש), האָב איך אים פלוצלונג געגעבן אַ פרעג: „טאַטע,

הלמאַי ביסטו יונגערהייט געפאָרן אָדער געגאַנגען צו פוס צום רבין ר׳ בער, און היינט, ווען דו וואָלסט זיך געקענט דערלויבן צו פאָרן, ביסטו גאָר קאַלט געוואָרן און פאָרסט מער ניט?״ זיין ענטפער איז געווען: „ווייסטו, מיין קינד, אַז פון אַזעלכע זאַכן איז גלייכער, אַז מען רעדט נישט, כדי מען זאָל זיך נישט באַנאַרישן״ — און ער האָט עס געגעבן צו פאַרשטיין מיט אַ משל: „עס טרעפט אָפט מאָל אויף אַ שמחה, ווען עס פעלט אויס אַ ביסל שנאַפּס, נעמט אימיצער אַ לעך און גיסט אָן אַ פלעשל מיט וואַסער און קומט צום טיש און פרעגט: „ווער וויל אַ שנאַפּס?״ אויב דער אָפּגענאַרטער איז קלוג, פאַרזוכט ער און ווען ער זעט אַז עס איז וואַסער, שרייט ער אויס „לחיים״ און טרינקט אויס דאָס וואַסער און לייגט נאָך צו: „אָ, אַ וואוילער שנאַפּס!״ טרעפט אָבער דער לעך אָן אויף אַ נאַר, איז קוים פאַרזוכט ער נאָר, שרייט ער אויס: „פע, ס׳איז דאָך וואַסער!״ פאַרשטייסטו — זאָגט ווייטער מיין פאָטער — דער חכם שלינגט אַרונטער און מאַכט זיך ניט וויסנדיק, בעת דער נאַר שרייט: „עס איז וואַסער״!״. ווען איך בין געגאַנגען צום הייליקן רבין ר׳ בער, האָב איך געוואוסט, אַז ער איז אַ צדיק, אָבער די היינטיקע רביים זענען מערסטנס וואַסער. איך וויל אָבער ניט זיין דער נאַר צו שרייען: „עס איז וואַסער״ און שלינג בעסער אַרונטער, וואָס יענער דערציילט מיר. אָבער טרינקען וואַסער, ווען איך ווייס שוין, אַז עס איז וואַסער — דאָס טו איך ניט אין דער צייט, וואָס איך האַלט ביי אַ שנאַפּס״...

ניט געקוקט אויפן שטילן „רעוואָלט״ פון מיין פאָטער קעגען די „היינטיקע״ (ס׳הייסט דעמאָלטדיקע) רביים, האָבן פאַר אים דרך ארץ געהאַט ניט נאָר די איינפאַכע בעלי בתים, נאָר אַפילו די פאַרברענטע חסידים. און אַז מען האָט דעם רבין ר׳ צמח אָפּגעשיקט קיין וואַרשע אין משוגעים־הויז, איז דאַן געקומען צו אונדז אַ רבי פון פשיטיק און האָט זיך ביי אונדז באַזעצט. אַזוי ווי ער איז אָנגעקומען, איז מיין פאָטער צו אים געקומען מקבל פנים זיין און אים מאַכן די לעגאַלע פּאַפּירן פון איבערבייטן זיין וואוינונג און אים איינמעלדן ווי אַ שידלאָווצער תושב. דער רבי האָט אים דאַן פאַרבעטן, אַז ער זאָל צו אים אַרויפקומען נאָך אַ מאָל, אָבער מיין פאָטער האָט געענטפערט: „יאָ, ווען איר וועט זיך דאַרפן אויסמעלדן פאַר אַן אַנדער שטאָט, וועל איך ווייטער פאַר אייך מאַכן די נייטיקע פּאַפּירן״...

מילא, דער רבי האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס, אָבער זיינע חסידים האָבן זיך שטאַרק מתרעם געווען. די תרעומה איז שוין געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איינער האָט שוין געזאָגט: „איר האָט שוין געזען, אַז אַ קאַזיאָנער רב (ניט „מאַגיסטראַט שמש״) זאָל האָבן דרך ארץ פאַר אַ חסידישן רבי?״

און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט.

מיין פאָטער איז כל ימיו געווען אַ שוואַכער אין געזונט, און אויף דער עלטער איז ער געלעגן אין בעט אַלע ווינטער. גלייך נאָך מיין בר מצוה האָב איך שוין געפירט פאַר אים די גאַנצע אַרבעט. ווען מיין פאָטער איז נפטר געוואָרן, בין איך נאָך ניט געווען קיין פולע 15 יאָר אַלט. האָב איך דאַן פאַרלאָזט מיין שטעטל און אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

## נאָך אַ פּאָר טיפּן

שידלאָווצע איז ניט געווען קיין אויסנאַם פון אַנדערע קליינע שטעטלעך אין פוילן, וואָס שייך די פאַרשיידענע טיפּן יידן. יעדע שטאָט האָט זיך געהאַט אירע עקסטרעמען; זייער פרומע יידן, וואָס האָבן ניט געוואוסט קיין צורת מטבע און יידן גנבים, וואָס האָבן אפשר זיך גענומען צו דער פראָפעסיע צוליב נויט און אָרעמקייט.

אַזוי, למשל, האָבן מיר געהאַט אַ טיפּ ייד, וועמען מען האָט גערופן שמחהלע גנב. אָט דער שמחהלע איז געווען אַ ייד שוין אין די זעכציקער, ווען איך האָב אים געקענט. ער פלעגט זיצן גאַנצע טעג אין בית המדרש, זאָגן תהלים און לערנען די סדרה חומש. ער איז געווען ביי יעדן מנין און אָפּגעהיט צו זאָגן „ברוך הוא וברוך שמו, אמן". שבת האָט ער געטראָגן אַן אַטלעסענע זשופּעצע. פּונקט ווי ער האָט פאַרבראַכט די טעג אין בית־המדרש, אַזוי האָט ער פאַרבראַכט די נעכט אין גנבענען. פּשוט אויפגעבראָכן שלעסער. אויב אים איז אַ ביסל געגאַנגען שלעכט אין שטאָט, האָט ער זיין אַרבעט פּרובירט אין די דערפער. ער איז עטלעכע מאָל געזעסן אין טורמע, אָבער ווי ער איז נאָר באַפרייט געוואָרן, האָט ער זיך גלייך צוריקגענומען צו זיין שטענדיקן סדר, ביי טאָג אין בית המדרש און ביי נאַכט אַ גנב. אַז מען האָט געפרעגט שמחהן: ס'טייטש, איז זענט דאָך עפּעס אַ פרומער ייד, וואָס־זשע פאַרנעמט איר זיך מיט גנבה?", האָט ער גלייכגילטיק געענטפערט: „אָנו, אַדרבה, ווער האָט עפּעס אַ בעסערע פּרנסה פאַר מיר? דער רבונו של עולם — האָט ער געטענהט — שרייבט דאָך אָן יעדן יידן אום ראש־השנה, ווער עס זאָל פאַרדינען און ווער עס זאָל פאַרלירן, איז מסתמא שרייבט ער מיר אָן, אַז איך זאָל פאַרדינען מיין פּרנסה פון יענע, וואָס דאַרפן פאַרלירן. טו איך דאָך נאָר די הימלישע שליחות!"...

אָט דער מאָדנער טיפּ איז טאַקע געשטאָרבן אין תפיסה. מען זאָגט, אַז ער איז דאַן שוין געווען ניט ווייט פון די זיבעציקער יאָרן.

מיר האָבן אויך געהאַט ייִדן, וואָס זענען כסדר געזעסן על התורה ועל העבודה און זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס דאָס ווייב האָט אַ ביסל צוגעהאַנדלט און זיי מפרנס געווען.

אַזוי האָט זיך ביי אונדז געפונען אַ טיפּ, וואָס מען האָט אים גערופן ר׳ קלמן. ער האָט געלעבט פון זיין ווייבס פרנסה און האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנצע צייט פאַר העלפן אָרעמע און בויט־ליידנדיקע. גלייך נאָכן דאַווענען פלעגט ער אָנהייבן קלייבן נדבות. אַזוי האָט ער געקליבן דעם גאַנצן טאָג און אין אָוונט האָט ער אויסגעטיילט. אָבער ר׳ קלמן פלעגט האָבן אַ מנהג, אַז די ערשטע צוויי קאָפּיקעס, וואָס ער פלעגט קריגן פאַר צדקה, פלעגט ער אויסגעבן אויף אַ „לחיים" איבער אַ גלעזעלע שנאַפּס. עס איז ניט געווען קיין סוד, אַז דעם שנאַפּס טרינקט ער פאַר צדקה־געלט. אַז מען האָט אים געפרעגט: „סטייטש, ר׳ קלמן, ס׳איז דאָך צדקה־געלט?", האָט ער געגעבן אַזאַ ענטפער: „אמת, דאָס איז צדקה־געלט, אָבער איך האָב אַ טעם דערביי, עס הייסט, ניט דעם טעם פון שנאַפּס, נאָר גאָר אַן אַנדער טעם. איך קלייב צדקה, און אַלע ווייסן, אַז איך טו נישט קיין אַנדערע געשעפטן, נאָר לעב פון מיין ווייבס פרנסה, איז די שטאָט מסתמא מיך חושד, אַז איך לעב פון צדקה. טאָ הערט אַ מעשה: איך וויל דאָך העלפן דער שטאָט, וועל איך מיט מיין ביסל אַרבעט פאַר צדקה לאָזן באַשטראָפט ווערן די גאַנצע שטאָט פאַר חושד בכשרים זיין? נעם איך דעריבער אַרונטער די צוויי קאָפּיקעס און לאָז מען זאָל מיך שטראָפן פאַר נהנה זיין פון צדקה, אַבי די גאַנצע שטאָט זאָל ניט געשטראָפט ווערן פאַר חושד בכשרים זיין, וואָס דער עונש דערפאַר איז „לוקין בגופו" דאָס הייסט מען ווערט דערפאַר געשלאָגן קערפּערלעך.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען אַן אַלטיטשקע, וועמען מען האָט גערופן חנהלע. אָט די חנהלע פלעגט, פונקט ווי ר׳ קלמן, אויך זיין פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג, אָבער ניט מיט קלייבן געלט, נאָר מיט טראָגן טעפּלעך געקעכטס צו אָרעמע פאַמיליעס. אין איר גרויסער פאַטשיילע, וואָס זי פלעגט טראָגן סיי ווינטער און סיי זומער, פלעגן שטענדיק זיין איינגעהילט עטלעכע טעפּלעך מיט געקעכטס. זי פלעגט אַריינגיין צו אַ בעל־הביתטע און נעמען אַ ביסל זופּ פון אַן עוף און עס גלייך אַוועקגעטראָגן צו אַן אָרעמער קימפּעטאָרין, אָדער צו סתם אַן אָרעמען קראַנקן אָדער קראַנקער. אַזוי איז זי געגאַנגען — וואָס זאָג איך געגאַנגען, זי האָט פּשוט געשוועבט פון די רייכע הייזער צו די אָרעמע — און אַזוי כסדר געגומען טעפּלעך מיט געקעכטס און עס צעטיילט דאָרט, וואו מען האָט עס נייטיק באַדאַרפט.

צווישן די אויסנאַמטיפּן פון מיין שטעטל האָט זיך אויך געפונען איר אָריגינעלער שטאָט־משוגענער.

יעדער שטעטל האָט זיך אַן אייגענעם משוגענעם, אָבער שידלאָווצע האָט געהאַט אַ משוגענעם בשותפות מיט די אַרומיקע שטעט. מרדכי האַקע האָט מען אים גערופן.

אָט דער האַקע איז ניט איינגעזעסן אויף אַן אָרט. ביי אונדז געווען עטלעכע חדשים, האָט ער אַוועקגעשפּאַצירט אין אַן אַנדער שטעטל. דאָרט אָפּגעווען עטלעכע חדשים, איז ער צוריקגעקומען קיין שידלאָווצע. האַקע האָט געזאָגט, אַז ער האָט מורא פאַר די גרויסע שטעט. ער האָט ניט ליב, פלעגט ער זאָגן, צו טרינקען וואַסער, וואָס קומט דורך אַן אייזערנער רער. ער האָט ליב געהאַט וואַסער פון אַ קוואַל. ער פלעגט יעדן טאָג אַרויסשפּאַצירן אַרום זעקס וויאָרסט פון אונדזער שטעטל אַ טרונק צו טאָן פון דעם קוואַל, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. אָבער זומער, אין די גרויסע היצן, פלעגט ער כסדר גיין הין און צוריק, ווייל קוים האָט ער זיך אָנגעטרונקען און אָפּגעגאַנגען עטלעכע וויאָרסט, איז ער ווייטער דורשטיק געוואָרן און צוריק געגאַנגען צו דעם קוואַל, און אַזוי איז ער דעם גאַנצן טאָג געגאַנגען הין און צוריק צו שטילן זיין דורשט מיט קוואַלוואַסער.

געגעסן האָט ער די איבערבלייבעכצן אין די הייזער און טאָמער האָט אים עמעצער געגעבן אַ גאַנצן מלבוש, האָט ער אים אויפן צווייטן טאָג געטראָפן מיט אָרונטערגעהאַנגענע שטיקער פון דעם מלבוש. האַקע האָט ניט פאַרטראָגן קיין גאַנצן מלבוש, דאָס פּאַסט פאַר וואַרשע, האָט ער געזאָגט, און אַזוי ווי ער האָט פיינט וואַרשע, מוז ער מאַכן ערגעץ אַ ריס אין דעם מלבוש. די קונדסים האָבן שוין פון דעם איינעם ריס געמאַכט מער ריסן.

האַקע איז אַרומגעלאָפן אין גאַס און אויסגעזונגען אַלע חזנישע שטיק־לעך, און אַ גוטע שטים האָט ער געהאַט. ווען ער איז צוריקגעקומען פון זיינס אַ וואַנדערונג, האָט ער געבראַכט נייע חזנישע ניגונים. ער פלעגט אָפּט מאָל זיי אויסזינגען אויפן הויכן קול אין מיטן נאַכט אין שולהויף.

איין מאָל, אין צייט פון אַ מגפה, האָט מען האַקען חתונה געמאַכט אויפן בית־עולם מיט אַ משוגענער מיידל. דאָס גאַנצע שטעטל איז דעמאָלט געווען אויפן בית־עולם. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ סגולה קעגן דער מגפה. אָבער גלייך נאָך דער מגפה האָט זיך האַקע אַוועקגעלאָזט אויף זיין שפּאַציר און איבערגעלאָזט אַן עגונה פאַר זעקס חדשים און די עגונה איז אונטער דער צייט געשטאָרבן. ווען ער איז צוריקגעקומען און מען האָט אים געזאָגט, אַז

זיין ווייב איז געשטאָרבן, האָט ער געזאָגט, אַז ער גלייבט ניט, אַז זיין ווייב איז טויט.

איי, דאָס ווייב איז דאָך געשטאָרבן, ווייל ער האָט זי פאַרלאָזט? איז גלייבט ער גאָרנישט, אַז זי איז געשטאָרבן...

„משוגע, אָבער ניט פאַר זיך", פלעגט מען אויף אים זאָגן.

משה יחיאל שוואַרצפוטער ע"ה (תל־אביב)

# פון אַמאָליקע יאָרן

איך וויל דאָ באַשרייבן זאַכן, וואָס איך האָב אַליין געזען אָדער האָב עס געהערט פון אַלטע לייט, וואָס איך זיי האָבן עס געהערט פון זייערע עלטערן אָדער זיידעס.

גאָר אַ מאָל האָט שידלאָווצע זיך גערעכנט פאַרן כרך אין דער גאַנצער געגנט. צו איר האָבן אַ מאָל געהערט סקאַרזשיסק, בזשין, סוכעדנעוו, סמאָגעוו, יאַבלאָניצע, רזשיצאָוו, באַרקאָוויצע, בליזשין, כלעוויסק, סטאַרוויש, פּאָוולעוו און פאַרשיידענע דערפער ביז רוינסק און ראַשקעוו. די יידן פון אָט די שטעט־לעך און דערפער אַרום האָבן דעמאָלט געמוזט אָנקומען צו שידלאָווצע, ווען ס'איז געקומען צו אַ חתונה, אַ ברית אָדער אין אַ טויטפאַל.

עס וואָלט געווען לייכטער צו דערציילן פון אַמאָליקע יאָרן אין שיד־לאָווצע, ווען עס וואָלט ניט פאַרפאַלן אָדער פאַרברענט געוואָרן דער פּנקס פון דער קהילה, וואָס מען זאָגט, אַז ער איז אַלט געווען אַרום 400 יאָר. איך האָב אַליין געזען דעם פּנקס ביי דעם גבאי פון חברה קדישא ר' שלמה גאָלדקאָרן און דערנאָך ביי הערשל קויפמאַן. דער פּנקס איז תמיד געלעגן ביים גבאי פון חברה קדישא.

ד"ר יצחק שיפּער, דער באַוואוסטער יידיש־פּוילישער היסטאָריקער, האָט איין מאָל באַזוכט די אַלטע שול און אַנדערע אַלטע ערטער אין שידלאָוו־צע. בעתן באַזוך האָט מען אים געוויזן גאָר אַן אַלטן סידור, געשריבן אויף פּאַרמעט. ער האָט געבעטן, אַז מען זאָל עס איבערגעבן דורך אים דעם ייוואָ, אָבער דער גבאי און אַנדערע שידלאָווצער יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. איצט ווייסט מען אויך ניט וואוהין ס'איז אַהינגעקומען אָט דער וויכטיקער סידור.

אויף דעם אַלטן בית־הקברות האָבן זיך געפונען מצבות, וואָס זיינען געווען זייער אַלט, מען האָט געזאָגט: אַרום 500 יאָר.

שידלאָווצע איז אויסגעוואַקסן אין איר באַטייט צוליב דער באַנליניע וואַרשע־קראָקע, וואָס מען האָט אויסגעבויט ניט ווייט פון שטעטל. וועגן דעם ענין האָט מען דערציילט — און, משמעות, דאָס איז טאַקע דער אמת — אַז בעת די צאַרישע מאַכט האָט באַקאַנט געמאַכט איר פּלאַן צו בויען אָט די באַנליניע, איז אויפגעהויבן געוואָרן אַ גרויסער געוואַלד מצד די שטעטלשע יידן, וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה פון פירן זייער מסחר דורך אַרומפאָרן מיט וועגענער אָדער די אָרטיקע בעלי־עגלות. דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל דער ערשטער פּלאַן איז געווען, אַז די באַנליניע זאָל זיין כמעט אין שטעטל, הינטערן בית־עולם. עס האָבן זיך אַריינגעמישט אויך חשובע בעלי־בתים צו העלפן אָפּשרייען די גזירה. מען איז געלאָפן צו גרויסע רבנים אַרום און געבעטן הילף. די ריכטיקסטע עצה איז געווען אַ פשוטע: מען האָט צונויפגעזאַמלט עטלעכע הונדערט רובל און עס געגעבן צו אינזשינערן, וואָס האָבן געהאַט צו זאָגן וועגן דעם. האָבן יענע „פאַרזען" דעם שידלאָווצער בית־הקברות און אַריבערגעהויבן די ליניע קיין בזשין, אַ קליין דערפל דעמאָלט, וואו ס'איז שפעטער אויסגעוואַקסן סקאַרזשיסק.

עלטערע מענטשן פלעגן דערציילן פון דער צייט, ווען די איינציקע באַלייכטונג אין שטעטל איז געווען ליכט אָדער איילביימל. איך געדענק פון 1907 אָדער 1908 די ערשטע בליצלאָמפּן אין שטעטל, וואָס מען האָט אויפגעהאנגען אין דריי ערטער: ביים מאַגיסטראַט, ביי די באָדנס, אויפן ראָדעמער שאָסיי. יעדן אָוונט פלעגט מען זיי אַרויפציען און אָנצינדן, און די קינדער פלעגן זיך צונויפלויפן אָנקוקן דעם וואונדער.

מיין זיידע ר' לייבוש דוד שוואַרצפוטער האָט ביז זיין טויט ניט צוגעלאָזן, אַז אין זיין שטוב זאָל מען ניצן נאַפטלאָמפּן, חוץ אויף אַ שמחה אָדער יום־טוב. ער האָט געזאָגט, אַז ער פאַרטראָגט ניט די נייע זאַכן און אַז נאַפט האָט אַ שלעכטן ריח. מען האָט געמוזט ניצן אין זיין שטוב נאָר ליכט.

אין שטעטל זיינען געווען אַ סך חברות. די ערשטע חברה, וואו איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן, איז געווען דער ביקור־חולים. זיינע גרינדערס און אַקטיווע מיטגלידער זיינען געווען ר' שמחה בונעם אפּאטאָווסקי, דוד אָסטראָוויעצקי, פסח שלאַק, יאַנקל רחל זעליקס און דער לאָמער ישראלקע. שפעטער האָבן מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון ביקור־חולים און געווען אין זיין וועד: אברהם פינקלער, הערשל קויפמאַן, הערשל וועסטער, אברהם קופערמאַן, יחיאל כ"ץ, איטשע ראָזענבלום און איך. אויך פרויען האָבן מיטגעהאָלפן.

די ידן אין שידלאָווצע, וואָס זיינען געווען די מערהייט איינוואוינערס, האָבן זיך ניט געלאָזט שפּייען אין קאַשע פון פּויערים. אַז אַ פּויער האָט אַ מאָל פאַרטשעפּעט אַ שידלאָווצער קאַראַבעלניק אין אַ דאָרף, האָט מען זיך דערנאָך אָפּגערעכנט מיט אים, ווען ער איז געקומען אין שטעטל אַריין.

מיין זיידע ר׳ לייבוש דוד האָט דערציילט, אַז אין שידלאָווצע האָט אַ מאָל געוואוינט דער פּשיטיקער רבי, ר׳ יצחקל מורה־הוראה, אין הויז פון יצחק סאַנקעוויץ. עס איז געווען אַ הילצערנע שטוב און איין וואַנט אירע איז איין מאָל איינגעפאַלן. מען האָט ניט געקענט קריגן קיין דערלויבעניש עס אויפצושטעלן, האָבן ידן עס פאַרריכט אָן אַ דערלויבעניש. איז געקומען דער הויפּטסטראַזשניק פון שטעטל צום רבין אין הויז און אים געפרעגט, פאַר וואָס ער האָט אויפגעשטעלט די וואַנט אָן אַ דערלויבעניש. דער רבי האָט נישט פאַרשטאַנען קיין רוסיש, האָט דער סטראַזשניק אים אָנגעכאַפּט פאַר דער באָרד. וועגן דעם האָט מען גלייך איבערגעגעבן צו מיין זיידן ר׳ לייבוש דוד און ברוך איזנבערג, וואָס האָבן געהאַט דערביי אַ בשותפותדיקע קראָם. בעת מעשה זיינען אין קראָם געווען מיין טאַטע און לייבוש איזנבערג, זיינען זיי ביידע, אָן אַ וואָרט צו זאָגן, אַרויס פון קראָם און געפּאַקט דעם סטראַזשניק ביי קריינדאלעס (שוויגער פון מרדכי ווערטהיים) טויער. זיי האָבן אים אַריינגערופן אין טויער און האָבן אים דאָרטן אַזוי צעממיתט, אַז מען האָט אים געמוזט אָוועקפירן אין אַ שפּיטאָל אין ראַדעם, וואו ער איז אין דריי טעג אַרום גע־שטאָרבן. ס׳איז געווען אַ גרויסער פּראָצעס. לייבוש איזנבערג האָט אויף זיך גענומען די גאַנצע שולד. פאַר גרויסע געלטער איז געלונגען אויסצופּועלן, אַז לייבוש זאָל קריגן נאָר 6 חדשים תפיסה.

איך געדענק, אַז איין מאָל איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז גויים קלייבן זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם אין שידלאָווצע אין אַ מיטוואָכדיקן מאַרקטאָג. די גויים האָבן געדאַרפט קומען פון סקאַרזשיסקער זייט. די ידן, צוזאַמען מיט אַ כאַפּטע גויים פון שטעטל, מיט וועמען זיי האָבן גוט געלעבט, זיינען יענעם טאָג אַרויס אויסן שטעטל און דאָרטן גוט אָנגעבראָכן דיביינער די גויאישקע „אורחים״, און דאָס זעלביקע האָט מען געטאָן מיט יענע פּויערים, וואָס זיינען שוין געווען אַריין אין שטעטל און געוואָרט אויף זייערע „חברים״ פון סקאַרזשיסקער זייט. מען האָט געוואָרנט די פּויערים מיטן פאַרברענען זייער תבואה, מיטן פאַרסמען זייערע פערד און דאָס גלייכן. גויים אין שטעטל האָבן זיך געשראָקן. יוזעק פּאַטקאָווינסקי, אַ רייכער קריסט, געהאַט אַ שענק אַקעגן דעם מאַגיסטראַט, האָט אַריינגערופן מיך און יחיאל צוקער און זיך געשוואָרן, אַז ער האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט די יעניקע, וואָס האָבן געפּלאַנט דעם פּאָגראָם.

עפּעס ענלעכס האָט זיך פּאַרלאָפן מיט די פּייער־לעשערס. תחילת זיינען די מערסטע פּייער־לעשערס געווען גויים. כאָטש יידן זיינען געווען די מערהייט אין שטאָט, האָבן זיי אָבער ניט געהאַט קיין גרויס חשק צו זיין פּייער־לעשערס. אָבער יידן האָבן געזען, אַז כמעט ביי אַלע שריפות אין יידישע הייזער קומען די פּייער־לעשערס „שפּעט". איין מאָל איז געווען אַ גרויסע שריפה אויף דער יידישער גאַס, וואו עס האָבן דעמאָלט אָפּגעברענט איבער 50 הייזער, ווייל די פּייער־לעשערס זיינען ווידער געקומען „שפּעט". דעמאָלט זיינען שוין אַריין מערער יידישע יוגנטלעכע אין דער קאָמאַנדע פּייער־לעשערס. צוליב געשלעגן, וואָס זיינען אָפט אויסגעבראָכן צווישן די יידישע און קריסטלעכע פּייער־לעשערס, האָבן יידן געשאַפן אַן אייגענע פּייער־לעשער־קאָמאַנדע.

די יידן האָבן אָבער דער עיקר זיך אָפּגעגעבן מיט יידן, מיט העלפן איינער דעם אַנדערן און טאַקע מיט זאָרגן פאַר זיך גופא. אָבער אין די שבתים און יום־טובים פלעגן פאַרגעסן ווערן די דאגות פרנסה. דער גרעסטער יום־טוב, ווען יידן האָבן זיך משמח געווען, איז געווען פורים — און זיכער איז דאָס געווען דער גרעסטער יום־טוב פאַר די אָרעמע יידן אין שטעטל. דער גאַנצער שלח־מנות איז געווען איינגעשטעלט אַזוי, אַז דער עיקר זאָלן געניסן פון דעם די אָרעמע. באַזונדערס די רייכערע באַלעבאַטים האָבן געמוזט צו־גרייטן גרעסערע סומעס געלט פאַר די שלח־מנותן. אין שידלאָווצע איז געווען אַ מנהג, אַז יידן — די פאַרמעגלעכע קודם־כל — זאָלן שיקן שלח־מנות צום רב, צום רבין, צו די דיינים, צו די מלמדים. אַ צווייטער מנהג איז געווען, אַז די טירן פון די שטיבער האָבן פורים אָוונט געמוזט בלייבן אָפן ביז שפּעט אין דער נאַכט, כדי די אַלע גייערס נאָך שלח־מנות זאָלן קענען באַוויזן צו קומען אין וואָס מער ערטער. ווי איז געווען איינעם, וואָס האָט פורים אָוונט צו פרי פאַרמאַכט די טיר פון זיין הויז. אויסער די אמתע אָרעמעלייט, זיינען אַרומגעגאַנגען אַ סך מיט מאַסקעס און געבעטן שלח־מנות פאַר נויט־באַדערפ־טיקע. געגאַנגען זיינען ניט בלויז איינצלנע, נאָר אָפט גאַנצע גרופּעס. איין גרופּע אַזאַ האָט מען גערופן „קראַקאָווסקע וועסעלע" — אָנגעטאָן אין גויאישקע בגדים, מיט אַ גרויסן בוים אָנגעהאַנגען מיט גלעקלעך. זיי פלעגן זינגען, טאַנצן און געבן אַ קליינע פאָרשטעלונג. יעקל וואַסער־טרעגער פלעגט גיין פורים צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. ער האָט געטראָגן אַ מין ליאַלקע, אָנגעשטאָפּט מיט שטרוי, מיט אַ רויט קלייד. זיי האָבן געקלאַפּט אין פויקן און טאַצן. אַנדערע האָבן געטראָגן אַן אתרוג און לולב און געשריען „בענטשט אתרוג און גיט געלט!"

יידן דאָ זיינען געווען גרויסע בעלי־צדקה, ניט דווקא פורים. ניט ווייט

פון שידלאָווצע, אין דערפל רוינסק, אויפן וועג קיין ראַדעם, האָט געוואוינט אַ ייד מיטן נאָמען ישראל משה כ״ץ. ער איז געווען דער פאָטער פון הערש־מענדל כ״ץ, זייער אַ רייכע פאַמיליע. דאָרטן איז געווען אַ קרעטשמע. געווען אַ סך צימערן, אַלע פיין און ריין אויפגעהאַלטן. נאָר איין גרויס צימער איז געווען ספּעציעל פאַר אָרעמע דורכפאָרערס. די סוחרים און בעלי־עגלות פלעגן מחז באַצאָלן, נאַטירלעך, פאַר אַלץ, אָבער די אָרעמערע מענטשן האָט מען אַלץ געגעבן אומזיסט און אָפט נאָך צוגעגעבן אַ שיינע נדבה.

דער זעלביקער ר׳ ישראל משה האָט זיך געפּירט, אַז יעדן פאַר פסח פלעגט ער קומען קיין שידלאָווצע מיט 10 אָדער 12 אָנגעלאָדענע וועגענער מיט קאַרטאָפל, בוריקעס, מערן און פּאַסטערנאַק (אַזעלכע ווייסע מערן, וואָס ידן פלעגן עסן פּסח) און שאר ירקות, כדי עס פונאַנדערצעטיילן פאַר די שטאָטישע אָרעמעלייט.

אין שידלאָווצע גופא איז געווען אַ ייד אַ קאָוואַל, אברהם יצחק כוסטעצקי. ער האָט געמאַכט אַ פיינע פּרנסה פון זיין שמידערײַ. זיין הויז איז געווען ביים אַריינפאָר פון שטעטל. האָט ער ספּעציעל געהאַלטן איין צימער פריי, כדי דאָרטן זאָלן קענען נעכטיקן ידישע דורכפאָרערס. מיט דעם ידן איז פאַראַן נאָך אַ געשיכטע: ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט חול־המועד געלייגט תפילין. דערציילט מען, אַז ער איז אַוועק צום רבין און געזאָגט, אַז ער קען אָנווערן זיין גאַנצע פּרנסה, אויב ער זאָל חול־המועד ניט אַרבעטן. האָט דער רב אים געזאָגט: גיי און אַרבעט, דערפאַר אָבער לייג תפילין חול־המועד. דאָ דאַרף מען צוגעבן, אַז די שידלאָווצער האָבן יענע צייט ניט געאַרבעט חול־המועד. דער אברהם־יצחק פלעגט פּרייטיק צו נאַכט בלייבן דער לעצטער אין בית־מדרש, כדי ער זאָל קענען מיטנעמען מיט זיך אורחים אויף שבת די אַלע יעניקע, וואָס אַנדערע בעלי־בתים האָבן ניט גענומען.

• • •

מלמדים זיינען געווען אַ סך אין שטעטל. ווער קען זיי אַלעמען גע־דענקען?

איך האָב איין זמן געלערנט ביי משה כלעוויסקער, אַ ייד אַ רויטער און אַ שטרענגער, וואָס פלעגט זייער שלאָגן די קינדער. אַ מלמד אַ שלעגער איז אויך געווען יאַמע קאָזאַק. די קינדער פלעגן ציטערן פאַר זיי. אַנדערע מלמדים, וואָס איך געדענק, זיינען געווען: חיים שמעון, מאָטעס דער מלמד, בערל מלאך, אשר מאָרגענשטערן, זעליקל מלמד, מנשה אַמורער, שמעון נאַניע, ישראל יצחק מלמד, רפאל מלמד, מענדל האָרציקער, אברהם מרדכי מלמד.

ווען מען רעדט וועגן חדרים, דאַרף מען דערמאָנען, אַז אין שידלאָווצע

איז אויך געווען אַן אַלגעמיינע שול, אַ „שקאָלע". די יידישע ייִנגלעך האָבן זייערע עלטערן ניט געשיקט אַהין. אָבער יידישע מיידלעך האָבן יאָ דאָרטן געלערנט. אָבער ניט אַלע מיידלעך האָט מען אָנגענומען, ווייל אין דער „שקאָלע" האָבן זיך געקענט לערנען נאָר אַזעלכע, וואָס זייערע עלטערן האָבן געהאַט אַן אייגן הויז, אַ האַנדלס־פּאַטענט און געצאָלט שטייערן. געווען אָבער יידן, וואָס האָבן אַרויפגעשריבן אָרעמע מיידלעך אויף זייער חשבון און אַ דאַנק דעם האָבן יענע געקענט זיך לערנען אין דער אַלגעמיינער שול.

עס זיינען אויך געווען פּריוואַטע לערערס, וואָס האָבן אין די הייזער פון די קינדער געגעבן „שטונדן". אין די גרעסערע חדרים פלעגן אויך לערערס לערנען חשבון אָדער רוסיש אַ שעה אין טאָג. איינער פון זיי איז משה לערער. איך זון זיינער, אברהמל כאָמענטאָווסקי, איז איצט אין בראַזיל. פּריוואַטע לערערס זיינען אויך געווען וועלוועלע לערער, יחיאל צוקער, דוד אָסטראָוויעצקי. געווען אויך עטלעכע פּריוואַטע לערערינס.

ווען איך האָב געלערנט אין חדר איז איין מאָל געוואָרן אַ מהומה אין שטעטל. מען האָט גערעדט, אַז די „שטרייקערס" — אַזוי האָט מען דאַן גערופן דעם אומלעגאַלן „בונד" — גרייטן זיך אויף אַ דעמאָנסטראַציע און אַז זיי וועלן אַרויסנעמען די קינדער פון די חדרים צו טראָגן די פאָנען. איזיק כהן האָט פון דער בימה אין בית־מדרש גערעדט קעגן מאַכן דעמאָנסטראַציעס און באַזונדערס קעגן באַנוצן זיך מיט די קינדער פון די חדרים. ער האָט אויס־גערופן אַ חרם אויף די, וואָס וועלן גיין מיט די „שטרייקערס". ווען איזיק כהן איז שבת פרי געגאַנגען פון דער מקוה, האָט מען אים אָפּגעוואָרט און דער־שאָסן. דאָס האָט מען גערופן דער „טרויעריקער שבת". (זע משה האַנדשערס זכרונות וועגן זעלביקן עפּיזאָד. — רעד').

* * *

נאָך תשעה באב, ווען דאָס גאַנצע שטעטל האָט אָפּגעקלאָגט אויפן חורבן בית־המקדש אין ירושלים, האָט אָנגעהויבן ווערן טרויעריקער אויפן האַרצן. דער פריילעכער זומער גייט שוין אַוועק און עס רוקט זיך אָן דער ווינטער. מען דאַרף צוגרייטן שטיוועלעך און וואַרעמע מלבושים פאַר זיך און פאַר די קינדער, האָלץ, קאַרטאָפל, בוריקעס, קרויט.

אין די מער באַלעבאַטישע שטיבער זיינען די פרויען פאַרנומען מיט מאַכן פאַרשיידענע איינגעמאַכטסן, יאַגדעס סאָק אויף אַ רפואה פאַר בויכוויטיק, מאַלינע סאָק אויף צו שוויצן, פּאָווידלע צו שמירן ס'ברויט פאַר קינדער וכדומה.

אָבער דער אמתער טרויער איפן שטעטל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, ווען ס'איז געקומען דער חודש אלול. אפילו פרויען האָבן אָנגעהויבן צו גיין

דאַווענען אין שול אין דער פרי, און ווען מען האָט אָנגעהויבן זאָגן סליחות, פלעגן אַ סך פרויען ברענגען מיט זיך לאָמפּן, כדי זיי זאָלן קענען זען אין סידור אָדער אין „צאינה וראינה״.

ערב ימים־נוראים פלעגן זיך אַראָפּלאָזן קיין שידלאָווצע די יידן פון די אַרומיקע ישובים, בכדי צו האָבן אַ שול, וואו צו דאַווענען אין די פאַרכטיקע טעג. אין די גרעסערע ישובים אַרום האָט מען געדונגען אַ בעל־תפילה אויף די ימים־נוראים.

אין די ימים־נוראים זיינען טייל „שטיבלעך״ געווען פאַרמאַכט, ווייל מען איז געגאַנגען דאַווענען אין שול אָדער בית־מדרש, וואו עס זיינען אויך געווען גוטע בעלי־תפילה: ר׳ שיע מרדכי באָטשאַן, ר׳ מאָטל שוחט, שמואל יאָסל שוחט, מרדכי קופערמאַן. באַזונדערס איז מען געלאָפן אין שול, ווען דער רבי ר׳ נתן דוד האָט דאָרטן געדאַוונט מוסף.

געבלאָזן שופר האָט יצחקל טייבעלעס, אַ קליין דאַר יידל, ניט געווען וואָס אָנצוקוקן. נאָר אַז ער האָט אַ געשריי געטאָן „מן המצר״, האָט עס אָפּ־געהילכט איבער דער גאַנצער שול, און ווען ער האָט געבלאָזן שופר, האָט עס געקלונגען אין די אויערן. דער ייד האָט ניט געקענט הויך ריידן, שוואַך און איינגעהויקערט — פאַרשטיי איך ניט פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ כוח!

נאָר וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי אונדז ערב יום־כיפור, האָב איך ניט קיין ווערטער צו באַשרייבן. אַלע זיינען געגאַנגען צום בית־הקברות אויף קבר־אבות. מען האָט געוויינט און געשריען און געבעטן ביי די טויטע, אַז זיי זאָלן העלפן אויסבעטן אַ גוט יאָר. פון ביידע זייטן אַריינגאַנג צום בית־עולם זיינען געשטאַנען שנאָרערס און בעטלערס און געבעטן געלט. דאָס זעלביקע האָבן געטאָן פאַרשיידענע שטעטלשע חברות.

נאָכן קומען פון קבר־אבות האָט מען געמאַכט אַ סעודה. ס׳איז געווען אַ מנהג צו עסן קרעפּלעך. נאָכן עסן זיינען יידן געלאָפן אין מקוה אַריין. נאָך דעם האָט מען גענומען גרויסע ליכט אין האַנט און געגאַנגען צו מנחה. איך האָב נאָך געזען, ווי יידן פלעגן זיך אַוועקלייגן אויף דער פּאָדלאָגע פון בית־מדרש און איינער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ גרויסן קאַנטשיק און זיי געגעבן מלקות, בכדי אָפּצוקומען פאַר זייערע זינד.

נו, און ווען דער חזן האָט געזאָגט „כל נדרי״, איז געווען הימל עפן זיך. דאָס זאָגן איז פיל מאָל איבערגעריסן געוואָרן פון די געוויינען און געשרייען פון די ווייבער. ניט איין מאָל איז עמעצער געפאַלן אין חלשות יום־כיפור און מען האָט געמוזט רופן אהרן רופא אָדער גאָר דעם דאָקטער.

די שול האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע אַקוסטיק. איין מאָל איז דער רויסער סיראָטע עקסטרע געקומען דאַווענען אַ מעריב אין שידלאָווצע. ער אָט געזאָגט, אַז ער האָט שוין געדאַוונט אין אַזוי פיל שולן, נאָר אַ שול מיט אַ עכאָ האָט ער נאָך ניט געזען. בכלל האָט שידלאָווצע תמיד געהאַט גוטע זנים און אַליין אַרויסגעגעבן גוטע חזנים. דער לעצטער אונטער־חזן אין דער אַרימטער טלאָמאַצקע־שול אין וואַרשע, אברהם שערמאַן, איז אַ שידלאָווצער. יך פאָטער, וואָס מען האָט גערופן משה ציגלארזש, האָט געהאַט אַ ציגעלנע ויף דעם ראָדעמער וועג.

* * *

פונדעסטוועגן האָבן דאָך אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן אין שטעטל. רום 1910־1911 האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ סאָרט קולטור־פאַראיין. נגעהויבן האָט זיך עס פון מאָטל איזענבערגס אַ קליין שטיבל, וואוהין טלעכע שידלאָווצער בחורים האָבן גענומען ברענגען יידישע ביכער צום ייענען. שבת פלעגט מען דאָרטן לייענען ביכער בציבור. מען האָט אויך אָרטן דורכגעפירט רעפעראַטן און דיסקוסיעס אויף פאַרשיידענע טעמעס.

פון דעם איז מיט דער צייט אַרויסגעוואַקסן אַ קליינע ביבליאָטעק. פאַר עם האָט מען אָפּגעדונגען אַ קליין צימערל ביי אַ קריסט אַנטקעגן קלויסטער, וייל קיין ייִדן האָבן ניט געוואָלט פאַרדינגען פאַר אַזאַ זאַך ווי אַ ביבליאָטעק, ואָס די פרומע לייט האָבן שטאַרק אַגיטירט קעגן דעם.

ס'איז אויך שווער אָנגעקומען צו לעגאַליזירן די ביבליאָטעק. מען האָט עדאַרפט האָבן אויף דעם עטלעכע אונטערשריפטן פון חשובע באַלעבאַטים — און מען האָט עס ניט געקענט קריגן. סוף־סוף האָבן זיך איינגעפונען דריי שידלאָווצער, וואָס האָבן מסכים געווען צו געבן זייערע חתימות פאַר דעם: חיאל דימאַנט, מאנעס קופּערמאַן און לייבוש גאָלדבערג. אַזוי איז געשאַפן עוואָרן די ערשטע יידישע מאָדערנע קולטור־אינסטיטוציע אין שידלאָווצע.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — אונטער דער השפעה ון טויזנטער אָנגעקומענע און דורכגעפאָרענע מענטשן פון דער ברייטער ועלט — האָט אַ טייל פון דער שטעטלשער יידישער יוגנט גענומען ביסלעכווייז ייטן איר שטייגער לעבן. עס האָבן אויפגעבליט די אַלטע פאַרטייען און נייע פאַרטייען זיינען צוגעקומען.

די פועלי־ציון האָבן געדונגען אַ לאָקאַל ביי אברהם יעקב ראָנטשקי אין הויז. די ערשטע חברים זיינען געווען: אברהם פוקס, שלמה ביטער, הערשל וועסטער, רחל איזענבערג, טשאַרני־עלקע וויינטרויב, פערל צוקער.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען אָפטער יידישע טעאַטער־גרופּעס, וואו עס האָט אויך געשפּילט דער שידלאָווצער יחזקאל ליכטיקער. עס איז ניט געווען קיין זאַל, האָט מען תחילת געשפּילט טעאַטער ביי פּינקערטן אין פאַבריק.

פּינקערט גופא איז געווען אַ מוזיקאַלישער מענטש. ער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן ביי אונדז דעם „הזמיר״. ער האָט געדונגען פאַר זיין געלט דעם ראַדעמער חזן דוראַמאַשקין, אַז ער זאָל קומען איין מאָל אַ וואָך איינשטודירן דעם כאָר פון „הזמיר״, אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע שיכטן. דער „הזמיר״ פלעגט געבן קאָנצערטן און די געשאַפענע דראַמאַטישע סעקציע פלעגט געבן פאָרשטעלונגען.

אין אָט דער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין שטעטל אַ יידישע שול פון 4 קלאַסן און אויך אַ „מזרחי״־שול מיט העברעאישע לערערס.

עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קיבוץ־הכשרה אין שטעטל. די הויפּט־אַרבעט האָבן די חלוצים געקראָגן ביי די פּינקערטס.

נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן אָנגעהויבן עולה זיין קיין א״י אַ ריי יוגנטלעכע. די ערשטע צווישן זיי זיינען געווען: משה פרידמאַן, יצחק קורלענדער, אברהם צוקער, הערשל וואַסערשטיין און אַנדערע. פון די מזרחי־סטישע ערשטע עולים געדענק איך ר׳ שמחה בונעם אָפּאַטאָווסקי און אביגדור אַנילעוויטש.

אין אָט דער צייט האָט זיך אָרגאַניזירט אויך אַ לינקע פּועלי־ציון־פּאַרטיי. צווישן אירע גרינדערס און ערשטע אַקטיוויסטן געדענק איך די נעמען פון הערשל גאָלדבערג, הערשל וועסטער, אברהם פוקס, פּערל צוקער, רחל איזענבערג, פייגע צוקער, שרה־רבקה וויינרייך, אברהם אַביש זאַלצמאַן.

אין „מזרחי״ זיינען דעמאָלט געווען טעטיק: שלמה איזענבערג, ירחמיאל חיים בליזשינסקי, אהרן ליבערבוים, משהלע טייבעלעס, שמחה בונעם אָפּאַטאָווסקי, יאַנקל פרידמאַן, דניאל צוקער און מייק פאַטער ישראל.

אין גאַנצן אַן אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „שומרי בית החיים״ האָט זיך אויך געגרינדעט אין יענע יאָרן. אירע גרינדערס זיינען געווען טרעגערס, בעלי־עגלות, אַרבעטערס און סתם פּאָלקסמענטשן. זיי האָבן געהאָט אַן אייגענעם לאָקאַל, דאָרטן אויפגעשטעלט בעטלעך פאַר אָרעמע מענטשן צו שלאָפן. זיי האָבן געמאַכט אַ פאַרקאַן פאַרן בית־עולם און אויפגעהיט די אַלטע מצבות. בעת וואַלן צום סיים און צו דער קהילה זיינען זיי געווען אַ קענטיקער כוח און זיינען בכלל געווען גאַנץ געזעלשאַפטלעך אַקטיוו.

**ירמיה מייערפעלד** (אַרגענטינע)

# אַ שפּאַציר איבער שידלאָווצע

שידלאָווצע פון מיינע יאָרן איז געווען באַהערשט פון צוויי עקסטרעמען: חסידים פון איין זייט און ראַדיקאַלן פון דער אַנדערער זייט. די דאָזיקע צוויי לאַגערן האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויפן גאַנצן שטעטלשן לעבן און דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין מיינע ווייטערדיקע זכרונות.

אין שטעטל איז געווען אַ נישקשהדיקע קליין־אינדוסטריע, כמעט אין גאַנצן אין ידישע הענט.

געווען אין שידלאָווצע עטלעכע פאַבריקלעך פון שיך. סיי די באַלע־באַטים, סיי די אַרבעטערס זיינען געווען ידן. די אויסאַרבעטונג פלעגט זיך פונאַנדערגיין איבער דעם גרויס־אימפּעריאַלן רוסלאַנד און אפילו קיין עסטרייך. אין די צוויי קנעפּלעך־פאַבריקן זיינען געווען באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט אַרבעטערס, ס׳רוב ידישע מיידלעך.

אין שידלאָווצע איז אויך געווען אַן איזן־גיסעריי. דאָרטן האָבן שוין געאַרבעט די מערהייט קריסטן, וואָס האָבן געוואוינט אַרום דער שטאָט. דאָס וויכטיקסטע אָרט אין דער אינדוסטריע פון שטעטל האָבן פאַרנומען די גרויסע צאָל גאַרבאַרניעס פון ידישע באַלעבאַטים מיט ידישער אַרבעטערס. פון זיי האָבן געצויגן חיונה אַ סך ידן.

פון די גאָר פריע זכרונות מיינע געדענק איך דאָס פינפטע יאָר. קאָזאַקן האָבן דאַן געבושעוועט אין שטאָט. אונדזער שטוב איז פאַרמסרט געוואָרן, אַז ביי אונדז קומען פאָר געהיימע פאַרזאַמלונגען — ווי עס איז טאַקע געווען דער אמת. מיר אַלע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלער. נאָר מיין פאָטער האָט מען צעשלאָגן. די קאָזאַקן האָבן דערוויל צוגענומען יעדע ווערטיקע זאַך, וואָס זיי האָבן געפונען.

כמעט אַלע הייזער זיינען געווען הילצערנע, זיינען זיי איין מאָל אַוועק מיטן רויך. אין איפּבויען צוריק דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ שטיקל חלק מיין פאָטער, ווען מען האָט גערופן יאָסעלע דער מויערער, ער האָט געהאַט אַ בוימייסטער־דיפּלאָם פון ניקאָלייען.

דער פאָטער האָט געהאַט נאָך אַ באַשעפטיקונג: פאַרמיטלער אין סיכסוכים, ווי אויך עצה־געבער ביי „ספּראַוועס” פון ידן מיט מלכות. ער פלעגט אויספועלן אַ באַפרייאונג פאַר אַ באַלעבאַטיש זונדל פון מיליטער־דינסט.

נאָר ביי דעם אַלעם פלעגט גאַנץ אָפט אַריינפאַלן דער שטייער־מאַנער, פאַר־נעמען שטובזאַכן און אַוועקטראָגן עס אין מאַגיסטראַט פאַר נישט באַצאָלן אין צייט דעם שטייער.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דייטשישע מיליטער־מאַכט אין שטעטל רעקווירירט די גאַרבערייען, ביי אַ טוץ גאַרבאַר־ניעס ידישע. אָבער באַרייכערטע פאַבריקאַנטן האָבן געלאָזט איפבויען נייע פאַבריקן און איבערבויען נייע שיינע הייזער. מיין פאָטער איז געווען איינער פון די בויערס. ער האָט אויפגעבויט נייע הייזער אין גאַנצע גאַסן.

* * *

איצט לאָמיר מאַכן אַ לענגערן שפּאַציר איבערן שטעטל.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אויף ראַדעמער שאָסיי, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן וואַרשע און קראָקע, צווישן שורות ריזיקע אַקאַציע־ביימער. אין דער לינקער זייט אַ קחשניע (שמידעריי), פון דער רעכטער זייט — לייזער קנעפּל־מאַכערס פאַבריק, אין וועלכער עס האָבן געאַרבעט ביי אַ דריי הונדערט ידישע מיידלעך. אינעם זאַל פון אָט דער פאַבריק האָבן טייל מאָל געשפּילט טעאַטער ידישע באַקאַנטע אַרטיסטן פון דער „פרעמד". כאַצקל אוגערעוויטש איז דאָרט געווען אויפזעער. אברהם בליכער, טוער פון „בונד", איז געווען דאָרטן דער מעכאַניקער. ניט איין מאָל איז אויסגעקומען אַראָפּצונעמען פון דער אַרבעט אין פאַבריק שטרייק־ברעכערס. מען האָט זיך דאָן גאַנץ שיין געממיתט און צעבלוטיקט.

דער וועג ציט זיך ווייטער אין שטאָט, אַזוי האַלב־רונדיק מיטן שאָסיי ביזן ערשטן מאַרקפּלאַץ פון חזירים. געווען נאָך צוויי אָדער דריי מערקפּלעצער.

פון איין זייט — הויכע שטיינבערג (פעלדזן), פאַרצאַמט מיט אַ מויער, די באַוואוסטע „סקאַלעס". די שטיינער פלעגט מען ניצן צום שלייפן, ווי אויך פאַר מילשטיינער אָדער מצבות. שבתי סקאַלניק פלעגט זיין דער צושטעלער פון די שטיינער און זיי צעשיקן איבער דעם גרויסן צאַרישן רוסלאַנד. געאַרבעט דערביי האָבן קריסטן.

אַזוי פאַרנדיק מיט דעם הויפּטוועג טיפער אין שטאָט אַריין, איין גאַס רעכטס, קומט מען צו דער שול. זי איז געווען אַ פּראַכט פון אינעווייניק, כאָטש פון דרויסן גראָד נישט אָנזעעוודיק. דער בויסטיל — ביזאַנטישער. די פענצ־טערס — גראָדע גאָטישע, מיט רויטע שייבלעך פון די זייטן, פאַרענדיקט רונד געוועלבט אין דער היך. איבער דעם באַלעמער — אַ הויכגעוועלבטער קופּאָל,

מיט אַראָפּהענגענדיקע בליצלאָמפּן אויף לאַנגע קייטן. פון אונטן קוקנדיק האָט עס אויסגעזען ווי אַ ריזיקע קרוין איבער דעם בעל־קורא. ווען די זון האָט אַריינגעשיינט דורך די שויבן, האָט עס געכישופט מיין קינדערשע פאַנטאַזיע, ווי מלאכים וואָלטן אַריינשוועבן דורך די פענצטערס און מיטגעזונגען די תפילות פון חזן.

ביים אַריינגאַנג פון שול, צו דער לינקער האַנט, איז געווען דער פּאָליש פאַר די געוויינלעכע באַלעבאַטים, וואָס האָבן ליב אָפּצוכאַפּן דאָס דאַווענען און אַהיימלויפן איבערבייסן. אין דרויסן — אַ רחבותדיקער שולהויף. צווישן די שורות ביימער, רעכטס, איז געווען דער בית־מדרש, וואָס האָט פאַרמאָגט זייער אַ שיין־געשניצטן אָרון־קודש.



די שול ביי נאָטע אייזענבערג

מיר קומען צוריק אַרויס אויפן הויפּטוועג פון שאָסיי, נאָענטער צו דער שטאָט. דאָ זענען שוין אויסגעשטעלט געדיכט־באַזעצטע היזער מיט געוועלבער, שענקען, בעקערייען.

דערנאָך קומט דער צווייטער מאַרק מיט די „באָדנס", געבויט רונדיק, מיט טורעמלעך פון אויבן, צוויי אַריינגענג מיט קאָלומנעס גריכישער סטיל, מיט געוועלבער רונד אַרום און פון אינעווייניק — ווי אַ האַלע.

ווייטער ציט זיך די הויפּטגאַס, פול מיט אייזן־געוועלבער, גאַלאַנטעריי און שערערס. און באַלד קומט מען צו אַ טויער פון דעם בכבודיקן בעל־הבית מרדכי קופּערמאַן. דער הויף ציט זיך לאַנג, אַרויס ביז אויף יענער זייט מאַרקפּלאַץ (דער דריטער). אין הויף געפינט זיך דער פאַראיין פון „בונד", וואָס

האָט געשפּילט אַזאַ געוואַלדיקע ראָלע אין דער דערציִערישער און אָרגאַניזאַ־טאָרישער אַרבעט פון די ייִדישע אַרבעטערס אין שידלאָווצע.

* * *

מאַכן מיר ווייטער די עקסקורסיע איבערן שטעטל. פון דער רעכטער זייט, הינטער די באָדנס, איז געווען דער בונדישער שפּיז־קאָאָפּעראַטיוו. ווייטער ציט זיך אַ געסל, וואָס האָט געפירט צו דער מקוה, וואו ייִדן האָבן זיך פרייטיק מחיה געווען מיט לאָזער דעם בעדערס ווייכע בעזעמלעך און מיט דער פּאָרע פון די אָנגעגליטע קיזלשטיינער.

נאָך ווייטער אַרויף געפינט מען אַ פּאַרקן, וואָס נעמט אַרום דעם סטאַוו מיט דעם שלאָס. אינעווייניק איז געווען אַ ביר־ברויעריי אין אַן אײַזקעלטער.

מיר איז אויסגעקומען נישט איין מאָל צו קריכן אויף די ביידעמער פון אַלטן שלאָס צו זוכן דעקאָראַציעס פאַר אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, וואָס דער „בונד" האָט געהאַט באַקומען אַ דערלויבעניש אויפצופירן אין דעם דאָרטיקן טעאַטער־זאַל, נאָר די אַקוסטיק האָט שוין נישט געטויגט צוליב די אָפענע ווענט פון דער אַלטער חורבה. מיט דער הילף פון ראובן צוקער, דעם קונסט־מאָלער, פלעגן מיר נאָך אַרויסשלעפּן אַ ביסל דעקאָראַציעס פון צווישן דעם שפּינוועבס אַרויס.

מען האָט געזאָגט, אַז אין דעם שלאָס איז דאָ אַ געהיימער טונעל, וואָס האָט אַן אַרויסגאַנג ערגעץ הינטערן שעכטהויז, אין צווייטן עק שטאָט. ביי אונדז אויפן הויף, אין דער הינטערגאַס, איז געווען אַ טיפער האַלב־פאַרשאָטענער ברונעם און דאָרט זאָל האָבן געווען דער צווייטער אַרויסגאַנג. נאָר וויפל איך



דער מאַגיסטראַט

ווייס, פלעגט מען דאָרט ברענען דעם חמץ פאַר פסח און שטעטלשע גנבים האָבן געהאַט אַ גוטע באַהעלטעניש פאַר זייערע געגנבעטע זאַכן.

דער שפּיץ דאַך פונעם שלאָס איז געווען הויך ווי דער קלויסטער. נאָר דער מאַגיסטראַט האָט אַרויסגעסטאַרטשעט העכער פון אַלע מיט זיין טורעם. דער הויכער טורעם איז געוואָרן אונטערגעמינעוועט פון די דייטשן, ווען זיי האָבן געמוזט אָפּטרעטן.

הינטער דעם מאַגיסטראַט געפינט זיך די „שקאָלע״, וואו מען האָט געלערנט „רוסקו פּאָ רוסקו״ און ניט געקענט רוסיפיצירן די פּוילישע באַפעל־קערונג.

ביים קלויסטער געפינט זיך אַ קליינער פּאַרק. דאָרט פלעגט שפּאַצירן די אַריסטאָקראַטיע. אַנטקעגן איז געווען די אַפּטייק. שפּעטער, אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט זיך געעפנט אַ צווייטע אַפּטייק.

דער הויפּטוועג, וואָס הייסט די הויפּטגאַס, ציט זיך האַלב רונדיק, דאָ שוין מיט עלעגאַנטע געשעפטן, ביז אַרויס צו פינקערטס פאַבריק. די צוויי שוואָגערס פינקערט, פאַבריקאַנטן פון דער אייזן־גיסעריי, פלעגן אויסאַרבעטן טעפּ, פּרעסאייזנס, בוקסן צו רעדער פון וועגענער, געשטעלן צו ניימאַשינען אאַז״וו. מיינע צוויי פעטערס האָבן דאָרט געאַרבעט ווי מאָדעליסטן.

דער נידעריקער פינקערט איז געווען אַ געוויסע צייט כאָר־דיריגענט ביים „בונד״. ווי אומגלייבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, איז עס אַ פאַקט. איך געדענק נאָך געוויסע לידער, אויף ידיש, וואָס מען האָט דעמאָלט געזונגען, ווי: „זייט ווילקאָמען, שוועסטער און ברידער״, „אויף וועלכע ווינטן איז צע־שאָטן אייער אַש, איר הייליקע קדושים?״ מיין שוועגערין, רבקהלע גאָלדבערג, איז געווען זיין ליבלינג ווי אַ סאָפּראַנאָ.

אין דער גיסעריי האָט אין 1907 געאַרבעט אַן אייזנער, קאָפּל עפּשטיין. האָבן אים די קריסטלעכע אַרבעטערס מיט אַ טאַטשקע אַרויסגעפירט ווי אַ פּראָטעסט קעגן עפּעס.

דער אייזנער האָט געהאַט אַ זון, ישראל קאָפּעלס האָט מען אים גערופן. האָט זיך אין אים פאַרליבט אַ שיקסע. איז ער אַוועק אין דאָרף צו איר זיך שמדן און חתונה האָבן מיט איר. געדענק איך, ווי מיין טאַטע מיט נאָך באַלעבאַטים האָבן אים געבראַנגט געבונדן אויף אַ וואָגן אום שבת אין אונדזער שטוב און ער איז ביי אונדז געבליבן אַ געוויסע צייט, ביז ער איז געוואָרן אַ לייט. דערנאָך איז ער אַוועק קיין אַרגענטינע און חתונה געהאַט מיט אַ ידישער טאָכטער. אין אַרגענטינע פלעגט ער זינגען אַריעס פון אָפּערעס.

נאָך דער פאַבריק, אויפן וועג קיין קעלץ, איז געווען נאָך אַ פאַבריק, אַ גלאָזפאַבריק.

* * *

אין צייט פון ערשטן וועלטקריג פלעגט זיך אָפּט בייטן דער אופן פון האַנדל אין שטעטל. באַלד אין אָנהייב קריג זענען אַלע אין שטעטל געוואָרן ציגאַרעטן־פאַרקויפערס. די דורכמאַרשירנדיקע סאָלדאַטן פלעגן געבן אַ שוואַרץ ברייטל פאַר אַ ביסל היימיש־געמאַכטע פּאַפּיראָסן. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט מען שוין געקענט ברענגען פון עסטרייך בראָנפן, האָט יעדע שטוב געהאַט צו פאַרקויפן אַ שנאַפּס, וואָס די פּויערים פון דאָרף זענען געווען להוט אויף דעם. נאָך שפּעטער האָט די דייטשע מאַכט רעקוויזירט די גאַרבאַרניעס — האָט כמעט יעדע שטוב געהאַט צו פאַרקויפן גימזענע פעלעכלעך.

מיין ברודער מענדל האָט אויסגעאַרבעט גיפּס־געגאָסענע שבתדיקע לייכטערס, באַגילדעטע אָדער באַזילבערטע, ווייל דער דייטש האָט צוגענומען אַלע מעשענע לייכטערס.

ניט געקוקט אויפן גאַנצן האַנדל, האָט דאָס שטעטל געהונגערט. נאָך גוט, וואָס אַמעריקע האָט אָנגעהויבן אַריינשיקן שפּייז. עס האָבן זיך געגרינדעט קאָמיטעטן ביי די פּאַרטייען צו פאַרטיילן אויף אַן אָרנטלעכן אופן די פּעקלעך.

**ברוך מאיאזוקא** (בראַזיל)

# בילדער פון אַ מאָל



די באַפעלקערונג אין שידלאָווצע איז אין איר מערהייט אַ יידישע. די יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנטווערקעריי און קליינהאַנדל. עס זיינען אויך געווען גאַרבערייען, צוויי קנעפּפאַבריקן, וואו עס האָבן מערסטנס געאַרבעט פּרויען.

די וואוינונגען זיינען באַשטאַנען ס׳רוב פון צוויי־דריי צימערן. אין יעדער דירה האָט געקענט זיין אַ פאַמיליע פון 5־6 נפשות און אין אַ שטוב פון אַ האַנטווערקער האָט זיך נאָך געפונען אַ וואַרשטאַט. איז איינער געווען

אַ שניידער, האָט ער געאַרבעט זיין שניידעריי ביי זיך אין שטוב. אַזוי אויך אַ שוסטער. אַ בעקער האָט געוואוינט מיט זיין פאַמיליע אין דער בעקעריי און אַ מלמד, וועלכער האָט געלערנט מיט 30־20 קינדער, האָט אויך געלערנט מיט די קינדער ביי זיך אין שטוב.

* * *

די יום־טובים האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין שטעטל און שטאַרק באַווירקט דעם לעבן־שטייגער פון די יידן.

חנוכה־צייט פלעגן זיך אָנהייבן אָרגאַניזירן פאַרשיידענע גרופּעס פורים־שפּילערס, וואָס פלעגן צוגרייטן ספּעקטאַקלען אויף פורים. פורים האָבן פריינד זיך געשענקט מתנות. עס זענען געווען פיל יידן, וועלכע האָבן געגעבן און אַזעלכע, וואָס האָבן גענומען. חשובע לייט זיינען געגאַנגען און געבעטן געלט פאַר אָרעמע. וואו מען האָט נאָר געבעטן, האָט מען געגעבן. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין געלט צו שענקען, האָט געגעבן אַ שטיקל צוקער, אַ פּאָר מייצקעס חלה וכדומה.

באלד נאָך פורים האָט זיך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון באַקן מצות. ביים מצות־באַקן זיינען געווען באַשעפטיקט פיל מענטשן — קנעטעריגס, גיסערס, וועלגערקעס, רעדלערס, טרעגערס, שיבערס און אַנדערע.

* * *

אויפן שידלאָווצער בית־עולם רוען די ביינער פון איניקע גרויסע רביים. צו זייערע יאָרצייטן פלעגן קומען פיל יידן פון גאַנץ פוילן. די רעסטאָראַנען פלעגן ווערן פול מיט געסט. ערב די יאָרצייטן פלעגן אָנקומען אַ סך אָרעמע לייט, פאַרשידענע קאַליקעס, בעטלערס. זיי פלעגן גיין איבער דער שטאָט, קלאַפּן אין די טירן און בעטן נדבות. אין טאָג פון די יאָרצייטן פלעגן אַלע אָרעמע לייט זיך שטעלן ביים אַריינגאַנג פון בית־עולם מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

אין טאָג פון די רבישע יאָרצייטן פלעגן אַ טייל מלמדים אַוועקשטעלן טישלעך ביים אַריינגאַנג פון בית־עולם און שרייבן „קוויטלעך". די יידן פלעגן די „קוויטלעך" אַוועקלייגן אויף די קברים פון די רביים און געהאָפט צו קריגן פון דעם אַ גיכע ישועה.

* * *

בעתן ערשטן וועלטקריג האָבן די דייטשישע און עסטרייכישע אַרמייען

אָקופּירט פּוילן. אונדזער שטעטל איז געבליבן אונטער דער אָקופּאַציע פון די עסטרייכער. עס האָט באַלד אָנגעהויבן אויספּעלן שפּייז. עס איז אויס־געבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע אין שטעטל, האָט די שטאָטישע מאַכט איינ־געאָרדנט אַ שפּיטאָל און גענומען אַלע טיפוס־קראַנקע אַהין.


ראַדעמער גאַס


דער פּלומפּ אין מאַרק

אין אָט דער צייט האָט די חברה קדישא באַשלאָסן צו מאַכן אַ „שוואַרצע חתונה" אויפן בית־עולם, וואָס זאָל זיין אַ סגולה אָפּצושטעלן די מגיפה. מען האָט אָפּגעזוכט אַן עלטער אָרעם מיידל מיט אַן אָרעם יינגל, זיי פּאַר־שדכנט און באַשטימט דעם טאָג פון דער חתונה. צו דער חתונה איז געווען פאַרבעטן דאָס גאַנצע שטעטל. מוזיקאַנטן האָבן געשפּילט. יידן האָבן גע־טאַנצט. פאַרשטעלטע זיינען געריטן אויף פערד און געבלאָזן אין טרומייטן. אַלע האָבן געטרונקען און זיך געוואונטשן „לחיים". „קהלס אידעם" האָט געקראָגן אַ פּאָסטן אין מרחץ צו היטן די בגדים פון די באָדערס.

* * *

אין שידלאָווצע איז צו יענער צייט קיין אָרגאַניזירטע מאָדערנע יידישע געזעלשאַפט נישט געווען. עס זיינען נאָר געווען סעקטעס פון פאַרשיידענע חסידים. די אַלע חסידים האָבן געהאַט זייערע שטיבלעך צום דאַווענען און האַנטווערקערס האָבן געהאַט זייערע שטיבלעך צום דאַווענען. מיט דער צייט איז אָבער אויסגעוואַקסן אַן אָרגאַניזירטע גרופּע ציוניסטן אין שידלאָווצע, וואָס האָבן די ערשטע געשאַפן אַ ביבליאָטעק אין שטעטל. די ביבליאָטעק האָט צוגעצויגן אַ סך יונגע לייענערס.

* * *

אין ערשטן וועלטקריג איז אין פוילן געווען זייער שלעכט. עס איז נישט געווען קיין אַרבעט, איבער הויפּט אין די גרויסע שטעט. דעריבער זיינען אַלע יידישע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געאַרבעט אין די גרויסע שטעט, צוריקגעקומען צו זייערע עלטערן. דאָס קליינע שטעטל איז געווען נענטער צו די דערפער און עס איז געווען לייכטער צו באַקומען עסנוואַרג.

די דאָזיקע יוגנטלעכע, נישט האָבנדיק וואו צו פאַרברענגען, האָבן זיך אָרגאַניזירט, איינגעשאַפן אַ ספר־תורה, געדונגען אַ שטוב ביי הערשל מלמד און זיך געמאַכט אַ „חברה יינגלעך״. יעדן שבת האָבן זיי געדאַווגט אין זייער מנין, געלערנט אַ שטיקל פּרק, אַ פּרשה חומש וכדומה.

* * *

אין יאָר 1917, ווען דער רוסישער צאַריזם איז שוין געווען צעקלאַפּט, ווען אַלגעמיינע פּאַרטייען האָבן אָנגעהויבן ווערן אַקטיוו אין שידלאָווצע, האָבן אויך די ציוניסטישע פּאַרטייען אין שטעטל זיך אָרגאַניזירט. זיי האָבן מאַניפעסטירט איבער די גאַסן מיט דער יידישער פאָן און אויפגעברויזט דאָס גאַנצע שטעטל.

די יידישע קעמפערס פון 1905 האָבן אויך אין שידלאָווצע אָרגאַניזירט די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי „בונד״. די ערשטע גרינדערס פון דער פּאַרטיי אין שידלאָווצע זיינען געווען: משה טענענבוים, די ברידער בעריש, יאַנקל טענענבוים, שבתי לאָקס, אברהם בליכער און נאָך אַנדערע. זיי האָבן געדונגען אַ גרויסן לאָקאַל און איינגעשטעלט אַ ביבליאָטעק, וואו יעדער איינער האָט געקענט ווערן אַ מיטגליד. דער „בונד״ איז געוואָרן באַדינט פון דער צענטראַלע מיט אַ טעגלעכער ציטונג. די צענטראַלע פון וואַרשע פלעגט אויך צושיקן רעפערענטן. ווי איך געדענק, האָט וולאַדימיר מעדעם רעפערירט אין שידלאָווצע און הערשל הימעלפאַרב איז געווען אַ שטענדיקער גאַסט ביי אונדז.

דער שידלאָווצער „בונד״ האָט אָרגאַניזירט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אַלע לעדער־אַרבעטערס — גאַרבערס, שוסטערס, קאַמאַשן־שטעפּערס אד״גל. דער פאַראיין האָט איסגעקעמפט בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און העכערע לוינען און אויך דערהויבן דעם אַרבעטערס פּרעסטיזש. דער „בונד״ האָט איינגעאָרדנט קורסן פאַר עלטערע און פאַר יוגנטלעכע. ער האָט אויך אָרגאַניזירט אַ כאָר, אונטער דער אָנפירונג פון אברהם בליכער, מיט דער הילף פון פינקערטן, וועלכער פלעגט קומען אין פאַראיין צו די רעפעטיציעס פון די כאָריסטן.

דער „בונד״ האָט אויך אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט פאַרשיידענע ספּעקטאַקלען מיט גרויס הצלחה.

דער „בונד״ האָט אויך אויפגעשטעלט אַ שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו מיט אַ גרויסער מיטגלידערשאַפט און קונדשאַפט. אין דער צייט פון קריג האָט יעדער געקויפט אין קאָאָפּעראַטיוו, ווייל דאָרטן האָט מען פאַרקויפט ביליקער. ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט און עס איז געוואָרן נאָרמאַל, האָבן די קליינע געשעפטן אָנגעהויבן אַ שטאַרקע קאָנקורענץ און דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך געמוזט פאַרמאַכן.

ווען דער דייטשישער אָקופּאַנט האָט אין 1918 פאַרלאָזן פּוילן, האָט אין אַ ריי ערטער זיך געשאַפן אַ באַוואָפנטע אַרבעטער־מיליץ, אויך ביי אונדז אין שידלאָווצע. בעת דער ערשטער מיי־מאַניפעסטאַציע פון לעדער־פאַראיין, אונטער דער אָנפירונג פון „בונד״, זענען אין די ערשטע רייען געגאַנגען די מיטגלידער פון דער אַרבעטער־מיליץ מיט זייערע ביקסן אויף די אַקסלען. זיי האָבן דורכגעמאַרשירט די גאַנצע שטאָט, צוגעקומען צום מאַגיסטראַט און געהאַלטן רעדעס וועגן דעם באַטייט פון ערשטן מיי.

* * *

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט דער אַנטיסעמיטיזם גענומען ווערן אַלץ שטאַרקער. פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן שלאָגן יידן, שניידן בערד, וואַרפן יידן פון לויפנדיקע באַנען און אפילו מאַכן פּאָגראָמען.

איין מאָל האָט זיך געהערט אַ קלאַנג ביי אונדז אין שטעטל, אַז די פּויערים, וואָס קומען מיטוואָך אויפן יאַריד, גרייטן זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף שידלאָווצער יידן. האָבן די פירערס פון „בונד״ צוזאַמענגערופן אַלע יונגע יידן פון שטאָט און אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ. ווען עס איז געקומען דער טאָג פון יאַריד, זענען אַלע יידישע יונגע מענער ארויס אין די גאַסן, איינגעטיילט אין גרופּעס צו צוויי־דריי. ווי נאָר זיי האָבן עפּעס באַמערקט אַ דיסקוסיע פון אַ גוי מיט אַ יידן, זיינען זיי באַלד אָנגעקומען און דער ענין איז געוואָרן דערליידיקט. אַזוי אַרום איז דעמאָלט אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם.

דער „בונד״ איז געווען אַ גרויסע אָנגעזעענע אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין שטעטל — ביז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די דיסקוסיעס וועגן דריטן אינטערנאַציאָנאַל. צו יענער צייט האָבן די מיטגלידער פון „בונד״ זיך געטיילט אויף: רעכטע, לינקע און צענטריסטן. צוליב דער שטעלונג צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך דער „בונד״ געשפּאָלטן. דער גרעסטער טייל

יוגנטלעכע זענען אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון ראובן צוקער. שפּעטער איז אויך דער גאַנצער פאַראיין פון די לעדער־אַרבעטערס איבערגענומען געוואָרן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

* * *

די לעדער־אינדוסטריע האָט זיך ביי אונדז שטאַרק אַנטוויקלט. מענטשן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די לעדער־אַרבעטערס, זענען מיט דער צייט אַליין געוואָרן אייגנטימערס פון לעדער־פאַבריקן. דאָס האָט געברענגט צו דעם, אַז די זעלביקע מענטשן האָבן אָרגאַניזירט דעם „מייסטער־פאַראיין", כדי זיי זאָלן האָבן אַן אינסטאַנץ, וואָס זאָל זיין אין קאָנטאַקט מיט דעם אַרבעטער־פאַראיין ביים לייזן אַרבעטס־קאָנפליקטן.

חיים דניאל צוקער (ישראל)

# חזנים אין שטעטל

אין שידלאָווצע זיינען תמיד געווען חזנים, אייגענע אָדער אַריינגעפּאַרענע, וואָס זייערע נגינות האָבן צוגעגעבן יום־טובדיקייט אין שטעטל.

געווען אַן אַלטער חזן, ר' אברהם יצחק, דאַכט זיך, שמואל שמשעס שווער, אָבער דאָס איז ניט פאַר מיינע צייטן.

דער ערשטער חזן, וואָס איך געדענק, איז געווען אַ יונגערמאַן פון קרישניק. ער איז געקומען קיין שידלאָווצע מיט אַ ברודער, וואָס האָט געהאַט אַ פיינע טענאָרשטים. זיין נאָמען איז געווען ר' אברהם יצחק שערמאַן. דאָס איז געווען אַרום 1909. זיין ברודער דער טענאָר, פּנחס שערמאַן, איז געווען אַזאַ גרויסער עמוד־קינסטלער, אַז ער איז שפּעטער געוואָרן אַ געהילף ביים וועלט־באַרימטן גרשון סיראָטע אין וואַרשע. ער איז געווען זייער אַ שיינער בחור. אין אים האָט זיך פאַרליבט די טאָכטער פון שידלאָווצער בעל־הבית משה סקאָלניק. מיין שוואָגער חיים בורשטינסקי איז געווען אַ משורר ביים פּנחסן.

דער קרישניקער ר' אברהם יצחק האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ ריי

חזנישע ניגונים, וואָס מען האָט לאַנג געזונגען אין שטעטל, ווי „עזרת אבותינו" אָדער „צור ישראל". אפילו קריסטן האָבן אויך נאָכגעזונגען:

אוי־ווײ, אוי־ווײ,

קומה, קומה בעזרת ישראל,

אוי־ווײ, אוי־ווײ . . ."

אין 1912 האָט מען אים „אויסגעכאַפּט", ווי מען האָט איבערגעגעבן, מיט אַ גרעסערן געהאַלט.

דאָס זענען געווען שול־חזנים. עס זיינען אויך געווען בית־מדרש חזנים, ווי הערשל מאַגלניצער. ווען ער האָט געדאַוונט, האָט דער גאַנצער בית־מדרש מיטגעזונגען. דאָס זעלביקע קען מען זאָגן וועגן ר' מענדעלען און דוד פינקל. שבת און יום־טוב פלעגט דער בית־מדרש זיין פול געפּאַקט מיט מתפללים. מען האָט זיך געדאַרפט דורכשטופּן צום אייגענעם „שטאָט". די, וועלכע האָבן זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, האָבן געדאַווּנט אין קליינעם בית־מדרשל, וואו עס האָבן געחזנט דער שוואַרצער יחיאל אָדער אברהם שמעון וויסברויט. דאָס קליינע בית־מדרשל האָב איך אַזוי ליב געהאַט, ווייל מיין פאָטער יחזקאל ז"ל האָט דאָרט געהאַט זיינע סאַמאָוואַרן און דאָרטן פאַרקויפט טיי און אויך „באָוואַרקע", ד"ה וואַסער מיט מילך. איך האָב מיין פאָטער נישט געקענט, ווייל איך בין אַלט געווען דריי יאָר, ווען מיין פאָטער איז נפטר געוואָרן.

דאָס קליינע בית־מדרשל האָט געדינט פאַר אַ סך זאַכן. מען האָט דאָרט געזיפּט מעל פאַר מעות חטים. דאָרטן זיינען פאָרגעקומען וואַלן פאַר דאַזאָרעס. יידישע פּריזיוואָניקעס האָבן אויך געניצט דאָס קליינע בית־מדרשל.

אין בית־מדרש איז געווען אַן אַלטער ארון־קודש. דער גבאי ר' שלמה גאָלדקאָרן האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז ער מוז מאַכן אַ נייעם ארון־קודש. ער האָט זיך דורכגערעדט מיט בעלי־בתים. ר' משה שמעדרע האָט געגעבן דעמבענע האָלץ אויף דעם. מיין שוואָגער חיים ז"ל האָט זיך אונטערגענומען צו מאַכן דעם ארון־קודש צוזאַמען מיטן שידלאָווצער שניצער לייבוש טשעכאַצקי. זיי זיינען ביידע געפאָרן קיין ראַדעם אָראָפּצונעמען אַ מוסטער פון דאָרטיקן ארון־קודש. די טאָקערײ־אַרבעט האָט געמאַכט ר' מאָטל טאָקאַזש.

ווען דאָס איז פאַרטיק געוואָרן, האָבן מיר געמאַכט אַ שיינעם קבלת ארון הקודש החדש, באַגלייט מיט מוזיק. דער בית־מדרש איז געווען געפּאַקט. מיין שוואָגער מיט די מוזיקאַנטן האָבן געזונגען און געשפּילט ניגונים פון ר' יעקב פליגל, וואָס איז געוואָרן חזן נאָך אברהם יצחק שערמאַן.

ר׳ יעקב פליגל האָט מיט זיך מיטגעברענגט משוררים, ווי דער שוואַרצער אברהם, שמואל לוויוויטשער און אַנדערע. געקומען איז ער ערגעץ פון ליטע מיט זיין גאַנצער משפחה. זיין טאָכטער שרה האָט חתונה געהאַט מיט יצחק חנא אייזענבערג. ר׳ יעקב פליגל האָט קאָמפאָנירט אַ ריי ניגונים. גאַנצע נעכט פלעגט ער זיצן און אַרבעטן אויף זיי.

נאָכן צעפאָרן זיך פון זיינע משוררים האָט יעקב פליגל געשאַפן אַ נייעם כאָר, וואו עס האָבן געזונגען מיין שוואָגער חיים, דער שוואַרצער אפרים, פּיניע מאָרגנשטערן און אַנדערע.

צו „כל נדרי״ זענען געווען די שולן געפּאַקט. דער גאַנצער מאַגיסטראַט פלעגט קומען הערן דעם חזן, וואָס האָט אויף זיי געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק.

נאָך ר׳ יעקב פליגל איז געקומען פון פויזן דער חזן ר׳ אברהמטשל געבערמאַן, וועלכער האָט זייער אויסגענומען ביי „עמך״. ער האָט געהאַט זייער אַ שיינע און קלינגענדיקע שטים און אויך געווען שוחט. עס זיינען געווען זייער גרויסע מחלוקתן אַרום אים.

מיט דעם חזן ר׳ אברהמטשל האָט זיך געענדיקט שידלאָווצער חזנות.

פּערל גאָלדבערג־לערער (בוענאָס־איירעס)

# אַ רעוואָלוציאָנער שטעטל

איך געדענק אונדזער שידלאָווצע פון מיין פריסטער קינדהייט ווי אַ רעוואָלוציאָנער שטעטל. די מערהייט פון דער ידישער באַפעלקערונג זענען געווען אַרבעטערס. ביי קנעפּל־מאַכעריי האָבן געאַרבעט ממש קינדער.

נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייקן אין שטעטל. ביי מיין פאָטער דעם שניידער האָבן געאַרבעט אַ פּאָר יינגלעך אויף דער לער און אויפן „זמן״. זענען איין מאָל געקומען אַנדערע יינגלעך און האָבן געפּאָדערט, אַז מען זאָל אַרבעטן נישט מער ווי 8 שעה אַ טאָג.

עס זענען אָפט פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס פון ידישע און פּוילישע אַרבעטערס. בעת אַ דעמאָנסטראַציע מיט רויטע פענער האָט מען איין מאָל געשאָסן און פאַרוואונדעט דעם פאָנטרעגער יאַנקל טענענבוים.

עס האָבן אפילו דעמאָנסטרירט יידישע יוגנטלעכע אַרבעטערס. איינער פון זיי, דער פאַנטרעגער, האָט געאַרבעט ביי מיין פאָטער. מען האָט אים גערופן דער קליינער אַבראַם אָדער אַבראַם סאַשא גיטלס. מיין מאַמע פלעגט זאָגן, אַז זי האָט די פאָן אין שטוב.

עס געדענקט זיך: אַ ווינטערדיקער שבת אין דער פרי איז מיין פאָטער געקומען פון שול פריער ווי אַלע מאָל. אַ דערשראָקענער האָט ער דערציילט, אַז יידישע אַרבעטערס האָבן דערשאָסן אברהם משהס אידעם, אַ ייד אַ חסיד. אַ סך מענטשן פון דער „אחדות״־אָרגאַניזאַציע — אַזוי האָט זיך דעמאָלט גערופן דער פאַראיין פון די יידישע אַרבעטערס — זיינען אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין ראַדעם. צווישן די אַרעסטירטע זענען געווען איניקע פרויען, איינע מיינע אַ קוזינע, וואָס האָט אין ראַדעמער טורמע געבוירן אַ ייִנגל.

דער אַרבעטער־פאַראיין פלעגט אַראָפּברענגען רעפערענטן פון וואַרשע, וואָס פלעגן אַריינברענגען רעוואָלוציאָנערע יום־טובדיקייט אין די יידישע אַרבעטער־רייען. די טעמעס, וואָס פלעגן רעפערירט ווערן, האָבן באַגייסטערט און געוועקט צו אַ שענער און בעסער לעבן.

אברהם מילשטיין (ישראל)

# מיין טאַטע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, בין איך אַלט געווען קוים דריי יאָר. מיין טאַטע יצחק בן צבי־יהודה ע״ה איז דעמאָלט געוואָרן מאָביליזירט. פון יענער צייט האָט זיך מיר איינגעקריצט אין קינדערשן זיכרון דאָס געזעגענען זיך פון מיין ליבן טאַטן מיט מיין ליבער מאַמען גיטל ע״ה און מיט אונדז, קליינע קינדערלעך. איך געדענק עד־היום מיין מאַמעס טרערן און דאָס געבעט, אַז אונדזער טאַטע זאָל צוריקקומען צו אונדז בשלום. וואָס האָב איך דען דעמאָלט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַ מלחמה אָדער פאַר וואָס מען שיסט?

באַלד נאָך דעם איז צו אונדז געקומען מיין מאַמעס ברודער נחום און פאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן מיטפאָרן מיט אים. מיר האָבן פאַרלאָזט שידלאָווצע און געפאָרן אין אַ גאַנץ קליין שטעטל, וואו אָט דער פעטער האָט געוואוינט און דאָרט האָבן מיר געזאָלט זיין ביז די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן. שווערע צייטן זיינען דעמאָלט געווען און מען האָט זיך געראַנגלט איבערצולעבן. אונדזער מאַמע האָט שווער געאַרבעט אונדז צו דערנערן. נאָך דער מלחמה האָבן מיר זיך אַלע אומגעקערט קיין שידלאָווצע.

די פרייד מיט אונדזער צוריקגעקומענעם טאַטן איז געווען גוואַלדיק. ער האָט אָבער זייער שלעכט אויסגעזען. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט מיט־געבראַכט מיט זיך, איז געווען אַ קליין רענצל מיט גאַנץ קליינע אַלטע שטיקעלעך ברויט. ווען מען האָט אים געפרעגט, צי דאָס איז אַלץ, וואָס ער האָט געבראַכט, האָט ער געענטפערט: „ווען איר ווייסט וואָס פאַר אַ פאַרמעגן דאָס איז ביים היינטיקן טאָג אין רוסלאַנד, וואָלט איר זיך ניט געוואונדערט, אַזאַ הונגער איז דאָרטן".

דער גרעסטער פאַרמעגן פאַר אונדז איז דעמאָלט געווען אונדזער טאַטנס אַהיימקומען, כאָטש אַ פאַרוואונדעטער אין זיין לינקער האַנט. ער האָט ניט געקענט באַוועגן מיט צוויי פינגער, ווי פאַראַליזירט. אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט אין דער אַרבעט שפּעטער. ער איז געווען אַ רימער און געקענט אַלץ, וואָס ס'איז געווען נייטיק. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט גאָלדענע הענט.

אין דער זעלביקער צייט זיינען אויך צוריקגעקומען פון דער מלחמה חיים משה פישלס רינגערמאַכער, בערל ריכטער און יצחק אַפּאָרט (טשעשלער). וועגן אים האָט מיין טאַטע דערציילט, אַז ווען זיי זיינען געווען אויפן פראָנט און מען האָט יצחקן געשיקט אויף אַ געפערלעכער מיסיע איבערצושנידן די דראָטן, וואָס האָבן צעטיילט ביידע צדדים און וואָס איז געווען ווי אַ זיכערער טויט, האָט ער געבעטן, אַז אין זכות פון זיין פרוי און זון פישל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ קאַליקע, זאָל ער באַהיט ווערן פון אַלעם שלעכטן. ער איז פון זיין מיסיע צוריקגעקומען אַ לעבעדיקער. דער איינציקער, וואָס איז דעמאָלט ניט צוריקגעקומען פון דער מלחמה, איז געווען דבורה שמואל שמשס מאַן.

ביסלעכוויז האָט מען זיך ווידער איינגעאָרדנט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מיין טאַטע אויך געמאַכט מאַטראַצן און ווען ס'איז אָנגעקומען די מאַסן־אויסוואַנדערונג קיין א"י, האָבן זיך פיל יונגעלייט ביי אים געלערנט דעם פאַך, אידער זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

מיין טאַטע האָט מיט דער צייט געגרינדעט אַ סאַנדאַלן־וואַרשטאַט. זיינע שותפים זיינען געווען אהרן ליבערבוים און מאָטעלע וואַלבערג. ווען דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט און ס׳איז געוואָרן די מאָדע פון געניייטע שיך, האָט מיין טאַטע דאָס אויך געקענט און זיך דערצו גענומען מיט מיין יינגערן ברודער יאַנקעלע.

דעם 23סטן אָקטאָבער 1942 זיינען מיינע ליבע עלטערן יצחק און גיטל מילשטיין, מיינע שוועסטערס פערל און צייטעלע, געגאַנגען צו דער אויסזידלונג און אַלע זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

**שמואל כוסטעצקי**

# אַ ביסל כראָניק פון שטעטל

שידלאָווצע איז אין אַלע צייטן געבליבן אַ טיפּיש פּראָווינציאַנעל שטעטל, אָן וועלכע שאַנסן פון אַ גרעסערער אַנטוויקלונג. אויך אין איר פאַרגאַנגענהייט האָט שידלאָווצע נישט אָפּגעשפּילט קיין באַטייטיקע ראָלע, הן עקאָנאָמיש און הן קולטורעל. אַ שטעטל, ווי אַלע פּוילישע שטעטלעך, מיט קורצע און שמאָלע געסעלעך און אַ סך איינגעהויקערטע הייזקעס, אויך מיט אַ שולגעסל אין אַ „מקום״ מיט אַ ספּעציפישן קאָלאָריט און חן. איבער די געסלעך, ברוקירט מיט גרויסע „גלאָזעס״ און שמאָלע טראָטואַרן, האָבן געשפּריזט און געפּאָרעט זיך אַ סך תקופות יידלעך אין אייגנאַרטיקע מלבושים — כאַלאַטן און ייבעצעס אויפן פול־אָפּגעשאָרענעם קאָפּ, אַ ספּעציפיש פּויליש־יידיש היטעלע, יידענעס, אין שייטלען און קופּקעס, מיידן אויס מאַנסבילן מיטן בליק, טראָגן אין די קישעלעך פליש פון די יאַטקעס, צי גאָר אַנדערע פּראָדוקטן פון מאַרק. אין די הייזקעס ענגען זיך גרויסע משפחות. עס פעלט אַלע מאָל אויס אַ טאָג צו דער וואָך. פונדעסטוועגן האָט דאָס לעבן געטאָן זיינס, נישט קוקנדיק אויף אומבאַקוועמלעכקייטן און מניעות.

אַזוי ווי מיט „לייטן צו גליידן״, האָט שידלאָווצע אויך פאַרמאָגט אין מיניאַטור אַ „בערזשע״, וואו עס דרייען זיך אַרום יידן סוחרים, מעקלערס, גלאַט לײדיק־גייערס. מעקלערס ווידער קוקן אויס און זוכן מיט אומרואיקע אויגן

אַ גאַליציאַנער... סוחרים קאָנקורירן צווישן זיך אָן רחמנות. ווער ס׳איז פּיפּיקער — מיידט אויס אַ באַנקראָט, און די שוואַכע גייען אַראָפּ פון דער אַרענע, געזעגענען זיך מיט דער קאַריערע פון אונטערנעמער און סוחרים און ס׳רוב קומען זיי אָן נאָך קיצבה.

שידלאָווצער באַפעלקערונג, מיט אַ מערהייט יידן, באַשעפטיקט איבער הויפּט מיט האַנטווערקעריי, האָט ניט געקענט באַזאָרגט ווערן מיט אַרבעט און חיונה. באַזונדערס האָט דאָס געווירקט אויפן לעבנס־ניוואָ פון אַרבעטסמענטש.

שלעכטע באַדינגונגען, אָן פּערספּעקטיוון אויף בעסער, האָבן גורם געווען, אַז די יוגנט זאָל זוכן גליק אין פרעמדע לענדער, דער עיקר אין דער נייער וועלט. די ידישע יוגנט האָט אַריינגעלייגט אין עמיגראַציע טרוים און אילוזיע, דער עיקר פאַרלאַנג און לעכצונג אַרויסצושלאָגן זיך צווישן מענטשן.

דער אייביקער רעליגיעזער אַנטאַגאַניזם צווישן דער ידישער און פּוילישער באַפעלקערונג האָט געלייגט זיין חותם אויף זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען. יידן האָבן געלעבט אין אַ באַזונדערער מחנה, מיט די אַלטע מנהגים און טראַדיציעס.

אָבער נייע ווינטן און פרייהייט־אידעען האָבן אויך נישט אויסגעמיטן שידלאָווצע און האָבן אויפגעוועקט פון הינערפלעט די אָרטיקע ידישע יוגנט. אַן עדות איז דאָס שטורמישע און ברויזנדיקע יאָר 1905, ווען די שידלאָווצער פּראָלעטאַריערס, ידישע און פּוילישע, זענען אַרויס אין גאַס אין קאַמף קעגן דער צאַרישער אונטערדריקונג פאַר מענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען.

צו יענער צייט איז די איינציקע אַרבעטער־פּאַרטיי מיט אַ סאָציאַליסטישן אינהאַלט אויף דער ידישער גאַס געווען דער „בונד״, וואָס מיט אים האָט סימפּאַטיזירט די אָרעמקייט און דער פּראָגרעסיווער טייל פון די קליינבירגערס.

צייטן טוען זיך בייטן. ביסלעכוויז הייבט אָן פאַרשווינדן די בלינדע אונטערטעניקייט פון די מאַסן פאַרן נגיד און שטאָטישן יחסן. עס קומט דער פּראָטעסט פאַר באַליידיקן די ווערדע פון אָרעמען מענטשן און די אויפגעקומענע אַרבעטער־פּאַרטייען שטיצן אים אין דעם.

**מאָטל אייזענבערג ע"ה**

# טעאַטער אין שידלאָווצע

נאָך פאַרן ערשטן וועלטקריג האָט אין שידלאָווצע געלעבט יחזקאל ליכטיקער, וואָס האָט געהאָט אַ שוואַכקייט צום ייִדישן טעאַטער. תחילת פלעגט ער אויפטרעטן ווי אַן אַמאַטאָר, שפּעטער האָט ער אָנגעפירט מיט אַרומפאָרנדיקע ייִדישע טעאַטער־טרופּעס. אַ לענגערע צייט איז ער געווען אין פּאַריז, וואו ער האָט געשפּילט ייִדיש טעאַטער.

אין צווייטן וועלטקריג האָט יחזקאל ליכטיקער געלעבט אין שידלאָווצע. ער איז אַריינגעפאַלן אין לאַגער וואָלאַנאָוו, וואו איך האָב אַליין געזען, ווי מען האָט אים אַרויסגענומען פון דער ריי און דערשאָסן.

אין צייט פון ערשטן וועלטקריג האָט ליכטיקער פאַרגעלייגט צו אַראַנזשירן אַ פאָרשטעלונג לטובת דער ייִדישער ביבליאָטעק. צווישן די אָנפירערס פון דער ביבליאָטעק איז דעמאָלט געווען ראובן צוקער, וואָס איז אויך געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון שפּילן טעאַטער. די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג און חברה יוגנט האָט זיך גענומען צו דער מלאכה פון רעפּעטירן אַ פּיעסע. קיין זאַל איז ניט געווען, האָט מען באַקומען אַ דערלויבעניש צו ניצן אויף דעם דעם באַרימטן אַלטן שלאָס אין שטעטל. דאָרטן איז אַלץ געווען פאַרוואָרלאָזט, אָבער מיט יוגנטלעכן ברען האָט מען דאָרטן אַלץ צוגעגרייט, אַז מען זאָל קענען שפּילן די פּיעסע. ראובן צוקער האָט געמאָלן די דעקאָראַציעס. אַנדערע חברים, סטאָליאַרעס, האָבן צונויפגעשטעלט די בינע. די פאָרשטעלונג האָט זיך גוט איינגעגעבן. שפּעטער האָבן מיר געשפּילט מערערע מאָל. יעדע פאָרשטעלונג איז געווען אַ יום־טוב פאַר דער ייִדישער יוגנט אין שטעטל.

סעם שוויעטשניק־סוויט

# אין „חדר"

פון מיינע קינדער־יאָרן אין „חדר" זיינען מיר ניט פאַרבליבן קיין צו ליכטיקע זכרונות. די דערציערישע מעטאָדן פון מיינע מלמדים זיינען שולדיק אין דעם.

איך האָב אָנגעהויבן אלף־בית ביי חיים ישראל מלמד. ווען איך האָב שוין געקענט אַ ביסל „עברי", האָט מען מיך אַריינגעגעבן צו בערל מלאך. אידער מען איז אַריינגענומען געוואָרן אין זיין חדר, האָט מען געמוזט דורכגיין אַ גרינטלעכן פאַרהער, וואָס נישט יעדער האָט אויסגעהאַלטן. איך בין געווען צווישן די אָנגענומענע, אָבער גאָר גיך האָב איך עס באַוויינט.

מיין רבי איז געווען זייער אַ שטרענגער. ער פלעגט שלאָגן אָן רחמנות און ער האָט אין מיר אַרויסגערופן שרעק און אַ ווידערווילן צו אים. איך מיט מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער מיכל פלעגן אָפט אַנטלויפן פון לערנען, פלעגט דער רבי אַרויסשיקן אַלע תלמידים אונדז צו זוכן. וואָס פאַר אַ „פסק" מיר האָבן דאַן באַקומען, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן.

צו 13 יאָר האָט דער רבי מיך אַריינגעפירט אין שול, אָנגעטאָן די תפילין. מיין מאַמע האָט געקויפט ניס מיט ראָזשינקעס און געטיילט די קינדער.

אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך מוחל געווען דעם רבין. איך האָב דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ סיסטעם פון לערנען איז געווען ניט בלויז אין „חדר", נאָר אויך אין די וועלטלעכע שולן.

מלכה פינקעלשטיין (פּאַריז)

# הילף פאַר קראַנקע

איך בין שוין לאַנג־לאַנג אַוועק פון שידלאָווצע, אָבער די יונגע יאָרן זיינען איינגעקריצט אין זכרון און איך קען זיי קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

ווי שידלאָווצע, די יידישע שידלאָווצע, האָט געלעבט אין די רואיקע

צייטן, האָבן מסתמא שוין באַשריבן אַ סך אַנדערע פאַר מיר. איך וויל דאָ נאָר צוגעבן איין קליינעם עפּיזאָד.

די שטעטלשע ידישע יוגנט האָט זיך ניט באַגנוגנט בלויז מיט פאַר־ברענגען. מען האָט געלייענט אַ בוך אין די פרייע צייטן פון אַרבעט, מען האָט געהערט צו אַן אָרגאַניזאַציע, אָדער מען האָט צוגעלייגט אַ האַנט אין דער הילפאַרבעט פון שטעטלשע ידישע אינסטיטוציעס.

איך און נאָך ידישע יונגע מיידלעך האָבן אָפּגעגעבן אַ סך צייט אין העלפן אָרעמע קראַנקע. יוגנטלעכע פלעגן אין פאָרן גיין איבער די הייזער און קלייבן געלט פאַר די אָרעמע קראַנקע. איין טאָג בין איך מיט רויזע פעלשטיין געגאַנגען אויף אַזאַ מיסיע. דער עולם האָט זיך זייער ברייטהאַרציק אָפּגערופן. אפילו דער גלח האָט אונדז פיין אויפגענומען און געגעבן אַ גרויסע סומע געלט.

איך האָב געטאָן די אַרבעט אויך אין שפּיטאָל, וואָס האָט אין צייט פון ערשטן וועלטקריג עקסיסטירט אין שטעטל. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע אַרבעט און דעמאָלט איך גאָר אַ געפערלעכע, ווייל אַ טיפוס־עפּידעמיע האָט דאַן אַרומגענומען דאָס שטעטל.

איך דערמאָן זיך איצט מיט בענקשאַפט די דאָזיקע הילפאַרבעט פאַר אונדזערע ידן אין שידלאָווצע, וואָס זיינען שפּעטער אָוועק פון דער וועלט מיט רויך און פייער.

פריידל רבקה דריינאָדל־אַקערמאַן

## כלעוויסק

אַרום שידלאָווצע זיינען געווען אַ סך דערפער, וואו עס האָבן געוואוינט ידן. אין דאָרף כלעוויסק, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן, איז די העלפט איינוואוינערס געווען ידן, איבער צוויי מנינים. ס׳רוב כלעַ־וויסקער ידן זיינען געווען בעלי־מלאכות, קצבים, קליינהענדלערס. זיי האָבן געהאַלטן אַן אייגענעם שוחט פון שידלאָווצע, ר׳ יאָסל ערליכמאַן. יעדער זונטיק פלעגט ער קומען קיין כלעוויסק און פרייטיק פלעגט ער גיין צוריק קיין שידלאָווצע.

די כלעוויסקער האָבן געהאַט זייער אייגן שטיבל צום דאַווענען, וואָס האָט זיך געפונען ביי שימע־וואָלף דעם בעקער. דאָרט האָט מען געדאַוונט אויך יום־טוב, אפילו ראש השנה און יום־כיפור. אויף די ימים־טובים פלעגן זיי אַראָפּברענגען אַ בעל־תפילה.

פון די כלעוויסקער געדענק איך: שימע־וואָלף דער בעקער, גדליה און רחל בראַניעוווסקי, דעם פעטער משה־אפרים און די מומע רחל.

געווען אויך אַ קליינער „חדר" מיט אַ מלמד אַ שידלאָווצער, מאָטעלע. ער האָט געלערנט פון אַלף בית ביז דאַווענען. די עלטערע תלמידים פלעגן שוין לערנען אין שידלאָווצער חדרים.

מיין זיידע נחמן האָט שטענדיק געהאַט אַן אורח אויף שבת. פון פאַך איז ער געווען אַ שוסטער. מיין באָבע גיטל האָט צוגעהאָלפן אין דער פרנסה דורך האַנדלען מיט שניט־סחורה. צו דעם איז זי געווען אַ „זנאַכערקע", דאָס הייסט, זי האָט געקענט העלפן קראַנקע מיט פאַרשיידענע קרייטעכצער. אין נויטפאַל איז זי אויך געווען די הייבאַם. יעדער שבת פלעגן זיך ביי מיין באָבען פאַרזאַמלען די ידישע פרויען פון דאָרף און מיין באָבע פלעגט לייענען פאַר זיי פון טייטש־חומש.

מרדכי וו. בערנשטיין ע"ה

# שידלאָווצער בית־עולם

שידלאָווצע איז געווען איינע פון די באַרימטע האַרעפּאַשנע ידישע שטעטלעך, אַ גאַרבער־שטעטל. איך בין גאָר אָפּט געקומען אין דאָזיקן שיד־לאָווצע. אָט זע איך פאַר מיינע אויגן דעם ידישן רעוואָלוציאָנער, דעם בונדישן ראַטמאַן שבתי לאַקס, מיט איין האַנט. אָט איז בליכער, אַהרן שיכטער, יודל מידלאַרסקי — אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון דורות. עס איז געווען אַ ידיש־חסידיש שטעטל, וואו דער קאָנטראַסט פון דעם נעכטן און דעם היינט איז געווען אַ גאָר שאַרפער.

שידלאָווצע האָט איר ידישן יחוס פון עטלעכע הונדערט יאָר. אין יאָר 1719 פיגורירט די שטאָט אין די דאָקומענטן פון דעם ידיש־פוילישן פּאַרלאַ־מענט (ועד ארבע ארצות).

ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1938, זיינען אין שידלאָווצע געווען אַרום אַכט טויזנט איינוואוינערס, פון זיי אַכציק פּראָצענט ידן. אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט, ווען מען האָט אַרויסגעטריבן די ידן פון די אַרומיקע קלענערע שטעטלעך, איז די צאָל ידן דערגאַנגען ביז דרייצן טויזנט.

אָבער אַ מאָדנעם מזל האָט געהאַט דער שידלאָווצער בית־עולם — דער נייער, ווייל אין שטאָט זיינען געווען צוויי בית־עולמס. די מצבות פון נייעם בית־עולם, וואָס איז אויך אַלט אַ הונדערט יאָר, זיינען געבליבן גאַנץ. ניט נאָר זיינען געבליבן נישט צעשעדיקט אַ גרויסע צאָל מצבות, נאָר זיי האָבן אויפ־געהיט די אויפשריפטן און זייערע קאָלירן.

ניט ווייט פון שידלאָווצע זיינען געווען באַרימטע שטיין־ברעכערייען. פון די דאָזיקע ברעכערייען האָט מען עס געמאַכט די מצבות און די דאָרטיקע מצבה־קריצערס זיינען געוואָרן אמתע קינסטלערס, ווי שימעלע און זיין זון כוסטעצקי, מרדכי און זיין זון יאַנקל בינשטאָק, שימעלע קאַמיניאַש.

אויפן שידלאָווצער בית־עולם זיינען געבליבן טויזנט גאַנצע מצבות. באַזונדערס גרויס צווישן זיי איז די צאָל פּאָליכראָמישע מצבות, דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס זיינען געמאָלן מיט פאַרשיידענע פאַרבן. עס זיינען אויף די מצבות פאַראַן צייכענונגען אין רויט, זילבער, אָראַנזש, שוואַרץ און אולטראַ־מארין.

ספּעציעל רייך זיינען די אָרנאַמענטן און סימבאָלישע פיגורן אויף די מצבות, וואָס זיינען פון גרויסן קינסטלערישן ווערט. „פינגער" פון כהנים און „קריגלעך" פאַר לווים, „שאַפעס" מיט ספרים ביי לומדים און אויך טייל „איבערגעבראָכענע ביימער". „הירשן", ביי יענע, וועלכע האָבן געהייסן צבי (הירש) און „לייבן" ביי די, וועלכער האָבן געהייסן אריה־לייב. האָבן זיך גע־פונען צוויי קינסטלערס, לוציגא קראַקאָווסקאַ און יאַצעק אַנטאָני זיעלינסקי, און האָבן געמאַכט קינסטלעכע אָפּגוסן פון די שידלאָווצער מצבות, אויפ־היטנדיק דעם אָריגינעלן אויסזען, ניט צעשטערנדיק די קאָלירן און אָרנאַמענטן.

די איבערפּראָדוצירטע ידישע מצבות פון שידלאָווצע האָבן באַקומען אַ שם. זיי זיינען געוואָרן פּאָפּולער און אין יאַנואַר 1959 האָבן די קינסטלערס אויסגעשטעלט אין וואַרשע 25 עקספּאָנאַטן פון די שידלאָווצער מצבות —

מצבות פון יידן, וואָס זיינען נישטאָ, מצבות פון אַ קהילה, וואָס איז אָפּגעווישט געוואָרן.

שפּעטער זיינען די דאָזיקע „מצבות" געבראַכט געוואָרן קיין ישראל, וואו עס איז פון זיי איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ספּעציעלע אויסשטעלונג אין דעם מוזעאום פון עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר אין תל־אביב. פּופּציק מצבות און פראַגמענטן זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן.



צוויי מצבות אויפן בית־עולם

דער מוזעאום פון תל־אביב האָט אַרויסגעגעבן אַ קאַטאַלאָג פון די אויסגעשטעלטע פופציק מצבות. אין קאַטאַלאָג געפינען זיך גענויע געשיכטעס פון דעם, ווי אַזוי די קינסטלערישע רעסטאַווראַציע פון שידלאָווצער בית־עולם איז געמאַכט געוואָרן. אין זעלביקן קאַטאַלאָג איז אויך פאַראַן אין פויליש אַ דערקלערונג פון די צוויי יונגע פוילישע קינסטלערס, וואו זיי גיבן איבער די טעכניק פון זייער אַרבעט און רעדן וועגן דער אַרבעט פון די קונסט־אָביעקטן און וועגן טייל קברים און מצבות, וואָס זיינען דורך די נאַציס ספּעציעל צעשטערט געוואָרן, דער עיקר, די מצבות און אוהלים פון די רבנים. זייער דערקלערונג ווערט פאַרענדיקט מיט דעם ווייטערדיקן פאַראַגראַף:

„...אונדזער אויפגאַבע איז געווען צו באַווייזן ניט נאָר די שיינקייט פון די מצבות־אָרנאַמענטן, נאָר אויך זייער טראַגישע צעשטערונג, וואָס זיינען ביז היינט דער סימבאָל פון שטומען עדות פון שולדגעפיל..."

געווען אַ צייט, ווען מ׳פלעגט גיין צו די קברים פון די נאָענטע. יענע אלול־גענג פון אונדזערע אַלטע היימען זיינען מער נישטאָ: זיי זיינען בטל געוואָרן צוזאַמען מיט דעם אומקום פון יענע קהילות. געבליבן זיינען נאָר סימבאָלישע קבר־אבות־גענג, ווען די קברים קומען צו אונדז...

אָבער אין דעם „גאַנג" איז פאַראַן איין אויסנאַם: דער שידלאָווצער בית־עולם, וואָס האָט „אַריינגעשיקט" זיינע פופציק „צעבראָכענעביימער", „כהנים־הענט" און „לוויים־קריגעלעך" — אַן עכאָ פון אַ פאַרשניטן, טויזנט יאָריק יידיש לעבן.

# ב. צווישן ביידע וועלט־מלחמות*

*) פאַרשטייט זיך, אַז מען קען ניט ציען קיין קלאָרע ליניע צווישן דעם דאָזיקן אָפּטייל און דעם פריערדיקן. סיי טעמאַטיש, סיי צייטלעך דערגאַנצן זיי זיך.



נאך ריבּיאַנקאַ
לודוויק-סאַד
פּאַלנאַ
נאך דליגאָס
פּאָלנאַצנאַ
ראַדאָמער-וועג
שפּיטאָל
בערגמאַנס מיל
קנעפּל פאַבריק
יאַסטשעמבּ-סקאַ
נאך אָלשינאַ-סמילעוו
פּלאַץ-וואָלנאָששטשי
סאָדאָווע
גאַרבעריי
פּשיסטשאַר וועג
נאך פּאָזלעווע-בזשעזיסק
קנעפּל פאַבריק
גאַרבעריי
פּראָסקאָטאָס
גאַרטן
פּלאַץ מאַלי
שול
בית המדרש
נייער בית-עולם
אַלטער בית-עולם
וואַסער-מיל
מרחץ
רינעק-דרוגי
פּאַרנס
פּיש-מאַרק
קיאָסק
תלמוד-תורה
אַבּוהמעלע ג.ש. גאַרטן
זאַמעק
מאַלאַ
קרוטקאַ
גאַרטן
ש. אײַזענבערגס קינאָ
קאַרסאַ
פּייער-טורעם
פּייער לעשער
חדר-המזרחי
טאַרגאָווי
שטעטער-באַד
נאך קעלצע
נאַרוטאָוויטשאַ
רייטער בריק
פּיעראַ
שעכטהויז
ספּאָרט פּלאַץ



שידלאָווצער
מאַפּע
געצייכנט לויטן זכרון
פון יצחק מילשטיין
ברוקלין נ. י.
קאַלעיאָווע
פּאָלוואַרטשנאַ
ילושעצקאַ
קילינסקיעגאַ
סטראַזשאַצקאַ
קאָשטשאָל
שפּיטאָל-גאָרטן
מאַגיסטראַט
פּלאַץ III-גאַ מאַיאַ
פּאָוושעכנע שול
פּאָוושעכנע שול
שעכטהויז
ציגעלניע
ספּאָרט פּלאַץ
מאַרגאָוויצאַ III
טאַרגאָווי
פייער לעשער טורעם
חדר-המזרחי
דריטער סטאַק
II-טער סטאַק (הינטערגורגער)
ערשטער סטאַק
שידלאָוואַ
פּאַראָווע - מיל פון
שרה אַשל'ס
קורלענדער
וואַסער-מיל
סטאַוו
נאָך מאָדזשעוו
צמענטאַזש
סקאַלע פון ה. מ. קאַץ
סקאַלע פון זשאַראַק
פּאָסט אַמט
מ.ווייצהענדלער'ס טאַרטאַק
נאָגל פאַבריק
סטאַציע וועג
שעלווא
רייטער בריק
נאָך סקאַ
נאַרוטשאַני

יעקב פּאָמעראַנץ

# שידלאָווצע — אַ שטאָט פון אַרבעט



איך האָב געהאַט אַ סך מלמדים. ר׳ שמעון מלמד האָט מיך געלערנט עברי, ר. חיים ישראל מילגראם האָט מיט מיר געלערנט חומש מיט רש״י, וועלוול לערער (כץ) — יידיש, יחיאל מינץ — פּויליש, ר׳ רפאל ערליכמאַן — העברעאיש און תנ״ך, ר׳ ישראל יצחק חיימס (זילבערמאַן) — גמרא מיט רש״י און ר׳ ידידיה — גמרא מיט תוספות.

שידלאָווצע האָט געהאַט ניט בלויז אַ סך מלמדים, זי האָט אויך פאַר־מאָגט פיל רעליגיעזע חברות, ווי חברה משניות, חברה גמרא, חברה תהילים, אַ חברה שומרי שבת, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען אַרומצוגיין פרייטיק פאַר נאַכט און הייסן פאַרמאַכן די געוועלבער און צינדן ליכט. דאָס רוב האָט עס געטאָן ר׳ אַנטשל היטעלמאַכער אָדער זיין שוואָגער ר׳ אברהם משה וויינבערג. אַ ראש־ישיבה האָט מיט אַ חברה געלערנט דינים און משניות. אין קליינעם בית־המדרש האָט ר׳ אלעזר מורה־הוראה געלערנט מיט אַ גרופּע יעדן שבת נאָכן עסן חומש מיט רש״י.

שידלאָווצע האָט געהאַט אויך „רעליגיעזע קאַמפן״. צום ביישפּיל: ווען עס איז געקומען אויפצונעמען אַ נייעם רב, האָבן די גערער חסידים געקעמפט קעגן אויפנעמען דעם ביאַלאָבזשעגער ר׳ חיים ראַבינאָוויטש, אָדער „חיימאל״, ווי די גערער האָבן אים גערופן.

אַ צייט שפּעטער איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקה איבער אַ חזן־שוחט (אַבראַמטשע גרעבערמאַן), וואָס אהרן ליבערבוים האָט אַראָפּגעבראַכט פון פויזן. עס זיינען אָנגעגאַנגען „קאַמפן״ צווישן „מזרחי״, די שולדאָוונערס און אַ טייל פון שטעטל, מיט דער הסכמה פון ר׳ אלעזר מורה הוראה פון איין זייט (דער רב ר׳ חיים ראַבינאָוויטש און ר׳ ישראל יצחק מורה־הוראה האָבן זיך געהאַלטן נייטראַל) און די גערער חסידים פון דער צווייטער זייט. די גערער האָבן געהאַלטן, אַז נאָר זיי האָבן דאָס „רעכט״ אויפצונעמען אַ שוחט. די שטרייטן זענען אָנגעגאַנגען מאָנאַטן און מאָנאַטן. אין די גאַסן און געסלעך

האָט מען געקענט זען גרופּקעס שאַרף דיסקוטירן און יעדער האָט פּאַרטיידיקט זיין צד. די זעלביקע דיסקוסיעס זענען אָנגעגאַנגען אין די חסידים־שטיבלעך, שול און בית־המדרש.

די גערער חסידים האָבן דעם חזן־שוחט נישט געקענט שטערן, דעריבער האָבן זיי שפּעטער אויפגענומען אַן אייגענעם שוחט און אַ גערער מורה־הוראה.

אָבער ניט נאָר רעליגיעז. אויך געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש איז שידלאָווצע געווען אַ לעבעדיק שטעטל. זי האָט געהאַט אַלע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס אפילו וואַרשע האָט נישט געקענט האָבן מערער, בלויז גרעסער.

שידלאָווצע האָט געהאַט אַן אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציע „שלומי אמוני ישראל" (אגודה) מיט חיים ראָזענבערג ווי פּרעזעס און אויך אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צעירי אמוני ישראל" און אַ בית־יעקב שול מיט פריילין האָראָוויץ פאַר אַ לערערין.

די „אגודה" איז געווען פאַרטרעטן אין שטאָטראָט: לאָווניק — משה ציטרין, ראָטמענער — חיים ראָזענבערג און שלמה נייבערג.

די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אָנגעפירט פון ירחמיאל חיים בליזשינסקי און הערש־נחמן בלאָטמאַן. געווען אויך אַ „מזרחי"־שול מיטן לערער שיף.

דער פאָרזיצער פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער פּאַרטיי איז געווען מאָטל אייזענבערג. זי האָט געהאַט אַ פיין־איינגעאָרדנטע און גוט־באַזוכטע ביבליאָטעק. די ציוניסטן זענען געווען פאַרטראָטן אין שטאָטראָט דורך הערש־נחמן בלאָטמאַן.

געווען אויך אַ רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אברהם רעדליך בראש. אויך דער „ברית תרומפּלדור" איז געווען אַקטיוו.

די רעכטע פּועלי־ציון זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון ישראל צוקער. ביילע אפּעל איז געווען זייער פאָרשטייערין אין שטאָטראָט.

בראש פון די לינקע פּועלי־ציון איז געשטאַנען אברהם אַביש זאַלצמאַן.

שידלאָווצע האָט אויך געהאַט אַ חלוצים־אָרגאַניזאַציע מיט שמעון בלאָטמאַן און ירחמיאל ערליך ווי אָנפירערס, און אויך 2 קיבוצים — איינער אונטער דער השפעה פון „השומר הצעיר" און דער צווייטער — פון „מזרחי".

שידלאָווצע האָט אויך געהאַט אַ יידישע שול, אָנגעפירט פון שעוואלע אייזענבערג, שרהלע צוקער און רחלע ראָזענבערג.

די בונדישע פּאַרטיי איז געווען אָנגעפירט פון אברהם בליכער און איר

„יוגנט בונד צוקונפט" — פון אהרן שיכטער און יודל מידלאַרסקי. די בונדישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגנשטערן" און קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיפּ" האָבן גוט פונקציאָנירט. דער „בונד" האָט געהאַט אַ גוט־אָרגאַניזירטע און גוט־באַזוכטע ביבליאָטעק, אָנגעפירט פון בינע פרישמאַן און אַ דראַמאַטישן קרייז, אָנגעפירט דורך אברהם בליכער. דער „בונד" איז געווען פאַרטראָטן אין מאַגיסטראַט דורך אברהם בליכער און שבתי לאַקס.

שידלאָווצע האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקע אומלעגאַלע לינקע באַוועגונג, אָנגעפירט פון אשר פרענקל, פישל צוקער, הערשל צוקער, מענדל גאָלדוואַסער. זיי זיינען געווען זייער אַקטיוו אין דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. די האַנט־ווערקער־אָרגאַניזאַציע, מיט הערשל וועסטער פאַר פרעזעס, איז געווען שטאַרק אַקטיוו. זי האָט געהאַט 2 ראַטמענער: הערשל וועסטער און יאָסל טענענבוים.

אויף ווי ווייט שידלאָווצע איז געווען באַרימט מיט איר אַקטיוויטעט אין פּאָליטישן, פראָפעסיאָנעלן און קולטורעלן לעבן קען דינען דער פאַקט, וואָס די צענטראַלעס פון וואַרשע האָבן אַראָפּגעשיקט אַהער אַזעלכע פּאַרטיי־קעפּ ווי יצחק גרינבוים, ד"ר יהושע טהאָן, זרובבל, ערליך, כמורנער און אַנדערע מנהיגים.

יידישע טעאַטער־טרופּעס זענען גאַנץ אָפט געקומען אין שטעטל מיט אַזעלכע אַרטיסטישע קרעפטן ווי אברהם מארעווסקי, לודוויג זאַץ, זיגמונד טורקאָוו, אידאַ קאַמינסקאַ, דזשיגאַן און שומאַכער א"אַ. אויך די ליטעראַרישע לעקציעס זיינען באַקרוינט געוואָרן מיט אַזעלכע נעמען ווי ז. סעגאַלאָוויטש, דוד איינהאָרן, משה בראָדערזאָן, אהרון צייטלין, לעאָ פינקעלשטיין, יעקב פּאַט, אייסעראָוויטש א"אַ.

עס איז כדאי צו דערמאָנען אונדזערע 2 יידישע דאָקטוירים: טאַדאַניער, אַ פיינער דאָקטער און אַ פיינער מענטש, און לייבוש דימאַנט, אַ גוטער דאָקטער, וואָס איז פשוט געווען אַ מלאך פאַר אָרעמע קראַנקע.

* * *

שידלאָווצע איז געווען אַ שטאָט פון אַרבעט און האַנדל. זי איז געווען באַקאַנט אין לאַנד מיט איר לעדער־ און שיך־אויסאַרבעטונג. געווען דאָרטן 13־14 מעכאַנישע גאַרבערייען (אַחוץ קליינע האַנטפאַבריקלעך), וואָס האָבן אויסגעאַרבעט אַלע סאָרטן לעדער.

אין שטעטל האָבן זיך געפונען אַ 30 שיך־פאַבריקן און ־פאַבריקלעך, און אַ 35־40 שטעפּער־וואַרשטאַטן. עס זיינען אויך נאָך געווען ביי אַ צוויי טוץ שפּילקאָווע שוסטער־וואַרשטאַטן.

אַ שניידער־וואַרשטאַט. פון לינקס: יאָסל שטאַרק, פייוול שטיינאָוויץ, דער מייסטער וועלוול כאָמענטאָווסקי, ברוך דריינאָדל.





אַ שטעפּער־וואַרשטאַט. פון לינקס: פּעסע שאַרפּהאַרץ, אהרן טענענבוים, אפרים פוקס, זעליק שאַדמאַן, רפאל טענענבוים.

שוסטעריי פון די ברידער קופּערבערג.





דאַמען־שניידעריי. פון לינקס: מייסטערין מירל לאה פוקס, הענדל זילבערמאַן, חיה שרה בראניעווסקי, האדעס כוסטעצקי, רחל איטע מאַדזשעווייעצקי.

שידלאָווצע האָט געהאַט צוויי בענק. דער „באַנק קופּיעצקי" איז אָנ־געפירט געוואָרן פון פּינחס שטיינמאַן (דירעקטאָר) און ישראל צוקער (בוכ־האַלטער), שפּעטער פון שמערל באַטשאַן. חיים ראָזענבערג האָט געהאַט אַ באַנק „ביי זיך" אין הויז.

שידלאָווצע האָט פאַרמאָגט ביי 35 שניידער־טאַנדעטניקעס, וואָס האָבן געמאַכט ביליקע הויזן און מאַרינאַרקעס און פאַרקויפט די פּויערים. זיי זיינען געפאָרן צו ירידן אין אַנדערע שטעטלעך 2־3 מאָל אַ וואָך. ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, פלעגן זיי זיך אויפהייבן 2־3 אַ זייגער ביי נאַכט און 10־12 אויף דער נאַכט צוריקקומען. צו מאָרגנס זענען זיי געלאָפן איינקויפן סחורה ביי נתן פראַשקער, דוד זילבערמאַן, יהושע זילבערמאַן, הערשל יונהס קויפמאַן און אַזוי ווייטער. זיי האָבן געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג און אין דער נאַכט אַריין מיט זייערע פרויען און קינדער, כדי ווידער פאַרטיק צו מאַכן סחורה פאַר די ירידן.

אין שטעטל זיינען געווען אַ סך סאַדאָווניקעס, וואָס ס׳רוב זיינען זיי אויך געווען שוסטערס אָדער שניידערס. ווינטער האָבן זיי געאַרבעט ביי זייער פאַך און זומער האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט סעדערייִ. זיי מיט זייערע משפּחות זיינען פאַרשוואַרצט געוואָרן זומער שלאָפנדיק אין די בודעס און קאָכן זייער עסן אויף אַן אייזערן אייזעלע ווי די ציגיינערס און זיין אויסגעשטעלט אין די נעכט צו רעגנס און שטורעמס אָדער צו שטיינער, וואָס שקצים פלעגן וואַרפן.

שידלאָווצע האָט געהאַט יידישע מויערערס, סטאָלערס, קאָוואַלן, סטעל־מאַכערס, מעכאַניקערס א"אַ.

מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז 90 פּראָצענט שידלאָווצער יידן האָבן געאַרבעט (אָדער געהאַנדלט) שווער און ביטער, כדי צו קענען דערנערן זייערע פאַמיליעס. ביי העלפט פון זיי האָט נישט איין מאָל געטראָפן, אַז זיי האָבן נישט געהאַט ברויט צו דער זעט אָדער עס האָט זיי צוגעפעלט אַ זלאָטע שבת צו מאַכן.

איך קען נישט פאַרגעסן שידלאָווצער אָרעמקייט, ספּעציעל די טרע־גערס, אַ 20־30, מערסטנס געוועזענע בעלי־עגלות, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט צוריקצוקויפן אַן אַנדער פערד, ווען איינס האָט געפגרט. די טרעגערס פלעגן וואַרטן און טשאַטעווען, ביז אַ פּויער וועט ברענגען אַ זעקל האָבער, קאָרן אָדער מעל, אָדער וואַרטן ביז די פורן פון ראַדעם אָדער וואַרשע וועלן קומען מיט סחורה, אַז זיי זאָלן עס קענען אַראָפּנעמען און אָוועקטראָגן

אין די געוועלבער. נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז צו איין פּעסל הערינג זיינען געקומען 5 טרעגערס עס אַראָפּצונעמען, נאָכער האָבן זיי זיך געטיילט און יעדער האָט געהאַט 7 גראָשן.

וויפל מאָל האָט מען געקענט זען אַ קאַלמאַלע (קלמן) זאַק, אַ לוי יאפּע, אַ מלכל אָדער אברהמעלע ראַקאָווסקי טראָגן אַ זאַק מעל אויף די פּלייצעס פון דער פּאַראָוווער מיל צו אַ בעקער אויף ראַדעמער וועג, אָדער אַ זעקל קאָרן פון עזריאל ברויטמאַן אויף ראַדעמער וועג צו דער פּאַראָוווער מיל — און אַלץ פאַר 25־30 גראָשן...

ווינטער, אין די שווערסטע שנייען און פרעסט, פלעגן זיי זיך טוליען אין די טויערן, איינגעקאָרטשעט פון הונגער און קעלט, וואַרטנדיק אויף אַ פור פון דאָרף אָדער פון ראַדעם.

מיין זיידע, פישל סטאַלמאַך (לעווין) ז״ל, האָט שטענדיק געגעבן אַ גע־לעגנהייט די טרעגערס פון ראַדעמער וועג צו זיצן אין זיין הויז (וואו ער האָט געאַרבעט) און זיך פילן וואַרעמער. נישט איין מאָל האָט מיין מוטער נעשיע ע״ה אָדער מיין פאָטער אברהם ז״ל זיי אַריינגערופן אין שטוב, געגעבן טיי מיט אַ שטיקל צוקער אָדער פאַר זיי געבאַקן קאַרטאָפל — און מיין שוועסטער אסתר האָט דערווייל פאַר זיי געהאַרכט, צי אַ וואָגן קומט אָן...

* * *

אַזוי האָט שידלאָווצע מיט אירע סוחרים, פאַבריקאַנטן, מעקלערס, האַנט־ווערקערס, כאַלופּניקעס, אַרבעטערס און קבצנים געלעבט, יעדער אין זיין שטאַנד, אָבער פול מיט האָפענונג, אַז דער מאָרגן וועט אפשר זיין ליכטיקער — אַ האָפענונג, וואָס איז מערדעריש צעשטערט געוואָרן דורך די נאַציס.

פּיניע מאָרגענשטערן ע״ה (בראַזיל)

# די וועלטלעכע שידלאָווצע

שידלאָווצע, וואָס ליגט 30 קילאָמעטער פון ראָדעם און 40 קילאָמעטער פון קעלץ, איז געווען כמעט א הונדערט־פּראָצענטיק יידיש שטעטל. אַרום דעם מאַגיסטראַט האָבן געוואוינט די מער־פאַרמעגלעכע יידן; אונטן, אין מאַרק, וואָס איז געווען אין מיטן שטאָט, האָט פאַרנומען עמק. אין איין זייט מאַרק האָט זיך געפונען אַ גאַנצע ריי קראָמען און אין דער צווייטער זייט מאַרק איז געשטאַנען גאָר פון אַלטע צייטן אַ געבוי פון צענדליקער גרעסערע און קלע־נערע קראָמען, וואָס מיר האָבן גערופן „די באדנס״.

לעבן דער שטאָט איז געווען אַ פּריצישער הויף מיט אַ וואונדער־שיינעם פּאַרק. אין צענטער פון פּאַרק איז געשטאַנען גאָר פון אַלטע צייטן אַ פּאַלאַץ, וואָס האָט אַ מאָל געהערט צו אַ פּוילישער פּריצטע. דעם פּאַלאַץ האָבן מיר גערופן „דער שלאָס״. אַרום דעם שלאָס האָט געשטראָמט אַ טייך און עס האָט זיך געצויגן אַ שיינע שפּאַצירגאַס מיטביימער ביז צו דער ביר־ברויערײ, וואָס מיר האָבן גערופן „בראַז״ (ברויז).

אַרום דעם גאַנצן שטעטל האָבן זיך געקייטלט פעלדזנבערג, די „סקאַלעס״, פון וועלכן מען האָט אויסגעהאַקט שטיינער פאַר פאַרשיידענע באַדערפעונישן. אַ טייל פון די סקאַלעס האָבן געהערט צו די משפחות פון הערש מענדל כ״ץ, די שטשענשליוועס און זייער אידעם יצחק שאַרפּאַץ, ווי אויך צו משה סקאַלניק ז״ל.

צוויי קילאָמעטערס אַרויס פון דער שטאָט האָבן זיך געצויגן הערלעכע סאָסנעוועלדער (סאָדיקער וועלדער), וואוהין מענטשן פלעגן קומען אויף אָפּרו.

ביז אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט האָבן שידלאָווצער יידן געפירט אַ טאָטאַלן רעליגיעזן לעבן־שטייגער. אָבער שפּעטער, ספּעציעל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך עס גענומען בייטן. די השכלה האָט זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט אין שטעטל און די צאָל יוגנטלעכע מיט אַלגעמיינער בילדונג האָט זיך פאַרגרעסערט. כאָטש רעליגיע האָט נאָך אַלץ דאָמינירט די יידן אין שידלאָווצע, איז שוין אָבער אויך געווען אַ וועלטלעכער סעקטאָר, וואָס פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך האָט ער געשפּילט אַן ערשטראַנגיקע ראָלע.

אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער פאַרוועלטלעכונג פון דער יידישער יוגנט אין שידלאָווצע איז געווען די ביבליאָטעק, וואָס איז תחילת געשאַפן געוואָרן אין געהיים אויף אַ בוידעם־שטיבל.

פון די ערשטע, וואָס זיינען געווען אַקטיוו ביים אויפשטעלן די ביב־ליאָטעק און העלפן זי אַנטוויקלען, זיינען געווען אַהרן זאבנער, אברהם־שיע צעלינסקי, אברהם רעדליך, מאָטל אייזענבערג, שמואל ווייסבראט, לייבל שאַרפאַץ (לייבל פויגל גערופן), משה יחיאל שיק, חיים גרשון רובינשטיין.

דער אָרטאָדאָקסישער לאַגער האָט געפירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן דער ביבליאָטעק. זיינע פירערס האָבן געהאַלטן דרשות און געסטראַשעט די, וועלכע וועלן זיך דערוועגן צו פאַרדינגען אַ לאָקאַל פאַר דער ביבליאָטעק.

אָבער עס איז געשען אַזוינס, וואָס קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט. דער חשובער בעל־הבית יחיאל דימאַנט האָט איבערגעגעבן אַ צימער אין זיין דירה פאַר דער ביבליאָטעק, און די שידלאָווצער יוגנט האָט זיך גלייך געוואָרפן מיט לייב און לעבן צו לייענען. מען האָט אָנגעהויבן פירן לעבעדיקע דיסקוסיעס. מען האָט זיך אָנגעהויבן אַרומטראָגן מיט חלומות פון ליכטיקע וועלטן וועגן אַ שענערן און בעסערן מאָרגן.

דאָס מאָדערנע יידישע בוך, די פּאָליטיש־סאָציאַלע בראָשורן, ווי בכלל דער גייסט פון דער נייער צייט האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער אויספאָרמירונג פון פאַרשיידענע יידישע פּאַרטייען אין שטעטל.



דער פּאָסטאַמט.

שמחה־בונעם בלאַנדער

# פון רעליגיעזן לעבן



איינער פון די אינטערעסאַנטע טיפּן אין שידלאָווצע איז געווען ר׳ נוח חיימס, אַן אייניקל פון „ייד הקדוש״. ער איז געווען אויסגעטאָן פון הוויות העולם. מען האָט אים גערופן „דער ל״ו״. אַ גאַנצן טאָג האָט ער געטראָגן תפילין, געלעבט אין דחקות. יצחק אייזענבערג פלעגט אים אויסהאַלטן.

ער פלעגט זיצן יומם ולילה און לערנען. אויך זיין זון חיים אַזוי. דאָס צימער, וואו זיי האָבן געלערנט, האָט אויסגעזען ווי אַ קבר, פאַרהאַנגען מיט אַ ליילעך. ווען עמעצער האָט געבראַכט עסן, פלעגט ער עס לאָזן פאַר׳ן פאָרהאַנג. אין די גרעסטע קעלטן האָט ר׳ נוח ניט פאַרפעלט צו גיין אין מקווה.

געווען אַנדערע פרומע יידן, וואָס האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט לערנען אַליין, נאָר האָבן געזאָרגט פאַר אַנדערע רעליגיעזע הצטרכותן פון דער קהילה.



דער בית־הרב.

מיט דער „חברה עירובין" האָט זיך פאַרנומען חיים־הערש בלאַנדער און אנשל דער היטל־מאַכער. זיי האָבן אויך אָפּגעהיט, אַז יידן זאָלן ביי צייטנס פאַרמאַכן די קראָמען ערב שבת.

אין די דרייסיקער יאָרן איז אין שידלאָווצע געגרינדעט געוואָרן אַ ישיבה. דער ראש־ישיבה איז געווען ר׳ ניסן פון נאָוואָרעדאָק. זיין שוואָגער, ר׳ אליעזר, איז געווען צווייטער ראש־מתיבתא.

מיט דער תלמוד־תורה האָבן זיך באַשעפטיקט חיים ראָזענבערג, חיים־הערש בלאַנדער, יאַנקל וויגדאָראָוויטש, אליהו־מאיר בראָנעס, וואָס איז געווען מנהל. אין תלמוד־תורה זיינען געווען אַרום 150 תלמידים מיט זעקס מלמדים: ישראל ניימאַן, יצחק ראָזענצווייג, יעקב משה אַבראַמאָוויטש, חיים טוביה, שמעון ביטער, משה גאָוויטשעווער.

שפּעטער איז די תלמוד־תורה פאַרבונדן געוואָרן מיט דער ישיבה.

אין שטעטל זיינען נאָך געווען אַרום 20 חדרים.



די „יבנה"־שול.

דיינים זיינען געווען ר׳ אלעזרל, ר׳ יצחקל אַמשינאָווער, שפּעטער — דער געראָער מורה־הוראה. ר׳ אלעזרל איז געווען אַ גרויסער למדן. זיין זון ר׳ דודל איז אויך געווען אַ למדן און וויל ער האָט געהערט צו „מזרחי", האָבן חסידים אים גערודפט. ר׳ אלעזר האָט געהאַט צרות פון די חסידים דערפאַר וואָס ער האָט געשטיצט דעם חזן־שוחט פון שטאָט, אברהמטשל גערבערמאַן. די מחלוקה אַרום דעם שוחט האָט זיך געצויגן לאַנגע יאָרן.

מיטן „מזרחי" האָבן אָנגעפירט ירחמיאל־חיים בליזשינסקי, אהרן ליבער־מאַן, אהרן בלומענפעלד, שלמהלע איזענבערג, הערש־נחמן בלאַטמאַן.

אין „הפועל המזרחי" זיינען געווען אַקטיוו משה־דוד שטשענשליווע, נטע צוקער, משה בלאַנדער.

אין שטאָט האָט זיך געפונען אַ קיבוץ־הכשרה פון „מזרחי", זיינע מיטגלידער זיינען בעיקר געווען באַשעפטיקט אין טאַרטאַק.

„מזרחי" האָט אויך געהאַט א „יבנה"־שול.

אין דער קהילה האָט „מזרחי" געהאַט 3 פאָרשטייערס, „אגודה" — 3, „בונד" — 2. די פאָרשטייערס פון דער „אגודה" זיינען געווען: משה ציטראָן, שלמה נייבערג און נאָך איינער, וואָס איך געדענק ניט זיין נאָמען.

געווען אַ דינאַמיש רעליגיעז לעבן אין שידלאָווצע, ניט געקוקט אויף מחלוקתן צווישן די פאַרשיידענע רעליגיעזע שאַטירונגען.

יאַנקל קאַץ (פאַריז)

# שידלאָווצע אין מיין צייט

דער רוב איינוואוינערס פון שידלאָווצע זיינען געווען יידן. נאָר אַ קליינער טייל בעלי־בתים זענען געווען בעלי־פרנסות. די קרעמערס פון די קליינע געוועלבלעך האָבן געוואַרט גאַנצע טעג, ביז ס'האָט זיך באַוויזן אַ קונה. די אָרעמקייט איז געווען גרויס. ווינטער האָט מען געמוזט צונויפמענען געלט צו קויפן האָלץ פאַר אָרעמע און פסח צו באַזאָרגן זיי מיט מצות.

מיין זיידע, ישראל משה רוינסקער, וואָס האָט געלעבט אין דערפל רוינסק, פלעגט קומען צו יעדן מיטוואָך־יאַריד אין שטאָט. ער פלעגט ברענגען קאַרטאָפל און אויפס און עס טיילן פאַר אָרעמע.

שידלאָווצער יידן, איבער הויפט די עלטערע גענעראַציע, זיינען געווען זייער רעליגיעז, מען קען זאָגן פאַנאַטיש. ס'זענען דאָרט געווען כלערליי חסידים — ביאַלאָבזשעגער, גערער, קאָצקער, אַמשינעווער. די גערער זיינען געווען

צום מייסטן פאַנאַטיש. ביי די גערער פלעגן פאָרקומען סקאַנדאַלן צוליב דעם, וואָס טייל יונגע זענען געקומען מיט אַ קראַגן און שניפּס.

איין מאָל אַ פרייטיק־צו־נאַכטס האָט מען נישט צוגעלאָזט קיינעם צום עמוד דאַוונען, ביז די, וואָס טראָגן שניפּסן, וועלן נישט פאַרלאָזן דאָס שטיבל. און איין מאָל, אַ שמחת־תורה, ווען דער עולם איז געווען אַ ביסל בגילופין, איז געקומען צו אַ געשלעג, ווייל אַ פּאָר פאַנאַטיקערס האָבן געוואָלט אַראָפּרייסן דעם קראַגן פון אַ יונגנמאַן. מיט יאָרן שפּעטער האָט זיך דאָס שטאַרק געענדערט.

דער שידלאָווצער בית־מדרש איז געווען אַ שיינער און די שול גרויס. מיין פאָטער הירש מענדל ע"ה, אַ פאָלקסמענטש מיט אַלטע יידישע טראַדיציעס פון צדקה, אַ כלל טוער, איז געווען צענדליקער יאָרן דאָזאָר. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן, וואָס דער צוגאַנג צום בית־מדרש און שול איז ניט ריין, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ מקום־קדוש. אַ טאָג פון אַ רעגן האָט מען געטאָפּטשעט אין די בלאָטעס און ס׳איז פּשוט שווער געווען צוצוקומען צו דער שול. מיין פאָטער האָט פאָרגעלייגט צו ברענגען אין אָרדנונג דעם צוגאַנג, אָבער נישט אַלע בעלי־בתים האָבן מסכים געווען צו געבן געלט אויף דעם. נאָך פיל מי און מאַטער האָט ער געלאָזט אויסאַרבעטן אין זיין שטיינהאַקעריי פּירקאַנטיקע שטיינער מיט שיינע רונדע גאַלקעס. דער הויף פון שול איז אויסגעברוקירט געוואָרן. די גאַנצע לענג צום אַריינגאַנג אין שול און פון בידע זייטן טראָטואַר האָט מען איינגעפלאַנצט ביימער, אויפגעשטעלט שטיינערנע בענק אין דער זייט צום זיצן און דעם גאַנצן שולהויף האָט מען אַרומגעבויט מיט אַ שיינעם פּאַרקאַן. ווען די ביימער האָבן זיך צעוואַקסן, איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זיצן אין הויף פון שול.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון שטעטל געוואָרן אַ סך ערגער. די יוגנט האָט גענומען עמיגרירן, קודם כל קיין דייטשלאַנד, וואָס איז געווען צום נאָענטסטן און וואו מען האָט זיך לייכט געקענט איינאָרדענען. אַ טייל זיינען אַוועק אין אַנדערע לענדער, צווישן זיי קיין פראַנקרייך.

**אברהם פינקלער (טאָראָנטאָ)**

# יידן אין שטאָטראַט

די קריסטן פלעגן רופן שידלאָוויעץ — זשידלאָוויעץ, ווייל יידן זיינען געווען די גרעסטע מערהייט אין שטעטל. און דער קרייזהויפטמאַן פון ראַדעם — אין צייט פון מלחמה — קערקליס, אַוודאי אַ דייטש פון ליטע, פלעגט רופן שידלאָווצע „יודענשטאַדט״.

דער יידישער אַנטייל אין שטאָטראַט איז שטענדיק געווען אַ מינימאַלער. פאַר שטאָטוואַלן פלעגט קומען דער סטאַראָסטע לעווינסקי פון קינסקער פאַ־וויאַט, וואו שידלאָווצע האָט אַנגעהערט, אונדז אָפּשטאַטן אַ „פריינדשאַפט״־וויזיט״. ער פלעגט צוזאַמענרופן די יידישע „פּני״ און געבן צו פאַרשטיין, אַז יידן דאַרפן למען השלום אַרויסוויזן גוטן ווילן צו די קריסטלעכע שכנים דורך קאָנסאָלידירן אַלע פאַרטייען אויף אַן איינהייטלעכער ליסטע צום מאַגיסטראַט. עס האָט זיך אָנגעהויבן, פאַרשטייט זיך, אַ דינגעניש, וויפל ראַטמענער יעדער זאָל באַקומען און עס האָט זיך תמיד געענדיקט מיט אַ קריסטלעכער מערהייט.

עס זענען אויך געווען פאַלן, אַז דער סטאַראָסטע איז נישט געווען צו־פרידן מיט דעם אויסוואַל פון אַן אַרטיקן בירגער־מייסטער און ער האָט גע־וואָלט אַריינזעצן זיינעם אַ מענטש. פלעגט ער מיט חדשים פריער קומען צו גאַסט, צוזאַמענרופן די קהילה־פאַרשטייערס, דעם רב און פאַרטיי־פירערס און געבן צו פאַרשטיין, אַז די שטאָט קען אַ סך פראָפיטירן ביים ווילן אַזאַ פערזאָן. די פאַרזאַמלטע האָבן פאַרשטאַנען דעם „פריץ״ און געענדיקט האָט זיך עס אַזוי, ווי דער בעל־הבית האָט געוואָלט...

די יידישע ראַטמענער אין שידלאָווצע זיינען געווען כמעט די זעלבע אַ לאַנגע צייט: משה ציטרין — לאַוניק, אברהם בליכער און שבתי לאקס — „בונד״, שלמה נייבערג — אגודה, לייביש שטשענשליווע. דאָס זענען געווען כמעט „זאָוואָדאָווע״ ראַטמענער. אין די לעצטע יאָרן פלעגן שוין בלאָזן נייע ווינטן און עס איז געווען אַ טענדענץ, אַז יינגערע מענטשן דאַרפן פאַרטרעטן אויך די יינגערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און דעריבער אויסגעווילט אויך יוסף טענענבוים.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה פלעגן די מאַכטאָרגאַנען שטאַרק דריקן די באַפעלקערונג וועגן פאַרשענערן די שטעט און שטעטלעך און זענען געווען כמעט משוגע אויף דעם פונקט פון אורבאַניסטיק — און אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט צו די יידישע קעפּ.

מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו די הויז־אייגנטימערס און צו די קליינע סוחרימלעך, וואָס פלעגן אויף דעם מאַרק פאַרקויפן זייערע סחורות אויף אויסגעשטעלטע שטעלעכלעך, וואָס פאַר דעם פלעגן זיי צאָלן 2 זלאָטעס אַ טאָג שטייערן צום מאַגיסטראַט. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן „ויצעקו"; עס האָט זיי געדראָט צו פאַרלירן די טעגלעכע פרנסה. חיהלע ראָזענבערג (איצט גוטמאַן, טאָראָנטאָ), וואָס האָט געהאַט אַ ציטונגסקיאָסק, האָט צוזאַמענגערופן אַלע פאַראינטערעסירטע סוחרים און זיך געווענדט צו די קהילה־פאָרשטייערס צו טאָן אַלץ, כדי אָפּצושרייען די גזירה. דער רעש איז דעמאָלט געווען זייער גרויס. אַ היפּשע דעלעגאַציע פון קהילה־פאָרשטייערס מיט ראָט־מענער און דעם רב בראש זענען גלייך אַריינגעפאָרן אין פּאָוויאַט און נאָך גרויסער שתדלנות האָט מען געפּועלט אָפּצושאַפן די גזירה.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס איז אונטערגעקומען אַ נייע גזירה: צוליב היגיענישע טעמים מוזן ווערן געשלאָסן אַלע חדרים. פאַר וואָס? — ערשטנס, האָבן די מלמדים נישט קיין „ראָזראַשעניעס" צו זיין מלמדים;



אַ קלאַס אין דער פוילישער שול. ערשטע ריי, אונטן לינקס צו רעכטס: פראַדל בראָמאַן, רייזל שטשענשליווע, שבע מינצבערג, פייגל אַלפּערט, ראָזענבוים, פישמאַן. צווייטע ריי: לערער־פערסאָנאַל. דריטע ריי: שרייבערבערגס טאָכטער, שרה מאַנדעלמאַן, קופערמאַן, פערל לאַקס (7טע אין ריי), שטיינמאַנס טאָכטער (12טע אין ריי). פירטע ריי: פייגע אייזענבערג, בריינדל לוסטגאַרטן, גאָלדבערג, פרייטאָג (5טע אין ריי), ווייצהענדלער, גוטשע מינצבערג, וואָלף, מאַטל דימאַנט. די רעשט — קריסטלעכע קינדער.

צווייטנס, זענען די לאָקאַלן נישט צוגעפּאַסט פאַר קלאַסן; דריטנס, די מלמדים זענען נישט אונטערזוכט מעדיציניש; פירטנס, די צימערן האָבן נישט קיין ווענטילאַציע און לויט דער גרייס פון צימער קאָנען זיי אַריינגעמען 4־5 קינדער און איצט האָבן זיי פון 30 ביז 40.

איז ווידער געוואָרן אַ געוואַלד, נאָך אַ גרעסערער ווי פריער, ווייל דאָס האָט דאָך אָנגערירט די רעליגיעזע געפילן, און וואָס עס מיינט פאַרמאַכן חדרים ביי ייִדן, דאַרף מען דאָך קיינעם נישט דערציילן. דער סטאַראָסטע איז פאַר־פלייצט געוואָרן מיט אָנקלאַגעס, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער „ראַדע־שקאָלנע פּאָוויאַטאָווע״ אין קינסק, וואו דער סטאַראָסטע האָט געפירט דעם פאָרזיץ. דער ראַט איז באַשטאַנען פון די דירעקטאָרן פון די עקסיסטירנדיקע מלוכה־גימנאַזיעס, פון דעם פּאָוויאַט־דאָקטער, קאַטוילישן בישאָף פון קינסק, עטלעכע פאַרשטייערס פון די שטאָטראַטן און פּאָוויאַטאָוון שול־אינספּעקטאָר. דער איינציקער יידישער פאַרשטייער אין שולראַט איז געווען אברהם פינקלער, וועלכער האָט רעפּערירט וועגן גאַנצן ענין און דאָס פאַרגעשטעלט אין דעם געהעריקן ליכט. דער „ראַט״ האָט באַשלאָסן דאָס איבערצוגעבן דער שטאָטישער קאָמיסיע אין שידלאָווצע, וואָס וועט באַשטיין פון בירגער־מייסטער, פּאָליציי־קאָמענדאַנט, שטאָטישן ד״ר ניקאָלסקי, שטאָטישן אַרכיטעקט און אברהם פינקלער, וועלכער וועט פאַרטרעטן דעם פּאָוויאַטאָוון שולראַט אין קינסק.



אַ קלאַס פון דער פוילישער שול. פון לינקס צו רעכטס, דריטע ריי: הענדל ווייסבראָט, שרייבערבערג, פוקס, לעדערמאַן, 2טע שרייבערבערג, אַלפּערט א״א. אין מיטן: א. פינקלער.

די גזירה האָט זיך געענדיקט מיט דעם, אַז די מלמדים האָבן זיך געמוזט אונטערזוכןביים פּאָוויאַט־דאָקטער אין קינסק, זיך געמוזט פאָטאָ־גראַפירן „אין בלויזן קאָפּ", אויסמאַלעווען די צימערן מיט ווייסן קאַלך, אַריינ־שטעלן בלעכענע ווענטילאַטאָרן אין די פענצטערס, אַרויסהענגען אין יעדן „חדר" דעם פּאָרטרעט פון יוזעף פּילסודסקי און פּרעזידענט מאָשטשיצקי און אויפהענגען די דערלויבעניש, אַרויסגעגעבן און אונטערגעשריבן פון „פּאָוויאַ־טאָווע ראדע שקאָלנע" מיט דעם מאַקסימום צאָל פון 8־10 קינדער אין איין צימער. אויף דער וואַנט איז טאַקע געווען אַזוי געשריבן, אָבער אין לעבן איז די צאָל קינדער געבליבן ווי פריער...



פּלאַץ פון דריטן מאַי.

דבורה ראָזענצווייג־בלאַנדער

# שטייגער, מנהגים, סגולות



אַזוי ווי אין יעדער שטאָט און שטעטל אין פוילן, האָט אויך אונדזער שידלאָווצע געהאַט אירע טראַדיציעס און מנהגים, וואָס טייל פון זיי געדענק איך.

ערב יום־כיפור פלעגן יידן זיך לאָזן שמייסן מלקות אין קליינעם בית־מדרשל, ווי אַ וועג אָפּצוקומען פאַר זייערע זינד. אַזוי פלעגט דערציילן מיין טאַטע, אָבער אין אונדזער צייט האָט מען דערפון ניט געהערט.

ווען ס׳איז פאַרבייגעגאַנגען אַ לוויה, פלעגן יידן פאַרמאַכן טיר און פענצטער, ווי אויך די געוועלבער.

אַ חתן פון דער פרעמד מיט זיינע געקומענע געסט פלעגט מען פאַר דער חתונה אַרומפירן 3 מאָל אַרום די באַדענס אין דער זעלביקער בריטשקע, אין וועלכער זיי זיינען געקומען.

די חופה פלעגט ס׳רוב פאַרקומען אין שולהויף. איז געווען אַ מנהג, אַז די איינוואוינערס לעבן שול פלעגן אַרויסלייכטן פון זייערע הייזער מיט ליכט אָדער לאָמפּן דעם גאַנצן וועג צו דער שול. נאָך דער חופה האָט די באָבע פון חתן אָדער פון דער כלה אַנטקעגנגעטאַנצט דעם יונגן פּאָרל און געזונגען: „חתן, דאָ האָסטו אַ קוכן, זאָלסט ניט דאַרפן מער קיין כלה זוכן".

אין 1936 איז אויסגעבראָכן אין שטעטל אַ טיפוס־עפּידעמיע. כדי איינצושטילן די מגיפה, האָט מען געשטעלט אַ חופה אויפן בית־עולם. אַן ענלעכן „רעצעפּט", דערציילט מען, האָט מען אָנגעווענדט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ביי אַ קימפּעטאָרין אין הויז איז דאָס בעט געווען פאַרהאָנגען מיט אַ ליילעך. די טירן און פענצטערס זיינען געווען באַהאָנגען מיט שיר־המעלותן — אַ סגולה צו פאַרטרייבן שדים.

נאָכן געבורט פון אַ ייִנגל פלעגן די „חדר"־קינדער קומען יעדן טאָג אין הויז פון דער קימפּעטאָרין און אויפן קול לייענען „קריאת־שמע". דאָס האָט מען גערופן אַ „קרישמעליינע". דעם לעצטן טאָג פלעגן די יינגלעך קריגן האָניק־בייגעלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ „שלשלת" אָדער ווי אַן 8 מיט נאָך אַ רינגעלע.

אַ סגולה פאַר אַ „רויז״ — אַ געשווילעכץ אויפן פּנים אָדער אַנדער טייל פון גוף מיט רויטע פלעקן — איז געווען דאָס צולייגן אַרום דעם קראַנקן אָרט אַ שטיק דיק פּאַפּיר, אויפגעשריבן מיט ריטשקעלעך פון אַ בעזעם אַ סך מאָל די ווערטער אין לאַטייניש אותיות: „פילא רוזשא אפפא פּאַססא״. ניט יעדער האָט געקענט פאַרשרייבן אַזאַ „רעצעפּט״. דאָס האָבן געקענט טאָן נאָר יחיאל אַביש בלאַנדער אָדער זעליקל סופר.

אַן עין־הרע האָט יעדערער געקענט אָפּשפּרעכן. דאָס האָט מען נאָך געלערנט אין חדר. אַ מיטל אויסצופּרובירן די עין־הרע איז געווען אַזאַ: מען האָט אַריינגעלייגט קוילן פון אויסגעברענט האָלץ אין וואַסער — אויב די קוילן זיינען אַרונטער אין וואַסער, איז עס געווען אַ סימן פון אַ שווערער עין־הרע. דאָס האָט געהייסן „אָפּלעשן אַן עין־הרע״.

**כלי־זמרים און בדחנים**

די ברידער אהרן, יצחק און יאַנקל גייגער זיינען געווען גוטע כלי־זמרים. דער לעצטער איז גאַנץ פרי אַוועק נאָך וואַרשע און דאָרט געשפּילט אין באַקאַנטע ערטער. זיין שוואָגער חיים גיל („מייקוס״) האָט געשפּילט טרומייט. זייערע קינדער, תנחום, מאיר און יודל, און אויך דער איידעם משה, האָבן שוין מיטגעשפּילט אויף חתונות און וואו מען האָט נאָר געדאַרפט מוזיק.

בדחנים האָבן מיר געהאַט צוויי. איינער איז געווען זייער אַ פרומער. זיין נאָמען איז געווען יודעלע וויגנאַנסקי. ער האָט געקענט שיין באַזינגען אַ כלה און משמח זיין די געסט אויף אַ פרומען אופן. דער צווייטער בדחן איז געווען יצחק משה ראַפּאַלאָוויטש (דער פויקער). ער איז שוין געווען מער וועלטלעך. ער האָט באַזונגען די כלה לויט זיין שטייגער און געקענט פאַרוויילן דעם עולם מיט פאַרשיידענע מאָדערנע לידעלעך.

צו אַ חתונה האָט נאָך אויך געהערט אַ קאַרטן־טרעגער. די איינלאַדונגס־קאַרטן זיינען ניט צעשיקט געוואָרן מיט דער פּאָסט. די דאָזיקע אַרבעט האָט שוין געטאָן חיימעלע זאַגדאַנסקי, אַ קליין יידעלע, וואָס האָט אויסגעפירט זיין אַרבעט בעסער ווי דער פּאָסטטרעגער.

ביי יעדער חתונה האָט אויך אָנטיילגענומען אַ שומר ביים אַריינגאַנג, אַז ס׳זאָלן זיך ניט אַריינכאַפּן קיין אומגעבעטענע געסט. געווען איז דאָס יאַנקל הערץ, וועמען מען האָט גערופן יאַנקל ברילאַנט. ער האָט יעדן געקענט און אַז ער האָט דערוויסט אַן אומגעבעטענעם גאַסט, וואָס האָט געוואָלט זיך אַריינקריגן אין זאַל, האָט ער אים פאַרהאַלטן מיטן ווערטל „זיי געלאַסן״. דאָס איז גיך געוואָרן אַ שטאָטווערטל.

## ברינעמער און קוואַלן

אין אונדזער שטעטל איז וואַסער געווען אַ פּראָבלעם. ס׳קלינגט מאָדנע, אָבער אַזוי איז עס געווען. קיין וואַסער האָט טאַקע ביי אונדז אין שטעטל ניט אויסגעפעלט, אָבער 90 פּראָצענט פון די פיל ברינעמער און פּלומפּן זיינען געווען געזאַלצענע וואַסערן, וואָס מען האָט ניט געקענט ניצן צום טרינקען. אפילו צום וואַשן האָט דאָס ניט געטויגט, ווייל ס׳איז געווען, ווי מען האָט עס גערופן, „האַרט וואַסער". ס׳איז געווען גוט נאָר צום קאָכן.

אַ גרויסער פּלומפּ מיט זיס וואַסער איז געווען לעבן מאַגיסטראַט און צוויי קליינע פּלומפּן מיט זיס וואַסער — לעבן די מאַנעלאָס און יצחק מנקר. די דריי גרעסטע ברינעמער מיט זיס וואַסער זיינען געווען ביי די שטשענשלי־וועס, ניקאָלסקין און רבקהלע באַטשעלעס.

דאָס בעסטע וואַסער איז געקומען פון די דריי קוואַלן, מיט וואָס שידלאָווצע איז געבענטשט געוואָרן. דאָס קוואַלוואַסער איז געווען פריש, אַ מחייה.

היות ס׳איז געווען אַ גרויסער מהלך צו די קוואַלן, וואָס האָבן זיך געפונען אין עק שטעטל, איז דאָס פירן און טראָגן וואַסער געוואָרן אַ פּרנסה פאַר עטלעכע יידן. פון די וואַסער־טרעגערס געדענק איך: יצחק „טויטער", „עלינאָווקעלע", אברהם „אַנטשולדיק", אברהם פּאָקיל און אַנדערע.

די הויפּט וואַסער־צושטעלערס זיינען געווען די, וואָס האָבן מיט פערד און וואָגן געפירט דאָס וואַסער איבערן שטעטל. אין די פריערדיקע צייטן האָבן די יידן אַליין געשלעפּט דעם וואָגן מיטן וואַסער און די גאַנצע פאַמיליע האָט צוגעהאָלפן. די וואַסער־פירערס פלעגן רופן הויך אויפן קול: „וואַסער, וואַסער!"

וואַסער־פירערס זיינען געווען בלויז צוויי. איין מאָל איז אַזאַ וואַסער־פירער קראַנק געוואָרן און ניט געקענט אויסשרייען זיין סחורה, איז ער געפאָרן צום רבין נאָך אַן עצה. דער רבי האָט אים געהייסן קויפן אַ פויק און קלאַפּן אין דעם אַנשטאָט צו שרייען מיטן קול: „וואַסער!" דאָס האָט זייער אויסגענומען, דער עיקר ביי די קליינע קינדער. אַן עמער זיס וואַסער האָט געקאָסט 5 גראָשן.

אויף וואַשן וועש האָט מען געמוזט פאַרניצן אַ גאַנץ פעסל וואַסער און נאָך מער. אַזאַ וועשוואַשן האָט געדויערט פון 3 ביז 4 טעג. ווער ס׳האָט געקענט זיך דערלויבן, האָט צוגענומען אַ וועשין, וואָס פלעגט ברענגען די וועש צום טייכל. דאָס איז אויך געווען אַ פּרנסה. צו דעם איז נאָך צוגעקומען

אַ פעקל־טרעגערין, וואָס האָט צוגעהאָלפן טראָגן די וועש צום טייך. אַזאַ פעקל־טרעגערין איז געווען די אָרעמע שאָשע טעמעלע, פון מאַנס צונאָמען „אליי־נאָווקעלע".

ביים טייכל זיינען געווען עטלעכע וואַסערמילן (פּאַראָווע). איינע פון זיי האָט געהערט צו שרה אַנטשלס און די קורלענדערס.



אַ פאָלקס־ייד.
איטשע מענדעלעס און זיין פרוי.

## מאכלים

איינער פון די געשמאַקסטע מאכלים ביי אונדז איז געווען טאַטישאַך. דאָס איז געווען אַזאַ מין געבעקס, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון טאַטישאַנע (ברוינע) מעל. דאָס מעל איז צעלאָזן געוואָרן אין וואַסער גאַנץ שיטער. מיט אַ גרויסן לעפל האָט מען פון דאָרטן דאָס אַריינגעטאָן אין קליינע בעקעלעך פון בלעך, אונטערגעשמירט מיט אייל. די קליינע בלעכענע בעקעלעך זיינען געווען אין אַ גרויסן בלעכענעם בעקן. דאָס האָט מען אַריינגעשטעלט אין אויוון, וואָס האָט זיך געברענט אין איין זייט. אַזאַ געבעקס איז געווען אַ מחיה. דער ערשטער גאַנג נאָכן דאַווענען איז פאַר יידן געווען צו ריטשל די לעקער־בעקערין. זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט דאָס געבאַקן. שפּעטער זיינען צוגעקומען נאָך צוויי אַזעלכע בעקערס, ריטשלס עלטסטער זון יחיאל און אסתר ראָזענבערג (באָנק).

### באָרשט

דאָס איז געווען אַזאַ מין באָרשט, וואָס מען האָט עס באַקומען נאָר ביי אונדז. מען האָט עס געמאַכט גאַנץ איינפאַך: אין אַ גרויסן פאַס מיט וואַסער האָט מען אַריינגעטאָן קלייען, וואָס בלייבט ביים מאָלן מעל. דאָס איז אַזוי געשטאַנען, ביז ס׳איז געוואָרן זויער און דאַן איז עס פאַרקויפט געוואָרן. מען האָט דאָס געקענט עסן — ווי איינער האָט ליב געהאַט: מיט שטשאַוו, מיט די בלעטער פון נייע בורקעלעך, מיט קרויט אָדער מיט קנאָבל, וואָס האָט געהייסן קנאָבלבאָרשט. פון דעם האָבן עטלעכע פאַמיליעס געמאַכט אַ לעבן. די באָרשט־מאַכערינס זיינען געווען: פרומעט יאַנקל, שרה עלקע און פריידע די קאַטערין.

### גריסקעלעך

דאָס איז געווען געבאַקן פון גריטשאַנע (ברוינע מעל), געמישט מיט ווייצנמעל און באַצוקערט פון אויבן. זיי זיינען געווען די גרייס פון אַ זעמל. גרעסערע פון דעם סאָרט געבעקס האָבן זיך גערופן גריסקעס. מען האָט דאָס געקענט קריגן אין יעדער בעקריי. די געשמאַקסטע זיינען געווען פון טאַבע נעמי און משה־לוי זאַבאַראָווסקי און פון אברהמעלע ראָזענצווייג (דזשאַזגין).

אַחוץ זיי זיינען געווען נאָך בעקערס, ווי איטשע זאַלצטרעגער, שיע אָפּאַטאָווסקי, דער רויטער נאָטע גריצמאַן, שימעלע גריצמאַן, משה שוויעטשניק, פּאַריע שוויעטשניק, אפרים זאַגדאַנסקי, יאָסל פּאָמעראַנץ, שמואלכל קורלענדער, פּערל מאַלקעלעס און טאָבע די בעקערין (לעדערמאַן).

יצחק מילשטיין

## מלמדים, חדרים, שקאָלעס

### הערשל מלמד

אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ סך חדרים, און אַז ס׳זיינען דאָ חדרים, זיינען אויך דאָ מלמדים.

דער עלטסטער מלמד אין שטעטל אין מיין צייט איז געווען ר׳ הערשל מלמד, אַ ייד נאָענט צו שבעים. ביי הערשל מלמדס „חדר״ איז געווען אַ קליינער הויף, וואו די קינדער האָבן זיך געקענט שפּילן. דאָס לערן־צימער איז געווען

גרויס, די בענקברעטער אויף קליינע קלעצלעך. אין דערבייאיקן צימער האָט געוואוינט דער רבי מיט זיין פאַמיליע. ביי אים האָט מען געלערנט אַלף־בית ביז חומש.

ר׳ הערשלען האָט מען גערופן „דער קנייפּער״, ווייל קנייפּן די תלמידים איז געווען ביי אים אַן אַנגעלייגטע אַרבעט.

## ישעיהלע זלאַטאָוויטש

דער דאָזיקער מלמד, וואָס מען האָט גערופן ישעיהלע הויקער, איז געווען אַן אויסנאַם דערמיט, וואָס תמיד איז ער געווען ציכטיק און ריין, אַפילו אויסגעפּוצט. אין וועסט־קעשענע האָט ער געטראָגן אַ זילבערנעם זייגער אויף אַ זילבערנעם קייטעלע. נאָך מער: ער האָט שוין דעמאָלט געלייענט אַ צייטונג — אַ זעלטנקייט אין יענע צייטן אין אַזעלכע קרייזן.

זיין ווייב, לאה, האָט שטענדיק געהאַט רויטע אויגן — משמעות, צוליב איר ביטערן מזל מיט אַ קראַנקן זון. יעדן טאָג איז זי געלאָפן זיך וואַשן די אויגן אין קוואַל, וואָס האָט זיך געפונען אין סטאַרוויש, אַ קליין דערפל לעבן שטאָט. מען האָט געזאָגט, אַז אַ הייליקער רבי האָט אַ מאָל געבענטשט דעם קוואַל און זיין וואַסער איז אַ רפואה פאַר אַלע קראַנקייטן, באַזונדערס פאַר אויגן.

ר׳ ישעיהס „חדר״ איז געווען אַ גאַנץ גערעמער. ער האָט אויך געהאַט אַ באַהעלפער, יצחק טויטער. דאָרט האָט מען געלערנט אויך שרייבן יידיש.

## ר׳ יעקב פעלדמאַן

ביי מיין רבין רפאל ערליכמאַן האָב איך לאַנג ניט געלערנט, ווייל זומערצייט זיינען מיינע עלטערן מיט דער גאַנצער משפחה אַרויסגעפאָרן אין אַ געדונגענעם סאָד אין דאָרף וואָלצנעוו, 8 קילאָמעטער פון שטאָט. ווען מען האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן סאָד און אַראָפּגענומען דאָס גאַנצע אויפס, זיינען מיר געפאָרן אַהיים. מיין טאַטע האָט מיך נאָך דעם געשיקט אין חדר אַריין ביי יעקב פעלדמאַן, דער אידעם פון ישראל איטשע ראַנטשקע. ער איז געווען אַן אַריינגעקומענער אין אונדזער שטאָט.

ביי אים איז געווען גוט צו לערנען, ווייל ער האָט געהאַט אַ טאַלאַנט צו דערציילן מעשיות וועגן שיפן אויף שטורעמדיקע ימען, וועגן גזלנים אין די טיפע וועלדער, אָדער פון ווילדע מענטשן־פרעסערס. און מיר, קינדער,

פלעגן זיצן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און האָבן די מעשיות אויסגעהערט מיט דער גרעסטער געשפּאַנטקייט.

יעדער מיטוואָך, ווען אין שטעטל איז געווען אַ יאַריד, איז געווען פאַר אונדז דער בעסטער טאָג אין וואָך. די רביצין פרומעט האָט אַליין אויס־געאַרבעט זיך, פלעגט זי יעדן מיטוואָך גיין אויפן מאַרק עס פאַרקויפן צו די פּויערים. דער רבי האָט איר צוגעהאָלפן אין דעם. אַזוי אַרום זיינען מיר געווען אַ גאַנצן טאָג אין חדר אָן רבין און זיך געלאָזט וואויל גיין.

דאָרטן האָב איך געלערנט מיט יחזקאל בורשטינסקי, מיט לייזער ראָזענ־צווייג, מיט משה יענקעלע און אַנדערע.



יידישער קינדער־גאָרטן מיט דער לערערין פרידע.

## ר׳ מרדכי קאָצקער

דער דאָזיקער מלמד איז געווען אַן איידעם פון זלמן (סטאָלאַזש) צעלינסקי. קינדער האָבן געציטערט אַריינצופאַלן צו אים אין חדר, ווייל ער איז געווען אַ בייזער רבי און געשלאָגן אָן רחמנות. אַזעלכע רביים האָבן די קינדער צוריקגעשלאָגן — דורך געבן פאַרשיידענע צונעמען, וואָס איז זיי שוין פאַרבליבן דאָס גאַנצע לעבן.

ר׳ מרדכי קאָצקער, ווי שלעכט ער איז געווען צו זיינע תלמידים, אַזאַ גוטער בעל תפילה איז ער געווען און זיין זינגען איז געווען כלע טעמים.

## זעליקל מלמד

זעליקל מלמד (בורשטינסקי) איז געווען אַ רבי פון חומש מיט רש״י ביז גמרא. לעבן זיין חדר איז געווען אַ טיפער קאַנאַל און אויבן אַ בריק. ווינטער איז געווען אַ פאַרגעניגן פאַר זעליקלס תלמידים, ווייל אין יעדער הפסקה פלעגן זיי זיך אַראָפּכאַפּן אַ גליטש טאָן אויפן פאַרפרוירענעם קאַנאַל. דערפאַר איז אָבער דאָס גיין צוריק ביי נאַכט פון חדר געווען אַ מורא, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז אונטער דער בריק זיינען דאָ שדים. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דער גאַנצער קאַנאַל פאַרשאָטן געוואָרן און ס׳איז דאָרטן געוואָרן אַ שיינע גאַס מיט אַ גרויסן גאָרטן, פּלאַסקאַטעס גאָרטן.

## אַנדערע מלמדים

ר׳ חיים שמעון האָט געהאַט אַ גרעסערן חדר, וואָס זיין צונאָמען איז בעסער ניט צו שרייבן. זיין זון צמח מיט זיין רויט בערדעלע האָט אים צוגעהאָלפן אין מלמדות. זיין טאָכטער תירצה האָט חתונה געהאַט מיט לייבע וואַסערשטיין.

אויפן פישמאַרק איז געווען דער חדר פון ר׳ חיים ישראל מילגראום, דער פאָטער פון פנחס מאיר. געווען איז ער אַ גוטער מלמד און געהאַט אַ שיינעם חדר.



אַ קלאַס פון דער פוילישער מלוכה־שול. ערשטע ריי, פון לינקס צו רעכטס: אַ זון פון ישראל צוקער. 2טע ריי: אַ זון פון איזאַק פינקערט, דריי קריסטלעכע לערערס, ביים ברעג — א. פינקלער. דריטע ריי: פרייטאַג (צווייטער אין ריי), פרידלעוווסקי (9טער אין ריי). פירטע ריי: דריטער פון ריי — מאָנק, ניינטער — זאַלצמאַן, קופּערשמיד.

ר׳ יואל וואַסערשטיין און מ. רעכטמאַן האָבן געהאַט חדרים אין זעלביקן געסל.

ביי ר׳ מענדל הארציקער האָבן שוין געלערנט עלטערע תלמידים. דאָס זעלביקע אויך ביי ר׳ חיים מאָטל.

ווען ר׳ הערשל מלמד איז נפטר געוואָרן, האָט זיין זון חיים טוביה איבערגענומען זיין מלמדות.

גאָר אָנגעזעענע מלמדים זיינען געווען ר׳ ישראל יצחק האָניגמאַן און ר׳ מלך גרינבוים. די בעסטע באַלעבאַטישע קינדער האָבן געלערנט אין זייערע חדרים.

## די תלמוד־תורה

די תלמוד־תורה איז געווען אַ גרויסער בנין פון פיר גרויסע צימערן אונטן און צוויי אויפן צווייטן עטאַזש. זי איז געווען איינגעטיילט אין פיר כיתות. פון פאָרנט איז געווען אַ גרויסע אויפשריפט: „הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה״, געמאָלן פון לייבוש כוסטעצקי.

די תלמוד־תורה איז געווען אָנגעפירט פון אַ פאַרוואַלטונג. דער מנהל איז געווען אליהו מאיר בראָנעס, אַ ייד אַ הדרת־פנים. דער פאָרזיצער איז געווען דער דאָזאָר חיים ראָזענבערג. אין תלמוד־תורה האָבן געקענט לערנען בלויז אָרעמע קינדער, וואָס זייערע עלטערן האָבן ניט געקענט צאָלן קיין שכר־לימוד.



אַ קלאַס פון יידישע יינגלעך אין דער פוילישער מלוכה־שול מיטן לערער א. פינקלער.

דער רבי אין דער ערשטער כיתה איז געווען ר׳ וואָלף קרעדאָוויטש. אין דער צווייטער כיתה האָט מען שוין געלערנט חומש און תנ״ך. דער רבי דאָרטן איז געווען ר׳ ישראל ניימאַן, אַ שידלאָווצער אידעם, וואָס איז געווען דער בעסטער רבי, וואָס איך האָב ווען ס׳איז געהאַט. זיין פרוי מאָטל איז געווען די טאָכטער פון ר׳ משה זאַקאַן. ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלן צוגאַנג צו לערנען קינדער. ער האָט אויך איינגעפירט, אַז יעדן שבת זיינען זיינע תלמידים צוגעטיילט געוואָרן צו אַ בעל־בית פון שטעטל, כדי אונדז צו פאַרהערן. שפּעטער פלעגט יענער אָפּגעבן אַ באַריכט צו אונדזער רבין. מיר פלעגן אָפט קריגן כיבוד נאָכן פאַרהער ביי די בעלי־בתים.

ר׳ ישראל האָט געהאַט נאָך אַ מנהג: ער פלעגט אויסקלייבן די בעסטע תלמידים און זיי צוגרייטן צו האַלטן דרשות. די ערשטע פון מיין חדר פאַר אַזאַ כבוד זיינען געווען מיין חדר־חבר יאַנקעלע זילבערמאַן און שמואל נטע צוקער. געווען איז דאָס חנוכה. דער בית־המדרש איז געווען געפּאַקט. שמואל נטע האָט גערעדט וועגן באַטייט פון חנוכה, און יאַנקעלע — וועגן דער סדרה פון דער וואָך און צום סוף נאָך געמאַכט אַן אַפּעל פאַר דער תלמוד־תורה. דער רב און אַלע אין בית־מדרש זיינען געווען שטאָלץ מיט די יונגע „דרשנים״. אַ צווייט מאָל איז יאַנקעלע אויפגעטראָטן מיט אַ דרשה ל״ג בעומר. דער צווייטער דעמאָלט איז געווען ראובן פרענקל.

אין תלמוד־תורה האָט מען געלייגט אַ סך אַכט אויף דרך־ארץ. אַז ס׳איז ווער אַריינגעקומען פון דער פאַרוואַלטונג, פלעגט ער באַגריסט ווערן פון אַלע תלמידים אין כיתה מיט אַ „ברוך הבא״.

ר׳ ישראל האָט איינגעפירט נייע מעטאָדן אויך אין שטראָפן זיינע תלמידים. ער האָט ניט געשלאָגן, נאָר געמאַכט, אַז די פאַרזינדיקטע זאָלן עס פילן אויף אַן אַנדער אופן. אַ יינגל האָט איין מאָל צוגערעדט אַ צווייטן עפּעס צו גנבענען. האָט ער זיי ביידן אַוועקגעשטעלט עטלעכע שעה אין חדר פון תלמוד־תורה מיט צוויי העברעאישע אויפשריפטן: איינער — „גנבתי״, דער צווייטער — „אני מסית״.

ר׳ ישראל האָט פיינט געהאַט, אַז זיינע תלמידים זאָלן פאָרן אויף דער קאַרוסעל. אַ פאַרזינדיקטן אין אַזאַ חטא האָט דער רבי געמאַכט זיך אַרומ־צודרייען אַן אַ שיעור מאָל אַרום טיש פון חדר, ווי אַ קאַרוסעל.

אין תלמוד־תורה האָט מען אונדז אויך געלערנט שרייבן און לייענען יידיש, פּויליש און רעכענען. עטלעכע מאָל אין וואָך פלעגט די דאָזיקע לימודים מיט אונדז לערנען דער לערער ישראל צוקער.

אין דער דריטער כיתה האָט געלערנט ר׳ יעקב משה אַבראַמאָוויטש, אַ גוטער גמרא־מלמד. ער האָט אַזוי געגעבן צו פאַרשטיין און אויסגעטייטשט, אַז יעדער וואָרט איז געווען קלאָר ווי קרישטאָל. ער האָט זייער שיין אויס־געזען, שטענדיק פיין געקליידט. ווען ער פלעגט ניט קומען אין חדר, פלעגט אים פאַרטרעטן ר׳ שמעון ביטער. שמעון האָט געקענט זייער שיין זינגען און אָפט געדאַווענט אין בית מדרש פאַרן עמוד. שפּעטער האָט ער געהאַט אַן אייגענעם חדר.

אין דער לעצטער כיתה האָט געלערנט ר׳ משה האַניגמאַן. מען האָט אים גערופן משה גאַוויטשאָווער, ווייל ער האָט געשטאַמט פון אַ שטעטל מיט אַזאַ נאָמען. צו אים זיינען שוין געגאַנגען גאַנץ דערוואַקסענע יינגלעך.

* * *

מיין לעצטער חדר איז געווען פון „מזרחי״, וואו מיין רבי איז געווען ר׳ זכריה שיין, דער זיידע פון מיין חבר משה יחיאל שיין. די לערערס שטראַם און גלאַזבאַנד האָבן דאָרטן געלערנט העברעאיש. דאָרטן האָט מען אויך געלערנט זינגען און גימנאַסטיק און אָפט געמאַכט אויספליען אין וואַלד אַריין. דאָרט זיינען געווען דריי כיתות. שפּעטער האָט דאָרט געלערנט רחמיאל חיים בליזשינסקי מיט זיין זון יעקב דוד.

* * *

קיין ספּעציעלע שפּילפּלעצער פאַר קינדער זיינען דעמאָלט אין אונדזער שטעטל ניט געווען. קינדער פון אַרום האָבן זיך אַליין אויסגעזוכט זייערע שפּילפּלעצער און שפּילן: באַהעלטעניש, אָפּגעבראָכענטע קאַשע, וואָס צו דעם האָט מען גענאָרפט פיר ביימער, יאָגעניש, טאַלערקע (אַ מלחמה מיט שפּיאָנען), אַ וואָלף מיט ציגעלעך.

דאָס איז געווען זומער. ווינטערצייט, באַזונדערס שבת נאָך מיטאָג, פלעגן מיר אויסזוכן אַן אָרט צו שטיפן אין גרויסן בית־מדרש, וואו יידן פלעגן דעמאָלט זאָגן תהלים, אָדער אין קליינעם בית מדרש, וואו דער אַלטער הירש מאָטע פלעגט פאַר „עמך״ טייטשן די סדרה פון דער וואָך. ער פלעגט אַזוי אַריינטייטשן אין דער סדרה, אַז דער עולם פלעגט ממש אָנקוועלן. עטלעכע הומאָריסטישע טייטשן זיינע געדענק איך.

דעם פסוק וועגן יעקבס טאָכטער דינה אין פרשה „וישלח״ האָט ער אַזוי דערקלערט: צייטן האָבן זיך גאָרניט געביטן. אַ מאָל איז געווען פונקט ווי היינט. אין היינטיקע צייטן, ווען אַן אָרעמאַן האָט טעכטער, וואָס זאָל ער

טאָן מיט זיי? שיקט ער זיי דינען צו די רייכע לייט (דאָס האָט ער געמיינט זיך, ווייל ער האָט געהאַט פיל טעכטער) — און דעמאָלט איז אויך געווען דאָס זעלביקע, ווייל ס'שטייט דאָך בפירוש געשריבן „ותצא דינה", כאָטש יעקב האָט געהאַט אַן איין אײנציקע טאָכטער דינה, און דאָך האָט ער זי געשיקט דינען . . .

אויף דער סדרה „מקץ" פלעגט ער זאָגן, אַז דאָס איז דער סעזאָן פאַר די היטל־מאַכערס. ווי אַזוי? — די ראשי־תיבות פון „מקץ" מאַכן אויף פויליש: „מאטשעק, קופּטשע צאַפּקע", ד"ה: 'מאַטשעק, קויף אַ ווינטערהיטל'.

אַ מין שלום־עליכמדיקן טייטש האָט ער געהאַט אויף אַ פּסוק אין פּרשה „ואתחנן". דאָרט זאָגט זיך: „ונשב בגיא מול בית פעור", האָט ער עס אויסגעטייטשט אַזוי: „אַז אַ ייד וואוינט צווישן גויים אין דאָרף, דאָס הייסט „בגיא", „מול" — מעג ער האָבן אַ מיל, „בית" — מעג ער האָבן אַ הויז. „פעור" — בלייבט ער ניט מער ווי אַ פּויער . . .

ער האָט אַזוי לאַנג געלערנט מיט די יידן, ביז ס'איז אָנגעקומען ר' אליעזרל דער מורה־הוראה מיט זיין זון דודל. נאָך שלוש סעודות פלעגן זיך אַלע יידן ווידער צונויפקומען אין בית־מדרש און זינגען זמירות. דער שוואַרצער יחיאל איז געווען דער אָנפירער.

ר' ישעיה גבאי איז געווען דער גבאי פוןביידע בתי־מדרשים. יעדן פרימאָרגן פלעגט ער פאַרקויפן טיי די מתפללים. אויף דעם האָט ער גענוצט צוויי סאַמאָוואַרן. אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל צוקער האָט געקאָסט 5 גראָשן, אַ גלאָז טיי אָפּגעצוקערט — 10 גראָשן.

## די „שקאָלע פּאָווסעכנע"

פון די חדרים זיינען זיך צעגאַנגען דריי וועגן. דער ערשטער וועג איז געווען זיך צו לערנען אַ פאַך. אויף דעם וועג זיינען געגאַנגען 75 פּראָצענט קינדער. טייל האָבן זייערע וויטערדיקע בילדונג שפּעטער באַקומען ביי פּריוואַטע לערערס. אַזעלכע לערערס זיינען געווען ביי אונדז ניט ווייניק: וועלוועל כץ, שרה פּערל זאַקאַן, אסתר ראָזענבערג, שיינדל לעבעדיקער, לאה קופערמאַן, חנה ראָזענבוים, די צוויי קוזינקעס פראַדעלעך בראַמאַן, רבקהלע גרינבוים, כאַנטשע בראַניעווסקי און נאָך אַנדערע.

דער צווייטער וועג פון חדר איז געווען די ישיבה, וואו פרומע יידן האָבן אַריינגעגעבן זייערע יינגלעך.

דער דריטער וועג איז געווען די פּוילישע שול, די „שקאָלע פּאָווסעכנע". אין אונדזער שטאָט זיינען געווען 2 פּוילישע פאָלקשולן, פאַר יינגלעך באַזונדער

און פּאָר מידלעך באַזונדער. וואָס העכער דער קלאַס, אַלץ ווייניקער יידישע שילערס זיינען דאָרטן געווען.

אַלע לערערס און לערערינס זיינען געווען קריסטן. טאָמער איז שוין יאָ געווען איינער מיטן נאָמען אונגער, איז ער געווען אַ געשמדטער. דערפאַר האָבן מיר געהאַט דעם כבוד, אַז דער יידישער רעליגיע־לערער איז געווען אונדזער רב ר׳ חיים שלום יקותיאל ראַבינאָוויטש. ער האָט געלערנט מיט אונדז פון אַ פּויליש איבערגעזעצטן תנ״ך. ס׳איז געווען ממש אַ פאַרגעניגן זיך ביי אים צו לערנען. ער האָט געקענט אַ פּערפעקטן פּויליש. שפּעטער האָט איבערגענומען זיין שטעלע אין דער „שקאָלע״ דער אַריינגעקומענער רעליגיע־לערער אברהם פינקלער.

צווישן די יידישע און פּוילישע שילערס זיינען אָפט פאָרגעקומען געשלעגן. דער ברודער פון מאיר שטערנשאָס איז איין מאָל אַזוי מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן, אַז ער איז געבליבן אַן אינוואַליד זיין גאַנצן לעבן.

צוזאַמען מיט מיר האָבן אין די העכערע קלאַסן פון דער פּוילישער פּאָלקשול זיך געלערנט: יוסף טויטער, נתן דימאַנט, הערשל דימאַנט, יצחק מאָראַ, בערל בעקערמאַשין, הערשל לעדערמאַן, מיינע קוזינס אברהם און יאַנקל מילשטיין, שמואל לאַקס, קלמן וואָלפאָוויטש א״אַנד.

**עזיר גרונדמאַן** (ישראל)

# קינדערשולן



אין שידלאָווצע, ווי אין אַנדערע שטעט אין פּוילן, זיינען געווען אַ סך חדרים, אָבער עס זיינען אויך געווען פּריוואַטע שולן און פּריוואַטע לערערס, וואָס פלעגן געבן „שטונדן״.

איך געדענק איין לערער, וואָס ביי אים האָבן זיך געלערנט אַ סך קינדער. ער האָט געהאַט עטלעכע געהילפן. איך געדענק ניט זיין נאָמען, אָבער גערופן האָט מען אים „אפרים דער געלער״. געווען אויך אַ לערער, וואָס מען האָט אים גערופן „אפרים דער שוואַרצער״ און עס זיינען געווען נאָך פּריוואַט־לערערס.

אין תלמוד־תורה, וואָס די קהילה האָט אויסגעהאַלטן, האָבן געלערנט אַרום 10 מלמדים און לערערס. אַחוץ דעם איז געווען אויך אַ גרעסערע ישיבה „בית יוסף". אין איר האָבן געלערנט בחורים אויך פון אַנדערע שטעט.

אין שטאָט האָבן זיך געפונען 3 פּוילישע פאָלקשולן. מיידלעך האָבן אַ סך געלערנט אין די דאָזיקע שולן, יינגלעך האָבן ווייניקער געלערנט אין זיי. רעליגיעזע עלטערן האָבן ניט געוואָלט, אַז די קינדער זייערע זאָלן פאַרברענגען 4־5 שעה אַ טאָג אין אַ קריסטלעכער שול, פלעגט מען נעמען אַ פּריוואַטן לערער אין שטוב צו לערנען די אַלגעמיינע לימודים. למעשה פלעגט זיך דערפון שאַפן אַ גאַנצער קלאַס. למשל, אין אונדזער שטוב האָבן אויף אַזאַ אופן געלערנט: איך און מיינע צוויי ברידער און עטלעכע קינדער פון די שכנים, צוזאַמען אַרום 8־10 קינדער. מען פלעגט דורכגיין אַ פינף־קלאַסיקע פּראָגראַם. דערנאָך פלעגט מען האַלטן עקזאַמענס ביי דעם דירעקטאָר פון דער פּוילישער פאָלקשול און אויב מען האָט אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס, האָט מען געקראָגן אַ דיפּלאָם, ווי מען וואָלט געענדיקט די שטאָטישע



פּאָווזעכנע שול פאַר מיידלעך, וואו עס האָבן זיך געלערנט אַ סך יידישע קינדער.

**אברהם ערליך** (ישראל)

# שידלאָווצער כלי־קודש

איך שטעל זיך פאָר, אַז אַנדערע האָבן שוין געשריבן וועגן די רבנים אין שידלאָווצע, וויל איך דאָ דעריבער דערמאָנען בלויז אַנדערע רעליגיעזע ייִדן אין אונדזער שטעטל. פון זיי געדענק איך: ר׳ בערל ראַצימאַ, דער מורה־הוראה פון שידלאָווצע, פון די גרויסע קאָצקער חסידים. אַלע, וואָס שרייבן איבער קאָצק, דערמאָנען אים; ר׳ אלעזר מורה־הוראה, ר׳ יצחק מורה־הוראה, ר׳ ישעיה דער שוחט, זיין זון רבי מענדל, ר׳ מאָטל שוחט, ר׳ אליעזר יעקב מוהל, ר׳ העשקע מוהל; די מלמדים פון שידלאָווצע: ר׳ יעקב שמעון מלמד, ר׳ זכריה מלמד, ר׳ יעקב משה מלמד.

ס׳איז אויך געווען אַ שטאַרק אָרגאַניזירטע „אַגודה" און אויך אַ „מזרחי". בכלל האָט פּולסירט אַ שטאַרק רעליגיעז לעבן אין שידלאָווצע.

איך וויל אויך דערמאָנען איינעם פון די „גוטע ייִדן", דעם צדיק ר׳ נח ר׳ חיימס. מ׳האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז פון די ל״ו צדיקים.

ס׳איז אויך כדאי דאָ איבערצוגעבן אַן אינטערעסאַנטע היסטאָרישע געשיכטע, וואָס איך ווייס ניט, צי דאָס קערט זיך אָן מיט שידלאָווצע.

אין יאָר 1700, אַן ערך, איז אַ גרופּע ייִדן פון מזרח־איראָפּע עולה



אַ שידלאָווצער חסידישער ניגון.

געווען קיין ארץ־ישראל. דאָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „עלית רבי יהודה חסיד״, ווייל ער איז געווען דער אינספּיראַטאָר פון אָט דער עליה. אַנדערע זאָגן, אַז דער ר׳ יהודה שטאַמט פון שידלאָווצע. מיין פריינד ר׳ משה יחיאל שוואַרצפוטער ז״ל האָט מיר דערציילט, אַז דער גרויסער פּויליש־יידישער היסטאָריקער ד״ר יצחק שיפּער איז אַ מאָל געקומען קיין שידלאָווצע און ער האָט געזאָגט, אַז אויפן שולהויף דאַרף זיין די מקוה פון רבי יהודה חסיד.

(מיר ווייסן ניט, וואָס ד״ר שיפּער האָט געזאָגט, אָבער אַלע ערנסטע היסטאָריקערס שרייבן, אַז ר׳ יהודה חסיד איז געווען אַ שעדלעצער, ניט קיין שידלאָווצער. — רעד׳).

הערשל קרים (פּאַריז)

# עלילת־דם אין שידלאָווצע

די געשיכטע איז זיך פאַרלאָפן אַ פּאָר יאָר פאַרן שרעקלעכן חורבן פון אונדזער שטעטל, אַ וואָך פאַר פּסח.

אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער מאַגיסטראַט־באַאַמטער גאַמולטשינסקי איז פּלוצעם פאַרשוואונדן.

זיינע צוויי חברים, געניעק שלעזינגער און פּאַיאָנק, זאָגן, אַז מסתמא האָבן יידן אים ערגעץ פאַרנאַרט און דערהרגעט, כדי צו ניצן זיין בלוט אין מצות פאַר זייער יום־טוב. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט באַלד אויפגעכאַפּט די נייעס און ס׳האָט זיך געשאַפן אַ פּאָגראָם־שטימונג אין שטעטל. די צוויי חברים שלעזינגער און פּאַיאָנק האָבן באַשולדיקט דעם יידישן לעקעד־בעקער פון וואַרשע און געפאָדערט פון פּאָליציי דורכצופירן אַ שטרענגע רעוויזיע אין זיין הויז. דער פּאָליציי־שעף און זיין געהילף פּראַמינסקי האָבן דורכגעפירט אין דער בעקעריי אַ שטרענגע רעוויזיע און אויך אַרעסטירט דעם דערשראָקענעם וואַרשעווער לעקעך־בעקער.

די בהלה פון דער יידישער באַפעלקערונג איז דעמאָלט געוואָרן נאָך גרעסער און די שרעק פאַר די קומענדיקע געשעענישן איז געווען אין לשער.

אַ קלייניקייט — אַן עלילת־דם.

עלטסטער גאַרבער־פאַבריקאַנט סענדער אייזענבערג און זיין פרוי איידל.



דער פאַרפאַלענער גאָמולטשינסקי איז געווען אַן עלטערער פוילישער יונגערמאַן, וואָס האָט געוואוינט מיט זיין מאַמען און שוועסטער לעבן דעם „רינעלע". ער האָט געאַרבעט אין ציווילאַמט פון מאַגיסטראַט און געווען באַקאַנט ווי אַ מענטש מיט געוויסן און הייסער פאַטריאָט. ער האָט אויך געלעבט פריינדלעך מיט די יידן.

שלעזינגער און פּאַיאַנק זיינען געווען רייכע צעבאַלעוועטע זינדלעך, וואָס האָבן ניט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן, ספּעציעל דער שלעזינגער — אַ בלאָנדער שייגעץ, וואָס עס האָט אים גאָרניט געפעלט. פּאַיאַנק איז ניט געווען אַזוי רייך, דער זון פון אַן אָרגאַניסט. זיי האָבן ליב געהאַט צו פלירטעווען מיט יידישע מיידלעך.

די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן, אַז די צוויי חברה־לייט האָבן אַ שייכות צום פאַרשווינדן פון גאָמולטשינסקין. די וויכטיקסטע עדות קעגן זיי איז געווען די פרוי פון סטאָליער סעטאַ. די פענצטערס פון זייער הויז זיינען אַרויס צום הויף פון דער פאַמיליע שלעזינגער. די פרוי האָט דערציילט, אַז עטלעכע טעג צוריק האָט זי געזען דריי מענטשן פאַרבייגיין איר פענצטער, אָבער שפּעטער זיינען צוריקגעגאַנגען נאָר צוויי. די פרוי סעטאַ האָט אויך באַמערקט, ווי דער שלעזינגער אַקערט פלוצלונג איבער דאָס פעלד, וואָס ער האָט דאָס קיין מאָל ניט געטאָן.

אויפן סמך פון דעם איז פּאָליציי אַוועק, אויפגעגראָבן דאָס פעלד און געפונען דעם קערפּער פון גאָמולטשינסקין.

שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט די פּרטים פון מאָרד. די צוויי „חברים" האָבן דערשנאַפּט, אַז גאָמולטשינסקי טראָגט מיט זיך אַרום אַ סך געלט, וואָס זיי האָבן נייטיק באַדאַרפט האָבן פאַר זייערע הולטייסקע מעשים. האָבן זיי אים פאַרנאַרט אין דער סטאָדאָלע פון שלעזינגערס הויף, צוזאָגנדיק אים, אַז דאָרטן וואַרטן שוין אויף זיי די מיידלעך און דאָרטן האָבן זיי אים דערהרגעט.

אויף דער גרויסער לוויה פון גאָמולטשינסקין זיינען געווען פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן, בתוכם אויך דער שרייבער פון די שורות. דער גלח האָט אין זיין רעדע גערעדט וועגן שרעקלעכן פאַרברעכן.

די צוויי מערדערס זיינען אַרעסטירט און אָפּגעפירט געוואָרן אין דער ראַדעמער תפיסה. וואָס עס איז געוואָרן מיט די צוויי מערדערס, איז ניט באַקאַנט, ווייל אין גיכן איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן. עס קען זיין, אַז די צוויי מערדערס האָבן דערנאָך זיך באַטייליקט ניט נאָר אין אַ מאָרד פון איין מענטשן, נאָר אין דעם מאַסנמאָרד פון פּוילישע יידן.

יצחק מילשטיין

# טעאַטער, קינאָ און שידלאָווצער קינסטלערס

איך וועל דאָ אָנהייבן מיטן דראַמאַטישן קרייז ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין מיין צייט.

אין שטעטל האָט מען געוואוסט, אַז מען גרייט צו אַ טעאַטער־פאָר־שטעלונג, אָבער וואָס און ווען האָט קיינער ניט געוואוסט. איין טאָג איז צו מיר געקומען מיין ברודערס חבר, שלמה צוקערגוט, אַ מיטגליד פון דעם דראַמאַטישן קרייז, און מיך געבעטן קומען צו אַ רעפּעטיציע, היות איך קען מאָלן אַפישן און דעקאָראַציעס, און זיי נייטיקן זיך אין אַזאַ איינעם. איך האָב מיט פאַרגעניגן אָנגענומען דעם פאָרשלאָג, ווייל כל ימי בין איך אַ ליבהאָבער פון טעאַטער און קונסט.

רעפּעטירט האָבן זיי דעמאָלט גאָלדפאַדענס „כּישוף־מאַכערין" (אָדער „די באָבע יאַכנע").

דער רעזשיסאָר איז געווען לייזער שאַרפער. מען האָט אים שפּעטער גערופן „האָצמאַך", ווייל דאָס איז געווען זיין ראָלע אין „די כּישוף־מאַכערין". ער האָט זיך אַזוי גוט צוגעפּאַסט צו דער ראָלע, אַז ער איז שוין געבליבן ביי דעם נאָמען. ער איז געווען אַ שידלאָווצער אײדעם, פון פאַך אַ לעקעך־בעקער. אין זיין בעקעריי אויף קעלצער גאַס זענען אויך פאָרגעקומען די רעפּעטיציעס.

די אַמאַטאָרן זענען געווען: מאיר שטערנשאַס; גאָלדעלע אונגעראָוויטש, וואָס צו איר וואונדערלעכן אויסזען האָט זי נאָך געהאַט זייער אַ שיינע שטים; לאה שוואַרצפינג; נאָטע שטערן, אַן אויסגעצייכנטער סופליאָר; שלמה צוקער־גוט, שמואל ראָזענצווייג, מאָטל וויערזשבניקער, מאָטעק אונגעראָוויטש, דינהלע מאָרגענשטערן, רייזל כאַמענטאָווסקי, חיה דינה זאַלצמאַן, לייבע וואַסערשטיין (אים האָט מען גערופן „דער בלינדער לייבל", ווייל ער האָט געהאַט אַ קליין אויג און דערפאַר האָט ער זיך צוגעפּאַסט פאַר דער ראָלע פון דער כּישוף־מאַכערין, וואָס קיין פּרוי האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט שפּילן די דאָזיקע ראָלע). די פּיעסע איז געווען פול מיט לידער, באַגלייט מיט מוזיק פון די ברידער יצחק און אהרן גייגער.

דער לאָקאַל פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין האָט זיך געפונען אין הויז פון פּנחס מאיר סטאַשקעוויטש. דאָרטן האָב איך געמאָלן די דעקאָראַציעס און אַפישן. איך געדענק נאָך, ווי שלמה צוקערגוט האָט מיך געבעטן: מאָל מיר אויס אַזאַ כּישוף אָדער אַזאַ פּיפּערנאָטער מיט לאַפּיטוטן, וואָס זאָלן אַרויסרופן שרעק, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ הויז פון אַ כּישוף־מאַכערין.

די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אַ שבת אָוונט, אַרום יאַנואַר 1930. דער זאַל פון קינאָ איז געווען געפּאַקט. די פּיעסע האָט שטאַרק אויסגענומען און מען האָט זי געמוזט איבערשפּילן אין אַ פּאָר וואָכן אַרום. די לידער פון דער „כּישוף־מאַכערין" זיינען שפּעטער געזונגען געוואָרן אין גאַנצן שטעטל, אין אַלע וואַרשטאַטן.

מיטן גרימירן (אָדער ווי מען האָט עס גערופן: כאַראַקטעריזירן) האָט זיך פאַרנומען דער סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין משה־שיע צוקער, אַ סקאַרזשיסקער. ער האָט מיך געלערנט ווי אַזוי צו גרימירן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז פיל לייכטער צו מאַכן פון אַ יונגן מענטש אַ זקן, איידער פון אַן אַלטן — אַ יונגן. ביי דער צווייטער פאָרשטעלונג בין איך שוין אויך געווען אַ גרימירער.

נאָכן אויפפירן „די כישוף־מאַכערין" איז געוואָרן אַ גאַנצע ענדערונג אין דער דראַמאַטישער סעקציע. דער רעזשיסאָר לייזער שאַרפער איז אַוועק קיין פראַנקרייך. גאָלדעלע אונגעראָוויטש האָט אויך פאַרלאָזט שידלאָווצע. שלמה צוקערגוט איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש און דינהלע מאָרגענשטערן — קיין בראַזיל. משה שיע צוקער איז געוואָרן דער רעזשיסאָר און האָט אויך מיטגעשפּילט.

דאָס מאָל האָט זיך דער דראַמאַטישער פאַראיין פאַרמאָסטן אויף אַ געוואַגטן שריט: אויפפירן יעקב גאָרדינס שווערע דראַמע „גאָט, מענטש און טייוול". איצט זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען אויף רעפּעטיציעס אין הויז פון אהרן צוקערס אַלמנה.

ס'זענען צוגעקומען נייע קרעפטן: די הויפּטראָליסטן זענען געווען די צוויי סקאַרזשיסקער יקותיאל האַראָוויטש און רייזל בירענבלום, ווי אויך רבקה ווסטאַנשקאַ, חיה פוקס, מאַשעלע זילבערשטיין. נאָכן שטערן האָט איצט באַקומען אַ ראָלע און אויף זיין אָרט איז געוואָרן סופליאָר לייבוש־יאָסל ראָזענבלום. ס'האָבן אויך מיטגעשפּילט שמואל ראָזענצווייג, לייבע וואַסערשטיין און אויך דער שרייבער פון די שורות. אין מאַכן די אַפּישן האָט מיר איצט אַרויסגעהאָלפן מיין פריינד משה יחיאל שיין. די רעקוויזיטן האָט יעדער אַליין געמוזט שאַפן פאַר זיך.

דער אָוונט פון דער פאָרשטעלונג איז געווען ווי ערב אַ גרויסן יום־טוב. אַלע בילעטן זיינען געווען אויספאַרקויפט. דער זאָל פון קינאָ „קאָרסאָ" איז געווען פול און אַלע האָבן געוואַרט מיט גרויס שפּאַנונג, אַז דער פאָרהאַנג זאָל זיך אויפהייבן. אַלע אַרטיסטן זיינען שוין געווען גרימירט און גרייט. מיט אַ מאָל ווערט אַ סומאַטאָכע אין זאָל. פּאָליציי איז געקומען און צעטריבן דעם עולם, ווייל מען האָט דאָס מאָל ניט אַרויסגענומען קיין דערלויבעניש. אָבער די פּיעסע איז אין עטלעכע וואָכן אַרום געשפּילט געוואָרן, נאָכן באַזאָרגן אַ דערלויבעניש פון דער פּאָליציי. אויך דאָס מאָל איז דער דערפאָלג געווען גרויס.

אַחוץ טעאַטער־פאָרשטעלונגען האָט די פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין איינגעאָרדנט רעווי־אָוונטן מיט טענץ נאָך דעם. דער פאַראיין האָט אויך אָפּט אַראָפּגעבראַכט דעם באַקאַנטן וואַרשעווער אַרטיסט זשאַק לעווי, וואָס זיינע פאָרשטעלונגען זיינען געוואָרן באַליבט ביים שידלאָווצער פּובליקום.

ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָליטישע אַרעסטן אין אונדזער שטאָט, איז משה שיע צוקער אַנטלאָפן, ווייל ער האָט געהאַט מורא פאַר די מסירות

פון מאיר קאַריטקאַ. אויף זיין אָרט איז געוואָרן רעזשיסאָר לייבל בלאַנ־קאָווסקי. זיינע רעזשיסירטע פּיעסעס — „דער דיבוק״ פון ש. אַנ־סקי און „די פּרוכט פון קריג״ — זיינען דורכגעפאַלן. אָבער זיין פאָרשטעלונג „ווייסע שקלאַפן״ האָט אויסגענומען. דער רעזשיסאָר און רחלע בינשטאָק האָבן גע־שפּילט די הויפּטראָלן.

עס איז אויך צוגעקומען אַ גוטער קאָמיקער, דוד באָק, ברודער פון הענעך באָק, פייגע קלינקאָש און מאיר שטערענשאָס.

אַ יאָר פאַרן קריג איז צוריקגעקומען פון פּאַריז דער באַוואוסטער שידלאָווצער אַרטיסט יחזקאל ליכטיקער. ער האָט נאָך באַוויזן אויפצופירן אַ פּיעסע א״נ „אַ מאַמעס הערץ״. ער האָט אויך געשאַפן אַ כאָר, וואָס האָט געגעבן קאָנצערטן. אין אים האָבן אָנטייל גענומען גאַנץ יונגע קרעפטן, ווי פריידע און גאָלדעלע קופּערמאַן מיט וואונדערלעכע שטימען. עס האָבן זיך אויך באַטייליקט: בראָנטשיע צוקער, באַלטשע איצקאָוויטש, בערעלע בור־שטינסקי, דער סופליאָר לייבוש יאָסל ראָזענבלום און אַנדערע.

דאָס איז שוין געווען אין די לעצטע טעג פאַרן אויסבראָך פון צווייטן וועלטקריג. דער פאָרהאַנג איז דעמאָלט אַראָפּגעפאַלן אויף אייביק — פאַרן ידישן טעאַטער און פאַר זיינע אָנטיילנעמערס...

## קינאָ „קאָרסאָ״

דער קינאָ איז געוואָרן אויפגעבויט באַלד נאָכן ערשטן וועלטקריג. דער זאַל איז געווען אויפן ערשטן עטאַזש. אויבן איז געווען די דירה פון



שידלאָווצער יוגנטלעכע אָנהייב דרייסיקער יאָרן.

באַלעבאָס שלמה אײזענבערג. ער פלעגט זיך ניט פאַרנעמען מיטן קינאָ, נאָר פאַרדינגען עס צו אונטערנעמערס.

די ערשטע אונטערנעמערין, וואָס איך געדענק, איז געווען די פרוי חיה גליקעס, געוועזענע פרוי פון חיים אָשר שאַטלאַנד. זי האָט אַראָפּגעבראַכט גוטע פילמען. אַזוי ווי דעמאָלט זיינען געווען בלויז שטומע פילמען, האָט שטענדיק געמוזט זיין אַ פידל־שפילער, וואָס זאָל באַגלייטן מיט מוזיק די פילמען. אַ מאָל האָט געשפילט אבא מענדעלסאָן און טייל מאָל ווער פון די ברידער גייגער.

ווען ס׳פלעגט אַ מאָל זיין אַ רעליגיעזער פילם, ווי „די צען געבאָט", זיינען געווען ספּעציעלע סעאַנסן פאַר שולקינדער. דעמאָלט בין איך אויך געווען צווישן זיי און באַוואונדערט, ווי אַזוי מען האָט דאָ אַהערגעבראַכט דעם באַרג סיני...

שפּעטער האָבן דעם קינאָ איבערגענומען די ברידער פלאַשענבערג, ניט שידלאָווצער. זיי האָבן איינגעפירט דאָס שפּילן פון פּאַטעפאָנען אַנשטאָט מוזיקערס.

משה יחיאל שיין האָט געאַרבעט אין דער פילם־קאַבינע. דער פילם־אָפּעראַטאָר איז געווען עזריאל בערגמאַן.

נאָך די פלאַשענבערגס האָט דעם קינאָ איבערגענומען רודמאַנאָוויטש, דער צוגעקומענער אײדעם פון ר׳ אברהמטשל דעם חזן־שוחט.

ווען עס האָבן זיך באַוויזן די קלאַנגפילמען, האָט דעם קינאָ איבער־



אַ גרופּע יוגנטלעכע.
פון לינקס, שטייען: משה זאַלצמאַן, שערמאַן, לאה בערגער, מילגרוים, בערל בורשטינסקי.
זיצן: בראַניע וועסטער, אברהם קלאַפּאָרדע,ביילע איציקאָוויטש.

געגומען אַ קריסט מיטן נאָמען גאָלאַך. ביי אים איז משה יחיאל שיין שוין געווען דער גאַנצער פילם־מעכאַניקער און איך בין דאַן געווען זיין געהילף.

די לעצטע, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן דעם קינאָ, איז געווען דאָס אַריינ־געפאָרענע פּאָרל כ״ץ.

## אונדזערע שטעטלשע קינסטלערס

איינער פון אונדזערע בעסטע אַרטיסטן־מאָלערס איז געווען לייבוש כוסטעצקי, דער זון פון שימעלען, וואָס מען האָט אים גערופן „קווענץ״. שימעלע איז געווען אַ שטובן־מאָלער און אויך אַ מצבה־קריצער און מיט דעם אַלעם — אַ הייסער אָרעמאַן. זיין פּרוי שבע־איטע האָט צוגעהאָלפן, אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן. זייער הייזל האָט געהאַלטן ביים איינפאַלן, האָט דער דעמאָלטיקער דאָזאָר הירש־מענדל כ״ץ געשיקט בוי־מאַטעריאַלן און בעלי־מלאכות האָבן עס אויפגעריכט.

שוין ווי אַ חדר־יינגל האָט לייבוש אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן ביים מאָלן און צייכענען. ער האָט שוין דאַן געהאָלפן זיין פאָטער דורך מאָלן זייער שיינע שילדן פאַר געוועלבער און פאַכלייט.

ווען דער בית־המדרש איז באַנייט געוואָרן און מען האָט אַריינגעשטעלט אַ נייעם אָרון־קודש, איז מיין טאַטע געווען דער טאָקער, וואָס האָט צוגעשטעלט די פילוּאַרן. חיים בורשטינסקי און שלמה יאָקעלעס זענען געווען די סטאָליאַ־רעס און דער קינסטלער פאַר די פאַרשיידענע שניצערייען איז געווען לייבוש שטשערבאַצקי, וואָס איז געווען אַ מייסטער אין דעם. ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק און מען האָט זיך געגרייט צום מאָלעווען, האָט מען די אַרבעט ניט איבערגעגעבן שימעלען, נאָר גאָר מיכאָלקעלען מאַליאַזש. ער אַליין האָט קיין קונסטאַרבעט ניט געקענט, האָט ער אַראָפּגעבראַכט אַ קונסטמאָלער פון דער פרעמד. זיין נאָמען איז געווען שטאָק.

דער פרעמדער מאָלער פלעגט אָפט אַריינקומען צו שימעלען. לייבוש האָט איין מאָל אַראָפּגענומען פון אים אַ סקיצע און דערנאָך געמאַכט פון דעם אַ פּאָרטרעט. דער פרעמדער איז געווען אַזוי איבערראַשט און געזאָגט, אַז אַזוינס קען ער אַליין ניט מאַכן.

נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט אין בית־מדרש, האָט נטע אייזענבערג פאַרבעטן שטאָקן אויסצומאָלן זיין פּראַכטיק הויז, דאָס שענסטע אין שטאָט, מיט לאַנדשאַפטבילדער אויף די ווענט. נאָטע איז אָבער ניט געבליבן צופרידן פון יענעמס אַרבעט. דערפאַר, ווען ער האָט געהאַט פאַרטיק זיין נייעם בית־מדרש לעבן זיין הויז, האָט ער שוין די מאָלעריי־אַרבעט איבערגעגעבן שימעלן

און זיין זון לייבוש. ביי דער אַרבעט זיינען באַקאַנט געוואָרן די גרויסע מאָלערישע פעאיקייטן פון לייבושן. די שניצעריי־אַרבעט האָט געמאַכט לייבוש שטשערבאַצקי.

לייבוש האָט אויך געמאָלן בילדער פאַר דער פוילישער „שקאָלא", ווי אויך פאַרן מאַגיסטראַט. זיין בילד פון דעם פאַרפאַסער פון דער פוילישער קאָנסטיטוציע, טאַדעאוש קאָשטשושקאָ, דער אָנטיילנעמער אין דער אַמעריקאַנער באַפרייאונגס־מלחמה, איז שטענדיק געהאַנגען אין מאַגיסטראַט. זיינע פּייזאַזשן זענען געווען צו באַוואונדערן.

ס'איז דעמאָלט געווען אַ מאָדע אין די רייכע הייזער אויסצומאָלן אין די פיר עקן פון סופיט די 4 צייטן פון יאָר. לייבוש האָט דאָס צום ערשטן געמאָלן ביי חיים ראָזענבערג.

אין לעצטן קריג איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי. פון דעמאָלט האָט מען מער פון אים ניט געהערט.

* * *

אַ קינסטלעריש־טאַלאַנטירטער כוח איז אויך געווען מיין חבר משה יחיאל שיין. זיין פאָטער האָב איך ניט געקענט, ווייל ער איז קיין מאָל ניט געווען אין שידלאָווצע. זיין פרוי און קינדער האָט ער איבערגעלאָזט ביי זיין פאָטער זכריה מלמד. משה יחיאל האָט געמאָלן פאַרשיידענע בילדער. בעת זיין זיידע, ר' זכריה, האָט איין מאָל איינגעדרעמלט, האָט ער אויף גיך אַראָפּ־געכאַפּט פון אים אַ סקיץ און פון דעם געמאַכט אַ פּאָרטרעט, וואָס איז אַרויס־געקומען זייער קינסטלעריש.

משה יחיאל מיט זיין פרוי חנה־רבקה זיינען אויסגעזידלט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

* * *

דער יינגסטער פון די טאַלאַנטירטע קונסטמאָלערס אין אונדזער שטעטל איז געווען יאַנקעלע זאַלצמאַן, דער זון פון אברהם אַביש, דער מעכאַניק. די וואָס האָבן אים געקענט האָבן אין אים געזען אַ צוקינפטיקן גרויסן קינסטלער. די לערערס אין דער פוילישער שול האָבן אים געגעבן גרויסע האָפענונגען. פון אַ צייטונג האָט ער איין מאָל אויפגעצייכנט אַ גרעסער בילד פון אַמערי־קאַנער פרעזידענט אין יענער צייט, טעאָדאָר רחוועלט, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען אין ווייסן הויז. ער האָט פאַר זיך אויסגעמאָלן אַ טאַליע שפּיל־קאָרטן און קיינער האָט נישט געגלייבט, אַז ער האָט דאָס אַליין געמאַכט.

פאַרן קריג האָט ער אויך באַזוכט אַ קונסטשול אין וואַרשע און צוליב זיין טאַלאַנט האָט ער געקראָגן גרויסע הנחות.

יענקעלע זאַלצמאַן האָט אויך געהאַט טאַלאַנט צו פידלשפילן. אַ לאַדזשער מוזיקער, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן קיין שידלאָווצע, האָט אים געגעבן אומזיסטע לעקציעס. דעם לעצטן טאָג פאַר דער אויסזידלונג איז ער אַוועק פון שטאָט מיט זיין ברודער משה אויף אַרישע פאַפירן און מער האָט מען פון זיי ניט געהערט.

יודל מידלאַרסקי האָט אויך פאַרמאָגט פעאיקייטן צו מאָלן. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין מאָלן אַפּישן און דעקאָראַציעס. געווען אַ קאָרעספּאָנדענט פאַר דער וואַרשעווער פאָלקס־צייטונג און יוגנט־וועקער.

יאַנקל באַטשאַן, דער זון פון ישעיה מרדכי שוחט, האָט שוין אין חדר אַרויסגעוויזן מאָלערישע כשרונות. פאַרן קריג האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין פראַנקרייך. אין מלחמה־צייט איז ער אַוועק אויף שלעכטע וועגן. דאָס האָבן מיר פון אים געהערט און מער גאָרניט.

יאָסל זילבערשטיין, דער זון פון מאירן, האָט מיט מיר געלערנט אין איין חדר ביי ישעיהלע מלמד. שוין דאָרטן האָבן מיר ביידע אָנגעפאַנגען צייכענען אויף די שפּאַלטן פון סידורים און חומשים. פאַר דעם האָט מען באַקומען קלעפּ.

יאָסל האָט אויסגעמאָלן אַ גרויס בילד פון זשאַבאָטינסקין און אויך פון ד״ר הערצל. היינט איז יאָסל אין מעלבאָרן, אויסטראַליע, און ער האָט ניט איין מאָל געהאַט אויסשטעלונגען פון זיינע בילדער.

מיין קוזין יאַנקל מילשטיין האָט אויך געהאַט טאַלאַנט צום צייכענען און מאָלן. ווען מיר ביידע זענען געווען שילערס אין דער פוילישער שול, האָט די לערערין אַוועקגעשיקט אונדזערע צייכענונגען אויף אַן אויסשטעלונג פון שול־צייכענונגען אין קיעלץ. ער איז איצט אַ מאָלער אין רמת־גן.

משה חיים וויגנאַנסקי, דער זון פון יידעלע בדחן, האָט אויך געהאַט טאַלאַנט צום צייכענען. ער פלעגט אַלע מאָל פאַר שבועות זיך אַליין אויסמאָלן רייזעליי. דאָס איז געווען אַזאַ מנהג פון אַרויסהענגען אין אַלע פענצטערס פאַרשיידענע בילדער פון פעסטונגען, סאָלדאַטן, היסטאָרישע געשטאַלטן וכדומה. משה חיים האָט ניט אַרויסגעהאַנגען פרעמדע בילדער — ער אַליין האָט אויסגעמאָלן די אַלע בילדער און מענטשן האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן, ווי גוט ער האָט עס געמאַכט.

משה חיים איז אומגעקומען אין לאַגער יעדלנע און איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט קינדער.

בנימין טענענבוים (פּאַריז)

# ערשטער דראַמאַטישער פאַראיין



אין לאָקאַל פון בונדישן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין איז געשפּילט געוואָרן די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונג פון שידלאָווצער אַמאַטאָרן־אַרטיסטן. דאָס איז געווען אין 1916־17. ס׳איז געווען אַן איינאַקטיקע פּיעסע מיט ראָלעס בלויז פאַר צוויי — די צוויי זיינען געווען איטע הערשל מלמדס און איך.

דאָס איז געווען דער ערשטער אויפטריט פון ערשטן דראַמאַטישן פאַראיין אין שטעטל.

אין דער דראַמאַטישער סעקציע ביים „בונד" האָבן זיך באַטייליקט: אברהם בליכער, שבתי לאָקס, הענעך באָק און איך. פון די פרויען: עלקע ערליכמאַן, גיטל שרעדניצקע, פּערל גאָלדבערג, מלכה שוואַרצמאַן.

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט און די וועלט איז געוואָרן אָפּן, זיינען מיר, יוגנטלעכע, זיך צעפאָרן אין די גרעסערע שטעט אַרום אויף אַרבעט. אָבער אויף יום־טוב פלעגן מיר קומען קיין שידלאָווצע, וואו מיר פלעגן גלייך אַקטיוויזירן אונדזער דראַמקרייז און איינרעפּעטירן אַ פּיעסע.



די ערשטע מלוכה־שול נאָכן ערשטן וועלטקריג

אַז מיר זיינען שוין געווען גרייט צו שפּילן, האָבן מיר אָפּגעדונגען דעם קינאָזאַל ביי שלומהלע אייזנבערג. מענדל מייערפעלד האָט געמאַכט די סצענע, פון קאַלדרעס געמאַכט אַ פאָרהאַנג, אויסגעמאָלן אַ גרויסן אָפּיש און עס אויפגעקלעפּט אויף קריינדעלע אריהס וואַנט, אַז מיר שפּילן דעם לעצטן טאָג יום־טוב דעם „ישיבה־בחור".

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין „בונד" און ס'איז אויפגעקומען אַ יעווסעקישע פּאַרטיי. ערשט נעכטן געווען גוטע פריינד אונדזערע און היינט — קעגנערס. האָבן זיי ביי נאַכט פאַרשמירט דעם אַפּיש און אָרגאַניזירט אַ באָיקאָט אויף דער פאָרשטעלונג.

דער באָיקאָט האָט זיי ניט געהאָלפן. אַ גרויסער עולם איז געקומען צו דער פאָרשטעלונג. דאָס שפּילן האָט זייער אויסגענומען און מען האָט געשפּילט די פּיעסע אַ צווייט מאָל. דאָס מאָל זיינען שוין געקומען אויך נעכטיקע קעגנערס.

אַזוי האָט זיך געענדיקט מיין „אַרטיסטישע" קאַריערע פון יענער צייט. די דראַמאַטישע סעקציע אין שידלאָווצע האָט ווייטער געגעבן פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן געהאָלפן באַרייכערן דאָס יידישע קולטור־לעבן אין שטעטל.

רייזל מידלאַרסקי־קוויאַטאָווסקי (פּאַריז)

## דאָקטוירים אין שידלאָווצע

ווי איך געדענק פון מיין קינדהייט, איז אין אונדזער שטעטל ניט געווען קיין דאָקטער. איז עמעצער קראַנק געוואָרן, האָט מען פריער אויספּרובירט אַלע „מיטלען": באַנקעס, ריצינאייל און ענלעכע רפואות.

האָט זיך ווער אויסגעלענקט אַ האַנט אָדער אַ פוס, איז מען געלאָפן צו לייזער־יאָסקע, וואָס איז געווען אַ „ספּעציאַליסט" צוריק אַריינצושטעלן די גלידער אויפן אָרט. ווער איז געווען אָט דער לייזער־יאָסקע? — ער האָט אויף זיין צוויי־רעדערדיק וועגעלע פונאַנדערגעפירט סחורות...

ביי אַן ערנסטערער קראַנקייט האָט מען שוין גערופן דעם „פעלדשער", און פון דעם מין זיינען געווען אין שטעטל דריי: אהרן רופא (פישער), ישעיה

רופא (מאָשענבערג) און אברהמעלע רופא (פישער). זיי האָבן שוין פאַרשריבן אַ מעדיצין. לויט זייער איינזען האָט מען געהאַקט באַנקעס אָדער געשטעלט פּיאַווקעס.

די פעלדשערס פלעגן אויך רייסן קראַנקע ציינער ביי פויערים. פאַרן אַריינגאַנג ביים פעלדשער זיינען געהאָנגען דריי מעשענע טאַצן, וואָס זיינען געווען צוגעבונדן איינער צום צווייטן און בעת אַ ווינט האָט געבלאָזן האָט אָפּגעקלונגען העט־ווייט. די טאַצן זיינען געווען ווי אַ „דיפּלאָם" פאַר די פעלדשערס.

אין גאָר שווערע פאַלן האָט מען געברענגט אַ דאָקטער פון ראָדעם.

פאַר קימפּעטאָרינס זיינען געווען עטלעכע „הייבאַמס", אויסגעלערנטע פון לאַנגער פּראַקטיק ביים „פאַך". געווען איינע טשאַרנע, איינע אַ קריסטלעכע הייבאַם די נאָוואַקן, אָבער די פּאָפּולערסטע איז געווען רוזשע, וואָס מען האָט זי גערופן „רוזשע די הייזון".

רוזשע איז געווען די הויפּט־אָפּנעמערין פון אַלע קינדער אין שידלאָווצע. זי אַליין האָט געזאָגט, אַז זי איז די מאַמע פון טויזנטער קינדער און זי האָט גערופן יעדערן „מיין קינד". די געשריבענע שורות זיינען אויך פון „אירס" אַ קינד.



אַ גרופּע שידלאָווצער מיידלעך.

ערשט אין די 30ער יאָרן איז געקומען אַ דיפּלאָמירטע אַקושערקע צוזאַמען מיט איר טאָכטער און ביידע האָבן פּראַקטיצירט דעם פאַך, ביי ייִדן און ניט ייִדן. זיי האָבן אויך אומלעגאַל, פאַר גרויסע געלטער, דורכגעפירט אַבאָרטן.

אייגנטלעך איז שוין אין יענע צייטן געווען אַ שפּיטאָל אין שטעטל — געשטאַנען איז ער אויפן ראַדעמער־יאַסטשאַמבער וועג. אָבער מאָדנע: ער איז געשטאַנען ליידיק. עלטערע מענטשן האָבן דערציילט, אַז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער שפּיטאָל געווען טעטיק אונטער דער אָנפירונג פון דער קראַנקן־שוועסטער רבקה צוקער.

אַן ענדערונג צום בעסערן איז געקומען, ווען אין שטעטל האָט זיך באַזעצט דאָקטער ניקאָלסקי. דאָס איז געווען אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. ער איז באַלד באַשטימט געוואָרן פאַרן שטאָטישן דאָקטער. פּאַציענטן האָבן אים ניט געפעלט.

ד״ר ניקאָלסקי איז גיך רייך געוואָרן, האָט אָפּגעקויפט אַ גרויסן שטח וואַלד אין סאָדיק און אויפגעשטעלט דאָרטן אַ געביידע, וואָס האָט געדאַרפט ווערן אַ סאַנאַטאָריום, און ער האָט פאַרדונגען פאַר קראַנקע מענטשן, וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין פרישער לופט. די לופט פון סאָדיקער וואַלד איז געווען אַ רפואה פאַר לונגען־קראַנקע, וואָס האָבן אויך ניט געפעלט אין אונדזער שטעטל.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַ צווייטער דאָקטער — טאַדאַניער. אַ יונגער, ערשט נאָר וואָס אַן אויסגעשטודירטער, האָט ער מיט זיין שיינעם אויסזען און איידעלן כאַראַקטער זיך באַלד באַליבט געמאַכט ביי דער שידלאָווצער באַפעלקערונג.

מיטן וואוקס פון דער שידלאָווצער באַפעלקערונג זיינען צוויי דאָקטוירים געווען וויניק. איז געקומען קיין שידלאָווצע אַ פעלדשער פון לאָדזש, ניעכ־טשיצקי. ער האָט געהאַט אַ רייכע פּראַקטיק פון אַרבעטן אין שפּיטאָלן. ער איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר דער באַפעלקערונג און ספּעציעל פאַר קליינע קינדער. ניעכטשיצקי איז אויך געווען אַן אויסגעצייכנטער אַפּטייקער און געקענט אַליין צוזאַמענשטעלן מעדיצינען. ער האָט אויסגעלערנט די חכמה דעם אָנגעזעענעם בעל־הבית און בן־תורה חיים־הירש בלאַנדער און זיין טאָכטער רבקה. בלאַנדער האָט פאַרקויפט מעדיצינען פיל ביליקער. ער איז דערפאַר געטראָפן געוואָרן און אויסגעשטאַנען פיל צרות און שרעק, ווייל דאָס איז געווען אומלעגאַל. אָבער פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג איז דאָס געווען אַ גרויסע הילף.

שפּעטער איז צוגעקומען נאָך אַ דאָקטער: לייבוש דימאַנט. זיין פאָטער יחיאל איז געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית, אַ שטיקל משכיל און באַקאַנט ווי אַ ליבעראַל. ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין געלט און געלאָזט זיין זון שטודירן מעדיצין אין פראַנקרייך. לייבוש איז אַהיימגעקומען אַ געענדיקטער דאָקטער און די שטאָט האָט אויפגעלעבט: אַ קלייניקייט — אַן אייגענעם דאָקטער פון אונדזער שטאָט.

ד״ר לייבוש דימאַנט האָט חתונה געהאַט מיט לאה כץ, טאָכטער פון דאָזאָר הירש מענדל כץ. ער האָט איינגעאָרדנט אַ מעדיצינישן קאַבינעט און אָנגעהויבן פּראַקטיצירן. ס׳איז פּשוט אוממעגלעך איבערצוגעבן מיט ווערטער וועגן דער גרויסער מעדיצינישער הילף, וואָס ד״ר לייבוש דימאַנט האָט געבראַנגט, ספּעציעל פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.


ד״ר לייבוש דימאַנט.

מען דאַרף זאָגן, אַז די אַלע דאָקטוירים פון שטעטל האָבן געהאַט אינזען און ניט „באַריסן״ פאַר זייערע וויזיטן, אָבער די מעשים פון ד״ר דימאַנט זיינען געווען גאָר אויסערגעוויינטלעך.

ד״ר דימאַנט האָט קיין מאָל ניט געבעטן קיין געלט פאַר אַ וויזיט און ווען אַן אָרעמער קראַנקער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן, איז אויך געווען גוט. אין פיל פאַלן פלעגט ער נאָך באַזאָרגן מיט מעדיצינען. פאַר זיינע מעשים טובים איז ד״ר לייבוש דימאַנט גיך געוואָרן באַליבט ביי דער גאַנצער שידלאָווצער באַפעלקערונג.

נאָכן אויסבראָך פון צווייטן וועלטקריג איז ד״ר דימאַנט כמעט געבליבן אַליין. ד״ר טאַדאַניער איז אַנטלאָפן קיין לעמבערג. ד״ר ניקאָלסקי איז גע־שטאָרבן און דער פעלדשער ניעכטשיצקי איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן. צו הילף ד״ר דימאַנטן זיינען געקומען עטלעכע יידישע דאָקטוירים, פּליטים פון קראָקע. זיי האָבן געאַרבעט איבער די כוחות אין דעם געשאַפענעם שפּיטאָל לויטן באַפעל פון געשטאַפּאָ.

אין יענער ביטערער צייט פון געטאָ האָט ד״ר דימאַנט אויך באַזאָרגט נויטווענדיקע מעדיצינען פון פּאַריז, וואָס איז דעמאָלט נאָך ניט געווען אָקופּירט און וואו ער האָט געהאַט קאָנטאַקטן מיט די שידלאָווצער, די משפּחה קוויאַט־קאָווסקי און אויך מיט זיין שוואָגער יעקב כץ.

ד״ר לייבוש דימאַנט איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

**זיין פרוי לאה כץ (דימאַנט) האָט באַוויזן מיט גרויסע נסים זיך צו ראַטעווען מיט זייער זון און זיי לעבן היינט אין פּאַריז.**

עלקע גאָלדבערג־זילבערמאַן

# דענטיסטן אין שידלאָווצע

שידלאָווצע איז לאַנגע יאָרן געווען אָן אַ דענטיסט. טאָמער האָט מען געכאַפּט ציינווייטיק — איז געווען ביטער. אברהמעלע רופא האָט נאָר געקענט אַרויסרייסן אַ צאָן, אָבער ניט היילן...

די רייכערע זיינען געפאָרן קיין ראַדעם אָדער וואַרשע זיך היילן די ציינער, אָבער וואָס האָבן געקענט טאָן די אָרעמע מענטשן? איז טאַקע צייג־ווייטיק געווען זייער אָן אָפטער „גאַסט" אין שטעטל. ווי אַלע מאָל ביי יידן אין אַן עת־צרה, זיינען געשאַפן געוואָרן פיל אַנעקדאָטן און קללות וועגן ציינווייטיק. גאָר פּאָפּולער איז געווען די קללה צו האָבן ציינווייטיק אין אַ „ווינטערנאַכט".

פאַרבעסערט האָט זיך די לאַגע, ווען ס'איז געקומען פון וואַרשע דער צאָנדאָקטער קאַטשאַנאָווסקי, וואָס האָט איינגעשטעלט אַ דענטיסטישן קאַבינעט. קאַטשאַנאָווסקי איז גוזעלשאַפטלעך געווען באַזונדערס נאָענט מיט די פירערס פון פּראָפעסיאָנעלן לעדער־פאַראיין. קען זיין, אַז צוליב דעם האָט ער געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט.

אַרבעטערס און יוגנטלעכע האָבן זיך געהיילט די ציין אין דער שטאָטישער קראַנקן־קאַסע, וואו די באַהאַנדלונג איז געווען אומזיסט אָדער זייער ביליק.

אַ גוטע דענטיסטין איז געווען אַ טאָכטער פון אַן אָרטיקן פוילישן לערער. זי האָט אָבער לאַנג זיך ניט געהאַלטן אין שטעטל.

אין די דרייסיקער יאָרן איז געקומען אַ יונגער דענטיסט, מעכנער. ער איז געווען מערער טעכניקער ווי דענטיסט. מיט אים האָט אָבער געאַרבעט אַ גוטע דענטיסטקע, קוויאַטקאָווסקאַ, וואָס מיט איר גוטער אַרבעט האָט זי צוגעצויגן פיל פּאַציענטן, איבער הויפּט פון דער יוגנט. אין דער טעכנישער אַרבעט האָט מעכנערן געהאָלפן ראָכטשע לעדערמאַן.

די לעצטע יאָרן פאַרן קריג האָט זיך באַזעצט אין שידלאָווצע דער דענטיסט טאַבענהאַוז מיט זיין פרוי,ביידע שוין אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט באַלד אָנגעהויבן פּראַקטיצירן. זיי זיינען ביידע געווען זייער אַסימילירט און זיך ניט געהאַלטן פאַר קיין יידן, אָבער ווען ס'איז געקומען צו דער אויסזידלונג — איז ער אַוועק אין די וואַגאָנען מיט אַלע יידן. זיין פרוי איז דערשאָסן געוואָרן אין אַ באַהעלטעניש אין זייער הויף.

פערל טייכמאַן (ישראל)

# שידלאָווצער יוגנט

כ׳וועל גאָרנישט מחדש זיין, אויב כ׳וועל זאָגן, אַז מיין שידלאָווצע האָט אויף מיר געלייגט איר חותם. דאָס שטעטל מיטן דורותדיקן לעבן־שטייגער און נאָך מער די היים מיט אירע טיף־פאַרוואָרצלטע מנהגים האָבן זיך איינגע־קריצט אין אונדזערע יונגע הערצער. אָבער ווען מען האָט גענומען אַ ביסל עלטער ווערן, האָט די אַטמאָספער אין שטוב אָנגעהויבן ענג ווערן. נייע חלומות פילן אָן דאָס האַרץ און עס דערוועקט זיך אַ שטרעבן צו דער גרויסער, דערווייל נאָך וויטער און פאַרנעפלטער, וועלט.

די יוגנטלעכע פון מיין דור האָבן איבערגעלעבט דעם דאָזיקן פעריאָד פון שטורעם און דראַנג גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די געוואַלדיקע געשעענישן אַרום האָבן אונדז אַריינגעשלעפּט אין זייער ברויזנדיקן שטראָם און מיר האָבן זיך געריסן אַליין צו בילדן, ווי אויך אַריינצוברענגען אַ ביסל ליכט צווישן דער יידישער שטעטלשער יוגנט.

דאָ האָבן זיך געקרייצט אונדזערע וועגן מיט די וועגן פון אונדזערע עלטערן. כאָטש מיר אַליין האָבן נישט געהאַט קיין פּראָפעסיאָנעלע אויס־בילדונג, האָבן מיר גענומען אויף זיך די עובדה אויפצושטעלן צוגאָבשולן צום חדר, וואָס זיינע לערן־מעטאָדן זיינען שוין אונדז ניט געווען צום האַרצן.



שידלאָווצער יוגנטלעכע אויף אַן אַרויספלי.

פאַרשטייט זיך, אַז די שטערונגען מצד אונדזערע עלטערן זיינען געווען זייער גרויס. אָבער מיר האָבן בייגעקומען אַלע מכשולים. די דאָזיקע שולן זיינען אויך געווען פאַר די יעניקע יידישע קינדער, וואָס האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזוכן די שטאָטישע שולן.

אויף דער פאָטאָגראַפיע, וואָס געפינט זיך אין אונדזער דאָזיקן אַרטיקל, זיינען פאַראַן אַ צוויי צענדליק יוגנטלעכע אין עלטער פון 20־21 יאָר. איינער פון די צוויי עלטערע, אין מיטן פון דער פאָטאָגראַפיע, איז פינקערט. ער איז געווען אַ פאַבריקאַנט, אַ גביר בן גביר, אָבער געהאַט אויך אַן אינטערעס פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער דאָזיקער טעטיקייט האָט ער אָוועקגעגעבן אַ סך ענערגיע, זיין הויז געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון אונדזערע קרייזן און האָט אונדז געשטיצט מיט געלט.

לעבן אים זיצט מאַרק אָרענשטיין, אַ רעזשיסאָר פון פאַך, וואָס געלעבט האָט ער אין וואַרשע. אים טאַקע האָט פינקערט פאַרבעטן קיין שידלאָווצע, כדי אונדז מדריך צו זיין אין שפּילן טעאַטער. אָנגעהויבן האָבן מיר אַליין. מיר האָבן ווערבירט יוגנטלעכע, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי קענען שפּילן טעאַטער, כאָטש ווייניקע פון אונדז האָבן פריער געהאַט געזען אַ פאָרשטעלונג.



**דראַמאַטישער קרייז אין 1916.**

**אויבן, פון לינקס: פערל אייזענבערג, חיה ווערטהיים, חנה קופּערמאַן, זאָמער, רויזע גאָלדבערג, לייבל שאַרפאַק, מאַטל און רחל אייזענבערג, פערל צוקער, פערל טייכמאַן, פראַדל גאָלדשלעגער. אונטן, פון לינקס: לייבל גאָלדנער, פינקערט, מאַרק אָרנשטיין, ראובן צוקער, חיים אשר כ״ץ.**

דער איין־איינציקער, וואָס האָט יאָ אַ מאָל געזען טעאַטער, איז געווען ראובן צוקער, וואָס זיצט אין דער זעלביקער ריי. ער איז געבוירן געוואָרן מיט אַ חוש פאַר קונסט, ליב געהאַט צו דעקלאַמירן יידישע פּאָעזיע, גענומען זיך צו מאָלן בילדער. דער דראַנג צו מאָלן האָט אים נישט געלאָזט רוען, איז ער אַוועק קיין פראַנקרייך זיך צו לערנען מאָלעריי. ער האָט דאָרטן געהאַט די מעגלעכקייט צו זען גוטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. ווען דער ערשטער וועלטקריג איז אויסגעבראָכן, האָט פראַנקרייך עוואַקואירט אַלע אויסלענדערס. אויך ראובן איז געווען צווישן זיי. צוריקקומענדיק קיין שידלאָווצע, איז טעאַטער שפּילן געוואָרן זיין טרוים.

איבער אים שטייט מאָטל אייזענבערג. אין אים, ווידער, איז געווען אַ שטאַרקער דראַנג צו פאַרשפּרייטן דאָס יידישע בוך. ער האָט אַליין זיך איינגעהאַנדלט ביכער, האָט זיי אפילו אויסגעשריבן פון וואַרשע אָדער ווייטערע מקומות. אייזענבערג האָט באַקאַנט געמאַכט דער יוגנט, אַז ביי אים קען מען באַקומען אַ בוך צו לייענען. דער קליינער אָנהייב איז טאַקע שפּעטער אויסגעוואַקסן אין אַ גאַנץ היפּשער ביבליאָטעק פאַר הונדערטער לייענערס, מיט לייענקרייזן און רעפעראַטן וועגן שרייבערס און ליטעראַטור.

איבער זיי, אין דער ערשטער ריי אויבן, שטייען די מיידלעך און יינגלעך, וואָס האָבן אויף זייערע פּלייצעס אויסגעטראָגן די זאָרג פאַר די נייע יידישע אינסטיטוציעס און וואָס האָבן אָן ספק אַריינגעברענגט אַ גרויסע ענדערונג אין דעם טראַכטן און שטרעבן פון דער שידלאָווצער יידישער יוגנט.



אַ גרופּע שידלאָווצער יוגנטלעכע

**יצחק מילשטיין**

# סאַדאָווניקעס און פּישערלייט

צו דינגען אַ סאָד האָט מען ניט געדאַרפט קיין ספּעציעלע פעאיקייטן, און ס׳רוב סאַדאָווניקעס ביי אונדז זיינען טאַקע געווען שניידערס, שוסטערס און פון ענלעכע פאַכן. סעדריי איז געווען אַ זומער־פּרנסה און מיין טאַטע מאָטל האָט זיך אויך פאַרנומען מיט איר.

דער אמתער פאַך פון מיין טאַטן איז געווען טאָקעריי. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס געווען איינער פון די בעסטע פאַכן. דעמאָלט האָבן די סטאָלאַרעס געמאַכט פאַרשידענע באַפּוצונגען אויף מעבל. אָבער נאָך דער מלחמה איז טאָקעריי אַראָפּ פון איר גדולה. דערפאַר האָט מיין טאַטע זיך גענומען צו סעדריי.

אונדזער ערשטער סאָד איז געווען אין וואָלצנעוו. דערצו האָט מיין טאַטן באַוואויגן אונדזער שפּעטערדיקער שותף טעוויעלע ראָזענצווייג, וואָס מען האָט גערופן „טעוויעלע דער מילכיקער״, ווייל ער האָט געהאַט אַ מילכפּאַכט.

אונדזער צווייטער שותף איז געווען מיין שפּעטערדיקער שוואָגער חיים כץ מיט זיין ברודער פּנחס און זייער מאַמע אסתר.

אַרום אונדזער שטעטל האָבן זיך געפונען עטלעכע סעדער. דער גרע־סטער איז געווען דער סאָד ביים ברויהויז און ביי דער „לודאָווניע״. דעם דאָזיקן סאָד פלעגט יעדעס יאָר האַלטן דער סאַדאָווניק מרדכי מאַרא. דער עלטסטער סאַדאָווניק איז געווען איטשע מענדעלעס. ס׳זיינען געווען נאָך פיל מער סאַדאָווניקעס, ווי די ברידער שימע און מאָטע נאַדעלמאַן, פּנחס מאיר זיסעס און זיין זון הערשל, מיינע פעטערס משה און ברוך, שלמה לאַזשיסקער, הערשל און לייבל בראַמאַן, לייבוש קלאַפּאַרדע, פישמאַן, יצחק ריווינסקי, משה דריינאַדל, משה פוקס און אַנדערע.

שפּעטער האָבן שידלאָווצער געדונגען סעדער אויך אין גאַנץ ווייטע דערפער, ווי אין קאָסעוו, לעבן ראַדעם. ס׳איז אויך געווען אַ גרויסער פאָלוואַריק מיט אַ גרויסן סאָד אין קשענטשין.

די סאַדאָווניקעס פלעגן ברענגען דעם אויפּס אין שטעטל יעדער אין דער פרי. די קויפערס זיינען געווען די, וואָס האָבן געהאַט פרוכטגעוועלבער

און די מאַרק־פּאַרקויפערינס. די פּרוכט איז געווען פּאַרפּאַקט אין קעסטלעך מיט שטרוי און מען האָט עס געוואויגן אויף אַן ענגלישער וואָג, וואָס האָט געהערט צו חיה־לאַהן, און מען האָט דערפאַר ספּעציעל באַצאָלט.

אויף ווינטער איז דער אויפס געוואָרן באַהאַלטן אין קעלערן.

* * *

צו באַזאָרגן אונדזער שטעטל מיט פיש זיינען געווען צוויי וועגן: אַ צאָל פישערלייט האָבן געבראַכט די פיש פון וואַרשע און אפילו פון ווייטע מקומות אין רוסלאַנד. דאָס זיינען געווען די גרויסע סאַנדאַקן און לעשטשעס פון ראַסטאָוו. אַזוי האָט מען זיי גערופן. מיט דעם האָבן זיך פאַרנומען מיכל כוסטעצקי מיט זיינע זין, יהודה בליזשינסקי און זיין זון משה, אברהם שימעס, יחיאל מאַיאָווקע און אַנדערע. זיי האָבן פאַרקויפט די פיש צו די קליינ־הענדלערס.

קלענערע פישערלייט האָבן זייערע פיש באַקומען פון די סטאַוון אַרום אונדזער שטעטל. צו זיי האָבן געהערט ברוך (ביירעך) און עזריאל זאַגדאַנסקי, שמעון יאָקלס וויינטרויב, משה אברהם שימעס און אויך זיין פאָטער אברהם שימע (ראָזענצווייג). די אַלע האָבן שוין געהאַט לעבעדיקע פיש, ווי קאַרפּן, העכט, שלייען, קאַרישקעס, אפילו לאַקס, און די אָרעמע פישעלעך קעלביסקעס (שטאַקעס) און פּלאָטקעס.

ווען מיין טאַטע האָט מער קיין סעדער ניט געהאַט, האָט ער אויך זיך גענומען צום האַנדל מיט פיש. ער האָט געדונגען דעם סטאַוו אין קשענטשין, בשותפות מיט מיין שוואָגער חיים און פעטער ברוך. נאָך אַ שותף אונדזערער איז געווען מרדכי קשענטשינער. ער איז עס געווען דער גאַנצער פישערמאַן, ווייל פון זיינע יונגע יאָרן איז ער שטענדיק געווען ביי דעם פאַך. ער האָט זיך נאָך גאַנץ גוט אויסגעטויגט. אויפן וואַסער איז ער געשוואומען מיט זיין שיפל ווי אַ יונגערמאַנטשיק, כאָטש ער איז שוין געווען אַ ייד אין די זיבעציקער.

**אלעזר לעווין** (בני ברק)

# מאַרקפּאַרערס

דער מאַרק איז געווען דער וויכטיקסטער פּרנסה מקור פון שידלאָווצער ייִדן. פאַר די האַרעפּאַשנע ייִדן איז ניט געווען געגנוג נאָר דער איינציקער מיטוואָכדיקער מאַרקטאָג. אַ סך פון די שניידערס, שוסטערס, היטל־מאַכערס און אַנדערע פלעגן אויספאַרטיקן זייער סחורה אין די וואָכן און כמעט יעדער טאָג געווען אויף די ירידן פון די אַרומיקע שטעטלעך: מאָנטיק אין בודזענטין, דינסטיק אין סקאַרזשיסק, דאָנערשטיק אין סוכעדניעוו און פרייטיק ווידער אין סקאַרזשיסק.

די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן האָב איך געוואוינט אין סקאַרזשיסק, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו זען יעדן מאַרקטאָג דאָס בילד, ווי די שידלאָווצער — און אַנדערע — ייִדישע האַראָפּאַשניקעס פלעגן קומען מיט זייערע גרויסע בוידן אין שטאָט אַריין און זיך אויסשטעלן מיט זייער סחורה. אין די ווינטערטעג זיינען זיי געווען איינגעוויקלט אין שווערע פעלצן און טיכער — אויך פרויען פלעגן מיטפאָרן. דאָס פּנים איז געווען כמעט אין גאַנצן פאַרדעקט, אַרויסגעזען האָבן זיך נאָר די פּאָר אויגן און אַרום גאַנצן קאָפּ האָבן אַראָפּגעהאַנגען שטיקלעך אייז.

דאָס איינציקע אָרט, וואו זיי פלעגן דערוואַרעמען זייערע געפרוירענע ביינער, איז געווען ביי אליהו בריקס און זיין פרוי ביילע, וואָס האָבן געוואוינט אין צענטער פון נייעם מאַרק. דאָרטן האָבן זיי געטריקנט די נאַסע מלבושים ביים אייזערנעם אויוון און דערוואַרעמט די פאַרפרוירענע גלידער מיט אַ גלעזל טיי.

אַזוי איז מען געווען תמיד אויף די פורן, כדי אויסצושלאָגן די בידנע חיונה. פונדעסטוועגן האָט מען דערצויגן קינדער און נאָך געהאָלפן שאַפן אַ לינת־הצדק, אַ ביקור־חולים, אַ מלביש־ערומים און ענלעכע חברות — ביז דער שרעקלעכסטער ייִדישער חורבן האָט אַלץ אָפּגעווישט.

**מינדזשע זיידענפעלד־ראָזענבלום** (רמת־גן)

# דער נייער וועג



אין דער צייט פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט צווישןביידע וועלט־מלחמות האָט דער אויסזען פון שידלאָווצע זיך שטאַרק געביטן. אַנדערע גאַסן האָט מען פשוט ניט געקענט דערקענען, אַזוי אַנדערש זיינען זיי געוואָרן. אָבער די גרעסטע ענדערונג פון גאַסן איז פאָר־געקומען אין מיטן די דרייסיקער יאָרן.

אַרום 1935 האָט די פּוילישע רעגירונג אָנגעהויבן בויען אַ נייעם אַספאַלטירטן וועג, וואָס האָט זיך געדאַרפט ציען פון וואַרשע ביז קראָקע. לויטן פּלאַן, האָט דער וועג געמוזט דורכגיין אונדזער שטעטל און דורכשניידן דעם אַלטן בית־עולם, פון ראַדעמער וועג ביזן קעלצער וועג.

שידלאָווצער יידן האָבן איינגעריסן וועלטן, געשיקט דעלעגאַציעס אין די הויכע פענצטערס, אינטערווענירט ביי פאַרשיידענע וויכטיקע פערזענלעכקייטן — אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן. יידן האָבן זיך נאָר געטרייסט מיטן פאַקט, וואָס מען האָט ניט געדאַרפט באַזייטיקן קיין איין מצבה, ווייל דער וועג האָט געדאַרפט גיין דורך דעם גרויסן פרייען פּלאַץ, וואָס פון זיינע ביידע זייטן האָבן זיך געפונען די מצבות.

דער נייער וועג איז געווען אויסגעפּלאַסטערט איבער דער גאַנצער קאָשטשושקאָ־גאַס, דורכן בית־עולם. דאָס האָט מען גערופן: דער נייער וועג.

**אלימלך בליזשינסקי** (בוענאָס־איירעס)

# צוויי עפּיזאָדן

אין מיין זכרון זיינען געבליבן צוויי עפּיזאָדן פון מיין יוגנט, וואָס באַגלייטן מיין גאַנץ לעבן:

שלמה איזענבערג, אַ ייד אַ גוואַר, האָט געעפנט אַ קינאָ אין שטעטל (דאָס איז געווען דער איינציקער קינאָ אין שידלאָווצע) און אָנגעהויבן שפּילן שבת נאָך מיטאָג. האָבן די פרומע יידן ספּאָנטאַן געשאַפן אַ ריזן־דעמאָנס־

טראַציע פון אנשים נשים וטף, בכדי צו שטערן דאָס אַריינגיין אין קינאָ. עס זיינען פאָרגעקומען געשלעגן, מען האָט געבראָכן שויבן, פאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט און אַרעסטירט איניקע פון די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע. מער האָט דער קינאָ נישט געשפּילט אום שבת.

דער צווייטער עפּיזאָד איז געווען אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק־צו־נאַכטס, שוין אַ ביסל אין אַ שפּעטיקער שעה. ביי אונדז אין שטוב הערט מען אַ געשריי, וואָס קומט פון דרויסן און אַ רוף נאָך הילף. נעמט מיין פאָטער, ר׳ ירחמיאל חיים בן יעקב דוד בליזשינסקי ע״ה, אַ האַק און לאָזט זיך צו דער טיר. מיין מוטער טויבע בת פייגע ע״ה צוזאַמען מיט די קינדער האָבן מיט טרערן אין די אויגן אים געבעטן, אַז ער זאָל נישט אַרויס פון שטוב. האָט ער מיט כעס געענטפערט: „וואָס? מען שלאָגט יידן, ווילט איר, אַז איך זאָל רואיק בלייבן דאָ אין שטוב?״ און מיט די ווערטער אין מויל האָט ער פאַרלאָזט דאָס הויז.

פון די יידן, וואָס האָבן אַזוי געדענקט און אַזוי רעאַגירט, ווען ס׳האָט זיך נאָר געהערט אַ יידיש געשריי, איז אַרויסגעוואַקסן די שפּעטער־דיקע הגנה, וואָס איז געווען דאָס וויגעלע פון צבא הגנה לישראל, די פאַר־טיידיקערס און באַשיצערס פון מדינת ישראל.

**יהושע קראַניץ**

# קליינע געשעענישן

אין 1921 בין איך צוזאַמען מיט מיין זיידן צאַלעל מאַנדעלבוים געפאָרן אויסערן שטאָט קויפן אוגערקעס. צוזאַמען איז אויך געפאָרן לאהלע שוואַרץ־פוטער. געפירט האָט אונדז יאָשע דער שטומער.

אַזוי פאָרנדיק איז ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעקומען אַ פוילישער אָפיציר. קודם האָט ער יאָשען דערלאַנגט מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ. דערנאָך האָט ער זיך גענומען טשעפּען צו לאהלען. זי האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. האָט ער מיט כוח זי אַריינגעשלעפּט צווישן דעם קאָרן און דערשאָסן.

* * *

כוסטעצקי איז געווען אַ תבואה־סוחר, וואָס האָט געטריבן מסחר מיט אַנדערע שטעט. איין מאָל איז ער אַרויסגעפאָרן צו דער באַנסטאַנציע, 4 קילאָמעטער פון שטעטל, און איז מער ניט צוריקגעקומען. איז געקומען דער סלעדאָוואַטל (אויספאָרשער) פון קינסק, מען האָט אָנגעהויבן זוכן, האָט מען כוסטעצקיס קערפּער געפונען אויף אַ בערגל, פאַרדעקט מיט שטיינער. מען האָט אויסגעפונען, אַז דאָס האָט געטאָן אַ גנב, וואָס כוסטעצקי האָט איין מאָל עדות געזאָגט קעגן אים.

* * *

1914, ווען די רוסן האָבן אָפּגעטראָטן פון שידלאָווצע און דאָס דייטשישע מיליטער איז נאָך ניט געווען אַריין, זיינען פּלוצעם געקומען אין שטעטל 3 מענטשן מיט 3 בערן, וואָס האָבן אַרומגעשפּאַצירט אומעטום. דערנאָך האָט מען געזאָגט, אַז דאָס זיינען געווען פאַרשטעלטע דייטשישע שפּיאָנען, ווייל גלייך נאָך זייער נעלם ווערן האָבן זיך באַוויזן די דייטשישע סאָלדאַטן.

יצחק מילשטיין

# חברות צום דאַוונען

אַחוץ דער שול, בית־מדרש און חסידים־שטיבלעך זיינען ביי אונדז אין שטעטל געווען פיל חברות, וואו מען האָט געדאַוונט יעדער שבת ביי טאָג. יעדע חברה האָט געהאַט אַ בעל־תפילה, אַ גבאי און אַ בעל־קורא.

די חברה „שומרי בית החיים" איז געגרינדעט געוואָרן דורך יצחק ריינבערג, וואָס איז געווען צוריקגעקומען פון אַמעריקע. די לעצטע יאָרן איז ער צוריק פאַראָרעמט געוואָרן. מען האָט געזאָגט, אַז אַמעריקאַנער געלט האָט ניט קיין האַפט, ווייל ס'קומט פון אַ לאַנד, וואו מען היט ניט אָפּ קיין ידישקייט.

די חברה, וואו מיין טאַטע האָט געדאַוונט, איז געווען די חברה בעלי־מלאכות. זי האָט זיך געפונען אין הויז פון גאָלדעלע משה חיימס (גרינבערג). קיין געלט האָט זי ניט פאַרלאַנגט, ווייל זי האָט עס געטאָן לשם מצווה. אַ טייערע פרוי געווען.

דער בעל־קורא אין אונדזער חברה איז געווען אונדזער מלמד ר׳

שימעלע פּאַריס. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז מיין ברודער ישראלקע געווען דער בעל־קורא.

סוכות איז אין יעדער חברה געווען אַן אתרוג, וואָס מען האָט אים געטראָגן פון הויז צו הויז, אַז פרויען און קינדער זאָלן קענען אתרוג בענטשן. צוויי יינגלעך פון יעדער חברה האָבן אויסגעפירט די מצווה.

שמחת־תורה האָט מען געבראַכט אַ פעסל ביר און מען האָט זיך משמח געווען. ביי די הקפות האָט מען פאַרקויפט „אתה הראת". מען האָט געשלאָגן אין געלט אַריין, אָבער קיינער האָט עס ניט געקענט אויסקויפן פון יאָסל קונאָווסקי. דאָס האָט שטענדיק געהערט צו אים.

**חיה פּאַריז־קאָרנבלוים**

# די קאָלדרע־מאַכערין

מיין מאַמע מילקע איז גאָר פרי געוואָרן אַ יתומה. זי האָט זיך אויפגעהאָדעוועט ביי שמואל מרדכי וואַרשאַווסקי, וואָס האָט געהאַט אַ מין קאָלדרע־פאַבריק אין לאָדזש. די וואַרשאַווסקיס האָבן געהאַלטן מיין מאַמען ווי אַן אייגן קינד.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געקומען שלעכטע צייטן אויף לאָדזש. שמואל מרדכי, וואָס האָט אַליין געשטאַמט פון שידלאָווצע, האָט זיך דעמאָלט אַהערגעקליבן אין זיין היימשטעטל. מיט זיין משפחה איז מיטגעפאָרן אויך מיין מאַמע.

שמואל מרדכי האָט אין גיכן אויפגעשטעלט אַ קאָלדרע־פאַבריק אויך אין שידלאָווצע. מיין מאַמע און חיים דער וואַטע־מאַכער (וואַטשיאַזש) זיינען געווען זיינע שותפים. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט שמואל מרדכי פאַרלאָזן דאָס שטעטל און חיים, זעענדיק, אַז עס טראָגט ניט קיין פרנסה פאַר דרייען, איז נאָך פריער אַוועק פון דער שותפות. אויף אַזאַ אופן איז דאָס פאַבריקל געבליבן אין גאַנצן אין רשות פון מיין מאַמען.

היות אין יענער צייט האָבן אַ סך שידלאָווצער אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע לענדער, האָבן פיל פון זיי באַשטעלט קאָלדרעס און דאָס געשעפט איז אַוועק גוט. ווען דאָס געשעפט האָט זיך פאַרגרעסערט און ס׳איז ניט געווען גענוג אָרט אין מיין מאַמעס קליינע צימערן אויסצואַרבעטן טאָפּל־קאָלדרעס, האָט זי געפונען אַ גרויסע הילף ביי אונדזערע שכנים מאָטל און רחלע מילשטיין. אין זייער דירה זיינען געווען גרעסערע צימערן און זיי האָבן געלאָזט דער מאַמען דאָרטן אויסאַרבעטן וויפל קאָלדרעס זי האָט נאָר געדאַרפט. און קיין געלט דערפאַר האָבן זיי בשום אופן ניט געוואָלט נעמען.

ווען איך האָב פאַרענדיקט די פוילישע פאָלקשול, האָב איך צוגעהאָלפן מיין מאַמען.

מיט אונדז האָט נאָך דעמאָלט געוואוינט מיין זיידע, וועמען מען האָט גערופן מרדכי מענדעלע טלית־מאַכער. קיין פאַבריק פון טליתים האָט ער ניט געהאַט, אָבער ער האָט געהאַנדלט מיט טליתים, תפילין, סידורים וכדומה.

דער זיידע האָט געהאַט אַ האַנטשריפט ווי ער וואָלט אין זיין האַנט געהאַלטן אַ דרוקמאַשין. ער האָט געשריבן פאַרן רב ר׳ חיים ראַבינאָוויטש כתובות, גטן, אד״גל.

מיין באָבע חנה־לאה, אַ שוועסטער פון די בלאַנדערס, האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זאָגן גראַמען, געמישט פון יידיש מיט פויליש. איך געדענק אירע גראַמען אויף די הויפט ימים־טובים:

פסח — מצה,

שבועות, ווען אַלץ ווערט גרין — צאַצע,

ימים־נוראים, ווען מען וויינט — פּלאַצע,

שמחת־תורה, ווען מען טאַנצט — סקאַצע.

פרידע קורלענדער־קופּליק

# די מיל

מיין זיידע, איציק קורלענדער, האָט געהאַט אַ גרויסע מיל, וואָס ער האָט אַליין אויפגעבויט. אין מיל זיינען געווען באַשעפטיקט אַרום 25 אַרבעטערס. מען האָט געאַרבעט אין 3 שיכטן. די מיל האָט באַדינט די גאַנצע געגנט.

דער הויפּטמילנער איז געווען מאיר מאַנק.

שרה אַנטשלס, דעם זיידנס פרוי, איז געווען די אמתע עקרת הבית. אַנטשל אַליין, מיין זיידע, איז געזעסן און געלערנט תורה, געווען די צווייטע האַנט פון שידלאָווצער רב ר׳ חיים ראַבינאָוויץ.

שרה אַנטשלס האָט געגעבן אַ סך צדקה, האָט זיך מתעסק געווען מיט הכנסת כלה, מיט דער שול, געזאָרגט פאַרן בית־עולם וכדומה.

נאָך דער פּטירה פון זיידן האָט די מיל געפירט מיין טאַטע הערשל, צוזאַמען מיט ישראל וואַרשאַווסקי. דער לעצטער איז געווען אַ ייד אַ מאַנאַרך, פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים אין שטאָט.

יאַנקל זילבערמאַן

# אַ מעשה מיט „שדים"

אַן אמתע געשיכטע פון אונדזער שטעטל שידלאָווצע, דערציילט פון שמחה (סעם) צוקערגוט ע״ה:

פאַרלאָפן איז זיך די מעשה אין דער צייט, ווען שידלאָווצער סוחרים פלעגן באַשטעלן זייערע סחורות דורך אַ „שפּיליטערער" (אַ פאַרמיטלער), וואָס האָט געהאַט זיינע קאָנטאַקטן מיט גרויסע הורטאָווע פירמעס אין אַנדערע שטעט, באַזונדערס אין וואַרשע און לאָדזש.

די „שפּיליטערערס" פלעגן דינגען בעלי־עגלות, וואָס פלעגן אַרויספאָרן זונטיק פאַר טאָג, מיטפירנדיק אויך פאַרשיידענע שטעטלשע פּראָדוקטן, ווי שאַרפשטיינער פאַר קאָסעס, ווייכע לעדער פאַר שיך און שטיוול.

אַזאַ יאַזדע, אין וועלכער עס פלעגן מיטפאָרן סתם סוחרים און פּאַסאַ־זשירן מיט ספּעציעלע ענינים, פלעגט נעמען אַ וואָך צייט און זיך ענדיקן פרייטיק, אויב אַלץ איז געגאַנגען כשורה.

שמחהלע בעל־עגלה איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן יאָרן לאַנג זיך פאַרנומען מיט אָט דער פּרנסה. זיי האָבן געהאָרעוועט שווער און ביטער. זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף קעלט און שניי און רעגן און אַנדערע נסיונות, ווי אַ צעבראָכן ראָד, דאָס אַוועקפאַלן פון פערד אין וועג און טייל מאָל אַפילו אויך אַן איבערפאַל פון רויבערס.

די בעלי־עגלות פלעגן ניט דערשלאָפן און ניט דערעסן, איבערגעכאַפּט עפּעס אין אַ קרעטשמע — און ווייטער געפאָרן. זיי האָבן נאָר געטראַכט, ווי אַזוי צו קומען אַהיים פרייטיק וואָס פריער, כדי זיי זאָלן באַווייזן אויסצולאָדענען די סחורות פאַר די קרעמערס, וואָס האָבן עס באַשטעלט; נאָך דעם גיין אין מרחץ און זיך גוט אויסבאָדן, דאַן מקבל־שבת זיין אין בית־המדרש אָדער אין שול און האָבן אַן עונג־שבת ביז צו דער קומענדיקער וואָך.

אַזוי איז עס געווען אויך מיט שמחהלע בעל־עגלה. איין פרייטיק, ער איז געקומען אין שול אַריין צו קבלת־שבת, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ זייטיקער באַנק לעבן „פּאָליש" און האָט געדאַוונט מנחה. ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן זינגען „לכה דודי לקראת כלה" איז אונדזער שמחהלע איינגעשלאָפן.



אַ גרופּע יוגנטלעכע. שוועסטערן קופּערמאַן, שוועסטערן לעדערמאַן, שאַלטשע שטיינמאַן, נעכע צוקער, משה פּאָרנאַלסקי.

דער חזן האָט פאַרענדיקט דאָס דאַווענען. דער שמש אויפן באַלעמער האָט שוין געמאַכט „קידוש”. די שול איז געוואָרן ליידיק און פאַרשלאָסן געוואָרן דורכן שמש. די ליכט האָבן זיך אויסגעברענט.

ווען שמחהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך דערזען אַליין אין דער פינצטערער שול. אַ ייד ניט קיין פּחדן, איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער פון פּאָליש, וואָס איז אַרויס אין שולהויף, האָט אָנגעהויבן שרייען און קלאַפּן אין פענצטער, אפשר וועט זוער פאַרבייגייך און דערהערן און רופן דעם שמש צו עפענען די טיר. אָבער קיינער הערט ניט און קיינער זעט אים ניט.

פלוצעם האָט שמחהלע בעל־עגלה דערזען, ווי שלום בושקעוויטש, וואָס האָט געוואוינט לעבן בית־מדרש, קומט צום שולהויף־ברונעם נעמען וואַסער. האָט שמחהלע זיך אָנגענומען מיט אַלע כוחות און מיט באַנומענע קולות אָנגעהויבן שרייען: „שלום! שלום!” שלום בושקעוויטש, דערהערנדיק ווי מען רופט אויס זיין נאָמען פון פּאָליש, האָט זיך שרעקלעך דערשראָקן און אָנגעהויבן שרייען: „שדים! שדים! שדים!” — און איז געפאַלן אין חלשות.

געענדיקט האָט זיך די מעשה דערמיט, וואָס די בני־בית פון שלום בושקעוויטש זיינען געגאַנגען זען, וואו דער טאַטע איז געבליבן מיטן וואַסער און האָבן אים געפונען אַ פאַרחלשטן אויף דער ערד. די קינדער פון שמחהלע בעל־עגלה זיינען אויך געגאַנגען זוכן זייער פאָטער אין שול און דערהערנדיק זיינע קולות, האָבן זיי גיך געבראַכט דעם שמש מיטן שליסל.

צו מאָרגנס האָט דאָס גאַנצע שטעטל געקלונגען, אַז נעכטן פרייטיק־צו־נאַכטס זיינען „שדים” געווען אין שול און אויפגערופן יעדן פאַרבייגייער...



שידלאָווצער אין 1934: לאה שטשענשליווע, ראָזענבוים, דענטיסט מעכנער, דינה פערנבוג, לעסעלבוים, שוועסטערן לעדערמאַן, שאַפּשאָוויטש.

לייבוש גלאָס

# טויט פון צוויי ייִנגלעך



געשען איז עס אין אַ ליכטיקן זומערטאָג. די ייִנגלעך לייבוש און משה, קינדער פון ישראל און לאה ראַדאָלניק, זיינען אַוועק צום סטאַוו וואָסביים „שלאָס", וואוהין מען פלעגט קומען זיך באָדן. זיי זיינען געקומען גאָר פרי און קיין אַנדערע מענטשן אַרום זיינען ניט געווען.

דיביידע ברידערלעך זיינען אַריין אין וואַסער און אין אַ ווײַלע אַרום זיינען זיי ביידע פאַרשוואונדן פון אייבערפלאַך. אַ פרוי, וואָס האָט געוואַשן וועש פון דער ווייטנס, האָט עס באַמערקט און זי האָט אָנגעהויבן שרייען. עס זיינען באַלד געקומען מיטגלידער פון דער משפחה קאַנאָווסקי, וואָס האָט געוואוינט לעבן סטאַוו. זיי זיינען אין די מלבושים אַריינגעשפרונגען אין וואַסער, זיי האָבן געפונען די צוויי קינדער — אָבער זיי זיינען שוין געווען טויט.

די שרעקלעכע טראַגעדיע האָט דעמאָלט אויפגעטרייסלט ניט נאָר זייערע עלטערן, נאָר דאָס גאַנצע ייִדישע שטעטל.

זייערס אַן עלטערער ברודער, יאַנקל, איז שפּעטער געפאַלן אין דער מלחמה מיט די נאַציס.

# שידלאָווצע אין שפּיגל פון "היינט"

ווייטער ווערן געגעבן עטלעכע נאָטיצן און קאָרעספּאָנדענציעס וועגן שידלאָווצע, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין וואַרשעווער „היינט". סיי אין „היינט", סיי אין די אַנדערע גרויסע וואַרשעווער צייטונגען זיינען געווען מערער קאָרעספּאָנדענציעס וועגן שידלאָווצע, אָבער צום באַדויערן איז ניט געווען מעגלעך צו קריגן די אַלע יאָרגענג פון יענע צייטונגען.

„היינט“ נומ׳ 96, 24/4/28

## אַנטיסעמיטיזם אין שידלאָווצער מלוכה־שול

די לייטערין פון דער מלוכהשער פאָווּשעכנע שולע אין אונדזער שטאָט, וועלכע ציילט קרוב 80% ייִדן, איז שוין פון לאַנג באַקאַנט מיט איר אַנטי־סעמיטיזם און העסלעכער באַציאונג צו די ייִדישע שילער. אַזוי האָבן, למשל, מיט אַ יאָר צוריק פאַר פסח די לערער דערציילט אין דער שולע, אַז ייִדן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף מצות, אַז 90 פּראָצענט פון די ייִדן זיינען קאָמוניסטן. די זעלבע לייטערין פייניקט אויך שטאַרק די ייִדישע שילער און שלאָגט זיי ביז בלוט. די קריסטליכע קינדער נעמען זיך אַראָפּ אַביישפּיל פון איר און שלאָגן זייערע ייִדישע קאָלעגן אין דער אַנוועזנהייט פון די לערער. ווען די ייִדישע קינדער פּרואוון זיך באַקלאָגן אויף דער האַנדלונג פון דער לייטערין, ווערן זיי שטרייננג באַשטראָפט. עס וואָלט געווען ווינשנסווערט, אַז די אַנטשפּרעכנדע שול־מאַכט זאָל זיך מיט דער אַנגעלעגנהייט פאַר־אינטערעסירן.

י — ב.

„היינט“, נומ׳ 107, 10/5/27

## שטאָטראַט־וואַלן

אין שידלאָוויעץ זיינען געוויילט געוואָרן 19 פּאָליאַקן און 13 ייִדן.

לויט די פּאַרטייען האָבן די מאַנדאַטן באַקומען: ציוניסטן — 4, אגודה — 2, מזרחי — 2, פ״צ — 2, בונד — 1.

„היינט“, נומ׳ 75, 30/3/32

## פייערונג אין שידלאָווצער „ביקור־חולים“

קאָרעספּאָנדענט: פּיניע קויפמאַן.

די טעג איז אין שטאָט פאָרגעקומען אַ פייערונג פון עפענען אַן עלעק־טרישן הייל־אַנשטאַלט ביים שידלאָווצער „ביקור־חולים“. ביי אַ פול געפּאַקטן זאַל פון פאָרשטייער פון פאַרשיידענע ייִדישע אינסטיטוציעס, ווי אויך קריסט־לעכע, עפנט ה׳ אברהם פינקלער די פייערונג און גיט איבער דאָס איבער־שניידן די באַנד דעם ה׳ מרדכי ווערטהיים, וועלכער ערמוטיגט די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט אין איר אַרבעט לטובת די אָרעמע קראַנקע. רעפעראַט — געאַכטעטער שטאָט־דאָקטאָר ה׳ מ. טאַדאַניער. אין נאָמען פון שטאָט־ראָט און

**מאַגיסטראַט באַגריסט לאַוניק אברהם בליכער, יידישע געמיינדע — ה׳ משה ווייצמאַן, מזרחי־אָרג. — ה׳ ירחמיאל חיים בלידשינסקי, פּרעזעס פון „בקור־חולים״ ה׳ דוד אָסטראָוויעצקי, פּנחס קויפמאַן, חיים באַך א. א. די פייערונג האָבן איינגעאָרדנט די „וויזא״ אָרג., אַמאַטאָרן־קרייז ביים פּראָפ.־פאַריין און דער איניציאַטאָר פון בנין ה׳ מ. י. שוואַרצפּוטער.**

„היינט״, נומ׳ 70, 31/3/23

## ווי אַזוי מען גרייט צו די קהילה־וואַלן אין שידלאָוויעץ

**שאַרפהאַרץ פון שידלאָוויעץ האָט איבערגעגעבן אין רעדאַקציע אַ בריוו פון אַ ריי אָנגעזעענע שידלאָווצער יידן און איבערגעגעבן אַ ריי פרטים וועגן דער וואַל־קאַמפּאַניע:**

**דער פּרעזעס פון דער דאָרטיקער קהילה, אַ מיטגליד פון דער „אגודה״, האָט אויסגעשטראָכן פון די ווילער־רשימות מער ווי אַ העלפט ווילער. פון 2000 בערך וואַל־באַרעכטיקטע זיינען געבליבן 819. די איבעריקע זיינען געפּסלט געוואָרן. ביי אַ גרויסער צאָל ווילער זיינען די נעמען פאַרשריבן שלעכט און זיי וועלן ביי די וואַלן ניט קענען אָפּגעבן די שטימעס. די רשימה פון די ווילער איז אויסגעהאַנגען ניט אין דער קהילה, נאָר אין לאָקאַל פון „אגודה״, וואָס באַשווערט דעם קאָנטראָל פאַר די אַלע, וואָס זיינען ניט קיין מיטגלידער, אָדער קעגנער פון דער פּאַרטיי.** דאָס אַלץ ווערט געטאָן מיט דער הילף פון דער אָרטיקער מאַכט, ווייל פּאַקטיש איז די אַגודה אין שידלאָוויעץ אַ מינדערהייט.



אַ גרופּע שידלאָווצער. שטייענדיק: אייזענבערג, האָפמאַן, מיכאל ראָזענבוים, רעגינע ווערטהיים, קלמן ראָזענבוים. זיצנדיק: יצחק, אסתר־רבקה און אברהם פינקלער, מיכאל ראָזענבוימס פרוי.

אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג זיצן נאָר 2 מיטגלידער פון דער „אגודה" אויף 9 מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג. דער פרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען אַן אומפּאַרטייאישער און דערפאַר איז ער געווילט געוואָרן צוליב שלום. שפּעטער איז ער אַריבער צו דער אַגודה און פירט דורך אַלע פאָדערונגען פון די אַגודה־פירער.

די וואַל־קאָמיסיע, וואָס די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט 3 מאָל באַשטעטיקט, איז דורך דעם סטאַראָסטע געפּסלט געוואָרן, און עס איז באַשטעטיקט געוואָרן די וואַל־קאָמיסיע, וואָס דער פּרעזעס פון דער קהילה האָט צונויפגעשטעלט אין פאַרשטענדיקונג מיט דער אַגודה.

אין שטאָט הערשט אַ שטאַרקע אויפרעגונג.

די רעדאַקציע האָט באַקומען אַ בריוו פון דער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע אין שידלאָוויעץ, וועלכער באַשטעטיקט, אַז דאָרט האָט די וואַל־קאָמיסיע צו די וואַלן אויסגעשטראָכן פון דער וויילער־רשימה אַ יידן דערפאַר, וואָס ער האָט ליגנדיק אין בעט געלייענט אַ צייטונג אָן אַ היטל. אַ צווייטן האָט מען געפּסלט דערפאַר, וואָס מען האָט אים געזען שמועסן מיט אַ מיידל. דערקעגן האָט מען ניט געשטראָכן פון די וויילער־ליסטעס אַזעלכע, וואָס האָבן מחלל שבת געווען בפרהסיא, ווייל זיי געהערן צום רבס אַנהענגער.

„היינט", נומ' 148, 3/7/1929

## קאָנגרעס־וואַלן אין 1929

נומ' 1 — 28 — „על המשמר" — „אונאָבהיינגיקע"
" 2 — 33 — „עת לבנות"
" 3 — 34 — „מזרחי"
" 4 — 26 — רעוויזיאָניסטן

„היינט" נומ' 175, 30/7/35

## רעזולטאַטן פון קאָנגרעס־וואַלן אין שידלאָווצע אין 1935

נומ' 1 — 55 — וועלט־פאַראייניקונג פון אַלג' ציוניסטן
" 2 — 2 — וועלט־פאַרבאַנד
" 3 — 145 — מזרחי
" 4 — 35 — אידענשטאַאַטס־פּאַרטיי
" 5 — 123 — בלאָק פון אַרבעטנדן א"י

„היינט", נומ' 172, 27/7/39

**רעזולטאַטן פון קאָנגרעס־וואַלן אין שידלאָווצע אין 1939**

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| נומ׳ | 1 | — | 35 | — | ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין פוילן |
| ״ | 2 | — | 2 | — | „עת לבנות״ |
| ״ | 3 | — | 38 | — | מזרחי |
| ״ | 4 | — | 21 | — | אידענשטאַאַטס־פּאַרטיי |
| ״ | 5 | — | 93 | — | „בלאָק פאַר אַרבייטנדן א״י |
| ״ | 6 | — | 0 | — | פועלי־ציון לינקע |
| ״ | 7 | — | 21 | — | „הנוער הכלל ציוני״ |

(פון ייוואָ־ביבליאָטעק אין ניו־יאָרק)

# שידלאָווצע אין שפּיגל פון „פאָלקסצייטונג״ און „יוגנט־וועקער״

אין די דאָזיקע צוויי צייטונגען זיינען געווען אַ סך קאָרעספּאָנדענציעס פון שידלאָווצע, אָבער פון די פאַראַנענע קאָמפּלעטן אין אַמעריקע האָט מען געקענט אַרויסנעמען נאָר דעם ווייטערדיקן קליינעם טייל, געגעבן אין זייער אויסלייג. דער מאַטעריאַל איז גענומען פון ניו־יאָרקער קורסקי־אַרכיוו. — רעד׳

**פון צוויי קראַנקע קינדער — געוואָרן אַ גאַנצע „עפּידעמיע״**

פון שידלאָווצע שרייבט מען אונדז:

ס׳איז שוין נאָך דער טיפּוס־עפּידעמיע. מ׳האָט שוין צוריק געעפנט דעם בית־המדרש, די שול, די הדרים, קינאָ, פאָווזשעכנע שולן און אַלע אַנדערע אַנשטאַלטן, וועלכע זענען געווען געשלאָסן צוליב דער עפּידעמיע.

בס״ה זענען געווען קראַנק אויף טיפּוס 2 קינדער, וועלכע מ׳האָט אָפּגעפירט אין ראַדאָם אין שפּיטאָל אַריין. האָט מען דערפון געמאַכט אַ גאַנצע „עפּידעמיע״.

**אַ שיינע פייערונג אין מעטאַל־פאַראיין**

דער אינטערנאַציאָנאַלער מעטאַל־פאַראיין האָט געפייערט דעם ערשטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ. ח׳ קלין (וואַרשע) האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אד״ט

„די סיטואַציע״ אין אייראָפּע״, וועלכן דער עולם האָט אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס. אויפן באַנקעט האָבן גערעדט דער גרינדער און ערשטער סעקרע־טאַר פון מעטאַל־פאַראיין ח׳ פלאַשאַן. ח׳טע סטאַשע גוואַרעק (פויליש), ח׳ מידלאַרסקי (יידיש). ס׳זענען אויסגעהערט געוואָרן באַגריסונגען פון בונד, צוקונפט, פון לאַנדראַט און צענטראַלע פון מעטאַל־פאַריין (ח. קלין). ס׳זענען געווען דעקלאַמאַציעס אויף פויליש און יידיש. מ׳האָט געזונגען אַרבעטער־לידער און די פוילישע און יידישע אַרבעטער האָבן זיך משמח געווען צוזאַמען ביז 5 פאַרטאָג. (יוד מעם, מערץ 3, 1939)

[די חתימה „יוד מעם״, וואָס געפינט זיך אויף דער דאָזיקער און מערסטע אַנדערע קאָרעספּאָנדענציעס אין „פאָלקסצייטונג״ און „יוגנט־וועקער״, באַטייט: יודל מידליאַרסקי — רעד׳].

## געשטאָרבן ח׳ יאַנקל טענענבוים

שבת, דעם 8טן אַפּריל ה״י, איז אין עלטער פון 50 יאָר געשטאָרבן אין שפּיטאָל אין וואַרשע דער ח׳ יאַנקל טענענבוים. אין די פריסטע יאָרן הויבט אָן ח׳ יאַנקל זיך לערנען שוסטעריי. אין יאָר 1903 פאָרט ער קיין וואַרשע אַרבעטן. דאָרטן טרעט ער אַריין אין די פּ.פּ.ס. אין יאָר 1905 קומט ער צוריק אַהיים קיין שידלאָווצע און פאַרזייט דאָ די ערשטע קערנדלעך פון בונד. אין יאָר 1906 ווערט ח׳ יאַנקל אַרעסטירט און זיצט אין תפיסה אין ראַדאָם. דאָס קריגסגעריכט פאַרמשפּט אים אויף $3^{1}/_{2}$ יאָר תפיסה.

געקומען אַהיים פון מיליטער־דינסט אַ קאַליקע שטעלט זיך ח׳ טענענ־בוים ווידער אין קאָנטאַקט מיטן בונד און אַרבעט אַקטיוו אין דער באַוועגונג. ער העלפט ווידער אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע אויפשטעלן די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין שידלאָווצע, גרינדעט דעם לעדער־פאַריין און פירט אָן מיט דער פּראָפעסיאָנעלער און קולטורעלער אַרבעט.

דעם 8טן אַפּריל איז ח׳ יאַנקל געשטאָרבן אין וואַרשע. צו קבורה האָט מען אים געבראַכט אין שידלאָווצע דעם 11טן אַפּריל. אין דער לוויה האָט אָנטייל גענומען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון שידלאָווצע. ביים אָפענעם קבר האָט דעם ח׳ יאַנקל טענענבוים געזעגנט ח׳ שבתי לאַקס, אין נאָמען פון די ערשטע גרינדער פון „בונד״ אין שידלאָווצע. אין נאָמען פון האַנטווערקער, וואו דער פאַרשטאָרבענער איז געווען אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, האָט אים געזעגנט ח׳ חיים באַך.

ערע זיין אָנדענק. (יוד מעם)

## אין שידלאָווצע לייגט מען שוין איין הייזער

די שטאָטישע בוי־קאָמיסיע האָט שוין דעם לעצטן דאָנערשטיק און פרייטיק אָנגעהויבן איינלייגן הייזער צוליב דער „עסטעטיק". אין די הייזער האָבן געוואוינט פוילישע און יידישע פאַמיליעס, צווישן זיי אַ קראַנקער ייד און אויך אַ גייסטיק קראַנקער, אַ געוויסער שלמה אַטלאַס (ער האָט אַ רייכן ברודער אין וואַרשע). איצט קומט אויס אַרומצוואַוואַלגערן זיך אונטערן פרייען הימל. דאָס איינלייגן די הייזער טרעפט די גאָר אָרעמסטע מענטשן אין שטאָט — אַ מתנה דער אָרעמקייט צו די פאָרשטייענדע שטאָטראַט וואַלן.

איבערגעגעבן פון י. מידלאַרסקי, שידלאָווצע

פון אַפּריל 1939 געהערט שוין שידלאָווצע ניט מער צום קינצקער סטאַראָסטווע, נאָר צום ראַדאָמער סטאַראָסטווע. (30סטער אַפּריל, 1939)

## דער חבר עזריאל און די חברטע סטאַשיע

אין אַ קאַלטן פרימאָרגן פירט מיך די איינפערדיקע בריטשקע איבערן באַרגיקן, פון בידע זייטן אין וואַלד איינגעהילטן, 4 קילאָמעטערדיקן שליאַך — פון דער באַן־סטאַציע אין שטעטל אַריין.

די ערשטע פראַגע, וועלכע קומט אויפן געדאַנק, ווען מען פאָרט היינט אין אַ פּראָווינץ־שטעטל און וואָס ווערט אויך געשטעלט די חברים בעת דער ערשטער באַגעגעניש איז: וואָס הערט זיך ביי אייך מיט אַנטיסעמיטיזם?

כאָטש וואו נישט וואו שיינען אַראָפּ פון די ווייס־געקאַלעכטע כאַלופּע־ווענט און פריש אויסגעמאַלעוועטע פאַרקאַנען אויפשריפטן, געמאַכט דורך שאַבלאָנען און צוגעשיקטע פון דער „נאַציאָנאַלער צענטראַלע": ניע קופּוי או זשידאַ! — זענען אָבער איבעראַל ביי די אויפשריפטן די „ניע'ס" געשטראָכן און דער „קופּוי או זשידאַ" זעט אויס ווי צו להכעיסדיק גרעסער...

ביי אונדז אין שידלאָווצע האָט זיך דער אַנטיסעמיטיזם נישט „אָנ־געגנומען", כאָטש אונדזער געגנט געהערט צום באַרימטן ראַדאָמער ראַיאָן מיט פּשיסכע, פּזשיטיק א. אַ. וו. — דערקלערן מיר די חברים.

מען לעבט, מען אַרבעט צו ביסלעך, מען פאָרט אין דאָרף, מען האַנדלט, קומט דער פויער אין שטאָט, גיט צו לייזן... קומט דער „גאָספּאָדאַזש" אין שטעטל, נעמט דעם שטובן־מאָלער ר' יידל צו זיך אין דאָרף ער זאָל אים אויסמאָלן די כאַלופּע לויטן שטאָטישן שטייגער און האָט גאָרנישט קיין מורא, אַז זיין שטוב וועט „פאַרסמט" ווערן מיט דער „אינטערנאַציאָנאַל־מאַסאָנישער קונסט".

קומען פוילישע אַרבעטערינס צום באַזוך צו זייערע ייִדישע חברטעס — מעטאַל־אַרבעטערינס פון איין וואַרשטאַט, פון איין פאַריין.

זיצט די חברטע סטאַשע ביי דער ח׳טע לאַהקע און בײַדע טראַכטן מיט זאָרג וועגן דעם, וואָס וועט ווייטער זיין מיט די קנאַפּע 40 אַרבעטער און אַרבעטערינס, ייִדישע און פוילישע, אַרויסגעוואָרפענע פון דער אַרבעט דורכן פאַבריקאַנט לייבמאַן. ער האָט, נעבעך, געמוזט אָפּשטעלן די פאַבריק, ווייל ווי מען שמועסט, באַקומט ער פון צווייטן „אָרעמען״ פאַבריקאַנט ערליך — „שטייגעלט״.

וועגן גורל פון די קנאַפּע 40 אַרויסגעוואָרפענע אַרבעטער, וואָס קומט זיי אויס צו שטאַרבן פון הונגער, דאַרף טאַקע פאַרקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דער שידלאָווצער אָפּטיילונג פון מעטאַל־פאַריין „מעטאַלאָוויעץ״. קומען זיך צונויף די מיטגלידער, ייִדישע און פוילישע אַרבעטער, עלטערע באַבערדלטע ייִדן און יונגע פוילישע אַרבעטערינס. מען וואַרט נאָר בלויז אויפן פאַרזיצער פון פאַראיין — דעם איבער פּופּציק יאָריקן מעטאַל־אַרבעטער חבר עזריאל ברויטמאַן.

זיצט מען דערווייל געדולדיק און די סעקרעטאַרקע פון פאַריין — די אַקטיווע טוערין, אַליין אַ מעטאַל־אַרבעטערין, די ריינע אַריערין, די ח׳טע סטאַשע, גרייט אַלץ צו.

עס רעדט דער חבר עזריאל אין אַ שלעכטן פויליש, דורכגעפלאָכטן מיט ייִדישע ווערטער און פסוקים, אָבער דרייסט און מוטיק, אַלע פאַרשטייען וואָס ער זאָגט, ווייל זיי פילן עס: וועגן אָנגריף פון די פאַבריקאַנטן צו צעברעכן דעם פאַריין, איינברעכן די מיטגלידער, צרות און נויט, גלויבן און האָפנונג — אויסדויער און קאַמף.

רעדט די חברטע סטאַשע וועגן געמיינזאַמען שונא, וועגן רעכט אויף אַרבעט, וועגן סאָלידאַריטעט און געשלאָסנקייט, פאַלן הייסע ווערטער, צינדט זיך אָן אַ פייערל אין די אויגן, אַ פייערל פון קאַמפּסלוסטיקייט און גלויבן אין זיג.

דער חבר עזריאל און די חברטע סטאַשע פירן איצטער אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן זייער געמיינזאַמען שונא.

דוד קלין

## נייעס פון שידלאָווצע

שאַבעס דעם 14טן יאַנואַר איז אין לאָקאַל פון „שומער הצעיר״ פאַר־געקומען אַ פאָרלעזונג פון זייערס אַ צוגערייזטן רעדנער. זיי האָבן קיין

דערפאָלג נישט געהאַט. ס׳זײַנען געווען סאַך־הכּל אַ 40 יוגנטלעכע. דער רעדנער האָט אָנגעהויבן רעדן און איז באַלד אין די ערשטע 5 מינוט פאַר־קראָכן און געפּלוידערט וועגן „בונד״ און פּ. פּ. ס. פון אוילאָם האָט מען אים געשטעלט פראַגן און דער רעדנער האָט אויפגעהערט צו רעדן.

דאָ האָט אָנגעהויבן פירן דעם פאָרזיץ כ־טע הירשמאַן און דאָס וואָרט האָט באַקומען אונדזער כ. מידלאַרסקי. אין אַ שאַרפער רעדע האָט ער גערעדט וועגן די לעצטע געשעענישן און וואָס זיי לערנען אונדז. די פאַרלעזונג איז געשלאָסן געוואָרן מיט דער בונדישער שווּע.

לעקאָווער דעם זיג ביי די וואַלן אין וואַרשע און לאָדזש האָבן מיר צוזאַמען מיט דער פאַרטיי איינגעאָרדנט אַ „ליאַמע״. ס׳זײַנען געווען אָנוועזנד אַלע בונדיסטן, צוקונפטיסטן און סקיפּיסטן. פון „בונד״ האָט גערעדט א. שיכטער, פון פּ.פּ.ס. כ. שליווינסקי. ס׳זײַנען געזונגען געוואָרן אַרבעטער־ און פאָלקס־לידער. מיר האָבן אין אַ כאַוועריקער סוויווע גוט פאַרבראַכט ביז דריי בײַנאַכט. („יוגנט־וועקער״, 1טער מערץ, 1934)

## יוגנט־טאָג און פּרעסע־אַקציע אין שידלאָווצע

די זומער־אַרבעט פון „יוגנט־בונד צוקונפט״ אין שידלאָווצע האָבן מיר געפירט אין פעלד און וואַלד. מיר האָבן דורכגעפירט אַ ריי אויספלוגן אין די דערפער אַרום שידלאָווצע. יעדע וואָך האָבן מיר אַ שמועס אין לאָקאַל פאַר אונדזערע כאַווירים.

מיר האָבן צוויי וואָכן פריער גוט פאַרקויפט די קופּאָנען פון „יוגנט־וועקער״. מיר האָבן דערהאַלטן 200 עקז. שאַבעס פרי האָבן כ.כ. זיך געשטעלט אין לאָקאַל. אין אַ שאָ אַרום איז דער „יוגנט־וועקער״ שוין געווען אויספאַר־קויפט. אין שטאָט האָט מען אָנגעזען, אַז ס׳איז אַ טאָג פון דער „צוקונפט״.

אויף 2 בייטאָג דעם 1. אָקטאָבער האָבן מיר גערופן די יוגנטלעכע אַרבעטער צו דער אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־טאָג. די צוקונפטיסטן זײַנען געקומען אין בלויע בלוזעס. דער לאָקאַל איז געווען דעקאָרירט מיט פענער פון פאַרטיי און „צוקונפט״. דער כ. שמיל טענענבוים האָט געעפנט די אַקאַדעמיע און געלייענט דעם אויפרוף פון צ. ק. איבער 100 יוגנטלעכע אַרבעטער האָבן געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל״. פון דער „צוקונפט״ איז מיט אַ רעדע אַרויסגעטראָטן דער כ. יידל, פון דער פאַרטיי — כ. פעלדמאַן. זיי האָבן גערעדט וועגן די גרויל־טעג, וואָס די וועלט לעבט איבער. די אַקאַדעמיע איז געשלאָסן געוואָרן מיטן „מאָרגן־רויט אָנטקעגן״ און שווּע פון „בונד״.

ביים פאַרקויפן דעם „יוגנט־וועקער" האָבן זיך אויסגעצייכנט די כאַוויירים קלאַפּאַרדע, שער מ., וואַלנאָוויטש א. און האַנדעלסמאַן הערשל. די כאַוויירים האָבן פאַרקויפט מער ווי צו 20 עקז. און באַלד געברענגט געלט. דאָס גאַנצע געלט פאַרן פּראָפּאַגאַנדע־נומער האָבן מיר באַלד דעם 1־טן אָקטאָבער אָפּגעשיקט אין אַדמיניסטראַציע פון „יוגנט־וועקער".

(יוד — קא. מ. „יוגנט־וועקער", אָקט' 15, 1938)

## שידלאָווצער „צוקונפט" ביי דער אַרבעט

מיטן אָנקום פון ווינטער האָבן מיר צוריק אָרגאַניזירט די קרייזן, וועלכע קומען פאַר יעדן שבת. מיר גייען דורך שולמאַנס „בלעטלעך געשיכטע" א. אַ.

אין דער ווינער אַרבעטער־אָלימפּיאַדע האָבן אָנטיילגענומען אונדזערע 2 חברים. קומענדיק אַהיים, האָבן זיי אָפּגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון רויטן ווין, יעדער האָט מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט וועגן דער אַרבעט פון די ווינער סאָציאַליסטן. דעם 1־טן אויגוסט האָבן מיר איינגעאָרדנט אַן אַנטי־מלחמה אַקאַדעמיע, וועלכע ס'האָבן באַזוכט אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע אַרב. דעם 13טן סעפּטעמ. האָבן מיר געפייערט דעם אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט טאָג מיט אַ פאַרזאַמלונג, וואו ס'זענען אָנוועזענד געווען 120 יוגנטלעכע.

די ידיעה וועגן באַנדיטישן אָנפאַל פון די קאָמוניסטן אין טשעכאַנאָוו האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט. מיר האָבן אויך שוין געפילט אויף אונדזערע פּלייצעס די קאָמוניסטישע שטעקנס, בעת אונדזער צוזאַמענפאַל דעם 10טן אויגוסט 1930 אין שידלאָוויעץ. די זעלבע רויטע, וועלכע האָבן אונדז דעמאָלט געשלאָגן, דינען היינט דעם „דריטן צד". אונטער זייער אָנפירערשאַפט איז באַפאַלן געוואָרן אונדזער פאַקלצוג. מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ מאַסאָווקע וועגן דעם באַנדיטישן איבערפאַל פון דער קאָמוניסטישער באַנדע אין טשעכאַנאָוו. עס איז געווען אַ פול געפאַקטער זאַל. די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק אָנגענומען אַ שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָלוציע.

שבת דעם 19טן סעפּט. האָבן מיר איינגעאָרדנט אַן אַנטי־רעליגיעזע פאַרזאַמלונג וועגן די יום־טובים. עס זענען אָנוועזענד געווען 140 יוגנטלעכע.

נאָכן דערהאַלטן דעם צירקולאַר פון צ. ק. וועגן דער ווערבירונגס־אַקציע האָבן גערופן אַ פאַרזאַמלונג וועגן דער ווערבירונגס־קאָמפּאַניע. מיר האָפן אויף דערפאָלג. מיר האָבן פאַרגרעסערט אויף 80 עקז. דעם ספּעציעלן נר. „י. וועקער" צו דער ווערבירונגס־אַקציע.

אויך אויפן ספּאָרט־געביט פילט זיך אַן אויפלעבונג.

(יידל מ. „יוגנט־וועקער", אָקט' 1, 1931)

## 7טער צוזאַמענפלי פון י. ב. „צוקונפט" אין ראַדאָמער ראַיאָן

דער 7טער ראַיאָן־צוזאַמענפלי איז פאָרגעקומען שאַבעס דעם 31־טן יולי אין ראַדאָם. שוין פרייטאָג פאַרנאַכט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען כעוורע. מען האָט דערקאָנט אין שטאָט, אַז ס'איז אַ יאָמטעוו פון דער בונדישער יוגנט.

דער צוזאַמענפלי איז געעפנט געוואָרן 9 פרי. די דערעפענונגס־רעדע האָט געהאַלטן כ' קערש (ראַדאָם). ער האָט געשילדערט ביי וואָס פאַראַ באַדינגונגען מיר האָבן דעם צוזאַמענפלי.

דער כ' שניידערמאַן (ראַדם) ראַפּאָרטירט דעם פאָרשטייער פון צ. ק. דעם כ' וואַפּנער, אַז אויפן רוף פון ר. ק. האָבן זיך געשטעלט צום צוזאַמענפלי פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס פון אונדזער געגנט: 1) שידלאָוויעץ; 2) קאָנסק; 3) פשיסכע; 4) גניוואַשאָוו; 5) ביאַלאָבזשעג; 6) קעלץ; 7) אָסטראָווצע; 8) גריצע; 9) קאָזשעניץ; (געקומען 2 ב. מ., וויל פּאָליציי האָט פאַרהאַלטן זייער אויטאָ באַלד ביים אַרויספאָרן פון זייער שטאָט) און 10) ראַדם. 200 „פליער" וואָס זענען גרייט אויפן רוף פון צ. ק.

אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט באַגריסט כ' וואַפּנער. די פליער האָבן דעם פאָרשטייער פון צ. ק. אויפגענומען מיטן געזאַנג פון דער „יונגער גוואַרדיע". ס'ווערט דאַן אָנגענומען אַ באַגריסונג פאַר די שפּאַנישע כאַווירים. די געפאַלענע ווערן באַערט מיט אַ מינוט שווייגן. ס'ווערט איבערגעשיקט אַ גרוס דעם כ' פּראַים לאַזער און עס ווערט באַערט דער אָנדענק פון כ' כמורנער און פון נאַר־וואָס פאַרשטאָרבענעם פּיאָנער פון די ייד. אַרב. באַוועגונג כ' יודין.

געעפנט די אַקאַדעמיע האָט כ' קערש. ס'האָבן באַגריסט פאָרשטייער פון די שטעט. פון ראַדאָמער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט באַגריסט דער כ' פייגענבוים. ער האָט גערעדט וועגן „בונד" מיט 40 יאָר צוריק און היינט.

דער פאָרשטייער פון צ. ק. כ' וואַפּנער רעפערירט וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. דער רעפעראַט ווערט קעסיידער איבערגעריסן מיט לאַנגדויערנדע אַפּלאָדיסמענטן. די פייערלעכע אַקאַדעמיע איז געשלאָסן געוואָרן מיט געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל און אויסרופן זאָל לעבן דער בונד, זאָל לעבן די צוקונפט!

אין אָוונט האָבן מיר כאַווריק פאַרבראַכט אויף אַ באַנקעט און נאָך די געזעגענונגס־רעדעס פון די כאַווירים קערש, פעלדמאַן, פיק און בעקערמאַשין ווערט דער צוזאַמענפלי געשלאָסן מיט דער „שוווּע".

באַגייסטערטע זענען די כאַווײרים אַהיימגעפאָרן צו זייער טאָג־טעג־לעכער בונדישער, סאָציאַליסטישער אויפקלערונגס־אַרבעט.

(יידל מידלאַרסקי „יוגנט־וועקער", 15טער אויגוסט, 1937)

## דעם 1־טן מאַי אונטער די רויטע פענער

דינסטאָג, דעם 28טן אַפּריל, האָבן מיר אין שידלאָוויעץ געהאַט אַ מאַסואווקע וועגן 1טן מאַי. עס איז געקומען אַ גרויסער יוגנט־עולם.

דעם 1טן מאַי, באַלד אינדערפרי, האָבן אין שטאָט זיך באַוויזן די „צוקונפטיסטן" אין די בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן. זיי האָבן זיך געגרייט צו דער דעמאָנסטראַציע. אָבער באַלד איז געקומען דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט און געמאָלדן, אַז ער פאַרווערט צו דעמאָנסטרירן. אויך די אַקאַדעמיע איז נישט דערלויבט געוואָרן. אָבער אַן אַקאַדעמיע האָבן מיר פאָרט געהאַט — נישט אין קיין עפנטלעכן פלאַץ.

אַרויסגייענדיק פון דער אַקאַדעמיע האָבן מיר אָנגעהויבן דעמאָנסטרירן מיטן געזאַנג פון „יונגע גוואַרדיע". עס איז אָנגעקומען פּאָליציי, וועלכע האָט די „צוקונפטיסטן" פאַנאַנדערגעטריבן. („יוגנט־וועקער", 15טער מיי, 1931)

## שידלאָווצער אָרג. פאַרגרעסערט די צאָל

די ווערביר־אַקציע האָבן מיר אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. אָנ־געהויבן די אַקציע האָבן מיר מיט דער פאַרשפּרייטונג פון פּראָפּאַגאַנדע־נומער יוגנט־וועקער. נאָרמאַל פלעגט צו אונדז קומען 40 עקז. דעם פּראָפּאַגאַנדע־נומער האָבן מיר פאַרשפּרייט אין 240 עקז. אויפן ערשטן אָרטביים פאַר־שפּרייטן דעם נומער האָט זיך אַרויסגערוקט גוטמאַן ב. צ. ער האָט פאַרשפּרייט 51 עקז. (היינט איז דער כ' אָפּגעפאָרן קיין בראַזיליע). ס'האָבן אָנטייל גענומען אין דער פאַרשפּרייטונג קימאַט אַלע אָרג.־מיטגלידער.

די ווערביר־אַקציע האָבן מיר געפירט דורך מינדלעכער אַגיטאַציע. מיר האָבן געהאַט אַ גוט באַזוכטע פאַרזאַמלונג. מיט צופרידנהייט קאָנען מיר פעסט־שטעלן, אַז די ווערביר־אַקציע האָט זיך אונדז זייער גוט איינגעגעבן. מיר האָבן ווערבירט 24 נייע מיטגלידער. מען האָט אויך איבערגרופירט 12 סקי־פּיסטן אין „צוקונפט" אַריין. ס'ה ציילט איצט אונדזער שידלאָווצער „צוקונפט"־אָרג. 92 מיטגלידער, איינגעטיילט אין 4 קרייזן, ווי אויך אַ ספּעציעלער קרייז פון איבערגרופירטע „סקיפּיסטן".

פאַר דעם „יוגנט־וועקער" האָבן מיר געשאַפן קוואַרטל־אַבאָנאַמענטן און נאָרמאַל ווערט היינט דער „יוגנט־וועקער" פאַרשפּרייט אין 100 עקזעמפּליאַרן.

אויך אין דער יוגנט־סעקציע פון פראָפ. פאַריין פון לעדער אַרבעטער האָט זיך געענדערט די לאַגע. לאַנגע צייטן, ווי די יוגנט־סעקציע איז געווען באַהערשט דורך די פאָלקס־פראָנטלער. די פאַרוו. פון פראָפ. פאַריין האָט נישט געוואָלט מאַכן וואַלן פון אַ יוגנט־סעקציע־פאַרוואַלטונג, נאָר זי האָט נאָמינירט אַ פאַרוואַלטונג פון 9 יוגנטלעכע, צווישן זיי 4 צוקונפטיסטן. אַזוי האָט זיך געפירט אַ צייט ביז די יוגנט־פאַרוואַלטונג האָט גערופן אַ פאַרזאַמלונג און ס׳איז געשטעלט געוואָרן דער פונקט וואַלן פון אַ פאַרוואַלטונג. די אַנוועזנדע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער האָבן מאַסקים געווען. אָבער ווי נאָר זיי האָבן דערזען די איבערוויגנדע מערהייט „צוקונפטיסטן״, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן קרימען און אַ טייל אונדזערע כאַווירים געוואָלט באַזייטיקן. אָבער ס׳איז זיי נישט געלונגען. ביי אַ 80־פּראָצענטיקע מערהייט איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַר־וואַלטונג פון 9 מאַן, צווישן זיי 7 „צוקונפטיסטן״.

מיר גרייטן צו די פאַרלעזונג פון כ׳ י. ליפשיץ אויפן 20־טן פעברואַר. מיר מאַכן אַ פאַר־פאַרקויף פון בילעטן.

(יוד מעם. „יוגנט־וועקער״, פעברואַר 15, 1937)



פרעסעטאָג פאַר וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג״.

## אין שידלאָווצע טאָר מען נִיט רעדן אידיש

אין שידלאָווצע איז געווען איינגעאָרדנט אַ געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציע פון בונד, פּ. פּ. ס., צוקונפט און פראָפ׳ פאַריינען.

ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַ 1000 מאַן. אין נאָמען פון פּ. פּ. ס. האָט גערעדט ה. וויעטשאָרעק, סעקרעטאַר פון גאַרבער־פאַריין. פון בונד און צוקונפט — ח׳ ש. לאַקס. אַלע רעדעס זענען געווען אין פּויליש, ווייל יידיש האָט מען נישט דערלויבט.

די דעמאָנסטראַציע איז אַדורך די גאַנצע שטאָט מיט געזאַנגען און אַרבעטער־לידער, און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

### קיין אַקאַדעמיע האָט מען נישט דערלויבט

לויט אַ פאַרשטענדיקונג פון די קאָמיטעטן פון פּ. פּ. ס. און בונד, צוזאַמען מיט פראָפ. פאַריינען, איז אויף אַ מיטוואָך דעם 26־טן יוני 1935 פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ שטרייק קעגן דעם סאַנאַטאָרישער וואָל־אָרדינאַציע. ס׳האָבן געשטרייקט אַלע אַרבעטער. ס׳זענען אויך פאָרגעקומען פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס׳זענען אַרויסגעטראָגן ח׳ פון פּ. פּ. ס. און בונד.

(מיי 8, 1935)

מאַיאָרעק ראָזענבערג (טאָראָנטאָ)

## טראַגישע זכרונות

צייט היילט, צייט טרייסט, צייט מאַכט פאַרגעסן — אָבער תמיד בלייבן זכרונות פון דער יוגנט.

אין צענטער פון מיינע זכרונות געפינט זיך אַ גרופּע פריינד, וואָס זיי זיינען איצט פאַר מיר בלויז שאָטנס, און דאָך זיינען זיי רעאַל. חברה ווי שלום קליימאַן, אביגדור שוסטער, מאָטעק מילשטיין, אַבראַמעק מילשטיין, שלמה איזענבערג, יאַנקל איזענבערג און סאַמעק רעדליך זיינען נעמען, וואָס לעבן נאָך אין מיין געדאַנק. סאַמעק איז געווען דער ערשטער קרבן פון אונדזער יוגנטלעכער גרופּע.

כדי צו גיין אין גימנאַזיע, האָבן טייל פון אונדז געמוזט אויפשטיין זעקס אין דער פרי, זיך לאָזן מיט אַ וועליסאָפּעד פינף קילאָמעטער צו דער באַנסטאַנציע און פאָרן צו אונדזער ציל: ראָדעם, סקאַרזשיסק אָדער קיעלץ. בעתן פאָרן האָט מען ניט איין מאָל געהאַט אינצידענטן מיט אַנטיסעמיטישע מיטפאָרנדיקע סטודענטן.

איך געדענק אונדזערע זומער־אַרויספליען אין סאָסנעוואַלד פון סאָדעקער דאָרף, אונדזערע שווימערייען אויפן „סטאַוו" — און אַפילו די פּאָליטישע דיסקוסיעס ביי מיין פאָטערס קיאָסק, וואו מען האָט פאַרקויפט צייטונגען.

איצט זיינען געבליבן נאָר רעשטלעך פון די אַלע יידן אין שידלאָווצע.

כאָטש מיר שטאַמען פון פאַרשיידענע קרייזן, האָבן מיר אָבער אַלע די זעלביקע טראַגישע זכרונות פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט.

רחל אייזענבערג (פּאַריז)

# אַ קוק אויף צוריק

ס׳לעבן אין שידלאָווצע האָט זיך צום מייסטן געדרייט אַרום רעליגיע. די רעליגיעזע האָבן איבער אַלץ געהאַט צו זאָגן און דעצידירן. איך האָב ניט געהערט צו די דאָזיקע קרייזן, אָבער איך מוז זיך מודה זיין, אַז איצט, געבנדיק אַ קוק אויף צוריק, זע איך גאַנץ אַנדערש, ווי איך האָב זיי געזען אין מיין יוגנט.

מ׳מוז אָנערקענען, אַז ס׳זענען געווען חסידים, וואָס האָבן געאַרבעט לשמה, נישט צוליב כבוד און האָבן בשעתו אויפגעטאָן גרויסע זאַכן, וואָס מיר האָבן עס דעמאָלט ניט באַמערקט.

געווען אַ ייד חיים ראָזנבערג, אַ ייד מיט אַ צענדליק קינדער, וואָס פאַר אים אַריינצוברענגען פּרנסה, ביי די שידלאָווצער פאַרהעלטענישן, איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך פאַרנומען מיט

אויפשטעלן אַ תלמוד־תורה, צוזאַמענגענעמען ייִנגלעך פון די אָרעמסטע שיכטן, אַוועקזעצן זיי אין אַ ריינער וואַרעמער שטוב מיט אַ מלמד, וואָס האָט מיט זיי געלערנט חומש, גמרא. וואו נעמט מען מיטלען אויף דעם אַלעם? האָט ער היפש פאַרלאָזן זיין משפחה, שטענדיק אַרומגעגאַנגען צו די בעלי־בתים מיטן קאָפּל, מיט גוטן און מיט בייזן האָט ער אַרויסגעקראָגן, אַפילו פון די קאַרגסטע, אַ ביסל געלט אויף אויפצוהאַלטן אַזאַ אינסטיטוציע.

מען מוז גוט פאַרשטיין די גרויסע זאַך, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן דורך דעם. דאָס זענען געווען קינדער פון די אָרעמסטע שיכטן, וואָס האָבן זיך ממש געוואַלגערט אין די שמוציקע הינטערגעסלעך, אין שטוב איז נישט געווען וואָס צו עסן, נישט צוגעזען קיין מענטשלעך לעבן. אָן זאָרג פאַר זיי וואָלטן זיי אויסגעוואַקסן גנבים. מ׳מוז פאַרשטיין די חשיבות פון אַזאַ אינסטיטוציע אין שידלאָווצע, וואו די מעגלעכקייטן צו פאַרדינען אויף פרנסה זענען געווען מינימאַלע — ס׳רוב שטיבער זענען געווען באַוואוינט פון אַן



קולטורקרייז ביי „תרבות". אויבן, פון רעכטס: לייביש כוסטעצקי, פרייטאג, דוד ווסטאנשקא, רבקה לעסעלבוים, הערשל לעדערמאַן, בראַנטשע קופערמאַן, בונעם טענענבוים, עטל אייזענבערג, וואַסערשטיין, מלך טענענבוים, סאַלעק פינקערט, ירחמיאל ערליך, לאה שפּייזמאַן, מאיר מאנעלא, ליפּע שוסטער, זלמן כוסטעצקי.

אַכט־ אָדער צען־קעפּיקער משפּחה — און די יינגלעך זענען געווען אין תּלמוד־תּורה. אויך די ביסל אונטערגעוואַקסענע מיידלעך האָט מען אָוועקגעגעבן אין אַ פאַרמעגלעכער שטוב צוצוהעלפן ביי קינדער־באַדינונג, איז דעם טאַטן געוואָרן לייכטער אַדורכצושטופן די נעבעכדיקע פּרנסה.

כ׳דערמאַן זיך, אַז זייער ווייניק מענטשן האָבן אָפּגעשאַצט דעם גרויסן אויפטו פון עטלעכע ערלעכע ייִדן צו ראַטעווען יונגע נשמהלעך. איצט, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, ווען מ׳האָט פאַרטיליקט אַזוי פיל ייִדישע קינדער, גיט מען זיך אָפּ אַ טיפערן חשבון פון זאַכן, וואָס מ׳האָט בשעתו געהאַלטן פאַר איבעריק.

איך אַליין, אונטערוואַקסנדיק, האָב אָנגעהויבן טרוימען וועגן אַ פרייִ לעבן. בסוף פון די עלטערן, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער איינציקער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן אַ ביסל קולטור, זיך אַליין אַ ביסל פאַרוועלטלעכן, אויסמענטשלען. געפּרוּווט יוגנטלעכע אויפקלערן, אַז מ׳דאַרף לייענען ביכלעך און אָפּט איינגעאָרדנט „דיסקוסיע־אָוונטן״.

איצט, נאָך אַ גרויסן מהלך פון צייט, זעען מיר, אַז די רעליגיע האָט נישט געשטערט אונדזער שידלאָווצער יוגנט צו ווערן ניצלעכע מענטשן פון דער געזעלשאַפט.

**בנימין טענענבוים** (פאַריז)

# אַ שטוב אין שידלאָווצע

נישט קיין למדן געווען מיין טאַטע,
ניט געגריבלט זיך אין ספרים.
אַכט קינדער, האַלב־הונגריק, האַלב־זאַטע,
אין אַ שטיבל קליין און אָרעם.

געשטאַנען הילצערנע צוויי בעטן
פאַר דעם טאַטן און דער מאַמען,
און דאָס גאַנצע איבריקע געזינטל
געשלאָפן איז דריי צוזאַמען.

אין קאַלטע ווינטערנעכט די לאַנגע
האָט מיין מאַמע זיך דערבאַרעמט —
אַ קינד אין בעט אַריינגענומען
און געטוליעט עס, געוואַרעמט.

דער טאַטע שטענדיק אַ פאַרטראַכטער
דאָס שטיקל בידנע ברויט פאַר־זאָרגן —
האָט ער טיף געקנייטשט דעם שטערן
ביים דאַווענען יעדן פרימאָרגן.

פרייטיק ביי נאַכט — די שטוב
אַ ביסל העלער,
די קנויט פון לאָמפּ אַ גלייך־פאַרשניצטע.
מיר וואַרטן אויף דעם טאַטנס „קידוש״
מיט אויערן שטאַרק־פאַרשפּיצטע.

שבת געווען אַ נחת־רוח —
געווען דאָך זאַט פון עסן.
ליכטיקער דער מאַמעס פּנים,
טאַטע זאָרגן האָט פאַרגעסן.

און ווען דער גוטער שבת־קודש
גענומען האָט אין וועג זיך גרייטן,
האָט אין האַרץ אַ שטילע בענקשאַפט
זיך גענומען טיף פאַרשפּרייטן.

האָט דער טאַטע ביים טיש געצויגן
שטיל אַ ניגון — געקענט קוים הערן,
און די מאַמע ביי דעם פענצטער
האָט געזוכט דעם ערשטן שטערן.

מיט אַ הייליק און פרום פּנים
ביי אַלע אבות אויסגעבעטן
אויף געזונט פאַר מאַן און קינדער
און פאַר אַלע ברויט צו זעטן.

נאָך הבדלה האָט דער טאַטע
דעם „המבדיל״ אויסגעזונגען;
אין זיין שטים, ווי מיר דאַכט זיך,
האָט אַ נייע זאָרג געקלונגען.

 לייבוש יוסף ראָזענבלום (ישראל)

# אַ שטעטל פון אַרבעט און קאַמף



שידלאָווצע, מיט אַ גרויסער מערהייט ייִדן, איז באַשטאַנען מערסטנס פון אַן אַרבעטנדיקן עלעמענט. אין דער צייט פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, צווישן בײדע וועלט־מלחמות, האָט אַ קענטיקער טייל פון דאָזיקן עלעמענט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

דער פאַראיין איז געווען דער עקאָנאָמישער אָנשפּאַר פאַר די ייִדישע אַרבעטנדיקע מענטשן אין שטעטל, וואָס האָבן געקעמפט פאַר זייער שטיקל ברויט און מענטשלעכערע באַדינגונגען פון אַרבעט. אָבער זיי האָבן זיך ניט באַנוגנט נאָר מיט עקאָנאָמישן קאַמף. זיי האָבן זיך פאַרנומען אויך מיט פאַרשיידענע קולטור־טעטיקייטן.

ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ דראַמקרייז, וואָס איז געווען זייער אַקטיוו. אונטער דער רעזשי פון לייזער „האָצמאַך" (שאַרפער) האָט מען איינגעקנעלט אַ. גאָלדפאַדענס „כישוף־מאַכערין"; יעקב גאָרדינס פּיעסעס האָט רעזשיסירט משה ישעיה צוקער. די „אַרטיסטן" האָבן רעפּעטירט און געלערנט זייערע ראָלן מיט גרויס התלהבות. די אָוונטן, ווען עס פלעגן געשטעלט ווערן די פּיעסעס, זיינען געווען אַ יום־טוב פאַר דער ייִדישער יוגנט אין שטעטל.

אויף וויפל איך געדענק, זיינען די אָנטיילנעמערס אין די טעאַטער־שפּילן געווען, אויסער רעזשיסאָר: יקותיאל האַראָוויץ, מאַשעלע זילבערשטיין, די צוויי שוועסטערס ווסטאַנשקעס, חיה פוקס, לייבוש יוסף ראָזענבלום.

ביים שפּילן „גאָט, מענטש און טייוול" איז שיעור ניט געקומען צו אַ גרויסן דורכפאַל: ווען ס'איז געוואָרן פינצטער אויף דער בינע, בעת דער סצענע פון הערשעלעס גיין הענגען זיך, האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס ליכטל פון סופליאָר. אין זאַל האָט געהערשט אַ טויטשטילקייט און די שפּילערס האָבן ניט געוואוסט וואָס צו ריידן. איך בין דעמאָלט געווען דער סופליאָר, האָב איך אָנגעהויבן צו סופלירן די רעפּליקעס, ווייל איך האָב די גאַנצע דראַמע געקענט כמעט אויף אויסווייניק. מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט האָט מען אַ מאָל געשפּילט ייִדיש טעאַטער.

ביים פאַראיין איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּאָרטקלוב, אָנגעפירט דורכן דענטיסט קאַצאַנאָווסקי, אברהם ישראל גרינבערג און אברהם־משה דאַווידמאַן. די הויפּט־אַטראַקציע פון ספּאָרטקלוב איז געווען די פוטבאָל־קאָמאַנדע. די פוטבאָליסטן זיינען געווען: יאַנקל מילשטיין, בערל דאַווידמאַן, לייבוש יאָסל ראָזענבלום, משה יודל ראָזענבלום, וויגדאָר קויפמאַן, מנחם „יאפּאק" (לעפקאָוויץ), מאָניעק קויפמאַן, שמאי גריצמאַן, יצחק מילשטיין, אברהם מילשטיין, יאָסל ריכטער, און פון חלוצישן „קיבוץ" אין שידלאָווצע האָבן מיר צוגענומען צוויי חברים.

די גאַנצע יידישע יוגנט און אַ סך סתם יידן פלעגן קומען זיך צוקוקן צו אונדזערע מאַטשן, ספּעציעל מיט דער קריסטלעכער מאַנשאַפט. ניט איין מאָל איז געקומען צו אַ געשלעג, ווען די יידן פלעגן האַלטן ביים געווינען.

* * *

אין די דרייסיקער יאָרן פלעגן פאָרקומען רדיפות אויפן לינקן עלעמענט אין פוילן. זיי האָבן ניט אויסגעמיטן אויך שידלאָווצע, וואו ס'איז געווען אַ קענטיקע צאָל לינק־געשטימטע אַרבעטערס און אינטעליגענץ.

אין 1931 האָבן מיר געהאַט אַ געהיימע זיצונג מיטן אָנטייל פון אַ פאָרשטייער פון ראַדעמער ראַיאָן־קאָמיטעט. אין דער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט משה הירשמאַן, אברהם צוקער, איך און אַנדערע חברים. מיר האָבן געדאַרפט אָרגאַניזירן, אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט, אַן אַקציע קעגן רעזשים פאַר טרעטן מיט די פיס די רעכט פון פאָליטישע אַרעסטירטע. די אַקציע איז געווען ריזיקאַליש און פאַרבונדן מיט יאָרן טורמע. ווען איך בין אַרויס שפּעט ביי נאַכט פון דער קאָנספּיראַטיווער דירה, האָב איך שוין געזען אונדזערע פּלאַקאַטן קעגן דעם רעזשים.

ווען איך בין געקומען אַהיים, האָט די מאַמע אַ דערשראָקענע מיר דערציילט, אַז פּאָליציי האָט אַרעסטירט מיין ברודער משה יודל און מיין קוזין משה בעקערמאַשין. די זעלביקע נאַכט זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרן שמואל כוסטעצקי (יאַנע), בנימין „קאָוואַל" ראָנטשקע, אברהם ראָזענצווייג, יצחק ראַבינאָוויטש, בערל דאַווידמאַן און אַנדערע.

אין דער צייט, ווען פּאָליציי האָט אויף מאָרגן געזוכט נאָך פאַרדעכטיקטע, האָט מנחם „יאפּאק", פאַרשטעלטערהייט, אַרויפגעצויגן אַ רויטע פאָן אויף די עלעקטרישע דראָטן לעבן קינאָ.

אין ראַדעם איז שפּעטער פאָרגעקומען אַ גרויסער פּראָצעס קעגן די

אַרעסטירטע, איך אויך בתוכם. זעקס פון די גרעסטע פוילישע אַדוואָקאַטן זיינען געווען אונדזערע פאַרטיידיקערס. די באַשולדיקטע האָבן זיך געהאַלטן זייער דרייסט און אין זייערע אַרויסטריטן האָבן זיי געשילדערט די פאַרברעכערישע באַהאַנדלונג פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע דורך דער פוילישער געהיים־פּאָליציי. די אורטיילן זיינען געווען: פון 1 ביז 3 יאָר. בנימין „קאָוואַל" איז באַפרייט געוואָרן אַ דאַנק דעם עדות זאָגן פון אונדזער רב. משה הירשמאַן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַרשע אַ לענגערע צייט.

* * *

צוליב דער פאַרערגערטער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע אין שטעטל און צוליבן אַלץ וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם בכלל אין פּוילן, האָט אַ גרופּע פון פאַרשיידענע ריכטונגען זיך צונויפגענומען און באַשלאָסן צו שוואַרצן די גרענעץ קיין סאָוועט־רוסלאַנד. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אייזיק ראָזענבוים, לייבוש־יאָסל ראָזענבלום, לייבל שטאַרק, יאַנקל פרידמאַן און יאַנקל זילבערמאַן — די לעצטע דריי פון „יוגנט־בונד־צוקונפט".

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין ווילנע, האָט די פּאָליציי אונדז פאַר־האַלטן. היות זי האָט ניט געפונען ביי אונדז קיין פאַרדעכטיקטע זאַכן, זיינען מיר באַפרייט געוואָרן. יאַנקל האָט חרטה געקראָגן אויפן עסק און איז אַוועק צוריק אַהיים און מיר פיר האָבן געפּרוּווט מזל ווייטער צו גיין. מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט אַ פויער, וואָס האָט פאַר גוט געלט אונדז צוגעפירט אין אַ וואַלד, ניט ווייט פון דער פויליש־סאָוועטישער גרענעץ. דער פויער איז גיך נעלם געוואָרן און שפּעט ביי נאַכט איז געקומען די פוילישע גרענעץ־פּאָליציי און אונדז אַרעסטירט. מיר זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט זעקס חדשים טורמע, וואָס מיר זיינען אָפּגעזעסן אין אַלטווילייקע.

דאָס איז געווען אין 1934. איך בין צוריקגעקומען אַהיים און צו־געהאָלפן דער מאַמען אין איר שווערער אַרבעט. מיין שוועסטערל דבורה איז דאַן אַלט געווען 13 יאָר.

אַרום סוף 1938 איז געקומען קיין שידלאָווצע יחזקאל ליכטיקער, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ שטיקל אַרטיסטישע און רעזשיסאָרישע קאַריערע. ער האָט צונויפגעשטעלט אַ גרופּע פון די דראַמקרייזן ביים פאַראיין און איינגעפּעטירט אַ פּיעסע „אַ מוטערס האַרץ". אין אָט דער פּיעסע האָבן זיך באַטייליקט: חיה פוקס, מאיר שטערנשאַס, איך און נאָך עטלעכע.

ניט געקוקט, וואָס מלחמה־שטימונגען האָבן זיך שוין געטראָגן אין

דער לופטן, איז צום ספּעקטאַקל געקומען אַ גרויסער עולם און די פאָרשטעלונג האָט געהאַט גרויס הצלחה.

זעקס וואָכן בין איך נאָך געווען אונטערן נאַצישן מאָרדרעזשים אין שידלאָווצע. דערנאָך האָב איך ריזיקירט מיטן לעבן און מיט גרויסע צרות געשוואָרצט די גרענעץ קיין סאָוועט־רוסלאַנד.

ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז מענטשן, אפילו היטלעריסטן, וועלן דורכפירן אַזאַ מאַסן־שחיטה? ווען איך וואָלט זיך געקענט דאָס פאָר־שטעלן, וואָלט איך מיט אַלע מעגלעכקייטן מיטגענומען אויף מיין פּליטה־וועג מיין ווייב מיט אונדזער קליין קינד.



אַ פאַראייניקטע דעמאָנסטראַציע דעם ערשטן מאַי.

**א. שידלאָווצער**

# די ציוניסטישע באַוועגונג אין שטעטל

צו דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג אין שידלאָווצע האָבן מיינסטנס געהערט מענטשן פון מיטלקלאַס.

די ציוניסטן האָבן געהאַט אַ שיינע ביבליאָטעק מיט אַ סך יידישע און העברעאישע ביכער. זייער שיינער לאָקאַל אין צענטער פון שטעטל, ביי יחיאל דימאַנט אין הויז, האָט צוגעצויגן אַ סך לייענערס.

אויסער פאַר ריין ארץ־ישראלדיקע ענינים, זיינען זיי אויך געווען אַקטיוו בעת וואַלן צום סיים, שטאָטראַט און קהילה.

נאָכן פאַרעפנטלעכן די באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן די ציוניסטן אָרגאַניזירט אַ גרויסע גאַסן־מאַניפעסטאַציע. יידן האָבן געזאָגט, אַז ניט פריער, ניט שפעטער איז געווען אַזאַ ריזיקע דעמאָנסטראַציע אין שטעטל.

לכבוד דער דערעפענונג פון אוניווערסיטעט אין ירושלים האָבן די שטעטלשע ציוניסטן אָרגאַניזירט אין דער שול אַ גרויסן מאַסן־מיטינג, וואו



אַ גרופּע ציוניסטישע יוגנט אין 1933 : פאָטאָגראַפיסט כאַרלאַפּ און פרוי נאַטשע, חיהלע ראָזענבערג, העברעאיש־לערערקע כ״ץ, רחל וואשלאק, לייביש דימאַנט, דבורה וויינבערג, רבקה אייזענבערג, אַלטער זיידענפעלד, טשאַרנע עלקע רובינשטיין און זון, הלל שוואַרצפוטער, לייביש דוד שוואַרצפוטער, חוה שוואַרצפוטער, בונעם שוואַרצפוטער, נעכע שוואַרצפוטער, יאיר שוואַרצפוטער און פרוי לאה, העברעאיש־לערערקע פריידע, שרה וואלפאוויטש, משה יחיאל שוואַרצפוטער און פרוי צעלא.

ס׳זיינען געווען פאַרזאַמלט ביי אַ צוויי טויזנט מענטשן. ווען זייער רעדנער, דער לערער שטראָך, האָט אָנגעהויבן צו רעדן העברעאיש, איז געוואָרן אַ טומל און דער גאַנצער עולם האָט געפאָדערט, אַז ער זאָל רעדן יידיש. דער רעדנער האָט נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון עולם.

פון די ציוניסטישע פירערס געדענק איך: ירחמיאל גרינבערג, מאָטל איזענבערג, שלמהלע איזענבערג, אברהם שיע צעלינסקי, לייבל און אהרן שאַרפאַץ, ה. פינקערט, פנחס ראָזענבערג, מיכאל גערשאָנאָוויטש, יאָסל גאָלד־שלעגער, משה זילבערשטראָם און רחל איזענבערג, די פרוי פון מאָטל איזענ־בערג, וואָס איז געווען אַ לערערין פון יידיש און צוגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון יידישן קולטור־לעבן אין שידלאָווצע.

נאָך עטלעכע יאָר באַרג אַראָפּ איז די ציוניסטישע טעטיקייט פאַר־שטאַרקט געוואָרן, ווען אין שידלאָווצע איז געגרינדעט געוואָרן דער בית״ר. ער האָט צוגעצויגן אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע פון בירגערטום. ס׳האָט זיי שטאַרק אימפּאָנירט די אוניפאָרם און דער גאַנצער מיליטערישער שטעל. איינער פון זייערע אָנפירערס איז געווען אברהם פינקלער, רעליגיע־לערער פון פּאָווישעכנער שול און סעקרעטאַר פון דער קהילה. ער איז געווען רעספּעק־טירט ווי אַן אינטעליגענטער בעל־יועץ אין שטעטל. זייער הויפּט מנהיג איז געווען יעקב דוד בליזשינסקי, דער זון פון „מזרחי״־פירער ירחמיאל בלי־



אַ גרופּע ציוניסטישע יוגנט.

זשינסקי. אַקטיווע ביתריסטן זיינען געווען: בערל איזענבערג, דוד ווסטאָנשקי, אברהם רעדליך, יאָסל זילבערשטיין און אַנדערע. אברהם משה איזענבערג, בערל איזענבערג און ישראל פערענבוג האָבן אָרגאַניזירט דעם ברית־החייל פון יידישע אויסגעדינטע סאָלדאַטן. דאָס האָט אַריינגעצויגן אין זייערע רייען אַרבעטערס און פאָלקסמענטשן. דער באַזוך פון בית״רישן וועלטפירער און באַרימטן טריבון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער מאַניפעסטאַציע פאַר זייער אידעע.

בית״ר און ברית־החייל האָבן אָפט איינגעאָרדנט פאַרשיידענע אונטער־נעמונגען, מערסטנס טאַנצאָוונטן, וואָס האָבן צוגעצויגן אַ סך יוגנטלעכע. זייער טעטיקייט האָט אָפּגעשוואַכט די אַלגעמיינע ציוניסטישע באַוועגונג. זיי האָבן אפילו איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון דער גרויסער ביבליאָטעק.

די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ווען די גראָסמאַניסטן־גרופּע האָט זי פאַרלאָזן.

דער פירער פון דער שידלאָווצער יידנשטאַט־פּאַרטיי איז געווען מאיר טוביה ערליך, וואָס האָט געקענט פיל רעדן און איבעררעדן. זייער לאָקאַל האָבן זיי געהאַט ביי ביילע פישער.



אַ גרופּע פון ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פון רעכטס: משה יחיאל שוואַרצפּוטער, לייבוש דימאַנט, רחל וואַשלאַק, רפאל וויינטרויב, טשאַרנע עלקע וויינטרויב, אַלטער זיידנפעלד. זיצן: רבקהלע זיידנפעלד, פרידא (אַ לערערין פון קינדער־גאָרטן), הלל שוואַרצפּוטער, צעלע שוואַרצפּוטער, עבאַ וויינטרויב, חיים גרשון רובינשטיין און זון בעני, חיהלע וועליצקער.

יאַנקל זילבערמאַן

# די בונדישע באַוועגונג אין שידלאָווצע

ביים אָנהייבן שרייבן וועגן דער בונדישער באַוועגונג אין שידלאָווצע, ווילט זיך מיר זאָגן די ווערטער פון בעל־תפילה „אף על פי שאיני כדאי והגון לכך...״

די מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון אונדזער באַוועגונג אין שטעטל און זיינען געווען ראוי דאָס צו טאָן, זיינען שוין מער ניטאָ. איז „במקום שאין אנשים״, וועל איך פרוואון מיינע באַשרענקע כוחות, כדי ס'זאָל פאַרבלייבן כאָטש אַ שוואַכער אָפּשיין פון זייער לעבן, קאַמף און טראַגישן אומקום.

* * *

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל איז שוין געווען טעטיק אַ צייט פאַר מיין געדענקען. זי האָט שוין עקסיסטירט אין 1905. דעמאָלט האָט מען בונדיסטן גערופן „אחדותניקעס״ אָדער „שטרייקערס״. זיי האָבן געפירט מוטיקע קאַמפן סיי מיט דער צאַרישער מאַכט, סיי מיט די גבירים, וואָס האָבן עקספּלואַטירט די יידישע אָרעמקייט. זיי האָבן פּרובירט אויפוועקן די יידישע אַרבעטערס פון זייער שלאָף און פּראָפּאַגאַנדירט רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין גרויסן פאַרנעם.

אין די יאָרן נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די פאַרשיידענע איבערקערענישן און רעוואָלוציעס אין אַ ריי לענדער אין אייראָפּע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער דאָזיקער יוגנט פון אונדזער שטעטל. די סאָציאַל־פּאָליטישע אויפלעבונג אין שידלאָווצע איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט דער גרינדונג פון אומאָפּהענגיקן פּוילן און דער פאַרגעקומענער רוסישער רעוואָלוציע.

מיטן פאַרפעסטיקן זיך פון באָלשעוויזם אין רוסלאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר העגעמאָניע אין די שידלאָווצער אַרבעטער־רייען און אין „בונד״. דאָס האָט אין 1924 זיך פאַרענדיקט מיט דעם גרויסן פּאָליציי־אישן איבערפאַל אויפן לאָקאַל פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. פיל זיינען אַרעסטירט געוואָרן און די אָנפירערס זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין די תפיסות. דאָס האָט אָפּגעשטעלט כמעט אַלע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן, דעמאָנסטראַציעס און קולטורעלע אונטערנעמונגען.

שפעטער, ווען איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין „בונד", האָב איך זיך באַקענט מיט אַ סך בונדישע פירערס, סיי פונעם 5טן יאָר און סיי פון דער שפּעטערדיקער תקופה, ווי משה טענענבוים, יאַנקל און בעריש טענענבוים, משה האַנדשער, הערשל וועסטער, אברהם איצקאָוויטש, ישעיה אָפּאָטאָווסקי, שבתי לאָקס, אברהם בליכער; פונעם „קליינעם בונד": בנימין גלאָס, בערל גלאָס, בנימין טענענבוים, מענדל און ירמיהו מייערפעלד, הענעך באָק, די ברידער מאיר, משה קויפמאַן, משהלע פרידלענדער, מלך בראַניעווסקי א"אַ; פון די פרויען געדענק איך: שרה ציפּע קויפמאַן, רבקהלע גאָלדבערג, עלקע ערליכמאַן, מלכה טענענבוים.

## די גרינדונג פון „יוגנטבונד צוקונפט"

אין 1926 האָט די שידלאָווצער אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג זיך שוין „באַרואיקט" פון די פּאָליציייאישע רדיפות. די אַרעסטירטע פירנדיקע חברים זיינען באַפרייט געוואָרן פון דער תפיסה. מיט זייער צוריקקום האָט ביסלעכווייז ווידער גענומען אויפלעבן די בונדישע טעטיקייט.

די אונטערוואַקסנדיקע יידישע יוגנט אין שטעטל האָט זיך גענומען לערנען אַ פאַך, ווער ביי פרעמדע, ווער ביים אייגענעם טאַטן. אָבער אין דער פרייער צייט האָט די יוגנט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געוואָלט אַריינציען די דאָזיקע יוגנטלעכע. זי האָט געהאַט אַ פיינעם לאָקאַל, ביי יחיאל דימאַנט, און פאַרמאָגט די גרעסטע יידיש־העברעאישע ביבליאָטעק. זי האָט געשאַפן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „הרצליה". יעדע וואָך איז דאָרטן פאַרגעקומען אַ לעקציע אויף פּאָפּולערע טעמעס. די לעקטאָרן זיינען געווען שמעון בלאָטמאַן, דער זון פון „מזרחי"־פירער הירש נחמן בלאָטמאַן, און ברוך אייזענבערג, דער זון פונעם ציוניסטישן עסקן און נדבן שלמהלע אייזענבערג. מען האָט אונדז אויך געגעבן צו זאַמלען געלט אין די „קרן־קימת"־פּושקעס. אָבער איין טאָג האָבן זיי זיך פּלוצלונג מיישב געווען און באַזייטיקט אַ גאַנצע גרופּע פון אַ 20 יוגנטלעכע — איך בין געווען צווישן זיי — מיטן מאָטיוו, אַז ס'איז ניט קיין גוטער מאַטעריאַל פאַרן ציוניזם.

דער אמת איז, אַז די אַלגעמיין־ציוניסטישע פירערס האָבן ניט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר אַרבעטנדיקע יוגנטלעכע. זיי האָבן געקוקט אויף די אָרעמע אַרבעטער־ייִנגלעך פון אויבן אַראָפּ און ניט פאַרשטאַנען, ווי צו פאַראינטערעסירן אַזאַ יוגנטלעכן עלעמענט.

אַ גרופּע צוקונפטיסטן.





מיטגלידער פון בונדישן קאָמיטעט אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. אייבערשטע ריי, פון לינקס: פּרץ זשולטע, בנימין גלאַס, יאָסל טענענבוים. אונטן פון לינקס: שבתי לאַקס, אברהם בליכער, שיע אָפּאַטאָווסקי.

אַ גרופּע מיטגלידער פון די קאָמיטעטן פון „בונד" און „יוגנט־בונד": אייבערשטע ריי, פון לינקס: אליעזר ערליכמאַן, יאַנקל פרידמאַן, אסתר פּאָמעראַנץ, יודל מידליאַרסקי, משה ראובן גראָסבערג, משה ראַווינסקי. זיצן, פון לינקס: אהרן שיכטער, שבתי לאַקס, אברהם בליכער, שיע אָפּאַטאָווסקי.





„צוקונפט"־מיטגלידער אין 1927.

האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז אָנהייב האַרבסט 1926 איז יאָסל שטאַרק געקומען פון לאָדזש, וואו ער האָט באַלאַנגט צום „יוגנטבונד צוקונפט". ער האָט זיך באַקענט מיט אָט דער גרופּע און פאַרפירט מיט אונדז שמועסן און מיר האָבן ליב געהאַט אים צו הערן. אַ צווייט מאָל האָט ער אונדז גערופן אַ שבת נאָך מיטאָג אויף אַ שפּאַציר צווישן די „סקאָלעס" (פעלדזן).

אויף וויפל כ׳געדענק, האָבן אין די דערמאָנטע באַגעגענישן זיך באַטייליקט: בינע פרישמאַן, נאָטע לייבוש פעלדמאַן, יאָסל און לייבל שטאַרק, הערשל קויפמאַן, לייבל קויפמאַן, יודל מידלאַרסקי, יקותיאל גוטמאַן, בונעם זוסמאַן, ברוך באַך, דוד פּערלמוטער, ישראלקע פרידמאַן, איטשע דאַווידסאָן און איך. דעמאָלט איז אויף דאָס ניי געגרינדעט געוואָרן אַ „יוגנטבונד צוקונפט" אין שידלאָווצע. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע מיט יאָסל שטאַרק בראש. אַ שפּעטערדיקער צוזאַמענטרעף איז פאָרגעקומען ביי אַ גרעסערער צאָל חברים און חברטעס, צווישן זיי אויך חיהלע גוטמאַן־פרידמאַן, בינע גאָלדבערג (שטאַרק) און אַנדערע. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָבן מיר געהערט אַן אינטערעסאַנטן שמועס פון חברטע בינע פרישמאַן. מיר זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון אירע באַגייסטערטע רייד. מיר האָבן פאַרענדיקט מיטן ליד:

„בלאָנדזשעט מער ניט אין דער פינצטער,
וואַנדערט מער ניט אין דער נאַכט!..."

נאָך דעם האָט מען זיך שוין כסדר געטראָפן. די מערסטע שמועסן האָט געהאַלטן בינע און זיי זיינען תמיד געווען אינטערעסאַנט און באַלערנדיק.

חברטע בינע האָט יעדערן פון אונדז באַזאָרגט מיט לייען־מאַטעריאַל. עטלעכע חברים האָבן זיך פאַרשטענדיקט און צוזאַמען געקויפט אַ „פאָלקס־ציַיטונג" און אויך אַ „יוגנט־וועקער". מיר זיינען געווען „אויסגעהונגערט" צו וויסן וועגן לעבן פון די מענטשן אויף דער וועלט. מיר האָבן ממש געשלונגען אַלץ, וואָס ס׳איז געקומען אונטער דער האַנט צו לייענען.

ווינטערצייט זיינען מיר יעדע וואָך זיך צונויפגעקומען אין פּריוואַטע היימען פון עלטערע בונדיסטן, ביי הערשל מאַדזשעוויעצקי, הענעך באַק, בנימין טענענבוים, מענדל מייערפעלד, בערל גלאַס. די מערסטע באַגעגענישן זיינען פאָרגעקומען אין דעם קליינעם נידעריקן הייזעלע פון בינע און משה פרישמאַן, וואו זייערע אַלטע טאַטע־מאַמע האָבן געוואוינט. דאָרטן האָבן מיר ווייטער געהערט בינעס אינטערעסאַנטע שמועסן ביים שיין פונעם נאַפטלאָמפּ. זי האָט אונדז אויך געגעבן ביכער און באַקענט מיט די פּאָעטן דוד עדלשטאַט, מאָריס

ראָזענפעלד, אברהם רייזען, מאָריס ווינטשעווסקי און אַנדערע. ביז היינט קען איך זיך ניט דערקלערן, פאַר וואָס פון צייט צו צייט האָט בינע מיך געבעטן זינגען דאָס ליד „פאַר וועמען, פאַר וועמען מיין בענקשאַפט דערציילן". דאָס איז געווען אַ געשריבענער טעקסט און כ׳ווייס ניט ווער ס׳איז געווען דער מחבר פון ליד.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט. ס׳זיינען צוגעקומען מיטגלידער, וואָס זיינען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אין עטלעכע קרייזן. אַ טייל פון זיי האָט מען באַדאַרפט אָנהייבן לערנען לייענען און שרייבן. וועגן דעם אַלעם האָט שוין געקלערט דער קאָמיטעט, וואו ס׳זיינען געווען אַזעלכע אַקטיווע מיט־גלידער, ווי יאָסל שטאַרק, הערשל קויפמאַן, יודל מידלאַרסקי און אַנדערע.

איין מאָל האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז מען וועט האָבן אַן אייגענעם לאָקאַל. דאָס האָט אונדז אַלעמען דערפרייט. אַן אַלטער בונדיסט נאָך פון 5טן יאָר, משה טענענבוים, וואָס איז אין דער צייט שוין געוואָרן אַ שיך־פאַבריקאַנט, האָט אונדז פאַרדונגען אַ צימער אין זיין הויז. מען האָט צוריק־געברענגט די שאַנק מיט ביכער, וואָס איז בעת די גרויסע פּאָליציייאישע רדיפות אויסבאַהאַלטן געווען ביי מענדל מייערפעלד, מיט די אַלע טישן און בענק, ווי אויך די בילדער פון וולאַדימיר מעדעם, אַרקאַדי קרעמער, קאַרל



משה האַנדשער מיט זיינע חברים בעת זיין באַזוך אין שידלאָווצע. אויבן פון רעכטס: יוסף זיינוול שליסקי, ב. טענענבוים, ח. באַך, י. אָפּאַטאָווסקי, ה. אַדלער, ש. טענענבוים, ה. וועסטער. צווייטע ריי: אַ. בליכער, ש. לאַקס, מ. טענענבוים, מ. האַנדשער, י. טענענבוים, א. איצקאָוויטש. דריטע ריי: שמואל לאַקס, ד. בליכער, פּערעלע לאַקס, וועלוול וועסטער.

מאַרקס, י. ל. פרץ, שלום עליכם, מענדעלע מוכר־ספרים, מאָריס ראָזענפעלד און אברהם רייזען.

איצט האָט זיך ערשט אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט אויף אַלע געביטן. דעם ערשטן מיי 1927 האָבן מיר געפייערט מיט אַן אַקאַדעמיע און אַ חנוכת־הבית פון אונדזער ערשטן לאָקאַל. יאָסל שטאַרק האָט מאָביליזירט אַלע בונדיסטן און סימפּאַטיקערס אין דעם שיינעם אויסדעקאָרירטן נייעם לאָקאַל, מיטן אָנטייל פון אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין וואַרשע, חבר מרדכי פייגמאַן. נאָך זיין רעפעראַט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ביישטייערונג פאַר דער „פאָלקסצייטונג" און פאַר די לאָקאַלע באַדערפענישן.

די גאַנצע בונדישע פאַרטיי האָט פאַרשטאַרקט איר אַרבעט. זי האָט דורכגעפירט פּאָליטישע און קולטורעלע אונטערנעמונגען. די הויפּט־סעקרע־טאַרין איז געווען בינע פרישמאַן. אין דער קולטור־אַרבעט האָבן איר צו־געהאָלפן אהרן שיכטער, מלך טענענבוים, אליעזר ערליכמאַן און אַנדערע.

## פּאָליטישע טעטיקייטן

די פּאָליטישע טעטיקייט פון „בונד" איז געווען זייער אַ ברייטע: וואַלן צום שטאָטראַט; וואַלן צום סיים; ערשטע מיי־פייערונגען; מיטאַרבעט מיט אַנדערע פּאַרטייען — פּפּ"ס, פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג (קאָמוניסטן), די לינקע פּועלי־ציון.



דראַמאַטישער קרייז פון „בונד".

אין די שטאָטראַט־וואַלן האָט דער „בונד" אַלע מאָל אָנטייל גענומען. שוין אין 1920 האָט דער „בונד" געהאַט 3 ראַטמענער און אַ מיטגלידערשאַפט פון 110 חברים. שפּעטער האָבן מיר געהאַט 4 ראַטמענער און 2 לאַווניקעס: אברהם בליכער און שבתי לאַקס.

## פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען

די בונדיסטן האָבן אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין אָרטיקן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. די גאַרבער־אַרבעטערס האָבן געהאַט אַ גוט אָרגאַניזירטן פאַראיין און געווען אָנגעשלאָסן אין וואַרשעווער צענטראַלראַט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. די מיטגלידער — צום מיינסטנס פּוילישע, אונטער דער השפּעה פון פּפּ"ס, און אויך אַ גרויסער טייל יידישע אַרבעטערס און פאַלקס־מענטשן. אהרן שיכטער (אַליין אַ גאַרבער־אַרבעטער) איז געווען פון די הויפּט־אָנפירערס און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף אַלע טעטיקייטן.

ס'זיינען אויך פאָרגעקומען שטרייקן, ווייל די קליינע פאַרדינסטן פון די אַרבעטערס זיינען געוואָרן נאָך קלענער צוליב אינפלאַציע.

מאַניע טענענבוים־שטאַרק דערציילט, אַז בעת אַזאַ גאַרבערשטרייק איז אַראָפּגעקומען פון וואַרשע דער פאָרזיצער פון צענטראַלראַט, חבר אַרטור זיגלבוים (דער קדוש), צו פאַרהאַנדלען מיט די פאַבריקאַנטן. ס'איז אים געלונגען צו פאַרענדיקן דעם שטרייק מיט אַ ניצחון פאַר די אַרבעטערס. ער איז פון אַלעמען זייער שטאַרק געליבט געוואָרן פאַר דעם.

אין אַלגעמיין, זיינען די גאַרבער־אַרבעטערס געווען די בעסער־באַצאָלטע. זיי זיינען געווען כמעט די איינציקע, וואָס האָבן נאָר געאַרבעט 8 שעה אַ טאָג און האָבן אויך סטאַביל געאַרבעט. אין דער אָנפירערשאַפט זיינען געווען: אברהם בער שטאַרק און אהרן שיכטער — פון „בונד", יואל שיכטער — פון די לינקע פּועלי־ציון, און פון דער פּפּ"ס. זיי האָבן אויך געשאַפן אַן אייגענעם בלאַז־אָרקעסטער, וואו ס'האָבן אויך אָנטייל גענומען קינדער פון די גאַרבער־אַרבעטערס.

זיי האָבן אויך אָרגאַניזירט די שטיינהאַקער־אַרבעטערס און זייער לאָקאַל. דאָס זיינען געווען פאַליאַקן פון דער אַרומיקער געגנט, וואָס האָבן געאַרבעט ביי יידישע בעלי־בתים.

כ'וויל פאַרצייכענען אַ קוריאָז:

די שטיינהאַקערס זיינען ס'רוב געווען פּויערים, פּראָסטע אַנאַלפאַבעטן, אונטערן איינפלוס פון גלח. בעת אַן אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג אין גאַרבער־

לאָקאַל, וואו ס׳זיינען געהאַנגען בילדער פון קאַרל מאַרקס, לאַסאַל, בעבעל און אַנדערע, שטעלט זיך אויף אַן אַרבעטער און רופט אויס מיט רוגזה: „וואָס הענגט עפּעס דאָ אַ זשיד, דערצו נאָך אַ ראַבין אויף דער וואַנט?״ (געמיינט דאָס בילד פון באַבערדלטן קאַרל מאַרקס).

דער פּראָפּפאַראיין פון די שיך־אַרבעטערס איז מערסטנס באַשטאַנען פון ייִדישע אַרבעטערס. די השפעה האָבן דאָ געהאַט די קאָמוניסטן. זיי זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער לעדער־צענטראַלע פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. צוליב לעגאַליטעט זיינען אין דער פאַרוואַלטונג געווען פאַרשטייערס פון אומפּאַרטייאישע, בונדיסטן און פּועלי־ציון. די קאָמוניסטן זיינען ניט געווען טאָלעראַנט צו אַנדערש־דענקענדיקע אַרבעטערס און זיי שיקאַנירט, ווי ס׳איז געווען דער פאַל פון אונדזער חבר לייבל שטאַרק, וועמען זיי האָבן ניט צוגעלאָזן אַרבעטן.

## די יוגנט־סעקציע

היות פיל יוגנטלעכע האָבן געאַרבעט ביי עלטערע אַרבעטערס, וואָס זיינען געווען „כאַלופּניקעס״, און זיינען דורך די לעצטע געוואָרן עקספּלו־אַטירט, איז געשאַפן געוואָרן אַ יוגנט־סעקציע, וואָס האָט געדאַרפט פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן. אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יוגנט־סעקציע איז געווען אַ שטענדיקער פאַרשטייער פון דער פאַרוואַלטונג און אַ פאַרשטייער פון די יוגנטלעכע איז געווען אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג.

די יוגנט האָט שטענדיק געהאַט סיכסוכים מיט די עלטערע אַרבעטערס און אויך דורכגעפירט קעגן זיי פאַרשיידענע אַקציעס און אפילו שטרייקן.

דער לעדערפאַך איז געווען איינגעטיילט אין „סעקציעס״: (1) פוצער־סעקציע; (2) שפּילקאָווע שוסטערס, צווישן זיי אויך פיל פּוילישע היים־אַרבעטערס, וואָס אין זייער מערהייט האָבן זיי ניט באַלאַנגט צום פּראָפעסיאָנעלן לעדער־פאַראיין; (3) געגריוועטע שוסטערס; (4) שפּילער־סעקציע.

ס׳רוב היים־אַרבעטערס האָבן באַשעפטיקט, אַחוץ זייערע אייגענע מינדעריאָריקע קינדער, אויך אַנדערע יוגנטלעכע, וואָס האָבן נאָך באַדאַרפט גיין אין חדר אָדער אין שול. דאָס זיינען געווען עקספּלואַטירטע, וואָס האָבן פון זייער זייט עקספּלואַטירט די יוגנטלעכע — און פון דעם אַלעם ניט געהאַט אָפּצועסן.

די אָנפירערס פון דער שידלאָווצער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג זיינען געווען, אויף וויפל איך געדענק: איזיק בלומענפעלד, פּיניע מאָרגענשטערן, מענדל גאָלדוואַסער, הערשל צוקער, יחיאל קלאָפּאַרדע, יודל קויפמאַן, זיינוול

כץ, נח ריינבערג, אריה קוטוואַק, ישעיהלע פרידמאַן, יאַנקל זאַלצמאַן, שאול שטערנשאַס, אברהמלע ראָזענצווייג, יצחק ראַבינאָוויטש, שלמה זיסמאַן, בונים הירשמאַן, משה הירשמאַן. פון זיי בונדיסטן: בערל גלאַס, דוד טענענבוים, מלך בראַניעווסקי, מענדל מייערפעלד, נטע לייבוש פעלדמאַן, יקותיאל גוטמאַן, לייבל שטאַרק. פּועלי־ציון לינקע: יחיאל כץ, אלתר זיידנפעלד.

ס׳איז געווען אויך אַ שטעפּער־סעקציע, וואָס איז ס׳רוב באַשטאַנען פון אַ יוגנטלעכן עלעמענט. זיי זיינען געקומען פון פאַראָרעמטן מיטלקלאַס, געווען מער באַוואוסטזיניק און געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער שיך־פּראָדוקציע, וואָס האָט ביי אונדז אָנגענומען אַ גרויסן פאַרנעם. ווי מען האָט געשמועסט, זיינען סעזאָנצייט אויסגעאַרבעט געוואָרן טויזנטער פאָר שיך אַ וואָך.

די שטעפּער־אַרבעטערס האָבן געאַרבעט ביי האַנטווערקערס, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ „האַנטווערקער־פאַראיין". די האַנטווערקערס האָבן גענומען די אַרבעט ביי די שיך־פאַבריקאַנטן.

דער לוין פאַר דער אַרבעט איז געוואָרן אויסגעצאָלט אין אָנהייב פון דער דריטער וואָך אַרבעט און ערשט דאַן האָט מען באַקומען אַ וועקסל אויף 2 חדשים שפּעטער. אויב מען האָט באַדאַרפט האָבן געלט, האָט מען געמוזט קאַסירן דעם וועקסל און האָבן היזק פינף אָדער מערער פּראָצענט.

די טוערס און אָנפירערס פון די אָרגאַניזאַציעס און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן געטאָן די אַרבעט אויס ריינעם אידעאַליזם און גלויבן, אַז דערמיט העלפן זיי פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטערס און קעמפן אויס יושרדיקע באַדינגונגען פאַר די, וואָס לעבן פון זייער אַרבעט.

## מעטאַל־פאַראיין

אין שידלאָווצע איז געווען אַ פאַבריק, וואו מען האָט אויסגעאַרבעט קנעפּ און קנעפּלעך צו ציכן אויף בעטגעוואַנד. דער אייגנטימער איז געווען לייזער רעדליך. זיינע מיטהעלפערס: זיין זון אברהם און זיין וואַרשעווער איידעם דוד מאַנטסגלייט.

די קנעפּל־פאַבריק האָט עקסיסטירט לאַנגע יאָרן. די אַרבעטערס זיינען מיינסטנס געווען פרויען, יידישע און פּוילישע. עטלעכע מענער האָבן געאַרבעט ביי די שווערע שטאַמסמאַשינען: עזריאל ברויטמאַן, נחמן וויינבערג, מענדעלע הירשמאַן און דער מעכאַניק עלי פערענבוג. די אַרבעטערס זיינען געוואָרן זייער אויסגעניצט. די פאַרטיקע קנעפּלעך זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפצונייען אויף קאַרטאָנען. די פרויען האָבן עס גענומען אַהיים.

די אַרבעטערינס האָבן זיך אָרגאַניזירט און ס׳איז דאָרט פאָרגעקומען אַן איטאַליעניִשער שטרייק. זיי זיינען געבליבן אין פאַבריק און זי ניט געוואָלט פאַרלאָזן. זיי האָבן געהאַט די סימפּאַטיע פון דער גאַנצער שידלאָווצער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט זיי געשטיצט מיט שפּייז און געלט. סוף־כל־סוף האָבן זיי געוואונען דעם שטרייק.

פון די בונדיסטן, וואָס האָבן אַקטיוו געהאָלפן אין דעם שטרייק, זיינען געווען: שמואל טענענבוים, דער זון פון בעריש און ביילע טענענבוים, אַ פּעאיקער סטודענט (דערשאָסן געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד אויף דער באַשולדיקונג, אַז ער איז אַ דייטשער שפּיאָן); נטע לייבוש פעלדמאַן, אהרן שיכטער, יודל מידלאַרסקי, שלמהלע זילבערשטיין, לייבל שטאַרק און אַנדערע.

## די קולטור־אַרבעט

די בונדישע אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט דער „צוקונפט״, האָבן געפירט אַ גרויסע קולטור־אַרבעט, סיי פאַר די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע און סיי פאַר דער יידישער באַפעלקערונג בכלל. די יוגנטלעכע אַרבעטערס, געקומענע פון די אָרעמסטע היימען, גאַנצע אַנאַלפאַבעטן, האָט מען געלערנט לייענען און שרייבן און אויך באַקענט מיט עלעמענטאַרע זאַכן און וועלט־פּראָבלעמען. די געוועזענע גאַסן־ייִנגלעך און לאָבוזעס זיינען שפּעטער געוואָרן באַוואוסטזיניקע אַרבעטערס.

ס׳האָט זיך אויך אָרגאַניזירט אַ בונדישע קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף״, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון בינע פרישמאַן און יקותיאל גוטמאַן. די ערשטע מיטגלידער זיינען געווען: פּערל לאָקס, אסתר פּוטערמאַן, עלקע גאָלדבערג־זילבערמאַן, חנה קאַטשאַלע, מאַניע שטאַרק־טענענבוים, בערל בע־קערמאַשין, יצחק מאָרא, יוכבד ראָזענצווייג, שלומהלע זילבערשטיין, שמואל טענענבוים און אַנדערע.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט איינגעאָרדנט רעפעראַטן אויף פּאָליטיש־אַקטועלע טעמעס, ווי אויך וועגן ליטעראַרישע און יידישע פּראָבלעמען. פּרעלעגענטן זיינען געקומען פון בונדישן צענטער אין וואַרשע: הערשל הימלפאַרב, אַרטור זיגלבוים, הענריק ערליך, יוסף כמורנער, ברוך שעפנער, יעקב פּאַט, ישראל ליכטענשטיין א״אַ. פון „יוגנטבונד צוקונפט״: יאַנעק גראָס, שאַפּראַן, לוציאַן בליט, יעקב צעלעמענסקי א״אַ. לעקטאָרן אויף ליטעראַרישע טעמעס זיינען געווען: לעאָ פינקעלשטיין, ש. י. סטופּניצקי, יואל מאַסטבוים, ז. סעגאַלאָוויטש און ב. אייסעראָוויטש. אויך גרויסע אַרטיסטן און רעציטאַטאָרן

זיינען אָפּט געקומען קיין שידלאָווצע: יעקב ווייסליץ, א. וואלפשטאַט, ס. סאַמבערג, דזשיגאַן און שומאַכער, משה און שיינע מרים בראָדערזאָן, לאָלאַ פּאָלמאַן און אַנדערע.

אַ סך מאָל זיינען מיר, די יוגנטלעכע, געגאַנגען פיר קילאָמעטערס אַפּצואוואַרטן ביי דער באַן דעם רעפערענט. שפּעטער איז מען געגאַנגען דורכן וואַלד צוריק אין שטעטל און באַגלייט דעם גאַסט מיט פרייד און געזאַנג. ווער קען שילדערן וויפל פרייד, יום־טובדיקייט און פאַרגעניגן די אַלע רעפעראַטן האָבן אונדז פאַרשאַפט? אפילו נאָך די רעפעראַטן האָט מען פאַרברענגט מיטן פרעלעגענט ביי אַ חבר אין הויז, וואו ער האָט אונדז דערציילט וועגן לעבן פון דער גרויסער שטאָט און אין דער וועלט.

## ספּאָרטקלוב „מאָרגנשטערן"

דער ספּאָרטקלוב „מאָרגנשטערן" ביים „בונד" איז געשאַפן געוואָרן אין שידלאָווצע מיט דער הילף פון דער בונדישער ראַדעמער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן אונדז געהאָלפן מיט ראַט און טאַט. ס'האָט זיך איינגעגעבן אַריינצוציען מערערע פעאיקע יוגנטלעכע, וואָס האָבן גיך איינגעשטעלט אַ פוטבאָל־סעקציע (מיט די צוויי ברידער פּישלעוויטש, בערל גרין, משה בער מאָראַ, יצחק מאָראַ און אַנדערע) און מען האָט דורכגעפירט פיל פוטבאָלמאַטשן, וואָס האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ פּינג־פּאָנג־סעקציע. אונדזערע ספּאָרטפאַרמעסטן מיט ניט־יידישע קלובן האָבן זיך טייל מאָל געענדיקט מיט אַ געשלעג.

אין דער פאַרוואַלטונג פון „מאָרגנשטערן" זיינען געווען: אהרן שיכטער, איטשע מידלאַרסקי, דוד שטשענשליווע, שמואל טענענבוים, לייבל שטאַרק, דוד זוסמאַן.

## ביבליאָטעקן

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט פאַר איינער פון אירע ערשטע אויפגאַבעס באַטראַכט דאָס האָבן אַן אייגענע ביבליאָטעק. פאַרן גרויסן אַרעסט אין 1924 איז די ביבליאָטעק געווען אין לאָקאַל פון מרדכי קופּערמאַן. די פאַרוואַלטונג האָט איינגעאָרדנט שמועסן מיט די לייענערס און קעסטל־אָוונטן. אַ וואָך פריער איז געהאַנגען אַ קעסטל, וואו יעדער איינער האָט געקענט אַריינלייגן יעדע שריפטלעכע אָנפראַגע, וואָס אים האָט אינטערעסירט. אויף דעם קעסטל־אָוונט זיינען די פראַגן געוואָרן פאַרענטפערט דורך דער ביבליאָטעק־קאָמיסיע.

נאָך דער באַנייאונג פון דער טעטיקייט האָט די ביבליאָטעק ווידער איינגעאָרדנט פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, כדי צו שאַפן אַ פאָנד אויף צו קויפן נייע ביכער און איינבינדן די צעריסענע. ס'איז אָבער ניט געווען אַזוי לייכט צו שאַפן די פאָנדן אויף איינצוקויפן נייע ביכער. מיר האָבן געהאַט מזל מיט אונדזער בן־עיר משה האַנדשער, וואָס איז אָנהייב דרייסיקער יאָרן געקומען פון אַמעריקע אויף אַ באַזוך אין שידלאָווצע. ער האָט אונדז צוגעזאָגט צוצושיקן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק — און ער האָט אויך געהאַלטן וואָרט. די פאַרוואַלטונג און די לייענערס האָבן אים דאָס קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

די ביבליאָטעקאַרן אין פאַרשיידענע צייטן זיינען געווען: בינע פרישמאַן, יקותיאל גוטמאַן, יאַנקל זילבערמאַן, יאַנקל פרידמאַן און איטשע מידלאַרסקי.

ווען די דייטשן זיינען אַריין, האָט אַ גרופע חברים אונדזערע — שלמהלע זילבערשטיין, בונים זוסמאַן, אסתר פאָמעראַנץ, איטשע מידלאַרסקי און איך — אַרויסגענומען די ביכער אין געהיים און עס באַהאַלטן ביי חברים, דאָס מערסטע ביי מיר.

סיי אונדזער ביבליאָטעק, סיי די אַנדערע ביבליאָטעקן, פון „תרבות", פראָפעסיאָנעלן פאַראיין, לינקע פועלי־ציון און „שלומי אמוני־ישראל" האָבן געטיילט דעם גורל פון זייערע לייענערס.

## דראַמאַטישע קרייזן

כאָטש דער דראַמאַטישער קרייז איז ניט געווען קיין ריין־פאַרטייאישער, האָבן אָבער אין אים בונדיסטן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. נאָך אַ לענגערן איבעררייס איז די דראַמאַטישע סעקציע באַנייט געוואָרן אין די יאָרן 1926־1928. אין אים האָבן זיך אויסגעצייכנט בונדישע אַרטיסטן. שבתי לאָקס האָט מיטגעשפּילט, האָט אַלע אַרטיסטן גרימירט און טייל מאָל רעזשיסירט, צוזאַמען מיט בינע פרישמאַן, וואָס איז אויך געווען דער סופליאָר (שפּעטער בין איך דאָס געווען), אברהם בליכער, בנימין טענענבוים מיט זיין פרוי מלכה. טענענבוים האָט געהאַט אַ שיינעם באַריטאָן און האָט שיין געזונגען. הענעך באָק האָט אויסגענומען אין זיינע קאָמישע ראָלן.

פון די יינגערע האָבן זיך אויסגעצייכנט: ישראלקע פרידמאַן, חיהלע גוטמאַן, חוה כץ, רייזל ראָזענבוים, חיה־שרה שוואַרצפינג, פערל לאָקס, שמואל לאָקס, אסתר פוטערמאַן, לייבל גאָלדנער, יאַנקל זילבערמאַן און געניאַ שטאַרק.

פון די אויפגעפירטע פיעסעס געדענק איך: „די זיבן געהאָנגענע"

(אַנדרעיעוו), „הערצעלע מיוחס" (גאָרדין), „דער בלינדער מאָלער", „דאָס יידישע האַרץ" (י. לאַטיינער), „דער ווילדער מענטש" (גאָרדין), „די ביידע קוני־לעמלס", „דער זינגער פון זיין טרויער", רעזשיסירט דורך א. ווייסליץ. אין אַנדערע אָוונטן פלעגן דורכגעפירט ווערן איינאַקטערס דורך די חברים ישראלקע פרידמאַן, הענעך באָק, חוה קאַץ און חיהלע גוטמאַן, וואָס האָט זייער שיין דעקלאַמירט.

כ'וויל דערמאָנען די חברים, וואָס הגם זיי האָבן ניט מיטגעשפילט, האָבן זיי אָבער אַרויסגעהאָלפן אין דראַמאַטישן קרייז: מענדל מייערפעלד (דעקאָראַציעס), הערשל קויפמאַן און יקותיאל גוטמאַן (טעכנישע אַרבעטן), יודל מידלאַרסקי (דעקאָראַציעס און אַפישן).

די דראַמאַטישע קרייזן פון „בונד", און פון אַנדערע פּאַרטייען, זיינען געווען וויכטיק סיי מאַטעריעל, סיי גייסטיק. פון קינסטלערישן גענוס האָבן הנאה געהאַט סיי די „אַרטיסטן", סיי די הונדערטער באַזוכערס.

* * *

ביים שרייבן די שורות שוועבן פאַרביי מיינע אויגן די אַלע ליבע געשטאַלטן, חברים און חברטעס, וואָס האָבן געגלייבט און געהאָפט, אַז ס'וועט קומען אַ בעסערע וועלט. זאָלן די שורות זיין אַ טרויעריקער זכר לחורבן פאַר זייערע אומגעבראַכטע יונגע לעבנס.

פיניע מאָרגענשטערן ע"ה (בראַזיל)

## די פּראָגרעסיווע אַרבעטער־באַוועגונג

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ספּעציעל נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער גייסט אין פּוילן.

אונדזער שטעטל שידלאָווצע בלייבט ניט הינטערשטעליק. עס ווערט גלייך געשאַפן אַן אונטערערדישער קאָמיטעט פון אַרבעטערס און אינטעליגענטן, וואָס ווערן די פּיאָנערן פון אַ פּראָגרעסיוון סעקטאָר פון דעם יידישן שידלאָווצער אַרבעטער־קלאַס.

פון די דאָזיקע פּיאָנערן גערענקען זיך מיר די נעמען פון: ראובן צוקער (פון די ערשטע 10 אָנגעזעענע פּאַרטיי־פירערס אין פראַנקרייך, וואָס די נאַציס האָבן גלייך דערמאָרדעט), פישל צוקער, הערשל צוקער, מלך זילבערשטיין, שיע פרידמאַן, הערשל גלאַס, חיה טענענבוים־מאַיזאָווקא — אַלע שוין ניטאָ, ווי אויך יעקב שטיינאָוויץ (אַמעריקע) און יוסף טענענבוים (ישראל).

אָט די באַוואוסטזיניקע גרופּע האָט אָרגאַניזירט פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך אין די פאַבריקן און לינקע פראַקציעס אין די פאַראיינען. אין דער קולטור־ און איפקלערונגס־אַרבעט זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אַלץ מער פעאיקע אַר־בעטער־יינגלעך און אַרבעטער־מיידלעך, וואָס האָבן מיט דער צייט געגעבן אינטערעסאַנטע און גוט־געבויטע רעפעראַטן.

די לינקע פּראָגרעסיווע פראַקציע ביים לעדער־פאַראיין האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן פייערונגען פון אַלע אַרבעטער יום־טובים. אויף אַן אימפּאָזאַנטן אופן איז אַלע יאָר געפייערט געוואָרן דער ערשטער מיי. נאַטירלעך, פלעגט די פּאָליציי זיך אויך גרייטן צו די דאָזיקע יום־טובים און וואָכן פריער פלעגט זי דורכפירן הויזזוכונגען און אַרעסטן.

אַ גרויסן רושם מאַכט אין שידלאָווצע דער ערשטער אַרעסט פון די עלטערע חברים פון „בונד" — אברהם בליכער, ש. לאַקס, ווי אויך צוויי יוגנטלעכע פון פּראָגרעסיוון סעקטאָר, יעקב שטיינאָוויץ און יוסף טענענבוים.

שידלאָווצע פלעגט פיל מאָל באַזוכט ווערן דורך רעפערענטן פון גרע־סערע שטעט, ווי אויך דורך די אינסטרוקטאָרן פון די לאַנד־צענטראַלעס. זי איז אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די שכנישע שטעט און שטעטלעך — סקאַרזשיסק, ראָדעם, קעלץ, פּינסק. אויף די לאַנד־צוזאַמענפאָרן פלעגט שיד־לאָווצע גאַנץ אָפט פאַרטרעטן אַרומיקע שטעטלעך.

די פאַרצווייגטע אַרבעט איז שטאַרק נישט געווען צום האַרצן דער פּוי־לישער ענדעקישער רעגירונג און רדיפות מיט אַרעסטן זיינען געווען אַן אָפטע דערשיינונג. שידלאָווצער אַרבעטערס האָבן אָבער נישט געשפּאָרט קיין אַרבעט און קיין מי אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרעסטירטע אַרבעטערס. מען פלעגט אַריינשיקן אין תפיסה אריין וועש און מען האָט געשאַפן געלט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אַרעסטירטע.

נישט געקוקט אויף די פּאָליצייאישע רדיפות, האָט די פּראָגרעסיווע באַוועגונג אין שידלאָווצע זיך פאַרגרעסערט און פאַרטאָפּלט. די וואַלן צום שטאָטראָט זיינען שטענדיק געווען דער מעסטער, וואָס האָט באַוויזן די

באַציאונג פון די מאַסן צו זייער אָרגאַניזאַציע. פון די 12 ידישע ראַטמענער, וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אין שטאָטראַט, זיינען 2 געווען בונדיסטן, 5 האָבן געהערט צו די רעליגיעזע און ציוניסטישע ריכטונגען און 5 האָבן געהערט צו דער לינקער פראַגרעסיווער באַוועגונג.

די פוילישע רעגירונג האָט געוואָלט צעברעכן די שידלאָווצער פראָ־גרעסיווע אָרגאַניזאַציעס. איז דאָס שטעטל באַזעצט געוואָרן מיט אַ שטאַב פון פּאָליציי־אַגענטן אונטער דער אָנפירונג פון אַ כוליגאַנישן קאָמיסאַר מיטן נאָמען באַגדאַן. די פּראָגרעסיווע האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן און אָנגעהויבן פירן אַן אונטערערדישע אַרבעט. דער פּאָליציי איז אָבער געלונגען אַריינצופירן אין דער אונטערערדישער אַרבעט אירן אַן אַגענט, דעם פּראָוואָקאַטאָר מאיר קאָריטקאַ. אַ דאַנק דעם זיינען בעת אַ קאָנפערענץ פון אַ סך טוערס און אַקטי־וויסטן אַרעסטירט געוואָרן אַלע אָנטיילנעמערס. אַ יוגנטלעכער אַרבעטער האָט שפּעטער געפּרואווט נקמה נעמען אין פּראָוואָקאַטאָר, אָבער עס איז אים ניט געלונגען — די קויל האָט דעם פּראָוואָקאַטאָר אויסגעמיטן.

אין דער געשיכטע פון אונדזער שטעטל שידלאָווצע פאַרנעמט זיכער דער ידישער פּראָגרעסיווער סעקטאָר זייער אַ בכבודיק אָרט.

הערשל ראָזענצווייג (פּאַריז)

# די קאָמוניסטישע פּאַרטיי

די טעטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פוילן איז געווען אומלעגאַל. באַזונדערס האָט מען זיך געמוזט היטן פאַרן פּראָוואָקאַטאָר מאיר קאָריטקאַ, וואָס האָט אפילו געגומען מאַסערן קרעמערס און געהיימע שחיטה.

די פּאַרטיי איז געווען געצוואונגען צו פאַרקלענערן די צאָל אָנטייל־נעמערס אין יעדער באַזונדער קעמערל, כדי זיך נישט צו וואַרפן צו פיל אין די אויגן. אָבער די אַרבעט איז ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן. מען פלעגט הענגען פענער צום ערשטן מיי, אָקטאָבער־רעוואָלוציע, 11טן נאָוועמבער און פאַרשפּרייטן ליטעראַטור.

יאַנקל אַנעלעוויטש מיט זיין גוט פויליש רעדן איז געוואָרן צוגעטיילט צו באַדינען די שטיינהאַקערס אין די „סקאַלעס״.

די הויפּטראָלע פון דער פּאַרטיי איז געווען: אָרגאַניזירן די פּראָפּע־סיאָנעלע באַוועגונג און פאַרטיידיקן די אַרבעטער־לוינען.

אַ גרויסער עולם איז געקומען צו דער לוויה פון ברוך באַך, וואָס איז געשטאָרבן נאָכן אויסזיצן אַ תפיסה־אורטייל.

דער שוואַרצער חיה (די טאָכטער פון יאַנקל בעדער) איז געלונגען צוצוציען אַ צאָל מיידלעך פון די גאַרבעריי־אייגנטימערס און אונטער דער אָנפירונג פון פּערעלע ראָזענבוים זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן קרייזן פאַר פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

בעת אַ געהיימער זיצונג הינטערן פּוילישן קאַפּעל, אין וועלכער ס'האָט זיך באַטייליקט רפאל קאַן (דער לאָמער רפאל), איז פּאָליציי געפאַלן אויף אונדזערע שפּורן, אָבער מיר זיינען ביי ציטנס זיך צעלאָפן.

ווען די פּאַרטיי איז דורכן קאָמינטערן אויפגעלייזט געוואָרן, האָבן די שידלאָווצער פּאַרטייליט ווייטער זיך פאַרנומען מיט אויפקלער־אַרבעט. מען האָט דיסקוטירט וועגן טראָצקיזם און די מאָסקווער פּראָצעסן. דאָס האָט געהאָלפן, אַז אין שידלאָווצע זאָלן אין די רייען פון די פּראָגרעסיווע אַרבעטערס נישט פאָרקומען קיין רייבונגען.

ערב דעם אויסברוך פון פויליש־דייטשישן קריג האָט די סאַנאַציע אָרגאַניזירט אַ מיטינג. שמאַניעווסקי איז געקומען רעדן וועגן געלט אויף באַוואָפענונג. אין נאָמען פון די לינקע בין איך אַרויסגעטראָטן און אָנגעוויזן אויף שמיגליס און בעקס פאַרראַט. איך האָב געזאָגט, אַז מיר וועלן שטיצן די אַקציע, אָבער קעמפן וועלן מיר פאַר אַן אַנדער פּוילן.



אַ גרופּע קאָמוניסטן. אויבן, פון רעכטס: יאַנקל קורלענדער, יוסף דימאַנט. אונטן: בעריש טענענבוים, בראַנטשע קופּערמאַן, ישראל ווערדער.

**יאָסל זילבערשטיין** (מעלבורן)

# בית״ר און „ברית החייל״



באַלד נאָך זיין גרינדן דעם „ברית הצה״ר״, די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, האָט דער חשובער קנעפּל־פאַבריקאַנט און דער הייסער ציוניסט אברהם רעדליך אויך געשאַפן דעם „ברית תרומפּלדור״ (בית״ר). דאָס איז געווען אין 1929־1930. צווישן די גרינדערס זענען אויך געווען: ישראל פערענבוג, דוד ווסטאָנשקי, יעקב דוד בליזשינסקי און אַנדערע. דער מפקד איז געווען ישראל פערענבוג.

אין „בית״ר״ האָבן זיך אַנגעשלאָסן בעיקר יענע מיידלעך, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט אַחוץ דער פּוילישער שול אויך דעם העברעאישן בית־ספר „מזרחי״, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון ירחמיאל חיים בליזשינסקי. די שילערס האָבן דאָרט באַקומען אַ נאַציאָנאַל יידישע דערציאונג אין דער העברעאישער שפּראַך און די יידנשטאַט־אידעע פון בית״ר האָט אַפּעלירט צו זיי.

צווישן די ראשונים פון שידלאָווצער בית״ר זיינען געווען: בערל אייזענ־בערג, הערשל לעדערמאַן, ישראל ווייצהענדלער, יאַנקל שטשענשליווע, ליפּע שוסטער, זלמן כוסטעצקי, יאָסל זילבערשטיין, לייבל ליבערבוים, וועלוול וועס־טער, פייוול שטיינאָוויטש, שלמה ראָזענצווייג, עקיבא ליבערבוים, יאָסל דימאַנט, מנשה ציטרין, שמואל זאַגדאַנסקי, יאַנקל בעקערמאַשין, משה האָכבערג, קלמן ראָזענבוים, נעכע צוקער, חיה מאַנדעלמאַן, דבורה קופּערמאַן, רחל לעדערמאַן, רחל שטשענשליווע, פּיטשע אייזענבערג, שרה מאַנדעלמאַן, פייגע בעקער־מאַשין, גוטשע מינצבערג, חיה בלאַטמאַן און אַנדערע. עס איז אויך גלייך געשאַפן געוואָרן אַ זייער יונגע גרופּע דרגה „א״.

עס איז נישט געווען לייכט צו ווערן אַ מיטגליד אין בית״ר. מען האָט געדאַרפט האָבן שריפטלעכע רעקאָמענדאַציעס פון עטלעכע בית״ר־מיטגלידער. דערפאַר האָט מען געמוזט דורכמאַכן אַ לאַנגן פאַרהער. מען האָט געוואָלט מאַכן זיכער, אַז די ביתריסטן זאָלן זיין אַזעלכע, וואָס זאָלן ווערט זיין צו זיין מיטגלידער און וואָס זאָלן העלפן פאַרשפּרייטן און אַליין פאַרווירקלעכן די אידעאַלן.

**דער „בית״ר״ מיטן „ברית הצה״ר״ האָבן געפירט זייער אַרבעט אין לאָקאַל פון „תרבות״, וואו אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען פלעגן פירן זייער**

טעטיקייט. דער „תרבות״־לאָקאַל איז געווען אַ ציוניסטיש קולטורהויז מיט אַ רייכער יידיש־העברעאישער ביבליאָטעק.

די קולטור־אַרבעט איז געפירט געוואָרן יעדער אָוונט דורך רעפעראַטן, דיסקוסיעס, העברעאישע לעקציעס, יידישער און ציוניסטישער געשיכטע. ישראל פערענבוג האָט געלערנט סקויטישע געניטונגען.

דער בית״ר האָט די ערשטע יאָרן זיך פאַרנומען זייער אַקטיוו מיטן זאַמלען געלט פאַר „קרן קימת לישראל״ און איז געווען אויפן ערשטן אָרט פון די גרעסטע געלטזאַמלערס.

נאָך דער עליה פון ישראל פערענבוג מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישראל, איז געוואָרן מפקד אברהם רעדליך. ער האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די טעטיקייט פון בית״ר און די צאָל מיטגלידער האָבן זיך פאַרגרעסערט. צוליב דעם האָט מען דעמאָלט געדונגען אַן אייגענעם און גרעסערן לאָקאַל צוזאַמען מיטן „ברית הצה״ר״. עס זענען געקומען פאַרשיידענע גאַסטרעדנערס פון וואַרשע, ראַדעם און אַנדערע שטעט. איך מנחם בעגין האָט באַזוכט שידלאָווצע. אין 1932 זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אַרויספאָרן קיין קינצק, ראַדעם און סקאַרזשיסק.

אין יאָר 1933 איז פאָרגעקומען די באַנייאונג פון דער בית״ר־פאָן. דער חנוכת־הדגל פון „בית״ר״ איז געפייערט געוואָרן מיט גראַנדיעזן פאַראַד. איבער די גאַסן האָט זיך געצויגן אַ דעפיליאַדע פון די שידלאָווצער ביתריסטן מיטן אָנטייל פון פיל אַרומיקע שטעט מיט זייערע פראַכטיקע פענער, אונטער די קלאַנגען פון גרויסן ביתרישן אָרקעסטער פון ראַדעם, וואָס איז געווען דיריגירט דורך פּראָפעסאָר גיסער. אויף פיל באַלקאָנען האָבן געפלאַטערט בלוי־ווייסע פענער און עס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן די בילדער פון ד״ר הערצל, טרומפעלדאָר און זשאַבאָטינסקי.

דער חנוכת־הדגל האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף די יידן אין שטאָט, ווי אויך אויף קריסטן.

די „בית״ר״־טעטיקייט האָט זיך ספּעציעל פאַרשטאַרקט, ווען יצחק ביאַלסקי פון ראַדעם האָט זיך באַזעצט אין שידלאָווצע, וואו ער האָט חתונה געהאָט מיט חיה מאַנדעלמאַן. מיט זיינע גוטע אָרגאַניזיר־פעאיקייטן האָט ער געפירט אַ גרויסע טעטיקייט, איינגעאָרדנט אימפּאָזאַנטע אָנדענק־אָוונטן פאַר ד״ר הערצל און טרומפעלדאָר. ער האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַרן שידלאָווצער „בית״ר״.

נאָך יצחק ביאַלסקין איז בערל אייזענבערג געוואָרן דער מפקד הקן.

בית״ריסטן אין 1932.





שידלאָווצער בית״ריסטן אין סאַדיקער וואַלד.

ער איז אָקערשט צוריקגעקומען פון מיליטער־דינסט ווי אַ סערזשאַנט און ער האָט אַריינגעבראַכט אין קן אַ שטאַרקע דיסציפּלין. ער איז געווען באַליבט ביי די בית״רים און געווען מפקד הקן ביז ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

נאָך אייזענבערגס עליה אין 1935 איז דוד ווסטאָנשקי געוואָרן מפקד הקן. די מפקדה איז באַשטאַנען פון: ליפּע שוסטער, זלמן כוסטעצקי, יאָסל זילבערשטיין און יאָסל דימאַנט.

אין לאָקאַל פון „בית״ר״ זיינען איינגעפירט געוואָרן עברית־קורסן פאַר אָנפאַנגערס. יעדע וואָך איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „לעבעדיקע צייטונג״, ווי אויך קולטור־שמועסן און סתם פאַרוויילונגען.

* * *

אין 1933 איז געשאַפן געוואָרן דער „ברית־החייל״, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אברהם פינקלער.

די אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון יידישע רעזערוויסטן, אויסגעדינטע פון פּוילישן מיליטער. אין אים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַ סך אויסגעדינטע יידישע סאָלדאַטן.

זייער טעטיקייט האָט זיך געפירט אין לאָקאַל פון בית״ר. עס זענען פאָרגעקומען לעקציעס וועגן ציוניסטישער געשיכטע דורך זייער פּעאיקן מפקד אברהם פינקלער. זייער הויפּטאַרבעט איז געווען זיך צו מושטירן מיליטעריש און זיין גרייט זיך צו באַטייליקן אין אַ יידישן לעגיאָן.



מיטגלידער פון בית״ר. אויבן: וועלוול ווסטער, שמואל זאַגדאַנסקי, יאָסל זילבער־שטיין. אונטן: שלמה ראָזענצווייג, יאָסל דימאַנט, קיווע ליבערבוים (אומגעקומען נאָך דער באַפרייאונג אין קיעלצער פּאָגראָם).

אין טאָג זענען געקומען קיין שידלאָווצע פינף מונדירטע אָפיצירן אין אַן אָפענעם אויטאָ, געפאַרבט בלוי־ווייס, מיט דער מנורה פון „ברית־החייל״ אויף ביידע זייטן אויטאָ. זיי זענען געשטאַנען אַ טאָג אין שידלאָווצע אויף זייער וועג קיין ארץ־ישראל. דאָס האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל.



אונטן, פון לינקס: בריינדל צאַלעוויטש, פריידע קופּערמאַן, אסתר האָניגמאַן, אומבאַקאַנט.
אויבן, פון לינקס: גאָלדע קופּערמאַן, אומבאַקאַנט, בריינדל לוסטגאַרטן, ראַשע זאַלצטרעגער, חנהטשע פרידמאַן, אומבאַקאַנט.

**י. זילבערמאַן**

# לינקע און רעכטע פּועלי־ציון

די לינקע פּועלי־ציון האָבן געהאַט אַ גוט־פונקציאָנירנדיקע אָרגאַני־זאַציע און געווען זייער אַקטיוו. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ קענטיקע צאָל יוגנטלעכע. צווישן די אַקטיווסטע לינקע פּועלי־ציון זיינען געווען: אברהם אַביש זאַלצמאַן (דער מעכאַניק), אַלטער זיידענפעלד, יחיאל כץ, ביילע אַפּעל (טענענבוים), רחל אייזענבערג, די ברידער מאַטעס, יואל שיכטער, יצחק מילשטיין (דער רימאַזש), מאיר מאָנק (דער מילנער), וועלוול וואַסערשטיין און פערל טייכמאַן.

די ערשטע גרופּע שידלאָווצער חלוצים, 1917־1918. אויבן, פון רעכטס: משה לעווקאָוויץ, אליעזר אייזענבערג, משה פרידמאַן, אברהם צוקער, שמואל משה ראָזענבוים. אונטן: יחיאל מינץ, פּעלע גאָלדקאָרן, גוטשע סאַפּיר.





אַ גרופּע יוגנטלעכע לינקע פּועלי־ציון.

דער שרייבער פון די שורות געדענקט זיי נאָר דערפאַר, ווייל די לינקע פועלי־ציון, וואָס האָבן אַ געוויסע צייט ניט געהאַט קיין לאָקאַל, האָבן געפירט צו ביסלעך זייער טעטיקייט אין דער דירה פון אברהם אַביש זאַלצמאַן, וואָס איז געווען מיינער אַ פעטער, און איך בין דאָרטן אַרויפגעקומען. איך האָב זיי אויך געקענט פון זייער געמיינזאַמער אַרבעט מיטן „בונד", וואו איך בין געווען טעטיק, ביי שטאָטראַט־וואַלן און ביים אויפשטעלן אַ יידישע שול.

איין מאָל איז אייגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע זומער־פּאַרוויילונג אין סאָדיקער וואַלד, וואָס האָט געהאַט גרויס מאַטעריעלן דערפאָלג. פון אָט דער הכנסה און אַנדערע איינשטייערונגען איז געקויפט געוואָרן אַ גרויס שטיק לאַנד לעבן שעכטהויז, וואו מען האָט געפלאַנט אויפצושטעלן אַ יידיש־וועלטלעכע שול.

די לינקע פועלי־ציון פלעגן אַראָפּברענגען באַקאַנטע פרעלעגענטן, ווי זרובבל, לייב מלאך, יואל מאַסטבוים, ביניש זילבערשטיין און אַנדערע.

* * *



שידלאָווצער חלוצים: משה פריד, אלימלך גרונדמאַן, משה זילבערשטראָז, מענדל לערמאַן, יצחק קורלענדער, הערשל וואַסערשטיין, משה דעלעוויקאָוויץ און זון אשר, ציפּע דעלעוויקאָוויץ, יצחק ציטרין, משה יחיאל שיין.

אין שידלאָווצע זיינען געווען רעכטע פועלי־ציוניסטן, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציע. ערשט אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע און געפירט אַ טעטיקייט. צוגעהאָלפן דערצו האָט דאָס, וואָס חלוצים זיינען געקומען אויף הכשרה און געהאַט אַ קיבוץ ביים באַקאַנטן ציוניסט און נגיד ה. פינקערט. די יידישע באַפעלקערונג האָט געהאָלפן די חלוצים מיט וואָס ס'איז נאָר געווען מעגלעך, באַזונדערס דורך געבן אַרבעט, כדי זיי זאָלן זיך קענען אויסהאַלטן. ניט געקוקט אויף דעם, האָבן זיי דאָך צו ביסלעך אונטערגעהונגערט. געווען צווישן זיי באַוואוסט־זיניקע יוגנטלעכע, יינגלעך און מיידלעך. אין קיבוץ־הכשרה האָט מען געפירט אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט, וואָס האָט זיך אויסגעווירקט אויך אויף אַנדערע ציוניסטישע יוגנטלעכע אין שטעטל. אַ טייל פון זיי זיינען מיט דער צייט עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

צווישן דער בונדישער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע און די קיבוצניקעס זיינען אָפט פאָרגעקומען עפנטלעכע דיסקוסיעס, וואָס פלעגן צוציען אַ גרויסן עולם און אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס.

די אָנפירערס פון די פועלי־ציון זיינען געווען, אויף וויפל איך געדענק: ירחמיאל ערליך, אברהמלע וויעזשביצקי און זיינע שוועסטערס, שלמהלע און פישל קורלענדער, אברהמעלע וואַסערשטיין. דער לעצטער האָט גוט געקענט העברעאיש און געגעבן לעקציעס אין דער שפּראַך. ער איז געווען אַ קאָמאַשן־



אַ גרופּע פועלי־ציון.

אַ גרופּע חלוצים אין 1924.



שטעפער און איך האָב געאַרבעט מיט אים צוזאַמען ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. עס זיינען אויך געווען אַקטיוו: ראָכטשע זאַלצמאַן, ירחמיאל בריקס און גאָלדעלע בריקס — אַלע אין ישראל.

דער פּועלי־ציוניסטישער לאָקאַל איז געווען ביי ישראלקע אייזענבערג אין דער גאַרבעריי. דאָרטן האָבן זיי איינגעאָרדנט פאַרשיידענע אונטערנעמונגען.



אַ גרופּע רעכטע פּועלי־ציון.

מלכה ראָזענצווייג־זילבערמאַן (פּאַריז)

# די מזרחי־פּאַרטיי

די מזרחיסטן האָבן געהאַט אַ שיינע אָרגאַניזאַציע, כאָטש ניט קיין גרויסע. פיל סימפּאַטיקערס און פריינד האָבן די געהאָלפן דורכפירן זייערע אַקציעס. זייער גרעסטער חסרון — זיי האָבן ניט געהאַט קיין יוגנט־באַוועגונג.

זיי זיינען געווען פאַרטראָטן אין דער קהילה און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין קאָמונאַלע און אַלגעמיינע וואַלן.

אַ גרויסע טעטיקייט האָבן זיי געפירט אַרום חדר „מזרחי", וואו מען האָט געלערנט העברעאיש, דיקדוק, תנ"ך און גמרא אויף אַ מער מאָדערנעם אופן, ווי אין די געוויינלעכע חדרים. אין תלמוד־תורה פלעגן די תלמידים פון זייער „חדר" איינאָרדענען פייערונגען חנוכה און פורים, און ל"ג־בעומר פלעגן זיי מאַרשירן צום נאָענטן סאָדיקער וואַלד. אין זייער שול האָבן געקענט לערנען נאָר קינדער פון די בעסער־סיטואירטע בעלי־בתים, וואָס האָבן געקענט צאָלן אַ העכערן שכר־לימוד.



„החלוץ המזרחי" אין 1934.

אין זייער שוללאָקאַל האָבן די מזרחיסטן אויך געהאַט אַן אייגענעם מנין.

דער הויפּט־מנהיג פון שידלאָווצער „מזרחי" איז געווען ירחמיאל בליזשינסקי, אַ גוטער רעדנער. אים האָבן צוגעהאָלפן: בונעם אָפּאַטאָווסקי, הירש־נחמן בלאַטמאַן, דאָזאָר אין קהילה, שלמהלע אייזענבערג, אהרן ליבער־בוים, משה יחיאל שוואַרצפּוטער, פסח שלאַק, דוד אָסטראָוויעצקי, די ברידער משה דוד און שלום שטשענשליווע. אַ סך הילף האָבן זיי געקראָגן פון סימפּאַטיקערס, צווישן זיי אויך מיין פעטער נחמן ווינבערג, וואָס איז אומ־געקומען אין „האָסאַג".

„החלוץ המזרחי". פון לינקס, זיצן: חנטשע כ"ץ, עטל פליכטנטריי, משה בלאַנדער, רחל צוקער, רייזל וויינמאַן. שטייען: יאָסל ברויט־מאַן, גרשון צוקער, שיע אייזענבערג, חיים זילבערמאַן, לייזער מאַשענבערג.





חברות פון „מזרחי".



אַ גרופּע מזרחיסטן.

**משה האַנדשער ע"ה**

# בונדישע טעטיקייטן

אין 1905 בין איך נאָך נישט אַלט געווען קיין 17 יאָר, אָבער איך בין שוין געווען אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט פון „בונד". איך בין געווען אַ שטאַרקער יונג, האָב איך אויפגעשטעלט אין שידלאָווצע אַ „באָיואָווקע", וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו אָרגאַניזירן די שניידערס, שוסטערס, קנעפל־מאַכערס און קאַמאַשן־שטעפּערס.

אין שידלאָווצע האָבן מיר געהאַט צוויי פאַבריקן, וואו דאָרטן האָבן גע־אַרבעט כמעט נאָר מיידלעך. אין איינער פון אָט די פאַבריקן, אין לייזער רעדליכס פאַבריק, האָבן מיר ניט געהאַט קיין שוועריקייטן, ווייל דאָרטן האָט געאַרבעט דער בונדישער אַקטיוויסט אברהם בליכער און ער האָט די אַרבעט דורכגעפירט.

די שווערסטע אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן האָבן מיר געהאַט אין אברהם יעקב ראַנטשקיערס פאַבריק. מיר האָבן געפאָדערט אַן 8־שעהדיקן אַרבעטסטאָג פאַר די אַרבעטערס, אין קעגנפאַל וועלן זיי אַרויס אין שטרייק. אָבער אברהם יעקב האָט ניט געוואָלט אפילו ריידן מיט אונדז. איין טאָג זיינען משה טענענ־



צוזאַמענפאָר פון שידלאָווצער „צוקונפט" אין ראַדעם.

אַ גרופּע „צוקונפט“ חברים.





אַ גרופּע שידלאָווצער צוקונפטיסטן מיט ראָדעמער חברים.

בוים, יאַנקל טענענבוים, יאַנקל גלאַס, מיין ברודער אריה און איך אַריין אין זיין פאַבריק און דאָרטן אָנגעמאַכט אַ חורבן.

אונדזער אַרבעט האָט אַרויסגערופן די גרעסטע קעגנערשאַפט ביי די חסידים. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן, אַז מען זאָל אַריינלייגן אין חרם די עלטערן פון די אַקטיווע בונדיסטן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט געווען אַן עקאָנאָמישער טויטקלאַפּ פאַר זיי. דער הויפּט־אָנפירער אויסצורופן אַזאַ חרם איז געווען דער פאַרברענטער חסיד איציק כהן. ער צוזאַמען מיט אברהם ראָנטשקיער און נתן ‏שטערן האָבן איבערגערעדט דעם אַלטן רב, אַז ער זאָל דורכפירן דעם חרם. שבת אין דער פרי זיינען געקומען אין בית־מדרש הונדערטער חסידים. פון אונדזערע זיינען געווען אַ 15 מאַן, וואָס זיינען געקומען וואָרענען, אַז מען זאָל ניט אויסרופן דעם חרם. די חסידים זיינען אונדז באַפאַלן. אברהם איצקאָוויטשן האָבן זיי שרעקלעך צעשלאָגן. מיר זיינען אָפּגעטראָטן, אָבער מיט מערער חברים האָבן מיר זיך צונויפגעזאַמלט אויפן מאַרקפּלאַץ. אין דער צייט איז אונדז פאַרבייגעגאַנגען דער דערמאָנטער איציק. מיר האָבן אים אָפּגעשטעלט, האָט ער אָנגעכאַפּט יומע גלאַס ביים קאָפּ און אים געריסן די



גרופּע צוקונפטיסטן. אויבן, פון רעכטס: פּרץ מאנעלא, ישראלקע פרידמאַן, גטע דאַווידמאַן, חיהלע גוטמאַן (פרידמאַן), חווה כ״ץ, ברוך באַך, בינע גאָלדבערג (שטאַרק), יאָסל שטאַרק, לייבל שטאַרק, כינקע וואַסערשטיין, הערשל קויפמאַן, יקותיאל גוטמאַן. איינער — ניט אידענטיפיצירט.

האָר. עס זיינען אויך אַרויסגעלאָפן זייער פיל חסידים פון בית־מדרש און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסער געשלעג. איין חבר אונדזערער, בערל ביעגאַץ, האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אויסגעשאָסן אין דער לופטן. איז צוגעלאָפן צו אים איציק דער חסיד און געוואָלט אַרויסכאַפּן דעם רעוואָלווער פון אים. אין געראַנגל האָט דער רעוואָלווער אויסגעשאָסן און איציק איז געפאַלן אַ טויטער.

אויף מאָרגן זיינען אונדז געקומען צו הילף חברים פון ראָדעם, ווי אויך מיטגלידער פון פּפּ״ס. מיר האָבן פאַרלאַנגט פון רב אַראָפּצונעמען דעם חרם און ער האָט אַזוי געטאָן.

אָבער קיין שלום צווישן אונדז און די חסידים איז דערפון ניט געקומען. אַ פרייטיק צו נאַכטס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין שטעטל קאָזאַקן מיט דראַגונער, געגאַנגען אין די הייזער לויט אָנווייזונגען פון מוסרים און אין מיטן נאַכט אַרעסטירט אַ סך פון אונדז. איך בין געווען איינער פון זיי.

מען דאַרף נאָך באַמערקן, אַז אין 1905 איז דער אומלעגאַלער „בונד״ אין שידלאָווצע געווען גוט באַוואָפנט און מיר האָבן געהאָלפן אויסמיידן אַ פּאָגראָם, וואָס מען האָט זיך געגרייט דורכצופירן.



פון לינקס: יודל מידליאַרסקי, אהרן שיכטער, לייבוש שטאַרק מיט זיין ברודערל יחיאל.

**הערשל גלאָס** (פּאַריז)

# אונדזער פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג

שידלאָווצע איז געווען אַן אינדוסטריעל שטעטל. עס זיינען דאָרטן געווען פאַבריקן, וואו עס האָבן געאַרבעט יידישע און קריסטלעכע אַרבעטערס. אין אומאָפּהענגיקן פּוילן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די יידישע אַרבעטערס זיך אָרגאַניזירט אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. צום בעסטן זענען געווען אָרגאַניזירט די יידישע שוך־אַרבעטערס. עס איז דעמאָלט געווען אַ גוטע קאָניונקטור און אַ סך יונגטלעכע האָבן זיך גענומען אויסלערנען דעם פאַך.

די עקספּלואַטאַציע איז געווען גרויס. מען האָט געאַרבעט ביי טאָג און ביי נאַכט ביי די נידעריקסטע לוינען. די יינגערע אַרבעטערס זיינען אויסגענוצט געוואָרן פון זייערע עלטערע חברים. האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוגנט־סעקציע ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וואו זי האָט געהאַט אירע פאַרשטייערס אין דער פאַרוואַלטונג.

די יינגערע אַרבעטערס האָבן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אָנהייבן אַן אַקציע פאַר העכערע לוינען און איינפירן אַן 8־שעהדיקן אַרבעטסטאָג. דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן. די עלטערע אַרבעטערס האָבן געהאַלטן, אַז די פאַבריקאַנטן זענען רייך און שטאַרקער פון אונדז און מען מוז וואַרטן אויף בעסערע צייטן.

די בונדיסטישע פּאַרטיי האָט ביי אונדז געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף די יידישע אַרבעטערס און בעלי־מלאכות. זי האָט געהאַט גוטע פּראָפעסיאָנעלע טוערס. צום באַדויערן, האָבן אַ טייל פון זיי געזוכט צו ווערן פאַבריקאַנטן און אַזוי אַרום פאַרוואַרלאָזט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

אַ גרויסע ענדערונג איז ביי אונדז פאָרגעקומען מיטן אַנטשטיין פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זי האָט באַקומען אַ גרויסע השפעה נישט בלויז אויף די אַרבעטערס, נאָר אויך אויף די האַנטווערקערס. זי האָט איבערגענומען דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די שוך־אַרבעטערס און אונטער איר אָנפירונג האָבן די אַרבעטערס אויסגעקעמפט העכערע לוינען.

די פּוילישע פּאָליציי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג ווערט אָנגעפירט דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און זי האָט אָנגעהויבן שטאַרקע רדיפות קעגן די טוערס פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אַ סך פון זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אָבער די אַרבעט איז דאָך ווייטער אָנגעגאַנגען.

**הערשל ראָזענצווייג (פּאַריז)**

# קעמפערישע אַרבעטער־פאַראיינען

בדרך כלל פלעגט די מאַכט דערלויבן דורכצופירן ערשטער־מיי דעמאָנ־סטראַציעס, ווען זייערע אָרגאַניזאַטאָרן פלעגן זיין לעגאַלע פּאַרטייען אָדער פאַראיינען. אין 1931 איז אָבער אַזאַ דעמאָנסטאַציע פאַרבאָטן געוואָרן. מען איז זיך דעמאָלט צונויפגעקומען אין לאָקאַל פון לעדער־פאַראיין צו באַטראַכטן וואָס צו טאָן. דעם פאָרזיץ האָט געפירט זיינוול קאַץ. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן די מיי־דעמאָנסטראַציע, ניט קוקנדיק אויפן פאַרבאָט פון פּאָליציי. אין מאַרש איז אַרויסגעהויבן געוואָרן אַ רויטע פאָן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די פּאָליציי האָט דערנאָך צעטריבן די דעמאָנסטראַנטן און דורכגעפירט אַרעסטן.

נאָך שיע פרידמאַנס באַפרייאונג פון טורמע איז פאָרגעקומען אַ שמחהלע אין הויז פון יאַנקעלע בעדער. אַלע זיינען פאַרוואונדערט געוואָרן, ווען אַהין האָט זיך אַריינגעלאָזן מאיר קאָריטקא, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר. שיע האָט אויפגערעגטערהייט אים געהייסן גלייך פאַרלאָזן דאָס הויז.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט די אָנפירערשאַפט פון דער אָרטיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי באַשלאָסן מיך צו באַשטימען אויפן אָרט פון שאול שטערנשאָס, וואָס האָט געמוזט „אָפּציען" צוליב דער פּאָליציי. אָבער איך האָב זיך אויך ניט געטאָרט וואַרפן אין די אויגן, ווייל די פּאָליציי האָט אויך מיך געקענט. בונים הירשמאַן האָט דעם זעלביקן אָוונט מיך אַריינגעפירט אין דער דירה פון שטומען יאָסע און דאָרט מיך „איינגעקוואַרטירט". יאָסע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען געלט פאַר זיין ביי אים.

מענדל הירשמאַן, בונעמס פאָטער, איז אַליין געווען אַן אַרבעטער און אַ בונטאַר. זיינע קינדער האָבן געהערט טייל צום „בונד" און טייל צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָבער אין שטוב האָט געהערשט פולע טאָלעראַנץ.

מיט דער צייט זיינען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין שטעטל אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ווען איך בין געקומען צוריק קיין שידלאָווצע, נאָך אַ לענגערער צייט זיין אויסן, האָב איך אויסגעפונען, אַז איינער מיטן נאָמען שלעווינסקי פירט דאָרטן די גרענדע. די „געזעסענע" און גערודפטע פירנדיקע מענטשן זיינען געווען צעלאָפן.

לויט דער איניציאַטיוו פון שיע ראָנטשקע, האָט די פירערשאַפט פון דער ראַדעמער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אַראָפּגעשיקט קיין שידלאָווצע די

חברים ביינוש קאָוואַל און קאָוואַלטשיק. אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג, צום ערשטן מאָל מיט דער באַטייליקונג פון פוילישע אַרבעטערס, איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די שיך־אַרבעטערס. ווי זייער פאַר־זיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן ווילטשינסקי. מען האָט אַרויסגעשטעלט אַ ריי עקאָנאָמישע פאָדערונגען צו די פאַבריקאַנטן. מיט דער מערהייט פון זיי איז מען ווי ס׳איז דורכגעקומען. דער פאַבריקאַנט שטשענשליווע האָט זיך געהאַט איינגעשפּאַרט, אָבער נאָך אַ שטרייק אין זיין פאַבריק האָט ער אויך נאָכגעגעבן.

אַ צווייטער פאַבריקאַנט, ווסטאָנשקע, האָט זיך אויך איינגעעקשנט און ניט געוואָלט נאָכקומען די באַדינגונגען פון אַרבעט. די איבעריקע פאַברי־קאַנטן האָבן זיך געקלאָגט ביים פאַראיין, אַז צוליב דעם קענען זיי ניט קאָנקורירן מיט אים. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק אין זיין פאַבריק. ווסטאָנשקע האָט געוואָלט אונדז איבערכיטרעווען דורך פּרוּוון צוגרייטן די נייטיקע מאַטעריאַלן פאַר אים אין אַנדערע שטעט. אָבער איך בין אים נאָכגעפאָרן אַזש ביז וואַרשע און פון זיינע אַלע פּלענער האָט זיך אויסגעלאָזן אַ רויך — און דער שטרייק איז געוואונען געוואָרן.

געווען אויך קאָנפליקטן, וואָס זיינען אויפגעקומען צווישן אַרבעטערס און אַרבעטערס. אַזאַ איז געווען די מעשה מיט די לערן־יינגלעך. מאָטע וועסטער האָט איין שבת צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון היים־אַרבעטערס און פאָרגעלייגט אָפּצושאַפן די אַרבעט פון יוגנטלעכע, ווייל אַזוי איז אויך פאַראַן אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. איך בין אויך געווען פאַרבעטן צו יענער פאַר־זאַמלונג און ווי אַ פּראָטעסט קעגן אַזאַ באַשלוס האָב איך פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג.

אין דער זעלביקער צייט איז צו מיר געקומען אַ חברה יוגנטלעכע און מיר געמאָלדן, אַז נאָטע לייבוש פעלדמאַן רופט אין „בונד" אַ מיטינג פון יוגנטלעכע מיטן ציל צו אָרגאַניזירן אַ יוגנט־סעקציע. אין עטלעכע טעג אַרום איז אַראָפּגעקומען אַ פאַרטרעטער פון „בונד" צו באַטראַכטן דעם ענין. אויך איך האָב זיך באַטייליקט אין אַ פאַרזאַמלונג מיט אים. דער שליח פון „בונד" האָט אָבער זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פּלאַן פון שאַפן אַ יוגנט־פאַראיין, אַזוי אַרום איז דער קאָנפליקט ליקווידירט געוואָרן.

גיך זיינען אָבער אַלע קאָנפליקטן איינגעשטילט געוואָרן — צוליב היטלערס אָנפאַל אויף פוילן. איך און נאָך אַנדערע האָבן דורך פיל אומוועגן און אַ סך געפאַרן זיך דערשלאָגן צו דער סאָוועטישער גרענעץ.

משה הערשמאַן (ישראל)

# אונטער פּאָליציייאישע רדיפות



מיטן אויפקום פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער אַרבעטער־קלאַס אין שידלאָווצע, ווי אין אַ סך אַנדערע פּוילישע שטעט, געוואָרן מער אַקטיוו אין פּאָליטישן לעבן. אַ דאַנק דער טעטיקייט פון די פאַרשיידענע אַרבעטער־פּאַרטייען האָט זיך געשטאַרקט דער סאָציאַל־פּאָליטישער באַוואוסטזיין פון די אַרבעטערס, בתוכם אויך פון די יידישע.

די השפּעה אויף די יידישע אַרבעטסמענטשן אין שידלאָווצע האָבן בעיקר געהאַט דער „בונד", „פּועלי־ציון" און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

מיטן „בונד" האָבן אָנגעפירט אברהם בליכער, שבתי לאַקס, שיע אָפּאַטאָווסקי, בינע מיט איר ברודער משה פרישמאַן. בראש פון די פּועלי־ציון זיינען געשטאַנען אברהם אבוש זאַלצמאַן, יחיאל כ"ץ, יאָסל טענענבוים און אַנדערע, וואָס איך געדענק ניט זייערע נעמען, און אין שפּיץ פון די קאָמוניסטן — ראובן צוקער, פישל צוקער, אָשר פרענקל, הערשל צוקער, שיע פרידמאַן. שפּעטער האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער אָרטיקער קאָמוניסטישער אָנפירערשאַפט שאול שטערנשאָס, משה הערשמאַן, אברהם ראָזענצוויג, הערשל ראָזענצווייג און אַנדערע.

איך האָב געאַרבעט אין דער קנעפּ־אינדוסטריע, וואו די פּועלי־ציון האָבן תחילת געהאַט אַ קענטיקע השפּעה. דער גרעסטער טייל יוגנט איז



ברוך באַך, קאָמוניסט (געשטאָרבן נאָכן אַרויסגיין פון תפיסה) מיט יקותיאל גוטמאַן.

געווען באַווירקט פון „בונד". די פּועלי־ציוניסטן האָבן פאַרלאָרן זייער ווירקונג נאָך דעם ווי מען האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אַלגעמיינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

די קולטור־אַרבעט פון די אַרבעטערס איז בעיקר געפירט געוואָרן אין די „קרייזלעך". אין דער הויפּט קולטור־קאָמיסיע זיינען געווען טעטיק יאַנקל טענענבוים, שיע פרידמאַן, בינע פרישמאַן, משה הערשמאַן און אַנדערע. עס זיינען אויך פאָרגעקומען גרעסערע פאַרזאַמלונגען. אויף אַזאַ סאָרט פאַר־זאַמלונג אין 1924 איז געקומען פּאָליציי און אַרעסטירט אַ סך באַטייליקטע. טייל פון זיי האָבן דערנאָך געקראָגן תפיסה־שטראָפן אויף עטלעכע יאָר. דאָס איז פאַקטיש געווען אַ פּראָוואָקאַציע פון דער פּאָליציי. נאָך די אַרעסטן האָט די מאַכט געשלאָסן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. שפּעטער האָט מען די אַרבעט געפירט אונטערן צודעק פון פאַרשיידענע לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט מיט דער צייט געוואונען שטאַרקע פּאָזיציעס אין שידלאָווצע און אין פאַרשיידענע וואַלאַקציעס האָבן זיי געצויגן זייער פיל שטימען. אין אירע רייען זיינען אויך געווען אַ סך פּאָליציי־קרבנות. אין 1931 זיינען ביים דורכפירן אַן אַקציע אַרעסטירט געוואָרן משה אידל און זיין ברודער לייבוש־יאָסל ראָזענבלום, שמואל כוסטעצקי, אברהם ראָזענצווייג, יצחק ראַבינאָוויטש, זאַוול כ"ץ און אַנדערע. איך אַליין בין געוואָרן אַ פּאָליטישער עמיגראַנט — וואָס דאָס האָט געמיינט צו לעבן אין די ערגסטע באַדינגונגען און אין שטענדיקער געפאַר געכאַפּט צו ווערן פון דער פּאָליציי.

אין צייט פון היטלער־קריג בין איך געווען אין סאָוועט־רוסלאַנד, נאָך דעם צוריקגעקומען קיין פּוילן און אין 1957 אָפּגעפאָרן קיין ישראל.

**אברהם פינקלער (טאָראָנטאָ)**

# דער „ביקור־חולים"

עטלעכע וואָכן נאָך מיין אָנקומען קיין שידלאָווצע אין 1930, ווי אַ לערער פון יידישער רעליגיע אין אָרטיקע מלוכה־שולן, באַשטימט דורכן שול־קוראַטאָריום אין קראָקע, האָבן זיך צו מיר געווענדט דוד אַסטראָוויצקי, הערשל ווּעסטער און חיים באַך און מיר איבערגעגעבן די ווייטערדיקע געשיכטע:

„אין אונדזער שטאָט", האָבן זיי געזאָגט, „געפינט זיך אַ באַשטעטיקטע דערלויבעניש אויף אַ „ביקור־חולים". צום באַדויערן, איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג פון עטלעכע אָרטאָדאָקסישע יידן און די טעטיקייט איז כמעט אַ נישטיקע".

זיי האָבן פאַרגעלייגט צו רעאָרגאַניזירן די אינסטיטוציע דורך איינלאָדן יידן פון אַלע שיכטן צו אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג און באַשליסן וועגן דעם.

נאָכן אויסהערן דעם געוויעם באַריכט, האָב איך זיי צוגעזאָגט מיט דעם ענין זיך געבוי צו פאַראינטערעסירן. עס איז אָבער געווען נישט קיין לייכטע אונטערנעמונג, ווייל פאַקטיש האָט מיט דער אינסטיטוציע אָנגעפירט איין מענטש — אַ פיינער, איידעלער ייד, ר' חיים־הערש בלאַנדער. ער האָט געהאַט אין זיין הויז אַ שענקעלע מיט רפואות — דער גרעסטער טייל היימיש־פּראָדוצירטע — און עס איז אים פשוט געווען שווער זיך מיט דעם צו שיידן. נאָך פאַרשיידענע אינטערווענצן און אונטערהאַנדלונגען אין משך פון עטלעכע חדשים, האָט ער דאָך מסכים געווען אַרויסצוגעבן די דערלויבעניש מיטן באַדינג, אַז אין דער פאַרוואַלטונג זאָלן פאַרבלייבן פאַרשטייערס פון דער „אגודה", שלמה נייבערג, חיים־הערש בלאַנדער און דוד נייבערג.

מיר האָבן דעם פאַרשלאַג אָנגענומען און גערופן אַן אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונג, וואָס האָט אויסגעקליבן: דוד אָסטראָווויצקי — פאָרזיצער, אברהם פינקלער — וויצע־פאָרזיצער, וועסטער — קאַסירער, פסח שלאַק — געהילף קאַסירער, פיניע קויפמאַן — סעקרעטאַר; עקזעקוטיווע: הערשל וועסטער, שלמה נייבערג, משה יחיאל שוואַרצפוטער, דוד נייבערג, חיים־הערש בלאַנדער.

דאָס פּרעזידיום האָט גלייך אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג מיט די געהעריקע אויפקלערונגען וועגן פאַרוואַנדלען דעם „ביקור חולים" אין אַן אומפּאַרטייאישער פילאַנטראָפּישער הילף־אָרגאַניזאַציע פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. דאָס פּרעזידיום האָט אויך באַשטימט, אַז די הכנסה זאָל באַשטיין פון: 1) וועכנטלעכע מיטגליד־אָפּצאָלן, וואָס אונדזער אינקאַסענט וועט איינמאָנען יעדער פרייטיק; 2) איינאָרדענען פאַרשיידענע אימפּרעזעס; 3) מעדיציינישע לעקציעס.

דאָס פּרעזידיום האָט זיך גלייך פאַרשטענדיקט מיט די צוויי יידישע דאָקטוירים, ד"ר טאַדאַניער און ד"ר דימאַנט, וועגן בחינמדיקע וויזיטן פאַר אָרעמע קראַנקע. מען איז אויך געקומען צו אַ הסכם מיט דעם שטאָטישן אַפּטייקער קאָוואַלסקי און מיטן „סקלאַד אַפּטעטשני"־אייגנטימער, עדוואַרד גאָלדזאַמד, אַז זיי זאָלן די געשטעמפּלטע רעצעפּטן דורכן „ביקור חולים" אַרויסגעבן אָרעמע אין גאַנצן אומזיסט.

דאָס פּרעזידיום האָט אויך באַשטימט איינצואָרדענען אין דער נאָענטער צוקונפט אַן עלעקטראָ־מעדיצינישע קליניק — מיט קווארצלאָמפּן, זונשטראַלן און אולטראַ־וויאָלעט איינהייטן.

עס האָט נישט לאַנג גענומען און דער אַפּאַראַט פון דער געזעלשאַפט איז געווען אין פולן שוואונג. דוד אָסטראָוויצקי איז געווען אַן אינטעליגענטער און ענערגישער טוער, וועלכער האָט משפיע געווען אויף אַנדערע זיך אַריינ־צוּוואַרפן אין דער אַרבעט מיט דעם גרעסטן ענטוזיאַזם. אים האָבן דאָ מיט־געהאָלפן אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: פּיניע קויפמאַן — אַ שניט־סוחר, איינער פון די „זיידענע יונגעלייט"; שמערל באַטשאַן — בוכ־האַלטער פון „באַנק קופּיעצקי", אַ יונגערמאַן אַן „אויפגעקלערטער", אַ זון פון ר' ישעיה־מרדכי שוחט, אַ ייד אַ „שם דבר"; משה יחיאל שוואַרצפּוטער — אַ ייד אַ סוחר, וואָס האָט געטאָן זיין אַרבעט באמונה שלימה — אַרומגעלאָפן גאַנצע טעג איבער די שטיבער, כדי צו קלייבן פאָנדן פאַר דער יערלעכער לאָטעריי; ר' שלמה נייבערג — אַ שאַרפער גערער חסיד, פירער פון דער „אגודה", ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט, אייגנטימער פון אַ גילזן־פאַבריקל; הערשל וועסטער, חיים באַך, פסח שלאַק — באַלעבאַטישע יידן, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן אַ סך צייט פאַרן „ביקור־חולים". דאָס פּרעזידיום האָט זיך געענדערט פון צייט צו צייט, אָבער די אינסטיטוציע איז זיך געגאַנגען איר אויסגעטראָטענעם וועג.

די מעדיצינישע לעקציעס זענען פאַרגעקומען אין שטאָטישן קינאָ און זענען שטאַרק באַזוכט געוואָרן אויך פון דער פּוילישער אינטעליגענץ, דעריבער זענען זיי געפירט געוואָרן אין דער פּוילישער שפּראַך, אונטערן פאָרזיץ פון אברהם פינקלער. די פּרעלעגענטן זענען געווען ד"ר טאַדאַניער (געבוירן אין גאַליציע), ד"ר דימאַנט, אַ בן־עיר און אויך 2 דאָקטוירים פון סקאַרזשיסק.

גלייך ווי די קאַסע האָט אַריינבאַקומען די ערשטע געלטער, האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן איינצוקויפן די אַלע נייטיקע מכשירים פאַר דער עלעקטראָ־מעדיצינישער קליניק. מען האָט דעלעגירט נאָך וואַרשע אברהם פינקלער, וואָס האָט מיט דער הילף פון „טאָז" און אַנדערע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס איינגעקויפט די נייטיקע מעדיצינישע אינסטרומענטן. מען האָט געדונגען צוויי צימערן אין הערשל וועסטערס הויז און איינגעאָרדנט די מעדי־צינישע קליניק, וואָס האָט באַדינט פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל אויך קריסטלעכע פּאַציענטן, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער מעדיצינישער אנשטאַלט פון דעם מין אין שידלאָווצע.

די דערעפענונג פון דעם עלעקטראָ־מעדיצינישן קאַבינעט איז פאָרגע־קומען אין אַ זייער פייערלעכער שטימונג מיטן אָנטייל פון ידישע און קריסט־לעכע פאָרשטייערס. ווי דער ערשטער פאָרזיצער פון קאַבינעט איז געווילט געוואָרן אברהם פינקלער.

די געזעלשאַפט האָט פונקציאָנירט ביז דער לעצטער מינוט פון דער עקסיסטענץ פון דער יידישער קהילה אין שידלאָווצע.

**משה בלאַנדער** (בני ברק)

# די געהיימע אַפּטייק

„דער אַפּטייקער" — אַזוי האָט מען גערופן חיים הירש בלאַנדער, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט זיין טעטיקייט צו שאַפן מעדיצינישע הילף פאַר דער באַפעלקערונג פון אונדזער שטאָט.

אַנגעהויבן האָט עס זיך מיטן גרינדן אַן אַנשטאַלט מיטן נאָמען „לינת הצדק". צווישן די גרינדערס זענען אויך געווען פסח שלאַק און ישראל משה אהרנס בערלינסקי. דער מוסד האָט זיך געפונען ביי חיים הירש בלאַנדער אין שטוב.

תחילת האָט דער אַנשטאַלט אויסגעבאָרגט פאַרשיידענע כלים פאַר קראַנקע. שפּעטער האָט ער פאַרברייטערט זיין הילף און געגעבן הנחות אויף רעצעפּטן און אויך אַ דאָקטאָר אָדער אַ פעלדשער אומזיסט.

געווען איז דאָס נישט לאַנג נאָכן ערשטן וועלטקריג. די אָרעמקייט איז געווען זייער גרויס, די באַדערפענישן זענען געווען נאָך גרעסער און די הכנסות ווייניק.

צו יענער צייט האָט דער קאָמיטעט פון „לינת הצדק" געשאַפן אַ געהיימע אַפּטייק און דורך דעם אויסגעברייטערט די מעדיצינישע הילף. די זאַך איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַר.

חיים הירש האָט געהאַט אַ גרויסע דירה, מיט געהיימע קאַמערן, און ער האָט אַריינגענומען צו זיך דאָס געהיימע אַפּטייקל. נויט־באַדערפטיקע יידן האָבן דאָרטן באַקומען מעדיצינען פאַר גאָר ביליקע פרייזן און אָפט אויך אין גאַנצן אָן געלט.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט. דאָס האָט ניט „געשמעקט" דעם קריסטלעכן אַפּטייקער אין שטעטל און ער האָט געזוכט מיטלען, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער קאָנקורענץ. איין פרייטיק איז דאָס הויז פון חיים הירש געוואָרן פּלוצעם אַרומגערינגלט דורך פּאָליציי און געהיים־אַגענטן. זיי האָבן גענומען נישטערן איבער אַלע צימערן, אַריינגעקוקט אין אַלע לעכער פון הויז — אָבער גאָרנישט געפונען.

די יידן, וואָס האָבן שוין געוואוסט פון דער גאַנצער מסירה, האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

* * *

איך וויל דערמאָנען די קינדער פון חיים הירש בלאַנדער, וואָס האָבן געהאָלפן מיט מסירת־נפש אין דער אַפּטייק־אַרבעט און שפּעטער אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדערס: איטקע שטיינמאַן, רבקה שאטלאַנד, משה שכנא און שמואל.

**וואָלף אייזענבערג**

# די צוויי בענק

די „באַנק קופּיעצקי" איז געשאַפן געוואָרן אַרום 1925. איר דירעקטאָר איז געווען מרדכי ווערטהיים. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון מאָטל אייזענבערג, שלמה אייזענבערג, חיים גאָלדבערג א"א.

די באַנק האָט ניט לאַנג עקסיסטירט. די דירעקציע, משמעות, איז געווען ניט קיין גוטע.

אַ טייל מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג אין „באַנק קופּיעצקי" האָבן געגרינדעט די „באַנק לודאָווא", געבויט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. זי איז געווען פאַרבונדן מיטן קאָאָפּעראַציע־צענטער אין וואַרשע. איר דירעקטאָר איז געווען: פנחס שטיינמאַן. אַקטיוו אין איר זיינען געווען: ישראל צוקער, מאָטל אייזענבערג, שלמה אייזענבערג, פסח מאַנדל.

„באַנק לודאָווא" האָט פיל געהאָלפן דעם קליינעם מענטשן דורך קליינע הלוואות.

יעקב ראָטבאַרד (ישראל)

# משה יחיאל שוואַרצפוטער



משה יחיאל שוואַרצפוטער האָב איך באַגעגנט אין יאָר 1945, בעת מיין קומען קיין ארץ־ישראל, ווי דער ערשטער שידלאָווצער לעבן־געבליבענער פון דעם שרעקלעכן חורבן.

איך בין אויפגענומען געוואָרן דורך משה יחיאלן אין אַזאַ פאָרעם, אַז עס האָט מיך מאָראַליש אויפגעמונטערט צו שטעלן די ערשטע טריט צו אַ נייַ לעבן.

אַזוי איז געווען משה יחיאל פאַר אַלע שידלאָווצער עולים אין ארץ־ישראל. ער האָט מיט איבערגעגעבנקייט געהאָלפן יעדערן אין די ראַמען פון דער דעמאָלטיקער שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט.

מיט אָט דעם גייסט פון איבערגעגעבנקייט האָט ער מיטגעריסן זיינע אַלע מיטהעלפערס אין דער שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל און אין דער גאָרער וועלט. ער איז געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אַלע שידלאָווצער, געוועקט צו קעגנזייטיקער הילף, געהאַלטן טייער יעדע שייכות מיט דער אַלטער היים.



משה יחיאל שוואַרצפוטער און משפחה.

משה יחיאל איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט פּראָקלאַמירט דעם פּלאַן פון שרייבן אַ יזכור־בוך. ער האָט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דעם יזכור־בוך ווי אַן אייביקן דענקמאָל נאָך דער פאַרשניטענער יידישער שידלאָווצער קהילה. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט און גענומען זאַמלען וואָס מער מאַטעריאַלן. ער האָט אַליין געשריבן, געוועקט און געשטויסן אַנדערע צו פאַרווירקלעכן דאָס אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך, זייענדיק איבער־צייגט, אַז די צייט דרינגט, און אויב נישט מיר, ווער ווייסט ווער עס וועט דאָס טאָן.

צו אונדזער גרויסן באַדויער, איז משה יחיאל געשטאָרבן דעם 6טן יוני 1971, נישט דערלעבנדיק צו זען דעם טרוים פון זיין לעבן — דאָס שידלאָווצער יזכור־בוך.

* * *

## אלעזר לעווין (ישראל)

אין 1946 האָט משה יחיאל שוואַרצפוטער זיך דערוואוסט דורך דער יידישער אַגענץ, אַז די ערשטע לעבן־געבליבענע קינדער פון שידלאָווצע דאַרפן קומען פון איטאַליע. דאָס זיינען געווען: צוויי טעכטער פון יחיאל אַדלער, אברהמעלע ברוך זאָקענס צוויי אייניקלעך, אברהמעלע בערגמאַנס טאָכטער, דעם טויבן כאַצקלס אַן אייניקל און מיין יינגערע טאָכטער רבקה לעווין.

משה יחיאל האָט שוין נישט גערוט. ער האָט זיך איינגעשפּאַנט מיט זיין גאַנצן כוח און גענומען זיי זוכן, ווייל פון דער שיף זיינען זיי געוואָרן צעשיקט דורך דער עליית הנוער אויף פאַרשיידענע פונקטן אין לאַנד.

די וועגן אין ארץ־ישראל זיינען דעמאָלט געווען אין גרויסע געפאַרן. אַראַבער פלעגן אָפט באַפאַלן יידן. אָבער משה יחיאל האָט ריזיקירט מיט זיין לעבן און געגאַנגען זוכן די אָפּגעראַטעוועטע יידישע קינדער פון זיין שטעטל.

סוף 1948, ווען איך בין געקומען קיין ישראל, בין איך אַוועק צו משה־יחיאלן. זיין ערשטע פראַגע איז געווען: „אלעזר, האָסט עפּעס געלט?" און ער האָט גלייך געזען, אַז איך זאָל באַקומען אַ הלוואה פון שידלאָווצער גמ"ח.

אין 1950 בין איך קראַנק געוואָרן און געלעגן דריי חדשים אין שפּיטאָל,

וואו איך האָב דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע. משה יחיאל און ר׳ בונעם אָפּאַטאָווסקי האָבן זיך געביטן ביי מיין בעט, ביז דער קריזיס איז אַדורך.

סוף 1950 האָט מיין טאָכטער געדאַרפט חתונה האָבן. דער בחור האָט אָבער געפאָדערט פון מיר צו שטעלן אַ שיינע חתונה — און איך האָב דעמאָלט נאָך קיין גראָשן ניט געהאַט. בין איך אַוועק צום „טאַטן" משה יחיאל און דערציילט אים די געשיכטע. משה יחיאל קלערט נישט קיין סעקונדע, ער ציט אַרויס פון זיין קעשענע אַ פּאָר הונדערט פונט און זאָגט: „קום, איך וועל דינגען אַ חתונה־זאַל און מאַך אַ גרויסע שמחה. אַז דו וועסט אַרבעטן, וועסטו מיר אַלץ באַצאָלן".

דאָס איז געווען משה יחיאל שוואַרצפּוטער.

פּיניע מאָרגענשטערן ע"ה (ריאָ)

# ירחמיאל חיים בליזשינסקי



געוואוינט האָב איך אַ טיר אין אַ טיר מיט דעם פּרעזידענט פון דער שידלאָווצער מזרחי־אָרגאַניזאַציע ירחמיאל חיים בליזשינסקי. איך געדענק נאָך זייער גוט זיין ברייט בייניקע, מיטל־וואוקסיקע געשטאַלט און זיין קלוגן שמייכל.

כאָטש אידעאָלאָגיש זיינען מיר געווען זייער וויט איינער פון אַנדערן, האָט דאָס אונדז נישט געשטערט צו אונדזער פריינדשאַפט. מיר זיינען שטענדיק געווען טאָלעראַנט איינער צום צווייטן. ער איז געווען נאַציאָנאַל־רעליגיעז געשטימט, אָבער האָט שטענדיק מיטגעוויטיקט מיט די געדריקטע.

עס געדענקט זיך מיר אַן עפּיזאָד מיט בליזשינסקין. אין אַ שבתדיקן זומערטאָג קומט ער אַריין צו מיר און זאָגט מיר, אַז פאַר נאַכט וועט רעדן אין בית־מדרש דער באַקאַנטער מנהיג פון „מזרחי", הרב ר׳ מאיר שאַפּירא פון לובלין. „ווי לאַנג דו לעבסט האָסטו נאָך אַזוינס נישט געהערט". איך האָב זיך געלאָזט איינרעדן און אַוועק הערן דעם באַוואוסטן רעדנער.

אין בית־מדרש איז מען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. פאַר מעריב הייבט אָן דער גאַסט זיין רעדע. ער מאָלט בילדער פון יידישע יונגעלייט, וואָס זיינען געפאַלן אין דער מלחמה פאַר פרעמדע פעלקער און ער פרעגט: „פאַר וועמען געפאַלן?"

דער עולם ווערט מיטגעריסן מיטן רעדנערס טרויעריקן וואָרט. ניט איין טרער ווערט אַראָפּגעשלונגען און ניט איין זיפץ ווערט פאַרשטיקט. ער שילדערט מיט בטחון, אַז „פון מזרח גייט אויף אַ ליכט, אַ יידיש לאַנד ווערט געבויט. מיר גייען ווערן אַ פאָלק מיט פעלקער צו גלייך. מיר וועלן נישט מער זיין פאַרשקאָלפּט ביי פרעמדע. דאָס וואָרט 'זשיד' וועט נישט מער געהערט ווערן. אונדזערע קינדער וועלן וואַקסן פרייע און שטאָלצע יידן".

איך האָב געקוקט אויף מיין פריינד בליזשינסקי און געזען, ווי זיינע אויגן לייכטן פון פרייד פון דער ליכטיקער בשורה, וואָס זיין פירער האָט דאָ געבראַכט צו די יידן אין שטעטל.

זאָל דער עפּיזאָד זיין אַ שטיקל מצבה פאַר דעם ערלעכן מזרחי־טוער ירחמיאל חיים בליזשינסקי.



בונעם אַפּאַטאָווסקי,
מזרחי־טוער.



אברהם שיע צעלינסקי,
ציוניסטישער עסקן.

דוב־בער קראַיעווסקי

# ר׳ יוסף לעווענטאַל



ר׳ יוסף ב״ר ברוך יהונתן, אַ שידלאָווצער בן־עיר, איז יאָרן לאַנג געווען שוחט אין מיין דאָרף סיקשין. ימים נוראים איז ער געווען דער בעל־תפילה.

איך האָב געלערנט ביי אים מערערע יאָרן ביז 1915, ווען די רוסישע אַרמיי האָט אים אַרויסגעשיקט קיין פּאָלטאַווע ווי אַן ערבותניק (זאַקלאַדניק).

ר׳ יוסף איז געווען אַן איש צדיק וטהור, אַ גדול בתורה און האָט זיך אויך מתעסק געווען בקבלה.

נאָכן צוריקקומען פון פּאָלטאַווע האָט ער מיר דערציילט, ווי די דאָר־טיקע יידן האָבן אים פיין אויפגענומען און אויך באַזאָרגט מיט ספרים. איין ראש־השנה איז ער געווען דער בעל־תוקעביים בריסקער גאון ר׳ חיים סאָלאָ־ווייטשיק. ער האָט געפרעגט דעם בריסקער גאון צו וואָס ער זאָל מכוון זיין אין זיינע תקיעות, האָט יענער געענטפערט, אַז ער זאָל נאָר טאָן בשלימות זיין בלאָזן שופר. ר׳ יוסף האָט מיר געזאָגט, אַז ער קען בשום אופן ניט פאַרשטיין ר׳ חיימס ענטפער, לויט וועלכן עס קומט אויס, אַז דער בעל־תוקע איז בלויז אַ בעל־מלאכה.

עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ר׳ יוסף אַוועק צוריק אין זיין היימשטעטל שידלאָווצע, ווייל ער האָט שוין מער ניט געקענט זיין קיין שוחט צוליב זיין אָפּגעשוואַכטער ראיה.

ר׳ יוסף איז געווען אַ חסיד פון ביאַלאָבזשעגער ר׳ שרגא יאיר, דער



חיים ראָזענבבערג, חשובער כלל־טוער



יצחק שטיינמאַן, עסקן און נדבן.

פּאַטער פון לעצטן שידלאָווצער רב ר׳ חיים ראַבינאָוויטש. נאָך דער פּטירה פון ביאַלאָבזשעגער איז ער געוואָרן אַ געררער חסיד, ווייל עס האָט ניט געפּאַסט — ווי ער האָט דאָס דערקלערט — צו ווערן אַ חסיד פון ר׳ חיימען, מיט וועמען ער האָט יאָרן לאַנג געלערנט צוזאַמען אין זייער יוגנט.

אין די לעצטע טעג פאַר דער שידלאָווצער אויסזידלונג איז געווען ביי ר׳ יוספן דער סיקשינער ירחמיאל פרידלעווסקי. האָט דער לעצטער געפרעגט ר׳ יוספן זיין מיינונג וועגן די אַלע שרעקלעכע צרות אויף יידן. זאָל ר׳ יוסף אים האָבן געענטפערט מיט אַ פראַגע: „וואָס זיינען די קליינע קינדער שולדיק?״ מיט אַנדערע ווערטער: די דערוואַקסענע האָבן אפשר געזינדיקט, אָבער „אלה הצאן מה חטאו?״

ר׳ יוסף איז אויך אַוועק אויף דעם יסורים־וועג קיין טרעבלינקע מיט אַלע זיינע בני־עיר.

**מאיר ווייסגאַל**

# „חנא דער באַוואוסטער״

איך קען ניט דערמאָנען דעם קאַפע „ראָיאַל״ — וואָס איז פאַר די ערשטע אַמעריקאַנער ציוניסטן און יידישע צייטונגמענטשן געווען דאָס, וואָס סאַרדיס איז געוואָרן פאַר דער ניו־יאָרקער טעאַטער־וועלט — אַז איך זאָל זיך ניט אָפּשטעלן אויף אַ רגע, בכדי אָפּצוגעבן כבוד איינעם פון די באַרימטסטע באַזוכערס, חנאן. קיין שום געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם און אַפילו פון וועלט־ציוניזם קאָן ניט פאַרבייגיין מיט שטילשווייגן וועגן חנאן. ער פלעגט זיך באַווייזן אויף יעדער ציוניסטישן קאָנגרעס, אויף יעדער אַמעריקאַנער ציוניסטישער קאָנפערענץ, אויף יעדער פאַרזאַמלונג, אויף יעדער עפנטלעכער דעמאָנסטראַציע — און אין דער צווישנצייט האָט מען אים שטענדיק געקענט געפינען אין „קאַפע ראָיאַל״. חנאס בולטסטע אייגנשאַפט איז געווען, וואָס מען האָט אים געקענט געפינען אומעטום. ער האָט קיין מאָל גאָרנישט געטאָן. מען האָט קיין מאָל ניט געקענט זאָגן, וואָס ער איז, אַלץ וואָס מען האָט געוואוסט איז געווען — אַז אין „קאַפע ראָיאַל״ איז זיין שטענדיקער מקום.

ער איז געווען גאָר אַ היפּשער, ממש אַ ריזיקער מאַנספאַרשוין, מיט פּיס לאַנגע ווי דער גלות. און געהאַט האָט ער אַן אומגלייבלעכע חוצפּה. ווען ער איז געגאַנגען, האָט ער זיך געשאָקלט און געשלעפּט ווי מיט עפּעס אַ ספּעציעלן, איינגעבוירענעם טריק. און ער האָט תמיד געטראָגן מיט זיך אַ שווערן שטעקן, על כל צרה שלא תבא. ער האָט געהאַט אַ קודלע צעפּאַטלטע האָר, האָט געטראָגן דיקע ברילן און זיינע זעלטן־ראַזירטע באַקן זיינען געווען פול מיט טיפע גריבלעך. מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז דאָס איז אַ זכר פון אַ קויל, וואָס האָט אַ מאָל דורכגעלעכערט זיין פּנים. אין זיין הילוך איז ער געווען אַזוי אָפּגעלאָזן, אַז עס איז אַרומגעגאַנגען וועגן אים אַ באַרימטער וויץ: „ווער טראָגט חנאס ריינע קאָלנערס?" זיין לאַכן איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ מין בעקען פון אַן אָקס און שנאָרכען, אָבער עס האָט אָנגעשטעקט. ער איז געווען אַ מין אַליין־געקרוינטער, אוניווערסאַל־טאַלערירטער הויפּפּאַיאַץ, וועלכער האָט „געשאָסן" אויף רעכטס און אויף לינקס מיט זיינע בייסיקע שפּאַסן, מיט וועלכע ער האָט אָפּט אַריינגעטראָפן אין דער זיבעטער ריפּ. און צום מייסטן האָט ער אַריינגעזאָגט זיינע שטעכווערטער די שונאים אָדער קעגנערס פון די, מיט וועלכע ער איז גראָד געזעסן צוזאַמען.

און זיין גרעסטער שטאָלץ — טאַקע אַן אמתער — איז געווען, וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבן ניט אַריינגעטאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער און האָט זיך ניט צוגערירט צו קיין שום מלאכה. איין מאָל, ווען ער איז דורכגעגאַנגען אַ פּיקעטיר־ליניע ביי אַ רעדאַקציע פון אַ יידישער ציימונג, וואו עס איז געווען אַ שטרייק, און מען האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן „סקעב" — האָט חנא זיך אומגעדרייט צו די, וועלכע האָבן פּיקעטירט, מיט אַ מינע פון אַ מויד, וועמען מען האָט אָנגערירט די בתולה, און ער האָט געענטפערט: „קיינער האָט נאָך קיין מאָל ניט געוואַגט מיך צו באַשולדיקן, אַז איך זאָל האָבן געאַרבעט איין־איינציקן טאָג אין מיין לעבן".

פון וואַנען האָט ער געלעבט? די ריכטיקע פראַגע וואָלט געווען: פון וועמען האָט ער געלעבט? און דער ענטפער איז: „פון וועמען האָט ער ניט געלעבט?" פון מיר, פון לואי ליפּסקין, פון סטיפען וויזן, פון יעדן איינעם, וואָס האָט פאַרנומען וועלכע עס איז פּאָזיציע אין יידישן כלל־לעבן. די ליסטע פון די, וואָס האָבן אים געשטיצט, וואָלט באַשטאַנען פון אַזעלכע חשובע נעמען, ווי פון די ביישטייערערס פון דער אָנגעזעענסטער יידישער פילאַנטראָ־פּישער אינסטיטוציע. ער איז געווען דער גרעסטער שנאָרער פון אַלע צייטן, ניט אויסשליסנדיק זאַנגווילס „קעניג פון די שנאָרער". און ווען ער האָט ניט

אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך אַ נדבה, האָט ער שוין געפונען עמעצן, וואָס זאָל אים מכבד זיין מיט אַ טעפּעלע קאַווע אָדער מיט אַ „סענדוויטש". זיין חוצפּה איז געווען אַזוי ראַפינירט, אַז מען פלעגט קריגן אַ מאָדנעם דרך ארץ פאַר אים. ווען ער האָט אַריינגעטראָגן זיין בקשה צו ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער, האָט ער אָנגעגעבן די נעמען פון דריי „פּערזענלעכע פריינד", וואָס גאַראַנטירן פאַר אים: לואי ד. בראַנדייס, דזשוליען וו. מעק און סטיפען מ. ווייז, מיט וועלכע ער איז, פאַרשטייט זיך, געווען „פּער דו".

אויף איינער פון זיינע אומצאָליקע נסיעות קיין ארץ־ישראל — וואָס זיינען אַלע געווען פינאַנסירט מיט די געלטער פון „פאַלקסזאַמלונגען" — האָט ער אָפּגעשטעלט אַ גרופּע שולקינדער און האָט זיי אָנגעהויבן עקזאַמינירן אין ציוניסטישער געשיכטע: „ווער איז הערצל?" — זיי האָבן אים געענטפערט. „און ווער איז ווייצמאַן?" — אויף דעם האָבן די קינדער אויך געקענט געבן אַ תשובה. — „און ווער איז חנא?" — איז געווען זיין ווייטערדיקע פראַגע. די קינדער זיינען געוואָרן צעחושט, ניט וויסנדיק וואָס צו ענטפערן. ביז איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן: „וועגן דעם לערנען מיר אין די העכערע קלאַסן". אַזוי גייט די מעשה, ווי חנא אַליין האָט זי דערציילט.

ווען די ידישע מדינה איז באַנייט געוואָרן, האָט חנא באַשלאָסן, אַז זיין אָרט איז צוזאַמען מיט די חלוצים און בויערס פון לאַנד. זיינע בעלי־טובהס האָבן זיך פאַרזאַמלט און האָבן איינגעאָרדנט לכבוד אים אַ באַנקעט אויף סעקאַנד עוועניו. מען האָט געשאַפן אַ פּענסיעפאָנד פאַר אים און מען האָט אים אַוועקגעשיקט קיין ישראל. ביים באַנקעט זיינען געווען אַלע, אָנהייבנדיק פון באַרימטן אַרבעטער־פירער דוד דובינסקי ביז לואי ליפּסקין. און אַלע האָבן זיך געפרייט דערמיט, וואָס מען ווערט ענדלעך פּטור פון חנאן און אַז ער וועט זיך באַזעצן אויף אַ מרחק פון זעקס טויזנט מייל.

ווען איך האָב זיך אַריבערגעקליבן קיין ישראל, איז געשען דאָס, וואָס איך האָב געקענט דערוואַרטן: איין טאָג האָט חנא מיט זיין גאַנצן הילוך, אַ צעפּאַטלטער און אַ צעשויבערטער, זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון מיין הויז אין מיטן פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. איך האָב אים געזאָגט קורץ, אַז איך וועל עפּעס טאָן פאַר אים, מיטן באַדינג, אַז ער זאָל זיך נישט באַוויזן פאַר מיינע אויגן. איך האָב נישט געהאַלטן, אַז ער קען זיין אַ צוציענדיקע באַצירונג פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט. עטלעכע טעג שפּעטער, ווען איך בין געווען אין אַ קאַפע אין תל־אביב, האָב איך דערזען חנאן, ווי ער איז געזעסן ביי אַ שכנותדיק טישל אַ שווייגנדיקער און ווי אַ הון, וואָס זיצט אויס אירע

אייער. מיין פריינד, מיט וועמען איך האָב זיך געפינען צוזאַמען אין דער קאַפע, האָט זיך אומגעדרייט צו אים און האָט אים אַ זאָג געטאָן: „האַלאָ, חנא!" חנא האָט מיט אַ קאַלטן בליק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — „דו קענסט שוין מער ניט מאירן?" — האָט מיין פריינד אים געפרעגט מיט גרויס פאַר־וואונדערונג. אויף דעם האָט חנא געענטפערט: „דער מאיר, וועמען איך האָב געקענט אין אַמעריקע, איז געשטאָרבן. ס'איז אַ נייער מאיר". פונדעסטוועגן איז ניט צוריקגעקומען קיין מאָל דאָס וואַכנגעלט, וואָס איך פלעג אים שיקן.

(פאָרווערטס, 1972)

* * *

**משה יחיאל שוואַרצפוטער ע"ה** (תל-אביב)

„חנא דער באַוואוסטער" איז אין אַמעריקע געווען אויסגעקאָכט אין די דאָרטיקע ציוניסטישע קרייזן. זיין נאָמען אין אַמעריקע איז געווען אלחנן מאַדזאָוו, אָבער זיין אמתן נאָמען האָבן גראָד ווייניק געוואוסט.

חנה איז אַ געבוירענער אין שידלאָווצע און שוין פון זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַ מין יוצא דופן. זיין טאַטע משה לוי, וואָס מען האָט אים גערופן משה לוי טקאַץ, האָט אים מערערע מאָל אָפּגעגעבן אויף אַרבעט, אָבער חנא האָט זיך ניט געהאַלטן לאַנג אויף זיין אַרבעטפּלאַץ. ער פלעגט בעסער זיצן אין ביאַלאָבזשעגער שטיבל.

אין 1905 איז חנא געווען צווישן די „שטרייקערס". שפּעטער איז ער אַוועק קיין וואַרשע, וואו ער האָט זיך אַריינגעשטופּט אין די אַנפירערישע רייען פון די ראַדיקאַלע קרייזן. אין 1907 איז ער ווידער געקומען קיין שידלאָווצע. ער האָט זיך געפילט שלעכט ביים טאַטן, וואָס האָט זיך געשעמט מיט זיין זון דעם „שטרייקער", האָט ער פאַרלאָזן שידלאָווצע, זיך געוואַלגערט



חנא מאַדזשאָוויעצקי

אין פאַרשיידענע שטעט, ביז ער האָט אין 1910 זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ פּראַכטשיף און אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. אויך דאָ האָט ער זיך לאַנג ניט געהאַלטן און — אָן אַ גראָשן אין קעשענע — איז ער גאָר אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע האָט ער זיך אַריינגעשטופּט אין די אַקטיווערע קרייזן פון די ציוניסטן. חנא האָט — אויף זיין אופן — געהאָלפן פירן ציוניסטישע אַרבעט. ער האָט אויך צוגעלייגט אַ האַנט ביים שאַפן דעם „יידישן לעגיאָן" פאַר ארץ־ישראל בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ ריי ציוניסטישע פירערס, ווי דוד בן־גוריון, יוסף שפּרינצאַק, פּנחס לוביאַניקער האָבן אים געקענט און זיי האָבן מיר דערציילט פאַרשיידענע מעשיות וועגן אים.

חנא האָט אויך געהאָלפן שאַפן די שידלאָווצער סאָסייעטי אין אַמעריקע. ער האָט אויך אַ חלק אין אָרגאַניזירן אַן אַמעריקאַנער פאַראיין פון שידלאָוו־צער פרויען צו העלפן אויפזוכן שידלאָווצער מענער, וואָס זיינען אַוועק פון שטעטל און נעלם געוואָרן פון זייערע ווייבער, וואָס זיי האָבן געלאָזן אויף יענער זייט ים.

חנא איז געפאָרן צו אַ ריי ציוניסטישע קאָנגרעסן. פרעגט מיך ניט ווי אַזוי, איך ווייס נאָר דעם פאַקט. ווען ער איז געפאָרן צום דרייצנטן ציוניס־טישן קאָנגרעס, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט קיין שידלאָווצע. מיר האָבן אים אויפגענומען אין הויף פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. ער האָט דעמאָלט געערעדט פאַרן עולם און קינד און קייט איז אים געקומען הערן. די יידישע פּרעסע אין וואַרשע האָט אפילו געשריבן וועגן חנאס קומען.

חנא איז פון אַמעריקע געקומען קיין ארץ־ישראל. אין 1939 איז ער ווידער אַוועק קיין אַמעריקע — און דאָס אַלץ אָן אַ גראָשן אין קעשענע — און נאָכן קריג האָט ער זיך ווידער באַוויזן אין ארץ־ישראל, וואו ער איז שוין פאַרבליבן ביזן סוף פון זיינע יאָרן.

עס האָבן אים אַרויסגעהאָלפן מיט געלט דער קרן־קיימת, די גרופּע פון הרב סילווער און מער פון אַלע די „הסתדרות", וואָס האָט אים באַזאָרגט מיט אַ צימער.

אָט דאָס איז געווען דער שידלאָווצער „חנא דער באַוואוסטער". אַ מענטש, וואָס האָט קוים זיך געקענט חתמענען און דאָך האָט ער געדרייט אַ רעדל אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע חתונות.

* * *

**יוסף שמעון גאָלדשטיין**

אין עלטער פון 80 יאָר איז אין ישראל געשטאָרבן דער פּאָפּולערער אַמעריקאַנער ציוניסטישער וועטעראַן און יידישער טעאַטער־פּאַטריאָט אלחנן מאדזאוויעצקי, וואָס איז געווען באַקאַנט אין אַמעריקע ווי „חנא דער באַוואוס־טער".

ווען איך בין סוף 1949 געקומען קיין אַמעריקע, איז שוין דאָ קיין סימן פון חנאן נישט געווען. אָבער איך האָב אים פריער נאָך געהאַט באַגעגנט אין צוויי פאַרשיידענע לענדער.

די ערשטע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין די סוף צוואַנציקער אָדער אָנהייב דרייסיקער יאָרן. אין אַ הייסן שבת ביי טאָג האָבן זיך אין יידישן ליטעראַטן־פאַראיין געפונען געציילטע שרייבערס און איך בתוכם. מיט אַ מאָל עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך אַ פעטס־געבויטער, צעוואַקסענער מאַן מיט אַ פּאָר לאַנגע טאַפּטשעדיקע פיס און קלאַפּנדיק מיט זיין גראָבן שטעקן אין פּאָדלאָגע, האָט ער אין אַ צעקראַטשעטן פּוילישן יידיש, געמישט מיט אַמעריקאַניזמען, געפרעגט:

— דאָ איז דער שראַבער־קלאַב?

— ווער זענט איר? — האָב איך אים צוריקגעפרעגט.

— איך בין כונע פון אַמעריקע! — האָט ער מיט שטאָלץ געענטפערט.

— עטץ האָט געהערט פון כונען?

איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט ווער חנא איז, כ'האָב אים אָבער געוואָלט אַ קיבעץ טאָן, האָב איך זיך געמאַכט טאַמעוואַטע און געפרעגט:

— ווער איז דאָס דער חנא?

ווען דער גאַסט האָט דאָס דערהערט, האָט ער אַ זעץ געטאָן מיטן שטעקן אין פּאָדלאָגע און אויסגערופן:

— אויב עטץ ווייסט נישט ווער כונע איז, זענט עטץ נישט קאָ שראַבערס און דאָ איז נישט קאָ שראַבער־קלאַב!

ס'האָט נישט געהאָלפן קיין איבערבעטעכץ, חנא איז אַ באַליידיקטער אַוועק.

פון דאָרט איז חנא אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס, וואו עס האָט זיך געפונען דער יידישער אַקטיאָרן־פאַראיין און ער האָט זיך געפרעגט, צי דאָס איז די „עקטערס יוניע"?

צו זיין שלימזל האָט אים דאָרט באַגעגנט דער פּאָפּולערער פּובליסיטי־מאַן פון וואַרשעווער יידישן טעאַטער, דער באַרימטער אַרנאָלד גינזבורג, וועלכער האָט אין וואַרשע דערפילט די פונקציעס פון אַ „חנא". אַרנאָלד האָט אַ קוק געטאָן אויף חנאן מיט גרינגשעצונג און געזאָגט:

— מיסטער חנא, דאָס איז „מ י י ן" טעריטאָריע. אין בין דער וואַרשעווער חנא. פאַר צוויי חנאס איז אין וואַרשע קיין אָרט נישטאָ. פאָרט אַהיים און מאַכט נישט דאָ קיין טאַראַראַם!

חנא האָט אין פוילן נישט מצליח געווען.

אין 1948 האָב איך באַגעגנט חנאן אין תל־אביב.

ער איז אַריינגעקומען אַ טריאומפירנדיקער אין העברעאישן זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף ראָטשילדס אַלעע. דער סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד משה רון האָט אים באַגריסט מיט כבוד און חנא האָט אויסגערופן:

— נו, כעוורע לאָקשן קוידעשדיקע שראַבערס, כ'האָב ענק געמאַכט אַ יידישע מדינה?

— „געמאַכט!" — האָב איך זיך אָנגערופן — „און איצט דאַרפט איר מאַכן אַ ברכה „שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה!"

וועגן חנאן האָט מען שפּעטער דערציילט אַ סך חכמות.

מ'האָט דערציילט, אַז ער איז אַריין אין אַ שוכגעשעפט אין תל־אביב און זיך אָנגעמאָסטן אַ פּאָר שיך. דער קרעמער האָט פאַרלאַנגט אַ הויכן פּרייז און ווען חנא האָט פּראָטעסטירט, האָט דער קרעמער געזאָגט:

— וואו וועט איר געפינען אין תל־אביב אַזעלכע גרויסע שיך?

דערויף האָט אים חנא געענטפערט:

— און וואו וועט איר געפינען אַזעלכע גרויסע פיס?

מ'האָט אויך געשמועסט, אַז מען האָט דאָרט חנאן גערעדט אַ שידוך מיט אַן עלטערער פרוי — דערויף האָט ער געענטפערט:

— חנא גראַמט זיך נישט מיט אלמנה.

אברהם פינקלער (טאָראָנטאָ)

# חסידישע געשטאַלטן

## ר׳ שלמה גאָלדקאָרן

ר׳ שלמה גאָלדקאָרן איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע חסידישע באַלעבאַטישע יידן אין שטעטל, אַ ייד אַ למדן, אַ קוזמירער חסיד, וואָס האָט געשטאַמט פון רבנישן יחוס און איז אויך געווען אַ מחותן פון ראַדאָשיצער רבין ז״ל. ר׳ שלמה איז געווען אַ פאַרקערפּערונג פון דעם מאמר חז״ל „טוב תורה עם דרך־ארץ״. אין די צוואַנציקער און אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָט ער געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע אין דער יידישער קהילה ווי אַ גבאי פון בית־מדרש און פון דער חברה־קדישא. ער איז בכלל געווען אַן עוסק בצרכי ציבור אויף פאַרשיידענע געביטן.

מיט יאָרן פריער איז ער געווען איינער פון די גרעסטע גבירים אין שטאָט, אַן אייגנטימער פון אַן אייזן־פאַבריק, וואָס ער האָט שפּעטער פאַרקויפט צו איזאַק פינקערטן. ער איז אָבער נאָך אַלץ געווען אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער מענטש און געהאַט אַן אייזן־געוועלב און אַ גאַנצע ריי הייזער אויף דער ראַדעמער גאַס, וואו עס האָבן געוואוינט זיין זון ר׳ דוד גאָלדקאָרן, אַ שאַרפער חסיד, און זיין אידעם, דער ציוניסטישער עסקן אברהם צעלינסקי.

ר׳ שלמה פלעגט אויך פירן גרויסע געשעפטן מיט די אייזן־פאַבריקן אין רזשיצאָוו, כלעוויסק און אויך געהאַנדלט מיט שאַרפשטיינער, וואָס זענען אויסגעהאַקט געוואָרן אין די „סקאַלעס״ אַרום שידלאָווצע.

אין מיטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן האָט ער געפונען צייט צו פאַרנעמען זיך מיט אַרבעט לטובת הכלל און מיט תורה־לערנען. פאַר טאָג, בין מנחה למעריב, און אויך שבת נאָך מיטאָג, פלעגט ער לערנען מיט יידן „עין יעקב״ און אַנדערע שיעורים. ער האָט קיין מאָל נישט געלאָזט פאַרשטומען דעם קול פון תורה דורכן טומל און געפילדער פון מסחר.

ווען אין שידלאָווצע האָבן זיך אַריינגעריסן די „נייע ווינטן״, האָבן גרויסע טיילן פון דער יידישער יוגנט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט נאַציאָנאַל־וועלטלעכע און אויך לינק־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן. ר׳ שלמה האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס די יוגנט דערווייטערט זיך פון דרך התורה. פונדעסטוועגן פלעגט ער אַריינוואַרפן אַ גוט וואָרט פון טאָלעראַנץ אין זיינע שמועסן אין די חסידישע קרייזן פאַר ארץ־ישראל און ציוניזם. אָבער ווען די יידישע

קאָמוניסטן און ענלעכע פּושעים, וואָס שליסן זיך אויס פון כלל ישראל, האָט ער געהאַט די שאַרפסטע ווערטער.

* * *

## ר׳ זכריה שיין

ר׳ זכריה שיין איז געווען אַ גמרא־מלמד, אַ גרויסער למדן און געוואַל־דיקער בעל־מידות, אַ טיפּ פון אַ רעליגיעזן אינטעלעקטואַל, וואָס האָט געקוקט מיט אַ שמייכל פון פאַרגעבונג אויף די הבלי־הבלים אין דער וועלט.

ר׳ זכריה איז, ווי דער שטייגער פון אַ מלמד, געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און געוואוינט אין צוויי קליינע שטיבלעך, פון וועלכע איינס איז געווען דער חדר, וואו ס׳פלעגן לערנען אַרום 8־10 תלמידים. זיינע תלמידים האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין גוטסקייט און איידלקייט, וואָס אויף דעם זיינען קינדער באַזונדערס סענסיטיוו. ער האָט באַוויזן אָנצוהאַלטן די נייטיקע דיסציפּלין און אינטערעס פון די חדר־ייִנגלעך מיט זיין וואַרעמער באַציאונג צו זיי. ס׳איז נישט נייטיק געווען קיין הויך וואָרט און נישט קיין געשרייען און קלעפּ. ער איז געווען אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע פאַר „לא הקפדן מלמד״. מיט זיין וואַרעמען שמייכל און געלאַסנקייט האָט ער דערגרייכט דאָס, וואָס אַנדערע מלמדים האָבן נישט באַוויזן מיט זייער שטרענגקייט.

ר׳ זכריה פלעגט זיך בכלל נישט מישן אין דער שטעטלדיקער פּאָליטיק און אַוודאי נישט אין די מחלוקתן צווישן פאַרשיידענע גרופּן און צדדים.

ר׳ זכריה פלעגט זיך ניט באַנוגענען נאָר מיטן לערנען גמרא מיט די קינדער. ער פלעגט געפינען פאַרשיידענע געלעגנהייטן צו שמועסן מיט זיי



משפּחה פון ישעיה גבאי צוקערגוט.

ווענן גוטע מידות, אגדות אד"גל. ער אַליין איז געווען אַ לעבעדיקער ביישפּיל פון גוטע מידות, וואָס קריצט זיך איין שאַרף אין די נשמות פון יונגע קינדער.

* * *

## טוביהלע שאַפּיראָ

זייער אַן אייגנאַרטיקער טיפּ: אַ חסידיש יידל מיט אַן אויסגעדאַרט, לענגלעך פּנים און אַ שיטער, בלאָנד בערדל. ער האָט געטראָגן אַ פּאַלטן, וואָס איז געווען אַן „אויסגעדינטער סאָלדאַט". מען האָט נישט געקענט דערקענען געניי דעם קאָליר פון דעם מלבוש, וואָס איז געווען אויפגעגעסן פון שנייען און רעגנס דורך לאַנגע יאָרן.

ער איז געווען, דאַכט זיך, אַן אַמשינאָווער חסיד, אַ ייד נישט קיין פאַרמעגלעכער, און דאָך פלעגן פאַרשיידענע מענטשן האָבן צו אים דעם גרעסטן צוטרוי און טראָגן צו אים זייערע אָפּגעשפּאָרטע און שווער־פאַרהאָרעוועטע געלטער, וואָס זיי פלעגן אָוועקלייגן „על כל צרה שלא תבוא" אָדער אויף נדן פאַר אַ טאָכטער. טוביהלע האָט די געלטער אַוועקגעבאָרגט צו „זיכערע מענטשן", וואָס ער פלעגט קיין מאָל נישט אַרויסגעבן זייערע נעמען. מען האָט זיך אָבער משער געווען, אַז דאָס איז געווען ר' חיים גאָלדבערג אָדער זיין ברודער ישראל — אייגנטימערס פון גאַרבערייען, וואָס האָבן פּראָספּערירט, הגם מען האָט קיין מאָל נישט געוואוסט ווי אַזוי. ר' חיים גאָלדבערג האָט בכל־אופן זיך געפירט מיט רחבות און פלעגט מיט אַ ברייטער האַנט געבן צדקה אויף פאַרשיידענע אינסטיטוציעס אין שטאָט, מער ווי ער איז געווען בכוח. דער



משה יחיאל זוסמאַן (סופר).

שרייבער פון די שורות האָט אַליין ביי אים, און אויך ביי זיין זון שבתי גאָלדבערג, געגומען גרויסע נדבות פאַר דעם „ביקור חולים" אין שידלאָווצע.

טוביהלע שאַפּיראָ פלעגט אָפט דיסקוטירן מיט מיר וועגן פאַרשיידענע ענינים. זיין באַליבטע טעמע איז געווען — „עקאָנאָמיע": אַלץ איז הבל־הבלים. דאָס פאַרטאַכלעווען געלט אויף רעכטס און לינקס ברענגט אַ מענטשן נישט קיין גוטס, און אויב איינער וויל דווקא אַרויסוואַרפן געלט, זאָל ער זיך נעמען אין זינען אַריין, אַז ער האָט שוין דאָס געטאָן און דאָס געלט בעסער אַוועקגעבן אויף פּראָצענט, ווייל — האָט ער פילאָסאָפירט — „געלט האָט אַ טבע צו וואַקסן ביי טאָג און ביי נאַכט, זומער און ווינטער".

טוביהלע שאַפּיראָ האָט טאַקע געהאַט זיין „קמצנישע פילאָסאָפיע", אָבער זיין וואָרט איז געווען הייליק און יידן, וואָס האָבן אים געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט, זענען רואיק געשלאָפן, ווייל סיי דער קרן, סיי די פּראָצענטער זיינען געווען זיכער אין טוביהלעס „באַנק".

* * *

## ר' שמואל אהרן טויטער

לויט זיין אויסזען, האָט אים שוין נישט קיין סך געפעלט צו זיין נאָמען — אַן איינגעדאַרט און איינגעקוואַרט יידל, וואָס פלעגט גיין מיט אַ שטעקעלע, כדי זיך אָנצושפּאַרן אַ רגע אויף צו קענען כאַפּן דעם אָטעם. ס'גאַנצע לעבן איז ער געווען שמש אין דער שטאָטישער שול און פלעגט אויפרופן יעדער בעל־הבית מיט אַ ברייטן „יעמוד מורנו ר'". אין דער זעלבער צייט פלעגט ער פאַרגלאָצן די אויגן און זאָגן „מי שברך" מיט אַ ספּעציעלן ניגון, אַז עס איז צעגאַנגען אין אַלע איברים.

אַ וואוילער, האַרציקער ייד מיט אַ סך פריינדלעכקייט און הכנעה לגבי זיינע בעלי־בתים, וואָס האָט מן הסתם געשטאַמט סיי פון זיין „פּראָפעסיע", סיי פון זיין נאַטירלעכער עניוות. פלעגט ער דערזען אַ בעל־הבית אין גאַס, האָט ער אים אַנטקעגן געטראָגן אַ ברייטן שמייכל: „אַ גוט מאָרגן אייך" און דערביי זיך פאַרנייגט ביזן גאַרטל.

אַ ייד, וואָס האָט געלעבט אין דחקות, אָבער שטענדיק מיט אַ שמייכל אויפן פנים.

* * *

### ר׳ נפתלי ערליך

אַ ביאַלאָבזשעגער חסיד. אַ ייד „תוכו כברו״. זיך קיין מאָל נישט געמישט אין קהלשע ענינים. אויב ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידישקייט, דעמאָלט האָט ער אַרויסגעוויזן זיין כהנישע שאַרפקייט, געשטורעמט און „איינגעלייגט״ וועלטן. אין אַזאַ פאַל פלעגט ער שבת פאַרן „לייענען״ געבן אַ קלאַפּ אין בעלעמער: „איך וועל נישט לאָזן לייענען אין ספר, ביז דער וויכטיקער ענין וועט נישט זיין דערליידיקט״. אַלע פלעגן מיט כבוד זיך צוהערן צו זיינע פאַרלאַנגען.

אַ ייד פון דעם אַלטן שניט, וואָס האָט געמיינט — וואָס ער האָט געזאָגט. אַ טיפּ פון „יהרג ואל יעבור״. אַ חסידישע פערזענלעכקייט נישט צום פאַרגעסן.

מנחם ראָזענצווייג

# גערענקלעכע געשטאַלטן



מאָטעלע קראַקאָווסקין האָט מען גערופן מאָטעלע באַטשאַלעס און ער איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע למדנים אין שטעטל. ער האָט געהאַט היתר הוראה און ער פלעגט ממלא מקום זיין דעם רב, ווען יענער פלעגט ערגעץ וואו אָוועקפאָרן.

ר׳ מאָטעלע האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער און אַ געוועלב פון זיסוואַרג און מיט דעם אַלעם איז ער געווען — אַ גרויסער אָרעמאַן. דאָס צוגרייטן ווינטער אייז פאַר זיין פאַבריקל — שניידן אייז און עס אַריבער־פירן — איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות און ער האָט עס ניט געקענט באַהויפּטן. מיין טאַטע אברהם־הערש פלעגט אים אַרויסהעלפן דורך באָרגן געלט ביי די מענטשן פון זיין אַמשינאָווער „שטיבל״. ביי אָרעמעלייט, וואָס האָבן זומערצייט זיך גענייטיקט אין אייז אויף אַ רפואה, האָט ער קיין געלט ניט גענומען און ער האָט ניט געקלערט, וואו וועט ער נעמען געלט אויף אייז דעם קומענדיקן זומער.

ער און זיין גאַנצע משפחה זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

* * *

ישעיה אַלפּערט איז געווען אַ לעדער־סוחר און ס'איז אים גוט געגאַנגען אין מסחר. פאַר זיין אייגן געלט האָט ער אויף זיין הויף אויסגעבויט דאָס אַמשינאָווער „שטיבל" און עס אַליין אויסגעהאַלטן.

ער און זיין משפחה זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע. איין טאָכטער זיינע איז דערשאָסן געוואָרן אין שידלאָווצע.

* * *

נפתלי שטיינמאַן איז געווען אַ רייכער ייד. ער האָט אָבער ניט געקאַרגט פון זיין געלט און געגעבן אַ סך צדקה. ער איז געווען אַ האָלץ־סוחר און ווינטער האָט ער באַזאָרגט אַ סך אָרעמעלייט מיט האָלץ. אויך אין צייט פון חורבן האָט ער געהאָלפן יידן. ער איז אומגעקומען מיט זיין משפחה אין טרעבלינקע.



פעלדשער אהרן פישער מיט משפחה.

ירמיה מייערפעלד (אַרגענטינע)

# עטלעכע טיפּן

## יצחקל דער מלמד



דער דאָזיקער מלמד איז געווען פון די טשיקאַווע געשטאַלטן אין שטעטל. זיין ווייב און די קינדער האָבן געפירט דאָס געוועלב און ער האָט זיך פאַרנומען מיט זיין טוץ תלמידים. איך בין געווען איינער פון זיי.

קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען צום דאָזיקן ידן האָט זיך גענומען באַהאַוונטקייט אין מעדיצין, אַסטראָ־נאָמיע, פיזיק, כעמיע און העכערער מאַטעמאַטיק.

אַנטקעגן זיין געוועלב איז געווען די פריזירעריי פון די פישערס. שפּעטער זענען זיי, די דריי ברידער, געוואָרן פעלדשערס. דאָרטן פלעגט זיין די בירזשע פון די אויפגעקלערטע. מיינע ברידער האָבן זיך מיט זיי געחברט.

טייל מאָל פלעגט דער רבי מיך אַריינשיקן צו זיי בסוד מיט אַ ביכל פון פילאָסאָפיע מיט זיינע באַמערקונגען קעגן די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון חבר.

אין מאָל קומט ער אַריין פון הויף און פרעגט מיך: „דו זעסט מיך״? — „יאָ, רבי, איך זע אייך. וואָס איז? איר זענט דאָך אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט בלוט!״ — „שאַ, זאָג ניט פאַר קיינעם. דאָס האָב איך געפּרוּווט ווערן אַ רואה ואינו נראה, נאָר כ׳האָב עס נישט געמאַכט ווי געהעריק״.

* * *

## סאַרע די קייסערינע

אַזוי האָט מען זי גערופן, ווייל זי האָט געוואָלט אַראָפּוואַרפן די אימפּעריאַליסטישע הערשאַפט פון צאַר נאָך אין „פינפטן״ יאָר. געהערט האָט זי דאַן צו דער חברה „שטרייקערס״. זי האָט דאַן געוואַגט צו טראָגן די רויטע פאָן.

אין אונדזער צייט אָבער האָט זי שוין געפירט אַ גאַנץ באַלעבאַטיש לעבן. געהאַט אַ קליין פאַבריקל פון קאַמאַשן־שטעפּעריי. צו אונדז אין

פאַראיין פלעגט זי ניט קומען. אָבער אירע שוועסטערן, רחל און דאָבע לענדאָווער, האָבן יאָ גענומען אַ גאַנץ אַקטיוון אָנטייל אין „בונד". מיט זייערע שיינע סאָפּראַנאָ־שטימען און גראַציעזע פיגורן האָבן זיי באַשיינט די אַרבעט פון „בונד".

* * *

## רינסקי דער סעקרעטאַר

אַ צייט איז דער סעקרעטאַר פון שידלאָווצער „בונד" געווען רינסקי. ער איז געווען אַן אינטעליגענט פאַר עקסעלאַנס.

מען האָט אים געבראַנגט פון וואַרשע אויף איבערצונעמען די סעק־רעטאַרישע אַרבעט. ער האָט זיך גענומען דערצו פלייסיק, איינגעפירט אָרדענונג אויפן גרויסן מאַסשטאַב. דער שרייבער פון די שורות איז געווען גאַנץ אָפט זיין אַדיוטאַנט.

געשטאַמט האָט רינסקי פון קינצק. אַ זון פון רייכע עלטערן, האָט מען אים געלאָזט בילדן. ער האָט געקענט אַ פּאָר איירהאָפּעאישע שפּראַכן, געשפּילט זייער פיין פידל. איינגעשטאַנען איז ער ביי לייבוש שרייבער אין הויז. פאַר לייבושעס טעכטער פלעגט ער אויסשפּילן זיינע ראָמאַנטישע געפילן.

דער עיקר אָבער — רינסקי האָט געקענט צונויפשטעלן און האַלטן אַ גוטן רעפעראַט. ער האָט געהאָלפן אויסאַרבעטן אַ לינקע רעזאָלוציע צום פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אויף אַריינצוטרעטן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

* * *

## שאַיע דער מלמד

שאַיע דער מלמד איז געווען אַ גרויסער בן־תורה. די שטאָט האָט זיך געשעצט גליקלעך, אויב ער האָט באַוויליקט צו דאַוונען מוסף יום־כיפּור אין בית־מדרש. יידן האָבן זיך געריסן, אַז זייערס אַ קינד זאָל אָנקומען צו אים אויף אַ „זמן". זיי האָבן געהאָפט, אַז פון אָט דעם חדר וועט דער זון שפּעטער אויסוואַקסן אַ רב. אָט ביי דעם מלמד האָב איך געלערנט, נאָר קיין רב בין איך ניט געוואָרן.

ער האָט געהאַט אַ פענאָמענאַלן זכרון, אַלץ געקענט אויף אויסנווייניק. כאָטש ער איז שוין געווען אויף דער עלטער, איז ער נאָך געווען אַ בריה.

געלעבט האָט ער אָן אַ ווייב. געוואוינט אין אַ בוידעם־צימער, אַ „פאציאטקע". דער טיש צום לערנען מיט די 12 תלמידים און די צוויי בענק האָבן זיך קוים אויסגעשטעלט אינעם צימער.

ער איז לאנגע יאָרן געווען בלינד און דאָך ניט אויפגעהערט זיין מלמדות.

* * *

## שאַיע דער רופא

ער איז געווען דער דאָקטער פון שטעטל, כאָטש עס איז ביי אונדז געווען נאָך אַ דאָקטער, אַ קריסטלעכער. יענער פלעגט נעמען אַ רובל פאַר אַ וויזיט, אָבער שאַיע דער רופא האָט טייל מאָל ביי אַן אָרעמאַן בכלל ניט גענומען קיין געלט.

געהאַלטן פון זיך האָט דער רופא עולם ומלואו. צו די ווייבער האָט ער גערעדט מיט ביטול. ווען אַ פרוי האָט אים געזאָגט: „שאַיע, מיר דאַכט זיך, אַז מיין קינדליידט גאָר אויפן בייכל און דאַרף עפּעס אַנדערש", פלעגט ער ענטפערן „פלאַק, פלאַקעווע נישט" — און אַרויס מיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר.

געוועזן איז נאָך אַ רופא, אייגנטלעך — נאָר אַ באַנקעס־שטעלער און ציינרייסער. ער איז געווען אויך אַ שערער, געהאַט אַ ראַזורע (פריזירערי) ביים אָנהייב פון די באָדנס.

געריסן די ציין האָט מען דעמאָלט אָן אַנעסטעזיע. נו, האָט מען טאַקע נישט אַזוי לייכט באַשלאָסן צו גיין צום ציינרייסער, סיידן די פּויערים פון דאָרף.

* * *

## שבתי לאַקס

איינער פון די אַקטיווסטע טוערס פון „בונד". אַ הויכער אַטלעטישער מאַנספּאַרשוין מיט שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן. איין האַנט האָט אים געפעלט. ער האָט זי פאַרלוירן ביים צו פיל אַרומשפּילן איף אַ קאַרוזעלע. ער האָט געגעבן יידישע מיידלעך און יינגלעך לעקציעס, געלערנט מיט זיי שרייבן, לייענען און רעכענען — אין פּריוואַטע היימען.

ווען דער „בונד" איז זיך צעוואַקסן, איז ער געוואָרן איר געצאָלטער סעקרעטאַר.

שבתי האָט געשפּילט פיל ראָלעס אין טעאָטער־פאָרשטעלונגען, וואָס דער פאַראיין פלעגט איינאָרדענען.



שבתי לאַקס און משפחה.



רבקה ווסטאָנסקי, אַק־טיוויסטין אין דראַמאַ־טישן קרייז פון פאַריין.

* * *

## בינע פרישמאַן

אַ גאַנץ יונג מיידל, מיט צוויי טיף־בלויע אויגן און אַ שיינעם שטערן. זי האָט געהאַט אַ פיזישן פעלער — אַ הויכע פּלייצע — אָבער דאָס האָט מיר ניט געשטערט, אַז איך זאָל זיך אַרומפירן מיט איר איבער דער שטאָט. זי איז, דאַכט זיך מיר, געווען דער געבילדעטסטער מיטגליד ביים „בונד". זי איז געווען סעקרעטאַרין פון „יוגנט־בונד צוקונפט", ווי אויך סעק־רעטאַרין פון שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן „בונד" בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

* * *

## עלינאָווע

עלינאָווע אָדער וואָפקע האָט מען אים גערופן, דעם וואַסער־טרעגער. אַ קליין מענטשל, אַ האַלב־טאַמעוואַטער, מיט אַ פּאָר תמימותדיקע לויטערע אייגעלעך, אַ קינדעריש פּנימל אַרומגענומען מיט אַ שיטער בלאָנד בערדל, שוין האַלב גרוי; תמיד מיט אַ פרײלעך געמיט, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק זיין וואַטענע שוין שטאַרק פאַרלאַטעטע דריי פערטלדיקע קורטקע.

ער פלעגט טראָגן וואַסער מיט צוויי הילצערנע עמערס, צוגע־בונדן מיט אַ שטריק צו אַ שטעקן אויף די אַקסלען. ארויסגעצויגן האָט ער דאָס וואַסער פון שלמה גאָלדקאָרנס ברונעם. דאָרטן פלעגט ער אַריינ־וואַרפן יעדן טאָג אַ גראָשן און שעפּטשען דערביי אַזאַ מין תפילה: „ברונעלע, ברונעלע, דו גיסט מיר וואַסערל — איך דיר גראָשעלע גיב...", און דערביי פלעגט זיך זיין פּנים פרום צעשיינען.

וויפל עמערס ער האָט אָנגעגאָסן אַ באַלעבאָסטע, האָט ער נישט נאָכגעציילט. ער פלעגט גלייבן דער באַלעבאָסטע און נאָך צואווינטשן מזל און ברכה מיט זיין אַ ביסל שטומלעכער צונג. אפשר דערפאַר האָט מען אים גערופן „עלינאָווע".

* * *

### לאָזער דער בלאָזער

אַזוי האָט מען אים גערופן, אָדער לאָזער קוואַקע. ער איז געווען אַ ניקאָלייעווסקער אויסגעדינטער 25 יעריקער סאָלדאַט — אַ דיקער, אַ גרויסער, מיט אַ הויכן בויך. שטענדיק אָנגעטאָן אין אַן אַלטן אויסגערי־בענעם שינעל, צוגעצויגן מיט אַ פּאַסיק און אַ שנאַל פון אימפּעריאַלן רוסלאַנד, פון וועלכן עס האָט אַראָפּגעגלאַנצט דער אָדלער. געלעבט האָט ער ערגעץ אין אַ דאָרף. דאָרט האָט ער באַדאַרפט האָבן עפּעס אַ כאַטע מיט אַן איינענער קו, וואָס ער האָט באַקומען פאַר דינען דעם צאַר, און אַ ווייב אַ גויע.

ער איז געווען שטאַרק פאַרגרעבט. ער פלעגט אַרומגיין מיט אַ טאָרבע און זי אָנפילן מיט רעשטלעך טשאָלנט, ברויט, קאַרטאָפל, שטיקלעך פלייש, איבערגעבליבענע גערשקע מיט קאַשע — אַלץ וואָס ער האָט געקענט אַריינטאָן אין דעם זאַק אַריין. דערפון האָט ער געהאַט זאַפּאַס אויף אַ גאַנצער וואָך — פאַר די קי און אויך פאַר זיך מיטן ווייב.

ווען די קינדער זענען צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל זינגען, האָט ער אָנגעהויבן בלאָזן מיט די ליפּן און באַקן — אויסגעבלאָזן אַ סאָלדאַטסקן מאַרש (ער איז געווען ביי די זעלנערס דער בעסטער בלאָזער אויף אַ טרומייט) און דערביי האָט ער באַוועגט זיינע שוין אַלטע און געשוואָלענע פיס צום טאַקט. דאָס סאָפּען און בלאָזן האָט ער באַגלייט מיט אַ שטעקן.

* * *

### מרדכי האָקע

האָקע האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַ בשותפותדיקער משוגענער פון ראַדעם, שידלאָווצע און פשיסכע. ער פלעגט גיין דער ערשטער ביי אַ מאַרשירנדיקער ראָטע סאָלדאַטן און זינגען, טאַנצן און קאָמאַנדעווען מיט אַ שטעקן. די זעלנערס פלעגן אים געבן אַ ביסל „קאַפּוסטע" מיט אַ לאכמע שוואַרצן ברויט. נאָך אַ טעפּל פלעגט ער לויפן צו פוס קיין ראַדעם, נאָך אַ לעפל — קיין שידלאָווצע און קיין פשיסכע — שלאָפן ערגעץ אונטער אַ „פּיעקעליק". ער פלעגט אָפט נעכטיקן ביי מיין מומען פון פשיסכע, וואָס האָט געהאַט אויף אים רחמנות. ער איז געווען אַ פריילעכער, צעדרייטער און שטאַרק פאַרגרעבט. ער פלעגט אייך עסן „קאָלבאַס", וואָס די קריסטן פלעגן זיין צופרידן, אַז ער זאָל דאָס עפנטלעך עסן...

**יאַנקל זילבערמאַן**

# פּאַרטיי־טוערס און סתם גוטע יידן

### משה יחיאל סופר



אַ הויכער, גלייכער ייד, מיט אַ טונקל־ברוינער באָרד, פאַרענדיקט זיך מיט אַ שפּיץ. מיט זיין לאַנגער ליולקע אין מויל, גייט ער אַזוי לאַנגאַם, ווי ער וואָלט געמאָסטן די טריט.

משה יחיאל סופר איז בטבע געווען אַ גוטער מענטש, הגם ער האָט זעלטן אַרויסגערעדט אַ וואָרט. זיין טיר איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלע מענטשן. זיין פרוי הינדע האָט פיין אויפגענומען יעדן אַריינקומענדיקן. אורחים זיינען קיין מאָל ניט אַרויס ליידיק פון איר הויז.

זיי האָבן אויך פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעאַרבעט, דורך אָנשטאָפּן טאַבאַק אין גילדזן, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן ביי ר' שלמה נייבערגן. זייערע קינדער האָבן צוגעהאָלפן אין דער דאָזיקער צוגאָב־פרנסה.

אין זייער שטוב האָט מען שטענדיק געזען אַ יידישע צייטונג — „דער מאָמענט", „היינט" און שפּעטער אויך די „פאָלקסצייטונג". תמיד איז געווען ביי זיי אַ געזעמל מענטשן און אין דאָזיקן טומל איז ר' משה יחיאל סופר זיך געזעסן רואיק מיט דער ליולקע אין מויל און געשריבן מיט ספּעציעלן טינט אַ ספר־תורה.

משה יחיאל סופר איז געווען אַ איש־תמים, האָט ניט געקענט אַרויס־ברענגען קיין שאַרף וואָרט. אַלץ פאַרענטפערט מיט אַ וויץ אָדער גלייכוווערטל. געווען אַ חסיד, אָבער האָט קיינעם ניט געזאָגט קיין מוסר.

זיין זון שלמה, פון פאַך אַ שטעפּער, איז געווען טעטיק אין פּראָפעסיאָ־נעלן פאַראיין ווי דער פאָרזיצער פון דער שטעפּער־סעקציע און געהאַט אַ שטיקל סימפּאַטיע פאַר די קאָמוניסטן. ס'דערמאָנט זיך, אַז אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע, שוין נאָכן „מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ פּאַקט", האָט ער אויף מיין פראַגע: „שלמה, מאין יבוא עזרי?" געענטפערט גלייך און מיט אַ סך גלויבן: „עזרי ממזרח"... (דאָס הייסט פון די רוסן). אָבער שפּעטער האָט שלמה זוסמאַן געזען זאַכן קלאָרער, פאַרלוירן זיין גלויבן אין קאָמוניזם, געוואָרן פרום און אפילו אַ גבאי אין זיין פאָטערס שטיבל.

משה יחיאל מיט אַ גרויסן טייל פון זיין משפּחה זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

* * *

### דער תהלים־ייד

ר' יאַנקעלע יחיאל מאירס געשטאַלט האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ ביי אַלעמען. מען האָט אים גערופן „דער תהלים ייד", ווייל יעדן פאַרטאָג האָט ער געהאַט זיין חברה תהלים־זאָגערס. ער איז געווען דער בעל־תפילה אין בית־מדרש און פאַרמאָגט האָט ער אַ שטים, וואָס איז געווען אומפאַרגלייכלעך. ווי נידעריק ר' יאַנקעלע איז געווען, אַזוי הויך האָט זיין שטים געקלונגען. איך קען נאָך עד־היום ניט פאַרגעסן זיין ריינעם און קלינגענדיקן קול.

עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז ר' יאַנקעלע געווען זייער נידערשלאָגן און צעבראָכן פון דעם שרעקלעכן אומגליק, ווען זיין איינציקער זון, דער געלער אברהמעלע, איז פּריציייטיק אַוועק פון דער וועלט. אָבער זיין קלינגענדיקער קול ביים תהלים־זאָגן איז ניט געוואָרן געענדערט.

* * *

## זישע ווייסבראָט

זישע, וואָס אַלע אין שטעטל האָבן אים געקענט, איז געווען אַ יוצא־ונכנס אומעטום. ער האָט ניט מורא געהאַט יענעם אַריינצוזאָגן און טרעפן אַזוי אין פינטל, אַז מען איז געבליבן אָן לשון. נאָך דעם האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ וויץ — און ווייטער געבליבן „פאָן־בראָט".

שכנים און סתם ייִדן זיינען געקומען צו זישען מיט אַלע זייערע פּראָבלעמען. ער האָט געוואוסט וועגן אַלץ און אַלעמען, זיך באַמיט צו העלפן לויט זיינע מעגלעכקייטן מיט אַ גמילת־חסד אָדער מיט אַן אַנדער טובה.

ער איז געווען אַ הייסער קאָזשעניצער חסיד און געפאָרן צום רבין. דאָס קאָזשעניצער שטיבל איז געווען ביי די ראָזענבוימס אין דער גאַרבעריי. ער האָט אַלעמען פריילעך געמאַכט מיט זיינע גלייכווערטלעך און אַלע האָבן אים ליב געהאַט.



זישע ווייסבראָט און פרוי שרה.

זישע איז געווען אַ גרויסער מנגן און אַ גוטער בעל־תפילה.

קיין גביר איז זישע ניט געווען, אָבער געהאַט פּרנסה. ער האָט געהאַנדלט מיט אַלטע ליפּעביימער — זיי אויסגעהאַקט און פאַרקויפט אויף צו שניידן לעדער.

זישע איז געווען אויסגעקאָכט מיט אַלע דאָזאָרעס און גבאים פון דער קהילה.

זישע איז געווען אומדירעקט פאַרבונדן מיטן יודנראַט און געווען זיין פאַרטרויאונגס־מאַן. ער האָט אין אַלגעמיין געוואוסט וועגן אַלע פּאַסירונגען אין שטאָט. אפילו דעמאָלט האָט ער נאָך יעדן פאַרטאָג געלערנט אַ בלאַט גמרא.

ער איז אומגעקומען אין טרעבלינקע מיט זיין פרוי שרה און זייערע קינדער עקיבא און הענדל.

* * *

## אברהם בליכער

אברהם בליכער האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין דער שידלאָווצער בונדישער אָרגאַניזאַציע ניט פאַר מיינע צייטן — נאָך פאַרן יאָר 1905. ער האָט אָרגאַניזירט די אַרבעטערס אין מעטאַל־פאַבריק ביי לייזער רעדליך און דערפאַר באַצאָלט מיט תפיסה און אַנדערע שיקאַנעס. דאָס האָט אים ניט אָפגעשראָקן און ניט אָפגעשוואַכט זיין רעוואָלוציאָנערן גלויבן.

אברהם בליכער איז געווען באַליבט ביי דער ידישער באַפעלקערונג, ווייל ער האָט אַלעמען געהאָלפן מיט ראַט און טאַט, כאָטש אַליין האָט ער זיך געמאַטערט מיט פרנסה.

בליכער איז געווען אַ ראַטמאַן אין שטאָטראַט, אַ באַליבטער פאָרשטייער פון דער יידישער אַרבעטער־באַפעלקערונג, צוזאַמען מיט שבתי לאַקס. ביידע האָבן געקעמפט קעגן די שלעכטע גזירות אויף די אָרעמע. פאָלקסמענטשן פלעגן קומען נאָך הילף ביי אים. ער האָט קיינעם ניט אָפגעזאָגט — איינעם געהאָלפן פאַרקלענערן די שטייערן, אַ צווייטן — באַקומען אַ דירה, וכדומה.

אין די צוואַנציקער יאָרן זיינען בליכער, לאַקס און אָפּאָטאָווסקי צוליב אַ פּראָוואָקאַציע אַריינגעפאַלן אין דער תפיסה, וואו זיי זיינען אָפגעזעסן אַ לענגערע צייט. ווען זיי זיינען באַפרייט געוואָרן, האָבן זיי געהאָלפן באַנייען די בונדישע טעטיקייט אין שטעטל. אברהם האָט צוגעהאָלפן מיט אַלע זיינע מעגלעכקייטן צו פאַרשטאַרקן דעם שידלאָווצער „בונד".

אברהם האָט מיטגעאַרבעט אין דראַמאַטישן קרייז און פיל מאָל מיט־געשפּילט אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן.

זיין פרוי, אַ שטילע און גאַסטפריינדלעכע, האָט אים קיין מאָל ניט פאַרגעוואָרפן, הלמאי ער פטרט צייט פאַר „פרעמדע" מענטשן.

זיי האָבן געהאַט פינף קינדער און זייער ווייניק נחת. זיין עלטסטע טאָכטער גיטל מיט איר מאַן „אַנטשעלע" און קינדער האָבן געוואוינט אין פאַריז און זיינען פון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן. זיין גרעסטענער ישראליק האָט איבערגעלעבט דעם קריג אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. נאָך דער באַפרייאונג איז ער געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט, געבערענגט נייע דורות און מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן. אברהם בליכער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער זיינען אומגעקומען בעת דער אויסזידלונג פון שידלאָווצע. געבליבן איז נאָר אַ טאָכטער דבורהלע, וואָס אַ פּאָליאַק האָט זי אויסבאַהאַלטן און זי איז געבליבן מיט אים.

דאָס איז דער סוף פון דעם טייערן, ליבן מענטש און פריינד אברהם בליכער, וואָס האָט אין די שווערסטע צייטן ניט אויפגעהערט צו גלייבן, אַז ס׳מוז קומען אַ שענערע וועלט.

* * *

## אהרן שיכטער

אהרן שיכטער איז דערצויגן געוואָרן ביי פרומע עלטערן, געלערנט אין ישיבות, שפּעטער פאַר זיך אין בית־המדרש. ווי זיינע צוויי עלטערע ברידער, יואל און מאָטעס, האָט ער אויך געהערט צו לינקע פּועלי־ציון. נאָכן „דורכוואָנדערן" פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, לינקע און רעכטע, איז ער געקומען צו דער בונדישער באַוועגונג, וואו ער האָט זיך באַלד אַרויסגערוקט אויבן אָן. מיט זיין אינטעליגענץ און געוואַלדיקן זיכרון האָט ער געבראַכט אַ סך נוצן דעם „בונד".

אהרן שיכטער, אַ גוטמוטיקער, אַ צוגעלאָזענער, איז געוואָרן דער לערער און חבר פון אונדז, יוגנטלעכע. ער האָט אונדז שטאַרק אינספּירירט מיט זיינע רייד.

געאַרבעט האָט ער ווי אַ גאַרבער ביי זיין שוואָגער נטע ראָזענבוים און זיינע זין. ער האָט זיך אַרויסגערוקט ווי אַ פירער אין פּראָפעסיאָנעלן גאַרבער־פאַראיין, צוזאַמען מיט די פוילישע אַרבעטערס פון פּפּ״ס.

אהרנס גרויסע פּאַרטייאישע און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט האָט געפונען אָפּשאַצונג מצד דעם צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד" אין וואַרשע דורך באַפולמעכטיקן אים צו באַזוכן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פאַר־שיידענע שטעטלעך פון דער פּראָווינץ. אהרן האָט פון דעם זיך געפילט שטאַרק דערהויבן.

פאַר דער ערשטער אויסזידלונג איז אהרן אַריינגעפאַלן אין האַסאַג, אין ווערק „צע", ביי די שווערסטע אַרבעטן. איך האָב אים איין מאָל געזען אין האַסאַג, האָב איך אים קוים דערקענט.

שפּעטער איז אהרן שיכטער אויפגעריכט געוואָרן, האָט באַקומען אַ בעסערע אַרבעט. ער האָט געהערט צו אַן אומלעגאַלן קאָמיטעט, וואָס האָט אַריינגעקראָגן געלט פון „יענער זייט מויער". ער האָט אויך געהאַט די פול־מאַכט פון דעם קאָמיטעט צו שטיצן נויטבאַדערפטיקע חברים, וואָס ער האָט, צום באַדויערן, נאָר „טיילוויז" געטאָן. מרדכי שטריגלער, וואָס איז

אויך געווען אין ווערק „צע״, באַשרייבט אים אין זיין ווערק „אויסגעברענטע ליכט״. ער הייסט דאָרט אהרן טשאַק.

ווען דער לאַגער אין סקאַרזשיסק איז ליקווידירט געוואָרן, זיינען אהרן שיכטער, הענעך רוס, אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „יוגנט־בונד־צוקונפט״ און אַנדערע חברים אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין און זיך געוואָלט דערשלאָגן צו אַן אָפּטייל פּאַרטיזאַנער. זיי זיינען אָבער געכאַפּט געוואָרן דורך דער אוקראַאינער ווערקשוץ און דערשאָסן געוואָרן.

* * *

## שבתי לאַקס

שבתי לאַקס איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער שטאָט. צוליב אַן אומגליקספאַל האָט ער פאַרלוירן אַ האַלבע האַנט. אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט צו זיין טעטיק אויף פאַרשיידענע געביטן.

שבתי איז געווען אַ לערער, פיל מאָל געווען סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און דורכגעפירט לטובת די אַרבעטערס פאַרשיידענע אַקציעס. אַ געוויסע צייט איז ער געשטאַנען בראש פון אַרטיקן בונדישן קאָאָפּעראַטיוו. ער פלעגט אָפט אַרויסטרעטן עפנטלעך מיט רעדעס, וואָס זיינען געווען איבערצייגנדיק און זאַכלעך. מען האָט זיך גערעכנט מיט זיינס אַ מיינונג אָדער עצה.

שבתי איז מערערע מאָל געווען אַרעסטירט פאַר זיינע פּאָליטישע מעשים. פּאָליציי האָט געוואוסט, אַז ער איז דער טאַנגעבער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין שידלאָווצע.

אין שטאָטראַט האָט שבתי פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט, ווי אַ ראַטמאַן און „לאַווניק״, פאַרטיידיקנדיק די פאָלקסמאַסן, צוזאַמען מיט אברהם בליכער.

זיינע צוויי קינדער שמואל און פערל האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דראַמאַטישן קרייז, וואו זיי האָבן זיך תמיד באַטייליקט צוזאַמען מיט זייער פאָטער.

שבתי מיט זיין פרוי עטל־לאה און טאָכטער פערל מיט איר מאַן ירחמיאל ערליכמאַן זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

זיין זון שמואל איז נאָך זיין רוסישער געפאַנגענשאַפט געקומען קיין מדינת ישראל, איז אַריין אין אַ קיבוץ, וואו זיין צווייטע פרוי האָט אים געבוירן צוויי קינדער. אין 6־טאָגיקן קריג איז שמואלס עלטסטער זון געפאַלן ביי די גולן־בערג. אין 1969 איז שמואל לאַקס פלוצלונג געשטאָרבן.

אַזוי איז אומגעקומען די גאַנצע משפחה פון שבתי לאַקס, וואָס האָט אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן געאַרבעט און געקעמפט פאַר די יידישע אַרבעטערס אין זיין היימשטאָט.

* * *

## מענדל מייערפעלד

ס'איז ניט צו פאַרשטיין, ווי קומט צו אַ מענטש אַזוי פיל טאַלאַנטן: ניט געלערנט אין שולעס, ניט שטודירט אין אוניווערסיטעטן — און אַלץ וואָס די אויגן האָבן געזען האָבן זיינע הענט געקענט באַשאַפן: פון די איידלסטע פּרעציזע מעבל־אויסאַרבעטונגען ביז אויפשטעלן גאַנצע מויערן. ביים בויען הייזער איז ער אַליין געווען דער פּלאַנמאַכער, דער עקספּערטניק, אָנגעפירט מיט די אַרבעטערס און אָפט אויך אַליין געטאָן די שוואַרצע אַרבעט.

זיין פאָטער „יאָסעלע מויערער" איז אויך געווען טאַלענטירט און אַ גרויסער בוימייסטער, וואָס האָט אויפגעבויט כמעט דריי פערטל פון די גע־מויערטע הייזער אין שידלאָווצע, אָבער דער זון מענדל האָט אים איבערגעשטיגן.

גאָר באַזונדערס האָט זיך מענדל מייערפעלד אויסגעצייכנט ביים אויפ־שטעלן די קאָכל־אויוונס אין קיכן, וואָס באַלעבאָסטעס האָבן זיך מחיה געווען מיט זיי ביים באַקן און בראָטן די שפּייזן. קיין שום מויערער האָט זיך ניט געקענט גלייכן צו מענדל מייערפעלד.

ביי אַלע זיינע טאַלאַנטן האָט מענדל זיך געמאַטערט אַריינצוברענגען פּרנסה אין הויז. געווען אַפילו אַ צייט, ווען ער האָט געאַרבעט עטלעכע יאָר ביי שוסטערייַ.

מענדל מייערפעלד מיט זיין פרוי רבקה (פון דער היים גאָלדבערג) האָבן געהערט צו דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און זיך אויסגעצייכנט מיט די פאַרשיידנסטע טעטיקייטן לטובת דעם „בונד". נאָכן גרויסן אַרעסט פון 1924 אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, האָט מענדל מייערפעלד באַהאַלטן די בונדישע ביבליאָטעק און אַ גרויסן טייל פון אינווענטאַר, וואָס זיינען שפּעטער גוט צו ניץ געקומען.

זיינע אַרכיטעקטאָרישע פעאיקייטן האָבן מענדלען געהאָלפן אויך אין געטאָ. ער האָט אויפגעשטעלט אויסגעצייכנטע באַהעלטענישן, וואָס אפילו די נאַציס האָבן דערנאָך באַוואונדערט. אָבער וואָס האָט דאָס אַלץ געטויגט? דעם 22סטן סעפּטעמבער 1942 איז געקומען די אויסזידלונג, און מענדל מיט זיין

רבקהן, צוזאַמען מיט זייערע קינדער — חנטשע, מלכהלע, חייטשע און אברהמלע — זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

* * *

## ישעיה אַפּאַטאָווסקי

ישעיה אַפּאַטאָווסקי — שיע דער בעקער — איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער און הייסער סאָציאַליסט, וואָס האָט געוויטיקט אויף די עוולות פון די אָרעמע. זיינע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען האָט ער באַקומען, ווען ער האָט אין 5טן יאָר באַלאַנגט צום „קליינעם בונד". ער פלעגט פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס זיין מאַמע האָט אָנגערופן „די בראָך". צוליב דעם איז ער אַרעסטירט געוואָרן און פאַרזוכט דעם טעם פון צאַרישע תפיסות.

וואו ער האָט זיך אויסגעלערנט לייענען, האָט ער אַליין ניט געוואוסט, אָבער אויף פאַרזאַמלונגען האָט ער זאָך ליב געהאַט צו רעדן און געבן צו „פאַרשטיין". עס פלעגט אים אָפט אָנקומען שווער אַרויסצוברענגען די „נייע ווערטער", אָבער מיר, די יוגנטלעכע, האָבן אין אים געזען דעם ערלעכן, גלייביקן סאָציאַליסט, וואָס האָט פיל מיטגעמאַכט, געליטן פאַר זיינע איבערצייגונגען און געהאַט דרך־ארץ פאַר אים. ער האָט שטאַרק באַקעמפט די פּראָפּאַגאַנדע פון די קאָמוניסטישע נאָכלויפערס און פאַרויסגעזאָגט, אַז באַלשעוויזם וועט קיין גוטס ניט ברענגען פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַר די אַרבעטערס בפרט.

ווען ער איז, אין 1925, באַפרייט געוואָרן פון דער תפיסה, נאָך די גרויסע אַרעסטן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, און דער מזל האָט אים צוגעשפּילט צו האָבן גוטע פּרנסה פון זיין בעקעריי, איז ישעיה אַפּאַטאָווסקי ניט אַנטלאָפן פון דער באַוועגונג. פאַרקערט, אַ דאַנק זיינע בעסערע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן האָט ער געשטיצט אַלע אונטערנעמונגען און געלטאַקציעס. ער האָט פיל מאָל אויסגעבאָרגט גרעסערע סומעס געלט, בעת די אָרגאַניזאַציע האָט זיך גענייטיקט אין דעם.

זיי האָבן געהאַט צוויי קינדער — עלקע און יאַנקל — וואָס ביזן אויסברוך פון דער מלחמה זיינען זיי געגאַנגען אין שול. באַלד נאָך דעם ווי די נאַצישע הורדעס האָבן אָקופּירט אונדזער שטעטל, האָט אַפּאַטאָווסקי פאָרויסגעזאָגט, אַז מיר זיינען אַלע פאַרלוירן, אַז זייער ציל איז אונדז אומצוברענגען. אָבער ניט געקוקט אויף דעם האָט ער פיל מענטשן געשטיצט און

געהאָלפן, ווייל „מען טאָר ניט אויפגעבן" — האָט ער געזאָגט. ער איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון שאַפן אַ זעלבשוץ, הגם ס׳זיינען ניט געווען דערצו די מעגלעכקייטן צוליב די קאָלעקטיווע שטראָפן, וואָס די נאַצי־מערדערס האָבן אָנגעווענדט.

אין געטאָ האָט ישעיה אָפּאַטאָווסקי פיל געהאָלפן ביים שאַפן די אַלגעמיינע קיך צו פאַרטיילן אַ ביסל עסן פאַר די הונגעריקע. ער האָט אָפּ־געגעבן זיינע לאָקאַלן פאַרן דאָזיקן צוועק.

ווען דער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, דעם 13טן יאַנואַר 1943, איז אָפּאַטאָווסקי מיט זיין פרוי מירל אָפּגעפירט געוואָרן מיט די טויטוואַגאָנעס, צוזאַמען מיט זייערע קינדער עלקע, יאַנקל און מירלס שוועסטער, וואָס איז גראָד דעמאָלט געקומען צו גאַסט פון אַמעריקע.

* * *

## נאָטע לייבוש פעלדמאַן

ער איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די שידלאָווצער אַרבעטערס. פון זיינע קעשענעס האָבן תמיד אַרויסגעשטעקט צייטונגען און זשורנאַלן. ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין זייער אַן אָרעמער היים און אין זיינע קינדער־יאָרן האָט ער פשוט געליטן הונגער.

איך ווייס ניט וואו נטע לייבוש האָט זיך אויסגעלערנט לייענען, אָבער פון לייענען — אָן דרויסנדיקער אַגיטאַציע — איז ער געוואָרן אַ באַוואוסט־זיניקער בונדיסט. מיט חסידישן ברען פלעגט ער פאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט, זיך ניט אָפּשרעקנדיק אפילו פאַר פיזישע אָנגריפן. ער האָט פיל געהאָלפן ביים אָרגאַניזירן די יוגנטלעכע אַרבעטערס אין „צוקונפט".

נטע לייבוש האָט געהאַט אַ גוטן רעדנער־טאַלאַנט. ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן, ווי ער האָט ביי עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען פּאָלעמיזירט מיט זיינע קעגנערס מיט שאַרפע אַרגומענטן און איבערצייגנדיקע פאַקטן.

נטע לייבוש איז שטענדיק געווען געדריקט מאַטעריעל. ער האָט זיך ניט באַקלאָגט אויף זיין „מעמד", אַבי ער האָט געהאַט אויף אַ צייטונג, צו וועלכער ער איז געווען אַ „פערטער" שותף... די „פאָלקסצייטונג" אָדער אַ בוך איז ביי אים געווען הייליק. די אָרגאַניזאַציע איז פאַר אים געווען אַלצדינג. אין איר האָט ער געפונען זיין תיקון.

אפילו אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָט ער ניט גערוט. ער פלעגט

צעטיילן די אומלעגאַלע ביולעטינען, וואָס חבר צעלעמענסקי האָט אין געהיים געברענגט צו אברהם בליכער.

אין יענער ביטערער צייט האָט נטע לייבוש גערופן עטלעכע חברים צו פייערן געהיים דעם ערשטן מיי. ער האָט אויך דעמאָלט ניט פאַרלוירן דעם גלויבן אין אַ גערעכטער וועלט. מיט דעם גלויבן איז ער געגאַנגען אין די טויטוואַגאָנען צוזאַמען מיט זיין פרוי און זיין שוואָגער בונעם פרישמאַן, דער לעצטער פאָרזיצער פון פראָפעסיאָנעלן־פאַראיין.

* * *

## אברהם בער און יאָסל שטאַרק

די משפחה אברהם בער שטאַרק איז געווען דורכויס אַ בונדישע. זיין פרוי מלכה, זייערע קינדער — יאָסל, לייבל, מאַניע, געניע און יחיאל — אַלע בונדיסטן. אין זייער הויז האָט מען אַ סך מאָל געהאַט זיצונגען פון קאָמיטעט. דאָרטן האָט מען שטענדיק געפונען בונדישע צייטונגען און זשורנאַלן. אפילו דער שליסל פון לאָקאַל איז געווען ביי די „שטאַרקעס".

שטאַרק איז געקומען פון לאָדזש און זיך באַזעצט אין שידלאָווצע, ווייל דאָ האָט ער געהאַט בעסערע מעגלעכקייטן צו געפינען אַרבעט ביי זיין גאַרבערפאַך: די שוועסטער פון אברהם בער שטאַרק, פריידע, איז געווען די פרוי פון נטע איזענבערג, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע מעכאַנישע גאַרבעריי־פאַבריק מיט אַ סך אַרבעטערס.

אברהם בער איז געווען אַ שטילער מענטש, געווען באַלעזן און באַוואוסטזיניק, ניט געשראָקן זיך פאַר אַ דיסקוסיע מיט אַ קעגנער און געווען אַ גוטער פאַרטיי־מיטגליד. ער איז געווען אַקטיוו אין גאַרבער־פאַראיין ווי אַ פאַרוואַלטונג־מיטגליד און באַמיט זיך צו שטאַרקן „זיין" פאַראיין.

דער פריצייטיקער טויט פון דער אידעלער מלכה שטאַרק האָט אַריינגעבראַכט אַ צעטרייסלונג אין דעם שיינעם הויזגעזינד. די צוויי שולמיידלעך, מאַניע און געניע, האָבן אויף זייערע איגענע פלייצעס געהאַלפן דעם טאַטן אויפצוהאַלטן די ווירטשאַפט.

די מצבה, וואָס די משפחה שטאַרק האָט געשטעלט נאָך זייער יונג־פאַרשטאָרבענער פרוי און מאַמען, איז געווען די איינציקע אין שידלאָווצע מיט אַן עפּיטאַף אין יידיש. ס'איז אפילו געקומען צו אַ שטיקעלע „מחלוקה" מצד דער חברה־קדישא, אָבער דער רב ר' חיים ראַבינאָוויטש האָט שפּעטער געגעבן אַ היתר אויף דעם.

אברהם בער איז פון סקאַרזשיסקער לאַגער אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

יאָסל שטאַרק איז געווען דער גרינדער פון דער באַנייטער „צוקונפט". ער האָט ניט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט אין שידלאָווצע, האָט ער עמיגרירט קיין פּאַריז. שפּעטער איז געקומען צו אים זיין לעבנס־חברטע בינע גאָלדבערג.

ביידע זיינען געווען טעטיק אין פּאַריזער „מעדעם־קלוב", אויספירנדיק פאַרשיידענע אַרבעטן.


יאָסל שטאַרק.

יאָסלס ברודער לייבל איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין דייטשלאַנד און נאָך לאַנגע אויספאָרשונגען האָט מען אים אָפּגעשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָס איז נאָך געווען אין מיטן די דרייסיקער יאָרן. ווען יאָסל האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער ניט גערוט און געזוכט מיט אַלע מעגלעכ־קייטן צו ראַטעווען זיין ברודער. ער האָט זיך דערשלאָגן צו גרויסע פּערזענ־לעכקייטן אין פראַנקרייך און אפילו צום באַקאַנטן סאָציאַליסטישן פירער לעאָן בלום. אַ דאַנק די דאָזיקע אינטערווענצן איז לייבל באַפרייט געוואָרן פון דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער און אין 1936 איז ער אָנגעקומען קיין פּאַריז.

נאָכן אויסבראָך פון צווייטן וועלטקריג האָט יאָסל געאַרבעט אין פראַנ־צייזישן אונטערגרונט אין ליאָן. ביי איינעם פון די אומלעגאַלע צוזאַמענקומען איז יאָסל מיט נאָך חברים אַרעסטירט געוואָרן. די געשטאַפּאָ האָט זיי אָפּגעשיקט קיין אוישוויץ, וואו די מערסטע פון זיי האָבן געפונען זייער טראַגישן סוף. נאָר צוויי האָבן זיך געראַטעוועט.

* * *

## בונעם זוסמאַן

בונעם זוסמאַן איז געווען אַ שטעפּער, מיין חבר נאָך פון „חדר". ער איז אַלע מאָל געווען אַ שוואַכער, אָבער זייער אַ קלוגער און באַלעזענער, גערעדט מיט אַן איראָנישן סאַרקאַזם און סקעפּטיציזם וועגן אַלץ און אַלעמען, געמישט מיט האַרציקער איבערגעגעבנקייט צו טאָן יענעם אַ טובה.

נאָך דער ערשטער אויסזידלונג איז אין טרעבלינקע אומגעקומען זיין גאַנצע משפּחה: זיין טאַטע משה יחיאל סופר און זיין מאַמע הינדע, זיין שוועס־טער און שוואָגער פּערל און יואל שיכטער מיט די קינדער, זיינע ברידער דוד, לייבוש און שלמה מיט זיין פרוי און קינדער.

בונעמען האָט זיך איינגעגעבן צו באַהאַלטן. שפּעטער האָט ער געאַרבעט אין לאַגער „האַסאַג".

איין טאָג איז ער צוגעקומען צו מיר און געזאָגט: „אין דעם לאַגער מאָרדעוועט מען אונדז אויף אַ לאַנגזאַמען אופן. איך וועל עס סיי ווי ניט אויסהאַלטן. כ'וועל זיך פאַרשרייבן און וועל מיטגיין ביי דער נאָענטסטער סעלעקציע. צו וואָס זיך מאַטערן? ... איך גיי אַוועק מיט אַ שפּיי אין צורה פון דער מענטשהייט, וואָס האָט דערלאָזט, אַז אַזעלכע טייוולאָנים זאָלן ווערן הערשערס פון דער מענטשהייט!"

ער האָט מיר איבערגעלאָזן עטלעכע קליינקייטן, צוגעבנדיק, אַז ער וועט עס שוין ניט דאַרפן. ווי אַזוי איך האָב זיך געפילט נאָך אַזאַ געזעגענונג, איז מיר נאָך היינט שווער איבערצוגעבן.

* * *

## משה און יודל מידליאַרסקי

ווען מען וואָלט משהן אָנגערופן ביי זיין פאַמיליע־נאָמען, וואָלט מסתמא קיינער ניט געוואוסט וועגן וועמען מען רעדט, ווייל אין שטאָט איז ער געווען באַקאַנט אונטער זיין פאַכנאָמען: משה מאַלאַזש אָדער משה דער מצבה־קריצער. אין ביידע מלאכות איז ער געווען אַ ספּעציאַליסט.

כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער פאַכמאַן, איז די פּרנסה ניט געווען בשפע. ווינטערצייט האָט מען גענוצט אַ „לעפּקע": אויף אַ קעסטעל פלעגט מען אַרויפשטעלן עטלעכע ציגל, פאַרקלעפּט מיט ליים אַרום און אַרום, און פון זיי האָבן זיך געצויגן בלעכענע רערן אין דער הייך איבער דער גאַנצער שטוב און געוואַרעמט דאָס צימער. גבירים האָבן ניט געניצט אַזאַ „מאָדערן" איוועלע ...

משה האָט אויסגעמאָלן די שול אַזוי שיין, אַז מען האָט ניט געקענט זיך אָפּוואונדערן. עס איז געווען אַ זעלטענע קונסטאַרבעט. פון דער ווייטנס האָט מען געמיינט, אַז אויף די ווענט זיינען אַרויפגעקלאַפּט קאָלירטע געזימסן — אַזוי אויסגעצייכנט רעליעף איז געווען די מאָלעריי. גרויסע קינסטלערס, וואָס פלעגן אָפּט באַזוכן אונדזער שול צוליב איר אַרכעקטאָנישער באַרימטקייט, האָבן געהאַט נאָר לויבווערטער פאַר דער מאָלעריי פון משהן.

משה איז געשטאָרבן פריצייטיק און זיין פרוי מינדל מיט עטלעכע קינדער זיינען אַוועק מיטן טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע.



יודל מידלאַרסקי.

יודל מידלאַרסקי איז געווען דער זון פון משה מאַלאַזש און מינדל די מאָלערין. ווען זיין פאָטער איז פריצייטיק געשטאָרבן און זיינע עלטערע ברידער האָבן פאַרלאָזן שידלאָווצע, איז יודל אין זיין יונגן עלטער געוואָרן דער פרנסה־געבער אין שטוב, צוזאַמען מיט זיין מאַמען דער אלמנה.

יודל איז דורך אַליין־בילדונג און אַ סך לייענען געוואָרן אַ באַוואוסט־זיניקער, אַנטוויקלטער בחור און אַן אָנגעזעענער טוער אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. שפּעטער איז ער לאַנגע יאָרן געווען איר פּאָרזיצער און אויך דער קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג" און „יוגנט־וועקער". ער האָט אָרגאַניזירט אַ סך קולטור־אונטערנעמונגען. זיינע קינסט־לעריש־געמאָלענע אַפישן און די דעקאָראַציעס האָבן פאַרכאַפּט דאָס אויג.

מידלאַרסקי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ערלעכקייט און פשוטקייט און דערפאַר איז ער געווען באַליבט און רעספּעקטירט פון אַלעמען.

איידער מיר האָבן געהאַט אַ לאָקאַל פאַרן „בונד", און אפילו שפּעטער, פלעגן מיר, די בונדישע יוגנטלעכע, זיך צונויפקלייבן אין שטוב פון מינדל די

מאַלערין. דאָרטן פלעגן מיר לייענען ביכער און די פּאַרטייאישע פּרעסע, דיסקוטירן און זינגען נייע לידער.

יודל האָט קריגצייט געלעבט אין ראָדעם, וואו ער האָט חתונה געהאַט.

ווי מען האָט מיר דערציילט, איז ער מיט זיין פרוי אומגעקומען אין 1944 אין אוישוויץ.

* * *

## ישראלקע און יאַנקל פרידמאַן

ביידע זיינען זיי געווען מיינע חברים, נאָר מיט יאַנקלען האָב איך מערער פאַרברענגט — צוזאַמען געלייענט און געהאַט אונדזערע שמועסן און דיסקוסיעס.

זייערע עלטערן זיינען געווען אָרעם, און די קינדער — פיר זין און א טאָכטער — האָבן יונגערהייט געמוזט אָנהייבן אַרבעטן און צוהעלפן אין דער פרנסה.

ביידע ברידער האָבן געהאַט אַ חוש פאַר קונסט. ישראלקען האָט געצויגן צו טעאַטער און יאַנקלען — צו ליטעראַטור און דיכטונג. ווען זיי וואָלטן געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַקומען אַ ביסל בילדונג, וואָלטן זיי אפשר אַ סך דערגרייכט מיט זייערע קינסטלערישע פעאיקייטן.

ישראלקע האָט זיך גוט אויסגעצייכנט אין דראַמאַטישן קרייז ביים „בונד". ער האָט אַלע מאָל באַקומען די הויפּטראָלן און שטאַרק אויסגענומען. ער האָט געהאַט אויך אַ שיינע שטים צו זינגען און זיך באַטייליקט אין כאָראַלע און סאָלאָ געזאַנגען. ער איז אויך געווען גוט אין אויספירן פּאַנטאָ־מימע־סצענעס און איינאַקטערס, צוזאַמען מיט הענעך באָק און זיין חברטע חיהלע גוטמאַן (פרידמאַן).

נאָך פאַר דער ליקווידאַציע פון שידלאָווצע זיינען ישראלקע און חיהלע פרידמאַן פאַרוואָגלט געוואָרן אין סקאַרזשיסקער לאַגער „האַסאַג". ישראלקע איז באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און זיין פרוי חיהלע — אין בערגן־בעלזן.

אין פּאַריז האָבן זיי ביידע אויפגעפירט שלום־עליכמס „דאָס פאַר־כישופטע שניידערל" און זיי זיינען געלויבט געוואָרן פון באַרימטן מאָריס שוואַרץ.

שפּעטער זיינען זיי אַוועק קיין אַרגענטינע, אָבער דער פריצייטיקער טויט האָט ישראלקען אַוועקגעריסן פון זיין פרוי און צוויי טעכטער.

גאָר אַנדערש איז געווען דער גורל פון זיין ברודער יאַנקל. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן יידיש, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעלערנט. ער האָט פיל געאַרבעט איבער זיך, געלייענט אַלץ, וואָס ס׳איז געקומען אונטער דער האַנט. ער איז געווען אַקטיוו אין דער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע, אָנטיילגענומען אין אַלע קולטורעלע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען.

יאַנקל האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער „נאָענט צום פרילינג״, געדרוקט פון מ. פרידמאַן, פאָטער פון באַקאַנטן נאַצי־יעגער טוביה פרידמאַן.

יאַנקל האָט עמיגרירט קיין פראַנקרייך און האָט דאָרטן דורכגעמאַכט די נאַצי־אָקופּאַציע.

נאָך דער באַפרייאונג האָט ער אָנגעהויבן שרייבן הומאָרעסקעס אין פאַריזער „נייע פרעסע״. אין פאַריז האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין צווייט בוך „אַזוי האָט געזאָגט יאַנקל זשאַק״.

נאָך אַלע צרות און פּיין איז ער אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע און פאַריתומט זיין פרוי און צוויי טעכטער.



אַ גרופּע שידלאָווצער. פון לינקס: לייבוש שטאַרק, יאַנקל פרידמאַן, יאַנקל זילבערמאַן, הערשל ניטקאָ און בונעם זוסמאַן.

עלקע קליין־שרייבערבערג

# די לערערין רבקה האַראָוויץ

פון די ערשטע לערערינס, וואָס די באַרימטע שרה שנירער האָט צוגעגרייט פאַר די בית־יעקב־שולן, איז געווען רבקה האַראָוויץ.

ווען שלמה נייבערג און נאָך געררער חסידים האָבן זיך גענומען צו שאַפן אַ בית־יעקב־שול אין שידלאָווצע, האָבן זיי אַראָפּגעבראַכט שרה שנירער. אירע פלאַמיקע רייד האָבן געווירקט, אַז מען זאָל גלייך צוטרעטן צו גרינדן אַזאַ שול. די ערשטע לערערין אין איר איז געווען רבקה האַראָוויץ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער שול ביזן חורבן.

אין דער שול האָבן געלערנט אַרום 100 תלמידות. סוף יאָר פלעגן זיין בחינות. געלערנט האָט מען נאָר לימודי־קודש. די תלמידות האָבן געקענט גאַנצע קאַפּיטלעך תנ״ך אויף אויסווייניק.

רבקה האַראָוויץ איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע לערערין, וואָס האָט געהאַט זייער אַ גרויסע השפעה אויף אירע תלמידות. זי האָט זיך ניט באַנוגנט נאָר מיט די לערן־שעהן אין שול. זי האָט געשאַפן אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „בנות״ פאַר די גראַדואירטע שילערינס פון דער בית־יעקב־שול. זי פלעגט מיט זיי ווייטער לערנען, טאַנצן און זינגען מיט זיי. יעדן שבת האָט זי געהאַלטן אַ פאָרטראָג פאַר די „בנות״, אַ מין המשך צום פריערדיקן לערנען.

רבקה האַראָוויץ פלעגט זיך אַפילו פאַראינטערעסירן מיט די תלמידות, ווען זיי האָבן זיך געקליבן חתונה האָבן. פאַר אָרעמע שילערינס האָט זי געזאָרגט, אַז געלט זאָל ניט זיין קיין שטער אין שידוכים. די געוועזענע פון בית־יעקב־שול האָבן זי פשוט באַטראַכט פאַר אַ „צווייטער מאַמען״.

מען האָט זיך געקליבן בויען אַ בנין פאַר דער בית־יעקב־שול, אָבער צוליב מאַנגל אין געלטמיטלען האָט מען עס ניט געקענט דורכפירן. אין גיכן איז געקומען די מלחמה, וואָס האָט בכלל צעשטערט אַלע יידישע פּלענער.

רבקה האַראָוויץ איז געווען אַ יתומה. שרה שנירער פלעגט זי צולערנען. זי האָט חתונה געהאַט מיט שמואל ראָזענבערג. אין חורבן איז זי שפּעטער אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע צוויי קינדער.

**ש. באָריסאָוו**

# ראובן צוקער

ראובן צוקער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1891 אין שידלאָווצע. שוין אין די יונגע יאָרן וויזט ער אַרויס גרויסע פעאיקייטן אין מאָלעריי און זיין פאָטער שיקט אים אַוועק זיך לערנען קיין פאַריז, וואו ער בלייבט אַ פּאָר יאָר.

אין 1917 קערט ער זיך צוריק אַהיים. אין פּוילן הייבט זיך פאַר אים אָן אַ שווער לעבן. ער טרעט אַריין אין די רייען פון די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, וואו ער איז זייער אַקטיוו, איבער הויפּט אויפן קולטורעלן געביט.

צוליב רדיפות מצד דער רעגירונג פאַרלאָזט ער פּוילן און עס הייבט זיך פאַר אים אָן אַ לאַנגער וואַנדערוועג, וואָס פירט אים דורך עסטרייך, אונגאַרן, דייטשלאַנד. ער באַזעצט זיך אויף אַ לענגערער צייט אין פאַריז און אין 1928 קומט ער קיין בריסל.

ראובן צוקער אַרבעט אין בעלגיע די גאַנצע צייט ווי אַ יואוועליר־אַרבעטער. שפּעטער ווערט ער איינער פון די מיטגרינדערס פון בריסעלער יידישן פאָלקס־טעאַטער, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון ד״ר י. ב. ציפּור.

מיטן אויסברוך פון קריג פאָרט ער אַוועק מיט זיין פרוי און קינד קיין פראַנקרייך, וואו זיי ווערן אַריבערגעפירט אין לאַגער אַנדע און שפּעטער אין לאַגער ריווערזאַלד, פון וועלכן זיי אַנטלויפן אין אויגוסט 1941.

ראובן צוקער באַשליסט זיך צוריקקערן קיין בריסל און זיך שטעלן צוזאַמען מיט זיינע חברים אין די רייען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אויפן וועג קיין בריסל, ווען ער פאָרט דורך פאַריז, פאַלט ער אַריין אין די הענט פון דער פראַנצייזישער פּאָליציי, וואָס גיט אים איבער די דייטשן. ער ווערט אַריבערגעפירט אין לאַגער פון דראַנסי. ער ווערט דאָרטן שטאַרק געפייניקט ווי אַ קאָמוניסט. נאָך עטלעכע מאָנאַטן מאַטערניש איז ער גענומען געוואָרן ווי אַן ערובניק און אין מאָנאַט מיי 1942 איז ער מיט נאָך פיר פון זיינע קאַמפס־חברים דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַצישע בעסטיעס.

צוקער האָט שטיל און ערלעך געלעבט, געקעמפט און העלדיש געפאַלן פאַר זיין אידעאַל.

הערשל ראָזענצווייג (פּאַריז)

# זאַוול קאַץ



דער איבערגעגעבענער טוער זאַוול קאַץ האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט די אינטערעסן פון די אַרבעטערס. כאָטש ער האָט נישט אָנטייל גענומען אין דער אומ־לעגאַלער פּאַרטיי־אַרבעט, איז אָבער פאַרן רעאַקציאָנערן רעזשים געווען זיין אַקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין לעדער־פאַראיין, אַז ער זאָל באַקומען אַ תפיסה־שטראָף.

נאָכן אומקערן זיך פון תפיסה, האָט זאַוול מיט נאָך מער ברען ווייטער געפירט זיין טעטיקייט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די שיך־אַרבעטערס. ווען דער סאַנאַציע־רעזשים האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זאַוולען אַ צווייט מאָל אַריינצושליידערן אין תפיסה פאַר זיין פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט, וואָס איז געווען לעגאַל, האָט מען אים פאַרשיקט אין ערגסטן קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע.

נאָכן אַרויסקומען פון קאַרטוז־בערעזע איז זאַוול נאָך אַלץ געווען פאַרבונדן, אין געהיים, מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער־טוערס.

פיזיש איז זאַוול געווען צעבראָכן. ער האָט ביי זיין אַרבעטס־וואַרשטאַט געשפּיגן מיט בלוט. ער האָט געמוזט איבעררייסן די אַרבעט. די אַרבעטערס און דאָקטוירים לייבוש דימאַנט און טאַדאַניער האָבן זיך מאָביליזירט, כדי צו ראַטעווען דעם קראַנקן אויף טובערקולאָז. מען האָט אויך געדאַרפט שטיצן זיין פרוי און קינד. די דערמאָנטע דאָקטוירים האָבן נישט נאָר אים געהיילט אומזיסט, נאָר זיי האָבן נאָך געגעבן געלט אויף מעדיקאַמענטן. זאַוול איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אָטוואָצק אין אַ סאַנאַטאָריע און איז געקומען צו זיך.

ער איז, ווייזט אויס, אומגעקומען בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פון לעמבערג, וואוהין ער איז אַנטלאָפן נאָכן אויסבראָך פון קריג.

אויך איך בין געווען אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. נאָכן קריג האָב איך נאָך אַ מאָל באַזוכט שידלאָווצע, וואו איך האָב אויסגעפונען, אַז פון אונדזער גאַנצער משפחה האָט זיך געראַטעוועט נאָר מיין ברודער בנימין.

**מלכה ראָזענצווייג־זילבערמאַן** (פּאַריז)

# אברהם אַביש זאַלצמאַן



מיין פעטער איז געווען אַ מעכאַניק. ער האָט זיך אויסגעלערנט די אַרבעט נאָר פון פּראַקטיק. פריער האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה און אַ דאַנק דעם איז ער טאַקע געוואָרן דער אידעם פון לייבעלע שוחט. נאָך זיין חתונה מיט מרים באַק, ווען ער האָט פאַרלייגט אַן אייגענעם מעכאַנישן וואַרשטאַט, איז ער אַוועק פון פרומען קרייז און געוואָרן אַן אַקטיווער לינקער פּועלי־ציוניסט.

מיין פעטער אברהם אַביש האָט געבראַכט דעם ערשטן גראַמאָפאָן, מיט דער לאַנגער טרובע, אין שטעטל. ער האָט דאָס דעמאָנסטרירט פאַר אַ גרויסן עולם, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן און זיך אַנטציקט מיט די חזנותדיקע שטיקלעך פון „כישוף״־קעסטל.

ביי אברהם אבישן אין שטוב איז געווען אַ מין קולטורקלוב, וואו מען האָט דיסקוטירט פאַרשיידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ביי אים האָט מען באַקומען די פּאַרטיי־צייטונגען, ווי אויך אַנדערע פּרעסע־אויסגאַבעס און ביכער.

ער איז פּלוצלונג געשטאָרבן אין יולי 1940.

מיין מומע מרים און אירע קינדער ריוועלע, באַלטשע און יאָסל זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. משה און יאַנקל האָבן געהאַט פּוילישע פּעסער און זיינען ערגעץ וואו אין וואַרשע פאַרלוירן געוואָרן.



משה זאַלצמאַן.

**וואָלף אייזענבערג**

# געשטאַלטן אין שטעטל

## לייבוש אייזענבערג

געווען אַ סוחר און אַ גיבור אַ ייד. ער האָט איין מאָל צעהאַקט אַ פּאָליציסט פאַרן טשעפּען די באָרד פון אַ רבין אין שטעטל.

ווען ס'האָט געטראָפן, אַז אַ גוי שלאָגט אַ יידן, איז ער תמיד געקומען צו הילף.

די פּוילישע פייער־לעשערס פלעגן אָפּט זיך „פוילן" צו לעשן, ווען אַ יידיש הויז האָט געברענט. לייבוש האָט ניט איין מאָל אַרויסגעריסן די קישקע פון אַזאַ פּוילישן פייער־לעשער מיט אַ גוטן שטופּ ווי אַ דאַבאַוועקע.

לייבוש איז געווען אַן אויפריכטיקער. האָט ער געהאַט וואָס עמעצן צו זאָגן, האָט ער עס געזאָגט אין פּנים.

אויבן אויפיק — אַ קאַרגער, אָבער פלעגט געבן בסתר.

אַ פילאָסאָפירער און ווערטל־זאָגער.

פון די פיינע געשטאַלטן אין שטעטל.



נטע אייזענבערג.

## חיים גאָלדבערג

יעדער יאָר האָט ער געגעבן האָלץ פאַרן בית־מדרש, נדבות — ווען מען האָט נאָר פאַרלאַנגט פון אים.

ער האָט פאַרמאָגט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן צו מסחר. כמעט אָן געלט האָט ער אויפגעשטעלט אַ גאַנצע אימפּעריע. געהאַט 12 קינדער און אַלעמען געשטעלט אויף די פיס; אַלע האָבן זיך געדרייט אַרום זיין גאַרבאַרניע.

חיים גאָלדבערג פלעגט מאַכן „אויפן קאָפּ" די גרעסטע חשבונות, אַז מען האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן.

איין מאָל איז געקומען אין זיין גאַרבאַרניע דער פוילישער אינספּעק־טאָר, וואָס איז געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין שטייער־ענינים. איז ער געזעסן און געחשבונט און געחשבונט, וויפל די גאַרבאַרניע דאַרף צאָלן שטייערן. האָט גאָלדבערג אים גלייך אויפן אָרט אַזוי פאַרחשבונט און פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז מען האָט עס גאָרניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער האָט עס געטאָן.

אַלע האָבן פון אים געמאַכט אַ לעבן, כאָטש ער גופא האָט זיך אָפּט געדרייט מיט פרעמדע געלטער. אָבער נאָר ער, מיט זיין געוואָלדיקן מוח, האָט געקענט אַזוי פיל אויפטאָן.

* * *

## יחזקאל ליכטיקער

אַ מין „האָצמאַך". אַרומגעפאָרן מיט אַרטיסטישע טרופּעס אין די צוואַנציקער יאָרן. אַליין געשפּילט און אָנגעפירט מיט שפּילן.

טעאַטער איז געווען אין זיין בלוט. ער האָט גאָרניט געהאַט פון דעם — אָבער שפּילן טעאַטער האָט אים געצויגן ווי אַ מאַגנעט.

אין וואָלאָנאָווער לאַגער איז ליכטיקער געשטאַנען לעבן מיר בעת אַ סעלעקציע. ווען מען האָט אים אַרויסגענומען פון דער ריי, האָט ער מיר געזאָגט:

„לעצטער אַקט".

* * *

## ישעיה שטערן

אַ לערנער, גוטער קאָפּ. שפּעטער געוואָרן אויס פרום. זיך געגט מיט ז״ן פרוי, ווייל זי איז געווען צו רעליגיעז. אַוועק קיין אַרגענטינע, דאָרטן אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל. ערב מלחמה צוריק קיין שידלאָווצע.

י. שטערן האָט געגלייבט אין אוממעגלעכן. אידעאַליסט. ניט פאַר־שטאַנען, ווי מען קען זאָגן אַ ליגן. תמימותדיק ביז גאָר.

ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן דער נייער עלטסטן־ראַט, איז שטערן געוואָרן דאָרטן אַ מיטגליד. ווי קומט אַזאַ ייד צו אַזאַ אינסטיטוציע? — גיי ווייס די וועגן פון אַ מענטשלעכער נשמה.

שמואל כוסטעצקי

# שידלאָווצער טיפּן



אין אונדזער שטעטל איז געווען אַ משפּחה מיט אַ משונהדיקן צונאָמען: שאַרי מאַרי.

אַ משפּחה, ווי די רעשט משפּחות, מיט די זעלביקע „מעלות" פון אביוני־שקייט און אַ גראַ, דערשלאָגן לעבן אין אַ קויטיקער, האַלב־איינגעפאַלענער הייזקע, דערצו נאָך מטופּל מיט קינדער, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט שוסטעריי.

איין אמתע מעלה האָבן די שאַרי־מאַריס יאָ פאַרמאָגט: אַ גרויסע מוזיקאַלישע טאַלאַנטקייט. זיי האָבן געקענט גוט שפּילן פידל און פּויקן צום טאַקט. פּרנסה פון שוסטעריי האָט נישט געקלעקט צו דערנערן אַזאַ גרויסע משפּחה, האָבן זיי געזוכט זי צו דערגאַנצן דורך שפּילן מוזיק. דער ראש פון די שאַרי מאַרעס האָט צונויפגעשטעלט אַן אָרקעסטער פון זיין הויזגעזינד, וואָס פלעגט זיך פאַרדינגען צו שפּילן אויף יידישע און אויך גויאישע חתונות. דער טאַטע פלעגט דיריגירן מיטן אָרקעסטער און פון התפּעלות איבערחזרן אויפן קול צום פּויקער, זיין יינגסטן זון: שאַרי מאַרי, שאַרי מאַרי!... פון דעם האָט געשטאַמט דער משונהדיקער צונאָמען.

די שאַרי־מאַריס האָבן איבערגעלאָזט יורשים, כאָטש מיט אַנדערע צונעמען. איינער פון זיי איז געווען אברהם „קעטשו", וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע קאַפּעליע און פּורים פלעגן זיי שפּילן איבער די הייזער זייער „קראַקאָווסקיע וועסעליע".

אברהם איז אַ מאָל געווען אַ קצב. ער איז געפאָרן איבער די דערפער זוכנדיק אַ ביליקע „דקה" צו קוילען און פאַרקויפן. זיין קצבות איז נאָכגעגאַנגען דער שלימזל — איז ער געוואָרן אַ טרעגער. מיט גרויס מאַטערניש האָט ער זיך איינגעשאַפט אַ פערד מיט אַ וואָגן און אויך באַקומען דעם מאָנאָפּאָל צו צעפירן דאָס פלייש פון שעכטהויז אין די יאַטקעס און צו די פּוילישע קוילערס. ווי אַלע קבצנים, האָט ער געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער. די קינדער זיינען געוואַקסן אויף זייער אייגענעם באַראַט. ווער ס'איז געוואָרן אַ שוסטער, ווער אַ טרעגער, ווער אַן אַנדער בעל־מלאכה.

פּורים־צייט איז געווען אַ גאָלדענער יום־טוב פאַר אַלע קבצנים אין שטעטל, בתוכם אויך פאַר אברהם „קעטשו". ער האָט דעמאָלט צונויפגעשטעלט

אַן „אַנסאַמבל״ פון זיינע בנים און אין שותפות האָט ער גענומען די שאַרי־מאַריס צו אַקאָמפּאַנירן אויפן פידל זייער „קראַקאָווסקיע וועסעליע״. מיט דער דאָזיקער „אָפּערעטע״ זיינען זיי געגאַנגען איבער די נגידישע הייזער און פלעגן צונויפנעמען אויף חיונה — הלוואי אויף אַלע טעג געזאָגט געוואָרן...

געווען נאָך אַנדערע „טרופּעס״, וואָס האָבן געשפּילט פּורים טעאַטער, ווי, למשל, די משפּחות „קרופּעס״, וואָס האָבן געהאַט אין זייערע רייען מיט־גלידער מיט שיינע שטימען. סיי די, סיי יענע פלעגן גיין אָנגעטאָן אין מאַסקעס און אויסגעשלייערט אין היסטאָרישע בגדים. זיי האָבן גערייצט אונדזער יינגלשע פאַנטאַזיע און מיר פלעגן זיי נאָכלויפן אומעטום.

קיין שטעטל איז ניט באַשטאַנען פון גאָלע ליכטיקע זייטן, און שידלאָוו־צע איז ניט געווען קיין אויסנאַם.

שידלאָווצע האָט פאַרמאָגט עטלעכע יידישע מוסרים, וואָס זיינען פאַר־האַסט אין יעדער געזעלשאַפט און ביי יידן נאָך טויזנט מאָל מערער. איינער פון זיי, יעקב ראַנטשקי, איז נאָכן דורכפאַל פון די מאַסן־אַקציעס קעגן צאַר אין 1905, געוואָרן מיטהעלפער פון דער מאַכט און געהאָלפן אויסגעפינען רעוואָלוציאָנערע אַקטיוויסטן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דער פּראָוואָקאַטאָר מאיר קאַריטקאָ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן יידישע רעוואָלוציאָנערן און וועגן אים דאַרף מען שרייבן באַזונדער.

אין 1905 האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ גרויסע טראַגעדיע אין אַ שידלאָווצער משפּחה, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל: אַ גאַנץ יידיש הויז־געזינד איז געשטאָרבן נאָכן אָפּעסן דעם שבתדיקן טשאָלנט, אין וועלכן מען האָט געהאַט אַריינגעלייגט סם. דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב קנאה אָדער קאָנקורענץ.

דאָס סמען בהמות איז געווען אַ פאַרשפּרייטער פאַרברעכן אין שטעטל. אין אונדזער משפּחה האָט אַ שונא אויך איין מאָל פאַרסמט אַ בהמה.

צו די ניט־ליכטיקע זייטן פון שטעטל געהערט אויך דער אַזוי גערו־פענער „שבט פאַרכעס״. דאָס איז ניט געווען סתם אַ צונאָמען, נאָר אַ באַצייכע־נונג פאַר עטלעכע יידישע משפּחות, וואָס האָבן געליטן פון דער פאַרכקראַנקייט. ניט נאָר זייער אָפּגעלאָזנקייט, נאָר אויך די גלייכגילטיקייט פון די אָרטיקע יידן האָט אַ חלק אין דעם. די מיטגלידער פון דאָזיקן „שבט״ האָבן שטאַרק געליטן פון דער קראַנקייט. זיי האָבן זיך אַליין כמעט ווי איזאָלירט פון גרעסטן טייל אַרומיקע און די אַנדערע האָבן פאַקטיש זיי איזאָלירט. זיי פלעגן בעיקר

קומען אין באַרירונג מיט די טרעגערס, בעלי־עגלות און ענלעכע בעלי־מלאכות, וואָס זיי פלעגן זיך טרעפן מיט זיי שבת אין פּאַליש. די בידנע חיונה האָבן זיי אויסגעשלאָגן פון פאָרן מיט זייער פערד און וואָגן איבער די דערפער און אויסבייטן שטאָטישע אַרטיקלען אויף דאָרפישע.

שבת פרי פאָרן דאַוונען האָבן די מיטגלידער פון דאָזיקן „שבט" געהאַט אַ מנהג דורכצופירן געוועטן פון זייערע פערד. ניט זעלטן פלעגט זיך דאָס פאַרענדיקן מיט גרויסע געשלעגן.

די קינדער זייערע זיינען שוין ס׳רוב ניט געגאַנגען אין די דרכים פון די עלטערן. זיי האָבן אויסגעהיילט זייערע קעפּ, געוואָרן מיט מענטשן גלייך און גענומען אַ חלק אין דער אַרבעט פון דער פּראָגרעסיווער יוגנט אין שטעטל.

* * *

## רבי נתעלע

אַזוי האָט מען גערופן דעם רבין ר׳ נתן, פון דער משפחה פון פשיסכער „יוד הקדוש". ער האָט געהאַט חסידים אין שטעטל און אַ ביסל אין דער סביבה, וואָס האָבן געגלייבט אין דעם כוח פון זיינע מופתים, דער עיקר צוליבן זכות פון זיינע הייליקע אָבות.

ר׳ נתן גופא, האָט מען געשמועסט, איז ניט געווען קיין געוואַלדיקער בעל־תורה, נאָר דער גרויסער יחוס זיינער האָט אַלץ פאַרדעקט. ער פלעגט אָפט גיין אין מקוה, אָנגעטאָן אין זיין טראַדיציאָנעלער זשופּיצע, מיט זיין סאַמעטענעם קאַפּעליוש, מיט אַ גאַרטל אַרומגענומען.



אַ שידלאָווצער האָרעפּאַשנע פרוי.

ר׳ נתנס ווייב, די רביצין שפרינצע, איז געווען אַ רירעווודיקע און פּראַקטישע. ווען די פּרנסה פלעגט ווערן שלעכט — און דאָס איז געשען זייער אָפט — פלעגט זי תיכף אַלאַרמירן די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים.

פּורים איז ביי ר׳ נתנען געווען אַ טאָג פון אַ גוטן „פּדיון". ער פלעגט זיצן אין זיין קליין שולכל, וואו עס פלעגט שוין זיין אַ גרויסער עולם, און בכבודו ובעצמו אָננעמען די שלח־מנותן, וואָס זיינע חסידים און סתם יידן האָבן אים געשיקט.

יאַנקל מילשטיין (רמת-גן)

# טיפּן און געשטאַלטן

## מרדכי שטשעגשליווע



גערופן האָט מען אים מיט אַ צונאָמען מאָטע באָרשט, פאַר וואָס ווייס איך ניט. אַ מאָל איז ער געווען אַן אָנגע־זעענער בעל־הבית, געהאַט זיין אייגן גרויס הויז, אָבער אין די שפּעטערע יאָרן איז ער פאַראָרעמט געוואָרן. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אים געקומען דערפאַר, וואָס זיין הויז איז געווען העכער ווי דער בית־המדרש. אפילו שפּעטער, ווען ס׳איז אים שוין געווען גאַנץ שלעכט, האָט ער זיך ניט פאַרלוירן, ניט אויפגעגעבן זיין הומאָר און ווייטער ליב געהאַט לצנות. דאָס איינציקע רייכטום, וואָס איז אים פאַרבליבן, זיינען געווען זיינע 9 קינדער, מער מיידלעך ווי יינגלעך.

מאָטע און זיין גאַנצע פאַמיליע זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע. זיין זון דוד שטשעגשליווע איז געפאַלן אויף אַ העלדישן אופן אין סקאַר־זשיסקער ווערק „צע".

* * *

## דער בלינדער הערשל

געווען איז ער אַ ברודער פון פּאַריע די בעקערין. זי האָט אים אויס־געהאַלטן מיט אַלעם. ווען ער איז בלינד געוואָרן, ווייס איך ניט. ס׳איז געווען צו באַוואונדערן, ווי ער פלעגט דורכגיין די גאַסן פון קיינעם ניט געפירט. ער האָט דערקענט יעדערן לויט יענעמס „גוט מאָרגן". נאָך אַ גרעסערער וואונדער איז געווען, אַז בלינדערהייט איז ער געווען איינער פון די בעסטע קאָרטן־שפּילערס. ער האָט נאָר געדאַרפט הילף, אַז מען זאָל אים צוזאַמענשטעלן די קאָרטן אין האַנט און אונטערזאָגן, וואָס יענער האָט אַרויסגעוואָרפן.

הערשל איז אָפט געקומען אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און פלעגט דאָרט זאַמלען געלט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. בעת פּאָליציייאישע אַבלאַוועס אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פלעגט ער קיין מאָל ניט ווערן אַרעסטירט. ער פלעגט זיך אַוועקשטעלן ביי דער טיר מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט: „גיט אַ פּאָר גראָשן"...

ער פלעגט האָבן אַ סך קלוגע ווערטלעך און האָט פאַרמאָגט אַ שיינעם קול צו זינגען.

* * *

## אברהם „אַנטשולדיק"

אַזוי האָט מען אים גערופן. ער איז גאָר פרי געוואָרן אַ קיילעכדיקער יתום. זיין טאַטע איז געפאַלן אויפן פראָנט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיין מאַמע איז אַ ביסל שפּעטער טראַגיש געשטאָרבן.

ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער געהאָלפן יעדערן, וואָס האָט נאָר געדאַרפט הילף. ער איז געוואַקסן הויך, שיין און שטאַרק, און קיין מאָל ניט געוואוסט פון קיין קראַנקייט. אויס רחמנות האָט ער אָפט באַקומען קליידער. געוואוינט האָט ער אין מרחץ אויפן אויוון.

פון דער נאַטור איז ער געווען אַ גוטער. ער האָט קיין מאָל אויף קיינעם ניט געהויבן קיין האַנט. ער האָט געהאַט זייער אַ שיינע שטים און פלעגט אָפט גיין איבער די גאַסן און זינגען. איין מאָל האָט הערשל אַדלער געוואָלט מאַכן פון אים אַ לייט, האָט ער אים אָנגעטאָן פון שענסטן און באַזאָרגט אים מיט אַ שטיקל היים. אָבער עס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ער האָט זיך שוין ניט געקענט צוגעוואוינען צו אַן אַנדער סאָרט לעבן.

דעם ערשטן טאָג נאָך יום־כיפור 1942 איז ער געשטאָרבן מיט אַ נאָר־

מאַלן טויט און געקומען צו קבר ישראל. דאָס איז געווען די לעצטע לוויה אין שטעטל. מען האָט וועגן אים געזאָגט, אַז ער האָט געלעבט ווי אַ גילגול און געשטאָרבן ווי אַ צדיק.

* * *

## דער רויטער חיים

אים האָט מען גערופן אַזש מיט דריי צונעמען: דער רויטער חיים, חיים וויסאָצקער און דער משיח. דער רויטער חיים — ווייל ער האָט געהאַט אַ רויט פנים, וויסאָצקער — ווייל זיין זיידע האָט אַ מאָל געוואוינט אין דאָרף וויסאָצקע און חיים משיח — ווייל ער איז געווען אַ בן־יחיד. ער איז געווען הויך, שלאַנק, און ער פלעגט דערציילן, ווי אַזוי ער האָט געדינט אין דער רוסישער אַרמיי און איז געווען דער פאָנטרעגער אין זיין רעגימענט. ער פלעגט אויך דערציילן, ווי אַזוי ער איז געגאַנגען אויף יאַגד מיט די הויכע רוסישע אָפיצירן. ער האָט זיך געלאָזט אונטערפירן פון יעדן איינעם און יעדן געגלייבט, און דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז ער זאָל בלייבן אויף שטענדיק מיט זיין מאַמען.

* * *

## טעוויעלע דער מילכיקער

אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט געהאַנדלט מיט מילכיקס. זיין נאָמען איז געווען ראָזנצווייג. זיין מילכיקע סחורה האָט ער געפירט אַזש פון דאָרף וואָלצנעוו. אין די פריערדיקע יאָרן האָבן זיינע קינדער עקיבא, בערל, און שלמה, חנה, פריידל און יוכבד אויך צוגעהאָלפן.

ווען זיינע זין זיינען אויפגעוואַקסן, האָבן זיי געגרינדעט אַ שוכפאַבריק אונטערן נאָמען „די ברידער ראָזנצווייג" און אָנגעשטעלט אַ סך אַרבעטערס. זיי אַלע, אַחוץ שלמהן, זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

**יחיאל גלאַט** (ריאָ דע זשאַניירא)

# מיינע שכנים

אַ דאַנק מיין ווייב פייגע־רחל בערלינסקי, ישראל משה אהרנס טאָכטער, בין איך געוואָרן אַ שידלאָווצער אויף גאַנצע עלף יאָר. וועל איך פּרואוון געבן אַ פּאָר קורצע כאַראַקטעריסטיקעס פון עטלעכע שידלאָווצער שכנים מיינע.

דער באַלעבאָס פון מיין געוועלב אין צענטער פון מאַרק איז געווען זעליק קאַצימאַרסקי. ער איז געווען אַן אָרנטלעכער פאָלקסמענטש, באַצויגן זיך יושרדיק צו זיינע לאָקאַטאָרן, ניט געריסן גזלניש דאָס דירה־געלט. פון פאַך איז ער געווען אַ היטל־מאַכער. אין מאַרקטאָג פלעגט ער אַרויסהענגען זיינע געמאַכטע גויאישע היטלען („מאַטשיעיוואוקעס") אויף דריי ברעטער פון זיין הויזוואַנט. נאָכן אַריינקריגן דעם „פדיון", פלעגט ער אַריינגעמען דאָס געלט אין ביידע הענט און אַריינהויכן מיט די ווערטער: זאָל זיין אַ גוטער אָנהייב.

מיין שווער ר' ישראל בערלינסקי איז געווען אַ הייסער אָסטראָווצער חסיד, שטאַרק חשוב ביים אָסטראָווצער רבין. געווען אַן עסקן בצרכי ציבור. אין אַ מאַרקטאָג, ווען מען איז געקומען אים אָנזאָגן וועגן אַ קראַנקן, פלעגט ער אַוועקוואַרפן די גאַנצע לייזונג און לויפן צום חולה. אַ פּאָר יונגנטלעכע האָבן אים איין מאָל געטראָפן פרייטיק נאָך ליכטצינדן און האָבן אים געזאָגט, אַז ביי איין ייִדן איז נאָך אָפן דאָס געוועלב, האָט ר' ישראל אויסגעשטעלט די אויגן: ער מעג דען האַלטן אָפן דאָס געוועלב? ער האָט זיך פשוט ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ ייִד זאָל מסחרן אום שבת.



איטשע קורלענדער (אַנטשלס), נדבן און כלל־טוער.

ר׳ אַנטשל היטלמאַכער איז געווען נאָך עקסטרעמער ווי מיין שווער. אַ ניט פרומען האָט ער פּשוט ניט פאַרטראָגן. אַזוי ווי איך בין ניט געווען קיין גרויסער צדיק, פלעג איך אַ מאָל אַריינציען דעם פּרייטיק אַ ביסל לענגער אין שבת — פאַרשטייט זיך, נאָר דורך אַ שטיקל אָפענער טיר אין מיין געוועלב. האָט דאָס איין מאָל באַמערקט ר׳ אַנטשל, איז ער אַריינגעקומען אין געוועלב, געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַ ווײַלע געטראַכט, און דערנאָך געזאָגט: „דו האָסט דאָך ניט קיין ברכה אין דיין לייזונג״. ער האָט מיר קיין מאָל ניט געוואָלט געבן אַ שטיקל הלוואה. ער האָט דאָך אָבער געוואָלט האָבן די מצווה פון גמילת־חסד, פלעגט ער די הלוואה געבן דורך דער פאַרמיטלונג פון מיין שווער...

פרומע, ניט פרומע — געווען פיינע טיפּן ייִדן אין אונדזערע פאַר־שניטענע פּוילישע שטעטלעך.

פישל קאָרנברויט

# טיפּן

## פייגע־רעלע בערגער

געווען איז זי אַ ייִדענע ווי אַלע ייִדענעס פון שטעטל, אָבער אָנגעגאַנגען איז זי ווי אַ גאַנצער דאָקטער: געגעבן מעדיציניש עצות וואָס צו טאָן פאַר פאַרשיידענע קראַנקייטן, וואָס מען דאַרף געבן פאַר ווייטיקן, ווען מען דאַרף שטעלן באַנקעס און ווען פּיאַווקעס אאַז״וו. די אַלע זאַכן „צוצולייגן״ צו קראַנקייטן האָט זי געהאַט אין איר געוועלבל.

קען מען דאָך מיינען, אַז פייגע־רעלע איז געווען אַ גרויסע קבצנטע — ווייט דערפון: איר מאַן האָט געמיסחרט מיט נאַפט און איז געווען אַ גרויסער גביר.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען שידלאָווצע, האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע קראָמען מוזן זיין אָפן. געווען איז עס גראָד יום־כיפּור.

וואָס האָט פייגע־רעלע געטאָן? — זי האָט זיך אָנגעטאָן אירע יום־טובדיקע מלבושים אין זייער גאַנצער פּראַכט, גענומען איר גרויסן שליסל און געעפנט די טיר פון קראָם און דאָרטן זיך אַוועקגעשטעלט דאַוונען פון איר גרויסן סידור.

* * *

## פורים־שפּילערס

אין שידלאָווצע זיינען געווען פורים־שפּילערס, וואָס האָבן געצויגן זייער „פורימדיקן" יחוס מדור־דורות. אַזאַ איז געווען די משפּחה פון יוסף קרול. זיי פלעגן שפּילן זייער טראַדיציאָנעלע „קראָקאָווסקיע וועסעלע". דער הויפּטשפּילער האָט געטראָגן אַ ווייסן קאָלנער מיט אַ צאַצקעדיקן שניפּס. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן יאָר־איין, יאָר־אויס ביזן אויסברוך פון נאַצי־אומגליק.

אַ צווייטע „פירמע" פורים־שפּילערס איז געווען אַ וואַסער־טרעגער, משה קלאַפּאַרדע, מיט זיין משפּחה. גערופן האָט מען אים „משה המן". ער מיט זיין פאַמיליע פלעגן טראָגן אַ גרויסע המן־פיגור און זינגען פאַרשיידענע פאָלקסלידער, צוגעפּייקלט מיט אַ פּייקל.

* * *

## פערדהענדלערס

געווען ביי אונדז אַ משפּחה פערדהענדלערס, פלעגן ביי זיי געשען „נסים", ווען זיי פלעגן פאַרקויפן פערד אויף אַ יאַריד. אַ פערד אַ קאַליקע, וואָס אַ פויער פלעגט עס וועלן קויפן, פלעגט פּלוצעם אָנהייבן אַזוי צו גיין גאַלאָפּ, אַז מען האָט געקענט מיינען, אַז עס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון אַ פּריצישער פערדשטאַל: דער סוד איז געווען, אַז מען פלעגט דעם פערד אַריינשטעקן אַ פּאָר שפּילקעס אין הינטערשטן חלק . . .

די דאָזיקע משפּחה האָט געהאַט אַ שותף אַ גוי, פעליק האָט ער געהייסן. אַז די גויאישע קונים זאָלן ניט פאַרשטיין, וואָס ער רעדט מיט זיינע יידישע שותפים, פלעגט ער צולייגן די פּאָר אויסגעלערנטע העברעאישע ווערטער צו זיין פוילישן מענה־לשון: „קלאַפּ אים ניט איבערן „ראש", וויז אים דעם לינקן „רגל", וכדומה . . .

אין דער צייט פון יאַרידן פלעגט מען אין אַ סך שטעטלעך אָדער קרעטשמעס ניט טאָרן פאַרקויפן קיין בראַנפן. יידן האָבן די יידישע שענקערס בשתיקה יאָ פאַרקויפט דעם ביטערן טראָפּן. פעליק, וואָס האָט געקענט די שטיק, פלעגט דעמאָלט אָנטאָן תפלין פון זיינס אַ שותף, במילא איז ער געוואָרן „כשר" פאַרן יי"ש . . .

פיליפּ גוטמאַן

# מיינע מלמדים

איך געדענק, אַז מיין ערשטער מלמד איז געווען חיים דער עסיגמאַכער. מיין צווייטער רבי איז געווען יאָסל, סענדער גאַרבערס אידעם. ביי אים האָב איך געלערנט עברי און חומש, וואָס איך האָב עס נאָך ביז היינט ניט פאַרגעסן. פון אים בין איך אַריבער צו מאַטעס מלמד, וואָס מען האָט אים גערופן מאַטעס נקבה, ווייל עס איז אים ניט געוואַקסן קיין באָרד. ביי אים האָב איך געלערנט גמרא.

צו דרייצן יאָר האָט מיר דער טאַטע אָפּגעגעבן צו לערנען אַ פאַך פון אַ קאַמאַשן־מאַכער. די מלאכה האָב איך געלערנט ביי חיים קאַמאַשן־מאַכער. נאָכן טערמין פון צוויי יאָר האָב איך פאַרדינט 60 רובל אַ „זמן״, דאָס הייסט אַ האַלב יאָר. נאָר איידער איך האָב געקראָגן דאָס געלט, האָט עס שוין מיין טאַטע בנימין ע״ה אָפּגענומען פאַר דער חיונה פון שטוב.

אברהם ווייסבראָט

# דער מצבה־קריצער

אין אַ גרויען לייוונטענעם פאַרטעך, מיט אַ „גליטיק״ און אַ הילצערנעם האַמער, פלעגט מרדכי בינשטאָק שטיין איינגעבויגן און אויסהאַקן גלייכע שורות אותיות און אָרנאַמענטן — פאַר יעדן לויט זיין אָפּשטאַם און עלטער.

געוואוינט האָט ער אין שידלאָווצע גוטע צוויי צענדליק יאָר, אָבער גערופן האָט מען אים דער וויערזשבניקער מצבה־קריצער, לויט זיין געבוירן־שטעטל.

די ערשטע מצבה, וואָס האָט אים געמאַכט באַרימט אין שידלאָווצע, איז געווען פאַר איצע לייב צייגפינגער. דאָס איז געווען אַ גרויסע טייערע מצבה, וואָס איז געווען קינסטלעריש אויסגעאַרבעט.

אַ צוויטע נישט־וויניקער געלונגענע אַרבעט איז געווען דער דענקמאָל פאַר דער יונג־פאַרשטאָרבענער פרוי פון נאָטע ריכטער. עס האָט סימבאָליזירט אַן אונטערגעהאַקטן בוים פון שטאַם ביז די צווייגן. אַ סך מצבות זיינע האָבן זיך געפונען אויפן נייעם בית־עולם.

די לעצטע מצבה, וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט, איז געווען פאַר ישראל מילשטיין, וואָס די היטלער־באַנדיטן האָבן אים דערשאָסן אין אויגוסט 1942. די מצבה איז פאַרבליבן נישט אויפגעשטעלט.

מרדכי בינשטאָק איז אַוועק מיט דער אויסזידלונג צוזאַמען מיט זיין פרוי און פאַרצווייגטער משפחה פון זין, טעכטער, איידעמס, שניר און אייניק־לעך. בלויז זיין יינגסטער זון יאַנקל האָט זיך אָפּגעראַטעוועט און געפינט זיך אין אויסטראַליע.

אפרים גאָלדבערג (פּאַריז)

# חיים משה פישלס

פון די פאַרשידענע טיפּן אין אונדזער שטעטל איז ווערט צו דערמאָנען חיים משה פישלס, אָדער חיים קצב, וואָס האָט געוואוינט מיט זיינע בני־בית ניט ווייט פון יאַטקעגעסל.

מיט זיין פעסטן הויכן געשטעל און שיינער באָרד, האָט חיים קצב אויסגעזען פּאַטריאַרכאַליש און איז געווען רעספּעקטירט פון אַלעמען.

חיים משה פישלס האָט זיך באַטייליקט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָכן קריג האָט ער זיך אומגעקערט קיין שידלאָווצע און איז געוואָרן אַן אַנדערער. זיין פירונג איז געוואָרן אַנדערש און ער האָט זיך גענומען איינפירן אין זיין הויז אַ מנהג, וואָס האָט אַרויסגערופן באַוואונדערונג.

וואָס איז געווען די סיבה דערפון?

יודעי־דבר האָבן געוואוסט צו דערציילן, אַז אין קריג איז חיים איין מאָל געשיקט געוואָרן אויף דער ערשטער ליניע פון פראָנט, ווי אַ שטראָף פאַר עפּעס אַ זינד. היות ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון גיהנומדיקן פראָנטפייער, האָט ער גענומען אויף זיך אַ נדר מקיים צו זיין אַ גרויסע מצווה — די מצווה פון „שלוש־סעודות".

יעדער שבת בין־השמשות האָט מען געזען חיימען גיין מיט אַ גאַנצער חברה אורחים, פרעמדע און אויך שטעטלשע, צו זיך אין הויז אויף שלוש־סעודות. די אורחים, זשעדנע נאָך שבתדיקע מאכלים, האָבן זיך מחיה געווען פון דער זאַטער סעודה. נאָכן עסן האָט מען געהערט זינגען זמירות, וואָס האָבן צוגעצויגן נייגעריקע פאַרבייגייערס.

חיים משה פישלס מיט זיין משפחה זיינען אומגעקומען בעת דער ערשטער דעפּאָרטאַציע קיין טרעבלינקע.

מ. דריינאָדל (פראַנקרייך)

# מיין ברודער ישראליק



אונדזערע עלטערן נחמן און גיטל דריינאָדל האָבן געוואוינט אין דאָרף כלעוויסק, וואָס איז געווען לעבן שידלאָווצע. מיין ברודער ישראליק איז שוין אין זיין פריער יוגנט געקומען אין פאַרבינדונג מיט דער קאָמו־ניסטישער באַוועגונג, וואָס איז געווען אומלעגאַל.

לאַנג איז ער אין זיין פּאַרטיי ניט געווען, ווייל ביי די ערשטע אַרעסטן אין שטעטל איז ישראליק אויך אַרעסטירט געוואָרן. מיינע עלטערן האָבן אָנגעשטעלט דעם באַוואוסטן וואַרשעווער אַדוואָקאַט ערליך, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. מיין ברודער איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף 4 יאָר תפיסה.

ישראליק האָט שפּעטער זיך אויסגעלערנט פריזירעריי און זיך דער־ווייטערט פון זיין פּאַרטיי. איך האָב שוין דעמאָלט געלעבט אין פראַנקרייך, ניט ווייט פון ליאָן. מיין ברודער האָט זיך אַריינגעשמוגלט קיין פראַנקרייך, געקומען צו מיר און איך האָב אים געהאָלפן זיך איינאָרדענען.

בעת זיין אויפהאַלט אין פּאַריז איז ער ווידער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין 1939, פאַרן אויסברוך פון קריג, איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן און ער האָט זיך אומגעקערט קיין פּוילן.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ישראליק געשוואַרצט די סאָוויעטישע גרענעץ. דאָרטן איז ער ווידער אַריינגעפאַלן אין תפיסה, דאָס מאָל שוין פון „אייגענע" — און מער האָט מען פון אים ניט געהערט.

**מאַשע לעווין־דיינבערג (ישראל)**

# חנטשע בריקס

אַברהמעלע בריקס און זיין פרוי רחל האָבן געהאַט אַ וואַסערמיל אין אָלסענע, 1 ½ קילאָמעטער פון שטאָט, אויף יאַשטשאַמבער שאָסיי. די מיל האָט געמאָלן תבואה און אין איר אונטערטייל זיינען געווען „גאַטרעס", וואָס האָבן געשניטן שטיינער אויף „אָסעלקעס" צו שאַרפן קאָסעס. אָפּנעמערס פון דעם זיינען געווען די פירמע פון הערש־מענדל כ״ץ און די ברידער אַברהמלע און לייבוש שטשענשליווע.

חנטשע, זייער טאָכטער, האָט קיין מאָל נישט געוואָלט מיטאַרבעטן מיט איר פאָטער אין די פעלדער פון אָלסענע. זי האָט געהאַט אַ טייערן קאָפּ און האָט זיך געריסן צום לערנען, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן. דאָס איז נאָך געווען אין די צאַרישע צייטן, ווען אַפילו די פאָלקשול איז געווען נאָר פאַר יחידי־סגולה און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין הויז, האָט זיין קינד נישט געקענט דאָרטן זיך לערנען. זי האָט זיך פאַרשריבן ווי אַ טאָכטער פון איר פעטער אַברהמל איזענבערג, וואָס האָט געהאַט אַן אייגן הויז און גאָרבאַרניע, און דאָס האָט איר געגעבן רעכט זיך צו לערנען אין דער רעגירונגס־שול. איין מאָל איז אויפגעדעקט געוואָרן דער בלאָף און מען האָט זי געוואָלט משלח זיין פון דער שול, אָבער אַזוי ווי זי איז געווען די בעסטע שילערין און אַ ביסל לאַפּוואָקע האָט מען אויך געגעבן — איז זי ווייטער געבליבן לערנען. שפּעטער האָט זי געגעבן „שטונדן" אין די שענסטע הייזער פון שטעטל. דאָס האָט זי דערמעגלעכט ניט נאָכצוגעבן דעם טאַטנס פאַרלאַנג צו פירן די בוכהאַלטעריע פון זיינע מסחרים.

אזוי האָט זיך געצויגן ביזן ערשטן וועלטקריג, ווען זי איז געוואָרן זיבעצן־אַכצן יאָר אַלט. חנטשע איז דעמאָלט געוואָרן סעקרעטאַרין פון שידלאָווצער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געפונען אין יחיאל דימאַנטס הויז. פון צייט צו צייט האָט זי אויך געגעבן רעפעראַטן צוזאַמען מיט מאָטל אייזענבערג.

זי איז דעמאָלט געווען טעטיק אויך אין לינת־הצדק און געהאָלפן אַ סך טיפוס־קראַנקע, ריזיקירנדיק איר לעבן דורך נעכטיקן אין שפּיטאָל צוויי מאָל אַ וואָך.

בעת דער ליקווידאַציע פון סקאַרזשיסקער לאַגער איז זי מיט איר 6־יעריק קינד רחלע דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, וואו זיי זיינען אומגעקומען.

רעגינאַ גרינבוים־איזראַעלסקי (טאָראָנטאָ)

# אפרים גרינבוים

מיין זיידע דוד זילבערמאַן איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם. ער האָט געגעבן פיל צדקה און געפירט אַ שיין הויז. ער האָט אויך געגעבן אַ סך געלט אויפצובויען דאָס קוזמירער שטיבל און עס אויך אויסגעהאַלטן. אַלע שבת פלעגט ער פאַרבעטן די חסידים אויף „קידוש".

מיין טאַטע אפרים איז געווען אַן אייניקל פון באַדזשענטינער רב, ר' משה אבנר גרינבוים. געווען אַ קענער אין די „שוואַרצע פינטעלעך" און האָט אויך געקענט עטלעכע שפּראַכן, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעלערנט.

ווען עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ צו לערנען יידישע רעליגיע אין די פּוילישע שקאָלעס, האָט מיין פאָטער באַקומען אַ דיפּלאָם פון אַ יידישן רעליגיע־לערער. ער איז באַשטימט געוואָרן צו לערנען אין דער שטאָטישער שול פון אונדזער שטאָט. נאָר עס האָט נישט געפּאַסט פאַר אים צו לערנען מיט פּוילישע לערערס צוזאַמען, האָט ער דעם פּאָסטן ניט אָנגענומען.

זיינע קינדער האָבן אַלע באַקומען זייער אַ גוטער דערציאונג: מיידלעך — אין „בית־יעקב" און אין דער פּוילישער שקאָלע, יינגלעך — אין חדרים און ישיבות.

אין צייט פון דער מלחמה איז מיין פאָטער קראַנק געוואָרן און גע־שטאָרבן.

נאָך די „שלושים" פון מיין טאַטן האָט געטראָפן אַן אומגליק מיט מיין ברודער לייבוש, וואָס איז דערטרונקען געוואָרן ביים באָדן זיך. מיין מאַמע איז שפּעטער אומגעקומען אין טרעבלינקע.

איך און מיין שוועסטער גיטל זיינען אָוועקגעשיקט געוואָרן אין סקאַר־זשיסקער לאַגער. נאָך גרויסע צרות און אוממענטשלעכע יסורים האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו ראַטעווען — איר אין פּוילן און מיר אין דייטשלאַנד.

**בער פריד** (בועגאָס איירעס)

# זיידע און טאַטע

מיין זיידע בנימין לייזער יאַנקלס פלעגט שבת לערנען מיט יידן אַ שטיקל חומש מיט רש״י. זומער פלעגט ער דינגען אַ סאָד און אויסשלאָגן פון דעם אַ ביסל צוגאָב־חיונה.

דער זיידע איז געווען אַ ייד אַ גוואַר. די פויערים האָבן אים רעספּעקטירט פאַר זיין פיזישער גבורה. געווען אַ פויער אין אַ דאָרף, וואָס אַלע פלעגן ציטערן פאַר אים, האָט ער זיך איין מאָל אָנגעזעצט אויף מיין זיידן, אַז ער זאָל זיך ראַנגלען מיט אים. האָט מיין זיידע דעם פויער אויפגעהויבן אין דער הייך און אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד, אַז יענער האָט קוים אַ לעבעדיקער זיך אויפגעהויבן פון דער ערד. מער האָט דער פויער שוין ניט געטשעפּעט זיך מיט מיין זיידן.

מיין פאָטער, זלמן יאָסל, האָט געהאַט אַ טייער האַרץ, תמיד געווען גרייט צו העלפן מענטשן. מיט זיינע שותפים חיים פאַרנאַלסקי און סענדער גאַרבער אין שידלאָווצע פלעגט ער זיך אַרומקריגן צוליב די אַרבעטערס זיינע, וואָס פאַרדינען ווייניק. אויף יום־טובים פלעגט ער אָן זייער וויסן זיי געבן אַ ספּעציעלע הוספה. אויך דאָ, אין אַרגענטינע, פלעגט ער אונדז שטענדיק הייסן פרייוויליק דערלייגן די אַרבעטערס. ער פלעגט זאָגן: „פון דעם וועט איר זיכער אָרעמער נישט ווערן״.



אברהם משה אייזענבערג, פון די פירערס פון „ברית החיל״, אומגעקומען אין שליבן. דער יונגערמאַן איז מאָטע אונגעראָוויטש.

מיט וואָס פּאָר אַ יוגנטלעכן ברען ער פלעגט דאָס טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. עס איז פאַר אים געווען אַ הייליקייט, און קיין פאַמיליע יום־טוב האָט אים אָט די צייט נישט געקענט צונעמען. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ נויט־באַדערפטיקן לאַנדסמאַן, האָט ער נישט גערוט, ביז עס איז געשאַפן געוואָרן די נייטיקע סומע. ער האָט שטענדיק באַדויערט, וואָס מען קען נישט שאַפן קיין שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין בוענאָס איירעס.

מיין טאַטע איז געווען אַ הייסער ציוניסט. דריי מאָל איז ער געווען אין ישראל און געקומען שטענדיק אַ באַגייסטערטער. זיין טרוים איז געווען זיך דאָרטן צו באַזעצן. אָבער דאָס איז אים ניט באַשערט געווען. קורץ נאָך זיין דריטער נסיעה איז ער אַוועק פון דער וועלט.

**לייבוש גלאָס**

# שניידערס

ווען איך האָב געענדיקט דעם חדר אין דער פּוילישער שול, האָט מיין ליבער טאַטע בערל מיך אָפּגעגעבן צו לערנען אַ פאַך ביים דאַמען־שניידער משה נאַדעלמאַן. ער איז ניט געווען קיין צו פלייסיקער שניידער, ווייל אים האָט מער געצויגן צו מוזיק און ער פלעגט זיך אָפט אַראָפּכאַפּן אויף אַ חתונה שפּילן פידל, צוזאַמען מיט זיין שוועער חיים גיל (מייקוס) און זיינע שוואָגערס יצחק און אהרן גייגער.

מיין צווייטער „מלמד" אין שניידעריי איז געווען וועלוול שטאַרק. ער איז געווען גאָר אַן אַנדער בעל־מלאכה, ענערגיש און טיכטיק און זייער אַ סימפּאַטישער מענטש. כאָטש ס'זיינען געווען אין שטאָט נאָך דאַמען־שניידערס, ווי מאָטע זילבערבערג, יאַנקל־משה ברייטלס און אברהם זילבערשטיין, איז דאָך יעדער געלאָפן צו וועלוול שטאַרק. ביי אים האָבן מערערע שידלאָווצער זיך אויסגעלערנט גוט שניידעריי, וואָס איז זיי שפּעטער צו נוץ געקומען אין אַנדערע גרויסע שטעט.

וועלוולס פרוי דבורהלע איז געווען די גוטסקייט אַליין. זי איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויזאָ". וועלוול שטאַרק

מיט זיין פרוי און די קינדער געניע, יאָסל און פאָלע האָבן מיט זיך פאַר־געשטעלט אַן אידעאַלע היים.

געניע און איר מאַן מענדעלע כאַמאַנטאָווסקי האָבן איבערגעלעבט דעם קריג אין פּאַריז אַ דאַנק דעם, וואָס די גוטע הויז־וועכטערין האָט זיי אויסבאַהאַלטן. אָבער געניע האָט ניט געקענט איבערטראָגן די גרויסע טראַגעדיע, וואָס איר גאַנצע משפחה איז אומגעקומען, און זי איז יונגערהייט געשטאָרבן אין פּאַריז.

אליהו גלאַט ע"ה

# מיין טאַטע



אין שידלאָווצע האָב איך געלעבט די ערשטע זעכצן יאָר פון מיין לעבן. געדענק איך ניט צו פיל פון שטעטל.

אויפן זכרון קומט מיר ר' זכריה מלמד, ביי וועמען איך האָב געלערנט פון חומש ביז גמרא. זיין ווייב פלעגט מאַכן קאַרמעלקעס (צוקערקעס) צו פאַרקויפן. מיר, די תלמידים, פלעגן צוהעלפן מאַכן די פּאַפּירלעך. דער „חדר" איז באַשטאַנען פון איין צימער און ס'האָבן זיך געלערנט דאָרטן אַרום 15 קינדער. שפּעטער האָב איך געלערנט אין ביאַלאָבזשעגער שטיבל ביי מיינע צוויי שוואָגערס שמאַי ווייסמאַן פון ראָדעם און משה וויינטרויב פון אָפּט.

אין „חדר" צו אונדז פלעגט קומען אַ לערער, וואָס פלעגט אונדז לערנען רעכענען, רוסיש און יידיש שרייבן.

מיין טאַטע גאָדל איז געווען אַ צייט דאָזאָר אין שטעטל. זיין אויפגאַבע איז אויך געווען צו שאַצן „פּאָדאַטקעס" (שטייערן) פון יעדער הויז. דער טאַטע האָט געשאַצט מערער לויט די צאָלונג־מעגלעכקייטן פון ייד, ווי לויטן ווערט פון זיין הויז. אין ערב שבת איז געקומען צו לויפן אַ ייד צו מיין טאַטן און געזאָגט, אַז מען האָט איצט צוגענומען דאָס בעטגעוואַנט און די

לייכטערס פון זיין שטוב, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן די שטייערן — האָט מיין טאַטע אַלץ אין איין שעה דערליידיקט, אומגעקערט דעם יידן זיינע זאַכן און נאָך צוגעשיקט אים עסן אויף שבת.

שידלאָווצע איז געווען אַ שטעטל פון הכנסת־אורחים. ביי אונדז אין שטוב פלעגן אויך זיין אַ פּאָר אורחים אויף שבת. געווען אויך קאַרגע יידן. איינער אַזאַ איז געשטאָרבן מיטן שליסל פון זיין קופערט אין האַנט, וואָס אין אים איז געלעגן געלט און משכנות און איז געווען צוגעבונדן צום בעט. מיין טאַטע האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז היות זיין גאַנץ לעבן האָט ער ווייניק געגעבן פאַרן שטעטל, דעריבער דאַרף מען איצט נעמען פון אים קבורה־געלט 1500 רובל — אַ ריזיקע סומע יענע יאָרן.

מינדזשע האָטבערג־ציטרינבוים (ישראל)

# יצחק וואַסער־טרעגער



יצחק דער וואַסער־טרעגער פלעגט אָנהייבן זיין שווערע האָרעוואַניע פון דער פרי און ענדיקן ביי נאַכט. ער האָט באַזאָרגט פיל איינוואוינערס מיט וואַסער. געשלעפּט האָט ער דאָס וואַסער פון ניקולסקעס ברונעם, צו וועלכן עס איז געווען שווער צוצוקומען צוליב דעם אייז, וואָס איז אַרום.

זיינע אַקסלען זענען געווען אַראָפּגעלאָזן פון דער שווערער לאַסט פון די „נאָסעס". פון אונטער זיינע טונקעלע ברילן האָט מען געקענט מערקן זיינע רויטע קראַנקע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט אַן אומעטיקייט. אָבער ער איז נישט געווען געפאַלן ביי זיך.

איך געדענק, ווען ער פלעגט אַרויפברענגען די צוויי קובלעס וואַסער אין שטוב, פלעגט מען צו אים שטאַרק צושטיין, אַז ער זאָל אויסטרינקען

אַ גלאָז טיי, כדי צו דערוואַרעמען זיין פאַרפרוירענעם קערפּער. מען האָט געמוזט אים לאַנג בעטן. אויב שוין יאָ נאָכגעגעבן, פלעגט ער טרינקען שטייענ־דיקערהייט, ווייל ער פלעגט זאָגן, אַז די צייט איז קורץ און אַרבעט איז פאַראַן פיל, און ווען ער זעצט זיך אַוועק, קען ער זיך נישט אויפהייבן.

אַזוי פלעגט ער מיט זיינע אָפּגעפרוירענע הענט שלעפּן דאָס וואַסער, כדי צו קענען דערנערן זיין פרוי און קינדער און נישט דאַרפן אויסשטרעקן, חלילה, די האַנט.


אליעזר אַלפּערט (לאַזער פּלומפּער).

רעדאַקטאָר

# קורצער סך־הכל פון לעבן ביזן חורבן

די קריסטן פלעגן רופן שידלאָוויעץ — „זשידלאָוויעץ" [„זשיד" אין פּויליש — ייד] און דער ראַדעמער קרייזהויפּטמאַן האָט דאָס שטעטל גערופן „יודענשטאַדט", ווייל די קריסטן זיינען געווען קוים אַ פינפטל פון דער שטעטלשער באַפעלקערונג.

די געשיכטע פון די יידן אין שידלאָווצע קען מען איינטיילן אין 2 תקופות: ביזן ערשטן וועלטקריג און נאָך אים.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער יידישער לעבן־שטייגער אין שטעטל בעיקר געווען אַ טראַדיציאָנעלער. די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָס־פער איז געווען אַ רעליגיעזע. שידלאָווצע איז געווען אַ חסידיש שטעטל און די חסידים האָבן געשפּילט די הויפּטראָלע אין יידישן לעבן.

שידלאָווצע האָט געהאַט אַן אייגענע חסידישע דינאַסטיע, וואָס איר

השפעה האָט זיך אויסגעשפּרייט סיי אויף שידלאָווצער חסידים, סיי אויף חסידים אין אַרומיקע שטעט. דער מקור פון דער דאָזיקער דינאַסטיע איז געקומען פון „היוד הקדוש" פון פּשיסכע. זי האָט זיך אָנגעהויבן פון זיין זון ר' נתן־דוד און זיך געצויגן ביזן לעצטן רב און רבי אין שידלאָווצע ר' חיים יקותיאל ראַבינאָוויץ הי"ד.

דער באַרימטסטער רב אין שידלאָווצע איז געווען הגאון ר' מאיר אייזענשטאַט, דער בעל „פּנים מאירות", וואָס איז שפּעטער געווען רב אין באַוואוסטע יידישע קהילות, בתוכם אויך אין פּראָג.

דורות זיינען אַוועק און דורות זיינען געקומען — אָבער דאָס פּנים פון דער יידישער שידלאָווצע האָט זיך ווייניק געענדערט.

בעת די געשעענישן פון 1905 האָט זיך דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל אַ ריר געטאָן. יידישע יוגנטלעכע זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערן שטראָם, עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייקן — אַ זאַך וואָס מען האָט פון דעם פריער ניט געוואוסט. אין עטלעכע יאָר אַרום, אַרום 1910־1911, איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ געהיימע ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאָלפן אַריינברענגען נייעם גייסט אין שטעטל.

אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען קליינע התחלות, וואָס זיינען געווען אַ פאָרשפּיל פאַר די גרויסע ענדערונגען אין יידישן לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין דער צייט פון דער נייער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט. די שטאַרק פונאַנדערגעוויקלטע און פאַרצווייגטע טעטיקייטן פון די יידישע פּאָלי־טישע פּאַרטייען — די פאַרשיידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, דער „בונד" און די יידישע קאָמוניסטן — האָבן אַלץ מער געלייגט דעם שטעמפּל אויפן אָרטיקן יידישן לעבן. עס האָט זיך געפירט דער גרויסער קאַמף פאַר מאַכט און פּאָזיציע, וואָס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק אין דער צייט פון וואַלן צום סיים, צום שטאָטראַט, צו דער קהילה אָדער צו ציוניסטישע קאָנ־גרעסן. דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעווירקט אויף דער יוגנט און אויפן גאַנצן אָרטיקן יידישן לעבן־שטייגער.

אויך דער פרומער סעקטאָר איז ניט געשלאָפן. ער האָט שטאַרק גע־קעמפט פאַר איינהאַלטן זיינע אַלטע מאַכט־פּאָזיציעס, באַזונדערס אויפן געביט פון יידישן חינוך. די צאָל חדרים איז אויך בעת דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט געווען אַ גרויסע. אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּילט די תלמוד־תורה. אין קאַמף קעגן די נייע יידישע וועלטלעכע שולן איז אין שטעטל געשאַפן געוואָרן אַ בית־יעקב־שול פאַר מיידלעך און אַ „יבנה"־שול פאַר יינגלעך.

דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אין שידלאָווצע איז ניט געווען קיין געהויבענער, אָבער ניט קיין צו פיל געדריקטער. אַוודאי זיינען געווען ניט ווייניק אָרעמעלייט און די אונטערוואַקסנדיקע יידישע יוגנט האָט געהאַט גרויסע שוועריקייטן מיט באַקומען אַרבעט און אַ סך פון זיי האָבן געזוכט אַן אויסוועג אין עמיגראַציע — אָבער די ספּעציעלע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון שטעטל איז געווען אַזאַ, אַז זי האָט פאַרלייכטערט אַ ביסל די אָרטיקע יידישע עקאָנאָמיק.

קודם־כל איז דאָס געווען די לעדער־אינדוסטריע, דער הויפּטנערוו פון שידלאָווצער יידישן לעבן. אַ נעץ פון גרויסע און קליינע גאַרבערייען האָט באַדעקט דאָס שטעטל. אויסגעאַרבעטע לעדער איז געגאַנגען איבער גאַנץ רוסלאַנד. די וועכנטלעך אויסגעפאַרטיקטע און עקספּאָרטירטע שיך פון שידלאָווצער פּראָדוקציע האָבן אין אַ סעזאָן באַטראָפן אַרום זיבן טויזנט פּאָר. וואָס דאָס באַטייט פאַר אַ קליין שטעטל, איז לייכט צו פאַרשטיין.

צו דער יידישער קליין־אינדוסטריע דאַרף מען אויך צורעכענען איזן־גיסעריי און שטיין־האַקעריי, וואָס האָבן זיך געפונען אין יידישע הענט, ווי די אַלע גאַרבערייען און קנעפּל־פאַבריקן.

דער באַדאַרף אין קרעדיטן איז געווען אַ גרויסער און דאָ האָבן אַרויסגעהאָלפן די צוויי בענק „באַנק לודאָווי" און „באַנק קופּיעצקי". די מער געדריקטע יידן איז געקומען צו הילף די קאַסע פון „גמילת חסדים", וואָס איז געשטיצט געוואָרן דורך געלטער פון אַמעריקאַנער לאַנדסלייט.

בדרך כלל איז שידלאָווצע געווען אַ שטעטל פון יידישע אַרבעטערס און בעלי־מלאכות און דאָס האָט געהאַט אַן אויסווירקונג אויף דער געזעלשאַפטלעכער געשטאַלטיקונג פון אָרטיקן יידישן לעבן.

די פאַרשיידענע יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אַנטוויקלט אַ שטאַרקע קולטור־אַרבעט, וואָס פון איר האָבן גענאָסן ניט נאָר די אייגענע חברים, נאָר אַלע יידן פון שטעטל. רעפעראַטן פון אַראָפּגעקומענע באַקאַנטע פירערס פון וואַרשע און אויסלאַנד האָבן אָפט באַזוכט שידלאָווצע און באַקענט די דאָרטיקע יידן ניט בלויז מיט פּאָליטישע פּראָבלעמען, נאָר אויך מיט יידיש־גייסטיקע ענינים.

געווען אַ פּאָר דראַמאַטישע סעקציעס, וואָס האָבן פון צייט צו צייט געגעבן פאָרשטעלונגען פאַרן ברייטן עולם. אַזעלכע טעאַטער־פאָרשטעלונגען זיינען אַלע מאָל געווען אַ יום־טוב פאַר די שטעטלשע יידן.

צו דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער יוגנט האָבן שטאַרק

צוגעהאָלפן די עטלעכע יידישע ביבליאָטעקן אין שטעטל און די יידישע פּרעסע פון וואַרשע.

אין דער צייט פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט האָבן ניט ווייניק יידישע קינדער באַזוכט די אָרטיקע „שקאָלאַ פּאָווסעכנאַ", אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געווען מיידלעך. אַ צאָל יידישע קינדער האָבן זיך געלערנט אין פּרעמדשטעטישע גימנאַזיעס.

אין שידלאָווצע זיינען ניט געווען קיין פּאָגראָמען. היות שידלאָווצע האָט געהאַט אַ מערהייט יידן און היות זייער אַרבעטערישער און בעל־מלאכהשער עלעמענט איז געווען אַ גרויסער, האָבן גויים שלעכט אָפּגעשניטן, ווען זיי האָבן געפּרוּווט פּאַרטשעפּען יידן. געווען אַ פּאַל, ווען פּויערים פון דער אַרומיקער סביבה האָבן אַ טאָג געמאַכט הכנות אָנצופאַלן אויף די שידלאָווצער יידן. די יידן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, זיינען זיי אין דער פרי אַרויס אויסן שטעטל און, מיט דער הילף פון גוטע שטעטלשע קריסטן, האָבן זיי צעשמיתט די פּאָטענציעלע פּאָגראָמשטשיקעס. די יידן האָבן שפּעטער געוואָרנט יענע פּויערים, אַז אויב זיי וועלן פּרוּוון אָנגרייפן יידן, וועלן אַלע זייערע פעלדער אונטערגעצונדן ווערן. די וואָרענונג האָט געבראַכט פּויערים אין יידישע הייזער צו זאָגן, אַז זיי האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט יענעם געפּלאַנטן איבערפאַל.

אין דער צייט פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט די מלוכה ניט ווייניק אויפגעבלאָזן אַנטיסעמיטישע געפילן. שידלאָווצע איז ניט געווען קיין אויסנאַם, אָבער אַלע אַנטיסעמיטישע מעלדונגען, וואָס פלעגן אויסגעקלעפּט ווערן ביי טאָג, אונטער דער פּראָטעקציע פון פּאָליציי, זיינען דאָס רוב אַראָפּגעריסן געוואָרן ביי נאַכט. די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג האָט אַ סך מער צרות געבראַכט די שידלאָווצער יידן, ווי די כוליגאַנישע מעשים פון די אָרטיקע אַנטיסעמיטן אָדער סתם אויסוואורפן.

דער דאָזיקער אַנטיסעמיטיזם האָט אַלץ מער אויפגעהויבן זיין קאָפּ זינט היטלערס קומען צו דער מאַכט אין 1933. פון יאָר צו יאָר איז אַלץ געוואָרן גרעסער די שרעק פון יידן פאַר דער השפעה פון יידן־פרעסערישן נאַציזם אויף זייערע פּוילישע שכנים, וואָס האָבן זיך קיין מאָל ניט אויסגעצייכנט מיט קיין גרויסער אהבת ישראל. און נאָך מער האָט מען זיך געשראָקן פאַר דער מעגלעכקייט פון אַ פּויליש־דייטשישן קריג און אַ דייטשישן נצחון.

מען האָט זיך זייער געשראָקן, אָבער קיינער פון די גרעסטע פּעסימיסטן האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז די נאַציס האָבן געהאַט אין זייערע פינצטערע פּלענער פּשוט אויסצוראָטן אַלע יידן.



אַ בילד פון שידלאָווצע, געמאָלן פון יאָסל זילבערשטיין, אויסטראַליע.

א. רוטקאָווסקי (פּוילן)

# דער אומקום פון די שידלאָווצער יידן

שידלאָווצע, וואָס געפינט זיך 30 קילאָמעטער פון ראַדעם, איז פון לאַנג געווען אַ טיפּיש יידיש שטעטעלע אין פּוילן. שוין אָנהייבנדיק פון דער העלפט 19טן יאָרהונדערט ביזן אויסברוך פון דער 2טער וועלט־מלחמה האָבן די יידן אויסגעמאַכט אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין שטעטל.

פאַרן אויסברוך פון דער 2טער וועלט־מלחמה, אין סעפּטעמבער 1939סטן יאָר, האָבן געוואוינט אין שידלאָווצע 7,200 יידן, קרוב 90 פּראָצענט פון אַלע איינוואוינערס. די יידן האָבן זיך דאָ פאַרנומען מיט האַנדל, האַנטווערקעריי און זענען געווען באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע. די יידישע אַרבעטערס האָבן געאַרבעט אין די 14 אַרטיקע גאַרבערייען און 10 שטיין־האַקערייען, אין אַ סך שיכפאַבריקלעך, מעטאַל־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן אין דער מערהייט גע־הערט צו יידן. די האַנטווערקערס (שוסטערס און שטעפּערס) זענען אויך געווען באַשעפטיקט ווי כאַלופּניקעס.

די יאָרן 1939, 1940 און 1941 זענען אין שידלאָווצע אַדורך אַ ביסל רואיקער, ווי אין אַנדערע שטעט פון דער גענעראַל־גובערניע. די יידן זענען דאָ געווען אויסגעשטעלט אויף לפי־ערך קלענערע ליידן. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז די אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען פון דער היטלעריסטישער צענ־טראַלער מאַכט זענען דאָ נישט איינגעפירט געוואָרן אין לעבן. אָבער דאָ זענען זיי אַדורכגעפירט געוואָרן מיט ווייניקער סאַדיזם, ווי אין אַנדערע שטעט. דאָס איז נאַטירלעך נישט געווען קיין רעזולטאַט פון וועלכן עס זאָל נישט זיין הומאַניטאַריזם מצד דער אָרטיקער אָקופּאַציע־מאַכט, נאָר אַ דאַנק די ריזיקע אויסקויפגעלטער און לאַפּוואוקעס פון דעם אָרטיקן יודענראַט פאַר די פאַר־שטייערס פון דער אָקופּאַציע־מאַכט.

אַזוי ווי דאָס גאַנצע שטעטל איז כמעט פולשטענדיק געווען באַוואוינט פון יידן, איז נישט געווען נייטיק צו שאַפן קיין באַזונדער יידישן קוואַרטאַל. עס איז געווען גענוג צו אָנערקענען דאָס גאַנצע שטעטל פאַר אַ געטאָ. און אַזוי איז טאַקע געווען. דער אָקופּאַנט האָט דאָס זעלבע געטאָ אין צוויי ענלעכע פאַלן, וואו די מערהייט פון דער באַפעלקערונג זענען געווען יידן —

אין שידלעוו און סקושינא (ראַדעמער דיסטריקט). דער שידלאָווצער יודענראַט מיט זיין פּרעזעס א. רעדליך האָט אָבער דאָס צוגעשריבן זיינע באַמיאונגען, וואָס זענען אונטערשטיצט געוואָרן מיט געהעריקע „מתנות". לויט דער פאַר־אָרדענונג פון קרייזהאַופּטמאַן פון 25סטן דעצעמבער 1941סטן יאָר, ווערט גאַנץ שידלאָווצע אָנערקענט ווי אַ געטאָ, אויסער די גאַסן קעלעצקא און לוואָווסקא. דעם 27סטן אַפּריל 1942 איז די דאָזיקע פאַראָרדענונג באַשטימט געוואָרן, אָבער שוין דעם 2טן מיי איז דער געטאָ־שטח געוואָרן באַגרענעצט.

די עפּידעמיע פון פלעקטיפוס האָט אויך נישט אויסגעמיטן שידלאָווצע. אין דער ערשטער העלפט פון 1940סטן יאָר זענען געווען אַן ערך 70 אַזעלכע פאַלן. דערנאָך איז די עפּידעמיע אָפּגעטרעטן. דאָס צווייטע מאָל איז זי אויס־געבראָכן אין שייכות מיטן צוקום פון אַ נייער כוואַליע פּליטים און פאַר־טריבענע. אין 1941 זענען געווען איבער 600 טיפוספאַלן און אין דער ערשטער העלפט פון 1942 — 130 אַזעלכע פאַלן. אַ בערך לעבעדיקע הילפס־טעטיקייט האָבן דאָ אַנטוויקלט די אָרטיקע יידישע עסקנים. צווישן אַנדערע האָבן זיי געשאַפן אַ פאָלקסקיך, וואָס האָט אין געוויסע פּעריאָדן פאַרטיילט פון 700 ביז 1,300 מיטאָגן אַ טאָג צווישן דער סאַמע אָרעמער באַפעלקערונג. דאָ איז געווען טעטיק אַ האַלב־אינטערנאַט פאַר 63 קינדער און עס איז געפירט געוואָרן אַ דערנערונגס־אַקציע פאַר קינדער ביז 9 יאָר. עס זענען דאָ געווען טעטיק קאָמיטעטן, וואָס האָבן אַדורכגעפירט זאַמלונגען צווישן דער באַפעלקערונג (געלט, מלבושים) און האָבן געגעבן הילף דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, באַזונדערס יעדן ערב־יום־טוב (פאַרטיילט ברויט), ווי אויך די יידן, וואָס זענען דאָ אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אויף צוואַנגסאַרבעט פון לאַגערן, און די יידן, וואָס זענען אַדורכגעפאָרן שידלאָווצע.

צוליב די לפי־ערך בעסערע באַדינגונגען, וואָס האָבן פון אָנהייב גע־הערשט אין שידלאָווצע, זענען אָנגעקומען אַהער אַ סך פּליטים פון אַנדערע שטעט. אַזוי אַרום איז די צאָל פון דער באַפעלקערונג אומאויפהערלעך גע־וואַקסן. אין 1940 געפינען זיך דאָ שוין כמעט 8,520 יידן, אין דער העלפט פון 1941 — אַן ערך 10 טויזנט און אין אָנהייב פון 1942 — אַן ערך 12 טויזנט יידן. האַרט פאַר דער דעפּאָרטאַציע קיין טרעבלינקע זענען שוין דאָ אַפילו פאַראַן 16 טויזנט מיט 300 יידן, אָבער דער דאָזיקער לעצטער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג (צווישן מיי און סעפּטעמבער 1942) איז געקומען אין רעזולטאַט פון דער אַקציע פונעם אָקופּאַנט צו קאָנצענטרירן די יידישע באַפעלקערונג.

אָנהייב 1942 האָבן די פאַרשטייערס פון די שידלאָווצער יידן פאַר־שטאַנען, אַז די סיסטעם פון לאַפּואוקעס און מתנות הייבט אָן וואָס אַ מאָל וויניקער צו ווירקן. זיי האָבן דעמאָלט אָנערקענט, אַז בלויז אַן „אַלגעמיינע פּראָדוקטיוויזירונג" און אַרבעט לטובת די דייטשן קאָן זיי ראַטעווען. סוף פעברואַר 1942סטן יאָר זענען שוין דעריבער געווען אין שידלאָווצע שוסטער־וואַרשטאַטן, שניידער־וואַרשטאַטן, שטעפּער־וואַרשטאַטן, סטאָלער־וואַרשטאַטן, רימער־וואַרשטאַטן, שלאָסער־ און שמיד־וואַרשטאַטן. די וואַרשטאַטן, וואָס האָבן זיך געדאַרפט פאַרוואַנדלען אין אַזוי גערופענע יידישע האַנטווערקער־געמיינ־שאַפטן, האָבן נישט באַקומען קיין דייטשישע באַשטעלונגען. די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַ שווערערע און טראַגישערע. עס זענען אָנגעקומען די ערשטע קלאַנגען וועגן די פאַרשיקטע אין פאַרניכטונגס־לאַגערן פון דער לובלינער געגנט. אין אויגוסט 1942 זענען איבערגעזידלט געוואָרן קיין שידלאָוו־צע אַן ערך 1800 יידן פון סקאַרישעוו (אין סקאַרישעוו האָט מען בלויז איבער־געלאָזט עטלעכע צענדליק יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער דייטשישער פירמע „אָסט־נעגרי"). צווישן די אָרטיקע יידן זענען שוין דעמאָלט געווען איבער 4000 מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין גרויס נויט.

צוויי טעג נאָך יום־כפור פון 1942סטן יאָר, ד"ה דעם 23סטן סעפּטעמבער, איז פאָרגעקומען די ערשטע אויסזידלונג פון די שידלאָווצער יידן קיין טרעב־לינקע. די דאָזיקע בלוטיקע אַקציע האָבן אַדורכגעפירט די זעלבע עס־עס־לייט, געשטאַפּאָ און זשאַנדאַרן, וועמען דער אָרטיקער יודענראַט האָט אין משך פון אַזאַ לאַנגער צייט געגעבן געלט און „מתנות". זיי זענען פלוצלונג באַפאַלן די געטאָ און באַפוילן אַלעמען זיך צונויפזאַמלען אויפן „אומשלאַגפּלאַץ". זקנים און קינדער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט לויפן שנעל, האָט מען געשאָסן. די מערהייט מיטגלידער פון יודענראַט איז אַנטלאָפן. די איבעריקע זענען דער־שאָסן געוואָרן דורך די זעלבע היטלעריסטן, וועלכע האָבן פריער פון זיי גענומען געלט און פאַרזיכערט, אַז אין שידלאָווצע וועט נישט פאָרקומען קיין אויסזידלונג. אין דער געוועזענער אייזענבערג־שול זענען אין דעם מאָמענט געווען 52 קראַנקע. די היטלעריסטן האָבן אַלע דערשאָסן אָדער דערהרגעט מיט קאָלבעס. אין דער אויסזידלונגס־אַקציע האָבן אָנטיילגענומען: עס־עס־לייט, דייטשישע זשאַנדאַרן, אוקראַאינישע און לאַטווישע פאַשיסטן, גראַנאַטאָווע פּאָליציי און די אָרטיקע פייער־לעשערס. גלייכצייטיק האָט מען געראַבירט די יידישע פאַרמעגנס. 10 טויזנט יידן האָט מען דעם טאָג אַוועקגעטריבן צום וואָקזאַל. מען האָט זיי אַריינגעשליידערט אין טראַנספּאָרט־וואַגאָנען מיט פענצ־

טערלעך אַרומגעצוימטע מיט שטעכדראָט. דער גאַנצער טראַנספּאָרט און יעדער וואַגאָן באַזונדער איז שטרענג באַוואַכט געוואָרן דורך זשאַנדאַרן אין משך פון גאַנצן וועג. און דאָך זענען פון דאָזיקן טויטוואַגאָן אַרויסגעשפּרונגען 16 יידן, פינף האָבן די עס־עס־לייט דערהרגעט, די איבעריקע זענען אַנטלאָפן אין וואַלד.

בעת דער אַלגעמיינער אויסזידלונג, דעם 23סטן סעפּטעמבער 1942, האָבן זיך אַ סך יידן באַהאַלטן אָדער אַנטלאָפן. די היטלעריסטן האָבן אויפן אָרט דערמאָרדעט איבער 500 יידן און אָפיציעל האָבן זיי איבערגעלאָזט אין דער שטאָט בלויז 80 אַרבעטערס.

ווי באַוואוסט, איז שידלאָווצע אויפן סמך פון דער צווייטער פּאָליציי־אישער פאַראָרדענונג פון דעם העכערן קאָמענדאַנט פון עס־עס און דייטשישער פּאָליציי, גענעראַל קריגער, פון 10טן נאָוועמבער 1942, אָנערקענט געוואָרן ווי איינער פון די פיר אַזוי גערופענע „צווייטע געטאָס” אין ראַדאָמסקער דיסטריקט (די איבעריקע דריי „צווייטע געטאָס” האָבן געדאַרפט אַנטשטיין אין ראַדאָמסק, צויזמיר און אויאזד). קלאָר, אַז דאָס איז געווען אַ כיטרער, ליגנערישער מאַנעווער פון די היטלעריסטן. דער געטאָ אין שידלאָווצע, וואָס איז אין דער דאָזיקער צייט געשאַפן געוואָרן, האָט געדאַרפט דינען און האָט פּאַקטיש געדינט ווי אַ פּאַסטקע פאַר די יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די וועלדער און בונקערס, געליטן פון הונגער און קעלט און זענען פאַרפאָלגט געוואָרן דורך די היטלעריסטן און זייערע אָרטיקע מיטהעלפּערס. אַזוי אַרום האָבן זיך אין קורצן צונויפגעזאַמלט אין שידלאָווצע אַן ערך 5000 יידן פון צווישן די אָפּגעראַטעוועטע רעשטלעך פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אין דעם אַזוי גערופענעם צווייטן געטאָ איז די לאַגע פּשוט געווען אַ קאַטאַסטראָפאַלע. די הייזער זענען שוין געווען רואינירט, אָן דעכער, טירן און פענצטערס. עס האָט געפעלט וואַסער און הייץ־מאַטעריאַל און דערצו איז נאָך אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. דאָס ערגסטע איז אָבער געקומען דעם 13 יאַנואַר 1943. אין דאָזיקן טאָג האָבן די עס־עס־לייט, שאוליסטן און אוקראַאינישע אסקארן אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון די חורבות פון יידישן קוואַרטאַל. פריער האָט מען ביי זיי צוגענומען די שיך און מלבושים — און דער פראָסט האָט דעמאָלט דערגרייכט 16 גראַד. מען האָט זיי באָרוועסערהייט געטריבן 4 קילאָ־מעטער צו דער באַנסטאַנציע. אויפן וועג האָבן די מערדערס דערהרגעט אַ סך פרויען, קינדער און זקנים. אַלעמען האָט מען אַריינגעשטופּט אין וואַגאָנען און אַוועקגעפירט פונקט ווי דעם ערשטן טראַנספּאָרט אין דעם טויטן־לאַגער פון טרעבלינקע.

אין שידלאָווצע איז נישט געווען קיין יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס וואָלט צוגעגרייט די מענטשן צו שטעלן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד די היטלעריסטישע מערדערס. איינצלנע יונגע יידן האָבן אָבער געהאַט געוויסע קאָנטאַקטן מיט די פּוילישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס. צווישן אַ טייל יידן האָבן קורסירט געהיימע פּוילישע צייטונגען („ראָבאָטניק", „זעוו" אדג"ל). אַן ערך 30־40 יונגע יידן האָבן זיך באַזאָרגט מיט געווער. בעת אַלע אויסזידלונגס־„אַקציעס" (געווען פיר אַזעלכע „אַקציעס") איז נישט געקומען צו קיין באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אין די שידלאָווצער און לאָזשיסקער וועלדער (צווישן ראָדעם און פּשיסכע) האָט פון סוף 1942 ביז יאַנואַר 1945 געקעמפט אַ זעלבשטענדיקע גרופּע פּאַרטיזאַנער, וואָס איז באַשטאַנען פון יוגנטלעכע פון שידלאָווצע. זי האָט געציילט 23 באַוואָפנטע מענטשן. נישט קאָנענדיק אָנקניפּן קיין קאָנטאַקט מיט די אָפּטיילונגען פון א. ל. (פאָלקסאַרמיי) און האָבנדיק זיך שוין אָפּגעבריט אין שייכות מיט אירע באַציאונגען מיט איינער פון די אָרטיקע אָפּטיילונגען פון א. ק. (לאַנדאַרמיי), האָט די גרופּע זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אָפּגעזונדערט. די יידישע פּאַרטיזאַנער זענען ערשט אַרויס פון וואַלד, ווען די ערשטע סאָוועטישע טאַנקען האָבן זיך, אונטער דער אָנפירונג פון מאַיאָר אַנטאָנאָוו, אין יאַנואַר 1945, באַוויזן אין דעם דאָזיקן אָרט. דעם 16טן יאַנואַר 1945 האָבן די יידישע פּאַרטיזאַנער, צוזאַמען מיט די אָפּטיילונגען פון דער סאָוועטישער אַרמיי, אַריינגעמאַרשירט אין זייער באַפרייטער געבוירן־שטאָט — *שידלאָווצע*.

יצחק מילשטיין

# כראָניק פון חורבן שידלאָווצע

## 1. פון אויגוסט 1939 ביז דער אויסזידלונג



נאָך דעם ווי פוילן האָט פאַרנומען דעם זאָאָלזע־געביט פון די טשעכן, האָבן די דייטשן פאַרכאַפּט גאַנץ טשעכאָסלאָוואַקיע. דעמאָלט איז שוין ביי קיינעם ניט געווען קיין ספק, אַז דער נאָענטסטער קרבן וועט זיין פוילן, וואָס די דייטשן האָבן געפאָדערט ביי איר פּאָמערן און דאַנציק.

די געשפּאַנטע לאַגע האָט אָנגעהאַלטן איבערן פרי־לינג און זומער. ס׳האָט נישט געהאָלפן דאָס חנדלען זיך פון די פּאָליאַקן צו די נאַציס אפילו דורך זייערע אַנטי־סעמיטישע שטיק. ביי אונדז אין שטעטל האָט מען געקלעפּט אפישן ניט צו קויפן ביי יידן און געטאָן נאָך אַנדערע ענדעקישע אַרבעט.

די טעגלעכע צייטונגען האָבן נישט פאַרויסגעזאָגט קיין גוטס. דאָס זעלבע איז אויך געקומען פון ראַדיאָ. אַלע נייעסן האָבן אָנגעזאָגט, אַז עפּעס שרעקלעכס דערנענטערט זיך מיט ריזנשריט, ביז ס׳איז געקומען דער אָפּמאַך פון רוסלאַנד מיט דייטשלאַנד.

די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַ טאָג געשפּאַנטער און מען האָט זיך געריכט, אַז די מלחמה קען אויסברעכן אַ ליאַדע מינוט. מיטוואָך, דעם 30סטן אויגוסט, איז דערקלערט געוואָרן אַ מאָביליזאַציע און יעדער, וואָס האָט געהאַט אַ רופצעטל זיך צו שטעלן, האָט זיך געאיילט קיין ראַדעם, וואו ס׳איז געווען דער 27סטער פּולק. די מאָביליזאַציע האָט געטראָפן יעדער פאַמיליע. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרפינצטערטע, ווי ערב חורבן.

פרייטיק, סעפּטעמבער 1.

גאַנץ פרי האָט מען שוין געהערט אין ראַדיאָ די שרעקלעכע נייעס, אַז די דייטשן זיינען אַריבער די פּוילישע גרענעץ. אין שטעטל איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען ווי אין אַ געוויינטלעכן פרייטיק, אָבער מיטאָגצייט האָט מען שוין געזען די „שטאָלענע פייגל״, וואָס זייערע באָמבעס האָבן אויפגע־ריסן ביי דער באַנסטאַנציע.

ס׳זיינען באַלד איינגעפראָרן געוואָרן די פרייזן פון אַלע אַרטיקלען. די ערשטע זאַך, וואָס האָט אויסגעפעלט, איז געווען ברויט. מען האָט באַלד געדאַרפט שטיין אין די רייען, אָבער אַלץ איז צוגעגאַנגען מיט אַן אָרדענונג.

מענטשן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון שכנותדיקן סקאַרזשיסק, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז צוליב די אַמוניציע־פאַבריקן וועט דאָס שטעטל שטאַרק באָמבאַרדירט ווערן. ביי אונדז אין שטעטל האָט מען געמאַכט פּלאַץ פאַר אונדזערע שכנים, די פּליטים, און זיי געהאָלפן מיט וואָס נאָר מען האָט געקענט.

מיטן אָנקום פון דער נייער וואָך זיינען אין שטעטל געקומען סאָלדאַטן פון ראָדעם און פאַרפּלייצט די גאַסן.

מאָנטיק, סעפּטעמבער 4.

היינט איז ווידער געווען אַ לופט־אַלאַרעם. דער אָנגריף איז ווידער געווען אויף דער באַנסטאַנציע, אָבער דאָס מאָל איז געשען עפּעס אומדער־וואַרטס: אין דערבייאיקן וואַלד פון דער סטאַנציע האָט זיך געפונען פּויליש מיליטער, וואָס האָט געעפנט פייער פון איר זעניט־אַרטילעריע. איין עראָפּלאַן איז געטראָפן געוואָרן און אַראָפּגעפאַלן הינטער דער שטאָט, ביי די „גורקעס" (בערגלעך). דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו יענעם אָרט, אָבער די פּוילישע פּאָליציי איז דאָרט פריער געווען און געכאַפּט די 2 היטלעריסטישע פליערס. איינער איז געווען פאַרוואונדעט.

מיטוואָך, סעפּטעמבער 6.

ס'איז געוואָרן אַ שטאַרקע באַוועגונג. מענטשן האָבן געהאַלטן אין איין אַנטלויפן. ס'לויפן ציווילע און ס'לויפט מיליטער. צווישן די לויפנדיקע האָבן די פּוילישע זעלנערס געכאַפּט אַ מאַן, וואָס איז געווען פאַרדעכטיקט. נישט ער האָט געהאַט אַ פּאַספּאָרט, נישט ער האָט געקענט רעדן פּויליש אָדער יידיש. נאָך אַ קורצער אויספאָרשונג האָט מען אים אָפּגעפירט הינטער דער שטאָט און דערשאָסן.

צווישן די פּוילישע סאָלדאַטן איז געווען אונדזערס אַ שידלאָווצער, בונעם בלאַנדער. מען האָט אים געבעטן צו בלייבן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט הערן פון דעם און איז אוועק.

אַז דער פראָנט האַלט זיך אין דערנענטערן, האָט מען געקענט מערקן פון די מאַסן מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין שטראָמען דורך אונדזער שטעטל אין דער ריכטונג אויף ראָדעם. דאָס פּוילישע מיליטער האָט דעם זאמלפּונקט ביים קאָשטשאָל. ס'קומען גרויסע ליידיקע אויטאָבוסן, זיי ווערן אָנגעפילט מיט באוואָפנטע זעלנערס און פאָרן אָפּ אין דער ריכטונג פון פשיסכע. דאָס זענען געווען טראַנספּאָרטן צום פראָנט, וואָס איז שוין געווען גאַנץ נאָענט פון אונדז.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז דאָנערשטיק, דעם 7טן סעפּטעמבער. ביי נאַכט האָט מען געוועקט מענטשן אויפצושטיין אויף צו טרייבן די בהמות פאַרן פּוילישן מיליטער. דאָס זענען געווען קאַשמאַרנע נעכט. ווער האָט דאַן געקענט שלאָפן?

פרייטיק, סעפּטעמבער 6.

פרייטיק איז געוואָרן אין שטעטל א בהלה. מענטשן זענען געלאָפן נישט ווויסנדיק וואוהין. א גרויסער טייל איז געלאָפן אויפן ראָדעמער וועג און א גרויסער טייל — אויפן קעלצער וועג. די וואָס זיינען געלאָפן אויפן ראָדעמער וועג האָבן געהאַט האָפענונגען צוריקצוקומען, אָבער די אנדערע זענען געלאָפן אין דער ריכטונג, וואו די מערדערס זיינען שוין דאָרט געווען, אין קעלץ.

די שטאָט איז געבליבן אויף הפקר. מען האָט נישט געזען אפילו קיין פּוילישן פּאָליציאַנט. פרייטיק ביי נאַכט איז שוין קיינער נישט געשלאָפן. די, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה, האָבן געראָטן, אַז מען זאָל בעסער זיין אין אַ קעלער. די נאַכט איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע קאַנאָנאַדע צווישן דער פּוילישער ארמיי אויפן ראָדעמער וועג און די דייטשע חיילות אויפן קעלצער וועג.

מיר האָבן יענע נאַכט פאַרבראַכט ביי יעקב שמעון ווייסבראַט אין קעלער. ער האָט אונדז געגעבן אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיך צו באַהאַלטן, ווייל אויך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין זעלביקן קעלער. פאַר טאָג איז די שיסעריי שטיל געוואָרן און יעדער פון אונדז איז אַוועק צוריק צו זיך אַהיים.

שבת, סעפּטעמבער 7.

אין שטעטל איז שטיל, רואיק ווי ס׳וואָלט קיין מאָל גאָרנישט געשען. די אַנטלאָפענע פון ראָדעמער וועג זענען אַלע צוריקגעקומען, ווייל זיי האָבן שוין ניט געהאַט וואוהין צו לויפן. די געלאָפענע אין דער ריכטונג פון קעלץ זענען אַריינגעפאַלן ביי די דייטשן.

די רואיקייט אין שטעטל האָט אָנגעהאַלטן בלויז ביז צען אין דער פרי. דאַן האָט זיך פּלוצעם אַריינגעריסן אַ דייטשער טאַנקאָפּטייל מיט סאָלדאַטן אויף מאָטאָציקלען. זיי זיינען אַריין מיט אַזאַ אימפּעט, ווי זיי וואָלטן געקומען אונדז איינשלינגען. זיי האָבן קיינעם נישט געטשעפּעט, בלויז זיך אַרומגעקוקט און דערנאָך צוגעפאָרן צום מאַגיסטראַט.

די דייטשן האָבן באַלד באַשטימט אַ קאָמענדאַנט און אַ שטיקל פאַר־וואַלטונג. זיי אַליין האָבן זיך פאַרנומען מיט די פוילישע קריגס־געפאַנגענע, וואָס זיינען געווען אין אַ גרויסער צאָל. די געפאַנגענע זיינען אָפּגעפירט געוואָרן צום ברויזהויז הינטער דער שטאָט.

צווישן די פוילישע קריגס־געפאַנגענע האָבן זיך געפונען אַ סך יידן. שטעטלשע יידן האָבן זיך גלייך גענומען זאָרגן פאַר די יידישע סאָלדאַטן. די הויפּטזאָרג איז געווען אַרויסצונעמען זיי פון לאַגער. אויב ווער פון די יידישע סאָלדאַטן איז אַרויס אין שטאָט אויף אַרבעט, האָט מען שוין געזען, אַז ער זאָל באַקומען ציווילע בגדים, ער זאָל שוין נישט צוריקגיין אין לאַגער פון די געפאַנגענע און קענען אַפּפאָרן צו זיך אַהיים. מען האָט דאָס געקענט דורכפירן, ווייל קיין שטרענגע וואַך איז ניט געווען. ווען מען האָט די געפאַנגענע סאָלדאטן אוועקגעפירט פון שידלאָווצע, איז שוין קיין איינציקער יידישער סאָלדאָט ניט געווען צווישן זיי... איך געדענק נאָך, אז ביי יענער מלבושים־אקציע האָב איך דעם לעצטן מאַלער־בגד פון מיין ברודער אברהם ע״ה אוועקגעגעבן.

די אַלע, וואָס זענען די ערשטע טעג אנטלאָפן אין דער ריכטונג פון קעלץ, זענען אריינגעפאַלן ביי די דייטשן. מען האָט זיי עטלעכע וואָכן געהאַלטן אין אַ צייטווייליקן לאַגער לעבן קעלץ, צוזאַמען מיט קריסטן. זיי זיינען דאָרטן אויסגעשטאַנען ביטערע צרות, אָבער מען האָט זיי דערנאָך אָפּגעשיקט אַהיים.

דער ערשטער באַפעל פון די דייטשן איז געווען: קריגסצושטאנד. פּאָליציי־שעה איז געווען ביז 6 אין אוונט. כמעט פאר יעדער קלענסטן פארברעכן האָט געדראָט טויטשטראָף.

דעם דריטן טאָג נאָכן אַריינקום פון די דייטשן האָט אַ פייער מיט אַ וואָגן שטרוי זיך אָפּגעשטעלט פאר אונדזער הויז. פון אונטער אַ בינטל שטרוי האָט זיך געהערט אַ יידישער קול. דאָס איז געווען אַ פאַרוואונדעטער יידישער סאָלדאט. מען האָט געברענגט רבקה צוקער, וואָס איז געווען א סאניטארקע, און זי האָט אים געגעבן די ערשטע הילף, און אין צווי טעג אַרום איז ער געפאָרן צו זיך אין שטעטל, איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער.

די דייטשן האָבן זיך איינגעקוואַרטירט לעבן ברויזהויז. די זעלנערס זענען געווען מייסטנס עלטערע מענטשן און מען איז ווי ס'איז דורכגעקומען מיט זיי. די צוגעטיילטע מאַכאָרקע, וואָס זיי האָבן באַקומען, האָבן זיי פאַרקויפט פאַר ביליק. די אָפּנעמערס זענען געווען קליינע יינגלעך.

דער ערשטער יום־כיפור אונטער די נאַציס איז געווען אַ ביטערער: ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אין בית־מדרש. מען האָט די יידן געטריבן צו לעשן דאָס פייער, אָבער ס׳איז קלאָר געווען, אַז די נאַציס גופא האָבן עס אונטערגעצונדן. וועגן דעם איז שוין מערער באַשריבן אין אַנדערע ערטער פון בוך.

ווי לאַנג דער קריג מיט פוילן איז אָנגעגאַנגען, איז נאָך געווען צו דערליידן. די דייטשן האָבן געהאַט צו טאָן מיט זיך און איבער דער צייט האָט מען געהאַנדלט צו ביסלעך און אויך געאַרבעט. סוחרים זענען נאָך געפאָרן קיין לאָדזש מיטן לאַסטאויטאָ פון נאָטעלע גרינבערג. ניט אַלע מאָל, פאַרשטייט זיך, איז אָפּגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק. איין מאָל, ווען דער לאַסט־אויטאָ מיט סחורה איז שוין געווען גרייט צו פאָרן צוריק פון לאָדזש, האָט אַ באַנדע פאָלקס־דייטשן פאַרנומען דעם וואָגן און דער עולם איז אַהיימגעקו־מען ליידיק. מען האָט באַלד אינטערווענירט ביי אונדזער שטאָט־קאָמענדאַנט, וואָס איז גראָד געווען אַ פיינער מאַן, און מיט דער הילף פון אַ יידיש מיידל האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוקריגן די גאַנצע סחורה, ווי אויך דעם לאַסטאויטאָ.

ווען די דייטשן זענען פאַרטיק געוואָרן מיט פוילן, זיינען די צרות נאָך גרעסער געוואָרן און יעדן טאָג האָבן זיך גענומען שיטן נייע גזירות.

נאָכן פאַלן פון וואַרשע האָבן מיר אָנגעהויבן האַנדלען מיט די דאָרטיקע יידן — אויף אויטאָס, מיט פערד און וואָגן און מיט דער באַן, וואָס איז שוין געווען אַ סך געפערלעכער. מען האָט געשמוגלט קיין וואַרשע לעבנס־מיטלען און פון דאָרט פאַרשיידענע סחורות.

איך האָב זיך אויך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין און באַזאָרגט מיין משפחה אין ווארשע מיט וואָס ס׳איז נאָר געווען מעגלעך. איך האָב זיך געזען מיט מיין מאַמעס ברודער ברוך. זיין מאַמע, מיין באָבע גיטל, האָט אים געבעטן קומען קיין שידלאָווצע, אָבער ער האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן וואַרשע.

איין מאָל האָב איך ריזיקירט צו פאָרן מיט דער באַן, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען פאַרבאָטן פאַר יידן. איך מיט נאָך צוויי יידישע פרויען האָבן געוואַרט אויפן אָנקומענדיקן צוג. צום אומגליק, האָט אַ יונגער שייגעץ זיי דערקענט און ער האָט גענומען שטופּן די צוויי פרויען, וועלנדיק צוקומען וואָס גיכער צום באַוואָפנטן דייטשן סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען ביים דורכגאַנג צו דער באַן, כדי אָנצואווייזן אויף די יידן. צום גליק, האָט ער ניט געקענט רעדן קיין דייטש, און דער נאַצי, ווידער, זעענדיק ווי ער

פירט זיך אויף נישט אָנשטענדיק מיט פרויען, האָט אים דערלאַנגט א זעץ איבערן קאָפּ און געשריען, אַז אַ מאַן מוז זיין העפלעך. דערוויל זיינען מיר געראַטעוועט געוואָרן.

אויף איינער פון מיינע רייזעס בין איך געבליבן שטעקן ביי דער ביאַלאָבזשעגער בריק. אַ דייטש האָט צוגענומען מיינע פּאַפּירן און מיך געפירט צום ביאַלאָבזשעגער שטאָט־קאָמענדאנט, וואָס איז געווען באַקאַנט ווי אַ גרויסער מערדער. איך גיי פאָרויס, דער דייטש הינטער מיר מיט אַן אויסגעצויגענער ביקס. עס קומט אונדז אַנטקעגן זייער אַ שיינע פרוי. ער באַפעלט מיך צו בלייבן שטיין. איך האָב מורא זיך אומצוקוקן. זיי שמועסןביידע אַ שטיקל צייט. דאַן רופט ער מיך צו און גיט מיר אַלץ צוריק און זאָגט, אַז דער שיינער פרוי האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס איך בין נישט אריינגעפאַלן צו זיין מערדערישן קאָמענדאַנט און ער האָט מיך געהייסן וואָס גיכער נעלם ווערן אויף יענער זייט בריק.

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט זייער אַ קאַלטער, מיט גרויסע שניי־זאַווערוכעס. דער יודענראַט האָט געקראָגן אַ באַפעל צוצושטעלן אַן ארבעטס־קאָמאַנדע אָפּצורוימען דעם שניי פון די ארומיקע הויפּטוועגן. ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן ארבעטס־קאָמאַנדע אויסצוגראָבן געפאַלענע פוילישע סאָלדאַטן פון פאַראיינצלטע קברים און זיי ברענגען אויף די קריסטלעכע באַגרעבונגס־פּלעצער. דאָס צוזאַמענקלייבן הרוגים, וואָס זענען שוין געווען באַגראָבן באַלד אַ יאָר, איז געווען זייער אַ שלעכטע ארבעט.

דעם ווינטער זיינען געקומען צוריק די מאָביליזירטע יידיש־פוילישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן פון דער דייטשער קריג־געפאַנגענשאַפט. צווישן זיי, געדענק איך, איז געווען נאָטע ברויטמאַן, פיניע זיידענפעלד, ווייגדאָר קויפמאַן, יוסף ראָנטשקאַ, מיין קוזין יאַנקל מילשטיין, מיכאל דימאַנט, יצחק גרינבערג, וועלוועל וועסטער (אין זייער אַ קראַנקן צושטאַנד). פון זיי לעבן נאָטע ברויטמאַן און מיין קוזין. שמואל לאַקס איז געווען דער



יוסף טויטער, קלמן ראָזענבוים (לינקס).

איינציקער, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו אַנדערסאָנס אַרמיי און אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

פון שידלאָווצער געפאַלענע אויפן פראָנט געדענק איך מיין שול־חבר יוסף טויטער, דער זון פון נאָטע און דאַסע; ירחמיאל ערליך, דער זון פון יונה און עטל ערליך; יאַנקעלע ראַדאָלניק, דער זון פון ישראל און לאה און משהלע כוסטעצקי.

דער יודענראט האָט איינגעאָרדנט אַן עפנטלעכע קיך אין הויז פון ישעיה אָפּאַטאָווסקי. דער עיקר איז דאָס געווען באַשטימט פאַר די הונדערטער אָרעמע פליטים, אָבער אויך פאַר אָרטיקע אָרעמעלייט. דער באַקאַנטער טוער יצחק שטיינמאַן האָט זייער שטאַרק געזאָרגט פאַר דער קיך.

די ביטערע לאַגע מיט אַלע אירע געפאַרן האָט דערפירט צו דעם, אַז די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן צו אַנטלויפן אויף דער רוסישער זייט. צו ערשט האָבן זיך געגרייט אין וועג אַריין יונגע פאָרלעך. די יעניקע, וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפן און געהאַלטן ביים חתונה האָבן, האָבן דאָס איצטער געטאָן. מען האָט דאַן געהאַלטן אין איין שטעלן חופות. אַלץ וואָס חתן־כלה האָבן געדאַרפט צו ווערן רייזע־פאַרטיק איז געווען: אַ רוקזאַק מיט אַ זייגערל. מען האָט אַפילו נישט געדאַרפט אָנקומען צום רב, ווייל שמואל אהרן שמש האָט געגעבן חופה וקדושין. דאָס האָט געהייסן דער „רוקזאַק־סעזאָן".

מיין ברודער אברהם חיים מיט זיין פריינד אברהם וואַלבערג האָבן חתונה געהאַט מיט צוויי שוועסטערס פון די בראַנדמעסערס און זענען באַלד אַוועק צו דער רוסישער גרענעץ. מיין ברודער האָט מיין טייערער מאַמען נישט געוואָלט מצער זיין, האָט ער עס געהאַלטן בסוד, ווייל מיין מאַמע וואָלט אים ניט געלאָזט אַוועק. ביידע זיינען דאָרטן אומגעקומען.

יעדן טאָג זיינען אָנגעקומען נייע פאַראָרדענונגען. מען האָט אָפּגע־שניטן דעם עלעקטרישן שטראָם פון די יידישע הייזער, מען האָט קאָנפיסקירט פון יידן אַלע פוטערוואַרג, מען האָט געמוזט אָפּשערן די באָרד און מען האָט פאַרווערט די שחיטה. פאַר ניט פאָלגן — טויטשטראָף.

קצבים האָבן איינגעשטעלט דאָס לעבן און געשאָכטן אין געהיים, ביז ס'האָט עמעצער צוגעטראָגן אַ מסירה.

ס'איז שוין אַוועק פורים, אָבער אַ נייער נס, וואָס זאָל אומברענגען דעם גרעסטן המן פון אונדזער געשיכטע, איז ניט געשען. פסח האָט מען געפראַוועט, ווי ס'האָט זיך געלאָזט. דאַכט זיך, אַז מצות האָבן אַלע געהאַט.

די לעצטע צייטן האָבן זיך די ידישע גארבערס גענומען צו זייער פאך. היות עס זיינען געווען טעטיק בלויז די גארבערייען פון נאָטע און שמערל אייזענבערגס פאַבריק, און דאָס נאָר אונטער דער קאָנטראָל פון אַ דייטש, איז געוואָרן א מאנגל אין לעדער. האָט מען ריזיקירט מיטן לעבן און ווער עס האָט נאָר געקענט, האָט זיך גענומען צו זיין אַרבעט.

אויסער דער ריזיקע איז דאָס געווען פאַרבונדן מיט גרויסע טעכנישע שוועריקייטן, ווי איינשטעלן אַזאַ פרימיטיווע פאַבריק צו מישן די לעדער אין פעסער מיט כעמישע מאַטעריאַלן. דאָס זענען געווען אַזעלכע „שעפל"־פאבריקן. מיין ברודער ישראלקע מיט ישעיה העניג האָבן אויך איינגעאָרדנט אַזאַ פאַבריקל ביי א פויער אין דאָרף סמילעוו און אים גוט באַצאָלט דערפאר. די פאַבריק איז באַשטאַנען פון 2 גרויסע פעסער, וואו מען האָט געמישט די לעדער נאָר ביי נאכט, פארשטייט זיך. איך האָב מיט זיי פארבראכט א פאָר נעכט. ס'איז געווען זייער א שווערע אַרבעט. זיי האָבן אזוי לאנג דאָרטן געאַרבעט, ביז מען האָט זיי געמסרט. איין נאכט איז אהין געקומען זשאַנדאַרמעריע, בראש מיטן שעף פון פרייז־באַוואַכונג מאַנדל, האָבן אַלץ ארויפגעלייגט אויף א גרויסן פויערשן וואָגן און צוזאַמען מיט די „פאברי־קאנטן" זיי געבראכט צום מאגיסטראט.

דאָס האָט זיך געקענט ענדיקן זייער טראגיש, אָבער צום גליק איז דער נייער קאָמענדאנט געווען זייער א פיינער מאן און דער יודנראט האָט מיט אים געהאט גוטע באַציאונגען. זיי האָבן געפרואווט ווירקן אויף אים, אַז ער זאָל פארווישן דעם ענין. ישעיה העניגס מאמע איז צו אונדז געקומען צו לויפן מיט אַן אַלאַרעם: „אונדזערע קינדער דראָט דאָס ערגסטע, קומט, איך האָב נאָך א שטיקל צירונג און לאָמיר זיי ביידע ראטעווען!" מיר זיינען אַלע אַוועק צום מאַגיסטראַט. ס'האָט לאַנג ניט געדויערט — און זיי זענען באפרייט געוואָרן. ווי אזוי דער יודנראט האָט דאָס דערליידיקט, ווייס איך ביז היינט נישט, ווייל מיינע עלטערן און ישעיהס מאמע האָבן געהאט ביי זיך געלט און צירונג, אָבער דאָס איז ניט גערירט געוואָרן.

אין אָט דעם דאָזיקן צייטאָפשניט איז זיך פאַרלאָפן אין שטעטל אַ מאָדנע געשיכטע, וואָס איז כדאי צו פאַרצייכענען.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס א פאָר יאָרן פארן קריג, ווען אין שידלאָווצע איז אָנגעקומען א צירק. געווען איז דאָס א צירק ווי אַלע צירקן, מיט פארשיידענע אטראקציעס, ווי פייער־שלינגערס, אקראבאטן אויף טראפעזן וכדומה. צווישן די אלע אטראקציעס איז געווען א מאן א טרעפער, וואָס

מען האָט גערופן „א מעדיום". ער האָט צו דעם געהאַט א מיטשפּילערין א פרוי. ער האָט געפרעגט זיין פּאַרטנערקע און זי האָט געענטפערט און תמיד געטראָפן. צווישן פּובליקום האָט זיך געפונען א יידיש מיידל. זי האָט זיך באַגעגנט מיט דעם „מעדיום" גלייך נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג און צווישן די צוויי האָט זיך אַנטוויקלט א שטיקל ליבע. ווי ווייט דאָס איז דערגאַנגען, ווייסט קיינער ניט. נאָר ווען דער צירק האָט פאַרלאָזן אונדזער שטעטל, איז אַלץ געווען ווי פאַרגעסן.

עטלעכע וואָכן נאָכן אויסבראָך פון צווייטן וועלטקריג איז דער זעל־ביקער צירקאָוויעץ צוריקגעקומען אין אונדזער שטעטל, אָבער דאָס מאָל שוין ניט ווי אַן אָרעמער צירקמאַן, נאָר ווי אַן אָנגענומענע פּערזענלעכקייט ביי די דייטשן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַרן קריג איז ער געווען אַ שפּיאָן פאַר דייטשלאַנד און דורכן צירק איז אים געווען לייכט דורכצופירן זיין שפּיאָנאַזש־אַרבעט. ער איז איצט געקומען אַ פאַר־וואונדעטער אין אַ פוס און האָט זיך באַנוצט מיט קוליעס. ער האָט גלייך אויפגעזוכט זיין פריערדיקע יידישע געליבטע און אָפט פאַרבראַכט מיט איר. דער דייטש האָט געוואָלט מאַכן פון איר אַ פאָלק־דייטשקע, האָט ער געפאָדערט פון איר מאַמען צו זאָגן, אַז איר טאָכטער איז געקומען אויף דער וועלט אין ערשטן וועלטקריג און אַז איר ריכטיקער פאָטער איז געווען א דייטש.

דער דייטש האָט געזען, אַז זיין געליבטע זאָל האָבן א שטיקל פּרנסה, האָט ער צוגענומען דעם צייטונגסקיאָסק ביי פּינחס ראָזענבערג און עס איר איבערגעגעבן. אַזוי האָט זי פאַרקויפט דייטשע צייטונגען ווי „דער פעלקישער באָאַבאַכטער", „שטירמער" און אויך פּוילישע צייטונגען, וואָס זענען געווען געדרוקט פאַר פּאָליאַקן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. זי האָט שוין געטראָגן אַ זשעטאָן מיטן האַקנקרייץ. אויסגעזען האָט זי באמת ווי אַן אַריערין, מיט בלויע אויגן, בלאָנדע האָר און אַן אַריש נעזל. ווי לאַנג דאָס איז אַזוי אָנגעגאַנגען, געדענק איך נישט גענוי. איך דערמאָן זיך נאָר, אַז ווען איך בין געווען אין לאַגער יאַנישעוו, איז מיין מאַמע געווען ביי איר מיט א בקשה צו העלפן מיך באַפרייען. אַזוי האָבן געטאָן נאָך מאַמעס, וואָס זייערע קינדער זענען געווען אין יענעם לאַגער, אָבער האָט זי וועמען געקענט העלפן? זי איז דאָך אַליין אויך געווען אומבאַהאָלפן.

וואָלט דאָס מיידל געווען פאַרלאָזט די שטאָט און אוועק ערגעץ ווייט, וואו מען קען זי ניט, וואָלט זי געהאַט גוטע שאַנסן איבערצולעבן די מלחמה, ווייל זי האָט געהאַט אַן אמתן אַרישן אויסזען, אָבער אין שטעטל

האָט עס זיך שלעכט געענדיקט. איין טאָג איז געקומען די געשטאַפּאָ צו איר קיאָסק און זי אַרעסטירט. זיי האָבן זי אַפילו ניט דערלויבט זיך צו געזעגענען מיט אירע עלטערן. פון דעמאָלט האָט מען פון איר מער ניט געהערט.

דינסטאג, אויגוסט 20, 1940

אָנהייב אויגוסט 1940 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז דעם 20סטן וועלן אָנקומען דייטשן פון לובלינער לאַנדקרייז צו נעמען ניט־חתונה געהאַטע יידן אויף אַרבעט. אַזוי ווי ס'האָט געהייסן, אַז מען וועט נעמען נאָר מענער אָן פאַמיליעס, זיינען די לעצטע טעג פאָרגעקומען אַ סך חופות...

געניי צו דער אָנגעזאָגטער צייט, דינסטיק, דעם 20סטן אויגוסט, זיינען אָנגעקומען דייטשן מיט לאַסטאויטאָס פון לובלין, מיט זייערס אַן אייגענעם דאָקטער. זיי זיינען פאַרפאָרן צום יודנראַט. ס'איז שוין פון פריער געמאָלדן געוואָרן, אַז אַלע נישט חתונה־געהאַטע אַרבעטס־פעאיקע מענער זאָלן זיך צושטעלן 8 אַ זייגער פרי. דער זאַמלפונקט איז געווען די פריש־אויסגעבויטע נאָגל־פאַבריק. יעדער איינער האָט געדאַרפט מיטנעמען מיט זיך דאָס נייטיקסטע, ווייל די, וואָס וועלן ווערן אויסגעקליבן, וועלן מוזן גלייך אָפּפאָרן. די יעניקע, וואָס וועלן זיך אויסבאַהאַלטן, וועט מען נעמען די טאַטעס אויף זייער אָרט. קיינער האָט נישט געוואָלט איינשטעלן זיין טאַטן, האָבן אַ סך יונגעלייט זיך צוגעשטעלט צום זאַמלפונקט. איך און מיין ברודער ישראלקע זענען אויך געווען צווישן זיי. ווער ס'האָט געהאַט אַ באַשטעטיקונג פון יודנראַט, אַז ער איז דער פרנסה־געבער, איז באַפרייט געווען.

פונקט אַכט אין דער פרי האָט די קאָמיסיע אָנגעהויבן איר אַרבעט. דער דאָקטער האָט אונטערזוכט יעדערן, אָבער ס'זענען געווען גאַנץ ווייניק אויסבראַקירטע. די צוגענומענע האָבן זיי אויפגעלאָדן אויף לאַסטאויטאָס און ניט געגעבן אפילו קיין געלעגנהייט זיך צו געזעגענען מיט די נאָענטסטע.

אין אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען אין לאַגער, וואָס איז געווען לעבן שטעטל יוזעפאָוו. עס איז אַרויסגעקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט, אַן ס"ס־מאַן. ער האָט אויסגעציילט די געקומענע און אַ העלפט פון אונדז האָט ער אַוועק־געשיקט מיט פויערשע וועגעלעך נאָך יאַנישעוו. אַזוי האָבן זיך געשאַפן צוויי גרופּעס אין צוויי פאַרשידענע לאַגערן.

איך און מיין ברודער זיינען אַריינגעפאַלן אין דער יאַנישעווער גרופּע.

מיר האָבן זיך געשלעפּט ביז אין מיטן נאַכט, באַוואַכט פון די פאַרשווינען פון „זאָנדערדינסט".

דער לאַגער־קאָמענדאַנט, אַן עסטרייכער דייטש מיטן נאָמען שמידט, האָט אונדז אויפגענומען בעסער ווי זיין חבר אין יוזעפאָוו. ס'איז געווען צוגעגרייט אַ באַראַק בלויז פאַר שידלאָווצער. יעדער האָט זיך געפונען אַ שטיקל פּלאַץ. אין דער פרי האָט מען געזען, אַז מיר געפינען זיך אין אַ לאַגער פון עטלעכע באַראַקן. אַרום האָט מען ניט געזען קיין פויערישע כאַטע. צום דערבייאיקן שטעטל זאַוויכאָסט האָט מען געמוזט אַריבערשווימען מיט אַ שיפל אָדער פּראָם איבער דער ווייסל.

מען האָט אונדז געגעבן אַ ביסל שוואַרצע קאַווע און באַלד איינגעטיילט אין גרופּעס. יעדע גרופּע האָט געהאַט אַ גרופּן־פירער, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך, אַז די אַרבעט זאָל אויסגעפירט ווערן און יעדער זאָל קריגן זיין עסן — אַ שטיקל ברויט, זופּ און קאַווע. די אַרבעט איז געווען זייער שווער, אָנגעפירט פון פּאָליאַקן און באַוואַכט פון אוקראַאינער און פאָלקס־דייטשן, וואָס האָבן מערדערלעך געשלאָגן ביי דער אַרבעט. דער ערגסטער פון זיי איז געווען דער פאָלקס־דייטש וואַרעכאָווסקי.

אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין פאַרזיכערן, אַז די ווייסל זאָל אין פרילינג ניט פאַרפלייצן דעם אַרום. מיר האָבן געבויט אַ גרויסן וואָל פון ערד, וואָס האָט זיך געצויגן אויף קילאָמעטערס.

מיטן לאַגער־פירער שמידט האָט מען געקענט דורכקומען. פאַר געלט אָדער פאַר גוטע זאַכן האָט ער באַפרייט פון דער אַרבעט אָדער געשיקט אַהיים. אויף אַזאַ אופן זיינען באַפרייט געוואָרן מיין ברודער ישראלקע און ישעיה העניג. איך האָב אויך געוואָלט נאָכטאָן זייער ביישפּיל, אָבער איך האָב פאַרשפּילט די געלעגנהייט. דער גוטער לאַגער־פירער איז געוואָרן פאַרביטן אויף אַ גאַנץ שלעכטן דייטש מיטן נאָמען גרימאַייזן. ער האָט באַלד איינגעפירט אַ שטרענגען רעזשים. אויף איין אַפּעל האָט ער אויסגעקליבן אַזעלכע, וואָס האָבן שלעכט אויסגעזען און זיי אַוועקגעשיקט אין לאַגער בעלזשעץ, ניט ווייט פון דער נייער רוסישער גרענעץ. צווישן די אַוועקגעשיקטע זיינען געווען פּרץ אַרענבאַך, מיין קוזין בן־ציון מילשטיין, ישעיה מענדל אייזענבערג און פיל אַנדערע, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון דאָרטן אין דעצעמבער, חוץ ישעיה מענדל, וואָס איז דאָרטן דערשאָסן געוואָרן.

ישעיה מענדל אייזענבערג איז געווען זייער אַן אומבאַהאָלפענער. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געוואוסט נאָר צו לערנען תורה. איך האָב מיט אים צו־

זאַמען געלערנט אין דער תלמוד־תורה און אויך ביים רבין ירחמיאל מאיר. דאָ אין לאַגער האָט ער געהאַט זייער אַ לייכטע אַרבעטן: קערן מיטן בעזעם דעם הויף. ווען זיין פעטער דוד נייבערג, אַ באַאַמטער פון יודנראַט, איז געקומען אים באַפרייען פון יאַנישעוו, איז ער דאָרט שוין ניט געווען.

אין לאַגער האָט זיך אויך געפונען אַ קאַנטינע, וואו מען האָט געקענט קויפן ברויט, מאַרמעלאַד און אַ סך אַנדערע פּראָדוקטן. מיט דער אַרבעט האָט זיך באַשעפטיקט די פרוי וויינשטאָק פון אָפּאָלע. פאַר געלט האָט מען אַלץ געקענט קריגן.

אין סעפּטעמבער זיינען די נעכט געוואָרן קילער. מען קלערט פון אַנטלויפן, ווייל ווינטער וועט דאָ זיין נישט אויסצוהאַלטן. איין טאָג, באַלד נאָכן פאַרטיילן דאָס ביסל זופּ דורך מאָטל בערגמאַן, ווערט מען געוואויר, אַז צוויי פון אונדזער גרופּע פעלן: יאַנקעלע קישקאָש (אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל זיין פאָטער האָט צוגעשטעלט קישקעס צום וואורשטמאַכער) און עליאש, דער שוואָגער פון רבקה קריס. צום באַדויערן, האָבן זיי נישט געוואוסט דעם וועג צום ווייסל. זיי זענען אַוועק אין אַ פאַרקערטער ריכ־טונג און געקומען ניט ווייט פון יאַנישעוו. די לאַגערשוץ האָט געבראַכט עליאַשן, אָבער יאַנקעלען האָבן זיי דערשאָסן.

מיט דער הילף פון יודנראַט האָבן די עלטערן פון יאַנקעלען און ישעיהו מענדל אייזנבערגן ארויסבאַקומען די גופים פון זייערע זין און זיי מקבר געווען אויפן שידלאָווצער בית־עולם.

ס׳זענען אָנגעקומען די ימים־נוראים. מיר האָבן אַ גוטן בעל־תפילה — בערעלע בורשטינסקי. אַ מחזורל האָבן באַזאָרגט די שניידערס, וואָס פלעגן יעדן טאָג גיין אין שטאָט זאַוויכאָסט; דאָס זיינען געווען הערש מענדל וואסערשטיין און הערשל שלאַק. מיט זיי פלעגט אויך מיטגיין איטשע זילבערשטיין, וואָס איז געווען דער איינקויפער.

יעדן זונטיק האָבן זיי אונדז געפירט צום טייך זיך באָדן און אָנטלויזן. ס׳האָט געמעגט זיין ווי קאַלט. מיר האַלטן זיך אַ פלייצע צו אַ פלייצע, אַז ס׳זאָל זיין וואַרעמער. אָקטאָבער זענען מיר נאָך אַלץ געשטאַנען אין וואַסער מיט באָרוועסע פיס ביי דער אַרבעט.

אַ שטיקל טרייסט פלעגט זיין, ווען מאַמעס פלעגן קומען זיך זען מיט זייערע קינדער. איין מאָל אין אַ זונטיק איז געקומען ביילע העשקעס. זי האָט דאָרט געהאַט אירע צוויי זין: יאַנקל זילבערמאַן, דעם צווייטן געדענק איך ניט. זי האָט מיטגעבאַכט פעקלעך פאַר אַנדערע, אויך פאַר מיר.

אַ טייל שידלאָווצער, וואָס איך געדענק, אַז זיי זיינען געווען מיט מיר אין לאַגער יאַנישעווו, אויסער די שוין דערמאָנטע, וויל איך דאָ דערמאָנען: מענדל כץ, די ברידער ה. און ש. ראַטמאַן, גרשון צוקער, די ברידער בראָנעס, אבא אונגעראָוויטש, די ברידער וואָלאָווסקי, מאיר בוכבינדער, גרשון קאַכאַן, שאול זלאַטאָוויטש, די קוזינעס ריכטער, שיע שוואַרצפוטער און פיל אַנדערע, וואָס ס'איז שווער צו געדענקען. מיט אונדז איז נאָך געווען יקותיאל גזעמבא. זיין שטיפפאָטער שמואל צאַלעלס איז געווען איינער פון יודנראַט און זיין שטיפזון איז מיט אונדז געווען על־פי טעות.

## יציאת יאַנישעווו

אין פרימאָרגן פון 11טן נאָוועמבער איז געשען עפּעס אזוינס, וואָס מיר האָבן אפילו ניט געקענט חלומען און וואָס מיר האָבן תחילת אפילו ניט געגלייבט אונדזערע אייגענע אויגן.

ווי יעדער טאָג זיינען מיר אויפגעשטאַנען פון די שמוציקע געלעגערס אויף די ברעטער און אַוועק אויפן אַפּעלפּלאַץ. דאָ זעען מיר, אַז מען פירט אַוועק אַלע גרופּעס צו דער אַרבעט, נאָר די שידלאָווצער לאָזט מען בלייבן אויפן אָרט. מיר וואונדערן זיך און קענען בשום אופן ניט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר. אין קאָפּ פליט דורך אַן אימהדיקער געדאַנק: אויב אונדז פירט מען ניט צו דער אַרבעט, איז אפשר קלייבן זיי זיך גאָר אונדז צו שיקן אין אַ טויטנלאַגער? פאַרזונקען אין אַזעלכע מחשבות זעען מיר פּלוצלונג, ווי פון דער וואַכשטוב קומט אַרויס דער לאַגער־פירער צוזאַמען מיט דעם סעקרעטאַר פון שידלאָווצער יודנראַט פינקלער. ווערט אונדזער וואונדער נאָך גרעסער, אָבער די שרעק אַ סך קלענער. פינקלער גייט צו צו אונדז מיט פאַפּירן אין האַנט, ציילט אָפּ אונדזער גרופּע, רופט אויס די נעמען, פירט אונדז אַלעמען דורכן אָפענעם טויער צו דער ווייסל. דאָרטן וואַרט שוין אויף אונדז א שיפל, וואָס פירט אונדז אַריבער קיין זאַוויכאָסט. דאָס איז געווען אַ נייע „יציאת מצרים".

אין זאַוויכאָסט האָבן מיר ניט לאַנג געהאַט צו וואַרטן. דאָרטן איז שוין געווען גרייט אַ באַן פאַר אונדז. די פּלוצעמדיקע באַפרייאונג און דאָס פאָרן אַהיים האָט אונדז באַרוישט מיט פרייד, וואָס איז שווער צו באַשרייבן.

ביים מאַגיסראַט האָבן שוין געוואַרט אונדזערע ליבע עלטערן און פיל גוטע פריינד. מען האָט זיך געהאַלדזט און געקושט און געוויינט מיט טרערן פון פרייד.

די שידלאָווצער, וואָס זיינען געווען אין יוזעפּאָוו, האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויף אַזאַ כמעט ניסימדיקער באַפרייאונג. האָבן זיי עס געטאָן אַנדערש: זיי זענען זיך צעלאָפן ביסלעכווייז, ביז ס'איז דאָרט נישט געבליבן קיין איינער פון אונדזער שטעטל.

די אַהיימגעקומענע פון יאַנישעוו און יוזעפּאָוו האָט מען געלאָזט זיך אויסרוען צוויי וואָכן און דאַן ווידער איינגעשפּאַנט אין אַרבעט. דער ווינטער איז געווען ווידער אַ קאַלטער, מיט גרויסע שניי־זאַווערוכעס, און דער יודנ־ראַט האָט ווידער געמוזט צושטעלן אַרבעטערס אָפּצורייניקן די וועגן און גאַסן פון שניי און אייז. עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז מען האָט זיך ניט געטאָרט ווייזן אין גאַס אָן אַ לאַפּאַטע אָדער עפּעס אַן אַנדער זאַך צו רייניקן די גאַסן. אפילו א בעזעם איז אויך געווען גוט. צו די, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די וועגן, האָט מען דערלויבט צו ברענגען עסן.

* * *

דורך דער צייט, וואָס איך בין געווען אין לאַגער יאַנישעוו, איז מיין יינגערע שוועסטער פריידל־אידעס געוואָרן אַ כלה פאר פינטשע וועסטער פון סקארזשיסק. די חתונה איז באַשטימט געוואָרן אויף חנוכה, ניט געקוקט אויף די שווערע און געפערלעכע באַדינגונגען. די חתונה איז פאָרגעקומען אין אונדזער הויז. דער מסדר חופה וקדושין איז ניט געווען דער רב, נאָר דער שמש שמואל אהרן טויטער. די געסט זענען געווען פון אונדזער משפחה און אַ פּאָר שכנים, קוים אַ מנין.

מיין שוואָגער פינטשע וועסטער איז שוין פאַרבליבן אין שידלאָווצע. ער האָט געהאַנדלט מיט וואָס ס'האָט זיך געלאָזן אין אַזאַ צייט. דאָס גע־פערלעכסטע איז געווען, וואָס ער האָט איינגעשטעלט און געהאַנדלט אויך מיט רויע פעל.

ווי ביטער ס'איז ניט געווען אויפן האַרצן, האָבן יידן אַלץ ניט פאַר־לוירן זייער טבע פון וויצלען זיך.

מרדכי שטשענשליווע (מאָטע באַרשט) פלעגט זיך חכמהנען, אַז דער ימח שמוניק, זאָל ער איינגעמען אַ שוואַרצן סוף, האָט אים גראָד געטאָן אַ גרויסע טובה. אַ דאַנק אים זיינען אַנגעקומען אין שטעטל אַ סך פליטים און צווישן זיי דריי יונגעלייט, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט זיינע דריי טעכטער. ווי וואָלט ער געקענט חלומען וועגן דעם אין נאָרמאַלע צייטן? אָן נדן? און מאָטע האָט זיי דערציילט אַ מעשה, אַז ער האָט איינגעמויערט אַן אוצר און ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט ער זיי אָפּגעבן דעם

אוצר און זיי וועלן זיין די רייכסטע אין שטאָט...

נאָך אַ גזירה, אַז אַלע יידן מוזן אָפּשערן די בערד, האָט יאַנקל הערץ — אָדער ווי מען האָט אים גערופן יאַנקל ברילייאַנט — צום ערשטן מאָל דערזען יאַנקעלע דעם בעדער אַן אָפּגעשווירענעם. האָט זיך יאַנקל ברילייאַנט צעלאַכט: „כ׳האָב שוין געהערט וועגן אַ מלך אָן אַ לאַנד, וועגן אַ רב אָן אַ שטאָט, אָבער אַ בעדער אָן אַ באָרד — האָב איך נאָך אין מיין לעבן ניט געזען".

זיין געטאָ איז אַרומגעגאַנגען אַזאַ מעשה: היטלער ימח שמו איז געקומען צו אַ יידן בעטן אַ הלוואה. דער ייד האָט אים אַזוי גיך ניט געענטפערט. פרעגט אים היטלער: האָסט מורא, אַז איך וועל דיר ניט באַצאָלן? זאָגט דער ייד: האָסט צוגענומען פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, ליטע, פראנקרייך און נאָך לענדער. ווען דו וועסט דאָס אַלץ צוריקגעבן, וועסטו מיר אויך ניט בלייבן שולדיק.

מען האָט זיך געוויצלט אויף יידיש און אויף פּויליש. מען האָט געפּרואווט מיט א וויץ פאַרזיסן דאָס ביטערע לעבן.

* * *

מיטן אָנשטראָם פון פּליטים פון פאַרשיידענע שטעט, איז לויטן באַפעל פון די דייטשן געשאַפן געוואָרן אַן איזאָלאַציע־פּונקט פאַר הימלאָזע יידן. דאָס איז געווען אין עזרת־נשים פון דער שול. די סאַניטאַרן פון יודנראַט האָבן אויפגעפּאַסט אויף זיי.

נאָכן באַפעל, אַז יידן טאָרן ניט וואוינען אין דערפער, זיינען צוגע־קומען נייע פּליטים. ווער ס׳האָט געהאַט משפחה אין שטעטל האָט געהאַט וואו צו זיין. אָבער די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין קרובים און זיינען געווען אָרעם, זיינען געגאַנגען אין שול אָדער אין איזאָלירונגס־פּונקט.

אין 1941 האָט שוין געדראָט טויטשטראָף פאַר יידן פאַר פאָרן מיטן צוג. אויף דעם האָט מען געמוזט קריגן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. מיין שוואָגער פּינטשע וועסטער, מיט זיין אַרישן אויסזען, האָט איינגעשטעלט און געפאָרן מיט דער באַן. צום אומגליק, האָבן באַקאַנטע פּאָליאַקן אים דער־קענט און אים איבערגעגעבן דער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט אים אויף דער באַנסטאַנציע תיכף דערשאָסן.

דאָס איז געשען ביי א זעקס חדשים נאָך זיין חתונה מיט מיין שוועסטער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן א מאמע פון א ניי־געבוירין יתומל. דאָס איז געווען דער ערשטער קרבן פון אונדזער משפחה.

נאָכן טויט פון מיין שוואָגער פינטשע ווערסטער האָט מיין שוועסטער פאַרדונגען איר דירה פאַר אַ קינדער־גאָרטן, וואָס דריי לאָדזשער שוועסטערס האָבן איינגעאָרדנט פאר מיידעלעך. א גאנצן טאָג זענען די קינדער געווען אין הויז און אויך ביי אונדז אויפן הויף. מען האָט די קינדער געלערנט יידיש, פויליש און די הויפּטזאַך — מען האָט אַכטונג געגעבן אויף זיי. דאָס זענען געווען ס׳רוב רייכע קינדער. דער עיקר האָט מען געזאָרגט, אַז די דייטשן זאָלן דערפון ניט וויסן. די לערערינס זענען געווען זייער אינטע־ליגענטע מיידלעך. די פּרעבלואווקע האָט עקסיסטירט ביז דער אויסזידלונג.

לעצטנס זענען פאָרגעקומען זייער אָפטע אָבלאַוועס, ווייל עס זיינען צוגעקומען נייע ארבעטפלעצער, ווי יעדלנע, וואָלאָנעוו, ווישניאָווקע ביי קעלץ. דער לאַגער ווישניאָווקע איז געווען אַ קליינער, אין אַ שטיין־ברעכעריי.

יעדלנע איז א שטעטל אויף יענער זייט ראָדעם. דאָרט האָבן די דייטשן געבויט א לופטפלאַץ. אַזש פון שידלאָווצע האָט מען זיי געמוזט צושטעלן ארבעטערס פאַר דעם צוועק. דער אָנפירער פון דייטשן אַרבעטס־אַמט איז געווען דער פאָלקס־דייטש ריביצקי — אַ סאַדיסט און אַ מערדער. ער האָט איינגעפירט די סיסטעם פון אַרבעטס־קאַרטן. יעדער איינער פון 16 ביז 60 יאָר האָט געמוזט האָבן אַזאַ אַרבעטס־קארטע און יעדע וואָך האָט מען זי געמוזט שטעמפלען אין מאַגיסטראַט, וואו ריביצקי איז געווען דערביי. ווען ער האָט נאָר געוואָלט, האָט ער שוין ניט אָפּגעלאָזט און גלייך געשיקט צו דער אַרבעט. אַן אויסנאַם זיינען געווען די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט קאַרטעס מיט אַ שטעמפל, אז מען איז ערגעץ באַשעפטיקט. ווי גרויס די סכנה איז ניט געווען, האָבן ניט ווייניק יידן נאָכגעמאַכט ריביצקיס שטעמפל, אַבי זיך אַרויסצודרייען פון די מערדערישע לאַפּעס.

דער אָנפירער פון אַרבעטסאַמט ביים יודנראַט איז געווען קלמן ראָזענ־בוים. ער האָט געשטאַמט פון א שיינער פאמיליע. זיין פאָטער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים אין שטעטל. אָבער קלמן האָט זיך ניט אין גאנצן געהאַלטן ביי די טראדיציעס פון זיין משפחה. ער איז שפּעטער אומגעקומען אין שידלאָווצע, ביי דער אויסזידלונג, אויף א זייער ברוטאלן אופן.

דער דריטער לאַגער איז געווען וואָלנעוו, וואו ס׳איז פריער געווען אַ לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע רוסן.

איך בין געבליבן אין אונדזער שטעטל. איין מיטוואָכדיקן יריד־טאָג האָט זיך אויפן מאַרק באַוויזן אַ פּוילישער שוסטער פאַרשעווסקי, וואָס האָט פארקויפט נייע שיך. מיט א מאָל קומען אָן די באַוואוסטע באַנדיטן פון דער

פרייז־באוואכונג — מאנדעל, שוויעדקא און שמידקע — און זיי פרעגן אים פון וואַנען ער האָט געגומען אַזעלכע שיינע שיך. ער האָט לכתחילה ניט געוואָלט ענטפערן, נאָר נאָך גוטע קלעפּ האָט ער געזאָגט, אַז די כאַליעווקעס האָט ער אליין ניט געמאַכט, נאָר געקויפט ביי גאָדל האַניגמאַן, דעם זון פון לייבוש מאיר טאדרעסעס. פאַרשעווסקין האָבן זיי אַרעסטירט. גאָדל האַניגמאַן האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן די קלעפּ און צוזען, ווי מען שלאָגט זיין פרוי, און ער האָט זיי דערציילט, אז דאָס לעדער האָט ער אַליין ניט אויס־געאַרבעט, נאָר געקויפט ביים גאַרבער ישעיה קלאָפּאַרדע. דער לעצטער איז געוואָרן מערדערלעך געשלאָגן און האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט געקויפט די רויע פעל ביי פינטשע וועסטער, דער אידעם פון מאָטל טאָקאַזש (מיין פאָטער). צו אונדז זענען זיי אָנגעקומען אין מיטן נאַכט. ביי אונדז איז געווען אַזוי איינגעפירט, אַז ביזן אויפמאַכן די טיר פאַר די דייטשן, פלעגן די יינגערע אנטלויפן דורכן הויף. אזוי אויך דאָס מאָל. דעם טאָטן האָבן זיי צעבלוטיקט און מיטגענומען מיט זיך, ווייל זיי האָבן ניט געפונען מיין שוואָגער, וואָס איז שוין א צייט פריער דערשאָסן געוואָרן דורך די רוצחים.

ביין אַ זייגער אין דער פרי איז מיין טאַטע געקומען אַהיים אין גאַנצן אַ פאַרענדערטער. זיי האָבן אים געגעבן אַזאַ מין טאַבלעט, וואָס פון דעם פאַר־לירט מען דאָס באוואוסטזיין און מען דערציילט אַלץ וואָס מען ווייסט. דאָס זעלביקע האָבן זיי געטאָן צו גאָדל האַניגמאַן און ישעיה קלאפארדע. מיין טאָטע איז נאָך דעם געווען קראַנק עטלעכע וואָכן. ישעיהן האָבן זיי שוין ניט אָפּגעלאָזט און אים אריינגעזעצט אין ראָדעמער תפיסה.

ביז 1942 איז שידלאָווצע געווען פון די געציילטע שטעט אין פוילן, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאַרמאַכטן געטאָ. ס'איז בלויז געווען פאַרווערט צו גיין אויפן „נייעם וועג" (קאָשטשיושקאָווסקא), וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון קעלצער גאַס ביז דורכן אַלטן בית־עולם צום ראָדעמער וועג. די יידן, וואָס האָבן געוואוינט ביי אָט דעם וועג, זיינען געווען אין אַ שווערער לאַגע און זיך געמוזט היטן פון ספּעציעלע געפאַרן. אַזוי, למשל, האָט איין מאָל געטראָפן, אַז מאָטל, די טאָכטער פון שמעון ווייצהענדלער, איז איין פריי־מאָרגן אַריבער די פאַרבאָטענע גאַס און זי איז דערשאָסן געוואָרן אָן אַ וואָרענונג.

אין דעצעמבער 1941 איז באַקאַנט געוואָרן, אַז פון דעם ערשטן יאַנואַר 1942 וועט פאַר די שידלאָווצער יידן זיין פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן די גרענעצן פון שטאָט. דאָס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ, ווייל מען וועט ניט קענען

גיין אין דאָרף אַרײַן עפּעס אײַנקויפֿן, אָננעמען אָדער אָפּגעבן אין דאָרף אַרבעט, ווי שניידערײַ, שוסטערײַ וכדומה. די, וואָס האָבן נאָך געהאַט עפּעס צו דערלײַדיקן אין די דערפֿער, האָבן עס איצט געמוזט טאָן ביזן ערשטן יאַנואַר.

איך האָב אויך געהאַט אַרבעט פֿון אַ פּאָליאַק און אַ פֿאָלקס־דײַטש לעבן ראַדעם. אַ גרופּע שידלאָווצער און עטלעכע ראַדעמער האָבן געדונגען אַ פֿערד און וואָגן און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן קיין ראַדעם. ביז מלאָדאָ־טשין איז געגאַנגען גלאַט. דאָ איז אונדז געקומען אַנטקעגן אַן אויטאָ מיט די באַוואוסטע מערדערס שוועדקאָ און שמידקע און מיט נאָך זשאַנדאַרמעריע. ס׳קומט אַ באַפֿעל: „האַלט!" זיי קאָנטראָלירן דעם וואָגן, הייסן אַלץ אַוועק־לייגן אָן אַ זײַט און אונדז פֿירן זיי אַראָפּ פֿון וועג אין פֿעלד. די סיטואַציע ווערט געפֿערלעך. זיי ווילן אונדז אַלעמען נעמען קיין ראַדעם. איך זע, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו פֿאַרלירן, דערשלאָג איך זיך צו די באַנדיטן, דערקלער זיי, אַז מיר זײַנען ניט אַרויס פֿון געטאָ, ווײַל אין שידלאָווצע איז נאָך ניט אײַנגעפֿירט קיין געטאָ. זיי האָבן קאָנטראָלירט מײַנע פּאַפּירן און גלײַך אויפֿן פֿעלד האָבן די מערדערס געמאַכט אַ סעלעקציע: די ראַדעמער באַזונדער און די שידלאָווצער באַזונדער. אונדז האָבן זיי געהייסן לויפֿן נאָך די זאַכן און מיר זענען אָפּגעקומען מיט בלויזע קלעפּ. די ראַדעמער האָבן זיי מיטגענומען קיין ראַדעם.

מיטן פֿאַרבאָט צו פֿאַרלאָזן די שטאָט איז די אָרעמקייט געוואָרן נאָך גרעסער. אָבער ייִדן האָבן ווידער אײַנגעשטעלט זייער לעבן און מיט אַלע וועגן געפּרוּווט איבערצוכיטרעווען דעם מערדערישן שונא.

אין 1942 איז צוגעקומען אַ נײַע אַרבעטס־פּלאַצוּווקע — אין די שטיין־ברעכערייען פֿון סמילעוו. דער דײַטשער אויפֿזעער שרעדער האָט זיך פּרעזענטירט ווי אַ קאָמוניסט און מען האָט געהאַט צו אים צוטרוי. די אַרבעט דאָרט איז ניט געווען שווער.

כדי אויסצומײַדן פֿאַרשידענע כאַפּענישן, האָט מען זיך געמאַכט פֿאַר־שיידענע באַהעלטענישן, טייל האָבן עס גערופֿן בונקערס.

דער זומער 1942 איז געווען דער בלוטיקסטער. ס׳איז נישט דורך אַ וואָך, וואָס ס׳זאָל נישט זײַן אַן אַנדער אומגליק. איין מאָל זענען געקומען פּוילישע כוליגאַנעס ראַבירן, האָבן עטלעכע יונגעלײַט געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד און זיי האָבן די כוליגאַנעס צעשלאָגן. אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען די כוליגאַנעס צוריקגעקומען מיט געשטאַפּאָ און געשאָסן וועמען זיי

האָבן געטראָפן. צווישן די קרבנות זענען געווען יחזקאל פארבער און מאיר טענענבוים.

עמעצער האָט געמסרט, אז שרה איטע פריד, די פרוי פון בנימין לייזער יאַנקלס, באַקט אין געהיים ברויט. די דייטשן זיינען געקומען און געפונען א ווארעמען אויוון. די מערדערס שוועדקא און שמידקע האָבן שרה־איטען דערשאָסן אויף אָן אָרט. ס׳איז אומגעקומען דער שול־שמש שמואל אהרן טויטער און פיל אַנדערע. דאָס לעבן איז געוואָרן הפקר.

יעדע וואָך האָט מען געמוזט זיך שטעלן מיט די ארבעטס־קארטן צו קאָנטראָלירן. אויב ס׳איז ניט געווען וואוהין צו שיקן די אַרבעטערס, האָט מען ארויפגעלייגט א שטעמפל און מען איז געווען פריי נאָך א וואָך. אויב ס׳זיינען געקומען לאַסטאויטאָס פון יעדלנע, האָט מען שוין גענומען וועמען מען האָט געכאַפּט.

פון די אַלע סעלעקציעס האָב איך זיך ארויסגעדרייט און בין אין יעדלנע קיין מאָל ניט געווען. אין יענעם לאַגער זענען געפאַלן קרבנות: דער זון פון מאיר קאַפּלאַן, געקומען פון קראָקע און געלעבט אין שידלאָווצע בעתן קריג. ס׳איז אויך דערשאָסן געוואָרן דער זון פון יידעלע דער בדחן, זיין נאָמען איז געווען משה חיים וויגנאנסקי (זיין פרוי עלקע איז געבליבן מיט קליינע קינדערלעך); אין דער זעלביקער צייט איז אויך אומגעקומען נאָטל צוקער, ער איז דערשאָסן געוואָרן אין ראַדעם (ער האָט איבערגעלאָזט א יונגע פרוי מיט קינדער).

די סקארזשיסקער ווערקשטצן און דייטשן פון וואָלנעווער לאגער זיינען געוואָרן גאָר אָפטע געסט אין שידלאָווצע צו נעמען אָדער כאַפּן שקלאַפן פאַר זייערע אינטערעסן. זיי פלעגן אָפּפאָרן פון שידלאָווצע מיט פולע לאַסטאויטאָס שקלאַפן.

אין טאָג האָט דער יודנראַט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן אַ ליסטע פון קאָמוניסטן, גנבים און פּראָסטיטוטקעס. וועגן קאָמוניסטן האָט דער יודנראַט געענטפערט, אַז אַלע קאָמוניסטן זענען אָנהייב מלחמה אַנטלאָפן צו די רוסן. וועגן יידישע גאָסנפרויען האָט מען דערקלערט, אַז אין שידלאָווצע זיינען אַזעלכע קיין מאָל ניט געווען. אָבער גנבים? כאָטש דער יודנראַט האָט ניט צוגעשטעלט קיין ליסטע פון גנבים, האָבן די דייטשן געוואוסט וועגן שמואליק בראַנדמעסער — פון וואַנען ווייסט מען ניט. די דייטשן האָבן געהאַט אינפאָרמאַציע, אַז סוף 1939 אָדער אָנהייב 1940 איז אַ דייטשער וואַגאָן פול מיט שאָקאָלאַד און פּאַפּיראָסן, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר דייטשע

סאָלדאַטן, אַריינגעפאַלן צו אונדז אין שטעטל. קליינע קינדער האָבן זיך דעמאָלט מחיה געווען מיטן געשמאַקן מילך־שאָקאָלאַד און די פּאַפּיראָסן זיינען גוט פאַרקויפט געוואָרן. ווער ס׳זענען געווען די „פּאַכמענער״, וואָס האָבן דאָס דורכגעפירט, איז געבליבן אַ סוד ביז היינט. ווען שמואליק איז אַריינגעפאַלן אין ראָדעמער תפיסה — איך ווייס ניט פאַר וואָס — איז געשטאַפּאָ געפאַלן אויפן געדאַנק, אַז אפשר וועט דער שמואליק וויסן עפּעס וועגן יענעם צור־געגנבעטן וואַגאָן. געשטאַפּאָ האָט דעריבער געפאָדערט פון אים אַרויסצוגעבן די אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין יענעם שטיקל „אַרבעט״. שמואליק האָט זיי געזאָגט, אַז אַלע זענען פּאַליאַקן און זיי וואוינען אין דאָרף פּאגזשאלע. דער דאָרף איז אין וואַלד — האָט ער געזאָגט — און צו זייער הויז איז ניט אַזוי לייכט צוצוקומען, ווייל זיי זענען שטאַרק באַוואָפנט. די געשטאַפּאָ האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, מיטנעמענדיק שמואליקן, אַז ער זאָל צו זיי אַריינגיין און זיי אַרויסברענגען, אַז ס׳זאָל ניט קומען צו קיין שיסעריי. זיי אַלע זענען שטיין געבליבן פאַרן הויז און שמואליקן אַריינגעשיקט אַהין. זיי האָבן באַ־לאַגערט דאָס הויז און געוואַרט. ווען זיי האָבן געזען, אַז עס נעמט צו לאַנג און קיינער קומט ניט אַרויס, האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן אין הויז. ווען קיינער האָט ניט געענטפערט, זענען זיי אַריין אינעווייניק, אָבער קיינעם ניט געפונען. דאַן האָבן זיי געזען, ווי זיי זענען אָפּגענאַרט געוואָרן.

וואָס איז דאָ געשען? די גאַנצע מעשה האָט שמואליק צוזאַמענגעשטעלט לויט אַ פריער אויסגעאַרבעטן פּלאַן. ער האָט געוואוסט, אַז אין יענעם אָפּ־געלעגענעם אָרט וואוינט זיינס אַ באַקאַנטער פויער, וואָס ניט ווייט פון זיין הויז געפינט זיך אַ געהיימער אונטערערדישער דורכגאַנג, וואָס פירט אַרויס טיף אין וואַלד. ווען די דייטשן זיינען געשטאַנען אין דרויסן און געוואַרט אויף אים און די פּאַליאַקן, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו יענעם געהיימען דורכ־גאַנג — און פאַרפאַלן געוואָרן . . . פון דעמאָלט אָן האָט זיך שמואליק מער ניט באַוויזן פאַר מענטשן און געלעגן אויסבאַהאַלטן ביז דער אויסזידלונג.

אָנהייב אויגוסט 1942 בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דייטשן, וואָס האָבן מיך גלייך אָפּגעפירט צום מאַגיסטראַט. זיי האָבן מיך גלייך אַריינגעלאָזט אין אַ צימער, וואו ס׳זענען שוין געווען פיל געכאַפּטע יונגעלייט. ביי נאַכט איז צו אונדז אַריינגעקומען ריביצקי און האָט אָנגעהויבן זיינע סאַדיסטישע שטיק. ער האָט אויסגעקליבן די קרעפטיקע און זיי געשליידערט איבערן טיש. אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז ער איז פאַרמאַטערט געוואָרן.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי האָבן זיך די טירן געעפנט. אין דרויסן האָבן

שוין אויף אונדז געוואַרט לאַסטאויטאָס, וואָס האָבן אונדז אָפּגעפירט קיין וואָלנעוו. מען האָט אונדז גלייך געבראַכט צו דער אַרבעט נאָך ראַשקעוו, עטלעכע קילאָמעטער פון וואָלנעוו, וואו ס׳ווערט געבויט אַ קליינע באַנליניע ביז וואָלנעוו, וואו מען גייט בויען אַ פליפלאַץ. די אַרבעטס־קאַרטן האָבן זיי צוגענומען פון אונדז.

אין נייעם אָרט האָב איך געטראָפן מיינס אַ קוזין, שמואל אייזענבערג, וואָס האָט שוין דאָרטן געאַרבעט אַ לענגערע צייט.

וואָלנעוו איז נאָך געווען אַ צייטווייליקער לאַגער. קיין נאַרעס זיינען נאָך ניט געווען און מיר זיינען אַלע געשלאָפן אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע.

אויף מאָרגן האָט מען אונדז ווידער געבראַכט קיין ראַשקעוו. מען האָט אונדז געפירט אויף אַזעלכע וואַגאָנטשיקעס, וואָס מען האָט גערופן „לאָרקעס". אַז מען האָט אָנגעשאָטן זאַמד אָדער שטיינער אין די לאָרקעס, האָט מען זיי געקענט אומדרייען און זיי האָבן זיך אַליין אויסגעליידיקט. מיר זענען געפאָרן מיט פוילישע שקצים, האָט איינעם פון זיי זיך פאַרוואָלט מאַכן אַ שפּאַס, האָט ער אויפגעעפנט די לאָרקע, וואו איך מיט נאָך עטלעכע יידן זענען געווען, און מיר זענען אַרויסגעפאַלן אין מיטן פאָרן, צום גליק גאַנץ לאַנגזאַם, אין אַ פעלד פון קאַרטאָפל. איך בין געבליבן ווי אין חלשות. ווען איך בין צו זיך געקומען, איז שוין קיינער ניט געווען. איך קוק זיך אַרום און זע, אַז איך געפין זיך ניט ווייט פון דעם פּאָלקסדייטש, וואָס איך האָב פריער געאַרבעט שניידעריי פאַר אים. איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. ער האָט געשיקט צו מיר אַן אויפזעער, וואָס האָט גראָד געוואוינט אין שידלאָווצע. איך האָב מיט אים אָפּגעמאַכט, אַז ער קריגט פון מיר וואָס ער וויל, אויב ער וועט מיך מיטנעמען קיין שידלאָווצע, וואוהין ער פאָרט יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט מיט דער באַן. אַזוי בין איך מיטן צוג געפאָרן אַהיים און ס׳איז דורך בשלום.

מיין קומען אַהיים איז פאַר יעדערן געווען אַ סורפּריז. אָבער מיט איין זאַך איז עס ניט געווען גוט אויסגערעכנט: אין וואָלנעוו איז געבליבן מיין אַרבעטס־קאַרטע און אָן דעם דאָזיקן דאָקומענט איז געווען געפערלעך זיך צו באַווייזן אין גאַס. איך האָב זיך געמוזט היטן פאַרן באַנדיט ריביצקי. די פּאָליציי האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי איך בין אַוועק פון וואָלנעוו.

איין מאָל בין איך געווען אין מיין שוועסטערס געוועלב. פּלוצלונג לויפן אַריין אין געוועלב צוויי יונגעלייט און נאָך זיי ריביצקי. ער פאָדערט צו ווייזן די אַרבעטס־קאַרטן. זיי האָבן געהאַט, אָבער איך בין געבליבן שטיין

אָן לשון. ריביצקי וואַרט ניט לאַנג און הייבט מיך אָן שלאָגן, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין ניט אַרויס פון זיינע לאַפּעס. מיין שוועסטער איז געפאַלן אין חלשות. ווי פון דער ערד איז אויסגעוואַקסן דער פרעמדער יידישער פּאָליציסט בוסקאָווזדא, וואָס אַרעסטירט מיך אויף ריביצקיס באַפעל און פירט מיך אַוועק אין דער יידישער תפיסה. דאָרטן האָט ער מיך פאַרשלאָסן און אַוועק.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט וואו איך געפין זיך: אַ ליידיק צימער, צוזאַמענגעקלאַפּטע ברעטער פאַר אַ נאַרע צו שלאָפן און אַ לאַנגע באַנק. די פענצטערלעך קליין און פאַרקראַטעוועט. איך האָב באַשלאָסן ניט צו וואַרטן ביז מאָרגן און זען ווי זיך אַרויסצוקריגן פון דאַנען. איך האָב צוגערוקט די לאַנגע באַנק צו דער טיר און אָנגעהויבן זעצן אין איר, ביז די טיר איז אַרויס פון די זאַוויעסעס און זיך געעפנט. איך האָב די נאַכט אָפּגעוואַרט צווישן די מצבות פון בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען לעבן דער תפיסה, און ווען ס'איז ליכטיק געוואָרן און מען האָט שוין געמעגט גיין אין גאַס, בין איך אַוועק אַהיים.

בלייבן אין אונדזער הויז האָב איך שוין ניט געקענט, ווייל בוסקאָווזדא האָט גריילעך געקענט קומען אַהער מיך זוכן. בין איך שוין געווען ביי אונדזערע שכנים, דער פאַמיליע פאַריז, וואו ס'איז געווען אַ גוטע באַהעלטעניש.

* * *

ניט גענוג נייע צרות פון יעדן טאָג, קומען נאָך צו אויך אַלטע צרות. מיר האָבן געמיינט, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט די לעדער, וואו ס'איז געווען פאַרמישט מיין סקאַרזשיסקער שוואָגער פינטשע ועסטער, איז פאַרגעסן גע־וואָרן. ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר האָבן אַ טעות געהאַט. מיין טאַטע האָט דער־האַלטן אַ „פּאָוויעסקע" צו קומען צום „זאָנדער־געריכט" אין ראַדעם, וואו עס וועט פאָרקומען דער פּראָצעס פון ישעיה קלאַפּאַרדא, וואָס איז שוין חדשים געזעסן אין ראַדעמער תפיסה פאַר האַנדלען מיט לעדער.

דער משפט האָט געדאַרפט פאָרקומען דעם 10טן אויגוסט 1942. מיין טאַטנס שרעק איז ניט צו באַשרייבן. אין שטאָט איז געווען אַ לאָדזשער ייד, בלאַט, וואָס איז געווען אַ שטיקל אַדוואָקאַט. ער פלעגט אָפּט צו אונדז אַריינ־קומען. ער האָט געעצהט מיין טאַטן זיך צו שטעלן צום משפט, ווייל לויט זיין מיינונג וועט ער באַפרייט ווערן.

דער טאָג, ווען מיין טאַטע האָט געדאַרפט אָפּפאָרן קיין ראַדעם, איז

ביי אונדז געווען תשעה־באב. דאָס געזעגענען זיך איז געווען באַגלייט מיט האַרץ־רייסנדיקע סצענעס, ווייל יעדערער האָט געציטערט איבערן גורל פון טאַטן אין די הענט פון די נאַצישע ריכטערס.

די הויפּט־עדות ביים פּראָצעס זיינען געווען די צוויי מערדערס שוויעדקאָ און שמידקע. די עלטערן פון פּינטשע וועסטער האָבן צוגעשיקט אַ טויטנשיין און דער הויפּט־אָנגעקלאָגטער איז אַזוי אַרום געבליבן קלאָפּאַרדע, וועמען זיי האָבן נאָך קורצע פאַרהאַנדלונגען פאַרמשפּט צום טויט. קעגן מיין טאַטן זיינען ניט געווען קיין שום באַווייזן, אַז ער איז פאַרמישט אין האַנדל מיט רויע לעדער און ער איז באַפרייט געוואָרן. דער אָרעמער פאַראורטיילטער האָט דעם פּסק־דין אויפגענומען גלייכגילטיק. דער טויטאורטייל איז ניט גלייך אויס־געפירט געוואָרן. ווען ס'איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג פון שידלאָווצע, דעם 23סטן סעפּטעמבער — 6 וואָכן נאָכן משפט — האָבן די מערדערס אים געבראַכט קיין שידלאָווצע, וואו ער איז אומגעקומען מיט נאָך אַ סך יידן, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן בית־עולם אין איין גרויסן מאַסן־קבר.

## דער טראַגישער טויט פון מיינע ברידער

מיין ברודער ישראלקע איז געווען פריי פון צוואַנגסאַרבעט, ווייל ער האָט געהאַט אַן עקסטרע קאַרטע מיט „פליכטאַרבעט", אָבער ניט פון יודנראַט. ווען דאָס איז דערגאַנגען צום אַרבעטסאַמט, האָבן זיי אים געכאַפּט און גלייך פאַרשיקט נאָך וואָלנעוו.

מיין ברודער האָט שוין געוואוסט, ווי אַזוי צו האַנדלען מיט די לאַגער־פירערס פון זיין פריערדיקער פּראַקטיק אין יאַנישעוו. אויך דאָס מאָל האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצוקריגן פון וואָלנעווער לאַגער־פירער אַ דערלויב־געניש צו פאָרן אַהיים. ער האָט ניט געוואָלט גיין צו פוס און ער האָט געזוכט אַ געלעגנהייט צו קריגן אַ פור, וואָס פאָרט קיין שידלאָווצע. אַזאַ געלעגנהייט איז אים אונטערגעקומען צו דער האַנט דורך אַ גרופּע יידן מיט „גרינע לעגנטעס". דאָס זענען געווען יידן, וואָס האָבן געזאַמלט אַלטע שמאַטעס און אַלט אייזן פאַר די דייטשן. זיי זענען געווען פריי און האָבן זיך געקענט באַוועגן אויסער די געטאָס. אָט די גרופּע איז גראָד געפאָרן קיין שידלאָווצע און מיין ברודער איז מיט זיי מיטגעפאָרן.

ז״י האָבן פאַרלאָזט וואָלנעוו גאַנץ פרי. צום אומגליק איז דאָס געווען אין דעם טאָג, וואָס מען האָט אים שפּעטער גערופן דער „בלוטיקער דאָנער־שטיק", דער דריטער סעפּטעמבער 1942, ווען אונדזער שטעטל איז געווען

באַלאַגערט פון ס״ס און אוקראַאינער. ס׳איז געווען אַ שרעקלעכע אַבלאַווע. ווען זיי האָבן געטראָפן אין גאַס, האָבן זיי מיטגענומען צום מאַגיסטראַט, דאָרט אַרעסטירט און מיטן טראַנספּאָרט אָפּגעשיקט אין „האַסאַג״ לאַגער.

מיין ברודער האָט זיך דערנענטערט צום שטעטל אויפן וואָגן מיט דער גרופּע מיט „גרינע לענטעס״. זיי האָבן ניט באַוויזן ווייטער צו פאָרן ווי נאָכן פּוילישן קאָפּעל (צמענטאַזש) וואו ס׳איז געווען אַ באַרג מיט דריי קרייצן. דאָרט איז געווען אַ פּאַטרול פון ס״ס. דערזעענדיק פון ווייטן אַ בריטשקע מיט יידן, האָבן זיי אָן וואָרענונג געעפנט אַ שיסעריי און אַלע יידן, מיט מיין ברודער, זיינען אומגעקומען. די ביטערע בשורה איז גיך געבראַכט געוואָרן צו טאַטע־מאַמען, אָבער איך האָב גאָרניט געוואוסט וועגן דעם, ווייל איך בין נאָך אַלץ געווען אין דער באַהעלטעניש פון אונדזערע שכנים. ערשט צו מאָרגנס בין איך אַריין אין שטוב אַריין און האָב דערזען פאַר זיך אַ בילד, וואָס האָט מיך אין גאַנצן אויפגעשווידערט: אין שטוב איז דאָ אַ מנין יידן, מיין מאַמע מיטן טאַטן זיצן „שבעה״. איך האָב שוין דערזען די טראַגעדיע. ווער האָט געקענט זאָגן אַ טרייסטוואָרט אין אַזאַ אומגליק?

יעדער טאָג האָט מען ביי אונדז געדאַוונט, געזאָגט סליחות, ווייל ס׳איז שוין געווען פאַר ראש־השנה. דער טרויער האָט געהויערט אין יעדער ווינקעלע. מיין מאַמעס פאַרצווייפלונג האָט דערפירט צו דעם, אַז זי איז ערנסט קראַנק געוואָרן.

אין קלאָגן און וויינען אויף איר עלטסטן זון האָט זי אַלץ געפרעגט: „און וואָס איז מיט מיין יינגסטן זון? ווער ווייסט, צי איז אים עפּעס שלעכטס ניט געשען?״ אַ מאַמעס האַרץ איז אַ נביא. ווי ס׳האָט מיר שפּעטער דערציילט מיין ברודער אברהם חיימס פרוי ציפּע, וואָס איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד נאָכן קריג, איז מיין יינגסטער ברודער אומגעקומען אין אַ סאָוועטישער תפיסה אין שטאָט אַלמאַ אטאַ. זי איז עטלעכע מאָל געקומען אים באַזוכן אין תפיסה. דאָס לעצטע מאָל, ווען זי האָט אים געזען, איז ער געווען זייער צעשלאָגן און אויפן צווייטן טאָג איז ער שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע. ווי אַזוי און פאַר וואָס האָט מען איר ניט געזאָגט. אַ מאָדנער גורל: ביידע ברידער מיינע זיינען אומגעקומען אין דעם זעלביקן חודש און אויך אין דעם זעלביקן יאָר, אויגוסט 1942 — מיין ברודער ישראלקע פון די דייטשע בעסטי־אַלישע מערדערס און מיין ברודער אברהם חיים פון די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד. ער איז אַלט געווען קוים 24 יאָר.

* * *

ס׳זיינען אָנגעקומען די ימים נוראים פון תש״ג, סעפּטעמבער 1942. „נוראים״ — קיין מאָל האָט זיך אַזוי ניט אַריינגעפּאַסט דאָס דאָזיקע וואָרט, ווי איצט. די עשרת ימי תשובה האָבן זיך געצויגן ווי צען יאָר. עס טראָגן זיך אַרום קלאַנגען וועגן אויסזידלונג — דאָס ערגסטע, פאַר וואָס מען האָט מורא. טייל מענטשן ווילן זיך אָנשליסן צו אַרבעטספּלעצער. טייל מענטשן גרייטן זיך צו אַנטלויפן. אָבער וואוהין? אַז פּאָליאַקן לויערן אויף אַלע וועגן. ביי אונדז קלערט מען זיך צו באַהאַלטן.

מיין באָבע גיטל, וואָס האָט געוואוינט מיט אונדז יאָרן נאָך מיין זיידנס נחמן טויט, האָט זיך געבעטן, אַז אַלע אירע אייניקלעך און אור־אייניקלעך זאָלן זיך ראַטעווען מיט אַלע מיטלען.



גיטעלע דריינאַדל, מאַמע פון ניין קינדער, באָבע פון 8 אייניקלעך און 6 אוראייניקלעך, איז אומגעקומען בעת דעת אויסזידלונג מיט אַן אוראייניקל אויפן האַנט.

מיין שוועסטער פריידל־אידעס איז אין פריערשע מלבושים אַוועק פון אונדז מיט איר קינד נאָך סקאַרזשיסק, צו איר שוויגער, אָבער פּאָליאַקן האָבן זי גלייך דערקענט און זי איז קוים מיטן לעבן געקומען צוריק. אַלע וועגן זענען געווען פאַרמאַכט.

מיין מומע חנה, מיין מאַמעס שוועסטער פון לאָדזש, איז מיט אירע קינדער, רבקהלע און שיעלע, אַוועק נאָך ווערזשביצע. דאָרט איז געווען אַ קליינער לאַגער. איר מאַן, יאָסל אייזענבערג, איז שוין מיט אונדז פאַרבליבן, ווייל ער איז געווען אַן אינוואַליד.

## 2. פון אויסזידלונג ביזן לאַגער

זונטיק, 20סטער סעפטעמבער 1942.

ס'איז געווען ערב־ יום־כיפור תש"ג. מען האָט זיך געגרייט אויפ־צונעמען דעם גרויסן יום־טוב, אָבער דאָס מאָל גאָר אַנדערש ווי געווײַנטלעך. פון גאַנץ פרי האָבן די אײַנוואוינערס געשטראָמט צום בית־עולם צו בעטן בײַ די טויטע זיך צו מיען אויף רחמים פאַר ייִדן. אויך מײַן מאַמע איז געווען אויפן פרישן קבר פון מײַן ברודער ישראלקע ע"ה, וואָס די מערדערס האָבן אים דערהרגעט אויף אַ בעסטיאַלישן אופן עטלעכע טעג פאַר ראש־השנה. מײַן ברודער איז געווען דער צווייטער קרבן אין אונדזער משפחה.

צו "כל־נדרי" האָט מען זיך פאַרזאַמלט אין פּריוואַטע שטיבער צו דאַווענען. מיר זענען געווען בײַ שמעון קאַרטשיסקער אויף דער זאַמקאָווע־גאַס. דער חזן איז געווען מײַן פעטער יאָסל אײַזנבערג, אַן אַנטלאָפענער פון לאָדזש.

מאָנטיק, 21סטער סעפטעמבער 1942. יום־ כיפור.

אין די אומלעגאַלע פּריוואַטע "מנינים" דאַוונט מען מיט גרויס כוונה און מיט נאָך גרעסערן געוויין. יעדער בעט אויפן ביסל לעבן. מען שמועסט, אַז אויף דער סטאַנציע שטייען גרייט ליידיקע וואַגאָנען. אין יודענראַט ווייסט מען נישט פון דעם. די דײַטשן האָבן צוגעזאָגט זײַנע פאַרשטייערס, אַז שידלאָווצע וועט נישט ווערן אויסגעזידלט.

דינסטיק, 22סטער סעפטעמבער 1942.

גאַנץ פרי האָבן זיך פיל מענטשן פאַרזאַמלט בײַ די באָדנס מיט זייערע רוקזעק. זיי האָבן געוואַרט אויף אַן אויטאָ, וואָס זאָל זיי פירן קיין ליפּאָווע־פּאָלע, אַ שטיקל לאַגער פאַר מעליאָראַציע־אַרבעט. מען האָט געמוזט באַצאָלן דערפאַר, אַז מען זאָל קענען קומען אַהין. ס'קומען זיך צוזאַמען טרעגערס, וואָס פּרוּוון שטערן: "וואָס הייסט, איר וועט זיך ראַטעווען און אונדז לאָזן אויף הפקר?!" ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער אויטאָ איז געקומען און אַלע, וואָס זענען געווען רעגיסטרירט, האָבן פאַרלאָזט די שטאָט.

פייוול שטיינאָוויטש איז צו מיר געקומען און דערציילט, אַז אונדזער פרײַנד משה איצקאָוויטש איז אין וואַרשטאַט בײַ חיים גאָלדבערג. בײַ גאָלדבערגן זענען געווען 2 וואַרשטאַטן פון שוסטערס און שנײַדערס, וואָס האָבן געאַרבעט נאָר מיט זייערע אייגענע נײַמאַשינען און שוסטער־מכשירים. דער מייסטער

פון שוסטעריי איז געזוען דוד ווסטאַנשקאָ און פון שניידעריי — וועלווע שטאַרק.

מיר זענען ביידע אַוועק אַהין, אָבער מיר האָבן ניט געקענט אַריין אינעווייניק. משה איז צו אונדז אַרויסגעקומען און האָט אונדז געזאָגט, אַז מען מוז דאָ איינצאָלן, אויב מען וויל דאָ אַרבעטן. דאָס האָט אויסגעזען ווי נחס תיבה, וואוהין מען קען זיך ראַטעווען פון דרויסנדיקן מבול, אָבער פאַר אונדז איז זי געשלאָסן. די זעלביקע נאַכט איז פייוול מיט זיינע ברידער אַוועק נאָך וויאַרביצע, וואו ס'איז געווען אַ קליינער לאַגער.

דעם זעלביקן אָוונט איז ביי מנחם לעפקאָוויטשן (אָדער יאַפּאַק) געווען אַ שטיקל פאַרזאַמלונג. ס'איז געקומען שמואליק בראַנדמעסער (שודמאַק) און האָט געזאָגט, אַז קיינער זאָל נישט גיין אין די וואַגאָנען, נאָר מען זאָל אַרויס אין וואַלד. אָבער מיט וואָס? קיין געווער איז נישט געווען און מיט די פויסטן קעגן ביקסן קען מען ניט קעמפן. שמואליק איז אַוועק און ס'איז געבליבן ביים אַלטן.

יענע נאַכט איז שוין קיינער נישט געשלאָפן. אָפט איז פאַרבייגעפאָרן אַ לאַסטאויטאָ, מיטנעמענדיק מענטשן, טייל נאָך סטאַרכאָוויץ און טייל נאָך וואָלנעוו. דאָס האָט געדויערט ביז דריי אַ זייגער פאַר טאָג. פיר אַ זייגער פרי — אַ גרויסע באַוועגונג פון לאַסטאויטאָס אויפן נייעם וועג פון ראָדעם. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן לעבן קינאָ, ביים גאָרטן פון אברהם ביילע שיינדלס. דאָרטן האָט אָפּגעהילכט דער ערשטער שאָס פון די מערדערס, ווייל ס'האָט זיך עמעצער דערנענטערט צום גאָרטן. ווער עס איז געווען דער קרבן, איז נישט באַוואוסט.

מיטוואָך, 23סטער סעפּטעמבער 1942.

6 אַ זייגער פרי זיינען מיר אַלאַרמירט געוואָרן, אַז פּונקט 8 אַ זייגער מוז יעדער איינער זיין אויפן שטרוימאַרק אָדער פּלאַץ „וואָלנאָשטשי" און ווער ס'וועט בלייבן אין שטוב — וועט ווערן דערשאָסן. יעדער קען מיטנעמען מיט זיך ביז 20 פונט.

מיט דעם באַפעל זענען יידישע פּאָליציסטן געגאַנגען אין אַלע גאַסן און געסלעך. די ספּאַזמאַטישע געוויינען פון פרויען און קינדער זיינען געווען אומבאַשרייבלעך. ביי אונדז אין הויז האָט מען זיך געגרייט צו גיין צום באַשטימטן פּלאַץ. מיין טאַטע ע"ה האָט נאָך אַלץ געגלייבט, אַז מען וועט קיינעם נישט אומברענגען. גאָט איז מיט אונדז, האָט ער געזאָגט.

מענטשן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען צום שטרוימאַרק. אונדזער שכן שיע ראָנטשקע האָט גענומען זיין קינד און פרוי און וואָס ער האָט געקענט

מיטנעמען אין אַ קינדער־וועגעלע און איז אַוועק צו חיים גאָלדבערגס וואַר־שטאָט. אָט גייען אַלע שכנים. די צייט יאָגט. ס׳איז שוין באַלד אַכט אַ זייגער.

אייניקע פרומע יידן זענען נאָך געווען גאַנץ פרי אין מקווה זיך טובלען פאַר דער שחיטה. ס׳זענען נאָך געווען אַזעלכע אָפּטימיסטן, וואָס האָבן אויפ־געשטעלט אַ סוכה. איינעם אַזאַ געדענק איך. דאָס איז געווען שמחה־לייבוש, דער מאַן פון פריידע־רייזעלע אייזענשטאַט.ביילע, די שוועסטער פון מיין שוואָגער חיים כץ, גייט אויף קוליעס, ווייל זי האָט אַ צעבראָכענעם פוס. אַ מערדער „העלפט" איר: ער פאַרקירצט אירע ליידן און אויך איר לעבן.

די שטאָט איז געווען אַזוי באַוואַכט, אַז צו אַנטלויפן איז געווען אומ־מעגלעך. יעדע עטלעכע טריט איז געשטאַנען אַ מערדער מיט זיין מאַשינ־ביקס. טייל זענען געווען אַרום דער שטאָט, טייל אויפן שטרוימאַרק, טייל ביים מאַגיסטראַט.

ס׳זענען געווען פאַלן, ווען עלטערע פרויען האָבן געבעטן זייערע טעכטער, אַז זיי זאָלן געבן די אייניקלעך זייערע באָבעס און אַליין זיך פּרואוון ראַטעווען, אָבער גאַנץ ווייניק האָבן עס געטאָן. ס׳איז נישט אַזוי לייכט זיך צו שיידן מיט קינדער, זענען זיי אַלע צוזאַמען אומגעקומען. דאָס זעלביקע איז אויך געשען מיט מיינע צוויי שוועסטערס, צפּורה און פריידל ע״ה.

אויב ס׳זענען נאָך געווען ווייניק פאַרמשפּטע יידן צום אומקום, זיינען צוגעקומען נאָך צוויי יידישע קינדערלעך. די טאָכטער פון דוד חזן (פרישמאַן), רויזע, האָט אין דער לעצטער נאַכט געבוירן אַ זון און אין אַזעלכע אומשטענדן איז זי מיט איר עופעלע געבראַכט געוואָרן צום שטרוימאַרק. אַזוי האָט אויך פּאַסירט מיט חנהלען, דער טאָכטער פון שמחה לייבוש בלאָנדער. זי האָט אויך פאַר טאָג געבוירן אַ קינד. די באָבע פון נייעם אייניקל, מרים־לאה, האָט געזאָגט, אַז זי וועלן נישט גיין צום פּלאַץ אין אַזאַ צייט און איז מיט איר טאָכטער פאַרבליבן אין שטוב. מען קען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס מיט זיי איז געשען. מען האָט שפּעטער געפונען אַ קליין קינד אין הויז פון דער פאַמיליע לעפקאָוויטש, וואָס מען האָט אויך גערופן מנחם יאַפּאַק. זיין פרוי איז געווען שיפרה, די טאָכטער פון ברוך קונאָווסקי. דער מערדערישער אוקראַ־אינער האָט זיך צעשריען: וואו איז די מאַמע פון דעם קינד? אַזוי „באַרעמ־האַרציק" איז ער געווען, אָבער וואָס ער האָט געטאָן מיטן קינד, גייט דורך אַ גרויל דורכן קערפּער.

8 אַ זייגער איז שוין די שטאָט געווען ליידיק, אָבער אין פאַרשיידענע

ערטער, אַ סך אין באַהעלטענישן, זיינען געווען פיל יידן, וואָס האָבן נישט אויסגעפירט די באַפעלן פון די מערדערס.

ס'איז אָנגעקומען שרעדער, וואָס האָט געהאַט אַן אַרבעטס־קאָמאַנדע אין סמילעוו, אין די שטיין־האַקערייען, און גענומען אַלע זיינע אַרבעטערס באַזונדער. יעדער האָט זיך געריסן צו אים. שפּעטער איז אָנגעקומען פון ראָדעם דער דיסטריקט־מערדער שיפּערס. אין זיינע פּאָר ווערטער צום עולם האָט ער געזאָגט, אַז ווער ס'וועט געבן 1,000 זלאָטעס, וועט ווערן פריי. ס'איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. אַלע, וואָס האָבן געהאַט די סומע געלט, האָבן עס אָפּגעגעבן. די דאָזיקע מענטשן האָבן געשריען מיט פרייד: „מיר זענען פריי!". די יעניקע, וואָס האָבן קיין געלט נישט געהאַט, האָט מען אויסגעשטילט אין רייען און געפירט גלייך צו דער באַנסטאַנציע, וואו עס זיינען שוין געשטאַנען אַ סך וואַגאָנען.

די מעשה מיט די 1,000 זלאָטעס איז געווען אַ בלאָף. די, וואָס האָבן די 1,000 זלאָטעס צוגעשטעלט, האָט מען געטריבן צום שלאָס און דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן פאַרשפּאַרט ביז פרייטיק, אָן עסן און וואַסער. די פרויען פון דער יידישער פּאָליציי האָט מען געזאָלט פריי לאָזן. זיי זענען געווען פאַרזאַמלט ביי אונדזער שכן משה לוי בעקער (זאַבראַווסקי). אָבער זיי זענען דאָרטן געווען בלויז איין טאָג און דאַן האָט מען זיי אויך אָפּגעפירט אין שלאָס אַריין. דער זעלביקער גורל האָט אויך דערוואַרט די אַרבעטערס פון די וואַרשטאַטן. מען האָט זיי פריער אָפּגעשיקט אין שלאָס און שפּעטער האָט מען זיי אַלעמען אָפּגעפירט צו דער באַנסטאַנציע.

פון שטרוימאַרק האָבן זיי געטריבן די קרבנות צום נייעם וועג, וואָס ציט זיך פון דער יאַסטשאָמבע־גאַס צום אַלטן בית־עולם. פאַרן בית־עולם, וואו ס'קרייצט זיך דער וועג, האָבן עטלעכע יידן געפּרואווט אַנטלויפן פון דער ריי, זיי זיינען אָבער געפאַלן אונטער אַ האָגל פון קוילן. בלויז צוויי האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. איינער פון זיי איז געווען משה קופּערבערג (היינט אין בראַזיל). ער איז געלאָפן און אַריין אין הויז פון משה יודל פעלדמאַן און זיך דאָרטן באַהאַלטן. שפּעטער איז ער געקומען מיט די אַרבעטערס אין בלאָק. דער צווייטער איז אַנטלאָפן צום נייעם בית־עולם און שפּעטער אויך געקומען אין בלאָק. ביים הויז האָט מען שפּעטער צווישן די געשאָסענע געפונען חנינא גרונדמאַן, דעם זון פון חיים יוסף.

די געוויינען פון די טויזנטער מענער, פרויען און קינדער זיינען געווען האַרצרייסנדיק. ס'האָט אויסגעזען ווי מאַסן מענטשן גייען צו זייערע אייגענע

לוויות. ביי אַ סך עלטערע יידן האָט זיך אַרויסגעזען אַ קיטל אָדער אַ טלית. דער גאַנצער וועג ביז דער סטאַנציע שידלאָווצע, וואָס איז 5 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, איז געווען באַלייגט מיט הרוגים.

אין שטאָט זענען נאָך פאַרבליבן פיל ס״ס־לייט. ס׳זיינען אויך געווען מאָביליזירט די פוילישע פייער־לעשערס פון אונדזער שטעטל, ווייל די דייטשן האָבן זיך גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט, אַז די יידן וועלן אונטערצינדן די שטאָט. ס׳זענען טאַקע געווען אַזעלכע מיינונגען אין געוויסע יידישע קרייזן, אָבער מען האָט דאָס נישט געטאָרט טאָן צוליב די יעניקע, וואָס זענען געווען באַהאַלטן.

די אַלע איבערגעבליבענע צו דער אַרבעט, אַרום 150 מאַן, זענען געפירט געוואָרן צום מאַגיסטראַט, וואו זיי האָבן געוואַרט אויף ווייטערדיקע באַפעלן. דאָס וואַרטן האָט אויסגעזען ווי אַן אייביקייט. שפּעטער זענען די מערדערס געקומען און צוזאַמענגעשטעלט פון זיי אַ גרופּע, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו באַגראָבן די אַלע געהרגעטע.

דער בית־עולם איז געוואָרן ווי אַ שעכטהויז. די נאַציס האָבן אַהער געבראַכט פיל אַרעסטירטע יידן פון ראַדעם און זיי מאַסנווייז דערשאָסן אויפן בית־עולם. צווישן זיי זיינען געווען פיל שידלאָווצער, פון וועלכע איך געדענק: ישעיה קלאַפּאַרדאַ, קלמן ראָזענבוים, חנה באַטשע בריקס, אַן אייניקל פון פאַריע די בעקערין. ביי דער בלוטיקער אַרבעט האָבן זיך אויסגעצייכנט די ביידע מערדערס שמידקע און שווערקאַ.



די לעצטע אויסבאַהאַלטענע יידן בעת דער אויסזידלונג ווערן געפירט צו דער שחיטה.

די באַשטימטע אַרבעטס־גרופּע האָט אויסגעגראָבן אַ גרויסן מאַסן־קבר און אַלע דערהרגעטע זענען דאָרט באַערדיקט געוואָרן. נאָך דעם זענען אַרבעטערס אַרומגעפאָרן מיט פערד און וואָגן און צוזאַמענגעקליבן די מתים, וואָס זענען געווען פאַרשפּרייט אויפן גאַנצן וועג און אין פיל הייזער. אין אַ קאַמער ביים בירגער־מייסטער זשולקאָווסקי האָט מען שפּעטער געפונען דערשאָסענע אברהם און פערעלע וואַרשאַווסקי מיט זייער קינד.

שרעדער, וואָס האָט געפּרואווט אַרויסצובאַקומען זיינע אַרבעטערס, האָט יעדן פאַרזיכערט, אַז ער איז נישט קיין נאַצי, נאָר אַ קאָמוניסט. אַ סך האָבן געהאַט צו אים צוטרוי. געוואוינט האָט ער ביי דער משפחה בוכבינדער. ער איז געווען אַזוי גוט צו זיי, אַז ער האָט זיי באַהאַלטן און נישט געלאָזט גיין צו דער אויסזידלונג. אָבער ווי נאָר אַלע זענען אַוועק, איז ער געקומען צו דער מערדערישער זשאַנדאַרמעריע און געזאָגט, אַז ביי אים אין הויז זענען באַהאַלטן יידן.

חוץ דער „חברה־קדישא״־קאָמאַנדע, איז אַן אַנדער אַרבעטס־גרופּע געגאַנגען פון הויז צו הויז און פאַרזיגלט די יידישע הייזער. אויף יעדער טיר האָט מען אָנגעקלעפּט אַ רויטן פּלאַקאַט מיט אַן אויפשריפט, אַז אַלץ געהערט צו דער דייטשער מאַכט. די טירן האָט מען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער, אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. פּאָליאַקן האָבן אויסגעליידיקט די יידישע הייזער, אַריינקומענדיק דורך הינטערטירן אָדער דורך די פענצטערס.

די דייטשער מערדערס האָבן פאַר דער אַרבעטס־גרופּע איינגעריכט אַ קיך ביי פישל גאַרבער. דער הויפּטקוכער איז געווען אברהם־יצחק גריטשמאַן. דער פּוילישער בעקער גישקאַ האָט געמוזט צושטעלן ברויט.

די יעניקע, וואָס האָבן געמוזט מיטגיין מיט די מערדערס פון הויז צו הויז, האָבן זיך צוגעזען שרעקלעכע בילדער. יאַנקל ראַבינאָוויטש, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „דער קישקע־מאַכער״, איז געלעגן אין בעט אויס־געדרייט צו דער וואַנט. דער אוקראַאינער האָט אויסגעשריען: „פאַר וואָס ביסטו נישט אַרויס מיט אַלע גלייך?״ ער האָט אים ניט דערשאָסן, נאָר מיט דער קאָלבע פון זיין ביקס האָט ער זיין קאָפּ צעשפּאָלטן. יאַנקלס לעצטע ווערטער זיינען געווען: „שמע ישראל״.

משה זינגער האָט געוואוינט ביים ערשטן קוואַל, אָדער ווי מען האָט עס גערופן „דער ערשטער סטאַק״. דאָס הויז האָט געהערט צו אַ קריסטין. זי האָט באַהאַלטן זיין גאַנצע משפחה און אויך די פאַמיליע פון זיין פרוי. עטלעכע שעה נאָכן אויסזידלען איז זי אַוועק אין מאַגיסטראַט און מודיע

געווען, אַז ביי איר באַהאַלטן זיך יידן. באַלד זיינען דאָרט אַוועק עטלעכע מערדערס און זיי האָבן אַלעמען דערשאָסן.

אין הויז ביי די ערליכס, וואָס האָבן געוואוינט ביי הערשל יונהס קויפמאַן, איז אין שטוב פאַרבליבן דאָס יינגל מאיר ערליך. דער דייטשער וואַכמייסטער קאַרפּינסקי, וואָס האָט אים געפונען, האָט דאָס 14־יאָריקע יינגל דערשאָסן אויף אָן אָרט.

אויפן הויף ביי שאול צוקער האָט געוואוינט דער דענטיסט טויבענהויז. ער איז געווען אַ משומד, אָבער ער איז אַוועק מיט אַלע יידן. זיין פרוי איז דערשאָסן געוואָרן אויפן הויף. צוויי פּאָליאַקן האָבן געמאָלדן, אַז ביים אַפּטייקער אין הויף זיצט אַ יידישע פרוי. דאָס איז געווען דבורהלע שטאַרק. די רוצחים זיינען געקומען און זי דערשאָסן. לייבוש שוואַרצפּוטער איז געפונען געוואָרן אַ טויטער פון איינגענומענעם סם.

אין הויז פון אברהמלע פוקס איז זיין פאַרבליבענע מאַמע דערשאָסן געוואָרן דורכן מערדער מאַטילקאַ. ס'האָט ניט געהאָלפן איר געבעט און געוויין.

שלמה נייבערגן האָט מען געפונען אויפן בוידעם אַ טויטן, איינגעהילט אין טלית און תפילין. זכריה בליזשינסקי האָט געפּרוּווט אַרויסגיין אין גאַס און האָט זיין לעבן פאַרלוירן. פאַריע די בעקערין איז אויך געפונען געוואָרן אין איר הויז אַ דערשאָסענע.

פון די ברוטאַלסטע מערדערס זיינען געווען פוקס, באַוער און קאַרפּינסקי.

די אַרבעט פון דער אַזוי גערופענער „חברה קדישא־קאָמאַנדע" האָט זיך געצויגן אַ גאַנצן טאָג מיט אַ קליינעם איבעררייס אויף מיטאָג. אונדז האָט מען אַרויפגעפירט צו פינקערטן, וואו ס'איז געווען די פּאָסט. אויפן הויף איז געווען אַ חורבה, וואו ס'איז אַ מאָל געווען פאַבריק פון טעפּ. דאָרט איז געווען פלאַץ פאַר די אַרבעטערס צו שלאָפן.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן אונדזערע פוילישע מיטבירגערס, מיט דער הילף פון די פייער־לעשערס, אויסגעליידיקט די יידישע הייזער. די צוויי ברידער ראָמעק און אַנטעק פלאַסקאָטאַ האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין דעם.

אין שלאָס איז די לאַגע געווען אַ פאַרצווייפלטע. אַ העלפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אויפן הויף פון שלאָס. ס'איז דאָרט געווען אומדערטרעגלעך ענג. פאַר אַ ביסל וואַסער האָט מען געצאָלט מיט גאָלד. פון ברויט אָדער עפּעס עסן איז שוין געווען אַפּגערעדט. אַרום שלאָס

איז געווען אַ וואַסער (סטאַוו). פאַר אַ טעפּל שמוציק וואַסער פונעם סטאַוו האָט איטקע בלאָנדער באַצאָלט 500 זלאָטעס; זי האָט עס געדאַרפט פאַרן קראַנקן ייִנגל. ס׳איז דאָרט געווען אַזוי ביטער, אַז מענטשן זענען שוין מקנא געווען די, וואָס זענען געגאַנגען אין די וואַגאָנען.

דאָנערשטיק, 24סטער סעפּטעמבער 1942.

איין בלוטיקער טאָג איז פאַרביי. וואָס וועט זיין ווייטער? די יידישע פּאָליציי פירט ווידער די אַרבעטערס צום מאַגיסטראַט. די אַרבעט פון צו־זאַמענקלייבן די מתים איז נאָך נישט געענדיקט. ס׳איז נאָך דאָ איבער גענוג. יעדע מינוט קומען פּאָליאַקן און מעלדן וועגן פּלעצער, וואו ס׳געפינען זיך דערשאָסענע. די מערדערס לאָזן קיינעם נישט דורך. זיי רעווידירן, צי ס׳געפינט זיך נישט נאָך עפּעס אין אַ קעשענע. אַ מערדער האָט באַמערקט אַ דערשאָסענעם אין וואַסער לעבן שלאַס, האָט ער באַפוילן דעם מת צו ברענגען צו אים און ער האָט גענישטערט אין די מלבושים עפּעס צו געפינען.

ס׳זיינען געשאַפן געוואָרן עטלעכע פּונקטן צו האַלטן דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון די יידן, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין די יידישע הייזער. איין אָרט איז געווען דער קינאָ „קאָרסאָ״, וואָס האָט געהערט צו דער פאַמיליע אייזענבערג. דער צווייטער פּונקט איז געווען אין מאַגיסטראַט. אויף אויפ־צוקלייבן אַלץ האָבן די פּוילישע איינוואוינערס פון שטאָט געגעבן זייערע פערד און וואָגן. מיטגעגאַנגען זענען זשאַנדאַרן, אַ יידישער פּאָליציסט און עטלעכע אַרבעטערס.

גייענדיק איבער די יידישע הייזער האָבן די יידן זיך געסטאַרעט צו זיין ביי דער זייט פון דעם וואַכמייסטער אָסטערבאַך. ער איז געווען אַן אויסנאַם אַ דייטש. ער האָט קיינעם נישט געשאָסן. ער האָט זיך אָפט געמאַכט, ווי ער זעט ניט, וואָס מען דאַרף ניט. געווען נאָך איינער אַ גוטער מאַן, וואָס איז געווען אַ שאָפער ביי די מערדערס. ער איז אויך ניט געווען קיין שיסער.

די אַרבעט ביים אויסזוכן אוצרות אין יידישע היימען איז ניט געגאַנגען אַזוי לייכט. געווען איינער אַ געוויסער מיעטעק מיט זיין ברודער פון טאָמאַ־שעוו. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף צו געפינען באַהעלטענישן מיט סחורות. ער האָט געהאַלטן, אַז פאַר די פּאָליאַקן דאַרף מען גאָרנישט איבער־לאָזן. די ס״ס זענען צוגעקומען צו אַ הויז, וואו זיי האָבן געטראָפן פּאָליאַקן ביים ראַבירן, האָבן זיי איינעם פון זיי דערשאָסן.

פרייטיק, 25סטער סעפטעמבער 1942.

ס׳איז געווען ערב־סוכות. די אַרבעטערס מאַרשירן צום מאַגיסטראַט פון פינקערטן. מען לאָזט זיי וואַרטן. דאָס איז מאָדנע. יעדער איז שוין אין שרעק, אַז עפּעס וועט דאָ פּאַרקומען. און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

אַלע מערדערס זענען געווען פאַרזאַמלט ביים שלאָס און זיי האָבן אַרויס־געפירט פון דאָרטן אַלע יידן. עטלעכע באַנדיטן זענען געקומען צום מאַגיס־טראַט, אָפּגעציילט די ערשטע העלפט פון די אויסגעשטעלטע אַרבעטערס און האָבן זיי אָפּגעפירט צום שלאָס. פונקט ווי אויפן שטרוימאַרק, אַזוי האָט זיך דאָ אויך אָנגעהויבן דער טייוולשפּיל. פון שלאָס האָבן זיי געטריבן די קרבנות צום ברויהויז, פאַרקירעוועט צום בריקל איבערן טייכל און דאַן מיט דער זאַמקאָווע־גאַס ביזן נייעם וועג ווידער מאַרשירט צו דער באַנסטאַנציע. ס׳האָט זיך ווידער אָפּגעשפּילט די זעלבע טראַגעדיע פון גיין דעם לעצטן וועג. ווידער מאַסן הרוגים, גרויל און פּיין אויף יעדער טריט און שריט. גייענדיק דורכן וואַלד צו דער סטאַנציע, איז ראַשעלע טויטער אַרויס פון דער ריי און אַריין טיף אין וואַלד אַריין. די מערדערס האָבן עס ניט באַמערקט און ס׳איז איר געלונגען. זי האָט איבערגעלעבט דעם קריג. מער האָט זיך קיינער פון דער מחנה ניט געראַטעוועט.

שבת, 26סטער סעפטעמבער 1942.

נאָכן אויסזידלען די יידן פון שלאָס זיינען ווידער געבליבן אַ סך מתים אויפן וועג צו דער באַן. די קאָמאַנדע „חברה־קדישא״ האָט נאָך פיל אַרבעט. די פּאַליאַקן האָבן זיך אויסגעזוכט אַ נייע פּרנסה. היות קיין יידן אין שלאָס זענען מער נישט געווען, האָט זיי צוגעשפּילט די נייע פאַראָרדענונג, אַז ווער עס וועט ברענגען אָדער אָנווייזן אויף אַ באַהאַלטענעם ייד, וועט באַקומען אַ פונט צוקער אָדער אַ פלאַש שנאַפּס. די פּאַליאַקן האָבן זיך גענומען טיכטיק צו דער אַרבעט. זיי זענען באַפאַלן אַ גרופּע יידן, וואָס זענען געווען אין דאָרף לעבן שידלאָווצע — צווישן זיי מאָטל בערגמאַן און זיין ברודער — און ווען אַ ייד איז אַוועק אויף אַ מינוט פון זיין קאָמאַנדע, האָבן אים די פּאַליאַקן באַלד געכאַפּט און איבערגעגעבן די דייטשן.

זייענדיק נאָענט פון אונדזער הויז, האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו געבן אַ קוק, צי ס׳האָט זיך ווער פון אונדזער משפּחה דאָרטן באַהאַלטן, ווי אויך אַ קוק טאָן ביי יעקב שמעון ווייסבראַט, וואו עס איז געווען אַ באַהעלטעניש. איך בין נישט דערגאַנגען, ווייל אין הינטערגעסל, ביי לייבוש־מאיר טאָדרעסעס

הויז, האָט מיך אַ פּייער־לעשער געכאַפּט. — „שטיי! קום מיט מיר" — האָט ער געזאָגט. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. עס העלפט נישט וואָס איך דערמאָן אים, אַז מיר ביידע זענען צוזאַמען געגאַנגען אין דער פּוילישער שול. איך זע, אַז איך קען מיט אים גאָרניט אויפטאָן, האָב איך אים אַוועק־געגעבן מיין געלט און ער האָט מיך פריי געלאָזן. נאָך אים קומט אונטער אַ צווייטער גוי, פון די „אַבאַרניקעס". אויך ער וויל מיך פירן צו דער פּאָליציי. צום מיין גליק, איז גראָד אונטערגעקומען דער וואָגן מיט דער יידישער אַרבעטס־קאָמאַנדע און איר באַגלייטנדיקער יידישער פּאָליציאַנט האָט געזאָגט דעם פּויער, אַז איך בין איינער פון אָט דער קאָמאַנדע, וואָס ער מוז מיטנעמען צוריק אין שטאָט. דער פּאָליציסט, אברהם משה אייזענבערג, האָט דורך דעם אפשר געראַטעוועט מיין לעבן.

אין מאַגאַזין פון צוזאַמענגעקליבענעם יידישן האָב־און־גוטס איז דאָ פיל אַרבעט. פון אַלע צוזאַמענגענומענע מלבושים זענען נאָר דאָ 5 קאָסטיומען, אַלע פון שמואל ליכט. וואו זענען געווען די מלבושים פון אַלע יידן? זיי זענען שוין פריער אויסגעראַבירט געוואָרן פון די פּאָליאַקן.

ביי נאַכט האָבן מיר זיך געזען מיט יאַנקל קופּערמאַן. ער איז צו אונדז געקומען פון סטאַראַכאָוויצער לאַגער. ער האָט אונדז פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן אַוועק פון דאַנען נאָך סטאַראַכאָוויץ. אָבער קיינער האָט ניט אָנגענומען זיין עצה.

זונטיק, 27סטער סעפּטעמבער 1942.

ס'איז אַרויס אַ נייער באַפעל, אַז אויב מען וועט געפינען אַ ייד, זאָל מען אים ברענגען אין בלאָק צו פינקערטן, נישט שיסן. אונדזער פרייד איז געווען זייער גרויס. איך האָב באַלד גענומען אַ וואָגן, דער בעל־עגלה איז געווען אַ ייד פון טאָמאַשעוו, מיטעטקס ברודער, אַלטער און ישראל־יצחק כץ. מיר פאָרן איבער דער שטאָט מיט דער ראַדעמער גאַס ביז צו אונדזער הויז. אַלץ האָט דאָ אויסגעזען ווי נאָך אַ שריפה. די טירן און פענצטערס אָפן, אַלץ אַרויסגעראַבעוועט. קיינער ענטפערט ניט אויף מיינע רופן. דאָס באַהעלטעניש איז אָפן, ווי אויך ביידע קעלערן. איך זע די טראַגעדיע, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט. איך גיי צום הויז פון יעקב שמעון ווייסבראָט. דאָרטן ענטפערט מען יאָ אויף מיינע רופן. מיר גייען אַרויף די טרעפּ. ס'עפנט זיך אַ טירעלע פון בוידעם. דאָרט זענען געווען אויסבאַהאַלטן די פאַמיליע מלך און מילקע פאַריז, זייער זון אברהם יענקל און טאָכטער חיה. מיט זיי איז אויך געווען באַהאַלטן דער אַלטער יעקב שמעון ווייסבראָט. זיי האָבן

אויסגעזעזן שרעקלעך נאָך 4 טעג נישט עסן און טרינקען. די פרייד איז געווען ניט צו באַשרייבן. ס׳האָט זיך געהאַט צוגעטשעפּעט צו אונדז דער באַנדיט אַנטעק פלאַסקאַטאַ, און ווען מען האָט אַראָפּגענומען די מענטשן פון בוידעם, האָט זיך אומגערן אויסגעשאָטן דאָס גאַנצע באַהאַלטענע געלט פון פרוי פּאַריז. דער גוי האָט עס אַ כאַפּ געטאָן און איז פאַרשוואונדן.

זיי זיינען געווען די ערשטע פון די אויסבאַהאַלטענע יידן. נאָך מיטאָג האָבן געענומען שטראָמען יידן פון אַ ריי באַהעלטענישן. טייל זענען אַליין געקומען, אַ טייל האָט מען געבראַנגט מיט וועגענער. גייענדיק פון דער אַרבעט, האָבן פיל באַהאַלטענע זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזערע רייען און מיר זענען צוזאַמען געגאַנגען אין בלאָק אַריין. איך געדענק נאָך, ווי רבקהלע גרינבוים איז אַרויס פון זייער טויער און זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזער ריי.

כאָטש ביי פינקערטן איז געווען גענוג שלעכט, אָבער דאָך איז יעדער געווען אויף דער פרישער לופט. וואָסער איז אויך געווען און געהונגערט האָט מען אויך ניט.

מאָנטיק, 28סטער סעפּטעמבער 1942.

דער זאַמלפּונקט ביי פינקערטן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער. מען האָלט אין איין ברענגען באַהאַלטענע, ווער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַזוי פיל יידן וועלן זיך דרייסטן און ניט אויספירן אַ דייטשישן באַפעל. דאָס איז געווען אַ גרויסער ווידערשטאַנד. אָט האָט מען געבראַכט די פרוי נחמה לינדזון, די פרוי פון גאַרבער־פאַבריקאַנט יודל לינדזון. זי איז געווען אין גאַנצן אַ פאַרענדערטע נאָך אַזאַ קורצער צייט, כמעט נישט ביים זינען. צוזאַמען מיט איר איז געקומען די פרוי לעסעלבוים, די טאָכטער פון הערש־מענדל כץ. זי האָט געהאַלטן אין איין פרעגן: „וואו זענען מיינע קינדער?" זיי זענען דאָרט נישט געווען.

יעדער האָט עפּעס געקענט קויפן ביי די פוילישע פרויען, וואָס זענען געקומען צום טויער אויסנאַרן מציאות ביי זייערע נעכטיקע פריינד.

די אַרבעט איז געווען די זעלביקע. מיר האָבן היינט באַאַרבעט די געגנט, וואָס מען האָט גערופן „דאָס רינעלע". ס׳זענען דאָרט געווען עטלעכע געווועלבער. לעבן דעם נייעם מרחץ פון אַנטאָניאַק איז געווען אַ קליין געוועלבל, אָבער פול מיט סחורה. דאָרט האָבן די פּאָליאַקן נישט געזוכט און מיר האָבן אַלץ מיטגענומען צום מאַגיסטראַט. ביי יצחק מנקר איז שוין געווען אויס־געליידיקט, אַזוי אויך ביי משה יאָפּאָק, ווי אויך ביי הערשעלע כוסטעצקי און ביי אַלע שכנים.

פון דאָרט גייען מיר צו דער אָגראָדאָווע אָדער מרחץ־גאַס. מיט אונדז איז דאָ דער גוטער וואַכמייסטער אַסטערבאַך, 2 אויפזעערס — די יידישע פּאָליציאַנטן אַלטער און ישראל יצחק כץ. אין דער גרופּע איז אויך דאָ מיין קוזין יענקל מילשטיין און דער שרייבער פון די שורות. מיר קומען אַריין אין הויז פון מיין פעטער יצחק און מומע גיטל. דאָס הויז איז געווען ערשט ניי־געבויט. אין די טירערן, וואָס מען האָט עס געריפן „די קאַזאַרמעס אין הויז", זענען געווען פּאָליאַקן, וואָס האָבן געקויפט די מעבל. מיין קוזין יענקל שטייט ווי פאַרגליווערט.

פון דאָרט גייען מיר צו די ברידער מאַסלאָוויטש. דאָרט איז געפונען געוואָרן זייער פיל לעדער. דאָס אַלץ ווערט אַוועקגעפירט אין די מאַגאַזינען.

דינסטיק, 29סטער סעפּטעמבער 1942.

היינט זיינען געקומען שמואל ווייסבראָט מיט זיין פאַמיליע און חיים ראָזענבערג מיט זיין גאַנצער משפחה, אויסער שלמהלען, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אין ראָדעמער געטאָ. מען האָט אויך געבראַכט פּנחס שטיינמאַן מיט זיין הויזגעזינד. אין אָוונט האָט מען אַהערגעבראַכט עטל בראַנדמעסער, פרוי פון שמואל בראַנדמעסער (שודמאַק). זי האָט מיך געבעטן צו גיין אין פוילישן פּאָליציי־צירקל, וואו זי האָט אַוועקגעוואָרפן אַ פּעקעלע מיט צירונג, אָבער מען האָט ניט געקענט דאָרטן צוקומען.

מיטוואָך, 30סטער סעפּטעמבער 1942.

אין בלאָק ביי פינקערטן זעט שוין אויס ווי אין אַ קליין שטעטעלע. קריסטן קומען יעדער טאָג און קויפן איין וואָס איינער האָט נאָך. אברהמעלע ראָזענצווייג דער בעקער האָט געבעטן די פּאָליציי מיטצוגיין מיט אים אין שטאָט צו זיין הויז, ווייל ער האָט דאָרטן באַהאַלטן אויסלענדיש געלט. אויך איך בין מיטגעגאַנגען. ער איז אַרויפגעלאָפן אויפן בוידעם, אָבער אַלץ איז שוין געווען אויסגעראַבירט.

מיט אונדז איז אויך געווען חיה פּאַריז און איר ברודער יענקעלע. ביי זיי אין שטוב איז נאָך דער אויוון געווען גאַנץ און דאָרט איז געווען איינגע־מויערט אַ פאַרמעגן. מיט איין זעץ איז דער אויוון צעפאַלן און מיר האָבן אַלץ אַרויסגענומען פון דאָרטן. אויפן וועג צוריק צום בלאָק האָט אַן אַרויסגעטרי־בענער פּאָזנאַנטשיק, געזעצקי, צוגענומען אַ סך זאַכן פון אונדז, אָבער דאָס געבליבענע איז אויך געווען גענוג אויף צו פאַרקויפן אָדער אויסצובייטן פאַר לעבנס־מיטל.

היינט האָט מען אויך געבראַכט פון אַ בונקער גיטעלע לעדערמאַן, אָדער ווי מען האָט זי גערופן גיטעלע שיעס, איר טאָכטער רבקה גערטנער מיטן מאַן לייבוש און זיין ברודער נתן גערטנער. גיטעלע האָט אויפגעלעבט, ווען זי איז געקומען אין בלאָק. איר טאָכטער רבקהלע האָט זייער שלעכט אויס־געזען. מען האָט געזאָגט, אַז אין בונקער האָט זי געבוירן אַ קינד. וואָס איז געשען מיטן קינד, געדענק איך ניט. זיי אַלע זענען שפּעטער אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין סקאַרזשיסק, אָבער אין האַסאַג אַריין זיינען צוגעטיילט געוואָרן נאָר לייבוש און זיין ברודער נתן, ביידע שפּעטער אומגעקומען.

דאָנערשטיק, ערשטער אָקטאָבער, 1942.

דער אויפרוף אַרויסצוקומען פון די באַהעלטענישן און ניט ווערן באַ־שטראָפט איז אַ דייטשער בלאָף — אַזוי האָבן געטראַכט ניט ווייניק יידן. פּינחס שטיינמאַן מיט זיין פאַמיליע האָבן באַשלאָסן די נאַכט צו אַנטלויפן קיין וואָלנעוו אָדער סטאַרכאָוויץ. דאָס זעלביקע אויך שמואל ווייסבראָט. די פּאָליאַקן איילן זיך עפּעס צו פיל. זיי קויפן וואָס ס'לאָזט זיך. האָבן זיי ניט עפּעס „דערשמעקט", אַז ס גרייט זיך ווידער שלעכטס פאַר יידן?

ס'ווערט אומרואיק אויפן האַרצן. פאַמיליעס האַלטן זיך צוזאַמען. איך בין מיט דער פאַמיליע פּאַריז. אין אָוונט איז ווידער געקומען צו אונדז יאַנקל קופּערמאַן און גערופן צו אַנטלויפן קיין סטאַרכאָוויץ. דאָס מאָל זיינען עטלעכע מיטגעפאָרן מיט אים. צו אַנטלויפן קיין וואָלנעוו איז געווען געפערלעכער.

דעם ערשטן טאָג פון דער אויסזידלונג האָט עליע ברויטמאַן צוזאַמענ־גענומען די פאַמיליע פון זיין פרוי, זיין שווער שיע (גאַץ) און איז מיט זיי אַוועק נאָך וואָלנעוו. הינטערן שטעטל וואָלנעוו האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ דייטש, וואָס האָט דאָרט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, און זיי זיינען אַלע דערשאָסן געוואָרן.

פרייטיק, 2טער אָקטאָבער, 1942.

ס'איז היינט הושענא רבה. שוין גאַנץ פרי איז אין בלאָק אַ באַוועגונג. מען גרייט זיך צום דאַווענען. אַ גוטער בעל־תפילה איז דאָרט געווען, דער באַוואוסטער שידלאָווצער בעל־הבית ר' חיים ראָזענבערג. מען דאַוונט מיט גרויס כוונה. קיינער ווייסט נישט, וואָס היינט וועט פאָרקומען. די אַרבעטערס גייען ווידער צו דער אַרבעט. מיר פאַרלאָזן דעם בלאָק אַזוי ווי שטענדיק צום מאַגיסטראַט, ווערן אָפּגעציילט פון די ס"ס און יעדער גייט ווידער צו זיין אַרבעט — ווער אין קינאָ, ווער צום מאַגיסטראַט, ווער אויפן אַלטן בית־

עולם. דאָרט האָט זיך געשאַפן אַ נייער אַרבעטספּלאַץ: אַרויסרייסן די מצבות. צו וואָס זיי האָבן געדאַרפט די שטיינער, איז געבליבן אַ פראַגע.

אַרום 10 אַ זייגער ווערט ווידער אַ סומאַטאָכע. ס׳שטייען שוין ווידער פייער־לעשערס און אויף אַ מאָל קומען אָן פיל וועגענער פון דער אַרומיקער געגנט און זיי אַלע פאָרן שנעל צום בלאָק. צו אונדזער גרופּע קומט צו איינער פון די ס״ס, דער מערדער קאַרפּינסקי, און ציילט די אַרבעטערס. ביי מיר האַלט שוין ביים ציפער 52, משה קופּערבערג 53, 55 איז דער לעצטער נומער פון די, וואָס דאַרפן נאָך בלייבן אין שטאָט. צו די 55 זענען נאָך געווען צוגערעכנט ביי אַ 25 מאַן פון דער יידישער פּאָליציי.

ביי דער איצטיקער אויסזידלונג פון בלאָק זענען די יידן בעסער באַהאַנדלט געוואָרן ווי ביי די לעצטע צוויי אויסזידלונגען. מען האָט קיינעם נישט דערשאָסן. עלטערע און קראַנקע זענען געפאָרן מיט פערד און וועגענער.

אַחוץ די פאַרבליבענע אַרבעטערס און פּאָליציי, האָט זיך נאָך געפונען אַ גרופּע יידן, וואָס האָבן געזאַמלט שמאַטעס און אַלטע אייזן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אַ דייטש. זיי האָבן געטראָגן גרינע לענטעס מיט דער אויפשריפט „ניצלעכע יודען״. צווישן זיי האָט זיך געפונען משהלע קליינמאַן, אַלטער שאַדמאַן, יאַנקל ריכטער, יצחק פאַרמאַלסקי, נאַטעלע שאַדמאַן, עטלעכע לאָדזשער און נאָך. פאָרן אויסזידלען דעם פינקערט־בלאָק פלעגן זיי קומען אַהין, אָבער איצט טאָרן זיי נישט קומען צו אונדז. דעם זעלביקן אָוונט זיינען מיר צוריקגעקומען צו אַ ליידיקן בלאָק.

מען קלערט וואָס ווייטער צו טאָן. די דייטשן האָבן אונדז שוין אָפּ־געטאָן געווייג ראַפינירטע שפּיצלעך. — וואָס פּלאַנעווען זיי ווייטער?

פון קיין פּאַרטיזאַנער הערט מען נישט. גיין אין אַ לאַגער איז אויך ביטער. בלייבט בלויז זיך צו פאַרלאָזן אויפן גורל.

גראָד אין דער צייט האָט אַ פּאָליאַק געבראַכט בריוולעך פון די אויס־געזידלטע שידלאָווצער אין סקאַרזשיסק, אַז אַ טייל פון זיי זיינען צוגענומען געוואָרן אויף אַרבעט אין די דאָרטיקע אַמוניציע־פאַבריקן. איך האָב אויך באַקומען אַ בריוול פון דער משפּחה פּאַריז, אַז חיה און אברהם יאַנקל אַרבעטן אין אַ פאַבריק.

שבת, 3טער אָקטאָבער, 1942.

מיר מאַרשירן ווידער צום מאַגיסטראַט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אַסטראָוויעצן. ער איז נישט געווען קיין שידלאָווצער. אין קריג איז ער

אָנגעקומען פון קראָקע און דאָ איז ער שוין פאַרבליבן, און איצט, ווי פריער, איז ער דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי.

די שטאָטהיטערס זיינען איצט געווען בלויז צוויי: די גרעסטע מערדערס באַוער און קאַרפּינסקי, בײדע פאָלקס־דייטשן. בײדע האָבן זיי אויסגעזען ווי טייוואָנים, וואָס דערשיסן אַ יידן איז ביי זיי געווען דאָס גרעסטע פאַרגעניגן. זיי ביידע זענען איצט געוואָרן די גאַנצע בעלי־בתים איבער אונדז און איבער דער גאַנצער שטאָט. זיי קומען און פאַרטיילן אונדז צו דער אַרבעט. ס'איז דאָ אַ נייער אַרבעטספּונקט אין חיים בערגמאַנס ניי־אויפגעשטעלטער מיל אויף די יאַסטשעמבאַ־גאַס. ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען די שטאָט, זענען די פּאָליאַקן געווען דערשטוינט אונדז ווידער צו זען. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי זענען שוין פון אונדז אַלעמען פּטור געוואָרן.

נאָך דער אַרבעט האָט מען אַריבערגעפירט אונדז אין אַ נייער „דירה", ביי פישל גאַרבער. דאָ איז געווען פיל באַקוועמער ווי ביי פינקערטן. פישלס גאַרבאַרניע איז געווען אַ גרויסער ליידיקער בנין און מען האָט זיך דאָ געקענט בעסער „איינאָרדענען".

דער צוגאַנג צו דער גאַרבאַרניע ביי פישלען איז געווען דורך דער זאַמקאָווער גאַס. פון איין זייט איז געווען יולעקס גאָרטן און אַ ביסל ווייטער דער שלאָס. דער אַריינגאַנג איז געווען דורך אַ טויער, וואָס איז געווען שטענדיק געשלאָסן. ווער ס'האָט געוואָלט אַריינקומען, האָט געמוזט קלינגען אַ גלעקל. דאָס איז געווען גוט, ווייל ווען די מערדערס פלעגן קומען, האָט באַלד יעדער געוואוסט וועגן דעם. באַזונדערס גוט איז דאָס געווען ביי נאַכט, ווייל מיר האָבן זייער אָפט געהאַט באַזוכערס. אַ פּאָר מאָל איז געקומען מאַשעלע זילבערשטיין, אָנגעטאָן ווי אַ פּויליש שיקסל. זי האָט באַקומען פון אונדז אַלץ, וואָס ס'איז איר נייטיק געווען. זי קומט אין דערפער, גייט פאַרביי וועלדער. מיר האָבן געוואָלט דורך איר קריגן אַ קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנער, אָבער זי האָט קיין מאָל זיי ניט געטראָפן. אויך אַנדערע געסט זיינען צו אונדז געקומען.

בערגמאַנס מיל, וואוהין מען האָט געבראַכט די זאַכן פון די אַלע ערטער, איז גיך געוואָרן דער הויפּט־מאַגאַזין.

מאָנטיק, 5טער אָקטאָבער, 1942.

אויפן וועג צו דער אַרבעט איז אונדזער גרופּע היינט געוואָרן גרעסער מיט צוויי מאַן — אברהם משה דאַווידמאַן און זיין שוואָגער גערשעלע פוקס, וואָס זענען ביז איצט געלעגן אין אַ באַהעלטעניש. ווען באוער און קאַרפּינסקי

האָבן אויסגעפונעןביים איבערציילן, אַז אונדזער גרופּע האָט זיך פאַרגרעסערט מיט צוויי, האָבן זיי געגעבן אַ באַפעל, אַז די ניי־צוגעקומען זאָלן אַרויסקומען פון דער ריי. ווען די צוויי האָבן דאָס געטאָן, האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט: „וואָס טוט מען וויטער?" קאַרפּינסקי האָט געענטפערט אויף פּויליש „צמענ־טאַזש", וואָס מיינט: בית־עולם. די אַרבעטערס האָבן געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט, האָבן זיי געראָטן די צוויי צוגעקומענע צו אַנטלויפן. יענע האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן נישט וואָס צו פאַרשפּילן און אַז אויב זיי זענען נישט דערשאָסן געוואָרן באַלד, איז דאָ צו האָפן, אַז מען וועט זיי דורכלאָזן. עס האָט זיך אָבער ניט אויסגעלאָזן, ווי זיי האָבן געהאָפט. יענעם טאָג איז גראָד געקומען אַ גרופּע פון ניין שידלאָווצער פון לאַגער סטאַרכאָוויץ מיט דער־לויבענישן פון יענעם לאַגער־פירער. צווישן די געקומענע זענען געווען זלמן שטשענליוועֶ, דער זון פון לייבוש ניסן און האָדעס, יאָסל ראָזענצווייג, דעם בעקער אברהמעלע ראָזענצווייגס אַ זון. די איבעריקע קען איך מיך נישט דערמאָנען. די מערדערס האָבן זיי געהייסן זיך אויסשטעלן אין אַ ריי. יענע האָבן זיי געוויזן די דערלויבענישן פון לאַגער־פירער פון סטאַרכאָוויץ, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. די מערדערס האָבן די ניין שידלאָווצער, צוזאַמען מיט אברהם משה און גרשון פוקס, אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם און אַלעמען דערשאָסן.

די פרוי פון אברהם משה דאַווידמאַן איז דאַן געווען באַהאַלטן אין „אוהל" פון די רבנים און זי האָט געהערט די שיסעריי, נישט וויסנדיק, אַז איר מאַן און איר ברודער גרשון זענען צווישן די, וואָס זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן.



אברהם משה
דאַווידמאַן.

אין דער זעלביקער צייט איז געקומען אין שטעטל דער פאָטאָגראַפיסט, וואָס האָט געוואוינט ביי חיימעלע בעל־עגלה, פון די אַריינגעוואַנדערטע אין שטעטל. ער איז געקומען מיט אַרישע פּאַפּירן, אָבער די פּאָליאַקן האָבן אים דערקענט, האָבן באַקומען פאַר אים אַ פלאַש שנאַפּס — און ער האָט באַצאָלט פאַר דעם מיט זיין לעבן.

שפּעטער איז אויך געקומען די טאָכטער פון שאַיע אַלפּערט. די מערדערס האָבן זי געטראָפן ביי זיך אין הויז און דאָרט איז זי געפאַלן אַ קרבן פון דעם תליון באוער.

די פּאָליאַקן האָבן געמאָלדן, אַז אין אַ הויז, אַנטקעגן פּלאַסקאַטעס גאָרטן, געפינט זיך אַ טויטע יידישע פרוי. דאָס איז געווען יחיאל פעלדמאַנס (דרילדזשער) מאַמע, שרה. זי איז שוין געווען טויט אַ לענגערע צייט.

מיטוואָך, 7טער אָקטאָבער, 1942.

נאָך די לעצטע געשעענישן איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז דער יידישער אַפּטייקער גאָלדזאַמד איז אַרעסטירט געוואָרן און ער געפינט זיך אין פּוילישן פּאָליציי־רעוויר (פּאָסטערונעק). זיין „סקלאַד אַפּטעטשני" האָט ער געהאַט אויף ראַדאָמסקאַ־גאַס, אין הויז פון שאַיע אַלפּערט. מיט אונדז האָט זיך געפונען זיין שוואָגער קובאַ, זיין צווייטן נאָמען געדענק איך נישט. ער איז געווען אַ שטיקל פּאָליציסט. זיי זענען נישט געווען קיין געבוירענע שידלאָווצער, נאָר אַ שטיק צייט פאַרן קריג האָבן זיי זיך באַזעצט אין שטעטל. קובאַ האָט זיך געוואָנדן צום קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, אַז ער זאָל אים העלפן ראַטעווען זיין שוואָגער. פאַר דעם איז ער גרייט אויסצוגעבן זייערס אַ גרויסע באַהעלטעניש מיט סחורה, וואָס איז ווערט אַ פאַרמעגן. זיי האָבן פאַרהאַנדלט מיט די מערדערס און יענע האָבן מסכים געווען. זיי האָבן באַלד גענומען וועגענער און אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם אָרט, אין עק פון רינעק נומער צוויי, אין דער שולגאַס. דאָס הויז האָט געהערט צו די זילבערמאַנס. אין פראָנט איז געווען אַ געוועלב און אונטערן גאַנצן הויז איז געווען אויסגעאַרבעט אַ טיפער קעלער מיט בלעך אַרום. דאָרט האָט זיך געפונען שניט־סחורה אין גאַנצע וואַלן, פוטער־מאַנטלען, גאַנצע זעק מיט פּאַדעם, פאַרטיקע מלבושים און נאָך פיל ווערטיקע חפצים. דאָס אַלץ איז געווען אַזוי פּאַכמעניש איינגעריכט, אַז דאָס האָט געקענט ליגן יאָרן און ס'זאָל נישט קאַליע ווערן. ס'איז געווען אפילו אַן עפּענונג, אַז ס'זאָל צוקומען לופט. דאָס איז געמאַכט געוואָרן פון מענדל מייערפעלד.

ווען דאָס באַהעלטעניש איז געוואָרן אויסגעליידיקט, האָט מען די סחורה

אָוועקגעפירט אין פוילישן רעסטאָראַן פון יוזעף פאָדקאָווינסקי, נאָך דעם האָבן זיי גאָלדזאַמדן באַפרייט, אָבער ער האָט געמוזט באַלד פאַרלאָזן די שטאָט. די אַרבעט האָט זיך געלוינט, ווייל ס׳איז געראַטעוועט געוואָרן אַ יידיש לעבן.

בעת מיין אַרבעט אין קינאָ־מאַגאַזין בין איך אויף אַ פּאָר מינוט אַרויס אין גאַס. איך זע, אַז פייגע גאָלדבאַנד, די טאָכטער פון הערש־דוד, שטייט לעבן מיר. איך פרעג זי: „פון וואַנען קומסטו?״ ווייזט זי אָן אויפן נייעם בית־עולם, וואו זי און נאָך יידן זיינען געווען באַהאַלטן. איך האָב זי געבעטן דערוייל זיך צו באַהאַלטן ביי שלמהלע אייזענבערג אויפן הויף, ווייל אין קינאָ־מאַגאַזין זענען דעמאָלט געווען די צוויי ס״ס־מערדערס.

יעדע נאַכט זענען די צוויי מערדערס געקומען קאָנטראָלירן, צי ס׳איז צו אונדז ווער נישט געקומען איבערנעכטיקן.

דעם נאָענטסטן טאָג, איבערפירנדיק סחורה פון קינאָ צו בערגמאַנס מאַגאַזין, קומט מיר אונטער אַ פּאָליאַק און פרעגט מיך, וואו געפינען זיך דאָ יידן. דאָס איז געווען דער זון פון אַ קריסט, אַ פּריץ, וואָס האָט געוואוינט אין גאָזדקעוו. דער מערדער באַוער האָט עס באַמערקט, איז ער צוגעלאָפן און אים אַרונטערגעשליידערט פון ראָווער. נאָך גוט, אַז ער האָט מיך נישט געפרעגט, וואָס ער האָט געוואָלט. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז ביי זיינע עלטערן איז געווען באַהאַלטן יוסף מענדעלסאָן, וואָס האָט געוואָלט קומען אין שטאָט און נישט געוואוסט וואו מיר געפינען זיך. ער האָט אפילו נישט געוואוסט, אַז ס׳זענען נאָך דאָ יידן אין שטאָט.

פרייטיק, 29טער אָקטאָבער, 1942.

ס׳האָט זיך שוין ווידער אונטערגערוקט אַ שווערע פּראָבלעם: צוויי פון אונדזערע אַרבעטערס, משה בריקס און מאָטעק מילשטיין, אַן אייניקל פון לאה זיסלס גערשענאָוויטש, זיינען אַוועק אויף עטלעכע שעה און זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פוילישער פּאָליציי. מיט זיי האָט זיך אויך געפונען אברהם ווייסבראָט, וואָס האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסטין. איצט דאַרף מען ווידער אָנווענדן דעם זעלביקן מיטל, ווי פאַר גאָלדזאַמדן. לייבוש בריקס, משהס ברודער, און איינער פון אונדזערע אַרבעטערס האָבן געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן צו ראַטעווען זיין ברודער און זיין פּלימעניק מאָטעק. ער קלערט: וואו נעמט מען ווידער אַ באַהעלטעניש מיט סחורה אויסצוקויפן די דריי לעבנס?

פון אַזאַ באַהעלטעניש האָט געוואוסט יאָסל ברויטמאַן. דאָס איז ביי זיין שכן פּנחס מאיר מילגרוים, אויף דער ראָדעמער גאַס, אַנטקעגן לייבוש

וואַרשאַווסקי, דעם שניידער. אָסטראָוויעץ האָט פאַרהאַנדלט וועגן דעם מיט די צוויי באַנדיטן באָוער און קאַרפּינסקי, וואָס האָבן מסכים געווען אויפן עסק. מיר זענען באַלד צוגעפאָרן מיט וועגענער. דאָרטן איז אויך געווען פיל שניט־סחורה און אַ סך שטיקלעך ווייסע לייוונט. ס׳האָט זיך ווידער געלוינט: די דריי יידישע לעבנס זיינען אויסגעקויפט געוואָרן. די רעטערס, יאָסל ברויטמאַן און לייבוש בריקס, זענען שפּעטער אומגעקומען אין „„האַסאַג". מאָטעק איז אומגעקומען ביים אַנטלויפן פון „האַסאַג". אברהם ווייסבראָט און משה בריקס האָבן איבערגעלעבט דעם קריג.

בעת אונדזער אַרבעט זיינען געקומען פּאָליאַקן איבערגעבן די דייטשן, אַז אין שול איז דאָ אַ באַהעלטעניש פון יידן. באָוער איז גיך געלאָפן אַהין, אָבער האָט דאָרט קיינעם נישט געפונען, ווייל יענע האָבן זיך גיט אָפּגעטראָגן פון דאָרטן.

נאָך אַ מאָל האָט ער באַקומען אַ ידיעה, אַז אין דער „לודאָוויניע" געפינען זיך יידן אין אַ באַהעלטעניש. דאָרטן זיינען געווען די עלטערן פון זעליג דעם שאָפער, אָבער באָוער איז אויך דאָרט געקומען צו שפּעט.

זונטיק, 11טער אָקטאָבער, 1942.

פון די, וואָס אַרבעטן אויפן בית־עולם, דערוויסט מען זיך, אַז זיי האָבן דאָרטן געזען יידן, וואָס זענען באַהאַלטן אין אַן „אוהל" פון רבנים. זיי האָבן זיי געהאָלפן מיט וואָס ס׳איז געווען מעגלעך, אָבער לענגער זיין דאָרט האָבן זיי נישט געקענט, ווייל די פּאָליאַקן האָבן עס דערשנאָפּט און עס באַלד איבערגעגעבן דער זשאַנדאַרמעריע. ווען מיר זענען געקומען פון דער אַרבעט, האָבן מיר שוין געטראָפן אין בלאָק די אַלע באַהאַלטענע: רחל, די פרוי פון אברהם משה דאַווידמאַן, מיט אירע צוויי קינדערלעך,ביידע מיידעלעך, בערל טעמפּעל, פייגע גאָלדבאַנד, וואָס איך האָב זי געטראָפן אַ מאָל ביים קינאָ־מאַגאַזין, און לאָזער שערס אַ קליין יינגעלע פון 5 יאָר. בערל טעמפּעל איז געווען אַ ביאַלאָבזשעגער חסיד, וואָס האָט געגעסן בלויז ברויט מיט וואַסער.

זיי זיינען געווען מיט אונדז עטלעכע טעג. מיר האָבן געמיינט, אַז היות מען האָט זיי ניט גלייך דערשאָסן, וועלן זיי שוין בלייבן מיט אונדז. אָבער איין טאָג האָבן די בעסטיעס זיי אַלעמען אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און דערשאָסן.

* * *

אונדזער גרופּע אַרבעטערס האָט זיך פּלוצעם פאַרגרעסערט מיט צוויי אַרבעטערס. דאָס זענען געווען יוסף מענדעלסאָן און הערשל לעדערמאַן. ווי אַזוי דאָס איז געשען, איז געבליבן אַ סוד. דער עיקר, ס׳איז אַדורך בשלום און ביידע האָבן איבערגעלעבט היטלערן.

די לעצטע צייט איז מאַשעלע זילבערשטיין ווידער געווען ביי אונדז. ווידער איז זי געקומען מיטן זעלבן, אַז זי קען נישט געפינען קיין שפּור פון פּאַרטיזאַנער. זי האָט ווידער מיטגענומען וואָס ס׳איז איר געווען נייטיק צו לעבן און איז אַוועק.

מיטוואָך, 14טער אָקטאָבער, 1942.

היינט איז אַ יאַריד ווי יעדער מיטוואָך — כאָטש אָן יידן. פּלוצעם ווערט אַ סומאַטאָכע: אַ פּויער האָט געפונען אַ יינגעלע אין גאַס. געווען איז דאָס שמואליק בראַנדמעסערס זונעלע. דער טאַטע האָט אים אַרויסגעגעבן צו אַ פּויער און אים גוט באַצאָלט פאַרן באַהאַלטן דאָס קינד. האָט דער פּויער דאָס געלט ביי אים צוגענומען, אָבער דאָס קינד האָט ער געבראַכט אין שטאָט אויפן יאַריד. דאָס קינד איז געבראַכט געוואָרן צום מאַגיסטראַט און די מערדערס האָבן איינעם פון אונדזערע אַרבעטערס, נטע ברויטמאַן, באַפוילן צו טראָגן דאָס קינד צום בית־עולם, וואו ער איז דערשאָסן געוואָרן דורכן תליון קאַרפּינסקי.

איין מאָל איז צו אונדז געקומען ראובן שאַדמאַן פון אַן אַנדער לאַגער זיך צו זען מיט זיין ברודער נאַטעלע. ווי ער איז נאָר אַריינגעקומען, האָט מען באַלד געהערט דאָס גלעקל פון טויער און די באַנדיטן האָבן זיך אַריינ־געלאָזן. ראובן האָט געמאַכט אַ „ויברח" און די מערדערס האָבן אים ניט געפּאַקט. פרעגט באַוער מיט כעס: „וואו איז מאַראַ?" מען רופט צו יצחק מאַראַ, וואָס איז אין שרעק. באַוער געוואַלדעוועט: „וואָס ביסטו, אַ ייד צי אַ פּאַליאַק?" די פּאַליאַקן האָבן געזאָגט, אַז ער דרייט זיך אַרום ווי אַ פּאַליאַק אין גאַס. מיט פיל געבעט און אויך דורך דער שתדלנות פון קאָמענדאַנט אָסטראָוויעץ און אַנדערע פּאָליציי־לייט האָט זיך דער טייוול באַרויקט. אַזוי איז יצחק מאַראַ אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

פרייטיק, 16טער אָקטאָבער, 1942.

די ס״ס רופן די שניידערס אין אונדזער גרופּע און באַפעלן צו נעמען ליילעכער און גרויסע טישטעכער און מאַכן דערפון קליינע פּירעקיקע סערוועטן. קיין ניימאַשין איז נישט געווען אין בלאָק, האָבן זיי אונדז, ביידע שניידערס,

דעם שרייבער פון די שורות און אַ. ווייסבראָט, דערלויבט אַריינצוגיין אין הויז פון אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געוואוינט נישט ווייט פון בערגמאַנס מיל, וואו מיר האָבן געהאַט דעם אַלגעמיינעם מאַגאַזין פון אָנגעראַבירטן יידישן האָב־און־גוטס. ווען איך און ווייסבראָט זענען אַריין צום פּאָליאַק, זענען מיר געוואָרן איבעררAַשט צו טרעפן דאָרט נאָטע קופּערבערג און זיין פרוי. מיר האָבן מיט זיי געהאַט אַ קורצן שמועס. מיר האָבן זיי געפרעגט: ווי קומט עס, וואָס זיי זענען אַזוי נאָענט פון דעם פּלאַץ, וואו ס׳געפינען זיך די מערדערס? אויף דעם איז געקומען אַ גאַנץ גלייכגילטיקער ענטפער, אַז ס׳איז שוין נישטאָ וואָס איינצושטעלן. וואָס ס׳איז שפּעטער געשען מיט זיי, איז מיר אומבאַקאַנט.

איין מאָל ביי דער אַרבעט, ווען דער מערדער באוער איז געווען גוט אויפגעלייגט, האָט ער געפרעגט, צי ס׳קען ווער פאַר אים זינגען אַ שיין ליד. יחיאל האַניגמאַן האָט עס אים צוליבגעטאָן און אים פאַרגעזונגען אַ טרויעריק ליד אין פּויליש וועגן אַ מאַמע און איר קינד. באַוער האָט געזאָגט, אַז דאָס ליד



דער זאַמלפּונקט פון די רעשטלעך יידן, וואָס מען האָט אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק.

**האָט אים גערירט ביז טרערן. איך האָב געהאַט חשק אים צו פרעגן: „מערדער, וויפל יידישע מאַמעס און קינדער האָסטו אַליין דערשאָסן?"**

דינסטיק, 20סטער אָקטאָבער, 1942.

**די פּאָליאַקן זענען געקומען אין מאַגאַזין ביי בערגמאַנען און מודיע געווען די דייטשן, אַז זיי האָבן געזען נאָטע שאַדמאַן און יאַנקל ריכטער נישט וויט פון קאָשטשיאָל. באוער איז מיט זיין ראָווער באַלד געווען אויפן אָנגעוויזענעם פּלאַץ. ער האָט זיי געכאַפּט און דערשאָסן גלייך אויף אַן אָרט.**

**מאַשעלע זילבערשטיין האָט אויפגעהערט צו קומען. ווער ווייסט, וואָס עס האָט מיט איר געטראָפן.**

דינסטיק, 10טער נאָוועמבער, 1942.

**היינט זענען מיר שוין נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. פון אַפּעל ביים מאַגיסטראַט גייען מיר אַרונטער אין שטאָט און יעדער באַקומט אַ בעזעם אויסצוקערן אַ גאַנצע שטיק גאַס. מיר איז צוגעטיילט געוואָרן דער שטח פון די באָדנס ביז פּלאַסקאַטאָס גאָרטן. די הייזער זענען חרוב. אויף דער גאַנצער גאַס וואוינען בלויז צוויי פּאָליאַקן — שיע (דער בעקער) אָפּאַטאָווסקיס אַ געוועזענער אַרבעטער, וואָס האָט איבערגענומען די בעקעריי, און אַן אַרויסגעטריבענער פּאָליאַק פון פּויזן, וואָס וואוינט ביי דוד ווסטאָנשקע.**

**איך האַלט שוין אין מיטן גאַס, שטיי שוין מיט מיין בעזעם ביי אונדזער הויז, ראַדאָמסקאַ 97. איך וויל אַריינגיין אינעווייניק, אָבער איך קען נישט. איך שטיי און טרערן גיסן זיך ווי פון אַ קוואַל. דאָ איז מיין וויגעלע געשטאַנען. דאָ בין איך געווען גליקלעך מיט מיינע טייערע, ליבע עלטערן, שוועסטערס און ברידער. פון דעם הויז זענען אַרויס צו דער אויסזידלונג מיין טאַטע מרדכי מענדל ע"ה, אָדער ווי מען האָט אים גערופן מאָטל טאָקאַזש; מיין טייערע מאַמע רחלע ע"ה, וואָס ביידע זענען זיי געווען דער סימבאָל פון ערלעכקייט און גוטסקייט; מיין שוועסטער צפורה מיט איר מאַן חיים כץ ע"ה; זייערע קינדער יעקב־יצחק, שמואל, נחמהלע, לאהלע און אסתרל; מיין יינגערע שוועסטער פריידל אידעס מיט איר קינד, אַ יינגעלע פון קוים צוויי יאָר, הערשעלע; מיין טייערע באָבע גיטל, וואָס יעדער פרייטיק האָט זי פאַרזאָרגט די אָרעמע אויף שבת.**

**אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער לעצטער אַרבעטסטאָג אין שטעטל. די זעלביקע נאַכט זענען פון אונדזער גרופּע אַנטלאָפן עטלעכע אַרבעטערס: שלמה טעפּער (שטאַץ), אברהם „געניאַ", אברהם ווערמאַן (נאָטע), דער בעסטער**

שוסטער אין שטאָט, יוסף מענדעלסאָן. פון אַלע די איז יוסף מענדעלסאָן אַרויס אַ לעבעדיקער.

מיט אַרישע פּאַפּירן זענען פון אונדז אויך אַוועק יצחק מאַראַ, נתן שטאַרק, ווי אויך מיעטעק פון טאָמאַשעוו.

אין וואַלד זיינען געבליבן: פּנחס־מאיר גרינבערג, די ברידער משה און הערשל צינגיסער, אברהם דריינאָדל, איטשע ריכטער, וואָס איז אַוועק פון אונדזער קאָמאַנדע נאָך פריער, און שמואליק בראַנדמעסער. צי זיי האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט פּאַרטיזאַנער, איז נישט באַוואוסט. זיי האָבן אפילו נישט געוואַגט צו קומען נאָענט פון בלאָק.

מיטוואָך, 11טער נאָוועמבער, 1942.

מיר זיינען אויפגעשטאַנען ווי יעדער טאָג און אָפּגעגעסן פרישטיק. פאַרן טויער זענען שוין געשטאַנען צוויי לאַסטאויטאָס מיט אוקראַאינישע וועכטערס פון לאַגער „האַסאַג". פון דעם האָט מען געוואוסט וואוהין זיי וועלן אונדז פירן. שוין בעסער אַזוי, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט, אַז נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט, וועלן זיי אונדז אַלעמען ליקווידירן.

אונדזערע בעלי־בתים, די צוויי מערדערס, זענען געקומען און אונדז געגעבן אַ פּאָר שעה זיך צוצוגרייטן אין וועג אַריין. אויף דעם אָרט פון די אַנטלאָפענע איז צוגעקומען יאַנקל דריינאָדל. זיין ברודער יחזקאל איז געווען מיט אונדז די גאַנצע צייט, נאָר ער איז ביז דער לעצטער מינוט געווען באַהאַלטן. יעדער איז אַריין אין לאַסטאויטאָ. כאָטש די צאָל אַרבעטערס איז געווען ניט אַקוראַט, האָבן די מערדערס דאָס מאָל זיך געמאַכט נישט וויסנדיק.

די אויטאָס נעמען זיך לאַנגזאַם באַוועגן. דער טויער פון פישל גאַרבער דערווייטערט זיך. ביסלעכווייז פאַרשווינדט פון אונדז אונדזער טייער שטעטעלע, ס'פאַרשווינדט ווי אין אַ חלום.

אין שטעטל זיינען נאָך פאַרבליבן די אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט ווי „נוצלעכע יידן": איציק פאַרמאַלסקי, משהלע קליינמאַן, אַלטער שאַדמאַן און נאָך עטלעכע יידן פון לאָדזש. וואָס מיט זיי איז געוואָרן, איז מיר נישט באַקאַנט.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ברידער צוקער זענען געווען באַהאַלטן אין דאָרף וויסאָצקי. אויך אין דעם גרויסן קעלער פון שלאָס זענען אַ לענגערע צייט געווען באַהאַלטן אַ פּאָר יידן, אָבער נישט אויף לאַנג. זיי זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן.

אין דאָרף סקושענטשין זיינען נאָך דאָן פאַרבליבן מיין פעטער ברוך

מיט זיינע צוויי יינגלעך, אַכט און פינף יאָר אַלט. דער קריסט יאַגעלאָ, וואָס האָט זיי אויסבאַהאַלטן, איז שפּעטער אומגעקומען אין אוישוויץ. מיין פעטער ברוך איז דערשאָסן געוואָרן אין 1943. מיינע צוויי קוזינס, יעקב־יצחק און זיין יינגערער ברודער בראָנעק, האָבן איבערגעלעבט די מלחמה.

* * *

יעדער טאָג, ווען מיר האָבן מאַרשירט איבער די פאַרשיידענע גאַסן און געסלעך פון שטאָט, האָט מען געקענט מערקן, ווי אַלץ ווערט פאַרענדערט. גאַנצע הייזער ווערן פאַרשוואונדן ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש. פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן ביי די דייטשישע ס״ס אָפּגעקויפט די יידישע הייזער. זיי האָבן עס צענומען און אַרויסגעפירט צו זיך אין די דערפער און פון די מאַטעריאַלן אויפגעבויט הייזער אין דאָרף. נאָך אַן אויסרעכענונג האָבן זיי געהאַט: געפינען אין די ווענט אָדער אין די שטוביקע באַהעלטענישן יידיש האָב־און־גוטס.

פאַר אונדז איז חרוב געוואָרן אַ וועלט.

אברהם פינקלער (טאָראָנטאָ)

# אַ געטאָ אָן דראָטן

## „יידן האָבן פאַרברענט די שול״



מיטן געשריי: „יידן, די שול ברענט!״ זיינען יידן געלאָפן איבער די גאַסן אין שידלאָווצע אין מיטן נאַכט פון אָנהייב 1940. כהרף עין איז דאָס גאַנצע שטעטל יידן געשטאַנען אַרום דער שול און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. די פּוילישע פייער־לעשערס האָבן זיך נישט באַוויזן... עטלעכע יידן מיט ר׳ זישע ווייסבראָט בראש האָבן איינ־געשטעלט זייער לעבן, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער ברענענ־דיקער שול און אַרויסגעראַטעוועט אַ טייל ספרי־תורות. דער רעשט איז אַלץ פאַרברענט געוואָרן.

עס האָט נישט לאַנג גענומען און עס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן דער פאַרטרעטער פון קרייזהויפּטמאַן אין ראַדעם, קערקליס, מיט אַ גאַנצער כאַפּטע אוניפאָרמירטע דייטשן. זיי האָבן געזוכט דעם עלטסטן־ראַט און געשריען: „וואָרום האָבן די יודען דאָס געבעטהאַוז פערבראַנט? דאַנערוועטער, איך ווערדע אַלעס ערשיסען לאַססען!"

לויט ווי עס האָבן איבערגעגעבן די שכנים אַנטקגן דער שול, זיינען מיט אַ האַלבער שעה פריער אַריין עטלעכע אוניפאָרמירטע דייטשן אין דער שול, זיך דאָרט געזוימט 5—10 מינוט און באַלד אַוועק מיט זייער אויטאָ. קורץ נאָך דעם איז די גאַנצע שול געשטאַנען אין פלאַמען.

גאָר גיך האָבן אַלע ראַטמענער פון דער קהילה זיך געפונען אין גרויסן זאַל פון שטאָטישן מאַגיסטראַט. קערקליס, מיט 2 מיליטער־לייט ביי דער זייט, האָט דאָרטן געוואַלדעוועט אויפן הויכן קול, אַז אין זיין קרייז וועט נישט זיין הפקר, אַז מען זאָל ברענען געבעטהייזער און נאָך דעם זאָל מען אויף דער גאַנצער וועלט שרייבן, אַז דייטשן טוען דאָס און אַזוי אַרום באַשמוצן דעם גוטן נאָמען פון דייטשישן פאָלק. עס האָט פּרובירט זיך עפּעס פרעגן איינער פון די ראַטמענער, שמואל זילבערשטיין, אָבער קערקליס איז צו אים צו מיט געביילטע פויסטן און געהייסן פאַרמאַכן ס׳מויל.

דער „וויזיט" האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס די אַלע מיטגלידער פון עלטסטן־ראַט האָבן זיך אונטערגעשריבן אויף אַ צוגעגרייטן פּאַפּיר, אַז „יידן האָבן פאַרברענט די שול", נאָר ס׳איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן ווער עס האָט דאָס געטאָן.

ביים סוף האָט קערקליס אַפּעלירט צו דעם עלטסטן־ראַט, אַז זיי זאָלן אַרויסגעבן אַלע אַלטע סידורים, פּנקסים, וואָס זענען עלטער פון 100 יאָר, אויך אַלטע בשמים־ביקסלעך, זילבערנע לייכטערס, אַלץ, וואָס האָט אַ מוזעאַלן ווערט, כדי מען זאָל עס גוט באַוואַכן און עס זאָל נישט ח"ו פאַרלוירן גיין דורך אַזעלכע פייערן. מען האָט אים דאָס צוגעזאָגט.

## אַ שטאָט אָן אַ געטאָ

שידלאָווצע איז פון די געציילטע שטעט אין פוילן און גאַנץ מזרח־אייראָפּע, וואָס אירע יידן האָבן איבערגעלעבט דעם היטלער־חורבן, ביז זייענדיק פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ מיט דראָטן. ווי האָט דאָס געקענט טרעפן אַזאַ אומגעוויינלעכע זאַך? אפילו היינט איז נאָך שווער צו גלייבן, אַז אַזוינס האָט געקענט געשען אין יענע בלוטיקע טעג.

ווי אזוי איז דאָס געשען? ווער האָט דורכגעפירט אַזאַ זאַך?

געקומען איז די ידיעה, אַז מען גייט אַריינשפּאַרן די שידלאָווצער יידן אין אַ געטאָ, סוף 1941. די פאָרשטייערס פון יודן־ראַט האָבן דעמאָלט געקראָגן אַ באַפעל צו „איבערזידלען" די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אויף אַ שטח, וואָס איז אַ פערטל פון דער שטאָט, גראָד אין דעם אָרעמסטן טייל. לויט דער פאַרגעלייגטער מאַפּע, האָט דער געטאָ זיך געדאַרפט אָנהייבן פון מאַרק, אַריינגערעכנט די באזשניטשנע און ראבינאָווע און די גאַס, וואָס פירט צום ראַדעמער וועג, איינשליסנדיק רעדליכס קנעפלען־פאַבריק.

ווי אַ דונער פון הימל האָט די דאָזיקע ידיעה געטראָפן די קהילה־פאָרשטייערס. אַ ציטער האָט אַרומגענומען, ווען מען האָט זיך נאָר בלויז פאָרגעשטעלט, אַז מען גייט אַריינקוועטשן 10 טויזנט יידן אין אַ פערט חלק פון שטאָט, וואו דריי־פיר פאַמיליעס וועלן מוזן וואוינען אין איין דירה. כדי נישט אַרויסצורופן קיין בהלה אין שטאָט, האָבן די יידישע פאָרשטייערס געהאַלטן בסוד דעם באַפעל.

די ערשטע אינטערווענץ איז געווען ביים קרייזהויפּטמאַן לאַליין, צו וועמען עס איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון דריי יידן: ירחמיאל מאַרגענבעסער, מיכאל רויזענבוים און אברהם פינקלער. צו אים האָבן מיר געהאַט אַ שטיקל צוטריט. ער האָט פאַרמאָגט אַ געוויסע מאָס מענטשלעכקייט, געווען אַ ליבהאָבער פון מוזיק און קונסט. אין די באַגעגענישן מיט אים פלעגט ער מיט געדולד אויסהערן די טענות פון די יידישע פאָרשטייערס. די צרה איז אָבער געווען, וואָס מען האָט ניט געקענט אַזוי לייכט צוקומען צו אים, ווייל אַלע לויפנדיקע יידישע ענינים האָט ס'רוב דערלידיקט זיין פאַרטרעטער קערקליס, וועלכער האָט געשטאַמט פון ליטע און איז געווען אַ זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיט. אַלע יודן־ראַטן אין ראַדעמער קרייז האָבן פאַר אים געציטערט אימת־מות. מיר האָבן אָבער אויסגעניצט אַ געלעגנהייט, ווען קערקליס איז ניט געווען און מיר זיינען דירעקט אויפגענומען געוואָרן פון קרייזהויפּטמאַן.

די דעלעגאַציע האָט פאַר אים פּשוט געוויינט בדמעות שליש, ווייל מיר האָבן געפילט, אַז ער הערט זיך צו צו אונדזערע אַרגומענטן מיט אויפמערקזאַמקייט. מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר זענען אַזוי אויך שוין געצוונגען צוזאַמענגעדריקט דורך אויפנעמען 2500 פּליטים פון פּלאָצק און פון אַנדערע שטעט, וואָס מען האָט אונדז אַריינגעשיקט פון דייטשן רייך און מיר האָבן זיי געמוזט אויפנעמען און איינאָרדנענען ביי פאַרשיידענע יידישע פאַמיליעס. מיר האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז דער טיפוס בושעוועט אין שטאָט און נעמט

אָוועק יעדן טאָג צענדליקער קרבנות און אויב מען וועט אונדז נאָך מער צוזאַמענפּרעסן, וועלן די אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן אָננעמען שרעקלעכע פאַר־מען נישט בלויז פאַר דער שטאָט, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער געגנט.

לאַליין האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ער וועט טאָן אַלץ, וואָס עס וועט זיין מעגלעך, אַז דער באַפעל זאָל ווערן צוריקגערופן. מיר האָבן פאַרלאָזט זיין צימער מיט אַ ביסל אַ לייכטערן געמיט.

די צווייטע פּערזאָן, וואָס מיר האָבן באַזוכט, איז געווען ד״ר טשי־מיענגאַ, דער קרייזדאָקטער, ווייל ער פלעגט אונדז פיל מאָל העלפן אין פאַרשיידענע אנגעלעגנהייטן, ווען ער פלעגט קומען נאָך שידלאָווצע אין באַגלייטונג פון קערקליסן און זאַנדאַרמעריע־לייטענאַנט פּראָסט, אויף זייערע רוטינע היגיענישע אינספּעקציעס. ער איז געווען פון אוקראַאינישן אָפּשטאַם און געדינט ביי דער דייטשישער מאַכט, אָבער יידן האָט ער געטאָן אַ סך טובות. אַ טאָג פאַר דער „אויסזידלונג״ האָט ער באַהאַלטן דעם יידישן דאָקטער, געבוירן אין שידלאָווצע, ד״ר לייבוש דימאַנט, מיט זיין פרוי קאַראָלע און זייער זון. ד״ר ל. דימאַנט איז אומגעקומען, ווייל מען האָט אים געפונען אין ד״ר טשימיענגאַס פאַרעם. זיין פרוי קאַראָלא מיטן זון האָבן זיך גע־ראַטעוועט און לעבן איצט אין פּאַריז. ד״ר טשימיענגאַ איז אַרעסטירט געוואָרן דורך געשטאַפּאָ פאַר אויסבאַהאַלטן יידן און פאַרשיקט געוואָרן קיין אושוויץ. נאָך דער מלחמה האָבן מיר זיך געטראָפן אין לאָדזש, וואו ער האָט מיר געוויזן אַ באַשייניקונג פון אושוויץ.

אויך דער רעפערענט פאַר יידישע ענינים ביים קרייזהויפּטמאַן אין ראַדעם האָט אונדז צוגעזאָגט איבערצושיקן צום קרייזהויפּטמאַן לאַש אַ צופרידנשטעלנדיקן ראַפּאָרט וועגן שידלאָווצע.

אָבער די וויכטיקסטע פּערזאָן, וואָס האָט געהאָלפן פאַרחתמענען דעם גורל פון אונדזער שטאָט און מבטל מאַכן די געטאָ־גזירה, איז געווען מאַדאַם עקס. זי איז געווען די געליבטע פון לאשן און זי האָט געפּועלט ביי אים, אַז די איינוואוינערס אין שידלאָווצע זאָלן בלייבן ווייטער אויף זייערע ערטער. געהייסן האָט עס, אַז אין שידלאָווצע ווערט טאַקע איינגעפירט אַ געטאָ און דער געטאָ איז — גאַנץ שידלאָווצע.

עס איז גאָרנישט צו באַשרייבן די גרויסע שמחה, וואָס האָט אונדז אַלעמען אַרומגעכאַפּט, ווען אַט דער באַשלוס איז באַקאַנט געוואָרן.

פאַרשטייט זיך, אַז די מאַדאַם עקס האָט עס ניט געטאָן נאָר צוליב אַ חלק לעולם הבא... עס האָט לאַנג ניט געדויערט, ווי ירחמיאל מאָרגענ־

בעסער מיט מיכאל ראָזענבוים זענען איינגעשטיגן אין אַ מיליטערישע לימוזין מיט מאַדאַם עקס, אין דער באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרמען, און אַריינגעפאָרן אין וואַרשעווער געטאָ, וואו מען האָט במשך פון 10 טעג אויפגעקויפט די שענסטע און טייערסטע בריליאַנטענע רינגען און זייגערס, ווי אויך פרויען־ און מענער־פעלצן. מאָרגענבעסער און ראָזענבוים האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין געטאָ און מאַדאַם עקס מיט די צוויי זשאַנדאַרמען איז יעדן טאָג געקומען צו פאָרן אין געטאָ, כדי אָנצומעסטן די פעלצן און צו זאָגן מבינות אויף דער איינגעקויפטער צירונג.

איך ווייס נישט, צי מענטשן, וואָס האָבן אַליין נישט דורכגעלעבט דעם שדים־טאַנץ פון די שרעקלעכע גיהנומדיקע יאָרן אונטער דער ממשלה פון די נאַציס, וועלן זיך קענען פאָרשטעלן, וואָס אַזוינס עס האָט געהייסן אין יענע טעג אָפּשרייען דורך יידן אַ גזירה פון אַ געטאָ ביי די היטלעריסטישע מושלים פון אונדזער לעבן אָדער טויט.

פאַר דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן אויפטו און פאַר ענלעכע ריזי־קאַלישע מעשים, וואָס פאָרשטייערס פון שידלאָווצער יידן האָבן געטאָן, מוז איך געבן קרעדיט צוויי יידן, וואָס זענען געווען די שטויסקראַפט צו דעם. דאָס זענען געווען אברהם ראָזענבוים און פנחס שטיינמאַן, כאָטש זיי האָבן פערזענלעך קיין מאָל נישט אונטערגענומען קיין רייזעס צו די פאַרשיידענע דייטשע אַמטן אין ראָדעם און זיך פאַקטיש מיט זיי נישט געטראָפן אויג אויף אויג (חוץ ווען מען האָט פאַרשיידענע געשטאַפּאָווצעס איינגעלאַדן אין ראָזענבוימס פריוואַטער דירה אויף „אַ טרונק”). זיי האָבן געהאַט אַ געוואַלדיקע השפעה און איבערצייגנדיקע קראַפט אויף די דריי רייזנדיקע פאָר־שטייערס, אַז מען מוז אַלץ פּרובירן און אַז עס איז ווערט אַלץ אין דער וועלט אַוועקצוגעבן בלויז פאַרן „טאָמער וועט עס געלינגען”. און ניט זעלטן זיינען זיי טאַקע געווען גערעכט.

פיל מאָל, ווען מיר האָבן פשוט געפילט, אַז מיר גייען דעם לייב גלייך אין פּיסק אַריין, פלעגט פנחס שטיינמאַן, אַ הייסער חסיד, צו מיר טענהן: „וואָס וואָלט אייער זיידע, דער ראַדאָשיצער רבי ז״ל אָדער אייער פאָטער, דער ראַדאָשיצער רב ז״ל, געטאָן, ווען מען דאַרף ראַטעווען איין נפש בישראל? — און דאָ שטייט אין קאָן אַ גאַנצע קהילה מיט אייער אייגענער פאַמיליע בתוכם?” די און ענלעכע ווערטער פלעגן ווירקן אויף מיר און אַנדערע, ווי אַ מאַגישער שטעקן, צו פאַרקלענערן דעם פחד פון אַריינקריגן זיך אין די פריוואַטע דירות פון הויכגעשטעלטע נאַצישע גדולים, וואָס זענען

געווען תמיד שווער באַוואַכט דורך דער „זיכערהייטסדינסט״, פאַר וועלכער זיי אַליין האָבן געציטערט.

די דערמוטיקנדיקע רייד פון אברהם ראָזענבוים און פנחס שטיינמאַן, דער געדאַנק, אַז מען קען העלפן יידן אין אַזאַ עת־צרה און ניט ווייניק די פאַרבינדונגען אונדזערע מיט העכערע און קלענערע באַאַמטע אין אַפּאַראַט — דאָס אַלץ האָט אונדז ניט איין מאָל אָפּגעראַטעוועט פון אַן אומגליק.

אַזוינס האָט אויך געטראָפן בעת איינער פון די אומגעריכטע כאַפּונ־קעס אין 1941. די אוקראַאינישע ווערקשוץ פון סקאַרזשיסק, אונטער דער קאָנטראָל פון אַ שטורעמפירער פון עס־עס, איז געקומען קיין שידלאָווצע און געכאַפּט יונגע יידן פאַר דער „האַסאַג״ אַמוניציע־פאַבריק. זיי זיינען פאַרפאַרן אין צוויי גרויסע לאַסטאויטאָס לעבן דער קאַטוילישער קירך און געוואַרט אויף די קרבנות. מיר האָבן זיך גלייך פאַרבונדן טעלעפאָניש מיטן ראַדעמער ארבעטסאַמט, וואו מיר האָבן געהאַט „באַקאַנטע״ און געבעטן, אַז מען זאָל נישט דערלויבן אַרויספירן אין אַן אַנדער אַרבעטס דיסטריקט, ווייל מיר אַליין שטיקן זיך צוליב מאַנגל אין אַרבעטסהענט. זיי האָבן פאַר־לאַנגט, אַז מיר זאָלן זיי ברענגען צום טעלעפאָן איינעם פון די דייטשישע באַאַמטע אין שטאָט, כדי איבערצוגעבן דעם באַפעל. דער מזל האָט אונדז גראָד צוגעשפּילט: צופעליק איז דורכגעפאָרן אַ זשאַנדאַרמעריע־פּאַטרול פון ראַדעם מיט דעם דיקן וואַכמייסטער בראש, וואָס מיר האָבן אים אָנגערופן אויף תרגום־לשון „דער טאַטע״. מיר האָבן אים גיך געברענגט צום טעלעפאָן און ער האָט באַקומען אַ באַפעל פון אַרבעטסאַמט נישט צו דערלויבן אַרויס־צופירן קיין איין אַרבעטער פון שידלאָווצע.

אין צווישנצייט זיינען געוואָרן אָנגעפילט די צוויי גרויסע לאַסט־אויטאָס און מען האָט זיך שוין געגרייט זיך צו לאָזן אויפן וועג קיין סקאַר־זשיסק. דאָ איז אָנגעקומען דער וואַכמייסטער און געבעטן דעם עס־עס־מאַן אַ דערלויבעניש פון ראַדעמער אַרבעטסאַמט אַרויסצופירן אַרבעטערס פון שטאָט. היות יענער האָט עס נישט געקענט ווייזן, האָט דער „טאַטע״ באַפוילן צו עפענען די אויטאָס און באַפרייען די יידן.

אַזעלכע „ניסים״ פלעגן טרעפן אין שידלאָווצע פון צייט צו צייט. אָבער דער גרעסטער פון זיי איז געווען דאָס אויספּועלן, אַז שידלאָווצע זאָל בלייבן אַן אַ געטאָ. ווער ווייסט, וויפל שידלאָווצער יידן האָבן צו פאַרדאַנקען זייער אָפּראַטעווען זיך דעם דאָזיקן ניסימדיקן פאַקט.

* * *

# די ערשטע קאָנטריבוציע

אין סעפּטעמבער 1939 האָבן די דייטשע טרופּן אַריינגעמאַרשירט קיין שידלאָווצע. דעמאָלט האָב איך זיך געפונען אויפן וועג נאָך וואַרשע, מיטן געדאַנק אַריבערצופאָרן די ווייסל וואָס שנעלער, כדי צו אַנטלויפן וואָס ווייטער פון די דייטשן. זיי האָבן אונדז אָבער אַנגעיאָגט אויף יענער זייט ראַדעם און באַלד אַרעסטירט אַלע מענער. די פרויען און קינדער האָבן זיי געלאָזט פאָרן אַהיים צוריק נאָך שידלאָווצע. איך בין דעמאָלט געווען צוזאַמען מיט עטלעכע שידלאָווצער און ראַדעמער יידן. צווישן אונדז האָט זיך אויך געפונען דער ראש־הקהילה פון שידלאָווצע אברהם רעדליך.

אויף דעם זאַמלפּונקט לעבן ראַדעם האָבן זיך געפונען עטלעכע טויזנט קריסטן און אַרום 100 יידן, וואָס מען האָט זיי אויסגעשטעלט צו רעגיס־טרירן. ווען די דייטשן האָבן באַמערקט, אַז איך רעד אַ לייטישן דייטש, האָט מען מיך פאַרהאַלטן צו זיין דער איבערזעצער. ווען דער דייטש האָט מיך געפרעגט מיין נאַציאָנאַליטעט און איך האָב אים געזאָגט „אַ ייד", האָט ער געזאָגט צו מיר: „יודע" — ביסט פאַרלוירן אויף אייביק. דאָס איז געווען מיין ערשטער „קבלת פנים".

פון דאָרט האָט מען אונדז געפירט קיין קעלץ דירעקט אין תפיסה. נאָך 3 טעג אָפּהאַלטן אָן עסן — אַרויסגעקליבן די יידן און אונטער אַ שווערער וואַך אָפּגעפירט אין דער גרויסער שול, רעגיסטרירט יעדן איינעם און אַהיימ־געשיקט אין זיין שטאָט, מיט דעם באַדינג, אַז ער זאָל זיך מעלדן אין זיין שטאָטישער מיליטערישער קאָמענדאַנטור.



מיטגלידער פון שידלאָווצער יודן־ראַט. פון רעכטס: משה בערגער, צווייטער — אומ־באַקאַנט, אברהם פינקלער (סעקרעטאַר), פנחס שטערנשאָס, ירחמיאל מארגענבעסער, אברהם צוקער, לעצטער — אומבאַקאַנט.

אין שידלאָווצע איז שוין דעמאָלט געווען טעטיק אַ מיליטערישע קאָמענ־דאַנטור מיטן הויפּטמאַן ראָזע פאַרן שטאָט־קאָמענדאַנט, וועלכער האָט לויט זיינע באַציאונגען צו דער באַפעלקערונג געמאַכט זייער אַ פיינעם איינדרוק. אָבער עס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן אונדזער אילוזיע. אין אַ שיינעם פרי־מאָרגן האָט דער בירגער־מייסטער זולקאָווסקי אויפגעפאָדערט די „פּני" פון דער יידישער באַפעלקערונג, צוזאַמען מיט דער קהילה און ראַבינאַט, זיך צו מעלדן אין משך פון אַ שעה צייט אין מאַגיסטראַט. דאָרט האָט ער אונדז „פאָרגעשטעלט" דעם פּאָליטישן לייטער פון דער ראַדעמער געשטאַפּאָ, מאַיאָר פוקס, מיט זיינע צוויי מיטהעלפערס. איך בין די לעצטע עטלעכע יאָר געווען דער סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה און בין דעריבער אויך געווען איינער פון די „איינגעלאַדענע געסט". פוקס האָט גערעדט קורץ און שאַרף, אַז אַזוי ווי די יידן זענען געווען די, וועלכע האָבן אונטערגעצונדן דאָס פייער פון דער איצטיקער מלחמה און גלייכצייטיק די, וועלכע האָבן אַרויפגעלייגט אַ באָיקאָט אויף דייטשע סחורות — לייגט ער אַרויף אַ מלחמה־קאָנטריבוציע אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין שידלאָווצע אין סכום פון 50 טויזנט זלאָטעס (אין יענער צייט — אַ פאַנטאַסטישע סומע), און דאָס געלט מוז געשאַפן ווערן אין משך פון 8 טעג. אַ קאַלטער שווייס האָט יעדן איינעם באַגאָסן און פאַרבן פון די פּנימער האָבן זיך געענדערט פון ווייס אויף רויט און פאַרקערט. אַלע האָבן פאַרלוירן דאָס לשון. דאָך האָט דער פרעזעס פון דער קהילה, אַברהם רעדליך, פּרובירט עפּעס פרעגן, אָבער אין דער זעלבער סעקונדע האָט זיך מאַיאָר פוקס אַ ריס געטאָן נענטער צו אונדז און אַ געשריי געגעבן: „הערויס!". מיר האָבן זיך קוים דערשלאָגן צו דער טיר און אַרויס.

נאָך דעם זעלביקן אָוונט זענען זיך די אַלע פאָרשטייערס צונויפגעקומען אויף אַ דרינגלעכער זיצונג. איך גלייב, אַז דאָס איז געווען אין אַמשינאָווער שטיבל, אויפגעשטעלט דורך דער פאַמיליע שטיינמאַן. מען האָט זיך אָוועק־געזעצט צוזאַמענשטעלן דעם „עטאַט". אויך דער רב ר' חיים ראַבינאָוויטש ז"ל איז מיטגעזעסן מיט אונדז אַ גאַנצע נאַכט, און יחיאל צוקער, וועלכער האָט געקענט יעדער איינעם אין שטאָט, האָט צוזאַמענגעשטעלט די ליסטעס.

איך געדענק, אַז מיר האָבן זיך פּאַר טאָג, באַלד נאָכן צוזאַמענשטעלן די קאָנטריבוציע, געשטעלט דאַווענען. מיר אַלע האָבן הייס געדאַוונט און ביי דעם „אָשמנו", „בגדנו" זיך שטאַרק געקלאַפּט אין האַרצן און שטיל געבעטן, אַז מיר זאָלן כאָטש קענען די געוואַלדיקע סומע איינקאַסירן אין אַזאַ קורצער צייט.

איך האָב געבעטן דעם הויפטמאַן ראַזע, שטאָט־קאָמענדאַנט, אויב ער קען אונדז העלפן פאַרלענגערן דעם טערמין. ער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט מיט דער „געשטאַפּאָ" גאַרנישט צו טאָן. גלייכצייטיק האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ: „מיין גאָט, וואָס האָבען דען די יודען אין שידלאָוויעץ פערבראָכען — די זאָללען קאָנטריבוציאָן צאָהלען דירפען?"

מיט דייטשישער פּינקטלעכקייט האָבן מיר זיך צוגעשטעלט צום איינגאַנג פון דער „געשטאַפּאָ" אין ראָדעם מיט אַ וואַליזע אָנגעפּילט מיט פּוילישע באַנקנאָטן, אויסגעווינט געלט פון מענטשן, וועלכע האָבן נישט געוואוסט פאַר וועלכע חטאים זיי האָבן דאָס באַצאָלט.

די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון ירחמיאל מאָרגענבעסער, דעמאָלט נאָך וויצע־פּרעזעס פון דער קהילה, מיכאל ראָזנבוים, קהילה מיטאַרבעטער און אברהם פינקלער, קהילה־סעקרעטאַר.

דער מאַיאָר פוקס האָט „באַוויליקט" צוצונעמען די 50,000 זלאָטעס...

## עלטסטן־ראַט זוכט אַ „וועג" צו די מערדערס

דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער ערשטער יידישער קרבן אין געטאָ זאָל זיין אַן אומשולדיק 10־יעריק יינגל, סאַמעק רעדליך, דער זון פון ראש־הקהל אין שידלאָווצע און שפּעטער פאָרזיצער פון „עלטסטן־ראַט".

געשען איז דאָ אַזוי: אברהם רעדליך, אַ ייד אַ גביר אין שטאָט, אייגנטימער פון אַ קנאָפּפאַבריק, איז געווען שולדיק שטייערן פאַר דער „קאַסע כאָריך" (קראַנקן־קאַסע). אַ פּאָליאַק, דער לייטער פון דער אָרטיקער קראַנקן־קאַסע, איז געקומען איינקאַסירן די שטייערן. אַזוי ווי ער האָט נישט באַקומען גענוג געלט, האָט ער געלייגט אַן אַרעסט אויף פאַרשיידענע זאַכן אין פאַבריק און אין הויז. ער האָט אויך אָנגעטראָפן אויף אַ פאָטאָ־אַפּאַראַט, וואָס דער קליינער סאַמעק רעדליך האָט זיך געשפּילט מיט דעם. דער פּאָליאַק האָט געוואָלט אויך דאָס נעמען, אָבער דאָס קינד האָט עס ניט געגעבן.

מען האָט אויף דעם אינצידענט נישט געלייגט קיין גרויסן אַכט און עס אין גאַנצן פאַרגעסן. אָבער דער פּאָליאַק האָט אָנגעשריבן אַ מסירה קיין ראָדעם, אַז דאָס יינגל האָט אים געשטערט אויספירן זיינע אַמטלעכע פליכטן און דערביי געלאָזט פאַלן זידלווערטער אויף די פּאָליאַקן און די דייטשן. עטלעכע טעג שפּעטער זענען פאַרפאָרן עטלעכע „געשטאַפּאָ"־לייט און אַוועקגעפירט דאָס 10־יעריקע יינגל.

דער פאַל האָט אויפגערודערט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און האָט

ווי אַ דונער געטראָפן די ייִדישע פּירערשאַפט. מיר האָבן פלוצלונג פאַרשטאַנען, אַז מיר אַלע האָבן נישט די מינימאַלסטע מעגלעכקייטן איבערצולעבן די מלחמה, אויב פאַר יעדער מסירה פון אַ פּאָליאַק איז מען אויסגעשטעלט צום טויט אָן דין און משפט. מען האָט איינגעריסן ווענטן, מען איז געפאָרן צענדליקער מאָל קיין ראָדעם צום אייבערעלטסטן־ראַט, מען האָט פּראָפּאָנירט געלט אָן גרענעץ — אָבער אין קול ואין עונה. מען האָט געגעבן תירוצים, אַז מען האָלט אים אין מיטן אויספאָרשן, אַז עס וועט לאַנג נישט געדויערן, וועט ער קומען אַהיים אאז״וו. דורך אַ צופאַל האָט אונדז אַ געשטאַפּאָוויעץ אויסגעזאָגט „אויפן אויער״, אַז סאַמעק איז אומגעקומען אין די קעלערן פון „געשטאַפּאָ״.



דאָס ייִנגעלע סאַמעק רעדליך, וואָס איז פאַרפייניקט געוואָרן דורך געשטאַפּאָ אין ראָדעמער תפיסה.

דער דאָזיקער טראַגישער פאַל האָט אונדז איבערגעצייגט, אַז מיר מוזן זוכן אַלע מעגלעכקייטן אויף דער וועלט זיך צו באַקענען מיט די אָנפירערס פון פאַרשיידענע פּאָליצייאישע, פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע אַמטן אין ראָדעם, כדי מען זאָל מאָמענטאַל קענען גלייך אינטערווענירן אין אַן עת־צרה.

כדי צו קענען דורכפירן בליץ־שנעל אַזאַ אינטערווענץ, האָט מען באַדאַרפט 2 זאַכן: 1) גרויסע געלטער; 2) מענטשן, וואָס זאָלן וועלן איינשטעלן זייער לעבן אין פּרוואָוון געבן די „מתנות״.

דער עלטסטן־ראַט האָט דעריבער גערופן אַ דרינגלעכע זיצונג פון די 16 מיטגלידער און פאַרלאַנגט, אַז עס זאָלן זיך מעלדן פרייוויליקע צו דער

דערמאָנטער געהיימער אַרבעט. די איינציקע, וואָס האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן, זענען געווען: 1) ירחמיאל מאָרגענבעסער, 2) אברהם ראָזענבוים און 3) פּנחס שטיינמאַן. און דאָס איז געוואָרן דער טריאומוויראַט, וואָס האָט שפּעטער אויסגעפּלאַנירט אַלע סטראַטעגישע אונטערנעמונגען אין געטאָ.

דער ראַט האָט אויף דעם זעלביקער זיצונג אויך באַשטימט, אַז די אַרומפאָרנדיקע פּערזאָנען נאָך ראָדעם, וועלכע דאַרפן אָנקניפּן די „באַציאונגען" מיט די אָנפירנדיקע דייטשישע אַמטן אין ראָדעם, זיינען: 1) ירחמיאל מאָרגענבעסער, 2) אברהם פינקלער, און 3) מיכאל ראָזענבוים. זיי האָבן באַקומען די פולע אויטאָריטעט צו האַנדלען און ראַפּאָרטירן האָבן זיי געדאַרפט נאָר צום „טריאומוויראַט". די דעלעגאַציע האָט געדאַרפט באַשטיין נאָר פון 2 מענטשן און איינער פון די ערשטע צוויי, ד"ה מאָרגענבעסער אָדער פינקלער, מוז שטענדיק בלייבן אין שטאָט אין פאַל פון אַ פלוצעמדיקער צרה. דער באַשלוס איז געווען אַ געהיימער און האָט געבונדן אַלע ראַטמענער מיט אַ שבועה, אַז מען זאָל וועגן דעם נישט רעדן אין גאַס.

די „רייזנדיקע" זיינען טאָג־איין, טאָג־אויס אַרויסגעפאָרן פון דער היים אין דער פרי נאָך ראָדעם און שפּעט ביי נאַכט זיך אומגעקערט אַהיים. מען האָט אָנגעקניפּט נענטערע באַציאונגען מיט זייער וויכטיקע פּערזענלעכקייטן אויף רעגירונג־שטעלעס אין ראָדעם. דער דערפאָלג איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען מען האָט אַרעסטירט אַ מיטגליד פון אייבערעלטסטן־ראַט אין ראָדעם, האָט זיין פאָרזיצער דיאַמאָנד אַריבערגעשיקט אַ מענטשן קיין שידלאָווצע מיט דער בקשה צו העלפן ראַטעווען יענעם מיטגליד.

די טאָג־טעגלעכע אינטערווענצן האָבן איינגעשלונגען גרויסע געלטער און טייערע מתנות, ווי פעלצמאַנטלען, בריליאַנטן וכדומה, און פאַרגרעסערן די אַזוי אויך אויפגעשרויפטע שטייערן פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען כמעט אוממעגלעך. דער עלטסטן־ראַט אַליין האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ געוואַלדיק גרויסן אַפּאַראַט, וואו עס זענען געווען אָנגעשטעלט צענדליקער באַאַמטע אין יעדער אָפּטייל פאַר אַרבעט, אַפּראָוויזאַציע, שפּיטאָל (אין נטע אייזענבערגס שול), איזאָלאַציע־אַנשטאַלט פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן, סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, פּאָסט, יידישער אָרדענונגס־דינסט, געריכט. מיטן בית עולם האָבן זיך געמוזט פאַרנעמען מערערע באַאַמטע צוליב דעם גרויסן צושטראָם פּליטים פון אַנדערע שטעט, פון וואַנען זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן. שידלאָווצע האָט געהאַט אַ שם פון אַן „עיר מקלט", וואו מען האָט זיך געקענט אויסבאַהאַלטן אויף אַן אַנדער נאָמען און זיך נישט געדאַרפט רעגיסטרירן,

ווייל דער שידלאָווצער עלטסטן־ראַט האָט קיין מאָל ניט אויפגעגעבן אין זיינע מאָנאַטלעכע באַריכטן צום פּאָליטישן אָפּטייל אין „געשטאַפּאָ" די ריכטיקע ציפערן פון אָנגעקומענע אָדער אַרויסגעפאָרענע.

דער ראַט איז דעריבער געקומען צום אויספיר, אַז מען מוז האָבן אַ קוואַל פון געלט צו קענען באַזאָרגן די אַלע אָפּטיילן און צום וויכטיקסטן — כדי אָנצוהאַלטן די „באַציאונגען" מיט די פאָרשטייערס פון „הערנפאָלק". דער צופאַל האָט אונדז צוגעשפּילט, אַז עס איז אונדז געלונגען זיך צו פאַרבינדן מיט די לייטערס פון דעם פאַרקער־אָפּטייל אין ראָדעם, וואָס איז געווען באַרעכטיקט אַרויסצוגעבן דערלויבענישן פאַר יידן אין אויסנאַמפאַלן צו פאָרן מיט די באַנען אין פּוילן. ביז יענער צייט האָט די אויסשליסלעכע קאָנצעסיע אויף דעם געהאַט נאָר דער איבערעלטסטן־ראַט אין ראָדעם. ווי נאָר מיר האָבן אַרויסבאַקומען דירעקט דעם ערשטן טראַנספּאָרט מיט דערלויבענישן, איז געוואָרן אַ געוואַלדיקער „ויצעקו" מצד דעם איבערעלטסטן־ראַט אין ראָדעם, אָבער דער גובערנאַטאָר לאַש האָט געפּסקנט, אַז אויך דער שידלאָווצער עלטסטן־ראַט האָט אין אויסנאַמפאַל אַזעלכע רעכט.

דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז פון אַלע עקן אין גענעראַל־גואַווערנאַמענט פון די דייטשיש־באַזעצטע געביטן האָט מען זיך געווענדט צו אונדז נאָך רייזע־דערלויבענישן. מיר האָבן דאָס דערליידיקט זייער גיך. יידן האָבן זיך באַניצט דערמיט צו פאָרן האַנדלען נאָך וואַרשע, קראָקע אאַז"וו. די שידלאָווצער קהילה איז פאַרפּלייצט געוואָרן מיט געלטער פון דער הכנסה, וואָס די רייזע־דערלויבענישן האָבן אַריינגעבראַכט. און דער עלטסטן־ראַט האָט באַשלאָסן צו פאַרטיילן געלט אויף רעכטס און לינקס צו די מערדערס אין ווייסע הענטשקעס, כדי מיר זאָלן קענען אָפּראַטעווען יידן פון זייערע בלוטיקע הענט.

## געשטאַפּאָ פאָדערט ליסטע פון פּאָליטישע פירערס

דער „פוילישער וואָזשני" (אויפפּאַסער) פון מאַגיסטראַט איז איין טאָג געקומען אין ביוראָ פון עלטסטן־ראַט און געמאָלדן, אַז געשטאַפּאָ פאָדערט פון עלטסטן־ראַט צו זיין ביי אים אין משך פון 15־20 מינוט.

פאַרשטייט זיך, אַז דער גאַנצער ראַט איז שוין עטלעכע מינוט פאַר דער צייט געווען פאַרזאַמלט אין דעם גרויסן זאַל פון מאַגיסטראַט, וואו עס האָט שוין געוואַרט אַ הויכער, דיקער געשטאַפּאָוויעץ, וואָס דאָס בלוט האָט אים געשפּריצט פון פּנים. ער האָט געגעבן אַ שאַרפן זאָג: „איך בין

מאיאָר פּאָסט״. דער נאָמען איז געווען אַן אָפּשרעקנדיקער שם־דבר אין יענער צייט. ער איז דאָס געווען דער, וועלכער האָט אָוועקגעשיקט דעם ערשטן קרבן פון ראָדעמער אייבערעלטסטן־ראָט גאָלדבערג (אַ זון פון באַוואוסטן שיך־פאַבריקאַנט אברהמעלע גאָלדבערג) נאָך גראָסראַזען, פון וואַנען ער האָט זיך ביז דעמאָלט נאָך אַלץ נישט געהאַט אומגעקערט.

מיט שידלאָווצער עלטסטן־ראָט האָט ער עס געמאַכט גאָר בקיצור. ער האָט אַדורכגעלייענט אַ פאַראָרדענונג, אַז דער עלטסטן־ראָט דאַרף צושטעלן אין משך פון 24 שעה אַ ליסטע פון אַלע אָרטיקע פירערס פון פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי אויך פון גנבים און „שטאַרקע״.

דער ראָט האָט גלייך פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט און עס האָט יעדערן באַשלאָגן אַ קאַלטער און הייסער שוויס, ווייל זיי האָבן שוין געוואוסט דעם גורל פון פּאָליטישע פירערס, גנבים און „שטאַרקע״ אין ראָדעם נאָכן צושטעלן אַזאַ ליסטע.

אַ שעה שפּעטער האָט זיך דער גאַנצער עלטסטן־ראָט געפונען אויף אַ שטרענג־געהיימער זיצונג. דאָס איז געווען איינע פון די טראַגישסטע און שטורעמדיקסטע זיצונגען, וואָס איך האָב בייגעוואוינט אין עלטסטן ראָט.

די הויפּטפראַגע איז געווען: האָבן יידן אַ רעכט צו שיקן צום טויט אַנדערע יידן, כדי צו ראַטעווען זייער אייגן לעבן? צום עלטסטן־ראט האָבן געהערט מענטשן פון פארשיידענע שאטירונגען און פּארטייען: חסידים, ציוניסטן, גבירים, בונדיסטן און אַנדערע. די מיטגלידער פון ראָט האָבן געהאַלטן פלאַם־פייערדיקע רעדעס און גענומען אַ שטעלונג צו דער פונדאַמענטאלער פראַגע, צי דער עלטסטן־ראט טאָר באַשטימען אין ענינים פון „מי לחיים ומי למות״.

די שטאַרקסטע רעדע האָט געהאַלטן פּנחס שטיינמאַן, אַ ייד אַ סוחר, אַ חסיד און גלייכצייטיק אַ פּאָרגעשריטענער מענטש מיט אַ געזונטן חוש און שכל הישר. דער תמצית פון זיין רעדע איז געווען אַזאַ: „מען פאַרלאַנגט היינט פון אונדז, אַז מיר זאָלן זיין דער מלאך־המות פון אונדזערע אייגענע ברידער דאָ, אין אונדזער שטאָט שידלאָווצע. מאָרגן וועלן זיי פאַרלאַנגען אַ ליסטע פון אונדזערע קינדער! וועלן מיר זיין גרייט אויך דאָס צו טאָן, כדי צו ראַטעווען אונדזער אייגענע הויט? ווי אַזוי וועט איר קענען מיט אַ רואיק געוויסן שטאַרבן, ווען אייערע הענט וועלן זיין איינגעטונקען אין בלוט? אויב איך זאָל נישט קענען זאָגן מיט אַ ריין געוויסן: „ידינו לא שפכו את הדם הזה״ (מיינע הענט האָבן נישט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע

בלוט), זאָל איך שוין בעסער איצט שטאַרבן, ווי לאַנג איך האָב נאָך אַ ריין געוויסן, און אַ סוף זאָל עס נעמען צו די גייסטיקע און פיזישע דערני־דערונגען און יסורים!״

דער איינדרוק פון זיין רעדע איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז אַלע ווי איינער — אויך די, וואָס האָבן פריער געהאַט אַ פאַרקערטע מיינונג — האָבן געשטימט „יהרג ואל יעבור״. די זיצונג האָט געדויערט פינף שעה.

נאָך דעם אָפּגעלאָפענעם טערמין פון 24 שעה, האָט מאיאָר פּאָסט באַפוילן צו אַרעסטירן דעם גאַנצן עלטסטן־ראַט. אַלע זיינע מיטגלידער זיינען געוואָרן אָפּגעפירט אין דער שטאָטישער תפיסה.

אין צוויי טעג אַרום האָט זיך ווידער באַוויזן מאיאָר פּאָסט. ער האָט באַזוכט דאָס ביורא פון עלטסטן־ראַט. נאָך זיינע ערשטע שטורמישע גע־וואַלדן, אַז אַלץ איז שלעכט און שמוציק, האָב איך אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די אַרבעט איז אין גאַנצן פּאַראַליזירט, ווייל יעדער ראַטמאַן האָט זיין אָפּטיילונג און ווען יענער איז נישטאָ, איז די אַרבעט אָפּגעשטאַרבן. עס וואָלט דעריבער געווען זייער נויטווענדיק — האָב איך אים געזאָגט — זיי צו באַפרייען און געבן זיי צייט נאָכצודענקען זייער ענטפער אויף דער געפאָ־דערטער ליסטע. מיין האָפענונג איז געווען, אַז אויב ער וועט זיי נאָר נישט אַוועקפירן נאָך ראַדעם, וועט מען אפשר קענען עפּעס ביי אים אויספועלן וועגן אַרעסטירטן עלטסטן־ראַט.

מיינע רייד האָבן, משמעות, געווירקט. פּאָסט האָט מיך גענומען מיט זיך צום מאַגיסטראַט. ער האָט פאַראָרדנט אַרויסצופירן די ראַט־מיטגלידער פון תפיסה און דערביי געהאַלטן אַ לענגערע רעדע, אַז די מענטשן אויף דער ליסטע וועט גאָרנישט געשען, מען דאַרף זיי נאָר האָבן אויפן אויג, זיי זאָלן נישט פירן קיין פּאָליטישע אָדער קרימינעלע טעטיקייט. ווען ער וועט דאָ זיין ווידער — האָט ער געזאָגט — וויל ער האָבן די ליסטעס גרייט אויפן טיש. און דאָס איז דער באַדינג פון באַפרייען זיי.

ער האָט נאָך פּרובירט מיך נעמען אויפן צימבל. איך האָב אים אָבער געוויזן מיין פּאַספּאָרט, אַז איך בין נישט קיין שידלאָווצער געבוירענער און איך קען דאָ כמעט קיינעם נישט. איך האָב אים אָבער גלייכצייטיק געפרעגט, צי דאַרף ער עפּעס אַזוינס, וואָס ער קען ערגעץ אַנדערש נישט באַקומען. אויף אַ מינוט האָט ער זיך פאַרטראַכט און געגעבן אַ זאָג: „מענש, ווען דו מיר איין רייטפערד בעשאַפען קאַנסט, בעצאַהלע איך יעדעס געלט, אָבער דאָס מוז דאָס בעסטע זיין״.

איך האָב אים תיכף צוגעזאָגט צו דערפילן זיין בקשה, כאָטש אין דער זעלבער מינוט איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: ווי אַזוי וועלן מיר דאָס קענען באַזאָרגן, אַז אַלע פערד זענען דאָך רעגיסטרירט און יעדער פערד האָט אַן אויסגעברענטן צייכן. אָבער די פרייד, אַז דער מלאך־המות דאַרף דאָך עפּעס פון זיין קרבן און דאָס קען אַ מאָל ראַטעווען יידישע לעבנס — האָט מיר אַריינגעגעבן קוראַזש און האָפענונג.

ווען מאַיאָר פּאָסט איז אַוועק, בין איך תיכף געלאָפן צום עלטסטן־ראַט און אים איבערגעגעבן דעם גאַנצן ענין. מען האָט גלייך געשיקט רופן עטלעכע יידישע פערד־הענדלערס און פערד־מבינים. נאָכן איבערגעבן זיי די געפאַר, וואָס דראָט די יידן בכלל און זיי בפרט, האָט זיך אברהם שאדמאן אונטערגענומען דאָס צו דערליידיקן פאַר אַ גרעסערער סומע געלט. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער ווייסט, וואו עס געפינט זיך אַזאַ פערד אָן אַן אויסגע־ברענטן צייכן, ער האָט אָבער מורא עס צו ברענגען אין שטאָט אַריין. דער ראַט האָט אים פאַרזיכערט, אַז עס וועט אים גאָרנישט געשען, ער דאַרף עס נאָר ברענגען אין הויף פון עלטסטן־ראַט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אברהם שאדמאן האָט געבראַכט דאָס פערד אין שטאָט. די פּוילישע פּאָליציי האָט עס גלייך פאַרהאַלטן פאַר נישט האָבן קיין אויסגעברענטן צייכן, אָבער ווי נאָר זיי זיינען געוואויר געוואָרן פאַר וועמען דאָס פערד איז באַשטימט, האָבן זיי זיך גלייך אָפּגעטראָגן.

נאָך דעם זעלביקן טאָג בין איך און מיכאל ראָזענבוים געזעסן אויף אַ ברישקעלע, מיטן רייטפערד אָנגעבונדן פון הינטן, אויפן וועג נאָך ראָדעם.

דייטשן פון פאַרשיידענע פאָרמאַציעס האָבן אונדז פאַרהאַלטן און באַ־וואָרפן מיט פראַגעס וועגן דעם פערד, אָבער ווי נאָר זיי האָבן אויסגעפונען, אַז דאָס איז פאַר דער „זיכערהייטסדינסט” און פאַר מאַיאָר פּאָסט, האָבן זיי אונדז גלייך דערלויבט ווייטער צו פאָרן.

שפּעט נאָך מיטאָג זענען מיר אָנגעקומען צו די טויערן פון גע־שטאַפּאָ און זיך גלייך געמאָלדן צו מאַיאָר פּאָסט מיט דער בשורה, אַז דאָס רייטפערד איז דאָ. ער איז גלייך אַרונטערגעקומען אויפן הויף אַ קוק טאָן — און מערקווירדיק, ווי זיין פּנים האָט זיך געענדערט, ווען ער האָט מקבל פּנים געווען אַ פערד אָנשטאָט אַ מענטשן — אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין צורה. גאָרנישט דער זעלביקער מענטש! ער האָט געגלעט דאָס פערד מיט אַזאַ צערטלעכקייט. איך האָב געטראַכט ווי אַזוי קענען אַזעלכע פאַרשוינען האָבן מענטשלעכע אינסטינקטן צו חיות און גלייכצייטיק האָבן חיהשע אינסטינקטן צו מענטשן?


פון לינקס צו רעכטס: ירחמיאל מארגענ־בעסער, יחיאל צוקער, אברהם פינקלער.

מיר זענען געשטאַנען און געוואַרט, ווי אַזוי דער געשטאַפּאָדיקער מלאך־המות וועט אונדז דאַנקען פאַר דער טייערער מתנה, אָבער דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון מויל, איז געווען: „פערפלוכטע יודען, די האָבען אַלעס".

ער האָט אונדז אַרויפגערופן אין זיין ביוראָ און אויסגעשטעלט אַ קוויטונג, אַז ער האָט ביי אונדז געקויפט דאָס פערד און באַצאָלט — מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, אַלץ אונטערגעשריבן. אין אַ גוטמוטיקער שטימונג האָט ער אונדז געגעבן אַ גאַנצע זלאָטע און געהייסן פאָרן אַהיים.

אָבער די געפאָדערטע ליסטעס מיט די נעמען פון פּאָליטישע פירערס, גנבים און „שטאַרקע" אין שידלאָווצע האָט ער מער נישט דערמאָנט...

* * *

צום סוף פון אָט דעם טראַגישן עפּיזאָד ווילט זיך צוגעבן, אַז איך ווייס ניט, צי אַלע לאַנדסלייט און סתם לייענערס — באַזונדערס אַזעלכע, וואָס זיינען ניט דורכגעגאַנגען דעם היטלער־גיהנום — זיינען אין שטאַנד זיך פאָרצושטעלן די גורלדיקע און געוואַלדיקע אחריות, וואָס איז געלעגן אויף די פּלייצעס פון אַ פירנדיקן מיטגליד פון עלטסטן־ראַט, אַרבעטנדיק אונטערן דיקטאַט פון רעוואָלווער און ביקס. ווער קען באַגרייפן די טיפע, אינעווייניקסטע געראַנגלענישן פון אַ מיטגליד פון עלטסטן־ראַט, אויב ער האָט נאָך געוואָלט זיין אין גאַנצן אין אָרדענונג מיט זיין געוויסן?

ווי אַ משל פאַר דעם און אין פאַרבינדונג מיט פנחס שטיינמאַנס ראָלע אויף יענער געהיימער זיצונג פון עלטסטן־ראַט, פיל איך דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן אָט דעם חשובן יידן.

נאָך דער ערשטער אויסזידלונג האָט פּנחס שטיינמאַן מיט זיין פאַמיליע זיך געפונען אין אַרבעטס־לאַגער וואָלאַנאָוו לעבן ראַדעם. ווען ס׳איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן די מעלדונג, אַז ס׳ווערן געעפנט פיר נייע געטאָס, בתוכם אויך שידלאָווצע, האָט פּנחס שטיינמאַן באַשלאָסן צו גיין צוריק אַהיים. איך האָב אים ניט געקענט איבערצייגן, אַז דאָס קען זיין בלויז אַ פאַסטקע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אידער זיך לאָזן טרעטן מיט די פיס פון יעדן חזיר און זיך לאָזן אויסצאַפּן דאָס בלוט ביסלעכווייז, איז שוין בעסער „גלייך אין אויוון אַריין און אַ סוף זאָל עס נעמען״. ער מיט זיין פרוי און קינדער זיינען אומגעקומען בעת דער צווייטער אויסזידלונג אויף טרעבלינקע.

## אַרויסגעראַטעוועט 400 פון יאַנישעוו

טאָג־טעגלעך פלעגן אָנקומען שרעקלעכע ידיעות פון דעם לאַגער יאַנישעוו לעבן לובלין, וואו עס האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט יונגע יידן פון שידלאָווצע. די אַרבעט האָט זיך גערופן „די וואַסער־מעלאַראַציע־אַרבעטן״. די לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען פשוט אומדערטרעגלעך: שלעכטע באַשפּייזונג, שלאָפן אויף דער ערד אויף אַ ביסל שטרוי און די אַרבעטס־נאָרמעס זיינען געווען אַזעלכע שווערע, אַז ס׳איז פשוט געווען שווער זיי דורכצופירן.

אין אָוונט האָבן די עלטערן פון די פאַרשיקטע זיך צוזאַמענגענומען און געשטורעמט דאָס הויז פון „עלטסטן־ראַט״. מיט געוויין און געשרייען האָבן זיי געפּועלט, אַז דער ראַט זאָל גלייך באַטראַכטן דעם ענין. אויף אַ זיצונג פון גאַנצן ראַט איז באַשלאָסן געוואָרן צו דעלעגירן צוויי פון זיינע מיטגלידער, ד״ר לייבוש דימאַנט און אהרן שאַרפהאַרץ, ווי אויך דעם ראַט־סעקרעטאַר אברהם פינקלער. מען האָט אונדז דערביי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז לובלין איז געוואָרן אַ געפערלעכע שטאָט פאַר יידן־ראַטמענער פון אַנדערע שטעט, ווייל די עס־עס האָט געהאַט אַ באַפעל זיי צו כאַפּן און אַוועקשיקן קיין בעלזשעץ.

מיר זיינען קודם־כל אַריינגעפאָרן קיין ראַדעם, צום אַרבעטסאַמט פון אונדזער דיסטריקט. מיר האָבן אונטערגענומען אַן אַקציע אַרויסצוקריגן פון זיי אַן „אייזערנעם בריוו״, אַז מען זאָל אונדז אַרויסגעבן די שידלאָווצער יידן, וואָס געהערן זיך טעריטאָריעל אַבסאָלוט נישט אָן מיט דעם לובלינער דיסטריקט. אָבער דער ענטפער איז געווען, אַז זיי האָבן אַבסאָלוט נישט קיין יוריסדיקציע צו מאַכן אַזעלכע פאַרשלאָגן און אַז וועגן דעם קען באַשליסן נאָר

דער אַרבעטס־אָפּטייל ביי דער גובערנאַטור אין לובלין, מיט דער צושטימונג פון שעף פון די דאָרטיקע עס־עס, גלאָבאָצניק.

מיט אָט דער נישט היימלעכער בשורה זענען מיר געקומען צום עלטסטן־ראַט, וואָס האָט אָבער דאָך באַשלאָסן אין קיין פאַל נישט צו רעזיגנירן פון דעם פּלאַן אַרויסצוראַטעווען אונדזערע קינדער פון דעם לאַגער אין יאַנישעוו.

נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָבן מיר געזאָלט פאָרן מיט דער באַן קיין לובלין. ד״ר דימאַנט איז פּלוצעם קראַנק געוואָרן, איז די דעלעגאַציע באַשטאַנען בלויז פון מיר און אהרן שאַרפהאַרץ.

אהרן שאַרפהאַרץ איז געווען איינער פון די פירערס פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין שידלאָווצע. אַ פיינער, איידעלער יונגערמאַן, פון אַ חסידישער פאַמיליע. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון ראַט.

ווען מיר זיינען אויף מאָרגן אָנגעקומען קיין לובלין, האָב איך דאָרט באַלד אויפגעזוכט מיינעם אַ קוזין, ר׳ משה ראַבינאָוויטש ע״ה (אַ זון פון סוכעדניעווער רבין און אַן איידעם פון סקערניעוויצער רבין), וועלכער האָט אונדז זייער הארציק אויפגענומען. אויך שארפהארץ האָט זיך געפונען אַ פּלאַץ ביי זיינעם אַ באַקאַנטן, נישט ווייט פון מיר.

אין לובלין זיינען פאַרגעקומען יעדן טאָג כאַפּונקעס צו דער אַרבעט און עס איז געווען זייער שווער פאַר אַ פרעמדן מענטשן זיך אויסצובאַהאַלטן. דערצו האָבן מיר זיך געמוזט כסדר באַוועגן אין גאַס. נאָך אַזעלכע צוויי טעג כסדרדיקע יגון ואנחה, האָט שאַרפהאַרץ באַשלאָסן צו פאַרלאָזן לובלין און זיך צוריקקערן אַהיים. אַזוי אַרום בין איך געבליבן איינער אַליין דורכצופירן די געפערלעכע אויפגאַבע.

מיט פאַרשיידענע תירוצים האָט זיך מיר איינגעגעבן אָנצוקומען צו ד״ר העכט, וואָס איז געווען דער שעף פון אַרבעטס־אָפּטיילונג. איך האָב אים פאַרגעשטעלט די גאַנצע אָנגעלעגנהייט וועגן דעם לאַגער יאַנישעוו און די דרינגלעכקייט, אַז די שידלאָווצער אַרבעטערס זאָלן געבראַכט ווערן אַהיים, ווייל עס וואַרטן אויף זיי וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן. איך האָב אים גלייכצייטיק געפרעגט וועגן זיין פריוואַטן אַדרעס און בשעת מעשה האָט מיר גוט געקלאַפּט דאָס הארץ פאַר אַזאַ חוצפהדיקער פראַגע. עס איז מיר לייכטער געוואָרן, ווען ער האָט דערפילט מיין בקשה. נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָב איך אים באזוכט אין זיין דירה און ער האָט מיך געהייסן קומען מאָרגן אין זיין ביוראָ.

אָבער די זעלביקע נאַכט האָט די דאָרטיקע עס־עס דורכגעפירט אַ געוואַלדיקע „אָבלאַווע" אַרויסצופירן יידן נאָך מיידאַנעק. אַזוי ווי איך בין שטאַרק איינגעשלאָפן, האָב איך נאָר געהערט, ווי מיין קוזין און זיין פאַמיליע האָבן מיך געוועקט און זיינען גיך אַרויף אויפן בוידעם דורך אַ פאַרמאַסקירטער שאַנק. איך האָב שוין נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיי נאָכצולויפן, ווייל מען האָט אויפגעבראָכן די טיר און צוויי עס־עס־לייט האָבן מיך אָנגעכאַפּט ביים האַלדז און גענומען שלעפּן. איך האָב קוים אַרויסגעכאַפּט די פּאַפּירן פון ראַדעמער גובערנאַטאָר און קרייזהויפּטמאַן, עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. זיי האָבן עס אפילו נישט געוואָלט אָנקוקן. איינער פון זיי האָט אויפגעהויבן די קאָלבע פון ביקס און מיך געוואָלט דערלאַנגען, בין איך דעריבער גיך אַרונטערגעלאָפן צום לאַסטאויטאָ, וואָס איז שוין געווען אָנגעפילט מיט צענדליקער יידן.

מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אויף אַ גרויסן פּלאַץ לעבן הויפּט־קוואַרטיר פון עס־עס. ביים אויסלאָדן די מענטשן האָט מען געשלאָגן מכות רצח. דאָרט זיינען מיר געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט אין דער קעלט, ביז 9:30 אין דער פרי, ווען עס זיינען אָנגעקומען גלאָבאָצניק מיט זיין חברה און כאַפּטע הינט. גלייכצייטיק זיינען אָנגעקומען גרויסע לאַסטאויטאָס אָפּצוטראַנספּאָרטירן די צוויי־דריי טויזנט יידן, אויסגעשטעלט אין רייען. יעדער ייד האָט געהאַלטן זיינע באַשייניקונגען אין האַנט. די עס־עס־לייט האָבן זיי כמעט נישט אָנגעקוקט און נאָר געשריען „פאָרווערטס". ווען עס איז אָנגעקומען מיין ריי, האָב איך הויך געמאָלדן, אַז איך בין דורך ד"ר העכט אַרויסגעפאָדערט געוואָרן אַהער. דער נאָמען ד"ר העכט האָט געהאַט אַ ווירקונג און איינער פון די עס־עס האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און דורכגעקוקט מיינע פּאַפּירן. ער האָט מיך גלייך אַרויסגענומען פון ריי און מיך אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט. כדי צו זיין זיכער, אַז איך זאָג נישט קיין ליגן, האָט ער באַפוילן אַ צווייטן צו טעלעפאָנירן. אין 15 מינוט שפּעטער האָט מיך אַן עס־עס־מאַן צוגעפירט צום טויער און מיך נאָכגעשריען: „מענש, פאַרשווינד!"

ווען איך בין ענדלעך אַהיימגעקומען צו מיין קוזין אין שטוב, זיינען אַלע אויף מיר אַרויפגעפאַלן און מיך געהאַלדזט און געקושט און געהאַלטן אין איין פרעגן: ווי אַזוי און פאַר וואָס מען האָט מיך באַפרייט?

צוויי אַ זייגער נאָך מיטאָג האָב איך זיך געמאָלדן צו ד"ר העכט אין זיין ביוראָ. ער האָט שוין געוואוסט וועגן מיין אַרעסט און באַפרייאונג. די

באַפרייאונג־פּאַפּירן פאַר די שידלאָווצער אַרבעטערס אין יאַנישעוו זיינען שוין געווען גרייט, אויסגעשטעלט צום לאַגער־פירער מיט מיין נאָמען ווי דער טראַנספּאָרט־לייטער פון יאַנישעוו ביז שידלאָווצע. איך האָב ד״ר העכטן געבעטן, אַז ער זאָל מיר מיטגעבן פאַר אַ שומר אַ שוואַרצן עס־עס־מאַן (דאָס זענען געווען פאָלקס־דייטשן), וואָס זאָל מיך באַוואַכן ביז יאַנישעוו, פאַר וועמען איך וועל באַצאָלן אַלע הוצאות. ער האָט אויך דאָס דערליידיקט.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער יאַנישעוו, האָט מיין שומר איבערגעגעבן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט דעם באַפעל פון ד״ר העכט גלייך צו באַפרייען די שידלאָווצער אַרבעטערס און זיי טראַנספּאָרטירן צו אַ מער וויכטיקן לאַגער אין שידלאָווצע. איך האָב זיך גוט באַפריינדט מיט דעם לאַגער־פירער און אים געבעטן טעלעפאָנירן נאָך יוזעפאָוו צום צוגפירער, אַז ער זאָל אויף זונטיק פרי צוגרייטן וואַגאָנען אָפּצושיקן א 400 ארבעטערס קיין שידלאָווצע. זונטיק פאַר טאָג האָט ער אונדז אויך באַגלייט ביז דער סטאַנציע יוזעפאָוו און מיר דאָרט איבערגעגעבן די פּאַפּירן.

די שמחה פון די קינדער, וואָס זיינען פּלוצעם באַפרייט געוואָרן פון לאַגער, איז געווען נישט צו באַשרייבן. זונטיק ביי נאַכט האָט די גאַנצע



יאַנישעווער לאַגערביים טיילן עסן.

יידישע באַפעלקערונג אין שידלאָווצע, צוזאַמען מיטן עלטסטן־ראַט, אָפּגע־וואָרט לעבן מאגיסטראט די אָנגעקומענע באפרייטע לאגערניקעס. עס זיינען דאָרט פאָרגעקומען האַרצרייסנדיקע סצענעס, ווי מאַמעס און טאַטעס האָבן געקושט און געדריקט צום הארצן זייערע קינדער, זיך געפרייט און גלייכ־צייטיק געוויינט מיט הייסע טרערן.

איך האָב זיך ארומגעקוקט אויף די קינדער, וואָס זענען געווען אַלע מיינע געוועזענע שילערס — אָפּגעריסן, באָרוועס און נאקעט, מיט פאר־חושכטע פּנימער, נישט צו דערקענען — האָט זיך נישט ווילנדיק אַרויס־געריסן פון האַרצן די טענה פון ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער: „רבש״ע, וואָס האָסטו דיך אָנגעזעצט אויף דיין פאָלק ישראל?״...

## אַלטער פרידמאַן אין געשטאַפּאָ

ניט טויט, ניט לעבעדיק איז ירחמיאל מאָרגענבעסער אַריינגעפאַלן א שבת נאָכן לייענען אין דעם ביאַלאָבזשעגער שטיבל מיר איבערצוגעבן די ידיעה, אַז געשטאַפּאָ האָט אַרעסטירט ר׳ אַלטער פרידמאַן און מען האַלט אים אין איין שלאָגן אין דעם פוילישן פּאָליציי־צירקל. דער געשטאַפּאָוויעץ ערדמאַן לאָזט קיינעם נישט צו צו זיך, און אַזוי ווי ערדמאַן פלעגט די לעצטע צוויי יאָר זייער אָפט קומען צום עלטסטן־ראַט „איינקויפן״ אַלע זיינע פעטע „ספּראַוואָנקעס״ און איך האָב געהאַט אַ נאָענטן חלק אין דעם, האָט מיר ר׳ ירחמיאל געזאָגט תיכף צו לויפן צו ערדמאַנען.

דער אַרעסט פון ר׳ אַלטער פרידמאַן האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן רעש אין שטאָט. ר׳ אַלטער איז געווען אַ בעל־הוראה, אַ למדן מובהק, אַ צנא מלא ספרא און דערצו אַן איש תם וישר, אויסגעטאָן פון וועלטלעכע זאכן. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע סברות וועגן דעם נישטיקן לעבן פון עולם הזה. מען האָט אים קיין מאָל נישט געקאָנט איבערצייגן אַנדערש, ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען.

איך געדענק, אַז אין טאָג פון דער „אויסזידלונג״ בין איך אַרומגע־לאָפן האַלב משוגע זוכן מיין פרוי און קינד, האָב איך מיך צופעליק אָנגע־שטויסן אין פרידמאַנען, אויף דער ראָדעמער גאַס. ער איז געלאָפן אָנגעטאָן אין דעם „סאָברינענעם״ שווארצן פּאלטן, וואָס פון אים איז ארויסגעהאנגען זיין לאַנגער ווייסער יום־כיפּורדיקער קיטל. אויף מיין פראַגע, וואוהין ער לויפט מיטן קיטל אויף זיך, האָט ער מיר געענטפערט בתמימות: „איך ווייס, אַז די רשעים גייען אונדז אומברענגען, לויף איך איצט אין מקוה אריין מיך טובל זיין פאַרן קומען אויף יענער וועלט״.

אָט אַזאַ ייד איז דאָס איצט געלעגן אין די הענט פון רוצחים. פארשטייט זיך, אַז איך און מאָרגענבעסער זיינען אין עטלעכע מינוטן שוין געווען אויפן וועג צו דער פּאָליציי. דאָרט האָט אונדז שוין אָפּגעוואַרט אברהם ראָזענבוים און מיר זענען אַלע דריי ארויף אין פּאָליציי־פּאָסטערונעק (סטאנציע).

ערדמאַן איז ארויס צו אונדז מיט געביילטע פויסטן און געשריען, אז איצט וועלן שוין ניט העלפן אייערע גנבהשע קונצן — „דער פערפלוכטער יודע האַט בעשימפּפט דאַס דויטשע פּאָלק און דעם פירער".

ערדמאַן האָט אונדז באמת שטאַרק איבערגעשראָקן. עס האָט אונדז גענומען א לענגערע צייט צו באַרואיקן דעם אויפגעקאָכטן געשטאַפּאָוויעץ און הערן פון אים פאַר וואָס מען האָט ר' אַלטערן אַרעסטירט. סוף כל סוף האָט ערדמאַן אונדז איבערגעגעבן די באַשולדיקונג קעגן ר' אַלטערן:

צוויי דייטשע סאָלדאַטן זיינען געקומען אין זיין אייזן־געוועלבל און פאַרלאַנגט אַ פּאָר קעסטלעך נעגל, וואָס האָט זיי אויסגעפעלט ביים אויפשטעלן זייערע מיליטערישע באַראַקן. זיי האָבן אים געגעבן אַ קוויטונג אנשטאָט געלט, האָט ער די קוויטונג זיי צוריקגעוואָרפן אויף דער ערד און געהאַלטן אין איין שילטן דאָס דייטשישע פּאָלק, אַז די דייטשן האָבן אים שוין בדלות געשטעלט, אַז ער האָט אַזעלכע קוויטונגען, וואָס זיינען נישט ווערט דאָס פּאַפּיר, וואָס מען שרייבט דערויף אאַז"וו.

דאָ האָט זיך ערדמאַן א ריס געטאָן פון זיין אָרט מיט אזא געשריי, אַז פונקען פייער האָבן אים געשפּריצט פון זיין מויל: נו, וואָס האָט איר איצט נאָך צו זאָגן? „דער ווירד געקעפּפּט, דאַס קאַן איך אָיך האַפטען".

עס איז אונדז אָבער דאָך געלונגען איבערצורעדן ערדמאַנען, אז ער זאָל אונדז דערלויבן צו זען ר' אַלטערן. מיר האָבן אים אויך געבעטן צו באַפעלן די צוויי געשטאַפּאָווצעס אויפצוהערן צו שלאָגן פרידמאַנען. ווען מען האָט אויפגעמאכט פאר אונדז די טיר פון דעם דערבייאיקן צימער, איז ער געלעגן אויף דער ערד אָן אַ היטל און זיך צוגעהאלטן דעם קאָפּ מיטביידע הענט. ווי נאָר ער האָט אונדז דערזען, איז ער צוגעלאָפן צו אונדז און זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען: „ירחמיאל! אברהם! פרעגט זיי פאַר וואָס זיי האָבן צוגענומען דאָס היטל. וואו איז מיין קאַפּל?"

זיין פּנים איז געווען ווייס ווי די וואַנט. פון זיין קאָפּ, מויל און נאָז האָבן זיך געשלענגלט שנירלעך בלוט. ער האָט זיך כסדר צוגעהאַלטן דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, ער זאָל, חלילה, נישט דאַרפן שטיין בגילוי ראש.

מיר האָבן אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט צוריקקריגן דאָס קאַפּל און אַז מיר וועלן טאָן אַלץ אין דער וועלט אים צו באַפרייען. אין האַרצן האָבן מיר אָבער אַליין נישט געגלייבט, אַז עס וועט זיך אונדז איינגעבן אים אַרויס־צורייסן פון די נעגל פון מלאך־המוות. ווען ער האָט געזען, אַז מען גרייט זיך אים אַוועקפירן, האָט ער אונדז אָנגעהויבן בעטן צו פּועלן, מען זאָל אים נישט פירן אום שבת און וואַרטן כאָטש ביז נאָך הבדלה.

א שעה שפּעטער, נאָכן אַוועקפירן אים קיין ראָדעם, בין איך און ירחמיאל מאָרגנענבעסער שוין געזעסן אויף א בריטשקעלע אויפן וועג אַהין. די פּראַקטיק האָט אונדז אויסגעלערנט, אַז וואָס מיר קענען נישט דערלייזן „אויף דער הייסער מינוט", איז שפּעטער שוין פאַרפאַלן.

אין ראָדעם האָבן מיר באַלד אָנטעלעפאָנירט צו מאדאם עקס. זי איז געווען אַ בלאָנדע, בילד־שיינע דייטשישע פרוי פון 21־22 יאָר, אינטעליגענט און אַ בעל־שכל. זי איז געווען די פרוי פון א זייער הויכגעשטעלטער דייטשישער פּערזענלעכקייט אין ראָדעמער גוואוורנאַמענט. גלייכצייטיק איז זי געווען די געליבטע פון גובערנאַטאָר לאַש. זי האָט פאַר שידלאָווצער יידן אויפגעטאָן ממש וואונדער.

מיר האָבן אין קורצן איר פאַרגעשטעלט די גאַנצע געשיכטע און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער ייד פאַרשטייט בכלל נישט קיין דייטש און די דייטשן האָבן פּשוט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט, דעריבער איז אַרויסגעקומען די „שרעקלעכע מיספאַרשטענדעניש". זי האָט אונדז דערציילט, אַז מאָרגן וועט זיין א באַל לכבוד איר געבורטסטאָג. עס זיינען פאַרבעטן די „פּני" פון שטאָט און אויך די פירערס פון „זיכערהייטסדינסט". זי האָט צוגעזאָגט צו טאָן דאָס בעסטע וואָס זי וועט קענען, נאָר מיר זאָלן נישט טעלעפאָנירן פאַר מאָנטיק פרי.

די געשיכטע האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין ראָדעם. די פירערס פון אייבערעלטסטן־ראַט האָבן אונדז „געטרייסט", אַז אויב מיר וועלן אָפּקומען מיט דעם איינעם קרבן, וועלן מיר דאַרפן אויפהייבן די הענט צו גאָט. זיי האָבן בכלל צו דעם ענין נישט געוואָלט צולייגן קיין פינגער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן עטלעכע טעג פון שרעקלעכער נערוועזיטעט און געשפּאַנטקייט, ווייל יעדן טאָג האָט מאַדאַם עקס אונדז געענטפערט: „איך גלאָבע מאָרגן פיליכט". מיר האָבן נישט געוואָלט אַהיימפאָרן מיט ליידיקע הענט. לסוף האָבן מיר זיך דערוואַרט: אַ מיטוואָך נאָך מיטאָג האָבן מיר געהערט דורכן טעלעפאָן די גוטע בשורה, אַז מאָרגן דריי נאָך מיטאָג ווערט ער באַפרייט.

די געשפּאַנטקייט האָט דערגרייכט איר קולמינאַציע־פּונקט דאָנער־שטיק דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג, ווען מיר האָבן דערזען, ווי דער טויער האָט זיך געעפנט און אַ מענטשלעכער קנויל האָט זיך אַרויסגעקייקלט אויף דער גאַס, ווי עמעצער וואָלט אים אַרויסגעבריקעט. ווען ער האָט אונדז דערזען, האָט ער אָנגעהויבן לויפן אין אונדזער ריכטונג מיטן סאַמעטענעם קאַפּל אויפן קאָפּ. זיינע ערשטע ווערטער זיינען געווען „וואו קען איך קריגן אַ טלית און תפילין ?"

ווען מיר זיינען געקומען צוריק מיט ר' אַלטער פרידמאַן, איז געוואָרן אַ גרויסע שמחה אין דער גאַנצער שטאָט.

* * *

ס'איז נייטיק דאָ צוצוגעבן אַ וואָרט וועגן דער הויפּטפיגור אין דער גאַנצער געשיכטע, די מאַדאַם עקס.

די דאָזיקע דייטשישע פרוי האָט אויסערגעוויינלעכע פאַרדינסטן פאַר די יידן אין שידלאָווצע אונטערן נאַציישן רעזשים, ניט נאָר אין ראַטעווען ר' אַלטער פרידמאַן. נאָך דער מלחמה האָב איך זי געטראָפן אין דייטשלאַנד. דאָס איז געווען אין 1946. זי פאַרנעמט איצט אַ הויכע שטעלע אין דייטשישן מלוכה־אַפּאַראַט.

צו מיין באַדויערן, קען איך ניט אָנגעבן אפילו איצט איר ריכטיקן נאָמען, ווייל אַזוי האָט זי מיך געבעטן. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס קען איר נאָך שטערן אין איר קאַריערע. אפשר אַ מאָל, ווען זי וועט זיך מער ניט שרעקן פאַר אירע אַמאָליקע מלחמה־פריינד, וועט מען קענען מפרסם זיין איר נאָמען און שרייבן אַ סך מערער וועגן אָט דער דייטשישער פרוי, וואָס האָט אַזוי פיל געהאָלפן יידן אין זייער גרעסטן חורבן.

## מוסרים אין געטאָ

עטלעכע וואָכן נאָכן אויסבראָך פון קריג, אין 1939, האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אין שידלאָווצע אַ ידישער יונגערמאַן, אַ שאָפער, מיט אַ דייטשישן מיליטערישן לאַסטאויטאָ, מיט מיליטערישע ליצענץ־נומערן. ער האָט דער־ציילט, אַז די דייטשישע מיליטער־מאַכט האָט אים געשענקט דעם אויטאָ פאַר זיין העלדישקייט אויף די ערשטע פראָנטליניעס אין קאַמף קעגן פּוילן.

די געשיכטע האָט אויסגעזען שטאַרק פאַרדעכטיקט און האָט זיך גאָרנישט געלייגט אויפן שכל. יידן האָבן אָבער דעמאָלט געהאַט וויכטיקערע דאגות און זיך ניט געגריבלט אין ענין. זיי האָבן אויסגענוצט דעם לאַסט־

איטאָ פון דעם דאָזיקן יונגנמאַן, וועלכער האָט געפירט שידלאָווצער יידן קיין לאָדזש, וואוהין יידן זיינען געפאָרן האַנדלען און דורך דעם טאַקע גוט פאַרדינט אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה.

אויך דער שרייבער פון די שורות האָט מיטגעמאַכט איין מאָל אַזאַ רייזע, פאַר אַ גוט־באַצאָלטן פרייז, מיט דעם „דייטשן לאַסטוואָגן", וואו מען האָט אַלע פּאַסאַזשירן פאַרדעקט מיט מיליטערישע צודעקן און באַפוילן קיינעם נישט אויסצורעדן אויפן וועג קיין איין וואָרט. אָבער דורך אַ קליינער עפּענונג האָבן מיר געקענט זען, אַז ווען דייטשישע פּאַטרולן האָבן אים אָפּגעשטעלט, האָט ער געוויזן פּאַפּירן און מען האָט אים פריי געלאָזן.

די קאָמוניקאַציע שידלאָווצע־לאָדזש האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן, ווייל אין אַ שיינעם העלן טאָג איז די שוץ־פּאָליציי געקומען קיין שידלאָווצע, פאַרפאָרן צו דעם יונגנמאַן און אים אַרעסטירט.

עס האָט ניט גענומען גיין עטלעכע מאָנאַטן און דער יונגערמאַן האָט זיך צוריק באַוויזן אין שידלאָווצע, דאָס מאָל אין דער געזעלשאַפט פון „פרייזאיבערוואַכונגס"־פּאָליציי. ער פלעגט אַרומפאָרן אין אַ דראָזשקע און פאַרפאָרן יעדער מאָל ביי אַן אַנדערן ייד, אויפהאַקן אַ פאַרמויערטע וואַנט אָדער אַ פּאָדלאָגע און אַרויסציען באַהאַלטענע סחורות, ווי לעדער, טעקסטיל אאַז"וו. ער פלעגט פאַרשרייבן דעם נאָמען — און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער פלעגן די פאַרשריבענע יידן אַרעסטירט ווערן און מען האָט נישט געוואוסט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען.

אין דער שטאָט האָט זיך געטאָן חושך. יידן זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז, ווייל דער רוב יידן האָבן געלעבט פון דעם, וואָס מען האָט געהאַט באַהאַלטן פאַרן קריג. די „אָבלאַוועס" מיט דער דראָזשקע זיינען געוואָרן אַלץ אָפטער; האָט די יידישע באַפעלקערונג זיך געווענדט צום עלטסטן־ראַט נאָך הילף.

דער עלטסטן־ראַט האָט פאַררופן אַ זיצונג, אויף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען געוויסע „יידישע" מיטלען, אָבער דאָס מאָל האָט עס ניט געאַרבעט. מען האָט פּרובירט אונטערקויפן דעם פירער פון „פרייזאיבערוואַכונגסאַמט", אָבער אָן הצלחה. מען האָט געפּרואווט אינטערווענירן ביי דער העכערער מאַכט, אַז מען זאָל דעם פירער פון פרייז־איבערוואַכונגסאַמט אַריבערפירן אין אַן אַנדער קרייז — אויך דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן. אין צווישנצייט איז די צאָל פון היימישע מוסרים, וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם שאָפער, געוואַקסן. ס'איז געווען

קלאָר, אַז אָן די היימישע מוסרים וואָלט דער שאָפער בשום אופן נישט געקענט געפינען די פאַרבאָרגענע פלעצער מיט סחורות, ווייל ער אַליין איז געווען אַ פרעמדער אין שטאָט.

דער עלטסטן־ראַט האָט גערופן דעם פרעמדן יונגנמאַן און מיט אים פאַרהאַנדלט. מען האָט אים פאַרגעלייגט אַ וועכנטלעכע פענסיע, אַז ער זאָל אויפהערן אומגליקלעך מאַכן יידן און דערצו איבערלאָזן אלמנות און יתומים. ער האָט מסכים געווען און אויך פאַרלאַנגט וועכנטלעכע פענסיעס פאַר זיינע מיטהעלפערס — און מען האָט אים נאָכגעגעבן. אָבער אַ טאָג שפעטער האָט די „עגלה" — ווי מען האָט גערופן די דראָזשקע — זיך ווייטער באַוויזן אין גאַס און ווידער זיינען געווען פאַלן פון געפינען באַהאַל־טענע סחורות ביי יידן. דער פרעמדער מסור האָט אויך געלאָזט וויסן דער איבערוואַכונגס־פאָליציי וועגן די אונטערהאַנדלונגען, וואָס דער עלטסטן־ראַט האָט מיט אים געפירט פאַרן פרייז פון נישט אָנווייזן באַהאַלטענע פלעצער מיט סחורות.

די פרייזאיבערוואַכונגס־פאָליציי האָט תיכף באַפוילן דעם עלטסטן־ראַט זיך צו מעלדן אין ראָדעם. אַהין זיינען אָפּגעפאָרן דער פאָרזיצער ירחמיאל מאָרגענבעסער, אברהם ראָזענבוים און פנחס שטיינמאַן. זיי האָבן באַקומען אַ שטרענגע וואָרענונג, אַז אין פאַל פון ווייטערדיקן סאַבאָטאַזש קעגן קאַמף מיט ספעקולאַציע, וועלען זיי געהאַלטן ווערן פאַראַנטוואָרטלעך מיט זייערע אייגענע קעפ.

בשייכות מיט די באַהאַלטענע סחורות האָט זיך איין מאָל אָפּגעשפילט אַ טראַגישער קאַמף אין וואַלד. די געשטאַפּאָ האָט אַרעסטירט און אַוועק־געפירט עטלעכע יידן, ביי וועמען מען האָט געפונען סחורות. צווישן זיי זיינען אויך געווען שאפּשאָוויטש און יחיאל עוזר שאַטלאַנד. ביי אַ גלעזל בראַנפן אין הויז פון אברהם ראָזענבוים זיינען צופעליק זיך צונויפגעקומען די געשטאַפּאָווצעס, וואָס האָבן געפירט די אַרעסטירטע יידן קיין ראָדעם. ווען איינער פון זיי איז שוין געווען שטאַרק בגילופין, האָט מען זיך דערוואוסט פון אים אָט וואָס: זיי האָבן טראַנספּאָרטירט די אַרעסטירטע נאָך ראָדעם. אין מיטן וועג האָבן זיי באַשלאָסן צו דערשיסן די יידן איינציקווייז אין דעם דערבייאיקן וואַלד. צוויי געשטאַפּאָווצעס האָבן די איינצלנע פערזאָנען געפירט אין וואַלד אַריין, איינער פון פראָנט און איינער פון הינטן און דער דריטער איז געבליבן היטן די פאַרבליבענע אויפן לאַסט־אויטאָ. יחיאל עוזר שאַטלאַנד איז געווען אַ הויכער יונגערמאַן, שיין און

פעסט געבויט און נישט קיין איבערגעשראָקענער. ווען ער האָט געהערט דעם ערשטן שאָס, וואָס איז געקומען פון וואַלד, איז ער מאָמענטאַל אַרויס־געשפרונגען פון אויטאָ און מיטן גאַנצן כוח זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם געשטאַפּאָוויעץ, וואָס האָט געהאַלטן די וואַך, אים אַנידערגעשלידערט אויף דער ערד, אים אָנגעכאַפּט ביים האַלדז און גענומען אים שטיקן. צום אומגליק, איז אָבער דעמאָלט אָנגעקומען דער צווייטער געשטאַפּאָוויעץ נאָך פרישע קרבנות. און ער האָט דערלאַנגט שאָטלאנדן מיט דער קאָלבע איבערן קאָפּ.

פון די מוסרים איז שוין פשוט ניט געווען אויסצוהאַלטן און מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אָננעמען גאָר דראַסטישע מיטלען קעגן זיי. לשם זה איז איין מאָל זיך צונויפגעקומען דער ענגער ראַט פון דעם עלטסטן־ראַט ביים רב אין הויז. עס זענען אויך גערופן געוואָרן די דיינים פון שטאָט. מען האָט דיסקוטירט דעם ענין פון „הבא להרגך — השכם להרגו". מען האָט געבלעטערט אַלע „ראשונים" ביז צו די לעצטע „אחרונים", ביז מען האָט געפונען דעם ריכטיקן דין אין דעם דאָזיקן ערנסטן ענין.

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט די פעלד־זאַנדערמעריע אָנגעקלאַפּט אין דעם שאָפערס הויז שפּעט ביי נאַכט. מען האָט אים גלייך אַרעסטירט און אָפּגעפירט קיין ראָדעם. דער פרייז־איבערוואַכונגסאַמט האָט אים געוואָלט ראַטעווען, אָבער דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. אַזוי אַרום איז שיד־לאָווצע פּטור געוואָרן פון איר גרעסטן יידישן מסור.

אַלע היימישע מוסרים האָבן זיך דערשראָקן נאָך דער מפּלה פון זייער „פירער". זיי זיינען געקומען צום פאָרזיצער פון עלטסטן־ראַט און געשוואָרן, אַז זיי האָבן נישט געהאַט און וועלן ווייטער נישט האָבן קיין שייכות מיט די אַלע מסירות.

און אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס שרעקלעכע און מיאוסע קאַפּיטל פון מסירות אין שידלאָווצער געטאָ.

## אַ פּאָר עפּיזאָדן פון דער שרעקלעכער צייט

לייבוש דוד שוואַרצפוטער איז געווען דער איינציקער ייד, וועלכער האָט זיך געסמט אין טאָג פון דער אויסזידלונג. זיין קבר איז אויפן שידלאָוו־צער בית־החיים. ער האָט נישט געוואָלט גיין אין די גאַזקאַמערן נאָך טרעב־לינקע.

אַלטער פרידמאַן איז אין דער צייט פון דער געשיסעריי אין שידלאָוויץ געלאָפן צו ערשט אין מקוה אַריין זיך טובל זיין און נאָכער אַרויס צו דער אויסזידלונג. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל שטאַרבן נאָך טבילה.

דער רב און ר׳ יצחק שטיינמאַן האָבן געשריען: „יידן, וויינט נישט, די נשמות וועלן זיי אונדז נישט צונעמען. זיי קענען נאָר נעמען דעם גוף. מיר האָבן אַ גרויסן גאָט — עם ישראל חי״.

שיע לעדערמאַנס אַ טאָכטער איז געלעגן אויף אַ בוידעם באַהאַלטן אין טאָג פון דער אויסזידלונג. האָט זי פונקט באַקומען ווייען און געבוירן אַ קינד. פאַר מורא, אַז צוליבן וויינען קען מען געפינען אַלע באַהאַלטענע, האָט מען דערשטיקט דאָס קינד.

בעת דער אויסזידלונג האָט זיך מיר איינגעגעבן צו אַנטלויפן און איך בין אַוועק קיין סטאַראַכאָוויץ. נאָך דעם בין איך אָפּגעוועזן צוויי יאָר אין פאַרשידענע לאַגערן — פון סעפּטעמבער 1942 ביז אויגוסט 1944. דאַן בין איך אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין, וואו איך בין געוועזן 8 מאָנאַטן. פון וואַלד האָט אונדז באַפרייט די רויטע אַרמיי און מיך באַשטימט פאַרן שטאָט־קאָמענדאַנט אין שידלאָוויץ. אין מיין גרופּע אין וואַלד זענען געוועזן פון שידלאָווצע: עקיבא ליבערבוים (שפּעטער אומגעקומען אין קעלצער פּאָגראָם — רעד׳) און יאָסקע מינצבערג.

מאָטל אייזענבערג ע"ה

# אין געלאַף פון טויט

## (נאָטיצן פון א טאָגבוך)

דעם 20סטן אויגוסט, 1939, ווי יעדער פרייטיק, קום איך צו מיין פאַמיליע, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון אונדזער שטאָט אויף אַ זומער־וואוינונג אין דעם דאָרף טשאַרניעצקי גורא. דאָרטן טרעף איך אַ גאַנצע איבערקערעניש. מענטשן לויפן פאַרסאַפּעט, בלייכע, צעשראָקענע, די פרויען פאַרווײנט. מען גיט מיר איבער, אַז דער קריג איז שוין אויסגעבראָכן.

מענער און פרויען טראָגן גיך אַרויס פון זייערע ווילעס און דירות וואַליזעס מיט זעק בעטגעוואַנט, „לעזשאַנקעס" און אַנדערע געפּעק און איילן זיך צום צוג.

ביז אָוונט איז די דאַטשע געוואָרן ליידיק, נאָר אַ קליינע צאָל יידן איז נאָך געבליבן. דער שבת איז דורך אין אַ נערוועזער שטימונג. אומעט און אומרו האָבן אַלעמען באַהערשט.

לויט די קאָמוניקאַטן פון ראַדיאָ, איז די פּאַניק אַ פּריציפּיטיקע. קיין אַלגעמיינע מאָביליזאַציע איז נאָך נישט דערקלערט, אָבער די רו און געמיט־לעכקייט זיינען שוין צעשטערט. די אַלגעמיינע שטימונג ווירקט שטאַרק, פּאַקט מען זיך און מען פאָרט אויף גיך אַהיים.

אין שטעטל לויפט מען אין די שפּייזגעוועלבער, מען קויפט וואָס עס לאָזט זיך. די געוועלבער ווערן גיך ליידיק. ווער עס האָט געלט, מאַכט זאַפּאַסן פון לעבנס־מיטלען.

אין אָוונט ווערן די גאַסן נישט באַלויכטן. די אויטאָס קורסירן מיט פאַרטונקלטע ליכט. עס ווערן פונאַנדערגעקלעפּט קאָמוניקאַטן, מיט אָנווייזונגען אָפּצורייניקן די ביידעמער פון האָלץ, צוגרייטן זאַמד און וואַסער, און אחרון אחרון — אַלגעמיינע מאָביליזאַציע.

פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, גאַנץ פרי, איז דער ראַדיאָ מודיע: קאָוועל, קראָקע און אַנדערע שטעט אין פּוילן זענען אין דער נאַכט געוואָרן באָמבאַרדירט דורך דייטשע עראָפּלאַנען, דייטשיש מיליטער איז אין פיל פּונקטן אַריבער די פּוילישע גרענעץ — די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

די אַרבעטערס פון אונדזער לעדער־פאַבריק קומען אין דער פרי. די אַרבעט קלעפּט זיך נישט, עס פאַלט פון די הענט. די נערוון זענען שטאַרק געשפּאַנט. יעדער האָט דעם באַוואוסטזיין, אַז עס האָט אויסגעבראָכן אַ וועלט־שריפה, וואָס וועט אַלעמען אומברענגען און וועט קיינעם נישט אויס־מיידן . . .

עס באַווייזן זיך עקסאַדרעס פון דייטשישע עראָפּלאַנען. זיי פליען זיך גאַנץ נידעריק, דורך קיינעם נישט געשטערט, אין דער ריכטונג פון נאָענטן סקאַרזשיסק. דאָרט געפינען זיך גרויסע פאַבריקן פון אַמוניציע און אויך אַ שליסלפּונקט פון אַ סך באַנליניעס. באַלד לאָזט זיך הערן דאָס שיסן פון די זעניט־האַרמאַטן און דעטאָנאַציעס פון די אַרונטערגעוואָרפענע באָמבעס.

צו מאָרגנס באַווייזט זיך די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון סקאַרזשיסק. ווער עס קומט מיט פערד און וואָגן און ווער צו פוס. מען האָט אַלץ געלאָזט אויף הפקר און געקומען צו לויפן קיין שידלאָווצע.

מיר זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט ביים ראַדיאָ און הערן די ידיעות פון פּוילישע, דייטשישע און אויסלענדישע סטאַנציעס, אום געוואָר צו ווערן, ווי אַזוי די געשעענישן אַנטוויקלען זיך.

דער פּוילישער ראַדיאָ מעלדט: „אַלע דייטשישע אַנגריפן זענען געוואָרן אָפּגעשטויסן". אויך פון דער דייטשישער זייט ווערט נישט געמאָלדן פון קיין נצחונות.

קיין צייטונגען פון וואַרשע קומען נישט, ווייל די גאַנצע באַן־קאָמוני־קאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט צוליב די דייטשישע באָמבאַרדירונגען. אַזוי גייען דורך עטלעכע טעג, ביז עס הייבן זיך אָן באַווייזן די ערשטע פּליטים, אויף דעם הויפּטשאָסיי, וואָס פאַרבינדט קראָקע מיט וואַרשע.

יידן, פּאַליאַקן, געשפּאַנט אין פערד, באַלאָדן מיט פאַמיליעס און געפּעק. אַ גרויסע טייל פון זיי גייען צו פוס, מידע, אויסגעמאַטערטע.

די היץ איז גרויס, עס שיט ממש פייער פון הימל. די מענטשן זעען אויס פאַרשוואַרצט. טויט־מיד פון לאַנגן וואַנדערן, בלייבן זיי זיצן אויף די טראָטואַרן, זוכן וואו איבערצושלאָפן די נאַכט און צו מאָרגנס ווידער לויפן, אין דער ריכטונג צום מזרח. זיי ווערן אַרומגערינגלט פון נייגעריקע און זיי דערציילן, אַז זיי קומען פון אַרום טשענסטאָכאָוו און אַז דאָס דייטשישע מיליטער דרינגט אַריין טיף אין לאַנד.

די כוואַליע פון פּליטים ווערט גרעסער מיט יעדער טאָג. די גאַסן זענען פול מיט פרעמדע מענטשן.

דינסטיק אָוונט, דעם 5טן סעפּטעמבער, דערוויסן מיר זיך, אַז די שטאָטישע פּאָליציי פּאַקט זיך, אַז דאָס דייטשישע מיליטער רוקט זיך צו קעלץ, וואָס ליגט פערציק קילאָמעטער מערבדיק פון אונדזער שטעטל.

מיטוואָך פרי, דעם 6טן סעפּטעמבער, באַשליסן מיר, איך און אַ גרופּע חברים, זיך צו לאָזן אין וועג. עס איז נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן, די פּאַניק איז גרויס. מען פּאַקט גיך אַ ביסל וועש און עסן און מען לאָזט זיך אין אַן אומבאַקאַנטן וועג. מיין פרוי, צוזאַמען מיט די פרויען פון אונדזערע חברים, נעמען די קליינע פּעקלעך און טראָגן דאָס אַרויס דורך זייטיקע וועגן, ווייט הינטער דער שטאָט, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן. יעדער פון אונדז איז אָנגעקומען אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט זיך צו טרעפן.

ביים איינפּאַקן זיך קומט צופעליק אַריין אונדזער עקספּעדיטאָר ר׳ יעקב שטיינהאַרן. דערזעט, וואָס עס טוט זיך דאָ, בלייבט ער שטיין שטום, קען קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. ביים אַוועקגיין דריקט ער מיר שטאַרק די האַנט און צעכליפּעט זיך ווי אַ קליין קינד.

עס קומען אויך צו לויפן עטלעכע נאָענטע, מען געזעגנט זיך קורץ. ביי אַלעמען שטייען טרערן אין די אויגן.

מיר קומען אַרויס הינטער דער שטאָט. עס וואַרטן שוין דאָרטן אונדזערע פרויען מיט די פּעקלעך. מיט מיר גייט מיט מיין עלטערער זון משה.

מיר זענען אַ גרופּע פון ניין מענער און גייען אין דער ריכטונג פון דער שטעטלשער באַנסטאַנציע.

דער וועג פירט אונדז צווישן פעלדער, וואו די תבואות זענען שוין לאַנג אַראָפּגענומען. עס איז אַ הייסער זומערטאָג. מיר קומען אָן אין וואַלד פון יונגע סאָסנעס, וואָס גרענעצט זיך מיט דער באַנסטאַציע. דערשוויצטע זעצן מיר זיך אַוועק, אָפּצורוען אונדזער פרישטיק.

אַרום איז זייער שטיל. די לופט איז מחיהדיק, די נאַטור אַרום אַזוי שטיל און רואיק. אָבער די בלוטיקעווירקלעכקייט לאָזט נישט רוען. לויטן פּלאַן מוזן מיר נאָך היינט מאַכן דרייסיק קילאָמעטער, כדי צו קומען אין דער שטאָט דרילטש (אילזשע).

מיר גייען דורך פּוילישע וועגן, דורך פאַרשיידענע דערפער, מיר טרעפן דאָרט מענער און פרויען, וואָס שטייען פאַר זייערע הייזער. מיר ווילן קויפן ביי זיי שפּייז, אָבער זיי ענטפערן, אַז זיי האָבן גאָרנישט.

מיר קומען נאָענט פון דרילטש, וואו עס קרייצן זיך פאַרשיידענע וועגן. מיר טרעפן דאָ אַ גרויסע באַוועגונג פון פּליטים. אַלע גייען אין דער

זעלביקער ריכטונג וואָס מיר. זייער ציל איז אָנצוקומען צו דער ווייסל. דאָרט וועלן זיי קענען רוען, ווייל דאָרט ווערט צוגעגרייט דורך דער פוילישער אַרמיי אַ שטאַרקער פראָנט — אַזוי זאָגט מען.

נאָענט צו דרילטש, אין די דערפער, טרעפן מיר פּאַרוויינטע פויערטעס, ברעכן מיט די הענט און דערציילן אונדז, אַז דער דייטש איז נאָענט. מיר באַרואיקן זיי, אַז עס איז נישט אמת.

עס איז שוין גוט פינצטער, ווען מיר קומען אָן קיין דרילטש. דורכן שטעטל פירט אַ שאָסיי דירעקט צו דער ווייסל, 50 קילאָמעטער פון דאַנען.

ווען עס ווערט ליכטיק, געפינען מיר זיך אין אַ גרויסן דאָרף. דאָרט רוען מיר זיך אָפּ און באַקומען וואָס צום עסן. מיר געפינען אויס אַ פויער, וואָס איז מסכים פאַר אַ גוטער באַלוינונג אונדז צוצופירן אויף זיין פערד און וואָגן ביז דעם נאָענטן שטעטל ליפּסק.

דאָ טרעפן מיר, צום ערשטן מאָל זינט דעם אויסברוך פון קריג, אַ רעגולערן מיליטער־אָפּטייל, וואָס באַוועגט זיך אויך אין דער ריכטונג צו דער ווייסל.

אין שטעטל ווערן מיר געוואָר, אַז דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, מיטן רב בראש, באַהאַלטן זיך אויס אין די אַרומיקע דערפער, צוליב די אָפטע באָמבאַרדירונגען. מיר פּועלן קוים ביי אונדזער פויער, ער זאָל אונדז צופירן ביז סאָלעץ, וואו עס ליגט די בריק איבער דער ווייסל.

אויפן וועג זעען מיר אַ סך דייטשישע פלי־עסקאַדרעס, וואָס באַוועגן זיך אָן אויפהער, אין דער ריכטונג פון בריק. עס הערט זיך אָן אויפהער דאָס שיסן פון דער זעניט־אַרטילעריע און דער קלאַנג פון אַראָפּגעוואָרפענע באָמבעס.

פאַר מיטאָג קומען מיר ביז אַ קילאָמעטער פאַר דער בריק. אונדזער פויער, אַ שטאַרק דערשראָקענער, דערקלערט, אַז ווייטער פאָרט ער נישט. מיר נעמען צונויף אונדזערע פעקלעך און באַהאַלטן זיך אויס צווישן די ביימער.

דאָס שיסעריי פון די האַרמאַטן איז אומאויפהערלעך. דייטשע אעראָפּלאַ־נען קרייזן כסדר אין דער לופט און אַטאַקירן די בריק. צוליב דער שטאַרקער פאַרטיידיקונג מוזן די אעראָפּלאַנען זיך האַלטן הויך און די אַראָפּגעוואָרפענע באָמבעס טרעפן נישט אין ציל. פון דער ווייטנס ברענען פוילישע הייזער, אויף ביידע זייטן טייך, געטראָפענע פון די באָמבעס.

אַזוי ליגן מיר צוויי שעה און אָבסערווירן דעם קאַמף אַרום דער בריק. מיר באַמערקן, אַז דער אָנגריף פון די דייטשע אעראָפּלאַנען קומט פאַר

רעגולער, מיט אַן איבעררייס פון אַ האַלבער שעה. מיר ניצן אויס אַזאַ פויזע און לאָזן זיך גיך צו דער בריק. פאַר דער בריק שטייען זעלנערס, וואָס לעגיטימירן אַלע דורכגייערס אויף יענער זייט. לענג אויס דער בריק שטייען אויסגעשטעלט איינצלנע זעלנערס, רואיקע, און אָבסערווירן די גרויסע כוואַליע מענטשן, וואָס איילן זיך וואָס גיכער אַריבערצוגיין די בריק.

מיט אַ מאָל, ווען מיר געפינען זיך שוין אין מיטן בריק, הייבט אַלץ אָן צו לויפן, ווי שדים וואָלטן הינטן געיאָגט מיט פייערדיקע ריטער. בלאָס און איבערגעשראָקן לויפן אַלע מיט די לעצטע כוחות. מען שפירט, אַז אַ גרויסע סכנה הענגט איבער אונדז. אונדזער גרופּע פאַרלירט זיך אין דעם ווילדן געלויף. מיין זון לויפט לייכט פאָרויס, דרייט זיך אַלע מינוט אויס צו מיר נישט צו פאַרלירן מיך פון אויג.

איך שטרענג אָן אַלע מיינע כוחות נישט צו בלייבן הינטערשטעליק. איך דערפיל די לאַסט פון מיינע יאָרן. איך כאַפּ זיך אָן מיט איין האַנט ביי אַ ברעג פון אַ פור, עס זאָל מיר לייכטער מאַכן דאָס אַנטלויפן. אַ מאַן, וואָס איז געפאָרן הינטער דער פור, כאַפּט אַרויס אַ רעוואָלווער און דראָט מיט שיסן, אויב איך וועל נישט אָפּלאָזן. שפּעטער ווערן מיר געוואָר, אַז אויף דער פור האָבן זיך געפונען פוילישע געהיימע דאָקומענטן.

מיר דערלויפן קוים צום עק בריק. מיר לאָזן זיך באַרג אַראָפּ און בלייבן ליגן הינטער עטלעכע ביימער און קומען אַ ביסל צו זיך.

מיר באַוועגן זיך שנעל, כדי זיך צו דערווייטערן פון דעם געפערלעכן פלאַץ. מיר געפינען זיך באַלד אין אַ גאָרטן פון יונגע פרוכטביימער. פוילישע זעלנערס מאַכן אונדז אויפמערקזאַם צו גיין פון דער ווייטנס פון אָרט, וואו עס שטייען צוויי לאַסטאויטאָס געלאָדן מיט אַמוניציע. באַלד באַווייזן זיך דריי פיינדלעכע עראָפּלאַנען איבער אונדז. מיר וואַרפן זיך גיך אויף דער ערד. מיר קוקן זיך אַרום: קעגן אונדז, אַ צענדליק שריט, ביי אַ פויערשער סטאָדאָלע, פאַרהילט מיט שטרוי, שטייט אַ האַרמאַט, דערביי צוויי מיליטער־לייט, די לופע אויסגעשטרעקט צום הימל. עס דויערט אַ פּאָר סעקונדן און דער האַרמאַט הייבט אָן שפייען מיט פייער.

ווען די אַוויאָנען זענען אַוועק, לאָזן מיר זיך אויף דעם וועג, וואָס פירט צום נאָענט ליגנדיקן שטעטל אָפּאָלע. אויפן וועג טרעפן מיר זיך צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע אונדזערער.

אויפן וועג זעען מיר נישט קיין ביימער, וואו מען זאָל אין אַ נויטפאַל האָבן דעקונג. פון דער ווייטנס זעט זיך אַ דאָרף. עס איז שוין גוט טונקל,

ווען מיר קומען אָן אין יענעם דאָרף. דער פויער נעמט אונדז אויף פריינדלעך, קאָכט אויף פאַר אונדז טיי, עפנט פאַר אונדז צוויי סטאָדאָלעס מיט שטרוי און מיר שלאָפן האַסטיק איין. איך מוז באַמערקן, אַז די גאַנצע צייט פון אונדזער וואַנדערונג האָט די פויערשע באַפעלקערונג זיך באַצויגן צו אונדז פריינדלעך.

עטלעכע שעה שפּעטער קומען צו אונדזער סטאָדאָלע עטלעכע וועגענער מיט מיליטער. אַלע ציווילע מוזן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

מיר נעמען אונדזערע רוקזעק און מאַרשירן צום שטעטל אָפּאָלע, וואָס ליגט נישט ווייט פון לובלין. אַ גרויסער ברייטער מאַרק, איין געוועלבל לעבן אַנדערן, פון וועלכע עס קוקן אַרויס יידישע פּנימער. מיר זוכן גיך אָפּ אונדזערס אַ באַקאַנטן, גאָלדזאַם, וואָס האָט געהאַט אין אונדזער שטעטל אַן אַפּטייק. מיר אָטעמען פרייער אָפּ. נישטאָ דאָ די פּאַנישע שטימונג. מען באַקומט צום עסן אַלץ, וואָס מען פאַרלאַנגט. מען פילט, אַז ענדלעך געפינען מיר זיך הינטערן פראָנט. יידן זיצן פאַר זייערע הייזלעך און שמועסן געמיטלעך וועגן די מלחמה־געשעענישן. עס באַווייזן זיך פון צייט צו צייט עטלעכע לאַסט־אויטאָס, אָנגעפּאַקט מיט באַוואָפנטע פּוילישע זעלנערס. די יידן שטעלן זיך גיך אויף פון זייערע פּלעצער, כאַפּן אַראָפּ די היטלען, באַגריסן זיי האַרציק, ווי אויסדריקנדיק דערמיט זייערע האַרציקע וואונטשן.

עס איז פרייטיק. מיר קויפן איין נייטיקע זאַכן און נאָך דעם זעלבן אָוונט לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין מיט אַ יידישן פורמאַן, וואָס ברענגט אונדז אין שטעטל לענטשיץ, וואָס ליגט נענטער צו לובלין.

צוועלף ביי נאַכט קומען מיר אָן אויף אַ ריזיקן, ברייטן מאַרק. אַ טיפע פינצטערניש אַרום. מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש.

מיר קוקן זיך איין אין דעם חושך אַרום אונדז. מיר זוכן ערגעץ צו געפינען אַ נאַכטלעגער. מיר זעען אַ שיין פון אַ לאָמפּ, לאָזן זיך גיך אַהין, טרעפן דאָרט צוויי יידישע מיידלעך און עטלעכע יונגעלייט. זיי פאַרנעמען זיך גלייך מיט אונדז, מען אָרדנט אונדז איין ביי עטלעכע יידישע פאַמיליעס.

עס איז פרייטיק־צו־נאַכטס. מיר טרעפן אָן טישן מיט ווייסע טישטעכער, זילבערנע לייכטערס. מען פילט אַ וואַרעמע יידישע היימישקייט.

צו מאָרגנס, אַלע געוועלבער זענען צוליב שבת געשלאָסן. די יידן, אָנגעטאָן שבתדיק, זאַמלען זיך אין גאַס. אויפן הימל באַווייזן זיך אַ צענדליק פּוילישע אַוויאָנען. די יידן טייטשן אויס, אַז דאָס זענען געקומען פראַנצייזישע

אַוויאַנען צו הילף. דאָס ערשטע מאָל זינטן אויסברוך פון קריג קומט מיר אויס צו זען פוילישע אַעראָפּלאַנען.

די שטימונג ביי אונדז איז אַ גוטע. עס שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז עס שטאַרקט זיך דער פוילישער ווידערשטאַנד און אַז ביי דער ווייסל וועט זיך שאַפן אַ שטאַרקער פראָנט.

דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג פאַרברענגען מיר רואיק. אין אָוונט באַווייזט זיך ווידער אויפן האָריזאָנט אַן עסקאַדרע פוילישע אַוויאָנען.

מיר באַשליסן אויסצומיידן לובלין, מאַכן אַן אומוועג און צו גיין אין דער ריכטונג פון כעלם.

פאַר נאַכט רעדן מיר מיט דעם יידישן פורמאַן, אַז ער זאָל אונדז פירן קיין ביכאָווע.

אַרום האַלבער נאַכט קומען מיר אָן קיין ביכאָווע. דאָס שטעטל מאַכט אויף אונדז נישט קיין היימלעכן איינדרוק. באַלד ביים אַריינפאָרן טרעפן מיר אָן אויף חורבות פון אַלטע געביידעס. מיר טרעפן נאָך עטלעכע יידן, וואָס ווייזן אונדז אָן אויף אַ קליין יידיש גאַסטהויז. מיר קלאַפּן לאַנג, און ווען מען עפנט אונדז אויף, קומען מיר אַריין אין אַ לײדיקער שטוב, וואו עס שטייט נאָר אַ טיש מיט עטלעכע שטולן.

מיר ברענגען אַריין אַ בינטל שטרוי פון אונדזער וואָגן, צעלייגן עס אויף דער פּאָדלאָגע און שלאָפן איין.

צו מאָרגנס פרי פאָרן מיר קיין זשילקעווקע. דער וועג פירט אונדז דורך שטויביקע וועגן. דער שטויב דרינגט אַריין אין נאָז און מויל. דער וואָגן שלעפּט זיך שווער. די מענטשן ווי די פערד זענען שטאַרק פאַרמאַטערט. אַזוי קומען מיר אַריין מיטאָג צייט אין דעם קליינעם שטעטעלע זשילקעווקע, וואָס ליגט לענג אויס דעם שאָסיי, וואָס פירט פון לובלין קיין כעלם.

ווי נאָר די פור גיט זיך אַ שטעל אָפּ, ווערן מיר אַרומגערינגלט פון אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע. מען פרעגט אונדז אויס פון וואַנען און וואוהין מיר פאָרן. מען אָרדנט אונדז גלייך איין ביי עטלעכע יידישע פאַמיליעס.

נאָכן אָפּרוען זיך אַ ביסל און אָפּעסן גוט ביי אונדזערע זשילקעווקער טייערע מכניסי־אורחים, לאָזן מיר זיך אויף אַ פור קיין כעלם, אַ מהלך פון זעכציק קילאָמעטער. ניט ווייט פון כעלם ווערן מיר געוואויר, אַז די שטאָט איז ביי נאַכט באָמבאַרדירט געוואָרן.

צוליב דער מורא פאַר באָמבאַרדירונגען מיידן מיר אויס די שטאָט. מיר גייען מיט אַ וועג, וואָס פירט אָוועק העט ווייט פון דער שטאָט. אויפן

וועג טרעפן מיר אין געדיכטע קוסטעס אַ יידישע משפחה. זיי דערציילן אונדז, אַז אין דעם דערבײַ־ליגנדיקן וואַלד באַהאַלטן זיך אויס אַ סך יידישע פאַמיליעס פון כעלם.

פאַרנאַכטלעך גייען מיר אין דער ריכטונג פון וואַלד. דאָרטן טרעפן מיר אָן אַ סך יידן, און ווען מיר מאַכן נאָך עטלעכע קילאָמעטער, קומען מיר אָן אין דאָרף לעשניטשאָווקע, וואו עס וואוינט אַ ייד, וואָס האָט זיך זיין אייגן הויז און אַ סטאַדאָלע פול מיט פריש־אָנגעשניטענער תבואה. עס איז היימלעך. אַלע שטיבער זענען פול מיט יידן קרובים, וואָס זענען אַוועק פון דער שטאָט. אומעטום ליגט אָנגעלייגט געפּעק, וואָס מען האָט דאָ אָנגעבראַכט פון כעלם. מיר צעזעצן זיך אויפן הויף, וואַשן זיך אָרום, פילן זיך דאָ גוט. מיר קויפן זיך אײַן עסן און אויף דער נאַכט גייען מיר שלאָפן אין סטאַדאָלע מיט אַ גרויסער מחנה יידן. יעדער זוכט זיך אויס אַ ווינקל, וואו איבערצושלאָפן די נאַכט.

דאָרט באַקענען מיר זיך מיט אַ קליינער גרופּע וואַנדערנדיקע יידן פון לובלין. אין דער שפּיץ פון דער גרופּע — אַ יונגערמאַן, ביי עטלעכע און צוואַנציק יאָר, פול מיט ענערגיע. פון אונדזערע שמועסן ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס זענען מענטשן פון קאָמוניסטישן לאַגער, געוועזן פאַרפאָלגט פון דער פּוילישער מאַכט, געזעסן אין תפיסה. מיר באַפריינדן זיך און מיר לאָזן זיך צוזאַמען ווייטער אין וועג.

מיר גייען צו פוס אין דער ריכטונג צום בוג. די וועגן ווערן וואָס אַ מאָל ברייטער און ווילדער, זאַמדיק, גריבער, די לאַנדשאַפט אַ פלאַכע, נישט צו זען קיין מענטשלעכן ישוב. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי מיר וואָלטן געוואַנדערט אין אַ מדבר.

מיר גייען לאַנג אין דער פינצטערניש. אַרום האַלבע נאַכט קומען מיר אָן אין אַ קליין שטעטעלע, וואָס ליגט האַרט ביים בוג. דער גאַנצער מאַרקפּלאַץ איז פאַרשטאָפּט מיט פורן און פוסגייערס, אַלע איילן זיך אַריבערצוגיין דעם טייך.

ביי דער בריק, וואָס געפינט זיך אין צווייטן עק פון שטעטל, שטייען עטלעכע פּוילישע זעלנערס, וואָס דערקלערן, אַז מען מוז האָבן אַ דערלויבעניש פון אָרטיקן מיליטערישן קאָמענדאַנט.

צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם גייען מיר צום מיליטערישן קאָמענדאַנט צו קריגן אַזאַ דערלויבעניש. דער קאָמענדאַנט דערקלערט פאַרן פאַרזאַמלטן עולם, אַז עס האָט נישט קיין זין דאָס לויפן, די דייטשישע אַוויאָנען לויפן פיל

גיכער. אַזלעכע שטעט ווי זדאַלבונאָוו, וואָס ליגט האַרט אויף דער רוסישער גרענעץ, איז שוין באָמבאַרדירט.

אָן אַ דערלויבעניש קען מען ניט טראַכטן אַריבערצוגיין די בריק. בלית־ברירה האָבן מיר געכאַפּט עפּעס אַ פויער, וואָס האָט אונדז געלאָזן איבערנעכטיקן אין זיין סטאָדאָלע. אין דער פרי קומען מיר אין שטעטל. דאָרט טרעפן מיר עטלעכע צענדליק יידישע פּליטים. עס איז ערב ראש־השנה. מיר ווענדן זיך צום אָרטיקן יידישן „סאָלטיס" און ער קוואַרטירט אונדז איין ביי עטלעכע יידישע פאַמיליעס.

צו מאָרגנס, דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, שפּאַצירן מיר הינטערן שטעטל. מיר טרעפן אָן עטלעכע יידן און מיר פאַרפירן מיט זיי אַ שמועס. פון זיי ווערן מיר געוואויר, אַז דער בוג איז נישט קיין גרויסער טייך, ער איז נישט טיף און אַז עס זיינען דאָ ערטער, וואו מען קען לייכט אַריבערגיין.

נישט לאַנג געטראַכט, נעמען מיר זיך צוזאַמען ווייט הינטערן שטעטל, מיר טרעפן דאָרט נאָך יידן, וואָס וויסן שוין אויך דעם סוד, מיר טוען אויס די שיך, פאַרקאַטשען די הויזן און גייען אַריבער דעם טייך. מיר גייען אין דער ריכטונג פון דער נאָענטסטער שטאָט ליבעוונע (לובאָמיל).

מיר זענען שוין שטאַרק פאַרמאַטערט. פון פיל גיין זענען די פיס פול מיט בלאָזן. ביים אַוועקזעצן זיך אָפּרוען אויפן גראָז ביים שאָסיי ווערן פיל אַנטשלאָפן.

עס איז דער צווייטער טאָג ראש־השנה, ווען מיר קומען אָן קיין ליבעוונע. אַ שיין יידיש שטעטל אויף די מזרח־געביטן, וואָס ליגט אויפן וועג קיין קאָוולע. דאָ האָבן מיר זיך ווי ס'איז איינגעאָרדנט אין הויז פון אַן אָרטיקן יידישן לעדער־סוחר.

אין הויז געפינט זיך אַ ראַדיאָ. יעדער אָוונט זיצן מיר שעהן לאַנג, הערן די נייעס וועגן די לעצטע געשעענישן. אַ געוויסן אָוונט מעלדעט דער מאָסקווער ראַדיאָ, אַז די רויטע אַרמיי האָט באַקומען אַ באַפעל אַריבער־צוטרעטן די פוילישע גרענעץ און מאַרשירן ביז דער ווייסל, לויט אַ פאַר־שטענדיקונג מיט דער דייטשישער מאַכט.

איין פרימאָרגן קומט צו אונדז צו לויפן דער בעל־הבית און דערציילט אונדז אין שרעק, אַז היות דאָס פוילישע מיליטער ציט זיך צוריק, וועט מען אונטערצינדן די שטאָט. מיר טוען זיך גיך אָן די רוקזעק אויף די פּלייצעס. דער בעל־הבית מיט זיין פאַמיליע איז אויך גרייט צו פאַרלאָזן

דאָס הויז. אַזוי וואַרטן מיר צוזאַמען צו זען, וואָס עס וועט ווייטער געשען. דורכן פענצטער זעען מיר די בהלה.

פלוצלונג טראַך, טראַך . . . שאָסן פון אַרטילעריע. עס דויערט נישט לאַנג, ווי פאַר אונדזער הויז בלייבט שטיין אַ דייטשער טאַנק. באַלד וואַקסן אויס עטלעכע יידן, פאַרבינדן אַ שמועס מיט די דייטשע סאָלדאַטן. זיי דער־קלערן, אַז זיי פאָרן נאָר דורך און אַז דאָ וועט אַריינקומען רוסיש מיליטער.

אין ליבעוונע געפינען זיך טויזנטער פליטים, יידן און פּאָליאַקן. באַלד נאָכן אָנקומען פון דייטשישן מיליטער האָט דער גרעסטער טייל, הויפּט־זאַכלעך פּאָליאַקן, אָנגעהויבן זיך לאָזן אויפן וועג צוריק, אַהין אין דער ריכטונג פון מערב.

אויפן וועג, וואו עס מאַרשירט דורך דאָס דייטשישע מיליטער, שטייט אַן אַלטער אוקראַאינער, שרייט הויך אויפן קול: „אָט, דאָס איז מיליטער! אָט דאָס איז אַ כוח! און מיט אַזעלכע האָט זיך פּוילן געוואָלט פאַרמעסטן? שוין, נישטאָ קיין פּוילן!" ער שרייט הויך, די אויגן בליצן, ער מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען שיכור.

ערב סוכות פאַר טאָג קומט אָן קיין ליבעוונע אַ רוסישער מיליטערישער אָפּטייל. פאַרן שטעטל איז דאָס אַ גרויסע סענסאַציע. די גאַנצע באַפעלקערונג איז אויפן מאַרק זיי צו באַגעגענען.

די שטימונג איז אַ גוטע. די מורא פאַרן דייטש איז פאַרשוואונדן און מען פילט זיך האָפערדיקער.

צו מאָרגנס באַוויזט זיך אַ גרויסע רוסישע אַרמיי, פאַרזען מיט אַלע מינים געווער, מאָטאָריזירט, מיט אָן אַ שיעור לאַסטאויטאָס, שווערע און לייכטע טאַנקען. זיי גייען אין דער ריכטונג לובלין. אַ גרויסע צאָל פליטים גייען צוזאַמען מיטן מיליטער אין דער זעלביקער ריכטונג. דער זעלביקער שטראָם, וואָס האָט פריער געצויגן אויף מזרח, גייט איצט צוריק אויף מערב.

אונדזער גרופּע צעטיילט זיך אויף צוויי טיילן: איך, מיין זון און מיין ברודער באַשליסן צו פאָרן פון דאַנען קיין לעמבערג, און די רעשט — קיין ווילנע.

חול המועד סוכות, ווי נאָר עס איז געוואָרן באַקאַנט, אַז עס קורסירט אַ צוג אויף קאָוולע, לאָזן מיר זיך ווידער אין וועג אַריין. דער צוג איז געפאָרן נאָרמאַל. מיר האָבן אויך געטראָפן אַ צוג קיין לוצק און פון דאָרטן איז אונדז געלונגען צו קומען קיין לעמבערג.

אין לעמבערג האָב איך אַ סך באַקאַנטע געשעפטפריינד און זיי העלפן

אונדז זיך גיך איינצואָרדענען. תחילת איז מען געווען צופרידן, ווייל מען איז אַרויס פון דער נאַצישער טויטגעפאַר. אָבער נאָך דעם, ווי די סאָוועטן האָבן גענומען אַלץ מער איינפירן זייער סיסטעם, איז דאָ אויך געוואָרן זייער טרויעריק. אונטער דער צייט זיינען געקומען בריוו פון אונדזערע פרויען אין שידלאָווצע, אַז מיר זאָלן זיך אומקערן אַהיים.

דורך געדרייטע אומוועגן און געפערלעכע דורכפאַלן האָט זיך אונדז דאָך איינגעגעבן זיך צו דערשלעפּן צוריק אַהיים. דאָס איז געווען אין יאַנואַר 1940.

ביי אונדז אין שטעטל איז גאַנץ רואיק. פון צייט צו צייט באַווייזט זיך אַן אויטאָ מיט דייטשיש מיליטער, ווערט גלייך אַ בהלה. באַלד ווייסט מען, אַז דייטשן זיינען געקומען כאַפּן מענטשן אָפּצורייניקן דעם שניי פון וועג אָדער זוכן לעבנס־מיטלען. איך בין אָבער אַ לאַנגע צייט אין אַ געדריקטער שטימונג, נישט געקענט שלום מאַכן מיט דעם שטאַרקן איבערגאַנג. אָט קום איך פון אַ לאַנד, וואו יעדער ייד קען זיך פריי באַוועגן, און דאָ פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אין אַזאַ אַטמאָספער. לאַנג גיי איך נישט אַרויס פון שטוב, עס ווילט זיך מיר לעבן צווישן די פיר ווענט צוזאַמען מיט דער משפחה.

ווען די שותפים פון דער פאַבריק פאַרזאַמלען זיך ביי מיר אין שטוב, הייבן אָן ריידן וועגן געשעפטלעכע ענינים, בין איך שטאַרק אויפ־געערעגט. איך בין שוין לאַנג פון דעם אָפּגעוואוינט.

מיין פרוי דערציילט מיר אירע שרעקלעכע איבערלעבונגען אין דער צייט, ווען איך בין געווען ווייט פון דער היים: וועגן דעם יידישן עלטסטן־ראָט, וואָס האָט די גאַנצע מאַכט איבער דער יידישער באַפעלקערונג; וועגן די גרויסע סומעס קאָנטריבוציעס, וואָס מען האָט אַרויפגעלייגט אויף דער יידישער באַפעלקערונג; וועגן רעפּרעסיעס, וואָס מען האָט דערביי אָנגעווענדט, ווען מען האָט נישט באַלד באַצאָלט. ווען מיר האָבן נישט איינגעצאָלט די ראַטע צום טערמין, האָט דער עלטסטן־ראַט אַרעסטירט מיין עלטסטן ברודער צוזאַמען מיט זיין פרוי. ווען מיין פרוי האָט אינטערווענירט ביי געוויסע מיטגלידער פון עלטסטן־ראַט, וואָס זענען געווען אַלטע גוטע פריינד, האָבן זיי נישט געוואָלט אויסהערן אירע טענות.

מען קען ווייט ניט זאָגן, אַז די מעשים פון עלטסטן־ראַט זיינען תמיד געווען ריין פון גרויסע עוולות. אין צייטן פון גרויסע קאָנטריבוציעס אויף די יידן האָבן מיטגלידער פון עלטסטן־ראַט — רייכע יידן — אויסגעניצט זייער פּאָזיציע און אַרויסגעדרייט זיך און קרובים פון צאָלן זייער גערעכטן חלק. און געווען נאָך אַנדערע, גרעסערע עוולות.

אַזוי לויפן אַוועק עטלעכע וואָכן. מען הייבט זיך אָן ביסלעכווייז פאַר־אינטערעסירן מיט די געשעפטלעכע ענינים. מען סדרט די בוכפירונג. מען פילט אויס אַנקעטעס און מען גיט איף דעם באַשטאַנד פון די סחורות און באַלאַנסן פאַר די לעצטע יאָרן.

עס באַווייזן זיך פאַרשיידענע דייטשע מיליטער־לייט און פאַרלאַנגען לעדער. פיל באַצאָלן לויטן פעסטגעשטעלטן פרייז און אַנדערע נעמען אומזיסט, באַנוצנדיק דערביי פאַרשיידענע דראָאונגען.

אַזוי איז גוט באַקאַנט געוואָרן צווישן די יידישע לעדער־פאַבריקאַנטן פון שידלאָווצע אַ דייטשער קאָמענדאַנט פון נאָענטן סקאַרזשיסק, וואָס קומט פון צייט צו צייט און פרעסט אויס גרויסע קוואַנטומס לעדער, זיך באַניצנדיק מיטן ראַפינירטסטן טעראָר. צווישן אַנדערע מיטלען פלעגט ער זיך אויך באַניצן מיט אַרויסכאַפּן אַ רעוואָלווער און שיסן אויף דעם אייגנטימער, אָבער די קויל איז שטענדיק דורכגעפלויגן האַרט ביים פנים.

סוף פעברואַר 1940 זיץ איך אין ביוראָ מיטן בוכהאַלטער, קלאַפּט מען אין טיר. עס באַווייזט זיך אַ הויכער, שלאַנקער הער, ציוויל געקליידט. הינטער אים אַ באַדינער און אַ סעקרעטאַרין. דער הויכער הער פאַרהאַלט זיך אָפיציעל. ער איז מודיע אין פויליש, אַז ער איז באַשטימט פון דער דייטשער מאַכט פאַרן קאָמיסאַר פון די היגע יידישע לעדער־פאַבריקן. ער ציילט איבער דאָס געלט אין דער קאַסע, נעמט צו די שליסלען און גייט זיך אַוועק. דורך אינטערוועניץ האָבן מיר געפועלט, אַז איבער אונדזער פאַבריק זאָל אַן אַנדער פּאָליאַק ווערן קאָמיסאַר.

דער ווינטער פון 1940 גייט דורך אָן וועלכע גרעסערע אויפטרייסלונגען. עס באַווייזט זיך אַ גרעסערע כוואַליע פון יידישע פליטים פון לאָדזש און קאָליש, פון דעם געביט, וואָס איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין דייטשן רייך. די דייטשע מאַכט האָט זיי אַרויסגענומען ביי נאַכט פון די בעטן, האָט זיי אָפּגעפירט מיט לאַסטאויטאָס און זיי אַריבערגעוואָרפן איבער דער „גרענעץ" אויף דער פוילישער זייט.

די אָרעמקייט אין שטאָט וואַקסט. יעדן ייד ווערן צוגעטיילט זיבן און אַ האַלב דעקאָ ברויט אַ טאָג, עטלעכע דעקאָ צוקער און מאַרמעלאַד. לויפן פיל יידן אין די דערפער, ברענגען פון דאָרט שפייז־אַרטיקלען און פאַרקויפן אין שטאָט. אַנדערע וואַרטן אָפּ פּאָליאַקן הענדלערס, וואָס קומען דאָ אַהער איינקויפן לעדער און שיך, און פאַרמיטלען ביים איינקויפן. קצבים שעכטן

אַ בהמה אויף טריפה. אַ טייל אָרדענען זיך אייןביים אויסאַרבעטן לעדער אין אַזוי־גערופענע שעפּל־גאַרבערייען.

פיל יידן קרעמערס לעבן פון די פאַרשטעקטע סחורות און פאַרקויפן צו ביסלעך פון זייערע רעזערוון.

צו אונדזער גרויסער חרפּה וואַקסן אויס פון אונטער דער ערד יידישע מוסרים. אָנהייב זומער באַווייזט זיך די קרייז־זשאַנדאַרמעריע און פירט דורך מאַסן־רעוויזיעס, לויט די אָנווייזונגען פון די יידישע מוסרים. איינער אַזאַ מסור, וועלכער שטאַמט פון די פּליטים פון קאַליש, נעמט אַליין אָנטייל אין אַזעלכע רעוויזיעס.

אַזעלכע רעוויזיעס ווערן ס׳רוב דורכגעפירט ביי נאַכט, ווען יעדער שלאָפט. ביי די רעוויזיעס ווערן די יידן מערדערלעך צעשלאָגן, מען רייסט אַרויס די פּאָדלאָגעס און מען גראָבט טיף אין דער ערד. מען קלאַפּט אין די ווענט. ביי אַ סך געפינט מען באַהאַלטן סחורות, שיקט מען די יידן אַוועק און זיי קומען שוין נישט צוריק. אַזעלכע רעוויזיעס דויערן עטלעכע וואָכן. מען האָט מורא, אַז דאָס זאָל זיך ניט ענדיקן מיט דעם, וואָס מען וועט אַרויסטרייבן אַלע יידן הינטערן שטעטל און די דייטשן וועלן דורכנישטערן אַלע יידישע הייזער און אַרויסנעמען אַלע באַהאַלטענע זאַכן. אַזלעכע פאַלן זיינען באַקאַנט פון עטלעכע קלענערע שטעטלעך אין אומגעגנט.

די יידישע באַפעלקערונג איז שטאַרק איבערגעשראָקן. ביי נאַכט, ווען מען לייגט זיך שלאָפן, איז מען אומרואיק, מען כאַפּט אויף דעם מינדסטן גערויש. ווען מען שטייט אויף אין דער פרי, אָטעמט מען פרייער אָפּ.

דער עלטסטן־ראַט באַמיט זיך ביי דער דייטשישער מאַכט, אַז צו די רעוויזיעס זאָל נעמען אַן עק. מען אָרדנט איין פאַר זיי רייכע מאָלצייטן, מען טיילט רייכע מתנות, מען טענהט מיט זיי אייך, אַז די יידישע באַפעלקערונג באַשטייט בעיקר פון קליינהענדלערס און אַז דאָס ביסל סחורה, וואָס זיי האָבן נאָך, איז נאָך פון פאַרן קריג און אַז די יידן מוזן דאָך זוכן פרנסה; פון די זיבן און אַ האַלב דעקאַ ברויט קען מען דאָך נישט לעבן.

טיף אין זומער באַווייזט זיך אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן פון 16 ביז 25 יאָר מוזן זיך שטעלן פאַרן אַרבעטסאַמט. אַ דאָקטער שטעלט פעסט, ווער עס איז פעאיק צו שווערער אַרבעט. זיי ווערן גלייך אַוועקגעשיקט מיט דער באַן, אַ טייל צו דער ווייסל און אַ טייל קיין בעלזשעץ, צו דער רוסישער גרענעץ, צו בויען טיפע גראָבנס קעגן טאַנקען.

פון די אַרבעטערס קומען שלעכטע בריוו. די אַרבעט איז אַ שווערע,

די וואוין־באַדינגונגען — שרעקלעכע, ברודיק און שמוציק. די אַרבעט ווערט אָנגעפירט דורך ס״ס־לייט. לעבנס־מיטלען מוז מען זיך אַליין פאַרשאַפן פאַר אייגן געלט. עס ווערט אויך באַקאַנט וועגן קרבנות פון די אַרבעטערס. ביים איבערטראַנספּאָרטירן די אַרבעטערס אויף אַן אַנדער פּלאַץ, האָט מען געדאַרפט מאַכן אַ מאַרשרוט פון פופציק קילאָמעטערס צו פוס, זיינען עטלעכע אָפּגעשטאַנען — האָט מען זיי גלייך דערשאָסן.

די ידיעות האָבן אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע אויפרעגונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. די מאַמעס, וואָס האָבן זייערע זין ביי דער אַרבעט, באַלאַגערן די ביוראָ פון עלטסטן־ראַט, און ווען איינער פון זיי באַווייזט זיך אין דרויסן, הייבן די פרויען אָן צו ליאַרעמען און מאַכן געוואַלדן, אַז דער עלטסטן־ראַט זאָל אינטערוועניִרן אין די אַרבעטס־לאַגערן, באַזאָרגן עסן און זען צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די אומגליקלעכע.

די פאַרביטערונג איז נאָך גרעסער, וואָס די זין, ברידער און קרובים פון די מיטגלידער פון עלטסטן־ראַט זיינען אַלע אין דער היים, יעדער פון זיי האָט אַ צעטל, אַז ער איז אָנגעשטעלט ביי פאַרשיידענע אַמטן ביים עלטסטן־ראַט.

די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט באַהערשט צו ביסלעך די גאַנצע ווירטשאַפט פון פוילן. אַזוי איז עס אויך מיט דער לעדער־אינדוסטריע. עס ווערט געשאַפן אַ צענטראַלע, וואָס אַרום איר קאָנצענטרירט זיך דער גאַנצער מסחר מיט רויע פעל. זי האָט אויך די אויפגאַבע צו באַזאָרגן לעדער־פאַבריקן מיט רוי־מאַטעריאַלן. פאַראַן אויך אַ לעדער־קאַנטאָר, וואָס האָט דאָס אויסשליסלעכע רעכט אָפּצונעמען די אויסגעאַרבעטע לעדער.

אונדזער לעדער־פאַבריק אַרבעט אונטער דער לייטונג פון אַ פּוילישן קאָמיסאַר. די אַרבעט גייט זייער לאַנגזאַם. עס זיינען דאָ שוועריקייטן מיט רוישטאָפן און ברען־מאַטעריאַל.

אַן אָפּטע דערשיינונג איז, אַז עס קומען אָן צו פאָרן מיליטער־לייט און פאַרלאַנגען לעדער, טייל העפלעך און טייל אונטער דראָאונג. ווען מען ווייזט זיי אָן אויף דעם צירקולאַר, וואָס הענגט אויף דער וואַנט, אַז עס איז פאַרבאָטן צו פאַרקויפן לעדער צו מיליטער־לייט, לאַכן זיי דערפון. דער פּוילישער קאָמיסאַר איז אויך איבערגעשראָקן און עס בלייבט נישט קיין אַנדערער אויסוועג, ווי זיך צו באַהאַלטן, ווען עס באַווייזט זיך אַ מיליטער־אויטאָ.

איין זומערטאָג באַווייזט זיך אַ הויכער, דיקער דייטש ביי דער טיר פון אונדזער מאַגאַזין פון פאַרטיקע לעדער. מיט אים צוזאַמען איז געקומען אַ

יידישער יונגערמאַן, מרדכי צוקער. דער מאַגאַזין איז פאַרזען מיט אַ שווערער טיר און אַן אייזערנעם פּרענט. די פענצטערס זיינען פאַרקראַטעוועט מיט אייזערנע שטאַנגען. דער יונגערמאַן ווייזט אָן אויף מיר, דער דייטש רופט מיך גלייך צו און באַפעלט צו עפענען די טיר. ווען איך פּרואוו אים צו ענטפערן, אַז איך האָב נישט ביי זיך די שליסלען, באַקום איך געשלאָגן מיט אַ נאַגייקע איבערן קאָפּ. אויפן הויף געפינען זיך אַרבעטערס. עס ווערט אַ געשריי, אַ געלויף, און מיין פרוי באַווייזט זיך מיט די שליסלען און מען עפנט דעם מאַגאַזין. דאָרטן געפינט זיך אַ סך סחורה. עס קומען גלייך אָן עטלעכע הויכע מיליטער־לייט, לויטער יונגע מענטשן, אַלע ס"ס־אָפיצירן, פּאַקן איין די גאַנצע סחורה און טראָגן עס אַרויס אין אויטאָס, וואָס שטייען פאַר דער פאַבריק. מיין פרוי געפינט זיך די גאַנצע צייט אין מאַגאַזין צוזאַמען מיט מיר. שפּעטער קומט אונטער מיין ברודערס פרוי מיט איר זון און אויך אַן אַרבעטער. ווערן זיי געצוואונגען צו בלייבן אינעווייניק. די דייטשן גייען אַרויס און פאַרשליסן די טיר. מיר אַלע בלייבן פאַרשפּאַרט ווי אין אַ תפיסה.

מיין זון לויפט גיך צו דער זשאַנדאַרמעריע אין שטעטל. צוויי פון זיי קומען אָן. זיי פאַרהאַלטן די אויטאָס פון די מיליטער־לייט און צווינגען זיי אָפּצוגעבן צוריק די שליסלען מיט דער סחורה.

עס קומט דער האַרבסט. דער פּוילישער קאָמיסאַר ווערט פאַרטראַטן דורך אַ דייטש, אַן עלטערער מאַן, אַ ווינער, וואָס איז פון טשעכישן אָפּשטאַם, רעדט פּויליש מיט אַ טשעכישן אַקצענט, קען גוט די פאַרהעלטענישן אין פּוילן. ער איז געווען אַ גאַרבער־מייסטער אין פאַרשיידענע יידישע לעדער־פאַבריקן אין ראַדעם. ער לעבט זיך מיט אונדז איין און עס שטעלן זיך איין פריינדלעכע באַציאונגען.

נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה ווערט די לאַגע אין שידלאָווצע נאָך טויזנט מאָל ערגער ווי ביז איצט.

דאָס יידישע לעבן ווערט שווערער פון טאָג. עס פילט זיך, ווי אַ שטריק ווערט פאַרלייגט אויפן האַלדז. יעדער טאָג נייע באַפעלן, וואָס לייגן זיך ווי אַ שווערער שטיין אויף די אויסגעהונגערטע מאַסן. דער עלטסטן־ראַט מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו מילדערן די אויספירונג פון די פאַראָרדענונגען. אַ ספּעציעלער באַאַמטער פאַרנעמט זיך מיט איינשאַפן פאַרשיידענע מתנות און אין איינאָרדענען רייכע מאָלצייטן פאַר די נאַציס.

פון צייט צו צייט באַווייזן זיך אין שטאָט לאַסטאויטאָס מיט דייטשישע מיליטער־לייט. זיי מאַכן אָבלאַוועס אין יידישע הייזער, נעמען אַרויס יונגע

מענטשן און שיקן זיי צו פאַרשיידענע אַרבעטן אין אַנדערע מקומות. טייל פון די פאַרכאַפּטע אַנטלויפן פון דער אַרבעט און קומען צוריק אין שטאָט.

אין אונדזער פאַבריק האָט זיך פאַרערגערט די לאַגע דורך דעם, וואָס דער פריינדלעכער ווינער קאָמיסאַר איז קראַנק געוואָרן און אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן אַ באַוואוסטער שונא ישראל, וואָס מען האָט אים גערופן „היינע".

עס איז גוט באַקאַנט, אַז דער זעלבער היינע, נאָכן איבערנעמען די יידישע לעדער־פאַבריקן אין קעלץ, האָט דאָרט ליקווידירט אַלע יידישע לעדער־פאַבריקאַנטן, זיי אַוועקגעשיקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און צוגענומען זייערע פאַבריקן. דאָס איז געווען אַ דייטשער סאַדיסט און פאַרביסענער יידן־פיינד.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, דעם צווייטן טאָג סוכות, קומען אָן עטלעכע אויטאָס. עס גייען אַרויס פון זיי דער שעף פון דער לעדער־קאָנטאָר אין ראַדעם, דער ניי־באַשטימטער קאָמיסאַר היינע און עטלעכע פוילישע יונגעלייט. זיי צעטראָגן זיך באַלד איבער די יידישע לעדער־פאַבריקן, וואָס זיינען אַ לענגערע צייט פאַרמאַכט, און פירן דאָרט דורך שטרענגע רעוויזיעס.

פאַר נאַכט לאָזט מען מיך רופן צום נייעם קאָמיסאַר. דאָס איז אַ הויכער, רויטער, דיקער דייטש, אָנגעטאָן ווי אַ יעגער מיט אַ גרינעם קאַפּעליוש, מיט אַ פעדער אין זייט. לעבן אים — אַ גרויסער ראַסאָווער הונט. ער נעמט מיך אויף זיצנדיק. די באַנעמונג זיינע גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז ער איז דאָ דער בעל־הבית, ריכטער און פּראָקוראָר.

נישט קוקנדיק אויף מיר, לאָזט ער מיר וויסן, אַז איך זאָל צוגרייטן אַ צימער און באַקעסטיקן איינעם פון זיינע געהילפן, וואָס וועלן פאַרוואַלטן מיט דער פאַבריק. שפּעטער באַוויזט זיך אַ יונגער פּאָליאַק מיט זיינע וואַליזעס און פאַרנעמט דאָס צימער.

אַ וואָך שפּעטער באַוויזט זיך ווידער דער קאָמיסאַר היינע, אין באַגלייטונג פון אַ פּוילישן יונגנמאַן מיטן נאָמען שיוואַק. ער איז זיין פאַר־טרויאונגס־מאַן איבער די צוויי יידישע פאַבריקן, וואָס זענען נאָך טעטיק אין שידלאָווצע.

צו מאָרגנס ווערן מיר, די שותפים פון פאַבריק, גערופן צום קאָמיסאַר. מיר שטייען ביי דער טיר, ווי שולדיקע. ער רופט יעדן אויס, פרעגט זיך נאָך וועגן דער פונקציע אין דער פאַבריק. צום סוף דערקלערט ער, אַז ער קען זיך אָן אונדז באַגיין און אַז פון היינט אָן טאָרן מיר נישט באַטרעטן

די פאַבריק. עס בלייבן ווייטער אַרבעטן מיין יינגערער ברודער וואָלף, ווי אַ מייסטער, דער בוכהאַלטער און מיין ברודערס זון ווי געהילף־בוכהאַלטער.

שיוואַק, מיט דעם צווייטן געהילף פון דעם קאָמיסאַר, באַקומען פאַר־טרוילעכע ידיעות וועגן יידן, וואָס אַרבעטן אויס לעדער געהיים, פאַלט מען אָן אויף זיי ביי נאַכט און מען לאָזט זיך גוט באַצאָלן פאַרן באַפרייען.

מיין פרוי איז שטאַרק אויפגערעגט און פאַרביטערט. די שטוב איז פאַר אונדז אַ תפיסה. אונדזערע שותפים וואוינען מיט אונדז צוזאַמען און גיבן באַפעלן. מיר וואָלטן זייער געוואָלט, אַז מען זאָל אונדז אין גאַנצן באַזייטיקן פון אונדזער אייגענער דירה, אָבער אַליין אַנטלויפן האָבן מיר מורא, ווייל דאָס קען זיין אַ פּרעטעקסט, מען זאָל זיך צו אונדז טשעפּען. מיר הייבן אָן צו ביסלעך, אין געהיים, אַרויסטראָגן פון שטוב וואָס עס לאָזט זיך. איין נאָכמיטאָג האָט מיין יינגערער זון, שלמה, אַרויסגעטראָגן פון שטוב אַ וואַליזע מיט וועש. שיוואַק האָט עס פון דער ווייטנס באַמערקט, איז ער צוגעלאָפן, געעפנט די וואַליזע און זיך צעשמייכלט: איר ציט זיך אַרויס פון דאַנען? . . .

די יידן, וואָס זענען נאָך באַשעפטיקט אין דער פאַבריק, זענען שטאַרק באַזאָרגט. דער מייסטער און דער בוכהאַלטער שטעלן פעסט, אַז פון צייט צו צייט פעלן עטלעכע שטיק לעדער. זיי האָבן מורא, אַז דאָס זאָל זיך ניט אויסלאָזן צו זייערע קעפּ. ווער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, אויב ניט די יידן? קויפט מען לעדער אויפן מאַרק און מען דערגאַנצט עס.

איין טאָג איז געקומען אַ פאָרשטייער פון דער לעדער־קאָנטאָר אין אונדזער פאַבריק און האָט אָפּגעקליבן אַ טראַנספּאָרט לעדער. אַלץ איז געוואָרן פאַרצייכנט און נומערירט. דער פאָרשטייער האָט געזאָגט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער עס קומען אָפּנעמען. אין מיטן נאַכט קלאַפּט דער יידישער פאַבריק־שומר אין מיין פענצטער און דערשראָקענערהייט גיט ער מיר איבער, אַז מיט אַ צען מינוט פריער איז דאָ געווען שיוואַק. ער האָט געעפנט דעם מאַגאַזין פון פאַרטיקע לעדער, עס איינגעפּאַקט אין זיין וואַליזע און עס אַוועקגענומען אַ היים.

מיר זיינען געוואָרן אויפגעציטערטע. מיר פאַרשטייען די גרויסע סכנה פאַר אַלע יידן, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין דער פאַבריק. מיר פאַרשטענדיקן זיך מיט אונדזער בוכהאַלטער און באַראַטן זיך ווי אַזוי צו רעאַגירן אין דעם פאַל. מיר האָבן באַשלאָסן צו מעלדן וועגן דעם אין דער פּאָליציי. די זאַך איז געוואָרן זייער גיך. ווען שיוואַק האָט זיך באַוויזן אין גאַס מיטן פּאַק

לעדער, האָט אים אָפּגעוואַרט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט, וואָס איז געגאַנגען מיט מיין ברודערס זון, און האָט צוגענומען פון אים דאָס פּעקל לעדער.

דאָס האָט ווידער אַרויסגערופן גרויסע זאָרגן. וועלן די יידן ווידער נישט זיין די שולדיקע?

וועגן סקאַנדאַל האָט מען גלייך מודיע געווען אין ראָדעמער לעדער־קאַנטאָר. עס קומט גיך אַראָפּ דער שעף פון קאַנטאָר, פאָרשט אויס דעם ענין, קאָנטראָלירט נאָך די פאַרהאַלטענע לעדער, פרעגט זיך נאָך ביי וועלכע אומשטענדן די גניבה איז געוואָרן אויסגעפירט. צום סוף פאַר זיין אַוועקפאָרן דערקלערט ער אונדז, אַז מיר האָבן גרויס גליק, וואָס ער איז דאָ פּערזענלעך געווען און האָט פעסטגעשטעלט די שולד פון שיוואַקן.

אויף מאָרגן איז געקומען צו פאָרן דער קאָמיסאַר. ער איז צערייצט, שרייט און געוואַלדעוועט, הלמאַי מען האָט אים ניט געמאָלדן פריער וועגן דעם ענין. אַ צווייטן טאָג איז ער געקומען מיט אַ ציווילן מאַן, אַן אויספאָרשער. זיי פרעגן אויס אַלע יידן, וואָס זיינען פאַרמישט אינעם ענין און הייסט זיי אַרעסטירן.

נאָך אַן אינטערווענץ פון שידלאָווצער עלטסטן־ראַט און דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע פון ראָדעם, וואָס שידלאָווצע איז געווען אונטער איר יוריס־דיקציע, האָט מען די אַרעסטירטע יידן באַפרייט.

איך און מיין יינגערער ברודער וואָלף האָבן געטראַכט, אַז מיט דעם איז נאָך דער ענין ניט פאַרענדיקט. היינו, דער בלוט־שונא, וועט זיך ניט לאָזן אַזוי שפּייען אין קאַשע פון אַ פּאָר יידלעך. האָבן מיר באַשלאָסן צו אַנטלויפן אין אַן אַנדער שטאָט. מען האָט אונדז פאַרשאַפט אַ דערלויבעניש צו פאָרן אויף דער באַן. ביי נאַכט האָבן מיר זיך אַרויסגעשאַרט פון שטאָט און אַוועק צו דער באַנסטאַנציע.

אַ געוויסע צייט זיינען מיר געווען אין פּעטריקאָוו, וואו דער נאַצישער רעזשים איז דאָרטן יעמאָלט געווען ווייניקער ברוטאַל ווי אין אַנדערע שטעט. דערנאָך זיינען מיר אַוועק קיין וואַרשע, וואו עס האָבן געוואוינט מיינע צוויי ברידער און אַ שוועסטער.

אין וואַרשע זיינען מיר געווען מערערע וואָכן. מיר האָבן געזען, אַז די צרות דאָ זיינען נאָך גרעסער ווי ביי אונדז, האָבן מיר זיך ווידער געלאָזן אויפן וועג אַהיים.

ביי אונדזער צוריקקום איז שידלאָווצע שוין אָפיציעל געווען אַ געטאָ, כאָטש אָן דראָט־פאַרצוימונגען, ווי אין אַנדערע געטאָס.

יידן האָבן געטראַכט, אַז די ערשטע זאַך זיך אַ ביסל צו פאַרזיכערן איז צו האָבן אַן אַרבעטספּלאַץ. האָבן יידן דער עיקר געזוכט אַרבעט ביי פאַרשיידענע דייטשישע פירמעס אין שטאָט און אומגעגנט.

געווען אָבער אַרבעטספּלעצער, וואו יידן האָבן ניט געוואָלט גיין. האָבן דייטשן און זייערע מיטהעלפערס גענומען כאַפּן יונגע מענטשן אין גאַס, באַפאַלן יידישע הייזער ביי נאַכט און אַרויסשלעפּן די יידן פון די בעטן און זיי אָפּשיקן אויף פאַרשיידענע אַרבעטספּלעצער.

דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן די טרויעריקע ראָלע פון דער יידישער פּאָליציי, וואָס נאָענטע און אייגענע האָבן זיי פאַרהיט.

עס שאַפט זיך אַ טיפער אָפּגרונט צווישן די ברייטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג און דעם עלטסטן־ראַט, וואָס צוזאַמען מיט זייערע מקורבים שטעלן זיי פאַר מיט זיך אַ פּריווילעגירטע קאַסטע. עס שאַקירט זייער צופרידנקייט — און די אָפּטע הוליאַנקעס אין די שענקען . . .

עס ווערן אַלץ אָפטער די קלאַנגען, אַז יידן ווערן אויסגעהרגעט מאַסנווייז. אַזאַ ידיעה האָבן איין מאָל געבראַכט צוויי אַנטלאָפענע פון קראָקע. אָבער מיר טרייסטן זיך, אַז דאָס געשעט נאָר אין די גרויסע שטעט.

דערווייל וואַקסט אַלץ מער די נויט. דער הונגער ווערט גרעסער. גאַנצע פאַמיליעס בעטלן פאַר אַ שטיקל ברויט. ווערט גערופן אַ פאַרזאַמלונג צו שאַפן אַן אומזיסטע קיך פאַר די אָרעמע און הונגעריקע.

אַזאַ קיך איז שוין פריער געווען אויפגעשטעלט, אָבער זי האָט זיך פאַרמאַכט צוליב מאַנגל אין מיטלען.

אויף דער איצטיקער פאַרזאַמלונג זיינען זיך צונויפגעקומען זייער פיל יידן. אַלע האָבן אָנגעוויזן אויף דער שרעקלעכער לאַגע פון די הונגעריקע און געפאָדערט צו שאַפן אַן אומזיסטע קיך, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן.

ר' יצחק שטיינמאַן, אַ פרומער יונגערמאַן, היצט זיך און שרייט צו די פאַרזאַמלטע יידן, אַז מען זאָל אַריינגיין צו יעדן פאַרמעגלעכן ייד און רעקוויזירן מיט געוואַלד אַלץ, וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן. אַליין איז ער זיך מתחייב צו צאָלן לטובת דער קיך 500 זלאָטעס יעדן חודש, אַחוץ וואָס ער קאָכט יעדן טאָג עטלעכע טעפּ מיט עסן און צעטיילט עס ביי זיך אין שטוב פאַר אייגענע מענטשן.

עס שטעלט זיך אויף אַ קצב און שרייט, אַז מען טאָר נישט בלייבן גלייכגילטיק צום גרויסן אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן. ער ברענגט זיך

פאַר אַ מוסטער: כאָטש ער שטעלט זיין לעבן אין סכנה צוליב פרנסה, איז ער זיך מתחייב צו געבן אַ געוויסן קוואַנטום פעטס לטובת דער קיך.

עס ווערט אויסגעוויילט אַ קאָמיטעט און מען נעמט זיך מיט ברען צו דער אַרבעט. מען האָט געמוזט אונטערהאַנדלען מיט פאַרמעגלעכע יידן, זיך צו באַשטייערן מיט אַן איינמאַליקער סומע און שפּעטער צאָלן חודשלעכן אָפּצאָל. דער יודענראַט האָט זיך אויך פאַרפליכט צוצושטעלן יעדן חודש אַ געוויסן קוואַנטום לעבנס־מיטלען.

מען האָט אויסרעמאָנטירט עטלעכע גרויסע לאָקאַלן אין דער פאַבריק פון פישל אייזענבערג, איינגעמויערט גרויסע קעסלען, עס האָט זיך געמאָלדן דער נייטיקער פערסאָנאַל נישט געצאָלטע מיטאַרבעטערס און די אַרבעט האָט זיך געפירט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב.

אַ דאַנק די אויסערגעוויינטלעכע אָנשטרענגונגען פון אַ גרופּע מענטשן און בעיקר פון דער פאַמיליע שטיינמאַן, האָט זיך די קיך געהאַלטן ביז נאָענט פאַר דער אויסזידלונג. די צאָל אַרויסגעגעבענע מיטאָגן האָט אָפט דערגרייכט ביז 1,800 אַ טאָג.

די שטימונג ווערט מיט יעדן טאָג שווערער און געדריקטער. דאָס לעבן איז הפקר. די יידישע באַפעלקערונג דרייט זיך אַרום ווי צעטראָגענע שעפּסן און וואַרט, אַז דער שוחט זאָל קומען שחטן... עס פעלט אַ שטים, וואָס זאָל זאָגן אַ טרייסטוואָרט, וואָס זאָל דערמוטיקן. דער גאַנצער אַרום קוקט אויף אונדז מיט בייזע בליקן און וואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם לעצטן טאָג אונדזערן.

מיר הערן די טרויעריקע בשורות פון אויסזידלונגען אין אַ ריי יידישע ישובים אַרום אונדז און ווייט פון אונדז. מיר פילן, אַז עס דערנענטערט זיך די גורלדיקע שעה אויך פאַר דער שידלאָווצער קהילה. יידן גייען אַרום פאַרצווייפלט, דערשראָקן, פאַרלוירן.

מען ליקווידירט די שטיבער, די היימען. מען פאַרקויפט וואָס עס לאָזט זיך נאָר פאַרקויפן. מען גיט אַוועק באַפריינדטע פּאָליאַקן וועש, מלבושים און ווערטיקע זאַכן אין דער האָפענונג, טאָמער וועט מען בלייבן לעבן. מען נייט זיך רוקזעק און מען פּאַקט איין די נייטיקסטע זאַכן — און מען גרייט זיך . . .

יעדער האָט זיך זיין מיינונג וואָס צו טאָן איצט. איינער גייט אין די אַרבעטס־לאַגערן, אַן אַנדערער האַלט, אַז די וואָפן־פאַבריקן זיינען אַ זיכערער אָרט צו אַרבעטן. אַנדערע, ווידער, בויען באַהעלטענישן און אַ טייל זוכט אַ

וועג צו באַקאַנטע פּויערים זיך אויסצובאַהאַלטן ביי זיי. דער גרויסער רוב יידן זיינען פּאַסיוו און זיינען גרייט מיט זייערע משפּחות אויף אַלעם.

מיין יינגערן זון, שלמה, שיק איך אין דער באַוואָפן־פאַבריק פון סטאַרכאָוויץ; מיין עלטערן זון משה, מיין פרוי און די יינגסטע טאָכטער — קיין וואָלאָנאָוו, אַן אַרבעטס־לאַגער הינטער ראַדעם.

איך בלייב ווייטער אַרבעטן אין דער פאַבריק. דער קאָמיסאַר פאַרזיכערט מיר, אַז איך האָב נישט וואָס מורא צו האָבן.

אין שטאָט קאָכט. יעדער טאָג דערוויסט מען זיך די טרויעריקע נייעס וועגן דער ליקווידירונג פון אַרומיקע ישובים.

די אַרומיקע קליינע יידישע ישובים פון אונדזער שטאָט האָבן באַקומען אַ באַפעל, אַז אין פאַרלויף פון צוויי טעג מוזן זיי זיך אַריבערטראָגן קיין שידלאָווצע. ס׳באַווייזן זיך לאַנגע רייען פּויערשע פורן מיט מעבל און בעט־געוואַנט. שטעלן זיך אַוועק פאַר דער ביוראָ פון עלטסטן־ראַט. פּאָליציי לויפט אַרום איבער די הייזער און „אָרדנט" אין די נייע פּליטים.

די געשעענישן יאָגן. ס׳באַווייזן זיך זשאַנדאַרמעריע, געשטאַפּאָ און אַנדערע מיליטערישע פאָרמאַציעס. מען גייט איבער די דירות, מען זוכט זיך אויס שיינע מעבל, וועש, קאָלדרעס און באַפעלן דאָס צוצושטעלן אין מאַגיס־טראַט. פון דאָרטן וואַנדערט עס ווייטער אַוועק.

דער קרייזהויפּטמאַן באַווייזט זיך. ער רופט צונויף דעם עלטסטן־ראַט און די יידישע פּאָליציי און מאַכט זיי פאַראַנטוואָרטלעך, אַז אין פאַרלויף פון דריי טעג מוזן ווערן אַריינגעטראָגן אין דער שטאָטישער קאַסע אַלע פאַרלעגענע און לויפיקע שטייערן, וואָס דערגרייכן העכער פופציק טויזנט זלאָטעס.

עס ווערן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די וואַגאָנען, די „באַרימטע" וואַגאָנען, זיינען היינט אָנגעקומען אויף דער באַנסטאַנציע און אַז ביי נאַכט דאַרף זיך אָנהייבן די אויסזידלונג. זיצן יידן אָנגעטאָן, דאָס פּעקל ליגט גרייט. אַז דער פרימאָרגן קומט, אָטעמט מען פרייער אָפּ. ווידער אַ טאָג פאַר זיך . . . לעבט מען מיט דער שעה.

שבת ביי נאַכט זיינען געקומען צו לויפן אַ צוואַנציק שטעטלשע בחורים פון אַן אַרבעטס־לאַגער. זיי האָבן געהערט, אַז אין שידלאָווצע גרייט זיך די אויסזידלונג, זיינען זיי געקומען צו זיין מיט זייערע משפּחות צוזאַמען.

ערב יום־כּיפּור ווערט באַקאַנט, אַז די יידישע באַפעלקערונג מוז אַריינטראָגן אַ קאָנטריבוציע פון פופצן טויזנט זלאָטעס. דינסטיק, דריי אַ זייגער ביי נאַכט, איז די שטאָט געוואָרן אַרומגעשטעלט מיט אוקראַאינער, געשטאַפּאָ

און זשאַנדאַרמעריע. די פייער־לעשערס קלינגען אויף די אַליאַרעם־גלאָקן. די אויסזידלונג האָט זיך אָנגעהויבן.

עטלעכע טעג פאַר דער אויסזידלונג מעלד איך זיך, צוזאַמען מיט מיין יינגערן ברודער, ביים קאָמיסאַר פון אונדזער פאַבריק, אַז מיר פאַרלאָזן אונדזער אַרבעט און גייען צו אונדזערע פאַמיליעס. דער אמת איז געווען, אַז מיר זיינען געגאַנגען זיך טרעפן מיט אַ באַקאַנטן פויער, וואָס האָט אונדז צוגעזאָגט אויסצובאַהאַלטן. דורך פאַרשיידענע אומוועגן האָט דער פויער אונדז צוגעפירט צו זיין הויז און אונדז אַרויפגעלאָזן אויפן בוידעם, וואָס איז געווען באַלייגט מיט שטרוי.

נאָך עטלעכע טעג ליגן אויפן בוידעם טאָטשעט דער וואָרעם פון פאַר־צווייפלונג: אַזוי וועלן מיר ליגן און וואַרטן אויף דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה? וואָס וועט זיין, ווען אין דאָרף וועט מען זיך דערוויסן וועגן אונדז? און וואָס וועט זיין, אַז עס וועט קומען ווינטער, וועלן מיר דאָס אויסהאַלטן? וועלן מיר דאָס איבערלעבן?

אין עטלעכע טעג אַרום האָט אונדז דער פויער דערציילט, אַז אין שידלאָווצע איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג.

אויף דער נאַכט האָבן זיך פאַרזאַמלט די שכנים. מען האָט לאַנג גערעדט וועגן די געשעעענישן פון דעם הייליקן טאָג. דער גרעסטער טייל פויערים זיינען צופרידן. זיי האָבן זיך געהיצט און געשריען, אַז מען דאַרף די יידן אויסראָטן, קיין איינעם נישט איבערלאָזן. אַ קלענערער טייל האָט געזאָגט, אַז אָן יידן וועט זיין שלעכט — עס וועט נישט זיין קיין האַנדל און עס וועט נישט זיין וואו צו פאַרדינען. דאָס אַלץ האָבן מיר געהערט ליגנדיק אויפן בוידעם.

אונדזער פויער איז געווען אין אונדזער פאַבריק. ער האָט געבראַכט אַ בריוו פון מיין עלטערן ברודער, וואָס איז דאָרטן געבליבן אַרבעטן. ער שרייבט אונדז, אַז אַלע יידן, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין די ביידע לעדער־פאַבריקן, ווי אויך די יידישע פאָליציי און אַ גרופּע יונגע לייט, וואָס זיינען פאַרנומען ביים ברעננגען אין אָרדענונג די יידישע הייזער, וועלן בלייבן אומבאַרירט. צו מאָרגנס וועט מען דורכפירן אַ רעגיסטראַציע און צונויפשטעלן אַ ליסטע פון די אַלע, וואָס וועלן בלייבן אין שטאָט אַרבעטן. ער עצהט אונדז, אַז מיר זאָלן זיין ביי דער רעגיסטראַציע.

שפּעט ביי נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזן קיין שידלאָווצע, געפירט פון אונדזער פויער. אויפן וועג האָבן מיר אָבער געטראָפן אַ יידישן אַרבעטער פון

אונדזער פאַבריק, וואָס האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז געשטאַפּאָ איז היינט געווען אין פאַבריק און געמאָלדן דעם קאָמיסאַר, אַז קיין ייד טאָר נישט בלייבן אַרבעטן אין די לעדער־פאַבריקן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך אומגעדרייט אויף צוריק.

דער פויער איז ניט געווען צופרידן פון אונדזער באַשלוס. ער האָט געזאָגט, אַז עס ווערט שוין ליכטיקלעך. דעריבער וועלן מיר מוזן זיין ערגעץ אין פעלד אָדער ביי אַן אַנדער פויער און ערשט ביי נאַכט קומען צו אים. דעם טאָג האָבן מיר דורכגעלעבט גרויסע געפאַרן. מען האָט אונדז געוואָלט באַפאַלן. מען האָט אונדז געוואָלט פירן צום סאָלטיס פון דאָרף. פאַר גרויסע סומעס געלט, וואָס מיר האָבן געגעבן די פויערים, וואָס האָבן אונדז פאַרהאַלטן, האָבן מיר זיך אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט.

אונדזער פויער איז ניט געקומען נאָך אונדז, ווי ס׳איז געווען אָפּגערעדט. מיר טראַכטן, אַז ער וויל פּטור ווערן פון אונדז, אָבער ניט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, האָבן מיר זיך ביי נאַכט דערשלעפּט צו זיין הויז און אַנ־געקלאַפּט אין פענצטער. דער פויער האָט אונדז ווידער באַהאַלטן.

אין עטלעכע טעג אַרום דערציילט אונדז דער פויער, אַז נאָך דער אויסזידלונג האָט מען אויסגעפונען אַ סך יידן אין זייערע באַהעלטענישן, צווישן זיי אויך מיין אַלטן פאָטער, וואָס איז געווען אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם אין דער פאַבריק. מען האָט די געכאַפּטע אָפּגעפירט קיין סקאַרזשיסק. די יינגערע האָט מען אַוועקגענומען אין דער דאָרטיקער וואָפן־פאַבריק און די עלטערע אויסגעזידלט צוזאַמען מיט די יידן פון סקאַרזשיסק.

מיין עלטערער ברודער מיט זיין פרוי זיינען אַנטלאָפן צו אַ פויער, וואָס האָט זיי אַריבערגעפירט קיין פשיסכע. מיין ברודערס זון אברהם יצחק מיט זיין כלה זיינען אַנטלאָפן קיין אָסטראָוויעץ.

עטלעכע טעג שפּעטער קומט אַרויף צו אונדז דער פויער און זאָגט אונדז, אַז ער קען ניט שלאָפן, ער האָט מורא אונדז ווייטער צו האַלטן. עס איז געווען זייער ביטער אויפן האַרצן. מיר האָבן וועגן דעם ווי עס איז געלאָזט וויסן אונדזער ברודער. אַ פּאָר טעג נאָך דעם איז געקומען דעם ברודערס זון יעקב און געבראַכט אונדז צוויי דערלויבענישן צו פאָרן מיט דער באַן ביז סטאַרכאָוויץ.

אין סטאַרכאָוויץ טרעפן מיר פיל באַקאַנטע און פריינד פון אונדזער

שטאָט, און קודם־כל אונדזערע קינדער, וואָס זיינען איינגעקוואַרטירט ביי איינעם פון אונדזערע באַקאַנטע לעדער־סוחרים. מען פרייט זיך, וואָס מען טרעפט זיך ווידער. יעדער האָט צו דערציילן פון זיינע איבערלעבונגען פון דער לעצטער צייט. אַ סך פון זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בעת דער אויסזידלונג און עס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן און אָנצוקומען אַהער אויף אַרבעט.

ווען עס האָבן זיך גענומען טראָגן קלאַנגען, אַז מען וועט ליקווידירן דעם לאַגער אין סטאַרכאָוויץ, האָבן מיר זיך גענומען לאָזן אין וועג צום לאַגער וואָלאַנאָוו, וואו עס געפינען זיך אונדזערע פרויען און קינדער.

דער לאַגער אין וואָלאַנאָוו איז געווען אָן אַן ערך ערגער ווי סטאַרכאָוויץ. די דייטשישע אויפזעערס, מיט זייערע פוילישע און אוקראַאינישע געהילפן, האָבן געבושעוועט אויף רעכטס און לינקס. הונדערטער און הונדערטער יידן זיינען דאָ אויסגעשאָסן געוואָרן דורך די באַנדיטן.

עס נעמט אָן אַ גרויל, טראַכטנדיק וועגן די אַכזריותדיקע מעשים פון די נאַציס מיט זייערע פוילישע און אוקראַאינישע מאָרד־שותפים אין וואָלאַנאָוו. ס'איז זיי ניט גענוג געווען דאָס הרגענען אומשולדיקע מענטשן, זיי האָבן זיך נאָך איזדיעקעוועט איבער זיי און געפייניקט פאַרן טויט. איך האָב אַליין צוגעזען, ווי אונדזערע שידלאָווצער ברידער און שוועסטערס זיינען דאָרט אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט.

איך דערוויס זיך, אַז אַ גרופּע גייט היינט ביי נאַכט אַרויס אין אונדזער שטאָט צו זען, ווי עס פאַרמירט זיך דאָרטן דער נייער געטאָ. איך מיט מיין יינגערן ברודער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע און דורך אַ לאָך פון אַ ווינקל אין דער דראָט־פאַרצוימונג קריכן מיר אַדורך איינציקווייז. מיר גייען דורך שניי־באַדעקטע פעלדער און קומען אָן צו אַ הויז פון אונדזער אַן אַרבעטער הינטער דער שטאָט. מיר קלאַפּן אָן און מען לאָזט אונדז אַריין. מיר לייגן זיך אויפן בוידעם היי. דאָרט ווערן מיר געוואויר, אַז אין דער לעדער־פאַבריק פון פישל אייזענבערג געפינט זיך אַ גרופּע יידן. ווען עס ווערט טונקל, קומען מיר אַהין.

אויפן גרויסן הויף פון דער פאַבריק וואַקסן אויס אַ סך קליינע פעלדקיכן פאַר אָרעמע און הונגעריקע.

מען מוז צוגעבן, אַז יידן האָבן ביי די אוממענטשלעכסטע באַדינגונגען אַרויסגעוויזן אומגעווײנלעכע ענערגיע ביים איינשאַפן זיך שפּייז און אַ פּלאַץ וואו אָוועקצולייגן דעם קאָפּ.

מיט יעדער טאָג קומען צו נייע גרופּעס יידן, וואָס זיינען געבליבן אין די שטעט נאָך די אויסזידלונגען, אָדער פון ליקווידירטע אַרבעטספּלעצער. ווען די ענגשאַפט דערגרייכט איר הויכפּונקט, ווערט געשאַפן אַ צווייטער קוואַרטאַל אין צוויי גרויסע הייזערבלאָקן אויפן יידישן מאַרק. ביים אַריבערגיין פון איין קוואַרטאַל צום צווייטן זיינען געווען געגוג קרבנות.

איין מאָל באַוויזט זיך געשטאַפּאָ, רופט אַרויס יונגע לייט, אויף וועלכע עס וויזט אָן די פּוילישע אונטערוועלט, פירט זיי אַוועק אין אַ זייטיק געסל און דערשיסט זיי. איין מאָל זיינען אָנגעקומען עטלעכע טאַקסיס מיט דייטשן און אויסגעקליבן אַלע יידן, וואָס מען האָט געברענגט פון דרילטש, און זיי אויסגעשאָסן. דאָס איז געווען אַ נקמה־אַקט דערפאַר, וואָס אין אַ גרופּע געפאַנגענע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געפונען עטלעכע יידן פון דרילטש.

אַ שווערן איינדרוק אויף די יידן האָט געמאַכט דאָס דערשיסן די פרוי פון נטע אייזענבערג. זי איז געווען אַריבער פון איין קוואַרטאַל צום צווייטן אין געטאָ, אין דער באַגלייטונג פון אַ יידישן פּאָליציסט. פּוילישע פּאָליציסטן האָבן זי פון וויטן געשאָסן, אַרויפגעשלעפּט אויפן בית־עולם און צוגערויבט אירע 28 זלאָטעס. זיי האָבן געהאָפט צו געפינען ביי איר אַ סך געלט.

דער כלומרשט „נייער" געטאָ אין שידלאָווצע ווערט שרעקלעכער פון טאָג. מען רויבט, מען באַפאַלט, מען מאָרדעט יידן ביי יעדער קלענסטער געלעגנהייט.

מיר דרייען זיך אַרום אין געטאָ. מיר זענען עדות פונעם גרויסן עלנט. אויף אַ קליינעם פּלאַץ זענען צונויפגעדרענגט עטלעכע טויזנט יידן אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען. דער ציל: אָפּצוטייטן דעם לעצטן פונק פון מענטש־לעכן ווילן, פאַרוואַנדלען דעם מענטשן אין דער נידעריקסטער באַשעפעניש.

ס׳ווערט קלאָר, אַז דאָס קען לאַנג נישט אָנהאַלטן, אַז דאָ זאַמלט מען צוזאַמען די רעשטלעך יידן, כדי זיי ענדגילטיק צו פאַרניכטן.

יעדער טאָג קומען אָן יידן פון לאַגערן, וואָס מען האָט ליקווידירט. זיי דערציילן שוידערלעכע זאַכן. אויך פון לאַגער וואָלאַנאָוו קומען אָן קראַנקע אויף טיפוס, וואָס האָבן מורא דאָרטן צו בלייבן.

ס׳קומען אין געטאָ אויך פּאָליאַקן פון די אַרומיקע דערפער, וואָס פּראָפּאָנירן אויסצובאַהאַלטן יידן פאַר גוט געלט. איך מיט מיין יינגערן ברודער

וואָלף באַגעגענען אַ יונגנמאַן, וואָס איז באַהאַלטן ביי אַ פּויער אין דאָרף. ער זאָגט אונדז, אַז דער פּויער וויל האָבן נאָך אַ מענטשן, וואָס זאָל גוט באַצאָלן. דעם 18טן דעצעמבער, 1942, גייען מיר אַרויס פון געטאָ. נאָך אַ שעה וואַנדערן קומען מיר אָן צום פּויער. די שטוב איז אַ ליידיקע — בלויז אַ בעט געפינט זיך דאָרט. די פּאָדלאָגע איז אויסגעבעט מיט שטרוי. דאָ דאַרף זיין אַ געלעגער פאַר דריי יידן. צו מאָרגנס קומט אַריין דער בעל־הבית מיט זיין פרוי. אונדזער זיין דאָ איז איינגעהילט אין שטרענגסטער געהיימעניש. אין קאָן שטייען אונדזערע לעבנס און די לעבנס פון דעם פּויער און זיין משפחה. מיר האָבן מורא זיך צו באַוועגן. מיר שושקען זיך בלויז אויפן אויער.

דאָס עסן איז וויניקער ווי פּרימיטיוו, אָבער דער פּויער מוז זיך פירן ווי שטענדיק, כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד ביי די שכנים.

אין עטלעכע טעג אַרום קומט אונדזער פּויער צוריק פון שידלאָווצע און דערציילט אונדז, אַז אין שטאָט זיינען אָנגעקומען זשאַנדאַרמעריע מיט אוקראַאינער, האָבן אַרומגעשטעלט דעם געטאָ מיט אַ וואַך, צונויפגעטריבן אַלע יידן אויף איין פּלאַץ און די יידן האָט מען געפירט צו דער באַנסטאַנציע. מיר זיצן ווי נאָך אַ לוויה פון די סאַמע נאָענטסטע.

דער פּויער האָט געזאָגט, אַז דער צוג אָפּצופירן די יידן איז נאָך נישט געווען גרייט, האָט מען זיי ביי אַ שטאַרקן פראָסט אַריינגעפירט אין וואַלד אין אַ ציגל־פאַבריק. אויב עמעץ איז נאָך געווען אַ ביסל אָנשטענדיק אָנגעטאָן, האָט מען אים פאַרשלעפּט טיף אין וואַלד, דערשאָסן און צוגענומען וואָס ער האָט נאָר ביי זיך געהאַט. ערשט צו מאָרגנס איז אָנגעקומען דער צוג.

עטלעכע משפחות, צווישן זיי פּנחס שטיינמאַנס, האָבן זיך אַרומגענומען און דערקלערט, אַז זיי גייען נישט אין די וואַגאָנען, האָט מען זיי אַלעמען דערשאָסן. פאַר דעם האָבן זיי באַוויזן צו צערייסן זייער געלט און עס צעוואַרפן אויפן פעלד.

דער פּויער דערציילט אויך, אַז צו מאָרגנס זענען אָנגעקומען עטלעכע לאַסטאויטאָס מיט יידן, וואָס זענען געוואָרן אויסבראַקירט אין „האַסאַג"־לאַגער. דערזעענדיק, אַז דער געטאָ איז ליידיק, האָבן זיי אָנגעהויבן גיין צו דער באַנ־סטאַנציע, אָבער אויפן וועג האָט מען זיי אַלעמען אויסגעשאָסן און דער גאַנצער וועג איז פאַרזייט מיט יידישע מתים.

ס'לעבן אין אונדזער באַהעלטעניש ווערט אומדערטרעגלעך — קיין

טראָפּן לופט, קיין שטראַל ליכט. טראַכטענישן עגבערן דעם מוח: ווי לאַנג קען דאָס אַזוי אָנהאַלטן? ס׳האָט געשלאָגן די שרעקלעכע שעה אויסצוראָטן אַלע יידן, וועלן מיר זיין די אויסדערוויילטע?

מיר האָבן מורא אפילו אַ קרעכץ צו טאָן. מען האָט מורא אין דאָרף, אַז די דייטשן וועלן מאַכן אַבלאַוועס ביי די פּויערים צוצונעמען בהמות און תבואה. מוזן מיר אַראָפּגיין אין אַ קעלער, וואָס ווערט פון דרויסן פאַרמאַכט מיט אַ שטיין. דער בעל־הבית ברענגט פון שטאָט אַ געהיימע צייטונג. פון איר דערוויסן מיר זיך וועגן די גרויסע מפּלות פון די דייטשן און ס׳גייט אויף אינעם מענטש אַ פונק פון טרייסט. זיי שרייבן אויך וועגן פּאַרטיזאַנישע אָנפאַלן אויף דייטשן.

דער פּויער דערציילט אַן עפּיזאָד, וואָס ווייזט, ווי ווייט די דייטשן זענען צעשראָקן: אין דאָרף פּאָגזשאַלע איז אַ הונט משוגע געוואָרן. די פּויערים האָבן זיך פאַרזאַמלט און מיט דרענגער געיאָגט דעם הונט איבערן שאָסיי. אין זעלביקן מאָמענט איז אָנגעלאָפן אַן אויטאָ מיט עטלעכע ציווילע דייטשן. דערזעענדיק די פּויערים מיט די דרענגער, שפּרינגען זיי אַרויס פון אויטאָ מיט אויפגעהויבענע הענט. ערשט ווען מען זאָגט זיי, אַז מען יאָגט אַ משוגענעם הונט, גייען זיי אַריין צוריק אין אויטאָ און פאָרן ווייטער.

די געהיימע צייטונגען אַליאַרמירן וועגן פינצטערע פּלענער פון די דייטשן, אַז ווי נאָר זיי וועלן פּטור ווערן פון די יידן, וועלן זיי זיך נעמען צו די פּאָליאַקן. מאַסן פּוילישע דערפער ווערן עוואַקואירט און אויף זייער אָרט ווערן באַזעצט דייטשן פון די באַלטישע לענדער. די פּויערים ציטערן אונטער די דערפער מיט די דייטשן צוזאַמען.

איין טאָג קומט אַריין אונדזער פּויער מיט דער בשורה, אַז ער מוז בייטן אונדזער באַהעלטעניש, ווייל דייטשן זענען איינקוואַרטירט געוואָרן ביי אים אין הויז. כ׳פּיל, אַז כ׳וועל לאַנג נישט אויסהאַלטן. דאָס באַהעלטעניש איז אַ קבר מיט גראָבע ווענט, וואוהין ס׳קומט ניט צו קיין טראָפּן לופט. כ׳לייד שרעקלעכע קאָפּווייטיק, די אויגן אייטערן, שווער זיי צו עפענען.

מיט יעדן טאָג פאַרגרעסערט זיך די צאָל נייע איינוואוינערס פון ניי־געשאַפענעם געטאָ. עס קומען אַן גרופּעס יידן פון ליקווידירטע אַרבעטס־לאַגערן, פון גרופּעס, וואָס זיינען געבליבן נאָך דער אויסזידלונג. פון צייט צו צייט האָט מען אויך געברענגט גרופּעס יידן, וואָס זיינען געוואָרן אויסבראַקירט

ווי שוואַכע אין די דערבייאיקע וואָפן־פאַבריקן. עס האָבן זיך אויך באַוויזן גאַנצע פאַמיליעס און איינצלנע יידן, וואָס זיינען געווען באַהאַלטן.

איין אָוונט איז אָנגעקומען, אין באַגלייטונג פון דייטשן, אַ גרויסע גרופּע פון צוועלף הונדערט יידן, מענער און פרויען, פון ראָדעם, אַ סך צווישן זיי שידלאָווצער.

עס שטעלט זיך אַ וואַרעם וועטער. דאָס לעבן אין געטאָ הייבט זיך אָן איינצושטעלן. עס ווערט געשאַפן אַ נייער עלטסטן־ראַט, יידישע פּאָליציי. יידישע דאָקטוירים אָרגאַניזירן מעדיצינישע הילף. עס אַנטוויקלט זיך אַ האַנדל. יידן לויפן אין די אַרומיקע דערפער צו ברענגען פון דאָרטן שפּייז־פּראָדוקטן. יידן אָרדענען איין רעסטאָראַנען, וואו מען קריגט אַ ביסל וואַרעמס.

עס קומען פּאָליאַקן אין געטאָ, ברענגען פּראָדוקטן און קויפן אויף מלבושים, וועש, זייגערלעך און צירונג.

אָבער גאָר גיך, און אין גאַנצן אומפאַרהאָפט, האָט זיך אונדזער לאַגע ראַדיקאַל געביטן צום בעסערן. דעם 14טן יאַנואַר 1945 ביי נאַכט האָבן די דייטשן פאַרלאָזן דאָס הויז און אין אָוונט איז אונדזער פויער געקומען אין קעלער מיט די געוואַלטיקע, כמעט אומגלייבלעכע נייעס, אַז די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט שידלאָווצע.

מיר קריכן אַרויס פון אונדזער קבר פאַרחושכטע, אָבער גליקלעך, וואָס מיר זיינען געראַטעוועט. ערשט דעמאָלט דערציילט אונדז דער פויער, אַז פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַט באַהאַלטן אַמוניציע אין זיין סטאַדאָלע.

פּאַר טאָג, ווען ס'איז נאָך פינצטער, גייען מיר דורך אַ הינטערוועג, וואָס פירט קיין שידלאָווצע. כ'שלעפּ קוים די פיס, אָפּגעוואָוינט פון באַוועגן זיך אין משך פון לאַנגע חדשים. מיר קומען אַריין אין שטעטל. שווער צו דער־קענען, אַז דאָ האָבן ערשט ניט לאַנג געלעבט טויזנטער יידן.

מיר באַגעגענען עקיבא ליבערבוים און יוסף מינצבערג. מיר קושן זיך און די פרייד איז גרויס. מיר באַשליסן זיך צו האַלטן צוזאַמען, ווייל פאַראַן אַ סכנה מצד די פּאָליאַקן. אין צימער, וואָס מען האָט געגעבן די יידן, איז אויך געווען משה בריקס און דריי ברידער פינקלער. זיי האָבן געהאַט צוויי ביקסן, ווייל זיי זענען געווען פאַרשריבן אין דער מיליץ.

מיר, אַ גרופּע געראַטעוועטע שידלאָווצער, גייען דורך דעם יידישן טייל

פון שטאָט, און ס׳ווערט פאַרקלעמט דאָס האַרץ. אויפן בית־עולם נעמט דער עלטסטער פון די פינקלערס אַרויס אַ סידור און זאָגט אַ תפילה. אַלע זאָגן נאָך שטיל. ביי יעדן שטראָמען שטיל די טרערן. ביים „קדיש״ ברעכט אויס אַ ספּאַזמאַטיש געוויין.

ווען מען האָט געהערט, אַז אויך לאָדזש איז שוין באַפרייט, האָבן אַ סך פון אונדז גענומען טראַכטן וועגן אַריבערקלייבן זיך אַהין. דאָ לעבט מען ווי אויף אַ בית־עולם. מיטן עסן איז שווער. דער מאַגיסטראַט ווייזט ניט אַרויס קיין פאַרשטענדעניש פאַר אונדזערע נויטן. די פּאָליאַקן ווילן אונדז ניט פאַר־קויפן קיין לעבנס־מיטלען. בלויז דער נאָטאַר פון שטאָט באַציט זיך צו אונדז זייער פריינדלעך.

אָנהייב פעברואַר 1945 האָב איך מיט נאָך עטלעכע יידן געפּרואווט דערגרייכן לאָדזש. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע רייזע מיט סכנות־נפשות. די שטאָט איז אין אַ גוטן צושטאַנד. מען אָרדנט זיך ווי ס׳איז איין. אָבער איך בין נידערשלאָגן, קראַנק. מיין וועלט, מיין שטעלונג אין דער געזעלשאַפט האָב איך פאַרלוירן; אַ נייע האָב איך נישט קיין כוח אויפצובויען. די בענקשאַפט נאָך מיין פרוי און מיינע צוויי קינדער פּ׳יניקט מיך און גיט ניט קיין מינוט מנוחה.

אין צווישן איז געשען אַ נס. עמעץ איז געקומען מיך אָפּזוכן מיט דער בשורה, אַז רחל און חנה זענען דאָ. דאָס איז מיין פרוי און מיין טאָכטער. כ׳האָב נישט די פעאיקייטן אַרויסצוברענגען מיינע איבערלעבענישן אויפן פּאַפּיר. ווען כ׳קען אויסזינגען מיין פרייד, אַז אַלע מענטשן זאָלן זיך פרייען מיט מיר צוזאַמען. אַ שאָטן פאַרדעקט נאָך אונדזער הימל: אונדזער יינגערער זון שלמה איז נישט צוריקגעקומען, ווער ווייס?...

דער, וואָס איז געקומען מיר אָנזאָגן די גרויסע בשורה, איז געווען משה צוקער, מענדל שמידס זון.

בנציון ראָזנבערג (בוענאָס-איירעס)

# פון אָפּגרונט אַנטרונען



חול־המועד פסח פון 1939 איז אָנגעקומען מיין 18טער פרילינג. כ׳האָב זיך געפילט געזונט און שטאַרק. דער אָנקום פון זומער אין פוילן האָט געהאַט זיין באַזונדערן רייץ. אַלץ איז פאַרפולט מיט אַ וואונדער־שימער און זונשיין, וואָס האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין מיין געמיט.

און דאָך האָב איך זיך געפילט ווי אין אַ שטייג; דעם מאַלערפאַך האָב איך זיך אויסגעלערנט, אָבער אַרבעט איז ניט געווען. ס׳האָט מיך געלאָקט צו דער גרויסער שטאָט.

כ׳האָב זיך ניט אָפּגענאַרט. אַרבעט האָב איך גלייך באַקומען און ניט שלעכט פאַרדינט. כ׳בין אַריין אין אַ נייער סביבה פון חברים און חברטעס. מען איז געגאַנגען אין די פאַראיינען, אָרגאַניזאַציעס, קינאָ, טעאַטער.

מיין פרילינג איז אָבער פאַרנעפּלט געוואָרן. אין אויגוסט 1939 איז שוין שווער געווען צו לעבן מיט אילוזיעס, אַז ס׳וועט ניט קומען צו קיין מלחמה. פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער, איז שוין פאַר קיינעם ניט געווען קיין ספק: דער קריג מיט זיינע גרוילן האָט שוין געבושעוועט פאַר אונדזערע אויגן. די יידן האָבן אים באַלד אַ נאָמען געגעבן: „דער שוואַרצער פרייטיק״. שבת האָב איך געזוכט אַ וועג אָפּצופאָרן אַהיים קיין שידלאָווצע, אָבער אַלע וועגן זיינען שוין פאַר מיר געווען פאַרמאַכט. דינסטיק האָבן מיר געהערט פונעם ראַדיאָ אַ רוף, אַז אַלע יונגע מענער זאָלן זיך לאָזן אויפן וועג קיין וואַרשע. מיטוואָך האָב איך זיך געטראָפן מיט דריי שידלאָווצער: יאָסל האָכס צוויי זין (ביידע טויבע) און טויבעס דער פאַרבערינס אַן איידעם. אַלע האָבן געאַרבעט אין לאָדזש. מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו האַלטן צוזאַמען און פרואוון זוכן אַ וועג אַהיים.

דער וועג איז געווען אַ ביטערער. דער טויט האָט געלויערט אויף יעדער שפּאַן פון די דייטשישע עראָפּלאַן־באָמבעס. אויפן וועג האָב איך געטראָפן מיינע שידלאָווצער לאַנדסלייט: יאָסל אַקערמאַן (איצט אין ישראל) און ליבערבוים. זיי האָבן מיך אַוועקגענומען צו זייער מיליטער־אָפּטייל, געגעבן אַ שטיק ברויט און געהייסן ווייטער לויפן, וויל אויך די אַרמיי גופא אַנטלויפט פון דייטשן פראָנט.

מיר האָבן געצויגן ווייטער. אין איין חושכדיקער נאַכט האָבן מיר פאַרלוירן די בײדע ברידער האַך.

בעתן לויפן האָבן זיך אָנגעריבן פאַרשיידענע אברים; ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייטן זיך צו היילן, זײנען די וואונדן געוואָרן אַלץ מער ווייטיקדיק. די היץ האָט ווי אויף צו להכעיס אין יענעם גאָלדענעם פוילישן האַרבסט געברענט אומברחמנותדיק. די אוונטן זײנען געווען קילע און מען איז געשלאָפן אין פעלד.

דער וועג קיין וואַרשע איז געווען אָפּגעשניטן; אויפן צענטראַלן שאָסיי האָט זיך באַוועגט דאָס מיליטער. די ערשטע דייטשישע טאַנקען האָבן זיך שוין געוויזן און אַרויסגערופן אַן אימה. מיר — איך און פאַרבערס אידעם — האָבן באַשלאָסן צו גיין קיין ביאַלע־ראַווסקע, וואוהין מיר זײנען ערשט אָנגעקומען פרייטיק־צו־נאַכטס. די אָרטיקע יידן האָבן אונדז גוט אויפגענומען. די שטימונג איז געווען אַ פֿיינלעכע. אָפּגערוט האָבן מיר זיך אַ קליין ביסל צייט, ווייל מיר האָבן געוואָלט זיך לאָזן ווייטער אין וועג קיין שידלאָווצע.

אויפן וועג האָבן אונדז פאַרהאַלטן דייטשע סאָלדאַטן און געפרעגט, אויב מיר האָבן געזען פוילישע טאַנקען: איך האָב געענטפערט נעגאַטיוו און מײַן באַגלייטער האָט געענטפערט פּאָזיטיוו. דערפאַר האָב איך באַקומען קלעפּ. צו מײַן גליק זײנען אָנגעקומען אַ סך טאַנקען און די דייטשן האָבן מיך אָפּגעלאָזט.

זונטיק האָבן מיר זיך געלאָזט קיין ראַדעם, וואו מיר האָבן אויפגעזוכט מיינס אַ פעטער. מ׳האָט מיך אויפגענומען מיט פרייד און מיט געוויין. מ׳האָט אויסגעזוכט מלבושים און אונדז געגעבן איבערצוטאָן זיך, ווייל אַלץ איז געווען צעריסן. די יידן זײנען געווען אין אַ בהלה, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. די דייטשן האָבן זיך דאָרט פעסט באַזעצט און מ׳האָט אונדז געראָטן גיך צו אַנטלויפן. ניט האָבנדיק קיין ברירה, האָבן מיר דאָרט איבערגענעכטיקט און מאָנטיק פרי האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון שידלאָווצע, וואוהין מיר זײנען אָנגעקומען אין גאַנצן אויסגעשעפּט.

אין דער היים האָט מען מיך באַגעגנט מיט גרויס פרייד; ס׳האָט זיך געהערט אַ שטיל געוויין פון אַלע שטוביקע אויפן נס, אַז איך לעב, אָבער צוזאַמען דערמיט האָט געהערשט אַ מורא וועגן גורל פון מײַן טאַטן, ווען די פּאַליאַקן האָבן פאַרשלעפּט. מיר האָבן זיך געשראָקן, אַז ער איז אומגעקומען. דער דאָזיקער טאָג איז אָבער געווען פול מיט ניסים. אויך דער טאַטע איז צוריקגעקומען פונקט צו חצות. ער האָט אויך דורכגעמאַכט אַ פיינלעכן וועג, פול מיט סכנות, און ער איז דאָך אַרויס בשלום. געבליבן איז בלויז די זאָרג איבער מײַן שוועסטער נאַכע, וואָס האָט זיך געפונען אין וואַרשע.

* * *

דער ברוינער משחית האָט אויסגעשפּרייט זיין שליטה איבער מיין היימשטעטל. ניט גרויס איז געווען די צאָל פון די נייע הערשערס, אָבער זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן הינטישע געזעצן, וואָס האָבן אונדז יידן פאַרביטערט דאָס לעבן. דאָס ערשטע געזעץ איז געווען, אַז נאָך 6 אין אָוונט טאָר קיין ייד ניט פאַרלאָזן זיין שטוב. דער ערשטער קרבן פון דאָזיקן באַפעל איז געווען קרופּעס זון, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן ניט ווייט פון זיין היים. דער דאָזיקער מאָרד האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן רושם, אָבער דער טויט האָט אָנגעהויבן צו ווערן היימיש אין אונדזער פאַראורטיילטער עדה.

די נאַציס האָבן באַלד פאַרשטאָפּט די קוועלן פון פרנסה פאַר יעדן יידן און יעדער איינער האָט זיך געדאַרפט אָנשטרענגען, כדי צו קענען פאַרדינען אויפן נייטיקסטן. מיין מוטער האָט אָנגעהויבן באַקן ברויט אין שטוב. דאָס איז אויך געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן, אָבער וואָס האָט מען געקענט טאָן?

מען האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר חיונה און דער גאַנצער עול איז געפאַלן אויף מיר: פון אַ מאָלער בין איך געוואָרן אַ שמוגלער און כ'האָב אָנגעהויבן מאַכן רייזעס קיין ראַדעם, וואַרשע, סקאַרזשיסק און אַנדערע שטעט. כ'האָב געקויפט און פאַרקויפט. דאָס לעבן איז געווען איינגעשטעלט, אָבער די נויט האָט ניט דערלויבט קיינעם צו זיין אַ ציטערדיק קינד.

סוף נאָוועמבער איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון 18 ביז 45 זאָלן זיך רעגיסטרירן; היות איך בין ניט געווען פאַרשריבן אין דער איינוואוינער־רשימה, האָב איך מיך ניט רעגיסטרירט. די רעגיסטראַציע האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ שרעק, ווייל זי האָט באַטייט די סכנה פון אָוועקפירן אויף צוואַנגאַרבעט.

ווי אומעטום, האָט מען אויך ביי אונדז געשאַפן אַ „יודען־ראַט", וואָס זיין פאַרזיצער איז געווען מאָרגענבעסער. איך קען ניט אויף אים פיל מלמד זכות זיין, בפרט נאָך ווען ער איז שוין אַ שוכן עפר. מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט אברהם פינקלער, משה בערגער, משה מילשטיין, הערש וועסטער און אַנדערע. די יידן־ראַטלערס איז ניט געווען מקנא צו זיין: זיי זיינען געווען צווישן האַמער און קאָוואַדלע. דאָך זיינען געווען פאַלן, וואָס מען קען וועגן זיי רעדן מיט שבח. אמת, ניט וועגן אַלעמען, אָבער מאָלן זיי אין שוואַרצע פאַרבן האָט אויך ניט קיין זין.

כ'דערמאָן מיך אַ פאַל, ווען אין דער בירפאַבריק האָבן זיך געפונען געפאַנגענע סאָלדאַטן פון דער געוועזענער פוילישער אַרמיי, צווישן זיי אַ סך

יידן און עטלעכע פון שידלאָווצע גופא. ביי סכנות־נפשות האָט מען די לעצטע באַזאָרגט מיט שפּייז און מיט מלבושים און דערנאָך אויך באַפרייט. אַזוי אַרום האָט מען אויסגעמיטן, אַז מען זאָל זיי אַוועקשיקן קיין דייטשלאַנד אויף אויסמאַטערונגס־אַרבעטן; די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן אין דער ריכטיקער צייט, ווייל נאָכן אַפּלויף פון עטלעכע וואָכן וואָלט דאָס שוין ניט מעגלעך געווען.

אָנהייב ווינטער 1940 האָבן מיר באַקומען גרוסן, אַז אין לאָדזש ווערט איינגעפירט אַ געטאָ. אונדזער משפחה האָט באַשלאָסן צו ברענגען דעם פעטער בנימין ראָזנבערג קיין שידלאָווצע, גלייבנדיק, אַז דאָ וועט אים בעסער זיין. כ׳האָב דעריבער געדונגען אַ פּוילישן פורמאַן, וואָס זאָל מיך אַהין פירן. דער וועג איז ניט געווען קיין לייכטער. אין לאָדזש בין איך געוואָר געוואָרן, אַז אין עטלעכע טעג אַרום ווערט איינגעפירט דער געטאָ. די יידן זיינען געווען אַרומגעגנומען מיט שרעק און טרויער. כ׳האָב געוואַנדערט איבער די לאָדזשער גאַסן, היטנדיק זיך פון גויאישקע אויגן. צופעליק האָב איך באַגעגנט יצחק מאַראָ, אַן אַ געלער לאַטע; ער האָט ניט געהאַט קיין טיפּיש־יידישן אויסזען און האָט געלעבט אויף דער אַרישער זייט. ער האָט מורא געהאַט מיט מיר צו רעדן און דעריבער האָבן מיר געהאַט אַ קורצן שמועס און כ׳בין אַוועק. אַלע מיינע אָנשטרענגונגען, אַז מיין משפחה פון לאָדזש זאָלן פאָרן מיט מיר קיין שידלאָווצע, האָבן זיך געענדיקט אָן רעזולטאַטן.

אין דער היים האָט מען זיך ווידער געראַנגלט מיט דער טאָג־טעגלעכער נויט. די יידישע באַפעלקערונג אין שידלאָווצע האָט זיך פאַרגרעסערט, ווייל ס׳זיינען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט יידן פון לאָדזש און סטאַראַכאָוויצע; צווישן די לאָדזשער האָט זיך געפונען אונדזערס אַ נאָענטע קרובה. מיר האָבן זי צוגענומען וואוינען אין אונדזער דירה.

דער נאַצישער מחבל האָט זיך ניט געזעטיקט. פּלוצלינג איז אים איינגעפאַלן צו מאַכן פאַרשיידענע אַרבעטן הינטערן שטעטל, אַזוי אַז ער האָט ווידער געפאָדערט אַרבעטס־כוחות. איך האָב זיך באַמיט אַרויסצודרייען, אָבער בכדי צו באַקומען אַ שפּייזקאַרטל האָב איך זיך געמוזט פאַרשרייבן אין דער קהילה, אַזוי אַז אין אויגוסט 1940 האָב איך זיך געמוזט צושטעלן אויף אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער נעגל־פאַבריק אויפן סאַדיקער וועג. פיל יונגע חברה האָבן פּיקטיוו חתונה געהאַט, מיינענדיק, אַז דערמיט וועט מען זיי באַפרייען פון דער אַרבעט, אָבער זיי האָבן זיך געשפּייזט מיט אילוזיעס. די מערהייט האָט מען אַוועקגעפירט.

מיר איז געלונגען זיך צו באַפרייען, ווייל דער יודען־ראַט האָט מיר געגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז כ׳בין דער איינציקער שפייזער פון דער משפחה. צוליב דער זעלבער סיבה זיינען נאָך איניקע באַפרייט געוואָרן און אַ צאָל קראַנקע. אַלע אַנדערע זיינען אָפּגעפירט געוואָרן קיין יוזעפאָוו און אָפּאָלע אויף צו טריקענען זומפּן. פון שידלאָווצע זיינען אַוועק בערך 900 יונגע יידן. פון אָפּאָלע זיינען דערנאָך אַנטלאָפן די ברידער פרידמאַן, די זין פון שואל וואַלקאָש.

די באַדינגונגען אין געטאָ האָבן גאַנץ גיך געבראַכט פאַרשיידענע קראַנקייטן. באַזונדערס פאַרשפּרייט זיינען געווען דיזענטעריע און טיפוס. ניט געווען קיין הויז, וואו עמעצער זאָל ניט זיין קראַנק. אין נטע אייזנבערגס שול און אין „הכנסת אורחים" איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַזאַ מין שפּיטאָל, וואָס האָט אַ ביסל פאַרלייכטערט די סיטואַציע, ווייל קיין מיטלען צו היילן איז כמעט ניט געווען. טאָג־טעגלעך זיינען געווען קרבנות. אויך מיין שוועסטער רייזל איז קראנק געוואָרן, אָבער דאָך איז זי מיט גרויסער מי פון אונדזער זייט אַרויס אויסגעהיילט.

פון די פאַרשיקטע אין פאַרשיידענע ערטער זיינען אָנגעקומען טרויעריקע בריוו. מען איז געלאָפן צום יודען־ראַט נאָך הילף, אָבער ער האָט גאָרניט געקענט טאָן. סוף יאָר זיינען פיל צוריקגעקומען אויסגעשעפּט, קראַנק, הונגעריק און שמוציק. זייערע אייגענע האָבן געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען, בכדי זיי צו ראַטעווען.

די אַרבעט איז וואָס אַ מאָל געוואָרן אַ שווערערע; דער אַרבעטס־לייטער ביים יודען־ראַט איז געווען דער זון פון נטע ראָזענבוים. זיין אויפגאַבע איז ניט געווען קיין לייכטע. דאָך האָבן מיר באַקומען גרוסן פון אַנדערע שטעטלעך, אַז דאָרט איז נאָך ערגער. דער בעסטער פאַקט איז געווען דער כסדרדיקער אָנקום פון יידן פון פאַרשיידענע ערטער. זיי האָבן ביי אונדז באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ און האָבן אונדז שטענדיק געטרייסט, אַז ביי זיי איז די סיטואַציע שווערער ווי ביי אונדז.

אין יוני 1941, בעת ס׳איז אויסגעבראָכן דער סאָוועטיש־נאַצישער קריג, האָבן מיר זיך געשפּייזט מיט פאַלשע האָפענונגען: מען האָט געגלייבט, אַז די רוסן וועלן די נאַצים געבן אַ שטאַרקן קלאַפּ און אַז די דייטשן וועלן האָבן מיט די רוסן צו טאָן, וועלן זיי אין אונדז פאַרגעסן.

די ווירקלעכקייט האָט געמאַכט אַ סוף צו די אַלע אילוזיעס: קודם־כל האָבן די נאַצים צעקלאַפּט די רוסן און זיי זיינען נאָך מער ווילדער געוואָרן אין זייער באַציאונג צו די יידן.

אין די דאָזיקע יוני־טעג האָבן זיך צוריקגעקערט אַ סך שידלאָווצער, וואָס זיינען אַנטלאָפן צו די סאָוועטן; זיי האָבן דערציילט, אַז אויך דאָרטן האָבן זיי ניט געלעקט קיין האָניק. געווען אַזעלכע, וואָס זיינען געווען גייסטיק צעבראָכן, ווייל זיי האָבן געגלייבט, אַז ביי די באָלשעוויקעס הערשט גערעכטיקייט, אָבער זיי האָבן זיך אַנטוישט.

די דייטשן האָבן קאָנסעקווענט געפירט זייער פאַרניכטונגס־פּאָליטיק. אין הארבסט 1941 איז אין שידלאָווצע איינגעאָרדנט געוואָרן דער געטאָ, וואָס איז ניט אָפּגעטיילט געוואָרן מיט מויערן, נאָר מיט שילדן, וואָס האָבן געוואָרנט די יידן מיט די שאַרפסטע שטראָפן, אויב זיי וועלן איבערטרעטן די אָנגעצייכנטע שטחים. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף אַלעמען, ווייל דערמיט זיינען אָפּגעשניטן געוואָרן די לעצטע קוואַלן פון פּרנסה. אין דאָרף אַריין האָט מען שוין ניט געקענט גיין. בלויז די פּאָליאַקן האָבן געקענט אַריינקומען אין געטאָ אַריין. זיי האָבן טאַקע אויסגענוצט די דאָזיקע מעגלעכקייט און פאַר די מינדסטע שפּייזפּראָדוקטן האָבן זיי ביי די יידן צוגענומען דאָס בעסטע.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָגט און באַצאָלט מיט זייערע לעבנס. אין דאָזיקן געראַנגל פאַר עקסיסטענץ זיינען פיל געפאַלן דורך די דייטשן און זייערע פּוילישע מיטהעלפערס. אויך איך בין געבליבן מיט געבונדענע הענט: מער גיין אין די דערפער און שטעטלעך האָב איך שוין ניט געקענט. דער איינציקער פּרנסה־קוואַל איז געווען די „בעקעריי". אויפן בוידעם האָבן מיר געמאָלן דאָס ביסל תבואה, וואָס מען האָט באַקומען ביי סכנות־נפשות און אין די נעכט האָט מען געבאַקן. מען האָט אויפגעציטערט פון יעדן שאָרך. דער טויט האָט געלויערט פון יעדער ווינקל.

אין שטעטל האָט געבושעוועט אַ פּוילישע באַנדע, בראש מיט פּלאָס־קאָטאָס זון. ניט איין מאָל זיינען זיי אונדז באַפאַלן און צוגענומען דאָס ברויט. אין אַ געוויסער נאַכט, ווען דער טאַטע איז געשטאַנען ביים אויוון אַ פאַרשוויצטער, האָבן די פּאָליאַקן אָנגעקלאַפּט אין טיר. דער טאַטע איז אַרויס אין דרויסן; די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע און דער טאַטע האָט זיך פאַרקילט, באַקומענדיק אַ לונגען־אָנצינדונג, און איז אין אַ פּאָר טעג אויסגעגאַנגען. דאָס איז געווען ד' סיוון 1942. פיל האָבן מקנא געווען מיין פאָטער, וואָס האָט זוכה געווען צו אַ נאַטירלעכן טויט. די מאַמע איז געל און גרוי געוואָרן.

* * *

די דייטשן האָבן זיך פאַרמאָסטן צוצושטעלן וואָס מער שקלאַפן אין דער אַמוניציע־פאַבריק פון סקאַרזשיסק. פון שידלאָווצע אַליין האָט מען אָפּגעשיקט אַהין גאַנצע אויטאָס מענער און פרויען. אויך מיין שוועסטער רייזל איז געווען פון די פאַרשיקטע. זי איז דאָרט קראַנק געוואָרן און נאָך אייניקע וואָכן איז זי צוריקגעקומען און קוים געהאַלטן זיך אויף די פיס. די בריוו, וואָס זיינען פון דאָרטן אָנגעקומען, האָבן גערעדט מיט אַ שניידיקער שפּראַך. יעדער וואָרט האָט זיך געוויקט אין טרערן און אַרויסגערופן אַ שוידער. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע דאָרטן איז אומדערטרעגלעך, אָבער מען האָט גאָרניט געקענט טאָן.

אין לויף פון דער צייט האָט זיך דער מצב נאָך מער פאַרערגערט, אַזוי אַז פיל האָבן שוין מקנא געווען די, וואָס געפינען זיך אין סקאַרזשיסק. מ׳האָט שוין אַפילו געפּרואווט אָפּקויפן געוויסע מענטשן, אַז מען זאָל פאַרשיקן קיין סקאַרזשיסק אָדער סטאַראַכאָוויצע, אָבער אָן רעזולטאַטן. מען האָט בולט געזען, אַז די נאַצישע פּעטליע הייבט זיך אָן אַרומצואוויקלען איבער אונדזערע העלדזער און פריער אָדער שפּעטער דראָט אונדז דערשטיקט צו ווערן.

אין מיטן זומער 1942 זיינען אָנגעקומען איוב־בשורות פונעם וואַרשע־ווער געטאָ. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז די אַלע פאַרשיקונגען גייען צו פאַרשיידענע מיתות משונות. מאָטל פישמאַנס איידעם, וואָס האָט געהאַט אַן אַרישן אויסזען, האָט זיך אַרויסגעגנבעט פונעם וואַרשעווער געטאָ און איז געקומען קיין שידלאָווצע און דערציילט שרעקלעכע זאַכן, וואָס האָבן אַלעמען אויפגעשוידערט. זיינע גרויליקע ידיעות זיינען געגאַנגען פון מויל צו מויל און אַלע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אויך אונדז דערוואַרט דער זעלביקער גורל.

מיין שוועסטער נאַכע און איר מאַן זיינען געווען אין וואַרשעווער געטאָ. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז זיי ביידע זיינען אומגעקומען אין די קאַמפן פון וואַרשעווער געטאָ אויף מילע 53.

און אַזוי האָט זיך דערנענטערט ראש־השנה. מ׳האָט געדאַוונט אין פּריוואַטע דירות, אָבער ס׳איז מער געווען אַ ספּאַזמאַטיש וויינען ווי דאַוונען. דער „ונתנה תוקף” איז שוין ניט געווען קיין תפילה, נאָר אַן אמתע באַשרייבונג פון טויזנטער טויטן, וואָס האָבן געדראָט יעדער יידן פון קליין ביז גרויס. פון ראָדעם און זוואָלין זיינען אָנגעקומען גרוסן, אַז דאָרטן איז שוין פאָרגעקומען די אויסזידלונג. די גרעסטע אָפּטימיסטן האָבן נאָך געהאַט פונקען פון האָפענונג, אַז מיר וועלן אויסמיידן דעם דאָזיקן שיקזאַל. אַלע האָבן אויף זיי געקוקט ווי אויף משוגעים.

די עשרת ימי תשובה זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עשרת ימי אבל; דאָס איז געווען אַ טרויער נאָכן פאַרגאַנגענעם און אויפן אָנקומענדיקן. יום־כיפור צו „כל נדרי" האָבן די געוויינען פאַרהילכט די גאַס. מען האָט זיך געוואונטשן אַ „לשנה טובה", אָבער דאָס איז אַלץ געווען מעכאַניש. קיינער האָט ניט געגלייבט, אַז מיר זאָלן נאָך איבערלעבן. אַלע זיינען געווען זיכער, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער יום הקדוש.

אַ טאָג נאָך יום־כיפור, דאָס איז געווען דינסטיק, דעם 22סטן סעפּטעמבער 1942, האָט מען נאָך געבאַקן ברויט. מען האָט אַלץ געוואָלט לעבן מיט דער אילוזיע, אַז סוכות וועלן מיר נאָך זיין אין שידלאָווצע, אָבער דער גורל האָט געהוזקט פון אונדז. דריי אַ זייגער ביי נאַכט האָבן זיך צעקלונגען די קלויסטערגלאָקן; די ידישע און די פּוילישע פּאָליציי זיינען אַריין אין אַלע ידישע הימען און אָנגעזאָגט די וויסטע בשורה, אַז ביז 8 אַ זייגער דאַרפן זיך אַלע צושטעלן אויפן שטרויענעם מאַרק. מען האָט אונדז אויך אינפאָרמירט, אַז מיר קענען מיטנעמען מיט זיך אַלע בעבעכעס.

די גאַנצע ידישע געגנט איז שוין געווען אַרומגערינגלט דורך די אוקראַאינישע און ליטווישע רוצחים. די לופט איז געווען פול מיט הימל־רייסנדיקע געוויינען פון יונג און אַלט. מען האָט אָנגעטאָן אין דער פינצטערניש די קליינע קינדער, וואָס האָבן געיאָמערט. די שכנים זיינען אַריין צו אונדז און גענומען דאָס רויע ברויט פון אויוון. די סצענעס זיינען געווען שוידערלעכע. ס'גאַנצע שטעטל איז געווען אין גיהנום, וואָס קיינער וועט ניט באַוויזן צו באַשרייבן.

עטלעכע טעג פאַר דעם האָב איך מיט יאַנקל סטאַלאַזש, טויבע די פאַרבערינס אידעם, באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ באַהעלטעניש אין אַ קעלער; דאָרטן האָבן מיר באַהאַלטן אַ ביסל ברויט, וואַסער און אַנדערע שפּייזן. אין דער „נייער דירה" האָבן זיך געפונען: די מאַמע, בידע שוועסטערס דבורה און רייזל, נאָכעס קליין מיידעלע, וואָס איך האָב פריער געהאַט אַרויסגענומען פון וואַרשעווער געטאָ און געבראַכט צו אונדז, ווי אויך יאַנקל סטאַלאַזשס משפחה.

נאָך 7 אַ זייגער האָבן מיר פון קעלער געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי, וואָס האָט זיך געטראָגן פון שטעטל. דאָס זיינען די אוקראַאינישע און ליטווישע באַנדיטן אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע און געזוכט ידישע קרבנות. יעדער יידן, וואָס זיי האָבן נאָך געטראָפן, האָבן זיי דערשאָסן. שפּעטער זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אַז איטע שטערבאַצקי, וועלכע איז צוריקגעלאָפן קיין שידלאָווצע,

בכדי אַרויסצונעמען די צירונג פון איר היים, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. שידלאָווצע איז געוועז באַליגט מיט יידישע מתים.

אונדזער קעלער איז געוועז אַן אמתער עמק־הבכא. צוזאַמען מיט אונדז האָט זיך אַריינגעצויגן דער פּיין פון אַלע פּיינען. מיר האָבן דאָ אָבסערווירט, וואָס ס׳טוט זיך אין דרויסן און די בילדער זיינען געלאָפן, ווי אין אַ קאָשמאַר־ריקן פילם. דורך אַ שפּאַלט האָב איך געהערט, ווי שואל וואַלקאָש קראַנקע פרוי, וועלכע האָט ניט געקענט גיין אויפן שטרוימאַרק, האָט זיך געבעטן ביים ליטווינער צו האָבן רחמנות, אָבער ער האָט זי גלייך דערשאָסן.

אַרום אַכט אַ זייגער איז אין שטעטל געוואָרן שטיל, ווי אויף אַ בית הקברות. מיר אין קעלער האָבן געמיינט, אַז מיר זיינען די איינציקע יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן, אָבער שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בערך דריי הונדערט יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער.

פינף אַ זייער האָבן מיר געזען אַדורכפירן יידן הינטער פּלאַסקאָטאַס גאָרטן. מ׳האָט זיי געשלאָגן. די געוואַלדן זיינען געגאַנגען עד לב השמים. ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז די וואַגאָנען האָבן ניט אַלעמען געקענט אויפנעמען, אַזוי אַז אַ העלפט האָט מען געפירט צו דער באַנסטאַציע און די צווייטע צום זאַמעק.

ביי נאַכט האָט מיך מיין מאַמע געבעטן אַריינצוגיין צו אונדז אין שטוב אַריין, בכדי צו ברענגען עטלעכע חפצים און אַ ביסל וואַסער, אָבער אין שטוב איז שוין גאָרניט געווען, בלויז פעדערן האָבן אַלץ באַדעקט. דאָס האָבן די פּאָליאַקן אַלץ אויסגערויבט.

אונדזער פאַרבינדונגס־שליח איז געוועז יאַנקל סטאַלאָזשס יינגעלע מיטן אַרישן אויסזען. אים האָבן מיר אַרויסגעשיקט און ער האָט אונדז געבראַכט פאַרשיידענע ידיעות. ער האָט אונדז דערציילט, אַז די יידן זיינען אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקן קאָרדאָן פון עס־עסאָווצעס; פאַר אַ ביסל וואַסער צאָלט מען טויזנטער זלאָטעס. דעם דריטן טאָג האָט מען זיי אָפּגעשיקט, אָבער הונדערטער זיינען געבליבן טויטע, פשוט אויסגעשעפּט געוואָרן דורך די ליידן אין דאָזיקן גיהנום אויף דער ערד.

אין קעלער האָט אונדז אַלעמען איינגעהילט שרעק און שוידער; די מאַמע האָט געוויינט און געהאַט טענות, פאַר וואָס מיר זיינען ניט געגאַנגען צו די וואַגאָנען גלייך מיט אַלע יידן. איר מורא איז געוואַקסן, ווייל פּאָליאַקן פלעגן נישטערן אומעטום און אָפט געווען נאָענט צום קעלער.

די יידישע פּאָליציי איז אַרומגעגאַנגען איבער די הייפן און געשריען:

קומט אַרויס פון די באַהעלטענישן, ווייל מען וועט קיינעם ניט באַשטראָפן! דאָס רופן פון דער פּאָליציי האָט געהאַט אַ ווירקונג; פיל זיינען אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן. מיר האָבן ניט געוואָלט אַרויסגיין, אָבער פּאָליאַקן האָבן אויסגעפונען אונדזער קעלער. זיי האָבן געפאָדערט פון אונדז אַלץ זיי אַוועקצו־געבן און צוגעזאָגט אונדז ניט צו מסרן. זיי האָבן אָבער זייער צוזאָג ניט געהאַלטן און גלייך געבראַכט די ס״ס, וואָס האָבן ניט געשאָסן און ניט געשלאָגן, נאָר אונדז אַריבערגעפירט אין פינקערטס בלאָק, וואו ס׳איז געווען דער אַלטער טאַרטאַק. דאָרט האָבן מיר געטראָפן פיל אַחים לצרה, עטלעכע הונדערט יידן, די מערהייט שידלאָווצער. זייער אויסזען איז געווען שרעקלעך. זיי האָבן קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס.

ס׳איז אָנגעקומען אַן אויטאָ מיט דייטשן. מען האָט געזאָגט, אַז פאַר טויזנט זלאָטעס וועט מען יעדן נעמען קיין סטאַראַכאָוויצע. דער ענין האָט אָבער ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג. קיינער האָט ניט געגלייבט אין דעם. מען איז געווען זיכער, אַז דאָס איז אַן אָפּנאַרעריי. דאָ זיינען מיר געווען, ביז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש צום טויט.

ס׳זיינען אָנגעקומען 20 פויערישע וועגעלעך, באַוואַכטע מיט אויסגע־פּאַשעטע ס״ס, באַוואָפנטע איבער די ציין. במשך פון אַ האַלבער שעה האָבן מיר אַלע געמוזט אַרויספאָרן. די קראַנקע און אַלטע האָט מען אַוועקגעלייגט אויף די וואָגנס. מיר האָבן זיך געלאָזן אין דער ריכטונג פון סקאַרזשיסק.

דאָס איז געווען מיין לעצטער בליק אויף דער היימשטאָט. אין האַלדז האָבן מיר געשטיקט טרערן. כ׳האָב מיך געשעמט אויפצוהייבן דעם קאָפּ און אַ בליק טאָן אויף מיין מאַמען, אויף מיין שוועסטער און אויפן גאַנצן אַרום. אַלץ האָב איך געפילט זינקט אונטער מיר און דער עיקר — דער מענטשלעכער מין, וואָס האָט פאַרלוירן זיין ווערט. אין שטעטל איז בלויז געבליבן די פּאָליציי, בערך עטלעכע פופציק יידן, צווישן זיי: יצחק מילשטיין, אברהם שאַדמאַן, נטע ברויטמאַן.

די סקאַרזשיסקער יידן האָבן שוין געוואוסט פון זייער און אונדזער גורל: די געבראַכטע קרבנות האָט מען איינגעקוואַרטירט אין שול און אין פּריוואַטע וואוינונגען. די נאַכט איז קיינער ניט געשלאָפן. די געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט: פינף פאַר טאָג איז דער געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן און ביז זיבן אַ זייגער האָבן זיך אַלע געמוזט צושטעלן צום מזבח, וואָס האָט ביים ברוינעם משחית געהייסן „אומשלאַגספּלאַץ". דער מלאך־המות האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט. די סעלעקציע־אָנפירערס האָבן אויסגעקליבן אַ הונדערט

פופציק גוט־אויסזעענדיקע מענער און פרויען. פון אונדזער משפחה האָט קיינער ניט געהאַט דעם זכות צו געהערן צו דער דאָזיקער גרופּע.

פון דער ווייטנס האָב איך געזען, ווי מ׳פירט צו די וואַגאָנען פון טויט אַ גרופּע שידלאָווצער; צווישן זיי האָב איך דערקענט חנה מאַראָ (די שוועסטער פון יצחקן, וואָס ב׳האָב פריער דערמאָנט).

געציילטע מינוטן פאַרן אָפּפירן אונדז אין די וואַגאָנען האָט מיין מאַמע זיך צעוויינט און געפאָדערט פון מיר, אַז כ׳זאָל זיך פּאַראייניקן צו דער סעלעקציאָנירטער גרופּע, וואָס מען פירט אין לאַגער אַריין: זי האָט גערעדט, ווי ניט מיט איר שפּראַך: „זאָל כאָטש איינער פון אונדז בלייבן לעבן. שטיי ניט, זון מיינער, גיי מיט זיי!". דערצו איז נאָך צוגעקומען דער שרעקלעכער געוויין פון נאָכעס קליין קינד. די דאָזיקע קלאָגערייען האָבן אין גאַנצן פּאַראַליזירט מיין דענקען. ס׳האָט זיך בלויז איינגעקריצט אין מיין זכרון און איז געבליבן לעולם ועד. כ׳בין אַוועק פון די וואַגאָן־פּאַראורטיילטע און אַנטלאָפן צו די לאַגער־סעלעקציאָנירטע. נאָך מיר איז געלאָפן מיין שוועסטער רייזל. קיינער האָט ניט באַמערקט און קיינער האָט ניט רעאַגירט.

זייענדיק צווישן די „גליקלעכע", האָב איך נאָך באַוויזן צו וואַרפן אַ



בעת אַן „אַקציע" אין געטאָ.

בליק אויף מיין מאַמען, שוועסטער דבורה און נאָכעס קינד. 11 אַ זייגער האָט געריַרט דער טויטנצוג. דאָס איז געווען שמחת תורה. שוין איין מאָל אַ שמחה.

* * *

אין סקאַרזשיסקער לאַגער האָט מען אונדז פונאַנדערגעטיילט אויף פאַרשיידענע אַרבעטן. רייזלען האָט מען געשיקט אין ווערק „צע״. ווי אַ מאָלער האָט מיך דער וואַכפירער האַס מיט זיין יידישן געהילף יאַקאָב אויסגעקליבן צו בלייבן אין ווערק „בע״. דאָרט האָב איך געטראָפן חיהלע פרידמאַן, פייגע און לאה שוואַרצפינג, שמואל יאַנקלס איינקלעך. כ׳האָב באַלד זיך אָנגעהויבן סטאַרען, אַז מען זאָל אויף מיין ווערק ברענגען רייזלען, אָבער ס׳איז נישט געגאַנגען. כ׳בין געוואָר געוואָרן, אַז זי איז באַשעפטיקט ביי דער שווערסטער אַרבעט — ביי פיקרין — אַ גאַז אַזעלכער, וואָס פרעסט לעבעדיק דעם אַרבעטער, אָבער דאָך איז זי ניט געשטאָרבן מיט איר נאַטירלעכן טויט — די ברוינע קאַניבאַלן האָבן זי דערשאָסן. דאָס בין איך געוואָר געוואָרן אין אַ חודש אַרום. דאָס דערשיסן רייזלען האָט מיך אין גאַנצן אויפגעטרייסלט. אינסטינקטיוו האָב איך געפילט, אַז כ׳בין שוין דער איינציקער פון דער משפחה, וואָס איז געבליבן אין די הענט פון משחית.

מיין אַרבעט איז געווען ביי טראַנספּאָרט: כ׳האָב געדאַרפט אויפלאָדן און אָפּלאָדן משאות. מיין איינציק גליק איז געווען, וואָס כ׳האָב זיך געפונען אונטער דער לייטונג פון אַ פוילישן מייסטער, וועלכער האָט דאָ געאַרבעט פאַר דער מלחמה. ער האָט געהייסן לאַסקאָווסקי. אין דאָזיקן גיהנום איז ער געווען אַ מלאך. אים האָב איך פיל צו פאַרדאַנקען מיין איבערלעבן.

די מערהייט האָט געאַרבעט ביי אַמוניציע, וואו די מייסטערס זיינען געווען חיות אין מענטשלעכע געשטאַלטן. כ׳געדענק נאָך איניקע נעמען: לײדיק, שטיין, קראַנער, מעשנער, פּאַוולאָווסקי מיט זיין זון און הערינג. די געפערלעכסטע פון זיי זיינען געווען לידיק און שטיין. ס׳איז געווען אַ מורא צו קוקן אויף זייערע קרבנות: לעבעדיקע מתים, אויסגעלאָשענע אויגן, איינגעפאַלענע ברוסטן; אַלע האָבן געמוזט אויסאַרבעטן אַ נאָרמע — ניט שטענדיק איז זי דערגרייכט געוואָרן און דערפאַר האָבן זיי באַקומען מערדערישע קלעפּ.

אָנגעפירט מיטן לאַגער האָט דער וואַכפירער האַסאַ. יעדער טאָג איז ער געקומען מיט זיין הונט און געגעבן באַפעלן. די קאָמענדאַנטן זיינען געווען יאַקאָב, זיגמונט און אַ מיידל פון סוכעדניעוו ביי קעלץ, רענע האָט מען זי

גערופן. דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי איז געווען אַ געוויסער יערמעלאָוו פון ראַדעם. דער לעצטער און דער זיגמונט זיינען געווען גרויל־פאַרשווינען. אויך זיי האָבן געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס.

דער לייטער פון מיין אָפּטייל איז געווען יאַקאָבס צוקונפטיקער שווער, אַ געוויסער ווייצהענדלער פון סקאַרזשיסק — אַ נאַצישער רוצח, וואָס איז געווען צו אונדזער ווייטיק פאַרקערפּערט אין אַ ייד. נאַטירלעך, אַז יעדער האָט אים געהאַסט און געזוכט פּטור צו ווערן פון דאָזיקן יידישן מערדער.

ווינטער האָב איך געאַרבעט ביים אויסלאָדן קאַרטאָפל. לאַסקאָווסקי האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק, ווי איך האָב „אָרגאַניזירט" (געגנבעט) עטלעכע קאַרטאָפל. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, אָבער דער דראַנג צום לעבן איז אַזוי גרויס, אַז אַפילו דער טויט שרעקט ניט.

ס'איז אויך געווען אַ פאַל, אַז אַן אוקראַאינישער רויבפויגל האָט באַמערקט ווי כ'האָב געגנבעט. ער האָט מיך פאַרהאַלטן און געוואָלט פירן צו די דראָטן, אָבער כ'האָב זיך געווערט, ווייל דאָס באַטייט אַ זיכערער טויט, מחמת יעדע דערנענטערונג צו יענער זאָנע גיט אַ רעכט דעם וואַכמאַן צו שיסן. ער האָט ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו פירן צום וואַכהויז, וואו מען האָט מיך מערדערלעך צעשלאָגן, אָבער דאָס האָט גאָרנישט אָפּגעשראָקן און מ'האָט ווייטער „אָרגאַניזירט" וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט.

דער מצב איז געוואָרן נאָך ערגער, ווען די לאַגער־פירערס האָבן צוגעטראַכט אַ נייעם אויסראָט־מיטל: אַוועקפירן גרופּעס קאַצעטניקעס אין שכנותדיקן וואַלד און זיי אויסשיסן.

און אויף מיר און נאָך חברה פון לאַסקאָווסקיס אָפּטייל איז געפאַלן דער ביטערער שיקזאַל צו ווערן די באַגרעבערס. במשך פון געציילטע שעהען האָבן מיר געמוזט מאַכן גריבער. מיר זיינען באַוואַכט געוואָרן פון די אוקראַאינישע רויב־חיות, וואָס האָבן מיט קלעפּ אונדז געצוואונגען צו מאַכן גיך די „אַרבעט". דערנאָך האָבן זיי צוגעיאָגט די קרבנות צו די גריבער און זיי דערשאָסן. ביי איין „אַקציע" אַזאַ האָב איך דערקענט מרימל פרידמאַן און ביילע באַרקעס אַ זון.

די דאָזיקע „אַרבעט" האָט מיך אין גאַנצן צעטרייסלט. אין שלאָף זיינען מיר געקומען צו חלום די עלנטע געשטאַלטן פון די דערמאָרדעטע. ס'זיינען מיר ניט באַקומען אַפילו די וואָסערדיקע זופּן. כ'האָב אויפגעהערט צו „אָרגאַני־זירן" אַפילו ביי די בעסטע געלעגנהייטן. כ'בין אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, געמיינט, אַז איצט עקט זיך אַלץ.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך געווילדעוועט דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, דער ראַדעמער אַכזר יערמעלאָוו, וואָס מען האָט גערופן „דער קליינטשיקער שלעגער". אין מיין צעוויטיקט געמיט האָט געברויזט דער צאָרן אויף אים, ווי אַזוי אַ ייד קען פריוויליק אַזוי שלעכט זיין און פייניקן זיינע ברידער. אָבער אויך דאָס האָט ניט געדויערט אייביק און איין טאָג האָט מען אים באַזייטיקט און אַוועקגעשיקט אַרבעטן ביי אַמוניציע. אין איניקע וואָכן האָבן מיר אים געזען אין אַ חושכדיקן צושטאַנד, שווער געווען אים צו דערקענען. ער האָט שוין בכלל ניט געהאַט קיין פּנים פון קיין מענטש.

די זעלבע נקמה האָבן מיר אויך דערלעבט אינעם אויפזעער ווייצ־הענדלער, וועלכער איז געווען אַ סאַדיסט; אויב ער האָט זיך פאַרלייגט אויף עמעצן, איז יענער שוין ניט אַרויס קיין לעבעדיקער. אַלע האָבן פאַר אים געציטערט. איך האָב זיך באַראַטן מיט לאַסקאָווסקין, ווי אַזוי אים אומשעדלעך צו מאַכן און ס'האָט זיך אונדז איינגעגעבן אים משלח צו זיין אין ליידיקס אמוניציע־אָפּטייל. דאָרט איז ער גיך געוואָרן אַ צעבראָכענער, כמעט אַ מת. אין מאָל האָט ער זיך צוגעשאַרט צו אונדזער אָפּטייל און געוויינט. כליפּענדיק האָט ער געפרעגט: „האָב איך דען עמעצן שלעכטס געטאָן?". כ'האָב זיך שוין ניט געקענט באַהערשן און אים געענטפערט, אַז ער זאָל דאַנקען גאָט, וואָס מיר האָבן אים אַוועקגעלאָזט אַ לעבעדיקן, ווייל פאַר זיינע מעשים האָט מען אים געדאַרפט אויפהענגען.

מיט אונדז צוזאַמען איז אויך געווען אהרן שיכטער, אַן אַקטיווער טוער פונעם „בונד" אין שידלאָווצע. סוף 1943 האָט מען אים פאַרשיקט צו די פּיקרין־אַרבעטן אין ווערק „צע". ער האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דער אונטערערדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט אים אַריינגעשיקט געלט אין לאַגער אַריין, בכדי זיך בעסער צו באַשפּייזן און אויך טיילן פאַר אַנדערע סאָציאַליסטישע טוערס. מיר האָבן טאַקע געמערקט, אַז זיין אויסזען בעסערט זיך. פונדעסטוועגן מוז מען זאָגן, אַז אין פאַרגלייך מיט אַנדערע איז ער געווען אַ העלד. אין 1944 איז ער אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין. דאָרט איז ער געפאַלן אַ קרבן פון אַ נאַצישער קויל, צו גלייך ווי פיל אַנדערע פון זיינע חברים.

אין 1944 זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן די נצחונות פון די רוסן און פון די אַליאירטע אַרמייען. די דאָזיקע נייעס האָט אונדז אַ ביסל געשטאַרקט.

אין יולי 1944 האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פונעם לאַגער:

מען האָט אָנגעהויבן אַרויסשיקן טראַנספּאָרטן קיין דייטשלאַנד און טשענסטאָ־כאָוו. מיין טראַנספּאָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ראַדאָמסק. דאָרטן האָב איך געטראָפן שמואל פרידמאַן און משה קופּערבערג. מען האָט אונדז געפירט אויף אַן אָרט, וואו מיר האָבן געמאַכט אָקאָפּעס, בכדי צו שטערן דעם פאָרויסמאַרש פון די רוסן. דריי טעג האָבן מיר דאָרט געאַרבעט.

און אַזוי האָבן זיך דערנענטערט די קורצע און קילע אלול־טעג. ניט געקוקט אויף אַלע צרות, האָבן מיר געוואוסט ווען ס׳איז ראש השנה. אין אַ שטאַל, וואו מען האָט אונדז געבראַכט נאָך דער אַרבעט, האָבן מיר אַלע זיך צוזאַמענגעקוועטשט און שטילערהייט נאָכגעזאָגט תפילות, וואָס עפּעס אַ רב האָט אונדז געזאָגט פון אויסנווייניק. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט יום כיפּור. ס׳איז געווען אַ שטיל געוויין אָנשטאָט דאַוונען. מיר האָבן ניט געוואוסט ווענען מזכיר צו זיין: די טויטע אָדער די, וואָס לעבן נאָך אין דאָזיקן גיהנום.

אין נאָוועמבער האָבן מיר פאַרענדיקט די פאַנצערגרובן און די אָקאָפּעס. בערך 500 מאַן האָט מען געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו און אַנדערע קיין לייפּציג. מיר האָבן געאַרבעט אין דער „טשענסטאָכאָוויאַנקע״. איך בין ווייטער געווען אין לאַסקאָווסקיס גרופּע, אַזוי אַז מיר האָבן גלייך אויפ־געשטעלט אַ מילכל אויף צו מאָלן קאַרטאָפל.

אָבער אויך דאָ זיינען מיר לאַנג ניט פאַרבליבן: די רוסן האָבן געברענט די טריט פון די נאַציס. פון דאַנען האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די עוואַקואַציע קיין דייטשלאַנד. יעדער טאָג זיינען אָפּגעפאָרן גרופּעס. מיר זיינען דערווייל געווען פאַרשפּאַרט אין אַ באַראַק. דאָרט איז אויך געווען אַ שפּיטאָל. ביי מיינע באַזוכן האָב איך באַגעגנט אין אַ האַלב־טויטן צושטאַנד מיין בן עיר יחיאל שטאַרק. כ׳האָב אַלץ געטאָן, בכדי אים צו ראַטעווען, אָבער עס איז געווען אומזיסט. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ געשאָכטענע טויב.

במשך פון צוויי טעג איז ליקווידירט געוואָרן אונדזער לאַגער און אַ העלפט איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט באַקאַנטע ייִדישע פּאָליציי־לייט — בענדעט קאָצס ברודער און זון. צו הונדערט מאַן האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנעס, שטרענג באַוואַכט דורך די אוקראַאינישע קאַניבאַלן. דאָס איז געווען דעם 16טן יאַנואַר 1945. ס׳האָט געדויערט גענוג ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין גלייוויץ.

פון דאָרטן האָט מען אונדז געבראַכט קיין בוכנוואַלד, וואו איך האָב געטראָפן די שידלאָווצער ברויטמאַן, ראובן שאַדמאַן, משה קופּערשמיט און אַנדערע. אין בוכנוואַלד איז אויך געווען דער ייִדישער פּאָליציאַנט בענדעט

קאַצס ברודער. נאָך אַ משפט האָט אים די יידישע ווידערשטאַנד־גרופּע פאַר־אורטיילט צום טויט פאַר זיינע בלוטיקע מעשים. זיין פלימעניק האָט אים געוואָלט פאַרטיידיקן, אָבער אויך ער איז געפאַלן אַ קרבן. די נאַציס האָבן זיך ווייניק אינטערעסירט מיט די לעבנס פון זייערע באַהעלפערס. אין בוכנ־וואַלד האָט זיך שוין בולטער געוויזן די יידישע אָרגאַניזירטקייט. זי האָט אָבער אַרומגענומען אַ באַגרענעצטע שיכט קאַצעטלערס.

צען טעג בין איך געווען אין בוכנוואַלד. פון דאָרט האָט מען מיך געשיקט אין לאַגער דאָראַ, וואו כ׳האָב געאַרבעט אין דער אַמוניציע־פאַבריק, וואָס האָט פּריער פּראָדוצירט די געהיימע וואָפן „פאַו 1 און 2״. איצט איז ניט געווען דאָרט וואָס צו טאָן, האָבן די ברוינע חיות זיך אויסגעזוכט אַן „אַרבעט״ פאַר אונדז צו טראָגן שטיינער פון איין זייט צו דער צווייטער.

צוליב די אָפטע באָמבאַרדירונגען פון די אַליאירטע און זייער דערנענ־טערן זיך צו בוכנוואַלד האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין וואַגאָנעס און געפירט אין דער ריכטונג פון בערגן־בעלזן.

דאָס איז געווען דעם 2טן אַפּריל. די טעג זיינען געווען קאַלטע, באַזונדערס די נעכט. די וואַגאָנען זיינען געווען אָפענע. די כוחות זיינען שוין געווען די לעצטע. מען איז שוין געווען אין גאַנצן אויסגעשעפּט. ווי אַזוי מיר האָבן נאָך געלעבט, איז שווער צו פאַרשטיין. אַ סך זיינען טאַקע געשטאָרבן און פאַרשטאַרטע מיט אויפגעריסענע אויגן זיינען זיי געבליבן שטיין צו־געקוועטשטע צווישן די לעבעדיקע, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין אָרט אויף צו פאַלן. די טויטע האָבן אונדז ניט געשראָקן. ס׳איז ביי אונדז געוואָרן אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. די צורות זיינען געווען מאָדנע אויסגעקרימט, פאַר־גליווערטע — זיי האָבן אָפט מאָל געהאַלטן די הענט אויף אונדזערע קערפּערס.

דער קאַצעט בערגן־בעלזן איז געווען איבערפולט פון ברעג צו ברעג. אונדז האָט מען אַרויסגעיאָגט אויף ביידעמער פון בעטאָן. וועגן באַשפייזן האָט מען אַפילו ניט געקלערט. געאַרבעט האָט מען שוין ניט. דער טויט האָט דאָ געהאַט זיין אמתן שניט. מיר זיינען געגאַנגען איבער מתים. אויך גראָז איז דאָ געווען שפּייז. דאָ איז ניט געווען קיין גאָט און געהערשט האָט דער טייוול: מענטשן האָבן ביסלעכווייז פאַרלוירן דעם צלם אלוקים, אָבער פאַראורטיילן דאַרף מען קיינעם ניט; צו גרויס איז געווען דער נסיון פאַרן מענטשלעכן באַשאַף אין קאַמף פאַרן שטיקל לעבן.

סוף־סוף האָט געשלאָגן די לאַנג־באַגערטע שעה: ענגלישע טאַנקען זיינען אַריין אין לאַגער. מיט שטורעם זיינען אָנגעקומען זייערע טאַנקען און

צעריסן די דראָטן, וואָס האָבן אונדז אַרומגערינגלט: מיט דעם האָבן זיי אויך צעריסן אונדזער לאַנגיעריקע שקלאַפעריי. דאָס איז געווען דער משיח, וואָס האָט מחיה מתים געווען, ווייל יעדער פון אונדז איז געווען אַ טויט־פאַר־אורטיילטער.

יוסף פרידענזאָן

# חסידישער אונטערגרונט אין שידלאָווצע

## מאַטים און די „מאַטיסאָווצעס"



אין די געטאָס פון פוילן, אין וואַרשע, אין קראָקע און אין פיל אַנדערע שטעט איבער דער לענג און ברייט פון אַ״ג „גענעראַל גואווערנעמענט" זענען אין די יאָרן 1941־1942 פּאָפּולער געוואָרן רעליגיעזע יוגנט־גרופּעס, וואָס די גאַס האָט זיי אָנגערופן „מאַטיסאָווצעס". דאָס זענען געווען גרופּעס פון יונגע חסידישע בחורים, וואָס האָבן אויף זיך גענומען ווידערצושפּעניקן דעם נאַצישן רעזשים און צו בלייבן אַזוי אָפּגעהיטן אין זייער ייִדישקייט, ווי אין די אַלטע צייטן.

די דייטשן האָבן פאַרבאָטן דאָס פאַרזאַמלען זיך פון ייִדן, און במילא זענען אין נאַצי־אָקופּירטן פוילן געשלאָסן געוואָרן אַלע חדרים, ישיבות, בתי מדרשים און חסידים־שטיבלעך. אָבער די „מאַטיסאָווצעס" האָבן אָרגאַניזירט זייערע אייגענע שטיבלעך און בתי מדרשים און ווייטער געלערנט טאָג און נאַכט תורה.

די דייטשן, ווען זיי האָבן געכאַפּט אַ יונגן ייִדישן בחור מיט באָרד און פּיאות, האָבן זיי זיך איבער אים איזדעקעוועט מיט דער גרעסטער מאָס אכזריות: געשניטן די בערד און געריסן די פּיאות ביז בלוט. אָבער די „מאַטיסאָווצעס" האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן. מיט אַ געוואַלדיקער טראַציקייט האָבן זיי ווייטער זיך געלאָזן וואַקסן זייערע בערדלעך און פּיאות.

די דייטשן האָבן זיך באַמיט צו מאָביליזירן אַלע יידישע יוגנטלעכע צו דער אַרבעט פאַר זייער קריג־אינדוסטריע. נאַטירלעך, האָט די יידישע יוגנט ניט געוואָלט אַרבעטן פאַר די דייטשן, אָבער אָרעמקייט, נויט און די סכנה געכאַפּט צו ווערן דורך די רוצחים האָבן זיי געצוואונגען צו פאַרשרייבן זיך אויף אַרבעט. ניט אָבער די „מאַטיסאָווצעס". פון זייערע „קאָמאַנדירן" האָבן זיי באַקומען דעם באַפעל, אַז זיי דאַרפן זיך פרייוויליק קיין מאָל ניט שטעלן צו דער אַרבעט. פאַר די נויטן פון יחיד וועלן שוין זאָרגן די אַנדערע חברים „מאַטיסאָווצעס".

די דייטשן האָבן שטרענג גוזר געווען אויף אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס, אָבער די „מאַטיסאָווצעס" האָבן אין געהיים אָנגעפירט מיט אַ קאָנספּיראַטיווער אָרגאַניזאַציע; מיט פאַרבינדונגען און קאָמוניקאַציעס צווישן אָרט און אָרט; מיט קאָמאַנדעס און באַפעלן; מיט ווערבירן נייע אָנהענגערס און שאַפן נייע קעמערלעך; מיט זאַמלען פאָנדן פאַר אַלײנהילף און פאַר פאַרלאָזטע אַלטע אָדער קראַנקע, אויף וועמען קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט.

די „מאַטיסאָווצעס", הגם זיי זענען געווען אַ המשך פון די חסידישע בחורים, וואָס זענען פאַר דער מלחמה געווען קאָנצענטרירט אין די גערער שטיבלעך, זענען געווען אַ נייער מין באַוועגונג. דער נאָמען „מאַטיסאָווצעס" איז זיכער געווען אַ שפּאָגל נייער און פונדעסטוועגן זענען זיי גאָר גיך פּאָפּולער געוואָרן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן באַוואונדערט זייער מוט און מסירת־נפש, זייער פרומקייט און עקשנות צו האַלטן זיך ביי יידישקייט אין אַזאַ אומגעווייגלעך־געפערלעכער לאַגע. געווען אַנדערע, וואָס האָבן אין האַרצן פון זיי געחוזקט: „זעט נאָר אַ משוגעת, גראָד אין אַזאַ צייט זיך צו לאָזן וואַקסן באָרד און פּיאות און צו זיצן און לערנען און ריזיקירן מיטן לעבן". אַנדערע האָבן פשוט געהאַט רחמנות אויף די דאָזיקע „בטלנים". אָבער גלייכגילטיק האָט קיינער צו זיי ניט געקענט בלייבן. פאַר פריינד און פאַר אָפּלאַכערס זיינען זיי פּאָרט געווען אָריגינעל און מיסטעריעז. און אַזוי איז די באַוועגונג פון די „מאַטיסאָווצעס" געוואָרן אַ שם־דבר.

* * *

כאָטש די „מאַטיסאָווצעס" זענען גיך געוואָרן פּאָפּולער, זענען נאָר געווען יחידים, וואָס האָבן געוואוסט פון וואַנען עס קומט צו זיי דער נאָמען. אין וואַרשע און אין קראָקע, אין מיעכאָוו און אין פּינטשעוו און אין צענדליקער אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וואו די „מאַטיסאָווצעס" זענען געווען טעטיק,

האָט כמעט קיינער ניט געוואוסט אויף וועמענס נאָמען, אָדער נאָך וועמענס נאָמען, די חסידישע בחורים האָבן זיך מיט אַ מאָל גענומען רופן „מאַטי־סאָווצעס".

דער איינציקער אויסנאַם איז געווען שידלאָווצע. פאַר שידלאָווצער יידן איז דער נאָמען ניט געווען קיין רעטעניש. זיי האָבן געוואוסט, אַז אָט די בחורימלעך רופן זיך אויפן נאָמען פון זייער מיסטעריעזן „קאָמענדאַנט" מאַטיס געלמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „מאַטיס ווינער". אָט דער מאַטיס איז געווען אַ שטעטלשער איידעם און די לעצטע פאַר יאָר פאַר דער מלחמה האָט ער געוואוינט אין שידלאָווצע.

ווער איז געווען אָט דער מאַטיס געלמאַן? ווי קומט ער קיין שידלאָווצע? און ווי איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן דער קאָמענדאַנט פון אַזאַ אַרמיי, וואָס האָט זיך אַזש אָנגערופן אויף זיין נאָמען? פון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען דער כוח צו ווערן דער קאָמענדאַנט פון אַ רעוואָלוציאָנערער אַרמיי פון הונדערטער יונגע בחורים, וועמען ער האָט באַגייסטערט, כאָטש אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן פון אים פריער קיין מאָל ניט געהערט און קיין מאָל אים אפילו אויך שפּעטער ניט באַגעגנט?

עס איז שווער צו ענטפערן אויף אַלע פראַגן, ווייל צום גרויסן טייל איז מאַטיס געבליבן אַ מיסטעריע און אַ סך סודות האָט ער מיט זיך מיט־גענומען אין זיין אומבאַקאַנטן קבר.

וואָס מיר ווייסן יאָ איז בלויז, אַז ער האָט אָנגעהויבן זיין יוגנטלעך לעבן מיט אַ רעוואָלט קעגן זיינע עלטערן, און גראָד אַ פאַרקערטן רעוואָלט ווי אַנדערע יידישע יוגנטלעכע צו יענער צייט. דער רוב יידישע יוגנטלעכע אין יענע יאָרן האָבן רעוואָלטירט קעגן דער פרומקייט און געצוימטקייט אין זייער עלטערן־הויז און געשטרעבט צו „פרייהייט". מאַטיס אָבער האָט דורכגעמאַכט אַ פאַרקערטע רעוואָלוציע. ער איז געבוירן געוואָרן אין ווין ביי אייראָפּעאיזירטע מאָדערנע עלטערן. זיין פאָטער האָט מאַטיסן ניט געשיקט אין קיין „חדר", נאָר גראָד אין אַ מאָדערנער ווינער גימנאַזיע, וואו מאַטיס האָט זיך אויסגעצייכנט אין דייטש, אין פראַנצייזיש, אין מוזיק און אין ספּאָרט. אָבער מאַטיס האָט אויסגעזוכט אַן אַנדער וועג. דאָס ליכטיקע אייראָפּע האָט אים ניט געלאָקט. די פרייהייט איז אים ענג געוואָרן, און ווי נאָר ער איז אויפגעוואַקסן, האָט ער זיך אָפּגעקערט פון זיינע מאָדערנע עלטערן און געוואָרן אַ פרומער, גאָטס־פאַרכטיקער בחור.

ווי אַזוי די דאָזיקע איבערקערעניש איז געקומען — וועגן דעם זענען פאַראַן פאַרשיידענע ווערסיעס.

איין ווערסיע דערציילט, אַז זייענדיק אין גימנאַזיע, האָט אים אַ שול־חבר באַליידיקט מיט אָנרופן אים „שמוציגער יודע". ס'איז גראָד געווען נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט (מאָטיס איז דאַן בלויז געווען 16 יאָר) און אַ סך ווינער גויים האָבן שוין דעמאָלט גענומען בליקן מיט בענקשאַפט צו היטלערן, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו פאַראייניקן עסטרייך מיט „גרויס־דייטשלאַנד". דער אַנטיסעמיטיזם האָט דאַן אָנגעהויבן שטאַרק בושעווען און יידישע קינדער אין גויאישע גימנאַזיעס זענען געווען די ערשטע דאָס צו דערפילן.

מאָטיס (אָדער ווי מען האָט אים דאַן גערופן אין ווין „מאטי") איז פון דעם פּאַטש געוואָרן אַזוי צעבראָכן, אַז ער האָט זיך געשעמט אַהיימצוגיין. ער האָט גענומען וואַנדערן איבער די ווינער גאַסן און על פּי צופאַל צוגעקומען צום ווינער באַנהויף, וואו ער האָט באַמערקט אַ גרויסן עולם יידן. די דאָזיקע יידן האָבן אָפּגעוואַרט דעם וועלט־באַרימטן לובלינער רב הרב מאיר שפּירא. דער לובלינער איז, כידוע, געווען באַשאָנקען מיט אַזאַ הדרת־פּנים און זיין אויסזען האָט אַזוי באַצויבערט, אַז אויך דער יונגער „מאטי" האָט זיך גענומען שטופּן צווישן עולם צו באַגריסן דעם „פּאָלנישען ראַבינער". לויט דער דאָזיקער ווערסיע, איז דער יונגער „מאטי" צוגעגאַנגען צום לובלינער רב און אים געפרעגט: הער ראַבינער, איך האָב אַ פראַגע — ווי קומט עס, אַז די גויים רופן אונדז שמוציקע יידן? דער לובלינער רב האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אין האָטעל. דער אינהאַלט פונעם שמועס פון לובלינער רב מיט דעם יונגן ווינער סטודענט איז ניט באַקאַנט, אָבער וואָס מען ווייס יאָ איז, אַז מאטי האָט זיך פאַרשריבן אין דער „יוגנט־גרופּע" פון אגודת ישראל אין ווין, וואו מען האָט אים געלערנט אלף־בית, דאַוונען און חומש מיט גמרא, און אַז ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און „מאָטי" איז אַוועק לערנען אין דער לובלינער ישיבה, וואו מען האָט אים טאַקע אַ נאָמען געגעבן „מאָטיס ווינער".

איניקע יאָר האָט מאָטיס ווינער געלערנט אין לובלין. אויף די ימים־טובים איז מאָטיס ניט מער צוריקגעפאָרן אַהיים צו זיינע עלטערן קיין ווין, נאָר צום גערער רבין, און אין גער איז מאָטיס מפורסם געוואָרן מיט דער התקרבות, וואָס דער גערער רבי האָט אים אַרויסגעוויזן. דער גערער רבי האָט מיט אים פאַרברענגט לענגער ווי מיט אַנדערע בחורים פון זיין עלטער. און דאָס אַליין איז געוואָרן אַ סימן צווישן גערער חסידים, אַז מאָטיס

וואַקסט אַ „כלי". די קליינע צאָל חסידים, וואָס האָבן נענטער דערקענט מאַטיסן, האָבן טאַקע געזאָגט, אַז מאַטיס האָט אַ געוואַלדיק טיפע באַהאַוונטקייט אין חסידות, וואָס האָט ניט זיין גלייכן.

די אויסגעצייכנטקייט פון מאַטיסן איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין זעלטענער פרומקייט און אין זיין געוואַלדיקער התמדה. מאַטיס האָט ווייניק גערעדט. זיינע ווערטער זענען געווען ממש געציילטע און ער האָט ניט אַרויסגעקוקט פון זיינע ד' אמות. אָבער וואָס מער ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון עולם, אַלץ מער האָבן יונגע חסידים אים אָנגעהויבן נאָכלויפן: אויפצוכאַפּן פון אים אַ וואָרט אָדער אַ חסידישן געדאַנק. אַזוי איז ער טאַקע מיט דער צייט געוואָרן איינער פון יענע חסידים, אַרום וועמען עס האָבן זיך גענומען זאַמלען אַ סך יונגע בחורים, פּאַר וועמען ער איז געוואָרן אַ מין „רבי", אַ חסידישער וועגווייזער; וועמען ער האָט אויפגעקלערט און פאַרטייטשט די רייד און געדאַנקען פון גערער רבין און זיי געוויזן דעם וועג, ווי אַזוי אויסצואוואַקסן אמתע חסידים.

גערער חסידות האָט אין פּוילן געהאַט יוגנטלעכע, וואָס האָבן געציילט אין די טויזנטער. זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די חסידים־שטיבלעך איבער דער לענג און ברייט פון קאָנגרעס־פּוילן. מיטן וואַקסן פון מאַטיסעס אָנזען אין גער, איז ער געוואָרן אַ מין נאַציאָנאַלער פירער פאַר די גערער בחורים איבערן גאַנצן לאַנד. די יונגע פירערס פון די גערער שטיבלעך, וועמען מען האָט גערופן „קאָמענדאַנטן", פלעגן קומען צו אים זיך מיישב זיין מיט זייערע לאָקאַלע פּראָבלעמען. איז ערגעץ וואו אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן די יוגנטלעכע אין צווייטער שטיבלעך — איז מאַטיס געווען דער אויטאָריטעט עס איינצושטילן. בחורים פלעגן קומען צו מאַטיסן אויך מיט זייערע פּערזענלעכע פּראָבלעמען ווי שידוכים, קאָנפליקטן מיט עלטערן אָדער געשוויסטער. דאָס איז ניט נאָר געווען דערפאַר, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז מאַטיס האָט אַ נאָענטן צוטריט צום גערער רבין, נאָר אויך דערפאַר, ווייל מאַטיס איז געווען אַ פּיקח, געהאַט אַ פלינקן מוח און געקענט אַפּשאַצן און אַנאַליזירן קאָמפּליצירטע סיטואַציעס. אָבער מיט זיין גאַנצער הצלחה און דעם גרויסן אָנזען, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן, האָט מאַטיס פון זיך ניט געבלאָזן. קיינער פון די יוגנטלעכע האָט מאַטיסן ניט געטאָרט אָפּגעבן קיין באַזונדערן כבוד. אַלע האָבן צו אים גערעדט „פּער דו". ער איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ „רבי" און אַ „חבר" און דאָס איז מן הסתם געווען זיין גרויסער צוציאונגס־כוח.

איניקע חדשים פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז מאַטיס ווינער געוואָרן אַ שידלאָווצער אײדעם. ער האָט חתונה געהאַט מיט דינה בלומענטאַל, די טאָכטער פון אַ גערער חסיד אין שידלאָווצע, יחזקאל בלומענטאַל. מיט זיין אָנקומען קיין שידלאָווצע, האָט זיך דאָרט פאַרשטאַרקט דאָס גערער חסידות און שוין דער בלויזער פאַקט, אַז מאַטיס האָט זיך באַזעצט אין שידלאָווצע, האָט פאַרוואַנדלט דאָס דאָזיקע שטעטל אין אַ צענטראַלן פונקט אויף דער מאַפּע פון גערער חסידות אין פוילן.

עס זאָגט זיך בלויז, אַז מאַטיס האָט זיך באַזעצט אין שידלאָווצע. פּאַקטיש, האָט מאַטיס באַלד נאָך זיין חתונה גענומען וואַנדערן פון שידלאָווצע קיין גער און פון גער קיין שידלאָווצע. מאַטיס איז געוואָרן אַ גערער נאַציאָנאַלע פיגור, און שידלאָווצע איז געוועזן צו ענג פאַר זיינע חסידישע פאַרמעסטן, וואָס האָבן שוין אַרומגענומען גאַנץ פוילן.

איך האָב ניט געקענט אויסגעפינען, וואו מאַטיס האָט זיך געפונען, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן. לויט איין ווערסיע, האָט זיך מאַטיס געפונען אין גער, גרייטנדיק זיך צו זיין ביים גערער רבין איבער די ימים־נוראים. אָבער צוויי וואָכן פאַר ראש השנה איז אויסגעבראָכן די מלחמה און דער גערער רבי איז אַוועק קיין וואַרשע. מאַטיס איז אַהיימגעקומען צו זיין שווער און שוויגער־עלטערן קיין שידלאָווצע, אָבער ווי נאָר די שלאַכטן האָבן זיך געענדיקט, איז מאַטיס צוריק אַוועק קיין וואַרשע. ער איז געווען פון די יחידים, וואָס האָבן געהאַט אַ צוטריט צום גערער רבין, ווען מען האָט שטרענג אויסבאַהאַלטן, ווייל די דייטשן האָבן אים געזוכט.

ווען גענוי, און ווי אַזוי, מאַטיס האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט צו אָרגאַניזירן די גערער בחורים אין די געטאָס אין אַ מין אָרגאַניזירטער און צענטראַל־אָנגעפירטער גייסטיקער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, איז ניט באַקאַנט. אָבער יידן אין די געטאָס האָבן געקענט מערקן אַ צענטראַל־פירערישע האַנט אין דעם אופן, ווי די גערער בחורים האָבן זיך אָרגאַניזירט. אין דעם זעלביקן אופן, ווי די בחורים האָבן זיך געפירט אין יעדער שטאָט און שטעטל, האָט מען געקענט זען, אַז דאָס אַלץ ווערט געלנקט פון ערגעץ וואו מיט אַ גענויעם פּלאַן.

קודם־כל זענען זיך די גערער בחורים פון די שטיבלעך ניט צעלאָפן. דער רוב שטיבלעך זענען טאַקע ליקווידירט געוואָרן מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן און די עלטערע יידן האָבן זיך גרופּירט צום דאַוונען, וואו נאָר זיי האָבן געקענט. יידן האָבן איינגעשטעלט, געמאַכט מנינים ביי זיך אין

הויז, און יידן זענען געגאַנגען דאַווענען צו אַ שכנותדיקן מנין, אומאָפּהענגיק וואָסער מנין דאָס איז געווען. די גערער בחורים אָבער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, ווי פאַר דער מלחמה. זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט אין פּריוואַטע היימען, אין קעלערן וכדומה, אָבער זיי האָבן זיך ניט געלאָזן צעשפּרייטן, נאָר זיך געהאַלטן אין די אַלטע אָרגאַניזירטע גרופּעס, וואו זיי האָבן צוזאַמען ווייטער געלערנט, געדאַווענט, עוסק געווען אין חסידישע שמועסן אאז״וו. זיי האָבן זיך אויך ניט געלאָזן ענדערן דעם לבוש. טאַטעס און מאַמעס האָבן, אויס מורא פאַר די אַכזריותדיקע דייטשע זשאַנדאַרמען, זיך געבעטן ביי די יונגע בחורים אָנצוטאָן אַנדערע בגדים אָדער אָפּצושערן די פּיאות, אָבער די בחורים האָבן זיך קעגנגעשטעלט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ניט איין מאָל זענען זיי צוליב דעם צעשלאָגן געוואָרן פון דייטשן.

די ניי־געשאַפענע לאַגע האָט, נאַטירלעך, מיט זיך געבראַכט נייע פּראָבלעמען פאַר די גערער בחורימלעך און זיי האָבן זיך גענומען מיט גרויס ענערגיע און איבערגעגעבנקייט זוכן וועגן ווי אַזוי די פּראָבלעמען צו פאַר־ענטפערן. די מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט אין יעדער אָרט נייע איינ־וואוינערס, וואָס זענען געקומען ווי פּליטים, בעירום ובחוסר כל. די גערער בחורים האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסזוכן צווישן די דאָזיקע פּליטים די היימישע פון אַנדערע שטעטלעך, זאָרגן פאַר זייערע ספּעציפישע נויטן, איינ־אָרדענען זיי און זיי אויך גייסטיק צוריקברענגען צו זייער קרייז. גערער בחורים און זייערע עלטערן, אויב זיי זענען געקומען אין אַ שטאָט, וואו ס׳איז געווען אַ יונגע גערער גרופּע, איז געווען ווער ס׳זאָל פאַר זיי זאָרגן.

די גערער בחורים האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט פּדיון־שבויים. דאָ און דאָרט זענען יונגטלעכע פון די גערער גרופּעס געכאַפּט געוואָרן פון די דייטשן און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגערן, און די יונגע בחורים־לעך האָבן געזאַמלט געלט, בכדי זיי אויסצולייזן מיט שוחד אָדער בכדי זיי צו שיקן שפּייזפּעקלעך.

זייער וואוילטעטיקע אַרבעט האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז צו אייגענע. אין זוכן צו טאָן „חסד״, וואָס איז איינע פון די גרויסע מצוות, פלעגן זיך די בחורים אויסזוכן פאַרשידענע מצוות, ווי, למשל, דאָס פאַרזאָרגן אַן אַלטן פאַרוואָרלאָזטן פּליט אָדער קראַנקן, אויף וועלכן קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט. איך אַליין געדענק אַזאַ פאַל פון שידלאָווצע, וואוהין עס איז געקומען אַן אַלטער חסידישער ייד פון לאָדזש, וועלכער איז געלעגן אַ קראַנקער אין אַ צעבראָכענער שטוב. אין די צרות און פּראָבלעמען, וואָס יעדער האָט געהאַט

מיט זיך, איז פּשוט ניט געווען ווער ס׳זאָל פאַר דעם ייד זאָרגן. איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט די מאַטיסאָווצעס און פאַר מערערע וואָכן האָבן די בחורים זיך מיט אים פאַרנומען, געטראָגן עסן, געשאַפן אַ ריין העמד וכדומה.

דאָס אַלץ, וואָס די בחורים האָבן געטאָן אין די געטאָס, פאַר זיך און פאַר אַנדערע, איז, נאַטירלעך, אַרויסגעוואַקסן פון זייער רעליגיעזן און חסידישן לעבנסקוק, אָבער זיי זענען דערצו דירעגירט און דערמוטיקט געוואָרן פון אַ צענטראַלער פיגור, וואָס איז געווען אַ מין „רואה ואינו נראה״ און וואָס האָט אויך אין די מלחמה־יאָרן געוואַנדערט צווישן וואַרשע און שידלאָווצע — און דאָס איז געווען מאַטיס ווינער.

וויפל מאַטיס ווינער האָט זיך ניט באַמיט דאָס צו באַהאַלטן, איז עס אים פאָרט ניט געלונגען. מיט דער צייט האָט מען די גרופּעס פרומע בחורים, וואָס פריער האָט מען זיי גערופן גערער חסידים, אָדער „גערער קאָזאַקן״, אָנגעהויבן רופן „מאַטיסאָווצעס״.

מאַטיס ווינער אַליין איז געזעסן אין שידלאָווצע אָדער וואַרשע, אָבער ער האָט געגוי געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך אין יעדער שטאָט און שטעטל. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע שליחים, דורך וועלכע ער האָט געשיקט באַפעלן און אינסטרוקציעס. זיינע בחורים פלעגן זאַמלען געלט אין איין שטאָט און אין דער אַנדערער פלעגט מען עס צעטיילן אָרעמע בחורים, אַ קראַנקן תלמיד־חכם אָדער אַן אַנדערן נויטבאַדערפטיקן. מאַטיס אַליין האָט געוואוסט וועגן יעדער שטעטל וואָס און ווי אַזוי די בחורים לערנען דאָרט און ווי זיי פירן זיך אין יידישקייט. פון מאָל צו מאָל פלעגט מאַטיס אַליין זיך אַריינשמוגלען אין אַ שטעטל און דאָרט די בחורים מחזק געווען, האָט אויספלאַנירט זייערע גייסטיקע טעטיקייטן, זייערע פּראָגראַמען פון לערנען מיט קליינע קינדער, פאַר וועמען ס׳זענען ניט געווען מער קיין חדרים, און זייער וואוילטעטיקע אַרבעט.

ס׳איז נאָר נאַטירלעך, אַז שידלאָווצע אַליין האָט געהאַט איינע פון די שטאַרקסטע גרופּעס אין דער „מאַטיסאָווצעס״־באַוועגונג. דאָ האָבן געווירקט איניקע פאַקטאָרן: ערשטנס, האָט אין שידלאָווצע מאַטיס ווינער אַליין אויפ־געשטעלט די „מאַטיסאָווצעס״־גרופּע, אַליין באַשטימט די פירערס פון דער גרופּע און מיט זיין השפּעה צוגעצויגן אַ סך, אַפילו ניט גערער בחורים, צו ווערן „מאַטיסאָווצעס״. צווייטנס, האָט דער פאַקט, וואָס מאַטיס האָט געוואוינט אין שידלאָווצע, צוגעצויגן צו זיך אַ סך גערער בחורים פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. די שידלאָווצער „מאַטיסאָווצעס״ האָבן אויפגענומען די

פרעמדע פּליטים־בחורים מיט אָפענע אָרעמס, זיי געהאָלפן זיך איינאָרדענען און אַ טייל פון זיי האָבן טאַקע אין שידלאָווצע געפונען זיווגים. די „מאַטי־סאָווצעס" אין שידלאָווצע זענען געווען באַקאַנט צו גרויס און קליין. מען האָט זיי דערקענט אין זייער הילוך. זיי האָבן געהאַט אַ סך פריינד און אַ סך קעגנערס, אָבער כמעט אַלע האָבן זיך באַצויגן מיט אַ מאָס דרך־ארץ צו די דאָזיקע עקשנים, וואָס האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען דעם „נייעם רעזשים".

(וועגן די מאַטיסאָווצעס אין שידלאָווצע דערציילט באַזונדער אין זיינע זכרונות דער געוועזענער שידלאָווצער תושב עוזר גרונדמאַן, וועלכער לעבט היינט אין ישראל — רעד').

איך אַליין האָב פאַר דער מלחמה געזען מאַטיס ווינער בלויז איין מאָל, אין גער, וואו מען האָט מיר אויף אים אָנגעוויזן, ווי אויף איינעם פון די „קאָמענדאַנטן". דאָס צווייטע מאָל האָב איך אים געזען טאַקע אין שידלאָווצע אין סאַמע מיטן פון זיינע סודותדיקע און גבורהדיקע טעטיקייטן.

דאָס איז געווען בערך אין חודש מערץ 1942, דריי חדשים נאָך מיין קומען קיין שידלאָווצע פון וואַרשעווער געטאָ. איך האָב עפּעס געהערט פון מאַטיסעס טעטיקייטן נאָך פריער פון וואַרשע און נאָך מער זיך דערוואוסט פון זיין אַרבעט אין שידלאָווצע גופא. אָבער מאַטיס איז דאַן ניט געווען אין שידלאָווצע און מען האָט ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך. מיט אַ מאָל, אין אַ געוויסן טאָג, קומט צו מיר מיין שוואָגער מאָטעלע זילבערמאַן (אַליין אַ מאַטיסאָוויעץ) און רוימט מיר איין אַ סוד אין אויער: „מאַטיס איז נעכטן געקומען פון וואַרשע און וויל דיך זען. ער האָט פאַר דיר אַ גרוס פון דיינע עלטערן". איך בין פשוט אויפגעציטערט געוואָרן. מאַטיס איז געקומען פון וואַרשע?! — האָב איך אויסגעשריגן — איז דאָס מעגלעך? זינט יאַנואַר 1942 האָט געדראָט טויטשטראָף פאַר יידן, וואָס באַוועגן זיך פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, אַחוץ פאַר איינצלנע יידן מיט ספּעציעלע פּעסער. איך האָב קוים געקענט גלייבן, אַז מאַטיס קען האָבן אַזאַ פּאַס. אַזעלכע פּעסער האָבן נאָר באַקומען די יעניקע, וואָס האָבן דירעקט געאַרבעט פאַר דער דייטשער אינדוסטריע. אָבער מאַטיס איז אַ יונגערמאַן מיט באָרד און פּיאות, איז ווי קען ער האָבן אַזאַ פּאַס?

איך האָב ניט געגלייבט, ביז איך האָב אים געזען אין דעם פינצטערן שטיבל פון זיין שוועער. ער האָט אויסגעזען ווי מיט אייניקע יאָר צוריק אין גער מיט אַ פעך־שוואַרצער באָרד ביז די אויגן און מיט לאַנגע פּיאות אומ־באַרירט פון אַ שער, יאָ, אפילו מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע. ווי אַזוי איז ער

געקומען פון וואַרשע קיין שידלאָווצע? מיט דער באַן? מיט אַן אויטאָבוס? איך האָב אויף אַלע פראַגעס ניט באַקומען קיין ריכטיקן ענטפער אַחוץ באַגלייבטע סימנים, אַז ער האָט ערשט מיט אַ וואָך פריער געזען מיין טאַטן אין וואַרשעווער געטאָ, און ניט בלויז מיין טאַטן, נאָר אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע פריינד. אויסער דעם גרוס האָט מאַטיס פאַר מיר בלויז געהאַט אַ פּאָר ווערטער: „איך פאָר אַוועק אין איינציקע טעג אַרום און כ׳וויל דיך בעטן דאָ צו העלפן „אונדזערע בחורים". דאָס זענען טייערע קינדער און זיי קענען זיך אַ מאָל נייטיקן אין הילף. דיין שווער איז אַ ייד אַן עושר, זע, אַז ער זאָל העלפן". מאַטיס האָט דאָס אַלץ געזאָגט צו מיר אין אַ באַפעלערישן טאָן, אויפן חסידישן שטייגער: „פער דו", הגם מיר האָבן זיך פערזענלעך פריער ניט געקענט.

וואו אַהין מאַטיס איז געפאָרן פון שידלאָווצע, ווייס איך ניט. אָבער פון די גביות־עדות, וואָס עס האָט צונויפגעזאַמלט דער שרייבער און חורבן־פאָרשער משה פראַגער אין זיין בוך „אלה שלא נכנעו", איז צו זען, אַז מאַטיס האָט אַזוי אין פאַרלויף פון די לעצטע חדשים, איידער דער דייטש האָט זיך גענומען צו ליקווידירן די ידישע ישובים אין פוילן, אויסגעוואַנדערט אַ צאָל שטעט און שטעטלעך. אומעטום האָט ער פונקט ווי אין שידלאָווצע אויפגעטויכט פּלוצלינג, איבערגעגעבן אַ פּאָר יחידים עטלעכע גרוסן, צונויפגענומען די בחורים און זייערע פירערס און גערעדט צו זיי און דאַן ווידער פאַרשוואונדן. וואו מען האָט באַדאַרפט, האָט ער געבראַכט געלט צו העלפן די בחורים, און וואו מען האָט געקענט, האָט ער צונויפגעקליבן געלט און עס געפירט אַנדערש־וואו. אויף אַ קאָנספּיראַטאָרישן אופן האָט ער אָנגעפירט מיט אַ גאַנצער אַרמיי פון יידישע יונגעלייט, וועמען דער צורר היהודים האָט ביז צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע ניט באַוויזן איינצוברעכן אין זיי דעם עקשנותדיקן גייסט פון יידישער אייביקייט.

* * *

לויט די גביות־עדות, אין משה פראַגערס בוך „אלה שלא נכנעו", איז מאַטיס ווינער אומגעקומען אין אַ בונקער אין קראָקע, וואו ער האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע „מאַטיסאָווצעס", וואָס האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן ביז צו דער לעצטער ליקווידאַציע פון קראָקעווער געטאָ. אָבער מאַטיס ווינער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזן אַ שטיקל ירושה אפילו אין די לאַגערן, „מאַטיסאָווצעס", וואָס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן אין לאַגערן, האָבן, אויף ווי ווייט מעגלעך, אויך דאָרטן ממשיך געווען דעם עקשנותדיקן

וועג פון קלאַמערן זיך ביי ידישקייט אפילו ביי די שווערסטע באַדינגונגען. אומעטום, וואו עס זענען נאָר פאַרוואָגלט געוואָרן עטלעכע „מאַטיסאָווצעס", האָבן זיי אויך אין די לאַגערן זיך צוזאַמענגעהאַלטן, זיך קעגנזייטיק געהאָלפן און געזאָרגט דערפאַר, אַז די צרות השעבוד זאָלן זיי ניט מאַכן פאַרלירן זייער צלם־אלקים.

די טעטיקייטן פון די „מאַטיסאָווצעס" און דעם גייסט, וואָס זיי האָבן איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון הונדערטער ידישע בחורים, האָבן אויך געהאַט אַ גרויסע השפעה אויפן ווידעראויפלעב פון ידישקייט צווישן דער שארית־הפליטה נאָך דער מלחמה. די געוועזענע „מאַטיסאָווצעס" אָדער זייערע חברים זענען געווען די ערשטע צוריק אויפצולעבן ביי זיך און ביי פיל אַנדערע די אַלטע אַמאָליקע ידישקייט. זיי זענען געווען די ערשטע נאָך דער מלחמה צו אָרגאַניזירן אין די „די. פּי"־לאַגערן כשרות, בתי מדרשים, חדרים, ישיבות און פרומע קיבוצים פאַר די, וואָס האָבן געוואָלט עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

אויב גער איז פון אַלע אַמאָליקע חסידישע באַוועגונגען פון פוילן היינט צוריק געוואָרן די גרעסטע חסידישע באַוועגונג, האָט דערצו אַ סך בייגעטראָגן די „מאַטיסאָווצעס"־באַוועגונג. יאָ, אינעם סאַמע אָפּגרונט פון חורבן, אין די געטאָס, האָט מאַטיס ווינער געזייט די זוימען פון ווידער באַלעבן די אַלטע ידישקייט. פון וועלכער מיר זענען היינט די עדות אומעטום, וואו עס לעבן ידן.

**ישעיה העניג**

# עפּיזאָדן פון חורבן



די שרעקלעכע צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין שידלאָווצע איז שוין זיכער באַשריבן געוואָרן אין יזכור־בוך פון אַנדערע. איך וועל דאָ דעריבער זיך באַנוגענען מיט עטלעכע עפּיזאָדן פון חורבן.

אין בנימין פרידס הויז האָט זיך געפונען אַ בעקעריי. דער בעקער פלעגט קויפן מעל פון מיין פאָטער ע״ה. אין זומער 1942 זענען עטלעכע דייטשן אַריינגעקומען אין דער בעקעריי. זיי האָבן געזוכט מעל אָדער געבאַקן ברויט. היות זיי האָבן אויסגעפונען, אַז דער אויוון איז געווען אַ ביסל וואַרעם, האָבן זיי דעם בעקער באַשולדיקט, אַז ער האָט דעם טאָג געבאַקן ברויט. די דייטשן האָבן דעם בעקער און אויך די פרוי פון בנימין פריד אַרויסגעפירט צום אַלטן בית־עולם. די סאַדיסטן האָבן חוזק געמאַכט פון די צוויי עלטערע אומשולדיקע קרבנות. זיי האָבן זיי געהייסן זיך האַלטן פאַר די הענט און זינגען ליבעלידער און טאַנצן. דערנאָך האָבן זיי די צוויי יידן דערשאָסן.

מיין חבר פּנחס ראָזענבלום, מיין פריינד ישראלקע מילשטיין, צוזאַמען מיט נאָך פינף יונגע יידן זענען געכאַפּט געוואָרן אויסער די גרענעצן פונעם געטאָ. די זיבן יידישע בחורים האָבן זיך געהאַט אַרויסגעקראָגן פון אַן אַרבעטס־לאַגער, צוואַנציק קילאָמעטערס פון שידלאָווצע. די יונגע לייט האָבן זיך געפונען אויפן וועג אַהיים, ווען די דייטשן האָבן זיי געטראָפן. די מערדערס האָבן זיי געבראַכט אין שטאָט אַריין און זיי דאָרטן דערשאָסן.

ערב פּסח 1942 האָט דער אַרבעטסאַמט צוגעשיקט צו הונדערט יידישע יונגע מענער אַ פאַראָרדענונג זיך צוצושטעלן אין דער פרי אין פראָנט פון מאַגיסטראַט. ווען די געקומענע הונדערט יונגעלייט האָבן דערזען די לאַסט־אויטאָס, זיינען זיי זיך צעלאָפן. די דייטשן, מיט דער הילף פון באַוואָפנטע אוקראַאינער, האָבן דעמאָלט געכאַפּט יעדערן, וואָס האָט זיך געמאַכט אונטער דער האַנט און זיי אַריינגעזעצט אין די לאַסטאויטאָס. צווישן זיי איז אויך געווען אונדזער רב ר׳ חיים ראַבינאָוויטש, וועמען זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון שטוב אין מיטן דאַווענען. זיי האָבן געשלאָגן דעם רב מיט אַ נאַגייקע איבערן פּנים און קאָפּ. דעם רבס בלוט האָט זיך געגאָסן פון פּנים איבערן טלית און אויף זיינע מלבושים. דער רב האָט פאַרנומען די קלעפּ. עס האָט

אויסגעזען, ווי עס וואָלט אים גאָרנישט וויי געטאָן. ער האָט נישט פאַרשטעלט זיין פנים מיט די הענט, נישט געמאַכט קיין שום באַוועגונג אויסצומיידן די קלעפּ און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, נישט געבעטן דעם רוצח, אַז ער זאָל אויפהערן צו שלאָגן. קיין קרעכץ, קיין „אוי". ער האָט געוואָלט זיין אַ קרבן פאַר דער ידישער קהילה. דעם רבס באַנעמונג האָט געווירקט אפילו אויף די רוצחים. זיי האָבן אים אויפגעהערט צו שלאָגן און געהייסן גיין אַהיים.

אין דער צייט פון אונדזערע גרויסע פּייניקונגען אין געטאָ און קאַצעט האָב איך אָפט געטראַכט וועגן די דייטשן — וואָס זיי זיינען אַ מאָל געווען און וואָס זיי זיינען איצט. איך פלעג דעמאָלט אויך טראַכטן וועגן אונדזערע קריסטלעכע שכנים און זייער באַציאונג צו יידן אין אָט דער שרעקלעכער צייט. בשייכות דערמיט פלעג איך זיך דערמאָנען אַ מעשה פון מיינע קינדער־יאָרן אין „חדר". ווען דער רבי האָט מיט אונדז געלערנט אין חומש די געשיכטע מיט די עמלקים און די צרות, וואָס יענע האָבן אָנגעטאָן די יידן, האָבן מיר דעם רבין געפרעגט, ווער זיינען היינט די אור־אור־אייניקלעך פון די עמלקים? דער רבי האָט לאַנג נישט געקלערט און געזאָגט, אַז דאָס זיינען די דייטשן. ער האָט אונדז דערציילט די געשיכטע פון די דייטשע שחיטות אויף יידן, אַז די דייטשן האָבן אָפּגעמעקט הונדערטער אַלטע יידישע קהילות אין זייער לאַנד. ער האָט אונדז דערציילט, אַז אויך אַנדערע פעלקער האָבן געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן, אָבער די דייטשן זענען די גרויזאַמסטע פון זיי.

ווען איך האָב דערציילט מיינע עלטערן וועגן די רייד פון אונדזער



געכאַפּטע שידלאָווצער יידן צו אַרבעט.

רבין, האָבן זיי דערקלערט, אַז מיין רבי לעבט אין דער פאַרגאַנגענהייט. עס איז אמת, וואָס דער רבי האָט אונדז דערציילט וועגן דייטשלאַנד. דאָס איז זיך אָבער פאַרלאָפן הונדערטער יאָרן צוריק, ווען די קירך איז געווען די גרעסטע מאַכט אין אייראָפּע. די קירך האָט געהעצט, אַז די יידן האָבן דערהרגעט זייער קריסטוסן, אַז זיי זענען פאַרשאָלטן פאַר ניט וועלן זען דאָס ליכט און תשובה טאָן פאַר זייערע זינד דורך איבערגיין צום קריסטנטום. די גלחים האָבן אויס־געטראַכט בילבולים, אַז יידן מאָרדן קריסטלעכע קינדער און ניצן דאָס בלוט צו באַקן מצות.

היינט — האָבן מיינע עלטערן מיר געגעבן צו פאַרשטיין — איז דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט און עס איז אַן אַנדערע וועלט. עס זענען דאָ אוניווערסיטעטן, ביבליאָטעקן. מענטשן זענען נישט מער בלינד ווי אַ מאָל. די מאַכט פון דער קירך און איר איינפלוס אויף דער באַפעלקערונג איז געבראָכן. די מאַסן אין אַלע לענדער, אויך אין דייטשלאַנד, זענען ליבעראַל געשטימט. מיר דאַרפן פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט און זיך ווענדן צו דער צוקונפט.

און אָט איז געקומען די „צוקונפט" — און מיר זעען, ווי די דייטשן זעען אויס און ווי די אַרומיקע קריסטן זעען אויס, און וואָס זיי טוען מיט די יידן.

די יידישע באַפעלקערונג אין שידלאָווצע, אַזוי ווי אַלע יידישע קהילות אין פוילן, האָט געהאַט נאָענטע באַציאונגען מיט די קריסטלעכע שכנים. יידן האָבן פאַרקויפט זייערע אויסאַרבעטונגען צו קריסטן און געקויפט פון קריסטן, וואָס יענע האָבן פּראָדוצירט. יידן האָבן באַשעפטיקט קריסטלעכע אַרבעטערס אין זייערע פאַבריקן.

מיינע עלטערן האָבן געהאַט האַנדל־באַציאונגען מיט קריסטלעכע משפחות, ספּעציעל מיט צוויי קריסטלעכע פאַמיליעס אין סמילעוו, אַ דאָרף צוויי־דריי קילאָמעטערס פון שידלאָווצע. די מענער זענען געווען מיין פאָטערס פריינד, זייערע פרויען זענען געווען מיין מאַמעס פריינד, זייערע קינדער זענען געווען מיינע פריינד. ווען די לאַגע אין אונדזער שטוב איז געוואָרן שלעכט און מיר האָבן אָנגעהויבן הונגערן, האָט מיין מאַמע מיך אַרויסגעשיקט צו אונדזערע קריסטלעכע פריינד מיט אַ דרינגלעכער בקשה, אַז זיי זאָלן אונדז באַצאָלן מיט אַ ביסל שפּייזפּראָדוקטן פאַר אַ טייל געלט, וואָס זיי זענען אונדז שולדיק. אונדזערע קריסטלעכע פריינד האָבן מיר קודם־כל געזאָגט, אַז זיי זענען אונדז נישט שולדיק קיין געלט. צווייטנס, האָבן זיי מיך געוואָרנט, ניט

צו קומען מער אַהער, ווייל אַנדערע קריסטן וועלן מיך מסרן און די דייטשן וועלן מיך שיסן.

עטלעכע חדשים נאָך מיין באַזוך אין סמילעווו, איז אַ פרוי פון אונדזערע דאָרטיקע קריסטלעכע פריינד געקומען צו אונדז. שידלאָווצע איז געווען אָן אָפענער געטאָ: יידן האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין פון געטאָ, אָבער קריסטן האָבן געמעגט אַריינקומען. זי האָט געבעטן איר עפּעס צו פאַרשאַפן און זי האָט צוגעזאָגט דערפאַר צו באַצאָלן מיט שפּייזפּראָדוקטן.

מיין מאַמע האָט געפרעגט איר קריסטלעכע פריינדין: „פאַר וואָס האָט איר, קריסטן, פאַרגעסן אייערע יידישע שכנים, פריינד און מיטבירגערס? פאַר וואָס זייט איר גלייכגילטיק צו אונדזערע צרות? פאַר וואָס העלפט איר אונדז נישט? יידן און קריסטן האָבן געלעבט אין פּוילן צוזאַמען אַ סך הונ־דערטער יאָרן. יידן האָבן געקעמפט פאַר פּוילן, זענען געהרגעט געוואָרן פאַר פּוילן. יידן האָבן שטענדיק געהאָלפן בויען דאָס לאַנד. איצט קענט איר אונדז נישט. מיר בײדע זענען פריינד לאַנגע יאָרן. הונגער איז אין מיין הויז און דו האָסט אַזוי פיל. פאַר וואָס העלפטו מיר ניט? איך פאַרלאַנג גאָרנישט פון דיר בחינם. דיין מאַן איז מיר שולדיק געלט, באַצאָל מיר מיט אַ ביסל שפּייז־פּראָדוקטן".

און הערט וואָס אונדזער לאַנגיאָריקע קריסטלעכע פריינדין האָט געענטפערט:

„איך ווייס נישט, צי מיין מאַן איז דיר שולדיק געלט. איך מיש זיך נישט אין מיין מאַנס מסחרים. איר, יידן, האָט נישט קיין רעכט צו האָבן טענות צו אונדז, קריסטן. דער אמת איז, אַז איר האָט נישט קיין רעכט צו פאַראורטיילן אפילו די פאַרברעכערישע דייטשן. שרה מיין פריינד, גלייב מיר, אַז איך זאָג דאָס מיט האַרצווייטיק און צער. דער אמת איז: גאָט שטראָפט אייך פאַר דעם, וואָס איר האָט געהרגעט קריסטוסן. די פאַרשאָלטענע דייטשן זענען שליחים פון הימל און מיר, פּוילישע קריסטן, ליידן צוליב אייך, יידן".

די פרוי איז נישט געווען קיין אַנטיסעמיטקע, נאָר אַ גלייביקע קאַטאָ־ליטשקע. די קירך האָט די קריסטן געלערנט, אַז די יידן האָבן דערהרגעט זייער קריסטוסן און די פּוילישע מאַסן זענען געווען אונטער דער השפעה פון דער קירך. עס איז אַ טרויעריקער פאַקט, אַז דורך הונדערטער יאָרן פּרעדיקן האָס קעגן יידן האָט די קירך צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די דייטשע שחיטות אויף יידן.

אין אונדזער שטוב איז אַלץ געוואָרן ערגער. דער הונגער איז געוואָרן

אַלץ שטאַרקער. אַן דעם טאָטן, וואָס האָט שוין דעמאָלט ניט געלעבט, מיט אַ שוואַכער מאַמען, מיט דער זיבעצן־יאָריקער שוועסטער ביילע און אַ קליין ברודערל, האָב איך געמוזט זיין דער ברויטגעבער. מיין ברודערל, ווי קליין ער איז ניט געווען, האָט זיך ניט באַקלאָגט, ווי שלעכט עס איז ניט געווען. ער האָט פאַרשטאַנען אונדזער ביטערע לאַגע און פאַרנומען די צרות ווי אַ דערוואַקסענער. אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען ער האָט געביטן די אונטערוועש, האָב איך באַמערקט, וואָס דער געטאָ האָט צו אים געטאָן: זיין קערפּערל אויסגעדאַרט ווי אַ שטעקן; מען האָט געקענט איבערציילן אַלע זיינע ביינדלעך. איך האָב דעמאָלט באַשלאָסן, אַז מיין משפחה וועט מער קיין הונגער נישט ליידן.

איך האָב זיך גענומען צו גאַרבן לעדער מיט מיין פריינד ישראלקע מילשטיין. מיר האָבן ריזיקירט אונדזער לעבן. די געשטאַפּאָ האָט אונדז געכאַפּט ביי דער אַרבעט. זיי האָבן דאָס לעדער קאָנפיסקירט און אונדז ביידן אַרעסטירט. עס איז אונדז געשען אַ נס: די בלוטיקע דייטשן האָבן זיך געלאָזט איבערקויפן און אונדז באַפרייט. מיינע שכנים און פריינד האָבן מיך געבעטן, אַז איך זאָל אָפּשטעלן די דאָזיקע ריזיקאַלישע אַרבעט. ישראלקע מילשטיין האָט אויפגעגעבן, אָבער איך — ניט. איך האָב אַליין פּראָדוצירט לעדער, מיין שוועסטער האָט מיר צוגעהאָלפן. איך האָב איבערגעקויפט די קריסטלעכע מוסרים און פּראָדוצירט לעדער. אַזוי איז געגאַנגען ביזן לעצטן טאָג, ווען די רוצחים האָבן מיך פאַרשלעפּט אין סטאַרכאָוויצער לאַגער און איך האָב מיין פאַמיליע מער נישט געזען.

* * *

פון סטאַרכאָוויץ בין איך איבערגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ. דאָרטן האָבן, אין צוויי באַראַקן, זיך געפונען איבער פינף טויזנט ציגיינערס. אַנדערע לאַגערניקעס זענען געווען אָפּגעזונדערט מענער פון פרויען. די ציגיינערס האָבן געוואוינט צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס — עלטערן, קינדער און אייניקלעך. זיי האָבן זיך געקענט פרייער באַוועגן. די ציגיינערס האָבן זיך געפילט פרייער ווי אַלע אַנדערע געפאַנגענע. דעם דריטן טאָג נאָך מיין קומען קיין אוישוויץ האָב איך צוגעזען, ווי מענגעלע, דער הויפּטדאָקטער פון לאַגער, צוזאַמען מיט עטלעכע אַנדערע דייטשע דאָקטוירים־מערדערס, האָבן פאַראָרדנט די ציגיינער־פאַמיליעס זיך אויסצושטעלן אין פראָנט פון זייערע באַראַקן און

די זעלביקע נאַכט זיינען אַלע פינף טויזנט ציגיינערס אָפּגעפירט געוואָרן אין די גאַזקאַמערן.

ווען איך האָב געזען דעם רויך פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס, האָב איך „געזען", ווי מיין מאַמע שרה, מיין שוועסטער ביילע און מיין ברודערל נחמיה־מאיר זיינען אומגעקומען.

* * *

צום סוף וויל איך צוגעבן דעם ווייטערדיקן וויכטיקן פאַקט:

אַ האַלב יאָר פאַר דער אויסזידלונג פון דער שידלאָווצער יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך אַ דייטשער געשיכטע־פּראָפעסאָר געוואַנדן צום שידלאָווצער רב מיט דער בקשה, אַז מען זאָל אים איבערגעבן דעם פנקס פון דער קהילה. דער דייטשער וויסנשאַפטלער האָט געגעבן אונדזער רב צו פאַרשטיין, אַז דאָס בוך איז זייער ווערטפול פאַר היסטאָריקערס און עס איז זיכערער אין זיינע הענט, ווי אין דער שידלאָווצער יידישער קהילה.

דער רב האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דער מאַנוסקריפּט איז נישט זיכער אין שידלאָווצע, וואו ער האָט זיך געפונען אַזאַ לאַנגע צייט. דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אַז ער וויל אויסמיידן צו קריגן דעם פנקס מיטן כוח פון געשטאַפּאָ. דאָס האָט געווירקט און דער רב האָט אים איבערגעגעבן דעם פנקס. דער פּראָפעסאָר איז געגאַנגען אויפן בית־עולם און פון דאָרטן אַראָפּ־גענומען אָפּשריפטן פון די צוויי עלטסטע מצבות.

יידישע פאָרשערס וואָלטן זיך דאַרפן פאַראינטערעסירן, ווי אַזוי אָפּ־צוגעפינען דעם דאָזיקן פנקס און עס איבערגעבן אין די הענט פון אַ קאָמפּע־טענטער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוציע.

ישראל פרידמאַן ע"ה (בוענאָס־איירעס)

# אונטערן נאַציישן שטיוול



דער ערשטער קרבן ביי אונדז איז געווען נטע ריכטער, זיסל דעם קצבס אַ זון. מען האָט אים געשאָסן לעבן דער תלמוד־תורה, ווייל מען האָט אים געטראָפן גיין אין גאַס איין מינוט נאָך זעקס. פון דאַן אָן איז געפאַלן איין קרבן נאָכן צווייטן.

ניט געקוקט אויף אַלע ליידן, פּיין און שרעק, זיינען יידן געגאַנגען יום־כיפור צו כל־נדרי, איינ־שטעלנדיק ס׳לעבן. יום־כיפור אין דער פרי האָט מען אַרויסגענומען אַלע יידן פון די בעטן און זיי האָבן געמוזט גיין קערן די גאַסן אַרום מאַגיסטראַט. איך בין אויך געווען איינער פון זיי. פּלוצעם זעען מיר, ווי צוויי פּוילישע לאָבוזעס לויפן צו צו די דייטשן און ווייזן וואו דער רב וואוינט. עס דויערט נישט לאַנג און מען פירט שוין אַ סך יידן מיטן רב פאָרויס מיט בעזעמער אויף די אַקסלען. צום רב איז צוגעגאַנגען אַן עס־עס־מאַן, האָט אַרויסגענומען אַ שער און אים אָפּגעשוירן אַ האַלבע באָרד. ווען איך האָב דאָס באַמערקט, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט מיר אָפּגעשניטן אַן אבר.

מיר האָבן אַזוי געקערט אַ שטיק צייט. דערנאָך האָט מען אונדז אויס־געשטעלט אין רייען און אונדז געפירט איבער דער גאַנצער שטאָט צום פישמאַרק. דאָרט האָבן מיר ווידער געמוזט קערן אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן ווידער געבראַכט אַ „שטיבל" מיט יידן און אונדז פריינעלאָזט. אַזוי האָט עס געדויערט אַ גאַנצן טאָג. פונדעסטוועגן האָבן יידן ווידער איינגעשטעלט ס׳לעבן און ווידער געגאַנגען דאַווענען.

צוועלף ביי נאַכט, ווען אַלץ איז שוין געשלאָפן, הערט מען קלאַפּן מיט די קאָלבעס אין די לאָדנס: אַלע יידן מוזן שוין אַרויסגיין מיט עמערס אין די הענט. מיר האָבן קוים באַוויזן עפּעס צו כאַפּן אויף זיך. ווען מיר זיינען אַרויס אויף דער גאַס, האָט דאָס ליכט פון פייער אונדז אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן. דאָס פייער איז געקומען פון שול און בית־מדרש, וואָס די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן און אונדז האָט מען דאָס אַרויסגערופן צו לעשן.

אַזוי זיינען מיר געשטאַנען, אַ גאַנץ שטעטל יידן, מוצאי יום־כפור און געלאָשן מיט עמערס וואַסער דאָס פייער. אַזוי האָט אויסגעזען דער ערשטער יום־כיפור אונטער די נאַציס.

ס׳איז נישט אַדורך קיין וואָך, אַז ס׳זאָל נישט זיין קיין קרבן. איין מאָל האָט העניעך פּאַפּעראָסניקס אַ זון פֿאַרקויפֿט פּאַפּיראָסן אויפֿן יריד — פֿאַרשטייט זיך, אויף העכערע פּרייזן. דאָס האָט באַמערקט אַ פֿאָלקס־דייטש, בולנער, וועלכער האָט אים געוואָלט שיסן. דאָס יינגל האָט איבער־געלאָזט אַלץ און איז אַנטלאָפֿן. בולנער איז געוואָרן אַזוי אויפֿגערעגט, אַז ער האָט אָנגעהויבן שיסן אויף יעדערן. מענטשן זיינען אַנטלאָפֿן. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי אַ בית־עולם. איך בין צופֿעליק אָנגעקומען פֿון דער שולגאַס אויפֿן מאַרקפּלאַץ, ווי איך הער הינטער מיר אַ געשריי: „אַנטלויף, בולנער לויפֿט אַרום מיט דער מאַשינביקס". איך בין אַריין אין אַ טויער, אַרויף אויף די שטיגן און אין איין אָטעם אויפֿגעעפֿנט אַ טיר אין אַ שטוב, נישט ווייסנדיק אַפֿילו וועמ ס׳וואוינט דאָרטן. די פֿענצטערס זיינען געווען פֿאַרהאַנגען. דורך די שפּאַרעס האָבן מיר געזען, ווי די ווילדע חיה לויפֿט אַרום מיט דער מאַשינביקס אין האַנט און זוכט אַ קרבן. און אָט קומט אַרויס פֿון יאָסל בעקערס הויף יחזקאל פֿאַרבער מיט אַ קילאָ ברויט אין האַנט — און בולנער דערשיסט אים גלייך אויף אַן אָרט.

דאָס האָט נאָך בולנערן נישט געשטילט די רציחה. ער איז נאָך אַרום־געלאָפֿן, געזוכט, געגישטערט און נישט געפֿינענדיק קיינעם, איז ער אַוועק אויפֿן ראַדעמער וועג און די מענטשן האָבן אַ ביסל פֿרייער אָפּגעאָטעמט.

אויף צו מאָרגנס האָט זיך העניעכס זון געמוזט צושטעלן צו דער פּאָליציי און מען האָט אים תיכף דערשאָסן.

אַזוי זיינען געלאָפֿן די געשעענישן איינע נאָך דער צווייטער. די דאַטעס גענוי קאָן איך זיך נישט דערמאָנען, אָבער עטלעכע עפּיזאָדן האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון און איך קאָן זיי בשום אופֿן נישט פֿאַרגעסן.

אַ געוויסן טאָג איז געקומען פֿון ראַדעם דער עס־עס־מאַן מאַנדל מיט זיין געהילף שוויעטקאַ און זיך אַ לאָז געטאָן איבער די יידישע הייזער מאַכן רעוויזיעס. האָבן זיי געפֿונען ביים איידעם פֿון לייבל איזענבערג לעדער. זיי האָבן אים גענומען צו דער פּאָליציי און אים געוואָלט גלייך שיסן. איז נאָכגעלאָפֿן זיין שווער לייבל אייזנבערג (בוצאַק) און זיך געבעטן: שיסט בעסער מיך, איך בין שוין אַן אַלטער מאַן און לאָזט פֿריי מיין איידעם. האָבן די רוצחים געשאָסן ביידן אויפֿן הויף פֿון דער פּאָליציי.

אַ צווייט מאָל איז דער זעלביקער באַנדיט געקומען מיט זיין געהילף און געמאַכט אַ רעוויזיע ביי די בעקערס. האָבן זיי געפֿונען ביי דאָבע פּרענקל, פּערל מלכהלעס זון, עטלעכע ברויטלעך מער ווי זיין צוגעטיילטע

נאַרמע, האָט מען אים מיט זיין פרוי, ווי אויך אַ שכנה, שרה איטע, זלמן־יאָסל פרידס מוטער, אַרויסגענומען אויפן הויף און אַלע דריי דערשאָסן.

אַזעלכע און ענלעכע געשעענישן האָבן פּאַסירט יעדן טאָג, ביז ס׳איז געקומען דאָס יאָר 1942, ווען מען האָט מיך און נאָך הונדערטער שידלאָווצער ייִדן אַפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק און אין אַ צוויי יאָר אַרום — קיין טשענס־טאָכאָווו, וואו מיר זיינען דעם 16טן יאַנואַר 1945 באַפרייט געוואָרן.

די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געטאַנצט, זיך געפרייט, געראַבירט וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט — ס׳איז דאָך געווען זייער באַפרייאונג. אָבער איך, דער ייִד, האָב זיך געפילט אַזוי, ווי כ׳וואָלט ערשט געבוירן געוואָרן. עפּעס האָט מיר די וועלט אויסגעזען אין גאַנצן אַן אַנדערע, אַ פרעמדע. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יעדער פאַרבייגייער שטעכט מיך אַדורך מיט זיינע בליקן און ער וואונדערט זיך, וואָס אַ ייִד איז נאָך לעבן געבליבן.

נאָך אַ פּאָר טעג טראַכטן, האָב איך באַשלאָסן אַהיימצופאָרן אין מיין שטעטל, אפשר וועל איך דאָרטן טרעפן עמעצן פון מיינע נאָענטע. אָבער אויפן אָרט, וואו ס׳האָבן געוואוינט מיינע עלטערן, איז געלעגן אַ קופּע גרוז. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אויסגעזען ווי אַ בית־עולם. דאָס איבערגעבליבענע הייפל שידלאָווצער ייִדן — פון די לאַגערן, פון די פּאַרטיזאַנער און פון די באַהעלטענישן — האָבן געוואָלט צוריק זיך איינאָרדענען אין שידלאָווצע. אָבער שוין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן פּאָליאַקן, דאָס הייסט די א״ק, זיך אַרומגעזען, אַז ס׳זיינען נאָך געבליבן צו פיל ייִדן, האָבן זיי איין מאָל ביי נאַכט אַרויפגעשאָסן צו אונדז. צום גליק, האָבן די קוילן קיינעם נישט געטראָפן. מיר האָבן אָבער געפילט, אַז לענגער טאָרן מיר שוין דאָ נישט פאַרבלייבן. מיר זיינען זיך גלייך צעפאָרן אין די גרעסערע שטעט, דאָס רוב קיין לאָדזש.

אַזוי איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל אַזאַ שיינע ייִדישע קהילה, וואָס האָט געהייסן שידלאָווצע.

* * *

איך שרייב די פּאָר עפּיזאָדן צום אָנדענק פון די יונג־פאַרשניטענע לעבנס פון מיינע טייערע עלטערן משה און דינה און מיינע צוויי יונגע ברידער יודל און יקותיאל.

**יאַנקל זילבערמאַן**

# מיין לעצטער יום כיפור אין שטעטל

דער ערב־יום־כיפור אין 1942 איז אויסגעפאַלן זונטיק. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אָבער יידן זיינען אַרומגעגאַנגען טרויעריק פאַרטראַכט. אומרו און שרעק האָבן אַרויסגעקוקט פון זייערע אויגן, ווי איינער וואָלט געפרעגט דעם אַנדערן: וואָס טוט מען? וואו געפינט מען אַן אויסוועג זיך צו ראַטעווען?

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז יעדער דאַרף זיך אָנגרייטן אַ פלאַש וויטריאָל. ווען מ׳וועט קומען נעמען, זאָל מען זיי אויסברענען די אויגן, אָדער אַ שאַרפע האַק אָדער מעסער. קיין אַנדער געווער איז ניט געווען.

שלעכטע בשורות קומען אָן: אין פאַרשידענע שטעט טרייבט מען אַרויס אַלע יידן, מ׳לאָדעוועט זיי אָן אין וואַגאָנען און מ׳פירט זיי אַוועק ערגעץ וואו. וואוהין? ווייסט קיינער ניט! מ׳זאָגט אויף אַרבעט.

גאָר שלעכטע סימנים האָבן זיך באַוויזן, ווען מ׳האָט אַרויסגעטריבן די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און געבראַכט זיי קיין שידלאָווצע. דאַן האָבן מיר אַלע דערפילט, אַז דער חלף ליגט שוין אויפן האַלדז און דער חורבן דערנענטערט זיך צו אונדז.

יידן האָבן ניט געוואָלט פאַרשוועכן דעם הייליקן יום־כיפור. אונדזערע מאַמעס און פרויען האָבן מיט ווייטיקדיקע הערצער געוואָלט צוגרייטן דעם ערב יום־כיפור, אָבער די לעצטע שרעקלעכע נייעס האָבן צעשטערט זייער ווילן. אַלץ איז געפאַלן פון די הענט.

* * *

די קריסטן גייען פון קאָשטשיאָל — זאַטע, אָנגעגעסענע, צופרידענע. זיי גייען שמייכלענדיק דורך די יידישע גאַסן. זיי זיינען נאָך מן־הסתם אונטערן איינדרוק פון גלחס דרשה, אַז סוף־סוף איז געקומען די צייט, וואָס די „זשידעס" וועלן באַשטראָפט ווערן פאַרן דערמאָרדן זייער גאָט. אַ טייל קריסטן גייען נאָך אַריין צו זייערע יידישע באַקאַנטע פון לאַנגע צייטן, כדי זיך גוט אַרומצוקוקן, וואו ס׳וועט זיך בעסער לוינען צו זיין יורשים...

אויך צו אונדז אין הויז קומט אַ באַקאַנטער קריסט, קוקט זיך גוט אַרום. דערזעט אונדזער יידישע „רייכקייט" — אַ שטעפּער־מאַשין, אַ ביסל

פּאָדעם און אַנדערע זאַכן. ער מאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט אויסגעדריקט מיט־געפיל. ער זעט אונדזער געמיט־צושטאַנד און זאָגט: יאַנקל, דו ביסט אַ פיינער ייד, ס׳איז אַ שאָד, מ׳זאָל אייך דערמאָרדן!

וואָס האָבן מיר געקאָנט ענטפערן?

מיין פרוי גיט נאָר אַ קוק אויף מיר, ווי זי וואָלט געזאָגט: זעסט אונדזערע טרייסטערס? מיין מוטער שווייגט טרויעריק, אירע ליפּן ציטערן פון שרעק. זי וויל זיך גרייטן ליכט צינדן, אַזוי ווי אַלע יאָר. דאַוונען מוז מען אין דער היים אָדער ביי שכנים. אין די גאַסן קאָן מען נאָר גיין ביז 7 אָוונט.

איך זיץ אַזוי ביי דער מאַשין פאַרטראַכט. איך פיל, ווי אונדזער שטאָט זינקט ווי אַ צעבראָכענע שיף אויף אַ צעשטורעמטן ים. מיין שוועסטער מלכה, מיין שוואָגער לייבל און שוועגערין מרימל זיינען אין סקאַרזשיסקער לאַגער. טרערן גיסן זיך פון די אויגן. מיין פרוי פרעגט מיך: וואָס וועט זיין פון אונדז? וואָס קאָן איך איר ענטפערן?

דער אָוונט רוקט זיך צו. מיין מוטער בענטשט די ליכט. איך מיט מיין ברודער כאַפּן זיך אַריבער אין אַנדערן הויף, וואו מ׳וועט זאָגן „כל־נדרי" מיט אַ מנין ביים שכן דוד גראַס, אַקעגן משה בערגער, וואָס האָט ריזיקירט און אָפּגעגעבן זיין דירה צום דאַוונען.

אויף דער גאַס הערשט אַ שטילקייט, ווי אויף אַ בית־עולם. מ׳זעט נאָר פון דער ווייטנס, ווי שאָטנס באַוועגן זיך. דאָס גייען מסתמא אַנדערע יידן צו שכנים, כדי צוזאַמען צו דאַוונען. ס׳דערמאָנט אונדז אין די מאַראַנען אין דער צייט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע.

אַקעגן אונדזער הויז, ביים קריסטלעכן שכן אין פענצטער, איז אַרויס־געשטעלט און באַלויכטן אַ גרויסער צלם, כדי מ׳זאָל וויסן, אַז דאָ וואוינען ניט קיין יידן...

מיר זיינען פאַרזאַמלט אַ צוויי צענדליק יידן. ישעיה בריקס זאָגט מיט גרויס כוונה „כל־נדרי" און אַלע פאַרזאַמלטע יידן כליפּען ווי קליינע קינדער.

אַזוי איז דורך דער לעצטער יום־כיפּור אין שידלאָווצע אין יאָר 1942.

משה קונאָווסקי

# דער ברונעם וואָס האָט געראַטעוועט

כדי זיך צו ראַטעווען פון די פאַרשיידענע כאַפּענישן אין געטאָ, האָט מיין שוואָגער וועלוול פּאַרטראַכט אַ פּלאַן אויסצובויען אַ באַהעלטעניש אין ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון מיין שווער אברהם טשאַרנעס וואַסערשטיין. מען האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט, ביז מען האָט אויסגעגראָבן אַ טונעל צו אַ וואַנט פון אייבערשטן טייל פון ברונעם, איבער דער פלאַך פון וואַסער.

אין טאָג פון דער ערשטער אויסזידלונג זיינען מיר גאַנץ פרי אַרונטער אין דער באַהעלטעניש. מיר זיינען געווען 14 מאַן. לאַנג האָט מען ניט געקענט בלייבן דאָרטן, בין איך און אַ העלפט פון די באַהאַלטענע אין נאַכט אַרויס פון דער מאַלינע און דורך אומוועגן זיך דערשלעפּט צום לאַגער אין וואָלנעוו.

דאָרטן בין איך געווען מיט מיינע ברידער סענדער, שמואל, אברהמלע און יאַנקעלע. נאָכן אָפּזיין אין וואָלנעוו עטלעכע וואָכן, איז דאָרט פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע סעלעקציע מיט אַ מאַסן־דערשיסונג. די גרעסטע מערהייט פון די קרבנות זיינען געווען שידלאָווצער, צווישן זיי זלמן זאַלצטרעגער, רבקה קריס און איר טאָכטער, מיין שוואָגער וועלוועל וואַסערשטיין, פישעלע קורלענדער, פישל ראַבינאָוויטש, שמואל ציטרינבוים (זייגערמאַכער), ישראל שוואַרצפוטער, אברהם מאָדזשעוויעצקי, שמעון בלאַטמאַן, דער הויכער בנימין לעווין, מיין ברודער סענדער, שיע לעדערמאַן, יחזקאל ליכטיקער, טויבע ראָזענבוים און פיל אַנדערע.

נאָך דער מאַסן־עקזעקוציע בין איך אַנטלאָפן פון פאַרשאָלטענעם לאַגער און ווידער אָוועק קיין שידלאָווצע, וואו עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „נייער געטאָ", ווי די דייטשן האָבן אינפאָרמירט.

איך האָב זיך גלייך איבערצייגט, אַז דער כלומרשטער נייער געטאָ איז נאָר אַ נייע פּאַסטקע, בין איך אין דער נאַכט פון 12טן יאַנואַר 1943 אַנטלאָפן פון דאָרטן מיט מיינע צוויי ברידער אברהם און יאַנקעלע און אהרן שאַרפּאַץ מיט זיין טאָכטער טויבע רבקה נאַגעלמאַן און נאָך עטלעכע. עטלעכע טעג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן פּויער אין דאָרף דליגאָס און פון דאָרטן האָבן מיר ווידער געמוזט אָוועק קיין וואָלנעוו.

מיר האָבן שוין ניט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי זיך אונטער־

צוגעבן דעם גורל. אין וואָלנעוו האָבן מיר געאַרבעט ביז דער לאַגער האָט זיך ליקווידירט אין אויגוסט 1943. פון וואָלנעוו האָט מען אונדז געשיקט אין סטאַרכאָוויץ, וואו איך און מיינע דריי ברידער האָבן ביז 1944 געאַרבעט אין דער סטאָלאַרניע. מיין ברודער יאַנקעלע איז אַנטלאָפן פון סטאַרכאָוויץ, אָבער איז געכאַפּט געוואָרן און אומגעקומען.

פון סטאַרכאָוויץ זיינען מיר טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ. ביי דער ערשטער סעלעקציע דאָרטן איז אומגעקומען מיין ברודער אברהמעלע. מיט מיר זיינען געווען יצחקל גאָלדבערג, שמחה־מאיר וויערזשינסקי און אַנדערע שידלאָווצער.

אין דעצעמבער 1944 האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט קיין בוכענוואַלד. דאָרטן האָב איך געטראָפן דעם געלן מאיר בראַניאָווסקי, מיכאל גערשאָנאָוויטש, שמואל יאַנקל צוקער, משה לינדזן, אָסטראָוויעץ. פון דאָרטן האָבן זיי אונדז געשיקט נאָך דאַכאַו, וואו די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אונדז באַפרייט. נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין ברודער שמואל.

די אכזריות פון גורל: מיין ברודער שמואל, וואָס האָט מיטגעמאַכט אַלע גיהנומס, איז שפּעטער אין לאָס־אַנדזשעלעס אומגעקומען פון אַ באַנדיטן־אַנפאַל אויף זיין געשעפט. זיי האָבן פאַרענדיקט, וואָס די נאַציס האָבן אָנגעהויבן.

**יצחק מאָראָ**

# מיין ברודערס גורל

מיין איינציקער ברודער משה־בער איז געווען דער איידעם פון נטע משה קריינדלס. זיין ווייב חוה האָט אים געבוירן אַ ייִנגעלע, מרדכי. משה־בער איז געווען אַן „אָגראָדניק" (גערטנער), זיך געלעבט נישט שלעכט, געפירט אַ באַלעבאַטיש לעבן און פלעגט טאָן מענטשן אַ טובה.

בעת דער ערשטער אויסזידלונג איז זיין פרוי גענומען געוואָרן קיין „האַסאַג", וואו זי איז אויסגעגאַנגען פון הונגער.

מיין ברודער איז געבליבן מיט זיין זיבן־יאָריקן קינד. איך האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל אין יאַנואַר 1943. איך האָב זיך ביי אים געבעטן: „קום מיט מיר. דו זעסט אויך אויס ווי אַ קריסט, אַזוי ווי איך. צוזאַמען וועלן מיר אפשר איבערלעבן דעם חורבן. אָבער איין זאַך מוז איך דיך בעטן — דאָס קינד זאָלסטו אַ געוויסע צייט איבערלאָזן ביי דער קריסטין, וועמען דו האָסט אָוועקגעגעבן דיין גאַנצן פאַרמעגן".

משה בער האָט מיר אויף דעם געגעבן אַ קאַטעגאָרישן ענטפער: „ניין! דאָס קינד וועל איך ביי קיינעם ניט איבערלאָזן".

מיין ברודער איז דעמאָלט אַוועק אין דער באַהעלטעניש, וואָס איז געווען אויסגעבויט אין ברונעם פון אברהם טשאַרנעס.

כל־זמן איך בין נאָך געווען אין שידלאָווצער געטאָ, אויסבאַהאַלטן ביי די קריסטלעכע סטריעקס, האָב איך מיין ברודער געהאָלפן וויפל איך האָב נאָר געקענט. איך האָב ניט איין נאַכט ריזיקירט מיט מיין לעבן, אַרויס פון מיין באַהעלטעניש און אים געבראַכט עסן און אַנדערע זאַכן, וואָס ער און דאָס קינד האָבן זיך גענייטיקט אין זיי.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן אַ צוויי חדשים. פאָליאַקן האָבן דערשמעקט דאָס באַהעלטעניש אין ברונעם. עס האָט געדראָאָט אַ גרויסע סכנה פאַרן לעבן פון מיין ברודער און זיין קינד. בין איך איין נאַכט אַוועק צו אים און אים געזאָגט, אַז ער מוז גלייך זיך אויסזוכן אַן אַנדער באַהעלטעניש. ער האָט דעמאָלט געפונען אַ נייע מאַלינע אין קעלער פון נטע דאַסעס (שענקער).

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן אַ פאַל, וואָס האָט געטראָפן מיט מיין ברודערס קינד, ווען מען איז נאָך געווען אין געטאָ אין חיים גאָלדבערגס הויף. ווען דער ברודער מיטן קינד זיינען געגאַנגען צוריק אין אַנדערן זאַוואולעק, האָט מרדכילע געפונען אין גאַס אַ ראַזיר־אַפּאַראַט. איך בין גראַד אָנגעקומען זיי אַנטקעגן. רופט זיך אָפּ דאָס קליינע קינד צו מיר: „פעטער, איך האָב געפונען אַ מאַשינקעלע, וואָס איך וויל דיר געבן אַ מתנה. אויב מיר וועלן ניט בלייבן לעבן, זאָלסטו געדענקען, אַז איך האָב דאָס דיר געגעבן".

די ווערטער ברענען מיך ביזן היינטיקן טאָג.

מיין ברודער איז געווען אויסבאַהאַלטן אין קעלער פון 1943 ביז אַפּריל 1944. לויט אַ באַריכט, וואָס איך האָב באַקומען פון שידלאָווצער פּאָליאַקן נאָכן קריג, איז אין אַפּריל 1944 מיין ברודער אַרויסגעגאַנגען פון זיין קעלער־באַהעלטעניש זוכן עפּעס עסן פאַר זיין קינד. אַ פּוילישער פייער־לעשער, יוזעק פּאָסאָבקעוויטש, האָט אים באַמערקט און גענומען שרייען: „מאַשקע,

סטואי !״ (שטיי !). מיין ברודער האָט גענומען דאָס קינד און גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון בית־עולם. אָפּגעשוואַכט פון הונגער און פּיין, האָט מיין ברודער ניט אויסגעהאַלטן צו לאַנג אין לויפן און איז געפאַלן. דער פּוילישער פייער־לעשער מיט נאָך צוויי פייער־לעשערס האָבן אים פאַרהאַלטן, ביז דער רוצח באַוער איז אָנגעקומען און ער האָט מיין ברודער מיטן קינד דערשאָסן אויף אָן אָרט.

חיה פּאַריז־קאָרנבלויט

# אין אונדזער באַהעלטעניש



ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און דייטשן זיינען אַריין אין אונדזער שטעטל, האָב איך געמיינט, אַז די וועלט ענדיקט זיך. איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ יונג מיידל און די אַלע שוידערלעכע מעשים אַרום האָבן שרעקלעך געווירקט אויף מיר.

פאַרן קריג האָט מיין מאַמע געהאַט אַ קאָלדרע־וואַרשטאַט. איצט האָט שוין דאָס קיינער ניט געדאַרפט און מיינע עלטערן, מילקע און מלך, האָבן זיך גענומען צו מסחר. סחורה האָבן זיי באַקומען פון זייער קוזינע איטקע שטיינמאַן, וואָס פאַרן קריג האָט זי מיט איר מאַן יצחק געהאַט דאָס גרעסטע געשעפט פון גאַלאַנטעריע און קאָסמעטיק אין שטעטל. ביי זיי האָט אויך געאַרבעט מיין ברודער יאַנקל.

ווען די כאַפּענישן אין שטעטל זיינען געוואָרן אַלץ אָפטער און שרעקלעכער, האָבן מיר זיך צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש אויפן בוידעם פון אונדזער סוכה — וואָס האָט שוין געדינט פאַר אַ באַהאַלטאָרט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און בעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע. דאָס אַרויפּ־קלעטערן אַהין איז געווען ניט אַזוי לייכט, אָבער בעת אַ סכנה טוט מען אַלץ.

ווען ס׳איז אָנגעקומען דער באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן מיטוואָך דעם 23סטן סעפּטעמבער זיך פאַרזאַמלען אויף איין פּלאַץ — איז אָנגעקומען אַ צווייטער באַפעל פון מיין מאַמען: ניט גיין צום פּלאַץ, נאָר וואָס גיכער גיין צו דער באַהעלטעניש. נו, אַז די מאַמע הייסט — פאָלגט מען. צוזאַמען מיט אונדז גייט אויך אַרויף דער אַלטער יעקב שמעון. מיר נעמען אַרויף אַהין אַן עמער וואַסער, אַ פּאָר ברויטלעך, אַ ביסל צוקער. מיין ברודער אברהם יעקב קומט אַריין דער לעצטער און פאַרהאַקט דאָס טירל.

מיר זיינען ניט געווען צו גוט צוגעגרייט צו אַזאַ „אָפּעראַציע״. מיר האָבן נאָר געהאַט אָפּגערעדט מיטן זון פון די מילשטיינס, יצחק, אַז אויב אים וועט זיך איינגעבן אַרויסצוראַטעווען פון דער בהלה, זאָל ער קומען צו אונדז און עפענען דאָס טירל.

דורך די שפּאַלטן פון בוידעם זעען מיר, ווי די גאַסן ווערן אַלץ שיטערער פון מענטשן. וואָס עס טוט זיך אויפן זאַמלפּלאַץ ווייסן מיר ניט. עס גייט אַוועק אַ שעה, צוויי, דריי. אַ דערדריקנדיקע שטילקייט, שרעק אַרום און אַרום. פּלוצעם דערהערן זיך שווערע טריט אויף די טרעפּ. יאַנקעלע האָט באַמערקט דורכן שפּאַלט אַן ס״ס־מאַן מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט. ער גיט אונדז אַ צייכן איינצוהאַלטן דעם אָטעם. צום גליק קערט ער זיך אום צוריק און מיר הערן, ווי מען פאַרקלאַפּט מיט האַמערס דעם אַרויסגאַנג און אונדזער באַהעלטעניש איז געוואָרן אַ לעבעדיקער קבר.

דער טאָג ציט זיך ווי אַן אייביקייט. דאָס דעכל פון בוידעם איז געוואָרן שטאַרק אָנגעהיצט פון דער זון. ביי נאַכט ווערט קילער, אָבער וואָס וועט ווייטער זיין? דער דורשט מאַטערט, מען מוז זיין שפּאָרעוודיק מיטן ביסל וואַסער. לויט אונדזער חשבון קענען מיר דאָס אויסהאַלטן העכסטנס ביז זונטיק.

ס׳איז שוין פרייטיק, ערב סוכות. מיין ברודער נעמט זיך אָן מיט קוראַזש, קריכט אַראָפּ אין אונדזער שטוב און ברענגט אַרויף עפּעס פון דאָרטן, דער עיקר וואַסער. דורך די שפּאַרונעס זעען מיר, ווי מען פירט גרופּעס יידן, און ס׳הערן זיך געוויינען און יללות.

פאַר נאַכט נעמען זיך מיין טאַטע, דער ברודער און יעקב שמעון צום דאַווענען. נאָכן דאַווענען גייט מען מאַכן „קידוש״. אויף וואָס? — יעקב שמעון בעט אים געבן וואַסער צו מאַכן „קידוש״ אויף דעם. ער האָט געזאָגט, אַז אפשר איז שוין דאָס זיין לעצטער „קידוש״ און דער סוף. ער האָט זיך ביטער צעוויינט און צוזאַמען מיט אים מיר אַלע.

זונטיק האָב איך און מיין ברודער געדאַרפט ריזיקירן און אַרויס זען וואָס עס טוט זיך אין שטעטל. אָבער פּונקט דעם טאָג האָבן מיר פּלוצעם דערהערט, ווי מען עפנט דעם טויער פון אונדזער שטוב, מען רייסט אויף דעם אַריינגאַנג און מען הערט יידיש רעדן. מיין ברודער עפנט דאָס טירל און מיר דערזעען פאַר זיך יצחק מילשטיין — וואָס האָט אונדז פריער געהאָט צוגעזאָגט צו קומען אַהער, אויב ער וועט זיך ראַטעווען — מיט די צוויי פּאָליציסטן אַלטער און ישראל יצחק קאַץ, אַ יידישער פורמאַן מיט אַ וואָגן און דער באַנדיטישער פייער־לעשער פלאַסקאַטאַ.

ווער קען איבערגעבן יענעם מאָמענט פון פרייד? די פּאָר יידן האָבן אונדז דעמאָלט אויסגעזען ווי מלאכים פון הימל.

מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין פינקערטס הויז, וואָס איז געוואָרן אַ נייער זאַמלפּונקט פאַר אַלע, וואָס זיינען אַרויס פון די באַהעלטענישן. דעמאָלט איז געווען אַ באַפעל, אַז מען זאָל ניט שיסן די אַרויסגעקומענע פון די מאַלינעס. נאָך אונדז זיינען דערנאָך אָנגעקומען אַ סך באַהאַלטענע שיד־לאָווצער.

אָבער דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. הושענא רבה פרי, ווען די אַרבעטערס מיט דער יידישער פּאָליציי — צוזאַמען מיט זיי אויך יצחק מילשטיין — זיינען אַרויס צו דער אַרבעט, זיינען פּלוצלונג אָנגעקומען דייטשע זשאַנדאַרמען מיט אוקראַאינער און מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין סקאַר־זשיסקער לאַגער. דאָרטן איז אויף מאָרגן געמאַכט געוואָרן אַ סעלעקציע. מיך מיטן ברודער האָבן זיי אויסגעקליבן אויף אַרבעט, אָבער מיינע עלטערן זיינען אַוועק אויף דער שלעכטער זייט. מיין מאַמע וואָלט זיך געקענט ראַטעווען, אָבער זי האָט ניט געוואָלט זיך שיידן מיטן טאַטן. די מאַמע האָט נאָך באַוויזן אונדז צו זאָגן: איר זייט נאָך יונג, האַלט זיך צוזאַמען און פאַרגעסט אונדז נישט. די געוויינען פון מיינע טייערע עלטערן אין יענע שרעקלעכע מינוטן פון געזעגענען זיך קלינגען נאָך ביז היינט אין מיינע אויערן.

אין סקאַרזשיסק האָבן מיר זיך געמאַטערט ביז 1944. פון דאָרטן זיינען מיר עוואַקואירט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו. אין דער איינמאָליקער סעלעקציע פון יענעם לאַגער איז מיין ברודער אַריינגעפאַלן און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בוכענוואַלד, וואו ער איז שפּעטער אומגעקומען.

איך בין נאָך אַ סך צרות באַפרייט געוואָרן דעם 17טן יאַנואַר 1945 אין קאַצעט פעלצערן ביי טשענסטאָכאָוו.

בערל קראיעווסקי

# אַרויס פון קלעם

שווער איבערצוגעבן וואָס פאַר אַ בילד עס האָט פאָרגעשטעלט שידלאָווצע נאָך דער ערשטער אויסזידלונג. עס איז נישט מעגלעך געווען צו געפינען אַ הויז אָדער אַ שטוב מיט אַ גאַנץ פענצטער אָדער טיר. אַלץ איז געווען חרוב ומוחרב. באַלד ווי מען האָט די יידן אַרויסגעפירט צו דער באַן, האָבן די קריסטלעכע שכנים אַלץ חרוב געמאַכט. אַזוי האָבן אויסגעזען די „זאַאול־קעס", וואו מען האָט אונדז, אַרום 1,500 מענטשן, אַריינגעטריבן פון ראָדעם, און דאָ האָבן מיר באַדאַרפט וואוינען.

נישט האָבנדיק קיין אַנדער עצה, האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט. מיר האָבן פאַרקלאַפּט די לעכער מיט וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, מיר האָבן צוזאַמענגעלופּעט מיט אַ ביסל ליים די צעבראָכענע שטיקלעך ציגל און שטיינער און געמאַכט אַ קיך צום קאָכן — און אַזוי האָבן מיר אָנגעפאַנגען אַ ניי לעבן פול מיט שרעק און טויט.

יעדן טאָג זיינען צוגעקומען נייע מענטשן. אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעקליבן ביז 5000 נפשות. אַזוי ווי אין די „זאַאולקעס" איז נישט געווען גענוג פלאַץ פאַר אַזוי פיל מענטשן, האָט מען אונדז איבערגעפירט אין די גאַרבאַר־ניעס אַריין. דאָרטן זענען נאָך די הייזער געווען גאַנץ און עס האָבן אין זיי געוואוינט פּאָליאַקן. נאָר איין גאַרבאַרניע איז נאָך געווען טעטיק. דאָס איז געווען נטע איזענבערגס פאַבריק. די פּאָליאַקן זיינען אַרויס און מיר זיינען אַריין אין די הייזער. איך האָב געוואוינט אין יצחק גאַרבערס הויז מיט נאָך 26 נפשות אין איין שטוב. מיט מיר צוזאַמען האָט געוואוינט אברהם גריטשמאַן מיט זיין פרוי. פון ענגשאַפט און פון אומנאַטירלעכע באַדינגונגען האָט זיך פאַרשפּרייט די טיפוס־קראַנקייט. מענטשן האָבן ניט אָנגעהויבן פאַרשטיין נאָך וואָס מען האָט זיי דאָ אַהערגעבראַכט.

דעצעמבער 1942 האָט מען געברענגט מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען שוין אַ לענגערע צייט אין די אַרומיקע פאַבריקן. די מענטשן האָבן זייער שלעכט אויסגעזען און האָבן שוין מער נישט געטויגט צו קיין אַרבעט. זייער אויסזען איז געווען שרעקלעך. די דייטשן האָבן זיי אויסגעקליבן, ווייל זיי זענען שוין נישט געווען פעאיק צו אַרבעטן. איצט האָבן שוין אַלע פאַר־שטאַנען נאָך וואָס מען האָט אונדז דאָ אַהערגעבראַכט.

אַזוי האָבן מיר דערצויגן ביזן 7טן יאַנואַר 1943. פאַר נאַכט האָבן זיך באַוויזן די שטאָטישע פייער־לעשערס אין זייערע אוניפאָרמען. זייער באַווייזן זיך האָט אויף אונדז אָנגעוואָרפן אַ שרעק, ווייל ביי אַלע „ווישעדלעניעס" האָבן די פייער־לעשערס גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל.

דעם זעלביקן טאָג האָבן זיך געהאַט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז עס זענען געוואָרן באַשטעלט וואַגאָנען. אָפּטימיסטן האָבן אויסגעטייטשט, אַז די וואַגאָנען זאָלן זיין באַשטעלט פאַר דער תבואה, וואָס די דייטשן האָבן צוגענומען ביי די פּויערים. איך האָב געקענט נאָך די זעלבע נאַכט אַרויס, ווייל מיר זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען באַוואַכט, אָבער וואוהין האָט אַ ייד געהאַט צו גיין אין יענע צייטן?

צו מאָרגנס אין דער פרי זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אוקראַאינער, פּוילישער פּאָליציי, דייטשער זשאַנדאַרמעריע, און מען האָט אונדז צוזאַמענגעטריבן מיט די, וועלכע זענען פאַרבליבן אין די זאַאולקעס.

כ'האָב געזוכט פאַרשיידענע מיטלען, ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן, אָבער אָן דערפאָלג. נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס דאָס אָנקומען פון די וואַגאָנען האָט זיך לאַנג פאַרצויגן, בין איך שבת אויף דער נאַכט, דעם 10טן יאַנואַר 1943, אַרויס פון קלעם, און דינסטיק, דעם 13טן יאַנואַר, איז פאַרענדיקט געוואָרן שידלאָווצע ווי אַ יידישע שטאָט.

לאה שטשענשליווע־אייזענבערג

# אַ ראַדעמער „אַקציע" אין שידלאָווצע



ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער צווייטער וועלטקריג, האָב איך זיך געפונען אין ראַדעם. צוזאַמען מיט אַלע ראַדעמער יידן, האָב איך זיך אויך געפייניקט אין זייער געטאָ.

דעם 20סטן מערץ 1943 איז געקומען דער אונטער־שטורעם־פירער שיפּערס, קאָמענדאַנט פון געטאָ, צום פאָרזיצער פון יודנראַט ד"ר נחום שענדעראָוויטש און געפאָדערט פון אים אַ ליסטע פון אַלע יידישע דיפּלאָמירטע אינטעליגענטן צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. באַלד האָט צווישן די יידן זיך

פאַרשפּרייט אַ מיינונג, אַז די אינטעליגענטן וועלן אויסגעביטן ווערן אויף דייטשן, וואָס געפינען זיך אין ארץ־ישראל.

שיפּערס האָט פאַרלאַנגט ביז 40 מאַן, אָבער די צאָל פאַרשריבענע האָט דערגרייכט ביי 150. די רעגיסטרירטע יידישע דיפּלאָמירטע האָט מען געזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך גרייטן צו אַ ווייטער רייזע און מיטנעמען מיט זיך נאָר קליינע געפּעק און ווערטזאַכן.

ביים געטאָ־מויער האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל יידן, וועלכע האָבן מקנא געווען די אויסדערוויילטע און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט זיך אַריינצוכאַפּן צווישן זיי אומבאַמערקט.

אויף מאָרגן, צוויי אַ זייגער ביי טאָג, איז אָנגעקומען דער אונטער־שטורעם־פירער קאַפּקע, דער קאָמענדאַנט פון די אוקראַאינער רוצחים, מיט צוויי גרויסע אויטאָבוסן און אַרויפגענומען די פאַרשריבענע אינטעליגענטן. מיט זייערע משפחות האָבן זיך אויך מיטגעכאַפּט יידן, וואָס זענען אויף דער ליסטע נישט געווען.

די אויטאָבוסן זיינען ניט געפאָרן צו דער באַן, נאָר גאָר אין דער ריכטונג פון שידלאָווצע. נאָך זיי איז אויך נאָכגעפאָרן אַן אויטאָ מיט באַוואָפנטע אוקראַאינער. ערשט איצט איז די יידן געוואָרן אויפפאַלנדיק, וואָס שיפּערס האָט אין דער סאַמע לעצטער מינוט אויסגעשטראָכן פון דער ליסטע זיינע באַקאַנטע יידן: ד״ר שענדעראָוויטש, ד״ר קליינבערגער און דעם יידישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט סיטנער. די יידן האָבן איצט באַגריפן, אַז מען האָט זיי ווידער אָפּגענאַרט מיט אַ נייעם נאַצישן טריק.

די אויטאָבוסן זיינען צוגעפאָרן צום שידלאָווצער בית־עולם. די יידן פון איין אויטאָ האָט מען אויסגעשטעלט אין דריי רייען און אויסגעטאָן נאַקעט. נאָכן אַריינפירן די ערשטע ריי יידן, האָט מען געהערט שיסערייען.

איך האָב זיך געפונען מיט נאָך אַ פאַרטיע יידן אין אַ צווייטן אויטאָ. ווען די אוקראַאינער האָבן אויסגעשאָסן די ערשטע גרופּע יידן, האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן פון אויטאָ, אויך אַוועקגעשטעלט ביים פאַרקאַן, באַפוילן אַוועק־צוגעבן אַלע ווערטזאַכן און זיך אויסצוטאָן נאַקעט. דאָ האָט קאַפּקע באַמערקט זיינס אַ באַקאַנטע, בעלאַ פרידמאַן. האָט ער זי באַפוילן זיך צו שטעלן אין אַ זייט. שפּעטער האָב איך און נאָך אַנדערע דאָס זעלביקע געטאָן, און אַזוי אַרום זענען אין דער לעצטער מינוט אָפּגעראַטעוועט געוואָרן 17 יידן. די איבעריקע זענען אַלע אומגעקומען און געפונען זייער רו אויפן שידלאָווצער בית־עלמין, וואו זיי האָבן זיך פריער אַליין אויסגעגראָבן די קברים.

נאָטע סטאַל

# עפּיזאָדן פון דער גרוילצייט

עטלעכע וואָכן פאַר דער ערשטער אויסזידלונג איז געשטאַנען מאיר, דאָס יינגל פון הענעך פּאַפּיראָסניק, און פאַרקויפט פּאַפּיראָסן. זיינען צוגעקומען צוויי כוליגאַנעס, צוגענומען די פּאַפּיראָסן און אים נאָך גוט צעשלאָגן. איך און מיין ברודער יעקב־מרדכי האָבן דאָס צוגעזען, זיינען מיר צוגעלאָפן און מיר האָבן די כוליגאַנעס צעשלאָגן ביז בלוט.

מיר האָבן געמיינט, אַז דערמיט האָט זיך עס געענדיקט, אָבער מיר האָבן געהאַט אַ טעות. דעם קומענדיקן מיטוואָכדיקן מאַרקטאָג איז אָנגעקומען געשטאַפּאָ און געזוכט די יעניקע, וואָס האָבן צעשלאָגן די צוויי גוים, וואָס איינער פון זיי האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פאָלקס־דייטש, וואָס האָט געהאַט אַ שוואָגער אין געשטאַפּאָ. אײדער וואָס ווען האָבן זיי דערשאָסן דאָס יינגל מאיר, יחזקאל פאַרבער און נאָך עטלעכע יידן. ווען זיי האָבן מיך געפּאַקט, האָב איך געפילט, אַז איך האָב שוין ממילא ניט וואָס אָנצואָווערן און גענומען לויפן מיט אַלע כוחות. זיי האָבן מיך נאָכגעשאָסן, אָבער ניט געטראָפן. איך האָב זיך אויסגעמישט צווישן די פויערים און אַנטרונען געוואָרן דורך הינטערגעסלעך.

נאָך דער אויסזידלונג בין איך געבליבן אין דער אַזוי־גערופענער „רוים־קאָמאַנדע". ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָ לויערן לעבנס־געפאַרן. בין איך אַנטלאָפן קיין וואָלנעוו צוזאַמען מיט מיין שוואָגער אָשר קונאָווסקי, זיין שוואָגער אַברהם גראָס און, דאַכט זיך, אויך וועלוול וואַסערשטיין. אַ פאָלקס־דייטש האָט אונדז געפּאַקט אין וועג, האָבן מיר פאַר אַ סך געלט זיך אויסגעקויפט ביי אים און בשלום אַריין אין וואָלנעווער לאַגער.

אין לאַגער איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע און מאַסן־דערשיסונג. צווישן די דערשאָסענע זיינען געווען מיין ברודער שלמה, מיין שוואָגער אָשר קונאָווסקי און אברהם זאַלצטרעגער (גראָס).

מיין ברודער מרדכי־יעקב איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, האָב איך אים מיטגענומען אין מיין באַראַק פון דער אויסערן־קאָמאַנדע. די יידן אין מיין באַראַק האָבן זיך געשראָקן ניט צו ווערן אָנגעשטעקט מיט טיפוס און זיי זיינען באַשטאַנען אויף דעם, אַז איך זאָל מיין ברודער אַרויסנעמען פון דאָרטן. ס'האָט ניט געהאָלפן מיין בעטן זיך ביי זיי צו לאָזן מיין ברודער אין באַראַק. איין ייד האָט מיר געזאָגט, אַז ער ווייסט פון אַ חורבה הינטערן

שטעטל, וואוהין מען וואָלט געקענט אַריבערפירן מיין ברודער. איך האָב געגעבן אים וויפל ער האָט פאַרלאַנגט פאַרן אויסזאָגן דעם אָרט, אַוועקגעטראָגן אַהין מיין קראַנקן ברודער און דורך דעם אים געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. ווי אַזוי ער האָט עס אַריבערגעטראָגן אין דער וויסטער חורבה, אָן מעדיצינען און זייענדיק אַליין אַ גאַנצן טאָג, קען איך ניט פאַרשטיין.

אין יוני 1943 איז דער לאַגער וואָלנעוו ליקווידירט געוואָרן. מיך האָט מען געשיקט קיין ראַדעם און מיין ברודער יעקב־מרדכי נאָך בלידשין. פון דאָרטן האָט מען אונדז געפירט אין פאַרמאַכטע וואַגאַנען נאָך אוישוויץ, וואו מיר זיינען לאַנג ניט געווען. פון אוישוויץ האָט מען אונדז אָפּגעשיקט אין די לאַגערן וויהינגער, העסנטאַל און אַלאַך — אַ שרעקלעכער לאַגער, וואָס איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז שוין מיין סוף. דאָרטן בין איך געווען מיט די שידלאָווצער יאַנקל לוסטמאַן, משה גאָלדבערג, שמשון אָסטראָוויעצקי און יצחק מילשטיין. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען.

אַ גליק, וואָס דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. מען האָט אונדז אָפּגעפירט הינטער די טיראָלער בערג, אין סטאַלטאַך, און דעם 30סטן אַפּריל 1945 זיינען מיר באַפרייט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

מיין ברודער מרדכי איז באַפרייט געוואָרן דעם 8טן מיי 1945 אין סודעטן־לאַנד.

עלקע קליין־שרייבערבערג

# אַ קינד פאַר פּליטים



ביים אָנהייב צווייטן וועלטקריג זיינען קיין שידלאָווצע אָנגעקומען אַ סך פּליטים, ניט בלויז פון די שטעטלעך אַרום, נאָר אויך פון גאַנץ ווייטע מקומות — פון לאָדזש, וואַרשע, קראָקע. זיי האָבן געמיינט, אַז אפשר וועט ביי אונדז זיין זיכערער, ווי אין זייערע גרויסע שטעט.

אויף אונדזער הויף האָבן זיך צונויפגעקליבן אַ הונדערט פּליטים. מען האָט געדאַרפט קודם־כל זאָרגן דערפאַר, אַז די מענטשן זאָלן האָבן ברויט און אַ געלעגער. איך און נאָך עטלעכע מיידלעך — פריידל, חוהלע שטייערמאַן,

חנהלע צימערמאַן און נאָך אַ פּאָר, וואָס איך געדענק ניט זייערע נעמען — האָבן צונויפגעקליבן קוישן ברויט, אַנדערע מאכלים און מלבושים און עס איבערגעגעבן די פּליטים.

מיר האָבן געהאָלפן יצחק שטיינמאַנען צו שאַפן אַ קיך פאַר די פּליטים. מיר האָבן געבעטן אַפּאַטאָווסקין דעם בעקער אָפּצוגעבן אַ פּאָר צימערן פאַר אַ קיך. ער האָט מסכים געווען. זיין טאָכטער עלקע און אַנדערע האָבן צוגעגרייט אין קיך פאַרשיידענע מאכלים, וואָס יידן פלעגן געבן.

איך און נאָך אַ צען מיידלעך האָבן זיך מתעסק געווען מיט דער קיך. דערנאָך האָט אַפּאַטאָווסקי איבערגענומען צו פירן די קיך, אָבער מיר, די מיידלעך, האָבן אים ווייטער געהאָלפן אין דער אַרבעט.

נעכע כ״ץ

# אונדזערע טייערע שכנים...

ווען ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז עס גרייט זיך אַן „אַקציע״ צו ליקווידיר די שידלאָווצער געטאָ, בין איך, מיין חתן, מיין שוועסטער און מיין חתנס שוועסטער און די פאַמיליע פון ר׳ יצחקל שאַרפהאַרץ אַראָפּ אין אַ באַהעל טעניש. אין דער באַהעלטעניש זיינען געווען צוואַנציק מענטשן, צווישן זיי זעקס קינדער.

ס׳איז אוממעגלעך צו באַשרייבן די טעג אין בונקער, ווען די מערדער דרייען זיך אַרום מיט שפּירהינט און עלטערן האַלטן צו די מיילכעלעך פון די קינדער, אַז זיי זאָלן, חלילה, ניט אויסריידן אַ וואָרט.

ווען מיר זיינען אַרויס פון בונקער — אויסגעמאַטערטע און פאַרהונגער טע — האָבן מיר, צו אונדזער דערשטוינונג, אָנגעטראָפן ניט דייטשן נאָר אונדזערע פוילישע פייער־לעשערס און פאָליציאַנטן. זיי האָבן אַלץ צוגערויבט פון אונדז און דעמאָלט האָבן זיי אונדז צוגעפירט צום בלאָק, וואו עס זיינען שוין צונויפגענומען געוואָרן אַלע שידלאָווצער, וואָס זיינען, ווי מיר, אַרויס פון די באַהעלטענישן.

פרוי שאַרפהאַרץ האָט שפּעטער געגומען איר צירונג און געלט, וואָס זי האָט באַוויזן אויסצובאַהאַלטן, און זי איז אַרויס פון בלאָק, איינשטעלנדיק איר לעבן. זי איז אַוועק צו איר פאַרטרוילעכסטן אַרבעטער, אַ פרומער קריסט, מיטן גלויבן, אַז ער וועט זי אויסבאַהאַלטן פאַר אַזוי פיל ווערטזאַכן. אין אַ שעה אַרום איז זי געקומען צוריק, אַ האַלב נאַקעטע און צעשלאָגענע. פרוי שאַרפהאַרץ האָט דערציילט, אַז דער פּאָליאַק האָט טאַקע ביי איר אַלץ צוגענומען, אָבער דערנאָך האָט ער זי גוט צעשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן.

פון בלאָק האָט מען אונדז אַלעמען אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק. מיין חתן בערל בורשטינסקי האָט געאַרבעט אין ווערק „צע", וואו ער איז אומגעקומען. דער זעלביקער ביטערער גורל האָט אויך געטראָפן מיין ליבער שוועסטער חיהלע און בערלס שוועסטער רבקה.

זאָל זייער בלוט קיין מאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

**ירמיה מייערפעלד** (אַרגענטינע)

# קאַטוילישע "ליבע"

מיין ברודער מענדל איז נאָך מיין פאָטער געווען דער בעסטער הייזער־בויער אין דער געגנט. ווען די נאַציס זיינען אַריין און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע צרות, האָט ער קודם געטראַכט ווי אַזוי צו ראַטעווען זיינע קינדער, וואָס זיינען געווען אויפן ערשטן פּייער.

ער האָט גענומען זיינע צוויי קליינע בלאָנדע קינדער אויף די הענט און געגאַנגען צו די קריסטלעכע מויערערס, וועמען ער האָט יאָרן לאַנג געגעבן גוט צו פאַרדינען. ער פלעגט זיך בעטן ביי זיי:

— נעמט ביי מיר צו אַ קינד, כאָטש איינס זאָל בלייבן לעבן.

האָבן זיי, די גאַטספאַרכטיקע קאַטאָליקן, זיך געריצט מיט אים:

— מיר וועלן וואוינען דאָרטן, אויבן, אין דיין דירה...

און זיי האָבן אויסגעפירט, אין מיין טאַטנס הויז וואוינען די הענקערס. זיי האָבן געהרגעט און געירשנט.

מנחם ראָזענצווייג

# אַ „שטיבל״ אין געטאָ

דאָס אָסטראָווצער חסידים־שטיבל האָט זיך געפונען אין הויף פון שמואל אָסטראָוויעצקי, וואָס מען האָט אים גערופן שמואל קלמנס, לויט זיין פאָטערס נאָמען. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע איז דאָס שטיבל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הכנסת־אורחים פאַר פאַרשיידענע חסידים, אַרויסגעטריבענע פון פיל שטעט און שטעטלעך.

פון ענגשאַפט איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. מיין טאַטע אברהם הערש האָט זיך מיט זיי פאַרנומען און זיי באַזאָרגט מיט וואָס ס׳איז נאָר געווען מעגלעך. ער האָט צו זיי געבראַכט דעם דאָקטער דימאַנט, וואָס האָט מיין טאַטן געוואָרנט, אַז ער קען נאָך אומגליקלעך מאַכן אונדזער גאַנצע פאַמיליע. מיין טאַטע האָט אים געזאָגט, אַז אין זכות פון דער גרויסער מצווה פון ביקור־חולים וועט גאָט אים באַשיצן.

וואָלף אייזענבערג

# דער פּאָליציסט גלאַט

אין דער געטאָ־פּאָליציי איז געווען איינער מיטן נאָמען גלאַט. ער אַליין איז שוין גאָרניט געווען אַזוי גלאַט, פּשוט אַ רעטעניש פאַר אַלעמען.

קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען ער איז געקומען. מען האָט געזאָגט: פון פּויזן. אַ דייטש האָט ער גערעדט זייער אַ גוטן. אויסזען — פון אַן אמתן אַריער: בלאָנד, הויך, שטאַרק. מען האָט גאָרניט געקענט חושד זיין, אַז ער איז אַ ייד.

אין עלטסטן־ראַט האָט מען מורא געהאַט פאַר אים. ניט געוואוסט וואָס ער איז און ווער ער איז. ער פלעגט זיך חברן מיט די דייטשן. פלעגט אויך זאָגן אַ שאַרף וואָרט צום עלטסטן־ראַט.

נאָך דער ליקווידאַציע פון שידלאָווצע האָט מען גלאַטן אַריבערגעפירט

אין וואָלאָנאָווער געטאָ. איך און מיין ברודער האָבן זיך אַריינגעגנבעט אַהין. דעם ערשטן טאָג, ווען גלאַט איז געקומען פירן אַ גרופּע צו דער אַרבעט און ער האָט אונדז באַמערקט, האָט ער אונדז גענומען שלאָגן: אַרויס! אַרויס! ער האָט געזאָגט, אַז יענער אַרבעטסאָרט איז ניט פאַר אונדז. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען זייער אַ שלעכטער פּלאַץ צו אַרבעטן.

אַ צווייטער פאַל: פינף שידלאָווצער זיינען אין וואָלאָנאָוו קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. דער דאָקטער, אַ ייד פון פּשיטיק, וואָס האָט ניט ווייניק צרות אָנגעטאָן יידן, האָט זיי איזאָלירט. גלאַט האָט עס באַמערקט, איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטערל און געזאָגט די פינף, אַז זיי זאָלן אַרויספקריכן אויפן בוידעם און זיך באַהאַלטן. דער דאָקטער האָט דאָס געזען, האָט ער תיכף צוגערופן אַן עס־עס־מאַן און יענער האָט גלאַטן דערשאָסן אויף אַן אָרט.

דאָס „רעטעניש״ גלאַט האָט זיך דעמאָלט פאַר מיר אויפגעקלערט.

משה קופּערבערג (ריאָ)

# אַ יינגל אין געטאָ

ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין שידלאָווצע, בין איך אַלט געווען 15 יאָר. מיין ברודער שמואל יאַנקל איז פאַרכאַפּט געוואָרן בעת אַן אַבלאַווע אויף אַרבעט, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סקאַרזשיסק, וואו ער איז אומגעקומען פון אַ קויל פון אַן אוקראַאינער.

בעת דער ערשטער אויסזידלונג בין איך געגאַנגען מיט אַ גרופּע פון 500 יידן צו דער באַן. מיר האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, האָב זיך אויס־באַהאַלטן ביי טאָג און ביי נאַכט האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אַן דער גרופּע פון 80 יידן, וואָס די רוצחים האָבן איבערגעלאָזן אויף אָפּצורייניקן דעם געטאָ.

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און אַ ביטערע. דעם ערשטן טאָג האָבן מיר געהאַט צו באַגראָבן אַרום 100 דערשאָסענע יידן, די וויטערדיקע טעג — עטלעכע שידלאָווצער קרבנות אַ טאָג.

אַזוי האָבן מיר אָפּגעאַרבעט זעקס וואָכן. נאָך דעם האָט מען אונדזער

גרופע אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק און אַ צייט שפּעטער קיין בוכנוואַלד. אין אַפּריל 1945 האָט מען אונדז, אַ 1200 יידישע קאַצעטניקעס, אַריינגעשטופּט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס און אַרומגעפירט 14 טעג, כמעט אָן עסן און טרינקען. ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין מאַטהאַוזען, זיינען פון די 1200 געבליבן ווייניקער ווי 200.

די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אונדז באַפרייט דעם פינפטן מיי 1945. איך האָב דעמאָלט געוואויגן אַרום 90 פונט. ווען די אַמעריקאַנער וואָלטן געקומען אַ ביסל שפּעטער, וואָלט שוין פאַר מיר געווען צו שפּעט.

אָפּגעשריבן פון ברוך מאַיאָוקע

טאָבע סעמיאַטיצקי־שאַרפהאַרץ (מאָנטרעאָל)

# פון שידלאָווצע ביז אוישוויץ



דער גרויסער יידישער חורבן האָט מיך געטראָפן, ווען איך בין אַלט געווען 14 יאָר, אַ תלמידה פון ראָדעמער גימנאַזיע. ווען די דייטשע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו שידלאָווצע, בין איך גראָד געווען אַהיים אויף וואַקאַציע.

בעת דער גרויסער דייטשער קאַנאָנאַדע אויפן שטעטל זיינען אַלע געלאָפן זיך באַהאַלטן אין קעלערן אָדער אַנדערע באַהעלטענישן. ביי אונדז אין הויז איז געווען אַ גרויסער און פעסט־געמויערטער קעלער, וואוהין אַ סך שכנים זיינען געקומען זוכן שוץ צוזאַמען מיט מיינע עלטערן אהרן און דבורה, מיין באָבע פייגע־ליבע מיטן זיידן יצחק. די עלטער־באָבען חנה־שרה, אַ פּאַראַליזירטע, האָט מיין טאַטע אַרונטערגעטראָגן אין קעלער. מענטשן האָבן געוויינט, פיל האָבן געזאָגט תהלים. טייל האָבן געזאָגט: זאָל שוין דער דייטש אַריין, אַבי ס'זאָל ווערן שטיל. מיין פאָטער האָט אָבער געזאָגט: איך באַשטיי 6 חדשים אַזוי צו מאַטערן זיך אין קעלער, אַבי דער דייטש זאָל די מפּלה

איינגעמען און ניט קומען צו אונדז. אויף צו מאָרגנס איז שוין דער דייטש געווען אין שטעטל.

איך געדענק, אַז דער דייטשער אַמט האָט אויפגעפאָדערט צו שאַפן אַ יודען־ראַט אין שטעטל. ווען מיין פאָטער האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט אים פאָרצייכנט ווי אַ קאַנדידאַט פאַרן יודען־ראַט — ווייל ער איז געווען אין דער אָנפירערשאַפט פון דעם ציוניסטישן ראַט — איז ער אַנטלאָפן קיין סקאַרזשיסק. ער איז דאָרטן אָפּגעווען אַ לאַנגע צייט און איז צוריקגעקומען, ווען אַלץ איז שוין געווען עטאַבלירט אָן אים.

די עטלעכע לעצטע חדשים פון 1939 איז נאָך געווען צו דערליידן. אָבער וואָס ווייטער האָבן זיך אָנגעהויבן מערדערלעכע שיקאַנעס, גרויסע קאָנטריבוציעס, כאַפּעניש אויף צוואַנגאַרבעט אאַז״וו.

איין מאָל איז אָנגעקומען אַ וויגעשריי פון די שידלאָווצער אָוועקגעשיקטע אין לאַגער, אַז זיי גייען אויס פון הונגער. האָט דער הילף־קאָמיטעט צונויפגעזאַמלט פאַרשיידענע שפּייזן זיי צו שיקן. ס׳האָט זיך אָבער ניט געפונען עמעצער, וואָס זאָל עס אָוועקפירן, ווייל ס׳איז געווען אַ לעבנס־סכנה. דעמאָלט האָט מיין פאָטער ע״ה וואָלונטירט און האָט עס אָוועקגעפירט אין לאַגער.

מיט שווערע נסיונות און איבערלעבונגען האָט זיך אָנגערוקט דאָס יאָר 1942. דער דייטש איז געגאַנגען פון איין נצחון צו אַ צווייטן אין רוסלאַנד. די האָפענונג, אַז דאָרט וועט ער כאַפּן די גרויסע מפלה, איז צערונען געוואָרן. אַלץ אָפטער האָבן גענומען קורסירן קלאַנגען, אַז מען פירט אַרויס גאַנצע שטעט מיט יידן פון לובלינער געגנט. טייל האָבן געזאָגט — אויף אַרבעט און טייל — אויף אומקום.

אין אָט דער צייט איז אָוועקגענומען געוואָרן פון אונדז מיין טייערע מאַמע, וואָס איז נאָך געשטאָרבן אויף איר בעט. מיר האָבן נאָך דעמאָלט ניט באַגריפן איר זכות פון שטאַרבן מיט אַ נאָרמאַלן טויט.

אין מיטן 1942 האָבן דייטשן זיך אַריינגעריסן אין הויז פון מיין זיידן יצחק, ווען יידן האָבן דאָרט געדאַוונט. די דייטשן האָבן אַלעמען צעשלאָגן, זיי אַרויפגעפּאַקט אויף אַ לאַסטאויטאָ און אָוועקגעשיקט קיין סקאַרזשיסק, וואו מענטשן זענען געפאַלן פון גיפטיקע כעמיקאַלן ביי דער אַרבעט. מיין פעטער איז דאָרט גיך אומגעקומען. זיין יונגע פרוי רחל מיט צוויי בילד־שיינע קליינע קינדער זענען בעת דער אויסזידלונג, אין

סעפּטעמבער 1942, אָפּגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיטן זיידן און באָבען פּייגע־ליבע קיין טרעבלינקע.

מיר מיט מיין פאָטער איז געלונגען אַריינצוקריגן זיך ביי שווערער אַרבעט אין סטאַרכאָוויץ. מיר זיינען געווען גליקלעך, וואָס מיר זיינען צוזאַמען. ווען מיר האָבן דערשפּירט, אַז אויך דאָ ווערט ענג, זענען מיר אַוועק קיין וואָלאַנאָוו און געאַרבעט אונטער שרעקלעכע באַדינגונגען. פון דאָרט האָט מען אונדז געשיקט קיין בליזשין און דערנאָך אין אוישוויצער גיהנום.

ביז אוישוויץ האָב איך נאָך געהאַט דאָס אומבאַשרייבלעכע גליק און זכיה צו זען פון צייט צו צייט מיין טייערן פאָטער. כאָטש מיר זענען געווען אין באַזונדערע באַראַקן, האָב איך דאָך מצליח געווען אים אַ מאָל צו זען. אָבער אין אוישוויץ האָב איך אָט די לעצטע טרייסט מיינע פאַרלוירן און אויך אים אויף אייביק אָנגעוואָרן.

איין מאָל נאָר האָב איך אים דערזען דורך די דראָטן. אויך ער האָט מיך באַמערקט. ער האָט גענומען זיך דערנענטערן צו די דראָטן. אָבער די ווערלף האָבן עס באַמערקט און צוגעפאַלן אים שטאַרק שלאָגן — מיין טייערן, געטרייען פאָטער. און איך האָב עס געמוזט צוזען און שטיל אין זיך אַריינימערן.

ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, האָט מיין טאַטע נאָך געלעבט ביז דעם לעצטן טראַנספּאָרט. שוין האַרט פאַר דער באַפרייאונג, אין יאַנואַר 1945, איז ער אָפּגעפירט געוואָרן פון אוישוויץ קיין דייטשלאַנד און אויפן וועג געפאַלן און דאָרטן אויסגעגאַנגען.

מיך האָט מען סוף 1944, אַן אויסגעמאַטערטע ביז גאָר, אָפּגעפירט מיט אַ טראַנספּאָרט אין אַ דייטשער אַמוניציע־פאַבריק, פון דאָרט — קיין טערעזיענשטאַט, וואו איך בין באַפרייט געוואָרן.

**עדי גאָלדזאַמד**

# אין דער לעצטער מינוט

איך בין אַ געבוירענער אין אָפּאָלע, לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, אָבער אין 1931 האָב איך זיך באַזעצט אין שידלאָווצע, וואו איך האָב געעפנט אַ „סקלאַד אַפּטעטשני" (אַפּטייק־מאַגאַזין) און דערפון געהאַט פיינע חיונה. איך האָב זיך איינגעלעבט מיט די שידלאָווצער און גיך געוואָרן איינער פון זיי.

איך, מיין פרוי מרים און טאָכטער שולמית מיט מיין פרויס עלטערן זיינען געבליבן אין שידלאָווצע אויך נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע. די ערשטע צייט איז אונדז ניט געווען אַזוי שלעכט. איך האָב ווייטער געפירט מיין אַפּטייקל, וואָס האָט מיר אויך דעמאָלט געגעבן אַ גוטע פרנסה. איין טאָג האָט אַ ספּעציעל־געשיקטער דייטש פון ראַדעם קאָנפיסקירט מיין אַפּטייקל, אָבער ער האָט מיך געלאָזן דאָרטן ווייטער אַרבעטן ווי אַן אָנגעשטעלטער. מיר האָבן זיך גוט איינגעלעבט און דער דייטש האָט מיר אַ סך געהאָלפן.

עטלעכע וואָכן פאַר דער אויסזידלונג בין איך אַוועק קיין סטאַרכאָוויץ, וואו איך האָב געאַרבעט און געוואוינט פּריוואַט. אַ ביסל שפּעטער איז געקומען צו מיר אויך מיין פרוי און קינד, אָבער ניט אויף לאַנג, ווייל זיי זיינען אַוועק אויף אַרישע פּאַפּירן.

איין מאָל האָט מיין דייטשער מייסטער מיר געגעבן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין שידלאָווצע, כדי איך זאָל ברענגען פאַר אים פאַרשיידענע אַרטיקלען פון מיין אַפּטייקל. איך בין אַריינגעפאַלן גראָד אין אַ מאָמענט, ווען מען האָט געכאַפּט אַנטלאָפענע שידלאָווצער פון סטאַרכאָוויץ און אויך מיך האָט מען אַרעסטירט. ס'האָט מיר געדראָט דערשאָסן צו ווערן, אָבער אַ דאַנק מיין שוואָגער קובאַ קופּערבערג, וואָס האָט אויסגעגעבן דער פּאָליציי אַ גרויסע באַהעלטעניש פון סחורה, וואָס איר באַלעבאָס איז שוין ממילא ניט געווען, פאַרן פּרייז פון מיין לעבן, בין איך געראַטעוועט געוואָרן. די איבעריקע געכאַפּטע מיט מיר זיינען דערשאָסן געוואָרן.

איך האָב גיך זיך אָפּגעטראָגן פון שטעטל און אַוועק צוריק קיין סטאַרכאָוויץ. מיין פרוי האָט דורך אַ קריסט מיר צוגעשיקט אַרישע פּאַפּירן. איך בין אַוועק קיין וואַרשע, וואו איך האָב אויף דער אַרישער זייט דורכ־געמאַכט צרות אָן אַ ברעג און ניט איין מאָל געווען אַ טריט פון טויט. דאָרטן בין איך באַפרייט געוואָרן.

מיין פרוי און קינד, וואָס האָבן געלעבט אין סטאַרכאָוויץ ביי אַ פויער, זיינען געמסרט געוואָרן און מען האָט זיי אומגעבראַכט.

איך בין געקומען צוריק קיין שידלאָווצע און באַקומען צוריק מיין אַפּטייקל. אָבער די אַטמאָספער איז געווען זייער אַ גיפטיקע מצד די אָרטיקע פּאָליאַקן.

אין איין אָרט האָבן געלעבט צוזאַמען גאַנץ שטאַרק, חנה צימערמאַן, שיינדל דימאַנט און מיין קוזינע יאַנקאַ. איין נאַכט זיינען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך אַ״קאַ־לייט און זיינען אַלע געשטעלט געוואָרן צו דער וואַנט. צום גליק, האָבן זיי געפונען אַ צלם ביי מיין קוזינע. זי האָט ספּעציעל געמאַכט געוואַלדן, אַז דאָס וועט זי ניט אָפּגעבן. האָבן די אַנפאַלערס געמיינט, אַז זי איז אַ קריסטלעכע און אַ דאַנק דעם זיינען די מיידלעך ניצול געוואָרן. זיי זיינען באַפאַלן אויך מיין אַפּטייקל. גוט וואָס איך בין דעמאָלט ניט געווען דאָרטן. אויף מאָרגן האָב איך פאַרלאָזט שידלאָווצע — אויף אייביק.

מינדזשע ראָטבערג־ציטרינבוים (ישראל)

# אַריינגעפאַלן אין פּאַסטקע

אין אַ שפּעטן אלול־טאָג 1942 האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען כאַפּט אויף אַרבעט. אונדזעריקע אין שטוב האָבן זיך גיך אַראָפּגעכאַפּט אין דער צוגעגרייטער „מאַלינע". איך בין געבליבן אין שטוב, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז אַזאַ יונג מיידל וועלן זיי נישט טשעפּען.

איך האָב אָבער אַ טעות געהאַט. ווען די כאַפּערס זיינען אַריין אין אונדזער שטוב און האָבן קיינעם ניט געפונען אויסער מיר, האָבן זיי מיך צוגענומען. עס האָבן ניט געהאָלפן קיין געשרייען און וויינערייען.

די צונויפגענומענע האָט מען אויף מאָרגן אָפּגעפירט אין סקאַרזשיסקער לאַגער. פאַרן אָפּפאָר האָט מיין שוועסטער פייגעלע מיך דערזען אין דער ריי. זי האָט מיר געוואָלט געבן אַ פּעקל, און כאָטש זי איז געווען שוואַנגער, האָט

איר אַ פּאָליציסט דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין בויך און זי איז געפאַלן אויף דער ערד. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב זי געזען.

דריי וואָכן צייט האָב איך געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט מיינע טייערע עלטערן אין שידלאָווצע דורך אַ פויער, וואָס האָט געקראָגן גוט באַצאָלט דערפאַר. דערנאָך זיינען מיינע עלטערן אַריינגעפאַלן אין דער אויסזידלונג אויף טרעבלינקע.

סקאַרזשיסקער לאַגער און די שרעקלעכע מעשים, וואָס זיינען דאָרטן אָנגעגאַנגען, זיינען שוין זיכער באַשריבן געוואָרן פון אַנדערע און מיינע שילדערונגען וועלן דאָ ווייניק וואָס צוגעבן.

יהודה לייבל מאַנק (רמת־גן)

# פון באַהעלטעניש צום לאַגער

ווען ס'האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אונדזער שטאָט וועט ווערן אויסגעזידלט, האָבן מיר זיך צוגעגרייט פאַרשיידענע מיטלען אויסצומיידן דאָס אומגליק. די בעסטע זאַך — האָבן מיר דעמאָלט געטראַכט — איז זיך ערגעץ אויסצובאַהאַלטן.

דינסטיק, דעם ערשטן טאָג נאָך יום־כיפּור, האָב איך זיך אַרומגעדרייט פאַרן מאַגיסטראַט און געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו ראַטעווען מיינע עלטערן, ווייל איך בין שוין געווען באַזאָרגט מיט אַ גוטער באַהעלטעניש ביי אברהם וואַסערשטיין (אברהם טשאַרנעס). איך האָב געזען, ווי מענטשן זענען אַוועק — טייל נאָך וואָלענעוו, טייל נאָך סטאַרכאָוויץ און טייל קיין ליפּאָווע פּאָלע, וואָס איז געווען אַ צייטווייליקער אַרבעטספּלאַץ. פיל האָבן ניט געגלייבט, אַז ס'וועט קומען צו אַן אויסזידלונג. מיט די, וואָס זענען געפאָרן נאָך סטאַרכאָוויץ, איז געווען מיין היינטיקע פרוי סאָניע לעדערמאַן און אירע צוויי שוועסטערס ראַכטשיע און סאַבינע. אויך מיין פריינד צעלניקער איז אַוועק קיין וואָלענעוו.

מיטוואָך, איידער ס'איז נאָך טאָג געוואָרן, זענען מיר אַלאַרמירט

געוואָרן פון די פייער־לעשערס. אַנטלויפן פון שטאָט איז שוין געווען צו שפּעט. די שטאָט איז געווען באַלאַגערט פון אוקראַאינער און אַנדערע מערדערס. איך האָב לאַנג ניט געקלערט און בין גלייך אַוועק צו דער צוגעגרייטער באַהעלטעניש ביי דער גאַרבאַרניע, וואו ס׳איז געווען אויסגעבויט אַ בונקער אין אַ ברונעם. זייער פאַרזיכטיק האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט דורך דער רער, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען ווי אַ פּלומפּ און פון אויסווייניק איז עס געווען מיט אַ דאַך, ס׳זאָל נאָר קענען אַדורך אַן עמער. די באַהעלטעניש איז געווען איינגעאָרדנט אַ ביסל העכער ווי דאָס וואַסער און אויסגעגראָבן ווי אַ טונעל מיט ברעטער, און ס׳וואָלט קיינעם ניט איינגעפאַלן, אַז דאָרט קען זיך געפינען אַ לעבעדיקער מענטש, — און דאָך זענען מיר דאָרט געווען 14 מאַן, צווישן זיי מיין פרויס פאָטער שיע לעדערמאַן, משה קונאָווסקי, די פאַמיליע נאַגעלמאַן, וועלוול וואַסערשטיין און נאָך עטלעכע.

דאָס איז געווען די איינציקע באַהעלטעניש, וואו וואַסער איז ניט געווען קיין פּראָבלעם, אָבער צום עסן איז געווען זייער ווייניק. ביי נאַכט האָט מען ריזיקירט און אַרויס צו דערליידיקן מענטשלעכע באַדערפעניש.

ווען ס׳האָט זיך געענדיקט דאָס בידנע ביסל עסן, וואָס מיר האָבן דאָרט געהאַט, האָט מען גענומען קלערן, וואָס ווייטער צו טאָן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איינער פון אונדז זאָל אַרויס און ברענגען עסן. איך האָב זיך אונטערגענומען דורכצופירן די דאָזיקע לעבנס־געפערלעכע אויפגאַבע.

איך בין אַרויס אין אַ פינצטערער נאַכט. דורך פאַרשיידענע הינטער־געסלעך בין איך געקומען צו אַ צווייטער באַהעלטעניש, וואו ס׳איז געווען




רינעק דרוגי נאָכן חורבן.

באַהאַלטן גיטעלע לעדערמאַן, די מאַמע פון מיין איצטיקער פרוי. די באַהעלטע־ניש איז געווען ביי איר טאָכטער, וואָס איז געווען די פרוי פון לייבוש גערטנער. אָבער דאָרטן האָב איך שוין קיינעם ניט געטראָפן, ווייל זיי זענען פריער אַוועק אין בלאָק אַריין צו פינקערטן, פון וואַנען זיי זענען אַלע אָפּגעשיקט געוואָרן נאָך סקאַרזשיסק.

קיין עסן האָב איך דאָרט ניט געפונען, און אַזוי ווי מיר האָבן געוואוינט אויף דער זעלביקער גאַס, בין איך אַריין צו אונדז און דאָרט נאָך געפונען קאַרטאָפל און אַנדערע שפייז. איך האָב געמאַכט פייער און געקאָכט אַ מאָלצייט פאַר אַלע, וואָס זענען מיט מיר געווען באַהאַלטן. ווי איך האָב אָנגעהויבן עסן, הער איך ווי עמעצער קומט. דער ביסן בלייבט מיר שטעקן אין האַלדז. איך כאַפּ אַ שטיק אייזן און בין גרייט צו קעמפן, אָבער אַנשטאָט אַ יידן־כאַפּער קומט אַריין אונדזער שכנטע, די שניידעראָווע, און זאָגט: „דו האָסט זיך אַליין פאַרראַטן, ווייל איך האָב געזען דעם רויך פון קוימען. דערפאַר בין איך געקומען דיר זאָגן, אַז דו זאָלסט זיך היטן פאַר מיין זון באַלעק, ער איז זייער געפערלעך". איך האָב גענומען מיין עמער מיטן עסן און בין אַוועק צו אַנטאָניאַקן. ער האָט מיר נאָך עפּעס מיטגעגעבן. ער איז געווען אַ טייערער מענטש. אַלע אין דער באַהעלטעניש האָבן זיך מחיה געווען מיטן געבראַכטן עסן.

איך האָב געמאַכט אַ צווייטן פּרואוו צו ברענגען עסן — פון די אַרבעטערס, וואָס זענען געווען איינגעקוואַרטירט ביי פישל גאַרבער. איך בין דאָרט אַהיינגעקומען אין אַ שלעכטער צייט, ווייל פּונקט דעמאָלט איז דער מערדער באַוער דאָרט געווען אויף אַן אינספּעקציע. איך בין קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן, אָבער אָן ברויט.

איצט זענען מיר ווידער געבליבן אָן עסן. ס'איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרלאָזן די באַהעלטעניש, וואָס חוץ הונגער, איז דאָרט געווען גאַנץ קאַלט און די פייכטקייט איז אַריין אין די ביינער.

אַ שבת אויף דער נאַכט זענען מיר אַלע אַרויס פון בונקער. אונדזער ציל איז געווען דער לאַגער וואָלענוו, ווייל דאָרט זענען געווען פיל שידלאָווצער. מיט אונדז זענען געווען די קינדער פון דער פאַמיליע שלמה נאַגעלמאַן. נאָך אַ גאַנצער נאַכט וואַנדערן זענען מיר אָנגעקומען קיין וואָלענוו, וואוהין מען האָט אונדז אַריינגענומען נאָך אַ סך אָנשטרענגונגען.

אין דעם לאַגער האָב איך געטראָפן מיין יינגערן ברודער דוד, וואָס איז שוין דאָ געווען גאַנץ לאַנג און האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט. ער איז

קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, וואָס דערפאַר האָט געדראָט דערשאָסן צו ווערן. ביי טאָג האָט ער געמוזט זיין באַהאַלטן און ביי נאַכט האָב איך אויף אים אַכטונג געגעבן, ביז ער איז געזונט געוואָרן.

די באַראַקן זענען געווען באַזונדער פאַר מענער און פאַר פרויען. די אַרבעט: מען האָט געדאַרפט אויפשטעלן מיליטער־באַראַקן. איך בין געוואָרן צוגעטיילט צו דער אַרבעט ביי דער פירמע „באַראַן" פון ראָדעם, וואָס איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צו דער פירמע „מעפּראַ".

איין טאָג, ס'איז געווען דער צווייטער טאָג חנוכה, איז אָנגעקומען דער לאַגער־פירער רובער מיט דעם באַוואוסטן מערדער באַרקמאַן, מיט נאָך געהילפן פון דער „זאָנדער־קאָמאַנדאָ", וואָס פלעגן אויספירן מאַסן־עקזעקוציעס. זיי האָבן באַפוילן אַלעמען צו קומען צו אַן אַפּעל, זענען פאַרבייגעגאַנגען און אויסגעקליבן ווען זיי האָבן געוואָלט און זיי באַפוילן זיך צו שטעלן אין אַ זייט.

אַזוי ווי מיר זיינען אַלע געשטאַנען אין איין טויטשרעק, איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע אַרבעטערס פון דער פירמע „מעפּראַ" זאָלן ווי צום גיכסטן קומען צו דער אַרבעט, ווייל ס'האָט געפּלאַצט אַ רער אין דער וואַסער־לייטונג. דאָס איז געווען אַן אויסרייד פון אונדזער גוטן מייסטער ברונער. ער האָט געוואוסט, וואָס עס דאַרף פאַרקומען אין לאַגער און מיט אַזאַ קונץ האָט ער אונדז געראַטעוועט פון אומקום.

אַ קורצע צייט נאָך דעם בין איך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מיט אַלע כחות געגאַנגען צו דער אַרבעט. ווען ס'איז מיר בעסער געוואָרן, האָט מען מיך מיט נאָך דריי יידן צוגעטיילט צו אַ גוטער אַרבעט — אין אַ פאַלוואַרק צו מאַכן וואַסער־אינסטאַלאַציעס. דאָרט איז מיר שוין געווען פיל בעסער ווי אין לאַגער. מיר האָבן געהאַט בעסער עסן און עס זיינען ניט געווען קיין דייטשע אויפזעערס.

ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט אונדזער אַרבעט אין די גיטער, האָט מען אונדז געשיקט קיין ראָדעם, ווייל דער לאַגער אין וואָלענעוו איז שוין געווען ליקווידירט. דאָרט בין איך געבליבן מיט מיין ברודער דוד, ביז מען האָט ליקווידירט דעם ראָדעמער געטאָ פון שקאָלנע גאַס. פון דאָרטן האָבן מיר געמאַרשירט צו פוס קיין טאָמאַשעוו־מאַזאָוויעצק. אויפן וועג האָבן זיי דערשאָסן אַלע, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען און ניט געקענט ווייטער גיין. צווישן זיי איז געווען ישראלקע גאָלדבערג.

פון טאָמאַשעוו זענען מיר אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ,

דערנאָך אין לאַגער וויהינגער און אין אַ קורצער צייט אַרום קיין גראָס־זאַקסענהיים. אין לעצטן לאַגער זענען געשטאָרבן די שידלאָווצער בענדעט כץ און שבתי גאָלדבערג.

פון דאָרטן זיינען מיר שפּעטער אָפּגעשיקט געוואָרן אין לאַגער אולם, ניט ווייט פון שטוטגאַרט, און פון דאָרטן קיין דאַכאַו. אין דעם דאָזיקן טרויעריק־באַוואוסטן קאַצעט האָט מען מיין ברודער גענומען אין קראַנקנהויז. דאָרטן איז ער אָפּעריטרט געוואָרן און דאָרט איז ער שוין פאַרבליבן ביז דער באַפרייאונג. מיך און נאָך אַנדערע האָבן זיי געפירט ווייטער, באַגלייט פון אַ סך ס"ס־לייט. נישט ווייט פון שטעטעלע זייפעלד איז אָנגעקומען אַ פרוי, וואָס האָט געמאָלדן דעם טראַנספּאָרט־פירער, אַז די אַמעריקאַנער זיינען שוין נאָענט צו אונדז און ער זאָל אַנטלויפן. ער מיט דער פרוי זיינען אַוועק. ביי נאַכט זיינען אויך פאַרשוואונדן געוואָרן די ס"ס־לייט.

צו מאָרגנס זיינען מיר אַריין אין שטעטל מיטעלוואַלד, ביי דער איטאַ־ליענישער גרענעץ.

דעם ערשטן מיי זיינען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי. (אויפגעשריבן דורך יצחק מילשטיין)

**יאַנקל זילבערמאַן**

# מיין לעצטער בליק אויף אונדזער שטעטל

דעם ניינטן מיי 1945 זיינען מיר באַפרייט געוואָרן אין טערעזיענשטאָט. כאָטש איך בין געווען קראַנק און אָפּגעשוואַכט, האָב איך מיט מיין ברודער באַשלאָסן ניט צו בלייבן דאָ זיך אָפּרוען, נאָר גיין זוכן אונדזערע פרויען און שוועסטערס. מיר האָבן ניט געהאַט קיין שום ידיעה וועגן זיי, טאָ וואוהין זאָל מען גיין זוכן? פאַרן צעשיידן זיך אינעם סקאַרזשיסקער לאַגער האָט מען זיך געזעגנט מיט די ווערטער, אַז אויב מ'וועט בלייבן לעבן, זאָל מען זיך טרעפן

אין שידלאָווצע — דעריבער האָבן מיר זיך געלאָזן אויפן וועג צו אונדזער היימשטאָט.

ס׳איז געווען זומערצייט און די זון האָט געשיינט און געלויכטן, אָבער אונדזערע געמיטער זיינען געווען פאַראומערט און די הערצער צעוויייטיקט.

גאַנצע אַכט טעג האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט אויף צוגן און וועגע־נער, ביז וואַנען מיר האָבן, אויסגעמוטשעטע און פאַרשוואַרצטע, זיך דער־שלעפּט צו דער שידלאָווצער באַנסטאַנציע.

ס׳וואַכט אויף אין זכרון ווי היימלעך ס׳איז געווען אַ מאָל בעת ס׳איז אָנגעקומען אַ באַן און יידישע פּאַסאַזשירן האָבן טומלדיק און פריידיק זיך געלאָזן צו די בריטשקעס צו פאָרן אין שטעטל אַריין. היינט איז שטיל, מוראדיק שטיל. דער בעל־עגלה דערציילט אונדז, אַז אין שטעטל זיינען דאָ אַ ביסל יידן געקומענע פון די לאַגערן.

ווען מיר דערנענטערן זיך צום שטעטל, הייבט דאָס האַרץ אָן שטאַרקער צו קלאַפּן. אָט דערזעט מען שוין די ערשטע קאַנטורן: דער שפּיץ פון קירך און פון מאַגיסטראַט און די ערשטע הייזלעך.

מיר שטעלן זיך אָפּ פאָרן מאַגיסטראַט, גייען אַראָפּ מיט אונדזערע פּעקלעך. באַלד שטעלן זיך אַרום פּאָליאַקן און קוקן אויף דעם „בייזן" וואונדער... אַן עלטערע קריסטין דערקענט אונדז, דאָס איז די „פראַנקאָווי", ווי מ׳האָט זי גערופן. זי האָט שטענדיק פאַרדינט ביי יידן, שבת געהייצט די אויוונס, אויף פּסח געקאָלכט די שטיבער, און יידן האָבן זי אַלע מאָל גוט באַלוינט. זי איז געווען איינגעלעבט מיט די יידן. זי באַדויערט אונדז און שיט דערביי עטלעכע קללות אויפן קאָפּ פון די רוצחים. זי פירט אונדז אַריין אין אַ יידיש הויז, וואו מיר דערזען הינדע און שאול זלאַטאָוויץ מיט נאָך עטלעכע אָפּגעראַטעוועטע פון זיין פאַמיליע. דערזעענדיק אונדז, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, ווי מיר וואָלטן צוריקגעקומען פון יענער וועלט. זיי האָבן זיך דער־פרייט מיט אונדז און אויפגענומען ווי אייגענע פאַרוואָגלטע ברידער.

עס זיינען שפּעטער געקומען צו אונדז נאָך יידן, וואָס וואוינען דאָ שוין עטלעכע חדשים, זינט זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון טשענסטאָכאָווער לאַגער. פון זיי האָבן מיר באַקומען אַ גרוס, אַז אונדזערע פרויען און שוועסטערס זיינען געראַטעוועט.

מיט גרויס ווייטיק און אַ פאַרקלעמט האַרץ קוקן מיר אויף די חורבות פון שטעטל. ס׳זעט אויס, ווי ס׳וואָלט פאַרגעקומען אַ שרעקלעכע ערד־ציטערניש. עפּעס איז די שטאָט געוואָרן „אַזוי קליין". פון אומעטום זעט מען

נאָר דעם בית־עולם. נישטאָ דער בית־המדרש, נישטאָ די פּראַכטיקע שול, מיט דעם שיינעם אויסגעפּלאַסטערטן וועג, וואָס דער גרויסער גביר און נדבן הירש־מענדל כץ האָט געלאָזט אויפבויען און איז געווען די צירונג פונעם שטעטל.

מיר גייען אויף קבר־אבות. דער בית־עולם איז כמעט דאָס איינציקע אָרט, וואו די חורבות זיינען ניט אַזוי אָנזעעוודיק, הגם געגוג מצבות און קברים זיינען געשענדט און צעבראָכן. מיר גייען צום ברודער־קבר, וואו ס׳רוען די ביינער פון הונדערטער יידן, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן בעת דער אויס־זידלונג. אויך די מצבה פון אונדזער פאָטער איז צעבראָכן. מיר זאָגן „קדיש" און מיט פאַרקלעמטע הערצער פאַרלאָזן מיר דעם בית־עולם.

דער ניט־חרובער טייל פון שטעטל ציט זיך פונעם פּלומפּ ביים מאַרק אויף דער ראָדעמער גאַס — ביז אַרויף צום מאַגיסטראַט און קירך. אַלע אַמאָליקע יידישע געוועלבער און הייזער זיינען איצט איבערגענומען פון די פּוילישע שכנים. מיר דערקענען נאָך די שילדן מיט יידישע נעמען, וואָס די „צייט" האָט נאָך ניט אויסגעמעקט. די געוועלבער פון הערשל קויפמאַן, ה. האָכ־בערג, ישעיה באַך, גערשאָנאָוויטש, אברהם צעלינסקי, דוד זילבערמאַי; די בעקערייען פון שימעלע גריטשמאַן, משה בעקער, ציפּורה די בעקערין — זייערע יורשים זיינען פּאָליאַקן. זיי שפּיזן אויף אונדז מיט בליקן פול מיט שנאה און האַס. כ׳האָב געפילט, אַז לאַנג קאָן איך דאָ ניט זיין, כ׳וועל דאָס ניט קענען אויסהאַלטן.

איין טאָג זיינען געקומען מיין פרוי עלקע, מיין שוועסטער מלכה, מיין ברודערס פרוי מרימל. שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער אונדזער באַגעגעניש. מיר זיינען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און לאַנגע מינוטן ניט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסברענגען. נאָר ספּאַזמען און טרערן האָבן גערעדט פאַר אונדז.

צייטווייליק האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן אין הויז פון אהרן בלומענ־פעלד, דער לאָמער אהרן, וואו מיר האָבן געהאַט דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. ס׳קומען אָן נאָך יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פונעם מבול, און מיר נעמען זיי אויף מיט פרייד.

די פּאָליאַקן האָבן דערזען דאָס אָנקומען פון עטלעכע געראַטעוועטע, האָבן זיי אָנגעהויבן אונדז שיקאַנירן. די אַ"ג זיכערקייט־מיליץ, די „או־בע", האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז און פאַרפאָלגט. מיך גופא האָט אַ מיליציאָנער אַרויסגענומען פון שטוב, אַז איך זאָל אים ווייזן, וואו יידן אַרבעטן אויס אין געהיים וויכע לעדער. כ׳האָב אים דערקלערט, אַז כ׳ווייס ניט, כ׳בין ערשט

ניט לאַנג געקומען פון לאַגער. ער פירט מיך ווי אַ פאַרברעכער מיט אַן אָנ־געשטעלטער ביקס. געראַטעוועט האָט מיך אַ געוועזענער באַקאַנטער פון דער פפ״ס, שאַשאַ. ווען ער האָט גערעדט מיטן מיליציאָנער וועגן מיר, האָב איך אויסגענוצט אַ מאָמענט און געמאַכט פליטה.

מיר האָבן איינגעזען, אַז מען מוז אַנטלויפן. אומזיסט געווען אונדזער גלויבן, אַז מיר זיינען שוין באַפרייט. ניין, די געוועזענע שכנים ווילן פאַר־ענדיקן דאָס, וואָס די דייטשן איז ניט געלונגען.

אין דער נאַכט ערב אונדזער אָפּפאָר איז אונדז נאָך באַשערט געווען אמתע טויטשרעק. מיינע נאָענטסטע זיינען שוין געווען אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש און איך און נאָך אַ פּאָר ייִדן זיינען געווען אין ישראל כוסטעצקיס שטוב. פּלוצעם דערהערן מיר אַ שטאַרקע שיסעריי, די זאַלפּן פליען איבער אונדזער הויז וואָס אַ מאָל שטאַרקער און נאָענטער צו אונדז. מיר ווערן באַהערשט פון אַ פחד: זיי ווילן אונדז דערמאָרדן! מיר ווייסן ניט וואָס צו טאָן. מיר קענען ניט אַרויס. מיר זיינען אַרומגערינגלט. די מינוטן ציען זיך זייער לאַנג, איינער קוקט אויפן צווייטן און אַלע צוזאַמען זיינען מיר פאַרלוירן.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט די שיסעריי זיך איינגעשטילט. יענע נאַכט וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן. צו מאָרגנס האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען נאָר אַ וואָרענונג מצד די פּאָליאַקן, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן



אַגראָדאָווע־גאַס נאָכן חורבן.

אונדזער שטעטל, וואו מיר, אונדזערע עלטערן און דורות יידן פאַר זיי האָבן געלעבט הונדערטער יאָרן. אָבער ס׳איז ניט צייט צו פרעגן קשיות. ווען ס׳איז נאָך געווען כמעט פינצטער, האָט מען גיך גענומען דאָס ביסל בעבעכעס און ווי גנבים זיך אַרויסגעשלייכט פון שטעטל, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט אַ לעבן און געשפונען חלומות וועגן אַ בעסערער וועלט.

# אויף דער אַרישער זייט

יצחק מאָראָ

## פון פויער צו פויער



אין אויגוסט *1939*, ווען די דייטש־פוילישע באַציאונגען זיינען געוואָרן זייער אָנגעצויגן און די סכנה פון אַ מלחמה איז געהאַנגען אין דער לופטן, בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי. פון לאָדזש, וואו איך האָב דעמאָלט געוואוינט, איז אונדזער מיליטערישע איינהייט געשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו. די פוילישע אַרמיי האָט גיך קאַפּיטולירט און מיין איינהייט איז אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. מען האָט אונדז געפירט קיין דייטשלאַנד און איך האָב געפּלאַנט זיך אַרויסצודרייען פון מאַרש. אין אַ פינצטערער נאַכט, צווישן דעמבלין און ראַדעם, האָב איך זיך אַרויסגעשאַרט פון דער ריי. דייטשע וואַכלייט האָבן מיך נאָכגעשאָסן, אָבער איך האָב זיך אַראָפּגעקייקלט פון אַ דערבייאיקן באַרג און בין נעלם געוואָרן.

עלף ביי נאַכט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פון אַ פויערשער כאַטע. איך, נאָך אין סאָלדאַטסקן מונדיר, האָב געבעטן דעם פויער מיך צו לאָזן נעכטיקן ביי אים. מיט גרויס שרעק האָט ער מיך אַריינגעלאָזן אין

כאַטע, אָבער מיטן תנאי, אַז איך זאָל גלייך פאַר טאָג אַוועק פון דאַנען. ער האָט מיר געגעבן אָפּצועסן און אויך דאָרפּישע מלבושים. פאַרן אַוועקגיין האָב איך אים געפרעגט, צי ער האָט ניט עפּעס אַ דאָקומענט פאַר מיר. ער האָט גראָד געפונען אַ דאָקומענט אויפן נאָמען פון שענקעוויטש און עס מיר געגעבן.

דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1939. אויף זייטיקע וועגן האָב איך זיך דערשלעפּט קיין שידלאָווצע. איך האָב דעמאָלט געלעבט צוזאַמען מיט מיין ברודער משה בער און זיין משפחה.

ווי אַ קריסט, פלעג איך דעמאָלט אַרומפאָרן האַנדלען, באַזונדערס קיין לאָדזש. דאָס געפערלעכסטע אָרט דורכצוקומען איז געווען די באַנסטאַנציע קאָלושקי, ניט ווייט פון לאָדזש. דאָרטן איז געשטאַנען די שטרענגסטע וואַך און עס פלעגן זיין די שטרענגסטע אונטערזוכונגען. כדי אויסצומיידן די וואַך, אפילו שוין אויף מיין אַרישן פּאַס, האָב איך זיך אַוועקגעלייגט צווישן די שינעס, אין גרויסן פראָסט, און אָפּגעוואַרט ביז די וואַך האָט געביטן דאָס אָרט און איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין וואָקזאַל און געקויפט אַ באַנבילעט. צוליב זיכערקייט־טעמים בין איך ספּעציעל ניט געפאָרן מיט דער באַן. ווען ס'איז פאַרבייגעפאָרן אַ דייטשער מיליטערישער אויטאָ, האָב איך אים אָפּגעשטעלט און געבעטן מיך מיטנעמען, ווייל איך האָב פאַרשפּעטיקט מיין צוג — און איך האָב געוויזן מיין באַנבילעט. די דייטשן האָבן מיך אַרויפגענומען און אַראָפּגעלאָזט אין לאָדזש.

אין לאָדזש האָט געוואוינט, זינט די דרייסיקער יאָרן, מיין עלטסטע שוועסטער אַלטע פייגע האַדעס מיט איר מאַן יהודה לייב נודעלמאַן. זיי האָבן געהאַט פיר קינדער: חיה הינדע, יצחק, יאַנקל און חנה. אין די יאָרן 1942־1943 האָב איך זיי באַזוכט עטלעכע מאָל, געפרואווט העלפן, וויפל איך האָב געקענט.

מיין שוועסטער רחל־לאה, די פרוי פון לייבוש מאַדזשאַוויעצקי, האָט פון 1937 אויך געלעבט אין לאָדזש, צוזאַמען מיט איר עלטערער שוועסטער. פאַר דעם האָט זי געלעבט יאָרן אין פראַנקרייך, פון וואַנען איר מאַן איז אַוועק ווי אַ וואָלונטיר אין שפּאַנישן בירגערקריג און געפאַלן אין אַ שלאַכט.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, איז רחל־לאה מיט איר קינד נחמן געקומען צוריק פון לאָדזש קיין שידלאָווצע. זי האָט געלעבט צוזאַמען מיט מיר, ווייל מיינע עלטערן זיינען שוין פריער געשטאָרבן: דער טאַטע אברהם מרדכי — אין 1931 און מיין מאַמע שרה־דינה — אין 1937.

פאַר דער ערשטער אויסזידלונג איז זי אַוועק אויפן יאַשטשעמבער וועג. אירע לעצטע ווערטער צו מיר זיינען געווען: איך גיי מיט מיין קינד און ווייס ניט וואוהין. מער האָב איך פון איר ניט געהערט.

מיין יינגסטע שוועסטער חנה־שבע, וואָס האָט געאַרבעט אין „האַסאַג", איז אַוועק מיט דער ערשטער סקאַרזשיסקער אויסזידלונג אין 1942.

* * *

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט שידלאָווצע, האָב איך געוואוינט אויף שול־גאַס, צוזאַמען מיט מיין פרוי פייגע־טויבע און אונדזער קליין מיידעלע דינהלע. דעם 23סטן סעפּטעמבער 1942, ווען עס איז געקומען דער באַפעל, אַז ידן זאָלן זיך צונויפזאַמלען אויפן שטרוימאַרק, בין איך אַרויס אויפן גאַס צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד. מיין פרוי האָט צו מיר געזאָגט:

— יצחק, דו דאַרפסט ניט גיין מיט אונדז. פאַר דער פּוילישער פּאָליציי ביסטו ניט קיין ייד. קען זיין, אַז אַזוי וועסטו אונדז קענען בעסער העלפן.

אָבער איך האָב זיי שוין נישט געקענט העלפן. זיי און נאָך אַ סך יידן האָט מען שפּעטער אַוועקגעפירט אויף דער באַנסטאַנציע און איך האָב מער ניט געהערט פון זיי. דעם ערשטן טאָג פון דער איבערזידלונג בין איך אַוועק צו אַ באַקאַנטן פויער אין דאָרף, וואו איך בין געווען צוויי טעג.

דערנאָך בין איך ווידער געקומען קיין שידלאָווצע. די דייטשן האָבן איבערגעלאָזן אַ גרופּע פון אַן 80 יידן, וואָס האָבן געדאַרפט אַפּרוימען די גאַסן פון דערשאָסענע יידן און צונויפקלייבן דאָס פאַרבליבענע האָב־און־גוטס. די גרופּע האָט זיך געפונען אין פישל אייזנבערגס גאַרבאַרניע. מיר האָט זיך איינגעגעבן זיך אַריינצושמוגלען אין דער גרופּע.

איין מאָל איז דער פאָלקס־דייטש באַוער געקומען בעת מיר האָבן גע־אַרבעט, האָט מיר דערלאַנגט מיטן שטעקן איבערן קאָפּ און געזאָגט:

— מיר איז באַקאַנט, אַז דו ווייסט באַהעלטענישן פון יידישן האָב־און־גוטס.

ער האָט מיך אַרעסטירט און געבראַכט אין פּוילישן קאָמיסאַריאַט. דאָרטן האָט ער מיר געגעבן אַן אולטימאַטום:

— איך גיב דיר צייט ביז 12 ביי נאַכט מיר אָנצואווייזן די באַהעל־טענישן. אויב ניט — וועסטו דערשאָסן ווערן.

10 אַ זייגער אין אָוונט, צוויי שעה פאַרן טערמין, איז געקומען צו מיר אין טורמע דער פּוילישער קאָמענדאַנט און געפרעגט וואָס איך האָב באַשלאָסן.

מיין ענטפער איז געווען: איך ווייס ניט פון אַזעלכע באַהעלטענישן, דעריבער האָב איך ניט וואָס צו דערציילן.

12 אַ זייגער איז אָבער קיינער ניט געקומען מיך נעמען. אַרום 6 אין דער פרי איז געקומען דער פירער פון דער יידישער פּאָליציי, אָסטראָוויעץ, און מיך געפרעגט די זעלביקע פראַגע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז לויט זיין בקשה האָט באַוער פאַרלענגערט דעם טערמין פון מיין ענטפער. ער האָט מיר געעצהט צו דערציילן, ווייל אין קעגנפאַל בין איך אין גרויס געפאַר.

ווען מען האָט מיך אין דער פרי אַרויפגעפירט אין מאַגיסטראַט, האָט מען קיין פראַגעס ניט געשטעלט, נאָר אָנגעהויבן שלאָגן.

וואָס זאָל איך טאָן?

איך האָב גראַד יאָ געוואוסט פון איין באַהעלטעניש מיט יידיש האָב־און־גוטס, דאָס איז געווען דעם שטומען קיוועס דירה. היות דאָרטן זיינען שוין ממילא ניט געווען קיין יידן, האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַז אויב איך וועל זיי יאָ אָנווייזן אויף אָט דעם אָרט, וועט קיין ייד ממילא ניט ליידן פון דעם — און איך וועל אפשר ראַטעווען מיין לעבן. האָב איך אַזוי געטאָן. איך האָב זיי צוגעפירט צום אָרט. זיי האָבן אָנגעהויבן גראָבן און טאַקע געפונען פלעשער מיט דאָלאַרן און דימענטן, לייכטערס, מעשענע כלים און דאָס גלייכן — אַ גרויסער אוצר. די גוטע זאַכן האָט צוגענומען דער דייטש. די איבעריקע זאַכן האָט מען אַרויפגעלייגט אויף אַ וועגעלע און אָפּגעפירט אין מאַגיסטראַט.

די גרופּע פון די 80 יידן איז נאָך עטלעכע וואָכן אַרבעט אָפּגעשיקט געוואָרן אין סקאַרזשיסקער לאַגער. איך האָב אויסגעמיטן זייער גורל, ווייל אונטער דער צייט האָב איך זיך באַקאַנט מיט דער פּוילישער פאַמיליע סטריעקס, וואו איך האָב שוין פריער, בעתן אַרבעטן אין דער גרופּע, געפונען אַ מקום־מקלט כמעט יעדע נאַכט. דאָרטן האָט זיך אויך געפונען נאָך אַ ייד פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק מיטן נאָמען מיעטעק, צוזאַמען מיט זיינער אַ פריינדין, וולאַדקע. צוזאַמען מיט מיר איז אויך געווען אַ פּויליש מיידל.

ווען מיר האָבן געזען, אַז אין שידלאָווצע ווערט געפערלעך ווייטער צו פאַרבלייבן, זיינען מיר אַלע פיר אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, ווייל אויך מיעטעק האָט געהאַט אַרישע פּאַפּירן.

אין וואַרשע האָבן מיר פיר געדונגען אַ צימער, אָבער ס'איז ניט געווען פון וואָס צו לעבן. איך האָב געמוזט אויסהאַלטן אַלע דריי, פלעג דריי־פיר מאָל אַ וואָך פאָרן אין די דערפער אַרום וואַרשע, שמוגלען פון דאָרטן קאָרן און מעל און עס צעפירן מיט דער באַן.

איין מאָל האָט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט מיך אָפּגעשטעלט אויפן וואָקזאַל און געפרעגט וואוהין איך גיי. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך פאָר אַוועק. האָט ער מיר געזאָגט: איך ווייס, אַז דו ביסט אַ ייד און וואָס דו טוסט. איך האָב דיך ניט געוואָלט אַרעסטירן, אָבער זע, אַז דו און דיינע פריינד זאָלן פאַרשווינדן פון דאַנען אין 24 שעה.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך גלייך אָפּגעטראָגן פון וואַרשע. מיר זיינען אַוועקגעפאָרן קיין בריווינאָוו, וואו איינע פון אונדזערע פּוילישע מיידלעך האָט געהאָט אַ שוועסטער.

תחילת איז מיר געווען גוט שלעכט אין בריווינאָוו. כדי זיך אויסצו־האַלטן האָב איך געשלעפּט וואַפנע אויף רושטאָוואַניעס. שפּעטער האָב איך זיך באַקאַנט מיט עטלעכע שקצים, וואָס האָבן געגנבעט קוילן פון די באַנען, און איך בין געוואָרן אַ שותף מיט זיי.

אַ יאָר צייט בין איך געווען נאַכטוועכטער אויף דער באַנסטאַנציע. דאָ איז מיר געווען גאַנץ גוט. איז אָבער אונטערגעקומען אַ צרה — דער נאַטשאַל־ניק פון דער סטאַנציע האָט מיר פאַרגעלייגט צו ווערן אַן אָנגעשטעלטער אויף דער באַנסטאַנציע. וואָלט דאָס געווען גאַנץ גוט, אָבער מיט דעם איז געווען פאַרבונדן אַ באַדינג, וואָס האָט עס געמאַכט זייער שלעכט: מען האָט גע־דאַרפט זיך לאָזן אונטערזוכן ביי אַ דאָקטער און ער וואָלט גלייך דערקענט, אַז איך בין אַ ייד...

דורך אַ קונץ בין איך אַוועק ניט צו אַ דייטשישן, נאָר צו אַ פּוילישן דאָקטער און פאַר גוט געלט האָב איך אַרויסגעקראָגן פון אים אַ מעדיציניש באַשייניקונג.

אויף דער באַנסטאַנציע האָב איך געאַרבעט ביזן אַריינקום פון די רוסן אין יאַנואַר 1945. אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אַוועק אין שכנותדיקן מילאַ־נאָוועק, וואו איך האָב געטראָפן ניסן שטאַרק און בײדע זיינען מיר אַוועק קיין לאָדזש.

* * *

**אבא ראָזענבוים**

# מיט אַן אַרישן פּאַס



ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין שידלאָווצע, האָבן אַ סך יידן גענומען לויפן צו די סאָוועטישע גרענעצן. דער דייטשער פּאַרויסמאַרש איז אָבער געווען אַזאַ גיכער, אַז מען האָט געמוזט זיך אומקערן קיין שידלאָווצע.

די דייטשן האָבן גלייך אָנגעהויבן מיט רדיפות און רציחות. איך האָב געזען, אַז צו לעבן אין שטעטל ווי אַ ייד איז פאַרבונדן מיט די גרעסטע סכנות, האָב איך זיך באַזאָרגט מיט אַ פּוילישן פּאַס. צוליב מיין ניט־יידישן אויסזען און דער נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט אַ קרייז אָרטיקע פּאָליאַקן, האָב איך דאָס געקענט דורכפירן. מיין פּוילישער נאָמען איז געווען זיגמונט.

אַזוי האָב איך געלעבט ווי אַן אַריער ביז דער ערשטער אויסזידלונג. ווען מען האָט געהערט, אַז מען גרייט צו אַ דעפּאָרטאַציע פון שידלאָווצע און אַז מען האָט שוין געבראַכט אַ סך וואַגאָנעס אויף דער באַנסטאַנציע, האָט מיין פאָטער געזאָגט צו מיר: „דו מיט דיין אויסזען האָסט אַ גרויסן שאַנס איבער־צולעבן דעם שונא, דעריבער פאַרלאָז גיכער דאָס שטעטל".

איך האָב אים געפאָלגט. אַ נאַכט פאַר דער אויסזידלונג בין איך אַוועק קיין סקאַרזשיסק, מיטנעמענדיק מיין שוועסטער ציפּעס צוויי קינדערלעך, מלכהלע און לאהלע.

אין סקאַרזשיסק — ניט אין לאַגער — האָט דעמאָלט געלעבט נאָך אַ שוועסטער מיינע, דאָראַ גרינבערג. די צוויי קינדערלעך האָב איך געשיקט צו מיין שוועסטער ציפּע, וואָס האָט זיך געפונען אין „האַסאַג"־לאַגער. זי האָט מיר צוריקגעשיקט די קינדער, ווייל זי האָט געהאַלטן, אַז פאַר קליינע קינדער איז די גרעסטע סכנה צו בלייבן אין לאַגער.

אין סקאַרזשיסק בין איך געווען צוויי נעכט. איך האָב דאָרטן געטראָפן דוד ראָזענבלום און לייבוש צוקער. פון דאָרטן בין איך אַוועק, צוזאַמען מיט די צוויי קינדער, קיין בליזשין, וואו איך בין אָפּגעווען צוויי וואָכן. איך האָב געוואוינט ביי אַ קריסטין, באַוועגט זיך פריי און אַפילו געגאַנגען „דאַוונען" אין קירך...

פון בליזשין בין איך אַוועק קיין וואַרשע, צוזאַמען מיט די צוויי קינדער. איך האָב זיך פריי באַוועגט אויף די באַנען, געפאָרן אָפט קיין ראָדעם און

סטאַרכאָוויץ, פון וואַנען איך האָב אַריבערגעפירט יצחק גאָלדבערגס מיידעלע לאהלע צו איר פעטער אין ראָדעם.

אין וואַרשע האָב איך געלעבט עטלעכע חדשים, אַלץ אויף דער אַרישער זייט. איך האָב אָבער געהאַט קאָנטאַקטן מיט מענטשן אין וואַרשעווער געטאָ. אַ פּאָר מאָל אין וואָך פלעג איך אַריינקומען אין וואַרשעווער געטאָ, מיט דער געלער לאַטע אויף זיך, און אַריינפירן דאָרטן שפּייז, זאַכן וכדומה.

איין מאָל בין איך געקומען פון וואַרשע קיין סקאַרזשיסק, כדי אַרויסצו־ראַטעווען פון דאָרטן מיין שוועסטער ציפּע. איך בין אָנגעקומען פונקט דעמאָלט, ווען די יידן זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט. מיין שוועסטער האָט מיך באַמערקט. זי האָט זיך גיך אָנגעטאָן ווי אַ פּאָלקע און זיך געלאָזט גיין צו מיר. אַ ווערקשוץ האָט עס אָבער באַמערקט און זי אַרעסטירט. אויף מאָרגן האָבן די מערדערס זי דערשאָסן.

אַ צווייטע נסיעה פון וואַרשע קיין סקאַרזשיסק האָט זיך פאַר מיר געענדיקט זייער ביטער: איך בין אַרעסטירט געוואָרן פאַר ניט האָבן קיין אַרבעטס־קאַרטע. מען האָט מיך אָפּגעפירט צו דער געשטאַפּאָ אין ראָדעם. דאָרטן האָט מען אָנגעהויבן מיך מאַטערן, ווי געשטאַפּאָ קען אָט די מלאכה טאָן. מען האָט מיך באַשולדיקט אין פאַרשיידענע פאַרברעכנס. צו קאָנטראָלירן, צי איך בין אַ ייד, האָט מען געבראַכט פּוילישע „ספּעצן". יענע האָבן אָבער געזאָגט, אַז אַ ייד קען ניט זאָגן אַזוי די קריסטלעכע תפילות.

אין ראָדעמער תפיסה האָב איך געטראָפן אונדזער שטעטלשן דאָקטער לייבוש דימאַנט. ער האָט געהאַט איבערגעגעבן זיינס אַ קינד צו אַ גוי. מען האָט אים אָנגעטאָן אַלע מיני עינויים, אַז ער זאָל אויסגעבן דעם נאָמען פון גוי. ד"ר דימאַנט איז בייגעשטאַנען דעם נסיון, אָבער ער האָט זיך אויפ־געהאַנגען אין דער תפיסה.

פון ראָדעם האָט מען מיך אָפּגעשיקט קיין אוישוויץ, ווי אַ פּאָליטישן פאַרברעכער, מיט נאָך אַ פּאַרטיע פון 950 פּוילישע פּאָליטישע קרימינאַלניקעס.

אין אוישוויץ האָט מען מיך ווידער גענומען אויף אויספאַרשונגען. מען האָט מיך געשלאָגן מכות־רצח, אָבער איך האָב זיך געהאַלטן ביי מיינס: איך בין ניט קיין ייד און ניט קיין קאָמוניסט.

דאָ איז אינטערעסאַנט איבערצוגעבן די ווייטערדיקע געשיכטע. מיין פּאַס איז געווען אויפן נאָמען פון אַ שידלאָווצער שגץ. אים האָט מען אויך געהאַט געכאַפּט און ווי אַ פּאָליטישן פאַרברעכער געבראַכט קיין אוישוויץ מיט אַ פּאָר וואָכן פאַר מיר. ער האָט, משמעות, ניט אויסגעהאַלטן די פּייניקונגען און האָט

צוזאַמענגעבראָכן, האָט מען אים אַוועקגעשיקט קיין בוכענוואַלד, וואו ער איז אומגעקומען. דער גוי איז געהרגעט געוואָרן און זיין „פּאַרטרעטער״, דער ייד, איז געבליבן...

איך בין געווען אין אוישוויץ אַן ערך צוויי יאָר, אין די יאָרן 1943־1944. עס זיינען אָנגעקומען אַהער טראַנספּאָרטן פון אַלע עקן. צווישן זיי האָב איך איין מאָל געזען די שידלאָווצער פריינד יוסף מענדעלסאָן, שמאי גריצמאַן, בוטשע מאַריאַנקע, יצחק גאָלדבערג. איך האָב זיי אַריבערגעוואָרפן ברויט איבער די דראָטן.

אין אוישוויץ האָב איך זיך צופעליק באַקענט מיט אַן ס״ס־מאַן, וואָס איז געווען אַן ענגלישער שפּיאָן. ער האָט אַרויסגעפירט פון לאַגער פיר יידן און זיי געראַטעוועט. אין דער צווייטער פּאַרטיע פון פיר יידן האָב איך געדאַרפט זיין, אָבער פונקט דעמאָלט איז די געשטאַפּאָ געפאַלן אויף זיינע שפּורן און אים אַרעסטירט.

אַרום סעפּטעמבער 1944 האָט מען מיך מיט אַ גרופּע פּאָליטישע אַרויס־געשיקט קיין לודוויגסבורג, לעבן שטוטגאַרט, צו פאַרריכטן די באָמבאַרדירטע באַנליניעס. דאָרטן האָב איך געאַ־בעט ביז אַפּריל 1945. צוויי וואָכן פאַר דער באַפרייאונג בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון אַ צוג און אַנטלאָפן קיין שטוטגאַרט. מיט נאָך 8 חברים בין איך 10 טעג געלעגן אין אַ בונקער. דאָרטן האָט מען מיך אַרעסטירט, געבראַכט צוריק צום לאַגער און אַרויסגעגעבן אַ טויטאורטייל, וואָס האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אַ טאָג שפּעטער, דעם 19טן אַפּריל. דער אבערשטורמפירער פון אונדזער „בויצוג״ האָט אונדז געפרעגט דעם לעצטן וואונטש. אויף דעם האָבן מיר אים געענטפערט: „אויב מען וועט אונדז דערהרגענען, וועסטו דערפון גאָרנישט האָבן, אָבער אויב דו וועסט אונדז לאָזן לעבן, וועסטו אויך בלייבן לעבן״. ער האָט דערפילט אונדזער בקשה און אויף מאָרגן זיינען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער פראַנצייזישער אַרמיי. מיר האָבן אָבער אויך געהאַלטן אונדזער וואָרט און געפועלט, אַז מען זאָל דעם אָבערשטורמפירער ניט טשעפּען.

אַ דריי חדשים נאָך דער באַפרייאונג האָב איך ניט געוואוסט, אַז ס׳זיינען נאָך געבליבן יידן אין אייראָפּע. די ערשטע, וואָס איך האָב געטראָפן אין שטוטגאַרט, זיינען געווען לייבל און פרוי סאָניע מאָנק.

* * *

**נתן שטאַרק**

# מיט פאַלשע פּאַפּירן

עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס היטלער האָט אויסגעקליבן פּוילן פאַרן אָרט פון ליקווידירן די אייראָפּעאישע יידן. די פּוילישע באַפעלקערונג, וואָס איז דורות לאַנג פאַרסמט געוואָרן מיט אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך באַצויגן גלייכגילטיק צו דער אויסראָטונג פון אירע יידישע מיטבירגערס. אין פיל פאַלן האָבן פּאָליאַקן אַקטיוו מיטגעהאָלפן אין די רציחות. דאָך קען מען דאָס נישט פאַראַלגעמיינערן, ווייל עס זענען געווען אויסנאַמען — קריסטן, וועלכע האָבן געהאָלפן יידן, שטעלנדיק אין געפאַר זייער פרייהייט און זייערע לעבנס.


NA PODSTAWIE DEKRETU PREZYDIUM
KRAJOWEJ RADY NARODOWEJ
Z DN. 26 PAŹDZIERNIKA 1945 R.
MINISTER OBRONY NARODOWEJ
Ob. Sztark Czesław
s. Zygmunta
ps. "Sarna"
KRZYŻ PARTYZANCKI
1939—1945
17437
Warszawa, dnia 4.09.51 r.

פאַרטיזאַנער־קאַרטע פון נתן שטאַרק.

אַ דאַנק אַזעלכע פּאָליאַקן בין איך געבליבן לעבן. ס׳וועט זיין ניט מער ווי יושר, אַז אַזעלכע פּאָליאַקן, וואָס זייער גרעסטער טייל זיינען שידלאָווצער, זאָלן פאַרשריבן ווערן אין אונדזער ספר־הזכרון. זייערע נעמען זיינען:

זיגמונט יאַניצקי, **זון פון בריווטרעגער**; זיגמונט יאַקאַבאָווסקי; זיגמונט גאָלאַשעווסקי, **זון פון אַפּטייקער**; סטאַניסלאַוו ליבוד, **דעם שול־דירעקטאָרס זון**; שמוניעווסקי **און** טאַדעאוש סטאָלאַרטשיק.

נאָך דער „ווישיעדלעניע", אין 1942, בין איך פאַרבליבן מיט אַ גרופּע פון 70 יידן. דאָס האָט מען גערופן די „רוים־קאָמאַנדע". מיר האָבן זיך פאַרנומען מיט צונויפקלייבן יידישע זאַכן פון די פאַרלאָזענע יידישע הייזער. מיר האָבן איך געאַרבעט אויפן בית־עולם ביים באַגראָבן די קרבנות ביי דער אויסזידלונג.

אַ געוויסן טאָג האָבן די זשאַנדאַרן קאַרפּינסקי און באַוער געברענגט אויף דעם בית־עולם אַ יונגן מאַן, וועמען זיי האָבן אויפן אָרט דערשאָסן, ווייל זיי האָבן ביי אים געפונען פאַלשע קריסטליכע דאָקומענטן. די זעלבע דאָקומענטן האָב איך געהאַט פאַר מיר צוגעגרייט. איך האָב בלויז געוואַרט, ביז עס וועט זיך ענדיקן די אַרבעט אין שידלאָווצע און דאַן האָב איך גע־פּלאַנט צו אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. יצחק זילבערשטיין, וואָס האָט געוואוסט וועגן מיין פּלאַן פון אַנטלויפן, האָט מיך אָפּגערעדט פון דעם, אָנווייזנדיק אויפן פאַל מיטן דערשאָסענעם יונגנמאַן. ער האָט מיך געבעטן זיך צו האַלטן צוזאַמען. איך האָב אָבער געהאַט באַשלאָסן נישט צו גיין אין קיין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אונדזער גאַנצע גרופּע איז געווען איינגעקוואַרטירט ביי פישל איזענ־בערג אין דער גאַרבעריי, וואו יעדער האָט געהאַט זיין ביסל אַרעמקייט. איך האָב מיין רוקזאַק איבערגעלאָזט ביי אַ קריסטין מיטן נאָמען פּאַלמאַסקא, כדי צו זיין פריי פון פּעקלעך צו יעדער צייט, ווען מען וועט אונדז האַלטן ביים איבערשיקן אין אַן אַנדער אָרט.

דעם עלפטן נאָוועמבער 1942 איז געקומען אַ באַפעל, אַז מען זאָל אונדז אַריבערפירן קיין סקאַרזשיסק אין אַן אַמוניציע־פאַבריק. אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דער קעלצער גאַס. איך אָבער בין געגאַנגען אין דער ריכטונג פון שעכטהויז און מיט אומוועגן בין איך צוגעקומען צו אַ קריסטלעך הויז פון דער פאַמיליע יאַניצקי.

זיגמונט יאַניצקי, וואָס איז איצטער אַ פּראָפעסאָר אין לאָדזשער אוני־ווערסיטעט, איז געווען דער אָנפירער פון די יונגע קריסטן אין שידלאָווצע, וואָס האָבן געהאָלפן יידן. ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט נאָכגעמאַכט די שטעמפּלען מיטן האַקנקרייץ אויף מיין פאַלשער „קענקאַרט". ווען איך בין געווען אין זייער הויז, איז געשטאַפּאָ געקומען אים אַרעסטירן פאַר אַרויסגעבן פאַלשע דאָקומענטן צו יידן. זיין מוטער האָט זיי נישט געלאָזט אַריינגיין. זי האָט געזאָגט, אַז איר זון געפינט זיך אין פאָסטאַמט, וואו ער אַרבעט. דאָרטן האָט מען אים אַרעסטירט און געהאַלטן אין פאַרשיידענע

קאָנצענטראַציע־לאַגערן ביזן סוף פון קריג. אין דער זעלבער צייט, ווען זיין מאַמע האָט אויף עטלעכע מינוטן פאַרהאַלטן די געשטאַפּאָ־לייט, בין איך אַרויס פון הויז און זיך אויסבאַהאַלטן ביי די פּאַלמאַסקינס. צוויי טעג שפּעטער האָט איינער פון דער פאַמיליע אָפּגעפירט מיך צו דער באַנסטאַנציע און געקויפט פאַר מיר אַ בילעט קיין וואַרשע.

דאָס אָפּוואַרטן דעם צוג האָט ביי מיר אויסגעזען אַן אייביקייט. ווען דער צוג איז ענדלעך אָנגעקומען און איך בין שנעל אַריין אין וואַגאָן, בין איך געוואָרן אַ טויטער פון שרעק: איך האָב דערזען דאָרטן אַ באַרימטן סאַדיסט פון אַרבעטסאַמט אין שידלאָווצע, וואָס האָט מיך געקענט. איך בין געווען זיכער, אַז ער וועט באַלד מיך לאָזן אַרעסטירן. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט, אַוועקגעזעצט זיך גלייך אַנטקעגן אים און אַריינגעשטעקט מיין האַנט אין קעשענע, ער זאָל מיינען, אַז איך האָב אַ רעוואָלווער. אַזוי בין איך צוגעפאָרן ביז צו דער נאָענטסטער סטאַנציע און בין אומגעשטערט אַרויס. מיט אַן אַנדער צוג בין איך ענדלעך אָנגעקומען קיין וואַרשע. איך בין אַוועק אויפן אַדרעס, וואָס סטאַלאַרטשיק האָט מיר געגעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ ניי לעבן אויף דער אַרישער זייט.

גאַנץ גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַ צו האָבן אַ „קענקאַרט" איז נאָך נישט אַלץ. מען דאַרף קענען פּערפעקט די פּוילישע שפּראַך און אַן וועלכן עס איז אַקצענט. מען דאַרף זיין באַקאַנט מיט די קריסטלעכע רעליגיעזע מנהגים. אין דעם און אין אַנדערע זאַכן האָבן מיר געהאָלפן מענטשן, צו וועלכע איך האָב געהאַט אַדרעסן. זיי האָבן מיך אויך פאַרבונדן מיטן אונטערגרונט, וואו איך האָב מיטגעאַרבעט די גאַנצע צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. פאַר דעם האָב איך נאָכער געקראָגן אַ פּאַרטיזאַנישע אויסצייכענונג.

אין וואַרשע בין איך געווען באַשעפטיקט אין אַ מאַגאַזין פון דער פירמע אָלריך, וואָס האָט זיך געפונען אויפן שטח פון קליינעם געטאָ, אויף צעגלאַנע 11. בלויז דאָס איינציקע הויז, וואו איך האָב געאַרבעט, איז געווען אויסערן געטאָ.

איך בין געווען אָנגעשטעלט ווי אַ פייער־לעשער און אָפּט געאַרבעט נאַכטשיכט. היות איך האָב געאַרבעט אַזוי נאָענט צום געטאָ, האָב איך געהאַט געלעגנהייטן צו העלפן די פאַרשפּאַרטע יידן. אין מאָל האָב איך באַמערקט, ווי יידן ציען אַרויף שקאַרפּעטן אויף די שיך, אַז מען זאָל זייערע טריט נישט הערן, ווען זיי ווילן זיך דורכשלייכן דורכן גאַראַזש צום טויער, וואָס פירט צו דער גאַס אויסערן געטאָ. דער טויער איז געווען באַוואַכט פון אַ פּוילישן

פּאָליציאַנט. איך נאַכט האָב איך דעם פּאָליציאַנט אָנגעשיכורט. ער איז געשמאַק איינגעשלאָפן, האָב איך געעפנט דעם טויער און עטלעכע יידן זענען אַרויס. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט מערערע מאָל. די יידן האָבן מיך שוין דערקענט פון דער ווייטנס, ווייל איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַן אוניפאָרם פון אַ פייער־לעשער.

איין טאָג בין איך ניט געקומען צו מיין אַרבעט אין דער פירמע. אָט דער געוויינלעכער צופאַל האָט געראַטעוועט מיין לעבן. איך האָב זיך געביטן מיט אַ קאָלעגע, וואָס איז געווען אַ זון פון אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר פאַרן קריג. די זעלביקע נאַכט איז געקומען די געשטאַפּאָ אויף אַן אויס־פאָרשונג. דער קאָלעגע, נישט ווויסנדיק גאָרנישט וועגן מיר, איז גלייך אַרויס זיי באַגריסן אין דייטש. אָבער די דייטשן האָבן געשריען צו אים „פערפלוכטער יודע״ און געשלאָגן אים מכות־רצח. ער האָט געשריגן „יעזוס״, אָבער די געשטאַפּאָ האָט אים אויפן אָרט דערשאָסן און דעם טויטן קערפּער אַריבערגעוואָרפן דורך דער מויער פון געטאָ.

ווי אַ פאַרשטעלטער קריסט האָב איך ניט איין מאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן. איין מאָל, דאָס איז געווען אין אַפּריל 1943, איז געקומען אין דעם מאַגאַזין, וואו איך בין געווען אָנגעשטעלט, אַ דייטש מיטן נאָמען שמידט. ער איז געקומען געשעפטלעך, אָבער ווען ער האָט מיך אָנגעקוקט, האָט ער מיר שטיל א זאָג געטאָן: „ביסט אַ גוטער יודע״. איך האָב געלייקנט, פאַרשטייט זיך, אָבער ער האָט זיך בלויז צעלאַכט און איז אַוועק. איך האָב זיך נאָך זיין אַוועקגיין לאַנג פאַרטראַכט, צי זאָל איך דאָ בלייבן ווייטער אָדער אַנטלויפן. מיין פאַרשטאַנד האָט מיר אונטער־געזאָגט צו בלייבן, ווייל אויב שמידט איז אַ געשטאַפּאָניק, וואָלט ער מיך גלייך אַרעסטירט. עטלעכע טעג שפּעטער, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער זעלבער שמידט איז אַנטלאָפן פון וואַרשע, ווייל די געשטאַפּאָ האָט אויס־געפונען, אַז ער האָט אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין גאָרטן 12 יידן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע, אין אויגוסט 1944, האָב איך גענומען אָנטייל אין דעם אָפּשניט פון וואָלע. נאָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד, האָבן די דייטשן אָפּטראַנספּאָרטירט אַ סך פּאָליאַקן פון וואַרשע קיין דייטשלאַנד, צווישן זיי אויך מיך מיט מיין פרוי.

ווען אונדזער טראַנספּאָרט האָט זיך געפונען אויף דער באַנסטאַנציע אין פּראַשקאָוו, זענען מיר אַנטלאָפן קיין מילאַנאָוועק, וואו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי די עלטערן פון מיין פרוי, ביז דער באַפרייאונג אין יאַנואַר 1945.

אין מילאַנאָוועק האָב איך צופעליק באַגעגנט יצחק מאָראָ. נאָכן קריג האָב איך זיך מיט אים ווידער געטראָפן. אונדזער פרייד איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן. בײדע האָבן מיר זיך אָנגעקוקט ווי געקומענע פון אַן אַנדער פּלאַנעט. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין שידלאָווצע, האָפנדיק צו טרעפן עמעצן פון אונדזערע פאַמיליעס. אונדזער האָפענונג איז גיך צערונען. מיין גאַנצע פאַמיליע איז אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע.

עס האָט נישט געהאַט קיין זין צו בלייבן צווישן די חורבות, וואו אַלע אונדזערע נאָענטסטע זענען אומגעקומען.

פון שידלאָווצע זענען מיר אַוועק קיין לאָדזש. 10 יאָר שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז בכלל נישטאָ קיין אָרט פאַר אונדז אין פּוילן. ווידער האָט מען פאַרפּאַקט די פּעקלעך און זיך געלאָזט אין וועג.

(איבערגעזעצט פון פּויליש: א. ווייסבראָט)

**מרדכי שטריגלער**

אַ סך שידלאָווצער זיינען דורכגעגאַנגען דורכן סקאַרזשיסקער לאַגער און אַ טייל פון זיי זיינען אַ דאַנק דעם געבליבן לעבן, ניט געקוקט אויף די גרעסטע אכזריותן פון די נאַציִשע פירערס אין דאָזיקן לאַגער.

מיר האַלטן דעריבער פאַר נייטיק צו געבן אַ ברייטערע שילדערונג פון דאָזיקן לאַגער און מיר דאַנקען דעם באַקאַנטן שרייבער מרדכי שטריגלער פאַר דערלויבן זיך צו באַנוצן מיט טיילן פון זיין בוך „אין פאַבריקן פון טויט" וועגן דאָזיקן לאַגער. — רעד׳

# סקאַרזשיסקער לאַגער

## אַריינפיר

### I

צווישן די פאַרשידענע לאַגערן אין נאַצי־אָקופּירטן פּוילן און דייטש־לאַנד האָט דער מחבר געלעבט 15 חדשים אין דער „האַסאַג"־פאַבריק פון

ס ק אַ ר ז ש י ס ק אָ ־ ק אַ מ י ע נ נ אַ, ביי ראַדאָם. דאָרט האָט ער אין געהיים אַ סך געשריבן און געזאַמלט אַלע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן נאָר געקענט שפּעטער נוצן פאַר אַ געטרייער געשיכטע־שרייבונג פון אַט דעם עמק־הבכא. לײדער, זענען די אַלע מאַטעריאַלן פאַרלוירן געגאַנגען.

דאָס דאָזיקע בוך ווערט דערפאַר געשריבן לויטן זכרון און איז בלויז אַ ברוכטייל פון דעם פאַקטיש־פאַרגעקומענעם. דאָ באַגנוגן איך זיך דערוויייל מיט אַ בלויזן, קורצן און טרוקענעם איבערבליק איבערן „ה אַ ס אַ ג" אין סקאַרזשיסק.

מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשע חיילות קיין פּוילן אין יאָר 1939, האָבן זיי צווישן די גרויסע פאַבריקן פון טעקסטיל און שווער־אינדוסטריע אויך אָנגעטראָפן אין דעם מערב־טייל פון פּוילן אויף עטלעכע געווער־פאַבריקן. די פּוילישע רעגירונג, וואָס האָט, אַגב, פּראָדוצירט לפי ערך קליינע סכומים געווער, האָט די פאַבריקן איבערגעלאָזט אין אַן אומבאַשעדיקטן צושטאַנד. די דייטשן האָבן דערפאַר תיכף געקענט צוטרעטן צו דער ווייטער־דיקער פּראָדוקציע פון פאַרשידענע משחיתים. ס'איז זיי אויך געלונגען — אַ דאַנק זייער אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט און מיט דער הילף פון די ברוטאַלסטע און אויספּרעסערישסטע מיטלען בנוגע די אַרבעטס־כוחות — די דאָזיקע פאַבריקן צו פאַרגרעסערן און פאַרוואַנדלען אין קריגס־פּראָדוקציע־צענטערן פון ערשטראַנגיקער באַדייטונג. צו הילף דערצו זענען געשטאַנען אַ ריי פּוילישע מייסטערס, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער פאַבריק אין די „פּוילישע" צייטן און ביים דייטשן אַריינמאַרש האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן פאַר לאַנגיעריקע דייטשע שפּיאָנען אָדער „פאָלקס־דייטשן". זיי האָבן שוין געקענט יעדעס ווינקל אין פאַבריק, די טעכנישע מעגלעכקייטן, וואָס זענען אין פּוילנס צייטן נישט אויסגענוצט געוואָרן און די אַרבעטערס, אויף וועלכע מען קען זיך פאַרלאָזן.

טאָקע דערפאַר האָבן אַזעלכע פאַבריקן ווי: טשענסטאָכאָוו, סקאַר־זשיסק, ראַדעם, קיעלץ, בליזשין, סטאַראַכאָוויצע, סטאַלאָוואָליאַ, פּיאָנטקי, אָסטראָוויצע און אַנדערע געווער־פאַבריקן, וואָס זענען געווען צוזאַמענגעדריקט אינעם פּוילישן „צענטראַלן אינדוסטריע געביט", געגעבן אַ זייער גרויסן צושטייער צו דער נאַציִשער קריגסמאַשין אין זייער אָנגריף אויפן מזרח.

ווי ווייט איך בין אינפאָרמירט, האָבן די פאַבריקן — באַלד פון ערשטן מאָמענט אָן — איבערגענומען אין גרעסטן טייל פּריוואַטע אונטערנעמונגען פון דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע — אונטער אַ קאָמיסאַרישער לייטונג,

צווישן זיי די „הערמאַן־געריגנ־ווערקע״ און די אַקציען־געזעלשאַפט פון הוגאָ שנײדער („אײזן און מעטאַל ווערקע הוגאָ שנײדער „האַסאַג״ א. ג.) מיט דער צענטראַלע אין לייפּציק. ווי דער גענעראַל־דירעקטאָר פון אַלע „האַסאַג״־פאַבריקן האָט פיגורירט פּ אַ אַ ו ל ב ו ד י ן און אַלע אויפרופן און באַפעלן זענען אונטערגעשריבן געוואָרן מיט זײַן נאָמען. מײַן דאָזיקער איבערבליק איז געווידמעט דער „האַסאַג״־אָפּטײלונג פון סקאַרזשיסק (די גראַנאַטן פּראָדוקציע איז דאָרט באַשטעמפּעלט געוואָרן מיטן שיפר־צייכן ק. א. מ.) זאָל אָבער ווידער אַ מאָל באַמערקט ווערן: דאָס וואָס איך שרייב דאָ און אין די אַנדערע ווערק מײַנע איז פאַקטיש בלויז אַ בלאַסער אָפּשײַן פון דעם, וואָס ס׳איז פאַקטיש פאָרגעקומען אין די „האַסאַג״ פאַבריקן.

II

די פאַבריק אין סקאַרזשיסק איז געווען אײַנגעטײלט אין ד ר י י אָפּטײלונגען, וואָס זענען געווען דערווײַטערט אײנע פון דער צווייטער אויף עטלעכע קילאָמעטער. זיי זענען באַצייכנט געוואָרן מיט די נעמען: ווערק א; ווערק בע; ווערק צע. זינט דעם אַרײַנמאַרש פון די דײַטשן קיין פּוילן (ענדע 1939) ביז אין מיטן פון 1941 האָבן אין דער פאַבריק געאַרבעט בלויז פּוילישע צוואַנגס־אַרבעטערס און פרייוויליקע (צוליב מורא אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין דײַטשלאַנד אויף צוואַנגסאַרבעט...) מ׳האָט אויך צוגעברענגט יעדן טאָג אַ געוויסע צאָל ייִדן פונעם סקאַרזשיסקער געטאָ; זיי האָבן אָבער בלויז געאַרבעט ביים אויפרוימען די גרויסע פאַבריקפּלעצער, אויפבויען די זײַטיקע באַראַקן אין וואַלד, אין וועלכן די פאַבריק האָט זיך געפונען, און נאָך אַזעלכע אויסן־אַרבעטן. אין די פאַבריק־האַלעס גופא און צו דער געווער־פּראָדוקציע האָט מען קיין ייִדן נישט צוגענומען. זיי פלעגן געברענגט ווערן גאַנץ פרי צו דער אַרבעט און פאַר נאַכט צוריקגעפירט ווערן אין געטאָ נעכטיקן. זיי האָבן דערפאַר נישט געקענט האָבן קיין גרויסע אַנונג אין די פאַבריק־פאַרהעלטענישן.

ערשט אומגעפער אין נאָוועמבער 1941 האָט די ס״ס דערלויבט דער „האַסאַג״־לײטונג צו פאַנגען ייִדן אין די פאַרשידענע פּוילישע שטעט און שטעטלעך פאַר איר פאַבריק־געברויך. די דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן אויפן גרונט פון אַן אַלגעמײנער פאַרשטענדיקונג מצד דער ס״ס מיט אַלע האַלב־ציווילע אונטערנעמונגען מכל המינים. לויטן געזעץ פון גענעראַל גובער־נאַטאָר איבער פּוילן, רייך־מיניסטער ד״ר האַנס פראַנק, האָבן אַלע ייִדן געמוזט אַרײַנגעצויגן ווערן אין פיזישער צוואַנגסאַרבעט פאַר דער דײַטשער

מלוכה. די יידן זענען אַזוי אַרום אויפן גאַנצן שטח פון אַ״ג „גענעראַל־גואווערנעמענט״ (די אַמאָליקע פוילישע באַצירקן פון: וואַרשע, קיעלץ, לובלין, ראָדעם, קראָקע און שפּעטער אויך לעמבערג) געוואָרן אויטאָמאַטיש דאָס שקלאַפן־אייגנטום פון דער ס״ס און געשטאַפּאָ. עס האָבן זיך געקענט באַנוצן מיט יידן ווי מיט צוואַנגס־אַרבעטערס נאָר יענע פירמעס, פאַבריקן און אונטערנעמונגען, וואָס האָבן באַקומען זייער סכום יידן־אַרבעטערס צוגעטיילט פון דייטשן אַרבעטסאַמט און וואָס האָבן דעם טעגלעכן לוין פאַר די יידישע אַרבעטס־כוחות באַצאָלט דער ס״ס.

די געשטאַפּאָ און ס״ס האָבן דערפאַר געזען אין די אַרבעטס־יידן אַ מקור פון הכנסה און די פירמעס, וואָס האָבן פאַר זייער אויסנוץ־פּריווילעגיע „באַצאָלט״, האָבן דעם יידישן אַרבעטסטאָג געוואָלט אויספּרעסן ביז צום לעצטן, ווייסנדיק, אַז דער ייד איז נישט מער ווי אַן אַרבעטס־חיה, פאַר וועלכן קיינער זאָרגט נישט און קיינער שטייט נישט אין שוץ פון זיין לעבן, און ווען ער פאַלט, וועט מען צושטעלן אַנדערע. אַזוי אַרום איז דער ייד אויסגענוצט געוואָרן פון אַלע זייטן.

ווען אַ ייד איז שוואַך געוואָרן און נישט געקענט שאַפן די פון אים געפאָדערטע נאָרמע, אָדער ער איז קראַנק געוואָרן און נישט געקענט קומען צו זיין טעגלעכער אַרבעט, האָט די פאַבריק איינגעזען, אַז ער נישט ווערט דעם געהעריקן לוין, וואָס די ס״ס פאַרלאַנגט און יעדן איינעם אַזעלכן אָנגעמאָלדן „וואו מ׳דאַרף״. די ס״ס, ווייטער, זעענדיק אין אַזעלכן אַן אָביעקט, פון וועלכן מ׳קען מער נישט ציען קיין טעגלעכן נוצן — פלעגט תיכף דערשיסן יעדן אַרבעטס־אומפעאיקן. איטלעכע פאָר טעג איז אין פאַבריק פאָרגעקומען אַן „איבערקלייב״ (סעלעקציע) פון די שוואַכערע. זיי פלעגן אַרויסגעפירט ווערן אויפן א״ג „שיס־שטאַנד״ (אַן אָרט וואו מ׳פלעגט אויסעקספּערימענטירן די ניי־אויסגעאַרבעטע פּראָדוקציע) און דאָרט איז שוין געווען אַזאַ ספּעציעל אָרט, וואו זיי זענען געוואָרן דערשאָסן און באַגראָבן. אַ סך יידן זענען אויך דערשאָסן געוואָרן און באַהאַלטן געוואָרן טיף אין וואַלד אויפן פאַבריק־שטח, אַקעגן איבער דער האַלע 96 פון ווערק צע. אַ פּאָר הונדערט יידן האָט מען באַגראָבן אין לאַגער, צווישן די דראָטצוימען. ס׳האָט זיך געווענדט, ביי וועלכע אומשטענדן דער טויט אין געקומען.

דאָס האָט געצוואונגען די יידן זיך אָנצושטרענגען מיט אַלע כוחות, אַבי צו זיין פּראָדוקטיוו און טויגבאַר. די דאָזיקע סיסטעם — וואָס כ׳קען פון

צענדליקער לאַגערן — איז אין „האַסאַג״ צום בולטסטן אַרויסגעקומען, אָבער לאָמיר זיין כראָנאָלאָגיש.

אָנהייב 1942 האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע אַקציע פון אַרויסשיקן פוילישע אַרבעטערס קיין דייטשלאַנד. אין דייטשלאַנד איז דאַן די קריגס־פּראָדוקציע געווען אין מיטן בלי. נייע פאַבריקן האָבן זיך געעפנט און ס׳האָט זיך פאַרלאַנגט אַלץ מער פרישע מענטשן. אויך די „האַסאַג״־דירעקציע האָט גענומען עפענען צענדליקער פרישע אָפּטיילונגען, וואוהין מ׳האָט געשיקט די דייטשע אַרבעטערס פון דער לייפּציקער הויפּטפאַבריק ווי מייסטערס. האָט זיך דערפאַר געשפּירט אין לייפּציק, ווי אין די אָפּטיילונגען, אַ גרויסער מאַנגל אין אַרבעטסהענט, וואָס מען האָט געפּרוואוט דערגאַנצן מיט צוואַנגס־אַרבעטערס פון די אָקופּירטע מזרח־לענדער. הגם יידן זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם געזעץ פון געצוואונגענער אַרבעט, האָט מען זיי אָבער נישט געשיקט קיין דייטשלאַנד. דער אויסראָטונגס־פּלאַן פון די אייראָפּעאישע יידן איז שוין געווען גענוי אויסגעאַרבעט און מ׳האָט זיי נישט געוואָלט צעשפּליטערן און צעוואַרפן, נאָר מ׳האָט זיי קאָנצענטרירט אינעם צוקינפטיקן גרויסן מאַסן־קבר: די אַמאָליקע פוילישע מדינה. האָט מען דערפאַר אויסגעקליבן פון די פוילישע און אוקראַאינישע פאַבריקן אַ טייל קוואַליפיצירטע און נישט־קוואַלי־פיצירטע כוחות און זיי געשיקט קיין דייטשלאַנד צו פאַרנעמען די ערטער פון די פריערדיקע דייטשע אַרבעטערס, וואָס זענען אַוועק אין מיליטער־דינסט אָדער צעשיקט געוואָרן אין די אָפּטיילונגען ווי מייסטערס. דערפאַר זענען געקומען אַ סך מייסטערס און פאַבריק־לייטערס אין די פוילישע פאַבריקן, וואָס האָבן צוליב דעם קריג מיט סאָוויעט־רוסלאַנד אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער דייטשער קריגסווירטשאַפט. דער „האַסאַג״ האָט דערפאַר אָנגעהויבן פירן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע — אויסער די מיטלען פון צוואַנג — צו ווערבירן פרישע אַרבעטערס פאַר זיינע פאַבריקן. אין די ספּעציעלע „האַסאַג״־זשורנאַלן, וואָס זיינען מיר שפּעטער אַריינגעפאַלן אין דער האַנט, האָב איך געטראָפן הערלעכע באַשרייבונגען און אילוסטראַציעס פון דעם גן־עדנדיקן לעבן פון די מזרחדיקע אַרבעטערס אין די ביימער־רייכע געגנטן, אין וועלכע די „האַסאַג״־פיליאַלעס זענען פאַרלייגט געוואָרן (די אַמוניציע־פאַבריקן האָבן זיך מערסטן טייל געפונען אין וועלדער, בכדי צו זיין אין מאַסקירטן שוץ קעגן די באָמבע־אָנגריפן). דאַן איז געבוירן געוואָרן דער פּלאַן אויסצופילן די פוילישע אַרבעטערס מיט יידן, בכדי צו קענען אַרויס־שיקן אַ וואָס גרעסערע צאָל פאַליאַקן קיין דייטשלאַנד, בפרט ווען ס׳האָט זיך

אָנגעהויבן אַ פּראָדוקציע פון פּיקרין און טראָטיל אין גרויסן מאַסשטאַב. דאָס זענען געווען גיפטן אַזעלכע, וואָס האָבן אויפגעפרעסן דאָס האַרץ מיט די לונגען און די פּוילישע אַרבעטערס האָבן זיך דערפאַר געזומען אָוועקדרייען פון דער אַרבעט. עס זענען געווען אַ סך, וואָס האָבן צוליב דעם מורא געהאַט פאַר פאַרפאָלגונגען מצד דער געשטאַפּאָ און זענען אַוועק אין די וועלדער, שאַפנדיק פּאַרטיזאַנער־גרופּן. די לייטונג האָט דערפאַר גענומען איינזען, אַז די פּאָליאַקן וועלן בעסער אַרבעטן, ווען זיי וועלן זיין אין דייטשלאַנד; דערפאַר אָבער קען מען צושטעלן די יידן צו די שווערסטע און שעדלעכסטע אַרבעטן. ס׳איז בלויז געווען די דערלויבעניש פון דער ראָדעמער געשטאַפּאָ, ווען דער אָנגעזעענער שעף, שיפּערס, האָט געהאַלטן די יידן פון זיין דיסטריקט ווי זיין אייגנטום — און דער אַפּאַראַט פון יידן־פאַנג איז געלאָזט געוואָרן אין באַוועגונג.

III

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע מאַסן־דעפּאָרטאַציעס פון יידן „נאָך אָסטען". באַלד האָט יעדער ייד געוואוסט, אַז מ׳ווערט אַוועקגעשיקט אין די גאַזקאַמערן צו פאַרסמען. די יידישע באַפעלקערונג פון די געטאָס האָט גענומען פאַרצווייפלט זוכן אַן אויסוועג, ווי אזוי זיך צו ראַטעווען. ווי אַ צייטווייליקער וועג צום ראַטעווען זיך האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס אַריינבאַקומען זיך אין אַ קריגס־וויכטיקן אַרבעטס־לאַגער. מ׳האָט געגלייבט, אַז די, וואָס זענען באַשעפטיקט אין אַזעלכע וויכטיקע שטעלן, וועלן געשוינט ווערן.

אין יענע טעג, ווען אין ראָדעם־קעלצער געגנט האָט זיך אָנגעהויבן די „יודען־אויסזידלונג" — איז דער לאַגער־פירער פון סקאַרזשיסקער „האַסאַג", ס״ס־שטורם־פירער א י נ פ ל י נ ג, אַרומגעפאָרן איבער די יידישע שטעטלעך, זיך געשטעלט אין דער ראָלע פון אַן אויסלייזערישן מלאך און גענומען פאַרשרייבן „פּריווילעגיע". ער האָט שטיל איבערגעגעבן צו יחידי־סגולה, אַז די יידן דערוואַרט סיי־ווי דער טויט. די יוגנט וועט אין בעסטן פאַל געשיקט ווערן אין שרעקלעכע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דערפאַר אָבער קענען זיי זיכער זיין, אַז פון דער פאַבריק אַרויס וועט זיי קיינער נישט רירן...

אין אָ פּ ט, למשל, האָט ער דערקלערט:

...ס׳איז נאָר דאָ איין רעטונג פאַר דער יידישער אַרבעטס־וויליקער יוגנט! ווער עס וויל זיך ראַטעווען — קען זיך פאַרשרייבן צו אַרבעטן

אין די „האַסאַג"־פאַבריקן, וואו זיין לעבן איז זיכער..." (לויט דער דערציילונג פון יידל אָרנשטיין פון אַפּט א"א).

צוליב וואָס האָבן זיי עס באַדאַרפט אַגיטירן צום „פרייוויליקן" פאַר־שרייבן זיך אין יענער צייט פון פולער יידישער רעכטלאָזיקייט, ווען יידן זענען שוין געווען הפקר און פאַרמשפּט צום טויט, אָן אויסנאַם? ווען מיר וועלן זען די ווייטערדיקע האַנדלונגען מצד דער געשעפטס־מעסיק־ראַפינירטער ס"ס — וועט אונדז גאָרנישט נישט וואונדערן.

אַזוי, למשל, האָט דער דערמאָנטער אינפלינג דערקלערט אין צויזמער ביים זוכן פרייוויליקע פאַר זיין פאַבריק (לויט די דערציילונגען פון מאָניעק קופּערבלום, יחיאל צינאַמאָן א"א):

...פאַר דער יידישער יוגנט, ווי פאַרן יידישן כלל, וואַרט דער זיכערער טויט. אין בעסטן פאַל קען זיי טרעפן אַ לאַנגזאַמער מאַרטערטויט אין אַ קאַצעט, אַנשטאָט אַ באַלדיקן אומקום אין די גאַזקאַמערן. אויב אַפילו מען וועט זיי פירן אין אַ לאַגער אַריין, וועלן זיי זיך גאָרנישט קענען מיטנעמען פון זייער פאַרמעגן. וואָס זיי וועלן מיט זיך מיטנעמען, זיך אָנמאַטערן, ביז זיי וועלן עס אַהין דערשלעפּן, וועט מען עס דאָרט קאָנפיסקירן ביי זיי. ווייל — ווען מ'לאָזט אַפילו דאָרט עמעצן איבער צום לעבן, טוט מען אים פריער אויס פולשטענדיק נאַקעט... ער דאַקעגן דערלויבט די אַלע, וואָס וועלן זיך פאַר־שרייבן ביי אים פרייוויליק, מיטצונעמען מיט זיך זייערע פּעק מיט וועש, דאָס בעסטע אָנטועכץ... עסן און — בסוד — אַפילו געלט און ווערטזאַכן... זאָלן זיי אויך זיכער זיין, אַז דאָ אין געטאָ וועט אַלץ ליקווידירט ווערן. בלויז דאָס, וואָס זיי וועלן מיטנעמען מיט זיך, דאָס וועט זיי בלייבן... זיי וועלן דאָרט קענען לעבן בעסער און מענטשלעכער. עס ווערט זיי אויך צוגעזאָגט אַ טעגלעכער לוין פאַר דער אַרבעט. פאַר זיינע אַרבעטערס קומט אויך נישט אין באַטראַכט דאָס בייטן די ציוויל־אָנצוגער אויף העפטלינגס־קליידונג. ביי אים קען מען טראָגן לאַנגע האָר און אויב יונגע פרויען ווילך זיך פרייוויליק מעלדן — קענען זיי אַהין מיטפאָרן אַרבעטן און זיי וועלן דאָרט וואוינען מיט זייערע מענער צוזאַמען... „עס איז דער איינציקער וועג פאַר אייך, וואו איר וועט קענען לעבן ווי מענטשן" — האָט ער פאַרזיכערט.

די ערשטע צייטן האָבן אָבער אָט־די רייד נישט געהאַט קיין גרויסע ווירקונג. נאָכן אַרויסשיקן פון יעדער שטאָט אַ ביסל יידן האָט זיך דער שטורעם אַ ווײלע אָפּגעשטעלט. אין געטאָ האָבן זיך יידן ווידער אַרויסגערירט פון די לעכער און אויף ס'ניי זיך אָנגעהויבן באַוועגן און האַנדלען.. האָט

מען געצעגערט. אַזוי ווי יידן האָבן סיי־ווי נישט געהאַט קיין גרויסן צוטרוי צו יעדער וואָרט, וואָס אַ דייטש האָט אַרויסגערעדט; בפרט ווען דאָס לעבן אין ערגסטן געטאָ איז נאָך געווען דערטרעגלעכער פון בעסטן לאַגער — האָט מען נישט געוואָלט פאַרקלערן, וואָס עס וועט זיין ווייטער. זענען דער־פאַר נישט געווען קיין פרייוויליקע אין דער געהעריקער צאָל און אינפלינג האָט געמוזט אַראָפּקומען מיט זיינע ווערקשוצן (פאַבריק־מיליץ) און כאַפּן די פעלנדיקע צאָל מיט כוח. אויך זיי האָבן זיך דערביי באַנוצט מיט דעם אַלגעמיינעם ס״ס מעטאָד און געמומען דעם „יודענראַט״ צו הילף. די יידישע פּאָליציי פון יעדער געטאָ האָט געמוזט צושטעלן אַ געוויסן קאָנטינגענט יידישע מענער פאַר די „האַסאַג״־פאַבריקן.

פון דעם דערמאָנטן צ ו י ז מ ע ר, למשל, ווייס איך, אַז דער יידנ־ראַט האָט אין דער ערשטער ריי אויסגעליפערט פאַר דעם צוועק פאַרשידענע אונטערוועלטלערס און אַוואַנטוריסטן, וועלכע זאָלן האָבן געווען שעדלעך פאַר קהל... דערביי זענען אויך מיטגעשלעפּט געוואָרן אַזעלכע פּערזאָנען, מיט וועלכע די מיטגלידער פון יידנראַט האָבן געהאַט פּערזענלעכע חשבונות... די רעשט האָבן זיך רעקרוטירט פון דעם אָרעמען מאַסן־עלעמענט, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט אַזוי פיל געלט, בכדי זיך צו קענען אויסקויפן ביי די באַאַמטע פון די יידנראַטן. אַזעלכע האָבן נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, ווייסנדיק, אַז ביי יעדן פייער וועלן זיי זיין די ערשטע און דערפאַר זיך געמאָלדן פרייוויליק אָדער זיך נישט אַקעגנגעשטעלט, ווען מ׳איז זיי געקומען נעמען. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ מאַסע שטעטלעך פון יענעם קרייז.

ביסלעכוויז האָבן זיך גענומען דערטראָגן ידיעות פון לובלינער געגנט, וואו די אַקציע פון „יידנריין״ האָט זיך אָנגעהויבן פריער און אויף אַ שאַרף־אכזריותדיקן אופן, וואָס האָט שוין פאַרטריבן דעם מינדסטן אָפּטימיסטישן ספק אין ווייטערדיקן יידישן גורל. דאָס האָט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן און מען האָט גענומען שפּירן אין דער לופט די נאָענטקייט פון דער טויט־סכנה פאַר אַלעמען... דאַן האָבן זיך גענומען מעלדן אַלץ מער און מער פרייוויליקע צו דער אַרבעט, זעענדיק אין דעם די רעטונג פון זיכערן טויט.

די צענטראַלע פון ווערבירן פרייוויליקע איז געוואָרן דער דייטשער אַרבעטסאַמט אין אָסטראָווצע, ביי קעלץ. פאַר די פרייוויליקע זענען געשטעלט געוואָרן ספּעציעלע אויטאָס, אויף וועלכע זיי האָבן געקענט אַרויפלייגן זייער גאַנץ האָב־און־גוטס און עס מיטנעמען מיט זיך אין דער נייער „האַסאַג״־היים.

די בהלה האָט אַלעמען אויפגערודערט און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין געציילטע טעג אַרום וועט פון אַלע שטעטלעך אַרום גאָרנישט בלייבן.

טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן זיך באַין־אופן נישט געקענט שיידן מיט די אייגענע פיר ווענט, אָדער מ׳האָט זיי צוליב זייערע יאָרן מער נישט געוואָלט אָננעמען צו דער אַרבעט, זענען געשטאַנען מיט אויגן אָנגעגאָסענע מיט טרערן און צוגעזען, ווי אַזוי די באַוואַכטע אויטאָבוסן פירן אַוועק דאָס שענסטע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אין שטוב, אין וועלכן מען האָט אַריינגעלייגט צענדליקער יאָרן מי, האָפענונג און בלוט... קיין כוח הויך צו וויינען איז שוין נישט געווען — האָבן בלויז די אויגן שטיל געגלאָנצט מיט אַ פראַגע־צייכן: — וועלן מיר זיך נאָך זען אַ מאָל?... אין אַנדערע שטובן האָט מען זיך לאַנג געישובט און געקומען צום אויספיר, אַז מען מוז זיך פאַרטיילן מיט די ראָלן: אַ טייל פון די שטוביקע, די יינגערע, זאָלן פאָרן אין „האַסאַג" און טייל זאָלן דערוויייל בלייבן אין געטאָ. וועט אין „האַסאַג" זיין שלעכט — זאָל כאָטש עמעץ זיין אין געטאָ, וואָס זאָל קענען צושיקן אַ שפּייזפּעקל אָדער אַ בינטל וועש... און טאָמער וועט איינעם געלינגען צו אַנטלויפן, זאָל ער האָבן צו וועמען צו קומען... סיידן מ׳וועט שוין נישט לעבן מער... און פאַרקערט ווייטער: טאָמער וועט זיך מאַכן „הייס" אין די געטאָס, זאָל זיין אַן אייגענער מענטש אין „האַסאַג", וואָס זאָל שוין קענען די באַדינגונגען און וויסן וואו מ׳קען אָנקלאַפּן אין אַ טיר און באַמיען זיך אַריבערצונעמען די היימישע און איבערגעבליבענע אָדער זיי אַפילו אַרויסנעמען פון טויטן־טראַנספּאָרט... אַזוי זענען אַוועק איבער אַלע אין־געטאָ־איינגעצוימטע שטעטלעך טעג פול מיט פחד, מבולבלדיקער אימה און ניכטערנעם, קלאָרן אויסרעכענען, ווי אַזוי כאָטש וועמען־ס׳איז פון דער משפחה צו ראַטעווען...

### IV

אומגעפער אין מיי 1942 האָבן אָנגעהויבן אַריינצושטראָמען אין סקאַרזשיסקער „האַסאַג" מחנות פון טויזנטער געכאַפּטע ייִדן און פריוויליקע פון אַזעלכע שטעטלעך ווי: באַדזענטין, ראַקעוו, סטאַפּניצע, אָפּט, פּאָקשיווניצע, סטאַשעוו א״א.

ביים אָנקום זענען אַלע אַדורכגעגאַנגען אַ שטרענגע רעוויזיע, אויסגעפירט דורך דער דייטשער אוקראַאינישער און פּוילישער ווערקשוץ. זיי האָבן צוגענומען פון די פּעק אַלץ, וואָס זייער האַרץ האָט געגלוסט. זיי האָבן אָבער אַ סך זאַכן איבערגעלאָזט, בכדי דערמיט צו לאָקן די אַנדערע, וואָס

וועלן נאָכקומען... זיי האָבן געוואוסט, אַז די געטאָמענטשן שטייען דורך פאַרשידענע אומוועגן אין בריוולעכן קאָנטאַקט מיט זייערע נאָענטע אין לאַגער; יענע וועלן זיך זיכער אין סכנה־מאָמענטן רייסן אַהער — טאָ זאָלן זיי אויך מיטברענגען מיט זיך אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן, ווייל „עפּעס לאָזן זיי דאָך איבער"... און שפּעטער וועט עס דאָך סוף־כל־סוף בלייבן אין „האַסאַג".

די ס"ס און די ווערקשוץ פון לאַגער האָבן געהאַט נאָך פאַרשידענע פּלענער, ווי אַזוי די יידן אויסצונוצן. דאָס ערשטע איז געווען די מיטטיילונג, אַז פון די היימען קען יעדער באַקומען צוגעשיקט פּעקלעך עסן און וועש. ס'איז בלויז גענוג, אַז מ'זאָל אָנשרייבן אַ בריוול צו די קרובים, וואָס זיי זאָלן שיקן און עס איבערגעבן די ווערקשוץ־לייט, וואָס וועלן ספּעציעל צוליב דעם צוועק פאָרן איבער די שטעטלעך. די יידן פון לאַגער האָבן אַפילו פאַרשטאַנען די כוונה פון אַזעלעכע בעלי־טובה; זיי האָבן זיך אָבער אויך אָפּגעגעבן אַ חשבון דערפון, וואָס עס וועט ווערן פון זייער פאַרמעגן דאָרט אין טעג אָדער וואָכן אַרום ——— ס'איז דעריבער געווען אַ קרן אַלץ וואָס מ'קען פון זייערע הענט אַרויסבאַקומען; קיינער האָט נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט אַריינבליקן אין דער נאָענטער צוקונפט אַריין, בכדי צו זען, אַז דאָס אַליין ברענגט מיט זיך דאָס ערגסטע פאַר דעם, וואָס נוצט אויס אַזאַ געלעגנהייט...

יעדע פּאָר טעג זענען פאַרפאָרן גרויסע לאַסטוועגענער מיט ווערקשוץ און האָבן צונויפגעשלעפּט אין די געטאָס אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך געווען און עס אָפּגעפירט אין לאַגער אַריין. בכדי צו דערוועקן צוטרוי ביי די לאַגער־אינוואוינערס, האָבן זיי מיטגענומען ביי יעדער רייזע עטלעכע יידן פון לאַגער, וועלכע זאָלן מיטאַגיטירן ביי די שטאָטלייט מיטצושיקן וואָס מער... די ווערקשוץ האָט דערביי באַקומען אויפן אָרט קאָסטבאַרע מתנות, אַז „זיי זאָלן די יידן בעסער באַהאַנדלען"... ערשט שפּעטער האָבן זיי אַדורכגעזוכט אַלע פּעקלעך און אַרויסגענומען פון דאָרט אַלץ, וואָס ס'האָט פאַר זיי געהאַט אַ ספּעציעלן ווערט, אָדער אַ גוטן, געשמאַקן ביסן. די יידן אָבער, וואָס האָבן דעם גרעסטן טייל פון זייערע פּעקלעך צוריק באַקומען, זענען געווען פאַראינטערעסירט, אַז מ'זאָל פאָרן אין געטאָ וואָס אָפטער. ס'זענען אויך געווען אין לאַגער יידן פון אַזעלכע שטעטלעך, וואָס זענען איבער דער צייט אין גאַנצן ליקווידירט געוואָרן און זיי האָבן דאָך געוואָלט עפּעס ראַטעווען פון זייער הפקר־געוואָרענעם ביסל פאַרמעגן. דאָס „בעסטע" מיטל דערצו איז געווען צו פאַרפאָרן צום פּוסט־געוואָרענעם אָדער פון פּאָליאַקן־

פאַרכאַפּטן הויז מיט אַ ווערקשוץ, אים באַלוינען מיט אַ געוויסער סומע און דערפאַר קענען אויסזוכן דאָס באַהאַלטענע גאָלד אָדער געלט, וואָס איז געווען ערגעץ איינגעגראָבן און עס מיטנעמען מיט זיך... שוין אין יענער צייט זענען געווען פאַלן פון דערשיסונגען, אָבער אין אַלגעמיין האָט מען נאָך די יידן באַהאַנדלט נישט ספּעציעל מערדערלעך. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ווען מ׳וועט דאָ האָבן געלט און חפצים, פאַר וועלכע מען וועט זיך קענען צוקויפן עפּעס עסן ביי די פּאָליאַקן און ווערקשוץ, וועט מען איבערהאַלטן, ביז די צייט וועט זיך אַ מאָל ענדערן... די ווערקשוץ האָט דערווייל געוואוסט פון יעדן איינעם, וואָס האָט ביי זיך עפּעס פאַרמאָגט און אים געהאַט אויפן אויג, בכדי דאָס צו קענען אויסנוצן ביי דער ערשטער־בעסטער געלעגנהייט.

V

דער גענעראַל דירעקטאָר פון אַלע דריי סקאַרזשיסקער פאַבריקן איז געווען דער ס״ס שטאַנדאַרטענפירער ד אַ ל ס ק י. ביי פּוילן איז ער געווען פּולקאָווניק אין דער אַרמיי. אין רוצייט איז ער געווען דער דירעקטאָר פון דער זעלבער מלוכהשער אַמוניציע־פאַבריק און ער טראָגט די הויפּטשולד פאַר דעם אַלעם, וואָס דאָרט איז פאַרגעקומען. (ער צוזאַמען מיט בודינגען זאָלן האָבן געפאַנגען גענומען געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער, אין מיי 1945, אין טירינגען). דער שעף פון דער ווערקשוץ (ווערקשוץ־לייטער) איז געווען דער האַופּטשטורמפירער ק ר אַ א ו ז ע (שפּעטער, זייט אָנהויב 1944, איז אויף זיין אָרט געקומען דער שטורמפירער פּ אָ ל מ ע ר). דאָן איז געווען דער אויבערוואַכפירער ב אַ ט ע נ ש ל ע ג ע ר (געווען ביז דער לעצטער מינוט אין טשענסטאָכאָווער „האַסאַג״) און דער ס״ס לייטענאַנט א י י ז נ ש מ י ץ. צו זייער הילף איז געשטאַנען דער ציווילמייסטער היינריך ווי דער לייטער פונעם „יודענאיינזאַץ״. די אַלע, צוזאַמען מיט די אַנדערע, וואָס כ׳וועל נאָך געוויער באַשרייבן, האָבן עס אויסגעפירט די הויפּט־פאַרברעכנס אויפן ווערק א׳ און טיילווייז פון ווערק צע. צו זייער מיטהילף האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ גאַנצן אַפּאַראַט פון יידישער פּאָליציי מיט אייגענע קאָמענדאַנטן און אַ לאַגער־עלטסטן. ביים אָנהייב איז געווען דער קאָמענדאַנט פון ווערק א׳ אַ לעמבערגער ייד, זאַלצמאַן, וועלכער איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן פון די ס״ס. קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי איז געווען דער ראַדעמער ייד ט ע פּ ע ר מ אַ ן (אומגעקומען צוזאַמען מיטן שפּעטערדיקן קאָמענדאַנט פון ווערק א׳ ק ז ש ע פּ י צ ק י און אַנדערע יידישע פּראָוואָקאַטאָרן דורך דער געהיימער יידישער אָרגאַניזאַציע אין בוכענוואַלד, אין אויגוסט 1944). די יידישע פּאָליציי

האָט זיך אָנגעהויבן אין א׳ ביי אַ צאָל פון 30 און דערגאַנגען ביז 70. איר רעסאָרט איז געווען דאָס נאָכטלעכע צוגאָב־באַוואָכן פון לאַגער, דאָס אויס־טיילן פון עסן, צושטעלן די אַרבעטערס פּינקטלעך צו דער אַרבעט אין דער געהעריקער צאָל און אָפּט אויך די פאַרטיילונג פון די אַרבעטספּלעצער. נאָך דער ס״ס און ווערקשוץ זענען זיי געווען די מעכטיקסטע מענטשן אין לאַגער. עס זענען אויך געווען יידן אין דער אינערלעכער לאַגער־ביוראָ, קאָמענדאַנטן פון אַפּראָוויזאַציע, קליידונג און אַנדערע אַזוינע פונקציעס. זייערע אונטערגעאָרדנטע זענען געווען די יידישע פאָראַרבעטערס און צווייטראַנגיקע לאַגער־פונקציאָנאַרן. די ס״ס האָט זיך טאַקע מיט זיי אָפּט באַנוצט צו זייערע טונקעלע צוועקן. עס מוז דערביי באַמערקט ווערן, אַז די יידישע פּאָליציי און קאָמענדאַנטן האָבן זיך על־פּי רוב רעקרוטירט פון די, וואָס זענען געקומען די ערשטע אין לאַגער אריין. זייענדיק לענגער אין לאַגער, האָבן זיי שוין געקענט אַלע באַדינגונגען און צו וועמען מ׳דאַרף זיך אונטערשמייכלען, בכדי צו מאַכן אַ „הערשערישע״ קאַריערע. ווי כ׳האָב שוין באַמערקט, זענען די ערשטע געוואָרן אַרויסגעשיקט פון די געטאָס, אין דער איבערוועגנדיקער מערהייט, די אונטערוועלט פון די קליינע און גרעסערע שטעט. זיי האָבן זיך דערפאַר דערשלאָגן די ערשטע צום פּאָליצייאישן היטל, ווייל זיי האָבן אויך געקענט פועלן ביי זיך אויסצופירן אַלע באַפעלן פון דער ס״ס. זיי זענען דערפאַר געווען די ריכטיקע מענער אויפן ריכטיקן פּלאַץ. דערצו זענען צו־געקומען אַ טייל פון אַסימילירטער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן פון אייביק אָן געקוקט אויפן יידישן מאַסנמענטש ווי אויף אַ נידעריקערן באַשאַף און דערפאַר געקענט מיט אַ לייכטער „געוויסן״ זיי אָנטאָן פאַרשידענע עינויים אָדער זיי שיקן צום טויט. דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער כאַראַקטער־שטריך פון אַלע פּאָליציי־לייט אין די פאַרשידענע געטאָס און לאַגערן. עס זענען אָבער געווען געציילטע אויסנאַמען, הן פון פּסיכאָלאָגישן און הן פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, איבער וועלכע כ׳וועל זיך באַזונדערס אָפּשטעלן.

די מענטשן, וואָס זענען געקומען מיט די שפּעטערדיקע טראַנספּאָרטן, האָבן געהאַט אויסצושטיין פון זייערע אייגענע לאַנדסלייט, וואָס זענען פריער געשיקט געוואָרן און איבער דער צייט זיך דערדינט צו אַ „ראַנג״. עס זענען אויך געווען געוויסע האַנדלונגען פון דער פּאָליציי אויס פאַרביטערונג, אויס כעס און נקמה־ווילן.

ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער מענטשן־פילטער אין „האַסאַג״, איז גענוג בלויז אָנצוגעבן עטליכע ביישפּילן:

אַ פּ ט, ביי קיעלץ, האָט געהאַט צוצושטעלן אַ קאָנטינגענט פון 700 מענטשן פאַר דעם „האַסאַג". אַזוי ווי דער יודענראַט האָט נישט געקענט צוזאַמענקריגן די געהעריקע צאָל, האָט די וואַכמאַנשאַפט אַליין געכאַפּט ווער ס'איז אונטערגעקומען אונטער דער האַנט. בכדי צו ברענגען די פולע צאָל, האָבן זיי אין געאייל אויך געכאַפּט אַ היפּשע צאָל יונגע קינדער פון 10 און 12 יאָר און זיי מיטגעשלעפּט. (אַ קליינער טייל פון אָט־די קינדער האָבן זיך אַ דאַנק דעם צופאַל שפּעטער אַדורכגעדרייט אין אַ ריי לאַגערן און שפּעטער געראַטעוועט געוואָרן.)

פון יענער גרופּע איז נאָך ביז אויגוסט 1944 לעבן געבליבן בערך 70 מאַן. דאָס איז שוין געווען די גרעסטע פּראָפּאָרציע, ווייל די אַפּטער האָבן באַוויזן מיטצושמוגלען מער געלט און געקענט זיך בעסער האַלטן. פון אַנדערע טראַנספּאָרטן מיט טויזנטער מענטשן זענען אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט געבליבן בלויז איינצלנע.

די אַפּטער גרופּע, למשל, איז צוגעטיילט געוואָרן אין ווערק א' צו דער פּרעסעריי פון די שווערע גראַנאַטן (15,2 צ"מ) און צום טראַנספּאָרט פון דער פּראָדוקציע; פאַר די יוגנטלעכע איז קיין אויסנאַם, פאַרשטייט זיך, נישט געמאַכט געוואָרן. אַ גרויסן טייל פון די געברענגטע יידן האָט מען צוזאַמענגעדרענגט אין דער האַלב־חרובער געוו' טעכנישער שולע, ביי סקאַר־זשיסק, די א"ג „עקאָנאָמיע". נישט אַלע האָבן געקענט געפינען פּלאַץ אויף די פּריטשן, וואָס זענען געווען צוזאַמענגעקלאַפּט ווי ענגע שטייגן, מיט 5 גאָרנס די הייך. זענען עטלעכע הונדערט מאַן געשלאָפן אויף דער ערד. דער דאַך איז געווען אָפן און ביים מינדסטן רעגן איז געווען אַ פולער באַראַק וואַסער, אַזוי אַז ס'איז אויסגעקומען אַלעמען צו טאַפּטשען אין דער בלאָטע. די וויניקער־גליקלעכע, וואָס האָבן נישט געקענט געפינען קיין אָרט אויף די האַרטע ברעטער, האָבן זיך געמוזט לייגן אין שמוץ אַריין. איז אַ פאַר שטענדלעכע זאַך, אַז ס'איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער האַנדל מיט ערטער און דער פּאָליציאַנט, וואָס איז געווען אויפזעער דערויף, האָט די ערטער געקענט פאַרקויפן פאַר וועלכן פּרייז אים איז געפעלן. אַלע זענען שרעקלעך פאַרלויזט געוואָרן און דאָס אָנטועכץ איז זיך שנעל צעפאַלן אין שטיקער. פון קיין העמד אויסוואַשן איז נישט געווען קיין רייד, ווייל עס איז נישט געווען קיין וואַסער און ביי אַ שווערן אַרבעטסטאָג, דורכשניטלעך פון 14־17 שעה, איז אויך קיין צייט און קיין געדולד נישט געווען דערצו. איז נאַטירלעך, אַז די מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן אָדער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און רעזיגנירט...

(לויט ברוך גאָלדבערג, וואַרשע, און חנה באַלטער, אַפּט).

דעם 3טן אָקטאָבער 1942 איז פאָרגעקומען דער „גירוש" פון די ייִדן, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען אין געטאָ פון סקאַרזשיסק. מ'האָט צוזאַמענגעטריבן אַלע ייִדן אויף איין פּלאַץ און די געזונטע אָדער „פּראָטעקציאָנירטע" מענער און פרויען אָפּגעטיילט באַזונדער. אין זעלבן טאָג האָבן באַטנשלעגער און אייזנשמיץ אַדורכגעפירט די ערשטע גרויסע סעלעקציע אין ווערק א'. פון די 4 טויזנט ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרט דאַן געפונען, האָבן זיי מיט דער הילף פון דער ווערקשוץ און דייטשע ציוויל־מייסטערס אויסגעקליבן בערך טויזנט ייִדן. דאָס זענען געווען עפּ"י רוב אויסגעמאַטערטע פון דער שווערער אַרבעט, שלעכט־אויסזעענדיקע און געמיין־אָנגעטוענע. זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאַגער אין וואַלד אַריין, אין דער ריכטונג פון ווערק צע. אויפן וועג זענען עטלעכע הונדערט אויסגעשאָסן געוואָרן מיט מאַשין־געווער דורך דער ווערקשוץ און די רעשט זענען צוגעפירט געוואָרן צום זאַמלפּלאַץ פון געטאָ. זיי זענען יענעם טאָג אָוועקגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט די סקאַרזשיסקער ייִדן קיין טרעבלינקע. אויף זייער אָרט האָט מען געברענגט אין לאַגער אַריין די יונגע און געזונטע מענער און פרויען, וואָס זענען דאָרט אויסגעקליבן געוואָרן. (לויט יאָסל גאָלדבערג, געב' 1926 אין סקאַרזשיסק).

עס איז מיר נישט געלונגען אויסצופאָרשן, אויב ס'איז פולשטענדיק ריכטיק, אַז דער אויסטוישפּלאַן איז אַדורכגעפירט געוואָרן פאַר ריזיקע סומעס געלט פאַר דער ס"ס מצד פאַראינטערעסירטע פּערזאָנען...

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון די קאָמפּאַקטע גרויזאַמקייטן.

VI

זייט דאַמאָלסט האָט זיך אָנגעהויבן דער שאַרפער קורס אין לאַגער. עס זענען געקומען שטרענגע רעוויזיעס, ביי וועלכע מ'האָט צוגענומען ביי יעדן, וואָס ער האָט נאָר געהאַט עפּעס פון ווערט. נישט איין מאָל האָט מען אָפּגעשטעלט די אַרבעט, אַריינגעטריבן די ייִדן אין איין גרויסער פאַבריק־האַלע און יעדן איינעם באַזונדער אַדורכרעווידירט.

אין די באַראַקן האָט קיינער גאָרנישט איבערגעלאָזט, ווייל אין דער ענגשאַפט איז אַלצדינג פאַרשוואונדן פון אונטער די הענט. האָט יעדער כסדר געטראָגן זיינע פּעקלעך מיט זיך צו דער אַרבעט און צוריק. אַזוי אַרום איז לייכט געווען ביי יעדן צוצונעמען דאָס, וואָס ס'איז דעם רעוויזיע־מאַכער געפעלן. מיט דער אַקציע האָט אָנגעפירט דער דערמאָנטער היינריך.

פאַר דער רעוויזיע האָט מען געלאָזט אויסרופן, אַז יעדער איינער זאָל אָפּגעבן זיין געלט, גאָלד און ווערטזאַכן. ווער עס וועט נישט אָפּגעבן און

מ׳וועט ביי אים עפּעס שפּעטער געפינען, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. נאָך די ערשטע דערשיסונגען דורך באַטענשלעגערן האָבן אַ סך אַליין צוגעטראָגן זייער געלט, אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון טויט. די פּסיכאָלאָגיע פון בלוטאָנבליק דערלאָזט נישט גיין ווייט, נאָר אויסמיידן דאָס, וואָס מען זעט שוין, תיכף... „אַז מ׳וועט לעבן, האָבן אַזעלכע זיך געטרייסט, וועט זיין אַנדער געלט...״ אַ סך האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז זיין אין „האַסאַג״ מיט ליידיקע הענט איז סיי ווי אַ זיכערער טויט, נאָר אויף אַ שרעקלעכערן אופן. האָבן זיי נישט אָפּגעגעבן... זיי האָבן זייער געלט געהאַט פאַרשטעקט אין די נישט־פאַרשטעלבאַרסטע ערטער, האָבן זיי שפּעטער געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו קויפן פאַר טייער געלט אַ שטיקל ברויט ביי די פּוילישע פאַראַרבעטערס און זיך דערמיט באַקרעפּטיקן. עס זענען אָבער געווען אַנדערע, וואָס האָבן אויס קנאָה נאָכשפּיאָנירט אַזעלכן, וואָס האָט די מעגלעכקייט יעדן טאָג צוצועסן אַ שטיקל ברויט און עס אונטערטראָגן דער ווערקשוץ. האָט מען דערנאָך אַזאַ איינעם אַריינגענומען אין דער דייטשער וואַכשטובע און אים אַזוי לאַנג געפּייניקט און געמאַטערט, ממש ביז ער האָט אָפּגעגעבן נישט בלויז זיין געלט נאָר אויך זיין נשמה. אָפט האָט ער נאָך געמוזט אויסגעבן די נעמען פון זיינע באַקאַנטע, וואָס פאַרמאָגן אויך נאָך עפּעס. אין יעדן לאַגער זענען געווען אַזעלכע יידישע „אונטערטראָגערס״, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן הונדערטער פון זייערע ברידער. (אַ טייל פון די סקאַרזשיסקער מוסרים זענען שפּעטער אומגעקומען פון יידישע הענט אין בוכענוואַלדער „אונטערערד״.)

צווישן דער ווערקשוץ זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויף אייגענער האַנט אויסגעמאָרדעט מאַסן מיט יידן. אַזוי האָט דער אוקראַאינער א י וו אַ נ י י ק אָ מיט זיין חבר ק אָ ז ל אָ וו ס ק י, אין משך פון זייער דינסט אין „האַסאַג״, דערמאָרדעט ביי אַ טויזנט יידן. דאָס איז געשען ביי פאַרשידענע פאַלן, הויפּטזאַכלעך האָבן זיי עס אָבער געטאָן צוליב מאָרדצוועקן. דערצו זענען געווען אַזעלכע געשפּענסטער ווי דער ווערקשוץ ש נ י י ד ע ר (דייטש), טשאַפּעק (אוקר׳), די ברידער סאַוווטשוק (פּאָל׳) און צענדליקער אַנדערע מחבלים, וועמענס נעמען כ׳האָב נישט געקענט גענוי פעסטשטעלן. די ערשטע צוויי דערמאָנטע האָבן אָפּיציעל נאָר דערשאָסן די, וואָס האָבן שלעכט אויסגעזען און זענען דערפאַר באַטראַכט געוואָרן ווי אַרבעטס־אומפעאיקע (און בכדי „שלעכט אויסצוזען״ איז גענוג געווען צו גיין אין אַן אָפּגעריסענעם הילוך!), זיי האָבן אָבער אַ סך מאָרדן אויסגעפירט איבער העלדישע, גוט־

אויסזעענדיקע בחורים און שיין־אָנגעטוענע... ווייל — אויב זיי זעען אַזוי גוט אויס באַוויזט עס, אַז זיי האָבן געלט. און די גוטע שטיוול אָדער רעקל זענען געוואָרן דער מלאך־המות. אַזוי אַרום האָט מען זיך געפונען צווישן צוויי פייערן. מ׳האָט געציטערט אויסצוזען מיאוס און איינגעדאַרט... נאָך ערגער איז אָבער געווען, ווען מ׳האָט צו־גוט אויסגעוויזן זיך. און אַ סך קרבנות זענען געווען צווישן די, וואָס האָבן נישט געקענט אָנטרעפן די ריכטיקע מאָס...

אין צווישן איז אין ראַדעמער געגנט באַקאַנט געוואָרן, אַז עס ווערן געעפנט 4 „יודענשטעט" אין דיסטריקט. די אַלע יידן — איז געזאָגט געוואָרן אין די אָפיציעלע מיטטיילונגען — וועלכע לעבן אומלעגאַל באַהאַלטן אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, אין די דערפער אָדער וועלדער, קענען זיך דרייסט מעלדן אין די דאָזיקע ספּעציעל־באַשטימטע יידן־שטעט, וואו עס וועלן „לעבן בלייבן און קאָנצענטרירט זיין די לעצטע רעשטן"... דער דאָזיקער כיטרער טריק איז באַנוצט געוואָרן פון די דייטשן אין אַלע געגנטן פון אָקופּירטן פּוילן. דאָס האָט גענוצט דער ראַפינירטער געשטאַפּאָ אַרויסצונאַרן אַ סך פאַרשטעקטע יידן פון זייערע לעכער און זיי צו קאָנצענטרירן אויף איין אָרט, בכדי עס זאָל זיי שפּעטער זיין לייכטער אויפצופאַנגען. אַזוי אַרום זענען באַשטימט געוואָרן אין ראַדעמער געגנט די פיר שטעט: ראַדאָמסק, שידלאָוויעץ, אויעזד און צויזמער. די יידן־שטעט האָבן געזאָלט אָפיציעל זיין געשיצט פאַר עווענטועלע יידן־אַקציעס. אַזוי ווי די יידן, וואָס זענען געלעגן אויסבאַהאַלטן, האָבן געהאַט ווייניק צוטרוי צו די פאַרשידענע אויפטוען פון דער געשטאַפּאָ, האָבן די ראַפינירטע מערדערס דערווייל באַשלאָסן די דאָזיקע שטעטלעך צו לאָזן אין רו...

אין די דאָזיקע באַשטימטע ערטער אויפן גאַנצן שטח פון מדינת־פּוילן האָבן זיך צוריק געבילדעט יודנראַטן מיט יידישער פּאָליציי און מיט אַלע פּיטשעווקעס פון אַ געטאָ — ווי אין די „אַלטע גוטע צייטן", פאַרן אַוועקשיקן די ערשטע טראַנספּאָרטן... די געשטאַפּאָ און די דייטשע פּאָליציי האָבן ווי אַוועקגעמיטן זייער אויג פון אַזעלכע ניי־אויפגעשטעלטע שטעט; די קאָנטראָל איבער די געטאָ־טויערן איז געוואָרן שוואַכער און פויערים האָבן זיך לייכט געקענט אַריינשלייכן מיט זייער ביסל שפּייז פון דאָרף אין געטאָ. האָט טאַקע דער האַנדל אין די ערשטע טעג גענומען „בליען" אויף ס׳ניי; ווידער האָט מען גענומען פאַרדינען געלטער און ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן ווי־ס׳איז צו לעבן... ווער ס׳איז געבליבן, האָט פאַרגעסן אָדער זיך

געמאַכט פאַרגעסן אינעם חורבן, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט אַ חודש צוריק, און ווידער גענומען צוזאַמענשלעפּן אַ ברעט, אַ טיש און איינריכטן צוריק אַ שטיקל וואוינונג.

דער דעספּאָטישער הערשער איבער פּוילן, גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק, האָט אומגעפער אין יענער צייט געהאַלטן אַ רעדע אין קראָקע, וואו ער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט איבער פאַרשידענע פאַרוואַלטונגס־פּראָבלעמען אין זיין מלוכה און דערקלערט צ״א:

„...קיין ייִדן אין גענעראַל־גואווערנעמענט זעט מען נישט מער... און אויב עס זענען נאָך וועלכע דאָ, איז עס נישט מער דער וואוכערטיפּ, וואָס האָט געזויגט אונדזער דייטש אַרבעטער־בלוט! היינט אַרבעטן זיי...״.

האָט דאָס אָפּטימיסטישע פּינטעלע אינעם ייִד גענומען דאָס וואָרט... מ׳האָט גענומען גלייבן, אַז דאָס וועלט־געוויסן האָט דאָרט ערגעץ אויפגעוואַכט... און אַז מען האָט זיכער אַריינגעשיקט היטלערן אַן אולטימאַטום... „אונטער פאַרשידענע דראָאונגען״ זאָל „ער״ האָבן צוגעזאָגט מער נישט צו שיקן ייִדן צום טויט און זיי בעסער צו באַהאַנדלען... אַזעלכע און ענלעכע קלאַנגען און קאָמענטאַרן האָבן געקרייזט אַרום דער גרינדונג פון די ייִדן־שטעט און די געשטאַפּאָ האָט בכיוון פאַרשפּרייט און אונטערגעהאַלטן אַזעלכע סברות...

געוועזן געשטאַפּאָ־אָפיצירן, וואָס האָבן שוין געהאַט „זייערע״ ייִדן, וועמען זיי האָבן „אַלץ״ פאַרטרויט, בסודי־סודות, אונטער דער דראָאונג פון אַ קויל אין קאָפּ פאַר דערציילן וועמען דערפון... און אויך זיי „האָבן דערפון געהערט״ אין גאַר־הויכע קרייזן... און דערביי געלאַכט אין זיך, וויסנדיק, אַז אין האַלבער שעה אַרום וועלן דערפון רעדן אין געטאָ אַפילו די קינדער אין די וויגן... און דאָס וועט אַטראָפירן די לעצטנס־אויפגעוואַכטע פאַרזיכטיקייט און אויפמערקזאַמקייט —ביים אָנבליק פון סכנה־טעג...

און אויב אַפילו די ערשטע צייטן האָבן באַהאַלטענע נישט געטרויט זיך צו אַזעלכע צירקולירנדיקע סודות; האָבן זיי אָבער ביסלעכווייז געמוזט גלייבן, אַז עפּעס האָט זיך געענדערט, זעענדיק ווי שוין אַ וואָך, צוויי איז דאָס געטאָ אַזוי רואיק...

דאָס גרינדן די ייִדן־שטעט האָט נאָך מער געהאַט אַ מאַגישע ווירקונג אויף די איינוואוינערס פון די לאַגערן. אויב פריער האָט מען אַלצדינג איבערגעטראָגן מיטן רעזיגנירטן באַוואוסטזיין, אַז מ׳האָט נישט קיין אַנדער אויסוועג, האָבן אָבער אָט־די געטאָס איצט געלאָקט און געצויגן ווי כישוף־

וועלטן... מ׳האָט אָנגעהויבן הערן, אַז עס זענען נאָך דאָ ייִדן אויך אין ראַדעם, אין אַנדערע שטעט... מ׳לעבט דאָרט פריי... הייסט עס דאָך, אַז ווער ס׳איז געפאַלן אַ קרבן — איז געפאַלן... און ווער ס׳איז געבליבן — וועט שוין אַזוי דערציען ביזן סוף פון מלחמה... היינט צו וואָס־זשע זיצן אָט־דאָ?

זייענדיק פאַרהונגערט, אויסגעמאַטערט און איבערגעמידט; לעבנדיק כסדר אין שמוץ און אין צואה; זייענדיק כסדר אונטער דער בייטש — האָבן אַזעלכע ידיעות געווירקט אין די לאַגערן ווי באַרוישנדיקער געטראַנק... פון מויל צו מויל האָבן זיך גענומען טראָגן קלאַנגען, באַפּוצט מיט די פליגלען פון דער פאַנטאַזיע, אַז „גאָט האָט רחמנות געהאַט אויף די לעצטע איבער־בלייבעכצער פון זיין פאָלק" און אַז „אין די טויערן פון שידלאָווצע האָט ער זיי געגעבן ברויט צו דער זעט..." היינט פאַר וואָס־זשע זיין דאָ צווישן די פאַרמשפּטע קרבנות?...

האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־אַנטלויפעכץ פון לאַגער... כאָטש אַ גרויסע טייל איז געכאַפּט געוואָרן פון די דייטשן אויפן וועג אָדער אויס־געליפערט געוואָרן דורך די פּוילישע איינוואוינערס, וואָס האָבן זיי אויפ־געפאַנגען אויף די וועגן און אָפּגעפירט צו די דייטשן, וועלכע האָבן זיי דערשאָסן... דאָס לעבן אין לאַגער איז געוואָרן אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז אַ גרויסע טייל האָט גענומען זוכן אַ דערלייזונג אויף יענער זייט דראָטן; מיט איין פּראָצענט האָפענונג זיך צו דערלאַנגען צום נאָענטן שידלאָווצע אָדער צום אַ ביסל־ווייטלעכן צויזמער און זיך דאָרטן „לעגאַליזירן"...

באַטנשלעגער האָט דאַן — לויט אַלע קאַצעט־געזעצן — פאַראָנט־וואָרטלעך געמאַכט 10 מאַן פאַר יעדן אַנטלאָפענעם. נאָך יעדער פאַל פון עמעצנס אַנטלויפן האָט ער, אין די ערשטע צייטן, געלאָזט אויסשטעלן דעם גאַנצן לאַגער, אויסגעזוכט עטלעכע פון די שענסטע און יינגסטע בחורים און זיי אויפן אָרט דערשאָסן ווי אַ וואָרענונג. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן, דאָס האָט בלויז נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם פּסיכאָז פון אַנטלויפן. הונדערטער זענען דערשאָסן געוואָרן אויף די וועגן און דאָך זענען אַנדערע הונדערטער זיי נאָכגעלאָפן. ס׳איז גענוג געווען צו הערן, אַז ס׳איז ווער ביי נאַכט נישט צוריקגעקומען אין באַראַק אַריין — און שוין האָבן טויזנטער הערצער זיך ביי נאַכט געוואָרפן מיט בענקנדיקער אומרו אויף די האַרטע געלעגערס...

ס׳איז געקומען דערצו, אַז די יודענראַט־מיטגלידער האָבן זיך דער־שראָקן. און אויב אָפילו עס איז געלונגען וועמען פון די אַנטלאָפענע זיך

צוצובאַקומען ביז צום געטאָ פון אַ יידן־שטאָט, האָבן זיי אים מוראָ געהאַט אָפיציעל צו רעגיסטרירן. עס זענען אַפילו געווען פאַלן פון צוריק אויסליפערן אַנטלאָפענע מצד דער יידישער פאָליציי אין די דייטשע הענט, אויס מוראָ, „זיי זאָלן, חלילה, נישט ברענגען קיין אומגליק אויף אַלעמען”...

די ווערקשוצן: איוואַנייקאָ, קאָזלאָווסקי און שניידער פלעגן זיך דערביי אויסזוכן צווישן די יידן אַזעלכע, וואָס זענען נאָך געווען אַ ביסל שענער אָנגעטאָן, אָדער אַזעלכע, וואָס מ׳האָט נאָך געקענט פאַרדעכטיקן, אַז זיי האָבן ביי זיך אַ ביסל געלט. (ס׳האָבן זיי דערצו מיטגעהאָלפן צ״א די מוסרים: מענדל וויינטרויב פון זוואָלין; יוזעף ווייסבלום און זענק מילשטיין פון סוכיעדנאָוו; משה׳ל שטאַרק פון ראָדעם. וועגן זיי אויספירלעך — ווייטער). זיי האָבן אַזעלכע אַרויסגערופן, צוגעפירט ביז די דראָטן, זיי „דערשאָסן ביים פרואוו צו אַנטלויפן” און אַלצדינג ביי זיי צוגערויבט.

געווען אַזעלכע ווערקשוצן, וואָס האָבן דעם פסיכאָז פון אַנטלויפן אויס־גענוצט אויף אַן אַנדער אופן:

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַפריינדן מיט די פריש־געקומענע. די נייע טראַנספּאָרטן זענען מערסטן טייל צוגעשיקט געוואָרן צו די שווערסטע אַרבעטן — וואו זיי פלעגן לאַנג נישט קענען איבערהאַלטן. זיי פלעגן דערפאַר זיין די ערשטע, וואָס האָבן געטראַכט פון אַנטלויפן. האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע אונטערהענדלערס צווישן פּאָליאַקן און ווייניקע יידן, וואָס האָבן אויסגעזוכט אַ „פריינדלעכן” ווערקשוץ, וועלכער איז גרייט פאַרן פרייז פון עטלעכע טויזנט זלאָטעס בייהילפיק צו זיין ביים אַריבערלויפן די דראָטן. דער אַנטלויפער האָט בלויז געמוזט אויפפּאַסן, אויף וועלכן אָרט דער באַשטימטער וואַכמאַן שטייט אויף דער וואַך. אַזעלכע פאַלן האָבן זיך געווענלעך געענדיקט מיטן זעלבן:

דאָס געלט איז דעם ווערקשוץ אויסגעצאָלט געוואָרן... דער ייד האָט זיך ביי נאַכט צוגעשלייכט צו די דראָטן, זיך נאָך אַ מאָל אויסגעפרעגט ביים וואַכמאַן, אויב ער איז פולשטענדיקט באַפרידיקט מיט דער באַקומענער סומע... דאַן האָבן זיי זיך „אויפריכטיק” געזעגנט... דער ווערקשוץ האָט זיך געשטעלט 10 שריט ווייטער פון די דראָטן, בכדי צו אָבסערווירן, אויב קיינער זעט נישט און דער ייד האָט זיך לאַנגזאַם און זיכער דערנענטערט צו דער צוים. בלויז... אַן אומדערוואַרטע קויל אין קאָפּ האָט אים געשטערט אין זײַער לעצטער מינוט דאָס אַריבערשפּרינגען אויף דער צווייטער זייט ———

שפּעטער האָט נאָך אַזאַ ווערקשוץ באַקומען אַ ספּעציעלע אויסצייכענונג

און אַ קליינעם אורלויב מיט אַ געלט־באַלוינונג פאַרן כאַפּן אַ ייד ביים אַנטלויפן...

VII

סוף 1942 איז ליקווידירט געוואָרן די יידן־שטאָט אין ראַדאָמסק. די גרעסטע טייל יידן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און אַ קליינע טייל פון דער געזונטער יוגנט איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן „האַסאַג". עטלעכע הונדערט מאַן זענען געברענגט געוואָרן קיין סקאַרזשיסק און פאַר־טיילט געוואָרן אין אַלע דריי ווערקן. על־פּי־רוב זענען עס געווען געוועזענע געטאָ־פּאָליציי מיט זייערע פאַמיליעס. ס'זענען אויך מיטגעקומען אַ טייל פון דער רייכערער אינטעליגענץ, וועמען ס'האָט זיך איינגעגעבן צו דער־האַלטן ביז דער לעצטער מינוט אין געטאָ און שפּעטער זיך צו ראַטעווען אין „האַסאַג" אַריין. עטלעכע פון זיי איז געלונגען זיך צו דערשלאָגן ביז צו פּאָליציי־שטעלן און אַנדערע לאַגער־פונקציעס. איינעם פון זיי, דעם טרויעריק־באַרימטן קזשעפּיצקי, איז אַפילו געלונגען — אַ דאַנק זיינע ברוטאַלע אַרויס־טריטן און „גוטער" באַציאונג צו דער ס"ס־ליטונג — צו פאַרנעמען דעם קאָמענדאַנטן־פּאָסטן אין ווערק א'.

פאַרן לאַגער־פירער פון ווערק א' איז באַשטימט געוואָרן דער דייטשער וואַכמאַן ק י נ ע מ אַ ן (באַקאַנט מיטן נאָמען: דער הויקער), וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע סאַדיסטישע בייגונגען און שחיטות. זייענדיק דער אינערלעכער אַליינהערשער פון לאַגער, האָט ער אין די יידישע אונטער־וועלטלערס געפונען אַ גרויסע שטיצע און דערפאַר זיי צוגעטיילט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט אויפן חשבון פון זייערע געפּייניקטע ברידער.

פון יענער צייט איז פאַראַן אַ פאַל, וואָס איז ווערט נאָטירט צו ווערן:

צווי ראַדאָמסקער יידן זענען מיט עטלעכע פערזאָנען צוזאַמען אַנטלאָפן. אַן אוקראַאינישער ווערקשוץ, קאַטולאַ, האָט זיי נאָכגעיאָגט און געכאַפּט. ער האָט זיי גענומען פירן צום אַלגעמיינעם שיספּלאַץ פון ווערק צע. אויפן וועג האָבן זיך ביידע אויף אים געוואָרפן. איינעם האָט קאַטולאַ דערשאָסן און דעם צווייטן איז געלונגען מיט אַ קליין טאַשן־מעסערל קאַטולאַן איבערצושנידן דעם האַלדז און אַנטלויפן... די ווערקשוץ האָט דאַן ווי אַ נקמה געכאַפּט דריי יידן, צופעליקע, אין דער פאַבריק און דערשאָסן ביים פאַבריק־טויער. דעם זעלבן טאָג האָט דער ווערקשוץ־ליטער געלאָזט אויסשטעלן אַלע יידן פון לאַגער א'. מען האָט דערוואַרט גאָר שווערע סאַנקציעס. עס האָט זיך אָבער געענדיקט מיט אַ בלויזער שטרענגער רעוויזיע, ביי וועלכער מ'האָט צו־

גענומען אַלע טאַשן־מעסערלעך. ס׳איז דער איינציקער פאַל פון אַקטיוון מ ע ס ע ר ־ ו ו י ד ע ר ש ט אַ נ ד אויפן ווערק אַ׳, וואָס איז מיר באַקאַנט. געווען אויך איינצלפאַלן, ווען אַ געשאָסענעם איז געלונגען זיך צו ראַטעווען מיט אַ וואונד, ווען דער ווערקשוץ האָט געמיינט, אַז יענער איז שוין טויט. טאַקע פון אייניקע אַזעלכע ווייס איך די דערציילטע פּרטים אויף גענוי.

אין יאַנואַר 1943 איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־קראַנקייט אין לאַגער. די יידישע לאַגער־לייטונג האָט אויסגעקליבן אַ באַזונדער באַראַק, ספּעציעל פאַר די קראַנקע. מ׳האָט זיי דאָרט געלאָזט ליגן אָן וועלכער ס׳איז מעדי־ציניש
ער הילף אָדער אויפזיכט. זענען זיי אַזוי געלעגן אין אייגענעם קויט און שמוץ, ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען. ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל די טויטע אַרויסטראָגן — זענען זיי אַזוי געלעגן מערערע טעג צווישן די נאָך־לעבעדיקע און פאַרשטונקען די גאַנצע לופט אין באַראַק. באַטנשלעגער האָט דאַן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו באַזייטיקן די טיפוס־עפּידעמיע. ער אַליין האָט דערשאָסן מיט דער אייגענער האַנט איבער הונדערט קראַנקע און פאַראָרדנט דער ווערקשוץ צו דערשיסן אַלע, וואָס זענען בלויז פאַרדעכטיקט אין דער קראַנקייט. אַזוי אַרום זענען אַ סך מענטשן דערשאָסן געוואָרן גייענדיק צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט: ס׳איז גענוג געווען, אַז אַ ווערקשוץ זאָל באַמערקן ביי איינעם אַ געוויסע שוואַכקייט אין טריט אָדער אַן אויפפאַלנדיקע נישט־רירעוודיקייט. באַטנשלעגער האָט אויך פאַראָרדנט, מ׳זאָל אים אויפשרייבן אַלע מענטשן, וואָס זענען פריער קראַנק געווען און זענען געזונט געוואָרן. דאָס איז געווען די אויפגאַבע פון די דייטשע ציוויל־מייסטערס, וועלכע האָבן געקענט פעסטשטעלן, ווער ס׳איז נישט געקומען עטלעכע טעג צו דער אַרבעט. מיט אַ באַזונדער איפער האָט דאָס אויסגעפונען דער מייסטער ד ו מ י ן. די אַלע געזונטע און קרעפטיקע מענער (ס׳איז מיר נישט באַקאַנט די גענויע צאָל) האָט מען אַרויסגעפירט אויפן ווערק צע. און באַטנשלעגער האָט ביי דער עקזעקוציע אויסגעשאָסן מער ווי אַלע ווערקשוצן צוזאַמען. זענען נאָך דעם געגאַנגען צו דער אַרבעט מענטשן, אַפילו מיט דער שווערסטער קרענק, ביז זיי זענען געפאַלן אויפן וועג...

## VIII

צווישן דער צאָל יידן אויפן ווערק א׳ (שטענדיק אין אַ צאָל צווישן 4 און 7 טויזנט נפשות) האָבן זיך געפונען ביז אַ העלפט — פרויען. אויסער איינצלנע פּראָטעקציאָנירטע פרויען אין מיטעלערע אָדער עלטערע יאָרן (מוטערס אָדער שוויגערס פון אַ קאָמענדאַנט, פּאָליציי־מאַן אָדער פונקציאָנאַר

זענען אַלע געווען בלוט־יונג. די דורכשניט־עלטער איז געווען צווישן 16 און 35 יאָר. יעדע איינע איז שוין עטלעכע מאָל על־פּי־רוב איבערגעקליבן געוואָרן, אַזוי אַז די גאַר־גרעסטע טייל איז געווען שיין און געזונט. מ׳קען זיך דערפאַר פאָרשטעלן די סעקסועלע מיסברויכן מצד געוויסע דייטשע און פּוילישע מייסטערס, ווי אויך מצד די יידישע קאָמענדאַנטן לגבי די פרויען. מ׳קען אויך פאַרשטיין די דעמאָראַליזאַציע, וואָס עס האָט זיך אויסגעשפּינט אין אַזאַ שרעקלעכער און כאַאָטישער אַטמאָספער. כ׳וויל דאָ, ווי אַ ביישפּיל בלויז, נאָטירן וויטערדיקן פאַל:

דעם 3טן יאַנואַר 1943 האָבן זיך אַלע „גדולים" פון דער לאַגער־לייטונג געמאַכט אַ שטיקל שמחה. נאָך אַ לאַנגן שיכורן האָבן זיך אין לאַגער באַוויזן באַטנשלעגער און איינזשמיק. ס׳איז געווען 12 ביי טאָג. די פרויען פון דער נאַכטשיכט זענען אַלע געשלאָפן. די צוויי שיכורים האָבן זיך אַריינ־געלאָזט אין די פרויען־באַראַקן און אַלע אויפגעוועקט. זיי האָבן אַלע פרויען געהייסן זיך אויסשטעלן אין האַלב־נאַקעטן צושטאַנד און לאַנג צווישן זיי געזוכט... ענדלעך האָבן זיי אויסגעקליבן די 3 שענסטע פרויען אין לאַגער (איינע, אַ געוויסע מ י ל כ מ אַ ן, פון סוכעדניאָוו, אַ צווייטע, זילבערבערג, פון אָפּט און אַ דריטע, וועמענס נאָמען ס׳איז אומבאַקאַנט). זיי האָבן נישט דערלויבט, אַז די פרויען זאָלן אויף זיך עפּעס נעמען, נאָר זיי געפירט דריי פערטל נאַקעט איבערן לאַגער צו זיך אַרויף. דאָרט האָט מען זיי באַפוילן אויסצוטאָן זיך מוטער־נאַקעט און יעדע פון זיי איז מערערע מאָל געשענדט געוואָרן. אַרום 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג האָט באַטנשלעגער אַראָפּגעפירט די דערמאָנטע צוויי פרויען אין וועלדל אַריין און זיי נאַקעטערהייט דערשאָסן. ער האָט דאַן געלאָזט רופן 2 מענער פון לאַגער, זיי געהייסן באַגראָבן און דערביי צוגרייטן אַ פריש קבר... ביי נאַכט־צו האָט ער צוגעבערענגט די דריטע, וועלכע ער האָט אויך אייגנהעַנטיק דערשאָסן... (לויט מיין חבר ברוך גאָלדבערג און אַנדערע). דאָס איז בלויז איינער פון צענדליקער פאַלן אויף ווערק א׳ און בע, וואָס כ׳האָב געהערט פון די באַגלייבטסטע עדות. איך וויל אָבער דער עיקר דערציילן פון דעם, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען. וויל איך דאָ בלויז עס איבערגעבן אין אַלגעמיינע שטריכן:

עס זענען געווען מערערע פאַלן, ווען ווערקשוצלערס, מייסטערס און ענלעכע באַאַמטע האָבן זיך אויסגעקליבן יידישע פרויען, אַ קורצע אָדער לענגערע צייט מיט זיי געהאַט באַציאונגען און דאַן זיי אייגנהעַנטיק דערשאָסן אָדער אַרויסגעשיקט אויפן ווערק צע. נאָך היינט בלוטיקט מיר דאָס האַרץ ביים אויפרירן אונדזער שווידערלעכסטע שאַנד.

אַזוי האָט, למשל, אויף ווערק בע אַ מייסטער געוואָרפן אַן אויג אויפן שענסטן מיידל אין ווערק. ער האָט זי אַריינגענומען ווי אַן אויפרוימערין פון זיין ביוראָ און זי אויסגענוצט אַ לענגערע צייט. אין אַ געוויסן מאָמענט איז זי פאַרגאַנגען אין טראָגן... ער האָט דאַן אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען ס'איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע און מ'האָט אויסגעקליבן אַ גרעסערע גרופּע קראַנקע, דערשעפּטע און האַלב־נאַקעטע... האָט ער זי אויסגעזוכט און קאַלטבלוטיק זי צוגעשטעלט צו דער ריי... זי האָט זיך אים געוואָרפן צו די פיס, אים געקושט די גלאַנציקע שטיוול און אים געבעטן מיט דער מעגלעכסטער שפּראַך, ער זאָל זי לאָזן לעבן. זי האָט אים דערמאָנט, אַז זי איז ערשט 21 יאָר און אַז זי איז נאָך אַזוי פריש און געזונט... אין צעטומלעניש האָט זי אים דערמאָנט, הויך אויפן קול, אַז ערשט נעכטן נאָך האָט ער זי אַזוי געצערטלט — וואָס זשע וויל ער שוין היינט האָבן איר לעבן?... אָבער ער האָט זיך קרום צעשמייכלט און איר בלויז צוגעוואָרפן ציניש: — דאָרט וועט דיר, ידין, זיין בעסער... ער האָט רואיק אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און פאַר אַלעמען אין די אויגן דערשאָסן די „פאַרפלוכטע, היסטערישע ידין...".

אַזעלכע פאַלן — און נישט אַלע האָבן זיך געענדיקט מיטן טויט — זענען מיר אַ סך באַקאַנט.

IX

דעם 13טן יאַנואַר 1943 איז ליקווידירט געוואָרן די ייִדן־שטאָט שידלאָווצע. אין לאַגער האָט מען יענעם טאָג נאָך פון גאָרנישט געוואוסט; בלויז די דייטשע לאַגער־ליי‌טונג האָט שוין געהאַט די געהעריקע אינפאָר־מאַציעס. באַלד אין דער פרי איז געקומען אַ מעלדונג אין לאַגער אַריין, אַז היות עס אַנטלויפן אַזוי פיל ייִדן, ווייל זיי רייסן זיך אין דעם שידלאָווצער געטאָ אַריין, האָט די לאַגער־ליי‌טונג באַשלאָסן, וועלנדיק אויסמיידן אומזיסטע פאַלן פון דערשיסונגען, צו רעגיסטרירן אַלע, וואָס ווילן פרייוויליק אַהין צוריקפאָרן, אַזוי אַז אין לאַגער זאָל מער נישט זיין אַזאַ אויפגערעגטער כאַאָס און פאַלן פון אַנטלויפן; זיי אַלע וועלן אָפּגעשיקט ווערן רואיק אַהיים, בכדי די אַנדערע זאָלן קענען אַרבעטן רואיקער.

זעלטן־ווער אָבער פון די „אומצופרידענע" האָט זיך געוואָלט מעלדן; קיינער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די מאָדנע „באַפרייערישע" הבטחות, וואָס זענען אַזוי פלוצעם געקומען... האָבן דערפאַר די ווערקשוצלייט מיט דער הילף פון דער פּאָליציי געמוזט כאַפּן מיט כוח „פרייוויליקע" אומקערערס קיין שידלאָווצע... אין ווערק א' האָט מען אַזוי אַרום צוזאַמענגעכאַפּט 160

מאן און זיי אַרויסגעשיקט מיטן צוג קיין שידלאָוויעץ; פון דאָרט זענען זיי אויטאָמאַטיש אַוועק מיטן טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע, דעם זעלבן טאָג האָט מען אין ווערק צע אויפגעכאַפּט איבער 300 פּרייוויליקע קיין שידלאָווצע און אויך אַהין אַוועקגעשיקט.

אויך דאָ האָבן זיי צוריקגעברענגט פון שידלאָווצע אַנדערע מענטשן, געזינטערע און בלויז יונגע, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעקליבן אויפן שידלאָווצער זאַמלפּלאַץ... דאָס איז געווען בערך טויזנט מענטשן. אויך דאָ מוז באַמערקט ווערן דאָס זעלבע ווי ביי דעם „טויש" אין סקאַרזשיסק: קיינער קען דאָ ניט פעסטשטעלן קלאָר, אויב דאָס איז בלויז געווען די אַרבעט פון אַן אינטערעסיר־טער האַנט...

די לעצטע פון די אָפיציעלע יידן־שטעט איז געווען צ ו י ז מ ע ר (פון דער פערטער שטאָט אויעזד האָט מען געשיקט ערגעץ אַנדערשוואו און כ'וויס דערפאַר נישט דעם ליקווידאַציע־דאַטום). מיט די פאַרשידנסטע מיטלען איז די דאָרטיקע יידן געלונגען זיך אויפצוהאַלטן ביז די ערשטע חדשים פון 1943. הערנדיק אָבער וואָס עס איז געשען מיט די אַנדערע יידן־שטעט, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער באַדן ברענט זיי אונטער די פיס און זיי האָבן גענומען זוכן פאַרשידענע אַנדערע אויסוועגן. יחידים האָבן זיך אויסגעבויט טיפע בונקערס אין די שכנותדיקע וועלדער, זיך אָנגעגרייט שפּייז און אַנדערע איינריכטונגען (אַפילו ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, צו קענען הערן נייעס און וויסן, ווי אַזוי עס זעט אויס די פּאָליטישע סיטואַציע), צו קענען אויסהאַלטן אַ לענגערע צייט און זיך אַהין אַוועקגעצויגן. מיר האָבן פון אַזעלכע מענטשן אין די בונקערס געהאַט שוואַכלעכע גרוסן נאָך אין יאָר 1944. דער גרעסטער טייל איז אָבער געפונען געוואָרן דורך פּוילישע זוכערס פון אַ „לייכט" פאַרדינסטל און זענען אויסגעליפערט געוואָרן די דייטשן.

אַנדערע האָבן זיך געלאָזט קאַזערנירן אין דער דאָרטיקער פירמע „ראַלניק" אין אַ לאַגער, ווייל דער דייטשער דירעקטאָר האָט פאַרזיכערט, אַז ז י י נ ע יידן וועט גאָרנישט געשען, כל־זמן ער וועט לעבן. זענען צו אים אַריבערגעגאַנגען אַ גרויסע צאָל פון דעם יודענראַט, געטאָ־פּאָליציי און אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרמאָגט די גרויסע סומעס געלט זיך אַהין איינצוקויפן. אַזעלכע איז אַ שאָד געווען זיך צו שיידן מיטן היימישן שטעטל און מיט דער באַליבטער ווייסל — האָבן זיי כאָטש געוואָלט אויף אַזאַ אופן בלייבן נאָענט פון דער נעכטיקער, שוין־איצט חרוב־געוואָרענער היים. אַגב, האָט מען זיך אַ מאָל געקענט פון דאָרט אַרויסכאַפּן צו אַ היימישן פויער, ביי וועמען מ'האָט

געהאַט אַ באַהאַלטן פאַרמעגן און ביי אים עפּעס פאַרקויפן און נעמען עפּעס צום עסן.

אויך פון זיי האָט מען געהאַט כסדרדיקע ידיעות. עס זענען דאָרט פאָרגעקומען סעלעקציעס, אָבער אַ טייל פון די מענטשן זענען דאָרט געבליבן ביז אין מיטן 1944. וואָס עס איז מיט זיי געשען ביים אָנגריף פון די רוסן אויף דער ווייסל אין יענער ריכטונג (ביי באַראַנאָוו), איז מיר אומבאַקאַנט.

נישט אַלע אָבער האָבן געקענט אָנקומען אין „ראַלניק"; באַזונדערס האָבן אַ סך נישט געהאַט קיין צוטרוי צום אייגענעם אָרט. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויב מען וויל זיך ראַטעווען, מוז מען איין מאָל איבערגעטראָגן ווערן אויף אַן אַנדער אָרט... פונקט ווי מען וואָלט געדאַרפט יוצא זיין דעם חוב פון פאַרשיקט ווערן. (און אין דעם אינסטינקטיוון שפּיר איז פאַקטיש געלעגן אַ שטיק אמת: אפילו די יידן, וואָס די דייטשן האָבן נאָך געוואָלט לאָזן לעבן אַ שטיקל צייט, האָט מען אויך אַוועקגעשיקט אויף אַנדערע ערטער. אַזוי צ"בש האָט מען אונדז אַוועקגעפירט פון זאַמאָשטש קיין מאַידאַנעק און שפּעטער „אַרויסגעבאָרגט" אַ גרופּע מענטשן פון מאַידאַנעק צו אונדז אין זאַמאָשטשער לאַגער, אַרויסצוענדיקן אונדזער איבערגעריסענע אַרבעט. דאָס האָבן זיי נישט געוואָלט, אַז מען זאָל זיין אויפן אייגענעם געבורטסאָרט, וואו מען פילט זיך היימישער און מ'קען שנעלער געפינען אַ זיכער באַהאַלטאָרט ביים אַנטלויפן...) עס האָבן זיך דערפאַר געמאָלדן אַ גרופּע יינגלעך און ווייניקע מיידלעך פרייוויליק אַוועקגעשיקט צו ווערן אין סקאַרזשיסקער „האַסאַג" אַריין. אַ סך האָבן נאָר וואָס, אָדער טאַקע דערפאַר, חתונה געהאַט, איז שווער געווען די שיידונג. האָט מען מיטגענומען אַ קישן, אַ פּעקעלע מיט אַ פּאָר העמדער, „אַריינגעמאַכט" אַ פּאָר גאָלדשטיקלעך אין שיך אָדער שטיוול־קנאָפּל און געלאָזט זיך מיטן גורל.

האָט זיך מיט די צוזמערער געענדיקט דאָס קאַפּיטל טראַנספּאָרטן פון יידן־שטעט אין ווערק א'. ביי יעדן טראַנספּאָרט איז דאָרט פאָרגעקומען אַ סעלעקציע, אַ טאָפּלטע: איין מאָל האָט מען אויסגעקליבן מענטשן צום תיכפדיקן טויט און צווייטנס האָט מען איבערגעקליבן די, וואָס קענען נאָך פאַר זיי אַ ביסל נוצן און זיי אַריבערגעשיקט אינעם קראַפּיר־לאַגער פון ווערק צע. דאָרט איז פון זיי אַרויסגעצויגן געוואָרן דאָס לעצטע ביסל כוח און בלוט ביז זייער פאַרגיין.

צווישן די דריי ווערק איז אַ' געווען דער גרעסטער, וואָס האָט אויך געהאַט די גרעסטע צאָל יידן (צווישן 4־7 טויזנט); דאַן איז געקומען דער ווערק צע מיט זיינע גיפטיקע אַרבעטן מיט אַ דורכשניטצאָל צווישן 1500 און 3 טויזנט

ייִדן און דער קלענסטער, דער ווערק בע, מיט אַ צאָל פון 5־8 הונדערט ייִדן (די ציפערן האָבן זיך צוליב די טויטפאַלן שטענדיק געוואַקלט און ס׳איז אָפּהענגיק געווען, אויב מ׳האָט צוגעברענגט תיכף פרישע טראַנספּאָרטן אָדער נישט).

דער „גן־עדן" פון לאַגער איז געווען דער ביז־איצט באַשריבענער ווערק א׳. אַהין האָבן אַלע געחלומט אַנצוקומען. און פּאַקטיש זענען דאָרט אין פאַר־גלייך מיטן ווערק צע געווען „פאַנטאַסטיש־גוטע" באַדינגונגען. ס׳איז אָבער גענוג געווען מיט עפּעס זיך צו פאַרזינדיקן, אַז מ׳זאָל דערשאָסן ווערן אָדער דאָס נאָך ערגערע: איבערגעשיקט צו ווערן אין ווערק צע און אַרבעטן ביי דעם פּיקרין אָדער טראָטיל.

X

דער לאַגער אין ווערק א׳ איז געשטאַנען האַרט ביים וועג אין שטאָט אַריין. דורך די דראָטן האָט מען געקענט זען פאָרן פורלעך, אויטאָבוסן, מענטשן גיין אויפן טראָטואַר. דאָס האָט פאַרשטאַרקט די בענקשאַפט נאָך דער פריי, אָבער גלייכצייטיק אַ ביסל באַרואיקט. ס׳האָט געהייסן, אַז מען האָט נאָך קאָנטאַקט, זאָל זיין דורכן בלויזן אויג, מיט דער פרייער וועלט. מ׳האָט זיך אין איר געפונען און זי געזען, בלויז די דראָטצוימען האָבן דיך פון איר אָפּגעגרענעצט. דערפאַר אָבער איז דער ווערק צע געווען איינגעשלאָסן אין דער טיף פון אַן אָפּגעזונדערטן וואַלד. נישט ווייט פון לאַגער א׳ זענען געווען פאַרשידענע געשעפטן און די „האָסאַג"־בעקעריי. פלעגט אָפט געלינגען זיך צוצוכאַפּן מיט אַ פּאָליציאַנט עפּעס קויפן און אַריינשמוגלען אין לאַגער. די פאַבריק אַליין איז געווען גרעסער און עס האָבן דאָרט געאַרבעט מער ציוויל־אַרבעטערס. ווען מען האָט גענומען אַוועקשיקן די פּוילישע יונגע מענטשן קיין דייטשלאַנד, האָבן זיך אַ סך יונגע פּאָליאַקן פון הויכע אַריסטאָ־קראַטישע הייזער פאַרשריבן ווי אַרבעטערס פון דער פאַבריק. די מערסטע פון זיי האָבן געהאַט פּראָטעקציע און אָנגעקומען אין ווערק א׳, וואו די אַרבעט איז געווען אַ לייכטערע און אַ ריינערע. זיי האָבן זיך מיטגעברענגט פון די היימען דאָס בעסטע עסן און ביים מיטאָג נישט געגעסן די פאַבריקזופּ. זענען געווען ייִדן, וואָס האָבן זיי צוגעהאָלפן ביי אַן אַרבעט און דערפאַר פון זיי באַקומען זייער זופּפּאַרציע און אַ מאָל אויך אַ שטיקל ברויט. אַזוי אַרום האָבן זיך אַ סך אַ דאַנק דעם געקענט לענגער האַלטן אויף די פיס. אין ווערק צע איז עס אָבער געווען אַ זעלטענערע דערשיינונג.

היות אין ווערק א׳ האָבן זיך געפונען מער אינטעליגענטן, וואָס

האָבן געהאַט ברייטערע קאָנטשאַפטן און באַציאונגען, איז אַ מאָל אויך געלונגען דורך איינעם פון זיי, פאַר אַ הויכן אָפּצאָל, נאַטירלעך, אָנצוקניפּן קאָנטאַקטן מיט אַ פאַרוואָרפענער משפּחה ערגעץ וואו, אָדער מיט אַ קריסט, ביי וועמען מ׳האָט באַהאַלטן דאָס פאַרמעגן און ער האָט פון אים עפּעס געברענגט. אויך דאָ האָבן פּאַסירט פאַרשידענע פּראָוואָקאַציעס, רויבערייען; אָבער דאָך האָט עס געוויסע מענטשן דערהאַלטן ביים לעבן.

אין ווערק א׳ זענען אויך די אַרבעטערס געווען אַ ביסל מילדער ווי די פּוילישע אַרבעטערס פון צע, וואו די פּאָליאַקן האָבן אַליין דערשלאָגן הונדערטער יידן. דער פּוילישער עלעמענט פון ווערק א׳ איז נאָך מערסטן טייל אַליין געווען „גרין״ אין דער אַרבעט און זיך בלויז געזוכט צו „דעקן״. דערפאַר זענען זיי געווען צוריקגעהאַלטענער. טייל האָבן געברענגט ברויט צום פאַר־קויפן אָדער אָנגענומען אַ בריוול אָוועקצושיקן אויף אַן „אַרישן״ נאָמען. אַנדערע זענען דערביי געכאַפּט געוואָרן און געשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענ־טראַציע־לאַגער. דער פּאָליאַק נ אָ ו אַ ק פון סקאַרזשיסק איז אַפילו עפנטלעך געהאַנגען געוואָרן פאַר ברענגען ברויט אין פאַבריק אַריין צו פאַרקויפן יידן.

אַזוי ווי אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט שטאַרבן מיט דעם שרעקלעכן הונגערטויט, האָט מען פון זיך אָוועקגעגעבן דאָס לעצטע, בכדי צו באַקומען אַ ברויט; מ׳האָט אויך אויסגענוצט אַלע וויטסטע מעגלעכקייטן, וואו מ׳קען נאָר אַ מאָל נאָך עפּעס אַרויסבאַקומען מיט תחנונים־בריוו, צוזאָגן אויף שפּעטערע פרייע צייטן... און די פּאָליאַקן, ווייטער, האָבן געררייצט די הויכע פּרייזן און זיי האָבן דערפאַר ריזיקירט מיט זייער שמוגל פון ברויט און בריוולעך. אָט אַזוי האָט די סיטואַציע אויסגעזען ביז מיין קומען, אין יוני 1943.

XI

נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 1941 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אויסצובויען דעם ווערק צע און אים פאַרוואַנדלען אין אַ פאַבריק פון גרויסן מאַסשטאַב. צו די אויפבוי־אַרבעטן האָט מען באַנוצט די יידן פון סקאַרזשיסק. איינער פון די ערשטע יידן, זאַיאָנץ, אַ לאָדזשער, האָט אָנגעפירט מיט די בויאַרבעטן ביז דער לעצטער מינוט. אין דעצעמבער 1941 האָט מען געברענגט די ערשטע טראַנספּאָרטן פון געכאַפּטע יידן, וואָס די קהילות האָבן צו־געשטעלט. די יידן האָבן געאַרבעט אין דער וואַלד־קאָמאַנדאָ. זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסשניידן די אַלטע ביימער פון סקאַרזשיסקער געדיכטן

וואַלד און צוגרייטן פּלאַץ פאַר די נייע פאַבריק־האַלעס און פאַר דעם „יודענ־לאַגער". די ערשטע פאַר הונדערט יידן זענען דערווייל געשלאָפן אין אַ גרויסן באַראַק פון דער פאַבריק. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון 20 דעקאַ ברויט טעגלעך און דריי־פערטל ליטער וואַסערזופּ. פונעם שמוץ האָבן זיך געמאַכט לייז, וואָס האָבן די מענטשן ממש לעבעדיקערהייט אויפגעגעסן. די פאַבריק־לייטונג האָט זיך נישט געזאָרגט פאַר די מינדסטע באַדערפענישן פון די יידן. פאַר איר איז גענוג געווען, זיי זאָלן אויספירן זייער אַרבעט און ווייטער זאָל מיט זיי געשען וואָס עס וויל. די אינערלעכע אַרבעט איז געלעגן אין יידישע הענט; עס זענען בלויז געווען צוויי זשאַנדאַרמען פון דער שטאָטישער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג, וואָס האָבן געוואַכט איבער די יידן. ערשט מיט אַ צייט שפּעטער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ווערקשוץ פון דייטשע, אוקראַאינישע און פוילישע וואַכמענער. דער לייטער פון די בויאַרבעטן איז געווען צו יענער צייט דער אינזשיניער ש מ י ץ פון לייפּציק. ער האָט אויך אָנגעפירט מיטן אויסבויען אַ נייע באַליניע פון ווערק א׳ אין צע, ווי אויך מיטן אויפשטעלן באַראַקן פאַר ויינס אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג אין דער פאַבריק.

דער דייטשער אַרבעטסאַמט אין אָסטראָווצע האָט — ווי שוין דער־מאָנט — זיך פאַרנומען מיטן צושטעלן יידישע שקלאַפן־אַרבעטערס פאַר אַלע פאַבריקן אין „צענטראַלן אינדוסטריע געביט". פון דאָרט־אויס זענען די יידישע קאָנטינגענטן פאַרטיילט געוואָרן אין די פאַרשידענע אַמוניציע־צענטערן. דער שטעל־פאַרטרעטער פון דעם אינספּעקטאָר אין דאָרטיקן אַרבעטסאַמט, ז י י פּ מ אַ ן, וועלכער האָט שוין געוואוסט וואָס עס ווערט געפּלאַנט מיט די יידן, האָט אַגיטירט פאַר די געטאָמענטשן, מ׳זאָל זיך פאַרשרייבן פריי־וויליק אין די לאַגערן, זאָל אַפילו זיין צו דער שווערסטער אַרבעט! (דאָס איז אַן אייגנאַרטיקער מעטאָד פון דייטשן, וואָס איך האָב בלויז פון איר געהערט אין יענע געגנטן; אין אַלע אַנדערע געביטן האָט מען קיין מאָל יידן נישט געפרעגט און נישט געזאָגט פריער, וואָס זיי זאָלן טאָן...)

„אויב עס וויל נאָך ווער אַ מאָל לעבן בלייבן — האָט ער שטיל צוגעגעבן — וועלן עס זיין בלויז די יידן פון די געווער־פאַבריקן... דאָס וועלן בכלל זיין די לעצטע יידן..." (לויט אינזש׳ יעקב קורץ פון וואַרשע, געברענגט פון סטאַשעוו. געשטאָרבן נאָך דער באַפרייאונג אין בוכענוואַלד).

אין די יידישע געטאָס איז געקומען אַן אויסניכטערונג. ביז איצט האָט זיך יעדער אויסבאַהאַלטן, מען זאָל אים נישט כאַפּן צו דער אַרבעט און אַפילו זיך אויסגעבויט טיפע בונקערס. די פּאָליטישע סיטואַציע האָט

אָבער באַוויזן, אַז די מלחמה וועט זיך לאַנג פּאַרציען און די געשעענישן אין אַלע שטעטלעך האָבן באַוויזן, אַז די געטאָס וועלן לאַנג נישט אָנהאַלטן. דערפאַר האָט מען, אָנשטאָט זיך צו באַנוצן מיט גוט־אויסגעבויטע קעלערס, גענומען פאַרשטיין, אַז ס'איז נאָר דאָ איין אויסוועג זיך צו ראַטעווען: אַרויס פון געטאָ! און עס האָבן זיך גענומען מעלדן מער פרייוויליקע ווי עס איז געווען די פאָדערונג. דער יודנראַט איז געווען דער פאַרמיטלער צווישן זיי און אַרבעטסאַמט: האָבן טאַקע די קהלס־לייט אין דעם געזען אַ קוואַל פון הכנסה. מ'האָט גענומען איבערליציטירן די באַגרענעצטע קליינע צאָל אַרבעטס־פּלעצער פאַר אַלץ העכער און העכערע פרייזן. ס'האָבן גענומען פליסן ריזיקע סומעס געלט פון געטאָ אין די טאַשן פון די „מאַכערס" ביים יודנראַט און די באַאַמטע פון אָסטראָווצער אַרבעטסאַמט. מ'האָט פשוט געמוזט אָפּשטעקן דעם אינספּעקטאָר גרעסערע סומען און גאָלד, ער זאָל אויסזוכן פרישע פּלעצער, וואו מ'זאָל קענען איינאָרדענען די יידן פון די געטאָס.

אין די לעצטע צייטן האָבן טייל פאַרמעגלעכע יידן איינגעזען, אַז זייערע פּאַלאַצן שטייען אויפן וואַסער און אַז זייערע געלטער וועלן סיי ווי פאַרלוירן גיין, זענען זיי געקומען אין יודנראַט אַריין, געבראַנגט גרעסערע סומעס געלט און געבעטן, מ'זאָל דאָס געלט ניט צעטיילן צווישן נויט־באַדערפטיקע, ווייל דערמיט וועט מען סיי־ווי קיינעם נישט ראַטעווען; בעסער זאָל מען פאַר דעם געלט באַוועגן דעם אַרבעטסאַמט, אַז זיי זאָלן זיך באַמיען איבערצוצייגן די דייטשע פאַבריקן, אַז עס איז פאַר זיי ווויכטיק אויפצונעמען די יידן צו דער אַרבעט. דאָס קען זיכער ראַטעווען אויף אַ שטיקל צייט. נדבות אין אַזאַ פאָרעם זענען מיר באַקאַנט פון עטלעכע געטאָ־שטעטלעך.

יעדער האָט אָבער פאַר זיין געלט געזוכט דאָס בעסטע פונעם ערגסטן. עס זענען געווען פאַבריקן ווי די „הערמאַן־געריגג־ווערקע". למשל, אין סטאַראַכאָוויצע, וואו די יידן האָבן די ערשטע צייטן געוואוינט אין שטאָט אין מענטשלעך־איינגעאָרדנטע הייזער; אין דער צייט, ווען אין סקאַרזשיסק האָבן שוין מענטשן קראַפּירט פון הונגער און שמוץ. האָט עס דערפאַר יעדן בעסער „געצויגן" אַהין, קיין פּיאָנטקי, בליזשין אָדער קיין סקאַרזשיסק, וואו דאָס לעבן האָט סיי־ווי קיין ווערט נישט געהאַט. און דערפאַר איז פאַר־שטענדלעך, וואָס קיין סקאַרזשיסק האָט מען אין יענער צייט נאָך געמוזט זוכן פרייוויליקע. דער אַרבעטסאַמט האָט נישט שטענדיק אָבער דערלויבט צו כאַפּן מענטשן, ווייל שוין בלויז צוליב געשעפט האָבן זיי געוואָלט, אַז די שקלאַפנשטראָמען זאָלן גיין אויסשליסלעך דורך זייער האַנט. און יידן האָבן ביז דער לעצטער מינוט געזוכט אַ בעסערן אויסוואַל:

„פאַרן זעלבן געלט — האָבן זיי געטראַכט — קען מען דאָך כאָטש לעבן ווי אַ שטיקל מענטש. עס זענען אָבער געווען אַ סך, וואָס האָבן אויף קיין אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם געטאָ, וואו מ׳האָט די לעצטע צייט געפירט אַ זאָרגלאָז לעבן, ווי הפקרדיק־פאַרמשפּטע צום טויט. „וואָס ס׳וויל מיט מיר געשען — האָבן אַנדערע רעזיגנירטערהייט צוגעגעבן — זאָל מיט מיר געשען דאָ אויפן אָרט... אויף מיין אייגענעם בעט...".

— „כ׳וויל נישט דערשאָסן ווערן מיט פאַרלייזיקטע שמאַטעס אויף זיך אין אַ וואַלד ערגעץ". האָבן אַנדערע פּעסימיסטן צוגעגעבן. ס׳זענען אָבער אויך געווען איבער גענוג קאַנדידאַטן, וואָס האָבן זיך געריסן אין די פאַבריקן.

בכדי צו אילוסטרירן מיט עפּעס די לאַגע אין יענער צייט פאַר מיין קומען אין ווערק צע, וועל איך דאָ איבערגעבן די מינדלעכע דערציילונגען פון מיין פאַרשטאָרבענעם פריינד אינזש׳ יעקב קורץ פון וואַרשע. דערמאָן איך זיך בלויז עטלעכע פּונקטן פון זיינע דערציילונגען און זאָל דאָס זיין אַ מצבה נאָך אָט־דער אומגעוווענלעך־אינטערעסאַנטער יידישער פּערזענלעכקייט.

XII

קורץ האָט מיר דערציילט:

ווי אין אַלע שטעטלעך אַרום, האָט זיך אויך ביי אונדז אין סטאַשעוו געגומען רודערן. מ׳האָט געגומען זוכן מיטלען, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון דעם אומאויסמיידלעכן יידישן גורל. מיר האָבן באַשלאָסן זיך אַריינצובאַקומען קיין סטאַראַכאָוויצע. חוץ דעם וואָס אין יודנראַט איז שוין געלעגן אַ גרויסע סומע פאַר דעם צוועק, האָבן מיר, אַ גרופּע פון 280 רעפלעקטאַנטן, איינ־געצאָלט צו 100 זלאָטעס פון אַ קאָפּ, בכדי פאַר דעם געלט עפּעס אויפצוטאָן אין דער ריכטונג. נאָכן ביילייגן די סומע האָט מען אונדז אין אָסטראָווצע פאַרזיכערט, אַז מיר ווערן אָוועקגעשיקט אַהין. אויפן צווייטן טאָג, נאָך דער אינטערווענץ, זענען פאַרפאָרן צו אונדז אין געטאָ 3 גרויסע לאַסטאויטאָס מיט דער גרויסער אויפשריפט: „האָסאַג"! קיינער פון אונדז האָט נישט געוואוסט אויף קלאָר, וואָס דאָס באַטייט און נישט געכאַפּט זיך, אַז דאָ איז פאַרגעקומען עפּעס אַן ענדערונג. מ׳האָט אונז פאַרלאָדן מיט די פּעק אין די אויטאָס און אונדז אָוועקגעפירט אין דער אַפּטער ריכטונג. ערשט אין אַפּט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז מיר ווערן געפירט קיין סקאַרזשיסק. אַ שרעק איז אונדז באַפאַלן: ווער ווייסט, אויב מיר ווערן נישט געפירט אין ווערק צע אַריין!? ס׳איז אָבער שוין גאָרנישט געווען צו ענדערן.

אין סקאַרזשיסק האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסער פאַבריק־

געביידע, וואו מיר האָבן געוואַרט אויף אונדזער גורל. פאַר נאַכט־צו איז אַריינ־געקומען דער שטאַנדאַרטנפירער און גענעראַל־דירעקטאָר דאַלסקי מיט אַ שטאָלץ און ציניש שמייכעלע. אים האָט באַגלייט דער ווערקשוץ־לייטער קראַאוזע און אַ 20־30 מאַן פון דער אָפיציר־אָפטיילונג „ס״א — שטורם 102״, וואָס איז געווען קאַזערנירט לעבן דער פאַבריק. מיט אַ מינע פון אַ קריגסזיגער האָט דאַלסקי אַרויסגעברומט:

— נו, אַלזאָ... ענדלעך זענט איר דאָ!...

דאַן האָט ער אַרויסגעצויגן זיין אָפיצירן־ברויגינג און דערקלערט:

— אין פאַרלויף פון דריי מינוט האָט יעדער אָפצוגעבן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט: גאָלד, געלט, דאָלאַרן, זייגערס... איך ווייס, אַז איר האָט עס גענוג! נאָך דריי מינוט טרעטן מיר צו צום אינדיווידועלן רעווידירן... און דאַן — — — ווי וועט דאַן דעם יעניקן זיין, ביי וועמען עס וועט געפונען ווערן דאָס מינדסטע. מיינט נישט, אַז דער טויט איז שוין דאָס ערגסטע. מיט אַ טעאַטראַלער מינע האָט ער געהאַלטן דעם אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אין דער האַנט און אַרויסגעגאַנגען, קוקנדיק אויפן זייגער. ס׳האָט דאַן גענומען אַ וואָרט קראַאוזע, די אַנדערע עפּאָלירטע שישקעס. פון זייערע שנעלע, שרייאיקע רייד האָט מען בלויז איינס געקענט אַרויסשיילן: געלט... גאָלד... דאָלאַרן... ד אָ ל אַ ר ן!!! און נאָך עפּעס האָט זיך אַלע מאָל איבערגעחזרט: מ׳וועט אייך דערשיסן ווי די הינט!

אַ גאַנצן קאַסטן מיט גאָלד און וואַלוטע האָט מען דאַן צוזאַמענגענומען, אין פאַרלויף פון מינוטן, בלויז ביי די סטאַשעוווער 280 מאַן. מענטשן האָבן געוואָרפן דאָס געלט ווי משוגעים, זיי האָבן אַוועקגעשליידערט דאָס שטיקל גאָלד ווי עפּעס אַ שטיק סם, אַ גלאַנציקע סכנה. דער בלויזער אָנבליק פון די מונדירטע מלאכי־חבלה האָט עס געמאַכט פאַרשטענדלעך. ביי אַנדערע איז עס געקומען פון אַ בליץ־שנעלער איבערגערעכנטקייט: מען דאַרף זיי אָנ־זעטיקן. זאָלן זיי האָבן וואָס מער אין קויש. ס׳וועט זיי אפשר זיך שוין נישט גלוסטן צו זוכן ביי יעדן באַזונדער — און דאָס טיף־פאַרשטעקטע וועט אַזוי אַרום בלייבן... נאָך דעם איז אָבער געקומען אַ רעוויזיע אויף שעהן. מ׳האָט געמאַכט „שטיק־פראַבן״ אין די פּעקלעך, וואו מען האָט נאָך געפונען פאַר־שידענע זאַכן צום רעקוויזירן. ווען די רעוויזיע האָט זיך געענדיקט, האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין אַ צווייטער האַלע אַריין. אין דרויסן האָט אונדז ערשט די איינפאַכע ווערקשוץ גענומען אין דער אַרבעט אַריין. עטלעכע שעה האָבן אַלע געמוזט מיטמאַכן אַ סך שטראָפן פון לויפשריט, פאַלן, אויפשטיין,

ווידער לויפן און ווידער פאַלן. ביי וועמען זיי האָבן געזען אַ בעסערן אָנצוג אָדער שטיוול, האָט מען אים אַראָפּגעצויגן און געלאָזט גיין האַלבנאַקעט און באָרוועס. ענדלעך זענען מיר אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ צווייטער פאַבריק־האַלע, אַנטקעגן איבער. דורך די פענצטערס האָט מען געקענט זען, ווי מ׳פירט אין באַלויכטענעם דרויסן פּאַרטיעס מיט יידן. עס קומען אָן גרופּעס פון טויזנטער מענער און פרויען, וואָס מ׳טרייבט אַריין נאַקעט אין די האַלעס. נאָך אַ שעה פירט מען אַ טייל אַרויס און מען טרייבט אַריין אַנדערע.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז בלויז אַ געוויינטלעכע, נאָרמאַלע „פּילצונג" (זוכונג), אויף וועלכער זיי האָבן צוזאַמענגעטריבן די יידן פון אַלע דריי ווערקן צוזאַמען. מיר זענען דאָרט ווי ס׳איז איבערגעקומען די נאַכט. די ווערקשוץ איז אין פאַרלויף פון דער נאַכט אַלע מאָל אַריינגעפאַלן און זיך אויסגעקליבן קרבנות ביי וועמען אַלצדינג צוצורויבן. פון מערדער־לעכע שלעגערייען איז שוין אָפּגערעדט. אין דער פרי איז דאַלסקי ווידער געקומען מיט זיינע נעכטיקע באַגלייטערס און ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס נעכטיקע באַרויבונגס־שפּיל. ענדלעך האָט דאַלסקי אַ באַפעל געגעבן: אָפּפירן מיר 200 מאַן אויף דער וואַראַנדע!... ביז דער לעצטער מינוט האָבן מיר נישט געוואוסט, אַז דאָס ווערן מיר געפירט אויפן ווערק צע...".

די דערציילונג איז בלויז אַ שילדערונג פון אַלטעגלעך געשעענעם און איז פאָרגעקומען אין סעפּטעמבער 1942. דאָס שפּיגלט מיט זיך אָפּ דעם אַרויסריס פון די לעצטע יידן אין פאַרשידענע געטאָס אין יענעם קרייז און פון די „האַסאַגישע" אַריינקום־אומשטענדן. אַזוי אַרום זענען זיי אַריין אין פּיסק פון דער גרויסער טויטמאַשין.

## XIII

ווי איך האָב שוין געשריבן, האָט מען די יידן ביז דאַן נישט צוגע־נומען אין אינערלעכן טייל פון דער פאַבריק. אַ געוויסע גרופּע האָט געאַרבעט ביים באַראַקן־בוי און אַ גרעסערער טייל (בערך 900 מאַן) זענען געווען באַשעפטיקט אין דער וואַלד־קאָמאַנדע. ערשט אין סעפּטעמבער 1942 האָט מען אויסגעקליבן פון דער סטאַשעווער גרופּע די ערשטע 40 מאַן צו די שעד־לעכסטע אַרבעטן. דאָס זענען געווען די יינגסטע און שטאַרקסטע, וואָס מ׳האָט אַוועקגעשטעלט ביים אויפרייסשטאָף פאַר גראַנאַטן, דעם טראָטיל; אַזוי ווי דער פראָוו האָט זיך איינגעגעבן און די יידן האָבן זיך שנעל קוואַליפיצירט אין דער מלאכה — האָט מען גענומען וואָס מער יידן און זיי איבערגעוואָרפן אויפן אינערלעכן שטח פון דער פאַבריק. ס׳זענען געבליבן בלויז קלענערע

צאָלן פון פוילישע אַרבעטערס ווי אויפזעערס, מייסטערס און טעכנישע פּאַכלייט.

אַ שטיקל צייט איז געווען אויפזעער איבערן לאַגער דער וואַכמאַן שניידער, אַ „גוטמוטיקער" דייטש, וואָס האָט געלאָזט צו זיך רעדן; ווען ער איז אָבער אַריינגעקומען אין זיין רציחה — און דאָס: גאַנץ שנעל — פלעגט ער נישט אָפּלאָזן זיין קרבן, ביז ער איז נישט געפאַלן אַ טויטער אונטער זיינע הענט. שלאָגן — דאָס איז ביי יענעם אַזאַ ספּאָרט געווען. אַן אויפזעער איבער דער וואַלד־קאָלאָנע איז געווען דאָס געשפּענסט ציםערמאַן (באַקאַנט געווען מיטן נאָמען „די גרינע מאַרינאַרקע"). ער אַליין האָט פאַר־ניכט, לויט שאַצונגען, איבער טויזנט יידן. זיין מעטאָד איז געווען צו קומען צו דער אַרבעט און פון דער וייטנס אָבסערווירן די מענטשן. ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס, וואָס מען האָט אים דערשפּירט פון דער ווייטנס און מ'האָט דאַן געאַרבעט מיט אַלע איבער־כוחות, וואָס זענען נאָר ערגעץ־וואו פאַרשטעקט געווען אין די גלידער — ער האָט זיך זיינע קרבנות געמוזט געפינען יעדן טאָג.

זיינס אַ קרבן האָט ער אַרויסגערופן פון צווישן אַלע און באַפוילן: בוק זיך! און דאַן האָט ער מיט אַ רואיקער באַוועגונג גענומען קלאַפּן מיט אַ דיןביימל... יעדער קלאַפּ האָט געהאַט זיין ציל און געצילט האָט ער אין דער חוט־השדרה אַריין... אין גאַנץ וייניק פאַלן האָט ער זיין קרבן צוגעשאָסן. אין מערסטע פאַלן האָט ער ליב געהאַט צוצוזען ווי זיין קרבן דרייט זיך נאָך דעם פון איין זייט אין דער צווייטער אין משונהדיקע יסורים. ער איז געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין שלאָגן און נאָך איין שעה ליגן ביי אים אין די הענט איז ממש יעדעס ביינדל אין יעדער אבר געווען איבערגעבראָכן. מיט אַ ווילד־טיפער הנאה איז ער געשטאַנען און אַריינגעזאַפּט אין זיך יעדער ווייטיק־אויס־געשריי, יעדער גסיסה־כאָרכל. אָז אַזוי האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין די רייען און זיך אויסגעזוכט די קרבנות.

אָפט מאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין לאַגער, זיך אויסגעזוכט עטלעכע מענטשן, זיי אַוועקגעפירט אויפן שיסשטאַנד און דערשאָסן. שפּעטער איז ער געקומען נאָך אַנדערע. די צווייטע גרופּע, וואָס פלעגט גיין מיט רעזיגנירטער ציטערניש אויפן וועג, האָט ער די גאַנצע צייט פון גיין משוגע געמאַכט מיט זיינע פראַגן:

אײנעם האָט ער געפרעגט: זאָג מיר; צי האָסטו פאַר מיר מורא? אַ „וואוילער יונג" האָט זיך געמאַכט הארץ: פאַר וואָס זאָל איך עפּעס פאַר דיר מורא האָבן? ביסט דאָך אַ מענטש. ער האָט אָבער פאַר אַזאַ ענטפער באַקומען

גוט־געשלאָגן: וואָס? דו וואַגסט צו לייקענען, אַז דו ציטערסט? דו בלעדעס אייזל? פרעגסט זיך ערשט „פאַר וואָס”? קאָנסטו מיך נישט? פאַר מיר? פאַר מיר האָסטו נישט קיין אַנגסט!?... טאָ האָסטו דיינס און באַקען מיך ריכטיק. דער צווייטער, וואָס האָט שוין געענטפערט, אַז ער שרעקט זיך יאָ, האָט אויף ס׳ניי ערשט באַקומען געהרגעט: „פאַר וואָס זאָל מען מורא האָבן פאַר מיר, האַ; בין איך אַ חיה? אַ וואַמפּיר, וואָס!?...

על־פּי־רוב האָט ער געפירט די צווייטע גרופּע, זיי זאָלן באַגראָבן די, וואָס ער האָט פריער דערשאָסן. קיינער האָט אָבער ביז דער לעצטער מינוט נישט געוואוסט, אויב ער גראָבט בלויז דעם קבר, אָדער ער וועט זיך אויך מוזן אַהין אַריינלייגן. ער האָט דאַן געהייסן נעמען די, וואָס ער האָט נאָר־וואָס צעשלאָגן און אָנגעשראָקן; זיי אָוועקגעבן דאָס געלט, וואָס ער האָט צוגערויבט ביי די פריערדיקע קרבנות, זיי געהייסן אַראָפּציען פון יענע די זאַכן: שיך, הויזן, העמד און פולאָווער. נאָך דעם ווי זיי האָבן געמאַכט זייער אַרבעט, האָט ער זיי אַליין צוריקגעפירט פון שיסשטאַנד; זיי אַדורכגעפירט פאַרביי דער קיך און באַפוילן זיי אָנצוגיסן פולע קאָכגעשירן מיט עסן און דאַן זיי געהייסן אַוועק מיט לויף־שריט אין לאַגער אַריין.

די גרעסטע הנאה האָט אים פאַרשאַפט דאָס געפיל, אַז מ׳ציטערט פאַר אים, אַז ער איז דער האַר פונעם לעבן און טויט ביי די אַלע דאָ. אַ טייווליש שמייכעלע האָט זיך געשפּילט מיט זיינע ליפּן, ווען ער האָט געזען ווי ביי זיין אָנקומען בייגן זיך אַלע רוקנס אין פיבערדיקן געאייל. אַ באַזונדער ספּאָרט איז פאַר אים דאָס קומען אין לאַגער אַריין און צוזען, ווי אַלע נעמען זיך אימהדיק אָפּטראָגן פון פּלאַץ; דאָס גרעסטע פאַרגעניגן זיינס אָבער איז געווען, ווען ער פלעגט אָנכאַפּן איינעם אַזאַ, אַן אַנטלויפנדיקן און זאָגן איין וואָרט:
ק ו ם! — — —

אַ באַזונדער בלוטיק קאַפּיטל זענען געווען זיינע פּוילישע פאָראַרבעטערס און אונטערגעאָרדנטע. דער פּוילישער פאָראַרבעטער און געהילף זיינער, ק אָ ט ל ע נ ג א — וועלכער איז פון אים אויך באַשטימט געוואָרן אויס־צוטיילן דאָס עסן פאַר דער גרופּע — האָט אויף זיין געוויסן הונדערטער יידישע לעבנס. זיין טעטיקייט וויל איך דאָ שילדערן מיט עטלעכע אילוסטראַציעס, לויט פאַרשידענע חברים:

„...צוועלף אַ זייגער קומט דער פייף: מיטאָג! מיר קריכן, די האַלב־נאַקעטע סקעלעטן־גופים, אַרויס פון די גריבער און שטעלן זיך אויס אין אַ לאַנגער שלאַנגענריי. קאָטלענגא שפּאַצירט אַרום מיט אַ ריזיקן דראָנג אַרום

דער ריי. ניין הונדערט פאַר הונגעריקע אויגן קוקן צו די פעסלעך הייסער, שיטער־געקאָכטער קאַשע. ענדלעך נעמט קאָטלענגא דעם גרויסן לעפל צום אויסציילן. נאָכן אַרויסגעבן די ערשטע דריי פּאָרציעס לייגט ער אַוועק דעם לעפל פון דער האַנט און נעמט זיין באַליבטן דראָנג. אַ מעכטיקער זעץ איבערן קאָפּ לייגט אַוועק איינעם פון דער ריי, אַ צווייטן, אַ פערטן, מיט אויפגעשפּאָלטענע קעפּ. און אָט טיילט שוין קאָטלענגא ווידער אויס דאָס מיטאָג... שטילשווייגנדיק רוקט איינער אונטער נאָכן צווייטן זיין פאַרדשאַווערט בלעכן געשיר. ענדלעך: ס ט אָ פּ! קאָטלענגא מעסט אָפּ דעם לעצטן, וואָס שטייט פאַר אים, פון קאָפּ ביז די פיס: וואַרף אַוועק דיין געשיר! שווייגנדיק ווערט דער באַפעל אויסגעפירט. גרויסע, הונגער־אויפגעריסענע אויגן פרעגן שטום: וואָס ווייטער? קאָטלענגא באַפעלט: אַרונטערנעמען דאָס היטל!... ווי אַן אויטאָמאַט נעמט יענער אַרונטער זיין היטל. אַ ווייטערדיקער באַפעל: אונטערשטעלן! מעכאַניש שטעלט יענער אונטער זיין היטל, אין וועלכן קאָטלענגא גיסט אַריין אַ הייסע פּאָרציע זופּ, און דאַן — דער לעצטער באַפעל: אָ נ ג ע ט אָ ן צוריק דאָס היטל! דערשראָקן און שוין ווי אָן באַוואוסטזיין ווערט דאָס פולע היטל אָנגעצויגן איבערן קאָפּ אַריבער. אַ ווילד פאַרצווייפלט געשריי לעכערט די לופט, אָבער שוין מוז אַ צווייטער זיך אונטעררוקן אונטער דער ריי. דערשראָקן זוכן די אויגן פון די הינטערשטע אַן אָרט דורך וואַנעט מ׳זאָל זיך קענען אַרויסבאַקומען פון דער ריי. זיי ווילן בעסער הונגערן, שטאַרבן פון הונגער איידער צו זיין אויסגעשטעלט דאָ אין דער ריי אויף אַזעלכע טאָרטורן! אַ גרינער סילועט אָבער צווישן די ביימער אין דער זייט וואָרנט מיט דער שרעק פון טויזנט מלאכי־מות זיך נישט צוריקצוציען. דאָס הילכיקע טייוול־געלעכטער פון יענער זייט שמידט אַלעמען צו צו די ערטער. אַהאַ! ס׳געפעלט אים דאָרט! דאָס לאַכט אַזוי הנאָהדיק פון דעם ספּעקטאַקל צימערמאַן, די גרינע מאַרינאַרקע!...

...קאָטלענגא בליקט אויף זיין האַנטזייגער: די האַלבע שעה פון מיטאָג האָט זיך שוין געענדיקט. אַ גרויסער טייל פון דער ריי האָט נאָך נישט באַקומען קיין מיטאָג. אַלע קוקן געשפּאַנט. מיט איין שטויס קערט קאָטלענגא איבער דאָס איבערגעבליבענע עסן אין פּאַס ——— די ריי לייזט זיך אויף ספּאָנטאַן. אַלץ וואַרפט זיך אויף דעם אויסגעגאָסענעם עסן, וואָס מישט זיך אויס מיט ערד און מיט קויט. מ׳קראַצט מיט די לעפל שנעל אין מויל אַריין. הונדערטער צונגען לעקן אַרום די ערד; מ׳קראַצט אַריין שטיקער ערד אין מויל אַריין, בכדי פון דאָרט אַרויסזויגן די לעצטע איינגעזאַפּטע פייכטקייט פון דער זופּ, און איבער

זיי קאַטלענגאַ. מיט אַ יונגביימל זעצט ער איבער קערפּערס, איבער איינ־געפלאַכטענע הענט, פיס און רוקנס. קעפּ שפּאַלטן זיך אויף, אברים בלוטיקן... און דאָס גרויסע, פילקעפּיקע באַשעפעניש אויף דער ערד וואַרפט זיך אין הונגעריקן געבריל און אין קאָנוואולסיע. בלוט מישט זיך אויס מיט דעם אויסגעגאָסענעם עסן אויף דער ערד... אָבער די פאַרטריקנטע צונגען לעקן בלינד אַריין אין זיך אַלץ פון דער ערד מיטן שמוץ און מיטן בלוט...

פון די פאַרשידענע דערציילונגען וועגן קאַטלענגאַס מעשים־תעתועים האָב איך בלויז אַרויסגענומען איין „בלימל", וואָס איך האָב שפּעטער אַליין בייגעוואוינט אין פאַרשידענע פאָרמען און איז געווען אַן אַלטעגלעכקייט אויפן ווערק צע.

שפּעטער־צו, ווען איך האָב קאַטלענגאַן דערקענט, איז ער שוין געווען אַ ביסל צוריקגעצויגן און אַפילו צו ביסלעך אונטערגעהאַנדלט מיט די יידן. זענען מיר אַ מאָל געזעסן ביי אַ באַראַקטישל, וואו ער איז געזעסן אַ שיכורער און זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ:

„...כ'ווייס, אַז די רוסן דערנענטערן זיך. טאָמער וועלן זיי אַריינקומען אַהער און עמעצער פון אייך וועט לעבן בלייבן — וועט ער מיך זיכער אויפ־הענגען, און אפשר מיט אַ געוויסן רעכט. איינס וויל איך בלויז אייך זאָגן: דאָס אַלץ, וואָס כ'האָב געטאָן, האָב איך געמוזט. כ'בין אַ פּויזנער, אַ פּוילישער פּאַטריאָט (ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט ער מיטגעאַרבעט, ווי אַ ריי אַנדערע פּוילישע יידן־מערדערס, אין דער אונטערערדישער באַוועגונג). פאַר זיי אָבער בין איך אַ פאָלקס־דייטש! באַזונדערס פאַר דער גרינער מאַרי־נאַרקע. איר מעגט מיך כשר אויפהענגען — אויב איר וועט עס דערלעבן; איינס אָבער געדענקט: נאָך צימערמאַנס אַוועקפאָרן איז מיין באַציאונג צו אייך אַנדערש געוואָרן.

און ער איז נישט געווען דער איינציקער פון די פאַרשידענע רוצחים־טיפּן, צווישן וועלכע ס'איז אויסגעקומען צו לעבן. דאָס זענען אין אַלגעמיין בלויז איינצלנע פּראָטאָטיפּן אויפן פּאָן פון פּוילנס פאַרבלוטיקטע שטחים...

XIV

דער ווערק „צע" האָט געשלונגען אין טראַנספּאָרט נאָכן צווייטן. זענען געבערענגט געוואָרן יידן פון די ווייטסטע שטרעקעס: פון פּלאַצק, פּיעטריקאָוו, קלימענטאָוו, ראַדאָמישל, ביליץ, לאָדזש א"א. די אַרבעט אָבער האָט אַלעמען שנעל פאַרצערט; וואו די דירעקציע האָט נאָר געקענט אויסזוכן אַ טראַנספּאָרט, האָט זי געשלעפּט; די יינגסטע די געזונטסטע זענען אָבער שנעל אַריינ־

געפאַלן אין דער אויסזיכטסלאָזער אָפּצערונג. קיין וועש האָט מען נישט געביטן; ווער ס׳האָט געקענט, האָט זיך אַליין אויסגעוואַשן זיין העמד מיט אַ ביסל קאַלט וואַסער. די גרעסטע טייל האָט אָבער נישט געקענט קומען צו דעם גליק און זענען טאַקע שוידערלעך פאַרשמוציקט געוואָרן. שלאָפנדיק אויף אַ ביסל פאַרשימלט שטרוי אָדער האַרט ברעט; נישט אויסטוענדיק זיך חדשים, זענען די נאַטירלעכסטע זאַכן געווען לייז און טיפוס. קיין מעדיצינישע הילף איז נישט געווען; בלויז צוויי נישט־אויסגעבילדעטע אָבער דערפאַר פּראַטעזשירטע בחורים זענען אַנגעגאַנגען ווי די אָפּיצילע סאַניטאַרן. זייער אַרבעט איז אָבער גיכער באַשטאַנען אין אויפצייכענען די ליסטע פון קראַנקע פאַר די אָפטע סעלעקציעס. זיי האָבן נישט געהאַט קיין פאַרבאַנדשטאָף, וואָס זאָל דערמעגלעכן צו געבן אויך די „לעגאַלע" הילף פון פאַרבינדן קליינע, היילבאַרע וואונדן — איז אַלץ איבערגעלאָזט געוואָרן צו דער דעציזיע פון דער נאַטור. די וואָס זענען נישט באַלד געפאַלן, נאָר מיט אַלע אָנשטרענגונגען זיך געשלעפּט צו דער אַרבעט, האָבן אָבער נישט אויסגעמיטן דעם שאַרפן בליק פון דעם וואַכפירער קיסלינג, וועלכער האָט צוזאַמענגעשלעפּט יעדע וואָך קראַנקן־גרופּעס פאַר דער שיסשטעלע. מאַסן מיט מענטשן האָבן זיך געפּרוואוט ראַטעווען דורך אַנטלויפן. זיי האָבן זיך געוואָלט אַזוי אַרום אַריבערבאַקומען אין אַן אַנדער לאַגער, קיין קיעלץ אָדער אָסטראָווצע, אָדער לכל־הפּחות אויפן ווערק א׳ — אַזעלכע פאַלן האָבן זיך כמעט שטענדיק געענדיקט מיטן טויט. עס זענען מיר באַקאַנט אויך ווייניקע פאַלן פון אַ גליקלעכער רעטונג אין אַ צווייטן לאַגער אַריין. דאָס איז געווען איינס פון די פאַסירעניש־רייכסטע קאַפּיטלען אין צע.

ווי אַזוי דער וואַכפירער קיסלינג האָט אויף אַזעלכע פאַלן רעאַגירט, וויל איך דאָ בלויז אילוסטרירן מיט אַ פאַל, וואָס עס האָבן מיר איבערגעגעבן מיינע חברים פון צוויזמער:

אַ פרילינגטאָג אין ווערק צע. די נאַכטשיכט גרייט זיך צו גיין אַרבעטן. שנעל כאַפּט יעדער זיין ברויטביסן מיט דער ביטערער „קאַווע" און האַלב־קייענדיק וויל יעדער וואָס־פריער פאַרטיק ווערן, נאָך איידער מען טרייבט אַרויס. פּלוצים: אַ פייף! אַהאַ, ס׳איז שוין ווידער עפּעס נייעס. זאָל עס נישט זיין אַ מאָל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נעכטיקער גרופּע צוויזמערער, וואָס זענען ביי נאַכט אַנטלאָפן?... שוין זענען אויסגעשטעלט אַלע גרופּן — מ׳שפּירט אָבער בחוש, אַז מען גייט נאָך נישט! דאָ מוז נאָך עפּעס פריער פאָרקומען. פון וויטנס זעט מען שוין אָנקומען קיסלינגן מיט דעם אויספאָרשער

פון ווערק, ז אָ נ ד ע ר, אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע ווערקשויז. ער זאָגט עפּעס דעם יידישן קאָמענדאַנט א י י ז נ ב ע ר ג ן; יענער גיט עפּעס איבער צעטומלט דער יידישער פּאָליציי און שוין צעשרייען זיך צענדליקער פּאָליצייאישע מיילער אין אַלע זייטן:

— די צוימערער טרעטן אַרויס באַזונדער!

אַלע וויסן שוין אין וואָס עס גייט. אַ גלייכע וואַנט פון געקליבענע יינגלעך בלייבט שטיין, אָפּגעזונדערט און געשלאָסן. די צווימערער — דאָס זענען די שטאַרקסטע און שענסטע גרופּע אין לאַגער. זיי איז געלונגען — ביי דער רעוויזיע — צו באַהאַלטן אַ ביסל געלט; גאַנץ באַזונדער האָבן זיי נאָך אַ שטיקל באַהאַלטענעם קאָנטאַקט מיט די געבליבענע יידן אין צווימערער „ראָלניק", פון וואַנעט זיי האָבן באַקומען צוגעשיקט פון צייט־צו־צייט געלט און חפצים — זיי קענען דעריבער גיכער איבערהאַלטן און זענען דערפאַר אויס אַ ביסל לייטישער.

קיסלינג שטייט שטייף און גלאָצט אויף דער מוסטערהאַפט־איינגע־טרעטענער ריי מיט זיינע רוצחיש־פאַרנעפּלטע אויגן.

„...ניין ... צען!" זיין פינגער בלייבט שטיין ביי אַ העלדישער פיגור, ווי פון גראַניט געהאַקט. „דריי שריט פאָרויס!" יענער שפּרייזט דריי טריט פאָרויס און בלייבט שטיין ווי אַ מאָנומענט.

„...אַכצן... ניינצן... צוואַנציק" ווידער אַן איין־און־צוואַנציק־יעריקער בחור. דרייסיק... פופציק... זיבציק... — — — ווי עמעצנס אַ געהיימע מיסטישע האַנט וואָלט דאָ מיטדיריגירט מיטן בייזן שפּיל און זשאָנגלירט מיט די ציפערן און כישופט אַרויס די שענסטע צווימערער זין פון דער ריי אַרויס. אַלעמענס געדאַנקען טראַכטן דאָס זעלבע:

— וועט ער טאַקע — — — אַלע גלעטן צערטלעך — ווי צום געזעגענען — מיטן אויג די פּרעכטיקע געשטאַלטן אין דער ריי אַקעגן איבער. יעדער האָט איצט די געלעגנהייט זיי דאָס לעצטע מאָל צו באַוואונדערן: אַזעלכע גיבורים! אַזוינע ריזן!... אַ האַנט־באַוועגונג פון זאַנדערן פּאַראַליזירט דאָס ווייטערדיקע וועבן־זיך פון אַ יונגן געדאַנק:

— — — קלאַק! קלאַק! קלאַק!... ווי אונטערגעהאַקטע מאַרמאָרזיילן פאַלט אין געשטאַלט נאָכן צווייטן — — —

„...צו דער אַרבעט!" אַלץ מוז פאַרביימאַרשירן לעבן אָרט, וואו עס ליגן דערשאָסענע צען וואַרעמע גופים; די לעצטע, שטאָלצע רעשט פון אַן אונטערגעברענגטער יידישער יוגנט.

„....אײנס... צװײ... דרײ...‟ װי יעדן טאָג צײלט דער ייִדישער פּאָליציאַנט בײ דעם טויער די אַרויסמאַרשירנדיקע גרופּעס; דאָס מאָל גײען אָבער די רײען אַרויס מיט טיפער־געבויגענע קעפּ.

XV

בראש פון װערק צע איז געשטאַנען אַן אומגעװײנלעכער קאָמפּליצירטער טיפּ פון אַ ייִדישער פרוי װי די לאַגער־עלטסטע מ אַ ר ק אָ װ י ט ש. איר געהילף איז געװען דער שװאָגער אירער, אײזענבערג. ער האָט געהאַט אין לאַגער אויך זײן פרוי און קינד. אַ דריטער שװאָגער איז געװען דער לײטער פון דער באַשפּײזונג. אויך ער האָט געהאַט זײן פרוי מיט צװײ קינדער, װי אויך די מוטער פון אַלע דרײ שװעסטערן, װעלכע זײ האָבן באַװיזן צו ראַטעװען. זײ האָבן אַלע געװאוינט צוזאַמען אין אַ באַזונדער באַראַק און זענען געװען די אײנציקע משפּחה אין לאַגער. דעם באַראַק, װאו די הערשער־משפּחה האָט געװאוינט, האָט מען אין לאַגער סאַרקאַסטיש גערופן: דאָס װײסע הויז. אַקעגן איבער דעם הערשער־באַראַק האָט זיך געפונען די װאוינונג פון דער פּאָליצײ און די פאַרשידענע סוב־קאָמענדאַנטן. עס איז געװען אַן אָפּטײלונג פון דער אינערלעכער פּאָליצײ, װאָס איר אויפגאַבע איז געװען צו היטן די אינעװײניקסטע אָרדענונג אין לאַגער, און דער אַנדערער טײל, װאָס האָט זיך גערופן: די פאַבריק־פּאָליצײ און איז געװען פאַרטײלט לויט די פאַבריק־פּלעצער. יעדע פּאָליצײ־אָפּטײלונג האָט זיך געהאַט איר פּאָליצײ־עלטסטן, װאָס האָט זיך געצירט מיט ספּעציעלע שטערנדלעך אויפן היטל. אָט די אַלע מענטשן האָבן אין אינערלעכן לעבן פון לאַגער געהאַט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט, געװען שענער געקלײדט און בעסער געלעבט. געװען אויך גרופּעס פון פּריװילעגירטע, װאָס האָבן געהאַט בעסערע אַרבעטס־שטעלן, װאו מ׳האָט געקענט האַנדלען און פאַרדינען. טײל פון זײ האָבן געהאַט ספּעציעלע פּראָטעקציע בײ אַ דײטשן מײסטער און דערפאַר געקענט דורך זײ דערגרײכן פאַרשידנס. אַזעלכע האָבן זיך געלעבט באַזונדער, געבלאָזן פון זיך און נישט געקומען אין קאָנטאַקט מיט די הונגעריקע און אויסגעמאַטערטע, סײדן װען מ׳האָט בײ אַזעלכן געמוזט אויסקויפן זײן לעצטן גאָלדענעם צאָן. די דאָזיקע שיכט, צוזאַמען מיט דער פּאָליצײ, האָבן געצײלט צװישן 2 און 3 הונדערט מאַן. זײ האָבן געלעבט אין אַ געװיסער זיכערקײט, געװען געשיצט קעגן סעלעקציעס און קײן מאָל נישט געהונגערט; אַפילו געלעבט אין אַ פאַר־שװענדערישן לוקסוס, אין פאַרגלײך מיט די אַלגעמײנע לאַגער־פאַרהעלטענישן. זײ האָבן זיך אויך געקענט דערלויבן צו פירן ראָמאַנען, זיך אויסזוכן פרויען

אָדער מיידלעך, וואָס האָבן געוואָלט לעבן בעסער, און זיי אָפּגעקויפט פאַר אַ שטיקל ברויט, פלייש, אַ קליידל אָדער אַ בעסערער שטעלע אין דער פאַבריק.

* * *

איך בין נישט געווען פון די ערשטע אין סקאַרזשיסקער „האַסאַג". דערפאַר קען איך נישט פעסטשטעלן, וויפל יידן ס'זענען דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן אויפן לאַנגזאַמען אופן. די קאָמענדאַנטין, פרוי מאַרקאָוויטש, האָט מיר די לעצטע טעג פאַרן גרויזאַמען ליקווידירן דעם לאַגער איבערגעגעבן אַ ציפער פון 50 טויזנט טויטע (שוין צוזאַמען מיט די, וואָס זענען כסדר אַנטלאָפן און דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג). איך האַלט לויט מיינע פערזענלעכע נאָכפאָרשונגען — אַז די דאָזיקע ציפער איז אַ ביסל איבערגעשאַצט. דאַקעגן האָט מיר איבערגעגעבן דוד אַנולעוויטש, לעצטער סעקרעטאַר פון דער לאַגער־ביוראָ פון ווערק צע, אַז ער האָט נאָכגעציילט די ליסטע פון די נעמען (פאַר דער לעצטער שחיטה), וואָס זענען „געשטאָרבן" אָדער „דערשאָסן געוואָרן אויף דער פלוכט" און ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער בלויזער ווערק צע האָט אין יענער צייט געהאַט אַן אָפיציעלע ליסטע פון איין און צוואַנציק טויזנט טויטע. אין מיין צייט האָב איך בלויז אָנגעטראָפן נאָר יחידים פון צענדליקער טראַנספּאָרטן און האָב פאַרלוירן די גענויע צאָלן פון זייערע גרופן. ערשט אין מיטן יולי, ווען אַלע יידן־רעזערוואוואַרן זענען שוין אויסגעשעפּט געוואָרן, איז געבליבן פאַר דער פאַבריק־לייטונג דער איינציקער אויסוועג: מאַידאַנעק. אַזוי אַרום זענען מיר געבראַכט געוואָרן דעם 28סטן יוני פון מאַידאַנעק קיין סקאַרזשיסק. דאָס איז געווען איינער פון די געציילטע טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן לעבעדיק פון מאַידאַנעק. דעם דריטן נאָוועמבער 1943 זענען די געבליבענע בערך 22 טויזנט יידן אין מאַידאַנעק דערשאָסן געוואָרן אויף איינעם פון די מאַידאַנעקער פלעצער.

יצחק מילשטיין

# אין לאַגערן מיט שידלאָווצער

מיטוואָך, דעם 11טן נאָוועמבער 1942, אין דער פרי, זיינען געווען גרייט די לאַסטאויטאָס, וואָס האָבן אונדז געדאַרפט אָפּפירן אין סקאַרזשיסקער לאַגער. ביים ציילן האָבן די ווערקשוצלייט אויסגעפונען, אַז ס׳פעלן עטלעכע מענטשן. דאָס זיינען געווען יוסף מענדעלסאַן, אברהם ווערמאַן (מאָטע), יודל קויפמאַן, שלמה טעפער און אברהם געניו, וואָס זיינען די לעצטע נאַכט אַנטלאָפן קיין וואָלנעוו, יצחק מאָרא און נתן שטאַרק, וואָס זיינען אַוועק אויף אַרישע פּאַפּירן. עס איז צוגעקומען איין נייער — יאַנקל דריינאָדל. געבליבן זיינען נאָר די יידן מיט די גרינע לענטעס: משהלע קליינמאַן (געיעך), איציק פאָרנאַלסקי, אַלטער שאַדמאַן און איניקע לאָדזשער פּליטים.

פאַר נאַכט זיינען מיר אָנגעקומען צום לאַגער „האַסאַג״. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן בנין, וואו ס׳האָט געזאָלט זיין די נייע קאַראַבינאָווקע. די דייטשע וועכטערס זיינען געבליבן אין דרויסן, אָבער די צוויי־דריי אוקראַאינער זיינען אַריין אינעווייניק און געפאָדערט אָפּצוגעבן אַלע ווערטיקע חפצים. זיי האָבן אַליין גענומען זוכן ביי יעדן און ניט איינער האָט געקראָגן געשלאָגן. יאַנקל ברויטמאַן איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן. פון מיר האָט מען צוגענומען מיין זייגערל, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון מיין ברודער ישראלקע ע״ה.

אין דער פרי האָט מען אונדז געפירט אין באָד אַריין און פון דאָרטן אין דער קאַנצעלאַריע, וואו מען האָט אונדז אַלעמען פאַרטיילט אויף פאַר־שיידענע אַרבעטפּלעצער. די אַלע, וואָס האָבן געהאַט עמעצן אַ פריינד אָדער באַקאַנטן אין לאַגער, וואָס האָבן זיך משתדל געווען ביים דייטשן מייסטער, האָבן געקראָגן לייכטערע אַרבעט. אָבער עס זיינען געבליבן ביי 10 מאַן — און איך בתוכם — וואָס האָבן קיין פּראָטעקציע ניט געהאַט און געוואָרן אויס־געשטעלט צום בלינדן גורל.

און אָט דער בלינדער גורל האָט אונדז צוגעשיקט עפּעס אַ קליין מענטשעלע מיט וואָנסעס, אַ פאָלקס־דייטש, וואָס רעדט פּויליש, און ער האָט אונדז געבראַכט צום ערגסטן אַרבעטפּלאַץ אין לאַגער — די גראַנאַטן־פּרעסעריי. ס׳איז געווען אַ שרעק בלויז אָנצוקוקן דעם דאָזיקן גיהנום.

מיט מיר זענען געווען: משה קופּערבערג, שאול זלאַטאָוויטש, יאָסל ברויטמאַן, דוד שטיינהאָרן, יאַנקל ראָזענפעלד און אַ פּשיטיקער פּאָליציסט

דוד. דאָס זענען געווען די אומגליקלעכע, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין דער שווערסטער קאַטאַרגע אין „האַסאַג".

אויסער וואָס די אַרבעט ביי די גראַנאַטן איז געווען זייער שווער, איז די היץ געווען פּשוט אומדערטרעגלעך. עס זיינען געווען 4 גיהנום־אויוונס, וואָס אַהין האָט מען אַריינגעשטופּט צעשניטענע שטיקער שטאָל. ווען דער שטאָל איז געוואָרן אָנגעגליט — ניט רויט, נאָר ווייס — האָט אַ קרעפּטיקער גוי עס אַרויסגעוואָרפן פון אויוון און דאַן האָט מען עס געמוזט אויספּאַרמירן ווי אַ פלאַש. פון דעם זיינען געוואָרן קוילן פאַר שווערער און לייכטער אַרטילעריע. אין פרידנצייט האָבן גוים, וואָס זענען געווען באַ־שעפטיקט ביי דעם, באַקומען ספּעציעלע צוגאָבן און מען האָט זיך געביטן יעדע צוויי שעה. און דאָ זענען געקומען עטלעכע אויסגעמאַטערטע יינגלעך און מען הייסט זיי אַרבעטן אָן איבעררייס. די פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיט אונדז געאַרבעט, האָבן נאָך מער געשלאָגן ווי די דייטשן. דאָרט זענען געווען אויך אַנדערע דייטשע מייסטערס, דער אָנפירער דומין און ספּעציעלע אויפ־זעערס, וואָס מ'האָט זיי גערופן בריגאַדיסטן. די אַלע זענען געווען אַכזריותדיקע מערדערס. צו ערשט האָבן זיי צוגענומען אַלץ פון זייערע קרבנות און שפּעטער זענען יענע שוין געווען ווי פּאַראורטיילטע.

מיר האָבן אין דעם גיהנום געטראָפן שידלאָווצער, וואָס זענען דאָ שוין געווען נאָך פון מיטן זומער, צווישן זיי ישראל פעלדמאַן, משה שוואַרצבערג, יאָסל ברויטמאַן (דער זון פון עזריאל ברויטמאַן, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געוואוינט אין סקאַרזשיסק), נתן פרייטאַג, נחמן שאַדמאַן, אהרן גראָסקאָפּ.

צו די אַלע צרות האָבן מיר נאָך געהאַט אַ יידישן פאָראַרבעטער, זיין נאָמען איז געווען נתן, האָט ער זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין דער מערדער־סביבה — אַ יידישער סאַדיסט, וואָס פלעגט אונדז טרייבן ביי דער אַרבעט און שלאָגן מכות־רצח.

דער ערשטער מיטיק, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז באַשטאַנען פון אַ וואַסערדיקער קרויטזופּ — און פון דעם גיי און האָב כוח צו שלעפּן אַזעלכע שווערע שטיקער שטאָל!

6 אין אָוונט זענען מיר געווען פריי פון דער אַרבעט, אין גאַנצן דורכגעווייקט פון דער היץ. איך האָב געהאַט אַ ביסל מזל, וואָס מען האָט מיך צוגעטיילט צו שלאָפן אין די באַראַקן און ניט אין גרויסן בנין פון „עקאָנאָמיע". אין די באַראַקן איז געווען ריינער און בעסער. אַלטע לאַגערניקעס האָבן מיך אָבער געוואָרנט: „ווען דו גייסט שלאָפן, טו ניט אויס די שיך, ווייל אויב

מען פאַרלירט די שיך, פאַרלירט מען דאָס לעבן״. אַזוי איז עס געווען: ווער ס׳האָט ניט געהאַט קיין שיך, פלעגט דערשאָסן ווערן אויף יעדער זונטיק־סעלעקציע. מען האָט זיך אויך געדאַרפט היטן ניט אויסצוזען שלעכט און ניט גיין מיט אָפּגעריסענע בגדים.

דער דייטשער מייסטער האָוז, וואָס קען קיין דייטש ניט און האַלט אין איין רעדן פויליש, איז צו אונדז נייע גראַד געווען ניט שלעכט. ער האָט פיינט עוולות און ביי אים איז יעדער גלייך — זאָגט ער. ער האַסט בלויז די פּאָליאַקן. מיר האָבן צו אים מער צוטרוי ווי צום יידישן פאַראַרבעטער נתן. ווער ס׳וויל עפּעס באַהאַלטן — אַ מלבוש, אַ שטיקל ברויט — קען עס אַריינלייגן אין פאַרשלאָסענעם קאַסטן פון דייטשן מייסטער האָוז.

מיטיקצייט האָבן מיר אַ גאַנצע שעה אָפּרו. איך לויף דאַן אין אַנדערע אָפּטיילונגען. אין אויטאָמאַטן־אָפּטייל אַרבעטן מיינע שכנים פון דער היים, חיהלע און אברהם יאַנקל פאַריז. איך האָב זיך מיט זיי אָפּט געזען. זיי האָבן אַ לייכטערע אַרבעט און קענען זיין אָנגעטאָן ווי מענטשן. ביי די גראַנאַטניקעס ווערן די קליידער גיך צעטראָגן פון דער היץ.

ווער ס׳האָט נאָך געהאַט געלט, האָט זיך געקענט צוקויפן אַ פּערטעלע ברויט: אַ ברייטל צעשניטן אויף פיר טיילן. ס׳זענען געווען יידן, וואָס האָבן געהאַט צו פאַרקויפן אפילו וואורשט. אָבער די, וואָס האָבן ניט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן, זיי איז געווען ביטער.

עס אַרבעט מיט אונדז אונדזער לאַנדסמאַן אברהם שוואַרצמאַן. איך זע, אַז פון טאָג צו טאָג זעט ער אויס ערגער. די פּאַרציעס ברויט זיינע בייט ער גאָר אויס פאַר פּאַפּיראָסן. איך מוסר אים און זאָג, אַז אָן פּאַפּיראָסן קען מען לעבן, אָבער אָן ברויט קען מען ניט לעבן. ס׳העלפט אָבער ניט. ער איז גיך אָפּגעשטאַנען און ווייטער ניט געקענט אַרבעטן, און איין זונטיק, ביי אַ סעלעקציע, איז ער אומגעקומען. ער איז, אין מיין צייט, געווען דער ערשטער קרבן פון דער גראַנאַטן־פּרעסעריי.

דער זעלבער אברהם שוואַרצמאַן האָט דאָ אויך געהאַט אַ פּלימעניק לייבוש שוואַרצמאַן, מען האָט אים גערופן דער געלער לייבוש. ער איז אויך אין דער זעלביקער צייט דערשאָסן געוואָרן צוליב אַ מסירה. נאָך זיי איז אומגעקומען נאָך איינער פון אונדזערע גראַנאַטניקעס — אהרן גראָסקאָפּ, אַן איידעלער מענטש, דער איידעם פון הערשל קויפמאַן. ער איז פאַרפייניקט געוואָרן ביי דער שווערער אַרבעט.

מיט נחמן שאַדמאַן האָט געטראָפן אַ גאָר שרעקלעכע זאַך. ער האָט

אויך געאַרבעט ביי די גראַנאַטן און גראַד געהאַט אַ בעסערע אַרבעט: בלויז אַרויסצוטראָגן מיט נאָך אַ מאַן די הייסע שוין פאַרמירטע שטיקער. געטראָגן איז עס געוואָרן מיט אַ גרויסער צוואַנג. אויף אַ מאָל האָט זיך די צוואַנג געעפנט און דאָס הייסע שטיק אייזן פון 80 קילאָ איז אַרויף אויף נחמנען און אים שרעקלעך אָפּגעבריט. דער דירעקטאָר דומין איז גיך צוגעלאָפן און אים דערשאָסן אויפן אָרט. דאָס, האָט ער געזאָגט, האָט ער געטאָן אויס רחמנות, אַז יענער זאָל מער ניט ליידן. דער דאָזיקער מערדער איז גאָר גיך אַליין אומגעקומען ביי אַן ענלעכן פאַל.

עס איז אויך אומגעקומען יאָסל ברויטמאַן. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ סך ווערטיקע זאַכן און די באַנדיטישע פּאָליאַקן האָבן ביי אים ביסלעכווייז אַלץ צוגענומען. דאַן פלעגן די באַנדיטן אים אָפּט שלאָגן. איין מאָל האָט דער פּוילישער בריגאַדיר כאַינאצקי אים אַזוי מערדערלעך גע־שלאָגן און געטרעטן מיט די פיס, ביז דער אָרעמער יאָסל איז געבליבן ליגן אַ טויטער.

איין טאָג איז צוגעקומען דער פאָראַרבעטער נתן צו אונדז און געזאָגט: אַזוי ווי עס דערנענטערט זיך דער קריסטלעכער יום־טוב, דאַרפן מיר אים געבן געלט אויף צו קויפן אַ מתנה פאַרן דייטשן מייסטער און ער גיט אונדז דריי טעג צייט דאָס צו דערליידיקן. מיר האָבן שוין געוואוסט, אַז אויב מיר וועלן אָנהייבן מיט געבן אים געלט, וועט ער אונדז שוין ניט אָפּלאָזן. דעריבער האָב איך פאָרגעשלאָגן, אַז מיר אַליין זאָלן געבן דעם מייסטער האוז די מתנה. אַלע האָבן מסכים געווען. מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ פּעקעלע און איך בין געווען דער שליח־מצוה. ביי דער געלעגנהייט האָב איך אים געבעטן, אַז ער זאָל ניט לאָזן נתנען אונדז שלעכטס טאָן. ער איז געווען אַזוי גערירט פון זיין יום־טוב געשאַנק, אַז ער האָט באַלד צוגערופן נתנען און אים געוואָרנט, אַז אויב ס'וועט עפּעס געשען מיט דער שידלאָווצער גרופּע, וועט ער זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם.

גראָד ערב די קריסטלעכע חגאות איז עפּעס געשען, וואָס האָט דער שידלאָווצער גרופּע געבראַכט אַ סך אומגליקן. די דייטשן האָבן דעמאָלט פּראָקלאַמירט פיר נייע געטאָס, וואוהין יידן קענען קומען לעבן, און איינס פון זיי איז געווען שידלאָווצע. האָט זיך אין לאַגער אָרגאַניזירט אַ גרופּע שידלאָווצער און איז אַנטלאָפן באַלד די ערשטע נאַכט. איך האָב קיין מאָל ניט געוואָלט זיין פון די ערשטע און געוואָלט אויסגעפינען מער איינצלהייטן. איך האָב ניט געוואָלט גלייבן אין דער גאַנצער מעשה. יענע גרופּע איז

באַשטאַנען פון: לייבוש בריקס און זיין ברודער משה, מאָטעק מילשטיין, יאַנקל ברויטמאַן, יואל צאַמבער, הערשל האַנדלסמאַן, איַיזיק בריקס און זיין זון יחזקאל און יאַנקל דריינאָדל. יאַנקל איז דערשאָסן געוואָרן לעבן דאָרף יאַסטשאָמב און יחזקאל איז שפּעטער אַליין צוריקגעקומען אין לאַגער. צווישן די צוריקגעקומענע איז אויך געווען אברהם ראָזענפעלד.

מיט דער מאַסן־דעזערציע האָבן די אַנטלאָפענע אונדז קיין גוטס ניט געטאָן, ווייל ווען די ס״ס האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָס זענען געווען שידלאָווצער, האָבן זיי אונדז מערדערלעך געשלאָגן און ביי נאַכט צוגענומען די שיך, אַז מען זאָל ניט קענען אַנטלויפן. איין נאַכט איז אַריין אין אונדזער באַראַק דער מערדער ראָמאַנקאָ מיטן יידישן לאַגער־פּאָליציסט גנאט. דער יידישער סאַדיסט האָט געזאָגט ראָמאַנקאָן: דאָס איז דער באַוואוסטער שידלאָווצער באַראַק. היות איך בין גראָד געזעסן און פאַרריכט מיינס אַ בגד, האָט ער מיר דערלאַנגט אַזאַ זעץ איבערן קאָפּ, אַז דער גאַנצער באַראַק האָט זיך געדרייט מיט מיר. זיי ביידע האָבן די שידלאָווצער געהייסן זיך אָנטאָן און אונדז געפירט צו דער „וואַכשטובע". ס'איז אָנגעקומען אַ הויכראַנגיקער ס״ס־מאַן און מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז דער סוף. גראָד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ס״ס־מאַן האָט באַפוילן אונדז אָפּצופירן צוריק אין באַראַק. פּשוט אַ נס!

נאָך ניי־יאָר 1943 זענען געקומען אין „האַסאַג" נאָך עטלעכע שידלאָווצער פון לאַגער זעאָרק: שלמה זאַלצטרעגער און זיין שוועסטער ראָשע, הערשל דימאַנט און פיל סקאַרזשיסקער. הערשל דימאַנט איז אַריינגעפאַלן צו אונדז אין די גראַנאַטן. ער איז קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע און געשטאָרבן אין כלומרשטן קראַנקנהויז. די הויפּט־סאַניטאַרקע און די גאַנצע דאָקטאָרין איז געווען אַ געוויסע לאָלע. איר מאַן האָט געהאַט אַן ענלעכע אַרבעט: ער איז געווען דער קברן און זיין נאָמען איז געווען פינגער. זיי ביידע זענען געווען אַ שרעק אין לאַגער, ווייל ווער ס'האָט אָנגעפאַנגען מיט לאָלאַן, האָט פאַרענדיקט מיט פינגערן. דער פערדבאַראַק, וואָס האָט געהייסן „שפּיטאָל", איז געווען אַ לעבעדיקער בית־עולם פאַר קראַנקע מענטשן.

יאַנקל ראָזענפעלד (צייגפינגער) איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, וואָס דאָס איז געווען גלייך צו אַ טויטאורטייל. היות ער האָט אין לאַגער געהאַט אַ פעטער, וואָס האָט געאַרבעט שוסטעריי פאַר די דייטשן, האָט ער אים אויסבאַהאַלטן ביי זיך און געזען, אַז ער זאָל קומען צו זיך. ווען דער יידישער רשע נתן האָט געזען, אַז יאַנקל פעלט ביי דער אַרבעט, האָט ער אים באַלד

אַרויפגעשטעלט אויפן צעטל פון די זונטיק־קרבנות. נתן אַליין איז אויך ניט געווען כשר, ווייל ער האָט אויך געפעלט עטלעכע טעג ביי דער אַרבעט, און דער מערדער דומין האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אים. ווען דער טרויעריק־באַרימטער לאַסטאויטאָ איז זונטיק אַריינגעפאָרן אין לאַגער נאָך די קרבנות, האָבן זיי יאַנקלען גענומען מיט זיך. אין דעם איז אָנגעקומען אַן אויטאָ מיטן דירעקטאָר פון אונדזערע גראַנאַטן, וואָס האָט געפרעגט: „וואו איז נתן?" מען האָט אים גיך געבראַכט און אַריינגעזעצט אין זעלביקן לאַסטאויטאָ מיט זיין קרבן יאַנקל ראָזענפעלד.

לעצטנס איז אָנגעקומען אַהער די שוועסטער פון משה קאָראַלניק, פייגע, די טאָכטער פון רויזע די וואורשט־מאַכערין. זי האָט געהאַט אַרישע פאַפירן און האָט זיך אונטערגענומען אַזאַ ריזיקאַלישן שריט צו זען זיך מיט איר ברודער. זי האָט איין מאָל אָפגעוואַרט, ווען די גרופּע פון ברודער גייט פון דער אַרבעט. דאַן האָבן פּאָליאַקן זי דערקענט און זי איבערגעגעבן צו די ס"ס. איר סוף קען מען זיך פאָרשטעלן.

צוריקקומענדיק איין מאָל פון דער אַרבעט, האָט מען אונדז באַפוילן מיטצונעמען מיט זיך אַלץ וואָס געהערט אונדז. ווייל מיר גייען איבער אין דער געביידע פון „עקאָנאָמיע". אָבער אַלע אונדזערע זאַכן אין באַראַק זענען שוין ניט געווען. ביז דעמאָלט האָב איך נאָך געהאַט וואָס איבערצוטאָן, אָבער איצט בין איך געבליבן נאָר מיט מיינע אַרבעטס־בגדים. פון דעמאָלט האָט פאַר מיר אויפגעהערט צו עקסיסטירן אונטערוועש.

די גראַנאַטניקעס האָבן באַקומען אַ שטיק פון די געלעגערס אויפן פערטן שטאָק. אויפן ערשטן שטאָק האָב איך געזען מיין קוזין ירחמיאל אין אַ שרעקלעכן מעמד. ער האָט זיך שוין ניט געקענט באַוועגן. דער דייטשער מייסטער וואַגנער פון זיין אָפטייל האָט אים אַזוי מערדערלעך צעשלאָגן, אַז פון די באַקומענע וואונדן האָט ער לאַנג זיך ניט געקענט רירן פון געלעגער. איך האָב געוואָלט עפּעס טאָן צו לינדערן זיינע יסורים. ער האָט אָבער מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף שוין גאָרניט, ווייל ער קען אפילו קיין ביסל וואַסער ניט אַראָפּברענגען. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער צוגענומען געוואָרן אויף דער זונטיק־סעלעקציע. ירחמיאל איז געווען דער זון פון שמעון און רבקה אַגרעס. זי איז געווען מיין טאַטנס אַ שוועסטער.

שאול זלאַטאָוויטשעס ברודער עקיבא איז קראַנק געוואָרן און אומגעקומען אויף אַ סעלעקציע. יאָסל ברויטמאַן איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, אָבער מיט דער הילף פון זיין שוועסטער מאַטל האָט ער זיך צייטווייליק

אַרויסגעדרייט פון טויט. דוד שטיינהאַרן האָט געהאַט באַקומען אַ לייכטערע אַרבעט אין די גראַנאַטן, ער איז אָבער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און געשטאָרבן.

יעדן זונטיק פלעגן קאַצעטניקעס פון „ווערק צע" נעמען אַ באָד אין אונדזער אַפּטייל. צווישן זיי איז געווען מנחם ראָזענצווייג. זיין שוועסטער דבורהלע האָט אים יעדער מאָל אָפּגעוואַרט. אויך בערעלע בורשטינסקי פלעגט קומען. איין מאָל, אויפן וועג צוריק פון באָד, איז אים שלעכט געוואָרן און ער האָט ניט געקענט ווייטער גיין. די מערדערס האָבן אים דערשאָסן אויף אַן אָרט.

די פון „ווערק צע" האָבן אויסגעזען פונקט ווי מיר „גראַנאַטניקעס". די מערסטע פון זיי זענען געווען געל פון דעם פּיקרין. ווען איך האָב זיי אָנגעקוקט, האָב איך זיך אַליין געזען, ווייל אונדזער אַלעמענס מצב איז געווען אַ טרויעריקער. איין מאָל איז צו מיר צוגעקומען מלכה גרינבערג — זי האָט אויסגעזען שרעקלעך: די האָר אָפּראַזירט נאָך אַ טיפוס קראַנקייט — און האָט מיך געפרעגט: „יצחק, וועלן מיר נאָך אַ מאָל אויסזען ווי מענטשן?"

וואָס שייך שיך איז געוואָרן אַ ביסל לייכטער. ס'איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט הילצערנע שיך, וואָס מען האָט גערופן „האָלענדער", ווייל מען טראָגט זיי אין האָלאַנד. דאָס איז אַ שוך אין גאַנצן געמאַכט פון האָלץ. ס'איז געווען אין דעם וואַרעם, נאָר דער שניי האָט זיך זייער געקלעפּט און געמאַכט שווער דאָס גיין.

איך האָב זיך אָפּט געזען מיט הערשל וועסטער, אַ געוועזענער אָנגעזעענער בעל־הבית, אָבער ווי זעט ער אויס איצט? ער איז גיך אַוועקגעפאַלן און געשטאָרבן.

ס'זענען נאָך אָנגעקומען טראַנספּאָרטן יידן פון פאַרשיידענע שטעט. צווישן די ניי־אָנגעקומענע איז געווען דער ראַדאָשיצער רבי מיט זיינע צוויי טעכטער און אַן איידעם. דעם רבינס גורל איז געווען אַריינצופאַלן אין די גראַנאַטן. איך געדענק ניט ווי אַזוי דאָס איז געשען — אָבער דער רבי ר' יצחק פינקלער, וואָס איז געקומען אין לאַגער מיט די פּיעטרקאָווער (ער איז געווען משפחה מיט אונדזער פריערדיקן רעליגיע־לערער אָ. פינקלער) האָט באַקומען זייער אַ לייכטע אַרבעט: אויסקערן די האַלע, וואו ס'זענען געשטאַנען די זעגמאַשינען. דער דייטשער מייסטער האָט האָט שוין געזען, אַז דער רבי זאָל האָבן געגוג זופּ, וואָס ער האָט עס קיין מאָל ניט געגעסן, נאָר אין לאַגער עס געביטן אויף עפּעס אַנדערש. זיין איידעם איז באַלד אין

אָנהייב געשטאָרבן. איין טאָג, ווען דער דייטשער מייסטער איז ניט געקומען אין דער פאַבריק, האָבן די כוליגאַנישע פּאָליאַקן אויסגעניצט די געלעגנהייט און זיך איזדעקיעוועט איבערן רבין, אים צוגעשטעלט צו געפערלעכע אַרבעטן און אויך אים געשלאָגן. מיר האָבן דאָס ניט געקענט צוזען און מיט די לעצטע כוחות דעמאָלט אַרויסגעהאָלפן דעם רבין ביי דער אַרבעט. אויף מאָרגן האָט דער דייטשער מייסטער געשאָלטן די פּאָליאַקן מיט טויטע קללות פאַר זייערע מעשים צו „מיין ראַבין".

ס'האָט זיך דערנענטערט פּסח. מיר וואָלטן דערפון ניט געוואוסט, ווען ניט די געהיימע צוגרייטונגען פון די פרומע יידן. מיט גרויס מסירת־נפש האָבן זיי געזאָרגט, אַז עס זאָל זיין אַ שטיקל מצה. פּאָליאַקן האָבן פאַרקויפט מעל און אויף די קליינע אייוועלעך האָט מען די מצה געבאַקן. די יידן האָבן איינגעשטעלט דאָס לעבן — אָבער עס דורכגעפירט.

היות איך האָב געאַרבעט נאַכטשיכט, האָב איך דעם ערשטן טאָג פּסח געקענט זיך אַרומדרייען אַרום דער „עקאָנאָמיע". דער איינציקער געדאַנק איז געווען: וואו כאַפּט מען עפּעס אַ ביסל עסן? ביים אַרויסגאַנג פון „עקאָנאָמיע" קומט אַרויס אַן עלטערער ייד — דאָס איז געווען גילעקס שווער — און ער פרעגט מיך: „וואָס האָסטו היינט געגעסן, חמץ אָדער מצה?" איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב היינט ביידע זאַכן ניט געגעסן. דעמאָלט האָט ער מיך געהייסן צוּוואַרטן אַ ווײַלע, אַריין אין זיין באַראַק און געקומען צוריק מיט אַ שיסעלע קאַרטאָפל מיט בעבעלעך. דאָס האָט מיר אויסגעקוקט ווי אַ חלום און דער ייד — ווי אליהו הנביא.

די לאַגע מיטן עסן איז געוואָרן ערגער. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ ביסל זופּ איז שוין געווען אַ פאַרמעגן. ווער עס האָט געקענט קריגן אַ ביסל זופּ, איז געווען אַ גליקלעכער. די זוואָלינער, וואָס האָבן מיט אונדז געאַרבעט, האָבן געהאַט מזל. מיט זיי זענען געקומען שטעטלשע יידישע שאָפערן, וואָס האָבן געהאַט דאָ אַ בעסערע מערכה און ווען זיי האָבן געטראָגן דאָס קעסעלע עסן פאַר זייער מיטאַרבעטערס, האָבן זיי אַוועקגעגעבן זייערע פּאָרציעס די הונגעריקע זוואָלינער. פון אונדזערע שידלאָווצער אַרבעטן עטלעכע אין קיך און זיי ווייסן אפילו ניט, אַז גאָר נאָענט פון זיי געפינען זיך הונגעריקע לאַנדסלייט.

באַלד נאָך פּסח איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט יידן פון מיידאַנעק. מען האָט זיי גערופן די קאַ־עלניקעס. די צוויי קשעפּיצקיס און טעפּערמאַן האָבן געמאָלדן דעם מערדערישן לאַגער־קאָמענדאַנט אינפלינג, אַז דאָס זענען

די אויפשטענדלערס פון וואַרשעווער געטאָ. יענער האָט באַלד אָוועקגענומען די העלפט פון זיי און געשיקט אויפן ווערק „צע" צום דערשיסן. אַ טייל פון די געבליבענע האָט מען צוגעטיילט אין גראַנאַטן־אָפּטייל. צווישן זיי האָט זיך געפונען באַריס בלום, וואָס איז געווען מיט מיר אין אַלע שפּעטערדיקע לאַגערן.

ווי ס'האָט זיך נאָר געמאַכט אַ ביסל וואַרעמער, האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען אַ מאַסן־אַנטלויף, דאָס מאָל שוין ניט קיין שידלאָווצער, נאָר מייסטנס פּיעטריקאָווער, ראַדאָמסקער. איך האָב אויך גענומען טראַכטן וועגן מאַכן אַ „ויברח". איך האָב דאָס דערציילט פּסח זאַגדאַנסקי, האָט ער מיר שטאַרק אויסגעמוסרט פאַר דעם. ער האָט מיר געזאָגט: „ווייסטו דען ניט, אַז דאָ זענען מיר האַלב טויט, נאָר גלייך ווי מען קריגט זיך אַרויס אויף דער אַנדערער זייט פון די דראָטן, איז מען שוין אין גאַנצן טויט"? ער איז געווען גערעכט.

אין די גראַנאַטן מיט אונדז האָט געאַרבעט אַ גוי, וואָס פּלעגט צורעדן אַ באַפריינדטן יידן צו אַנטלויפן און אפילו העלפן אים אין דעם, נאָר ווען דער ייד איז שוין געווען אויף יענער זייט דראָטן, פּלעגט ער אים איבערגעבן דער פּאָליציי — און אַזוי האָט ער פאַרדינט זיין שנאַפּס אָדער צוקער פאַרן יידנס בלוט.

אין מאָל, ווען איך בין געשטאַנען ביים הייסן אויוון, איז אַ פּאָליאַק מיך באַפאַלן און געשלאָגן. דאָס האָט באַמערקט משה בלאַטמאַן (אַ גריצער), איז ער צו צום שייגעץ און אים דערלאַנגט אַזאַ זעץ, אַז דער אָנפאַלער האָט זיך ניט געקענט אויפשטעלן. די זאַך איז פאַרשוויגן געוואָרן, ווייל משה איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך גוטער אַרבעטער און זיין מייסטער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים. משה האָט זיך שטענדיק איינגעשטעלט פאַר אַנדערע. צי ער האָט איבערגעלעבט, ווייס איך ניט.

די לעצטע צייט זיינען ווידער פיל קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. אָבער איצטער שיסט מען שוין ניט די קראַנקע. מען לייגט זיי אַריין אין שפּיטאָל, ביז זיי קומען צו זיך. איינער פון זיי איז געווען אברהם יענקל פאַריז, וואָס איז אַרויס פון שפּיטאָל מיטן לעבן. אָבער אברהם יצחק גריטשמאַן, יחיאל מערעסעס, מאָטעס שיכטער און משה קאָראַלניק זיינען געשטאָרבן פון טיפוס.

נתן פריידאָג איז אַרויס בשלום פון זיין טיפוס־קראַנקייט. צוריק־קומענדיק האָט ער געקראָגן אַ לייכטע אַרבעט. ער איז אָבער שפּעטער אומגעקומען אין דייטשלאַנד.

ישראל פעלדמאַן איז געווען אַ גיבור. ער איז געווען מיט אונדז אין די גראַנאַטן. ער איז געשטאַנען ביי דעם אויוון און געשליידערט די פייערדיקע שטיקער אין דער מאַטריצע אַריין. נאָך זיין געזונט ווערן פון טיפוס האָט ער געקראָגן גאָר אַ לייכטע אַרבעט: געווען אַ בעל־עגלה, אַרומגעפאָרן אויסערן לאַגער און ס'איז אים געווען אַ סך בעסער ווי פריער. צי ער האָט איבערגעלעבט, ווייס איך ניט.

יאָסל ברויטמאַן האָט שוין געהאַט ווייניקער מזל: ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל און געאַרבעט מיט אונדז עטלעכע טעג, האָט אַ פּאָליאַק אים אַ זעץ געטאָן מיט אַ ברעט און אים צעבראָכן אַ האַנט.

אויף ווערק „א" האָט זיך געפונען די פאַמיליע קורלענדער. זייער יינגסטער זון איז געווען אין וואָלנעוו. דאָ אין לאַגער זענען געווען די עלטערן, צוויי ברידער און אַ שוועסטער. דער עלטסטער זון איז אומגעקומען אין ווערק „צע", דער פאָטער הערשל קורלענדער — אויף אַ סעלעקציע. די מוטער שיינדעלע איז אומגעקומען אין בערגען בעלזען צוויי טעג פאַר דער באַפרייאונג. גערעטעוועט האָט זיך פרעדקא (היינט — קופּליק) און איר ברודער יאַנקעלע.

פון נאָך אומגעקומענע אין לאַגער געדענק איך: עליע קויפמאַן, דער יינגסטער זון פון מאיר און שרה ציפע, וואָס זיינען אומגעקומען אין טרעב־לינקע. ער איז געשטאָרבן פון הונגער. זיין ברודער נטע איז אומגעקומען אין רוסלאַנד.

ירחמיאל טענענבוים, דער זון פון בעריש אוןביילע, איז געשטאָרבן ביים אנקומען אין טערעזינשטאַט. זיין ברודער שמואל טענענבוים איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד.

קורץ פאַרן עוואַקואירן דעם לאַגער איז דאָ געשטאָרבן דער יינגסטער שידלאָווצער, יחיאל שטאַרק, דער זון פון אברהם בער ע"ה.

איך האָב דאָ געהאַט אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, וואָס איך האָב אַ פּאָר מאָל געשיקט צו דער קריסטין, וואָס ביי איר האָב איך באַהאַלטן מיינע זאַכן. די פרומע קריסטין פלעגט אים ענטפערן: זאָל ער אַליין קומען, וועט ער אַלץ קריגן. זי האָט געוואוסט, אַז איך וועל שוין קיין מאָל ניט קומען.

יענער פּאָליאַק האָט מיר איין מאָל געבראַכט אַ ידיעה, אַז אין דאָרף וויסאָצקי, 5 קילאָמעטער פון שידלאָווצע, האָט מען געפונען אויסבאַהאַלטן די דריי ברידער צוקער, צוליב אַ מסירה פון שכנים. זיי זיינען אַלע דערשאָסן געוואָרן.

ביי אונדז איז דערווייל פאָרגעקומען אַ שטיקל ענדערונג: מען האָט אונדז אַריבערגעקליבן אין נייַ־אויסגעבויטע באַראַקן, וואו ס'איז אַ סך גע־רוימער. מיר האָבן אויך באַקומען אַ נייעם לאַגער־קאָמענדאַנט, קינעמאַן, אַ קליין מענטשעלע מיט אַ הויקער. ער האָט אַרויסגעוויזן איינזעעניש מיט די גראַנאַטניקעס.

אין די באַראַקן האָב איך זיך גענומען צו נייען היטלען. אין דעם האָט מיר צוגעהאָלפן משה קופּערבערג. שאול זלאַטאָוויטש איז געוואָרן צוגעטיילט צו אַ פיל לייכטערער אַרבעט. איך ווייס ניט, ווי אַזוי דאָס איז געווען.

מיט עסן איז אויך געוואָרן בעסער. זיי האָבן אונדז געגעבן אַזאַ מין זיסע געדיכטע זופּ, אַז פון עטלעכע לעפל איז מען שוין געוואָרן זאַט. אויך די ברויטפּאָרציע איז געוואָרן גרעסער. דאָס איז מסתמא געווען דערפאַר, וואָס די דייטשן האָבן שוין ניט געהאַט פון וואַנען צו ברענגען נייע יידן. קיין סעלעקציעס זענען שוין מער ניט פאָרגעקומען.

דאָס איז אַזוי אָנגעגאַנגען פון סוף 1943 ביז פרילינג 1944. צוויי מערדערישע לאַגער־פּאָליציסטן האָבן געמאַכט אַ סעלעקציע אויף אייגענער האַנט, האָבן זיי דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן.

ביי דער אַרבעט איז יאָסל ברויטמאַן ווידער פאַרוואונדעט געוואָרן. אַ שטיק אייזן האָט אים צעשעדיקט אַ פוס. פון שפּיטאָל איז ער אַרויס אַ ביסל הינקענדיק און צוליב דעם האָט ער ניט איבערגעלעבט.

* * *

אין די גראַנאַטן האָט געאַרבעט אַן עלעקטריקער, לייבקע זאַקאַן פון סקערניעוויץ. קריגצייט איז ער געקומען מיט זיין פרוי צו זיין שוועגערין חנה בראַנדמעסער אין שידלאָווצע. האָט מען אים געכאַפּט און אָפּגעשיקט אין „האַסאַג". ער האָט מיר פיל מאָל אָוועקגעגעבן זיין עסן, ווייל ער האָט געהאַט אַ פריינדין, וואָס האָט געאַרבעט אין קיך. ער איז פּלוצלונג אַרעסטירט געוואָרן צוליב אַ מסירה, אַז ער פאַרקויפט עלעקטרישע זאַכן צו די פּאָליאַקן. מען האָט אים איינגעזעצט אין בונקער. האָב זיך אים געבראַכט זיין פּאָרציע אין בונקער־תפיסה. ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב דאָרטן געטראָפן צוויי שידלאָווצער, וואָס זענען גאָר ניט געווען מיט אונדז. דאָס זענען געווען די צוויי קוזינען דוד שטשענשליווע און ירחמיאל קאָרענבלום, וואָס מען האָט אים געכאַפּט פון סקאָרזשיסקע אַמיניציע פאַבריק. איך האָב זיי געפרעגט, צי זיי נייטיקן זיך אין עפּעס, האָבן זיי געענטפערט, אַז איך דאַרף

גיכער הילף ווי זיי. מיין פריינד לייבקע איז באַפרייט געוואָרן, אָבער ביידע קוזינען זענען העלדיש אומגעקומען.

צוליב אינעוויינינקסטע מסירות זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרן מיין קוזין יאַנקל מילשטיין און מאָטע בער קונאָווסקי. קונאָווסקיס דייטשער שעף איז גראָד געווען אַ גוטער, האָט ער אים באַפרייט. זיין מסור איז אומגעקומען אין בוכענוואַלד. מיין קוזין יאַנקל איז אויך באַפרייט געוואָרן.

ס׳איז שוין פרילינג 1944. מיר הערן וועגן גרויסע דייטשע מפלות אויף די פראָנטן. אָבער ס׳איז נאָך אַלץ ווייט פון אונדז. יעדער פון אונדז פרעגט זיך: וועט דער נצחון ניט קומען צו שפּעט?

עס האָבן זיך באַשטעטיקט די קלאַנגען, אַז מען גרייט עוואַקואירן אונדזער לאַגער. איין טראַנספּאָרט וועט אָפּגיין נאָך טשענסטאָכאָוו. די גראַנאַט־ניקעס האָבן רעכט אויסצוקלייבן: פאָרן אָדער בלייבן. איך האָב אויסגעקליבן דאָס צווייטע. פון די פרויען האָבן אַלע געמוזט עוואַקואירט ווערן.

נאָך דער עוואַקואַציע זיינען אין לאַגער פאַרבליבן אַרום 900 יידן. דעם ערשטן טאָג נאָך דעם האָט דער שעף פון קיך בעת אַן אַפּעל צוגערופן לייבקע זאַקאַן און אים געזאָגט: קלייב דיר אויס 10 הונגעריקע יידן. דעם ערשטן פון די הונגעריקע האָט ער מיך אויסגעקליבן און מיך האָט ער געהייסן צוקלייבן די איבעריקע ניין הונגעריקע. פון אַלע אונדזערע לאַנדסלייט איז דאַן געווען נאָר איינער חוץ מיר — משה קופּערבערג. איך האָב צוגענומען נאָך 8 גראַנאַטניקעס און מיר זענען אַלע באַשטימט געוואָרן צו אַרבעטן אין דער גרויסער קיך. וועגן אַזאַ גליק האָב איך אפילו ניט געחלומט!

אין קיך זיינען געווען 4 פרויען, די איינציקע אין לאַגער פּריווילעגירטע. איינע איז געווען די געליבטע פון דעם פאַרבליבענעם יידישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט פאַנטעל; צוויי שוועסטערס, וואָס איינע איז געווען לייבקעס פריינדין; און די פערטע — די געליבטע פון פּאָליציסט „ווייטער־דא", אַ דייטשער ייד — זייער אַ שלעכטע. די פרויען זענען מיט אונדז געווען וואו נאָר מיר האָבן געוואַנדערט.

דער דייטשער שעף פון קיך איז געווען זייער אַ פיינער מאַן. ס׳האָט גאָרניט געפּאַסט, אַז ער זאָל זיין אַ דייטש. ער האָט געזען, אַז מיר זאָלן ניט אַרבעטן צו שווער. איין טאָג נאָך דער אַרבעט האָט ער אונדז געגעבן שאָכטלעך קאָנסערוון און געזאָגט, אויב מען וועט אונדז רעווידירן ביי דער וואַך, זאָלן מיר

זאָגן, אַז דער שעף פון דער קיך האָט דאָס אונדז געגעבן. ווען איך בין נאָך צוגעקומען צו די גראַנאַטניקעס, האָב איך אויסגערופן מיט פרייד: „כל דכפין — ייתי ויכל".

דאָס זיינען געווען מיינע „זיבן גוטע יאָר", אָבער ביי מיר האָבן זיי אָנגעהאַלטן נאָר 10 טעג. פונקט אויפן צענטן טאָג נאָכן אָפּפאָרן פון לעצטן טראַנספּאָרט פון „האַסאַג", האָט מען אונדז גענומען אין וועג אַריין, וואוהין — האָבן מיר ניט געוואוסט. מיר זיינען דורכגעפאָרן עטלעכע ערטער לעבן שטעטל סולעיעוו, וואו עס זיינען געווען עטלעכע אַרבעטפּלעצער. דאָרטן האָב איך געטראָפן די שידלאָווצער, וואָס האָבן פריער געאַרבעט אין ווערק „בע": שמשון אָסטראָוויעצקי, די ברידער פראַנענבערג, די קינדער פון מאיר סטאַלאַזש און בן־ציון ראָזענבערג.

אין דאָזיקן אָרט האָבן מיר שוין געזען קלאָר, אַז דער פראָנט איז גאָר נאָענט צו אונדז און סאָוועטישע אעראָפּלאַנען באַווייזן זיך שוין אַרום.

אין דאָזיקן לאַגער האָט מען זיך לאַנג ניט פאַרהאַלטן. מען האָט אונדז פון דאָרטן אָפּגעפירט אין לאַגער טשענסטאָכאָוויאַנקע, ניט ווייט פון טשענס־טאָכאָוו. דאָ האָב איך געטראָפן פיל שידלאָווצער, וואָס זיינען אַהער אָנגעקומען מיטן ערשטן טראַנספּאָרט פון „האַסאַג". דאָ האָבן מיר אויך געטראָפן דעם דייטשן מייסטער פון „האַסאַג", דעם גראַנאַטן־דירעקטאָר שמעכער. איצט איז ער גאָר אַן אַנדער מענטש. דאָס עסן איז דאָ בעסער. יידישע פרויען גיבן אַרויס דאָס עסן. ס'איז גאָר אַן אַנדער לעבן. איך ווער צוגעטיילט מיט מיין פריינד משה קופערבערג צו צעלאָזן קאַלך, וואָס דאָס איז נישט שווער. אַ פּאָר טעג האָב איך געהאַט גאָר אַ לייכטע אַרבעט: נייען היטלען און דערנאָך — צו באַוואָרענען קאַרטאָפל קעגן ווינטער. קיין הונגער האָבן מיר שוין דאַן ניט געליטן.

דאָ האָב איך ווידער געטראָפן נתן פרייטאַג, משה לינדזן, שמואל יאַנקל צוקער און אברהם בער ווסטאַנשקע.

אָנהייב דעצעמבער 1944 איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אַבלאַווע — מען האָט געכאַפּט מענטשן און זיי אָפּגעשיקט קיין בוכענוואַלד. אין צווייטן טראַנספּאָרט קיין בוכענוואַלד, פון 15טן יאַנוואַר, בין איך אַריינגעפאַלן. דאָ האָב איך ווידער געטראָפן משה קופערבערג, אברהם און זעליק שאַדמאַן, משה לינדזן, שמשון אָסטראָוויעצקי און בן־ציון ראָזענבערג.

אונדזער נייער לאַגער האָט געטראָגן אַ ראָמאַנטישן נאָמען „לאורא" ביים שטעטל לעהעסטען אַן די סאַלע. מיט מיר זיינען געווען שמשון אָסטראָ־וויעצקי, באָריס בלום, שלום העשקאָפּ.

דאָ איז ניט געווען אַזאַ טויט־דיסציפּלין, ווי אין די פריערדיקע לאַגערן. אין דער לופטן האָט געשמעקט מיט באַפרייאונג, אויב זי זאָל נאָר ניט פאַרשפּעטיקן אויף אַ מינוט. דער לאַגער־קאָמענדאַנט, אַ הויכראַנגיקער ס"ס־מאַן, איז ניט געווען קיין צו שלעכטער.

איך האָב דאָ געאַרבעט ביי פאַרשיידענע זאַכן — בעסער און לייכטער, ווי אין די פריערדיקע לאַגערן.

ווען די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט זיך גענומען דערנענטערן צו אונדז, האָט מען אונדז אויף גיך אַרויפגעפּאַקט אויף לאַסטאויטאָס און נאָך לאַנגע אַרומפּאָרענישן געבראַכט אין טרויעריק־באַקאַנטן קאַצעט דאַכאַו. די יידן האָט מען אָפּגעטיילט אין אַ באַזונדער לאַגער הינטער דער שטאָט מיטן נאָמען אַלאַך. איך האָב דאָרטן געטראָפן די שידלאָווצער נאָטע סטאַל, משה גאָלדבערג און יאַנקל לוסטמאַן.

די אַמעריקאַנער באָמבעס האָבן אונדז דאָ אָפּט „באַזוכט". מיר זיינען געווען אויף צרות. מיטן עסן איז דאָ געווען שלעכט. מענטשן זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער. ס'אַ גליק, אַז דעם 21סטן אַפּריל 1945 האָט מען אונדז אַרויסגע־נומען פון דאַנען, ווייל מיר וואָלטן דאָ ניט אויסגעהאַלטן. אַרומפּאָרנדיק לאַנג האָבן מיר סוף־כל־סוף זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ באַנסטאַנציע סטאַלטאַך.

זונטיק, דעם 29סטן אַפּריל, זיינען אָנגעקומען ווייסע לאַסטאויטאָס פון שווייצאַרישן רויטן קרייץ און געבראַכט אונדז שפּייזפּאַקעטן. זיי האָבן געוואָרנט, אַז מען זאָל זיך ניט צוכאַפּן צו די זיסקייטן, ווייל דאָס קען ווערן געפערלעך פאַרן געזונט. אַנדערע האָבן זיך ניט צוגעהערט צו די וואָרענונגען, דעריבער האָבן הונדערטער פון אונדז ניט דערוואָרט די גאולה, וואָס איז געקומען פאַר די לעבן־געבליבענע דעם 30סטן אַפּריל 1945, ווען די אַמעריקאַנער באַפרייערס זיינען געקומען צו אונדז. אַ סך פון אונדז זיינען פון משוגענער פרייד געפאַלן און געקושט די פיס פון די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן.

ס'איז גרויס די פרייד, אָבער געמישט מיטן טיפסטן טרויער אויפן אומקום פון אונדזערע טייערסטע און ליבסטע.

אברהםווייסבראָט

# אין געטאָ, באַהעלטעניש און לאַגער



איך דערמאָן זיך דעם שוואַרצן פרייטיק פון ערשטן סעפּטעמבער, ווען דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז די דייטשע אַרמיי איז אַריבער די פּוילישע גרענעץ און אָנגעהויבן איר מאַרש פון פייער און שווערד. כאָטש שידלאָווצע האָט זיך געפונען ווייטלעך פון דער גרענעץ, איז אונדזער באַנסטאַציע גלייך געוואָרן באָמבאַרדירט און די פיינדלעכע אַעראָפּלאַנען האָבן אָנגעהויבן קרייזן איבער אונדזער שטעטל.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די יוגנט און דערוואַקסענע מענער, וועלכע זענען נישט מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, אָנגעהויבן אַנטלויפן. עטלעכע צענדליק האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן ראַדעמער וועג און עלף ביי נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש. אונדזער פירער איז געווען משה צוקער. דער ציל איז געווען לובלין. איך גופא האָב געטראַכט וועגן דערגיין ביז וואַרשע, וואו עס איז געווען מיין שטענדיק וואוינאָרט אין די לעצטע צוועלף יאָר.

די ערשטע עטלעכע צענדליק קילאָמעטער האָבן מיר גאַנץ גיך דורכגעמאַכט. אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען קיין ראַדעם און דאָ האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר אונדז דאָס ערשטע מלחמה־בילד: פאַרברענטע הייזער, צעשטערטע גאַסן, דאָס לופטפעלד באָמבאַרדירט.

פון ראַדעם האָבן מיר זיך געלאָזן קיין קוזעניץ, אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז נישט געווען וואוהין צו גיין, ווייל די דייטשן זענען פאַרלאָפן דעם וועג.

דער וועג צוריק איז געווען נאָך מערער געפערלעך. עס זיינען אָפט געפאַלן באָמבעס איבערן קאָפּ. מיר האָט זיך איינגעגעבן אַרויפצוכאַפּן אויף אַ פויערשן וואָגן און דערפאָרן ביז שוויערטשיק. דער פויער האָט געהאַלטן, אַז אַ דאַנק מיר איז ער אַ לעבעדיקער אָנגעקומען אַהיים און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז צו יעדער צייט, ווען איך וועל זיין אין סכנה, וועט ער מיר העלפן. און דער פויער האָט שפּעטער געהאַלטן זיין וואָרט.

ווען איך בין געקומען צוריק קיין שידלאָווצע, האָב איך שוין געפונען די אַלע היטלעריסטישע גזירות קעגן יידן, וואָס וועגן זיי האָבן שוין אַנדערע באַשריבן אין אונדזער יזכור־בוך.

די גזירות האָבן געבראַכט דערצו, אַז יעדער טאָג זאָל ווערן שווערער צו קריגן שפייז, אָבער יידן, דער „עם קשה עורף", האָבן זיך ניט אונטער־געגעבן. מען האָט אומלעגאַל איינגעקויפט רויע פעל און אין פריוואַטע הייזער געווייקט, געטריקנט און אויסגעאַרבעט ווייכע לעדער. ביים אַריבערפירן עס אין אַנדערע שטעט האָט מען אויף זיך אַרומגעוויקלט עטלעכע פעלן.

מען האָט אויך געמאַכט טאָפּלטע דעקן אין די וועגענער, וואו מען פלעגט באַהאַלטן פאַרשיידענע סחורות. דאָס האָט געשמעקט מיט טויט, אָבער יידן האָבן ריזיקירט.

* * *

## לאַגער יאָזעפאָוו

זומער 1940 האָט מען 12 הונדערט יידן אַוועקגעפירט קיין יאָזעפאָוו און יאַנישעוו. דער לאַגער יאָזעפאָוו אין געווען אין אַ שול. אַנדערע האָט מען אַריינגעשטופּט אין אַ פערדשטאַל, וואו מען האָט אויף גיך צונויפגעקלאַפּט געלעגערס פון עטלעכע ברעטער. אַן שטרוי פון אונטן און אַן צודעק זענען מיר געשלאָפן נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. אַ שטיקל שוואַרצברויט מיט אַ ביסל וואַסערדיקער זופּ איז געווען אונדזער עסן. אַרבעטן האָט מען געצוואונגען 10 שעה אַ טאָג ביים רעגולירן די ווייסל. די נאָרמע איז געווען: אַריבערצופירן 80 טאַטשקעס מיט ליימיקער ערד פון ברעג טייך. מענטשן פלעגן פאַלן פון די פיס, חלשן. עס איז נישט געווען די מינדסטע סאַניטאַרע הילף.

אַ געוויסע צייט האָט דער שידלאָווצער יודענראַט געהאַט די דערלויבעניש אונדז צוצושיקן וועש, שפייז און מלבושים. דאָס האָט זייער שטאַרק אונדז געהאָלפן אין יענע ביטערע באַדינגונגען.

אין טיפן האַרבסט, ווען דער באָדן האָט אָנגעהויבן פאַרפרוירן ווערן, האָט מען אַלץ געטריבן יעדער טאָג צו דער אַרבעט אין קאַנאַל, וואו מיר זיינען געשטאַנען אין וואַסער און אַרויסגעוואָרפן די בלאָטע.

מען האָט אונדז צוגעזאָגט צו באַפרייען נאָך די ערשטע פיר וואָכן אין לאַגער אין יוזעפאָוו. עס זיינען אַוועק דריי חדשים און מען האָט נישט געזען קיין סוף. דאַן האָבן מיר גענומען אַליין זיך באַפרייען. יעדער טאָג זיינען עטלעכע אַנטלאָפן. דאָס איז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט, ווי עס רעדט זיך, אָבער מען האָט ריזיקירט. עטלעכע זיינען געפאַלן.

איך מיט עוזר קאָרנברויט זיינען צוזאַמען אַנטלאָפן. ווען מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג ווייסל, ביי טאַרלע, האָט אַ פויער מיט אַ שיפל אונדז

אַריבערגעפירט אויף דער אַנדערער זייט. דאָן האָבן מיר געוואַנדערט דורך דערפער, געשלאָפן אין פויערשע כאַטעס, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין דרילטש. דאָרט האָבן ייִדן אונדז באַזאָרגט אַ פור, וואָס האָט אונדז צוגעפירט קיין שידלאָווצע.

* * *

## דער לאַגער אין יעדלנע (יעלנע)

אין אַפּריל 1942 האָט מען ווידער אַרויסגעריסן עטלעכע הונדערט ייִדישע מענער. איך רוף דאָס אָן „אַרויסגעריסן", ווייל דאָס מאָל האָט זעלטן ווער זיך אַליין צוגעשטעלט. עס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט באַוואָפנטע דייטשן און ווי ווילדע חיות זענען זיי געלאָפן אין די שטיבער, געשלאָגן מיט שטעקנס און קאָלבעס, געכאַפּט יעדן, וואָס זיי האָבן באַגעגנט, און אַריינגעשלעפּט אין לאַסטאויטאָס. אויף איינעם פון די אויטאָס איז געשטאַנען אונדזער רב ר' חיים ראַבינאָוויץ מיט אַ צעבלוטיקטן קאָפּ. אַלע אַרום האָבן מיט צער און אַראָפּ־געלאָזטע אויגן צוגעזען דאָס טראַגישע בילד. דעם רב האָבן זיי שפּעטער באַפרייט, אָבער זיין זון פון 15־14 יאָר איז מיטגעפאָרן צוזאַמען מיט אַלע דערוואַקסענע.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער יעדלנע (לעבן ראָדעם), האָבן מיר געטראָפן ניי־אויפגעשטעלטע באַראַקן אויף אַ פעלד. ווי ווייט דאָס אויג האָט געקענט גרייכן, האָט מען נישט געזען קיין צייכן פון קיין לעבעדיק באַשעפעניש. קיינער האָט נישט געהיט און עס זיינען נישט געווען די גוט־באַקאַנטע שטעכיקע דראָטן.

צום אַרבעטפּלאַץ איז געווען אַ מרחק פון 3־4 קילאָמעטער. דער וועג האָט געפירט דורך אַ געדיכטן סאָסנעוואַלד. אין זומער, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָט מען זיך אָפּגעפרישט מיט דער ריינער לופט. ווען עס זענען געווען קאַלטע טעג, האָבן מיר אונטערגעהאַקטביימער, צעשניטן, געברענגט אין לאַגער און אָנגעהייצט די אויוונס.

באַשעפטיקט זיינען מיר געווען ביים בויען אַ באַנליניע. די אַרבעט איז געווען אומגעהייער שווער. מען האָט געדאַרפט אַריבערטראָגן אייזערנע שינעס, וואָס זענען געווען צו שווער פאַר די אויסגעהונגערטע קערפּערס. ווען מען איז געקומען פון דער אַרבעט אין די באַראַקן, האָט מען זיך געפילט פריי, ווייל קיינער האָט נישט געהיט. אין די אָוונטן זענען מיר געזעסן און געשמועסט, אַפילו געזונגען, און געפּרואווט פאַרגעסן די צרות.

אין יעדלנער לאַגער זיינען געווען צוזאַמען מיט מיר: יאַנקל בינשטאָק, שיע זינגפויגל, יאָסל צימערמאַן און לעאָן קאַפּלאַן פון קראָקע — אַ יונג אַ קראַסאַוויעץ, מיט שוואַרצע געקרייזלטע האָר און בלויע אויגן, שטענדיק לעבעדיק, אַז עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף אים.

נישט ווייט פון אונדזער אַרבעטספּלאַץ האָט געוואוינט אַ יידישע פאַמיליע, זייער פריינדלעכע מענטשן. איך מיט לעאָן קאַפּלאַנען פלעגן דאָרט אָפט קומען. זיי פלעגן פאַר אונדז איינקויפן אין שטאָט פאַרשיידענע זאַכן און אויך אָוועקגעגעבן וועש צו וואַשן. האָט זיך געטראָפן איין מאָל, אַז צוויי געשטאַפּאַליט זיינען אַריינגעקומען אין הויז, ווען לעאָן האָט זיך דאָרטן געפונען. ער האָט געפּרוּווט אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער, אָבער די מערדערס האָבן אים אויפן אָרט דערשאָסן.

אין יעדלנער לאַגער איז נישט געווען קיין שום מעדיצינישע הילף. ווער עס האָט זיך געפילט קראַנק, איז נישט אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט. איין מאָל איז געקומען אַ מיליטערישע אינספּעקציע. די 14 יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די באַראַקן, האָבן זיי אַרויסגעפירט אין וואַלד און דערשאָסן.

ווען עס האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען צו אונדזער לאַגער, אַז שידלאָווצער געטאָ וועט אין גיכן ווערן ליקווידירט, האָב איך תיכף גענומען מאַכן פּלענער וועגן אַנטלויפן פון לאַגער און קומען אין מיין היימשטעטל. דער געדאַנק, אַז איך וועל אפשר מער זיך ניט זען מיט מיינע ליבסטע און טייערסטע, האָט מיך פּשוט משוגע געמאַכט. דאָס מזל האָט מיר דאָס מאָל צוגעשפּילט: איך האָב זיך באַקענט מיט אַ דייטשישן שאָפער, וואָס האָט, פאַר גוט געלט, מיך געבראַכט קיין שידלאָווצע.

דעם 22סטן סעפּטעמבער 1942, אויף מאָרגן נאָך יום־כיפּור, האָבן פּלוצלונג זיך צעקלונגען די גלאָקן פון די פייער־לעשערס. די שטאָט איז אַרומגעשטעלט געוואָרן פון דייטשן, אוקראַאינער און ליטווינער. די יעניקע, וואָס האָבן פּרובירט זיך אַרויסקריגן דורך זייטיקע וועגן, זענען געוואָרן דערשאָסן. אידער מען איז געקומען צו זיך און אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס עס קומט פאָר, האָבן די הענקערס זיך באַוויזן אין די שטיבער מיטן אויסגעשריי: „ראוס”, „ראוס”.

לעבן מיר איז געשטאַנען מיין מאַמע, מיט אַ זעקל אויף די אַקסלען און אַ דערשראָקענע צו מיר געזאָגט: „זון מיינער, מען מוז גיין”. באַלד איז זי פאַרשוואונדן מיטן שטראָם מענטשן...

אין זעלביקן מאָמענט איז אָנגעקומען יאַנקל בינשטאָק, מיין שוואָגערס

אַ ברודער, וועלכער האָט זיך געוואָלט געזעגענען מיט מיין משפחה. איך האָב יאַנקלען אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געזאָגט: „מיר וועלן נישט גיין. אויב ס'איז באַשערט דאָס ערגסטע, זאָל עס זיין דאָ אויף אַן אָרט", ווייל פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען די אויסזידלונג אין ראַדעם, וואָס איך האָב צוגעזען מיט וואָכן פריער.

מיר בידע, צוזאַמען מיט אברהם צייגפינגער און זיין ברודער יאַנקל, זיינען אַרויף צו מלך בראַניעווסקי, וואו עס האָט זיך געפונען אַ באַהעלטע־ניש אין אַ קעמערל. דאָס קליינע טירל איז געוואָרן פאַרהאַנגען מיט אַ לאָקשנ־ברעט. אונטן איז געשטאַנען אַ באַנק מיט עמערס וואַסער. פון אויסן האָט מען ניט געקענט באַמערקן קיין אַריינגאַנג.

אין דרויסן איז געווען אימה ופחד. מען האָט אַ קהילה יידן געטריבן צום טויט, און מיר זיינען געלעגן איינגעקוועטשט אין קעמערל, פאַרזונקען אין טרויעריקע געדאַנקען. די אויערן זיינען געווען אָנגעשפּיצט צו יעדער גערויש אין דרויסן. קיינער האָט כמעט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. ערשטנס, האָט מען מורא געהאַט; צווייטנס, וועגן וואָס איז געווען צו רעדן און וואָס פאַר אַ ווערט האָבן געקענט האָבן ווערטער, ווען מען זעט, ווי מען פירט זאונדזערע נאָענטסטע און ליבסטע צו דער שחיטה?

אויפן צווייטן טאָג, ווען איך בין אַרויס פון באַהעלטעניש צו זען אונדזער שטוב, האָב איך נישט געגלייבט די אייגענע אויגן. דער אויוון צעטומען, די בלעך פון דער קיך אַראָפּגעריסן, אַפילו די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע צעטומען. עס האָבן זיך געוואַלגערט ביכער, חומשים, מחזורים און פאָטאָגראַפיעס. אין שרעק בין איך צוריק אַרויף און שטאַרקער פאַרשפּאַרט די טיר. שפּעטער האָבן מיר דערהערט, ווי מען נעמט אַראָפּ דאָס לאָקשנברעט פון טיר. אונדזער באַהעלטעניש איז אַזוי אַרום געוואָרן דעמאַסקירט און לענגער בלייבן דאָרטן האָט מען נישט געקענט.

נישט געקוקט אויף דער גרויסער געפאַר, האָבן מיר אין מיטן טאָג פאַרלאָזט דאָס באַהעלטעניש און זיך דורכגעקראָגן דורכן שטרוימאַרק צום ראַדעמער וועג, צו אַ באַקאַנטן קריסט, קוזינסקי. ער האָט אונדז געגעבן אָפּצועסן און אויסגעפונען, ווי עס זעט אויס אַרום. מיר האָבן זיך געלאָזט דורך פעלדער קיין שוויערשץ צו אַ פויער, וועלכער האָט מיר אין 1939 צוגעזאָגט זיין הילף, ווען איך וועל זיין אין געפאַר. זיין נאָמען איז געווען וואָיטשיק. ער האָט זיך אַ ביסל געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט, ווייל מיר זענען געווען פיר מענטשן. דאָך האָט ער אונדז אָפּגעגעבן די סטאָדאָלע, וואו מיר האָבן זיך איינגעגראָבן אין שטרוי.

אַזוי איז אַדורך די ערשטע וואָך נאָכן מבול. איין טאָג איז אונדזער גאַסטגעבער געקומען אַ פאַרצווייפלטער און געזאָגט, אַז לענגער קענען מיר דאָ נישט בלייבן, ווייל ביי אַ שכן, וואו מען האָט געפונען אַ באַהאַלטענעם ייִדן, איז דאָס הויז געוואָרן אונטערגעצונדן.

כאָטש איך בין געווען קראַנק מיט הויכן פיבער, בין איך געלאָפן צוזאַמען מיט אַלע. איך האָב געפּלאָנטעט די גרופּע אַריבערצופירן קיין פּאָוולעוו. צוקומענדיק צום ברויז, האָב איך דערפילט, אַז ווייטער קען איך נישט גיין. איך בין אַריין צו אַ קריסטין בעטן הילף. ווען איך בין אַרויס צען מינוט שפּעטער, האָב איך שוין קיינעם פון מיין קאָמפּאַניע נישט געטראָפן. די פריינדלעכע קריסטין, וואָס איך געדענק ניט איר נאָמען, זעענדיק אַז איך בין געבליבן אַליין, האָט מיך נישט געלאָזט פאַרלאָזן איר הויז. כאָטש אַליין האָט זי זיך געטרייסלט אין טויטשרעק.

אין אַ נישט אויסגעענדיקט הויז בין איך אָפּגעלעגן 5 טעג. זי האָט מיך געשפּייזט און געברענגט מעדיצינען, ביז איך בין געקומען צו זיך. דאַן האָב איך איינער אַליין זיך פאַרנומען קיין פּאָוולעוו. אַן עלטערע קריסטין, אַ באַקאַנטע פון מיין מאַמען, האָט מיך האַרציק אויפגענומען און אויסבאַהאַלטן אַפילו פון איר אייגענעם מאַן, וועלכער איז געווען אַ טעמפּער פויער. ווען ער דערוויסט זיך וועגן דעם, וואָלט ער אונדז ביידן דערהרגעט.

זיבן טעג בין איך געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ קאַמער, וואו עס איז קוים דערגאַנגען טאָגליכט. ווען אַלע זיינען געשלאָפן, פלעג איך אַרויסגיין כאַפּן פרישע לופט און אויסגלייכן די ביינער.

ווידער האָט זיך איבערגעחזרט די זעלביקע געשיכטע: די שרעק פאַר די דייטשן, פאַרן אייגענעם מאַן, ווי אויך פאַר שכנים. דאָס אַלץ האָט זי נישט געלאָזט רוען. איך האָב געוואוסט, אַז די געפאַר איז זייער גרויס, האָב איך געזאָגט דער קריסטין, אַז איך האָב באַשלאָסן זיך דורכצוקריגן צום געטאָ, וואו ס׳איז נאָך פאַרבליבן אַ גרופּע ייִדן. מיט דער הילף פון דער קריסטין האָב איך זיך אָפּגערעדט מיט משה בריקס, אַז ער וועט וואַרטן אויף מיר צען אַ זייגער אין אָוונט. מיט אַ שטיקל ברויט אין קעשענע און עטלעכע עפּל, האָט מיך די איידעלע פרוי, מאַריאַ טאַרקאַ, געזעגנט. ווי אַ נאָענטע, וואָס ווייסט אַלע געפאַרן, אויף וועלכע איך בין אויסגעשטעלט, האָט זי מיר געוואונטשן גליק און זיך פאַרגאַנגען אין אַ יאָמערלעך געוויין אויף מיין ביטערן גורל.

ווען עס איז געוואָרן פינצטער, האָב איך געבלאָנקעט דורך פעלדער,

ביז איך בין געקומען נאָענט צו שידלאָווצע. אין שטאָט האָב איך מורא געהאַט אַריינצוגיין. אונטער אַ בוים אין פרייען פעלד האָב איך דורכגעוואַרט די נאַכט. ווען עס איז געוואָרן ליכטיק, בין איך אַריין אין פישל אייזענבערגס גאַרבעריי, וואו עס איז געווען איינקוואַרטירט די אַזוי גערופענע אויפרוים־קאָמאַנדע. אַלע האָבן מיך געראָטן וואָס גיכער זיך אָפּצוטראָגן, ווייל איך גיי אויף אַ זיכערן טויט. אַנדערע אַכט יידן, וואָס האָבן זיך אַריינגעשמוגלט אַהער, האָט מען מיט אַ טאָג פריער געשאָסן.

איך האָב נאָך איין מאָל ריזיקירט. געיאָגט פון אַלע זייטן, האָב איך שוין נישט געהאַט צו פיל איינצושטעלן. ווען דער קאָמענדאַנט אָסטראָוויץ האָט די קאָמאַנדע אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט, בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע. ער האָט אָפּגעגעבן דעם ראַפּאָרט אויף אַ מיליטערישן אופן פאַרן דייטשישן קאָמענדאַנט און אויסגערעכנט די צאָל פון די באַזונדערע גרופּעס. דאָ האָט ער מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף מיר, אַז איך בין אַ ניי־צוגעקומענער. נאָכן אָפּשיקן אַלעמען צו דער אַרבעט, האָט מען מיך גענומען פאַרשן: וואו און ביי וועמען איך בין געווען אויסבאַהאַלטן. ווען דורך קלעפּ האָבן זיי נישט געקענט גאָרנישט אויסגעפינען, האָט מען מיך אָפּגעפירט אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.

צוזאַמען מיט מיר האָט מען אויך געפירט משה בריקס און מאָטעק גערשאָנאָוויטש, ווייל מיט אַ נאַכט פריער זיינען זיי נישט געווען אין לאַגער בעת דער ציילונג.

עס איז געווען קלאָר, אַז מען וועט נישט מאַכן קיין געריכט מיט באַשולדיקן און פאַרטיידיקן. געזעצן האָבן נישט עקסיסטירט. יעדער, וואָס האָט געטראָגן אַ דייטשישן מונדיר מיט אַ ביקס, האָט אויף גיך, מיט אַ סעריע קוילן, געקענט אַלץ „דערליידיקן".

אין מיטן טאָג קומט אַריין אין קאַמער אַ פּוילישער פּאָליציאַנט און מעלדעט, אַז פאַר אונדז איז שוין אויסגעגראָבן אַ קבר, און אויב מען האָט געלט אָדער אַנדערע זאַכן, איז גלייכער שוין אים עס אָפּצוגעבן איידער די דייטשן. משה בריקס איז געווען מיינער אַ נאָענטער פריינד פון לאַנגע יאָרן. דערהערנדיק דאָס, זענען מיר זיך געפאַלן אין די אָרעמס, זיך צו געזעגענען אויף אייביק. מיר האָבן צוזאַמען געלעבט און צוזאַמען געזאָלט שטאַרבן.

די צייט האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. ביי יעדער טריט, וואָס עס האָט זיך געהערט אונטער דער פאַרשלאָסענער טיר, האָבן מיר אויפגעציטערט. דער בית־עולם איז געווען נאָענט און מען האָט עס געזען דורכן פאַר־

קראַטעווען פענצטער אויפן צווייטן שטאָק. אזוי זענען אַדורך עטלעכע געשפּאַנטע שעהען. פאַר נאַכט האָט זיך דערטראָגן צו אונדז אַ געשריי פון דרויסן, אַז מיר זאָלן נישט זאָרגן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אַ דייטש איז געוואָרן איבערגעקויפט דורך אַנווייזן אויף אַ באַהעלטעניש פון פאַרשיידענע סחורות אין ווערט פון עטלעכע צענדליק טויזנט זלאָטעס. דאָס איז געווען דער פּרייז פאַר אונדזער באַפרייאונג.

איך בין געוואָרן לעגאַל איינער פון דער רוים־קאָמאַנדע. ווידער פלעג איך דורכגיין די שידלאָווצער גאַסן, וואו יעדער שטיין איז מיר געווען באַקאַנט. אָבער אַלץ איז איצט אַנדערש. עס איז נישטאָ מער דער טומל אין מאַרק. מען הערט מער נישט דאָס קלאַפּן פון שוסטערשע האַמערס. פאַר־שוואונדן זיינען די ניימאַשינען פון די שטעפּערס און שניידערס. אויס־געליידיקטע שטיבער. די טירן און פענצטערס אַרויסגעריסן. קיינער רייניקט נישט אָפּ די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער פון קאַשטאַנביימער אין שולהויף. שטום און פאַריתומט קוקן די ווענט פון האַלב־פאַרברענטן בית־מדרש.

ווען מען פלעגט אונדז פירן צו דער אַרבעט אין חיים בערגמאַנס מאַגאַזין, פלעגן מיינע בליקן זיך ציען צום הויכן הויז ביים אַנהייב שטרוי־מאַרק, וואו עס האָט אַ מאָל געוואוינט מיין מאַמע. זי האָט דאָרט מער נישט געוואַשן די קאַנען פון מילך. עס האָט זיך מער נישט געהערט דאָס שטיפערישע געלעכטער פון מיין שוועסטערס טאָכטערל חיהלע. ליידיק איז געווען די שטוב פון משה אברהם שמעונס מיט זיינע פיל קינדער. נישט געבליבן קיינער פון זיינע זין, טעכטער, שנורן און אייניקלעך. פאַרוויסט און אָפּגעלאָזן איז געווען אַלץ, וואָס מיט עטלעכע טעג פריער האָט געשפּרודלט מיט לעבן.

מיר האָבן צוגעזען וויטערדיקע גרויזאַמע מערדערייען. נישט איין מאָל האָבן מיר מקנא געווען די אַרויסגעפירטע.

איין מאָל קומט אָן אַ באַפעל, אַז מען זאָל צונעמען אַ געהרגעטן. נישט ווייט פון קלויסטער,ביים דריטן קוואַל, איז געלעגן אויפן גראָז נטע שיידמאַן. ער איז תמיד געווען פלינק און דרייסט און אַזוי איז ער געבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן. ער האָט זיך געראַנגלט מיטן מערדער באַוער, ווען ער האָט פּרובירט אַריבערשפּרינגען אַ פאַרצוימונג. אָבער אַ סעריע קוילן האָבן פאַרשניטן זיין יונג לעבן.

צווייטער פאַל: מען האָט געבראַכט יחיאל נעשעס טאָכטער מיט צוויי מיידלעך פון 6 און 8 יאָר. די פרוי האָט מיר דערציילט, אַז זי איז געווען איסבאַהאַלטן מיט די קינדער אין אַן אוהל אויפן בית־עולם. ווען זי איז

אַרויס פון באַהעלטעניש צו קריגן אַ ביסל שפּייז פאַר די קינדער, האָט מען זי געכאַפּט. זי האָט געהאָפט, אַז מען וועט זי מיט די קינדער לאָזן בלייבן לעבן, אָבער צוויי טעג שפּעטער האָבן די מערדערס זיי אַרויסגעפירט און דערשאָסן. לאַנג נאָך דעם האָבן מיר אין די אויערן געקלונגען די האַרץ־רייסנדיקע געשרייען פון דער מאַמען מיט די קינדער.

גאָך אַ גרויליקן פאַל האָבן מיר דורכגעלעבעט מיט אַ ייִנגעלע פון 4 יאָר. ער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט איינער אַליין. מען האָט אים דערקענט, אַז דאָס איז לאָזער שערס אַ זון. מיר האָבן אים אַריינגענומען צו אונדז. דאָס קינד האָט זיך איינגעלעבט און געוואָרן היימיש. יעדערן פון אונדז האָט ער געוואָלט האָבן פאַר זיין טאַטן. ביסלעכווייז האָט ער פאַרגעסן זיינע ערשטע שרעק, זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן פינקלען מיט דער לעבעדיקייט פון אַ קינד. פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ טיפע איבערלעבעניש. זיבעציק פאַר־איינזאַמטע, צעבראָכענע מענטשן־רעשטלעך האָבן אין דעם קינד געזען אַ שטראַל פון האָפענונג, פון אַ נייעם לעבן, אַ מין לעבעדיקע מצבה נאָך די אומגעקומענע. יעדער האָט געזאָרגט, אַז דאָס קינד זאָל בעסער עסן און גיין ריין אָנגעטאָן. אַזוי איז דורך אַ וואָך. אין אַ שיינעם העלן טאָג קומט נטע ברויטמאַן מיט אַ באַפעל אַרויסצונעמען דאָס קינד. מיט זיין קינדערשן אינ־סטינקט האָט ער פאַרגעפילט, אַז עס דערוואַרט אים עפּעס שרעקלעכס און ער האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין. אין זיינע בליקן איז געווען אַ שטום געבעט, מיר זאָלן אים באַשיצן. אָבער קיינער האָט נישט געקענט אים העלפן. אויפן בית־עולם האָט געוואַרט אויף אים דער לאַגער־קאָמענדאַנט קאַרפּינסקי, איינער פון די גרויזאַמסטע מערדערס. ער האָט דאָס קינד אַריינ־גענומען צווישן די קני און מיט אַ סאַדיסטישן פאַרגעניגן אַריינגעיאָגט אַ קויל אין קינדס קעפּל. דאָס צאַפּלדיקע קערפּערל האָט ער מיטן פאַרבלוטיקטן שטיוול אַריינגעשטופּט אין גרוב.

נאָך אַ סך „ענלעכע סצענעס” האָבן מיר דורכגעלעבט אין די עטלעכע וואָכן, וואָס די רוים־קאָמאַנדע איז פאַרבליבן.

דעם 11טן נאָוועמבער 1942 האָט מען אונדז אַריבערגעפירט קיין סקאַר־זשיסק אין די אַמוניציע־פאַבריקן. עטלעכע זענען אַנטלאָפן אין די דערפער און וועלדער. אַנדערע האָבן געהאַט אַרישע פּאַפּירן.

מיטן אַרויספירן די לעצטע פאַר צענדליק יידן ענדיקט זיך די געשיכטע פון יידישן ישוב אין שידלאָווצע. אויף אייביק זיינען פאַרשניטן געוואָרן גאַנצע דורות יידן, וואָס האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן אויפגעשטעלט אַ שיינע יידישע קהילה, ביז דער טעווטאָנישער באַרבאַר האָט זי חרוב געמאַכט לעולם ועד.

עוזר גרונדמאַן (ישראל)

# אין געטאָ און קאַצעטן

דאָס ווייטערדיקע באַזירט זיך אויפן גביית־עדות, וואָס ע. גרונדמאַן האָט אָפּגעגעבן אין „יד ושם", ירושלים, אין מערץ 1966 — רעד'.

אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט זיך יעדערער געטראַכט, אַז דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקע זאַך — עס וועט נעמען אַ חודש, דריי חדשים, אַ האַלב יאָר און ס'וועט זיך ענדיקן. מען האָט געהרגעט דאָ אַ מענטש, דאָרטן אַ מענטש, אָבער דאָס האָט נאָך אַלץ ניט געגעבן קיין גרונט צו טראַכטן וועגן אַנטלויפן.

די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט אַ יודענראַט. דער ערשטער פאָרזיצער זיינער איז געווען אברהם רעדליך. אַ קורצע צייט נאָך דעם איז דער אַמט אַריבער צו ירחמיאל מאָרגנבעסער, וואָס איז געווען דער מוהל פון שטאָט. דער יודענראַט, און בפרט מאָרגנבעסער, פלעגן אַ סך העלפן, וואו נאָר זיי האָבן געקענט, כאָטש דאָס האָט געשמעקט מיט גרויס געפאַר.

איין מאָל זיינען דייטשן געקומען ביי נאַכט צו אַ יידן און זיי האָבן געפונען ביי אים גאָלד און אַנדערע זאַכן, וואָס מען האָט ניט געטאָרט האָבן, האָט מען אַליאַרמירט מאָרגנבעסערן און ער האָט עס „אויסגעגליכן".

גאָר אַן ערנסטער פאַל האָט זיך געטראָפן מיט ר' אַלטער פרידמאַן. אַ דייטש האָט געמסרט אויף אים, אַז ער האָט גערעדט קעגן דייטשלאַנד. מען האָט דעם יידן מיט זיין זון איבערגעגעבן צו אַ מיליטער־געריכט אין ראָדעם און זייער גורל איז שוין געווען אַ געחתמעטער. ווען אַנדערע מיטלען האָבן שוין ניט געהאָלפן, האָט מאָרגנבעסער געטאָן די ריזיקאַלישסטע זאַך. ער האָט דירעקט זיך געווענדט צום פאָרזיצער פון מיליטער־געריכט וועגן ענין און דורך „מתנות" האָט זיך אים איינגעגעבן צו ראַטעווען בידע יידן. [אין א. פינקלערס באַשרייבן דעם זעלביקן ענין איז פאַראַן אַן אַנדער ווערסיע וועגן דעם — רעד'.]

די דייטשן האָבן קודם־כל געזוכט צו דערשטיקן דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן אין שטעטל, אָבער עקאָנאָמיש האָבן זיי תחילת ניט אַזוי שטאַרק געדריקט — און דאָס איז ניט אַזוי, ווי עס איז געשען אין אַנדערע ערטער אין פוילן. אָבער אויך דאָ האָבן זיי געאַרבעט מיט דייטשישער סיסטעמאַטיש־קייט. אין אָנהייב האָבן זיי ביי אונדז אפילו קיין געטאָ ניט געמאַכט. זיי

האָבן דערלויבט צו פאָרן פריי האַנדלען, דערנאָך האָבן זיי געפאָדערט דערלויבענישן אויף דעם, אָבער די דערלויבענישן האָבן זיי געגעבן.

למשל: ביי אונדז אין שטוב זיינען געווען 4 רייזע־דערלויבענישן צו פאָרן מיט דער באַן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק אין קראָקע. אָבער דערנאָך האָבן זיי דאָס ביסלעכווייז אַלץ ליקווידירט.

דאָ דאַרף מען דערציילן וועגן אַן אויסערגעוויינלעכער זאַך אין שיד־לאָווצע בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע.

ביי אונדז האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע, אונטער דער פירערשאַפט פון אַ יידן, וואָס איז ניט געווען קיין שידלאָווצער. ער איז גאָר געווען אַ געבוירענער אין ווין און גערופן האָט מען אים מתתיהו. איך ווייס אפילו ניט זיין פאַמיליע־נאָמען, כאָטש ער איז געווען מיין רבי און חבר און מיר האָבן געגעסן און געשלאָפן צוזאַמען. מען האָט אים גערופן מאַקס ווינער. [זיין אמתער נאָמען איז געווען: געלמאַן. מערער וועגן אים איז דערציילט אין פרידענזאָנס אַרטיקל — רעד׳]. דריי חדשים פאַרן קריג האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון שידלאָווצער יחזקאל בלומענטאַל.

מתתיהו איז געווען אַ ייד, וואָס ביז 16־17 יאָר האָט ער אפילו ניט געוואוסט, וואָס אַ ייד איז. ער איז געווען אין גאַנצן אַסימילירט. אויף זיינעם אַ טור אין קראָקע האָט ער צום ערשטן מאָל געזען דאָס רעליגיעזע לעבן פון די יידן, דער עיקר פון די גערער חסידים. די גאַנצע אַטמאָספער האָט אים שטאַרק פאַרכאַפּט, ער איז מער ניט געפאָרן אַהיים צו זיין רייכן אַסימילירטן טאַטן. ער איז געבליבן ביי די גערער — און אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער געוואָרן דער שטאָלץ פון די גערער חסידים אין פּוילן. ער האָט געהאַט אַ גאונישן קאָפּ.

אָט דער בחור האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן דאָס רעליגיעזע לעבן אין שידלאָווצער געטאָ, אין דער שטיל, פאַרשטייט זיך. ער האָט גערופן מיך און נאָך עטלעכע בחורים, זיינע צוויי שוואָגערס און אונדז דערקלערט, אַז אַזוי קען ווייטער ניט גיין. די ערשטע זאַך מוז מען גלייך אויפשטעלן אַ „חדר". ער איז געווען מיט 5 דערוואַקסענע, און איך, נתן ערליך, יוסף בראַנעס, הערשל טענענבוים און נאָך אַ פּאָר האָבן אָרגאַניזירט אַ בית־ספר פאַר קינדער פון 12־14 יאָר. מיר האָבן זיי פונאַנדערגעטיילט אויף כיתות. די דאָזיקע שול האָט עקסיסטירט ביז דער אויסזידלונג.

תחילת האָבן מיר געטראַכט נאָר וועגן אַ שול אין שידלאָווצע גופא. די באַדינגונגען זיינען ניט געווען צו שלעכט. די יידישע פּאָליציי האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק, דאָס זעלביקע — דער יודענראַט. מען האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט אין אַנדערע ערטער, זיינען בחורים געקומען צו אונדז פון לאָדזש, פון וואַרשע און נאָך שטעט.

שידלאָווצע איז געוואָרן אַ מין חסידישער אונטערגרונט־צענטער, וואָס האָט געצויגן אַ סך חסידישע לייט צו קומען צו אונדז.

אָבער שפּעטער האָבן מיר זיך ניט באַנוגנט בלויז מיט שידלאָווצע. מיר פלעגן אַרויספאָרן אין אַרומיקע ערטער און אָרגאַניזירן ענלעכע זאַכן. איך אַליין בין געווען אין קעלץ און אין וועראזבניק און דאָרטן אויפגעשטעלט צוויי לערנערטער.

מיט די פרעמדע בחורים איז געווען אַ פּראָבלעם: וואו לייגט מען זיי און ווי האַלט מען זיי אויס? איז מיט נאַכטלעגערס האָבן מיר זיך אַן עצה געגעבן: מען האָט זיי איינגעאָרדנט אין פאַרשיידענע הייזער, אָבער מיטן עסן איז געווען אַ צרה. אָבער אויך דאָס האָבן מיר געלייזט — מיר האָבן געפּועלט ביי די בעקערס, אַז זיי זאָלן זיך מתחייב זיין אַ לעבל אָדער צוויי ברויט אַ וואָך, די קצבים — עטלעכע פונט פלייש. און דאָס האָט געאַרבעט, זיי האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט צו העלפן.



די געוועזענע שטאָטשול געזען פון בית־עולם זייט.

אויך נדבות זיינען געווען מערער, ווי מיר האָבן זיך לכתחילה פאַר־געשטעלט. איך וועל דערמאָנען עטלעכע פון די געבערס: יחיאל אַדלער, יצחק שטיינמאַן, מאַרגנבעסער, איין איזענבערג און חיים גאָלדבערג.

פאַרשטייט זיך, מען האָט אונדז ניט איין מאָל געכאַפּט צו דער אַרבעט. יעדער ייד פון 14 יאָר און עלטער האָט געדאַרפט האָבן אַן אַרבעטס־קאַרטע און מיט דעם זיך שטעלן יעדע וואָך צו דער אַרבעט.

אין אונדזער שטוב האָט מען נאָך די ערשטע צייטן געלעבט ניט שלעכט, געלט איז אויך געווען, איז אַז מען האָט געדאַרפט זיך שטעלן צו דער אַרבעט, פלעגן מיר דינגען עמעצן און זיך אויסקויפן פון דער אַרבעט. שפּעטער האָט דער אַרבעטס־אַמט אָנגעהויבן מאַכן צרות פאַרשיידענע און מען האָט אויך ניט געלאָזן אויסקויפן זיך פאַר געלט פון דער אַרבעט, וואָס פון דעם האָט געגנאַסן ניט בלויז דער אויסגעקויפטער, נאָר אויך זיין פאַר־טרעטער, וואָס איז געווען אָרעם און דורך דעם פלעגט ער האָבן אַ שטיקל פרנסה.

איין טאָג האָט מען מיך און נאָך אַנדערע, וואָס האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, אַוועקגעפירט אין לאַגער יעדלנע. ס׳האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט און איך און דריי חברה זיינען אַנטלאָפן און מיט צרות און דורך אַ ריי סכנות זיך דערשלאָגן צוריק קיין שידלאָווצע. מיין ברודער, וואָס איז אויך געווען אין דעם לאַגער, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין צוזאַמען מיט אונדז.

אָבער אין עטלעכע וואָכן אַרום איז געקומען די אויסזידלונג פון שידלאָווצע. אויף דעם בוידעם פון אונדזער הויז האָבן מיר געהאַט אַ שטיקל מאַלינע, זיינען מיר אַרויף דאָרטן — איך, מיינע עלטערן, מיין שוואָגער און מיין שוועסטער מיט אירע צווי קליינע קינדער. מיר האָבן געקוקט דורך די שפּאַלטן און געזען, ווי מען פירט יידן פון אַלע זייטן. טייל פון געפונענע באַהאַלטן האָט מען געשאָסן אויף אַן אָרט. די שיסערס זיינען געווען ס׳רוב ליטווינער, אָבער אויך אוקראַאינער האָבן אַ חלק אין די רציחות.

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט געפונען אונדזער באַהעלטעניש. די שפּעטער־געפונענע אין באַהעלטענישן האָט מען שוין ניט געהרגעט, נאָר אָפּ־געפירט אין אַ פאַרלאָזנעם טאַרטאַק, וואָס האָט אַ מאָל געהערט צו פינקערטן.

די אַלע פאַרהאַלטענע ביי פינקערטן האָט מען ווידער אַ מאָל אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק, אַחוץ אַ 50־60 יידן, וואָס די דייטשן האָבן איבערגעלאָזן אויף צוזאַמענקלייבן דאָס איבערגעבליבענע האָב־און־גוטס.

אין סקאַרזשיסק בין איך געבליבן אַרום צוויי יאָר. אין יולי־אויגוסט

1944 האָט מען ליקווידירט דעם סקאַרזשיסקער לאַגער און מען האָט אַ טייל אַריבערגעפירט קיין טשענסטעכאָוו. מיך האָט מען אָפּגעשיקט אין אַ טראַנס־פּאָרט קיין בוכנוואַלד, דערנאָך קיין שליבן און צום סוף אין טערעזיענשטאַט, וואו איך בין באַפרייט געוואָרן.

עלקע זילבערמאַן־גאָלדבערג

# ווי אַזוי מיר האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט



איך קען נאָך ביז היינטיקן טאָג נישט באַגרייפן, ווי אַזוי איך און מיין מאַן האָבן איבערגעלעבט דעם היטלער־חורבן. קיין „העלדן" זיינען מיר קיין מאָל נישט געווען. קיין שטאַרקע „עלנבויגנס" זיך צו קענען שטופן האָבן מיר ניט געהאַט. קנאַפּע „אויסטויגערס" אין אַלץ. ווי האָבן מיר, צוויי קליינע, שוואַכע מענטשעלעך, געקענט דורכטראָגן דעם שרעקלעכסטן שטורעם אין דער מענטש־לעכער געשיכטע?

מיר זיינען געווען יונג און נאַאיוו איינגעגלייבט אין מענטשן, אין דער גוטסקייט פון מענטשן. פּלוצעם האָט אָנגעשטורעמט אויף אונדז די שרעק־לעכסטע מענטשלעכע אַכזריות — און מיר האָבן ניט צוזאַמענגעבראָכן? ניט געפאַלן גלייך אין די ערשטע טעג? געלט און צירונג, וואָס זיינען אין דער דאָזיקער צייט פון מאָרד און טויט געווען נאָך מער ווי אַלע מאָל פון די עפעקטיווסטע מיטלען אין קאַמף פאַרן לעבן, האָבן מיר ניט געהאַט, און אויך ניט קיין פּראָטעקציעס. טאָ ווי האָבן מיר פאָרט דערגרייכט אַ בשלומדיקן וועג אין די אַלע שטורעמדיקע כוואַליעס עינויים, מאָרד און אויסראָט?

**דער איינציקער ענטפער איז: מיר זיינען געשליידערט געוואָרן דורכן בלינדן גורל, געוואָרפן געוואָרן ווי אַ שיפעלע אויף אַ צעברויזטן ים, און דער צופאַל האָט צוגעהאָלפן און מיר זיינען ניצול געוואָרן פון אַלע סכנות.**

* * *

פרייטיק, ערשטער סעפּטעמבער 1939. אַ שיינער זוניקער טאָג. באַלע־באָסטעס זיינען פאַרנומען מיטן „אַריינברענגען" דעם שבת. אָבער אין מיטן האָט דער ראַדיאָ געבראַכט די ביטערע נייעס, אַז די דייטשן זיינען אַריבער די גרענעץ, באַמבאַדירן פּוילישע שטעט און גייען כסדר פאָרויס. אַ שרעקלעכע אומרואיקייט נעמט אַרום אַלע יידן אין שטעטל.

פרייטיק, דעם 8טן סעפּטעמבער, ווערט פּלוצעם אַ געלויף פון מענטשן. מיליטער וואַרפט אַוועק דאָס געווער. אָפּגעלאָזענע פערד לויפן צעוויל־דעוועט. אַלע לויפן צום ראַדעמער וועג. מען הערט שרעקלעכע שיסערייען פון יענער זייט, אָבער קיינער ווייסט ניט וואָס דאָס באַדייט. ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אין סמאָלאַרנעם וואַלד, צווישן סקאַרזשיסק און שידלאָווצע, זיינען פאָרגעקומען שווערע שלאַכטן, ווייל דאָס פּוילישע מילי־טער האָט דאָרטן געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד דער דייטשער בליצ־מאַשין.

שבת אין דער פרי איז דאָס דייטשישע מיליטער אַריין אין אונדזער שטעטל. ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, ווי מען האָט דערפילט די שווערע לאַפּע פון דער אָקופּאַציע־מאַכט: קאָנטריבוציעס, אויסנאַם־צושטאַנד, פאַר־באָט אַרויסצוגיין אין גאַס נאָך זעקס אין אָוונט, אויפהעצערישע „שטיר־מער"־פּלאַקאַטן אויף די ווענט און דער ערשטער געפאַלענער קרבן, נטע ריכטער.

גיך זיינען אָנגעקומען די ימים נוראים. שידלאָווצער יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן, וועלן אייביק געדענקען דעם ערשטן יום־כיפור אונטער דער נאַצישער ממשלה.

דייטשישע סאָלדאַטן זיינען אַריין אין בית־המדרש, אין שול און אין אַלע "שטיבלעך", וואו יידן האָבן געדאַווענט. זיי האָבן אַלעמען אַרויס־געטריבן אין די טליתים און קיטלען. די יידן האָבן באַקומען בעזעמער און געמוזט רייניקן די גאַסן. דערביי האָט מען געשלאָגן, געחוזקט און זיך איזדעקעוועט אויף פאַרשיידענע סאַדיסטישע אופנים.

שרעקלעך איז געווען צו זען ווי דער רב, ר' חיים ראַבינאָוויטש זצ"ל, אַ הויכער געשטאַלטיקער מאַן מיט אַ הדרת־פּנים, אָנגעטאָן מיטן טלית און קיטל מיט דער זילבערנער עטרה, קערט די גאַס. און די רוצחים לאַכן און רייצן זיך: „זע, ווי דיין גאָט קען דיר העלפן!"... האָט ווער געוואָלט דעם רב פאַרטרעטן, האָט ער באַקומען געשלאָגן.

מיטן אָנקום פון ווינטער איז די לאַגע נאָך ערגער געוואָרן: די

געשעפטן געשלאָסן, די פאַבריקן און וואַרשטאַטן פאַרמאַכט, די שפּיז־ראציעס קליינע — הונגער האָט זיך גענומען לאָזן פילן אין שטעטל. צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען אַ נייע צרה: אַ פּאָר הונדערט פּוילישע פאַמיליעס פון פּויזנער געגנט. מען האָט זיי געמוזט איינקוואַרטירן צווישן דער געדיכטער יידישער באַפעלקערונג. די גרעסטע מערהייט פון זיי זיינען געווען אָנגעזאַפּט מיט אַנטיסעמיטישן גיפט. מ'האָט זיי גערופן די „אָבאַרניקעס". זוכנדיק מיט וואָס זיך צו באַשעפטיקן, זיינען זיי געקראָכן אין יעדער געסעלע און ווינקל פון שטעטל, געזען וואָס יעדער ייד טוט צו פאַרדינען אויף חיונה, און לויטן געזעץ איז דאָך יידן אַלץ געווען פאַר־ווערט, האָט מען זיי געמוזט געבן כאַבאַר. דער בעקער האָט געמוזט געבן ברויט, דער קצב — פלייש און אַזוי ווייטער. ס'זיינען ווייניק געווען איי־גענע מוסרים, האָט מען נאָך צוגעקראָגן די „אָבאָרניקעס" פאר אַ צוגאָב.

גזירות אויף גזירות האָבן זיך געשאָטן. איינע פון זיי איז געווען דער באַפעל, אַז יידן מוזן טראָגן אַ בלויען מגן־דוד אויסגענייט אויפן לינקן אָרעם. צוליב דעם האָב איך איין מאָל שיער ניט פאַרלאָרן מיין לעבן.

מיין שוועסטער ביילע האָט איין מאָל באַקומען אַ צעטל פון דער פּאָליציי, אַז זי דאַרף באַצאָלן אַ פּאָר זלאָטעס שטראָף פאַר עפּעס אַ קליינעם חטא. בין איך געגאַנגען צו דער פּאָליציי בעטן עס צו אַנולירן, ווייל ס'איז ניט געווען פון וואַנען צו באַצאָלן. מען האָט געלעבט אין דחקות און גע־הונגערט. אָבער אָנשטאָט מיך אויסצוהערן, ווער איך גאָר פאַרהאַלטן און אַריינגעזעצט אין אַרעסט־צימער. פאַר וואָס? פאַר ווען? ערשט איך טו אַ קוק: כ'האָב ניט די מגן־דוד־לענטע אויף מיין אָרעם. ס'ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן. וואָס טוט מען? כ'בין פאַרצווייפלט. פאַר אַזא זינד קען מען קריגן טויטשטראָף. איך גיי צו צום פענצטער און דערזע, אז מיין שוועסטער רבקהס קינדער, חייטשע און מלכהלע, שטייען פון דער ווייטנס און פרעגן זיך אויף שטום־לשון, וואָס ס'איז געשען. איך ווייז זיי אויף מיין לינקן אָרעם. זיי האָבן דאָס באַלד פאַרשטאַנען, געלאָפן און געבראַכט אַ לענטע.

אָבער ווי אַזוי קענען זיי עס מיר איבערגעבן, אַז די פּאָליציי און פאָלקס־דייטשן זאָלן ניט באַמערקן? אַזוי ווי מיר שטייען און קלערן עפּעס אַן עצה, איז עפּעס ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַ פּויליש ייִנגל, אַ געוועזענער סטודענט, און געזאָגט: „שווייגט שטיל — מען וועט עפּעס טאָן". ער ווערט ערגעץ וואו פאַרשוואונדן און באַלד קומט ער צוריק מיט אַ לאַנגן דראָנג. ביים שפּיץ פון דראָנג האָט ער צוגעטשעפּעט

די לענטע און אַזוי עס מיר דערלאַנגט ביזן 2טן עטאַזש. מיט מיר צוזאַמען איז אין אַרעסט־צימער געזעסן אַ מיידל פון פאַרדעכטיקטער אויפפירונג. זי האָט אַלץ צוגעזען און זיך געמאַכט ניט זען.

אין דער פרי ווער איך גערופן צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ער האָט גלייך באַמערקט די לענטע אויף מיין אָרעם. ער פרעגט בייז און מיט שטוינונג: „ווי אַזוי האָסטו באַקומען די לענטע? נעכטן האָסטו דאָך דאָס ניט געהאַט. דו ווייסט וואָס ס׳קומט פאַר דעם, פאַר ניט טראָגן דעם יידן־אָפּצייכן?" איך האָב געזאָגט, אַז כ׳האָב עס געהאַלטן אין טעשעלע פונעם קלייד און פאַרגעסן עס אָנצוטאָן. איך האָב געהאַט מזל און ער האָט מיך באַפרייט.

דעם ווילד־פרעמדן פוילישן סטודענט, וואָס האָט מיך אפשר גע־ראַטעוועט פון טויט, וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן, כל זמן איך וועל לעבן.

* * *

וואָס ווייטער ווערט אַלץ ביטערער און פינצטערער דאָס לעבן אין שטעטל. די אַנטי־יידישע באַפעלן ווערן אַלץ שטרענגער און די סכנות גרעסער, און איבער אַלעם — דער הונגער, וואָס פאַרשפרייט אַלץ מערער זיינע פליגלען איבער אונדז.

אין שידלאָווצע איז נאָך אָפיציעל ניט געווען קיין געטאָ, אָבער מען האָט ניט געטאָרט אַרויסגיין פון שטעטל. יעדער טריט אויסערן שטעטל האָט געדראָט מיט טויט. מען דאַרף דאָך אָבער עסן, ריזיקירט מען מיטן לעבן. פאַרשטעלט ווי אַריערס, מיט וואָנסעס פון אַ פּאָליאַק אָדער ווי „בלאָנדע" פרויען, פאָרט מען אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער און מען שמוגלט דורך פאַרשיידענע אַרטיקלען צו קויפן און פאַרקויפן. איז ניט קיין וואונדער, וואָס ס׳פאַלן קרבנות. די טאָכטער פון שמעון ווייצהענדלער איז דערשאָסן געוואָרן ביים שמוגלען ברויט. די צוויי שוועסטערס פּאָזנאַנסקי האָט מען געכאַפּט ביים אַריינגיין קיין סקאַרזשיסק און זיי דערמאָרדעט. מען האָט אויך געכאַפּט מיין שוועגערין מלכהס ערשטן מאַן, יצחק גרינבערג — אַ העלדישער ריזיקאַלישער יונג, וואָס האָט זיך ניט געשראָקן פאַר קיינע געפאַרן — און מען האָט אים פאַרפייניקט צום טויט, ערשט גאָר ניט לאַנג נאָך זיין חתונה, צוליב אַ מסירה. ביי שמואל אהרן טויטער האָט מען גע־פונען אַן אַלטן, אויסגעקראַכענעם פעלץ אויפן בוידעם — דאָס איז געווען

נאָכן באַפעל אָפּצוגעבן אַלע פוטערוואַרג — האָט מען אים גלייך אַוועק־געפירט אויפן בית־עולם און דערשאָסן. און אזוי נאָך אַ ריי מאָרדן.

אַ שטיקעלע טרייסט פאַר די הונגעריקע מענטשן איז געווען די קיך, וואָס איז געעפנט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו פון עטלעכע בעלי־בתים, ווי יצחק שטיינמאַן, דעם גרויסן בעל־צדקה, פסח מאנדעל, ישעיה אָפּאַ־טאָווסקי און אנדערע. די קיך איז טיילווייז געשטיצט געוואָרן פון יודענראַט. אין דער קיך איז יעדן טאָג אויסגעטיילט געוואָרן עסן פאַר הונדערטער מענטשן, און צו אַ טייל יידן, וואָס זיינען געווען קראַנק אָדער זיך געשעמט זיך צו שטעלן אין דער ריי, האָט מען דאָס עסן פון קיך געבראַכט אַהיים. אָבער דאָס אַלץ איז ווי אַ טראָפּן אין ים.

* * *

אין דער צייט, ווען עס זיינען אָנגעקומען שרעקלעכע גרוסן, אַז די דעפּאָרטירטע יידן ווערן אומגעבראַכט אין גאַזקאַמערן, איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע פרויען פון 15 ביז 60 דאַרפן זיך שטעלן אויפן פּלאַץ פאַרן מאַ־גיסטראַט. די גרעסטע מערהייט האָט אויסגעפאָלגט דעם באַפעל. פּאָליציי, יידישע און ניט־יידישע, און אויך זשאַנדאַרמעריע, לויפן אַרום, קלייבן אויס די יינגסטע און שענסטע און שטעלן זיי אַוועק אָן אַ זייט. איך בין איינע פון זיי. וואָס טוט מען? שוין ווייטער ביי זיי אין די הענט. איך טראַכט ניט לאַנג. איך ניץ אויס אַ מאָמענט, ווען די היטערס פאַרקוקן זיך און „צי־אָפּ אין א זייטיק געסל און אָן אָן אָטעם לויף איך אַוועק אַהיים.

די אַלע אויסגעקליבענע האָט מען אַוועקגעשיקט אויף לאַסטאויטאָס אין די לאַגערן, צווישן זיי אויך מיינע צוויי שוועגערינס מלכה און מרימל, לייבלס פרוי, וואָס איז געגאַנגען אויפן אָרט פון איר יינגערער שוועסטער גיטעלע.

עס קומען אָן ידיעות וועגן נייע הריגות, דעפּאָרטאַציעס און אויס־זידלונגען אין פאַרשיידענע שטעטלעך. אַ סך יידן אין שידלאָווצע האָפן, אַז אפשר וועט דאָס אומגליק אויסמיידן אונדזער שטעטל. ס׳זיינען דאָ אויך אַזעלכע, וואָס קלערן וועגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד. זיי גרייטן זיך צו פלעשער מיט וויטריאָל אָדער שאַרפע העק. דאָס זיינען אָבער פוסטע פאַנ־טאַזיעס פון פאַרצווייפלטע.

ס׳קומען אין שטעטל אַרויסגעטריבענע יידן פון אַנדערע געגנטן. אַנדערע טייטשן עס אויס, אַז דאָס אומגליק דערנענטערט זיך אויך צו אונדז.

די אומרואיקייט דערגרייכט איר הויכפונקט, ווען מען דערוויסט זיך, אַז אויף דער באַנסטאַנציע זיינען געבראַכט געוואָרן אַ סך וואַגאָנעס.

דינסטאָג, נאָך יום־כיפור 1942, ווערט אַ נייער טומל. מען זאָגט, אַז דער יודענראַט איז מער ניטאָ און אַז דעם פּרעזעס מאָרגנבעסער האָט מען פאַרנומען. מענטשן לויפן אַרום ווי משוגע. איינער פרעגט דעם צווייטן וואָס צו טאָן, ווי ראַטעוועט מען זיך?

ביי נאַכט, ווי נאָר מען כאַפּט דעם ערשטן דרימל, דערהערט מען דאָס טרובען פון לאַסטאויטאָס. פון אונדזער פראָנטטיר זעען מיר איינצלנע מענטשן שלייכן זיך ביי די ווענט מיט מורא אין דער ריכטונג פון מאַגיסטראַט. אַ צייט שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דאָס זיינען די מענטשן געלאָפן צו די גרויסע לאַסטאויטאָס, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּפירן יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן סקאַרזשיסק און סטאַראַכאָוויץ. אַ טייל, וואָס זיינען דעמאָלט אַוועק, האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט. איך און מיין מאַן האָבן דאָס גאָרניט געוואוסט.

אין מיטן נאכט האָט מען דורך קלאַפּן אין די פענצטערס אָנגעזאָגט די וויסטע בשורה, אַז 8 אין דער פרי מוזן אַלע יידן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרקפּלאַץ. לויט דער עצה פון מיין מאַנס שותף, יאַנקל בלאַכאַזש, האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אין אונדזער צוגעגרייטער באַהעלטעניש.

ביי יאַנקלען אין שטוב איז געווען אַ גרויסער אויוון צו באַקן ברויט און טריקענען די קערנער פאַרן צעמאָלן אויף קאַשע. זיי האָבן געהאַט אַזאַ „מיל" פאַר דעם (פון דאַנען דער נאָמען יאַנקל קאָשע־מאַכער). דאָס אָרט האָט מען גערופן אַ „פּיעקעלניק". אין שטוב גופא איז אַלץ געווען פאַרמויערט, אָבער אויפן בוידעם איז געווען אַן עפענונג אין אויוון, פאַרדעקט מיט עטלעכע ברעטלעך. יאַנקלס מאַמע, מיין שוויגער אסתר, האָט דערציילט, אַז דאָס האָט געדינט פאַר אַ גוטער באַהעלטעניש נאָך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

בעתן היטלער־חורבן האָט עס אויך גוט געדינט פאַר אַ באַהעלטעניש. די גרייס פון דער באַהעלטעניש אַ 4 קוואַדראַט פוס, די הייך 5 פוס. אין אַזאַ מין לאָך האָבן זיך באַהאַלטן 4 מענטשן: איך מיט יאַנקלען, זיין ברודער לייבל און שוואָגער געצל ראָזענבוים. מיין שוויגער האָט פאַרדעקט די עפענונג מיט ברעטלעך און אַוועק צו דער „ווישעדלעניע" צוזאַמען מיט מיין שוועגערין חנה און אירע צוויי קליינע מיידעלעך און מיין שוועסטער ביילע. דאָס געזעגענען זיך איז באַגלייט געווען פון ספּאַזמאַטישע געוויינען און יעדער האָט געטראַכט: וועט מען זיך נאָך אַ מאָל זען?

מיר זיצן אַזוי צוזאַמענגעקאָרטשעט לאַנגע שעהן. ס'ווערט שווער צו עטעמען פון דער היץ. מיר מוזן אַרויס. אַ פּאַרע זעצט אַרויס דורך די שפּארעס. ביים ערשטן בליק קען מען אונדז פּאַקן.

מיר גייען אַרויף אויפן בוידעם, קוקן ארויס דורכן פענצטערל. מען הערט שרעקלעכע יללות און שטאַרקע שיסערייען. עס פאַלט צו דער אָוונט. מיין שוואָגער לייבל וויל אונטערצינדן די אַלע געביידעס, אַז אַלץ זאָל פאַרברענט ווערן. יאַנקל דערלאָזט ניט. מיר גייען אַראָפּ פונעם בוידעם, שלייכן זיך דורך צום געסעלע פון נטע אייזענבערג און פון דאָרטן צום דלוגאָסער וועג.

מיר קומען אַריין אין אַ דאָרף פון יאַנקלס אַ קונה, ניעוואַדשיס מיט דער קרומער פּלייצע. ער לאָזט אונדז ניט אַריין און הייסט אונדז גיין צו זיין ברודער, וואָס וואוינט לעבן אַ וועלדל. מיר גייען אַהין און וואַרטן דאָרטן איבער די נאַכט.

מיט טאָגליכט באַווייזט זיך אַ פּויליש יינגל, וואָס פירט אַ קו. ער קוקט אָן אַזוי מאָדנע די אומגעריכטע „געסט". מיר בעטן אים ברענגען אַ ביסל וואַסער. דאָס שייגעצל פאַרשווינדט און קומט צוריק ניט אַליין — לעבן אים גייט אַ פּויער מיט אַ „ווידלע" אין האַנט. ער פרעגט מיט רוגזה, וואָס מיר טוען דאָ און הייבט שוין אויף די ווידלע אויף אונדז. יאַנקל דערקענט דעם פּויער און דערמאָנט אים, ווי ער פלעגט קומען מאָלן קאַשע אין זייער מיל. דער פּויער צלמט זיך, ווערט ווייכער. ער זאָגט, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן דאָס וועלדל וואָס גיכער, ווייל די דייטשע זשאַנדאַר־מעריע קען דאָ גלייך אָנקומען.

מיר בלייבן זיצן פאַרצווייפלטע און ווייסן ניט וואָס צו טאָן. ניט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, וואַרטן מיר ביז אָוונט און גייען ווידער אַוועק צום הויקער ניעוואַדזשיס. דאָס מאָל לאָזט ער אונדז אַריין אין חזיר־שטאַל. דאָרטן באַגעגענען מיר מרים ווער
סטער מיט אַ מיידעלע, דאָס איז די פּרוי פון הערשל ווער
סטער, די מאַמע פון חיה וועסטער. זי איז גיך אַוועק קיין שידלאָווצע ווי אַ קריסטין, ווייל איר מאַן איז נאָך דאָרטן געווען.

ביים „הויקער" האָבן מיר לאַנג ניט געקענט זיין. אין עטלעכע שעה אַרום טרייבט ער אונדז אַרויס, ווייל, ווי ער זאָגט, מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ער באַהאַלט יידן. מיר האָבן ניט קיין עצה און לאָזן זיך ווידער אין סכנהדיקן וועג. ליכטיק איז געווען פון דער פולער לבנה. מיר באַווייזן ניט צו ווייט אַוועקצוגיין, ווי עס באַפאַלן אונדז גאַנצע מחנות שקצים. וואוהין צו לויפן האָבן מיר ניט, בלייבן מיר שטיין. די שקצים רינגלען אונדז ארום.

זיי רייסן אַרונטער די פּאַלטנס, די מאַרינאַרקעס, באַרויבן אונדז, שלאָגן און אַנטלויפן צוריק צו זייערע היימען. מיר בלייבן שטיין האַלב־אויסגעטאָנענע, ציטערן פון קעלט און פון הונגער.

מיר זיינען אַזוי געבליבן זיצן אַ גאַנצע נאַכט אין גרויסער פאַר־צווייפלונג. צום סוף האָבן מיר באַשלאָסן צו פּרואוון מזלביים צווייטן ניעוואָדזשיס, וואָס איז אַ רייכער פּויער.

אַהין גיי איך מיט לייבלען. יאַנקל און געצל בלייבן זיצן אויפן פעלד. דער צווייטער ניעוואדזשיס לאָזט אונדז אַריין. מיר בעטן אים אונדז צוצופירן צום סקארזשיסקער וועג. מיר האָבן זיך געוואָלט אַריינקריגן אין סקארזשיסקער לאַגער. דאָרטן אַרבעטן שוין לייבלס פרוי, מיין שוועגערין מרימל, יאַנקלס שוועסטער מלכה. דער שווער פון ניעוואַדזשיסן האָט עפּעס רחמנות באַקומען אויף אונדז. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז אין צוויי טעג אַרום דאַרף ער אָפּגעבן דער מאַכט זיין קאָנטינגענט תבואה, וועט ער אונדז קענען מיטנעמען ביז סקארזשיסק. ער וויל פאַר דעם 500 זלאָטעס. מיר זיינען מסכים. אַ ברירה האָט מען?

מיר גייען גיך צוריק אָנזאָגן די גוטע בשורה יאַנקלען און געצלען. ערשט מיר דערזעען זיי אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג: אַ פאַרבייגיי־ענדיקער שייגעץ האָט זיי אַראָפּגעצויגן די שיך און נאָך געוואָלט דער־הרגענען. זיי זיינען אָבער געוואָרן מוטיקער פון אונדזערע נייעס, אַז דער רייכער בעל־הבית לאָזט אונדז אַריין אין זיין סטאָדאָלע און אין צוויי טעג אַרום וועט ער אונדז פירן נאָך סקאַרזשיסק. ער האַלט וואָרט, ברענגט אונדז אויך עפּעס צו עסן.

אויפן דריטן טאָג האָט דער פּויער אָנגעפּאַקט אַ הויכן וואָגן שטרוי און אונדז „אויסגעלייגט" צווישן די בינטלעך שטרוי. יעדער מאָל, ווען דער וואָגן שטעלט זיך אָפּ, גייט אונדז אויס די נשמה. אין דעם סמאָלארנעם וואַלד ביי סקארזשיסק לאָזט ער אונדז ארונטער, ער געזעגנט זיך מיט אונדז און ווינטשט אונדז גליק.

מיר גייען טיפער אין וואַלד, אַלץ נאָענטער צו סקארזשיסק. אויף אַ זייטיק שטעגל באַמערקט אונדז אַ יונגער קריסט. ער זעט, אַז מיר זיינען געוואָרן זייער דערשראָקן. באַרואיקט ער אונדז, אַז מיר דאַרפן ניט מורא האָבן פאַר אים. ער פאַרשטייט אונדזער לאַגע און פילט אונדז מיט. מיר דערציילן אים, אז מיר ווילן זיך אַריינבאַקומען אין לאַגער. ער אַליין אַרבעט אויך אין „האסאג". ער ברענגט אונדז אַ ביסל שפּייז און זאָגט אונדז

צו צו טאָן אַלץ, וואָס ס׳וועט נאָר זיין מעגלעך. מיר גיבן אים די נעמען פון אונדזערע נאָענטסטע און מיר ריידן אָפּ מיט אים זיך צו טרעפן דאָ מאָרגן נאָך מיטאָג.

די נאַכט גייט אַוועק און מיר וואַרטן שוין מיט גרויס אומגעדולד אויפן קומען פון דעם מאַן. לויט דער זון דערקענען מיר, אַז ס׳איז שוין האַלבער טאָג — אָבער דער מאַן איז ניט געקומען. מיר באַשליסן דאַן מיט אייגענע כוחות ווי ס׳איז צו געפינען אַ וועג צום לאַגער. מיר גייען דורך אויסגעטראָטענע סטעזשקעס. פּלוצים דערהערן מיר אַ געשריי: „שטיין בלייבן!״ ס׳דערנענטערט זיך צו אונדז אַ מאַן מיט אַ ביקס. ער איז דער וואַלדוועכטער און דערקענט גלייך, אַז מיר זיינען יידן. ער וויל אונדז גלייך פירן צו דער זשאַנדאַרמעריע: דאָס איז זיין פליכט, זאָגט ער. מיר זיינען אַלע דערשראָקן און קאָנען ניט אַרויסברענגען קיין וואָרט. איך בין די „שטאַרקע״ און באַקום „לשון״. איך זאָג אים פון וואַנען מיר זיינען און וואוהין מיר גייען. „קוק ווי מיר זעען אויס. וואָס וועסטו שוין האָבן, אַז די דייטשן וועלן אונדז דערמאָרדן? לאָז אונדז אַריינגיין קיין סקאַרזשיסק״. מיינע רייד מיט אַ הוספה פון זלאָטעס האָבן אויף אים געווירקט. ער האָט אונדז געהייסן גיך נעלם ווערן פון דאַנען.

מיר קומען צו צום ראַנד פונעם וואַלד, פאַרן אַריינגיין אין שטעטל. פויערים פירן פון פעלד די אויסגעקאָפּעטע קאַרטאָפל אויף צו באַהאַלטן אויף ווינטער. איך מיט מיין שוואָגער לייבל, וואָס אונדזער „יידישקייט״ איז ניט געווען אַזוי בולט אויפן פנים, דערנענטערן זיך צו אַזאַ וואָגן מיט קאַרטאָפל. דער קריסט האָט אַרויסגעוויזן אַ ביסעלע רחמנות און גיט אונדז אויך צו שטיקלעך ברויט. נאָכגייענדיק דעם וואָגן קאַרטאָפל, גייען מיר אַריין אין שטעטל. יאַנקל און זיין שוואָגער געצל זיינען געבליבן זיצן ביים ראַנד פונעם וואַלד.

סוף־סוף זיינען מיר אַריין אין סקאַרזשיסקער געטאָ, צווישן יידן. לייבל פירט מיך צו זיינעם אַ פריינד הערשל קריס. ער דערפרייט זיך מיט אונדז. מיר דערציילן אים, אַז יאַנקל און געצל געפינען זיך נאָך לעבן וואַלד. ער כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ: „אוי, זיי זיינען דאָך איינגעשטעלט מיטן לעבן!״ ער געפינט אַן אויסוועג, ווי זיי גיכער צו ברענגען אַהער. היות ער איז אַן אָנפירער פון אַ גרופּע יידן, וואָס ער פירט זיי יעדן טאָג אַרבעטן אויסערן געטאָ, האָט ער אַ דערלויבעניש צו גיין אומעטום. קריס איז גיך אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם אָרט אין וואַלד און געבראַכט יאַנקלען און געצלען.

יאַנקל דערציילט וואָס ס'איז מיט זיי פאָרגעקומען דורך דער צייט, ווען זיי זיינען געבליבן אַליין. זיי האָבן געזען, ווי איינער פון דער באַן־זשאַנדאַרמעריע, געאָרעמט מיט אַ פרוי, שפּאַצירט גלייך צו זיי. באַהאַלטן זיך אָדער אַנטלויפן איז שוין צו שפּעט. ערשט דער זשאַנדאַרמעריסט גייט גלייך פאַרביי, ניט באַמערקענדיק אונדז, אַז מיר זיצן דאָ. אָדער אפשר האָט ער אונדז געזען, נאָר ס'האָט אים ניט געקענט איינפאַלן, אַז דאָ זאָלן זיצן יידן? אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען הערשל קריס. ס'האָט אויסגעזען, ווי אַ מלאך וואָלט אונדז גענומען אויף זיינע פליגל און געראַטעוועט פון אומפאַרמיידלעכן טויט. מיר נעכטיקן ביי דער משפחה קריס.

אין דער פרי גייען מיר אַרויס אין גאַס, זעען די זעלביקע אומרואיקייט ווי אין שידלאָווצע. מיר דערזעען צופעליק יאַנקלס און לייבלס שוועסטער, מיין שוועגערין הענדל. מיר פאַלן זיך אין די אָרעמס. וויינען קאָנען מיר ניט, אַזוי ווי די טרערן וואָלטן אויסגעטריקנט. עס זעט אויס, ווי זי וואָלט ניט געווען אין גאַנצן ביים זינען. זי דערציילט אַ גרויליקע געשיכטע. איר מאַן לייבל גאָלדנער, אונדזער ליבער שוואָגער, איז געכאַפּט געוואָרן בעת אַן אַבלאַווע און אָפּגעשיקט געוואָרן אין סקאַרזשיסקער לאַגער. בעת ס'איז געווען די דעפּאָרטאַציע פון שידלאָווצע, האָט זי אַוועקגעגעבן אַלץ פון שטוב צו אַ פּוילישער שכנה. יענע האָט איר צוגעזאָגט אַכטונג צו געבן אויף אירע 3 קינדער, שמואליקל, הערשעלע און יאָסעלע. הענדל אַליין האָט זיך באַהאַלטן מיט איר שוואָגער שלמה בלומענפעלד. דורך פאַרשיידענע אומוועגן האָט זיך איר איינגעגעבן צוצוקומען קיין סקאַרזשיסק. איצט האַלט זי אין איין שרייען און וויינען: „וואו זיינען מיינע קינדער? וואו איז מיין מאַן?" אַזוי כסדר אָן אויפהער. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די פּוילישע שכנה האָט אַלץ צוגענומען, די דריי קינדער האָט זי גלייך אַרויסגעטריבן. דער עלטסטער, שמואל, איז געוואָרן פאַרוואונדעט. די קינדער האָט מען געבראַכט צו זייער באָבען, יאַנקלס מוטער, און זיי זיינען צוזאַמען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

אין טאָג, דאַכט זיך ס'איז געווען שמיני־עצרת, האָט מען געברענגט אַ פּאָר הונדערט יידן פון שידלאָווצע. דאָס זיינען געווען די אויסבאַהאַלטענע אין פאַרשיידענע בונקערס בעת דער שידלאָווצער דערפּאָרטאַציע. צווישן זיי האָבן מיר געטראָפן יאַנקלס מומע מרים מיט ריוועלען און באַלטשען.

מרימס זין משה און יאַנקל זיינען אַוועק ווי אַריערס. יאָסעלע איז געכאַפּט געוואָרן קיין האסאג. דאָס זיינען די פרוי און קינדער פון באקאנטן מע־

כאַניק און פירער פון די אַרטיקע לינקע פועלי־ציון אברהם אַביש זאַלצמאַן; אונדזערע פריינד אייזיק ראָזענבוים מיט זיין כלה פייגעלע אַלפערט.

צו מאָרגנס, שבת שמחת־תורה, איז געקומען דער באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך שטעלן אויף דעם אָנגעוויזענעם פלאַץ, אין קעגנפאַל וועלן זיי דערשאָסן ווערן. אַלע קראַנקע פון שפּיטאָל זיינען גלייך דערשאָסן געוואָרן.

זשאַנדאַרמעריע, דייטשע מייסטערס, אוקראַאינישע באַנדיטן גייען אַרום צווישן די רייען, וואו מיר שטייען. זיי קלייבן אויס געזונטע מענטשן, וואָס מוזן גלייך לויפן און זיך שטעלן אין אַ באַזונדערער זייט. איך, יאַנקל און לייבל ווערן אויך געשיקט אין יענער זייט. דאָס אַלץ איז געשען אַזוי גיך, אַז מיר האָבן ניט באַוויזן זיך צו געזעגענען מיט יאַנקלס שוועסטער הענדל, זיין מומע, קוזינס און פריינד.

פון דער ווייטנס פאָכן מיר די הענט. קיינער ווייסט ניט, וואָס עס איז גלייכער: גיין אין די וואַגאָנען אָדער אין „האסאג".

צווישן די אַרויסגעפירטע האָבן מיר באַמערקט אונדזער שוואָגער לייבל גאָלדנער, וואָס האָט זיך מן הסתם געטראָפן מיט זיין פרוי הענדל. ביידע זיינען שפּעטער אומגעקומען אין טרעבלינקע.

די אַלע אויסגעקליבענע געזונטע מענטשן האָט מען אַוועקגעפירט צו דער אמוניציע־פאַבריק „האסאג". דער וועג איז אין פיל ערטער געווען באַגאָסן מיט בלוט און ס'זיינען געלעגן טויטע קערפּערס. אָט אַזוי בין איך, יאַנקל און מיין שוואָגער לייבל אַריין אין „האסאג". אונדזער שוואָגער געצל, זיין ברודער אייזיק ראָזענבוים מיט זיין כלה פייגל אלפערט, מיין שוועגערין הענדל, מיין מומע אסתר גאָלדוואַסער און אנדערע קרובים און פריינד זיינען אַוועק זייער לעצטן וועג קיין טרעבלינקע.

* * *

אין סקאַרזשיסקער לאַגער האָבן מיר מיט פרייד און טרערן געטראָפן יאַנקלס יינגערע שוועסטער מלכה און לייבלס פרוי מרימל. ביים פאַרטיילן אויף דער אַרבעט האָבן מיר געהאַט גרויס מזל, אַ דאַנק אונדזער שוועגערין מרימל. זי האָט נושא־חן געווען ביים דייטשישן מייסטער באָש, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ ליבעראַלערן מענטש. ער האָט אונדז געשיקט אויף אַ רעלאַטיוו־לייכטער אַרבעט אין מייסטער היינטשלס „קאַרעבינואווקע", וואו עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן קוילן פאַר ביקסן און קוילן־וואָרפערס.

מיך האָט מען צוגעטיילט צו אַרבעטן ביי די שפּיגל־מאַשינען. מיין שוועגערין מלכה האָט געאַרבעט אין דער לאַקערניע, זייער אַ שווערע אַרבעט,

וואו יונגע פּוילישע שקצים פּלעגן זיך איזדעקעווען איבער יידישע מיידלעך און אָפּט זיי מערדערלעך שלאָגן.

די אַרבעט ביי די שפּיגל־מאַשינען איז ניט געווען קיין שווערע. מען האָט פּאַקטיש גאָרניט געדאַרפט טאָן. די גאַנצע אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך — מיט נאָך צוויי מיידלעך פון בײדע זייטן — בין געזעסן ביי אַ גרויסן טיש, וואָס אויף אים איז געשטאַנען אַ שפּיגל. אויפן פלאַך פון טיש איז געלאָפן אַ טאַשמע מיט גילזן פאַר קוילן. מיר האָבן בלויז געדאַרפט אַכטונג געבן, אַז אין יעדער גילז זאָלן זיין צוויי לעכלעך. אויב די לעכלעך פעלן אָדער אויב ס'איז דאָ ווייניקער אָדער מערער פון צוויי, דאַרף מען די גילז אַרויסנעמען פאַר שמעלץ. די לעכלעך זיינען נייטיק אָנצוצינדן דעם דינאַמיט, וואָס שיסט אַרויס די קויל. מען האָט געמוזט קוקן מיט טויזנט אויגן ניט אַדורכצולאָזן קיין שמעלץ. ווי' איז געווען צו די, וואָס האָבן עס ניט באַמערקט, ווייל נאָכן קאָנטראָלירן די מאַשין האָט מען אויף דאָס ניי קאָנטראָלירט.

געאַרבעט האָט מען אין צוויי שיכטן — איין וואָך נאַכטשיכט, די צווייטע — טאָגשיכט. די ערשטע צייטן האָט מען געאַרבעט 8 שעה, שפּעטער 12 שעה. די טאָגשיכט איז מען נאָך ווי ס'איז דורכגעקומען. אַ סך שווערער איז געווען די נאַכטשיכט. די אויגן זיינען שטאַרק אָנגעשטרענגט און קלעפּן זיך פון מידקייט, דערצו נאָך הונגעריק — איז גאָר ניט קיין וואונדער, אַז מען האָט דורכגעלאָזן אַ גילז מיט פאַרשטאָפּטע לעכלעך.

דערצו האָט מען נאָך געהאַט אַ יידישע אויפזעערין, אַ מיידל אַ קריפּל מיטן נאָמען לאַלאַ. זי האָט זיך געוואָלט אויסשפּיינען און אַרויסווייזן איר געטריישאַפט צו די דייטשישע מייסטערס. האָט זי כסדר געזוכט און נאָכ־קאָנטראָלירט. איין מאָל האָט זי ביי מיר געכאַפּט צוויי גילזן מיט פאַרשטאָפּטע לעכלעך. זי האָט עס גלייך געוויזן דער מייסטערין, דער ס"ס־פרוי מאַרישע. געווען איז דאָס אין נאַכטשיכט.ביים איבעררייס האָט מען מיך אַריינגענומען אין אַ פינצטערער שטוב און אַ פּוילישער גזלן האָט מיט אַ נאַגייקע מיך אַזוי געשלאָגן אָן רחמנות און געגעבן אַזוי פיל שמיץ, אַז איך האָב פאַרלוירן מיין באַוואוסטזיין. דער גרעסטער טייל מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די מאַשינען, זיינען דאָס דורכגעגאַנגען.

מיט מיר האָט געטראָפן אויך אַן אַנדער פאַל, ביי אַן אַנדערער מאַשין, וואָס פילט אָן די גילזן מיט דינאַמיט. אונטן דרייט זיך אַ רעדל מיט גילזן און איבער דעם אַ קויבער מיט שוואַרצן פּראָך (דינאַמיט), וואָס שיט זיך

אויטאָמאַטיש אַריין אין די גילזן. שטיי איך אַזוי שפּעט ביי נאַכט — די מאַשין דרייט זיך, מיין קאָפּ טוט ווי פון שווערן געראַך — און באַמערק ניט, אַז דער קויבער איז אַן פראַך און די גילזן לויפן אַזוי און פאַלן אַרויס אַן דעם דינאַמיט. פונקט דעמאָלט גייט פאַרביי אַ מיליטער־מאַן אויף אַן אינספּעקציע. ער האָט דאָס גלייך באַמערקט, האָט אָנגעהויבן גוואַלדעווען און מיך באַשולדיקט אין סאַבאָטאַזש. — נו, דאָס איז שוין מיין סוף — האָב איך געטראַכט. טאָג און נאַכט נאָך דעם האָב איך געלעבט אין שטענדיקער טויט־שרעק, אַז אָט־אָט קומט מען מיך נעמען. אָבער עפּעס אַ „נס" איז געשען און איך האָב אויסגעמיטן אַ זיכערן טויט. קען זיין, אַז דער מיליטער־מאַן האָט פאַרגעסן איבערצוגעבן וועגן מיין „פאַרברעכן" און אַזוי מיך געראַטעוועט פון ביטערן סוף.

* * *

ס'איז ווינטער סוף 1942. דער מאַנטל און דאָס קליידל ווערן צעריסן פון זייער אָפטן „פאַרעווען"; אַזוי אויך יאַנקלס אַלטער פּאַלטן, וואָס איך האָב אָפּגעקויפט פאַר געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט פון פאַרקויפן דאָס באַהאַלטענע קידושין־רינגל. די 200 גראַם ברויט (מער ליים, ווי ברויט), אונדזער פּאַרציע אויף אַ גאַנצן מעת־לעת, סטייען קוים אויף אַ צאָן. די זופּן — טייל מאָל פאַרברענטע קרויט — זיינען איבלדיק. פון דער ראַציע שפּייז, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר יעדן לאַגערניק, איז געוואָרן מערער ווי אַ העלפט צוגעגנבעט פון די אַלערליי קאָמענדאַנטן, פּאָליציי, „שטובנ־דינסט" און פאַראַרבעטערס. דערצו איז נאָך צוגעקומען דאָס שלאָגן פון אַלע זייטן, גאַרניט ווייניק פון דער יידישער פּאָליציי.

דאָ דאַרף מען באַמערקן, אַז ניט אַלעמען איז געווען אַזוי שלעכט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט קאָנטאַקטן מיט פּאָליאַקן, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט ביי זיי „מאַיאָנטקעס" און זיינען דורך זיי געשטיצט געוואָרן. אויך די גאַנצע אָנפירערשאַפט האָט געהאַט גענוג צו עסן. ניט צו שלעכט האָבן געהאַט די, וואָס האָבן געאַרבעט אין די שפּייז־מאַגאַזינען אָדער אין קיך. די אַלע האָבן זיך גערעכנט פאַר די פּריווילעגירטע, געגאַנגען לייטיש אָנגעטאָן און געגעסן צו זאַט.

ביי אַזאַ ביטערן מצב האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די דייטשן האָבן געשאַפן אין גענעראַל־גאָווערנעמענט 4 געטאָס, וואו יידן וועלן ווייטער קאָנען לעבן, און איינע פון זיי וועט זיין אין שידלאָווצע. מען האָט דערציילט, אַז אין שידלאָווצע איז שוין דאָ אַ יידן־ראַט און דער פּרעזעס איז געוואָרן

שמואל ווייסבראָט. דער באַדינג איז געווען, אַז קומען אין די נייע 4 געטאָס קענען נאָר אַזעלכע, וואָס זיינען נאָך ניט אין לאַגערן — אַ קלאָרער טריק אַרויסצולאָקן יידן פון באַהאַלטענישן. אַ סך שידלאָווצער האָבן ריזיקירט מיטן לעבן און זיינען צוריקגעלאָפן נאָך שידלאָווצע, וואָס איז געווען 14 קילאָמעטער פון סקאַרזשיסק.

מיר האָבן אָבער אָנגענומען דעם גאַנצן ענין ווי אַ פּאַסטקע און געבליבן אין לאַגער. דערפאַר איז אָבער געקומען אַ נײַ אומגליק אויף אונדזער קאָפּ, טאַקע פאַרבונדן מיט די אַנטלויפענישן אין „נייעם" שידלאָווצער געטאָ. וועגן דעם האָב איך און מלכה זיך דערוואוסט אין דער צייט, ווען איין שיכט ענדיקט זיך און די אַנדערע הייבט זיך אָן — די איינציקע געלעגנהייט, ווען מיר פלעגן זיך טרעפן מיט אונדזערע מענער. ביי אַזאַ טרעפעניש האָבן מיר דערזען יאַנקלען און לייבלען — און מיר זיינען אויפגעציטערט געוואָרן: די קעפּ געשוואָלן, אונטערגעהאַקטע אויגן, גרויסע שוואַרצע צייכנס אויף זייערע פּנימער און גאַנצן קערפּער און קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויף די פיס.

— וואָס איז געשען? וואָס איז געשען?

די צייט איז קורץ און זיי דערציילן אויף גיך:

„אין מיטן נאַכט האָט מען אונדז אַרויסגענומען האַלב נאַקעטע פון באַראַק און אָנגעהויבן שלאָגן. מיר לויפן, פאַלן און באַקומען קלעפּ. זיי יאָגן אונדז צו דער לאַגערוואַך. מען שטעלט אונדז אויס אין רייען, אַרום 30 מאַן, בלויז שידלאָווצער. זיי פּאָדערן פון אונדז איבערצוגעבן וועגן שידלאָווצער, וואָס ווילן אַנטלויפן פון סקאַרזשיסקער לאַגער. מיר ענטפערן, אַז מיר ווייסן ניט. קיינער דערציילט ניט, כאָטש מיר האָבן יאָ געוואוסט, ווער ס׳וויל צוריקלויפן נאָך שידלאָווצע. דער וואַכמאַן גיט אַ געשריי צום יידישן פּאָליציאַנט, יוסף פון סוכעדניוו, וואָס האָט צוגעהאָלפן מיט געבן קלעפּ אין דער אַקציע: „וואָס מאַך איך מיט די הינט?" יענער ענטפערט: „כ׳האַלט, אַז מ׳זאָל זיי דערשיסן"! דער וואַכמאַן הייסט דעם ווערקשוצמאַן צוגרייטן די מאַשינביקס. מיר שוידערן, אונדזערע לעצטע מינוטן. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט יעדערן באַזונדער אַריינגענומען אין דער „וואַכשטובע", אַוועק־געלייגט אויף אַ בענקל, 2 ווערקשוצלייט האָבן געהאַלטן ביים קאָפּ און ביי די פיס און 2 אַנדערע ווערקשוצן האָבן געקאַטעוועט מיט נאַגייקעס און געשלאָגן מכות־רצח. נאָך דעם האָבן זיי אונדז געגעבן געציילטע סעקונדעס צוריקצולויפן אין די באַראַקן אַריין, ווער ס׳וועט ניט באַוויזן, וועט ווערן דערשאָסן. ווי אַזוי מיר האָבן נאָך געקענט לויפן, ווייסן מיר ניט. מיר האָבן

אָבער געהאַט די סאַטיספאַקציע, וואָס מען האָט געהאַט כוח בייצושטיין דעם נסיון און ניט אַרויסגעבן קיין יידן אין די רוצחישע הענט".

* * *

אין מאַרץ 1943 איז יאַנקל קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, וואָס האָט דעמאָלט געבושעוועט אין לאַגער. די סכנה פון טיפוס איז געווען אַ טאָפּלטע: ערשטנס, די קרענק גופא, און צווייטנס, וואָס יעדע 8־10 טעג פלעגט קומען די ווערקשוץ מיט אַ גרויסן לאַסטאויטאָ צום איזאָלאַציע־באַראַק, נעמען די קראַנקע — ווער ס'איז נאָר געקומען אונטער דער האַנט — אַרויפוואַרפן אויפן אויטאָ, אַוועקפירן אין וועלדל און דאָרטן דערשיסן.

ס'איז אונדז פינצטער און ביטער. מען האָט אפילו ניט קיין פּאָר גראָשן צו קויפן אַן אַספּירין. אויך מיין שוועגערין מרימל ליגט שוין אין באַראַק אויף טיפוס. מיר בעטן נאָר, אַז די לאַסטאויטאָס מיט די מערדערס זאָלן ניט אָנקומען. ווען יאָ, דאַן זיינען זיי פאַרלוירן. ס'זיינען אַוועק עטלעכע טעג און יאַנקל און מרימל האָבן זיך גענומען פילן בעסער, זיינען פון דער קראַנקייט פאַרכאַפּט געוואָרן מלכה און אויך לייבל. מלכה האָט זיך עפּעס ווי אַרויס־געדרייט און מיט הויכער טעמפּעראַטור געגאַנגען צו דער אַרבעט. איך בין מיט איר געשלאָפן צוזאַמען און זיך ניט אָנגעשטעקט פון איר. מיר האָבן געשפּילט מיט מזל און אַלע אַרויס פון דער געפאַר, אַוועק צו דער אַרבעט, וואו גוטע פריינד האָבן געהאָלפן צוריקקומען צו די כוחות.

ביז היינט איז מיר נאָך שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי איך בין ניט געוואָרן קראַנק און ווי אַזוי יאַנקל, מלכה, לייבל, מרימל און איר ברודער זלמן האָבן געקאָנט צוריק געזונט ווערן אָן וועלכער ס'איז מעדיצין.

* * *

אין דער צווייטער העלפט 1943 האָט מען אין לאַגער אָנגעהויבן פילן, אַז דער היטלערישער פאַרויסמאַרש איז ניט בלויז אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף די וויכטיקסטע פראָנטן, נאָר אַז די דייטשן כאַפּן שוין אפילו גוטע מפּלות. מען האָט שוין אויך געהערט וועגן פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, וואָס זיינען אפילו איין מאָל באַפאַלן דעם אַמוניציע־לאַגער האַסאַג.

די דייטשן האָבן זיך גענייטיקט אין וואָס מער אַרבעטערס. ברענגען פרישע טראַנספּאָרטן יידן־שקלאַפן ווי פריער איז שוין ניט געווען פון וואַנען. אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן זיינען שוין געווען

„אויסגעריייניקט״. צוליב דעם זיינען די יידישע קאַצעטניקעס געוואָרן עפּעס מער „חשוב״. יידן האָבן זיך אויסגעלערנט און זיך ניצלעך געמאַכט ביי אַלע אַרבעטן פון דער פאַרצווייגטער אַמוניציע־פּראָדוקציע. אין די אויגן פון די דייטשישע מייסטערס איז געשטיגן דער ווערט פון דער יידישער קאַצעטישער אַרבעט און שטילערהייט האָבן זיי געפּרואווט פאַרבעסערן אַ ביסל די אומ־מענטשלעכע באַדינגונגען אין לאַגער. זיי האָבן גענומען זייערע יידישע אַרבעטערס און געגאַנגען מיט זיי צום לאַגערשעף, דעם טרויעריק־באַקאַנטן קינערמאַן, און אויך צו די יידישע קאָמענדאַנטן, ווי אַלבערט, טעפּערמאַן, קשעפּיצקי, און געפאָדערט פון זיי, אַז זיי זאָלן עפענען די פולגעפּאַקטע מאַגאַזינען מיט מלבושים, צונויפגעזאַמלטע פון די אויסגעהרגעטע יידן. אַ דאַנק אָט דער אינטערווענץ האָבן די לאַגערניקעס באַקומען הויזן, שטיוול, מאַרינאַרקעס אָדער מאַנטלען. נאָך וויכטיקער פון דעם איז געווען, וואָס ס׳האָבן אויפגעהערט די סעלעקציעס. נייע באַראַקן זיינען געוואָרן אויפגעשטעלט, וואו מען האָט אויך אינסטאַלירט קאַנאַליזאַציע מיט קאַלט וואַסער. מען האָט אויך דערלויבט מאַכן אייוועלעך צו קענען זיך עפּעס קאָכן.

די קאַצעטניקעס האָבן דאָס דערפילט. זיי האָבן זיך געסטאַרעט ווי ס׳איז צו שטאַרקן די כוחות. אַ שטילע האָפענונג האָט גענומען טליען אין האַרצן, אַז אפשר וועט מען דאָך דערלעבן באַפרייט צו ווערן.

צוליבן נאָענטן קאָנטאַקט מיט די פּאָליאַקן אין די פאַבריקן, האָבן יידן אָנגעהויבן האַנדלען אָדער אויסאַרבעטן פאַרשיידענע זאַכן. מיט דעם פאַרדינסט האָט מען געקענט זיך צוקויפן שפּייז. שניידערס האָבן איבער־געאַרבעט אַלטע מלבושים פאַר די פּאָליאַקן; היטל־מאַכערס האָבן פון אַלטע שמאַטעס געמאַכט היטלען; שוסטערס האָבן צורעכטגעמאַכט צעריסענע שיך; טייל האָבן אויסגעאַרבעט פון שטאַרקע פּאַפּירענע זעק אַזעלכע טאַרבעס אָדער האַנטקיישלעך; און פּאָליאַקן האָבן עס גערן געקויפט, באַצאָלנדיק מיט אַ ביסל שפּייז אָדער ברויט.

געמאַכט האָט מען דאָס אַלץ נאָכן קומען פון דער אַרבעט. יידן זיינען געווען אויסגעפינעריש. זיי האָבן אויסגעאַרבעט פון מעטאַלן און אַלומיניום קעמעלעך, פאַרשיידענע רינגען און שפּילקעס. זיי האָבן אָפּגעשניטן די בענדלעך אויף די קאַסטנס צו פאַרכאַפּן קוילן און פון דעם אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע קאָלירטע פאָדעם, וואָס איז געווען אַ גוטער אַרטיקל ביי די פּאָליאַקן אין פאַבריק.

יידן האָבן פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, סאַכאַרין, קנאָבל, ברויט. טייל האָבן

גאַר איינגעאָרדנט ביי זיך אויף דער פּריטש אַ שפּייזקרעמל, וואו זיי האָבן פאַרקויפט הירזש, קאַשע, פּוטער, מעל און אפילו אויך וואורשט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויף אַ פּלאַץ איינגעאָרדנט אַ „קיך", און ווער עס האָט זיך עפּעס געוואָלט דאָרט קאָכן עסן, האָט באַצאָלט פאַר דעם באַנוץ. טייל האָבן אויך געהאַט צו פאַרקויפן היימיש־געקאָכטע טעפּעלעך אַרבעס מיט קליסקעלעך.

דאָס אַלץ האָט דער לאַגערשעף געוואוסט, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק. אויך די לאַגער־קאָמענדאַנטן האָבן דאָס אַלץ פאַרקוקט. אין אַלגעמיין האָט שוין דער לאַגער אין ווערק „א" אויסגעזען ווי אַ קליין יידיש שטעטל, להבדיל. רעליגיעזע יידן האָבן געהאַט אַ רבין און געדאַווענט טייל מאָל מיט אַ מנין. דאָס אַלץ איז פּלוצעם טאָלערירט געוואָרן, ווייל די יידן זיינען זיי געווען נייטיק פאַר דער גרויסער פּראָדוקציע, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן.

דער גרעסטער האַנדל איז אַנגעגאַנגען מיט פאַרקויפן ברויט. אַריינגע־ברענגט דאָס ברויט פון דער שטאָט האָבן די קאָמאַנדאָס, וואָס האָבן געאַרבעט ביי פאַרשיידענע עפנטלעכע אַרבעטן אויסער דעם לאַגער, וואו פאָליאַקן האָבן דאָס צוגעשטעלט פאַר גוט געלט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז געווען אומלעגאַל און מען האָט געמוזט אָנווענדן פאַרשידענע איינפאַלן און חכמה.

אויך יאַנקל האָט געהאַנדלט מיט ברויט. צוויי צופאַלן האָבן צוגעהאָלפן צו דעם: 1) אברהם משה איזענבערג (אומגעקומען אין אויפרייס אין שליבן), האָט אים געהאָלפן באַקומען אַ ביסל מערער עסן דורך דעם, וואָס ער האָט אין זיין אָפּטייל אים געלאָזן ברענגען דאָס עסן פאַר דער גרופּע; 2) חיים פעלדמאַן פון וואַרקע האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט יאַנקלען. ווען חיים איז קראַנק געווען אויף טיפוס, האָט יאַנקל אים אַ סך געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס. ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער געוואָלט אָפּדינען יאַנקלען מיט עפּעס, האָט ער געגעבן יאַנקלען געלט און מען האָט בשותפות געקויפט און פאַרקויפט ברויט.

מען האָט אָבער געמוזט שווער אַרבעטן אויף דעם. ווען אַלע זיינען געגאַנגען שלאָפן, האָבן זיי פאַרקויפט דאָס ברויט, אַ ביסל פאַר די געקומענע פון דער אַרבעט און אַ ביסל פאַר די, וואָס זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט.

יאַנקל און חיים האָבן געהאַנדלט אויך מיט אַנדערע זאַכן. די יידישע לאַגער־אָנפירערשאַפט האָט געהאַט גענוג געלט און געלעבט אַ גוטן טאָג. זיי זיינען געווען קונים אויף אַלצדינג: פּוטער, אייער, וואורשטן, גענדז, הינער

און אפילו בראָנפֿן. די גרעסטע פּראָבלעם איז אָבער געווען דאָס אַריינצו־שמוגלען אין לאַגער אַריין. מען האָט געדאַרפט אויסטראַכטן אַלץ נייע המצאות, ווי דאָס דורכצופירן. דערצו איז עס געווען פאַרבונדן מיט כסדרדיקער טויט־שרעק.

אין אָט דער רעלאַטיוו־בעסערער צייט אין לאַגער זיינען, פאַרשטייט זיך, נאָך אַלץ פאָרגעקומען גרויסע אומגליקן. איך געדענק אַ פּאָר געשעענישן מיט חברים פון „בונד".

אונדזערע 2 חברים, דוד שטשענשליווע און קאָרענבלום פון שידלאָווצע, וואָס זיינען געווען מיטגלידער פון „יוגנט־בונד־צוקונפט", זיינען אָנגעקומען פון אָסטראָווצע אין סקאַרזשיסקער לאַגער. מען האָט זיי אַרעסטירט און באַשולדיקט, אַז זיי זיינען פאַרטיזאַנער־שפּיאָנען. ווען מען האָט זיי געפירט צום דערשיסן, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויפן ווערקשוץ און אים געוואָלט אַנטוואָפענען. דאָס האָט זיך אָבער זיי ניט איינגעגעבן. איינער פון זיי איז געוואָרן דערשאָסן און דער צווייטער איז אַנטלאָפן.

אַן אַנדער חבר, יחיאל קינעל, איז געוואָרן אויפגעהאַנגען אין לאַגער־הויף. ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין העלפן אַרויסטראָגן קוילן פאַר די פאַרטיזאַנער. ווען מען האָט אים געפירט צו דער עקזעקוציע, אַן אויסגע־מאַטערטן און בלייכן פון די שווערע פייניקונגען, האָט ער צו אונדז גע־שעפּטשעט: „איך בין אומשולדיק, אומשולדיק!"



דוד שטשענשליווע, אומגעקומען ביים שטעלן אַ ווידערשטאַנד בעתן פירן אים דערשיסן.



יחיאל קינעל, אויפגע־האַנגען אין „האַסאַג" אין 1943.

אין טאָג, דאַכט זיך אין יולי 1944, איז פּלוצלונג פאָרגעקומען אַ סעלעקציעביים טויער. עטלעכע הונדערט יידן זיינען אָפּגעקליבן געוואָרן צום טויט: איינער פון זיי איז געווען פיניק קרול, אַ יונג אַ ריז, אין שידלאָווצע געווען אַ טרעגער, געקענט טאָן די שווערסטע אַרבעטן. אפילו אין סקאַרזשיסקער לאַגער האָט ער זיך גוט אויסגעטויגט און זיך אַן עצה געטאָן מיט זיינע שטאַרקע כוחות. ביי דער אַרבעט איז אין מאָל פאַרוואונדעט געוואָרן זיין האַנט, וואָס מען האָט עס לייכט געקאָנט אויסהיילן, און צוליב דעם איז ער אַריינגעפאַלן אין דער סעלעקציע. אויף זיין לעצטן וועג האָט פיניע קרול אויסגעשריען מיט זיין גאַנצן כוח: „יידן, כ׳ווייס וואוהין מען פירט אונדז! מיר זאָלן שוין זיין די לעצטע קרבנות! אויב איר וועט איבערלעבן, זאָלט איר אונדז ניט פאַרגעסן!". דערמאָן איך דאָס און בין מקיים זיין צוואה.

נאָך דער לעצטער סעלעקציע האָט שוין לאַנג ניט גענומען און דער סקאַרזשיסקער לאַגער איז אין גאַנצן ליקווידירט געוואָרן. טייל זיינען אָפּגעפירט געוואָרן קיין טשענסטעכאָוו און אַ ביסל שפּעטער זיינען פרויען און מענער אין באַזונדערע וואַגאָנען עוואַקואירט געוואָרן — פרויען קיין לייפּציק און מענער קיין בוכנוואַלד און נאָך דעם קיין שליבן.

פון לייפּציק האָבן מיר נאָך דורכגעמאַכט צו פוס אַ שרעקלעכן הונגער־מאַרש. 14 טעג האָט דער דאָזיקער מאַרש געדויערט. אַ סך זיינען אויסגע־שטאָרבן און דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג. אין איין דייטשן דאָרף, וואו מען האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיינען מלכה, מרימל און איך נאָך אַ פּאָר מיידלעך פון אונגאַרן, אַריין אין אַ סטאַדאָלע, אַוועקגעפאַלן אויפן שטרוי און טיף אַנטשלאָפן געוואָרן. ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָבן מיר דערזען, אַז מיר זיינען באַפרייט געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער.

אין יוני 1945 האָבן מיר זיך געטראָפן אין שידלאָווצע. ווי אַזוי די דאָזיקע באַגעגעניש האָט אויסגעזען, האָב איך ניט קיין כוח צו באַשרייבן.

איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז מיין ברודער אפרים גאָלדבערג מיט זיין פרוי און קינדער האָבן זיך געראַטעוועט. אויך מיינע שוועסטערס פייגע גאָלדבערג און בינע שטאַרק מיט איר טעכטערל עמילא האָבן זיך געראַטעוועט. אָבער איר מאַן יאָסל שטאַרק איז אומגעקומען. ער איז געווען טעטיק אין ווידערשטאַנד צו ראַטעווען יידישע קינדער.

* * *

(די אַרבעט איז געשריבן צום אָנדענק פון אונדזערע אומגעקומענע משפּחות.)

**מנחם ראָזענצווייג**

# אין „האַסאַג״

ווען די דייטשן זיינען געוואָרן די בעלי־בתים אין אונדזער שטעטל, בין איך נאָך געווען גאַנץ יונג. דאָך בין איך אויך געגאַנגען אַרבעטן. אַ סך מאָל בין איך געגאַנגען אַרבעטן אָנשטאָט מיין טאַטן. מיין עלטערער ברודער שלמה איז געווען באַזאָרגט מיט אַרבעט פאַרן קאָמיסאַר פון נאָטע יאָסל אייזענבערגס גאַרבעריי.

איין טאָג בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער דייטשער זשאַנדאַר־מעריע און צוזאַמען מיט נאָך צענדליקער יידן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין „האַסאַג״. ביי אונדז אין דער היים האָט קיינער ניט געוואוסט וואוהין איך בין אהינ־געקומען. ערשט אין דריי וואָכן אַרום האָב איך דורך אַ פּוילישן אַרבעטער פון „האַסאַג״ געשיקט אַ בריוועלע מיינע עלטערן. מיין טאַטע האָט מיט דעם זעלביקן פּאָליאַק מיר געשיקט אַ פּעקל וועש און די תפילין. אין אַ בריוועלע האָט ער מיך געבעטן צו דאַווענען יעדער טאָג, וועט מיר גאָט העלפן. דאָס איז ביי מיר פאַרבליבן ווי אַ צוואה.

גייענדיק צו דער אַרבעט האָב איך איין מאָל געזען, ווי עס איז אָנגעג־קומען אַ נייער טראַנספּאָרט יידן, צווישן זיי אַ סך שידלאָווצער. ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב דאָרט אויך דערזען מיין טאַטן. ווי ביטער איז מיר געווען, אַז איך האָב אפילו ניט געקענט צו אים צוגיין נענטער, ווייל דאָס איז געווען סכנת נפשות. מיר האָבן זיך בלויז באַגעגנט מיט די בליקן — און דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען מיין טייערן טאַטן. אויך מיין טייערע מאַמען אסתר האָב איך שוין מער ניט געזען.

איך בין געווען כמעט פון די ערשטע אין „האַסאַג״. עס זיינען נאָך ניט געווען קיין באַראַקן און מיר זיינען די ערשטע צייט געשלאָפן אין דרויסן.

איך האָב זיך דערוואוסט פון די, וואָס זיינען געקומען פאַר מיר, אַז מיט זיי זיינען געווען עטלעכע שידלאָווצער, צווישן זיי אויך מיין קוזין יאָסל לוסטגאַרטען. די עטלעכע שידלאָווצער האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו אַנטלויפן. זיי האָבן איבערגעקויפט דעם אוקראַאינישן ווערקשוץ און זאָלן האָבן אויס־געגראָבן אַ גרויסע גרוב ביי די דראָטן. מיין קוזין האָט אין דער לעצטער מינוט חרטה געקראָגן און איז געבליבן. די אַנדערע זיינען אַנטלאָפן. צו מאָרגנס האָבן די אוקראַאינער דערשאָסן מיין קוזין יאָסל.

איין מאָל בין איך איינגעשלאָפן ביי דער אַרבעט און פאַרשפּעטיקט

מיטצוגיין מיט מיין גרופּע צוריק צו די באַראַקן. ווען איך בין אָנגעקומען מיט אַ צווייטער גרופּע צום טויער, האָט דער אוקראַאינער וואַכמאַן, וואָס האָט שוין געוואוסט וועגן מיר, גענומען מיך שטופּן צו די דראָטן, וואָס האָט געמיינט — צו דערשיסן. איך האָב אָנגעהויבן שרייען אויף די העכסטע קולות. צום גליק, איז געקומען צו לויפן דער יידישער לאַגער־עלטסטער אייזענבערג. ער האָט געשריען: „ביסט איינגעשלאָפן ביי דער אַרבעט?" און ער האָט מיר גענומען דערלאַנגען גרויסע קלעפּ, אַזוי אַז דער אוקראַאינער האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו טאָן. נאָכן שלאָגן האָט אייזענבערג מיך באַפוילן צו גיין צוריק אין מיין באַראַק. דורך דעם האָט ער מיך אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

איין טאָג האָבן די אוקראַאינער אונדז גענומען אויף אַ באַזונדערן פּלאַץ, וואו מיר האָבן געזען אַ מוראדיק בילד: דאָרטן זיינען געלעגן דער־שאָסענע זיבן מיידלעך און פינף בחורים, אַלע פון שידלאָווצע. זיי האָבן געאַרבעט נאַכטשיכט און געפּרואווט אַנטלויפן קיין שידלאָווצע, ווען ס׳איז דאָרטן פּראָקלאַמירט געוואָרן דער נייער געטאָ אין דעצעמבער 1942. נאָך דעם ווי מיר האָבן מקבר געווען די קדושים, האָבן די אוקראַאינישע סאַדיסטן אונדז געהייסן טאַנצן אויפן פרישן קבר און זיי האָבן אונדז אַזוי פאָטאָגראַפירט.

יעדער זונטיק זיינען מיר געגאַנגען צום ווערק „א" זיך באָדן. אין אונדזער ווערק „צע" איז קיין באָד ניט געווען. דעמאָלט האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו זען מיט מיין שוועסטער דבורה. איר דייטשער מייסטער האָט שוין געזען, אַז זי זאָל האָבן צייט מיט מיר זיך צו טרעפן. די מאָמענטן, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט מיין שוועסטער, וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן. דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט אויסצוהאַלטן די גרויסע צרות.

אַ פרומען יידן איז נאָך ביטערער געווען אין לאַגער. מען האָט געטאָן דאָס בעסטע, וואָס מען האָט געקענט. ווען ס׳איז געקומען פסח, האָט דער חזן יאָסל מאַנדעלבוים מיר געגעבן אַ טעפּעלע הירש (גערלע קאַשע). מאַנ־דעלבוים, וואָס איז געקומען מיט פיל קראָקעווער פונעם לאַגער פּלאַשעוו, האָט אויך צוגעזען, אַז שבת און יום־טוב זאָל זיין אַ מנין ביי אים אין באַראַק.

זומער 1944 האָט מען אונדז אָפּגעפירט קיין טשענסטאָכאָוו און שפּעטער קיין בוכענוואַלד. ביים אַריינגיין אין באָד, האָב איך געמוזט איבערלאָזן די תפלין, וואָס דער טאַטע האָט מיר געהאַט צוגעשיקט אין „האַסאַג".

איך בין באַפרייט געוואָרן אין טשעכאָסלאָוואַקיע. שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן אין לאַנדסבערג מיט מיין איינציקער לעבן־געבליבענער שוועסטער דבורה.

**פישל קאָרנבלויט**

# מזל אין אומגליק



מיין טאַטע לייבוש האָט געהאַט אַ שניידעריי־וואַרשטאַט און אויך איך האָב געקענט די מלאכה. אין די ערשטע צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן מיר געפּרואווט אויסשלאָגן פּרנסה פון שניידעריי. דערצו האָט אונדז צוגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט אַ ביסל באַהאַלטענע שטאָפן.

מיר האָבן אַלץ געטאָן, כדי אויפצוהאַלטן אונדזער שטוב מיט אירע אַכט קינדער און טאַטע־מאַמע. מיט שרעק און האַרצקלאַפּעניש האָבן מיר דורכגעלעבט די ערשטע צוויי יאָר. כמעט יעדער טאָג האָט מען געכאַפּט ייִדן. מען האָט נישט געוואוסט וואוהין מען נעמט זיי. אַ מאָל זענען זיי צוריקגעקומען, אַ מאָל נישט. מיין פאָטער איז נישט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס פאַר מורא, אַז מען זאָל אים ניט אָפּשניידן זיין באָרד, ווי עס פלעגט געשען מיט אַלע ייִדן מיט בערד.

צוליב די אָפטע אַבלאַוועס פלעגן אונדזערע עלטערן האָבן פאַר אונדז אַ ספּעציעלע באַהעלטעניש, אָבער אין דער גרויסער כאַפּעריי פון יולי 1942 האָט עס ניט געאַרבעט. אין דעם טאָג האָט מען אַרויסגענומען פון אונדזער הויז מיך מיט מיינע דריי שוועסטערס און מיין ברודער. מיר זענען אַלע געווען באַהאַלטן אין דער דירה פון אונדזערס אַ שכן. די טיר איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ קליידערשאַנק. דער שכן איז געווען מיינער אַ גוטער חבר, אַ ייִדישער פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך געקענט פריי באַוועגן. ער איז געקומען צו לויפן און אונדז געוואָרנט, אַז מיר מוזן אַלע פאַרלאָזן די באַהעלטעניש, ווייל ער וויל נישט נעמען די אחריות אויף זיך. עס האָבן נישט געהאָלפן אונדזערע געבעטן. מיר האָבן געמוזט אַרויסגיין פון באַהעלטעניש. איך און מיין שוועסטער ראָמאַ זיינען די ערשטע אַרויסגעגאַנגען. אַזוי ווי מיר האָבן געמאַכט דעם ערשטן טריט אויפן הויף, זענען די וואַכשוצן באַלד צוגעלאָפן און אונדז צוגעפירט צו אַ לאַסטאויטאָ, וואו ס׳איז געלעגן אַ געבונדענע קאַלב מיט צוויי ייִדישע ייִנגלעך. מיר זענען געווען זיכער, אַז מען פירט אונדז אַלעמען צו דערשיסן, ווייל אַז מען האָט געכאַפּט אַ ייִדן מיט פלייש האָט מען אים גלייך געשאָסן. אָבער ס׳איז געשען אַ נס. אויפן וועג האָבן די דייטשן אַוועק־

געפירט ערגעץ די קאַלב און אונדז האָבן זיי אָפּגעפירט אין סקאַרזשיסקער געווער־פאַבריק „האַסאַג״.

דעם זעלביקן טאָג האָט מען פון אונדזער שטוב אַרויסגענומען מיין ברודער עוזר און מיינע צוויי שוועסטערס מרים און טאָלאַ. ביי נאַכט האָבן מיר זיך אַלע געטראָפן אין די „האַסאַג״ באַראַקן.

מיט מיינע עלטערן זיינען פאַרבליבן מיין שוועסטער טויבע־רחל מיט איר מאַן און דריי קינדערלעך און מיין ייִנגסטער ברודערל הערשל, וואָס איז אַלט געוועזן 12 יאָר.

לכתחילה האָבן מיר געטראַכט צו אַנטלויפן פון „האַסאַג״ צוריק קיין שידלאָווצע. אָבער מיר האָבן זיך דערוואוסט וועגן דער אויסזידלונג פון שידלאָווצע, וואָס האָט אויך פאַרכאַפּט מיינע ליבע עלטערן לייבוש און מיין שוועסטער טויבע־רחל מיט איר מאַן און די קליינע קינדערלעך. קריסטלעכע באַקאַנטע האָבן אונדז דערנאָך דערציילט, אַז מיינע עלטערן האָבן נישט געלאָזט מיין ברודערל הערשל מיטגיין. זיי האָבן אים אַרויסגעיאָגט פון הויז, אַז ער זאָל אַנטלויפן אין אַ דאָרף אַריין, אפשר וועט ער זיך ראַטעווען. אָבער מיר ווייסן נישט וואו ער איז אַהינגעקומען.

* * *

מיין אַרבעט אין לאַגער איז געווען זייער אַ שווערע. איך בין געשטאַנען מיט גומענע שטיוול אין אַ וואַסער, וואָס איז געווען געמישט מיט פאַרשיידענע כעמישע מאַטעריאַלן. דורך אַ גאַלוואַניזאַציע־פּראָצעס האָב איך פון אייזן געמאַכט קופּער. די כעמיקאַלן האָבן מיט דער צייט מיר אויסגעברענט לעכער אין די הענט און פיס. מיינע שוועסטערס און מיין ברודער האָבן געהאַט אַ ביסל אַ לייכטערע אַרבעט, אָבער די מורא, די אָנשטרענגונג און דער הונגער האָבן אונדז זייער דערשלאָגן.

ווי דער עלטסטער ברודער האָב איך זיך געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך צו פאַרהיטן, אויף וויפל מעגלעך, און צו האַלטן צוזאַמען דאָס קליינע הייפעלע, וואָס איז געבליבן פון אונדזער גרויסער משפחה.

מיטן אָנקום פון ווינטער איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע טיפוס־עפּידעמיע. מיינע צוויי שוועסטערס זענען אויך קראַנק געוואָרן. מיט הויכן פיבער האָבן מיר זיי מיטגענומען צו דער אַרבעט, ווייל איבערלאָזן אין באַראַק איז געווען אַ זיכערער טויט.

צוויי יאָר האָבן מיר זיך אָפּגעמוטשעט אין „האַסאַג״־לאַגער. זומער

1944 האָט מען אונדז אויפגעזעצט אויף וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט נאָך טשענסטאָכאָוו. און דאָ האָבן מיר ווידער איבערגעלעבט די שרעק, אַז מען זאָל אונדז נישט צעשיידן. דער גורל האָט אונדז ווידער צוגעשפּילט, און מיר זענען געווען אַלע צוזאַמען און זיך געטיילט מיטן ביסל זופּ און שטיקל ברויט.

אַזוי זענען מיר געווען ביז דעם 16טן יאַנואַר 1945, ווען די רוסישע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט.

מיט גרויס מאַטערניש האָבן מיר נאָך דער באַפרייאונג זיך דערשלאָגן צוריק קיין שידלאָווצע. די האָפענונג, אַז טאָמער איז נאָך עמעצער פון אונדזער פאַמיליע געבליבן לעבן, האָט אונדז געטריבן צו אונדזער שידלאָווצע. אָבער די האָפענונג איז געווען אַ פּוסטע, ווי פּוסט אונדזער גאַנצע אַמאָליקע היימשטאָט איז געוואָרן נאָכן גרויסן חורבן.

חנה באַווניק־בראָניעווסקי

# מיינע ערשטע טעג אין „האַסאַג״



איך בין געווען פון די ערשטע, וואָס מען האָט געכאַפּט צו דער אַרבעט אין לאַגער „האַסאַג״. איך בין דעמאָלט געווען צו יונג צו פאַרשטיין, וואָס עס מיינט אַ לאַגער און צו זיין אַוועקגעריסן פון די עלטערן.

זיי האָבן מיך געכאַפּט ביי אונדז אין שטוב, ווייל מיר זיינען געווען זיכער, אַז אַזעלכע יונגע קינדער וועלן זיי ניט נעמען. עס האָט ניט געהאָלפן קיין בעטן. מיין מאַמע האָט נאָך באַוויזן מיר עפּעס מיטצוגעבן אין דער צייט, ווען מיר זיינען נאָך געשטאַנען לעבן מאַגיסטראַט. מיין ליבע מאַמע איז נאָך איין מאָל געקומען מיך זען, ווי זי וואָלט געפילט, אַז מיר וועלן זיך שוין מער קיין מאָל ניט זען. זי האָט נאָך דערגרייכט דעם לאַסטאויטאָ, וואָס האָט אונדז

געזאָלט פירן אין לאַגער אַריין. מיר האָבן זיך נאָר באַגעגנט מיט די בליקן, ווייל צום אויטאָ האָט מען שוין קיינעם ניט צוגעלאָזן.

אין סקאַרזשיסק האָב איך געאַרבעט אין ווערק א׳. דאָרטן האָב איך געאַרבעט צוזאַמען מיט מרים פרידמאַן, די טאָכטער פון יענקעלע בעדער. זי איז שפּעטער זייער קראַנק געוואָרן און געבעטן אויף זיך דעם טויט. זי איז גיך געפאַלן אַ קרבן פון אַ סעלעקציע.

אַ לענגערע צייט האָב איך געאַרבעט אין ווערק ב׳, ביז אָנהייב 1944. דערנאָך האָט מען מיך ווידער אַריבערגעהויבן אין ווערק א׳. דאָרטן האָב איך זיך גוט איינגעלעבט מיט מיינס אַ פריינדין פון דער היים, דבורהניימאַן, די טאָכטער פון ישראל און מאַטל. אין ווערק א איז געווען אַ סך ערגער, ווי אין ווערק ב׳, וואו ס׳איז כאָטש געווען מעגלעך צו קריגן אַ ביסל קאַרטאָפל.

צום גליק בין איך לאַנג ניט פאַרבליבן אין ווערק א׳. בעת דער לעצטער סעלעקציע איז מיין חברטע אַוועקגענומען געוואָרן אין די וואַגאָנעס, וואָס מען האָט געפירט צו די פאַרניכטונגס־לאַגערן. מיך און נאָך הונדערטער האָט מען אָפּגעפירט אין טשענסטאָכאָווער לאַגער „וואַרטאַ״. דאָ זיינען די באַדינגונגען געווען אַ סך בעסער ווי אין סקאַרזשיסק: מען האָט דאָ קיינעם ניט געשאָסן, דאָס עסן איז געווען בעסער און די אַרבעט לייכטער.

אין דאָזיקן לאַגער בין איך געווען ביזן 17טן יאַנואַר 1945 און דאָרטן זיינען מיר באַפרייט געוואָרן דורך די רוסן.

איך מיט נאָך עטלעכע שידלאָווצער האָבן זיך שפּעטער דערשלעפּט ביז אונדזער שטעטל. מיר האָבן באַקומען אַן אָרט צו וואוינען צו ערשט ביי שלום דימאַנט און דערנאָך ביי אהרן בלומענפעלד. מיר האָבן דאָרטן געטראָפן ישראלקע פרידמאַן, די בלייכמאַנס, לאה פישער, מאַטל סטאַל, עלקע און יאַנקל זילבערמאַן, ישראל כוסטעצקי, משה אייזענבערג, חנה דימאַנט, אברהם פינק־לער, קיווע ליבערבוים, חנה אייזענבערג.

אין שידלאָווצע האָבן מיר לאַנג ניט געקענט פאַרבלייבן, ווייל די פּאָליאַקן האָבן אונדז געדראָט מיטן טויט, אויב מיר וועלן ניט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. מיר האָבן ניט געוואָלט ריזיקירן מיטן קוים־קוים אָפּגעראַטעוועטן לעבן — און מיר זיינען אַוועק פון אונדזער אַ מאָל טייער היימשטעטל.

אליעזר לעווין (בני־ברק)

# אַ סדר־נאַכט אין סקאַרזשיסקער לאַגער

די אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג" איז געווען פאַרטיילט אויף 3 אָפּטיילונגען: ווערק א', ווערק בע און ווערק צע. דער לעצטער איז געווען דער ערגסטער, ווייל דאָרטן האָט מען געאַרבעט מיט פּיקרין — דאָס איז אַן אויפרייס־מאַטעריאַל פאַר גראַנאַטן, וואָס האָט אויפגעגעסן דאָס האַרץ מיט די לונגען. 80 פּראָצענט פון די, וואָס האָבן געאַרבעט ביי פּיקרין, זענען נאָך דריי חדשים אַרבעט געפאַלן ביי דער אַרבעט.

איך מיט מיין עלטערער טאָכטער מאַשע זיינען אַריינגעפאַלן אין ווערק „צע". מיר זיינען אָבער איינגעאָרדנט געוואָרן ביי אַ בעסערער אַרבעט, אַ דאַנק צוויי פּוילישע מייסטערס, מיינע געוועזענע קונים פון סקאַרזשיסק און אויך אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב זיי איבערגעלאָזט אַ סך סחורות פון מיין געשעפט. זיי האָבן מיך אונטערגעהאַלטן מיט ברויט און אַנדערע שפּייזן.

אין דאָזיקן אָפּטייל האָבן זיך געפונען עטלעכע רבנים פון אָסטראָווצעק־פאַלעניץ, דער ראַדאָשיצער רב, וואָס איז פאַרשיקט געוואָרן פון פּיעטערקאָוו, דער שוחט פון מעזריטש, דער וואָלבראָמער רב, און אויך אַ פּאָר יונגע רבנים, וואָס זענען געקומען פון פּלאַשאָוו, אַ לאַגער ביי קראָקע, און אויך דער ראש־ישיבה פון אָסטראָווצעק.

איך האָב זיי געהאָלפן מיט וויפל איך האָב נאָר געקאָנט — מיט אַ צוגאָבזופּ, מיט אַ שטיקל ברויט, מיט אַ ביסל פּוילישן הירזש.

איך האָב געהאַט אונטער מיר אַ פּאָר סקאַרזשיסקער און שידלאָווצער מיידלעך און פון צייט צו צייט זענען מיר געגאַנגען אַרבעטן, אין באַגלייטונג פון אַ פּוילישן מייסטער אויסער דעם לאַגער, אין דאָרף מוזאָוויע.

מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך זאַכן צו פאַרקויפן די פּויערים אין אויסבייט פאַר אַ שטיקל פּוטער, ברויט, הירזש. אַ ביסל האָט מען אַליין געגעסן און דאָס איבעריקע האָט מען אַריינגעשמוגלט אין לאַגער אַריין. די לאַגערזופּ האָט מען שוין נישט געדאַרפט עסן, ווייל מען האָט געגעסן ביי די פּויערים, האָט מען פאַר נאַכט אַריינגעברענגט די זופּ צוריק אין לאַגער אריין און דאָס צעטיילט אַ ביסל די כלי־קודש און אַנדערע. איין מאָל האָט אַן עס־עס־מאַן געטראָפן דעם מעזריטשער שוחט אַרויסגייענדיק מיט אַ פּושקעלע זופּ פון מיר. ווי אַ ווילדע חיה איז דער עס־עס־מאַן צוגעלאָפן צו אים מיט געוואַלדן:

„ווער האָט דיר דאָס געגעבן? ווייז מיר דעם מאַן!” ער האָט, נעבעך, נישט געהאַט קיין עצה און גלייך אים אַריינגעפירט צו מיר אין באַראַק אַריין. דער עס־עס־מאַן האָט אויפגעשטעלט אויף מיר זיינע רוצחישע אויגן און פאַרפאָרן מיר מיט זיין פויסט גלייך צווישן די אויגן, אַז איך האָב זיך פאַרגאָסן אין גאַנצן מיט בלוט. איך בין נאָך מיט דעם נישט אָפּגעקומען. אין 10 מינוט אַרום איז ער צוריקגעקומען צו מיר אין באַראַק אַריין און מיך אָפּגעפירט אין אַ מאַגאַזין־לאַגער. ער האָט געבראַכט אַהין 4 פּאָליאַקן, אַוועקגעלייגט מיך אויף אַ באַנק, באַפוילן, אַז איינער זאָל האַלטן מיין קאָפּ, איינער — די הענט, צוויי — די פיס און ער אַליין האָט גענומען מיט אַ ברעט מיר קלאַפּן איבערן קערפּער. ביים צווייטן קלאַפּ האָב איך שוין פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. מען האָט מיך אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל אַריין, וואו איך בין געלעגן 4 וואָכן. פון דעמאָלט בין איך געבליבן מיט אַ פעלער אין רוקן.

אַ קורצע צייט פאַר פּסח האָבן די רבנים געשיקט צו מיר עטלעכע מענטשן און געבעטן העלפן, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן עסן חמץ. מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק — איינצואָרדענען אַ „סדר”־נאַכט פאַר די רבנים.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז קודם־כל מוז איך דאָס מעלדן דער לאַגער־פירערין, פרוי מאַרקאָוויטש. אָן איר הסכמה קומט נישט אין באַטראַכט די קלענסטע טעטיקייט. איר געניט אויג איז געווען אין יעדן באַראַק פון לאַגער. אָבער ווי „נעמט” מען זי איין? ווי שוין פריער געזאָגט, איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן אָפט מאָל אויסער דעם לאַגער, אויף די פעלדער פון דאָרף מוזאָוויע. דער אויפזעער איז געווען אַ פּוילישער מייסטער. פאַר דעם זכות פון קענען האַנדלען מיט די פויערים האָט ער באַקומען אַ פלעשל בראַנפן. די פּראָדוקטן האָט מען אַריינגעפירט אין די קאַנען פון עסן אין לאַגער אַריין. איך האָב געקויפט פרישע טרוסקאַווקעס פאַר פרוי מאַרקאָוויטשעס טעכטערל, וואָס איז געווען מיט איר צוזאַמען, אַ מאָל אויך פרישע אוגערקעס, וואַלד־שוואָמען. אויף אַזאַ אופן בין איך ביסלעכווייז געוואָרן ביי איר אַן אָפטער אַריינגייער.

ווען איך בין געוואָרן מערער באַקאַנט מיט איר, בין איך אַוועק צו איר און דערציילט, וואָס איך וויל מאַכן. איך האָב זי געבעטן צו דערלויבן מיר עס צו טאָן, ווי אויך צו ריידן מיט דעם שעף פון דער יידישער לאַגער־פּאָליציי פעפער, אַז ביי נאַכט, ווען אַלע שלאָפן, זאָלן די רבנים קענען באַקן מצות אין די גרויסע אויוונס, וואָס האָבן געוואַרעמט די באַראַקן.

אין די שרעקלעכע לאַגער־באַדינגונגען איז דאָס באַקן מצות געווען זייער אַ שווערע און געפערלעכע אונטערנעמונג. מיר האָבן גענומען עטלעכע

פלעשער, זיי גוט אויסגערייניקט מיט זאַמד. דאָס האָט אונדז געדינט פאַר וואַלגער־העלצער. אַ שידלאָווצער מיידל, דעם אַלטן יהונתנס אַן אייניקל, האָט איינגעשטעלט איר לעבן און יעדע נאַכט אָנגעטאָן אויף זיך בלעכן און געברענגט פון דער פאַבריק אין בלאָק 1. אויף זיי האָט מען געוואַלגערט די מצות.

עטלעכע רעליגיעזע יידן האָבן מיר געגעבן געלט אויף איינצוקויפן מעל, הירזש, בוריקעס. מיינע קריסטלעכע מייסטערס האָבן פאַר גוט געלט מיר באַזאָרגט מיט פאַרשיידענע פראָדוקטן.

דריי טעג פאַר פסח האָב איך זיך געווענדט צום שעף פון לאַגער־פּאָליציי, אַז ער זאָל מיך דערלויבן איינצואָרדענען אַ „סדר"־נאַכט אין לעצטן לאַגער־באַראַק, וואָס איז במילא געווען נישט באַזעצט, און ער זאָל באַפעלן די יידישע פּאָליציסטן, וואָס וועלן דעזשורירן די נאַכט, אונדז צו וואָרענען, אויב עס וועט ביי נאַכט קומען געשטאַפּאָ אויף אַ באַזוך, ווי עס האָט אָפט געטראָפן.

ערב פסח, קומענדיק אַהיים פון דער אַרבעט, איז אַריינגעקומען אין באַראַק אַריין אַ לאַגער־פּאָליציאַנט און באַפוילן מיך תיכף צו גיין צו דער לאַגער־קאָמענדאַנטין — פרוי מאַרקאָוויטש.

ווען איך האָב זיך געשטעלט פאַר פרוי מאַרקאָוויטש אין צימער פון איר היזקע — מען האָט עס גערופן דאָס „ווייסע הויז" — האָט זי מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן בליק פון אויבן ביז אַראָפּ. זי האָט אָנגעהויבן מיך פאַרשן מיט אַ שטרענגער שטים: זאָגט מיר, קליין לעווינדל, ווי אַזוי האָט איר אַריינבאַקומען אין לאַגער אַריין די אַלע פּראָדוקטן? און וואו האָט איר גענומען געלט אויף דעם אַלעם?

איך האָב איר איבערגעגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט. נאָכן אויסהערן מיין ראַפּאָרט, האָט זי געזאָגט: איך האָב זיך געוואָלט איבערצייגן, צי איר האָט נישט געמאַכט פון דעם אַ פּריוואַט געשעפטל. איצט זע איך, אַז איר האָט געהאַנדלט ערלעך. איך האָב שוין אָן אייך אַלץ אויסגעפאָרשט. איך וועל זען, אַז אַלץ זאָל אַדורך בשלום. איך בין גרייט אייך מיטצוהעלפן. איר קריגט שוין פון מיר 60 אייער פאַר די רבנים — ווער עס איז געווען אין ווערק צע, דער קאָן וויסן וואָס דאָס האָט באַטייט.

אין לאַגער איז געווען אַ קצב פון פּלאָצק, שמואל מאַקסעל, האָט ער מיר געגעבן 90 אייער. ער געפינט זיך היינט אין דייטשלאַנד. ער איז אַ מיליאָנער און ער האָט, ניט לאַנג צוריק, געגעבן אַ האַלבן מיליאָן מאַרק פאַר ישראל.

פונקט 10 אַ זייגער, ווען אַלץ איז שוין געשלאָפן אין די באַראַקן, האָט

זיך אָנגעהויבן דער „סדר", ביי צוויי טישן, געדעקט מיט ווייס פּאַפּיר, ביי די ברענענדיקע ליכט, וואָס די נשמות פון אונדזערע קדושים האָבן זיי באַלויכטן.

יעדער איינער פון די רבנים האָט אַרויסגענומען אָנגעשריבענע בלעטלעך פון דער הגדה, וואָס איינער האָט געדענקט און אָנגעהויבן זאָגן. אַ הייליקע שטילקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט, ווען מען איז צוגעקומען צו די פיר קשיות. ווייזט אויס, אַז אין דעם מאָמענט האָט גאָט אַליין נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער אויף די אַלע פראַגעס, וואָס האָבן געפּרעסט אונדזער מוח. אַ שטילער געוויין האָט באַגלייט יעדע ברכה און דאָס גאַנצע הגדה־זאָגן.

חיה גוטמאַן־פרידמאַן (בוענאָס איירעס)

# עטלעכע עפּיזאָדן פון מיינע גרויליקע לאַגעריאָרן



דאָס איז געווען אין יאָר 1942, פאַרן אויסזידלען די שידלאָווצער ייִדן. אין אַ שיינעם טאָג האָט מען געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע פרויען פון 12 ביז 60 יאָר זאָלן זיך פאַרזאַמלען ביים מאַגיסטראַט און אויב מען וועט טרעפן אַ באַהאַלטענע, וועט זי גלייך דערשאָסן ווערן. אַלע פרויען האָבן זיך גלייך צוגעשטעלט. נאָכן דורכפירן מיט אונדז פאַרשיידענע אוממענטשלעכע קונצן פיר שעה צייט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שלאַקרעגן, וואָס האָט צעטריבן אַלע פרויען, אָבער מען האָט ווידער באַפוילן, אַז אַלע יונגע מיידלעך און יונגע פרויען אָן קינדער זאָלן זיך צושטעלן אויף מאָרגן. די, וועלכע האָבן זיך דעם צווייטן טאָג צוגעשטעלט — און איך בין געווען איינע פון זיי — האָט מען אַריינגעפּאַקט אין פאַרמאַכטע לאַסטוואַגאָנען און אָפּגעפירט קיין סקאַרזשיסק אין די אַמוניציע־פאַבריקן, וואָס מען האָט שפּעטער גערופן „די

טויטפאַבריקן". דאָרט זיינען געווען דריי אָפּטיילונגען. מיך האָט מען צוגעטיילט אין ווערק „בע".

ווען מען האָט מיך ס'ערשטע מאָל אַריינגעוואָרפן, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע שידלאָווצער מיידלעך, אין אַ פאַבריק פון אַמוניציע, האָב איך געטראַכט, אַז פון דאַנען וועל איך שוין קיין לעבעדיקע נישט אַרויס. איך האָב אָפּגעאַרבעט אַרום דריי וואָכן, בין איך געוואָרן אַזוי דאַר און אָפּגע־שוואַכט, אַז מען האָט מיך אויסגעקליבן ביי אַ סעלעקציע אַוועקצושיקן צום פאַרברענען, זאָגנדיק, אַז דאָס שיקט מען מיך צוריק אַהיים. איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן האָבן נישט אויף מיר קיין רחמנות און איך האָב באַשלאָסן זיך קעגנצושטעלן. איך האָב געטענהט, אַז איך בין געזונט, איך וויל אַרבעטן, נישט אַהיימפאָרן. נאָכן אָפּמעסטן מיר עטלעכע געזונטע פעטש און אָנזידלען, אַז איך זאָל האַלטן די „שנאַוצע", האָט מען מיך געשיקט אַרבעטן אין אַ קיך. אַ דאַנק דעם בין איך געבליבן לעבן.

אין ווערק „בע" האָב איך אָפּגעהאָרעוועט אַכצן חדשים. מען האָט דאָרט זייער געפּייניקט. אַ נאָרמאַלער מענטש קאָן זיך נישט פאָרשטעלן ווי אַזוי מענטשן קאָנען אַזוי אוממענטשלעך פּייניקן מענטשן, אָבער ווער ס'האָט געהאַט אַ ביסעלע מזל האָט אַלץ איבערגעלעבט.

אַ געוויסן טאָג הערן מיר אַ סיגנאַל, אַז אַלע יידן זאָלן אַרויסגיין אויפן הויף און זיך אויסשטעלן צו פינף אין אַ ריי. מיר האָבן געטראַכט, אַז מען גייט אונדז אַוועקפירן צום פאַרברענען. אָבער אין מיטן הויף איז געשטאַנען אַ תליה. האָבן מיר גלייך פאַרשטאַנען, אַז מען וויל דאָ דורכ־פירן אַ „ספּעקטאַקל" פון עמעצן אויפהענגען. נישט וואַרטנדיק לאַנג, זעען מיר, ווי מען פירט פון דער ווייטנס אַ הויכן מאַן, אַ באַוואַקסענעם. נאָכן אָפּזיצן זעקס וואָכן אין „בונקער" אויף ברויט מיט וואַסער, איז ער געווען נישט צום דערקענען. ווען מיר האָבן דערהערט זיין שטים, האָבן מיר דערקאָנט, אַז דאָס איז אונדזער לאַנדסמאַן יחיאל קינעל. מען האָט אים באַשולדיקט אין אַרויסגנבענען קוילן פון דער פאַבריק.

אַלע לאַגערמענטשן מוזן שטיין רואיק און צוקוקן זיך, ווי אַ ייד, אַן אַרויסגעצוימענער פון די רייען, מוז אים אויפהענגען. אינסטינקטיוו האָט זיך די ערד אונטער מיינע פיס אָנגעהויבן טרייסלען, אָבער מען האָט געמוזט אָנשטרענגען אַלע כוחות און שטיין גלייך און צוקוקן גלייכגילטיק, ווי מען הענגט אונדזערס אַן אייגענעם.

דעם קולמינאַציע־פּונקט פון מיינע איבערלעבענישן האָב איך דער־

גרייכט אין דעם באַרימטן פאַרניכטונגס־לאַגער בערגען בעלזען, וואוהין מען האָט אונדז נאָך פאַרשידענע וואַגלענישן פאַרשלעפּט צו פאַרענדיקן פאַמע־לעכערווייז דאָס לעבן. מ׳האָט אונדז געיאָגט ארבעטן אונטער אַ האָגל פון בייטשן, געהאַלטן אויף אַפּעלן לאַנגע שעהן אָן עסן און טרינקען, באָרוועס און נאַקעט, אונטער רעגנס או שנייען. ביסלעכווייז זיינען די מענטשן געפאַלן ווי פליגן פון שמוץ, הונגער, לייז און קלעפּ פון די שטובאָווע און לאַגער־פירערס.

ווען ס׳איז ענדלעך געקומען די באַפרייאונג און די ענגלישע טאַנקען זיינען אַריינגעפאָרן אין לאַגער, האָט מען זיי באַגעגנט מיט פרייד־אויס־געשרייען. איך האָב זיך דאַן געוואָלט אַרויפכאַפּן אויף אַ פּריטשע, דאָס הייסט אַ בעט מיט איבערשטע פאַכן, לעבן אַ פענצטערל, געוואָלט אַרויס־קוקן, בין איך אַראָפּגעפאַלן אַ פאַרחלשטע. ווי אזוי מען האָט מיך דאַן דערמינטערט, ווייס איך ביז היינט נישט און איך פאַרשטיי נישט וואָס פאַר אַ כוח איך האָב פאַרמאָגט, אז איך בין געבליבן לעבן.

אין די לאַגערן און געטאָס האָבן מיר זיך אויסגעמאָלן אַ בעסערע צוקונפט אין אַ באַנייטער וועלט. אַרויסקומענדיק פונעם גיהנום האָבן מיר איינגעזען, אַז די וועלט איז ניט בעסער געוואָרן.

אברהם שוואַרצמאַן (ריאָ)

# צו דרייצן יאָר אין גיהנום

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען שידלאָווצע בין איך אַלט געווען דרייצן יאָר. ניט געקוקט אויף דעם האָב איך געמוזט גיין יעדן טאָג אויף די שווערסטע אַרבעטן. פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט פלעג איך זיך געזעגענען מיט מיינע עלטערן, ווייל איך בין קיין מאָל ניט געווען זיכער, צי איך וועל צוריקקומען. דעם 8טן מערץ 1942 האָט מען פלוצלונג געכאַפּט אַ 1,500 יידן, צווישן זיי אויך מיך, און אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק. 4 קילאָמעטער פאַר סקאַרזשיסק האָבן זיי אונדז אַריינגעטריבן אין אַ וואַלד און צוגענומען אַלץ, וואָס יעדער פון אונדז האָט געהאַט.

אין סקאַרזשיסקער לאַגער האָב איך אָפּגעפּינצטערט ביז אויגוסט 1944. פון דאָרטן האָב איך דורכגעמאַכט די לאַגערן פון טשענסטאָכאָוו, בוכענוואַלד, שליבן און טערעזיענשטאַט, וואו מיר זיינען באַפרייט געוואָרן דעם 9טן מיי 1945.

צוויי חדשים נאָך דער באַפרייאונג בין איך געפאָרן אַהיים. איך האָב שידלאָווצע קוים דערקענט. די יידישע הייזער זענען געווען אויסגעגלייכט מיט דער ערד. אונדזערע „גוטע פריינד" די פּאָליאַקן האָבן נאָך געשיט זאַלץ אויף די וואונדן. איך האָב געזען, אַז פּוילן איז מער ניט קיין אָרט פאַר יידן און בין אַוועק פון דאָרטן אויף אייביק.

**חנא פיאסעק**

# אַ יינגל אין געטאָ

ווען יאָסל קאַטשאַלע איז פאַרשיקט געוואָרן אין די אַמוניציע־פאַבריקן פון „האַסאַג", איז ער אַלט געווען זעכצן יאָר, אָבער זיינע מעשים אין לאַגער זיינען געווען ווי פון אַ דערוואַקסענעם.

אין סקאַרזשיסקער לאַגער איז ער געווען צוזאַמען מיט זיינע דריי שוועסטערן, חנה, קריינדל און דבורה. זיין איינציקע דאגה איז געווען צו העלפן זיינע שוועסטערן, אַז זיי זאָלן ניט ליידן קיין הונגער.

יאָסל האָט תחילת געאַרבעט ביים אויספּאַרטיקן קוילן פאַר ביקסן. ער פלעגט אָפּט נעלם ווערן פון זיין אַרבעטפּלאַץ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנס־געפאַר, כדי צו פאַרשאַפן אַ שטיקל ברויט אָדער קאַרטאָפל פאַר זיך און זיינע שוועסטערן.

דורך אַ ריינעם צופאַל איז ער געוואָרן אַן עלעקטריקער. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט זיך פרייער צו באַוועגן און אַ תירוץ זיך אָפּט אַריינ־צוכאַפּן אין דער קיך, פון וואַנען ער איז שוין ניט אַרויס מיט ליידיקע הענט.

איין מאָל האָט די באַוואָפנטע וואַך ביים פאַבריק־טויער געפּאַקט ביי אים אַ שטיקל פלייש. מען האָט אים געשלאָגן מכות־רצח, זיין גאַנצער קערפּער איז געוואָרן שטיקער בלוט, אָבער יאָסל האָט ניט צוזאַמענגעבראָכן און ניט געענטפערט אויף דער פראַגע פון די מערדערס, ווער עס זיינען זיינע שותפים.

נאָך דער ליקווידאַציע פון „האַסאַג"־לאַגער איז ער פאַרוואַגלט געוואָרן קיין בוכענוואַלד, וואו ער איז אומגעקומען ביי ניט באַקאַנטע אומשטענדן.

מרים זילבערמאַן־בראָמאַן (פּאַריז)

# איינע פון אַ סך



מיין פאָטער הערשל בראַמאַן איז געווען אַ פאָלקס־ייד, אַן אַרבעטזאַמער מענטש, וואָס האָט געפירט אַ יידיש באַלע־באַטיש הויז און געהאַט פאַרשיידענע צייטן, ערגערע און בעסערע. פּרנסה האָט מיין פאָטער פאַרדינט ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. זומערצייט האָט ער געמאַכט אַ לעבן פון סעדעריי. ווינטער האָט ער געמאַכט פאַר די פּויערים און זייערע פאַמיליעס שטיוול און שיך.

מיין מאַמע שיינדל האָט אים געהאָלפן טראָגן דעם שווערן יאָך פון חיונה, ביז די מערדערישע נאַציס זיינען באַפאַלן אונדזער שטאָט און אַלץ איז געוואָרן איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. מיין פאָטער, אין די זעכציקער, האָט גלייך דערפילט זייערע מערדערישע לאַפּעס. גייענדיק פון דאַוונען האָבן זיי אים צעשלאָגן און געלאָזן אַ צעבלוטיקטן מיט אַן אויסגעריסענער באָרד. אַ לאַנגע צייט איז ער געלעגן קראַנק, ביז ער איז צו זיך געקומען.

פון מיין גאַנצער פאַמיליע בין איך נאָר איינע פאַרבליבן — מיט גרויסע נסים, ווי אַלע געראַטעוועטע פון היטלערס גיהנום.

ווען מען האָט געכאַפּט מיין יינגסטע שוועסטערל גיטעלע און מען האָט זי געוואָלט אַוועקשיקן אויף אַרבעט, בין איך פרייוויליק אַוועק און פאַרנומען איר אָרט, ווייל איך האָב געטראַכט, אַז איך בין עלטער און שטאַרקער פון איר און וועל אפשר לייכטער איבערטראָגן די שווערע צייט אין סקאַרזשיסקער לאַגער.

די ערשטע פּאָר טעג האָב איך געזען פאַר זיך דעם גיהנום און גע־טראַכט, אַז פון דעם לאַגער קען מען שוין ניט אַרויס קיין לעבעדיקע. איך האָב געהאַט „מזל": מיין דייטשישן מייסטער באָש איז געפעלן געוואָרן מיין אַרבעט און ער האָט מיך באַשטימט צו זיין די אויסטיילערין פון דער זופּ. דאָס האָט מיר שטאַרק געהאָלפן צו שטילן דעם הונגער.

שפּעטער זיינען געבראַכט געוואָרן קיין סקאַרזשיסק מיין מאַן לייבל און זיין שוועסטער מלכה, אירע ברידער לייבל און יאַנקל מיט זיין פרוי עלקע. מיין „גוטער" מייסטער האָט דערפילט מיין בקשה און אַריינגענומען מיין מאַן און זיין ברודער מיט דער פרוי אין זיין אָפּטייל. דאָס איז געווען אַ שטיקל טרייסט און הילף פאַר אונדז.

שפּעטער איז אויך געקומען מיין ברודער זלמן בראַמאַן. זיין פרוי ליבע־רייזל מיטן קינד זיינען אַוועק אין די וואַגאָנען. נאָך מיין באַפרייאונג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז אומגעקומען אין בוכענוואַלד.

**פייגע שוואַרצפינג־טאַברים**

# אין לאַגערן



ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, בין איך נאָך נישט געווען קיין גאַנצע 14 יאָר אַלט. פון די ערשטע ביטערע טעג געדענק איך די שריפה אין בית־מדרש גאָס. יידן זיינען געלאָפן ראַטעווען דעם בית־מדרש. דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן, מען האָט אָבער אָפּגעראַטעוועט די אַרומיקע הייזער.

כל־זמן מען האָט נאָך געלאָזט בלייבן אין די אייגענע הייזער, האָט מען נאָך ווי ס'איז געקענט דערטראָגן די אַלע אַכזריותן און שיקאַנעריעס פון די דייטשן און זייערע פּוילישע מיטהעלפערס. ווי שלעכט עס איז ניט געווען, איז נאָך אַלץ געווען אַ שטיקל געפיל פון זיכערקייט, ווען מען האָט נאָך געלעבט ביי זיך אין דער היים.

אָבער ניט לאַנג האָט דאָס אָנגעהאַלטן. מען האָט גענומען טרייבן אין אַנדערע ערטער און מען האָט אָנגעהויבן פילן, אַז עס קומט דער סוף.

אין זומער 1942 האָבן די דייטשן אַוועקגעשיקט מיין טאַטן קיין יעלנע, ביי ראָדעם, וואו עס איז געווען אַ גרעסערער לאַגער. דאָרטן איז ער געווען ביי 6 וואָכן און איז דערנאָך אַהיימגעקומען קורץ פאַר דער ליקווידאַציע פון שידלאָווצע.

בעת דער גרויסער „אַבלאַווע", ווען די גאַנצע שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט מיט ס"ס־לייט און מען האָט געכאַפּט יידן אויף סקאַרזשיסק, בין איך מיט מיין שוועסטער לאה געווען צווישן די געכאַפּטע.

איך און מיין שוועסטער זיינען פריער קיין מאָל ניט געווען אָן די עלטערן. איצט, אין אַזאַ געפערלעכער צייט, זיינען מיר אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן ארויסגעריסן געוואָרן פון אונדזער היים און געלעגן אין אַ באַראַק פון אַ לאַגער מיט נאָך הונדערטער מענטשן. אין אָנהייב האָבן מיר געמיינט, אַז צו אַזאַ גיהנום וועלן מיר קיין מאָל זיך ניט צוגעוואוינען, אָבער אַ מענטש איז שטאַרקער פון איַזן און מען טראָגט איבער דאָס ערגסטע.

מיט אונדז צוזאַמען זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין האסאג־לאַגער פון סקאַרזשיסק אויך אונדזערע ברידער יונה־יחיאל און לייבל. זיי האָבן געאַרבעט אין ווערק „צע".

נאָך דער ערשטער „אויסזידלונג" פון שידלאָווצע איז אין יעדן אָפּטייל פון האַסאַג אַרויסגעהאַנגען געוואָרן אַן אויסרוף, אַז די אַלע, וואָס ווילן קומען צוריק אין שטעטל, קענען עס טאָן. מיין ברודער יונה־יחיאל האָט זיך צוגעשטעלט פרייוויליק און אַזוי איז ער שפּעטער אַוועק קיין טרעבלינקע צוזאַמען מיט אונדזערע טייערע עלטערן.

מיין ייִנגערער ברודער לייבל האָט געפּרואווט זיך ראַטעווען און ס'האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון ווערק „צע", צוזאַמען מיט נטע טעפּער (שטאַץ). זיי איז געלונגען צו קומען קיין שידלאָווצע, נאָר אַזוי ווי שידלאָווצע איז שוין געווען יודן־ריין, זענען זיי אַוועק צו אונדזערס אַ באַקאַנטן פויער אין סמילעוו. ווי מען האָט אונדז איבערגעגעבן, האָט דער פויער זיי געהאַלטן צוויי טעג און ער האָט זיי געהייסן ווייטער גיין. דאָס איז געווען דער סוף, ווייל די ס"ס האָבן זיי געכאַפּט און דערשאָסן.

אין זומער 1944 האָט מען אַ סך פון סקארזשיסק אָפּגעשיקט קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרטן אין טויטלאַגער פון בערגן־בעלזן.

ווי מיר האָבן אויסגעהאַלטן אַזעלכע שרעקלעכע באַדינגונגען, ווי אין בערגן־בעלזן, ווייס איך ניט. אָבער אַז עס זיינען באַשערט יאָרן, געשעען נסים. מיר האָבן זיך נאָך געוואַלגערט אין די לאַגערן פון בורגאָוו, טירקהיים און אַלאַך, וואו מיר זיינען באַפרייט געוואָרן.

פייגל דורון־ראָזנבלאַט (ישראל)

# פינף יאָר פּיין

סך־הכל צוועלף יאָר בין איך געווען, ווען די נאַצישע רוצחים האָבן זיך אַריינגעריסן אין אונדזער שטיל שטעטעלע. איך האָב נאָך באַדאַרפט האָבן די וואַרעמקייט פון דער היים און די צערטלעכקייט פון טאַטע־מאַמע — אָבער דער גרויזאַמער גורל האָט אַלץ רואינירט.

בעת דער ערשטער אויסזידלונג האָב איך מיט מיינע עלטערן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם, אָבער די בעסטיעס האָבן אונדז געכאַפּט און אָפּגעשיקט מיט נאָך הונדערטער יידן קיין סקאַרזשיסק.

דאָרטן האָט מען מיך אָפּגעריסן פון מיינע טייערסטע — מיינע טאַטע־מאַמע צמח און שבע, מיינע שוועסטערס בתיה און רחל און מיינע ברידער לייזער און לייבעלע.

אין מיינע גרויסע צרות און הונגער האָט מיר שטאַרק אַרויסגעהאָלפן די שטעטלשע ראַשעלע וויניצלאַנד מיט וואָס זי האָט געקענט. איך וועל איר דאָס קיין מאָל ניט פאַרגעסן, ווייל זי האָט אַ חלק אין ראַטעווען מיין לעבן.

נאָך פינף יאָר, יאָרן פון פּיין, בין איך אין מיי 1945 באַפרייט געוואָרן פון היטלעריסטישן גיהנום.

איך לעב איצט אין ישראל, אָבער עס בענקט זיך נאָך אַלץ מיט ווייטיק נאָכן שטעטעלע פון מיין יוגנט און נאָך מיין אומגעבראַכטער משפחה.

אָבער דאָס איינציקע, וואָס מיר קענען טאָן, איז נאָר — זאָגן „יזכור“.

גענייאַ קאָרנברויט־שטאַרק

# אייביקע קאַשמאַרן



איך בין געווען צווישן די יעניקע, וואָס די דייטשן האָבן אין יולי 1942 אַרויסגעפירט פון שידלאָווצע אין לאַגער סקאַרזשיסק. דאָרטן האָב איך געטראָפן מיין טאַטן, מיין ברודער און עטלעכע קוזינעס.

דאָס לעבן אין לאַגער איז געווען אומדערטרעגלעך און מיטן אָנקום פון ווינטער איז עס געוואָרן נאָך ערגער. ניט איין מאָל פלעגט מען צונויפרופן דעם גאַנצן לאַגער, אַרויספירן עטלעכע צענדליק מענטשן און זיי שפּעטער דערשיסן. קראַנקע, וואָס האָבן ניט געקענט גיין אַרבעטן, פלעגן אַרויסגעפירט ווערן אויף לאַסטאויטאָס און מער האָט מען זיי שוין ניט געזען.

אין יוני 1944 האָט מען אונדז אויפגעלאָדעוועט אויף לאַסטוואַגאָנען קיין טשענסטעכאָוו, וואו איך האָב געאַרבעט אין אַ געווער־פאַבריק. דאָרטן זיינען מיר באַפרייט געוואָרן דעם 16טן יאַנואַר 1945.

נאָך דער באַפרייאונג זיינען מיר געקומען צוריק קיין שידלאָווצע. מיר האָבן געטראָפן בלויז געציילטע יידן.

דער לעבעדיקער מוז לעבן און אויך מיר, געראַטעוועטע פון היטלער־גיהנום, האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער וועג. מען בויט אַ ניי לעבן, אָבער די שרעקלעכע קאַשמאַרן וועלן זיך קיין מאָל ניט ענדיקן פאַר אונדז. מיר האָבן געצאָלט אַ צו טייערן פּרייז, אַז זיי זאָלן קענען פאַרגעסן ווערן.

פרידע קורלענדער־קופליק

# אין לאַגער

ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין שידלאָווצע, האָבן זיי צוגענומען אונדזער גרויסע מיל. אַ קאָמיסאַר פון ראַדעם איז געשיקט געוואָרן אָנצופירן מיט איר.

צוויי טעג פאַר דער ערשטער אויסזידלונג איז מיין יינגסטער ברודער, אברהם־אליה, אַוועק אין אַרבעטס־לאַגער סטאַרכאָוויץ.

אין טאָג פון דער ערשטער אויסזידלונג האָט מיין ברודער דוד געזען, ווי שמעון טענענבוים גייט אַראָפּ אין אַ „מאַלינע". אונדזער גאַנצע פאַמיליע האָט זיך אויך אַראָפּגעכאַפּט אַהין, כאָטש שמעון איז געווען קעגן דעם. די „מאַלינע" איז געווען גוט מאַסקירט, מיט אַ געהיימען אַריינגאַנג.

אין דער „מאַלינע" זיינען מיר געווען 4־5 טעג. צוליב מורא פאַר אויסגיין פון הונגער, זיינען מיר אַרויס פון דער באַהעלטעניש. די דייטשן האָבן אונדז געבראַכט צום זאַמלפּונקט ביי פינקערטן אין הויז, וואו מען האָט אונדז געהאַלטן אַ פּאָר טעג. פון דאָרטן האָט מען אונדז אָפּגעפירט קיין סקאַרזשיסק.

גלייך אויף מאָרגן נאָכן קומען קיין סקאַרזשיסק, איז אויך דאָרטן פאָרגעקומען אַן אויסזידלונג. אין דער סעלעקציע האָט מען מיך, מיין טאַטן און מיינע צוויי ברידער אויסגעקליבן אויף אַרבעט. מיין מאַמע איז אַריינ־געפאַלן אין דער „קראַנקער" זייט. אַן אוקראַאינער האָט געהאָלפן מיר אַריבערנעמען די מאַמען צו דער זייט פון די אַרבעטס־פעאיקע.

אין אַ שפּעטערדיקער סעלעקציע האָט מען מיין טאַטן צוגענומען לעולם ועד. מיין ברודער דוד, וואָס האָט געאַרבעט אין ווערק „צע", איז דאָרטן דערשאָסן געוואָרן.

פון סקאַרזשיסק האָט מען מיך, מיין מאַמען און ברודער יאַנקל אַריבערגעפירט קיין טשענסטעכאָוו. בעת אַ סעלעקציע האָט מען מיך און מיין מאַמען אַפּטראַנספּאָרטירט קיין בערגען־בעלזן און מיין ברודער — קיין דייטשלאַנד.

צוויי טעג פאַר דער באַפרייאונג איז מיין מאַמע געשטאָרבן. מיין ברודער יאַנקלען האָב איך אין אַ פּאָר חדשים אַרום געטראָפן צופעליק.

עזיר קאָרנברויט

# פון יוזעפאָוו ביזן „האַסאַג"



דעם 20סטן אויגוסט 1940 בין איך און נאָך אַ סך שידלאָווצער יידן אָפּגעשיקט געוואָרן אין לאַגער יוזעפאָוו. די אַלטע לאַגערניקעס דאָרטן זיינען געווען יידן פון וואַרשע. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, אָנגעפירט פון פּוילישע אויפזעערס, באַוואַכט פון דייטשן און אוקראַאינער.

ביי דער שווערער אַרבעט בין איך געווען באַשעפטיקט נאָר איין טאָג. ווי אַזוי? — ביים צומאָרגנדיקן אַפּעל האָב איך געהערט, אַז מען זוכט אַ שניידער, האָב איך זיך גלייך געמאָלדן און מען האָט מיך צוגענומען פאַר אָט דער אַרבעט. געהאָלפן האָט דאָס, וואָס איך האָב געהאַט אַ צעטל פון דער דייטשער ווערמאַכט, אַז איך האָב פאַר זיי געאַרבעט שניידעריי אין אונדזער שטעטל. פון דאַן בין איך שוין געגאַנגען יעדער טאָג צו שניידעריי. מיין מייסטער איז געווען אַ ייד פון יוזעפאָוו מיטן נאָמען חנינא בירנבוים. ער האָט מיך זייער גוט באַהאַנדלט און ער האָט אַפילו אויסגעפּועלט, אַז איך זאָל ניט דאַרפן גיין אין לאַגער שלאָפן. כאָטש ס'איז ביי אים געווען אַן ענגשאַפט, האָט ער געזאָרגט, אַז איך זאָל קענען שלאָפן אין זיין הויז.

בירנבוים האָט מיר איין מאָל דערציילט, אַז אַ שניידער פון אונדזער שטעטל, וואָס איז געווען אין לאַגער, האָט אים אָנגעבאָטן אַ גרעסערע סומע געלט פאַר אַריינגעמען אים אין זיין וואַרשטאַט אַנשטאָט מיר.

סוף אָקטאָבער האָבן די שידלאָווצער אין יוזעפאָווער לאַגער זיך גענומען צעלויפן צו זייער שטעטל. כאָטש מיר איז דאָ געווען גוט, האָב איך אָבער געוואָלט זיין צוזאַמען מיט מיין משפחה, בין איך אויך אַנטלאָפן.

אין שידלאָווצע, כאָטש אין דער היים, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן פאַר מיר, ווי פאַר אַלעמען, אַ נייע סדרה שווערע אַרבעט — ביים רייניקן די וועגן, ביים רוימען דעם שניי וכדומה.

אין אויגוסט 1942 זיינען מיין ברודער פישל און מיין ייִנגסטע שוועסטער ראָמאַ געכאַפּט געוואָרן בעת אַן אַבלאַווע און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סקאַר־זשיסק. קורץ נאָך דעם, בעתן „בלוטיקן דאָנערשטיק", ווען פיל יידן זיינען דערשאָסן געוואָרן, בין איך מיט מיינע שוועסטערס מרים און טאָלע אויך געכאַפּט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין „האַסאַג". אין שטוב זיינען נאָך

פאַרבליבן: אונדזערע עלטערן לייבוש און לאה, אונדזער שוועסטער טויבע־רחל און איר מאַן שלמה שטיינאָוויטש מיט זייערע דריי קינדערלעך, און אויך אונדזער יינגסטער ברודער הערשעלע, וואָס זיי האָב איך שוין קיין מאָל מער ניט געזען.

אין סקאַרזשיסק בין איך פאַרבליבן אין ווערק „א", צוזאַמען מיט מיין ברודער פישל און מיינע שוועסטערס, און אויך דאָ געקראָגן אַרבעט, וואָס איז ניט געווען צו שווער. פישל האָט אָבער געהאַט זייער אַ שווערע אַרבעט. הגם מיין אַרבעט איז ניט געווען קיין צו שווערע, אָבער די אַלגעמיינע באַדינגונגען אין לאַגער זיינען געווען שוידערלעכע.

לאַנג וואָלט איך ניט אויסגעהאַלטן אַזעלכע באַדינגונגען. צום גליק, איז דער סקאַרזשיסקער לאַגער ליקווידירט געוואָרן. פון דאָרטן בין איך אַפּגעשיקט געוואָרן אין לאַגער טשענסטעכאָוו און מיין ברודער מיט די שוועסטערס — אין לאַגער פּעלצערן.

אין אַ זעקס חדשים אַרום זיינען מיר באַפרייט געוואָרן און זיך געטראָפן אין פּוילן. מיר זיינען נאָך געקומען קיין שידלאָווצע, אָבער מיר האָבן דאָרטן אָנגעטראָפן אויף אַזאַ גיפטיקער שנאה מצד די פּאָליאַקן, אַז מיר האָבן גיך פאַרלאָזן אונדזער אַמאָליק היימשטעטל.

**פיימשע אייזענבערג** (מעלבורן)

# פון לאַגער צו לאַגער

אין געטאָ האָב איך זיך תמיד געסטאַרעט אויסצומיידן די אַלע אָבלאַ־ווּעס און כאַפּעניִשן צו אַרבעט.

אין טאָג נאָך יום־כּיפּור, דינסטיק דעם 22סטן סעפּטעמבער 1942, האָט מען זיך געריכט, אַז מען וועט אויסזידלען אַלע יידן פון שידלאָווצער געטאָ. איך בין דעמאָלט אַוועק צו מיין פריינד שמואל זאַגדאַנסקי (דער זון פון אפרים בעקער). מיר און נאָך 8 יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ גוט־צוגעגרייטן בונקער. אין מיינע אויערן קלינגען נאָך ביז היינט די געשרייען און געוויינען פון

פרויען און קינדער און די קנאַלן פון די שיסערייען. נאָך דעם איז געוואָרן מוראדיק שטיל. מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. מיר האָבן געהאַט מורא אַרויסצוגיין פון בונקער. איינער האָט געשיקט דעם צווייטן אַרויסצוגיין דער ערשטער. מיר זיינען געלעגן אין בונקער עטלעכע טעג. איין טאָג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צו אונדז אַ פאָלקס־דייטש, וואָס איז מן הסתם געגאַנגען זוכן יידישע אוצרות. מיר זיינען געבליבן שטיין אָן לשון און אויך דער פאָלקס־דייטש איז געוואָרן דערשראָקן. קומענדיק צו זיך, האָבן מיר אים געפרעגט, צי עס זענען נאָך דאָ יידן אין שטאָט. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ביי פינקערטן זענען נאָך דאָ יידן. פאַר געלט האָט ער אונדז אַוועקגעפירט אַהין. דאָרטן האָבן מיר געטראָפן פיל יידן, וואָס זענען אויך געווען באַהאַלטן, צווישן זיי אויך מיינע עלטערן.



דער בית־עולם נאָך דער דעפּאָרטאַציע

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי מ׳האָט אַלע שידלאָווצער אַוועקגעפירט אין סקאַרזשיסקער לאַגער. בעת דער דעפּאָרטאַציע פון סקאַרזשיסקער יידן בין איך אויסגעקליבן געוואָרן צו אַרבעטן אין „האַסאַג״־לאַגער. אַ גרויסע

צאָל יידן, צווישן זיי מיינע עלטערן און פאַמיליע, האָט מען יענעם טאָג דעפּאָרטירט קיין טרעבלינקע.

דער לאַגער „האַסאַג" איז געווען אַ שרעקלעכער גיהנום. איך האָב גע־אַרבעט ביי אויטאָמאַטן און פיל מאָל געקראָגן געשלאָגן פון די דייטשן און פּאָליאַקן. איך האָב מיר עטלעכע מאָל צעהאַקט די פינגער פון די הענט.

שרעקלעך זענען געווען די מעטאָדן פון די דייטשן. געווען אין „האַסאַג" אַ באַנדיט, באַטנשלאַגער, פלעגט ער אַרויסנעמען די שענסטע מיידלעך, זיי אויסניצן און נאָך דעם דערשיסן. צווישן די פאַרגוואַלדיקטע מיידלעך איז געווען מיינע אַ קוזינקע, ראָכמעלע אייזענבערג, די טאָכטער פון מאיר און חנה (חנה דיבוק). זי איז אַלט געווען קוים 14 יאָר. עלקע זילבערמאַן דערציילט, אַז זי איז געגאַנגען פון דער אַרבעט צוזאַמען מיט ראָכמעלען און דער מערדער באַטנשלאַגער האָט זי צוגערופן: „קום, קום, דו שוואַרצע ציגיינערין".

איך בין געווען אין „האַסאַג" ביי אַ 10 מאָנאַטן און געזוכט אַן אויסוועג צו אַנטלויפן נאָך ראַדעם, ווי מיין שוועסטער רבקהלע האָט דאָס געטאָן. איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ פּאָליאַק, וואָס פאַר 1000 זלאָטעס האָט ער מיך אַריבערגעפירט קיין ראַדעם.

מיט מיין שוועסטער און מיין פעטער ישראלקע גאָלדבערג האָב איך אין ראַדעם זיך געפילט גאַנץ היימיש און געקענט אַ ביסל לייכטער אָפּעטעמען. אָבער דאָס האָט אויך נישט לאַנג געדויערט. מען האָט מיך אַוועקגעשיקט נאָך מיידאַנעק און אַ ביסל שפּעטער קיין אוישוויץ. צופעליק האָב איך זיך דער־וואוסט, אַז מיין שוועסטער רבקהלע ע"ה געפינט זיך אויך דאָ. ווען מיר האָבן זיך געטראָפן, האָט זי מיך אפילו נישט געקענט דערקענען.

פון אוישוויץ האָט מען אונדז אָפּגעשיקט אין אויסראָט־לאַגער ראַווענס־ברוק און פון דאָרטן — אין אַ שטעטעלע מאלהאף, וואו מיר זיינען באַפרייט געוואָרן.

מיין שוועסטער מאַניע איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון איר זיין אין סקאַרזשיסק. די איבעריקע פון דער משפחה צוזאַמען מיט מיינע טייערע עלטערן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן.

חנה פריילין־פּערל

# כ׳קען ניט פאַרגעסן



דאָס איז געווען אַ טאָג פאַר דער ערשטער אויס־זידלונג. אַ סך האָבן דעמאָלט געהאַלטן, אַז ס׳איז זיכערער אַוועקצופאָרן קיין סטאַרכאָוויץ. מיין פעטער הערשעלע זילבערמאַן, אַ קוזמירער חסיד, האָט מיך פשוט געצוואונגען מיטצופאָרן קיין סטאַרכאָוויץ אויף אַ לאַסטאויטאָ. ווען איך און נאָך פרויען זיינען שוין געווען אין אויטאָ, האָט אַ דייטש אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: „קיינע פרויען״.

איך בין געווען פאַרצווייפלט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אין דער מינוט איז געקומען אונדזער שכן יאַנקל שטאַרק צו באַגלייטן זיינע צוויי קינדער, יאָסל און גאָלדעלע. ווען ער האָט מיך באַמערקט, האָט ער מיך צוגעפירט צום לאַסטאויטאָ, מיך אַ הייב געטאָן און אַריינגעוואָרפן אין דער געפּאַקטער מאַסע מענטשן דאָרטן. צו מיר האָט ער געזאָגט: „שוויג און באַהאַלט זיך!״

שפּעטער איז געקומען קיין סטאַרכאָוויץ אויך מיין פאָטער מיט מיינע צוויי קליינע שוועסטערלעך.

תחילת זיינען מיר געווען אין שטעטל סטאַרכאָוויץ, ניט אין לאַגער מיטן זעלביקן נאָמען. ווען די יידן אין שטעטל סטאַרכאָוויץ האָבן דערפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אויף זיי דאָס אומגליק פון דעפּאָרטאַציע, האָט מען גענומען זוכן כל המינים מיטלען זיך אַריינצוקריגן אין לאַגער סטאַרכאָוויץ. האָט זיך גראָד געטראָפן, אַז די משפחה שטערנשאָס האָט געוואָלט פאַרקויפן די לעגיטימאַציע פון דער טאָכטער אַריינצוקומען אין לאַגער, ווייל איר מאַמען האָט מען ניט אַריינגעלאָזן אַהין. האָט מיין טאַטע פאַר גוט געלט אָפּגעקויפט פאַר מיר די לעגיטימאַציע און אויך ער איז אַריין אינעם לאַגער. אָבער מיין מומע האָט גענומען מיט זיך מיינע צוויי שוועסטערלעך און זיי זיינען שפּעטער אומגעקומען אין טרעבלינקע.

בעת אַ סעלעקציע אין סטאַרכאָוויצער לאַגער איז מיין טאַטע אָפּגעשיקט געוואָרן קיין שידלאָווצע, וואו ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ פּיקטיווער געטאָ, און איז צוזאַמען מיט אַלע פאַרבליבענע שידלאָווצער יידן דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע דעם 13טן יאַנואַר 1943.

* * *

דעם פּלאַץ, וואו ס׳זיינען געשטאַנען אונדזערע באַראַקן האָט מען גערופן די „שטשעלניצע״. פאַרן קריג האָט מען דאָרט געלערנט פּוילישע זעלנערס די קונסט פון שיסן. איצט איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עמק־הבכא פון די יונגע ידישע שקלאַפן.

דאָרטן זיינען אויסגעפירט געוואָרן די עקזעקוציעס. דאָרטן האָט מען פאַר דעם קלענסטן חטא „געצענטלט״, דאָס הייסט: אַלע לאַגערניקעס האָבן געמוזט זיך אויסשטעלן אין גלייכע רייען, די מערדערס האָבן אָנגעהויבן ציילן „1, 2, 3, 4, 5, 6, 7, 8, 9״, דער צענטער האָט געמוזט אַרויסטרעטן און די אַלע, וואָס זייער גורל איז אויסגעפאַלן צו זיין דער 10טער, זיינען דערשאָסן געוואָרן, און מיר האָבן דאָס געמוזט צוקוקן. נישט איין מאָל, שטייענדיק אַזוי אין די רייען, ווען מען האָט געציילט און מען האָט שוין געהאַלטן „6, 7, 8״, האָב איך געמיינט, אַז דאָס האַרץ שפּרינגט אַרויס פון מיר.

איך האָב געאַרבעט זייער שווער ביים אָנלאָדן שווערע גראַנאַטן און שטיינקוילן אויף די וואַגאָנען, און דאָס ביי די ערגסטע וועטערן — שנייען, פרעסט און רעגן — 12 שעה אַ טאָג.

דער מייסטער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, איז געווען אַ טייוול אין געשטאַלט פון אַ מענטשן מיטן נאָמען ווירץ.

צוליב מיין אַרבעטזאַמקייט האָט מען מיך באַשטימט אויסצוטיילן עסן. מען האָט מיך געשטעלט ביים קעסל זופּ און כ׳האָב אָנגעהויבן טיילן. די הונגעריקע ידן קוקן מיר אין די אויגן און בעטן זיך אַ ביסעלע זופּ. קעגן מיר שטייט דער קאָמענדאַנט און גיט אַכטונג. די אַרבעט איז געווען אַ גרויסע פּריווילעגיע, אָבער נאָך עטלעכע טעג האָב איך געבעטן מיך צו באַפרייען פון דעם. ס׳האָט זיך מיר אַלץ אויסגעדאַכט, אַז כ׳טו וועמען אַן עוולה, אַז כ׳האָב ניט ווי געהעריק אויסגעמישט מיטן שעפּלעפל אין דעם קעסל זופּ.

מיר האָבן אויך געליטן פון נאָך אַ טייוולאָנישן מייסטער מיטן נאָמען אַלטאָף. וואו נעמט מען כח צו דערציילן די מעשים תעתועים פון אָט דעם מערדער? ווי אומגלייבלעך דאָס זאָל ניט קלינגען, איז דער איינציקער מענטש, וואָס האָט געקענט אים צוימען, געווען אַ ידיש מיידל, אַן אויסערגעוויינטלעכע שיינהייט, מיטן נאָמען חנהקע לאַקס, אָדער ווי מען האָט זי גערופן: „לאַקסואַוונע״. אָבער ניט אַלע מאָל איז חנהקע געווען אויפן פּלאַץ, ווען דער „מאָנסטער״ האָט זיך צעיושעט.

* * *

ניסים אויף ניסים.

אין לאַגער בין איך איין מאָל קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און ניט

געקענט אויפשטיין צו דער אַרבעט. דאַן הער איך פּלוצלונג אַ געשריי „שטערנשאָס, אַרויס!"

דאָס האָט אונדזער שמואל שטשענשליווע, אַ לאַנדסמאַן פון דער ייִדישער לאַגער־פּאָליציי, אַזוי געשריגן. כ׳בעט זיך ביי אים: „שמואל, דו זעסט דאָך, אַז כ׳קען מיך ניט רירן". ער וויל גאָרניט ניט וויסן. ער שרייט און העלפט מיר אָנטאָן די שיך, דעם מאַנטל און שטופּט מיך אַרויס און גיט נאָך צו אַ קאָפּע מיטן פוס אין הינטן...

מיט די לעצטע כוחות האָב איך זיך צוגעשטופּט צו דער ריי, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן אַרויסמאַרשירן צו דער אַרבעט.

ווען כ׳האָב דערלעבט צו זען דעם פאַרנאַכט און מיט דער הילף פון מיינער אַ חברטע זיך צוגעשלעפּט צו די באַראַקן, האָט מען ערשט דעמאָלט זיך דערוואוסט וועגן דער שרעקלעכער שחיטה פון 85 יונגע מיידלעך, וואָס מען האָט יענעם טאָג דערהרגעט אין די באַראַקן. דאַן האָב איך פאַרשטאַנען די פריערדיקע געוואַלדן און שטופּענישן פון אונדזער לאַנדסמאַן שמואל שטשענשליווע. ער איז, לײדער, אומגעקומען ביים ליקווידירן דעם לאַגער אין סטאַרכאָוויץ.

קען מען דאָס פאַרגעסן?

אין די אָנהייב מאָנאַטן פון 1944 האָט זיך די לאַגע אַ ביסל פאַר־בעסערט. אָבער די פרייד איז גיך פאַרשטערט געוואָרן, ווייל דער לאַגער אין סטאַרכאָוויץ איז באַלד נאָך דעם ליקווידירט געוואָרן.

פון סטאַרכאָוויץ האָט מען אונדז אָפּגעשיקט אין דעם אמתן לאַגער — אוישוויץ. ווען מיר האָבן דורכגעמאַכט די גאַנצע צערעמאָניע פון „אָנט־לויזונג"... זייף... באָד... זיינען מיר אַלע געווען זיכער, אַז דאָס איז דער סוף. מיר האָבן ניט געגלייבט די אײפּזעערס לעבן אונדז, אַז מיר דאַרפן ניט מורא האָבן, ווייל ס׳איז מיטגעשיקט געוואָרן אַ רעקאָמענדאַציע פון פריערדיקן לאַגער, אַז מיר זיינען גוטע אַרבעטערס. אָבער דאָס מאָל האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז זיי האָבן געזאָגט דעם אמת.

אין אוישוויץ האָב איך געאַרבעט עטלעכע חדשים. דערנאָך זיינען מיר עוואַקואירט געוואָרן קיין נידערשלעזיע, וואו מיר האָבן געאַרבעט אין אַ וועבעריי. דאָס איז געווען דער בעסטער לאַגער, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט. ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, זיינען מיר גיך ווידער עוואַקואירט געוואָרן און ביי דער טשעכיש־דייטשער גרענעץ זיינען מיר באַפרייט געוואָרן.

קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן?

**בראָנעק צינגיסער** (חולון)

# ביי גוטע קריסטן


בראָנעק און יאַנעק צינגיסער.

בראָנעק און יאַנעק — צוויי ניט יידישע נעמען, וואָס איך און מיין ברודער האָבן געטראָגן אין די שרעקלעכע צייטן פון היטלער־חורבן, איך — 6 יאָר אַלט, ער — 10 יאָר.

אונטערן נאָמען בראָנעק האָבן מיינע עלטערן, ברוך און נעמי, מיך איבערגעגעבן אין די הענט פון פּאָליאַק יאַגעלאָ, פון דאָרף קשענטשין.

ס׳האָט ניט געהאָלפן מיין געוויין און געבעט, ווען דער קריסט איז געקומען מיך נעמען פון אונדזער שטוב צו זיך אין דאָרף קשענטשין, וואָס איז געלעגן אַ 6־7 קילאָמעטער פון שידלאָווצע. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען מיין טייערע מאַמע און מיינע שוועסטערס חנה שרה און רויזע.

מיין טאַטע איז געווען מיט מיר די ערשטע פּאָר טעג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳וועט מיר ניט אַזוי לייכט אָנקומען זיך צוצוגעוואוינען צו אַזאַ ניי לעבן.

יאַגעלאָ האָט מיך באַפריינדט מיט די פריערשע קינדער פון מיין עלטער. מיך האָט ער אויסגעלערנט צו פּיטערן זיינע גענדז אויף די אַרומיקע לאָנקעס. זיין ווייב האָט מיך געלערנט זיך צו צלמען און די קריסטלעכע תפילות.

פון צייט צו צייט פלעגט מיין טאַטע קומען צו מיר. נאָך זיין אַוועקפאָרן פלעגט מיין בענקשאַפט נאָך מיין היים ווערן שטאַרקער און ווייטיקדיקער.

בעת דער ערשטער אויסזידלונג זיינען מיין מאַמע און מיינע שוועסטערס אַוועק מיט די טויטוואַגאָנעס קיין טרעבלינקע. מיין טאַטע מיט מיין ברודער יאַנעק (יעקב יצחק) זיינען אין אַ פינצטערער נאַכט געקומען קיין קשענטשין און געבליבן ביי יאַגעלאָן. איך און מיין ברודער פלעגן זיך אַרומדרייען מיט די שקצים פון דאָרף, אָבער מיין טאַטע איז געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ ספּעציעל קאַמערל.

**ווען אונדזער זיין איז געוואָרן אַ ביסל פאַרדעכטיק פאַר די שכנים, האָט דער טאַטע גענומען טראַכטן וועגן אַן אַנדער אָרט. ער האָט זיך**

דערוואוסט, אַז אין פּשיסכע איז נאָך דאָ אַ געטאָ. זיינען מיר אַלע דריי אַוועק אַהין אין מיטן דער נאַכט. אָבער אין עטלעכע טעג אַרום איז דער פּשיסכער געטאָ פּלוצים אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט ס״ס און זשאַנדאַרמעריע און מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין דער פּאַסטקע. מיט אונדז זיינען דעמאָלט געווען אויך די קוזינס פון מיין טאַטן, הערשל און משה ציגגעסער. פאַר אַ גרויסער סומע געלט און צירונג האָבן די דייטשע וואַכליוט אונדז געלאָזט אַנטלויפן.

דער טאַטע, וואָס האָט גוט געקענט די געגנט, האָט אונדז געבראַכט צוריק צו יאַגעלאָן. דאָ איז אונדזער גרופּע פון פינף פאַרגרעסערט געוואָרן מיט נאָך דריי שידלאָווצער: פּנחס מאיר גרינבערג און מנחם לעפקאָוויטש מיט זיין פרוי שיפרה, אָבער דער גוטהאַרציקער יאַגעלאָ האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט און אַלעמען אַריינגעלאָזן אין אַ באַהעלטעניש אין זיין סטאָדאָלע.

דאָ זיינען מיר געווען ביז סוף פעברואַר. צוליב אַ מסירה איז געשטאָפּאָ געקומען איין נאַכט און אַרומגערינגלט דעם גאַנצן דאָרף. מיין ליבער פאָטער איז דעמאָלט אומגעקומען. די איבעריקע פון אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. יאַגעלאָ איז אַרעסטירט און אָפּגעשיקט געוואָרן נאָך אוישוויץ.

איך מיט מיין ברודער — צוויי קליינע קינדער אַליין — האָבן נאָך דעם ווידער זיך אויסבאַהאַלטן ביי יאַגעלאָס אַלמנה. מיט אונדזער קינדערשן שכל האָבן מיר ניט באַגריפן די גרויסע געפאַר, וואָס האָט געשטעקט אין דעם.

די איבעריקע פון דער גרופּע האָבן געפונען אַ באַהעלטעניש אין דערבייאיקן דאָרף קאָזשיצע. איין נאַכט זיינען זיי באַפאַלן געוואָרן פון די פּויערים פון דאָרף. דאָס איז געווען נאָר אַ רויבאָנפאַל. די גרופּע האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אין דעם געפעכט מיט די פּויערים איז דערהרגעט געוואָרן פּנחס מאיר גרינבערג, אָבער איינער פון די אָנפאַלערס איז געפאַלן פון אַ קויל.

מנחם לעפקאָוויטש (יאַפּאַק) מיט זיין פרוי האָבן זיך דערנאָך אויס־באַהאַלטן אין דאָרף זימאָקי, עטלעכע קילאָמעטער פון קשענטשין. די ברידער משה און הערשל ציגגיסער האָבן באַשלאָסן צו גיין צוריק קיין שידלאָווצע, ווייל זיי האָבן שוין ניט געהאַט קיין געלט און קיין האָפענונג זיך ערגעץ אויסצובאַהאַלטן. אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, איז געווען אַ גראַנאַט. זיי זיינען בשלום אָנגעקומען קיין שידלאָווצע, זיינען אַריין אין מאַגיסטראַט און דאָרטן אויפגעריסן דעם גראַנאַט. זיי זיינען געהרגעט געוואָרן און צוזאַמען מיט זיי דייטשן און פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. דאָס איז געווען אַ הײַנטצייטיקער „תמות נפשי עם פלשתים״.

**Urteil des Sondergerichts in Radom gegen ein Ehepaar, das zwei 6- und 7jährige Kinder vor der „Aussiedlung" in ein Konzentrationslager retten wollte.**

1. Sg. 56/43 ( 2. 104/43 )

Im Namen des Deutschen Volkes !

Strafsache gegen

1) den Badeanstaltsbesitzer Bazyli Antoniak, geb. am 6.9. 1892 in Nowosiolki - Goscinne, Krs. Lemberg, Sohn des Jerzy u.d. Paraskieja, geb. ......., wohnhaft in Szydlowiec, Badestr. 10, in Haft seit dem 12.2.1943, zur Zeit im Gefängnis Radom,

2) die Ehefrau Zofia-Antonina Antoniak, geb. Sieczka, geb. am 28.6.1894 in Pawlow, Krs. Konskie, Tochter des Piotr u. der Ludwika geb. Wieczorek, wohnhaft in Szydlowiec, Badestr. 10, in Haft seit dem 17.3.43, zur Zeit im Gefängnis Radom,

wegen: Gewährung von Unterschlupf an Juden.

Das Sondergericht Radom im Generalgouvernement

hat in der Sitzung vom 25. Juni 1943, an welcher teilgenommen haben :

Landgerichtsrat Muhs
als Vorsitzender,
Amtsgerichtsrat Dr. Kofler
beauftr. Richter von der Warth
als beisitzender Richter,
beauftr. Staatsanwalt Reh
als Beamter der Staatsanwaltschaft,
Justizangestellter Pieper
als Urkundsbeamter der Geschäftsstelle,

für Recht erkannt :

Der Angeklagte Bazyli Antoniak wird zum Tode verurteilt, weil er 2 jüdischen Kindern zum Verlassen des jüdischen Wohnbezirks Beihilfe geleistet und ihnen Unterschlupf gewährt hat.

Die Angeklagte Zofia Antoniak wird zu 3 Jahren Zuchthaus verurteilt, weil sie 2 jüdischen Kindern zum Verlassen des jüdischen Wohnbezirks Beihilfe geleistet und ihrem Manne geholfen hat, diesen Kindern Unterschlupf zu gewähren.

Auf diese Strafe ist die seit dem 17. März 1943 erlittene Untersuchungshaft anzurechnen.
Die Kosten des Verfahrens fallen den Angeklagten zur Last.

*Die Urteilsbegründung, deren Fotokopie an einigen Stellen nur schwer lesbar war (unleserliche Stellen wurden mit ... gekennzeichnet), lautet:* ▷

אורטייל קעגן באַזילי אַנטאָניאַק און זיין פרוי זאָפיאַ פאַר אויסבאַהאַלטן צוויי יידישע קינדער. אַנטאָניאַק איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און זיין פרוי אויף דריי יאָר תפיסה.

## Gründe:

Der Angeklagte Bazyli Antoniak ist Ukrainer, die Mitangeklagte ist seine Ehefrau. Als Angehöriger der österreichischen Gendarmerie kam er im Laufe des Weltkrieges nach Szydlowiec, wo er später nach seiner Entlassung blieb. Nachdem er sich zunächst in verschiedenen Berufen betätigt hatte, eröffnete er im Jahre 1938 einen Badeanstaltsbetrieb. Das Kapital hierzu erhielt er darlehensweise von dem Juden Eisenberg, dem er sich seit dieser Zeit verpflichtet fühlte.

Ungefähr gegen Ende Oktober 1942 traf der Angeklagte den Juden Eisenberg in Szydlowiec. Das Gesprächsthema bildete die in Kürze bevorstehende Judenaussiedlung. Eisenberg ..., daß er in seiner Eigenschaft als Gerber von dieser Aussiedlung verschont bleiben, daß die Aussiedlung jedoch seine beiden 6- und 7jährigen Töchter treffen würde. Diese wollte er vor der Aussiedlung und der damit zusammenhängenden Trennung schützen. Er schlug deshalb dem Angeklagten vor, die beiden Kinder für einige Wochen in seiner Wohnung aufzunehmen. Der Angeklagte war hiermit einverstanden.. Die beiden trennten sich dann. (Der nächste Satz ist durchgestrichen: Der Angeklagte... seine mitangeklagte Ehefrau über die ...) Noch am gleichen Tage wurden die beiden Kinder durch die Ehefrau Eisenberg in die Wohnung des Angeklagten geführt. Hierbei wurden 2.000.— Zloty als Entgelt für die Unterbringung übergeben.

Die angeklagte Ehefrau war in diesem Zeitpunkt nicht in der Wohnung anwesend. Als sie etwa eine Stunde nach dem Eintreffen der beiden jüdischen Kinder zurückkam, gab ihr der Angeklagte auf, sich reisefertig zu machen. Er entwickelte ihr dann seinen Plan, der darin bestand, daß die beiden Kinder bei seinen in Nowosiolki-Goscinne Krs. Lemberg Land wohnhaften Verwandten Iwan Halabut für etwa drei Wochen untergebracht werden sollten, dem sie als Kinder ihrer Verwandten ausgegeben werden sollten, um sie so als Polen zu tarnen. Die angeklagte Ehefrau führte diesen Auftrag auch sofort aus. Als sie bei dem Verwandten ihres angeklagten Ehemannes, dem Iwan Halabut, in Nowosiolki-Goscinne eintraf, gab sie die beiden 6- und 7jährigen jüdischen Kinder als Kinder ihres Verwandten in Szydlowiec aus und begründete ihre Bitte um Aufnahme der beiden Kinder damit, daß in Szydlowiec Fleckfieber ausgebrochen sei. Halabut erklärte sich hiermit einverstanden. Als vorläufige Entschädigung händigte ihm die angeklagte Ehefrau 200.— Zloty aus. Dann fuhr sie nach Szydlowiec zurück. Ungefähr vier Wochen später fuhr dann der Angeklagte Antoniak nach Nowosiolki, um eine Verlängerung der Unterbringung der beiden Kinder zu erwirken. Er erreichte diese Verlängerung durch seinen Besuch und wies, nachdem er nach Szydlowiec zurückgekehrt war, weitere 500.— Zloty dem Halabut durch die Post an. Im Januar 1943 reiste der Angeklagte zu dem Iwan Halabut, um unter Aushändigung von weiteren 1.000.— Zloty nochmal eine Aufnahmeverlängerung zu erreichen. Er begründete diesmal seine Bitte damit, daß in Folge der großen Kälte Gefahren mit einer Reise verbunden wären. Iwan Halabut war mit einer nochmaligen Verlängerung einverstanden, fragte jedoch bei dieser Gelegenheit, ob es sich bei den beiden Kindern nicht um Jüdinnen handele. Der Angeklagte wußte aber diese Bedenken sogleich zu zerstreuen, so daß sich Halabut wieder zufrieden gab. Zu einer Rücküberführung der beiden Jüdinnen von Nowosiolki nach Szydlowiec ist es dann nicht mehr gekommen, da der Sachverhalt inzwischen entdeckt und zur Anzeige gebracht wurde.

Dieser Sachverhalt steht auf Grund der eigenen Angaben der Angeklagten in Verbindung mit der eidlichen Bekundung des Zeugen Iwan Halabut fest.

Die Angeklagten verteidigen sich lediglich damit, daß in Szydlowiec kein Ghetto bestanden habe, woraus beide hergeleitet haben wollen, daß dort keine Aufenthaltsbeschränkungen beständen. Diese Einlassung ist aber durch die Tatsache widerlegt, daß beide Angeklagten, wie sie zugeben mußten, die den jüdischen Wohnbezirk abgrenzenden Schilder und Tafeln gesehen und ihre Bedeutung gekannt haben. Damit steht aber die Kenntnis der Angeklagten fest, daß jeder Aufenthalt außerhalb dieser durch Tafeln und Schilder gekennzeichneten Grenzen unbefugt war, soweit er nicht durch einen Berechtigungsausweis geschützt wurde.

In rechtlicher Hinsicht gilt folgendes:

Die Reise der beiden jüdischen Kinder von Szydlowiec nach Nowosiolki-Goscinne stellt sich als unbefugtes Verlassen des ihnen zugewiesenen Wohnbezirks im Sinne des § 4 b der Verordnung über die Aufenthaltsbeschränkungen im Generalgouvernement in der Fassung vom 15. 10. 41 dar, da beide über keinen Berechtigungsausweis für diese Reise verfügten. Dadurch, daß der Angeklagte diese Reise organisierte und seine mitangeklagte Ehefrau als Reisebegleiterin zur Durchführung dieser Reise zur Verfügung stellte, hat er den beiden jüdischen Kindern zum Verlassen dieses jüdischen

Wohnbezirkes durch Rat und Tat Beihilfe geleistet. Er hat dies auch wissentlich und in voller Kenntnis aller tatsächlichen Umstände, aus denen sich der Tatbestand des § 4 b Abs. 1 zusammensetzt, getan. Er hat sich damit der Beihilfe zum unbefugten Verlassen des jüdischen Wohnbezirkes im Sinne des § 49 StGB, § 4 b S. 1 der angezogenen Verordnung . . . strafbar gemacht. Durch dieselbe Handlung hat er sich auf Grund des § 4 b Abs. 1 S. 2 wegen Unterschlupfgewährung schuldig gemacht. Diese Unterschlupfgewährung ist darin zu erblicken, daß er die beiden Judenkinder, die ihren Wohnbezirk unbefugt verlassen hatten, bei seinem Verwandten Iwan Halabut unterbrachte, dem er vorspiegelte, daß es sich um Verwandtenkinder, also um Polen handele, die vor einer Typhusepedemie geschützt werden sollten. Auch hier hat der Angeklagte wissentlich, d. h. in Kenntnis aller Tatsachenumstände gehandelt. Der Angeklagte Antoniak war also wegen Beihilfe zum Verlassen des jüdischen Wohnbezirkes in Tateinheit mit Unterschlupfgewährung zu verurteilen. Auf Grund der Vorschrift des § 73 ist mit der Verletzung mehrerer Strafgesetze durch eine Handlung dasjenige Gesetz anzuwenden, welches die schwerste Strafe androht. Während auf Grund des § 4 b Abs. 2 für den Anstifter und Gehilfen in leichteren Fällen auf Zuchthaus oder Gefängnisstrafe erkannt werden kann, sieht die Strafandrohung der Unterschlupfgewährung auf Grund des . . . nur die Todesstrafe vor. Auf diese war gegen den Angeklagten zu erkennen, da das Gesetz nur diese Möglichkeit zuläßt.

Die angeklagte Ehefrau Antoniak hat sich ebenfalls wegen Beihilfe zum Verlassen des jüdischen Wohnbezirkes im Sinne des § 49 StGB, § 4 b schuldig gemacht. Dadurch daß sie sich in Kenntnis aller Tatumstände als Reisebegleiterin zur Verfügung stellte, hat sie den beiden Judenkindern zur Begehung des Verbrechens des Verlassens des jüdischen Wohnbezirkes, durch die Tat wissentlich Hilfe geleistet. Durch die gleiche Handlung hat die Angeklagte sich wegen Beihilfe zur Unterschlupfgewährung ihres mitangeklagten Ehemannes schuldig gemacht. Denn sie hat ihn in voller Kenntnis der Tatumstände hierbei unterstützt, indem sie die Kinder den Weisungen ihres Ehemannes entsprechend nach Nowosiolki-Goscinne begleitete und dort bei Iwan Halabut die Unterbringung erreichte. Das Gericht hat die Angeklagte deshalb nicht als Mittäterin verurteilt, weil die Tat nach Planung und Ausführung ausschließlich der Initiative des angeklagten Ehemannes entsprang, und weil die angeklagte Ehefrau keinen eigenen Tatvorsatz entwickelte, sondern nur mit dem Willen gehandelt hat, ihrem angeklagten Ehemann bei Ausführung der Tat zu helfen. Auf Grund dieser Erkenntnis war die Angeklagte wegen Beihilfe zum Verlassen des jüdischen Wohnbezirks in Tateinheit mit Beihilfe zur Unterschlupfgewährung zu verurteilen.

Im Gegensatz zu der Strafandrohung des § 4 b Abs. 1, der für das unbefugte Verlassen und für die Unterschlupfgewährung nur die Todesstrafe zuläßt, kann bei dem Anstifter und Gehilfen gemäß Abs. 2 des § 4 b in leichteren Fällen auf eine Zuchthausstrafe oder Gefängnisstrafe erkannt werden. Ein solch leichterer Fall liegt hier vor. Denn Planung und Ausführung der Tat sind nur der Initiative des angeklagten Ehemannes entsprungen. Die angeklagte Ehefrau hat hierbei zunächst in keiner Weise mitgewirkt. Als sie in das Vorhaben eingeweiht worden ist, wurde sie sofort vor vollendete Tatsachen gestellt. Hinzu kommt, daß sie sich offenbar in starker Abhängigkeit dem Ehemann gegenüber befunden hat. Hierauf läßt vor allem die Tatsache schließen, daß die Ehefrau sich wortlos reisefertig machte und widerspruchslos die immerhin beträchtliche Reise nach Nowosiolki-Goscinne antrat. Sie ist ausschließlich den Weisungen ihres Ehemannes gefolgt. Auch die Täuschungsmittel, die sie nach Weisung des Ehemannes in Nowosiolki bei der Unterbringung der beiden Judenkinder anwandte, beruht allein auf der Initiative ihres Ehemannes, dessen Weisungen sie auch hier in diesem Falle genau eingehalten hat. Diese Umstände haben das Gericht veranlaßt, hier das Vorhandensein eines leichteren Falles zu bejahen. . . . . . . . .

Bei der Entscheidung darüber, ob eine Zuchthaus- oder Gefängnisstrafe verhängt werden sollte, konnte nur eine Zuchthausstrafe in Frage kommen, da diese für den leichteren Fall die Regelstrafe bedeutet und keine besonderen Milderungsgründe, die eine Gefängnisstrafe, also einen Ausnahmefall, rechtfertigen könnten, zu erkennen sind.

Bei der Strafzumessung konnte zu Gunsten der Angeklagten berücksichtigt werden, daß sie noch nicht vorbestraft war und daß ihre Tat wesentlich auf den Einfluß ihres Ehemannes, zurückgeführt werden mußte. Andererseits war zu bedenken, daß die Angeklagte gegen ein Grundgesetz der deutschen Lebens- und Weltanschauung verstoßen hat. In Anbetracht dieser Gesichtspunkte ist auf eine Zuchthausstrafe von 3 Jahren erkannt worden. Da sie geständig war, ist ihr die seit dem 17. 3. 43 erlittene Untersuchungshaft voll angerechnet worden.
Die Kostenentscheidung beruht auf § 465 StPO.

אין דאָרף וויסאָצקי, אויך ניט ווייט פון קשענטשין, איז געווען אַ באַהעלטעניש פון די ברידער צוקער. זיי זיינען אין דער זעלביקער צייט אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די שכנים און זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך געשטאַפּאָ. מנחם און שיפרה האָבן געהאַט אַ גוטע באַהעלטעניש, אָבער צוליב אַ מסירה פון פויערים זיינען זיי אומגעקומען, האַרט פאַר דער באַפרייאונג.

איך און מיין ברודער יעקב יצחק האָבן איבערגעלעבט דעם היטלער־גיהנום נאָר אַ דאַנק דער גוטהאַרציקייט פון יאַגעלאָן און זיין פרוי. יאַגעלאָ איז אומגעבראַכט געוואָרן אין אוישוויץ. זיין פרוי, כאָטש איר מאַן איז שוין געווען אין אוישוויץ, האָט ווייטער אונדז געהאָלפן אַנטלויפן פון טויט. זיי בײדע זיינען באמת פון די חסידי אומות העולם, וואָס איינער האָט פאַר זיין גוטסקייט באַצאָלט מיטן לעבן און די צווייטע האָט ריזיקירט מיט זיך יעדע רגע אין משך פון גאַנצע פינף יאָר.

מאָטל אייזענבערג ע"ה

# וואָלאַנאָווער לאַגער

אין דעם אַרבעטס־לאַגער פון וואָלאַנאָוו (יידן האָבן עס גערופן וואָלנעוו) זיינען באַשעפטיקט מער ווי טויזנט יידן. ער איז צעטיילט אין צוויי באַזונדערע לאַגערן — איינער פאַר מענער און דער צווייטער פאַר פרויען. יעדער לאַגער איז אַרומגעצוימט מיט הויכע דראָטן און האָט אַ קליינעם, שמאָלן אַריינגאַנג, וואָס ווערט ביי טאָג און ביי נאַכט באַוואַכט פון יידישער פּאָליציי. אין יעדער לאַגער שטייען עטלעכע הילצערנע באַראַקן מיט אַ קיך. דער מענער־לאַגער איז אָפּגערוקט פון די פרויען מיט אַ צוויי הונדערט מעטער.

מיטן לאַגער פירן אָן: אַ לאַגערראַט פון צוועלף מענטשן און יידישע פּאָליציי.

אין די באַראַקן — דריישטאָקיקע בעטן איינס איבערן אַנדערן. אין אַ בעט שלאָפן צוויי־דריי מענטשן. אַן אַרבעטער באַקומט אַ טאָג צוויי

הונדערט און פופציק גראַם ברויט, יעדע וואָך עטלעכע הונדערט גראַם צוקער אָדער מאַרמעלאַד, אין אָוונט נאָך דער אַרבעט — אַ זופּ. פינף אַ זייגער אין דער פרי וועקט די פּאָליציי און זעקס אַ זייגער מוז מען זיך געפינען אין דער ריי און אונטער דער אָנפירונג פון אַ יידישן פּאָליציאַנט מאַרשירט מען דריי אָדער פיר קילאָמעטער ביז צום אַרבעטספּלאַץ.

דער אַרבעטס־לאַגער באַשטייט פון אַ גרויס פעלד פון אַ צענדליק קוואַדראַט קילאָמעטער, אויף וועלכן עס שטייען פאַרשיידענע געביידעס, גע־מויערטע און הילצערנע. אויף דעם שטח זיינען דורכגעפירט אַספאַלטירטע וועגן און קאַנאַליזאַציע און עס ווערן כסדר צוגעבויט נייע געביידעס. דער גאַנצער שטח איז אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער וואַנט פון שטעכיקע דראָטן און ווערט שטאַרק באַוואַכט פון דייטשן מיליטער.

די פאַרשיידענע אַרבעטן ווערן אויסגעפירט דורך דייטשע פירמעס, טייל קלענערע אַרבעטן פון פּוילישע פירמעס. די באַציאונג צו די יידישע אַרבעטערס איז דאָ אַ פאַרשיידענע, אָפּהענגיק אין וועלכער פירמע מען איז אַריינגעפאַלן און אויך אין דעם, ווער עס איז דער אויפזעער פון דער אַרבעט.

איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ פּוילישער פירמע „פּערטינאַ״, וואָס האָט דאָרט געבויט אַ געביידע פאַר אַן עלעקטרישן טראַנספאָרמאַטאָר. אין אָנהייב האָבן די יידן זיך נישט געהאַט אויף וואָס צו באַקלאָגן, אָבער מיט דער צייט איז געוואָרן ערגער, ביז נישט אויסצוהאַלטן. דער מייסטער, אַ פּאָליאַק פון ראָדעם, האָט אָנגעהויבן אונטעריאָגן ביי דער אַרבעט און ווען ער איז געוואָרן אין כעס, האָט ער געשלאָגן מיט אַ שטיק האָלץ.

שפּעטער האָבן מיר באַקומען צוגעטיילט אַ יונגן פּאָליאַק פון די אַזוי גערופענע „יונאַקעס״, וואָס האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק צום דינסט פאַר די דייטשן און האָבן געטראָגן אַ ספּעציעלן מונדיר. ער האָט געהאַט די אויפגאַבע „אויפצופּאַסן״ אויף אונדז ביי דער אַרבעט. דער יונגער פּאָליאַק האָט אונדז אומברחמנותדיק טעראָריזירט און אָפט געשלאָגן מיט אַ גומי־שטעקל.

אַ געוויסן זונטיק אין דער פרי קלייבט מען אויס אין לאַגער הונדערט מענער און פרויען אויסצופירן אַ געוויסע אַרבעט ביי דער פירמע „אַרקטראָ־פּאָל״. מיר מאַרשירן ווייט הינטער דעם לאַגער צו פאַרלייגן שווערע קאַבעלן טיף אין צוגעגרייטע ראָוועס. די אַרבעטערס, אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי, אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן צו צוויי מעטער, שטעלן אונטער די אַקסלען אונטער דעם שווערן קאַבעל. עס שאַפט זיך אַ לאַנגע ריי, וואָס טראָגט אַוועק דעם לאַנגן קאַבעל אין אַ ווייטערער ריכטונג, שטעלן זיך אויס

אין דער לענג פון אַן אויסגעגראָבענעם קאַנאַל, לאָזן אָפּגעהיט אַרונטער דעם קאַבעל און פאַרשיטן דאָס מיט ערד.

אָנגעפירט מיט די אַרבעטן האָט אַ יונגער הויכער דייטש מיטן נאָמען ראַזי. די גאַנצע צייט פון דער אַרבעט איז ער אַרומגעלאָפן און ווען עס האָט אים געפעלן, האָט ער מיט אַ גומי־שטעקל מערדערלעך געשלאָגן איבערן קאָפּ. איינער פון זיינע קרבנות בין איך יענעם זונטיק אויך געווען. אַ לאַנגע צייט בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַ געשוואָלענעם קאָפּ.

טראָגנדיק דעם קאַבעל, האָט מען געמוזט אַריבערגיין אַ קליין טייכל, אויף וועלכן עס זיינען געווען אַריבערגעוואָרפן צוויי לאַנגע רערן, וואָס האָבן געדינט ווי אַ בריק. ביים אַריבערגיין די „בריק" איז געשטאַנען דער ראַזי מיט נאָך אַן אויפזעער איבער די אַרבעטן, און ווען אַ ייד איז אַרויפגעגאַנגען אויף די רערן, האָבן זיי אַ צי געטאָן ביים קאַבעל. אַ סך האָבן נישט אויסגעהאַלטן, פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט און אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין. פאַר די מערדערס איז דאָס געווען אַ ספּעקטאַקל.

אָנהייב נאָוועמבער האָט אין לאַגער זיך גענומען פאַרשפּרייטן טיפוס. דאָס רופט אַרויס גרויסע זאָרגן. מען זעט פיל יידן ביי דער אַרבעט מיט סימנים פון דער שרעקלעכער קראַנקייט. זיי שלעפּן קוים מיט די פיס, די אויגן גלאַנצן, אָבער מען האָט מורא זיך צו מעלדן, אַז מען איז קראַנק. מען האָט אויך מורא צו בלייבן ביי טאָג אין די באַראַקן. דער לאַגערראַט איז באַזאָרגט און קלערט וועגן אָנגעמען מיטלען, אַז די עפּידעמיע זאָל זיך נישט צעשפּרייטן. אָבער ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? אין די באַראַקן איז ענג, נישטאָ קיין פּלאַץ זיך צו וואַשן און וואו אויסצוּוואַשן די וועש, דער גרעסטער טייל הונגערט אונטער, גייט אַרום אין צעריסענע שיך און אין לייכטע זומער־קליידער.

אין נאָך מיטאָג איז פאַרפאָרן אַן אויטאָ מיט באַוואָפנטע אוקראַאינער אין שוואַרצע מונדירן, אויסגעפונען די יידן, וואָס זיינען ביי טאָג געבליבן אין די באַראַקן, און אַלעמען דערשאָסן.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָט מען זיך ווידער אויסגעשטעלט אין די רייען און אַוועק צו דער אַרבעט, ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט.

מיין פרוי אַרבעט אין דער קיך ביים שיילן קאַרטאָפל און מיין יינגערע טאָכטער, וואָס איז אַלט 18 יאָר, אַרבעט אין מאַגאַזין פון לעבנס־מיטל.

נאָכן אַהיימקומען פון דער אַרבעט, געפין איך מיין טעכטערל פאַר־ביטערט. זי דערציילט, ווי טייל מיטגלידער פונעם לאַגערראַט זיינען געקומען

אין מאַגאַזין אין באַגלייטונג פון אַנדערע יידן און אַרויסגעטראָגן זעק מיט צוקער און מיט מאַרמעלאַד. מיין קינד פרעגט מיט פאַרדראָס: „וואָס וועט מען געבן די אַרבעטערס?...״

אין טאָג אין סוף נאָוועמבער באַוויזן זיך די יידישע פּאָליציאַנטן און מעלדן, אַז אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן הויף פון אַרבעטס־לאַגער.

אין לאַגער איז אַ גרויסע באַוועגונג און אויפרעגונג. די פּאָליציי וויל באַרואיקן, אַז עס וועט פאָרקומען אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג צוליב די פיל קראַנקע אין לאַגער. ראַזירט מען זיך אָפּ, מען בייט די וועש, מ׳טוט זיך אָן נאָך אַן אָנצוג און מען נעמט אונטערן אָרעם אַ טעקע מיט די נייטיקסטע זאַכן.

דאָס געלט, וואָס איך האָב ביי זיך, צעטייל איך צווישן יעדן פון מיין פאַמיליע. איך געזעגן זיך מיט מיין פרוי ביי די דראָטן פון פרויען־לאַגער. מיין פרוי קוקט אויף מיר מיט טרערן אין די אויגן, מיט אַזאַ בליק, וואָס פרעגט, צי זעען מיר זיך צום לעצטן מאָל.

מיר פאַרזאַמלען זיך אַלע אויפן הויף. דער קאָמאַנדירנדיקער דייטש גייט פאַרביי יעדע ריי, קוקט אַריין אין יעדער פּנים און וועמען ער האַלט פאַר אַלט, נישט ריין ראַזירט, אָדער יונגע ייִנגלעך רופט ער אַרויס פון דער ריי און הייסט זיי אַוועקגיין אין אַ זייט. שפּעטער באַפעלט ער צו מאַכן אַ דעפּילאַדע און די, וואָס הינקען אונטער אָדער גייען שלעכט אין טאַקט, ווערן באַזייטיקט. אַזוי זאַמלט זיך אָן אַ גרופּע פון הונדערט און עטלעכע פופציק יידן.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן די טרויעריקע ראָלע פון יידישן קאָמענדאַנט אין וואָלאָנאָווער לאַגער און פון דער יידישער פּאָליציי. זיי האָבן געטריי מיטגעאַרבעט מיט די דייטשע מערדערס ביים אויסקלייבן זייערע קרבנות. איך האָב אַליין געזען, ווי אָט דער קאָמענדאַנט איז צוגעגאַנגען צו איין ריי און אַרויסגענומען פון דאָרטן אונדזערע בני־עיר יחזקאל ליכטיקער, שיע לעדערמאַן און ישראל שוואַרצפּוטער.

מיין אַרבעטס־גרופּע האָט באַקומען אַ באַפעל אַוועקצומאַרשירן ווייטער, טיף אין אַנדערן עק, הינטער די באַראַקן. דאָרט באַפעלט מען אונדז צו באַזייטיקן די שטיינער און פאַרשיידענע בוי־מאַטעריאַלן, וואָס ליגן צעוואָרפן איבערן גרויסן שטח. די נערוון זיינען געשפּאַנט ביז דער העכסטער מדריגה. די הענט הייבן זיך נישט. עס עגבערט אין קאָפּ: וואָס וועט זיין דער גורל פון די איבערגעבליבענע יידן? וועט מען זיי אַוועקשיקן אין געטאָ אַריין?

וואָס הערט זיך אין פּרויען־לאַגער? וואָס וועט זיין מיט די קראַנקע, וואָס ליגן אין די באַראַקן?

ס'הערט זיך אַ שאָס און שפּעטער אַ כסדרדיקע שיסעריי. ווי אַ בליץ לויפט ביי יעדן דורך דער געדאַנק, אַז דאָס שיסט מען די אַנגעקליבענע קרבנות.

דאָס שיסן ווערט נענטער און נענטער. די קוילן פליען נישט ווייט פון אונדז. איינער גיט אַ זאָג: „מען האָט שוין יענע פּאַרטיק געמאַכט, אַצינד איז די ריי אויף אונדז". מיר זעען, ווי די רוצחים שלעפּן אַרויס די קראַנקע פון די באַראַקן און דערשיסן זיי פאַר די טירן.

די שפּאַנונג דערגרייכט איר הויכפּונקט. מען לויפט ווי משוגעים אָן אַ ציל. וואָס מיר טרעפן אונטער דער האַנט, טראָגן מיר איבער פון איין פּלאַץ אויף אַן אַנדערן. נישטאָ וואו אַהין צו אַנטלויפן. דער גאַנצער שטח איז אַרומגעצוימט מיט טאָפּלטע שטעכיקע דראָטן. יעדע באַוועגונג אונדזערע ווערט אָבסערווירט און יעדע ניט אָפּגעהיטע באַוועגונג דראָט מיט אַ זיכערן טויט.

לעבן מיר געפינט זיך מיין עלטערער זון משה.

די שיסעריי שטעלט זיך ענדלעך אָפּ. קיינער וואָגט זיך נישט צו רירן פון אָרט. פון דער וויטנס לויפט מיין יינגסטע טאָכטער, וואָס אַרבעט אין מאַגאַזין פון לעבנס־מיטל פון מענער־לאַגער. זי לויפט גיך, קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן. מיר דערנענטערן זיך און ווען זי דערזעט אונדז, וויינט מען לאַנג, אָן אַ וואָרט אויסצורעדן.

אַלע מענער לויפן צום פרויען־לאַגער זיך דערוויסן, וואָס עס איז דאָרט געשען מיט אונדזערע פרויען, שוועסטערס, טעכטער און כלות. מיר טרעפן דעם לאַגער באַוואַכט פון יידישער פּאָליציי, וואָס לאָזט קיינעם ניט צו. איך גיי אָפּ אין דער זייט, וואו איך באַמערק מיין פרוי ביי די דראָטן פון פרויען־לאַגער. ווי מיר ברענגען אַרויס די ערשטע ווערטער, קומט אָן פון הינטן אַ יידישער פּאָליציאַנט, איז מיך מכבד מיט עטלעכע שטאַרקע קלעפּ מיט אַ גומענער פּאַלקע.

נישט קוקנדיק אויף די שטערונגען מצד די פּאָליציאַנטן, שטראָמען אָן אויפהער מענער צום פרויען־לאַגער. מען פרעגט זיך נאָך וועגן אייגענע און באַקאַנטע. יעדער איז פאַרווינט. מען פאַלט זיך אויפן האַלדז און מען וויינט הויך אויף אַ קול. אַזעלכע, וואָס קענען נישט וויינען, לויפן און שרייען הויך, מיט משונהדיקע קולות, ווי משוגעים.

מאָרגן פאַר טאָג וועקט ווידער די יידישע פּאָליציי צו דער אַרבעט. אַ געוויסע צאָל אַרבעטערס ווערן אויסגעטיילט צו פאַרנעמען זיך מיט אָפּרוימען דעם פּלאַץ פון די נעכטיקע הרוגים.

אין אָוונט פאַרזאַמלען מיר זיך צו דאַוונען מנחה־מעריב און צו זאָגן „קדיש" נאָך די קדושים. צווישן אונדז געפינען זיך צוויי אבלים — איינער שיינפעלד פון ראַדעם, וואָס זיין זון פון פופצן יאָר איז דערשאָסן געוואָרן, און דער צווייטער, אַ פאָטאָגראַפיסט פון קאָזשעניץ, וואָס האָט פאַרלוירן אַ פרוי מיט אַ טאָכטער. ביידע מענער הייבן אָן מיט געבראָכענע שטימען „יתגדל ויתקדש", ברעכן זיך צוזאַמען אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. דער פאַרזאַמלטער עולם קען זיך נישט באַהערשן און וויינט מיט הויך אויפן קול.

אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער 1942 דערוויס איך זיך, אַז אַ גרופּע גייט היינט ביי נאַכט אַרויס אין אונדזער שטאָט צו זען, ווי עס פאַרמירט זיך דאָרטן דער נייער געטאָ. איך מיט מיין יינגערן ברודער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע. דורך אַ לאָך פון אַ ווינקל אין דער דראָט־פאַרצוימונג קריכן מיר דורך איינציקווייז.

עס איז שוין עלף ביי נאַכט. די פרויען און קינדער זיינען לעבן אונדז אין אַ זייטיקן ווינקל פון לאַגער, וואו מיר פאַרזאַמלען זיך אין דער פינצטער. מען געזעגנט זיך און מען קושט זיך מיט די נאָענטע און מיר לאָזן זיך, אַ גרופּע פון צוועלף מענטשן, אין וועג אַריין.

**יעקב פּאָמעראַנץ**

# מלכות טויט

אַ געוויסע צייט נאָכן פאַרנעמען שידלאָווצע האָבן די דייטשן געשאַפן אַ יודענראַט פון אברהם רעדליך, פּרעזעס; מאַרגענבעסער, אברהם ראָזענבוים, פּנחס שטיינמאַן, הערשל וועסטער, משה בערגער — מיטגלידער און אברהם פינקלער — סעקרעטאַר.

די סאַניטאַרן־קאָמיסיע ביים יודענראַט האָט אָנגעפירט דער דענטיסט טאַבענהאַוז.

בראש פון „אַרבעטסאַמט״ זיינען געשטאַנען: קלמן ראָזענבוים און יחיאל צוקער. פאַר אַ קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי איז באַשטימט געוואָרן דער קראָקעווער אָסטראָוויעץ.

דער יודענראַט האָט אַ שטיק צייט פיל פאַרלייכטערט די לאַגע אין שידלאָווצע. ער האָט געפונען אַ וועג ווי „וויכער״ צו מאַכן די פירערס פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און אַנדערע פאַקטאָרן אין געטאָ... אָבער שפּעטער איז געוואָרן ערגער און ערגער, און דער יודענראַט איז געוואָרן כמעט אומבאַהאָלפן.

דעם 18טן סעפּטעמבער 1942, 3 טעג פאַר יום־כפור, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ליידיקע וואַגאָנען שטייען אויף דער סטאַנציע שידלאָוויעץ...


לייבוש דוד שוואַרץ־פוטער, דער איינציקער וואָס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און זיך ניט געלאָזן דעפּאָר־טירן.

איך האָב נישט קיין ווערטער זיך אויסצודריקן וועגן דער אימה, וואָס איז באַפאַלן די שידלאָווצער יידן. טייל זענען געוואָרן פאַרשטיינערט. טייל — ווילד ווי חיות אין אַ שטייג, טייל — נידערשלאָגן, ווי שעפּסן פאַר דער שחיטה, טייל האָבן זיך געטרייסט, אַז עס איז דאָך נישט אַזוי שלעכט ווי מען זאָגט און אַז עס איז נאָר אַן איבערזידלונג. טייל האָבן געגלייבט, אַז גאָט וועט אונדז דאָך אָפּהיטן פון אַלעם שלעכטן. געציילטע זענען געלאָפן זיך אויסצובאַהאַלטן.

אַ סך פון אונדזערע אַזוי ליבע און טייערע זענען אַ פּאָר טעג שפּעטער געוואָרן אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע.

אָבער דערמיט איז נאָך דער שידלאָווצער חורבן ניט געווען פאַר־ענדיקט. די היטלער־מערדערס האָבן געוואוסט, אַז יידן זיינען נאָך באַהאַלטן, האָבן זיי אויסגעפונען אַ טייוולאַנישן פּלאַן, ווי אַזוי דאָס ביסל באַהאַלטענע יידן אויך צו פאַרטיליקן. זיי האָבן פּראָקלאַמירט, אַז זיי שאַפן אין פּוילן פאַר די געבליבענע יידן 4 געטאָס, איינס פון זיי אין שידלאָווצע. דאָס איז געווען אַ פאַסטקע אַריינצונאַרן די באַהאַלטענע.

דעם 10טן דעצעמבער 1942, אין סטאַרכאָוויצער לאַגער, ווען די שיד־לאָווצער האָבן געהערט די נייעס, איז די מערהייט געווען גרייט צוריקצולויפן

אַהיים. טייל פון זיי זיינען אַנטלאָפן פון לאַגער. ירחמיאל אַלפּערט און שמואל דוד באַק (ביידע מיין משפּחה) האָט מען צו מאָרגנס געכאַפּט און דערשאָסן. אליעזר זילבערמאַן און מיין קוזין הערש־נתן וואלאווסקי (נטע דאסעס אידעם) און אַנדערע איז „געלונגען" אַריינצוקומען נאָך אַ מאָל קיין שידלאָווצע — צו דער לעצטער „ווישעדלעניע", וואָס איז פאָרגעקומען דעם 13טן יאַנואַר 1943.

* * *

דער נאַציזם האָט געפונען פאַררעטערס און קאָלאַבאָראַטאָרן צווישן אַנדערע פעלקער: קוויזלינגס, האַכאַס, פּעטענס. צום באַדויערן, האָבן זיך צווישן יידן אויך געטראָפן פאַרקויפטע נשמות און מוסרים, מיינענדיק, אַז אפשר דערמיט וועלן זיי זיך ראַטעווען. שידלאָווצע האָט אויך געהאַט עטלעכע מוסרים, בדרך־כלל קען מען אָבער זאָגן, אַז קיינער האָט איבער דעם צווייטנס קערפּער נישט געטראָטן. פאַרקערט, איינער האָט געהאָלפן דעם צווייטן. שיד־לאָווצע האָט געהאַט אַ יודענראַט, יידישע פּאָליציי (נישט איך און נישט ווער פון מיין פאַמיליע איז דאָרט געווען פאַרטראָטן). מעגלעך, אַז עס זיינען געווען אומגערעכטיקייטן ביים אויסטיילן און שיקן אויף אַרבעט, ווי אויסקויפן זיך פאַר געלט אָדער אַ ביסל פּראָטעקציע, אָבער אין אַלגעמיין האָבן זיי זיך געהאַלטן אין די ראַמען און געשטאַנען אויף דער וואַך אָפּצוהיטן און באַשיצן די שידלאָווצער יידן דורך אָפּקויפן די דייטשן מיט מתנות און געלט.

אפילו אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן זיך שידלאָווצער געהאַלטן צוזאַמען און אַ טייל האָבן געהאָלפן איינער דעם צווייטן און געליטן איינער פאַרן צווייטן.

אָט בלויז אַ פּאָר פאַקטן וועגן זיך און אַנדערע: אָנהייב 1943 אין סטאַרכאָוויץ — עס איז געווען בלויז אַ פּאָר מאָנאַטן, ווי איך בין געווען פאַר־וואונדעט פון אַ קויל און אַ פּאָר וואָכן, ווי איך האָב דורכגעמאַכט די טיפוס־עפּידעמיע — איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע און מיר איז געלונגען דורכצוגיין. אָבער איינער פון די יידישע לאַגער־אָנפירערס, אַ געוויסער וואָלפּאָוויטש, האָט אָנגעוויזן אויף מיר און מען האָט מיך צוריקגערופן, אָבער אין דער זעלבער סעקונדע איז צוגעשפּרונגען אונדזערס אַ שידלאָווצער, שמואל שטשענשליווע (משה דוד שטשענשליוועס אַ זון) און געזאָגט צום אָבערשאַרפירער קאַלדיץ, אַז „ער איז מיין פּאָליציאַנט און ער נעמט מיך יעדער טאָג צו דער אַרבעט". שמואל האָט זיך ריזיקירט פאַר מיר און איך בין געבליבן לעבן. צו מיין גרויסן ווייטיק, איז שמואל שטשענשליווע שפּעטער אומגעקומען ביים אַנטלויפן.

נאָך אַ פֿאַל: אין דער סטאַרכאָוויצער טיפּוס־עפּידעמיע זענען פיל מענטשן אומגעקומען, צווישן זיי מיינע קוזינס יונה און מיכל לעווין און ישראל לעדערמאַן (משה־שמחה בעקערס אַ זון) און אַנדערע. נאָך מערער זענען אויסגעשטאָרבן שוין נאָכן דורכמאַכן דעם טיפוס. אויך שמעון טענענבוים איז דעמאָלט געשטאָרבן. איך בין געווען געשוואָלן און נישט געקענט גיין צו דער אַרבעט. אָבער אונדזער רחל־לאה קופּערמאַן (היינט לובאַצקי), אַזוי ווי זי איז וועגן דעם געוואָר געוואָרן, האָט זי מיר יעדן טאָג געשיקט אין לאַגער אַריין עסן פון דער סטאַלאָווקע און אויך ברויט. און אונדזער זעלדע ווייצ־הענדלער (היינט וויינמאַן), נאָך דעם ווי איך בין געוואָרן אָפּגעבריט ביים אויוון און מיין פּנים איז געווען פול מיט קרעץ און איך האָב נישט געקענט אַריינקומען אין דער סטאַלאָווקע, האָט זי מיר דאָס עסן אַרויסגעבערענגט אין דרויסן און פיל מאָל מיר אָוועקגעגעבן אירע אייגענע ברויטפּאַרציעס.

און איצט איין ביישפּיל וועגן זיך: דאָס איז געווען אין אוישוויצער לאַגער. איך האָב געאַרבעט ביים אויפלאָדן די זופּן צו ברענגען צו דער פלאַצואווקע (וועבעריי). האָב איך איין מאָל באַמערקט פערל קופּערמאַן (היינט שאַדמאַן) אַ הונגעריקע, וואַרטנדיק מיט אַ טעפּל צו „אָרגאַניזירן" אַ ביסל עסן. כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך קען ריזיקירן מיט מיין לעבן, האָב איך פערלען געהאָלפן קריגן אַ פול טעפּל זופּ.

עס איז געווען שווער צו בלייבן אַ מענטש אין גיהנום פון טויט. אָבער אַ סך שידלאָווצער זיינען בייגעשטאַנען דעם גרויסן נסיון.

**יעקב שאַפּשעוויץ**

# סטאַראַכאָוויץ

אין זומער 1942 איז געוואָרן אַלץ שווערער צו לעבן אין שידלאָווצע. מען האָט נישט געקאָנט אַרויסגיין אין גאַס, אַז מען זאָל גלייך נישט געכאַפּט ווערן אויף עפּעס אַן אַרבעט. איך, מיין ברודער שימע און אַ גרופּע חברים האָבן דעריבער באַשלאָסן צו פּרובירן מזל דורך אַרבעטן אין לאַגער סטאַראַ־כאָוויץ. יאַנקל קופּערמאַן און איך זענען געפאָרן אַהין. מיר האָבן זיך באַקאַנט

מיט דעם דייטשישן אַרבעט־דירעקטאָר שווערטנער. פאַר אַ פּאָר אויסגעאַרבעטע קאַלבפעלן האָט ער געשיקט אַ לאַסטאויטאָ קיין שידלאָווצע, וואָס האָט געבראַכט פון דאָרטן 30 יונגע בחורים קיין סטאַראַכאָוויץ. פאַר געלט האָבן מיר געקראָגן אַ באַשייניקונג, אַז מיר אַרבעטן אין די „הערמאַן געריגג־ווערקע". מיר האָבן אָבער דאָרטן ניט געאַרבעט די גאַנצע וואָך. מיר פלעגן אָפּאַרבעטן אין סטאַראַכאָוויץ איין טאָג אָדער צוויי, קריגן אַ נייעם „אויסווייז" פאַר נייע פּאָר זלאָטעס און פאָרן צוריק קיין שידלאָווצע.

אין טאָג פון דער אויסזידלונג פון שידלאָווצע בין איך געווען אין סטאַראַכאָוויץ. די ביטערע בשורה האָב איך באַקומען פון איינעם, וואָס איז אַנטלאָפן פון שידלאָווצע. איך האָב ריזיקירט מיטן לעבן און געפאָרן קיין שידלאָווצע זיך צו דערוויסן, וואָס ס'איז געשען מיט מיין מאַמען און עלטסטן ברודער שלמה, וואָס זיינען דאָרטן פאַרבליבן.

איך האָב אָבער אַלץ געפונען חרוב. אונדזער הויז איז געוואָרן אויסגערייניקט. די ווענט צעבראָכן. מען האָט אַרויסגענומען אַלץ, וואָס מיר האָבן אויסגעבאַהאַלטן פאַר די דייטשן, אָבער מען קען נישט אויסבאַהאַלטן פון אַ פּוילישן פּויער.

ביי נאַכט האָב איך געטראָפן עטלעכע צענדליק יידן ביי פינקערטן. פון זיי בין איך געוואָר געוואָרן, אַז מיין מאַמע איז געוואָרן דערשאָסן אויף דעם יאָסטשאַמבער וועג, ווען זי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון שטאָט.

די זעלביקע נאַכט בין איך צוריקגעפאָרן נאָך סטאַראַכאָוויץ און מיטגענומען 8 יידישע מיידלעך מיט מיר, אָבער איך געדענק נישט זייערע נעמען.

איין טאָג, דאָס איז געווען אין יולי 1944, האָט מיר אַ באַקאַנטער פּויער איבערגעגעבן, אַז די סאָוועטישע אַרמיי איז ניט ווייט פון סטאַראַכאָוויץ. היות מען האָט געוואוסט, אַז געשטאַפּאָ שיסט אויס אַלע געפאַנגענע פאַרן צוריקטריט פון דער דייטשישער אַרמיי, האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן די נאַכט פון לאַגער. מיין שוועסטער סאַלע האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין לאַגער.

שווער צו זאָגן, צי איז דאָס געווען אָרגאַניזירט. אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז שפּעט ביי נאַכט האָבן די געפאַנגענע דורכגעבראָכן די אייזערנע פאַרצוימונג און אַ גרויסע מאַסע האָט זיך אַרויסגעריסן, נישט קוקנדיק אויפן האָגל קוילן פון קוילן־וואַרפערס. די מערהייט איז אומגעקומען. איך בין געווען צווישן די געציילטע, וואָס האָבן באַוויזן ניצול צו ווערן.

נאָכן אַנטלויפן פון לאַגער האָב איך געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן לאַנגע 6 מאָנאַטן, וואַנדערן פון איין אָרט צום צווייטן. די געפאַרן האָבן גטלויערט

אויף יעדער טריט. זומער פלעג איך שלאָפן אונטערן פרייען הימל, איינגעגראָבן אין היי. שפּייז האָב איך זיך באַזאָרגט פון פעלד. ווינטער איז שוין געווען פיל שווערער.

איך האָב אַרומגעבלאָנקעט אַרום שידלאָווצע. איך פלעג באַגעגענען קריסטלעכע באַקאַנטע, מיט וועלכע איך בין צוזאַמען געגאַנגען אין שול. זיי פלעגן מיך באַגריסן מיטן אויסגעשריי: „יאַקאָב, דו לעבסט?" דערנאָך פלעגט קומען דאָס פאַרענטפערן זיך, אַז מען קאָן מיך נישט אַריינגעמען צו זיך אין הויז צוליב דער מאַמען, דער טאַטן און טאַקע פאַר שרעק פאַר די דייטשן. און דעם אמת געזאָגט, איז טאַקע פאַר זיי געווען די סכנה גרויס. די איידעלע און דרייסטע פלעגן אָפּט באַצאָלן מיטן אייגענעם לעבן און אויך מיטן לעבן פון זייערע נאָענטע פאַרן אויסבאַהאַלטן יידן.

אין מיין אַרומזוכן אַ באַהעלטעניש האָב איך אויסגעפונען, אַז משה בריקס געפינט זיך ערגעץ נאָענט ביי אַ פּויער, נישט ווייט פון אַ וואַלד. דריי נעכט האָב איך אים אָפּגעוואַרט, אָבער ערשט אויף דער פערטער נאַכט האָב איך אין דער פינצטער באַמערקט, ווי אַ געשטאַלט שלייכט זיך צום הויז, וואו איך האָב געוואַרט אויף אים. דאָס איז טאַקע געווען משה. ווען ער האָט מיך באַמערקט, האָט ער פאַר שרעק אָנגעהויבן לויפן צוריק. איך האָב אים נאָכ־געשריען „עמך". דעמאָלט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און איך האָב אים געקענט אָניאָגן. ס'איז געווען אַ שטומע באַגעגעניש מיט אַ סך טרערן פון פרייד און אומגליק.

צוזאַמען איז אונדז, פאַרשטייט זיך, געווען בעסער. מיר האָבן זיך שוין מער נישט געפילט אַזוי איינזאַם. ווען די נעכט זענען געוואָרן קעלטער, האָט מען געמוזט געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ. דורך אַ צופאַל האָבן מיר געפונען אַן אָרעמען פּויער, וואָס האָט אונדז צוגעזאָגט, מיט דער הסכמה פון זיין פרוי, אַ באַהעלטעניש אין זיין סטאָדאָלע. ער האָט אויך צוגעגעבן, אַז ער וועט איצט נישט קענען גיין אַרבעטן און מיר וועלן דאַרפן אויסהאַלטן זיין הויזגעזינד פון צען נפשות. מיר האָבן אים אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט. איך האָב אים אויך אָפּגעגעבן אַ טייערן האַנטזייגער, וואָס איז געווען אַן אָנדענק פון מיין פאָטער נאָך מיין פאַרענדיקן גימנאַזיע.

צוויי וואָכן איז אַלץ געווען גוט. מיר זענען רואיק געזעסן, כאָטש עס איז געווען קאַלט. דער ווינט האָט געפּייפט דורך די שפּאַרעס. אָבער אויף דער דריטער וואָך האָט אונדזער אויסבאַהאַלטער יוזעף אָנגעהויבן פון אונדז צו פאַרלאַנגען מער געלט, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט. אויב איר האָט נישט

קיין געלט, האָט ער געזאָגט, גייט גנבענען. ער האָט אונדז געגעבן צוויי גרויסע זעק און צוגערעדט צו פּרואוון אונדזער גליק און פעאיקייטן אין אַ שכנותדיקן דאָרף ביי אַ רייכן פּויער, וואָס ער פלעגט אַרבעטן ביי אים. אין סטאַדאָלע — האָט ער אונדז געזאָגט — געפינט זיך ווייץ, וואָס מיר דאַרפן אַרויסטראָגן. ער האָט אונדז געוואָרנט, אַז דאָרטן געפינט זיך אַ בייזער הונט.

די שטענדיקע טויטשרעק האָט אונדז דערפירט צו גלייכגילטיקייט. מיר האָבן אָנגענומען די פּראָפּאָזיציע פון גיין גנבענען. אין אַ העלער לבנה־נאַכט, ווען די ערד איז געווען באַדעקט מיט שניי, האָבן מיר זיך אַרויס־געלאָזט אין וועג. איך האָב גוט געקענט די גאַנצע געגנט אַרום. עס איז געווען שטיל און נישט זייער קאַלט. מיר זיינען אָן שום שוועריקייטן צוגעקומען צום אָנגעוויזענעם אָרט. די טיר פון סטאַדאָלע איז געווען פאַרשלאָסן. עס וואָלט געווען לייכט אַרויסצוברעכן די ברעטער, אָבער דאָס וואָלט געמאַכט אַ געפּער־לעכן טומל. משה האָט זיך באַניצט מיט זיינס אַ צווענגל אַרויסצונעמען די נעגל פון די האַלב־פאַרפוילטע ברעטער און מיר האָבן שטיל געעפנט די טיר.

מיר האָבן גיך אָנגעפילט אונדזערע זעק מיט ווייץ און זיך געלאָזט צו אונדזער באַלעבאָס, וואָס האָט אויף אונדז געוואַרט מיט אַ טאָפּ קאַרטאָפלעס און קרויט.

מיר האָבן דורכגעפירט נאָך אַ גנבה, וואָס האָט זיך אָבער ניט איינ־געגעבן, ווייל מיר האָבן זיך „אָפּגענאַרט" מיט דער סחורה.

אין יאַנוואַר 1945 האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע סאָוועטישע אָפענסיווע. אין עטלעכע טעג שפּעטער זענען מיר געוואָרן באַפרייט.

עס זענען שוין פאַרביי דריי צענדליק יאָרן נאָך די שווערע איבער־לעבענישן. היינט, ווען מען גיט אַ טראַכט וועגן דעם, ווילט זיך נישט גלייבן, אַז מען האָט געהאַט אַזוי פיל כוח און ווילן דורכצוגיין דעם גאַנצן גיהנומדיקן וועג.

**מרדכי פוקס** (פתח תקוה)

# איינער פון אַ משפחה

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען שידלאָווצע און דאָרטן איינגעפירט זייער מערדערישן רעזשים, בין איך נאָך געווען גאַנץ יונג. אָבער ניט געקוקט אויף מיין עלטער, האָב איך געטאָן די שווערסטע אַרבעטן, כדי צו לינדערן אַ ביסל דעם הונגער אין אונדזער שטוב.

זומער 1941 בין איך געווען צווישן די געכאַפּטע, וואָס מען האָט אָפּ־געשיקט קיין ווישניאָווקע, אַ לאַגער לעבן קעלץ, דערנאָך אין לאַגער יעדלנע. איך בין פוןביידע לאַגערן אַנטלאָפן צוריק קיין שידלאָווצע. מיין ברודער שיע איז פאַרכאַפּט געוואָרן אויף סקאַרזשיסק און איז דאָרטן אויסגעגאַנגען פון הונגער.

דעם פרימאָרגן פון דער ערשטער אויסזידלונג האָט מיין טאַטע משה אָנגעטאָן טלית און תפילין און די מאַמע שרה־פעסע האָט גענומען אַ סידור אין האַנט און זיך געשטעלט דאַווענען מיט גרויס געוויין. איך מיט מיין ברודער מאיר האָבן זיך באַהאַלטן. אַ שכנישער שגץ האָט געמסרט, האָבן די דייטשן מאירן געכאַפּט און מיר האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין סטאַרכאָוויץ, וואו ס'איז געווען מיין שוועסטער גאָלדע, צוזאַמען מיט מיין יינגסטן ברודער יענקל.

די פאַרבליבענע נאָך אַ גרויסער סעלעקציע אין סטאַרכאָוויצער לאַגער האָט מען אָפּגעשיקט אין לאַגער שטשעלניצע, אַרום 2000 מענער און 500 פרויען. איך בין איך געווען צווישן זיי. די אַרבעט דאָרטן איז געווען אַ שרעקלעכע. איך האָב געאַרבעט ביי אַן אויוון, פון וואַנען מען האָט געמוזט אַרויסנעמען הייסע שטיקער אייזן, עס אָפּקילן און דערנאָך עס אויפלאָדן אויף קליינע וואַגאָנעטקעס.

ביי איין סעלעקציע איז אומגעקומען מיין שוועסטער גאָלדע, וואָס איז געווען אונדזער גאַנצע ברויט־געבערין. איך האָב גענומען האַנדלען מיט שמאַטעס, אָבער עמעצער האָט מיך געמסרט פאַרן פאָלקס־דייטש פריש, וועלכער האָט מיך מערדערלעך צעשלאָגן און דערנאָך מיך איבערגעגעבן צו דעם קאָמענדאַנט פוןווערקשוץ, וואָס האָט מיך ווידער געשלאָגן מכות־רצח. זיי האָבן געמיינט, אַז איך בין טויט און האָבן באַפוילן מיך אָפּצופירן אין לאַגער, און דאָס האָט מיך געראַטעוועט.

אַ גרופּע יידן, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט, האָט אויסגעאַרבעט

אַ פּלאַן צו אַנטלויפן. מען האָט צוגעגרייט אייגן־געמאַכטע מעסערס און שאַרפע מכשירים. ס׳האָט געהייסן, אַז עטלעכע פּוילישע אַרבעטערס וועלן אונדז העלפן זיך צו פאַרבינדן מיט פּאַרטיזאַנער. דער פּלאַן איז געווען, אַז קלענערע גרופּקעס פון אונדז זאָלן באַפאַלן די וואַך און דורכברעכן דעם טויער. דער ערשטער טייל פון פּלאַן איז געלונגען, אָבער דאַן האָבן די דייטשן אָנגעהויבן שיסן פון וואַכטורעם — און עס זיינען געפאַלן זייער פיל פון אונדז. איך האָב געכאַפּט צוויי קוילן אין פוס און קוים זיך דערשלעפּט צו אַ דערבייאיקן וואַלד. אַ גוטער פויער האָט מיך געבראַכט אין זיין כאַטע און שפּעטער מיך פאַרבונדן מיט פּאַרטיזאַנער. אין גיכן זיינען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אַרמיי.

מיין ברודער יאַנקל איז אָבער געפאַלן ביים אויפשטאַנד אָדער אומ־געקומען אין אוישוויץ.

יעקב בינשטאָק (אויסטראַליע)

# פון איין געפאַר אין אַ צווייטער

איך בין אַליין אַ געבוירענער אין וויערזשבניק, 30 קילאָמעטער פון שידלאָווצע. אין 1931 האָב איך און מיין פאַמיליע זיך באַזעצט אין שידלאָווצע.

נאָכן אויסברוך פון לעצטן וועלטקריג בין איך און אַ גרופּע חברים אַוועק קיין לעמבערג און פון דאָרטן קיין טיף־רוסלאַנד, אָבער אין פעברואַר 1940 האָב איך זיך אומגעקערט אין מיין צווייטער היימשטאָט.

בעת דער ערשטער אויסזידלונג איז מיר געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַ טאָפּלוואַנט, צוזאַמען מיט אברהם ווייסבראָט און אברהם ראָזענפעלד. אַרויס פון דער באַהעלטעניש, האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף כוסטעק, 4 קילאָמעטער פון שידלאָווצע, ביי איינעם וואָיטשיק.

דער גוטער פויער האָט אונדז געקענט אויסבאַהאַלטן נאָר אַ פּאָר טעג, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר מסירות פון זיינע שכנים. האָבן מיר דריי זיך געקליבן צו גיין אין אַרבעטס־לאַגער סטאַרכאָוויץ. אויפן וועג האָבן מיר

אָבער אָנגעטראָפן אַ כאַפּטע פּאָליאַקן. איך האָב זיך קוים אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און אַנטלאָפן. מיט גרויסע נסים איז מיר געלונגען זיך צו דער־שלעפן קיין וויערזשבניק. פון דאָרטן בין איך פאַרוואָגלט געוואָרן אין סטאַר־כאָוויצער לאַגער, וואו איך האָב אָפּגעאַרבעט 18 חדשים.

איך און אַ גרופּע חברים זיינען דערנאָך אַנטלאָפן פון סטאַרכאָוויץ. אונדז האָט זיך איינגעגעבן זיך צו פאַרבינדן מיט פּוילישע און רוסישע פּאַרטי־זאַנער. מיר האָבן זיך באַטייליקט אין עטלעכע גרויסע שלאַכטן.

אין מיטן דעצעמבער 1944 בין איך שוין באַפרייט געוואָרן און נאָך דער באַפרייאונג פון שידלאָווצע בין איך אַוועק אַהין.

מער ווי 2 טעג האָט מיין האַרץ נישט געקענט אויסהאַלטן צו זיין דאָרטן. איך האָב פאַרלאָזן שידלאָווצע און אַוועק נאָך לאָדזש. אין לאָדזש האָב איך זיך איינגעאָרדנט. איך האָב געמיינט צו פאַרבלייבן אין לאָדזש, אָבער איך האָב גיך איינגעזען, אַז די פאַרשאָלטענע פּוילישע ערד איז נישט מער פאַר יידן. אין יענער צייט איז אויך אויסגעבראָכן דער שרעקלעכער קעלצער פּאָגראָם, וואָס איינער פון זיינע קרבנות איז געווען אַ שידלאָווצער: עקיבא ליבערבוים.

מיין האַרץ האָט מיך געטריבן צו לענדער, וואָס זיינען ווייט פון אונדזער גרויסן אומבאַקאַנטן בית־הקברות אין פּוילן.

רחל לעדערמאַן־צעלניקער (ישראל)
און
סאָניע לעדערמאַן־מאָנק (ישראל)

# דריי שוועסטערס אין לאַגערן



סאַבינע ספינקלשטיין

אונדזערע עלטערן יחיאל שיע און גיטעלע לעדערמאַן מיט אונדזער גאַנצער פאַמיליע האָבן זיך געלעבט רואיק פאַר דער מלחמה. מיר זיינען געווען זעקס שוועסטערס און אַ ברודער, הערשל. מיר זיינען אַלע געגאַנגען אין דער פוילישער „שקאָלאַ פאָווסעכנאַ". רחלע האָט זיך שפּעטער געלערנט זיין אַ טעכניקערין ביי אונדזער דענטיסט מעכנער.

אין געטאָ האָבן מיר פאַרלאָרן צוויי שוועסטערס בעת דער איסזידלונג. ווען מיר האָבן געזען, אַז די לאַגע ווערט גאָר געפערלעך, האָבן מיר געפאָלגט די עצה פון אונדזער טייערער מאַמען און אַוועק קיין סטאַרכאָוויץ. זי האָט אונדז פאַרטיילט צירונג און געלט.

מיין מאַמע האָט געזאָלט מיט אונדזערע אַנדערע שוועסטערס אַוועק אין אַ באַהעלטעניש, וואָס איז געווען גוט איינגעריכט ביי אונדזער שוועסטער רבקה גערטנער, די פרוי פון לייבוש גערטנער. אונדזער ליבער פאָטער האָט געזאָלט גיין אין אַ באַהעלטעניש אין דער גאַרבאַרניע פון זיין שותף אברהם טשאַרנעס.

ווי מיר זענען נאָר אָנגעקומען קיין סטאַרכאָוויץ, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז מען גרייט דאָרט אויך צו אַן איסזידלונג. האָבן מיר זיך אומגעקערט און זיך דערשלאָגן קיין וואָלנעוו. מיט דער הילף פון די פיל שידלאָווצער זיינען מיר אַריינגענומען געוואָרן אין לאַגער און לעגאַליזירט געוואָרן צו דער אַרבעט. רחלען האָט זיך איינגעגעבן אַריינצובאַקומען ווי אַ דענטיסטין אין דער לאַבאָראַטאָריע. דאָרט איז איר געווען פיל לייכטער און זי האָט נאָך געקענט אויך אונדז ביי׳הילפיק זיין.

די באַהאַנדלונג איז דאָ געווען בעסער ווי אין אַנדערע לאַגערן, אָבער דאָס אומגליק איז געווען, וואָס זיי האָבן געמאַכט אָפטע סעלעקציעס.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז אונדזער פאָטער געקומען אַהער און ער איז באַלד געוואָרן לעגאַליזירט.

בעת אַ טיפוס־עפּידעמיע אין לאַגער האָבן די דייטשן דערשאָסן יעדן

קראַנקן, וואָס זיי האָבן געפונען אין די באַראַקן. איך און סאַבינע (שיינדל) זענען אויך געוואָרן קראַנק, אָבער מיט דער הילף פון אונדזער שוועסטער רחל און פון פרעמדן פּאָליציסט קאַמפּבעל האָבן מיר מיט נסים זיך אַרויס־געדרייט פון די נעגל פון טויט.

דעם ערשטן טאָג חנוכה איז פאָרגעקומען די גרעסטע סעלעקציע אין לאַגער וואָלאַנעוו. ס'זענען דעמאָלט דערשאָסן געוואָרן ביי 120 פרויען און מענער, צווישן זיי אויך אונדזער ליבער פאָטער ע"ה.

אין פרילינג 1943 איז דער לאַגער וואָלאַנעוו ליקווידירט געוואָרן, איבערלאָזנדיק דאָרט אַ גרויסן מאַסן־קבר פון אונדזערע שידלאָווצער און ראַדעמער יידן. די איבערגעבליבענע האָבן זיי צעטיילט אויף דריי גרופּעס. די ערשטע גרופּע האָבן זיי געשיקט נאָך ראַדעם, די צווייטע — נאָך סטאַרכאָוויץ און די דריטע גרופּע, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען, האָבן זיי געשיקט קיין בליזשין.

אין דער אַזוי גערופענער „הימל־קאָמאַנדע" האָבן געאַרבעט אויך שידלאָווצער, ווי ראובן שאַדמאַן, שמואל זאַגדאַנסקי, יודל קויפמאַן און דער ברודער פון יוסף מענדעלסאָן, וואָס האָט געוואוינט אין ראַדעם.

אין יולי 1944 איז דער לאַגער בליזשין ליקווידירט געוואָרן. פון דאָרטן האָבן זיי אונדז אַוועקגעפירט אויף וואַגאָנען קיין אוישוויץ. אויפן גאַנצן וועג האָבן מיר, די דריי שוועסטערן, זיך געהאַלטן אַלע צוזאַמען.

אין אוישוויץ האָבן זיי פון אונדז אַלץ צוגענומען. זיי האָבן אונדז אָפּ־געשאָרן די האָר פאַרן אַריינלאָזן אין באָד. אַרויסקומענדיק פון דאָרט, האָט איינע די צווייטע ניט דערקענט. מענטשן זענען געוואָרן היסטעריש, ניט וויסנדיק צי לאַכן אָדער וויינען.

די באַקליידונג איז געווען חוזק — אַ הויכע האָט באַקומען קורצע קליידער און אַ קליינע — לאַנגע. מיר האָבן אויסגעזען ווי פון אַ משוגעים־הויז. פון דער אַנטלויזונג האָט מען אונדז אָפּגעפירט נאָך בירקענאַו, וואו ס'זענען געווען די גאַזקאַמערן.

4 אַ זייגער פרי, אין קעלט, רעגן אָדער שניי, האָט מען אונדז געוועקט און אַרויסגעטריבן צום אַפּעל, וואו מיר האָבן געמוזט שטיין ביז 6 פרי. קיין אַרבעט האָבן זיי אונדז ניט געגעבן און אויך ניט קיין עסן.

אונדזער שוועסטער ראָכטשע איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעטן אין קראַנקנהויז. דאָס איז פאַר אונדז געווען אַ ביסל אַ דערלייכטערונג. מיר האָבן נאָר מורא געהאַט פאַרן דאָקטער מענגעלע מיט זיין סוויטע, וואָס האָבן געמאַכט

אָפּטע סעלעקציעס. פון די אַלע ביזאַיצטיקע סעלעקציעס זיינען מיר ניצול געוואָרן.

בעת איין אַפּעל זיינען פון אונדזער גרופּע פון 500 פרויען אויסגעקליבן געוואָרן 11 פרויען, אַלע יונג און געזונט. דאָ האָט אונדז דער גורל ווידער צוגעשפּילט, אַז מיר אַלע דריי שוועסטערן זאָלן אַריינפאַלן צווישן די עלף. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט צוליב דער מורא, אַז זיי ווילן מאַכן אויף אונדז פאַרשיידענע עקספּערימענטן, אָבער מיר זענען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. דעם צווייטן טאָג האָבן זיי אונדז אַוועקגעפירט קיין הינדענבורג, אַ לאַגער מיט אַלע געזעצן פון אוישוויץ, ווייל דער קאָמענדאַנט איז דאָרטן געווען דער באַקאַנטער לאַגער־פירער פון אוישוויץ טאַובער. די אַרבעט איז געווען שווער, אָבער די באַדינגונגען זיינען געווען בעסער.

סוף 1944 האָבן זיי אונדז ווידער צוזאַמענגענומען אין אַ מאַרש צו דער באַנסטאַנציע, וואו עס האָבן געוואַרט אויף אונדז אָפענע וואַגאָנען. זיי האָבן אונדז געשלעפּט אין די גרעסטע קעלטן פון לאַגער צו לאַגער און קיינער האָט אונדז ניט געוואָלט צונעמען. אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט גאַנצע דריי וואָכן, אַ ביסל מאַרשירט, אַ ביסל געפאָרן און נאָך די דריי וואָכן זענען מיר אָנ־געקומען אין דעם באַוואוסטן פרויען־קאַצעט בערגען־בעלזען, וואו מיר האָבן זיך געמאַטערט ביזן 15טן אַפּריל 1945, ווען מיר זיינען באַפרייט געוואָרן דורך די ענגלענדער.

מיר, אַלע דריי שוועסטערס, האָבן צוזאַמען דורכגעמאַכט דעם גאַנצן היטלער־גיהנום און זיינען פון אים אַרויס בשלום, אָבער אין דער פרייער אַמעריקע איז אונדזער שוועסטער שיינדל (סאַבינע) געשטאָרבן מיט דריי יאָר צוריק.

לייבל זילבערמאַן (פּאַריז)

# אין קאַצעטן



נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך שוין געהאַט געגוג אַנגעליטן אין סקאַרזשיסקער לאַגער „האַסאַג", האָבן מיר געהאַט זיך שוין „צוגעוואוינט" צו די באַדינגונגען און שווערן רעזשים. דעריבער האָבן מיר זיך אַזוי געשראָקן, ווען מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז דער גאַנצער לאַגער אין „האַסאַג" ווערט עוואַקואירט.

ס'איז פאָרגעקומען אַ גרויסע סעלעקציע און נאָך דעם האָט מען אונדז אַלעמען אויפגעלאָדן אין וואַגאָנען, צו 100 אין איין וואַגאָן. וואוהין פירט מען אונדז — דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט.

ערגעץ־וואו אויף אַ סטאַנציע האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט. מען האָט אַרויסגענומען די פרויען און מיר זיינען ווייטער געפאָרן. אין צוג מיט אונדז זיינען געווען אַ סך פּאָליציאַנטן און קאָמענדאַנטן פון סקאַרזשיסקער לאַגער. אַ טייל פון זיי האָבן געהאַט אויף זייער געוויסן אומגעבראכטע לעבנס. אויף זיי האָט געציטערט די הויט, טאָמער וועט מען נקמה נעמען פון זיי.

סוף־סוף שטעלט זיך אָפּ דער צוג אויף אַ זייטיקער ליניע און בלייבט שטיין. די טירן עפענען זיך און מען לאָזט אונדז אַרויס. מען פירט אונדז דורך געברוקירטע וועגן, ביז מיר קומען צו צום הויפּטטויער, וואָס איז אַרום־געצוימט מיט עלעקטריזירטע שטעכיקע דראָטן. אויפן טויער — אַ גרויסע אויפשריפט: „בוכענוואַלד" — אַ נאָמען, וואָס האָט אויף אונדז אַרויפגעוואָרפן אַ פּחד. מ'האָט אונדז געהייסן זיך אַוועקזעצן אויף דער ערד. „קאַפּאָס" פון לאַגער קומען צו אונדז און זאָגן, אַז מ'זאָל זיך ניט שרעקן, מען דאַרף פריער דורכמאַכן די „ענטלויזונג"... מען הייבט שוין אָן אַריינצולאָזן אין אַ געביידע דורך אַ קליין טירל. מען זעט, ווי מענטשן גייען אַריין, אָבער מ'זעט קיינעם ניט צוריק! נו, דאָ איז עס שוין אונדזער סוף — טראַכטן מיר.

מען האָט אונדז גוט באַזוכט, אָפּגעשוירן די האָר פון קאָפּ און פון אַנדערע טיילן פונעם קערפּער, מיט אַ באַרשט איינגעשמירט מיט „עפּעס", וואָס האָט אַרויסגערופן אַ ברענונג אויפן קערפּער. און ערשט דאַן האָבן מיר זיך מחייה געווען מיט דעם הייסן וואַסער, וואָס האָט געשפּריצט פון די קראַנען. נאָך דעם זיינען מיר אַריין אין אַ האַלע, וואו מ'האָט אונדז צוגעוואָרפן

אונטערוועש און געשטרייפטע קליידער און אַריינגעפירט אין אַביידל מיט אַן אויפשריפט: בלאָק 17.

שלעכט האָט מען אונדז ניט באַהאַנדלט. כאָטש ס׳איז דאָן געווען שוין סוף אויגוסט אָדער אָנהייב סעפטעמבער 1944, ווען די דייטשן האָבן געכאַפּט שטאַרקע קלעפּ אויף אַלע פראָנטן, האָבן מיר דאָך געשטוינט פון דער וואָרעמער מענטשלעכער באַציאונג פון די „קאַפּאָס" און קאָמענדאַנטן. צווישן זיי זיינען געווען פיל יידן פון אונדזערע געגנטן. זיי האָבן אונדז געפרעגט, ווער ס׳זיינען געווען אונדזערע קאָמענדאַנטן אין סקאַרזשיסק, וואָס האָבן אונדז געפּייניקט. מיר האָבן אויפגעגעבן זייערע נעמען און זיי האָבן זיך דאָס אַלץ פאַרשריבן.

צו מאָרגנס: מען האָט אונדז צוגעטיילט די ראַציע שפּייז, וואָס האָט אויסגעזען פאַר אונדז, ווי מיר וואָלטן אַריין אין אַ „פּענסיאָנאַט"... שפּעטער אַ ביסל האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די גוטע באַנעמונג צו אונדז איז אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס אונדזערע קאָמענדאַנטן האָבן געהערט צו אַ געהיימער אונטערגרונט־באַוועגונג, וואָס איז שוין דאָן געווען גוט אָרגאַניזירט.

מען האָט אונדז גענומען צו טאָן לייכטע אַרבעט אינעם לאַגער־הויף. דאָקעגן האָט מען געזען דעם געוועזענעם לאַגער־קאָמענדאַנט פון סקאַרזשיסק, טעפּערמאַן, ווי ער איז איינגעשפּאַנט מיט נאָך אַ ציגיינער־מערדער אין אַ טאַטשקע אָנגעשאָטן מיט ערד און שטיינער און זיי דאַרפן דאָס שלעפּן. דער טעפּערמאַן האָט זיך געשעמט אונדז צו קוקן אין די אויגן.

דאָס זעלביקע איז געשען מיט די מוסרים יוספל פון סוכעדניעוו, מילשטיין פון סקאַרזשיסק, קשעפּיצקי פון ראַדאָמסק און אַנדערע. זיי האָבן דאָרטן איינגענומען אַ מיתה משונה, ווי זיי האָבן כשר פאַרדינט.

נאָך עטלעכע וואָכן האָט מען אונדז געפירט אויף אַרבעט אין לאַגער שליבן. די עטלעכע צענדליק שידלאָווצער האַלטן זיך צוזאַמען, סטאַרעווען זיך, אַז מען זאָל זיי איינקוואַרטירן אין זעלבן „בלאָק", אָבער ניט אַלעמען גיט זיך עס איין.

איך, מיין ברודער יאַנקל און פסח זאַגדאַנסקי זיינען צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעטן ביי דער „פּאַנצערפויסט" אין דער „פּרעזעריי", דאָס איז געווען אַ געווער קעגן טאַנקען. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ פלאַש, אָנגעפילט מיטן אויפּרייס־מאַטעריאַל טראָטיל, צוגעטשעפּעט צו אַ רער. ס׳איז געווען זייער ווירקזאַם ביים פאַרניכטן טאַנקען.

פון דעם טראָטיל זיינען מיר געוואָרן געל, ווייל דאָס איז געווען אַ סם. ס׳איז געווען זייער שעדלעך פאַרן געזונט, ווייל ס׳האָט פאַרסמט די לונגען.

און צוליב דעם האָבן די אַלע, וואָס האָבן ביי דעם געאַרבעט, סיי אין דער „גיסעריי" און סיי אין דער „פרעזעריי", באַקומען יעדער טאָג אַ ספּעציעלע גוטע זופּ מיט „פּעטקייטן" קעגנצואווירקן דעם סם, וואָס האָט אָבער ניט צו פיל געהאָלפן. לאַנג אויסהאַלטן האָט מען ביי דער אַרבעט ניט געקענט. די צוגאָבזופּ האָט אָבער געלאָקט: אַבי צו האָבן נאָך אַ ביסל עסן. אַזוי האָט מען כסדר ריזיקירט מיטן לעבן, ווייל מ'האָט ניט געוואָלט אומקומען פון הונגער.

מיר האָבן געאַרבעט אין צוויי שיכטן. אונדזער מייסטער איז גראָד געווען אַ גוטער מענטש, מיטן נאָמען מעלצער. איין מאָל, געווען איז עס, דאַכט זיך, שמחת־תורה, 12 ביי נאַכט, איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכער אויפרייס אין איין פאַבריק און דאָס פייער האָט אַרומגעכאַפּט אויך אַנדערע פאַבריקן. די עלעקטריע איז געוואָרן איבערגעריסן. דער דאַך פאַלט איין אויף אונדזערע קעפּ. איך מיט מיין ברודער האָבן באַוויזן אַרויסצולויפן.

ווער איז געווען שולדיק אין אויפרייס? — מען האָט ניט געוואוסט. געזאָגט האָט מען, אַז ס'איז געווען אַ סאַבאָטאַזש־אַקט.

צווישן די אומגעקומענע פון דאָזיקן אויפרייס זיינען געווען אַרום 14 שידלאָווצער. בלויז פון אונדזער באַראַק האָבן געפעלט אַ 5 שידלאָווצער. פון זיי געדענק איך:

1) אברהם משה אייזענבערג,
2) יאַנקל שליסקי, משה נחמיהלעס אַן איניקל,
3) מאָטל קראַיעווסקי,
4) יאַנקל פּאַריז. דעם פינפטן געדענק איך ניט.

צווישן די פאַרוואונדעטע, וואָס מ'האָט געשיקט צוריק קיין בוכענוואַלד און זיינען דאָרט אומגעקומען, איז געווען זלמן בראַמאַן, מיין שוואָגער.

דער פעטריקאָווער רבי יצחק פינקלער איז אויך אומגעקומען אין יענעם אויפרייס.

נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די שווערסטע צייט פאַר אונדז. מ'האָט אונדז גענומען אויף אָפּצוראַמען די חורבות פון אויפרייס. עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן בריגאַדעס פון יונגע ס"ס. מיר האָבן געמוזט אַרבעטן לאַנגע שעהען אין לויפטריט. די יונגע באַנדיטן זיינען געשטאַנען אין צוויי רייען, אויסגעשטעלט ניט ווייט איינער פון צווייטן, מיט נאַגייקעס אָדער שטעקנס אין האַנט. צום שפּיץ נאַגייקע איז געווען צוגעקניפּט אַ שטיקל מעטאַל. ווער ס'האָט באַקומען אַ „שמיר" פון אַזאַ נאַגייקע, איז זיין קאָפּ געוואָרן געשפּאַלטן

און איז געפאַלן. מיר זיינען איין מאָל געווען אַזוי אויסגעמאַטערט פון דער אַרבעט, אַז דער דייטשישער ראַפּאָרט־פירער, גראָד זייער אַ פיינער מענטש, האָט די יונגע באַנדיטן שטאַרק אויסגעמוסרט.

אין לאַגער גופא האָט זיך אַ סך געענדערט. מיטן עסן איז אַלץ געוואָרן ערגער און יעדער האָט זיך נאָר געשראָקן, אַז מען זאָל ניט אויסגיין פון הונגער. איינער פון די מיטלען ווי ס׳איז צו שטילן דעם הונגער איז געווען דאָס קאָכן דעם „קאָרן״. ביי די פויערים אַרום שליבן האָבן געאַרבעט איטאַליע־נישע קריג־געפאַנגענע. די פויערים האָבן געמוזט ברענגען אין לאַגער די רוי־מאַטעריאַלן און צוריקפירן דעם פאַרטיקן מאַטעריאַל. אויף אַזאַ אופן זיינען די געפאַנגענע איטאַליענער אַריינגעקומען אין דער פאַבריק. זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז מיר באַקומען אַ ביסל ציגאַרעטן, האָבן זיי געגנבעט ביי זייערע „בעלי־בתים״ זעקלעך מיט קאָרן, אַריינגעשמוגלט עס אין לאַגער און פאַרקויפט פאַר די ציגאַרעטן. קאָרן איז אויך אַריינגעקומען דורך אַנדערע קוועלן.

איך מיט מיין ברודער יאַנקל און חבר פסח זאַגדאַנסקי האָבן געקויפט אַ טעפּעלע קאָרן. מ׳האָט עס אויסגעטריקנט אויף ברוין. מיט פלעשער האָט מען עס צעמאָלן אַזוי ווי קאַשע. מ׳האָט זיך שוין געהאַט איינגעשאַפט די אַלע כלים. האַלץ האָט מען געברענגט פון דער פאַבריק. פון אַזאַ טעפּעלע קאָרן האָבן מיר געהאַט 3 שיסלען זופּ. פאַרמישט מיט מאַרגאַרין, האָט עס געהאַט אַלע „טעמים״. מיר האָבן עס גערופן דער „מן״, וואָס יידן האָבן געגעסן אין מדבר נאָכן אַרויסגיין פון מצרים. מען האָט שוין אַפילו געהאַט אויסגעפונען אַ „מילכל״, וואָס האָט דעם קאָרן צעמאָלן, און מיט דעם פאַרדינט צוויי לעפל רויע קאָרן. איינער אַזאַ אויסגעפינער איז געווען אונדזערס אַ באַקאַנטער שידלאָווצער, עזריאל בערגמאַן.

כ׳האָב דאָס דערציילט, כדי עס זאָל פאַרצייכנט ווערן, ווי יידן האָבן זיך אַן עצה געטאָן אין די שווערסטע באַדינגונגען, און וואָלטן די דייטשישע מערדערס ניט אַזוי געמאָרדעט, וואָלטן אַ סך מער יידן אַפילו אין די קאָצענ־טראַציע־לאַגערן געבליבן לעבן.

אַזוי איז געלאָפן די צייט. יעדער טאָג אַ נייער קאַמף מיט פאַרשיידענע מיטלען, ווי אַזוי איבערצוקומען. מיר האָבן געקראָגן אַ בריוו פון אונדזערע פרויען און שוועסטערס, אַז זיי זיינען אין לייפּציק, האָט דאָס אונדז שטאַרק דערפרייט און געשטאַרקט די כוחות.

ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט, דער לאַגער אין שליבן איז געוואָרן ליקווי־

דירט. אויף אונדזער „רייזע" אין אַן אַנדער אָרט האָבן מיר נאָך געהאַט עטלעכע טעפּעלעך קאָרן. צוזאַמען מיט אונדז איז אויך געפאָרן ירחמיאל טענענבוים, דער ייִנגסטער זון פון בעריש און ביילע טענענבוים. מיר האָבן זיך געסטאַרעט אים צו דערהאַלטן ביים לעבן. ער האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן און איז געשטאָרבן אין טערעזיענשטאַט, וואוהין מען האָט אונדז געבראַכט.

דעם ניינטן מיי 1945 זיינען מיר באַפרייט געוואָרן. מיר זיינען אָבער אַלע געווען שוואַך און קראַנק. מיין ברודער יאַנקל האָט געמוזט בלייבן ליגן אין בעט. איך האָב אים געהאָלפן מיט אַלע מיינע כוחות. מיין חבר פּסח זאַגדאַנסקי איז ערגעץ וואו אַוועקגעקומען און איז פאַרשוואונדן אויף אייביק. די שידלאָווצער קומען זיך צוזאַמען. שלמה ראָזענצווייג, מיינער אַ קוזין, אָרגאַניזירט פיל שפּייז. ס'זיינען דאָ מיט אונדז: בונעם בלאַנדער, שמאי ריינבערג, אברהם וייסבראָט. פון די פרויען־טראַנספּאָרטן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ס'זיינען געקומען נחמה בערגער, פּערל קופּערמאַן ע"ה, חיה בלאַטמאַן, פעסל שאַרפאַץ און פיל אַנדערע, וואָס כ'געדענק ניט זייערע נעמען.



אַ גרופּע שידלאָווצער לעבן־געבליבענע אין לאַגער פערנוואַלד.

# גערּאַטעוועט דורך אַנטלויפן

אברהם צייגפינגער (פּאַריז)

## שפּרונג פון טויטנצוג

איך, מיין ברודער יענקל, אברהם ווייסבראָט און יענקעלע בינשטאָק זיינען געווען אין איין באַהעלטעניש. די באַהעלטעניש איז געווען זייער אַ קליינע, קוים צו שטיין. וועגן אַוועקזעצן זיך איז נישט געווען וואָס צו ריידן. דער אַריינגאַנג איז געווען גוט פאַרמאַסקירט, קיינעם האָט נישט געקענט איינפאַלן, אַז אין יענעם אָרט באַהאַלטן זיך מענטשן. פאַרנט זיינען געשטאַנען צוויי עמערס וואַסער, איבער דעם איז געהאַנגען אַ לאָקשנברעט.

דאָס הויז, וואו ס'האָט זיך געפונען אונדזער באַהעלטעניש, איז געוועןביים שטרוימאַרק, דער זאַמלפּונקט פאַר אַלע יידן פון אונדזער שטאָט. פון דאָרטן זענען אַ טייל געגאַנגען אויף זייער לעצטן וועג. דורך די שפּאַרעס פון בוידעם האָט מען געקענט זען די אַלע שרעקלעכע סצענעס פון דער אויס־זידלונג.

דאָס זיין אין דער באַהעלטעניש איז געוואָרן וואָס אַ מאָל ערגער און נישט אַריבערצוטראָגן. ס'איז ניט געווען קיין אַנדער וועג ווי פאַרלאָזן די באַהעלטעניש. ביי נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט אויפן געפערלעכן וועג פון זוכן נייע מיטלען, ווי זיך צו ראַטעווען. שטיל און שטום, מיט קלאַפּנדיקע הערצער, האָבן מיר זיך דערשלעפּט צום ברויז, וואו עס האָט געוואוינט אַ באַקאַנטער פּאָליאַק פון אברהם ווייסבראָט. ווייסבראָט איז אין דעם לעצטן טאָג גראָד קראַנק געוואָרן און קראַנקערהייט האָט ער זיך אַריינגעשלייכט אין פּאָליאַקס הויז. מיר האָבן אויף אים געוואַרט אין דרויסן. היות ער האָט זיך דאָרטן פאַרזאַמט און מיר האָבן נישט געקענט לאַנג וואַרטן, זענען מיר פון דאָרט אַוועק אָן ווייסבראָטן. יענקעלע בינשטאָק איז אויך דעמאָלט אַוועק פון אונדז. מיר מיט מיין ברודער יענקעלע איז געלונגען אויף אַ וואונדערלעכן אופן זיך אָנ־צושליסן צו די יידישע אַרבעטערס, וואָס זענען געבליבן אָפּצורייניקן די שטאָט נאָך דער אויסזידלונג. עטלעכע וואָכן שפּעטער איז אויך צוגעקומען אברהם ווייסבראָט אין אונדזער אַרבעטס־קאָמאַנדע. שפּעטער האָט מען אונדז אַלעמען אַוועקגעשיקט קיין סקאַרזשיסק אין „האַסאַג"־לאַגער.

אין סקאַרזשיסק האָט מען אונדז פונאַנדערגעטיילט אויף פאַרשיידענע אַרבעטן. מיך האָבן זיי צוגעטיילט צו דער „קאַראַבינואווקע". מיין ברודער

יענקל איז אַריינגעפאַלן אין ערגסטן אַרבעט־אָפּטייל פון גאַנצן לאַגער — די גראַנאַטן־פּרעסערײַ. דאָרט האָט ער געאַרבעט אַ גאַנץ קורצע צייט און איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. ביי דער ערשטער סעלעקציע האָבן די מערדערס אים דערשאָסן אין ווערק „צע".

דאָס איז געווען אָנהייב יאַנואַר 1943. איך בין שוין דעמאָלט אין לאַגער נישט געווען, ווייל אַזוי ווי איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אין שידלאָווצע איז ווידער געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ, בין איך איין נאַכט אַנטלאָפן פון לאַגער אַהין.

דער נייער שידלאָווצער געטאָ איז געווען איינגעגלידערט אין די זאַאולקעס און אויך אין דער גאַרבאַרניע פון חיים גאָלדבערג.

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען פיל בעסער ווי אין לאַגער. איך האָב אָבער נישט געגלייבט, אַז דאָס וועט לאַנג אָנהאַלטן. די וואַכמענער זענען געווען די זעלביקע באַנדיטן. איינער פון זיי איז געווען דער באַוואוסטער מאַסן־מערדער באַוער. קאַרפּינסקי האָט שוין דעמאָלט געפעלט. באַוער האָט דערשאָסן פישל קופּערשמיט, וואָס ער האָט אים געטראָפן אויסערן געטאָ, און אַנדערע.

דער ווינטער איז געווען זייער אַ קאַלטער און מיט באַהייצונג איז געווען זייער שווער. יידן זענען אויסגעגאַנגען פון קעלט. אַ פרוי אין געטאָ איז איין מאָל, אין דער פרי, אויפגעשטאַנען און געוועקט אירע צוויי טעכטערלעך, האָט זי איינע פון זיי געפונען פאַרפראָרן פון קעלט.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן ביז דעם 13טן יאַנואַר. יענעם טאָג זיינען פּלוצעם ווידער אַרומגערינגלט געוואָרן ביידע געטאָס — די גאַרבאַרניע און די זאַאולקעס. מען האָט צונויפגענומען אַלע יידן און זיי געפירט צו דער סטאַנציע, וואו צענדליקער וואַגאָנען האָבן שוין געוואַ"ט אויף די קרבנות.

דאָס איינציקע, וואָס איך האָב מיטגענומען מיט מיר, איז געווען אַ טשייניק וואַסער און אַן אייזן, וואָס אַ דאַנק דעם בין איך געבליבן לעבן.

ווען איך בין אַריינגעשטופּט געוואָרן אין וואַגאָן, האָב איך מיט אַלע מיינע כוחות זיך דערשלאָגן צו אַ פענצטער, וואָס איז געווען פאַרדרייט מיט שטעכיקע דראָטן. איך האָב געוואַרט ביז דער צוג האָט אָנגעהויבן פאָרן און האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט פון אָפּרייסן די דראָטן פון פענצטער מיט מיין שאַרפן אייזן. איך האָב אַזוי לאַנג געאַרבעט, ביז דאָס פענצטער איז געוואָרן פריי פון די דראָטן. ווען דער צוג האָט אָנגעהויבן גיין אַ ביסל לאַנגזאַמער, האָב איך מיין טשייניק וואַסער אָוועקגעגעבן אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט הויכע פיבער. זעענדיק, וואָס איך וויל טאָן, האָט זי מיר אין קעשענע אַריינגעלייגט אַ היפּשע סומע געלט, צוגעבנדיק: „זאָל אייך גאָט העלפן". איך

האָב געבעטן, אַז מען זאָל מיך אונטערהייבן און איך בין אַרויסגעשפּרונגען פונעם לזיפנדיקן קבר. איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שניי און אַ דאַנק דעם האָב איך זיך אַפילו נישט צעקלאַפּט. נאָך מיר איז אַרויסגעשפּרונגען נאָך אַ מאַן, אַ זוואָלינער מיטן נאָמען קאַרמאַן. אויך ער איז געבליבן אומבאַשעדיקט. דאָס איז געווען נישט ווייט פון דעמבלין. דער צוג איז ווייטער געלאָפן מיט זיינע קרבנות נאָך טרעבלינקע.

מיין פּלאַן איז געווען צוריקצוגיין קיין סקאַרזשיסק אין לאַגער אַריין. מיין חבר, דער זוואָלינער, האָט באַשלאָסן צו גיין אין די דערפער אַרום זיין שטאָט. האָבן מיר זיך ביידע געזעגנט איינער דעם אַנדערן גליק און זיך צעשיידט.

נאָך אַ לאַנגן מאַרש בין איך אָנגעקומען לעבן דער סטאַנציע ראַדעם. דאָ האָט זיך מיר איינגעגעבן אַריינצוכאַפּן אין אַ לאַסטצוג, וואָס איז געפאָרן נאָך קעלץ, בין איך אַזוי אַריינגעקומען קיין שידלאָווצע. איך בין אַריין צו אַ קריסטין און פאַר געלט האָט זי מיר געגעבן עסן. ביי נאַכט האָב איך זיך געלאָזט קיין סקאַרזשיסק און איך האָב זיך אַריינגעגנבעט אין לאַגער דורך די דראָטן אויפן זעלביקן אָרט, פון וואַנען איך בין אַנטלאָפן. אין לאַגער האָט מען מיך אויפגענומען ווי איינעם פון יענער וועלט.

די שטראָף, וואָס איך האָב באַקומען פאַרן אַנטלויפן פון לאַגער, איז על־פּי נס געווען גאָר אַ קליינע: מען האָט מיך איבערגעשיקט אין ווערק „צע״. איך האָב נאָך גוט אָפּגעשניטן, ווייל פאַר אַזאַ פאַרברעכן ווי אַנטלויפן האָט מען ס׳רוב באַצאָלט מיטן לעבן.

איך האָב זיך דאָ דערוואוסט, אַז מיין יינגסטן ברודער הערשל, וואָס איז געווען אין זעלביקן לאַגער, האָבן די מערדערס אָפּגעשיקט ווי אַן אָפּגעשטאַנענעם אַרבעטער קיין שידלאָווצע און פון דאָרטן איז ער מיט די אַנדערע שידלאָווצער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

אין סקאַרזשיסק בין איך געווען ביז זומער 1944. בעת דער עוואַקואַציע פון דאָזיקן לאַגער בין איך אַוועק מיטן ערשטן טראַנספּאָרט אין לאַגער „וואַרטאַ״. נאָכן אָפּזיין דאָרטן עטלעכע מאָנאַטן, האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין אַ טראַנספּאָרט נאָך דייטשלאַנד. כ׳בין געווען אין בוכנוואַלד, טרעגליץ און טערעזיענשטאַט, וואו איך בין באַפרייט געוואָרן דעם 8טן מיי 1945.

(אויפגעשריבן דורך יצחק מילשטיין)

**מרדכי ריכטער** (מעלבורן)

# אַנטלאָפן

נאָכן פאַרנעמען שידלאָווצע האָבן די דייטשן איינגעפירט קריגסצושטאַנד. ס'איז דערלויבט געווען צו גיין ביז 6 אין אָוונט. מיין ברודער נטע האָט געאַרבעט בשותפות מיט משה־נטע וועסטער. גייענדיק פון דער אַרבעט עטלעכע מינוט נאָך זעקס אַ זייגער האָבן אים צוויי זשאַרדאַרמען געטראָפן לעבן תלמוד־תורה און דערשאָסן אויף אַן אָרט. מען האָט געהערט זיינע געשרייען: „העלפט, ראַטעוועט!" אָבער יעדער איינער האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס. צו מאָרגנס האָט מען אים געפונען טויט. דאָס איז געווען דער ערשטער קרבן אין שידלאָווצע.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען קוים 15 יאָר. מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז איך מוז אַנטלויפן. ער האָט געעצהט אונדז קינדער, אַז יעדער זאָל זיך ראַטעווען ווי נאָר ער קען. בין איך אַוועק צו מיין חבר לייבוש, גיטל די וועשינס זון, און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן שידלאָווצע.

אין מאַגיסטראַט האָבן מיר באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן מיט דער באַן. מיר זיינען אַוועק קיין ראַדעם, פון דאָרטן קיין שעדלעץ, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו דער סאָוועטישער גרענעץ און זיך אַריבער־געשוואַרצט.

כ'האָב געוואַנדערט דורך ביאַליסטאָק, ראָוונע, קאָוועל. כ'האָב נושא־חן געווען ביי יעדן צוליב מיין אַרבעטזאַמקייט און יונגן עלטער. שטענדיק טראַכטנדיק וועגן מיינע עלטערן און פאַמיליע, האָב איך אין סאָוועט־רוסלאַנד געאַרבעט שווער, געליטן קעלט, הונגער, טייל מאָל פאַרדינט אויפן עסן אַזוי גוט ווי אַלע מענטשן דאָרט, ביז כ'האָב דערלעבט דעם סוף פון ביטערן קריג.

נאָכן קריג בין איך אַוועק קיין שידלאָווצע. אַ באַקאַנטער פּאָליאַק מיינער, לודוויג קאַטשיצע, האָט מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון חורבן אין אונדזער שטעטל. ער איז געגאַנגען מיט מיר אויפן בית־עולם און מיר געוויזן דעם ברודער־קבר פון מיין ברודער יאַנקל און קוזין נאָטעלע שאדמאַן.

דער פּאָליאַק האָט מיר געראָטן ניט צו בלייבן אין שטעטל, ווייל דער אַנטיסעמיטיזם איז זייער גרויס. ער האָט מיר געגעבן געלט און מיך צוגעפירט צו מאַטערעק דער שיכור, וואָס וואוינט היינט אין יצחק רימאַזשס

**(מילשטיין) הויז. אויך ער האָט מיר געהאָלפן וואָס גיכער צו אַנטלויפן. איך האָב זיי געפאָלגט און אַוועק פון שידלאָווצע.**

**פאַרן אָפּפאָרן פון פוילן האָב איך נאָך אויפגעזוכט מיין ברודער משה, וואָס האָט זיך געפונען אין ווראָצלאַוו.**

* * *

**שמואל כוסטעצקי**

## אַריבער די גרענעץ

ווען דער צווייטער וועלטקריג איז אויסגעבראָכן, האָב איך זיך געפונען אין וואַרשע. איך האָב דאָרטן דורכגעמאַכט די שרעקלעכע באָמבאַרדירונגען און מערדערייען פון היטלעריסטישן שונא און אויך זיך באַטייליקט אין דער פאַרטיידיקונג פון דער פוילישער הויפּטשטאָט. ווען דער ווידערשטאַנד פון די פּאָליאַקן איז געבראָכן געוואָרן און די נאַציס האָבן אָקופּירט וואַרשע, האָב איך ניט געפונען מער פאַר נייטיק צו בלייבן דאָרטן. עס האָט מיך געצויגן אַהיים קיין שידלאָווצע, וואָס מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך געווען געצוואונגען זי צו פאַרלאָזן צוליב דער סכנה פאַרשיקט צו ווערן אין פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע.

דער מהלך פון וואַרשע קיין שידלאָווצע איז אַן ערך הונדערט און צוואַנציק קילאָמעטער. ווי מאַכט מען דורך אַזאַ לאַנגן וועג אין אַזאַ געפערלע־כער צייט? קיין קאָמוניקאַציע־מיטלען זיינען ניט געווען. זיך לאָזן גיין צו פוס — האָט געלויערט אַ געפאַר געכאַפּט צו ווערן פון אַ היטלעריסטישן פּאַטרול און ווערן פאַרשיקט ערגעץ אויף אַרבעט, צי נאָך ערגערס. נאָר דער שטאַרקער דראַנג אַהיים אין געבוירן־שטעטל, דערוויסן זיך וואָס ס'טוט זיך מיט מיינע עלטערן און נאָענטע, האָט פאַרטריבן די געפילן פון פחד, און איך האָב זיך דעצידירט צו לאָזן אין וועג אַריין צו פוס. דער גוטער מזל האָט צוגעדינט און איך בין אָן שטערונגען געקומען אַהיים.

די עלטערן און משפחה־לייט האָבן מיך מקבל פּנים געווען מיט הייסע טרערן. פיל באַקאַנטע און פריינד, זיך דערוויסנדיק וועגן מיין אומגעריכטן קומען, האָבן זיך גיך פאַרזאַמלט אין אונדזער שטוב. טייל פון זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט וועגן קרובים אין וואַרשע, אַנדערע — גאָר גלאַט אַ שמועס טאָן, הערן אַ נייעס.

לויט זייערע רייד האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז שידלאָווצער יידן האָבן דערווייל ניט אַזוי שטאַרק געליטן פון אָקופּאַנט. מיין טאַטע איז שיעור ניט געפאַלן אַ קרבן פון די היטלעריסטן. ער האָט באַמערקט אַ נאַציישן פּאַטרול און ווענדיק זיי אויסמיידן, האָט ער גענומען שטעלן גיכערע טריט צו אונדזער הויז. דער פּאַטרול האָט אים נאָכגעשאָסן, אָבער ניט געטראָפן. דער טאַטע האָט מיר אָנגעוויזן דעם אָרט אין דיל, וואו ס'איז געבליבן שטעקן די קויל.

אונדזערע שטעטלדיקע זיינען געווען פול מיט יאוש. די פראַגע איז געווען: וואָס וועט ווייטער זיין? דאָס שטעטל איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט אַ כסדרדיקן פּחד, הגם דערווייל זיינען נישט פאָרגעקומען קיין ווייטערע געוואַלטאַקטן. שוסטערס און שניידערס האָבן צו ביסלעך געאַרבעט, אויספילנ־דיק פּריוואַטע באַשטעלונגען פון סאָלדאַטן, וועלכע האָבן ערלעך באַצאָלט, און די רעשט יידן האָבן שטילערהייט געהאַנדלט און געוואַנדלט.

אויף דער לעבנס־פראַגע: „וואָס צו טאָן ווייטער?" איז מיין ענטפער געווען, אַז ווער עס קען, זאָל זיך לאָזן צו די גרענעצן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיין געדאַנק איז געווען, אַז דער קריג וועט זיך ציען יאָרן און אונטער דער צייט וועלן די יידן דאָ אומקומען. און איך, בשותפות מיט מאיר בוכבינדער און אסתר פּאָמעראַנץ, האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג קיין סאָוועט־רוסלאַנד. אונטערגעאיילט דעם באַשלוס פון אַנטלויפן פון שידלאָווצע האָט דער באַפעל, אַז די אַלע, וואָס זענען געזעסן אין טורמע און געווען געמשפּט פאַר קאָמוניזם, דאַרפן זיך יאַווען צום זאַמלפּונקט לעבן מאַגיסטראַט. עס האָט ניט געקענט זיין קיין ספק אין וואָס עס האַנדלט זיך.

איך האָב זיך געזעגנט מיט נאָענטע און באַקאַנטע. אַ לעצט אַרומנעמען און האַלדזן זיך מיט די עלטערן. אין אַ האַרבסט־פרימאָרגן בין איך אַרויס פון שטוב מיט פייכטע אויגן און מיט אַ פאָרגעפיל, אַז די צעשיידונג איז אויף אייביק.

איך האָב זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון אַנטעצקעס מויער, בכדי צו פאַרקערעווען זיך אין די הינטערגעסלעך און אומבאַמערקט פון אַ פּאַטרול זיך צו דערקריגן צו דער סטאַנציע. אינסטינקטיוו האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָב איך דערבליקט, ווי די מאַמע איז געבליבן שטיין אין מיטן פלאַץ אַ פאַרגליווערטע, נאָכקוקנדיק מיין אַוועקגיין. איר לעצטער בליק האָט מיך אַדורכגעשפּיזט און צעווייטיקט. איך האָב גענומען ווייטער שפּרייזן איבער דעם באָדן, וואו יעדער שפּאַן ערד איז מיר טיף איינגעבאַקן אין האַרצן. איצט מוז איך אַנטלויפן פון דאַנען, געטריבן פון היטלעריסטישן שטיוול.

פאַרטאָן אין די דאָזיקע טרויעריקע געדאַנקען, האָב איך גענומען מורמלען צו זיך: זייט געזעגנט, לייבלעכע און נאָענטע; מיין ליב שטעטעלע, אין וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן און געוואַקסן און וואָס איך מוז איצט פאַרלאָזן אפשר אויף אייביק.

• • •

**אברהם מילשטיין** (קיבוץ שפיים)

## אַוועק קיין רוסלאַנד



ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט אונדזער שטעטל, האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן. דאָס געזעגענען זיך מיט מיינע ליבע טאַטע־מאַמע, יצחק און גיטל, די שוועסטערס פּערל און צאַטעלע און מיין ברודער יענקל, איז געווען שרעקלעך. מען איז באַהערשט געוואָרן פון אַ געפיל, אַז דאָס איז לעצטע מאָל, וואָס מען זעט זיך.

איך מיט מיין פרוי שרה און קינד זיינען געלאָפן מיט אַ גרופּע שידלאָווצער צו דער רוסישער גרענעץ. מיר האָבן זיך דורכגעשמוגלט אַהין און דאָרטן געטראָפן מיינע קוזינען אברהם מילשטיין, מאָטל טאָקערס אַ זון, ישראליק דריינאָדל און ישראליק אייזענבערג.

איך האָב זיך געסטאַרעט צו גיין וואָס טיפער אין רוסלאַנד, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון די דייטשע מערדערס. ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן צו קומען קיין קראַסנאָדאַר אין קרים, אָבער אויך אַהער האָבן די נאַצישע האָרדעס דערגרייכט.

מיך האָט מען מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי און נאָך דער מלחמה בין איך אַוועק מיט אַ טראַנספּאָרט קיין פּוילן. ישראליק דריינאָדל זאָל האָבן אומגעקומען אין אַ סאָוועטישער תפיסה פאַרן וועלן פאָרן קיין ארץ־ישראל.

נאָכן חורבן בין איך געקומען קיין שידלאָווצע. אַלץ איז געווען חרוב ומוחרב. אין אונדזער הויז האָט געבאַלעבאָטעוועט אַ פּוילישע משפּחה. דער

נייער באַלעבאָס האָט מיך געוואָרנט, אַז אויב איך וועל זיך ניט אָפּטראָגן פון דאַנען, וועט זיך דאָס ענדיקן זייער שלעכט פאַר מיר.

פאַר מיר איז געוואָרן קלאָר, אַז אויף דער פוילישער ערד איז מער ניטאָ קיין אָרט פאַר יידן און איך האָב עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

* * *

**מינדזשע זיידענפעלד־ראָזענבלום** (רמת־גן)

## געלאָפן מיטן ווינט

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, בין איך געווען מיט מיינע עלטערן. מיין ברודער פיניע איז געוואָרן מאָביליזירט, אָבער ער איז בשלום געקומען אַהיים.

די נאַצישע אָקופּאַציע אין אונדזער שטעטל איז געוואָרן וואָס אַ מאָל ערגער. דעריבער האָבן פיל יידישע בחורים און מיידלעך פאַרלאָזט אונדזער שטעטל און זיך אַריבערגעשמוגלט אין די געביטן, וואָס זיינען פאַרנומען געוואָרן דורך די סאָוועטן.

איך מיט מיין מאַן האָבן אויך גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און צוזאַמען מיט אַ גרופּע שידלאָווצער, וואָס צווישן זיי איז געווען אברהם מילשטיין און זיין פרוי שרה, דער קוזין זיינער אברהם־חיים מילשטיין, זון פון מאָטל טאָקאַזש, אברהם וואָלבערג, די שוועסטערס רבקה און ציפּע בראַנדמעסער און נאָך יונגע חברה. מיר זיינען געווען אַ גרויסע גרופּע און זיינען אַוועק טיף אין רוסלאַנד. מיר האָבן דאָרטן מיטגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס. אברהם וואָלבערג און אברהם מילשטיין זיינען אומגעקומען אין אַ סאָוועטישער תפיסה.

ווי נאָר מיר האָבן געהערט, אַז פּוילן איז שוין פאַרנומען פון די סאָוועטן, האָבן מיר זיך גלייך געלאָזט אַהיים. אָבער וואָס האָבן מיר דאָ געפונען? — דאָס שטעטל פּוסט פון יידן און נאָר חורבות זיינען פאַרבליבן פון אַמאָליקן יידישן לעבן.

מיין טאַטע הערש־יאַנקל, מיין מאַמע פעסע, די קינדער לייבל, נאַטע, הינדע און כאַנטשע זיינען אומגעקומען פון די היטלעריסטישע רוצחים. מיין ברודער אַלטער איז געשטאָרבן פאַרן קריג.

* * *

**שלמה ראָזענצווייג** (מעלבורן)

# וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן

ווען ס׳איז געקומען דער טאָג פון אויסזידלונג בין איך געשטאַנען צוזאַמען מיט אַלע שידלאָווצער אויף דעם שטרוימאַרק. מיין גורל איז אויס־געפאַלן ניט צו דעפּאָרטירט ווערן מיט אַלע ייִדן, נאָר בלייבן צווישן די אַרבעטערס, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען אָפּצורייניקן דעם געטאָ.

איך קען נישט פאַרגעסן דאָס בילד, וואָס איך האָב געזען אַריינקומענדיק צו אונדזער מחותן, מיין עלטסטן ברודערס עקיבאס שווער, איטשע הערש בריוטרעגער: ער איז געלעגן אין בעט אַ דערשאָסענער, מיט אַרויסגעפאַלענע געהירן פון מוח. דער ס״ס־מאַן, אונדזער באַגלייטער, האָט דערקלערט, אַז ער איז דערשאָסן געוואָרן מיט דום־דום־קוילן.

אונזער בלאָק צום שלאָפן איז געווען ביי פּישל גאַרבער. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט פול מיט פּיין און שרעק, פיל איך אין שלאָף, ווי עמעצער וועקט מיך. איך כאַפּ זיך אויף און קען מיינע אויגן נישט גלייבן: לעבן מיר שטייט מיין ברודער בערל און דערציילט מיר, אַז ער איז געשפּרונגען פון לויפנדיקן צוג, נישט ווייט פון טרעבלינקע. ער האָט אַרויסגעוואָרפן זיין מאַנטל מיט אַ היטל, ס׳זאָל אויסזען, ווי אַ מענטש שפּרינגט אַרויס פון צוג, און ווען די וואַכלייט האָבן באַשאָסן דעם פונקט איז ער גלייך נאָך דעם אַרויסגע־שפּרונגען. ער איז געקומען אַהער, האָט ער געזאָגט, כדי נקמה צו נעמען אין די מערדערס פון זיין פרוי מיט 3 קינדער, עלטערן און פאַמיליע, וואָס ער האָט זיי איבערגעלאָזט אין באַן. מיין ברודער האָט מיר געזאָגט, אַז ער גייט אַוועק אין וואַלד אָדער אין דאָרף, וואו ער איז געבוירן.

אַזוי האָט ער זיך אַרומגעוואַלגערט גאַנצע דריי יאָר און בלויז זעקס טעג פאַר דער באַפרייאונג איז ער דערמאָרדעט געוואָרן דורך פּאָליאַקן לעבן דאָרף וואָלצנעוו.

נאָך מיין באַפרייאונג בין איך אַוועק קיין שידלאָווצע. איך האָב געטראָפן אַ באַקאַנטן פּאָליאַק פון וואָלצנעוו און ער האָט מיר איבערגעגעבן, ווי אַזוי די אַ״ק האָבן דערשאָסן מיין ברודער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז מיין ברודערס קבר געפינט זיך נישט ווייט פון דאָרף וואָלצנעוו. איינשטעלנדיק מיין לעבן — מיינענדיק, אַז דער פּויער וויל מיך אַרויסנאַרן אין דאָרף — בין איך אַרויס־געפאָרן זוכן בערלס קבר, אָבער איך האָב גאָרנישט געפונען.

איך בין באַפרייט געוואָרן אין טערעזיענשטאַט.

(אויפגענומען דורך יאָסל זילבערשטיין, מעלבורן).

# אומקום אין פראַנקרייך

יאָסל זילבערשטיין (מעלבורן)

## טויט אין טולוז

מיין שוועסטער אסתר קויפמאַן האָט אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז אין 1934 און מיט איר מאַן לייבל געפירט אַ גאַנץ באַשיידן לעבן. ווען דאָס מלחמה־פייער האָט אַרומגעכאַפּט פראַנקרייך, איז מיין שוועסטער געווען אַ מאַמע פון צוויי קינדער. ווי ס׳האָט מיר איבערגעגעבן מענדל כאַמענטאָווסקי, האָבן די דייטשן דעפּאָרטירט מיין שוואָגער אין אַ לאַגער, וואו ער איז אומגעקומען מיט פיל שידלאָווצער.

ווען ס׳איז געוואָרן גרויס די סכנה צו בלייבן אין פּאַריז, איז מיין שוועסטער מיט אירע קינדערלעך אַוועק קיין טולוז. דאָרט האָט זי איינגעאָרדנט אירע צוויי קינדער ביי קריסטלעכע פאַמיליעס אויף 2 באַזונדערע גאַסן. זי אַליין איז געווען באַזונדער אויף אַן אַנדער גאַס. זי האָט גערעכנט, אַז אויב ס׳וועט ווערן שלעכט, זאָל זיך כאָטש איינס אָפּראַטעווען.



שידלאָווצער אין אַ פראַנצייזישן קאַצעט. דער איינציק לעבן־געבליבענער פון דער גרופּע איז שמערל שוויעטשניק (אויבן, לינקס).

אין זאַך איז אָבער געווען שלעכט אויסגערעכנט: מען האָט פאַרגעסן, אַז אַ ליסטע פון אַלע יידישע קינדער האָט זיך געפונען אין יודן־ראַט פון טולוז. אָט די ליסטע איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון עס־עס, וואָס זיינען איין טאָג אָנגעקומען און צוזאַמענגענומען אַלע יידישע קינדער, צווישן זיי אויך מיין שוועסטערס קינדערלעך. די פראַנצייזישע פרויען זיינען באַלד געקומען צו מיין שוועסטער און איר אַלץ איבערגעגעבן. מיין טייערע שוועסטער, די אומגליקלעכע מאַמע, איז באַלד געלאָפן ראַטעווען אירע קינדער, אָבער אָנשטאָט זיי צו ראַטעווען, איז זי אויך אַריינגעפאַלן. מען האָט זי פריער געוואָרנט, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל טיילן דעם גורל מיט אירע ליבע קינדער.

אַזוי זיינען זיי אַלע אומגעקומען.

* * *

**מ. דריינאָדל** (פראַנקרייך)

# אונטער נאַצים אין פראַנקרייך

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך האָב איך געלעבט אין ראָאַן, ניט וויט פון ליאָן. מיין פרוי און צוויי קינדער האָב איך אַרויסגעפירט אין אַ דאָרף ביי גוטע קריסטן און דאָרטן זיי באַהאַלטן. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער פראַנצייזישערווידערשטאַנד־באַוועגונג, און דאָס איז געשען דורך אַ מאָדנעם צופאַל.

אין מיין דירה איז אויפן בוידעם געווען איינגעריכט אַ באַהעלטעניש. איין מאָל, ווען ביי מיר אין הויז האָט זיך געפונען אַ פריינד מיינער, איז די געשטאַפּאָ פלוצלונג אָנגעקומען. מיין פריינד האָט באַוויזן צו אַנטלויפן דורך דער באַהעלטעניש און איך בין אַריינגעפאַלן. די געשטאַפּאָ האָט מיך געפירט אין אַ באַן — וואוהין, האָב איך ניט געוואוסט. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז דאָס איז מיין סוף. האָב איך ריזיקירט און בין דורך אַן אָפענעם פענצטערל אין טואַלעט אַרויסגעשפּרונגען פון גיך־לויפנדיקן צוג. ווען איך האָב צוריק באַקומען מיין באַוואוסטזיין, בין איך געלעגן אין אַ פראַנצייזישן שפּיטאָל מיט אַ צעבראָכענעם חוט־השדרה. געשטאַפּאָ האָט מיך „דערשמעקט" און געקומען אין שפּיטאָל. זיי האָבן געוואָלט מיך אַרויסנעמען פון דאָרטן, אָבער

דער פראַנצייזישער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז לויטן פראַנצייזישן געזעץ מוז מען וואַרטן ביז דער פּאַציענט ווערט בעסער. עטלעכע טעג שפּעטער זיינען אַריין אין שפּיטאָל באַוואָפנטע מענער, האָבן מיך אַרויסגענומען פון שפּיטאָל און מיך געבראַכט אויף אַ באַזע פון די פראַנצייזישע ווידערשטענדלערס.

נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זיך פאַראייניקט מיט מיין פרוי און קינדער.

פון לאַנדסלייט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין טרעבלינקע: מיין מאַמע גיטל מיט אירע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, מיין שוועסטער רחלע מיט איר משפּחה, מיין שוועסטער חנה מיט איר פאַמיליע, מיין יינגסטער ברודער ברוך מיט זיין פרוי מאַניע זיינען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. מיין טאַטע איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

* * *

**יהושע קראַניץ**

## איבערלעבענישן אין בעלגיע

איך בין געקומען קיין בעלגיע אין 1930. דאָרטן האָבן געלעבט נאָך שידלאָווצער: חיים מאַנדעלבוים, ישראל־יחיאל גלאַט, מרדכי פישמאַן, קופּער־שמיד און אַנדערע.

ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין בעלגיע, זיינען מיר אַלע געלאָפן קיין פראַנקרייך. צוליבן דייטשישן אַריינמאַרש קיין פראַנקרייך, האָבן מיר געמוזט גיין צוריק קיין בעלגיע. מיר האָבן זיך באַזעצט אין שאַרל רוא.

ביז סוף 1941 האָט מען אונדז ניט געטשעפּעט, אָבער דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די גזירות. אין יולי 1942 האָט מען צונויפגענומען אַלע שידלאָווצער און אָפּגעשיקט קיין מאַלין, לעבן אַנטווערפּן.

מיך האָט מען טראַנספּאָרטירט אין אַרבעטס־לאַגער דאַן, ניט ווייט פון בולאָן, פראַנקרייך. אַרום סוף סעפּטעמבער 1942 האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן קיין דאַן הויכע ס״ס־לייט. אַנדערע האָבן געטיילט צוקער און אַנדערע — קלעפּ. פון יידישע מיידלעך, וואָס זיינען געקומען מיט זיי, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען געקומען אָפּקלייבן מענטשן אויף אוישוויץ.

די דייטשן האָבן אַלץ געזאָגט, אַז מען קומט אונדז נעמען קיין בעלגיע. אַ טאָג שפּעטער איז געווען אַן אַפּעל. איין דייטש, אַ ציווילער, איז געווען זייער העפלעך און זיין רעדע אויפן אַפּעל איז געווען ווי פון אַ טאַטן צו קינדער. ער האָט געזאָגט: איך פאַרשטיי ווי איר פילט, איר האָט פאַמיליע, קינדער, איך האָב אויך קינדער, אָבער זייט רויק, אַז מען פירט אייך אַהיים. איר וועט אַרבעטן עטלעכע וואָכן פאַר די דייטשן און דערמיט וועט זיך עס ענדיקן. טייל פון אונדז האָבן אָנגעהויבן וויינען פאַר פרייד, אַזוי שיין און זיס האָט ער גערעדט... אָבער איך האָב שוין געוואוסט פון די מיידלעך, אַז דער וועג פירט קיין אוישוויץ, איז בעת דער צוג האָט זיך געטראָגן קיין מאַלין, בין איך אַרויסגעשפּרונגען און זיך געראַטעוועט.

# שידלאָווצע אָן יידן

מינדזשע ראָטבערג־ציטרינבוים (ישראל)

## באַזוך נאָכן חורבן

געווען איז עס אַ פראָסטיקער יאַנואַר־טאָג פון 1945, ווען איך בין אָנגעקומען קיין שידלאָווצע. אָנגעקומען בין איך נישט אַליין. מיט מיר איז געווען מאָטל שוחטס אייניקל פייגע מיאָדעצקע. מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר זיך קוים דערשלעפּט אַהיים. אונדזער מאַרש פון טשענסטעכאָוו ביז שידלאָווצע האָט געדויערט 8 טעג. דעם וועג האָבן מיר געמאַכט צו פוס. ביים אָנקום אין סמאָלאַרנע וואַלד איז אונדז אַנטקעגנגעקומען דער געוועזענער בריווטרעגער יאַניצקי. דערזעענדיק אונדז, איז ער שטיין געבליבן, זיך געצלמט און אויסגעשריען: וואוהין גייט איר?

מיר אָבער זיינען געגאַנגען ווייטער צום שטעטל. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו קיעלצער גאַס נומ׳ 1, וואו מיר האָבן אין צייט פון קריג געוואוינט צוזאַמען מיט מיין עלטסטער שוועסטער חיהלע הערצבערג, ז״ל, בין איך נישט אַריין אינעווייניק, נאָר אַ פויערטע איז אַרויס אין הויף און מיר

אָנגעזאָגט די ביטערע בשורה, אַז פון מיינע ליבע איז קיינער נישט געבליבן. זי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז פון די צוריקגעקומענע יידן איז נאָר דאָ דער געוועזענער רעליגיע־לערער אברהם פינקלער, וועלכער געפינט זיך אין אפרים זאגדאנסקיס דירה.

איך האָב נישט באַדאַרפט גיין ווייט, כדי צו זען, וואָס עס איז געוואָרן פון אַלץ און אַלעמען. אַ פאַרגליווערטע בין איך שטיין געבליבן און נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר.

אַ פּאָר טעג שפּעטער בין איך אַוועק צום בית־הקברות. אַ טייל קברים זיינען געווען צעשטערט און חרוב. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך גיי אויף דער לוויה פון גאַנצן שטעטל.

ווען איך בין אַרויף אויפן נייעם וועג, אויף וועלכן מען האָט געפירט צום לעצטן מאָל אונדזערע טייערסטע, זיינען זיי מיר אַלע געשטאַנען פאַר מיינע אויגן. איך האָב געהערט זייער יאָמערן און וויינען און בין געפאַלן אין חלשות.

ווען איך בין צו זיך געקומען, האָב איך זיך שוין געפונען אין שטוב פון זאגדאנסקען.

שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקקערן איינצלנע יידן. עס האָט זיך געשאַפן נאָך איין זאַמלפונקט, דאָס איז געווען אין הויז פון יחיאל דימאַנט.

פינקלער און מאַנסקלייד האָבן אַוועקגעפירט פייגעלע מיאדעצקע און אויך אַ סטאָפּצינער מיידל מיטן נאָמען באַלטשיע סטופניצקא קיין אָטוואָצק, כדי זיי צו ראַטעווען, אָבער עס איז, לײדער, געווען צו שפּעט.

דאָס לעבן אין שטעטל, וואָס איז געוואָרן אַ בית־עולם פאַר אַלע אונ־דזערע ליבסטע, איז אַלץ מערער געוואָרן אַ גיהנום, ניט בלויז צוליב די אייגענע געפילן פון טרויער און צאַרן, נאָר אויך צוליב די דראָאונגען פון די טייערע שכנים. האָט מען ווידער גענומען דאָס פּעקל און זיך געלאָזן אין וועג. דאָס מאָל — קיין לאָדזש.

* * *

מענדל כאָמענטאָווסקי (פּאַריז)

# שידלאָווצע אין 1972

מיינער אַ פריינד האָט זומער 1972 באַזוכט שידלאָווצע און ער האָט מיר איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן.

דאָס שטעטל איז נישט צו דערקענען. עס זיינען אַלץ מער אָפּגעווישט די שפורן פון אונדזער אַמאָליק־טייערער שידלאָווצע.

אין שטעטל גייט אָן אַ גרויסער איבערבוי־פּראָצעס. די גאַרבערייען זיינען שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן. די גאַנצע געגנט פון פישמאַרק, די באָדנס און אַלע געסלעך ביזן בית־עולם זיינען איצט פאַרבויט מיט אַ ריי הייזערבלאָקן. אין צענטער ווערן אויפגעשטעלט גרויסע רעגירונגס־געביידעס. אויפן אָרט פון פּלומפּ איז איצט דאָ אַ פאָנטאַן, וואָס שפּריצט שטענדיק מיט וואַסער און אַרום וואַקסן בלומען. די פּאָליאַקן האָבן זיכער ניט געפלאַנצט די בלומען צום אָנדענק פון אונדזערע קרבנות — זיי האָבן עס גיכער געטאָן, כדי אָפּצואווישן יעדן זכר פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין שטעטל.

ניטאָ קיין זכר אין שידלאָווצע פון אונדזער חורבן — געבליבן איז דער חורבן בלויז אין אונדזערע הערצער.

גערא̇טעוועטע שידלאָווצער נאָך דער באַפרייאונג.



אין פּאָקינגער לאַגער.



אין לאָדזש.

רעדאַקטאָר

# קורצער סך־הכל פון חורבן

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט שידלאָווצע, אין סעפּטעמבער 1939, זיינען אין שטעטל געווען אַרום 8,000 יידן. עס האָבן זיך גלייך גענומען שיטן גזירות אויף יידן: ריזיקע געלט־קאָנטריבוציעס, אָפּגעבן פּעלצן און צירונג, צונייען אַ בלויען מגן־דוד אויף אַ ווייסער לענטע, קיין שום מסחר און מלאכה, מינימאַלסטע שפּייזראַציעס און ועל כולם — פאַרשיידענע צוואַנגאַרבעטן אין שטעטל און אין אַנדערע ערטער. פאַר ניט אויספאָלגן אַ באַפעל איז געווען נאָר איין שטראָף — שיסן.

עס זיינען אויך געשלאָסן געוואָרן אַלע שולן און „שטיבלעך". דאַוונען בציבור איז געווען שטאַרק פאַרבאָטן. פונדעסטוועגן פלעגן יידן ריזיקירן און באַזונדערס ימים־נוראים קומען אין „מנינים" זיך גוט אויסוויינען אויף זייערע ביטערע צרות.

כדי צו פאַרלייכטערן זיך די אויפגאַבע פון צוואַנג און פאַרניכטונג, האָט די געשטאַפּאָ גלייך אין די ערשטע טעג באַשטימט אַ „יודען־ראַט", וואָס זאָל אָנפירן מיט די שידלאָווצער יידן און זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע זייערע מעשים. אָפּזאָגן זיך פון אַזאַ „כבוד" איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנס־געפאַר.

ביים יודען־ראַט איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישער אַרבעטסאַמט, אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע און אַ יידישע פּאָליציי, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר דורכפירן אַלע באַפעלן פון יודען־ראַט, וואָס דאָס האָט פאַקטיש געהייסן — באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט.

שידלאָווצע איז געווען איינע פון די געציילטע יידישע קהילות אין פּוילן, וואו עס איז געווען דער אַזוי־גערופענער „אָפענער געטאָ": אַ געטאָ, וואָס איז ניט אַרומגערינגלט געוואָרן מיט שטעכיקע דראָטן. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכער פּלוס, ווייל דאָס האָט פאַרלייכטערט די שידלאָווצער יידן צו קומען אין קאָנטאַקט מיטן דאָרף און זיך פאַרשאַפן שפּייז, ניט געקוקט אויף די דראַסטישע שטראָפן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם אין פאַל, אַז מען זאָל זיי כאַפּן. און עס האָט ניט איין מאָל געטראָפן, אַז יידן זיינען דערשאָסן געוואָרן, אויב מען האָט געפונען שפּייז־אַרטיקלען באַהאַלטן אין זייערע בגדים, פאַר באַקן ברויט וכדומה. דער הונגער איז אָבער אָפט געווען שטאַרקער פאַר דער ריזיקע און יידן האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו דערהאַלטן זיך און זייערע משפחות.

מען האָט געמוזט זאָרגן ניט בלויז פאַר אייגענע. היות שידלאָווצע איז געווען אַן „אָפענער געטאָ", וואָס דאָס האָט געהאַט אַ סך מעלות, האָט עס צוגעצויגן צו זיך אַ סך יידן ניט בלויז פון אַרומיקע מקומות, נאָר אפילו יידן פון ווייטע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, קראָקע און אַנדערע. שידלאָווצע האָט בעתן אויסבראָך פון קריג פאַרמאָגט אַרום 8,000 יידן, אָבער אין צייט פון חורבן איז זייער צאָל פאַרגרעסערט געוואָרן ביז אַן ערך 15,000. אַ גרויסער טייל פון אָט די אָנגעלאָפענע יידישע פליטים איז געווען אָן מיטלען און די אָרטיקע יידן האָבן געמוזט זאָרגן אויך פאַר זיי מיט עסן, וואוינערטער וכדומה. עס איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסע עפנטלעכע קיך, וואו עס פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן פיל הונדערטער מיטאָגן אַ טאָג.

פאַר וואָס האָט שידלאָווצע זוכה געווען צו אַן „אָפענעם געטאָ"? — דאָס איז געשען דערפאַר, וואָס די יידן אין שידלאָווצע האָבן אויסגעמאַכט אַרום 87% פון דער שטעטלשער באַפעלקערונג, דעריבער איז פאַר די דייטשן אפשר געווען לייכטער צו דערקלערן דאָס גאַנצע שטעטל ווי אַ געטאָ, אַנשטאָט צו איזאָלירן די יידן אויף אַ באַגרענעצטן שטח, וואָס וואָלט אויך ניט געווען אַזוי לייכט דורכצופירן.

אַ גרויסן חלק — און אפשר טאָקע דעם גרעסטן — אין שאַפן אַן „אָפענעם געטאָ" אין שידלאָווצע האָט געהאַט ניט אַזוי די „סטאַטיסטיק", ווי עפּעס אַנדערש: די באַציאונגען צווישן דעם יודען־ראַט און די פאַרשיידענע מלוכהשע און מוניציפּאַלע אַמטן אין שטעטל. די פאַרשטייערס פון יודען־ראַט האָט זיך איינגעגעבן אין משך פון דער צייט אָנצוקניפּן גוטע באַציאונגען ניט בלויז מיט די אָרטיקע דייטשע מאַכטאָרגאַנען, נאָר אפילו מיט די „שפּיצן" פון געשטאַפּאָ אין ראַדעם, וואָס שידלאָווצע האָט זיך געפונען אונטער איר יוריסדיקציע. אַ דאַנק דער דאָזיקער „באַציאונג", וואָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט געקומען צוליב „אהבת ישראל", איז ניט איין ייד געראַטעוועט געוואָרן פון טויט, און איין מאָל זיינען אפילו איבער 400 פאַרשיקטע שידלאָווצער יידן אין יאַנישעווער לאַגער באַפרייט און אָפּגעשיקט געוואָרן צוריק קיין שידלאָווצע צוליב אַזאַ „פּראָטעקציע".

צוליב אָט די באַציאונגען צווישן יודען־ראַט און דער אָרטיקער דייטשער מאַכט איז די לאַגע אין שידלאָווצער געטאָ געווען אַ סך בעסער ווי אין גרעסטן טייל געטאָס אין פּוילן — בעסער נאָר אין פאַרגלייכלעכן זינען: ווייל ניט ווייניק יידן זיינען אויך דאָ געשאָסן געוואָרן פאַר יעדער קלייניקייט.

די דאָזיקע „בעסערקייט" האָט אָבער אָנגעהאַלטן נאָר ביז סוף 1941,

ווען עס איז אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן דער שטח פון שידלאָווצער געטאָ, וואָס די יידן טאָרן ניט אַרויס פון אים, כאָטש אויך דעמאָלט איז אָט דער שטח ניט אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטעכיקע דראָטן.

פון יענעם טאָג איז די לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער, און גאָר גיך איז געקומען דער שרעקלעכער טאָג: מיטוואָך, דעם 23סטן סעפּטעמבער 1942, זעקס פרי, זיינען יידישע פּאָליציסטן מיט קריסטלעכע פייער־לעשערס געקומען אין יידישע הייזער און איבערגעגעבן דעם דייטשן באַפעל, אַז פּונקט אַכט אַ זייגער מוזן אַלע יידן זיך צונויפזאַמלען אויפן שטרוימאַרק. מען קען מיט־נעמען אַ פּעקל פון 20 קילאָ. ווער עס וועט בלייבן אין שטוב — וועט דערשאָסן ווערן. אַ סך יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייערע צוגעגרייטע „מאַלינעס״, דער גרעסטער טייל איז אָבער אַוועק צום שטרוימאַרק.

דאָס איז געווען די ערשטע אויסזידלונג פון שידלאָווצער יידן. דער צוזאָג פון ראָדעמער דיסטריקט־מערדער שיפּערס, אַז פאַר 1,000 זלאָטעס קען מען זיך באַפרייען, איז געווען אַ בלאָף. די יעניקע, וואָס האָבן געגעבן די 1,000 זלאָטעס, האָט מען אָפּגעטיילט פון דער מאַסע יידן און זיי אָפּגעפירט צום „שלאָס״, וואו מען האָט זיי געהאַלטן פאַרשפּאַרט אָן וואַסער דריי טעג און דערנאָך אָפּגעפירט אַלעמען צו די וואַגאָנעס. זיי אַלע זיינען אַוועק דירעקט קיין טרעבלינקע.

אַנדערע יידן האָבן געפּרואווט אַנטלויפן בעתן מאַרש צו דער באַן־סטאַנציע, אָבער זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן. נאָר צוויי האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן.

פאַרבליבן איז אַן אַרבעטס־גרופּע פון אַרום 150 יידן און די יידישע פּאָליציי. זיי האָבן געדאַרפט אָפּראַמען די גאַסן און די הייזער פון יידישע הרוגים און צונויפנעמען דאָס פאַרבליבענע יידישע האָב־און־גוטס.

די פאַרבליבענע יידן זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אין פינקערטס פאַבריק. דערנאָך זיינען דאָרטן צוגעקומען אַלע אויסבאַהאַלטענע בעת דער אַקציע פון 23סטן סעפּטעמבער — סך־הכל עטלעכע הונדערט יידן. דעם צווייטן אָקטאָבער האָט ס״ס אַרויסגענומען דעם גרעסטן טייל יידן פון פינקערטס פאַבריק און זיי אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק, וואו די מערסטע פון זיי זיינען אַ פּאָר טעג שפּעטער אַריינגעפאַלן אין דער סעלעקציע אויף טרעבלינקע, צוזאַמען מיט די אָרטיקע סקאַרזשיסקער יידן. דאָס איז געווען די צווייטע אויסזידלונג.

עס זיינען פאַרבליבן נאָר אַרום 70 יידן. דערנאָך האָבן זיך אַריינ־געגנבעט אין דער גרופּע נאָך עטלעכע יידן.

דעם עלפטן נאָוועמבער 1942 איז דורכגעפירט געוואָרן די דריטע אויסזידלונג. אין איר זיינען אַריינגעפאַלן די גרופּע יידן, וואָס האָט געאַרבעט ביים אַפּרוימען די יידישע הרוגים פון די גאַסן און צונויפנעמען יידיש האָב־און־גוטס, און די יידישע פּאָליציי מיט זייערע משפּחות. אויך זיי זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן אין סקאַרזשיסקער לאַגער.

אין דעצעמבער 1942 האָבן די דייטשן אָפיציעל פּראָקלאַמירט פיר „נייע געטאָס", צוזאַגנדיק אַרבעט און זיכערקייט אין זיי. איינער פון די דאָזיקע „נייע" געטאָס איז געווען שידלאָווצע.

דער גאַנצער פּלאַן איז געווען נאָר אַ טייוולאַנישער טריק אַרויסצולאָקן יידן פון זייערע באַהעלטענישן ביי קריסטן און אין די וועלדער. טויזנטער יידן, וואָס די מערהייט פון זיי זיינען גראָד ניט געווען קיין שידלאָווצער, האָבן זיך ווידער געלאָזט פאַרפירן — אָדער האָבן עס געטאָן פון גרויסער פאַר־צווייפלונג — און זיינען געקומען אין „נייעם" געטאָ פון שידלאָווצע. אַ סך שידלאָווצער האָבן אפילו ריזיקירט מיט דערשאָסן ווערן און זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייערע לאַגערן און געלאָפן צו „זייער" געטאָ. די צאָל פון די דאָזיקע אַלע צונויפגעלאָפענע יידן אין שידלאָווצער „נייעם" געטאָ האָט דער־גרייכט וואָסערע 5,000.

אין „נייעם" געטאָ איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ נייער יודען־ראַט. אָבער דער גאַנצער געטאָ האָט עקסיסטירט פינף־זעקס וואָכן. דעם 13טן יאַנואַר איז ער ליקווידירט געוואָרן און זיינע קרוב 5,000 יידן זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע — פּערטע און לעצטע דעפּאָרטאַציע.

דער הויפּטלאַגער פון די שידלאָווצער יידן איז דער סקאַרזשיסקער „האַסאַג". אַ סך שידלאָווצער זיינען דאָרטן דערשאָסן געוואָרן אָדער אויס־געגאַנגען פון הונגער און קראַנקייט.

נאָך דער ליקווידאַציע פון „האַסאַג", אין אויגוסט 1944, זיינען די שידלאָווצער צעשפּרייט געוואָרן איבער פאַרשיידענע קאַצעטן; דער רוב אין דאַכאַו, אוישוויץ, בוכענוואַלד, טערעזיענשטאַט.

דאָ דאַרף מען זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער באַציאונג פון דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג צו די יידן אין צייט פון זייער גרויסן חורבן.

קלאָר: אָן די דייטשן וואָלט אַזאַ חורבן ניט געווען, אָבער מיט די

דייטשן זיינען געווען זייער פיל פון דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וואָס האָבן אַקטיוו מיטגעהאָלפן אין אויסראָטן שידלאָווצער יידן; אַליין גע־פייניקט זיי און אַליין זיי געשאָסן, אָדער איבערגעגעבן צו די דייטשן זיי צו שיסן, און די מערהייט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָט ניט אַרויס־געוויזן קיין שום מיטגעפיל צו די אומגליקלעכע יידן און זיינען געווען „שמחים לאיד".

אויף אָט דעם פאָן פון פאַרברעכערישער מיטאַרבעט מיט די נאַצישע מערדערס און פון אָפענער סאַטיספאַקציע מיטן יידישן אומגליק מצד דער אָרטיקער באַפעלקערונג, מוז מען אַרויסהייבן די פאַלן, ווען קריסטן האָבן געהאָלפן ראַטעווען יידן פון טויט דורך געבן זיי באַהעלטענישן, ריזיקירנדיק אַליין מיט זייער לעבן. אַ בולטער ביישפּיל פון דעם זיינען אַנטאָניאַק, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן אין אוישוויץ פאַר באַהאַלטן צוויי יידישע קינדער (זע דעם פּראָצעס אויף ז' 641) און יאַגעלאָ (ז' 644).

די צאָל לעבן־געבליבענע שידלאָווצער פון אַלע גיהנום־לאַגערן איז אַן ערך 300 — די שארית־הפליטה פון אַ דורות־איינגעוואָרצלטער קהילה אין משך פון איבער 400 יאָר.



מאָנומענט פאַר די אומגעקומענע יידן אין שידלאָווצע, אויפגעשטעלט דורך די פּאָליאַקן אין 1967 לעבן בית־עולם.



ניו־יאָרקער בוך־קאָמיטעט: זיצן, פון רעכטס: דזשעק לייבאָוויטש, יצחק מאָרא, בערל כהן, (רעדאַקטאָר), יאַנקל זילבערמאַן, יצחק מילשטיין. שטייען, פון רעכטס: אברהם ווייסבראָט, פיליפּ גוטמאַן, אבא ראָזענבוים, פישל קאָרנברויט, לייבוש גלאַס.

**יאַנקל לייבאָוויטש**

# שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק



די שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט צו העלפן אייגענע שטעטלשע אין ניו־יאָרק איז געשאַפן געוואָרן אין יאַנואַר 1909.

אין די ערשטע דריי פּונקטן פון דער געדרוקטער קאָנסטיטוציע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט ווערט געזאָגט:

„1. דיעזער פעראיין זאָל טראָגען דעם נאָמען „שידלאָווצער אונטער־שטיצונגס פעראיין".

2. אַלע פערהאַנדלונגען פונ'ם פעראיין זאָלען אין אידיש און ענגליש געפיהרט ווערען.

3. דער צוועק פון פעראיין איז אונטערשטיצונג אין קראַנקהייט, נויטה און שטערבען פעלע, ווי די געזעצע דעריבער בעשטימען".

אין ענגליש האָט די חברה געהייסן „שידלאָווצער בענעוואָלענט אַסאָסיעי־שאָן" און דער דאָזיקער נאָמען איז צום מערסטן גענוצט געוואָרן פון די מיטגלידער.

דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק איז געקומען פון לואיס וואָלף. ער און די ווייטער־אויסגערעכנטע זיינען געווען די גרינדערס פון דער לאַנדסמאַנשאַפט: סעם פייגענבוים, גאָדל מענדעלסאָן, שמואל פייגענבוים און סיימאָן דאַמבלאַטס. עס האָבן זיי צוגעהאָלפן צמח קופּער און דזשאָו וואַרשאַווסקי. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען לואיס וואָלף און דער ערשטער סעקרעטאַר אהרן גוטמאַן.

נאָך לואיס וואָלף זיינען געווען פּרעזידענטן: דזשאָו וואַרשאַווסקי, סעם פייגענבוים, הענרי קאָף, סעם קופּער, לואיס י. לייבאָוויץ, איזידאָר צוקער. אין 1946 איז געוואָרן פּרעזידענט דזשעק (יאַנקל) לייבאָוויץ. נאָך אים איז געווען פּרעזידענט דזשעק פרידמאַן, ווידער דזשעק לייבאָוויץ, משה האַנדשער און אין 1951 — יצחק מאַראַ. אויסער אַן איבעררייס פון אַ צוויי־יאָריקער פּרעזידענט־שאַפט פון דזשעק לייבאָוויץ, צייגפינגער און וויינשטאָק, איז מאַראַ פּרעזידענט ביז היינטיקן טאָג.

די ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך ניט געהאַלטן אין די ענגע

טעטיקייטס־ראַמען, וואָס איר געדרוקטע קאָנסטיטוציע האָט פעסטגעשטעלט אין אויבן־דערמאָנטן פונקט 3. זי האָט מיט דער צייט שטאַרק אויסגעברייטערט איר טעטיקייט און פיל פאַרצווייגט איר אַרבעט, אַריינגעמענדיק אין איר אַ סך הילף פאַר די לאַנדסלייט אין שידלאָווצע גופא און פאַר אַלגעמיין־יידישע באַדער־פענישן.

אין 1924 איז געשאַפן געוואָרן, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון לואיס י. לייבאָוויץ, אַן „אַלד איידזש פאָנד", וואָס האָט געדאַרפט העלפן מיטגלידער איבער 65 יאָר אַלט.

אין 1934 איז אָרגאַניזירט געוואָרן די „שידלאָווצער יוגנטליג", וואָס איר ערשטער פאָרזיצער איז געווען אירווינג ווילאָגע. זי האָט אָבער לאַנג ניט עקסיסטירט.

אין 1925 איז געגרינדעט געוואָרן די „שידלאָווצער לײדיס סאָסייעטי", מיט דער הילף פון איזידאָר צוקער, לואיס י. לייבאָוויץ און מאַרע דרייפוס. דער ערשטער פרעזידענט פון שידלאָווצער פרויען־פאַראיין איז געווען אַ מאַן — איזידאָר צוקער, די איבעריקע — אַלע פרויען: ראָזע צוקער, קייטי וואָלף, סאָפיע מענדעלסאָן, פריידע פייגענבוים, דאָראַ פישמאַן, עני שידלאָווסקי, דזשעני אַקערמאַן, סילוויע לעדערמאַן, אסתר לייבאָוויטש. אין די פופציקער יאָרן איז איר טעטיקייט אָפּגעשטעלט געוואָרן צוליב מאַנגל אין פינאַנציעלע מיטלען.

די שידלאָווצער ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט און אירע שוועסטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן מיט דער צייט אַנטוויקלט אַ גרויסע הילף־טעטיקייט אויף פאַרשיידענע געביטן.

אויסער איר דירעקטער אויפגאַבע פון הילף אין צייט פון קראַנקייט און טויט, האָט זי אַ סך געהאָלפן יחידים אין שידלאָווצע און דאָרטיקע מוסדות, ווי „לינת־הצדק", „תלמוד־תורה", „שומרי בית החיים", ביכער פאַר די יידישע ביבליאָטעקן וכדומה. אין ניו־יאָרק גופא האָט די לאַנדסמאַנשאַפט שטאַרק זיך באַטייליקט אין אַקציעס לטובת „אָרט", „הסתדרות", „יונייטעד דזשואיש אַפּיל", ישראל־באָנדס און אָרטיקע ניו־יאָרקער צדקה־אינסטיטוציעס. באַזונדערס איז זי טעטיק לטובת דער ייִדישער מדינה.

קאָנסטיטושאָן פון דער
שידלאָווצער בענעוואָלענט אסס'ן
אָרגאַניזירט יאַנואַר 1909

ארטיקעל 1
נאָמען, שפּראַך און צוועק

1. דיזער פעראיין זאָל טראַגען דעם נאָמען „שידלאָווצער אונטערשטיצונגס פעראיין".

2. אַלע פערהאַנדלונגען פונ'ם פעראיין זאָלען אין אידיש און ענגליש געפיהרט ווער־רען.

3. דער צוועק פון פעראיין איז אונ־טערשטיצונג אין קראַנקהייט, נויטה און שטערבען פעלע, ווי דיזע געזעצע דעריבער בעשטימען.

ארטיקעל 2
פערזאַמלונגען

1. רעגעלע פערזאַמלונגען זאָלען שטאַט־פינדען 2 מאָל אין יעדען מאָנאַט, אין די טעג און דער צייט וועלכע די פעראיין בע־שליסט דעריבער.

2. ספּעציעלע פערזאַמלונגען קענען איינבערופען ווערען: 1) דורך אַ בעשלוס פון פעראיין און 2) דורך דעם פּרעזידענט ווען 7 גוטשטעהענדע מעמבערס פאָדערען

ערשטע זייט קאָנסטי־טוציע פון ניו־יאָרקער „שידלאָווצער בענעוואָ־לענט אַסס'ן" אין 1909

די געזעצען זענען פאָלגענדע:

1. אַ מיטגליד פון דער שידלאָווצער סאָ־סייעטי קען זיך מעלדען נאָך הילפע צו דעם אַלד אידיש פאָנד ווען ער איז פולע 65 יאָהר אַלט. (די הילפע ווערט אַנגעצייגט אין פּאַראַגראַף 4). די קאָמיטע קען נישט פאַרהאַנדלען קיין פאַל פון אַ מיטגליד ווען ער איז נישט פולע 65 יאָהר אַלט. עס איז איבער זייער דזשוריסדיקשאָן.

2. אַ מיטגליד, אום צו זיין בארעכטיגט צו הילפע פונ'ם אַלד אידיש פאָנד, מוז זיין אַ מיטגליד אין דער שידלאָווצער סאָסייעטי פולע 25 יאָהר, אָדער מוז האָבען געצאָהלט די ספּעציעלע דיוס צום אַלד אידיש פאָנד פאַר פולע 25 יאָהר.

3. אַ מיטגליד, ווען ער קומט נאָך פּונקט 1 און פּונקט 2 און מעלדעט זיך נאָך הילפע, זאָל אויספילען אַן אַפּליקיישאָן צוגעגרייט ביים אַלד אידיש פאָנד, אָנגעבענדיג אַלע איינצעלהייטען און פערזענליך אונטער־שרייבען אין נע'חתמ'ט פון אַ נאָטאַרי פּאַבליק, און עס איבערגעבען צום טשערמאַן

אָדער צו אַ בעאַמטען פונ'ם אַלד אידיש פאָנד. דער טשערמאַן וועט דעם אַפּליקיי־שאָן איבערגעבען צו דער אינוועסטיגייטינג קאָמיטע. נאָך דער אונטערזוכונג זאָל דער טשערמאַן רופען אַ ספּעציעלען מיטינג פון דער גאַנצער קאָמיטע, צו באַשליסען דעם פאַל פון דעם באַטרעפענדען מיטגליד.

4. די הילפע צו אַ מיטגליד פון דעם אַלד אידיש פאָנד, איז צו באַצאָהלען פאַר איהם די דיוס צו דער שידלאָווצער בענע־וואָלענט סאָסייעטי, דאַמיט דאָס דער מיט־גליד זאָל זיין גוטשטעהענד אין די ביכער, זאָל בלייבען אַ געזעצליכער מיטגליד און זיין בארעכטיגט צו אַלע בענעפיטס פון דער סאָסייעטי.

5. נאָמינירשאָנס און עלעקשאָנס פאַר בעאַמטע זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען צוזאַ־מען מיט די שידלאָווצער סאָסייעטי'ס. אַ קאָמיטע פון 5 מיטגלידער פון אַלד אידיש פאָנד זאָלען עלעקטעט ווערען צום ערשטען מיטינג פון אַלד אידיש פאָנד. די קאָמיטע פון 5 זאָלען האָבען די אויפגאַבע צו אונ־טערזוכען אַפּליקיישאָנס פון מיטגלידער

טייל תקנות פון „אַלד איידזש פאָנד" (פאָנד פאַר עלטערע).

יאַנקל זילבערמאַן

# די שידלאָווצער „סאָסייעטי" אין ניו־יאָרק

שידלאָווצער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, אין די ערשטע צייטן פון זייער לעבן אין דער גרעסטער אַמעריקאַנער שטאָט, האָבן געפילט אַ גרויסע באַדערפעניש זיך צו טרעפן, אַראָפריידן פון האַרצן, שמועסן וועגן דער אַלטער היים. אַזעלכע צונויפטרעפן זיינען געווען אַ גרויסע פרייד. מען האָט אויך גערעדט וועגן דעם שווערן קאַמף פאַר עקסיסטענץ, וואָס יעדער האָט געהאַט דורכצומאַכן. אַזוי האָט מען סוף־סוף זיך דעררעדט, אַז ס'וואָלט געווען זייער ניצלעך צו שאַפן אַן אייגענע סאָסייעטי, וואָס זאָל מיט בשותפותדיקע כוחות העלפן נויטבאַדערפטיקע שידלאָווצער.

אויפן סמך פון אָט די אַלע שמועסן און טרעפעניש האָט מען זיך צונויפגעקומען אין 1909 און געשאַפן די שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק. דערביי איז כדאי צו באַמערקן, אַז שוין ביים אָנהייב — און נאָך מער שפּעטער — זיינען די מיטגלידער געווען ניט דווקא שידלאָווצער, נאָר אויך לאַנדסלייט פון אַנדערע שטעט. טייל פון די לעצטע זיינען שפּעטער געוואָרן זייער אַקטיוו אַפילו אין דער אָנפירערשאַפט פון דער סאָסייעטי, ווי למשל, לואי און דזשעק לייבאָוויטש, יעקב שלעק, מאָריס פרידמאַן, שמואל גראָסווירט און אַנדערע.

די טעטיקייט פון דער סאָסייעטי האָט זיך באַזונדערס צעצווייגט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען ס'האָבן אָנגעהויבן קומען די הילפרופן פון די געבליבענע אין שטעטל, האָט די סאָסייעטי געזוכט מיט אַלע מיטלען צו העלפן די געטראָפענע אין דער היימשטאָט, סיי דורך געלט, סיי דורך פאַרשיידענע פעקלעך. אַ דאַנק דער שטיצע פון דער סאָסייעטי איז אין שידלאָווצע געשאַפן געוואָרן די „ביליקע קיך" (טאַניאַ קוכניאַ), וואָס האָט אויסגעטיילט שפּייז אָדער געקעכטס פאַר די נויטבאַדערפטיקע. פאַר די, וואָס האָבן זיך געשעמט צו קומען אין קיך, האָט מען דאָס עסן אָפּגעשיקט אין זייער היים. אויך מעות־חטים פאַר צענדליקער און הונדערטער פאַמיליעס האָט מען געגעבן מיט דער הילף פון דער אַמעריקאַנער סאָסייעטי.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען דורך די געלטער פון דער סאָסייעטי געשטיצט געוואָרן פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין שידלאָווצע, ווי „ביקור־חולים", „לינת־הצדק", „שומרי בית־החיים", „חסד־של־אמת", „תלמוד־תורה", „הכנסת כלה", די ישיבה. אויך וועלטלעך־קולטורעלע אינסטי־

טוציעס, וואָס האָבן זיך געראַנגלט פאַר זייער עקסיסטענץ, האָבן גענאָסן פון דער שטיצע פון די שילאָווצער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק.



אַלטע פאַרוואַלטונג פון שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין נ"י. ערשטע ריי, אויבן, פון לינקס: ס. פייגענבוים, וו. הירש, א. ווייסבערג, ק. אַקערמאַן, מ. פישמאַן, י. צייגפינגער, ס. קופער, ס. דאַמבלאַט, מ. האַנדשער. צווייטע ריי, פון לינקס: מ. לעדערמאַן, ב. פעלד, י. לייבאָוויטש, ס. בארענשטיין, י. מענדעלסאָן, מ. גיניגער, י. שלעק, ב. סילווער, א. פריימאַן, י. צוקער. זיצן, פון לינקס: מ. רודמאַן, ס. פישמאַן, ל. וואָלף, לואי לייבאָוויטש, ס. פעלדמאַן, ג. וואַסערשטיין, י. וואַרשאַווסקי, ד. זיידנער.

די סאָסייעטי האָט אויסגענוצט באַזוכן פון שידלאָווצער אין ניו־יאָרק, וואָס פלעגן פאָרן זיך זען מיט קרובים אין שטעטל. דורך אַזעלכע היימישע טוריסטן האָט מען געשיקט געלט, סיי צו יחידים פריינד, סיי פאַר די געזעלשאַפטלעכע מוסדות. אַזוי איז געשען ביי די באַזוכן פון משה האַנדשער, לואי לייבאָוויטש און חנא מאדזשעוויעצקי. זיי אַלע האָבן מיט גרויס איבער־געגעבנקייט אויסגעפירט זייער שליחות. אַזעלכע באַזוכן האָבן געהאַט אַ געוואַל־דיקן באַטייט פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל.

כדי צו האָבן מער געלט פאַר די לאַנדסלייט אין שטעטל, פלעגט די סאָסייעטי דורכפירן פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. מען האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע זשורנאַלן, וואָס זייער ציל איז אויך געווען צו שאַפן וואָס מער הכנסה־קוואַלן צו העלפן אונדזערע ברידער.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939 זיינען, פאַרשטייט זיך, אַלע קאָנטאַקטן איבערגעריסן געוואָרן. ערשט נאָכן קריג האָט מען אָנגעהויבן זיך דערוויסן וועגן דער שרעקלעכער שחיטה פון היטלערן אין אייראָפּע, און בתוכם שידלאָווצע.

אין דער ניו־יאָרקער שידלאָווצער סאָסייעטי האָט מען דעמאָלט אָנגע־הויבן זוכן וועגן, ווי אַזוי גיכער צו קומען צו הילף אונדזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער.

מיין פריינד יאַנקל פּאָמעראַנץ דערציילט מיר, אַז גלייך נאָך זיין באַפרייאונג אין דייטשלאַנד האָט ער צופעליק געזען דעם „פאָרווערטס״, וואו ס׳איז געווען אַ רוף פון משה האַנדשער צו אַלע שידלאָווצער געראַטעוועטע זיך צו ווענדן נאָך הילף אויף אַן אָנגעגעבענעם אַדרעס.

באַלד נאָך דער דאָזיקער נאָטיץ האָבן שידלאָווצער פּליטים זיך גענומען פאַרבינדן מיט משה האַנדשער און מיט דער סאָסייעטי. גאָר גיך האָט אָנגע־הויבן קומען הילף אין דער פאָרעם פון פּעקלעך שפּייז און שפּעטער אויך „אַפידייוויטס״, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט די געראַטעוועטע שידלאָווצער צו קומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די ניי־געקומענע שידלאָווצער פּליטים זיינען אין דער סאָסייעטי געוואָרן אויפגענומען מיט גרויס וואַרעמקייט. די פריש געקומענע, ווי נאָר זיי האָבן זיך צו ביסלעך איינגעאָרדנט, זיינען געוואָרן אַקטיוו און נאָך מער פאַרשטאַרקט די אַרבעט לטובת די שידלאָווצער. יצחק מאָראַ און יאַנקל פּאָמעראַנץ, שוין ווי מיטגלידער אין דער עקזעקוטיווע, האָבן אַ גרויסן חלק אין דער איניציאַטיוו פון פונאַנדערשיקן שפּייזפּעקלעך צו נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט אין אַלע עקן וועלט.

נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל זיינען געקומען אַהין פיל געראַטעוועטע שידלאָווצער און זיך דאָרטן באַזעצט. אויך זיי זיינען, פאַרשטייט זיך, באַזאָרגט געוואָרן פון דער סאָסייעטי מיט אַלע מעגלעכע מיטלען פון הילף.

ווען די צאָל פון ניי־געקומענע שידלאָווצער פּליטים אין ניו־יאָרק האָט זיך פאַרגרעסערט און זיי זיינען אַריינגעטראָטן אין דער סאָסייעטי, האָט די אַרבעט זיך נאָך מער פאַרצווייגט און פאַרשטאַרקט. אַ ריי ניי־געקומענע זיינען געוואָרן גאָר אַקטיוו אין דער טעטיקייט פון דער סאָסייעטי און טייל פון זיי אויך אין איר אַנפירערשאַפט. אַ דאַנק זיי זיינען דורכגעפירט געוואָרן נייע אַרבעטן און טייל טעטיקייטן האָבן אָנגענומען נייע פאָרמען.

ווען די ניי־געקומענע זיינען געוואָרן אַקטיווער אין דער סאָסייעטי, האָט מען איינגעפירט דורכצופירן יעדן יאָר אַ הזכרה נאָך די אומגעקומענע לאַנדס־לייט פון שידלאָווצע. דער פאָרזיצער פון די דאָזיקע הזכרות איז תמיד יצחק מאָראַ. אַ גרויסן חלק אין דאָזיקן אויפטו האָט דער שרייבער פון די שורות.

דעמאָלט האָט מען אויך אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט פאַר אונדזערע קדושים אויף דער קרקע פון בית־עולם פון דער סאָסייעטי.



פריערדיקע פאַרוואַלטונג פון ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט. אויבן, פון רעכטס: פישל קאָרנברויט, יאַנקל זילבערמאַן, אייב וויינשטאָק, מאיר גיניגער, מאָריס פרידמאַן, יאַנקל שלעק, אייב בער. אונטן: סעם באָרענשטיין, לואי לייבאָוויטש, דזשעק לייבאָוויטש, משה האַנדשער, יצחק מאָראַ, משה צייגפינגער, דזשאָו וואַרשאַווסקי, לעדערמאַן.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר שטייען שוין יאָרן נאָכן חורבן, זיינען נאָך אַלץ דאָ ערנסטע פאַלן פון לאַנדסלייט, וואָס מען מוז זיי קומען דרינגלעך צו הילף.

אויסער הילף פאַר יחידים, שטיצט די סאָסייעטי אַלע אַלגעמיין־יידישע אינסטיטוציעס, ווי יונייטעד דזשואיש אַפּיל, הסתדרות, האַיאַס, אַא״וו.

איינער פון די גרויסע אויפטוען פון דער סאָסייעטי איז דאָס העלפן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך פון אונדזער חרוב שטעטל. דאָס האָט געפאָדערט אויסערגעוויינטלעכע אָנשטרענגונגען — באַזונדערס מצד די ניי־געקומענע — עס דורכצופירן.

ביים היינטיקן טאָג שטייען בראש פון דער סאָסייעטי די וויטערדיקע מיטגלידער, מערסטנס ניי־געקומענע:

דזשעק לייבאָוויטש — עקס־פרעזידענט, פאַרז׳ פון „סעמעטערי" און שפּיטאָלער; יצחק מאָראַ — פרעזידענט; פישל קאָרנברויט — וויצע־פרעזידענט; אַבע ראָזענבוים — קאַסירער; יצחק מילשטיין — פינאַנץ־סעקרעטאַר; יאַנקל זילבערמאַן — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר; דוד שאַדמאַן — אויפזעער; אברהם ווייסבראָט און לייבוש גלאָס — נאמנים (טראָסטיס).

צו דער עקזעקוטיווע געהערן אויך:

ש. גראָסוואָרט, יאַנקל שלעק, מאָריס פרידמאַן, מ. גיניגער, פיליפּ גוטמאַן, מאָריס צייגפינגער.

**יעקב ראָטבאַרד** (ישראל)

# שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל

באמת עקסיסטירט די שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל שוין איבער 50 יאָר. די ערשטע עולים — חלוצים פון שידלאָווצע — האָבן שוין דעמאָלט זיך אָרגאַניזירט אין אַ געזעלשאַפט פון אַ געמיינזאַמען שטעטלשן אָפּשטאַם, כדי צו דערוואַרעמען די נייע לאַנדסלייט אין זייערע ערשטע טריט ביים בויען אַ ניי לעבן אין ארץ־ישראל. די דעמאָלטיקע טעטיקייט האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דער שפּעטערדיקער שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל.

אין 1944, נאָך די איוב־בשורות וועגן יידישן חורבן אין אייראָפּע, האָט די דעמאָלטיקע פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו גרינדן אַ גמילת־חסד־קאַסע, וואָס זאָל זיין גרייט צו געבן די ערשטע הילף געראַטעוועטע שידלאָווצער, וואָס וועלן קומען קיין ארץ־ישראל.

די ערשטע געראַטעוועטע לאַנדסלייט, צווישן זיי אויך דער מחבר, זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1945. זיי האָבן געבראַכט די שרעקלעכע נייעס, אַז די שידלאָווצער קהילה איז חרוב אויף אייביק. מיר האָבן דאָ אָנגעטראָפן אויסגעשטרעקטע וואַרעמע אָרעמס פון אַ גרופּע לאַנדסלייט. דאָס האָט געהאָלפן שטעלן די ערשטע טריט צו אַ ניי לעבן.




שידלאָווצער מצבה אויפן הר־ציון.

די הילפקאַסע האָט באַקומען דעם נאָמען „גמילת־חסד־קאַסע און קעגנ־זייטיקע הילף לזכר די קדושים פון שידלאָווצע". אין די יאָרן 1945־1950 זיינען שוין געווען אין ישראל קרוב 160 געראַטעוועטע שידלאָווצער. אַ סך פון זיי זיינען געשטיצט געוואָרן דורך לאַנדסמאַנשאַפטלעכן קאָמיטעט מיט דער גרויסער מיטהילף פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַלע טיילן פון דער וועלט.

צוזאַמען מיט דער הילף־טעטיקייט איז די פאַרוואַלטונג געקומען צום באַוואוסטזיין, אַז אויף אונדזער דור ליגט די פליכט צו פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים. פאַרן דאָזיקן צוועק האָבן מיר אין 1953 איינגעפלאַסטערט אַ מאַרמערשטיין־מצבה אויפן ציון־באַרג אין ירושלים. די מצבה געפינט זיך אין „מרתף השואה".

מיר האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט דעם. ס'איז ביי אונדז אויסגעוואַקסן אַ וויכטיקער פּלאַן פון שרייבן אַ יזכור־בוך, וואָס זאָל זיין אַ מאָנומענט פון שידלאָווצע פאַר די צוקונפטיקע דורות. מיר האָבן אָנגעהויבן רעאַליזירן דעם פּלאַן, אָבער צוליב די ספּעציפישע באַדינגונגען אין ישראל האָבן מיר אין אַ פּאָר יאָר אַרום זיך געמוזט אָפּזאָגן פון אים.

אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין 1960 איז אויפגעקומען אַ פּלאַן פון אויפשטעלן אין ישראל אַ „בית שידלוביץ", וואו עס זאָלן קאָנצענטרירט ווערן אָביעקטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט שידלאָווצע און וואָס זאָל זיין די שידלאָווצער היים פאַר יעדער לאַנדסמאַן אין דער וועלט. דער פּלאַן איז מיט צופרידנקייט אָנגענומען געוואָרן.



מיט קליינע מעגלעכקייטן, אָבער מיט אַ סך דרייסטקייט, זענען מיר אין 1965 צוגעטראָטן צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. מיר האָבן געקויפט אין רמת־גן אַ זאַל און דער „בית שידלוביץ" איז גיך געוואָרן אַ פֿאַקט.

אין דעם „בית" געפינט זיך אַ ביבליאָטעק און דער „אהל־יזכור" מיט נעמען פון שידלאָווצער אומגעקומענע, וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן דער פאַרוואַלטונג.

יעדער יום־טוב, נאַציאָנאַלער אָדער רעליגיעזער, אָדער ביי פאַרשיי־דענע אונטערנעמונגען אונדזערע, טרעפן מיר זיך צוזאַמען אין „בית שידלוביץ". יעדער שידלאָווצער, וועלכער קומט צו גאַסט קיין ישראל, ווע־ט ספּעציעל פייערלעך אויפגענומען דורך דער לאַנדסמאַנשאַפט אין אונדזער „בית".

ניט געקוקט אויף דער פאַרצווייגטער טעטיקייט, פאַרנאַכלעסיקן מיר נישט די וויכטיקע הילף, וואָס נישט ווייניק לאַנדסלייט נייטיקן זיך אין איר.

## בילדער פון שידלאָווצער אין ישראל



פאַרוואַלטונג פון אירגון יוצאי שידלוביץ אין 1972. שטייען, פון רעכטס: משה הערשמאַן, משה קופערשמיט, אברהם קלאַפּאַרדאַ, יעקב ראָטבאַרד, משה דעלעווקאָוויטש, יעקב לעווין, יעקב לאַפּידעס. זיצן, פון רעכטס: מרדכי פוקס, דניאל צוקער, זעלדע פייגנבוים, שמאי ריינבערג, בערל אייזנבערג, העלענא הערשמאַן.



אַ מסיבה פון שידלאָווצער לאַנדסלייט אין ישראל לכבוד אויסלענדישע לאַנדסלייט.



אַ פריערדיקע פאַרוואַלטונג פון „אירגון יוצאי שידלוביץ" אין ישראל.



אַ גרופּע שידלאָווצער אין ישראל מיט לואי לייבאָוויטש און זיין פרוי.



אַ גרופּע געראַטעוועטע שידלאָווצער פון די לאַגערן אין ישראל.




אויף אַ באַגעגעניש פון ישראלדיקע שידלאָווצער מיט יצחק מאָראָ, ניו־יאָרק, און יאַנקל קאַץ, פּאַריז.

**פּיניע מאָרגענשטערן ע"ה (ריאָ)**

# שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין בראַזיל

עס דערמאָנט זיך די צייט, ווען מיר זיינען נאָך געווען גאָר אַ קליין גרופּקעלע, נאָר געציילטע. שוין דעמאָלט האָבן מיר, די קליינע גרופּע, זיך געטוליעט איין לאַנדסמאַן צום צווייטן ווי אייגענע צו אייגענע, געהאַלטן זיך ווי איין שידלאָווצער משפּחה.

עס דערמאָנט זיך, ווי פרייליך ס'איז געווען, ווען עס איז געקומען אַ לאַנדסמאַן פון דער אַלטער היים. כאָטש מיר אַלע זיינען געווען פאַריאָגט, פאַראַרבעט, האָבן מיר געוואָרפן די אַרבעט, כדי צו גיין אָפּנעמען אַ פרישן גרוס. מיר זיינען אויפגעווען ביז אין דער שפּעטער נאַכט, אויסגעפרעגט, געוואָלט וויסן פון אונדזערע פאַמיליעס, פון אונדזערע פריינד און באַקאַנטע. מיר האָבן געוואָלט וויסן פון אונדזער שטעטל שידלאָווצע. מיר האָבן געוואָלט וויסן פון יעדער געסל, פון יעדער שטיין, פון אַלע אונדזערע טייערע און ליבע, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט, פון אַלע — ווייל אַלץ איז געווען אַ שטיק פון אונדזער לעבן.

און שוין דעמאָלט, אין יענער ערשטער צייט, פלעגן מיר, שידלאָווצער, זיך קעגנזייטיק העלפן מיט אַ גוט וואָרט און אויך אַ סך מאָל אונטערשטיצן מיט געלט אַ נויטבאַדערפטיקן לאַנדסמאַן.

אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז אין יאָר 1939, ווען וואָלקנס האָבן אָנגעהויבן פאַרשוואַרצן די וועלט. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו שמעקן מיט פּולווער, האָבן מיר, שידלאָווצער, פאַרשטאַנען, אַז מלחמה קען קיין גוטס ניט ברענגען און דערפאַר דאַרפן מיר, אַלע לאַנדסלייט, זיין געאייניקט, כדי אין נייטיקן מאָמענט צו קענען אַנטקעגנקומען מיט ברייטער הילף אונדזערע שוועסטער און ברידער. עס איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַן איניציאַטיוו־גרופּע פון שידלאָווצער, וואָס האָט מאָביליזירט אַרום זיך אַלע לאַנדסלייט און געשאַפן דעם שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין.

אונדזער ציל איז געווען: הילף פאַר אונדזערע ברידער און שוועסטערס, וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען — אין פּוילן, אין פראַנקרייך אָדער אין ישראל.

די גאַנצע צייט פון קריג זיינען מיר אַנגעגאַנגען מיט אָרטיקער הילפס־אַרבעט פאַר נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט. מיר האָבן זיי געהאָלפן שטעלן זיך

אויף די פיס און געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן און פאַרדינען. מיר האָבן אויך געזאָרגט אין פאַל פון אַ קראַנקייט אָדער אַנדערע צופאַלן.

בשום אופן האָבן מיר, שידלאָווצער אין בראַזיל, ניט געקענט גלייבן, אַז עס וועט געשען דאָס, וואָס עס איז געשען. תיכף ווי מיר האָבן זיך דער־וואוסט וועגן גרויסן אומגליק פון אונדזערע שידלאָווצער און וועגן די רעשטלעך אין די פאַרשיידנסטע ערטער און לאַגערן און עס האָבן זיך געשאַפן די ערשטע מעגלעכקייטן צו שיקן הילף — האָט דער שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין מיט ענערגיע זיך געשטעלט צו דער הילפסאַרבעט.

מיר זיינען אויך אַקטיוו אויף פיל געביטן פון היגן ידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס איז ניט פאַראַן קיין געזעלשאַפטלעכע אָדער קולטורעלע אונטערנעמונג אָדער אַקציע אין ריאָ, וואו מיר זאָלן נישט זיין פאַרטראָטן. דער צענטראַלער קאָמיטעט פון פוילישע יידן אין בראַזיל גיט אַרויס יעדער יאָר אַ ביולעטין „דער פוילישער ייד", און מיר, שידלאָווצער, נעמען שטענדיק אין אים אַ בכבודיקן אַנטייל. די שידלאָווצער שטייען נישט פון דער ווייטנס פון קיין זאַך וואָס איז ידיש, מענטשלעך און קולטורעל.

איך וויל דאָ דערמאָנען מיט אַנערקענונג אונדזערע אַקטיווע חברים פון דער פאַרוואַלטונג: אונדזער עלטסטער חבר פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכער איז נישט איין מאָל קראַנקערהייט געקומען אויף זיצונגען און אויפ־געוועזן ביז שפּעט אין דער נאַכט — יחזקאל אונגעראַוויטש; חיים פרידמאַן — נישט איין מאָל האָט ער פאַרלאָזט טעג אַרבעט און אַוועקגעשיקט צענדליקער פּעקלעך מיט שפּייז אין אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט; דער סעקרעטאַר אברהם כאַמאַנטאָווסקי און קאַסירער אריה קוטוואַק; מאַיאָווקע, מאָטעק אונגע־ראָוויטש, שטשערבאַצקי, פינקעלשטיין, משה וואַקס, — זיי אַלע זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך צו העלפן שידלאָווצער און טאָן אויך וויכטיקע אַרבעט אויף אַן אָרט.

# מצבה־טאָוול נאָך שידלאָווצער קדושים אין ריאָ

צום עלפטן יאָרצייט פון דער אומגעבראַכטער ידישער באַפעלקערונג אין שידלאָווצע, האָט דער פאַראיין פון דער שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ריאָ (בראַזיל), אויפן בית־החיים אין ווילאַ ראַזאַלי, דורכגעפירט די אויפדעקונג פון דער מצבה־טאָוול אויפן אוהל הקדושים אין אָנדענק פון זייערע שידלאָווצער פאַמיליעס, קרובים און לאַנדסלייט, וואָס זיינען אויף אַן אכזריותדיקן אופן אומגעקומען דורך די הענט פון דער נאַצישער בעסטיע.

אויפן מצבה־טאָוול זיינען אויסגעקריצט די וויטערדיקע ווערטער:

„לזכרון עולם קדושי שידלובצה, צום אייביקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער און קינדער, ווי אויך דער גאַנצער קהילה הקדושה, צוזאַמען מיטן רב ר' חיים בן אדמו"ר ר' נתן־דוד ראַבינאָוויטש הי"ד, וואָס זיינען אומגעקומען י"ב תשרי תש"ג אויף קידוש השם דורך די רוצחישע הענט פון די נאַצים ימ"ש.

ת.נ.צ.ב.ה."

די אַריינפיר־ווערטער האָט געהאַלטן אברהם כאַמענטאָווסקי.

נאָכן „אל מלא רחמים" האָבן גערעדט די רבנים פינק, ציפערשטיין, בריסקמאַן און זינגערעוויטש און דער פאָרזיצער פון שידלאָווצער פאַראיין פיניע מאָרגענשטערן.



קאָמיטעט־מיטגלידער אין ריאָ ביי אַ הזכרה נאָך די אומגעקומענע.

# בילדער פון שידלאָווצער אין בראַזיל



פאַרוואַלטונג פון שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ריאָ.



אַ מיטינג אין ריאָ. פיניע מאָרגענשטערן ע״ה רעדט.



באַנקעט צום 15־יאָריקן יוביליי פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין ריאָ.

יאַנקל קאַץ (פּאַריז)

# שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט אין פּאַריז



פאַרן ערשטן וועלטקריג זיינען געווען נאָר געציילטע שידלאָווצער אין פראַנקרייך. דאָס זיינען געווען עטלעכע לאַנדסלייט, וואָס האָבן צוליב פּאָליטישע סיבות געמוזט אַנטלויפן פון רוסלאַנד. ערשט נאָך דער מלחמה פון 1914־1918 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין פראַנקרייך מערער שידלאָווצער.

די פרעמדקייט האָט דאָ אַזוי געדריקט און די בענקשאַפט נאָך דער היים האָט זיך אַזוי איינגעגעסן אין דער נשמה, אַז מען האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען צו געפינען אַ לאַנדסמאַן, וואָס מען האָט אפילו נישט געקענט אין שטעטל, כדי עס זאָל זיין מיט וועמען איסצורעדן אַ וואָרט. אין דער היים האָבן פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג נישט געהאַט מיט זיך קיין בשותפותדיקס, אָבער דאָ, אין פּאַריז, זייענדיק אַזוי אָפּגעריסן פון די אייגענע, האָט עס געצייגן ווי מאַגנעט זיך צו טרעפן מיט אַ לאַנדסמאַן, ניט געקוקט אויף יחוס און פריערדיקער ניט־באַקאַנטשאַפט.

דאָס האָט געברענגט דערצו, אַז מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן שאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט פון שידלאָווצער, וואו מען זאָל קענען זיך צוזאַמענקומען און פאַרברענגען אַן אָוונט. דאָס איז אויך געווען אַ פּראַקטישע נויטווענדיקייט, ווייל פּאַריז איז נישט שידלאָווצע און ווען עס טרעפט, חלילה, אַן אומגליק, קען אַ פרעמדער זיך ניט געבן קיין עצה. נאָך אַ סיבה, וואָס האָט גורם געווען זיך צו פאַראייניקן, איז געווען: צו העלפן אַ נייעם לאַנדסמאַן מיט געלט, ביז ער אָרדנט זיך איין. פאַרן דאָזיקן צוועק האָט מען געשאַפן אַ לייקאַסע.

אָט די אַלע סיבות האָבן געברענגט דערצו, אַז ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפט, אונטערן נאָמען „פריינד פון שידלאָווצע". כ'קען נישט אויסרעכענען אַלע שידלאָווצער, וואָס זענען דעמאָלט געווען אין דער פאַרוואַלטונג, ווייל די פּראָטאָקאָלן זיינען מער ניטאָ. איך געדענק, אַז דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען יחזקאל ליכטיקער, קאַסירער — יאַנקל לאַקס, שיע מאַדזשעווייעצקי, נחמיה שניידערס אַ שטיפזון; קאָמיטעט־מיטגלידער: יחיאל שטיינהאָרן, מיכאל שוויעטשניק, ישעיה ביטער, אברהם כ"ץ.

דער ציל פון דער געזעלשאַפט איז געווען:

1) געבן הילף אין פאַל פון אַ קראַנקייט;
2) העלפן בעת אַ טויטפאַל;
3) אָנטייל נעמען אין די לוויה־הוצאות;
4) הילף אין ספעציעלע פאַלן;
5) הלוואות.




פאַריזער לאַנדסלייט בעת אַ באַנקעט.

ווען איך בין געקומען אין 1927 קיין פאַריז, האָט שוין די „סאָסייעטע" עקסיסטירט, און אין פרישע וואַלן איז געוואָרן אויסגעקליבן אַ נייער קאָמיטעט אין אַזאַ צוזאַמענשטעל: פרעזידענט — יעקב כץ; קאַסירער — האָניגמאַן; סעקרעטאַר — משה מאיר איזענבערג; הויפּט־סאַניטאַר — לייבל רעווינסקי, און די מיטגלידער: מיכאל שוויעטשניק, יחיאל שטיינהאַרן, ישעיה ביטער, ישראל אַטלאַס. עטלעכע נעמען פון קאָמיטעט קען איך זיך נישט דערמאָנען.

די הכנסות פון דער „סאָסייעטע" זענען באַשטאַנען פון יערלעכע

אָפּצאָלן פון די מיטגלידער, געשענקטע בײשטײערונגען צוליב אַ חתונה אָדער אַן אַנדערער פײערונג און דער עיקר — פון די בעלער, וואָס זענען געוואָרן אײנגעאָרדנט יעדער יאָר. די שידלאָווצער בעלער האָבן געהאַט אַ שם אין פּאַריז מיט זײערע טײערע, שײן־צוגעגרײטע בופעטן, מוזיק און טענץ. צו אונדזערע בעלער זענען געקומען אַ סך מענטשן פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן.



שידלאָווצער סאָסייעטי אין פּאַריז נאָך איר גרינדונג.

אַזוי האָט אונדזער „סאָסייעטע" געפירט איר אַרבעט אין פולשטענדיקער האַרמאָניע ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלטקריג. די גאַנצע צייט פונעם קריג האָבן מיר זיך נישט געזען און נישט געוואוסט אײנער פון צווייטן. יעדער איז געלאָפן אין אַן אַנדער ווינקל און געזוכט אַן אָרט וואו זיך צו באַהאַלטן בײ אַ באַקאַנטן קריסט אָדער סתם ערגעץ אין אַ העק, ווייט פון דער שטאָט. אַ טייל איז געלונגען, מער מזל ווי שכל, צו טרעפן אַן אָרט, וואו דײטשן האָבן זיך ווייניק געוויזן און האָבן איבערגעלעבט די מלחמה. די מערסטע זײנען, צום באַדויערן, אַרײנגעפאַלן און געוואָרן דעפּאָרטירט.

נאָכן קריג האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אויפזוכן אײנער דעם צווייטן. די גערראַטעוועטע על־פּי־נס האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צוריקצוקומען פון די באַהעלטענישן און דאַן האָבן מיר געזען, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע שחיטה ס'איז געווען צווישן די שידלאָווצער. פיל פון די צוריקגעקומענע האָבן נישט געפונען זייערע וואוינונגען, זייערע געשעפטן, ווייל זיי זענען געווען פאַרנומען פון די פראַנצויזן און אַפילו אַז מען האָט געפונען די דירה אָדער דאָס געשעפט, איז עס געווען אין גאַנצן אויסגעליידיקט, קיין נאָגל אין וואַנט נישט איבערגעלאָזט. דאָס צוריק באַקומען איז אין אַ סך פאַלן נישט געווען אַזוי לייכט.



פאַריזער לאַנדסלייט בעת אַ באַנקעט.

צו דעם איז די עקאָנאָמישע לאַגע געווען זייער אַ שווערע. לעבנס־מיטלען איז נישט געווען לייכט צו באַקומען. ס'האָט גראַסירט אַ שוואַרצער מאַרק. אַלץ האָט געקאָסט טייער, און דער עולם, נאָך אַזוי פיל יאָרן זיך וואַלגערן אין דער פרעמד, איז געבליבן אָן מיטלען צו לעבן. ביי אַ גרויסן טייל שידלאָווצער איז די לאַגע געווען גאָר קריטיש.

דעמאָלט זיינען עטלעכע לאַנדסלייט זיך צונויפגעקומען אין מיין געשעפט צו באַטראַכטן וואָס צו טאָן, כדי צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט. מיר האָבן

זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די שידלאָווצער, וואָס וואוינען אין אַמעריקע און קאַנאַדע, און געבעטן שיקן פּעקלעך שפּייז און מלבושים. איך האָב אַנגעהויבן שרייבן וועגן דעם אויך צו שידלאָווצער אין אַרגענטינע און בראַזיל.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן אָנגעהויבן באַקומען פּעקלעך מיט עסנוואַרג און מלבושים. די אַלע פּעקלעך זענען געוואָרן אַריינגענומען אין מיין געשעפט און איין מאָל אַ וואָך איז מען זיך צוזאַמענגעקומען, אויפגעעפנט די פּעקלעך און עס צעטיילט צווישן די צום מייסטן נויט־באַדערפטיקע.

אַזוי האָט געדויערט אַ שטיק צייט, ביז יעדער האָט זיך אָנגעהויבן צוריק צו נעמען צו זיין באַשעפטיקונג און פאַך, און דאָס לעבן האָט זיך נאָרמאַליזירט, האָבן מיר אָנגעהויבן ווידער אָרגאַניזירן אונדזער „סאָסייעטע". די גרעסטע צאָל פריערדיקע מיטגלידער האָבן געפעלט. מיט גרויס מי איז אונדז דאָך געלונגען צוריק אויפצושטעלן די „סאָסייעטע", אָבער אין 1948, נאָכן אויפקום פון דער יידישער מדינה, האָבן זיך אָנגעהויבן סיכסוכים צוליב אידעאָלאָגישע מאָטיוון. דאָס האָט זיך געצויגן יאָרן און צום סוף איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג. אַנדערהאַלבן יאָר שפּעטער האָט זיך געשאַפן אַ צווייטע „סאָסייעטע", אונטערן נאָמען „אָפּשטאַמיקע פון שידלאָווצע".

די אויפגעקומענע נייע „סאָסייעטע" האָט געפירט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע טעטיקייט. ס'איז ניט בלויז געווען די גרויסע הילף, וואָס מען האָט געדאַרפט געבן דער אויפגעלעבטער יידישער מדינה, וואָס איז פאַרוויקלט געוואָרן אין אַ קריג מיט אירע שכנים. צענדליקער טויזנטער יידן פון צפון־אַפריקאַנישע לענדער זיינען אויסגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט עמיגרירט קיין ישראל און אַ טייל איז אויך געקומען קיין פראַנקרייך. די נויט איז געווען גרויס און מען האָט געמוזט די אַלע מענטשן העלפן. עס האָט זיך געשאַפן פאַר דעם אַן אַלגעמיין־יידישער ספּעציעלער פאָנד. מען האָט אויך געשאַפן אַ צייטווייליקע קינדער־קאָלאָניע פאַר ישראל, כדי די קינדער זאָלן איינזאַפּן אַ ביסל יידישקייט אין זיך, ווייל די אַסימילאַציע און אָפּגעריסנקייט פון עכטן יידישן לעבן האָבן אָנגעמאַכט חורבנות אין די היגע יידישע רייען.

ביי דעם אַלעם האָבן די לאַנדסמאַנשאַפטן געמוזט אונטערשטעלן אַ פּלייצע, העלפן מאַטעריעל די אַלע אינסטיטוציעס. די „סאָסייעטעס" זענען געוואָרן זייער אַ וויכטיקער עלעמענט אויף דעם געביט, און אונדזער נייע שידלאָווצער „סאָסייעטע" האָט אַ סך געטאָן אין דעם פּרט.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען איז, אין 1970, געקומען צו אַ פאַראייניקונג פון די צוויי שידלאָווצער לאַנדסמאַנשאַפטן. די סאָסייעטע „אָפּשטאַמיקע

פון שידלאָווצע״ האָט זיך אויפגעלייזט און ס׳איז געבליבן איין סאָסייעטע — „די פריינד פון שידלאָווצע״, וואָס פירט איצט אַ נאַציאָנאַלע אַרבעט.





געזעגן־באַנקעט אין פּאַריז לכבוד יאַנקל און עלקע זילבערמאַן.

צום סוף אַ באַמערקונג: כ׳האָב נישט אויפגעגעבן די ענדערונגען פון די פאַרוואַלטונגען פאַר דער צייט, ווייל כ׳געדענק נישט דעם צוזאַמענשטעל פון די קאָמיטעטן.

# שידלאָווצער אין דער וועלט



לאַנדסלייט פון טאָראָנטאָ.




לאַנדסלייט אין אויסטראַליע.



לאַנדסלייט פון לאָס אַנדזשעלעס.



מאָנומענט פאַר די שידלאָווצער קדושים אויפן בית־עולם פון דער ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט.

# יִזְכֹּר עַם יִשְׂרָאֵל!

יִזְכֹּר עַם יִשְׂרָאֵל אֶת קְהִלּוֹת הַקֹּדֶשׁ בְּאַרְצוֹת הַגּוֹלָה, שֶׁנֶּעֶקְרוּ, שֶׁנֶּחֶרְבוּ וְשֶׁנִּמְחֲקוּ. אֶת בָּנָיו הַמּוּמָתִים, קָרְבְּנוֹת מַמְלֶכֶת הָרֶשַׁע, שֶׁעֻנּוּ עִנּוּיֵי גוּף וָנֶפֶשׁ בְּמַחֲנוֹת־הַהֶסְגֵּר: שֶׁגּוֹרְשׁוּ לְאֶרֶץ גְּזֵרָה וְלֹא נוֹדְעוּ עִקְּבוֹתֵיהֶם: שֶׁנִּרְצְחוּ בֶּהָמוֹן בַּשְּׁוָקִים וּבָרְחוֹבוֹת: שֶׁהוּבְלוּ לַטֶּבַח בִּקְרוֹנוֹת־מָוֶת: שֶׁנִּקְבְּרוּ חַיִּים, שֶׁנִּשְׂרְפוּ בְּהֵיכְלֵי הַקֹּדֶשׁ עַל גְּוִילֵי־הַתּוֹרָה, שֶׁנִּשְׁחֲטוּ, שֶׁנִּטְבְּעוּ וְשֶׁנֶּחֶנְקוּ; שֶׁחֻלַּל כְּבוֹדָם וְשֻׁפַּךְ דָּמָם בְּיָדַיִם טְמֵאוֹת – עַל קִדּוּשׁ הַשֵּׁם.

יִזְכֹּר עַם יִשְׂרָאֵל אֶת יַלְדֵי מַחֲמַדָּיו, טְהוֹרִים בְּנֵי טְהוֹרִים, שֶׁנִּגְזְלוּ מֵחֵיק הוֹרֵיהֶם בִּידֵי חַיְתוֹ־אָדָם וְהוּבְלוּ כַּצֹּאן לַטִּבְחָה, שֶׁנֶּעֶרְפוּ וְהוּמְתוּ בְּמִיתוֹת מְשֻׁנּוֹת וְנֶעֶרְמוּ עֲרֵמוֹת עֲרֵמוֹת בְּרֹאשׁ חוּצוֹת. עוֹלָלִים וְיוֹנְקִים שֶׁנֻּפְּצוּ אֶל אַבְנֵי קִיר, שֶׁשֻּׁמְּטוּ מֵחוֹמוֹת וְשֶׁהֻשְׁלְכוּ חַיִּים בְּשַׂקִּים לִמְצוּלוֹת נְהָרוֹת, וְנִקְטְפוּ חַיֵּיהֶם בְּאִבָּם בִּידַיִם אַכְזָרִיּוֹת – עַל קִדּוּשׁ הַשֵּׁם.



## צום אייביקן אָנדענק

פון ר׳ לייבוש ראָזענבערגס קינדער און אייניקלעך:

חיים ראָזענבערג, פרוי און קינדער

עזריאל ראָזענבערג, פרוי און קינדער, לאָדזש

איטשע מאיר ראָזענבערג, פרוי און קינדער, ראַדעם

איטקע טענענבוים, מאַן און קינדער, ראַדעם

לייזער ראָזענבערג, פרוי און קינדער

פנחס ראָזענבערג און זון

פערל פעלער, מאַן און טאָכטער, וואַרשע

רחל אייזענבערג

פאַריז



## אין טיפֿן טרויער



נאָך אונדזער טייערן מאַן און פֿאָטער

**מאָטל אייזענבערג**

און אונדזער זון און ברודער

**שלמה אייזענבערג**

וואָס איז אומגעקומען אין אוישוויץ צו 21 יאָר

רחל אייזענבערג
משה אייזענבערג און פֿאַמיליע
פֿייגע־חנה מיט פֿאַמיליע



## אין טיפן טרויער

נאָך אונדזערע ליבע עלטערן

## יצחק אלחנן און שרה־עטל אייזענבערג

באָבעס, זיידעס: יעקב, מרים פליגל
ישראל, הינדע אייזענבערג

פעטערס: יודל און נחמה לינדזען און זייער זון משה
מאיר, חנה אייזענבערג און טאָכטער ראָכמעלע
אברהם און יוכבד אייזענבערג,
לייבוש אייזענבערג און משפחה

מומע און פעטער מישע און הירש־לייב אַלבערט
און משפחות

מומע גיטל אייזענבערג־גאָלדבערג

מומע רבקה אייזענבערג־ראָזענבערג

**חיה דינה שמעדרע**
לאָס אַנדזשעלעס

**גאָלדע פינקעל**
באַלטימאָר



## איך וועל אייביק געדענקען

מיין מאַן **מרדכי** שמעדרע ע"ה

און אונדזער זון **פייוועלע**

אומגעקומען אין סקאַרזשיסקער לאַגער „האַסאַג"

שוויגער-עלטערן: פייוול, חיה רבקה שמעדרע

שוועגערין: צייטל, מנחם מאַנדעלזיים און קינדער לאה, רבקה

חיה דינה שמעדרע־אייזענבערג
לאָס אַנדזשעלעס

---



## אין טיפן צער

אויפן אומקום פון אונדזערע טייערע עלטערן
**מאַלע און מענדל קופּערמאַן**

און אונדזערע ליבע שוועסטערס און ברודער
**ביילע חוה, דבורה און יעקב**

שרה קופּערמאַן־וואַסער
לאָס אַנדזשעלעס
רחל קופּערמאַן־לובאצקי
לאָס אַנדזשעלעס



מיר טרויערן אויף

אונדזערע עלטערן

**יחיאל** און **אסתר אַדלער**

שוועסטערס

**רבקה און שרה**

ברודער דוד

זיידע און באָבע

**אברהם** און **רחל אייזענבערג**

חוה אדלער־מלינארסקי

ישראל

יוכבד אדלער־בילאווער

ישראל

---



איך וועל אייביק טרויערן

אויפן טויט פון

אונדזערע טייערע עלטערן

משה און שרה אייזענבערג

און ברודער

**שיע**

זלאַטע גרינמאַן־אייזענבערג

רמת־גן

---



צום ליכטיקן אָנדענק

מיינע עלטערן

**פּערל** און **פּאָטער אייזענבוים**

שוועסטער און שוואָגער

**מאָרגנבעסער**

פעטערס און מומע

**מענדל זילבערשטיין**

**לייבוש און האָדעס שטשענשליווע**

מיט זייערע קינדער

**זלמן און רייזל**

משה אייזענבוים

---

אין טיפן טרויער

נאָך מיינע ליבע עלטערן

**וועלוול** און **רייצע בערגמאַן**

שוועסטערס

**איטע און הינדע**

מיינע מומעס

**תרצה־לאה, חנה און רוחמה**

בעריש בערגמאַן

בני־ברק

